ד״ר נ. מ. געלבער / ירושלים

# געשיכטע פון יידן אין לויצק

## I. די שטאָט

לויצק איז איינע פון די עלטסטע סלאַווישע שטעט אין וואָלין. לויט דער מיינונג פון געוויסע פאָרשער, האָט זיך דאָ נאָך אין זיבעטן יאָרהונדערט געפונען דער סלאַווישער שבט דאלעב, באַקאַנט אונטערן נאָמען לוטשאַני.

לויט סטעצקין, דעם היסטאָריקער פון לויצק, און דעם אַרכעאָלאָג לודוויג זשיטינסקי, איז די שטאָט געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1000. לויט זייער מיינונג, שטאַמט איר נאָמען — לוצק פונעם שבט Luczany. פאַראַן אַן אַנדערע ווערסיע: ווייל די שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן דורך לוקא (Luka), דעם פירער פון שבט Duleby.

דער אוקראַינישער היסטאָריקער מיכיילאָ הרושעווסקי האַלט, אַז דער נאָמען פון דער שטאָט איז פריער געווען לוטשעסקאָ וויעליקי. והראיה — אין די טעג פון וולאַדימיר דעם גרויסן האָט לויצק געטראָגן דעם דאָזיקן נאָמען.

אין צענטן יאָרהונדעו׳ט האָבן די רוסן (Rusowie) באַהערשט וואָלין. אין יאָר 1073 האָט דער פוילישער קעניג באָלעסלאַוו שמיאַלי, מאַרשירנדיק אויף קיעוו, צייטווייליק דעראָבערט די שטאָט.

ביזן יאָר 1320 האָט זיך לויצק געפונען אונטער דער הערשאַפט פון רוסישע קניאזן און איז געווען די צווייטע הויפטשטאָט פון די רוסישע הערשער נאָך וולאָדזשימיעזש (לודמיר). דער לעצטער הערשער פון לויצק איז געווען לעוו, דער זון פונעם לודמירער קניאַז יעזשי. בעת זיין הערשאַפט, איז וואָלין אָקופּירט געוואָרן אין יאָר 1320 דורכן ליטווישן פירשט גיעדמין. אין דער דאָזיקער מלחמה איז יעזשי געפאַלן.

גיעדמין האָט די מאַכט איבער וואָלין איבערגעגעבן זיין זון ליובאַרט. אין יאָר 1349 האָט דער פוילישער קעניג קאַזימיר דער גרויסער פאַרכאַפּט וואָלין. ער האָט אויסגענוצט דעם צעפאַלונגס־פּראָצעס פון די פירשטנטומס וולאַדימיר און האליטש און איז אַרויסגעטרעטן מיטן אַרגומענט, אַז דאָס איז ער דער געזעצלעכער יורש פון די האליטשער און לודמירער קניאַזן. נאָך פאַרהאַנדלונגען, האָט ער די שטאָט לויצק איבערגעגעבן צו ליובאַרטן אויף סוזערענער רעכט (Lehensrecht *). ליובאַרט האָט זיך פאַרפליכטעט צו בלייבן טריי דעם פוילישן קעניג. ער האָט זיך באַזעצט אין לויצק, אָנשטאָט דעם האַלצערנעם פּאַלאַץ אויפגעבויט אַ געמויערטן און פאַרוואַנדלט די שטאָט אין אַ פעסטונג. ער איז געווען פאַראינטערעסירט צו אַנטוויקלען לויצק צו אַ האַנדלס־צענטער. לויצק האָט פיל גענאָסן פון איר געאָגראַפישער לאַגע. ווי באַווּסט, האָט אין די יאָרהונדערטער 14—16 אַדורכגעשניטן וואָלין אַ הויפט־שאָסיי מיט וועלכן מען האָט געפירט סחורות פון די ברעגעס פון שוואַרצן ים, דורך קיעוו, קיין מערב.

קיין מערב האָט מען געפירט זייד־סחורות, בשמים, לעדער, פוטער, דיוואַנעס, רייז און פעפער און פון דאָרט געבראַכט זאַלץ, באַזונדערס פון די זאַלצגרובנס אין רייסן.

נאָך אין די צייטן פון דמיטר ליובאַרט, האָט לויצק, אין יאָר 1379, באַקומען די רעכט צו מאַגאַניזירן דורכגעפירטע סחורות. די סוחרים וואָס פלעגן אַדורכפאָרן לויצק, זענען באַפרייט געוואָרן פון צאָל.

אין דער צווייטער העלפט פון פערצנטן יאָרהונדערט און אָנהייב פופצנטן איז לויצק, ווי לוואָוו און לודמיר, געווען איינער פון די עיקרדיקע צענטערס פונעם האַנדל מיטן מזרח. נאָך ליובאַרטס טויט איז די שטאָט אַריבער צו זיין זון פעדאָר. אָבער דער מלך יאַגיעלאָ האָט וואָלין, צוזאַמען מיט לויצק, איבערגעגעבן דעם גרויספירשט וויטאָלד, וואָס האָט פיל געטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט אַלס האַנדלס־צענטער. ער האָט פון קרים געבראַכט קאַראַימער און טאָטערן, צוטיילנדיק זיי, אין יאָר 1408, רעכט און עקזיסטענץ־בריוו, וואָס האָבן דערמעגלעכט די אַנטוויקלונג פון מסחר און האַנטווערקעריי,

---

*) Lehensrecht — אין מיטלאַלטער די ברייטסטע פאָרם פון באַנוצונג־רעכט, וועלכע גייט אויך איבער בירושה.

ווי גאָלדשמידעריי, שלאָסעריי, געווער־שמידעריי, איינבינדעריי, פאַרבעריי.

באַזונדערס האָט ער געזאָרגט פאַר איינשטעלן האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט די דרום־מזרחדיקע לענדער און האָט די שטאָטישע איינוווינער צוגעטיילט ספּעציעלע פּריווילעגיעס. ער האָט אויפגעשטעלט אין לויצק קלויסטערס, דעם דאָמיניקאַנישן מאָנאַסטיר (1393) און איבערגעפירט פון לודמיר אַהער דאָס זיצאָרט פון דער קאַטוילישער קירכע. די שטאָט איז געוואָקסן און זיך אויסגעברייטערט דורכן איינשליסן אין איר אַ צאָל דערפער.

אין יאָר 1409 איז אין משך פון זיבן וואָכן פאָרגעקומען אין לויצק, אויף דער איניציאַטיוו פון קעניג זיגמונט, אַ צוזאַמענפאָר פון אייראָפּעישע קעניגן און פירשטן, מיט דער באַטייליקונג פון דעם קיסר זיגמונט, כדי זיך צו באַראַטן וויאַזוי צו האַמעווען די אויסשפּרייטונג פון די טערקן. אין דער אמתן האָט זיגמונט געוואָלט — דורכן פאַרזיכערן צו קרוינען וויטאָלדן אַל מלך פון ליטע — אים צורעדן אָפּצושאַפן די ליטוויש־פּולישע אוניע. אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען, הגם וויטאָלד האָט געשטרעבט צו פאַראייניקן וואָלין מיט ליטע אין אַ מאָנאַרכיע אונטער זיין הערשאַפט.

נאָכן טויט פון וויטאָלדן (1430) האָט וואָלין געירשנט שווידריגיעלאָ. בשעתו האָט דער קעניג יאַגיעלאָ געגעבן דער שטאָט, אין יאָר 1432, דאָס מאַגדעבורגער געזעץ און אין יורידיש־אַדמיניסטראַטיוון הינזיכט אויסגעגליכט די שטאָט מיט קראָקע, לוואָוו. אין יאָר 1444 זענען דער שטאָט צוגעטיילט געוואָרן נאָך ברייטערע פּריווילעגיעס.

אין די יאָרן פון זיין הערשאַפט, האָט לויצק געליטן פון מלחמות צווישן פּוילן און ליטע, וואָס האָבן געדויערט אַ צען יאָר.

סוף פופצנטן יאָרהונדערט האָט לויצק ווידער פיל געליטן און איז דערפירט געוואָרן כמעט צו חורבן. אין יאָר 1497 האָט די שטאָט פונדאָסניי באַקומען דאָס מאַגדעבורגער געזעץ, און עס איז בטל געוואָרן די וואָלינער יוריסדיקציע. אַדאַנק די פּריווילעגיעס, וואָס די שטאָט האָט באַקומען פון קעניג זיגמונד אַוגוסט, האָט זיך אין איר אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פוןווירטשאַפטלעכן אויפשטייג.

אין די פּריווילעגיעס זענען באַשטימט געוואָרן די טערמינען פון די יאַרידן; אויסער זיי איז די נישט־אָרטיקע סוחרים פאַרבאָטן געווען צו קויפן און פאַרקויפן אָן אַ דערלויבעניש פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. בלויז די סוחרים פון ווילנע און טראָקי זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון דעם פאַרבאָט.

די שטאָט האָט באַקומען די דערלויבעניש אויפצושטעלן אַ קאָכעריי פון וואַקס. די פּולמאַכט צו וועגן די תבואה און דעם וואַקס איז געגעבן געוואָרן אויסשליסלעך דעם סאָלטיס.

דער סאָלטיס האָט נאָמינירט אַ העלפט ראַטמענער פון שטאָטראַט, די צווייטע העלפט — דער שטאָטראַט. אויפן שטאָט־ראַט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט אויפצושטעלן אַ באָד, אַ יאַטקע, קראָמען פאַר בעקערס, שוסטערס און אַ ראַטהויז מיט אַ טורעם. אין פאַל פון אַ מלחמה, זענען די שטאָטלייט געווען פאַרפליכטעט צו פאַרטיידיקן די שטאָט.

נאָכן טויט פון יאַגיעלאָ (1452), ביז דער פּויליש־ליטווישער אוניע אין לובלין (1569), איז וואָלין געווען אַ באַזונדער געביט מיט אַ נאַמיעסטניק בראש. אין יאָר 1470 האָט דער פּוילישער קעניג קאַזימיר יאַגיעלאָנטשיק געשטעלט בראש פון וואָלין נישט קיין נאַמיעסטניק, נאָר אַ מאַרשאַלעק. דער ערשטער איז געווען אָליזאַר שילאָוויץ. בראש פון דער מאַכט אין לויצק איז געשטאַנען אַ סטאַראָסטע. אין מיינסטע פאַלן איז דער מאַרשאַלעק געווען אויך דער סטאַראָסטע פון לויצק.

מיט דער שטאָט לויצק זענען געווען פאַרבונדן משפחות פון אַדל־לייט און מאַגנאַטן, ווי: אָסטראָגסקי, וויִשניאָוויעצקי, זבאַראַסקי, סאַנגושקא, שעמיאַשקאָוו, ראַשקרעוויטש, דעניס, הולאָניעווסקי, סטעצקי און באַזונדערס די משפחה טשאַרטאָריסקי. נאָך דער לובלינער אוניע (1569), איז וואָלין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואָיעוואָדזטווע, מיט לויצק אַלס הויפּטשטאָט, און איינגעשלאָסן געוואָרן אין קרוין־פּוילן (korona).

לויצק האָט באַקומען פיל פּריווילעגיעס, באַזונדערס פונעם קעניג אַלעקסאַנדער יאַגיעלאָנטשיק, וועלכע האָבן איר געגעבן אַ באַזע זיך אויסצוברייטערן און פאַרפעסטיקן אַלס האַנדלס־צענטער. די לובלינער אוניע האָט געגעבן איר באַדייטנדיקן צושטייער דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. באַזונדערס האָט די שטאָט זיך באַרייכערט אַדאַנק איר האַנדל, מלאכה און אינדוסטריע, אין די ערשטע יאָרן נאָך דער „אוניע”.

אין זעכצנטן יאָרהונדערט זענען געשאַפן געוואָרן די ערשטע צעכן.

צווישן די בעלי־מלאכות דאַרף מען אונטערשטרייכן די שניידער, שלאָסער, איינבינדער, גאָלדשמידן, פאַרבער, געווער־אַרבעטער, סטאָליער, שמידער, בלעכער, היטלמאַכער, שווערדן־שלייפער, סאָלעטרע־קאָכער, פישער, שוסטער, סמאָלע־ברענער, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין בראַנזשע־פאַראייִנען — צעכן (cechy).

אין יאָר 1662 האָבן עקזיסטירט צעכן פון: שניידער, קירזשנער, שמידער, קצבים, שוסטער, סטאָליער, פישער, טעסלער, ווי אויך פון פלויטן־שטעלער און וועבער.

אָנהייב זיבעצנטן יאָרהונדערט (אַן ערך אין יאָר 1628) האָט אין לויצק עקזיסטירט אַ דרוקעריי פון פאַוועל היעראָנאָמאַס, ווו ס'זענען געדרוקט געוואָרן ביכער אין דער רוטענישער שפּראַך. ווי לאַנג די דרוקעריי האָט עקזיסטירט — איז נישט באַוווּסט.

אין יאָר 1787 (14/2) האָבן די דאָמיניקאַנער באַקומען די פּריווילעגיע אויפצושטעלן אַ דרוקעריי און דרוקן ביכער אין דער לאַטייניש, פּוילישער און אַנדערע שפּראַכן.

דער האַנדל און די האַנטווערקעריי האָבן זיך דערהאָבערט אָפּזאַץ־מערק אין וואָלין און אויך אין פּוילן. אין שטאָט פלעגן זיך צונויפקומען די סיימיקס פון דער וואָלינער וואָיעוואָדזטווע, און פון צייט צו צייט פלעגן אויסער דער שטאָט אַדורכגעפירט ווערן די מיליטערישע מאָביליזאַציעס.

די בעלי־מלאכות און סוחרים, וואָס האָבן געבילדעט דעם שטאָטישן עלעמענט, זענען געשטאַנען אין אַ שווערן געריכטלעכן קאַמף מיטן סטאַראָסטע און די אַדל־לייט, וועלכע האָבן באַגרענעצט דעם שטאָטישן האַנדל.

אין יענער תקופה זענען אויך פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן צווישן די שטאָטלייט און די יידן, אין וועלכע זיי האָבן געזען קאָנקורענטן וואָס גראָבן אונטער זייער קיום.

2

אויפן רעליגיעז־פּאָליטישן געביט איז אין לויצק פאָרגעקומען אַן איבערברוך, וואָס האָט געהאַט אַ ריזיקן איינפלוס אויף דער רעליגיעזער צעטיילונג אין גאַנצן געביט , בעת דער אָרטאָדאָקסישער מנהיג (וולאַדיקאָ) ציריל טרעלעצקי, איז אין יאָר 1595 צוגעשטאַנען צו דער אוניע מיט דער קאַטוילישער קירכע. אין יאָר 1596 איז ער באַשטימט געוואָרן דורכן פּויפּסט קלעמענס דעם זיבעטן אַלס דער ערשטער אוניטישער קאַרדינאַל. אַזוי איז דערגאַנגען צו אַ שפּאַלטונג אין דער מזרחדיקער קירכע. צו דער אוניטישער דיעצעזיע אין לויצק האָבן געהערט 15 דעקאַנאַטן און 6 מאָנאַסטירס. (די אוניטישע קירכע האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1833 און איז ליקווידירט געוואָרן דורך דעם לעצטן אוניטישן קאַרדינאַל אין לויצק, יאַן דאַמאָסצען קראָסנעווסקי).

צווישן דעם אוניטום און די אָנהענגער פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע — דיעסאַניטום — איז אין דעם זיבעצנטן און אַכצנטן יאָרהונדערט דערגאַנגען צו ערנסטע צוזאַמענשטויסן. די פּוילישע קעניגין זענען געצוווּנגען געווען צוצוטיילן פּריווילעגיעס די דיעסאָניטן, און נישט איינמאָל האָבן זיי באַהערשט די קירכע פונעם אוניטישן קאַרדינאַל אין לויצק.

די מלחמה צווישן ביידע קירכעס האָט געדויערט 70 יאָר. ערשט אין אָנהייב אכצנטן יאָרהונדערט האָט דער אוניטישער קאַרדינאַל באַהערשט די לאַגע און פאַרפעסטיקט די יסודות פון זיין קירכע.

מיט דער באַוויליקונג פון פּויפּסט מאַרטין דער פינפטער איז לויצק, פון יאָר 1427, געווען דאָס זיצאָרט פון דער קאַטוילישער קאַרדינאַליטעט און איז אַזוי פאַרבליבן אין די טעג פון אָנגעהעריקייט צו פּוילן.

דער ערשטער קאַרדינאַל אין לויצק איז געווען יענדזשיי ספּלאַווסקי, און זיין אָפיציעלער טיטול איז געווען „Episcopus Luclosiensis''. די קאַטוילישע קירכע האָט גענאָסן פון פיל פּריווילעגיעס. דער לויצקער דיעצעזיע און איר יוריסדיקציע זענען געווען אונטערגעאָרדנט די קירכעס אין פּוילן: אין דער וואָיעוודזטווע וואָלין, פּאָדאָליע, בראַצלאַוו און ברעסט־ליטאָווסק, דער פּינסקער קרייז און אַ גרויסער טייל פון רייסן — סך־הכל 13 דעקאַנאַטן מיט 185 קלויסטערס. די לויצקער קאַרדינאַלן האָבן געהאַט אַ גרויסע פּאָליטישע השפעה. ביזן צווייטן פונאַנדערטייל פון פּוילן זענען אויפן קאַרדינאַלישן טראָן געזעסן 41 קאַרדינאַלן. דער לעצטער, אין דער צייט פון אָנגעהעריקייט צו פּוילן, איז געווען דער באַוווּסטער פּוילישער היסטאָריקער אַדאַם סטאַניסלאַוו נאַרושעוויטש.

אין יאָר 1798 זענען צו לויצק איינגעשלאָסן געוואָרן קלויסטערס פון אוקראַינע, און ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן די קאַרדינאַליטעט לויצק—זשיטאָמיר.

די קאַטוילישע קירכע האָט געברענגט אין שטאָט דעם יעזואיטן־אָרדן, ווי אויך די אָרדנס פון די באָניפראַטן, בערנאַרדינער, בריגידקי, וואָס האָבן פיל אויפגעטאָן אויפן געביט פון העלפן קראַנקע, אָרעמעלייט און אויפן געביט פון בילדונג. אין די יאָרן 1608—1611 האָבן די יעזואיטן אויפגעעפנט אַ שול און אין יאָר 1613 — אַ טעאָלאָגישן קאָלעגיום. אין יאָר 1615 האָט מען אין קאָלעגיום אָנגעהויבן שטודירן פילאָזאָפיע אינעם דאָמיניקאַנער־מאָנאַסטיר. ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ביבליאָטעק, רייך באַזאָרגט מיט כתב־ידן און ווערטפולע ביכער. דורך די מאָנאַסטירן זענען געגרינדעט געוואָרן הייזער פאַר אַלטע לייט און אינוואַלידן, אַ שפּיטאָל, אַ יתומים־הויז.

די יעזואיטן זענען געווען פאַראינטערעסירט דער עיקר אין דערציען די יוגנט אין גייסט פון קאַטוילישן פאַנאַטיזם און אין געווינען די פּראַוואָסלאַוונע פאַר דער אוניע.

כדי די דאָזיקע שטרעבונגען צו רעאַליזירן, האָבן זיי נישט איבערגעקליבן אין קיין מיטלען. האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון אויפהעצן די מאַסן און די שילער. אין יאָר 1634 האָבן זיך די שילער פון זייער שול אין לויצק, בייגאַנד מיט די קאַטוילישע בעלי־מלאכות, אַריינגעריסן אינעם פּראַוואָסלאַוונעם מאָנאַסטיר, זענען באַפאַלן די מאָנאַכן, לערער און שילער, האָבן זיי געשלאָגן און פאַרוווּנדעט, דערנאָך צעשטערט און באַרויבט די הייזער פון פּראַוואָסלאַוונע און די אייגנטימער געשלאָגן, אַ טייל פון זיי אפילו געהרגעט. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אויפן בית־עלמין, אַרויסגענומען פון די קברים עטלעכע מתים און געוואָרפן פאַר די הינט.

די ערשטע שולן זענען געעפנט געוואָרן מיט 150 שילער, און אין אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט איז זייער צאָל געשטיגן ביז 300. די לויצקער שולן זענען באַרימט געווען דערמיט, וואָס דאָרט האָבן זיך אויך געלערנט קינדער פון דיעסאָניטום אין יוגנט וואָס איז געקומען פון לעמבערג, אָסטראָ און אפילו קיעוו. די לערע איז געווען אַן אומזיסטע. אין יאָר 1752 זענען ביי די שולן אויפגעשטעלט געוואָרן אינטערנאַטן פאַר די קינדער פונעם אַדל, וועלכע האָבן דאָרט געלערנט אויך טענץ, שפּראַכן און געפעכט.

אין יאָר 1614 האָבן די יעזואיטן געגרינדעט אַ רוטענישע עלעמענטאַר־שול (Slavoni Cal Linguae), ווו מען האָט געלערנט לייענען און שרייבן רוטעניש און אויך חשבון. נאָכן ליקווידירן דעם יעזואיטן־אָרדן (1773) זענען די שולן אַריבערגעגאַנגען אונטער דער אויפזיכט פון דער עדוקאַציע־קאָמיסיע אין וואַרשע, וואָס האָט פאַרגרעסערט זייער צאָל און איינגעפירט ענדערונגען אינעם לערן־פּראָגראַם. צום סוף אַכצנטן יאָרהונדערט איז די צאָל שילער געשטיגן פון 40 ביז 165 (אין יאָר 1788/9). אויסער די עלעמענטאַר־שולן, האָט די עדוקאַציע־קאָמיסיע אויפגעשטעלט אַלגעמיינע שולן.

אין יענע יאָרן איז די קאַטוילישע קירכע אין לויצק דערשיטערט געוואָרן פון אַ געשעעניש, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין וועלטלעכן ליצעום.

ווי באַוווּסט איז אין דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט פאָרגעקומען, אונטער דער השפעה פון די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן, אַ גייסטיק־געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציע אין באַשטימטע קרייזן פון דער מאַגנאַטעריע, דעם אַדלטום און אָפּיצירנטום, באַזונדערס פון דער יוגנט וואָס האָט געשטודירט אין אויסלאַנד, ספּעציעל אין פּאַריז. אין זייערע קולטורעלע, רעליגיעזע און פּאָליטישע אָנשויונגען זענען אַריינגעדרונגען באַדייטנדיקע ענדערונגען. איבער גאַנץ פּוילן האָט זיך פאַרשפּרייט די באַוועגונג פון פריימויערער, מאַסאָנען. אַפילו אין וואָלין זענען געגרינדעט געוואָרן מאַסאָנען־לאָזשעס, וואָס זענען געווען אָנגעשלאָסן אין דער הויפּט־לאָזשע אונטערן פאָרזיץ פון איגנאַצי פּאָטאָצקי. די ערשטע לאָזשע אין וואָלין

איז געגרינדעט געוואָרן אין דובנע און זי האָט אויסגעשפּרייט איר איינפלוס אויף דער גאַנצער סביבה, לויצק אַריינגערעכנט.

אונטערן איינפלוס פון אָט די אַנטוויקלונגען, האָט מען אָנגעהויבן אַרויסנעמען די שולן און דערציִונגס־אַנשטאַלטן פון דער הערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירכע און די מאָנאַסטירן, און ס׳זענען געשאַפן געוואָרן וועלטלעכע שולן. די יונגע לערער פלעגן שאַרף אַרויסטרעטן קעגן די אַבערגלויבנס און די פירונגען פון דער קאַטוילישער קירכע. אין דאָזיקן געראַנגל האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, אין די יאָרן 1784—1789, דער פּראָפעסאָר פון לויצקער ליצעום יוזעף אָבמינסקי. בעת זיינע לעקציעס פלעגט ער פּרעדיקן פאַר די שילער אָנשויונגען קעגן דער קאַטוילישער קירכע און אַנדערע גלויבנס. ער פלעגט זיך נישט אָפּהאַלטן אַרויסצוברענגען זיינע מיינונגען אַפילו אויסער די שול־ווענט. זיינע אַרויסטריטן האָבן אין די קרייזן פון דער קאַטוילישער קירכע אַרויסגערופן אַ שטורעם, און ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן געפאָדערט פון דער קירכע־אָנפירונג אים צו שטעלן פאַר אַ געריכט פון גייסטלעכע. דער דירעקטאָר פון ליצעום, גלח ברושניעווסקי, האָט דעם 13.3.1787 געשיקט צום אוניווערסיטעט־רעקטאָר אין קראָקע (Szkoła główna) אַ באַריכט, אין וועלכן ער באַשולדיקט אָבמינסקין אין פאַרשוועכן די רעליגיע, און שטעלט דערביי פעסט, אַז זיין שלעכטע ווירקונג אויף די שילער וועט ברענגען געפערלעכע רעזולטאַטן. דעריבער איז געווונטשן צו שטעלן אים פאַר אַ געריכט אַלס כופר און באַשמוצער פון דער קאַטוילישער רעליגיע.

אין זיין ענטפער פון 30.3 שרייבט דער רעקטאָר פון אוניווערסיטעט, אַז אָבמינסקיס אויפפירונג, וואָס איז אין סתירה צו זיינע עיקרדיקע פליכטן אַלס עפנטלעכער לערער, איז אַ פאַרברעכן. איז דעריבער נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר אַז אָבמינסקי זאָל גלייך דערשיינען פאַרן אוניווערסיטעט, כדי אויפצוקלערן די אָנקלאַגעס קעגן אים. די שול אין לויצק דאַרף שוין אָפּשטעלן זיין טעטיקייט אַלס פּראָפעסאָר.

אין זיין פאַרענטפער־בריוו האָט אָבמינסקי זיך מודה געווען אין פיל אָנקלאַגעס, נאָר אייניקע פון זיי אָפּגעלייקנט, ווי, למשל, ער זאָל האָבן דערקלערט, אַז דער גן־עדן און דאָס גהינום זענען באַשאַפן געוואָרן נאָר אין דער... פאַנטאַזיע פון מענטשן.

דער גאַנצער ענין האָט געשאַפן אַ שלעכטן שם דעם וועלטלעכן ליצעום אין לויצק, און אַ צאָל לערער, וועלכע האָבן פאַרשפּרייט אין דער עפנטלעכקייט אָבמינסקיס געדאַנקען זענען באַשטראָפט געוואָרן דורך איבערפירן זיי אויף אַנדערע ערטער.

אַזוי האָט אויך לויצק זוכה געווען צו זיין אַ שותף אינעם געראַנגל פאַרן פרייען געדאַנק אין פוילן.*)

דער לערן־פּראָגראַם אין די שולן איז פאַרבליבן אויך נאָך דעם ווי לויצק איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין רוסלאַנד. מען האָט בלויז אָנגעהויבן לערנען די רוסישע שפּראַך.

אין יאָר 1825 איז געגרינדעט געוואָרן אויך אַ גימנאַזיע. סוף יאָר 1830 האָבן אין אַלע שולן געלערנט 225 שילער. אויפן באַפעל פון די רוסישע מאַכט־אָרגאַנען פון 12.1, 1831, זענען אַלע שולן אויף וואָלין איינגעשלאָסן געוואָרן אינעם כאַרקאָווער שול־קרייז, און דעם 21.8, 1831 זענען אַלע פּוילישע שולן געשלאָסן געוואָרן.

דעם 9.12, 1832, איז געעפנט געוואָרן אַ רוסישע גימנאַזיע. צוליבן מאַנגל אין פּלאַץ און דער פאַרגרעסערטער צאָל שילער, האָט מען אין יאָר 1834 איבערגעפירט די גימנאַזיע קיין קלעוואַן און אין יאָר 1839 — קיין ראָוונע.

אין לויצק איז די גימנאַזיע געשאַפן געוואָרן אין צוויי עטאַפּן. אין יאָר 1895 — אַ פּראָ־גימנאַזיע, און אין יאָר 1898 — אַ גימנאַזיע פון 8 קלאַסן. אין יאָר 1912/13 האָבן אין איר געלערנט 380 שילער. אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געגרינדעט געוואָרן אַ גימנאַזיע פאַר מיידלעך אויפן נאָמען קאָלענקי, אין יאָר 1908/9 איז די צאָל שילערינס דערגאַנגען ביז 299, און אין יאָר 1912/13 — 285

3

לויצק האָט פיל געליטן פון די ערשטע קאָזאַקישע איינוואַזיעס אונטער דער אָנפירונג פון נאַלעווייקאָ, וועלכער איז אין יאָר 1595 באַפאַלן שאַריגרוד און האָט זיך פון דאָרט אַוועקגעלאָזט אין דער ריכטונג פון לויצק. די אַרמייען פון העטמאַן זשולקיעווסקי איז געלונגען צו פאַרטרייבן אים מיט זיינע קאָזאַקן ביזן דניעפּער.

אין 16־טן יאָרהונדערט האָט וואָלין אַדורכגעמאַכט אַן אייגנאַרטיקן היסטאָרישן פּראָצעס. פאַקטיש איז דער געביט געווען דאָס אייגנטום פון די מאַגנאַטן (Kraj olbrzymiej prywaty). בלויז דריי שטעט — לויצק, קרעמעניץ און לודמיר, האָבן באַלאַנגט צום קעניג. דער קאַמף צווישן דעם אוניטום און דעסעאָניטום האָבן עס געבילדעט דעם עיקרדיקן פאָן פון די קאָזאַקישע מלחמות קעגן פוילן, אונטערן לאָזונג — „אַ טויט די אַדל־לייט און די יידן”.

בעתן קאָזאַקן־איבערפאַל אין די יאָרן 1648—1649, האָבן די אָפּטיילונגען, אונטער דער אָנפירונג פון קאָלאָדקאָ, אויסגעשאָכטן 4000 איינוווינער און ביי אַ טויזנט זענען אַנטלאָפן פון שטאָט. לויטן עדות־זאָגן פון אַ מיטצייטלער, האָט די שטאָט זיך פולשטענדיק אויסגעליידיקט און שוין נישט אומגעקערט זיך צום פריערדיקן מצב. פון יענער דאַטע הייבט זיך אָן איר באַרג־אַראָפּ אין עקאָנאָמישן הינזיכט און אין דער צאָל פון דער באַפעלקערונג. אויסער דעם, האָט די שריפה אין יאָר 1617, די מגיפות און די אַזיאַטישע כאָליערע אין די יאָרן: 1618, 1638, 1652, 1704, 1714 איינגעשרומפּן די באַפעלקערונג.

נאָכן טויט פון יאַן סאָביעסקי דעם דריטן (1696), האָט זיך אין פוילן אָנגעהויבן אַן אינערלעכער געראַנגל אַרום דעם טראָנפאָלגער. אין יאָר 1697 איז אויגוסט, דער פירשט פון זאַקסן, אויסגעוויילט געוואָרן אַלס קעניג פון פוילן. גרויסע טיילן פונעם אַדל האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן אויסוואַל. אין יאָר 1705 איז סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי אויסגעוויילט געוואָרן מיט דער הילף פון שוועדישן קעניג. קאַראָל דער צוועלפטער, אַלס מלך פון פוילן. קאַראָל איז מיט זיין אַרמיי אַרויס קעגן רוסלאַנד. צוזאַמען מיטן קאָזאַקן־העטמאַן

*) Władysław Smoleński: Przewrót umysłowy w Polsce wieku XVIII. Warszawa 1923, p. 258—260, 354—357.

מאַזעפּאַ האָט ער פאַרפּלייצט אוקראַינע און וואָלין, געקומען אויך קיין לויצק (1706). די וואָלינער אַדל־לייט אין לויצק האָבן באַשלאָסן, מיט געווער אין האַנט זיך קעגנשטעלן דעם שוועדישן קעניג קאַראָל דער צוועלפטער. אויף דער איניציאַטיוו פון סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי האָט קאַראָל אויסגעמיטן לויצק און זיך פאַרהאַלטן אינעם דאָרף יאַראָסלאַוויצע. אין יאָר 1709 איז דער צאַר פּיאָטר דער גרויסער, אויף זיין צוריקוועג פון וואַרשע, פאַרבייגעפאָרן לויצק און האָט ביי דער געלעגנהייט באַפוילן אַריבערצופירן אין טיף רוסלאַנד דעם וואָלאַדיקאַ דיאָניז זאַבאַקשיצקי, וואָס האָט מיט זיין גאַנצער עדה זיך אָנגעשלאָסן אין אוניטום. אין יאָר 1724 איז אין שטאָט אויסגעבראָכן אַ מעכטיקע שריפה, פון וועלכער ס'איז חרוב געוואָרן אַ גרויסער טייל הייזער, קלויסטערס און מאָנאַסטירן.

אין יאָר 1733 האָבן די וואָלינער אַדל־לייט געשטיצט די קאַנדידאַטור פון לעשטשינסקין צום כתר־מלכות קעגן אויגוסט דעם דריטן, און אויפן סיימיק אין לויצק דעם 12.9 באַשלאָסן, צוזאַמען מיט די אַדל־לייט פון די סיימיקס אין כעלם און זשיטאָמיר, אויפצושטעלן פאַרזיינעטוועגן אַ קאָפעדעראַציע אונטער דער אָנפירונג פון וואָיעוואָדע יוזעף פּאָטאָצקי.

די פּאָליטישע געשעענישן, דער אַדורכמאַרש פון אַרמייען און זייער אויפהאַלט, די מלחמות און די אינערלעכע קאָנפליקטן אין פוילן, האָבן פאַראָרעמט די שטאָט אין עקאָנאָמישן הינזיכט. די שטאָטלייט האָבן געליטן פונעם שאַנטאַזש און די הפקרות פון די הערשער. די תקופה פון די סאַסן האָט נישט געגעבן איר צושטייער דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. אין דער צייט פון סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי איז די לאַגע בעסער געוואָרן, אָבער אין יאָר 1771 האָבן די איינוווינער פון שטאָט געליטן פון אַ כאָליערע, וואָס האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט. אין יאָר 1871 איז אין שטאָט אויסגעבראָכן אַ שריפה. 454 הייזער און עטלעכע קלויסטערס זענען אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן. בעת דער ציילונג אין יאָר 1878 זענען אין לויצק געווען 597 הייזער און 3.600 איינוווינער.

אינעם איבערזיכט פון יאָר 1789 האָבן די שטאָטלייט זיך געקלאָגט, אַז זיי קאָנען נישט קומען צו זיך צוליב דעם ווילקיר פון די מאַכט־אָרגאַנען און דער אונטערדריקונג פון דעם קלער און דעם אַדל. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אויך באַשולדיקט די יידן אַלס אַ פאַקטאָר וואָס גראָבט אונטער זייער קיום.

אַ נישט קליינע דערשיטערונג האָט איבערגעלעבט די שטאָט אין יאָר 1789. די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע אין לויצק און דובנע האָט באַקומען ידיעות, אַז דער עלטסטער פון מאָנאַסטיר, יאַוואָרסקי, העצט די פּויערים קעגן דער מדינה און די פּוילישע אַדל־לייט לטובת די רוסן. ער איז אַרעסטירט געוואָרן, אָבער באַוויזן צו אַנטלויפן און ווייטער פאָרזעצן די העצע. אין טאָרטשין, נעבן לויצק, איז דערשינען אַן אויפרוף אין דער פּוילישער און רוטענישער שפּראַך, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ וואָלין, אין וועלכן ער האָט גערופן די פּויערים צום בונט קעגן דער פּוילישער מדינה און דעם אַדל. די קאָמיסיעס אין לויצק און דובנע האָבן אָנגענומען מיטלען צו דערדריקן יעדן פּרווו פון מרידה. דער אויפשטאַנד איז נישט אויסגעבראָכן אין דער פאָרם ווי ער איז פּלאַנירט געוואָרן. דער אויפרוף פון טאָרטשין האָט נישט מצליח געווען צו וועקן די מאַסן פּויערים אין וואָלין, און בלויז געוואָרפן די לאָזונג פאַר קאָזאַקישע אויסברוכן אין אוקראַינע, וואָס האָבן זיך קאָנסאָלידירט אַרום קולישן און גאָנטען.

4

די לאַגע פון לויצק האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט נאָך דער שריפה אין יאָר 1793 נאָך דעם איינגעשלאָסן ווערן אין רוסלאַנד, וואָס האָט די שטאָט פאַרוואַנדלט אין אַ קליין שטעטל. אין די טעג פון דער רוסישער אָקופּאַציע איז אין שטאָט געהאַלטן געוואָרן פיל מיליטער צוליב איר סטראַטעגישער באַדייטונג, אין אָנבליק פון איר נאָענטקייט צו דער עסטרייכישער גרענעץ.

אין די יאָרן 1831—1816 זענען אין לויצק אַדורכגעפירט געוואָרן גרויסע מיליטערישע פּאַראַדן אין דער אָנוועזנהייט פון פירשט קאָנסטאַנטין, וואָס פלעגט קומען אַהין יעדעס יאָר. אין דער ערשטער העלפט פון נייַנצנטן יאָרהונדערט פלעגן פון צייט צו צייט אויסברעכן שריפות (אין די יאָרן 1844, 1845, 1847), עפּידעמיעס פון כאָליערע (אין די יאָרן 1848, 1856, 1866, 1871), וואָס האָבן דערפירט די שטאָט צו אַ זייער געפאַלענעם מצב.

דאָס שטעטל איז בכלל נישט געקומען צו זיך און געבליבן אין דער ראַם פון אַ פּראָווינץ.

אין יאָר 1862 האָט דער שטאָטישער בודזשעט באַטראָפן 12,956 רובל. אין שטאָט האָבן זיך געפונען 118 קראָמען און 36 האַנדלס־אונטערנעמונגען. די שטאָט האָט געציילט 282 בעל־מלאכות און 8 פאַבריקן (פון סאָדע — 1, צוויי — פון טאַבאַק, דריי — פון ליכט און חלב, 1 — פון פעטסן, 1 — פון פאַרבן). פון יאָר 1870 זענען אין לויצק אויפגעשטעלט געוואָרן 3 פעסטונגען (מיכיילאָגראַד).

אויך אין לויצקער קרייז איז נישט פאָרגעקומען קיין גרויסע ענדערונגען אין עקאָנאָמישער הינזיכט. געווען אין ראַיאָן אייזן־גרובנס, נאָר אין נייַנצנטן און אָנהייב צוואָנציקסטן יאָרהונדערט האָט מען זיי נאָך נישט עקספּלאָאַטירט.

ווינציק זענען געווען אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. אין יאָר 1880 האָט דער גאַנצער קרייז געציילט 10 גאָזשעלניעס מיט 77 אַרבעטער, און די ווערט פון זייער פּראָדוקציע האָט באַטראָפן 158,700 רובל; 5 סאָדע־פאַבריקן מיט 25 אַרבעטער און זייער פּראָדוקציע־ווערט — 15,600 רובל; צוויי — צו פּראָדוצירן פעטסקייטן, 3 — פאַר ליכט און חלב, 7 אונטערנעמונגען פאַר סמאָלע און טערפּענטין מיט 26 אַרבעטער (פּראָדוקציע־ווערט — 10,400 רובל), 38 גאַרבערייען מיט אַ פּראָדוקציע־ווערט פון 6,140 רובל, 2 — פאַר טאַבאַק־אויסאַרבעטונגען מיט 12 אַרבעטער און אַ פּראָדוקציע־ווערט פון 12,000 רובל, 37 וועבערייען מיט 130 אַרבעטער און אַ פּראָדוקציע־ווערט פון 380.000 רובל.

אויסער די אויבנדערמאָנטע פאַבריקן, זענען נאָך געווען וואַרשטאַטן און קליינע האַנטווערקערייען. סך־הכל האָבן זיך געפונען 105 פאַבריקן און וואַרשטאַטן מיט 233 אַרבעטער. און די ווערט פון דער גאַנצער יערלעכער פּראָדוקציע איז דערגאַנגען ביז 587,040 רובל.

אין יאָר 1888 זענען געווען אין שטאָט 600 הייזער, אין יאָר 1913 — 411 געמויערטע הייזער, 1324 — פון האָלץ. אין יאָר 1856 האָט די צאָל איינוווינער אין גאַנצן קרייז, צוזאַמען מיט דער שטאָט, באַטראָפן 107,132, אין יאָר 1881 — 159,860.

אין יאָר 1921 האָט דער לויצקער קרייז געציילט 195,931 איינוווינער. אַ געוויסע פאַרבעסערונג אין דער אַנטוויקלונג פון שטאָט איז פאָרגעקומען אין די יאָרן 1897—1909.

אין יאָר 1897 האָט די צאָל איינוווינער אין שטאָט באַטראָפן 12,925 נפשות.

פון יאָר 1897 האָט די באַפעלקערונג פון שטאָט געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן זיך. אין יאָר 1900 האָט די צאָל איינוווינער דערגרייכט ביז 22,480 נפשות, אין יאָר 1910 — 27,822, אין 1911 — 28,141 און אין יאָר 1912 — 28,753.

בעת דער ערשטער ציילונג אין באַנייטן פוילן, אין יאָר 1921, האָבן אין לויצק זיך געפונען 21,157 איינוווינער.

## II. דער יידישער ישוב און זיין אָנהייב

„אין פערצנטן יאָרהונדערט האָט אין לויצק געוועלטיקט דער פירשט וויטאָלד, אַ ברודערן־זון פון ליטווישן פירשט ליובאַרט. אין יענער צייט זענען געקומען יידן און האָבן זיך באַזעצט 7 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, אין דאָרף ,זשידישעו׳, פונעם וואָרט ,זשיד׳. זיי האָבן דאָ געוווינט אין אַ מין געטאָ, ווייל זיי איז נישט דערלויבט געווען צו וווינען אין שטאָט און אַפילו פאַרבאָטן געוואָרן צו קומען אויף יאַרידן.“

די דאָזיקע פאַרצייכענונג איז פאַרשריבן געוואָרן אין פּנקס פון דער גרויסער שול, דורכן לויצקער משכיל אליעזר פּטיק, וואָס האָט ליב געהאַט צו זאַמלען קוועלן צו דער געשיכטע פון דער קהילה לויצק.

לויט היסטאָרישע פאָרשונגען, האָבן אין ליטע זיך געפונען יידן שוין אין דרייצנטן יאָרהונדערט. עס איז אָבער באַוווסט דער קיום פון אַ יידישן ישוב בלויז אין דער וואָלינער הויפּטשטאָט — וואָלאַדימיר (לודמיר).

נאָר אין די אַלגעמיינע פאָרשריפטן, וואָס דער גרויספירשט וויטאָלד האָט אין זיין פּאַלאַץ אין לויצק, דעם 2־טן יולי 1388, געגעבן די קהילות אין ליטע, לויטן רעגולאַמין פון יאָר 1244, איז צווישן די קהילות אויך אויסגערעכנט לויצק.

די דאָזיקע עקזיסטענץ־שריפט, לויטן מוסטער פון דער עקזיסטענץ־שריפט פון דער לוואָווער קהילה (prout in Lamburga a Judaeis habentur), איז, בעת דער אָנגעהעריקייט פון וואָלין צו פוילן, באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קעניג זיגמונט דעם ערשטן (1507), זיגמונט אַויגוסט (1568) און זיגמונט דעם דריטן (1588). דער קיום פון יידן אין לויצק אין פערצנטן יאָרהונדערט, ווי אין אַנדערע יידישע ישובים אין וואָלין, באַזירט זיך אויף דער דאָזיקער פּריווילעגיע.

לויט דער פּריווילעגיע, זענען די יידן אין פראַגן פון יוריסדיקציע און שטייערן געווען אונטערגעאָרדנט דער ליטווישער מאַכט, ד.ה. דעם גרויספירשט און זיין באַפולמעכטיקטן — דעם סטאַראָסטע. אָבער מיט דער צייט, און נאָך אַ באַשטימטן היסטאָרישן פּראָצעס, איז אויך אין ליטע, אויפן ביישפּיל פון פוילן, אָנערקענט געוואָרן די יידישע יוריסדיקציע. שוין אין יאָר 1410 ווערן יידן דערמאָנט אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט. אין אַ ספּעציעלן בריוו פון 31־טן אָקטאָבער 1432 באַשטעטיקט דער קעניג וולאַדיסלאַוו יאַגיעללאָ די רעכט פון די יידן און אַרמענער אין לויצק און גלייכט זיי אויס מיט די רעכט פון די אַנדערע יידן און אַרמענער אין דער מדינה, ווי זיי האָבן זיי געהאַט „אין אונדזערע גובערניעס קראָקע און לוואָוו“.

אין יענער תקופה האָבן יידן אין לויצק זיך פאַרנומען מיט האַנדל און צאָל־אַרענדע.

אַ דאַנק דער לאַגע פון לויצק, מיט איר האַנדלס־וועג וואָס איז געגאַנגען דורך וואָלין, האָט אין די יידישע הענט, ווי אויך אין די הענט פון די קאַראַימער פון האַליטש, זיך געפונען די פאַרמיטלונג פון האַנדל צווישן די ברעגן פון שוואַרצן ים און דעם מערב.

דער צאָל־אַמט אין לויצק, וואָס האָט געברענגט דעם קעניג גרויסע רווחים, איז אַרענדירט געוואָרן דורך יידן. די האַנדלס־פּאָזיציע פון די לויצקער יידן האָט פאַר זיי געשאַפן אַ געפיל פון זיכערקייט.

אין די טעג פון וולאַדיסלאַוו יאַגיעללאָ, אָרגאַניזירט פאַר אים דער לויצקער ייד סלאָמקאָוויטש (Jacobes de Luczko) באַנק־עסקים. ער אַרבעט צוזאַמען מיטן באַנקיר לעווקאָ פון קראָקע. סלאָמקאָוויטש איז פאַרבונדן מיט קראָקע דורך משפּחה־פּעדים. זיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיטן ייד מרדכי פון קראָקע. אין די יאָרן 1414—1434 אַרענדירט סלאָמקאָוויטש דעם קעניגלעכן צאָל־אַמט אין לויצק, און זיין זון יצחק באַשעפטיקט זיך מיט הורט־האַנדל. זיי ביידע, צוזאַמען מיטן זון פון לעוואָכנען — קויפן און פאַרקויפן הייזער.

אין סלאָמקאָוויטשעס הענט געפינט זיך דער סחורות־טראַנספּאָרט מזרחדיק פון לוואָוו, און דער לוואָווער שטאָטראָט נוצט נישט איינמאָל אויס זיינע ברייטע פאַרבינדונגען. מען באַשטעלט ביי אים וואַקס פאַר גרויסע סומען, ער אָרדנט אויך איין פינאַנסיעלע עסקים פאַרן מלך און מאַגנאַטן.

אויך שמחה פון לויצק, דער זון פון באַנקיר יאָסמאַן פון קראָקע און דער ברודער פון שמואלן פון קראָקע, איז נאָכן טויט פון זיין פאָטער, אין יאָר 1406, אַריבערגעפאָרן קיין לויצק און דאָרט געוואָרן איינער פון די רייכסטע לייט. יענע יאָרן איז ער באַוווסט געווען אַלס הורט־סוחר. ער מיט אַנדערע יידן שטייען אין האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט קראָקע. לויצקער יידן פירן אויף טראַנספּאָרט... ; פירן אויף טראַטוועס סחורה־טראַנספּאָרטן אויך קיין דאַנציג און אין די געביטן פון דעם קרייצלער־אָרדן.

אויסער די דערמאָנטע, זענען געווען אין שטאָט נאָך רייכע יידן — אייגנטימער פון הייזער, גיטער, וואָס אַרענדירן הייזער ביי קריסטן, ווי דער ייד באַטקאָ, וואָס האָט אַרענדירט הייזער ביים ביסקופּ פון לויצק, אָדער בענקאָ שאַניעוויטש, אַן אייגנטימער פון פיל גיטער. לויצקער יידן אַרענדירן אויך די צאָל־אַמטן אין אַנדערע שטעט — בריסק, דראָהיטשין, ביעלסקאָ און גראָדנע.

דערוואַרבנדיק אויף אַזאַ וועג דאָס יידישע האָב־און־גוטס, האָט דער גרויספירשט אַלעקסאַנדער געשענקט אין יאָר 1495 אַ הויז אין לוציק מאַרטין כרעפּטאָוויטש; אין יאָר 1497 האָט ער דעם לוציקער שטאָטראַט אַוועקגעשענקט די יידישע הייזער און פּלעצער, צו באַנוצן זיך מיט זיי לויטן אייגענעם איינזען; אין יאָר 1498 האָט ער דעם ליטווישן העטמאַן קאָנסטאַנטין אָסטראָגסקי אַוועקגעגעבן אַ יידישן פאָלוואַרק.

מיט דער גירוש־גזירה פון ליטע, וואָס איז אין יאָר 1495 אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן גרויספירשט אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט אויף אַזאַ אופן געוואָלט פּטור ווערן פון די יידישע בעלי־חובות, וועמען ער איז שולדיק געווען גרויסע סומען, איז אויף די לוציקער יידן געקומען דער עקאָנאָמישער חורבן. ער האָט קאָנפיסקירט אַלע יידישע פאַרמעגנס, די יידן זענען געצוווּנגען געוואָרן אומצוקערן דער רעגירונג אַלע אַרענדעס.

אין יאָר 1501 איז אלעקסאַנדער געקרוינט געוואָרן אַלס קעניג פון פּוילן־ליטע און האָט דערפירט צו אַן איבערקערעניש לטובת די יידן, באַווילנדיק אָפּצושאַפן דעם גירוש און צוריקקערן די יידן קיין ליטע. ער קערט זיי אום דאָס פאַרמעגן, פאַר וועלכן זיי דאַרפן אויסצאָלן אַנטשעדיקונגס־סומען די צייטווייליקע אייגנטימער. דאָס דאָזיקע האָט גורם געווען שווערע צוזאַמענשטויסן צווישן די יידן און די קריסטן.

אין יאָר 1503, נאָכדעם ווי די יידן האָבן זיך אומגעקערט קיין ליטע, איז דאָס ליטווישע יידנטום פאַרפליכטעט געוואָרן אויסצוהאַלטן אויף זיין חשבון טויזנט קאַוואַלעריסטן צו פאַרטיידיקן ליטע, „ווייל ביז איצט זענען זיי נישט געגאַנגען אין קיין מלחמות”, און צאָלן יעדעס יאָר באַדייטנדיקע סומען דער אָרטיקער מאַכט. די יידן אין לוציק האָבן באַדאַרפט צאָלן דעם לוציקער סטאַראָסטע, טעאָדאָר יאַנושעוויטש, 12 שאָק * גראָשן. ווען די לוציקער יידן האָבן זיך באַקלאָגט, אַז זיי איז שווער צו צאָלן יעדעס יאָר פון ביידע שולן — דער יידישער און קאַראַימער — די 12 שאָק גראָשן פאַרן סטאַראָסטע, האָט דער מלך געגעבן דעם 22־טן דעצעמבער 1506 אַ בפירושע אָנווייזונג דעם לוציקער סטאַראָסטע טעאָדאָר יאַנושעוויטש, אויף שטענדיק צו באַפרייען זיי פון דער דאָזיקער לאַסט.

צוליבן פאַלן פון די צאָל־הכנסות, וואָס זענען געהאַט געווען אין אַרענדע ביי יידן, און די אַרענדע איז בטל געוואָרן צוליבן גירוש, האָט דער קעניג איינגעזען די באַדערפעניש צוריקקערן די אַרענדע די יידן. דעם 19.3.1507 גיט ער צו וויסן פון קראָקע, אַז דעם צאָל אין לוציק האָט ער איבערגעגעבן די יידן שאַמאַי דאַנילאָוויטש און ניסן קאַסק, אויף צוויי יאָר, פאַר אַן אָפּצאָל פון 1600 שאָק גראָשן. פאַרן ערשטן יאָר דאַרפן זיי אַריינטראָגן 300 אונגאַרישע זלאָטעס אין גאָלד־מטבעות און צו דער וויינאַכט — 10 אינדיקעס. די פאַרבליבענע 800 שאָק גראָשן זאָלן זיי באַצאָלן, לויט מלוכהשע קבלות, פאַרן געהאַלט פון די באַאַמטע.

צווישן די יידישע צאָל־אַרענדאַרן אין יענער תקופה זענען נאָך באַקאַנט: יונתן איליך, שכנא נאָוואַקאָוויטש, אלחנן דאַנילעוויטש, ישראל, יהודה און אָסטאַסקאַ.

אין יאָר 1507 האָט דער קעניג זיגמונט באַשטעטיקט די פּריווילעגיע פון וויטאָלדן פון יאָר 1388, און דעם 21־טן מאַרס 1511 — דאָס באַפרייען די יידן — פאַר אַ סטאַבילן געלט־אָפּצאָל — פון דער פליכט צוצושטעלן צו דער פאַרטיידיקונג פון דער מדינה טויזנט קאַוואַלעריסטן. און בנוגע שטייערן און פאַרשידענע באַשטייערונגען, גלייכט ער זיי אויס מיט די אַנדערע תושבים אין די ווויִן־ערטער. ער דערלויבט די יידן זיך באַשעפטיקן לויט זייער איינזען. אויך באַפרייט ער זיי פון צאָלן קנס לטובת דעם קעניג, אָדער זיין רעפּרעזענט, אויב איין צד וועט זיך אָפּזאָגן אָנצונעמען אויף אַ פּראָצעס די באַווייזן פונעם קעגנערישן צד. אויך זאָגט צו דער קעניג איבערצולאָזן די יידן אַלע זייערע אַלטע רעכט און פּריווילעגיעס. די פּריווילעגיעס וואָס די יידן פון לוציק האָבן געהאַט פאַרן גירוש, האָבן זיי געשיצט קעגן די אונטערדריקונגען מצד דעם אַדל און די שטאָטלייט אויף אַזויפיל, פאַרשטייט זיך, אויף וויפל די קעניגלעכע מאַכט איז געווען אַ פעסטע. די געשעענישן אין די יאָרן 1495—1503 האָבן נישט געענדערט די קעגנזייטיקע באַציונגען. נאָכן אומקערן זיך האָבן די יידן צוריק פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס אינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן. צו יענער צייט זענען נישט געווען קיין אָפענע קאַמפן צווישן די יידן און שטאָטלייט.

אין יאָר 1527 ווענדן זיך די יידן צוזאַמען מיט די שטאָטלייט צום קעניג מיט אַ בקשה צו באַפרייען זיי פון שטייערן צוליב דער שריפה, וואָס האָט זיי געבראַכט גרויסע שאָדנס. דעם 18־טן יולי 1528 באַפרייט דער קעניג די יידן, אויף אַ תקופה פון 10 יאָר, פון אַלע פאַרפליכטונגען — שטייערן, באַדינונגס־אָפּצאָלן, און אויך אויף פינף יאָר — פון צאָלן דעם סטאַראָסטע. אַנשטאָט די דאָזיקע פאַרלייכטערונגען, וואָס זענען געווען גילטיק נאָר פאַר די געליטענע פון דער שריפה, זענען די שטאָטלייט און יידן פאַרפליכטעט געוואָרן אויפצושטעלן די שטאָטישע מויער אין דער הייך ווי פאַר דער שריפה.

דער סטאַראָסטע, פירשט צאַרטאָווסקי און די באַאַמטע, האָבן זיך נישט געוואָלט רעכענען מיט די פאַראָרדענונגען פון קעניג. דאַן האָבן די שטאָטלייט, ביי דער אונטערשטיצונג פון דער קעניגין באָנאַ, זיך געווענדעט צום צווייטן מאָל צום מלך, און ער האָט פונדאָסניי באַשטעטיקט (אין יולי 1529) זיין פאַראָרדענונג פון 18־טן יולי 1528. נאָר דאָסמאָל האָט ער זיי נישט באַפרייט פונעם שטייער אויף וואַקס און זאַלץ (500 שאָק), און ער האָט באַדאַרפט אַריינגעטראָגן ווערן אין דער קאַסע פון קעניג.

דער שלום צווישן די שטאָטלייט און די יידן האָט געדויערט בלויז אייניקע יאָר. אין יאָר 1539 איז דערגאַנגען צו אַ קאַמף צווישן די קריסטלעכע שוסטער־און שניידער־צעכן מיט די יידישע בעלי־מלאכות. די דאָזיקע צעכן זענען געגרינדעט געוואָרן אין זעכצנטן יאָרהונדערט און האָבן פון פאָרויס אויסגעשלאָסן די יידן צו געהערן צו זיי, אונטערשטרייכנדיק אין זייערע גרינדונגס־אַקטן, פון יאָר 1609, דעם פאַרבאָט אַריינצונעמען די יידישע „שניידער פאַרטאַטשן”. אויך דער קצבים־צעך האָט אין זיין סטאַטוס פון יאָר 1621 פעסטגעשטעלט, אַז די יידן זענען פאַר זיי אַ שטערונג.

די קריסטלעכע האַנטווערקער־צעכן האָבן זיך געקלאָגט פאַרן קעניג, אַז די יידן זענען אַריינגעדרינגען אין זייערע צעכן מיט דער כוונה מיט זיי צו קאָנקורירן. ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער רעכט פון די יידישע בעלי־מלאכות צו פאַרקויפן זייער פּראָדוקציע די פּויערים אַרום לוציק. די קריסטלעכע האַנט־

* שאָק אין פּוילן און אין ליטע — 60 (kopa).

ווערקער האָבן זיך צוליב דעם אָפּגעזאָגט צו דערפילן די התחייבותן פונעם צעך לגבי דער קעניגלעכער קאַסע.

די יידישע בעלי־מלאכות האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן נישט געצאָלט, ווייל די קעניגלעכע פריווילעגיע האָט זיי פאַרזיכערט די פרייהייט פון אויסקלייבן זיך אַ פאַך אָדער אַ מסחר. לויטן באַשלוס פון קעניגלעכן געריכט, איז דערלויבט געוואָרן די יידישע שניידער אין לויצק און אומגעגנט, צו פאַרקויפן זייערע אויסאַרבעטונגען די פויערים אין די מערק־טעג און אויף יאַרידן, קעגן דער פאַרפליכטונג צו צאָלן די האַנטווערקער־צעכן אַ יערלעכן אָפּצאָל פון 5 שאָק גראָשן. די שוסטערס האָט מען געצווונגען מסכים צו זיין, אַז די יידן זאָלן אויף זייער פּלאַץ אויפשטעלן צוויי געשעפטן, אין וועלכע זיי וועלן מעגן פאַרקויפן שיך און שטיוול. אין יאָר 1571, ווי מיר וועלן נאָך דערמאָנען, זענען צווישן זיי אויסגעבראָכן האַרבע מחלוקת.

לויט די פאַרשריפטן פונעם קעניג און דעם ליטווישן סיים, איז דעם 21־טן יאַנואַר 1529 אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ פליכט אויף די יידישע קהילות פון ליטע: טראָקי, גראָדנע, פּינסק, בריסק, קאָברין, קלעצק, לודמיר, נאָוואָגראַד, לויצק און אַנדערע, אַריינצוטראָגן אויפן חשבון פונעם אַלגעמיינעם שטייער אין ליטע 1000 שאָק.

אין יאָר 1530 האָט דער מלך באַשטימט דאכנע וואַסילעוויטשן אָנצופירן מיט דער ווירטשאַפט אין לויצק, מיט יוריסדיקציע־רעכט אויף די אָרטיקע יידן.

אין יאָר 1545 האָבן די יידן און קאַראַימער זיך פאַרקלאָגט פאַרן לוסטראַטאָר אויפן פירשט מאַטעוש טשערטווערטינסקי, פאַרוואָס ער האָט פאַרשפּאַרט דעם וועג צום יידישן און קאַראַימישן בית־עלמין. די יידן האָבן פאָרגעשטעלט דעם בריוו פון מלך אלעקסאַנדער צום סטאַראָסטע אין לויצק, פירשט סעמען יוריעוויטש, אין בריוו איז געווען אַן אָנווייזונג אַוועקצורוימען פאַר די יידן די הייזער, שפּייכלער און וואַלן — אַן אָנווייזונג, וואָס איז לויט זייער מיינונג, נישט רעאַליזירט געוואָרן. דער פירשט טשערטווערטינסקי האָט געטענהט, אַז ער האָט אונטערגעשריבן אַ הסכם מיט די יידן וועגן אָפּצוימען און פעסטשטעלן די גרענעץ פונעם שטח, נאָר די יידן פלעגן אַריבערטרעטן די גרענעץ. די קאָמיסאַרן האָבן פאַרלאַנגט פון טשערטווערטינסקין ער זאָל זיי אָנצייכענען די גרענעצן. אַז ער האָט דאָס נישט געקאָנט טאָן, האָבן זיי דערקלערט, אַז די יידישע טענות זענען גערעכטע און מודה געווען, אַז די אָזיערע אויף דעם שטח איז איינגעאָרדנט צום שאָדן פון די יידן. זיי האָבן פאַרבאָטן טשערטווערטינסקין צו פאַרכאַפּן די אָזיערע, מאַכן אַ קאַנאַל און פאַרשפּאַרן דעם וועג צום יידישן בית־עלמין.

לויט דער רעגיסטראַציע פון מלוכהשע גיטער, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1552, געפינען זיך אין לויצק 33 יידישע הייזער, לויט ווי ס'איז אָנגענומען אין דער פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע, האָט יעדער הויז געציילט ווינציקסטנס 5 נפשות. אַזוי אַרום איז אין דעם יאָר געווען אין לויצק ווינציקסטנס 160 ביז 170 יידן. די צאָל קאַראַימער האָט באַטראָפן 27 הייזער, ד.ה. 135 נפשות.

דעם 30־טן יולי 1556 האָט דער קעניג זיגמונט אַוגוסט באַשטימט אין אַ ספּעציעלער תקנה, אַז די לויצקער יידן און קאַראַימער איז דערלויבט צו גענִיסן: פון דער צאָל־פרייהייט אין גאַנץ וואָלין — סיי אויף די יבשה־וועגן, סיי אויף די וואַסער־שליאַכן; פון פרייען האַנדל אויף די לויצקער יאַרידן; פון אַרענדירן קרעטשמעס אין דער סביבה פון שטאָט; פון באַטייליקן זיך אין די הכנסות פון די געריכטן, אַזוי ווי די קאַטוילישע שטאָטלייט און די גריכאָ־קאַטאָליקן — ווייל אין די שטאָטישע פריווילעגיעס האָט מען דורך אַ טעות אַרויסגעוואָרפן דאָס וואָרט יידן.

דעם 25.7.1563 האָבן די לויצקער יידן באַדאַרפט באַצאָלן 400 שאָק גראָשן אַלס חלק פון די אַלגעמיינע שטייערן, וואָס זענען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די קהילות פון ליטווישן פירשטנטום. נאָר דער ענין פון דעם צוגאָב צו דעם שטייער איז נישט געוואָרן דערלידיקט, און דעריבער האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט (דעם 16.8.1563) צו באַצאָלן די שטייערן צוזאַמען מיט די לויצקער איינוווינער לטובת דעם אוצר, מיטן מאָטיוו, אַז די לודמירער יידן נעמען זיי אַריין אין זייער קהילה און פאָדערן פון זיי צו צאָלן דעם שטייער אין די ראַמען פון זייער קהילה. אין ענין פון שטייער־צאָלן איז געקומען צו אַ סכסוך אפילו מיט דער מאַכט, צוליבן נישט אַריינטראָגן 3000 שאָק גראָשן, וואָס זענען אין יאָר 1569 געפאָדערט געוואָרן פון אַלע קהילות אין וואָלין פאַר די פאַרטיידיקונגס־באַדערפענישן פון דער מדינה. פון דער לויצקער קהילה האָט מען געפאָדערט, זי זאָל באַצאָלן די גאַנצע סומע וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אַלע וואָלינער קהילות. אַזוי ווי די לויצקער יידן האָבן שוין געהאַט באַצאָלט דעם קאָפּ־שטייער (15 גראָשן פער קאָפּ), האָבן די קהילה־עלטסטע געטענהט, אַז זיי זענען פטור פון צאָלן אַנדערע שטייערן.

דער שליח פונעם מלוכה־אוצר, דער כאָראָנזשי סעמען איוואַנאָוויטש פון נאָוואָגראָד, וואָס איז געקומען איינקאַסירן דאָס געלט, האָט נישט אָנערקענט די טענות פון דער קהילה, האָט אויף אַן אכזריותדיקן אופן אַרעסטירט די קהילה־עלטסטע, געשלאָסן די שול און אַרויפגעלייגט אַ זיגל אויפן טויער פון דער שול און אויף אַלע יידישע הייזער. די לויצקער יידן האָבן, מיט דער שתדלנות פון שלמה בן לוי, גלייך זיך געווענדעט צום קעניג, און ער האָט אין אַ דעקרעט פון 1.5.1569 פאַראָרדנט דעם סטאַראָסטע אין לויצק, פירשט קאָדעצקי, צו באַפרייען די קהילה־עלטסטע און אַראָפּנעמען פון דער שול און די פריוואַטע הייזער די זיגלען.

דאָס יאָר 1569 האָט אין פּאָליטיש־אַדמיניסטראַטיוון הינזיכט געבראַכט מיט זיך יסודותדיקע ענדערונגען אינעם געבוי פון דער פּוילישער מלוכה. דאָס פּראָקלאַמירן די פאַראייניקונג (אוניע) פון ליטע מיט פּוילן אין איין קעניגרייך האָט דערפירט צו ענדערן אויך דעם מעמד פון וואָלין.

דעם 25־טן מאַי 1569 האָט דער קעניג זיגמונט אַוגוסט צוויסן געגעבן איז אַן אוניווערסאַל וועגן איינשליסן וואָלין אין פּוילן. לויצק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קעניגלעכער שטאָט. דעם 23־טן יוני האָבן אָפּגעגעבן זייער טרייהייט־שבועה דעם קעניג פון פּוילן: די לויצקער יידישע פאָרשטייער, וועלכע זענען אין מאַי, אין שייכות מיט די שטייער־צאָלונגען, געוואָרן אַרעסטירט און אויפן באַפעל פון קעניג באַפרייט: פּלאַצקאָ, עליע, מאָשקאָ, שייקע און מרדכי; און די פאָרשטייער פון די קאַראַימער: באַטקא יהושע, מיסין, שאנקא און אולעצקאָ. אין דעם זעלבן יאָר — אין יאָר פון פאַראייניקן פּוילן מיט ליטע — זענען פאָרגעקומען סיכסוכים און צוזאַמענשטויסן צווישן די יידן מיט די שטאָטלייט, וואָס האָבן נישט פאַרטראָגן, אַז די יידן, אין

ווײַל זיי האָבן קודם־כל געזען זייערע קאָנקורענטן אויפֿן עקאָנאָמישן געביט, זאָלן געניסן פֿון רעכט גלייך ווי זיי. די קריסטלעכע צעכן האָבן אָנגעהויבן די מלחמה מיט אָנקלאַגעס אויף יידן, אַז זיי גראָבן כלומרשט אונטער זייער עקאָנאָמישע עקזיסטענץ. די יידן האָבן אַנטקעגן די אָנקלאַגעס זיך פֿאַררופֿן אויף דער תקנה פֿון יאָר 1544, געגעבן דורך דער קעניגין באָנאַ, אין אָט דער תקנה איז דערלויבט געוואָרן די יידן צו פֿירן אַ פֿרייען האַנדל מיט שיך און לעדער אין די יאַריד־טעג, אין צוויי בּאַראַקן אויפֿן שאָטישן פּלאַץ.

ווייזט אויס, אַז דער דאָזיקער סיכסוך האָט געדראָט אָנצונעמען שאַרפֿע פֿאָרמען, און כדי צו באַרויקן די באַפֿעלקערונג, האָט דער לובלינער סיים נאָמינירט די קאָמיסאַרן מיקאָליי מאַלאַכאָווסקי, דעם קעניגס סעקרעטאַר, און דעם הויפֿמאַן סטאַניסלאַוו קרוצעווסקי, צו רעגולירן די ענינים. זיי האָבן געפּסקנט אַז די יידן זענען באַרעכטיקט צו האַלטן אין שטח פֿון שטאָט 3 געשעפֿטן, און אַז די שטאָטלייט איז פֿאַרבאָטן אַרויסצופּרעסן פֿון די יידן מערער, ווי עס קומט פֿון זיי. פֿאַר די באַדערפֿענישן און פֿאַרטיידיקונג פֿון דער שטאָט, איז פֿאַרבאָטן איינצוקאַסירן פֿון זיי שטייערן אָן זייער הסכמה. די יידן האָבן דאָס רעכט איינצוקויפֿן אומבאַוועגלעכע גיטער, אַרענדירן די הכנסות פֿון דער שטאָט, זיך באַטייליקן אין באַשטימען דעם שטאָטישן בודזשעט און קאָנטראָלירן די שטאָטישע חשבונות. אויף צו דעקן די שטאָטישע אויסגאַבן, דאַרף מען די יידן באַטייליקן אין פֿאַרגלייך מיט זייער צאָל. דעם 24־טן אַפּריל 1570 האָט דער מלך אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן גלייכבאַרעכטיקן די יידן פֿון לויצק און אויך די קאַראַימער, אויפֿן גרונט פֿון אַ פּסק־דין, לויט וועלכן די יידן פֿון לויצק זענען דערקלערט געוואָרן פֿאַר גלייכבאַרעכטיקטע מיט די בירגער פֿון שטאָט. אינעם דעקרעט ווערט געזאָגט:

„אונדז איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן די פּריווילעגיע פֿון די יידן אין לויצק, לויט וועלכער זיי האָבן נאָך אין דער צייט פֿון דער סוווערניטעט פֿונעם ליטווישן פֿירשטנטום געניאָסן פֿון יענע רעכט, ווי די בירגער פֿון לויצק, דאָס הייסט, זיי זענען פֿריי פֿון אַריינטראָגן צאָל אינעם ליטווישן פֿירשטנטום, מיטן מאָטיוו, אַז אויף זיי ליגן אַלע התחייבותן בשותפֿות מיט די בירגער. מיר לאָזן איבער די דאָזיקע רעכט אין קראַפֿט, ווייל זיי זענען געגעבן געוואָרן אויפֿן לעצטן סיים אין לובלין אויך פֿאַר בירגער פֿון קרוין־פּוילן. מיר האָבן געהאַלטן פֿאַר ריכטיק, לויט דער איניציאַטיוו פֿון אַ צאָל הערן, צוצוטיילן די דאָזיקע פֿרייהייט אויך די יידן פֿון לויצק, וואָס צוזאַמען מט די בירגער דערפֿילן זיי אַלע פֿליכטן. און אין אונדזער שריפֿט גיבן מיר די זעלבע פֿרייהייט סיי די יידן, סיי די קאַראַימער."

די בירגער ווידער האָבן זיך פֿון זייער זייט פֿאַרפּליכטעט נישט צו פֿאָדערן פֿון די יידן מערער וויפֿל ס'קומט פֿון זיי אויפֿן סמך פֿון די פּריווילעגיעס און דאָקומענטן. די יידן וועלן געניסן פֿון אַלע רעכט וואָס דרינגען אַרויס פֿון דער פֿרייהייט צו וווינען אין לויצק, נאָר זיי מוזן דערפֿילן אַלע פֿליכטן לגבי דער שטאָט, עס וועלן אויף זיי נישט אַרויפֿגעלייגט ווערן קיין שטייערן און באַשטייערונגען אָן זייער הסכמה. ס'ווערט זיי אויך געזיכערט די רעכט צו קאָנטראָלירן די אויסגאַבן פֿון שטאָט.

אָט די צוזאָגן זענען אָבער פֿאַרבליבן אויפֿן פּאַפּיר, ווייל ס'איז גאָרנישט געוואָרן געטאָן זיי מקיים צו זיין. דער קאַמף איז טאַקע איבערגעריסן געוואָרן, נאָר בלויז אויף אַ קורצער צייט, ער איז פֿונדאָסניי אויסגעבראָכן אין זיבעצנטן יאָרהונדערט.

מיטן איינשליסן וואָלין צו פּוילן איז אויך פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג אויפֿן געביט פֿון דער יוריסדיקציע איבער די יידן, וועלכע איז צוגעפּאַסט געוואָרן צו די באַדינגונגען פֿון פּוילן.

דעם 9.8.1569 האָט דער קעניג אין אַ דעקרעט איבערגעגעבן דעם וואָלינער וואָיעוואָדע אלעקסאַנדער טשאַרטאָריסקי און די קומענדיקע נאָך אים, די יוריסדיקציע איבער די יידן פֿון לויצק, לודמיר, קרעמעניץ.

אינעם לעבן פֿון יידישן ישוב אין לויצק האָט פֿון יאָר 1569 זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל, וואָס האָט זיך געצויגן ביזן יאָר 1795, און איז אין פֿיל ביזאַנסן געווען אַנדערש ווי אין דער צייט פֿון דער ליטווישער הערשאַפֿט.

## III. 1569—1649

### 1
### די אַלגעמיינע לאַגע

דאָס איינשליסן וואָלין אין פּוילן האָט פֿאַר די יידן אין לויצק געבראַכט אַ תקופה פֿון עקאָנאָמישער און יורידישער פֿעסטקייט און צוזאַמען מיט דעם — אַן אויפֿשטייג, הגם בלויז אויף קנאַפּע 80 יאָר — ביזן חורבן אין די יאָרן ת"ח—ת"ט. אויפֿן יורידישן געביט זענען פֿאָרגעקומען פֿאַרבעסערונגען, וואָס האָבן געשטאַלטיקט זייער פּאָזיציע אינערהאַלב דער נישט־יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

אויף דער בקשה פֿון ביידע קהילות אין לויצק, די יידישע און קאַראַימישע, וואָס האָבן זיך פֿאַרקלאָגט פֿאַרן מלך סטעפֿאַן באַטאָרי (1575—1588), אַז נישט געקוקט אויף די פּריווילעגיעס, וואָס זענען זיי צוגעטיילט געוואָרן, ליידן זיי נאָך אַלץ פֿון אומרעכט, האַרבקייטן און שוועריקייטן מצד פֿאַרשידענע באַאַמטע — האָט סטעפֿאַן באַטאָרי געפֿונען פֿאַר נויטיק (דעם 1־טן דעצעמבער 1576), אַנטקעגנצוקומען דער בקשה פֿון די יידן און איינצוהיטן פֿאַר זיי אויך אין די געזעצן און פֿאָרשריפֿטן פֿון פּוילן געוויסע תקנות און פּריווילעגיעס, פֿון וועלכע זיי האָבן געניאָסן אין ליטווישן פֿירשטנטום, זיי גופֿא און די יידן אין די שטעטלעך פֿון קעניג, פֿון די פֿירשטן און אַדל־לייט אין וואָלין, און באַפֿוילן אַלע הערשער און באַאַמטע, פֿאַראַנטוואָרטלעכע איבער יידן:

א) איבער אַלע ענינים פֿון יידן און קאַראַימער זענען גילטיק נאָר די תקנות און דאָס פּוילישע געזעץ.

ב) די רעכט פֿון משפּטן געהערט צו אַ געריכט, צונויפֿגעשטעלט פֿון אונטער־וואָיעוואָדע (podwojewoda), אין דער אָנוועזנהייט פֿון זייערע צוויי פּרנסים, אין זייער שול.

ג) אין פּאָליצייאישע און קרימינעלע ענינים, אין וועלכע דער געמאָנטער איז אַ קריסט און דער מאָנער — אַ ייד, ווערן זיי באַהאַנדלט דורכן שטאָט־בירגערמייסטער אָדער סאָלטיס, לויטן פּוילישן געזעץ.

אין פאַל, ווען דער ייד איז געווען דער געמאָנטער, איז דער פּראָצעס געפירט געוואָרן, ווי אין קרוין־פּוילן, — אין קעגנזאַץ צום ליטווישן געזעץ, וואָס אין אַזאַ פאַל זענען די פולמאַכטן געגעבן געוואָרן דעם סטאַראָסטע אָדער זיין פאַרטרעטער, — פאַר אַ יידיש געריכט, אונטערן פאָרזיץ פון וואָיעוואָדע, זיין פאַרטרעטער אָדער אַ ריכטער פאַר יידן, אָדער אַ ספּעציעלן פּוילישן ריכטער, מיטן אָנטייל פון צוויי יידישע אַסעסאָרן (בייזיצער).

ד) ענינים פון אָפּשפּאָרונגען ווערן באַהאַנדלט לויטן פּוילישן געזעץ. ענינים, וואָס זייער ווערט איז ווייניקער פון 50 גזשיוונעס (זילבער), דאַרף מען אין שול אַדורכפירן אַ שבועה ביי אַ ספר־תורה. פאַר סומען ווייניקער פון 50 גזשיוונעס, דאַרף מען באַשווערן ביי די טירן פון שול.

ו) די יידן איז דערלויבט צו פירן האַנדל אין דער גאַנצער מלוכה, אָפּצאָלנדיק פריער דעם געוויינלעכן צאָל; זיי איז דערלויבט צו פאַרקויפן אין דעטאַל, ווי ס׳איז דערלויבט אַלע יידן וואָס וווינען אין פּוילן.

ז) אין פאַל פון שריפות, געפאַרן פאַרן יידישן קוואַרטאַל, דאַרפן די שטאָטלייט קומען צו הילף די יידן.

ח) אין די שבתים און יומטובים נישט שטעלן זיי פאַר קיין געריכט.

ט) די יידן איז פאַרבאָטן יעטוועדע אַרבעט און האַנדל אום זונטיק, אין פּסחא־יומטוב, וויינאַכט, אין יומטוב פון דער הייליקער מאַריאַ און אין יומטוב פון די אַפּאָסטאָלן, לויטן קריסטלעכן מנהג.

י) אין פאַל ווען אַ ייד וועט זיך נישט פירן לויט די מנהגים און דינים פון זיין רעליגיע, דאַרף ער פאַרטריבן ווערן פון זיין עדה מיט דער הילף פון דער מאַכט, אויסער אַ ייד וואָס וויל זיך שמדן. אַלע וואָיעוואָדעס און באַאַמטע, ממונים איבער יידן, דאַרפן זיך פירן לויטן פּוילישן געזעץ אין די אויבנדערמאָנטע פונקטן.

לויט דער פּריווילעגיע, זענען די יידן אין לויצק געוואָרן באַפרייט פון דעם סטאַראָסטעס הערשאַפט און אַוועקגעשטעלט אונטער דער יוריסדיקציע פון וואָלינער וואָיעוואָדע. ענינים פון יידן מיט יידן זענען פאַרבליבן אין די קאָמפּעטענצן פון רבנישן געריכט.

אין יאָר 1579 איז די יידן אין לויצק דערלויבט געוואָרן צו האַנדלען אין שטאָט, באַגלייך מיט די אַנדערע שטאָט־איינווינער. אין יאָר 1600 האָט זיי דער קעניג זיגמונט דער דריטער געגעבן די דערלויבעניש צו וווינען אָן שטערונגען אויפן שטח פון די גאַסן וואָס זענען אַרומגענומען מיטן טייך, און דאָ איז אַנטשטאַנען דער יידישער קוואַרטאַל. די אַרסענאַל־געביידע, וועלכע וויטאָלד האָט אויפגעשטעלט אין יאָר 1380, האָט ער זיי אַוועקגעשענקט פאַר אַ שול. אין דער תקופה פון ערשטן באַזעצן זיך אין דאָרף זשידיטשין האָבן זיי דאָרט געהאַט אַ האָלצערנע שול; דאָס בית־עלמין איז געווען אַ שותפותדיקס פאַר די יידן און קאַראַימער, וואָס האָבן געוווינט אין דאָרף קראַסנע.

דעם 5־טן מאַי 1626 האָט זיי דער מלך צוגעטיילט די רעכט אויפצושטעלן אויף דעם אָרט ווו ס׳האָט זיך געפונען די אַלטע שול — אַ נייע שול, נאָר געבויט פון שטיין און ציגל, אין דער זעלבער גרויס און הייך, און מיטן באַדינג, אַז אויף דעם דאַך זאָל פון אַלע פיר זייטן מעגלעך זיין אַוועקצושטעלן ביקסן פאַר פאַרטיידיקונגס־צוועקן קעגן שונאים. די יידן האָבן אויף זייער חשבון באַדאַרפט איינקויפן אַ האַרמאַט. אין פאַל פון שונאס אַריינדרינגען, דאַרפן זיי, צוזאַמען מיט די שטאָטישע בירגער, צושטעלן אַ צאָל מענטשן צו פאַרטיידיקונג, לויט די באַדערפענישן. דער סטאַראָסטע היעראָנים טשאַרלינסקי און זיינע נאָכפאָלגער, ווי אויך דער שטאָטראַט אין לויצק, ווערט באַפוילן נישט צו שטערן די יידן און אַדורכפירן אַלץ וואָס ווערט דערמאָנט אין דער עקזיסטענץ־שריפט, מיטן באַדינג, אַז די יידן וועלן אויספילן אַלץ וואָס פאַרפליכטעט זיי.

לויט דער דאָזיקער פּריווילעגיע זענען די יידן צוגעטרעטן אויפצובויען די שול־מויער, וואָס איז אויך געווען אַ פעסטונג. די בוי־אַרבעטן האָבן געדויערט צוויי יאָר.

אָבער האַרט פאַרן אויסענדיקן די געביידע האָבן די דאָמיניקאַנער דערלאַנגט אַ פּראָטעסט, טענהדיק, אַז די שול איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין קעגנזאַץ צו די באַשלוסן פונעם סינאָד פון דער קאַטוילישער קירכע, און זי איז צו נאָענט צום קלויסטער.

דעם 5־טן אויגוסט 1628 האָט דער מלך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אין וועלכן ער דערלויבט די יידן ענדיקן די געביידע אין גייסט פון דער פּריווילעגיע פון 5.5.1626. ער האָט אָפּגעוואָרפן די טענה פון די דאָמיניקאַנער, אַז די שול איז צו נאָענט צום קלויסטער: „די דערמאָנטע שול איז אויף אַזאַ מרחק, אַז דאָס שטערט נישט דעם קלויסטער פון די פּאָטערס דאָמיניקאַנער, און איז נייטיק צו פאַרטיידיקן די שטאָט (לויצק), דעריבער דערלויבן מיר (דער מלך) זיי (די יידן) צו בויען און ענדיקן די שול, בתנאי, אַז זיי זאָלן דערפילן אַלע פאַרפליכטונגען פון דער עקזיסטענץ־שריפט פון 5־טן מאַי 1626.״ טראָץ די דאָזיקע פאַראָרדענונגען, האָט דער שטאָטראַט דערלאַנגט אין געריכט אַן אָנקלאַגע קעגן די יידן, טענהנדיק, אַז זיי בויען די שול און זייערע הייזער אויף קעניגלעכע פּלעצער, אָן וועלכן געזעצלעכן יסוד, צום שאָדן פון דער שטאָט. אויך ביידע שולן פון האָלץ (איינע פון די יידן און איינע פון די קאַראַימער), שטייען קעגן געזעץ.

אין געריכט האָבן די יידן פאַרשפּילט. דעם 24.4.1629, אַ יאָר נאָך דער קעניגלעכער פאַראָרדענונג נישט צו שטערן די יידן ענדיקן דאָס בויען די שול, האָט דער מלך באַשאָנקען מיט אַ ספּעציעלער פּריווילעגיע זיין נאָטאַר בענדערמאַן, אַוועקגעבנדיק אים אויף שטענדיק ביידע האָלץ־שולן פון די יידן און קאַראַימער, הייזער און צוויי פּרוכטן־סעדער, נאָענט פון זייער בית־עלמין, מיטן אַרגומענט, אַז די יידן האָבן דאָס אויפגעשטעלט אָן דער דערלויבעניש פון מלך און נישט באַצאָלט די ווערט פון די פּלעצער און די שטייערן. אויפן סטאַראָסטע היעראָנים טשאַרלינסקי איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע צו רעאַליזירן דעם געשאַנק־דאָקומענט.

די מתנה איז נישט רעאַליזירט געוואָרן, ווייל די יידן האָט זיך איינגעגעבן צו דערהאַלטן די שולן, און דער שטאָטראַט האָט נישט אָנגעגעבן קיין אַפּעלאַציע קעגן דעם. די שול אין דער פאָרם פון אַ פעסטונג איז אויפגעשטעלט געוואָרן לויט דער פּריווילעגיע פון 5.5.1626.

זי איז געבויט אינעם סטיל פון איטאַליעניש־פּוילישן רענעסאַנס. די געוועלבונג אינעווייניק איז אָנגעשפּאַרט אויף אַ שיינבאַצירטן זייל, אויפן פלאַכן דאַך האָט מען אויפגעבויט אַ שטיק־

ווענטל מיט אַ פּאַרטיפונג, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען נישעס צום קאָכן, אין איין פליגל האָט מען אויפגעבויט אַ טורעם אין דער פאָרם פון אַ ווינקל-זייל, וועלכער האָט פרידנס-צייט געדינט אַלס תפיסה פון דער קהילה.

די שול איז דערעפנט געוואָרן אין יאָר 1628.

2

## די עקאָנאָמישע לאַגע

אין דער באַהאַנדלטער תקופה דערפילן די לויצקער יידן נוצלעכע אויפגאַבן אין ווירטשאַפטלעכן לעבן און ווייזן אַרויס אויסערגעוויינלעכע געשיקטקייט אין זייער איניציאַטיוו צווישן די יידישע סוחרים וואָס ברענגען מזרחדיקע סחורות. פּאַקטיש זענען זיי די הערשער איבערן האַנדלס-וועג פון קיעוו קיין רייסן, און אויסער דעם געפינען זיך אין די הענט פון די לויצקער צאָל-אַרענדאַרן אויך די אַנדערע צאָל-סטאַנציעס אין לויצק און אין אַנדערע שטעט. די אַרענדאַרן לעבאַנאָוויטש, מיכאל יוזעפאָוויטש, אברהם שפּאַנאָוויטש, קוזעץ, מאַשעיעוויטש, דוד שמערגלעוויטש, מאשקא פאַלכאָוואָוויטש און יצחק בראָדעווקע —ביידע פון בריסק, מענדל איזאַקאָוויטש און ליפּמאַן שמערלע-וויטש קאָנצענטרירן אין זייערע הענט די קאָמוניקאַציע-אַרטע-ריעס און דעם האַנדל אויסער דער שטאָט לויצק.

אַ צאָל פאַרמעגלעכע און רייכע יידן זענען פון לויצק אַרי-בערגעפאָרן קיין בראָדי און דאָרט געקויפט הייזער.

אין לויצק גופא אַרענדירן זיי פּראָפּינאַציעס, שענקען, ברויערייען, האַנדלען מיטן וויין וואָס ווערט געבראַכט פון אונגאַרן. זיי זענען די אַרענדאַרן פון די ברענערייען פון פּאָטאַש און אַש. דער האַנדל מיט האָלץ און לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָ-דוקטן, געפינט זיך אין זייערע הענט. דערפאַר איז נישט קיין ווונדער, וואָס דער אַנטיסעמיטישער שרייבער מיטשינסקי האָט אין זיין פּאַשקוויל קעגן יידן Zwierciadło Korony Polskiej urazy ciężkie, które ponosi od żydów Wyrażające (Kraków 1618) געשריבן, אַז אין יידישע הענט געפינען זיך, אויסער די שטעט קראָקע, ווילנע, מאָהילעוו, סלוצק, ברעסט-ליטעווסק — אויך לויצק.

נישטאָ קיין שטאָט אין פּוילן, ווו אויף די אָרטיקע יארידן זאָלן זיך נישט געפינען קיין יידן פון לויצק. זיי פאָרן אויף די יארידן אין רייסן, צענטראַל-פּוילן און אפילו קיין מערב-פּוילן. ברענגען אַהער פוטערס, מילך און אויך ליטווישע שטאָפן, זענען באַקאַנט אין פּויזן און לובלין, וועלכע זיי האָבן באַזוכט שוין אין די יאָרן 1530—1531. באַזונדערס האָט אויפגעלעבט דער יידישער מסחר נאָכן שענקען די פּריווילעגיע אין יאָר 1576, לויט וועלכער ס׳איז די יידן דערלויבט געוואָרן צו האַנדלען איבער גאַנץ פּוילן און פירן דעטאַל-פאַרקויף אין די קעניגלעכע שטעט. אויך אין האַנטווערקעריי — באַזונדערס אין שניידעריי און קירזשנעריי — איז געוואָקסן די צאָל יידישע בעלי-מלאכות. זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן פאַרקויפן זייערע אייגענע אויס-אַרבעטונגען אויף יארידן און אין דער סביבה פון שטאָט, און דאָס האָט דערפירט צו אַ זייער שווערן קאַמף מיט די קריסט-לעכע האַנטווערקער-צעכן, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט, אַז אָרטיקע יידן זאָלן האַנדלען, און געפאָדערט אַדורכצופירן די פּריווילעגיעס, אין וועלכע עס זענען געזיכערט געוואָרן זייערע רעכט. אָבער מיט דער פרייהייט פון מסחר און מלאכה לויט באַטאָריס פּריווילעגיעס פון יאָר 1569 האָבן זיך אָנגעהויבן צרות, צוליבן פאַרשאַרפן די קעגנזייטיקע באַציונגען און דער מורא פון די שטאָטישע פאַר זייערע יידישע קאָנקורענטן. דער אָנהייב פונעם קאַמף פון די שטאָטישע מיט די יידן דאַטירט זיך פון יאָר 1561, ווען דער בירגערמייסטער און די שטאָטישע ראַטגעבער האָבן אין נאָמען פון אַלע שטאָטלייט דערלאַנגט דעם 28/10 אַן אָנקלאַגע אויף די אָנגעשטעלטע פונעם יידישן אַרענ-דאַר עסקא שלאמיץ, פּרץ לאַזאַרעוויטש און שמעון פלעמניק, וועלכע פלעגן, אין קעגנזאַץ צו די פּריווילעגיעס פון לויצקער שטאָטראַט, איינקאַסירן הויכע שטייערן פאַר דער רעכט צו פאַרקויפן געטראַנקען, און דאָס האָט, לויט די רייד פון דער אָנקלאַגע, גורם געווען צו באַזייטיקן באַזוכער פון שטאָט און די יארידן און דערמיט פאַראָרעמען די איינוווינער פון שטאָט. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ שפּאַנונג און געשטאַרקט די קעגנזאַצן, וואָס האָבן דערפירט אפילו צו איבערפאַלן. אַזוי זענען די לויצקער שטאָטלייט באַפאַלן דעם 17-טן מערץ 1566 דעם קעניג-לעכן פאָלוואַרק, געכאַפּט דאָרט דעם לויצקער יידן שמואל גובשיצא, אַריינגעשלעפּט אין שטאָט און דערהרגעט.

די שפּאַנונג צווישן די שטאָטלייט און די יידן איז אויך אונטערגעשטראָכן געוואָרן דורך די קאָמיסאַרן, וואָס האָבן אין יאָר 1569 מיטגעטיילט וועגן סיכסוכים צווישן יידן און שטאָטלייט.

קאָנפליקטן מיט אַרענדאַרן זענען נישט קיין זעלטענקייט אין יענער תקופה. אַזוי באַקלאָגט זיך אין יאָר 1583 דער עלטס-טער פון מאָנאַסטיר אין פּערציסטאַן, מאַטוויי, אַז דער לויצקער אַרענדאַר ישעיה פון ברעסט איז אָנגעפאַלן אויפן מאָנאַסטיר און צוגענומען 50 שאָק ליטווישע גראָשן, 100 רויטע זלאָטעס און 20 פערטעלעך בראָנפן.

דעם 6-טן מערץ 1625 איז, לויט דער מיטטיילונג פון די שמשים לייב בן ישראל און אליהו בן-אברהם, וואָס איז פאַר-שריבן געוואָרן אין די גראָד-אַקטן, פאָרגעקומען אַן איבערפאַל. בעת די לוויה פונעם לויצקער יידן לייב בן-יצחק האָט זיך דער-נענטערט צו דער פאָרשטאָט, האָט דער בירגער וואַלעריאַן לעסעצקי מודיע געווען, אַז ער וועט נישט דערלויבן דורכגיין די לוויה צום יידישן בית-עלמין, ביז מען וועט אים נישט באַצאָלן, ווייל דער בית-עלמין איז זיין פאַרמעגן. דער קירכע-כאָראָנזשע לעמפּיצקי, צו וועמען די יידן האָבן זיך געווענדעט, האָט געהייסן לעסעצקין צורו לאָזן די יידן, אָבער לעסעצקי האָט צוזאַמען מיט אַ באַוואָפנטן המון צעטריבן די יידן און דעם טויטן קערפּער אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב. פיל יידן זענען צעשלאָגן און פאַרוווּנדעט געוואָרן, פיל האָט מען באַרויבט און ביי איין יידישער פרוי האָט מען צוגענומען אַ זילבערנעם פּאַסעק.

די דערמאָנטע פאַלן זענען בלויז עפּיזאָדן. דער עיקרדיקער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1637, ווען די שטאָטלייט און די קריסטלעכע האַנטווערקער-צעכן האָבן דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע קעגן די קהילה-עלטסטע יעקב, דעם שווער פון גיטל און ישראל פון קראָקע, ווי אויך אויף די אַנדערע יידן און קאַראַי-מער אין לויצק, אַז אַ געוויסע צאָל יידן אַרבעטן אויס סאַמאַהאָן און ווילן נישט צאָלן דער שטאָטישער קאַסע, מיט דער טענה, אַז זיי אונטערליגן דעם סטאַראָסטע; אַז יידן האָבן אויפגעשטעלט

אַ צאָל הייזער אויף שטאָטישע פּלעצער; אַז אייניקע האָבן פיל הייזער באַפרייט פון דער שטאָטישער יוריסדיקציע, און אַנדערע ווידער האָבן אויף די וואַלן אויפגעשטעלט זעקס ביר־ברויערייען און אויף יענע ערטער צעשטערט די פאַרטיידי־קונגס־מויערן פון דער שטאָט און אָפּגעשטעלט די וואַכן־דינסט; אַז יידן נעמען אין אַרענדע געזעלשאַפטלעכע איינקונפטן, גייען פון שטאָט צו שטאָט צו יידישע בראַנפן־סוחרים און ברענגען דעם בראַנפן אונטער זייער נאָמען; אַז פיל באַליידיקן די שטאָט־פאַרוואַלטונג, רעכענען זיך נישט מיט די רעכט פון דער שטאָט. דער שאָדן, וואָס די יידן ברענגען דער שטאָט, דערגייט ביז 10 טויזנט זלאָטעס.

אויסער די דאָזיקע אָנקלאַגעס, האָבן זיי אויך באַשולדיקט אין אומגעזעצלעכע און איבערטריבענע באַשטייערונגען מצד די יידישע צאָל־נעמער און זייערע אינקאַסענטן. באַזונדערס האָבן זיי זיך באַקלאָגט אויפן אַרענדאַר פון סטאַראָסטעס הכנסות, לעמל בן־יהודה, וואָס פאַר יעדן וואָגן, וואָס קומט אין שטאָט אויפן יאריד, נעמט ער $8\frac{1}{2}$ גראָשן און פון יעדן פעסל — 20 גראָשן. די יידן באַרייכערן זיך אויפן חשבון פון די קריסטן און ברענגען זיי שאָדנס. דער שטאָטראַט האָט אויך געפּאָדערט אַנטשעדיקונג אויף דעם געביט — אַ סומע פון 4000 זלאָטעס.

אויף די אָנקלאַגעס פלעגן די יידן ענטפערן מיט קעגן־אָנקלאַגעס. און דער דאָזיקער געראַנגל, אויך מיט צוזאַמענ־שטויסן, קריגערייען און צונעמען סחורות, האָט זיך געצויגן ביזן יאָר 1648.

וואָס מערער די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן האָלט זיך אין פאַרבעסערן, אַלץ שטאַרקער ווערט די שפּאַנונג, און די באַציונג מצד די שטאָטישע צו זיי האַלט זיך אין איין פאַר־ערגערן. פאַר דער אַנטי־יידישער אַטמאָספער, וואָס האָט גע־הערשט ערב די יאָרן ת״ח—ת״ט, איז כאַראַקטעריסטיש אַ פאַל־גנדיקער פאַל: אין יאָר 1647 האָט דער גלח לעאָנט איוואַנאָ־וויטש געפּרעדיקט נישט צו קויפן קיין פלייש ביי יידן, ווייל זיי ווילן אויף אַזאַ אופן אָפּסמען די קריסטן. די לוויצקער קהילה האָט דערלאַנגט קעגן אים אַן אָנקלאַגע אין געריכט, און דער גלח איז באַשטראָפט געוואָרן מיט 30 זלאָטעס.

ערב די געשעענישן ת״ח—ת״ט, האָט לוויצק געציילט 84 יידישע הייזער (משפּחות) — 420 נפשות.

די קהילה האָט זיך אויסגעברייטערט און פאַרגרעסערט מיט אינסטיטוציעס. אַ צאָל רייכע יידן האַלטן אויס ישיבות. אין די דרייסיקער יאָרן פון זיבעצנטן יאָרהונדערט שטייט בראש פון דער קהילה יעקב, דער שוואָער פון דער נגידסטע גיטל און יעקב פון קראָקע, אויף זייערע פּלייצעס ליגט דער שווערער געראַנגל מיט די שטאָטלייט.

יידישע קאָנסומענטן. אין זיבעצנטן יאָרהונדערט האָבן די לוויצ־קער שניידערס און קירזשנערס געאַרבעט פאַר די דערבייאיקע שטעטלעך און די דאָרפישע איינוווינער.

לויט דער פּריווילעגיע פון וויטאָלדן איז די יידן דערלויבט געוואָרן צו פאַרנעמען זיך מיט אַלע מלאכות. פון דעם איז גע־דרונגען, אַז די מלאכה האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אינעם עקאָנאָמישן לעבן פון די יידן אין ליטע. אויף דעם באָדן פון קאָנקורענץ איז צווישן יידן און קריסטן פאָרגעקומען אַ שווערער קאַמף, אָבער די יידישע בעלי־מלאכות גייען פון אים אַרויס אַלס זיגער.

אין יאָר 1539 זענען די לויצקער יידישע שניידערס און קירזשנערס דערגאַנגען צו אַ הסכם מיט די צעכן, וואָס גיט די יידן געוויסע רעכט.

אויס מורא, טאָמער וועלן יידישע האַנטווערקער אַריינדרינ־גען אין די צעכן פון די קריסטלעכע האַנטווערקער, האָבן די לעצטע זיך באַמיט און באַקומען פון מלך זיגמונט אויגוסט (אין יאָר 1546) אַ פּריווילעגיע, וואָס שטעלט בפירוש פעסט, אַז יידן טאָרן נישט אַריינדרינגען אין די קריסטלעכע צעכן.

אין יאָר 1629 זענען די יידישע בעלי־מלאכות אין ליטע, לויט אַ קעניגלעכער פּריווילעגיע, באַפרייט געוואָרן פון דער פליכט צו זיין אונטערגעאָרדנט די צעכן פון די קריסטלעכע האַנטווערקער, אין קעגנזאַץ צו אַן אַנדערער קעניגלעכער פּרי־ווילעגיע, לויט וועלכער אַלע בעלי־מלאכות האָבן געמוזט גע־הערן צו די צעכן און אפילו אַריינטראָגן אַהין געלט־צאָלונגען.

די דאָזיקע לאַגע האָט געצוווּנגען יידישע בעלי־מלאכות צו גרינדן זייערע אייגענע חברות — און אַזוי אַנטשטייט אין אָנהייב זיבעצנטן יאָרהונדערט חברות פון שניידערס, קירזשנערס און קצבים.

די יידישע האַנטווערקער האָבן דעם פּולן באַוווּסטזיין פון דער חשיבות פון זייער באַשעפטיקונג „ווייל אין גאָטס אויגן איז טייערער דער וואָס געניסט פון זיין מי, איידער אַ גאָטס־פאַרכטיקער". צוליב דער באַדערפעניש צו פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן, האָבן די יידישע בעלי־מלאכות געגרינדעט זייערע פאַראיינען, „די האַנט פון פעלקער איז געוועזן פאַר אונדז אַ תקיפותדיקע", דהיינו — אונטער דער נויט פון צעך — ווערט געזאָגט אין די תקנות פון יידישן שניידער־פאַראיין אין לויצק — „און אונדזער לעבן איז געווען אַ שווערס, צוליב דער גרייס פון די באַשווערונגען און שווערע גזירות, וואָס מען באַנייט כלפּי אונדז, יעדן טאָג האָט מען אונדז געוואָלט אומברענגען, ביז ג' האָט אַריינגעגעבן אונדזערע ערלעכע שרים אַ געהויבענעם גייסט, און מיר האָבן פון זיי באַקומען פּראַווועס, וואָס האָבן אונדז אַרויסגעפירט „פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט". און אויב ס'איז נישט געשריבן געוואָרן, איז עס ראוי צום פאַרשרייבן, אַז יעדער וואָס וועט זיך וועלן באַשעפטיקן מיט שניידעריי און קירזשנעריי, ליגט אויף אים די פליכט צו געבן דעם ווערט פון די אויבנדערמאָנטע אויסגאַבן. און מ'איז איינפאַרשטאַנען, אַז יעדער וואָס וועט זיך וועלן פאַרנעמען מיט די אויבנדערמאָנטע פאַכן, און נישט וועלן זיין איינער פון אונדזער חברה, וועט יעדעס יאָר צאָלן דער חברה אַ סומע פון 400 זלאָטעס, ביז ער וועט זיך איבערבעטן מיט דער חברה צו זיין איינער פון אירע מיטגלידער".

לויטן ביישפּיל פון די קריסטלעכע פאַראיינען, האָט אויך

3

## יידישע בעלי־מלאכות און זייער קאַמף פאַר עקזיסטענץ

מיטן וווּקס פון יידישן ישוב האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די צאָל יידישע בעלי־מלאכות. צומערשט האָבן זיי געליפערט פאַר די באַדערפענישן פונעם יידישן געברויכער, באַזונדערס די שניידערס, קירזשנערס, בעקערס, קצבים. מיט דער צייט האָבן זיי אויסגעברייטערט זייערע געשעפטן אויך פאַר נישט־

דער יידישער האַנטווערקער געמוזט זיין אָנגעשלאָסן אין זיין צעך, אויב ער האָט געוואָלט אַרבעטן ביי זיין פאַך.

די גרויסע ענדערונגען אינעם עקאָנאָמישן לעבן פון פוילן בכלל און פון יידן בפרט, וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק, נאָך די גזירות ת״ח און ת״ט, אינעם גרינדן פריוואַטע שטעט אין מזרח־פוילן, אין וועלכן די יידן האָבן געבילדעט די סוחרים און די בעלי־מלאכות, זענען, פאַרשטייט זיך, נישט געבליבן אָן אַ קענטיקער השפעה אויך אויף די קעניגלעכע שטעט.

די האַנטווערקער האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין זייערע פאַראיינען און מיט די פריווילעגיעס, וואָס זיי האָבן באַקומען פון מלך, מצליח געווען אָפּצוהיטן זייערע אינטערעסן. אין אַ ריי פריווילעגיעס, וואָס דערלויבן צו גרינדן צעכן, ווערט גערעדט וועגן אַריינעמען אין זיי יידן צוזאַמען מיט אַנדערע בעלי־מלאכות, אין פאַראַן אויך פריווילעגיעס, וואָס פאַראָרדענען די יידן אויפצושטעלן ספּעציעלע פאַראיינען פאַר זיך. אין לויצק האָבן די יידן זיך באַמיט אָנגענומען צו ווערן אין צעך, טראָץ דער קעגנערשאַפט פונעם צעך. וועגן דעם זאָגט עדות דער מאַניפעסט פונעם שניידער־און קירזשנער־צעך, וואָס זאָגט — אויפן סמך פון אַ דעקרעט פון זיגמונט אויגוסט אין יאָר 1546, אַז „אין דאָזיקן פאַראיין וועלן זיך נישט אַריינבאַקומען יידן, נאָר קריסטן״.

אינעם פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון די האַנטווערקער אין לויצק בילדן די שניידער און קירזשנער אַן אַבסאָלוטע מערהייט, נאָך זיי — קומען די קצבים און בעקערס. ביזן סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט זענען כמעט נישטאָ קיין שוסטערס, סטאָליערס, מויערערס, שמידערס, מוליערס.

פון סטאַטוט פון דעם שניידער־פאַראיין אין לויצק — וואָס איז, וואָס אַן אמת, פון יאָר 1721, אָבער בילדעט אָן שום ספק זיין אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם זינט ער איז געגרינדעט געוואָרן, וואַרשיינלעך אין זיבעצנטן יאָרהונדערט — דערוויסן מיר זיך וועגן דער אָרגאַניזאַציאָנעל־געזעצגעבערישער זייט, ווי אויך וועגן די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן די פאַראיינס־מיטגלידער.

דער שניידער־פאַראיין אין לויצק איז באַשטאַנען פון שניי־דערס און קירזשנערס. דער וואָס האָט געוואָלט אָנגענומען ווערן פאַר אַ מיטגליד, האָט זיך באַדאַרפט שטעלן פאַר די זיבן (7 גבאים) און קודם־כל באַצאָלן דאָס גאַנצע „איינשרייב־געלט״. צוליבן שטייגער אַז יעדער בעל־מלאכה זאָל האַלטן פיל מערער אַרבעטער איידער זיינע מעגלעכקייטן — אַ זאַך וואָס האָט גע־בראַכט אַ סך שאָדן — איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער כלל, לויט וועלכן יעדן בעל־מלאכה וואָס פאַרמאָגט אַ קאַפּיטאַל פון 150 זלאָטעס, איז דערלויבט צו האַלטן צוויי אַרבעטער און אַ לערניינגל. „און ווער עס האָט נישט די אויבנדערמאָנטע סומע — חלילה ער זאָל האָבן אַרבעטער״. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן אָנצונעמען און אַרויסצוגעבן אַרבעט פון דעם הויז צו אַן אַנדערן בעל־מלאכה, „סיי אויף דער וואָך, סיי אויפן שטיק״, נאָר עס איז דערלויבט צו דינגען זיך אַן אַרבעטער, ווינציקסטנס אויף אַ פערטל יאָר. באַזונדערס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער ענין־חזקה, לויט וועלכער אַ חבר וואָס גייט איבער אויף אַן אַנדער אָרט און וויל איינהיטן זיין חזקה־רעכט, אויב ער וועט קומען צוריק קיין לויצק — דאַרף צאָלן „וואָכנגעלט״. דער פאַראיין האָט אַרענדירט אויף אַ יאָר די הכנסות, ווי „עמידה און כתר־תורה ווי אויך דאָס געלט פון אויפרופן צו דער תורה״.

אויב עס האָט זיך געפונען עמעצער, וואָס האָט דאָס געדונגען, איז אַלץ איינגעאָרדענט געוואָרן דורכן נייעם פּרנס און די פאַרצייכענונגען פון די גבאים.

אַלע קריגערייען און געשלעגן זענען געמשפּט געוואָרן דורך די זיבן. און אויב איינער וויל „פירן זיין משפּט פאַר קהל און צו אים אָנשליסן דעם כבוד הרב אב״ד, איז אים דאָס דער־לויבט, נאָר ער מוז אַריינטראָגן אין דער פאַראיינס־קאַסע פיר זלאָטעס״.

אין פראַגן פון דיני־ממונות אונטערליגן אַלע פאַראיינס־מיטגלידער דעם משפּט פון רב און דיינים, ווי „אַלע מענטשן פון אונדזער קהילה״.

בראש פון פאַראיין זענען געשטאַנען 7 פּרנסים, און איינער פון זיי האָט לויט דער ריי געפירט יעדן חודש די ענינים פון דער חברה אַלס נייער פּרנס. ער איז געווען פאַרפליכטעט איבער־צוגעבן די קוראַטאָרן (נאמנים) אַ באַריכט פון אַלע איינקונפטן און אויסגאַבן. דעם פּרנס איז פאַרבאָטן „אויסצוגעבן פאַר איין מאָל מערער ווי איין זלאָטע, אפילו מיטן וויסן פון אַ מערהייט פון די זיבן (נ״ב און אויף אַ סעודת־מצוה, מילה אָדער אַ חתונה, צו קויפן, חלילה, אויף דער חתונה מערער ווי פאַר איין זלאָטע, אפילו ווען אַלע זיבן וועלן זיך דאָרט געפינען״ (פונקט 26).

אַרבעטער וואָס וועלן זיך פאַרדינגען, זענען מחויב בעתן פאַרדינגען זיך צו קומען מיטן בעל הבית און פאַרשרייבן אין פנקס אַלע פּרטים (אופנים). דעם לוין דאַרף דער בעל־הבית צאָלן יעדער פערטל יאָר און אין פנקס פון דער חברה פאַרשרייבן די „איינגעצאָלטע סומע״. שכירות־געלט איז געווען פאַרבאָטן צו געבן מערער פון פערציק זלאָטעס. ווער עס האָט עובר געווען אויף דעם פאַרבאָט, איז דורך די זיבן באַשטראָפט געוואָרן מיט גאָר אַ גרויסן קנס.

די חברה האָט געוואָרנט אירע מיטגלידער נישט צו פאַר־שווענדן קיין געלט אויפן שכירות פון די אַרבעטער אין נישט אויף קיין הוספות, ווייל די זאַכן זענען נאָר גורם צו געשלעגן און קריגערייען.

אין די פונקטן 10—14 און 29 איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער „סדר התמנות״, ד. ה. — דאָס אויסוויילן די אָנפירונג פון פאַראיין. פאַר דער אורנע זענען זיך צונויפגעקומען די זיבן. אויפן אָרט האָט מען איינקאַסירט דעם נשאר־חוב, אָדער דאָס וואָכנגעלט און איינשרייב־געלט. אָנשטאָט געלט איז דערלויבט געווען אויך צו נעמען אַ משכון. די אורנע איז געמאַכט געוואָרן יעדעס יאָר.

חול־המועד פּסח זענען געמאַכט געוואָרן, לויטן סדר פון אויסקלייבן די פּרנסים פון דער קהילה, דריי אורנעס: 1) פון די שניידערס, 2) קירזשנערס, 3) פון די פּאַרטאַטשן (אָדער עוונטועל פון יענע וואָס האָבן נישט געהערט צום פאַראיין, אָדער געוווינט אין די פאַרשטעט).

קודם כל האָט מען גענומען פון דער אורנע פון די שניי־דערס צוויי צעטלען, און פון דער אורנע פון די קירזשנערס איין צעטל, אין אויך פון דער אורנע פון די פּאַרטאַטשן איין צעטל. אַלע צעטלען פון די דריי אורנעס האָט מען אַריינגע־וואָרפן אין איין אורנע און פון דאָרט אַרויסגעצויגן פון יעדער איין צעטל, און די פיר זענען געווען די בוררים. די בוררים האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ באַזונדער צימער און זענען פון דאָרט נישט אַרויס, ביז זיי האָבן נישט געענדיקט און אויס־

געקליבן זיבן, און די ווידער — פיר גבאים, דריי אינקאַסענטן, צוויי קוראַטאָרן און דריי צוגאָבלעכע (נאָך חברים), און זיי זענען באַרעכטיקט צוצוגעבן און באַשטימען איינעם פאַרן פאָר־זיצער.

דער צוזאַמענשטעל פון די אויסגעווייילטע איז געווען: צוויי גבאים פון די שניידערס, איינער פון די קירזשנערס, דעם פערטן איז דערלויבט געווען צו נאָמינירן פון די שניידערס אָדער פאַרטאַטשן, וואָס האָבן באַלאַנגט צום צעך. אויב דער פערטער גבאי איז געווען פון די פאַרטאַטשן, האָט מען דאַן באַשטימט צוויי אינקאַסענטן פון די שניידערס און איינעם פון די קירזשנערס. אויב דער פערטער גבאי איז געווייילט געוואָרן פון די שניידערס, איז דאַן פון די פאַרטאַטשן געווייילט געוואָרן איינער אַלס אינקאַסענט. דער באַדינג איז געווען, אַז פון די שניידערס, וואָס זענען געווען אַ מערהייט אין צעך, האָבן באַדאַרפט געווייילט ווערן צוויי גבאים און צוויי אינקאַסענטן, אָדער דריי גבאים — און נישט מערער.

עס איז געווען פאַרבאָטן צו וויילן וועלכן בורר אויפן אַמט פון די זיבן, אָבער אים איז געווען דערלויבט דערווייילט צו ווערן אַלס קוראַטאָר אָדער צוגאָבלעכן.

איינער פון די עיקר צילן פונעם פאַראיין איז געווען: אָפּהיטן, אַז זיינע מיטגלידער זאָלן נישט עובר זיין אויפן פאַר־באָט פון שעטנז.

דערפאַר איז אינעם סטאַטוט באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע פאַראָרדענונג וועגן איינקויפן די פעדים פון פלאַקס, כדי אויסצומיידן עובר צו זיין אויף דעם שעטנז־פאַרבאָט.

אין איינפאַרשטענדעניש מיט די מנהיגים און מיטן רב און מגיד פון דער קהילה איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יעדעס יאָר — נאָך ראש־השנה און די עשרת ימי תשובה — זאָל געשטעלט ווערן „אַ מענטש וואָס אַלע זאָלן אויף אים עדות זאָגן, אַז ער איז אַ כשרער און ערלעכער, וואָס זאָל האַלטן די פלאַקס־פעדעם וואָס ער וועט קויפן פון אַ יידיש הויז, אין וועלכן מען האָט זיי געוועבט”. יעדער שניידער איז פאַרפליכטעט געוואָרן צו קויפן די פלאַקס־פעדעם אויסשליסלעך ביי אים. דער וואָס וועט קויפן ביי אַן אַנדערן, דאַרף מען אים מעביר־זיין פון פאַך, אָפּשטויסן און אַוועקשטופּן, ביז ער וועט אויף זיך נעמען דעם דין. אַ שניידער וואָס איז נישט קיין חבר פון פאַראיין, זאָל געבראַכט ווערן פאַרן טיש פון די מנהיגים מיט די געערטע רבנים — און מען דאַרף אים באַשטראָפן.

יעדעס יאָר דאַרף מען אין דער גרויסער שול אויסרופן אַ חרם, אַז מען זאָל נישט קויפן קיין פלאַקס־פעדעם נאָר ביים מאַן וואָס וועט עס נעמען אין אַרענדע. אויך די וואָל פאַר דער פאָדשעווקע דאַרף זיין כשר. און אויפן גבאי פון דער חברה ליגט דער חוב צו האָבן די געהעריקע השגחה, אַז דאָס אַלץ וועט אַדורכגעפירט ווערן אין גייסט פון סטאַטוט, וואָס זיין ערשטער פונקט איז גראָד דער פאַרבאָט פון שעטנז, אַ באַווייז ווי ווייט דער שניידער־צעך איז געשטאַנען אויף דער וואַך ביים אָפּהיטן די רעליגיע, אירע דינים און מנהגים.

לויט די „תקנות פון די קדמונים”, האָט יעדער פאַראיינס־מיטגליד באַדאַרפט יעדן ערב שבת שענקען אויף צדקה איין גדול, און יעדן ערב חודש צוויי גדולים לטובת דער חברה. די גבאים זענען געווען פאַרפליכטעט איינצוקאַסירן מיט אַלע צוואַנגס־מיטלען פון די יעניקע וואָס האָבן אַ העלפט נישט באַצאָלט ביז ערב־פסח (פונקט 2).

דער סטאַטוט האָט אַנטהאַלטן האַרבע פאָרשריפטן וועגן מסיג־גבול זיין אַ צווייטן חבר און באַשטימט אַ גרויסן קנס און אַנדערע שטראָפן לגבי פאַראיינס־מיטגלידער, וואָס וועלן מסיג־גבול זיין. אויסער דעם דאַרף ער אָפּגעבן דעם גאַנצן לוין דעם ערשטן בעל־מלאכה. אין פאַלן ווען עס וועט אויפגעקלערט ווערן, אַז ער איז געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרריכטן, איז ער דאַן פטור פון קנס און דאַרף אָפּגעבן אַ העלפט פון זיין לוין דעם ערשטן בעל־מלאכה (פונקט 4).

אַזויווי אין יענער תקופה האָבן זיך געמערט פריש אָנגעקו־מענע, וואָס פאַקטיש זענען עס געווען געזעלן, וועלכע האָבן גע־אַרבעט פאַר זיך און צוגענומען די פרנסה פון די בעלי־הבתים, וואָס צאָלן שטייערן און באַשטייערונגען, איז פעסטגעשטעלט גע־וואָרן: „חלילה, אַז וועלכער בעל־מלאכה זאָל זיי באַשעפטיקן מיט שניידעריי אָדער קירזשנעריי. יעדער איינער, וואָס וועט קומען פאַר די זיבן, זענען די גבאים פאַרפליכטעט זיי באַשטראָפן מיט כפיות און נגישות און זיי פאַרפאָלגן, ביז זיי וועלן זיך שטעלן פאַר די זיבן און מקיים זיין דאָס וואָס די זיבן האָבן באַשלאָסן...” (פונקט 5). די מיטגלידער פון דעם שניידער־און קירזשנער־פאַראיין דאַרפן יעדן טאָג דאַווענען בציבור, אָבער נישט לייכט איז דאָס זיי אָנגעקומען און זיי האָבן געפירט אַ שווערן קאַמף צו באַקומען אין שול אַן אָרט און דעריבער „זענען מיר אויפגע־שטאַנען און געמוטיקט, אַז מיר זאָלן האָבן אונדזער ספּעציעל אָרט אין אינדזער געבעט־הויז און מקיים זיין און טוען, אַז יעדער איינער פון אונדזער חברה איז פאַרפליכטעט צו גיין אין בית־המדרש דאַווענען בציבור פאַרנאַכט און אינדערפרי, און ווער ס׳וועט נישט גיין — איז פאַרפליכטעט צו געבן פדיון־הנפש” (פונקט 6).

די שבתים און יום־טובים, ווען מ׳איז פריי פון אַרבעט און באַשעפטיקונג, זענען באַשטימט געוואָרן אויף אַדורכצופירן פאַר־זאַמלונגען צו שמועסן ברבים וועגן אַקטועלע ענינים, צו לערנען חכמה און מאָראַל „און אויך האָבן מיר גענומען אויף זיך, אַז יעדער פון אונדזערע מיטגלידער זאָל גיין הערן דעם שיעור אום שבת און יום־טוב, זאָל זיך אויפמערקזאַם איינהערן, און ס׳וועט ווערן מקויים ביי אייך „איר וועט הערן און דערהאַלטן אייער לעבן” (פונקט 7).

שבת און יום־טוב האָבן זיי געדאַווּנט אין דער גרויסער שול, און נאָכן אַרויסנעמען די ספר־תורה זענען זיי געגאַנגען אין דער קליינער שול פון דער חברה, „צו לייענען” זיבן קרואים יעדן שבת — און נישט מערער.

די חברה האָט געהאַט אַן אייגענעם מגיד, און ער האָט באַקומען „שלישי”.

4

## לוויצקער רבנים

אין דער באַהאַנדלטער תקופה זענען באַוווּסט געווען:

1. הרב ר׳ משה כ״ץ, געבוירן אין קראָקע, איינער פון די גאוני הדור אין די טעג פון מהר״ם פון לובלין און פון ר׳ מרדכי יפה דער „בעל הלבושים”, איז אין יאָר שס״ג (1603)

געווען אב״ד און ר״מ אין לויצק. דערנאָך איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס אב״ד אין קראָקעווער קרייז. אויף דער באַראַטונג פון ועד ד׳ ארצות אין פויזן אין שנ״ז האָט ער אונטערגעשריבן די הסכמה אויפן „שיר חג הפסח״, אין יאָר שס״ג האָט ער אין לויצק געגעבן זיין הסכמה אויף דעם ספר „מקור חכמה״ און אין יאָר שע״א, אויך אין לויצק — אויף „חיבורי לקט״.

אין די יאָרן שס״ז און שס״ח האָט ער אויפן יאַריד אין לובלין געשריבן הסכמות אויף די ספרים „זכרון משה״ און „באר מים חיים״.

2. נאָך אים איז געווען רב ר׳ שמואל בן אהרון הורוויץ; ווייזט אויס, אַז נאָר ביז יאָר 1625, ווייל פון דעם דאָזיקן יאָר ביז 1630 איז ער געווען רב אין דובנע, נאָך ר׳ ישעיה הלוי הורוויץ, בעל ה„של״ה״, וועלכער איז דאָרט געווען רב פון 1600 ביז 1606. פון דובנע איז ער אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ רב אין ליובאָמל.

3. ר׳ אברהם הלוי, אַ קרוב פונעם מחבר „טורי זהב״, איז לויט אַן השערה געווען רב אין לויצק אין די יאָרן 1625—1640.

4. ר׳ יוסף בן אליקים מיטן נאָמען געץ, איז אין יאָר 1640 געווען רב אין לויצק און דערנאָך אין לוואָוו, וווּ ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1652.

5. נאָך אים איז געווען רב ר׳ יעקב בן־אפרים זלמן שור, מחבר פון „תבואות שור״, אַן אײדעם פון שאול וואַהל. ר׳ יעקב שור איז דער מחבר פון „פלפלא חריפתא״, „בית יעקב לכו ונלכה״ אויף מסכת סנהדרין — ווענעציע 1693. ער איז געווען רב אין לויצק ביזן יאָר 1650. פונדאַנען איז ער אַריבער קיין ברעסט־ליטאָווסק. אין לויצק האָט ער געשריבן זיין תשובה וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין סימן מ״ה אין ספר „שו״ת גאוני בתראי״ (והם לה״ר העשיל מקראקא ולה״ר גרשון אשכנזי אבד״ק הענא ולה״ר יוסף אשכנזי ומהר״ם מלובלין, וה״ר יצחק אבד״ק ליסא וה״ר אברהם בן הרב משאת בנימין).

דער חורבן אין יאָר 1648 האָט אויף דער לויצקער קהילה געבראַכט פאַרניכטונג און אַ סוף געמאַכט צום אויפבלי־פעריאָד וואָס האָט זיך געצויגן פון יאָר 1569.

## IV. 1648 — 1795

1

### רעכטלעכע און עקאָנאָמישע לאַגע

אין יאָר 1648, פאַרן איבערפאַל פון די קאָזאַקן, האָט לויצק געציילט 84 יידישע הייזער (משפחות). ד.ה., אַז פאַר די גזירות ת״ח—ת״ט האָט די יידישע באַפעלקערונג געציילט 420 נפשות.

אַז ס׳זענען געקומען אויף וואָלין די אויפטרייסלונגען פון יאָר ת״ח, האָט לויצק נישט ווייניקער געליטן פון אַנדערע יידישע ישובים. באַזונדערס איז שווער געוואָרן די לאַגע נאָך די קאַמפן ביי קאָנסטאַנטין, אין וועלכע דאָס פוילישע מיליטער, אונטער דער אָנפירונג פון העטמאַן יאַרעמי ווישניאָוויעצקי, איז געצוווּנגען געוואָרן זיך צוריקצוציען, און גאַנץ מזרח וואָלין איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די קאָזאַקישע באַנדעס. זייערע פאַלקן, אונטער דער אָנפירונג פון קריוואָנאָס און דזשאַגאַדווילי, האָבן געווילדעוועט איבער גאַנץ וואָלין.

כמיעלניצקיס באַנדעס זענען אין אַ גרויסער צאָל באַפאַלן וואָלין, און ווי ס׳האָט נאָר געטרעטן זייער פוס, האָבן זיי געהרגעט און געשאָכטן יידן. דעם 22.8.1618 זענען זיי אַריין קיין לויצק פון אָליקאַ. עס דערציילט ר׳ שמואל פייוויש בר נתן פייטיל פון ווין אין זיין כראָניק „טיט יון״:

„איז אָוועק (כמיעל) אין דער ק״ק לויצק, און דאָרט זענען געווען צווייהונדערט בעלי־בתים רייכע און גרויסע און דאָרט דער אב״ד וואָס האָט געהייסן מהר״ר מן (מנחם?) און איז געווען אב״ד אין ווין און כמעט אַלע זענען געהרגעט געוואָרן.״

אויך לויטן מחבר פון ספר „יון מצולה״, זענען אין לויצק דערהרגעט געוואָרן 200 יידן און צווישן זיי — הרב ר׳ מנחם.

צוזאַמען מיט די יידן זענען אויך דערהרגעט געוואָרן די קאַראַימער, וואָס אויך זיי האָבן די קאָזאַקן באַטראַכט פאַר בני־ישראל.

אהרן החזן פון דער קאַראַימער עדה אין לויצק שרייבט אין זיין בוך זכרונות (כתב־יד אין דער פעטערבורגער ביבליאָטעק) וועגן דער הריגה אין לויצק און דערעזשנע:

„און דאָס זענען די נעמען פון די מענטשן פון אונדזער עדה, וואָס זענען געוואָרן דערהרגעט דורך די פאַרשאָלטענע גויים און באַגראָבן אינעם וואַלד פון דאָרף קוטוקמען, אונדז באַוווּסטע... און איצט וועל איך פאַרצייכענען זכרונות פון מענטשן פון אונדזער עדה, וואָס זענען באַגראָבן געוואָרן אין די קברים דרומדיק פון דער שטאָט דערעזשנע ובעה״ע הורגו און די רעשטלעך זענען פאַרטריבן געוואָרן דורך חמואל (כמיעל), וואָס האָבן דאָרט פריער געוווינט און צום גרויסן באַדויערן זענען זיי דערהרגעט געוואָרן. און ווייל ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין מענטש, וואָס זאָל וויסן וועגן אַלע וואָס ליגן אין די אויבנדערמאָנטע קברים, ווו מען האָט געפונען בלויז פּעקלעך כתבים פון זכרונות פון דער הייליקער קהילה, און לויט מיינע מעגלעכקייטן האָב איך זיי איבערגעשריבן.״

דער לוואָווער קאַטוילישער גייסטלעכער טאָמאַש יוזעפאָוויטש פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך פון די יאָרן 1634—1690 (Kronika Lwowa), אַז די קאָזאַקן האָבן אויסגעשאָכטן אָן אונטערשיד אַלע איינוווינער פון לויצק.

אין אַ וואָסער מאָס עס איז חרוב געוואָרן דער יידישער ישוב, לערנען מיר פון דער „לוסטראַציע״ (איבערזיכט), וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1650. פון 84 יידישע פאַמיליעס זענען איבערגעבליבן בלויז 29 און פון די קאַראַימישע — בלויז 3.

עס זענען נאָך נישט פאַרהיילט געוואָרן די ווונדן פון דעם חורבן, אומעטום האָט מען נאָך געזען סימנים פון דער צעשטערונג, און די קהילה־עלטסטע ווענדן זיך שוין צום קעניג יאַן קאַזשימיעזש מיט אַ בקשה צו באַשטעטיקן דעם סך־הכל (Summarjusz) פון די פריווילעגיעס פאַר די יידן אין לויצק.

דעם 6־טן אויגוסט 1649 האָט דער מלך אונטערגעשריבן דעם דאָקומענט — צוזאַמענגעשטעלט פון 7 דאָקומענטן, לויט פאָלגנדיקן כראָנאָלאָגישן סדר:

א) די פּריווילעגיע פון זיגמונט אויגוסט פון 24.4 1570 אין דער פראַגע פון באַפרייען פון צאָל די יידן און קאַראַימער אין לויצק.

ב) באַשטעטיקונג פון דער פּריווילעגיע דורך סטעפאַן באַטאָרי אין לוואָוו, דעם 17.6 1578.

ג) דעם הסכם פון ביידע קהילות מיט דער שטאָט פון יאָר 1560, אַקצעפּטירט דורך סטעפאַן באַטאָרי אויפן סיים אין וואַרשע, דעם 3.1 1580.

ד) סטעפאַן באַטאָרי באַשטעטיקט די פּריווילעגיע פאַר די יידן אין פּוילן פון יאָר 1453.

ה) פּריווילעגיע פון סטעפאַן באַטאָרי פון 23.5 1576.

ו) זיגמונט דער דריטער באַשטעטיקט דעם 8.1 1588 די פּריווילעגיע א—ה.

ז) באַשטעטיקונג פון די פּריווילעגיעס א—ו דורך וולאַדיסלאַוו דעם פערטן פון 4.2 1633.

דעם 16.8.1691 באַשטעטיקט דער קעניג קאַזשימיעזש די אַלע (א—ז) פּריווילעגיעס.

אויסער דעם חורבן, וואָס ס׳האָבן געמאַכט די באַנדעס פון כמיעלניצקין, האָבן די יידן אין לויצק, נאָכן יאָר 1648, נאָך געליטן פון איבערפאַלן פונעם פּוילישן מיליטער און פון פרעמדע, וואָס זענען דורכגעפאָרן לויצק. באַזונדערס איז חרוב געוואָרן דער האַנדל און די יידישע הייזער, צוליבן איינקוואַרטירן אין זיי זעלנער — וואָס האָט געדויערט ביזן יאָר 1656. אין שייכות מיט די דאָזיקע ליידן, האָבן אין יאָר 1653 די יידן זיך באַקלאָגט אויף דער נישט־גערעכטער לאָקאַציע פון די זעלנער, וואָס דער שטאָטראָט האָט אַדורכגעפירט.

באַגלייך מיט דעם האָבן זיי געבעטן דעם אַדמיניסטראַטאָר פון סטאַראָסטע, מען זאָל זיי, אין אַנבליק פון דער עקאָנאָמישער פאַרערעמונג און דעם מאַנגל אין שוסטער, וועלכע זענען געשטאָרבן אין דער מגפה, וואָס האָט געהאַט אויסגעבראָכן אין יענע יאָרן, דערלויבן אויסצואַרבעטן און פאַרקויפן שיך אין שטאָט. דער אַדמיניסטראַטאָר איז גרייט געווען אַנטקעגנצוקומען זייער בקשה, אָבער די קריסטלעכע בעלי־מלאכות האָבן זיך קעגנגעשטעלט און געפאָדערט מקיים צו זיין די פּריווילעגיע פונעם שניידער־ און קירזשנער־צעך, לויט וועלכע ס׳איז פאַרבאָטן די אָרטיקע יידן צו פירן אַ האַנדל צום שאָדן די בעל־מלאכות. אויך די צעכן פון די קצבים און שוסטערס האָבן געטענהט, אַז לויט זייערע עקזיסטענץ־שריפטן איז פאַרבאָטן די יידן אַריינצוברענגען לעדער און שיך פון אַנדערע שטעט, זיי איז בלויז דערלויבט צו האַלטן צוויי קראָמען און דאָרט פאַרקויפן שיך.

טראָץ דעם שווערן קאַמף מיט די שטאָטלייט און האַנטווערקער, האָבן די יידן איינגעהאַלטן זייערע פּאָזיציעס אינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן. יידישע בעל־מלאכות האָבן זיך דעראָבערט אַ קליענטעלע צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און קריסטלעכע לערניינגלעך האָבן ליבערשט געוואָלט אַרבעטן ביי יידישע האַנטווערקער. דאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז דער וואָלינער סיימיק האָט אויף זיין סעסיע דעם 3־טן דעצעמבער 1680 באַשלאָסן צו פאַרגרעסערן פירפאַכיק דעם קאָפּ־שטייער, כדי אַזוי אַרום אויסצומיידן, אַז געזעלן — מענער און פרויען — זאָלן גערנער דינען ביי יידן צוליבן העכערן געהאַלט ביי זיי. ביי אַזאַ מצב האָבן די שטאָטלייט געליטן צוליבן מאַנגל פון לוין־אַרבעטער ביי זיי.

אויסער דעם איז נישט איבערגעריסן געוואָרן דער קאַמף מיט די שטאָטלייט, וואָס האָבן אויף די יידן אַרויפגעלייגט די לאַסט פון אויסגאַבן פאַר דער שטאָט און פלעגן די דורך לויצק פאַרבייפאָרנדיקע מיליטערישע איינהייטן ריכטן דווקא אין יידישן קוואַרטאַל — אַ זאַך, וואָס האָט שטאַרק געדריקט די יידן.

אויף דעם באָדן איז אין יאָר 1656 דערגאַנגען צו אַ סכסוך. אויף דער ווענדונג פון די יידישע פרנסים און קאַראַימער האָבן די שליחים פון לויצקער סטאַראָסטע, שטשענסני זבאָזשני לושטשעווסקי און יעזשי גאַדלעווסקי, נישט האָבנדיק קיין צייט צו פאָרשן דעם ענין, אַרויסגעגעבן דעם 20־טן יוני אַ פאַראָרדענונג דעם לויצקער בורגראַף ער זאָל נישט דערלויבן אונטערדריקן די יידן. די פרנסים פון דער יידישער קהילה און די קאַראַימער האָבן אויך דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע אויף דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס ברעכט די קעניגלעכע פּריווילעגיעס און פאָדערט, אין קעגנזאַץ צו זיי, פון די יידן און קאַראַימער צו צאָלן אַ העלפט פון אַלע שטייערן און באַשטייערונגען. אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אָנקלאַגע, האָט דער אַדמיניסטראַטאָר זדזשיסלאַוו זאַמאָיסקי, אין דער אַפּוועזנהייט פון סטאַראָסטע יעזשי דימיטרי קאָריבוט, אַרויסגעטראָגן אַ פּסק־דין, אַז די יידן און קאַראַימער דאַרפן צאָלן נישט אַ העלפט, נאָר אַ דריטל פון אַלע שטייערן, באַשטייערונגען און שטאָטישע אויסגאַבן, ווייל זיי בילדן נאָר אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג.

דעם 14־טן סעפּטעמבער 1656 האָט דער קעניג יאַן קאַזשימיעזש באַשטעטיקט דעם דעקרעט וועגן האַנדל מיט לעדער און שיך און אויך פאַרלייכטערונגען אין צאָלן שטייערן. אין דער לוסטראַציע אין די יאָרן 1660—1663 זענען געווען בלויז 40 פאַמיליעס פון יידן און קאַראַימער. די צאָל נפשות פון דער יידישער און קאַראַימער באַפעלקערונג איז דערגאַנגען ביז 200. אין שטאָט האָבן זיך געפונען אין יידישע הענט 19 קראָמען געדונגענע ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, פאַר וועלכע עס איז געצאָלט געוואָרן קנאַפּע 15 זלאָטעס. די יידן האָבן פאַרגעשטעלט די לוסטראַטאָרן אַלע זייערע פּריווילעגיעס און באַקומען די באַשטעטיקונג. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי איבערגעגעבן זייערע אָנקלאַגעס אויף דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין דער פראַגע פון איינאָרדענען זעלנער, קאָנטראָלירן די חשבונות פון דער שטאָט און די אייגנטימער־רעכט אויף דריי קראָמען אין רינג פון דער שטאָט. די לוסטראַטאָרן האָבן אָנערקענט די גערעכטיקייט פון זייערע פאָדערונגען און געפּסקנט, אַז די יידן דאַרפן:

א) צאָלן בלויז אַ דריטל פון די שטאָטישע שטייער־לאַסטן;

ב) מען דאַרף זיי דערלויבן זען און קאָנטראָלירן די חשבונות פון דער שטאָט; ג) זיי איז דערלויבט צו האַלטן דריי קראָמען אין רינג פון דער שטאָט און ד) מען דאַרף זיי אומקערן די אויסגאַבן פון אויסהאַלטן 60 פערד פון די קאָזאַקן אין יאָר 1661, וואָס די שטאָט האָט זיך אָפּגעזאָגט זיי צו דעקן.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן איז נאָך אַלץ נישט פאַרבעסערט געוואָרן, ווי דאָס דרינגט אַרויס פונעם באַשלוס פון סיימיק, דעם 30.1.1662, לויט וועלכן מען דאַרף נישט איינקאַ־

סירן קיין שטייערן ביי די יידן אויסער דעם געטראַנק־שטייער.

די יידישע באַפעלקערונג איז נאָך נישט דערגאַנגען צום פאַרנעם פון פאַרן יאָר 1648. דער פראָצעס פון וווקס איז אין דער צווייטער העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט געגאַנגען לאַנגזאַם פאָרויס אין די יאָרן 1677—1679. עס איז נישט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונג אין שטח. די צאָל יידן איז געווען 193, פון די קאַראַימער 16 נפשות און אין דערעזשנע זענען געווען 6 יידן און קאַראַימער.

די שוועריקייטן און דער קאַמף מיט די שטאָטלייט און באַזונדערס מיט די האַנטווערקער־צעכן האָבן נישט אָפּגעהאַלטן די יידן אין לויצק צו פאַרנעמען זייערע פּאָזיציעס אין דער ווירטשאַפט. יעדער צד, די שטאָטלייט און די יידן, קומען מיט אָנקלאַגעס אין פּאַלאַץ. אַזוי דערלאַנגען, דעם 15־טן מאַי 1676, די פאָרשטייער פון קהילה — יהודה נאָוואַקאָוויטש, אברהם יודאָוויטש, לעמל יוזאָוויטש, לייזער יודאָוויטש, מלך יקותיאל יודאָוויטש, שמואל נעקילאָוויטש, יוסף מאָשקאָוויטש און מאַרעק יאַקובאָוויטש — אַ שאַרפע אָנקלאַגע קעגן די שטאָטלייט.

אויסער דעם אַרענדירן דעם צאָל און די קעניגלעכע איינקונפטן, האָבן אין זייערע הענט זיך געפונען כמעט דער גאַנצער האַנדל מיט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע, פּי. פערד. זיי האָבן אין זייערע הענט אויך קאָנצענטרירט די פּראָדוקציע פון די קריסטלעכע האַנטווערקער, שניידער, שוסטער, רימער, שלייפער, קירזשנער און היטלמאַכער, וואָס די לויצקער סוחרים פלעגן ברענגען אויף די יאַרידן.

אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן האָט זיך פאַרנומען מיט מלאכה. אין יענער תקופה זענען, אויסער די פאַראייגען פון שניידערס און קירזשנערס, אויך געווען אַנדערע יידישע האַנטווערקער־פאַראייגען, ווי: וועבער, קצבים. בעלי־מלאכות פאַרנעמען זיך מיט האַנדל פון זייערע אויסאַרבעטונגען, און דאָס איז די וויכטיקסטע סיבה פאַר סיכסוכים מיט די קריסטלעכע האַנטווער־קער־צעכן.

2

## די קהילה־ארגאניזאציע און דער אנטייל פון לויצק אין די אנשטאלטן פון דער יידישער אויטאנאמיע

נאָך פאַר די גזירות ת״ח—ת״ט איז די מדינה וואָלין „שטענדיק געווען אַ לאַנד געבענטשט מיט תורה און חכמה און גוט־האַרציקייט נאָך פון די פריע צייטן, אַזוי ווי די איבעריקע לענדער און מדינות פּוילן. די פיר עלטסטע באַוווסטע קהילות אירע לודמיר, אָסטרע, קרעמעניץ, לויצק, זענען שטענדיק געווען אַ משכן פאַר גרויסע ראשי־ישיבות און גאוני־עולם, וואָס האָבן געטראָגן די קרוין פון רבנות פון אייביק און ביז לעצטנס, און זיי האָבן געהאַט אַן אייגענעם בית־וועד ווי די אַנדערע לענדער פון פּוילן, וועלכע מען האָט גערופן „ועד דראשי קהילות דגליל וואָלין״.

הגם אין וואָלין איז נישט געווען קיין רב כולל אויף דער גאַנצער מדינה, ווי די רבנים פון קראָקע, פּויזן און לוואָוו — און די רבנים פון די פיר הויפּט־קהילות אין וואָלין זענען נישט געווען אונטערגעאָרדנט איינער דעם צווייטן, איז דאָך לודמיר שטענדיק באַטראַכט געוואָרן פאַר די ערשטע קהילה פון די פיר אויבנדערמאָנטע הויפּט־קהילות, ווי עס גיט אונדז איבער ר׳ יומטוב ליפּמאַן העלער אין זיין „מגילת איבה״; דערנאָך איז אָסטרע געוואָרן די הויפּט־קהילה אין וואָלינער קרייז.

אין קעגנזאַץ צו דער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע אין די איבעריקע טיילן פון פּוילן, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון דער קהילה פּליוס דעם ועד הגליל והמדינה פון ועד־ארבע־ארצות, האָט עס זיך אין וואָלין אויסגעקריסטאַליזירט אין פיר אינסטאַנצן: קהילה; קליינע קהילות, וואָס זענען נישט געווען איינגעשלאָסן אינעם ועד הגליל, נאָר דירעקט אונטערגעאָרדנט די גרויסע קהילות; דער ועד הגליל, אין וועלכן עס זענען געווען רעפּרעזענטירט בלויז די גרויסע קהילות — אָסטרע, לודמיר, קרעמעניץ און לויצק; ועד־ארבע־ארצות. מיט דער צייט זענען פאָרגעקומען ענדערונגען אין דער אונטערגעאָרדנטקייט פון קליינע קהילות צו גרויסע, און אַ טייל פון זיי האָבן זיך באַפרייט פון דער אָפּהענגיקייט און זיך פּראָקלאַמירט אַלס זעלבּ־שטענדיקע און אומאָפּהענגיקע קהילות און זענען רעגיסטרירט געוואָרן אין אַ ספּעציעלן בויגן פאַר קאָפּ־שטייער.

אין משך פון זיבעצנטן יאָרהונדערט האָבן די גרויסע קהילות צוזאַמען מיט די זיי אונטערגעאָרדנטע קליינע קהילות געשאַפן זייער ועד־הגליל.

צווישן די דאָזיקע קהילות איז לויצק געווען פון די ערשטע און האָט זוכה געווען צו פאַרנעמען אַ וויכטיקע פּאָזיציע אינעם וועד מדינת־וואָלין. זי האָט דעלעגירט אירע פאָרשטייער צו די זיצונגען פון מדינת־וואָלין. אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע קהילות, וואָס פלעגן צוזאַמען מיט די צו זיי אָנגעשלאָסענע קהילות אויפּ־שטעלן זייערע ועדים, איז לויצק געבליבן אין די ראַמען פון מדינת־וואָלין און האָט אויפגעהאַלטן איר סטאַבילקייט, הגם אויך צו איר זענען געווען אָנגעשלאָסן אַ צאָל קהילות.

פון די באַראַטונגען פונעם וואָלינער ועד המדינה, צו וועלכע עס פלעגן געשיקט ווערן קאָמיסאַרן אין נאָמען פון מלך, זענען באַזונדערס באַוווּסט דער צוזאַמענקום אין האָראָכאָוו אין יאָר 1700, ווו עס זענען באַהאַנדלט און אויסגעגלייכט געוואָרן די סיכסוכים צווישן די גרויסע און קליינע קהילות: אין יאָר 1703 אין אָליק און דערנאָך, אין יאָר 1720 — אין בערעס־טעטש און קאָזין, אין יאָר 1758 — אין ראַכמאַנאָוו, אין דער פראַגע פון די הוצאות פון נאמני־הגליל וואָלין, אין ענינים פון יידן אָסטרע און לויצק, און דאָס רעגולירן די חובות פון קרייז; אין 1758 — אין קאָרעץ.

אין יאָר 1703 באַקלאָגן זיך לויצק און אַנדערע קהילות אין וואָלין, אויפן הויפּט־סופר און די פרנסים פון ועד־דארבע־ארצות, אַז זיי האַלטן נישט אָפּ קיין זיצונגען פון קרייז־קאָמיטעט אין אָליק. אין די הענט פון די קהילות אָליק, לויצק, לודמיר, קרעמעניץ, וואָס האָבן געשאַפן דעם ועד־הגליל פון מדינת־וואָלין, געפינט זיך די פּריווילעגיע וואָס איז געגעבן געוואָרן דורך די קעניגן פון פּוילן, לויט וועלכער עס איז געגרינדעט געוואָרן דער ועד־המדינה אין אָליק, ביז דער פאַראָרדענונג צונויפצוזאַמלען דאָרט אַלע דריי יאָר די פרנסים פון אלע קהילות אויף צו באַראַטן זיך אין געזעלשאַפטלעכע ענינים.

אויף אַ באַראַטונג פון ד׳ ארצות אין יאָר 1687 באַטייליקט זיך, מיט די פאָרשטייער פון וואָלין, ביים צעטיילן די שטייערן פון די קרייזן, אויך דער לויצקער פאָרשטייער, ר׳ צבי הירש פון לויצק.

טראָץ דעם וואָס די קהילות אינעם ועד־המדינה האָבן נישט

געלאָזט שיקן קיין דעלעגאַטן אָדער רבנים פון לויצק צו דער סעסיע פון ועד־ארבע־הארצות, האָבן אין די יאָרן 1640—1751 זיך באַטייליקט די קהילה־עלטסטע אין א רײ באַראַטונגען פון ועד־ארבע־הארצות. לויצקער ראשי־הקהל האָבן זיך באַטייליקט אין באַראַטונגען פון די עלטסטע פון די פיר הויפט־קהילות אין וואָלינער קרייז, וואָס זענען איניציאירט געוואָרן דורכן גאון ר׳ יומטוב ליפמאַן העלער, וועגן קויפן נאָמינאַציעס פאַר רבנים און קהילה־פּרנסים. דער קאַמף קעגן קויפן נאָמינאַציעס אויף רב, וואָס איז אין יענער תקופה געוואָרן א שטייגער כמעט אין אלע קהילות, און קעגן דעם אויסנוצן די פארבינדונגען מיט די מאכט־אָרגאַנען צו באַשטימען רבנים און פרנסים, איז דורכן גאון יומטוב ליפּמאַן העלער, וואָס איז אין די יאָרן 1634—1637 געווען רב אין לודמיר, אריבערגעטראָגן געוואָרן צום ועד המדינה פון וואָלין און צום ועד־ארבע־הארצות. „באראַטנדיק זיך מיט דער ק״ק ווישניצע אין לויצקער קרייז, ווו עס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן פיר ראשי־הקהילות אין וואָלין: ק״ק לודמיר, אָסטרע, קרעמעניץ און לויצק, דעם 28־טן טאָג אין אייר. אויך דאָרט האָבן מיר אלע ראשי־ישיבות פון די פיר קהילות דערוואַכט, מיט די ראשי מדינות, משולחים, ווי ס׳פירט זיך, און באַנייט די תקנות פאַר די ד׳ ארצות און קהילות אויף אַן עפנטלעכער סעסיע״.

צו דעם צוזאַמענקום האָט גורם געווען דאָס באַשטימען (דורך קויפן אַ נאָמינאַציע) ר׳ יויזלען, א רייכן מאַן, אַלס ראש־ישיבה און אב־בית־דין פון דער קהילה לוקאַטש, אַ שטעטל וואָס אין געווען אָנגעשלאָסן אין דער קהילה לודמיר. קעגן דער דאָזיקער נאָמינאַציע איז ר׳ יומטוב ליפּמאַן אַרויס אין אַן אָפענעם קאַמף. אויף דער באַראַטונג פון ועד ארצות אין לובלין און אויפן יאריד קרעמעניץ — און דערנאָך אין אַנדערע קהילות — איז דערקלערט געוואָרן א חרם, לויט וועלכן די פרנסים פון לוקאַטש זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן גלייך אַראָפּצוזעצן דעם הרב יויזל. אין רעזולטאַט דערפון, האָבן די אָנהענגער פון הרב יויזל באַשלאָסן משפיע צו זיין אויף די קהילות פון קרייז פאַר זיינעטוועגן. אונטער זייער איינפלוס האָבן די קהילות קרעמעניץ, אָסטרע, לויצק (יעדער באַזונדער) זיך געווענדעט אין חודש אב 1640, צו דער לודמירער קהילה מיט א באַשולדיקונגס־בריוו אין דער פראַגע פון הרב יויזל און דער קעגנערשאַפט פון הרב העלער. אין זייערע בריוו האָבן זיי אונטערגעשטראָכן, אַז הרב יויזל טענהט, אַז הרב העלער באַציט זיך צו אים מיט שנאה און דעריבער קאָן ער נישט אורטיילן אין זיין פראַגע.

צום עצם ענין איז די מיינונג פון דער לויצקער קהילה, אַז מען קאָן נישט פלוצעם אַראָפּזעצן דעם הרב יויזל, נאָר מען דאַרף אים לאָזן אויף דעם כסא־הרבנות נאָך אַ האַלב יאָר, כדי איינשטילן דאָס מחלוקת. די מנהיגים פון די קהילות, אַריינגערעכנט לויצק, האָבן אין קעגנזאַץ צום באַשלוס פון קרייז־קאָמיטעט, מסכים געווען אויף „די רבנות פון הרב יויזלען ביז נאָך אַ האַלב יאָר״. אויף דעם בריוו האָט הרב העלער געענטפערט שאַרף און מיט גרויס צופרידנקייט צו וויסן געגעבן, אַז אין ו׳ כסלו ת״א (1640), האָבן זיך צונויפגעזאַמלט 20 מענטשן פון ק״ק לוקאטש און אויסגעקליבן אַן אַנדערן רב — דער אב״ד צויזמער, ר׳ שלמה בן נטע שפירא פון קראָקע.

פון די באַראַטונגען פונעם וואָלינער גליל, אויף וועלכע ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן די שטייערן־פאַרטיילונג, איז באַקאַנט די וואָס איז פאָרגעקומען אין האָראָכאָוו, אין יאָר 1700, אויף וועלכער ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די פאַרטיילונג פון קאָפּ־שטייער פאַר לויצק און די אָנגעשלאָסענע קהילות אויף אַ סומע פון 4,405 זלאָטעס. אין יאָר 1717 האָט די לויצקער קהילה מיט די אין איר אָנגעשלאָסענע קהילות געצאָלט קאָפּ־שטייער אַ סומע פון 3,533 זלאָטעס. אין יאָר 1719 איז אויף דער לויצקער קהילה און אירע אָפּטיילונגען (אויסער קלעוואַן), אַרויפגעלייגט געוואָרן די סומע פון 865.20 זלאָטעס, און אויף די קאַראַימער אין לויצק — 180 זלאָטעס. געחתמעט האָבן: „די מנהיגים פון לויצק שמעל (שמערל?) בן ברוך, דוד בן יוסף קאפיל, דוד בן יצחק, צבי הירש בן שלמה גרשון ומשה, משולח פון אונדזער קהילה און פון קרייז.״

אויף דער פאַרטיילונג פאַרן יאָר 1772, וואָס איז באַשטימט געוואָרן, אין כ״ד מנחם תפ״א, אויף אַ סומע פון 3041 זלאָטעס פאַר לויצק און דעם קרייז, איז פון דעם חל געווען אויף דער לויצקער קהילה 412 זל. און אויף די קאַראַימער 80 זל. די רשימה פונעם קאָפּ־שטייער האָבן געחתמעט די מנהיגים פון דער ק״ק לויצק — יוסף בן משה, דוד בן יוסף קאפיל און דוד בן יצחק.

אין יאָר 1723 האָט לויצק מיט אירע פיליאַל־קהילות באַצאָלט 1067 זלאָטעס 23 גראָשן און אין יאָר 1724 — 3757 זל. אויף דער דאָזיקער פאַרטיילונג האָבן זיך אונטערגעשריבן דוד בן יוסף קאפיל, וואָס האָט זיך אויך געחתמעט אין יאָר 1719, אין יאָר 1722, און יוסף הכהן ראַפּאָפּאָרט.

אין יאָר 1728 איז אויף גאַנץ וואָלין אַרויפגעלייגט געוואָרן צו באַצאָלן 27,219 זלאָטעס. דערפון אויף לויצק און אירע פיליאַל־קהילות 4,244 זלאָטעס. אין יאָר 1730 איז פאַר גאַנץ וואָלין באַשטימט געוואָרדן פאַרן יאָר 1731 די סומע פון 31,860 זלאָטעס, דערפון פאַר לויצק און אירע אָפּטיילונגען — 3,587 זלאָטעס. אויפן פּאַפּיר פון דער שטייערן־פאַרטיילונג האָט געחתמעט אברהם השני פון קראָקע. אויף דער פאַרטיילונג פאַרן יאָר 1733 האָבן געחתמעט דוד בן יצחק, באַוווּסט אונדז נאָך פון דער פאַרטיילונג אין די יאָרן 1719 און 1722, און יוסף בן שלמה קאַלצינסקי. אין יאָר 1735 איז די פאַרטיילונג באַשטימט געוואָרן אויף דער באַראַטונג אין ח׳ אלול תצ״ה, וועלכע איז פאָרגעקומען אין טאַרגאָוויצע. געחתמעט האָבן די משולחים: חיים בן משה, יעקב בן משה, חיים בן משה און יוקיל בן משה.

אויף דער פאַרטיילונג פאַרן יאָר 1737 האָבן געחתמעט שמעיה בן ברוך און משה בן עקיבא. פאַרן יאָר 1738 איז אויף לויצק און אירע סניפים אַרויפגעלייגט געוואָרן די סומע פון 4,546 זלאָטעס, און אויף די קאַראַימער אין לויצק — 240 זל.

אָבער אויף דער ״connotacya„ געחתמעט דורך חיים בן משה און יוקיל בן משה, באַוווּסטע פון דער באַראַטונג אין טאַרגאָוויצע אין יאָר 1735, שמעון בן ניסן (נאַסימאָוויטש), נטע(?) בן חיים (כאַימאָוויטש), איז אָנגעמערקט די סומע פון 4,104 זלאָטעס פאַר לויצק און אירע סניפים, און 130 זלאָטעס פאַר די קאַראַימער.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פונאַנדערטיילן דעם קאָפּ־שטייער פאַר די יאָרן 1762/1763 און 1763/1764, איז אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט בנוגע דעם חשבון פון די אויסגאַבן, וועלכן ס׳האָט דערלאַנגט דער פרנס פון דד״א, ר׳ מאיר בן יואל פון דובנע. דער דאָזיקער ענין איז געבראַכט געוואָרן צו באַהאַנדלען פאַר

„די 24 אויסדערווײילטע פונעם רבנים־משפט, גרויסע גייסטער און באַרימטע נגידים”, אויף דער באַראַטונג אין בראָדי דעם 21־טן טאָג אין אייר תקכ״ו (1766).

נאָכן אויסהערן די טענות פון אַלע צדדים — אַריינגערעכנט די טענות פון די קהילות אָסטרע און לויצק, אַז זיי צאָלן די סאַמע גרעסטע סומען שטייערן אין דער מדינה־וואָלין, און זיי זענען אפילו נישט גערופן געוואָרן אונטערצוחתמענען זיך אויף דער חלוקה, — איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ פסק־דין, לויט וועלכן די זעקס קהילות אין וואָלין דאַרפן צאָלן די סומע פון 710 זלאָטעס, וואָס פעלן צו צו די 10,000 זלאָטעס „וואָס קומט אין באַטראַכט פון צוויי חלוקות פון וואָלינער קרייז” (1763, 1764), די פאַרטיילונג איז פאָלגנדיקע: אָסטרע און דער גליל — 200 זלאָטעס, קרעמעניץ און דער גליל — 105 זלאָטעס, קאָוועל און דער גליל — 100 זלאָטעס, דובנע און דער גליל — 100 זלאָטעס, לודמיר און דער גליל — 105 זלאָטעס, לויצק און דער גליל — 100 זלאָטעס.

אויסער דעם האָבן די קהילות באַדאַרפט דעקן די אויסגאַבן פונעם משפט אין דער הייך פון 280 זלאָטעס. אויפן חלק פון לויצק איז אויסגעפאַלן 46 זלאָטעס און 20 גראָשן.

אין דער פאַרטיילונג פאַרן יאָר 1762/1763, איז אויף לויצק אַרויפגעלייגט געוואָרן די סומע פון 250 זלאָטעס, און פאַרן יאָר 1763/1764 — 250 זלאָטעס.

פאַר דער לויצקער קהילה האָבן געחתמעט ר׳ אברהם און ר׳ נטע פון לויצק.

די שטייערן, באַשטייערונגען און פיל פינאַנסיעלע התחייבותן, וואָס האָבן געלאַסטעט אויף די קהילות אין פוילן און ליטע, האָבן זיי געצוווּנגען צו נעמען הלוואות. מערסטנס האָבן די קהילות גענומען לאַנגטערמיניגע הלוואות פון די קלויסטערס, מאָנאַסטירן און אַדל־לייט, צאָלנדיק פון $3\frac{1}{2}$ ביז 7 פּראָצענט.

נאָכן אויפלייזן דעם ועד־ארבע־הארצות (1764), איז דורך דער רעגירונג געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע ליקווידיר־קאָמיסיע, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו ליקווידירן די חובות פון די יידישע אויטאָנאָמיע־אינסטיטוציעס.

אויך די קהילות פון וואָלין זענען געווען באַלעסטיקט מיט חובות, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין דער העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט.

די לויצקער קהילה איז נאָך פון זיבעצנטן יאָרהונדערט שולדיק געווען פאַרשידענע מאָנאַסטירן און קלויסטערס — די דאָמיניקאַנער אין לויצק, דעם גלח מאַמאָוויטש, דעם שטעטל טאַרגאָוויצע, די קאַרמעליטן אין לויצק, די וויקאַרן פון די באַזיליאַנער, דעם מאָנאַסטיר פון די בריגידיטן אין לויצק, דער אָנפירונג פון דער אוניטאַרער קירכע אין לויצק, די בערנאַרדינער אין לויצק, דער קאַטוילישער קירכע אין דובנע, אין קלעוואַן, אין דאָרף סקורג, אלוקאוו און דעם גוטבאַזיצער זאַגורסקי — באַדייטנדיקע סומען אין דער הייך פון 121,400 פּוילישע זלאָטעס.

נאָכן פונאַנדערטיילן פּוילן האָט רוסלאַנד גענומען אויף זיך צו רעגולירן די חובות פון די קהילות אין די פּוילישע געביטן. לויצק האָט נישט באַצאָלט דעם קאַפּיטאַל און אויך נישט דעם פּראָצענט.

אין יאָר 1822 האָט לויצק אָפּגעלייקנט אירע חובות. אין יאָר 1830 האָט דאָס רוסישע פינאַנס־מיניסטעריום געפאָדערט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין לויצק אויסצוגעפינען און געריכט די אָריגינעלע דאָקומענטן, אויפן סמך פון וועלכע מען זאָל קאָנען באַווייזן די יורידישע רעכט אויפצומאָנען די איינצאָלונגען פון פּראָצענט און קאַפּיטאַל. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט אויפגעזוכט עטלעכע דאָקומענטן און זיי געשיקט אין פינאַנס־מיניסטעריום.

דער ענין האָט זיך פאַרצויגן, און נאָך אין יאָר 1858 האָט אַ רעגירונגס־קאָמיסיע זיך באַשעפטיקט מיטן ליקווידירן די חובות, וואָס זענען געצאָלט געוואָרן דורך די קהילות פון די הכנסות פון דער „קאָראָבקע”.

אין דער העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט דערשיינט אויף די באַראַטונגען פון ועד ארבע ארצות דער ראש פון דער לויצקער קהילה ר׳ דוד בן יחיאל, וואָס איז אויך דער מנהיג פון גאַנצן וואָלינער קרייז. צוזאַמען מיט די מנהיגים פון אַנדערע קהילות אין פּוילן, טרעט ער אויף אין יאָר 1656 פאַר דעם קעניגלעכן אַמט, צו פאַרשרייבן אין די ביכער פון דער מלוכהשער מעטריקע אַ פאַרפּליכטיקונגס־וועקסל, וואָס זיי האָבן באַקומען פון קאַזימיר בוואַלקאָווסקי.

אויף דער באַראַטונג פון ד׳ ארצות אין יאָר 1673 האָבן אויף דער התחייבות צו באַצאָלן דעם חוב, וואָס קומט צו געאָרג מילטנער פאָן פּילטענבערג, ווי אויך אויף דער באַשטעטיקונג צו דרוקן דעם תנ״ך אין יידיש און די אַנטשיידונג אינעם סיכסוך טיקטין־גראָדנע, אונטערגעשריבן — ר׳ אברהם בן יהודה לייב פון לויצק, וואָס איז געווען איינער פון די מדינה־עלטסטע פון אַלע יידן אין אַלע פיר לענדער פון פּוילישן קעניגרייך. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער באַראַטונג פון ד׳ ארצות אין יאָר 1680. אין דער באַראַטונג האָט זיך אויך באַטייליקט ר׳ ישראל בן שמואל פון טאַרנאָפּאָל, וועלכער וווינט אין דער הייליקער קהילה לויצק. ער איז אויך אונטערגעשריבן אויפן חיבור פונעם דרשן יהודה לייב בן יוסף פון פּינסק.

אין יאָר תל״ח (1678) האָט ער אויך געחתמעט דעם חובוועקסל צו מילטנער פאָן מילטענבערג אין ברעסלאו מיט זיין פולן טיטול „איך ישראל בן שמואל פון טאַרנאָפּאָל, הויפּטאויפזעער איבער גאַנץ ישראל בכלל, און בפרט איבערן גאַנצן מלכות־פּוילן, און דער פּרנס פונעם אַלגעמיינעם קאָמיטעט, וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען אין לובלין”. ווען ער איז געווען דער אב־בית־דין אין לודמיר, זענען אים די לודמירער יידן שולדיק געווען אין יאָר 1671 אַ סומע פון 1,200 זלאָטעס.

אויך אין יאָר 1683 האָט ער זיך באַטייליקט אין די באַראַטונגען און געחתמעט די הסכמה אויפן בוך פון יואל נכד הרב, דער בעל טורי־זהב „חונה אין ק״ק לויצק”. אין יאָר תמ״ז (1687) האָט ער זיך באַטייליקט אין דער באַראַטונג פון ד׳ ארצות, ווו מען האָט באַהאַנדלט די שטייערן־פאַרטיילונג צווישן פאַרשידענע קרייזן. צו די פאָרשטייער פון וואָלינער קרייז האָבן געהערט: ר׳ צבי הירש פון לויצק, ר׳ וואָלף ברב אברהם פון לודמיר, ר׳ שמעלקע פון אָסטרע, ר׳ יצחק בן עוזר פון קרעמעניץ. „די דאָזיקע פיר זענען עס געווען די עלטסטע פון קרייז וואָלין”.

אין די יאָרן 1689—1691 האָט אין דער זיצונג פון ועד־ארבע־הארצות זיך באַטייליקט ר׳ יואל בן יצחק אייזיק האַלפּערין. ער האָט זיך אונטערגעשריבן אויפן ספר „בית הלוי” פון הלל נפתלי הירץ, רב אין זשולקווע, און אויפן בוך „כתונת

פסים״ פונעם דרשן ר׳ יוסף בן משה, און אויך אין דער פראַגע פונעם סכסוך צווישן די קהילות טיקטין און מעלניק.

אין יאָר 1697 האָט זיך באַטייליקט ישעיה בן משה, אין יאָר 1699 — ר׳ מרדכי פון לויצק.

ביזן יאָר 1728 באַטייליקן זיך נישט קיין לויצקער פאָר־שטייער אין די סעסיעס פון ועד־ארבע־הארצות. בלויז אין יאָר 1728 האָט אויפן טויש־בריוו וועגן קאָפּ־שטייער זיך אונטער־געשריבן ר׳ יהודה לייב בן נח פון לויצק.

אין יאָר 1751 האָט דער לויצקער רב ר׳ אריה לייב, מחבר פון „כוכבי יעקב״, אונטערגעשריבן אַן אויפרוף, אין וועלכן ס׳ווערט געפאָדערט „נישט צו געבן קיין שום שטימע קעגן גאון יהונתן אייבעשיץ״ און אויך אין יאָר 1755 אין דער פראַגע פון די יורשים פון דרוקער שלמה פּראָפּעס כ״ץ.

אָבער אין יאָר 1764, נאָכן ליקווידירן דעם ועד־ארבע־ארצות און די ועדי־המדינות, האָט די קהילה לויצק אין וואָלין פאַרנומען דאָס הויפּט־אָרט. דורך איר פאַרמיטלונג און אין אירע הענט האָבן אַלע קהילות אין וואָלין געצאָלט דעם קאָפּ־שטייער פון זייערע איינוווינער, לויט דער פּראָקלאַמאַציע פון פינאַנס־מיניסטעריום פון 2־טן פעברואר 1766. די ועדי־הגליל־לות טראָץ זייער אויפלייזונג, האָבן נישט אָפּגעשטעלט זייער טעטיקייט ביז דער פונאַנדערטיילונג פון פוילן.

3

## פונעם קהילה־לעבן

אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט איז די לויצקער קהילה געווען אַ פאַרפעסטיקטע, מיט צדקה־אינסטיטוציעס, אַ בית־מדרש און אַ גרויסע ישיבה, געגרינדעט נאָך אין דער העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, ווו עס האָבן געלערנט ראשי־מתיבתא, וועלכע האָבן פאַרמאָגט אַן אוצר פון תורה־וויסן און צוגעצויגן תלמי־דים פון גאַנץ וואָלין און אויסער איר. דער יידישער ישוב האָט צאָלמעסיק געהאַלטן אין איין וואַקסן.

די געשפּאַנטע באַציונגען צווישן די שטאָטלייט און די יידן זינט דעם זיבעצנטן יאָרהונדערט זענען אַלץ בולטער געוואָרן אין אַכצנטן יאָרהונדערט, צוליבן פאַרגרעסערן זיך פונעם יידישן ישוב און זיין שטאַרקן זיך אין האַנדל, מלאכה און קאָ־מוניקאַציע.

אין דער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט זענען באַוווסט געווען די לויצקער יידישע בעלי־עגלות, מיט וועלכע עס האָבן זיך באַנוצט אויך די פינאַנס־אָרגאַנען, שיקנדיק מיט זיי ווערט־פּאַפּירן פון וואַרשע קיין וואָלין, און מיטן פּולסטן צוטרוי זיך באַצויגן צו זיי.

די שטאָטלייט קלאָגן זיך, אַז זיי ווערן באַעוולהט אין זייערע פּריווילעגיעס צוליב די יידן, וועלכע אַרענדירן שענקען, ברויערייען און גאָזשעלניעס, וואָס דאָס האָט געהערט צו די צעכן. אין זייערע אָנקלאַגעס צו די קאָמיסיעס פון די לוסטראַ־טאָרן שטרייכן זיי אונטער ביי יעדער געלעגנהייט, אַז גאַנצע האַנדלס־צווייגן זענען קאָנצענטרירט אין די הענט פון יידן, וועלכע גיבן נישט די שטאָטלייט קיין דריסת־הרגל אין די דאָזיקע געביטן, באַזונדערס אין האַנדל מיט האָלץ, היי, שפּייז, רינדער, פערד און פאַרשידענע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרטיקלען.

אין איינע פון די אָנקלאַגעס צו דער לוסטראַטאָרן־קאָמי־סיע אין יאָר 1787 ווערט געזאָגט:

„די יידן האָבן זיך דרייפאַכיק פאַרמערט פון די קאַטאָ־ליקן, זיך אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט, האַלטן אין זייערע הענט אַלע מסחרים, רעסטאָראַנען, פאַרנעמען זיך מיט אַלע מלאכות, אונטערליגן נישט די באַשטייערונגען פון די צעכן, האָבן פאַרכאַפּט דעם גאַנצן מאַרק און אויפגעבויט אַנדערע הייזער, זיך צוגעשאַרט צום שעכטהויז, נעמען זיך צום אַרענדירן בראָנפן, ווייַן, ענגליש ביר, פאָדערן דערפאַר כל־מיני אָפּצאָלונגען, קויפן האָלץ אין הורט און דעטייל, שטרוי און היי, כלערליי עסנוואַרג, גיבן נישט די שטאָטלייט די רעכט צו האַלטן רעסטאָראַנען, דרייען זיך אַרויס פון אויס־האַלטן פאַרביימאַרשירנדיק און סטאַביל מיליטער פון די זעלנערישע וואַכן.״

אויף דעם געביט פאַרפלייצן די שטאָטלייט די מאַכט־אָרגאַ־נען און אפילו דעם סיים מיט מעמאָריאַלן, און אין סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט נעמען זיי צו הילף אַנדערע שטעט פון פוילן קעגן די יידן. אין קעגנזאַץ צו די יידן אין פּריוואַטע שטעט, וואָס האָבן פון צייט צו צייט געפונען שוץ, אָנשפּאַר און הילף קעגן די שטאָטלייט ביי די בעלי־בתים פון שטאָט, זענען די יידן פון לויצק, אַלס אַ קעניגלעכע שטאָט, געווען אָן שום אַפּוטרופּסות און שוץ פאַר זייערע אינטערעסן.

אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט איז ווידער געפאַלן אַ פּחד אויף די איינוווינער פון וואָלין צוליבן אויסברוך פון דעם קאָזאַקן־בונט אונטער דער אָנפירונג פון סעמענס און פאַליך, וואָס האָבן געהעצט די דאָרפסלייט קעגן דער פּוילישער מאַכט, אירע באַאַמטע, אַדל־לייט און יידן. פון דער מערב־זייט פון דניעפּער האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן און פּאָדאָליע און וואָלין.

אין יאָר 1702 האָבן זייערע באַנדעס זיך אַריינגעריסן אין דער סביבה פון קרעמעניץ און שווערע שאָדנס געבראַכט די יידישע ישובים. די פּוילישע באַפעלקערונג אין וואָלין האָט זיך געגרייט צו אַ פאַרטיידיקונגס־אַקציע. אין נאָוועמבער 1702 האָט דער סיימיק באַשלאָסן צו מאָביליזירן אין דער וואָיע־וואָדזטווע וואַכלייט קעגן די קאָזאַקן און אויך אויף די יידן און קאַראַימער אין די קעניגלעכע און אַלגעמיינע שטעט און אויף די גייסטלעכע אַרויפגעלייגט די פליכט צוצושטעלן פון יעדע 30 הייזער איין רייטער־זעלנער. דער דאָזיקער באַשלוס איז אויך חל געווען אויף די יידן פון לויצק. אין יאָר 1706 האָט וואָלין געליטן פונעם אַריינרייסן זיך פון די אַרמייען פון שוועדן, פוילן, רוסלאַנד, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט קאָנטריבו־ציעס און געפאָדערט געלט און שפּייז.

אין יאָר 1724 איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, וואָס האָט פאַרניכטעט אַ צאָל הייזער אויך אין יידישן קוואַרטאַל.

אין די יאָרן 1750—1764 איז איבער די יידישע שטעט פון וואָלין, בתוכם אויך לויצק, אַדורך אַ כוואַליע פון העצעס און עלילות. אין יענע יאָרן האָט אין דער וואָלינער דיעצעזיע אַמטירט דער בישאָף קאָביעלסקי, באַקאַנט מיט זיין שנאה צו יידן און מיט זיין מיסיאָנערישער טעטיקייט צווישן זיי. ער האָט אין די אים אונטערגעאָרדנטע שטעט איינגעאָרדנט דיספּוטן מיט יידישע פאָרשטייער. מיט זיינע פאַראָרדענונגען האָט ער אַרויסגערופן נגישות אויף די יידן אין אַזאַ מאָסשטאַב,

אַז די פֿאָרשטייער פֿון יידן האָבן זיך שריפֿטלעך געווענדעט צום פּויפּסט.

רוים האָט באַפֿוילן דעם נונציוס אין וואַרשע אויסצופֿאָרשן וואָס עס קומט פֿאָר אין לויצקער עפּיסקאָפּאַט.

אינעם בריוו פֿון דעם נונציוס צום בישאָף קאָביעלסקי ווערט געזאָגט, אַז דער פּויפּסט „האָט באַוויליקט די ביטע פֿון די יידן און אים (דעם נונציוס) איבערגעשיקט זייער בקשה, וואָס איז צוזאַמען מיט אַן אָנקלאַגע אים דערלאַנגט געוואָרן, אַז די נגישות און רדיפֿות וואָס האָבן באַזונדערס אַ פּלאַץ אין דער לויצקער עפּיסקאָפּאַט זיין וואָלגעבוירנקייט, רופֿט אַרויס פֿיל שטוינונג.״ דער בישאָף קאָביעלסקי ווערט אויפֿגעפֿאָדערט, „אויב ווער פֿון די גייסטלעכע האָט געטאָן אַן עוולה די יידן, זאָל מען אים תיכף באַשטראָפֿן און שטעלן פֿאַר אַ געריכט״, „כדי גלחים זאָל זיך נישט דערלויבן ווילקירלעכע מעשים און שנאה מצד דער נאַציע לגבי דעם דאָזיקן אומגליקלעכן פֿאָלק (יידן).״

ווייזט אויס, אַז אויך אין לויצק האָט מען מורא געהאַט פֿאַר דער השפּעה פֿון די פֿראַנקיסטן, און לויטן ביישפּיל פֿון די קהילות לעמבערג, בראָד און דובנע, איז אין יאָר 1756, אויך אין לויצק, אויסגערופֿן געוואָרן אַ חרם, לויטן נוסח פֿון די חרמס אין די אויבנדערמאָנטע קהילות.

סוף אַכצנטן יאָרהונדערט זענען אין לויצק געווען אַ פּאָר פֿאַלן, אַז עטלעכע יידישע פֿרויען האָבן זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט קריסטן, און יידן־משומדים — מיט קריסטינס. אָבער די דאָזיקע געמישטע חתונות האָבן נישט מצליח געווען, ווי ס׳איז צו זעען פֿון די אַנאָנסן, וואָס זענען אין די יאָרן 1778—1791 דערשינען אין דער „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ״ און אין „דזשענניק האַנדלאָווי״, אין וועלכע מען זוכט די מענער אָדער די פֿרויען. דאָס באַווייזט, אַז נאָך אַ קורצער צייט האָבן די יידישע משומדטעס פֿאַרלאָזט זייערע מענער און — פֿאַרקערט. אין אַזעלכע פֿאַלן אין לויצק זענען די יידישע פֿרויען וואָס האָבן פֿאַרלאָזט זייערע קריסטלעכע מענער, פֿאַרשווּנדן צווישן די מאַסן יידן, און די מענער, וואָס האָבן פֿאַרלאָזט זייערע קריסטלעכע פֿרויען, זענען אַנטלאָפֿן קיין דייטשלאַנד.

לויט די אַרויסזאָגונגען פֿון די צייטונגען איז די דאָזיקע „טראַגעדיע״ געווען אַ רעזולטאַט פֿון די אונטערשידן אינעם לעבנס־שטייגער.

אין יאָר 1790 האָט פּאַסירט מיט אַ משומד אין לויצק אַזאַ פֿאַל. דער ייד הערשקאָ, וואָס האָט זיך געוואָלט שמדן, האָט צוזאַמען מיטן סטאָליער פֿון מאָנאַסטיר, פּיאָטר, געמאַכט אַן איינברוך אינעם טריניטאַרן־קלויסטער אין לויצק און פֿון דאָרט אַרויסגעגנבעט פֿאַרשידענע חפֿצים. מען האָט אים געכאַפּט, נאָר נעמענדיק אין אַכט זיינע „אידעלע שטרעבונגען״ (זיין ווילן זיך שמדן), איז ער באַשטראָפֿט געוואָרן בלויז מיט 150 מלקות אויפֿן שטאָטישן מאַרק און זיין פֿאַרמעגן, אין דער הייך פֿון 600 זלאָטעס, איז קאָנפֿיסקירט געוואָרן.

אַ צווייטער משומד אין לויצק, וואָס האָט געגנבעט, איז געווען מאַרקאָווסקי.

פֿון אַ שווערער עלילה האָבן די לויצקער יידן געליטן אין יאָר 1764:

לויט פֿאַרשפּרייטע קלאַנגען צווישן המון האָט עמעץ געוואָרפֿן אַ שטיין בעת אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע. דער שטאָט־גובערנאַטאָר האָט דערין חושד געווען די יידן און געפֿאָדערט פֿון דער קהילה אויסצוגעפֿינען דעם שטיין־וואַרפֿער און אים אַרעסטירן. אויב זיין פֿאָדערונג וועט נישט דערפֿילט ווערן, וועט ער באַפֿעלן צעשטערן דעם גאַנצן יידישן ישוב.

עס האָבן נישט געהאָלפֿן די אויפֿקלערונגען פֿון דער קהילה. דער גובערנאַטאָר האָט נישט מוותר געווען און ווייטער געפֿאָדערט אויסצוגעבן דעם וואַרפֿער, וואָס איז לויט זיין מיינונג באַשטימט אַ ייד.

דאַן איז פֿון אייגענעם ווילן געקומען ר׳ יהודה זאב וואָלף בן טוביה און דערקלערט, אַז ער האָט געוואָרפֿן דעם שטיין.

לויט אַן אַנדערע לעגענדע־ווערסיע, איז ר׳ יהודה זאב געווען אַ שיינער בחור, ס׳האָט זיך אין אים פֿאַרליבט די טאָכטער פֿון אַ פּריץ, פֿון פּוילישן אַדל און געוואָלט מיט אים חתונה האָבן. אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאַרלאָזן דאָס יידנטום. אויך זי האָט נישט געוואָלט זיך מגייר זיין. זי איז פֿון עגמת־נפֿש באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. האָט איר פֿאָטער באַשלאָסן נקמה צו נעמען און דערהרגענען זאב וואָלפֿן.

ס׳איז פֿאַראַן נאָך אַ דריטע ווערסיע: ערב יום־כיפּור צו כל־נדרי האָבן יידישע קינדער זיך געשפּילט פֿאַר דער שול. מיטאַמאָל האָט מען אָנגעהויבן וואַרפֿן אויף זיי שטיינער. די קינדער האָבן צוריקגעוואָרפֿן, און איין שטיין האָט געטראָפֿן דעם פּריצס זון, און ער איז געשטאָרבן. דער גובערנאַטאָר האָט דעמאָלט באַפֿוילן מען זאָל אים ברענגען צו פֿירן דעם שטיינער־וואַרפֿער. דאַן איז געקומען ר׳ יהודה זאב וואָלף פֿאַרן גובערנאַטאָר און געמאָלדן, אַז ער האָט געוואָרפֿן דעם שטיין. מען האָט אים גלייך צוגעבונדן צו צוויי פֿערד, און אַ געשלעפּטער פֿון זיי איז ער אומגעקומען.

שווער צו וויסן, וועלכע ווערסיע איז אין איינקלאַנג מיטן היסטאָרישן אמת, עס בלייבט אָבער אַ פֿאַקט, אַז כ״ה תמוז תקצ״ד (1764) איז אַ לויצקער ייד אומגעקומען אויף קידוש השם.

4

## ציילונגען פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג

אין צוזאַמענהאַנג מיטן ליקווידירן די אינסטיטוציעס פֿון דער יידישער אויטאָנאָמיע און דעם באַשלוס פֿון סיים איינצוקאַסירן דעם קאָפּ־שטייער אויף אַ דירעקטן אופֿן פֿון יעדער קהילה — 2 זלאָטעס אויף אַ קאָפּ, לויט דער צאָל איינוווינער, איז באַשלאָסן געוואָרן אַדורכצופֿירן אַן אַלגעמיינע ציילונג פֿון די יידן אין גאַנץ פּוילן, וועלכע איז פֿאָרגעקומען סוף 1764 און אָנהייב 1765 אין קרוין־פּוילן און ליטע.

אַזוי ווי דעם קאָפּ־שטייער האָבן געצאָלט יידן אין עלטער פֿון איין יאָר און ווייטער, זענען אין דער ציילונג נישט אַריינגענומען געוואָרן די זויג־קינדער אונטער איין יאָר.

ביי יעדער ציילונג פֿלעגט מען זיך פֿירן, אַז אַ צאָל יידן פֿאַרשווינדן אָדער באַהאַלטן זיך, כדי מען זאָל זיי נישט ציילן — אַ זאַך וואָס איז קעגן דער תורה. פֿון אָפֿיציעלע באַריכטן איז באַוווּסט, אַז קריסטן פֿלעגן איבערגעבן די מאַכט־אָרגאַנען ידיעות וועגן אַנטלויפֿן פֿון יידן בעת די ציילונגען. עס זענען אויך געווען יידישע מוסרים, וואָס פֿלעגן צוטראָגן דער קעניגלעכער פֿינאַנס־קאָמיסיע, אַז די קהילות מאָנען טאַקע אויף דעם

קאָפּ־שטייער פון אַלע יידן, אָבער זיי געבן אָן אַ קלענערע צאָל און זעען, אַז אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג זאָל זיך אויסבאַהאַלטן.

לויצק (די שטאָט) האָט אין יאָר 1765 געציילט 1012 יידן עלטער פון אַ יאָר, און זייג־קינדער — 71. צוזאַמען — 1083; 104 קאַראַימער, 22 קאַראַימער האָבן געוווינט אין דריי הייזער וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער קהילה, זיי האָבן געאַרבעט ביי אַרענדאַרן, יידישע שענקער, אַזוי אַז די צאָל קאַראַימער איז געווען 126. צוזאַמען, יידן און קאַראַימער, זענען געווען אין לויצק 1209 נפשות.

אין יענעם יאָר זענען געווען 178 יידישע הייזער און ביי די קאַראַימער — 19 הייזער. אין דער שטאָט לויצק און אין די דערבייאיקע דערפער זענען געווען 1719 יידן.

אינטערעסאַנט, אַז אין משך פון די וויטערדיקע צען יאָר איז די צאָל יידן אין לויצק געפאַלן אין אַ באַדייטנדיקער מאָס. אין יאָר 1775 זענען אין לויצק געווען בלויז 616 יידן. די סיבה, וואָס האָט גורם געווען צו פאַרקלענערן די יידישע באַפעלקערונג אין די דאָזיקע צען יאָר אויף אומגעפער 50% — איז אומבאַקאַנט.

אַ פולשטענדיק אַנדער בילד גיט די ציילונג פון יאָר 1784, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך דער ציילונגס־קאָמיסיע אין צוזאַמענשטעל פון ניעדזשיעלסקי, הרב שמחה(?) און דעם שמש פון דער קהילה.

אין דער שטאָט לויצק זענען געווען 209 יידישע הייזער, אין די פאָרשטעט — 25 הייזער פון די קאַראַימער; די צאָל יידישע נפשות האָט באַטראָפן 678, 26 וואָס האָבן זיך באַהאַלטן, זענען געפונען געוואָרן. צוזאַמען — 704, ווי אויך 105 קאַראַימער. צוזאַמען זענען געווען 809 נפשות אין שטאָט. אין 75 ישובים (דאָרפישע), איינגעשלאָסענע אין דער קהילה לויצק, זענען געווען 370 יידן, צוגעגעבן 22 געפונענע, צוזאַמען — 392.

לויט דער ציילונג־רשימה פון יאָר 1787 זענען אין לויצק געווען 208 הייזער, די צאָל נפשות — 701, צוגעגעבן 107 וואָס זענען געפונען געוואָרן, צוזאַמען — 808.

אין די 85 דערפער — 385 יידן, צוגעגעבן 38 וואָס זענען געפונען געוואָרן, צוזאַמען 423. די אַלגעמיינע צאָל יידן אין לויצק, מיט די אָנגעשלאָסענע ישובים, איז געווען 1,231 נפשות. לויט יענער ציילונג, זענען געווען אין שטאָט 33 הייזער פון קאַראַימער און 131 נפשות, אין 3 דערפער זענען געווען 10 קאַראַימער, צוזאַמען — 141 קאַראַימער מיט 1,231 יידישע נפשות, זענען געווען — 1372.

אין יאָר 1789 זענען אין דער לוסטראַציע פון דער שטאָט לויצק אויסגערעכנט 446 הייזער, פון זיי אויף דער יידישער גאַס (Żydowszczyzna) — 68 יידישע הייזער, 25 קאַראַימישע הייזער.

אין יאָר 1787 איז אויף דער טאָג־אָרדענונג אַרויפגעשווומען דאָס פּראָבלעם פון יידישע אָרעמעלייט, וואָס וואַנדערן פון אָרט צו אָרט. דעם 7־טן מאי 1787 איז אַרויס אַ קעניגלעכער דעקרעט, אין וועלכן די קהילות זענען געוואָרנט געוואָרן פון אויסבאַהאַלטן פאַרדעכטיקטע מענטשן, באַזונדערס די וואַנדערער, וואָס קלאַפּן אין די טירן פון דער באַפעלקערונג. די קהילות איז פאַרבאָטן געוואָרן, לויטן מנהג, אַריבערצופירן די אָרעמעלייט אין אַנדערע שטעט. להיפך, לויטן אויבנדערמאָנטן דעקרעט, האָט מען זיי באַדאַרפט האַלטן אין דער קהילה און אויסנוצן ביי עפנטלעכע אַרבעטן, נייטיקע דער מדינה.

אין קעגנזאַץ צו דעם געזעץ האָט די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע אין לויצק פאַראָרדנט דער קהילה אויסצוגעפינען אַ גענויע רשימה פון די אָרטיקע און אַרומוואַנדערנדיקע אָרעמעלייט, זיי פאַרטרייבן פון שטאָט און איבערגעבן אין די פאַבריקן אויף אַרבעט. אָבער די קהילה איז נישט אַנטקעגנגעקומען דער דאָזיקער פאַראָרדענונג, איז זי באַשטראָפט געוואָרן מיט 50 זל.

אין יאָר 1775 האָט דער פוילישער סיים באַשלאָסן צו פאַרפליכטן די יידן אונטערצוחתמנען יעדעס בוך אין עברית און אין יידיש און באַצאָלן חתימה־געלט אין דער הייך פון אַ זילבערנעם גראָשן פאַר יעדן בוך. אויך אויף צונויפצושטעלן אָפּמאַכן און האַנדלס־שריפטן — באַנוצן זיך מיט געשטעמפלט פּאַפּיר — יעדער בויגן האָט געקאָסט פון איין זילבער־גראָשן ביז 10 רויטע זלאָטעס (180 פוילישע זלאָטעס, לויט דער סומע פון וועלכער עס רעדט זיך אין אָפּמאַך). אויפן יסוד פון דאָזיקן געזעץ האָט די פינאַנס־קאָמיסיע אין וואַרשע באַשטימט אַדורכצופירן אין גאַנץ פוילן אַ ציילונג פון די ספרים וואָס געפינען זיך אין יידישן באַזיץ און יעדעס ספר פאַרזען מיט אַ חתימה.

באַאַמטע פון פינאַנס־מיניסטעריום פלעגן קומען אין שטאָט, און יעדער ייד איז געווען פאַרפליכטעט צו ברענגען זיינע ספרים. די רשימה פון די ספרים פלעגט געחתמעט ווערן דורכן רב און צוויי פרנסים פון דער קהילה.

אין לויצק האָבן פאַר די קאַראַימער געחתמעט יצחק החזן און צוויי קאַראַימער, צאַלקא און שמואל מאָשקאָוויטש.

פאַרשטענדלעך, אַז דער ענין פון שטעמפּלען די ספרים האָט גורם געווען מסירות אויף יחידים, דרוקער און ביכערפאַרקויפער. אין די צאָל־אַמטן פלעגט מען גוט מקפיד זיין צי יעדעס בוך איז געשטעמפּלט. אַזוי צום ביישפּיל, האָט מען אינעם צאָל־אַמט לאַדעכאָוו קאָנפיסקירט ביי מרדכי מאַסיאָוויטש פון לויצק ביכער אין דער ווערט פון 120 זלאָטעס.

דער לעצטער יאָרצענדליק פון אַכצנטן יאָרהונדערט איז אין פוילן אַדורך אונטערן צייכן פון אינערלעכע פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס, און דעריבער איז נישט קיין וואונדער, וואָס אין וואָלין און לויצק זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אַלערליי קלאַנגען וועגן קומענדיקע איבערפאַלן פון קאָזאַקן, פויערן, פּראַוואָסלאַוונע און וועגן מאָרדן איבער פּאָליאַקן און יידן. אין לויצק האָבן יידן געשאַפן באַוואָפנטע וואַכן. נאָר אַלץ איז אַריבער בשלום. אינטערעסאַנט, אַז אין לויצק גופא זענען נישט געמאַכט געוואָרן קיין פרוון אַריבערצופירן יידן צו פּראָדוקטיווער באַשעפטיקונג, ווי דאָס איז פּראַקטיקירט געוואָרן אין די יאָרן 1780—1790, אונטערן איינפלוס פון די לאָזונגען, וואָס זענען אַריינגעדרונגען קיין פוילן פון אויסלאַנד און האָבן אונטערגעשטראָכן די באַדערפעניש צו ענדערן די עקאָנאָמישע פּאָליטיק אין גייסט פון די מערקאַנטיליסטן דורך די אייגנטימער פון די פּריוואַטע שטעט, טשאַרטאָריסקי אין קאָרעץ, ווו יידן זענען מאָביליזירט געוואָרן צו אַרבעטן אין פאַבריקן.

אויך אין לעצטן יאָרצענדליק פון אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן די שטאָטלייט נישט אָפּגעשטעלט זייער קאַמף מיט די יידן און דאָס דערלאַנגען אָנקלאַגעס, אַז די יידן גראָבן אונטער זייער עקאָנאָמישע עקזיסטענץ מיט דער הילף פון אומאָנשטענדיקער קאָנקורענץ און מיטן באַהערשן אַלע צווייגן אין האַנדל

און מלאכה. אין זייערע טענות קעגן די יידן האָבן זיי געשטעלט אַלס ביישפּיל — אין קעגנזאַץ ווי ס'איז געווען אין זיבעצנטן יאָרהונדערט — די קאַראַימער אַלס אָרנטלעכע און ענערגישע מענטשן.

5

## רבנים

1) נאָכדעם ווי הרב יעקב שור איז אין יאָר 1650 אַריבער קיין בריסק־דליטא, איז רב אין לויצק געווען ר' מרדכי הכהן ראַפּאָפּאָרט.

2) נאָך אים איז געווען רב אין לויצק ר' יצחק בן אברהם (1620—1685), גערופן ר' יצחק הגדול, ווייל ער איז אין זיין דור געווען גרויס בנגלה ובנסתר. ער איז געווען דער תלמיד פון ר' יונה תאומים און ר' אברהם זאַק פון באַר. דערנאָך האָט ער צוזאַמען מיט ר' משה זכותו געלערנט קבלה. ער האָט געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק און אַ זאַמלונג פון טייערע כתב־ידן. פון זיין זאַמלונג איז געדרוקט געוואָרן דער כתב־יד פון לוריא „יד של שלמה". אין לויצק איז ער געווען רב ביזן יאָר 1664, איז פונדאַנען פאַרבעטן געוואָרן קיין גראָדנע. אין די יאָרן 1664—1667 איז ער געווען רב אין ווילנע און פון יאָר 1667 — רב אין פּויזן און רב פון גרויס־פּוילן. ער איז נפטר געוואָרן אין פּויזן אין יאָר 1685. זיין זון יעקב איז געווען רב אין פּויזן אין יאָר 1714.

3) נאָך אים איז געווען רב ר' משה כהנא בן הרב פסח כ"ץ, בן הרב תנחום דיין אין קראָקע, מחבר פון „שארית יוסף", איז נפטר געוואָרן אין לויצק נאָענט צום יאָר 1680. אין לויצק האָט ער געגעבן (אין יאָר 1664) זיין הסכמה אויף דעם ספר „עמודי שבעה" פון דעם רב בצלאל דרשן דק"ק סלוצק.

4) ר' ישראל בן שמואל, פון טאַרנאָפּאָל, דער תלמיד און קוזין פון דעם טורי־זהב. פאַר דעם איז ער געווען רב אין לודמיר און פון דאָרט אויפגענומען געוואָרן פאַר אַ רב אין לויצק. אין יאָר 1680 איז ער געווען אין קאָמיטעט פון די גאונים פון ארבע־ארצות אויפן יאריד אין יאַראָסלאַוו און האָט מסכים געווען דאָרט צו דרוקן דאָס ספר „קנה חכמה". אין יאָר 1683 האָט ער אין ועד־לובלין געגעבן זיין הסכמה אופן ספר „מגיני זהב". ער האָט אויך געגעבן זיין הסכמה אויפן ספר „זרע אברהם על התורה" (זאָלצבאַך 1685). אין לויצק איז ער געווען רב ביזן יאָר 1684.

5) אין די יאָרן 1684—1688 איז געווען רב הרב ישראל יאַליס, דער זון פון פרנס ר' מרדכי יאַליס אין קראָקע, גערופן ר' ישראל סוויניוכער. ער איז פריער געווען רב אין דובנע, דערנאָך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס אב"ד און פרנס דד"א אין דער שטאָט לויצק. איז נפטר געוואָרן אין לויצק.

אין סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט זענען געזעסן אויפן כסא־הרבנות אין לויצק דריי רבנים פון דער משפחה האַלפּערין.

6) אין די יאָרן 1689—1690 — ר' יואל בן־יצחק אייזיק האַלפּערין. אין יאָר 1689 גיט ער זיין הסכמה אויפן ספר „צפנת פענח חדש" פון ר' יוסף פון פּשעמישל. אין יאָר 1690 האָט ער געהערט צום ועד־הגאונים פון ארבע־ארצות אויפן יאריד אין יאַראָסלאַוו און מסכים געווען צו דרוקן דאָס ספר „בית הלל" על ש"ע, יו"ד און אבן העזר. אין יאָר 1691 איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס רב פון פינסק, פון דאָרט — אין יאָר 1962 — קיין אָסטרע און דערנאָך אַלס אב"ד אין לעמבערג און אומגעגנט. ער איז אָבער נישט געקומען קיין לעמבערג, ווייל ער איז נפטר געוואָרן אין אָסטרע אין יאָר 1713.

7) ר' צבי הירש בן אשר איז געווען רב אין לויצק ביז 1722. ער האָט געגעבן זיין הסכמה אויפן ספר „עטרת צבי" אין יאָר 1721, און אין יאָר 1722 — אויפן ספר „חידושי אגדות".

8) נאָך ר' מרדכי בן צבי הירש איז געקומען ר' מענדלש, רב אין לעמבערג. אין לויצק האָט ער פאַרנומען דעם כסא־הרבנות אין די יאָרן 1725—1735. ער האָט געגעבן זיין הסכמה אויפן ספר „כתנת פסים להגדה של פסח" און אויך — מיט דער הסכמה פונעם ועד הגאונים פון ארבע הארצות — אין יאָר 1713 אויפן ספר „ברית שלום על התורה". זיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט פאַר ר' צבי הירש הורוויץ, אבד"ק טשאָרטקאָוו.

9) ר' יעקב אהרן היילפּערין. געקומען קיין לויצק אין יאָר 1748, געגעבן זיין הסכמה אויפן ספר „מרי צבי", חידושים פון הלכות אויפן סדר מועד.

10) ר' אברהם הורוויץ — רב אין לויצק אין יאָר 1757.

11) ר' יעקב בן אריה לייב בן נתן נטע, אבד"ק טאַרנאָגראַד, איז דער פאַרפאַסער פון ספר „כוכבי יעקב" (זשולקווע 1774). אויף זיין ספר האָבן מסכים געווען 50 רבנים מיט ר' חיים ראַפּאָפּאָרט בראש. ער האָט פאַרעפנטלעכט נאָר די אונטערשריפטן. ר' יעקב איז געווען דער ברודער פון ר' נתן נטע אבד"ק בראָד. אין דער דאָזיקער תקופה איז באַוווסט געווען דער לויצקער מגיד ר' מאיר בן חיים. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1819.

15) נאָך אים — הרב ר' יוסף קאַצענעלנבויגן, דער זון פון ר' מרדכי אבד"ק נעסכיזש, דערנאָך — רב אין הרוביעשאָוו אַטסילא און קריוו. אין אלול תק"ץ איז ער געקומען קיין אָסטרע צו דער חתונה פון זיין זון הרב ברוך פון קאָנסטאַנטין איז געוואָרן קראַנק און נפטר געוואָרן י"ח אלול תק"ץ (1830).

16) אין יאָר 1882 איז דורך די קעגנער פונעם חסידישן קאַנדידאַט, אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ רב אַ געבוירענער אין ליטע און אַ תלמיד פון ר' יצחק אלחנן — ר' יעקב ברוך קליאַצקין. די חסידים זענען קעגן אים שאַרף אַרויסגעטראָטן און אים געעצהט צו פאַרלאָזן די שטאָט — און אויב ער וועט נישט אויספירן זייער פאָדערונג, וועט ער האָבן אַ ביטערן סוף. אין יאָר 1886 האָבן אים די חסידים פאַרמסרט פאַר די מאַכט־אָרגאַנען, אַז ער וווינט אין לויצק קעגן דעם געזעץ וואָס פאַרווערט פרעמדע צו זיצן אינעם תחום פון דער גרענעץ. די מאַכט האָט אים פאַרטריבן פון שטאָט. אָבער נאָך פיל באַמיונגען האָט ער באַקומען אַ דערלויבעניש זיך אומצוקערן און פאַרנעמען דעם כסא־הרבנות.

6

## די קאַראַימער־עדה אין לויצק

לויט דער טראַדיציע פון די קאַראַימער, געשטיצט אויף זייערע היסטאָריקער וואָס פאַררופן זיך אויף סתם מעשיות און לעגענדעס, האָט אין פערצנטן יאָרהונדערט וויטאָלד באַזעצט

אין לויצק הונדערט קאַראַימער משפּחות. אָבער דאָס איז נישט באַקרעפטיקט מיט דאָקומענטן.

די קאַראַימער־עדה ווערט צום ערשטן מאָל דערמאָנט אין לויצק ערשט אין יאָר 1506, אינעם דאָקומענט פון קעניג זיג־מונט דעם ערשטן, ווי ער באַפרייט די רבנישע און קאַראַימער עדה פון באַצאָלן דעם שטייער אין דער הייך פון 12 שאָק גראָשן.

אין יענער תקופה זענען די קאַראַימער אַקטיוו ביים פאַר־טיידיקן זייערע רעכט, אַרויסבאַקומען שטייערן־פּאַרלייכטערונגען, בשותפות מיט דער יידישער קהילה. די קאַראַימער איז געווען פאַרבאָטן צו וווינען אין לויצק, נאָר אין אמעליאַניק, 3 קילאָ־מעטער פון לויצק. ערשט סוף זעכצנטן יאָרהונדערט האָבן זיי באַקומען אַ דערלויבעניש צו וווינען אין שטאָט און בויען זייער שול אויף אַ פּלאַץ, נישט ווייט פון דער יידישער שול.

אין יאָר 1647 — אַ קורצע צייט פאַרן חורבן ת"ח—ת"ט — האָט די קאַראַימער־עדה אין לויצק באַזוכט אַ שליח פון דער קאַראַאימער־עדה אין ירושלים, דוד בן ישועה חזן, דער ערשטער באַוווּסטער שליח פון די קאַראַימער. צום ערשטן מאָל איז ער געשיקט געוואָרן אין יאָר 1646 קיין קושטא און צום צווייטן מאָל, אין יאָר 1647, קיין פּוילן און רוסלאַנד. זיין שליחות איז רעקאָמענדירט געוואָרן אויך דורך די רבנים פון ירושלים און זייער המלצה איז געשריבן בלויז צו די קאַראַימישע קהילות.

ער איז אויך געקומען אין לויצק אָנהייב יאָר ת"ח (1647) און דאָ נפטר געוואָרן אום שבת־שובה.

ס'האָבן אויף אים געזאָגט קינות דער חזן פון דער קאַראַי־מער־עדה אין לויצק, שלום בן־אברהם, זרח בן נתן פון טראָק, יאשיה בן יהודה פון טראָק און יוסף בן שמואל, דער חזן פון די קאַראַימער אין דערעזשענע.

דאָס יאָר ת"ח האָט אויך אויף די קאַראַימער געבערענגט אַ חורבן. זייער מערהייט איז דערהרגעט געוואָרן פון די קאָזאַקן.

לויט דער לוסטראַציע (איבערזיכט) פון יאָר 1650, זענען אין לויצק פאַרבליבן דריי קאַראַימישע הייזער, ד.ה. ביי אַ 15—20 נפשות.

אין קעגנזאַץ צו דער יידישער קהילה, האָט די קאַראַימער־עדה דעגענערירט און איז נישט געקומען צו זיך פון די אומ־גליקן פון ת"ח. אייניקע קאַראַימער — זייער צאָל איז אומבאַ־קאַנט — האָבן אויך געוווינט אין דערעזשענע און אָליק.

אין דער צווייטער העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט איז בראש פון דער קאַראַימער־עדה אין לויצק געשטאַנען דער חכם דוד בן שלום בן אברהם, באַוווּסט אַלס למדן. צו אים האָט זיך אַמאָל געווענדעט מיט אַ בריוו, געשריבן אין עברית (כ"ט ניסן 1698), דער קריסטלעכער געלערנטער, טעאָלאָגיע־פּראָ־פעסאָר אויפן אוניווערסיטעט אין ליידן, יעקב טריגלאַנד, וועלכן ס'האָבן אינטערעסירט פּרטים וועגן דעם דיספּוט־בריוו פון דעם קאַראַימער מנחם, און האָט אים געפרעגט, צי קאַראַימער אידענטיפיצירן זיך אין זייערע אנשויונגען מיט די צדוקים, און אויך וועגן מחבר אהרון בן אליהו און אַנדערע; צי איז אין חומש פון די קאַראַימער נישט פאַראַן קיין ענדערונגען אינעם לייענען און שרייבן? ווען דער בריוו איז אָנגעקומען צו דוד בן שלום, האָט אין לויצק געוווילט דער קאַראַימער געלערנטער, דער קראַנקער זקן און חכם, מרדכי בן ניסן, האָט ער אים איבערגעגעבן צו ענטפערן אויף דעם בריוו. דער חכם איז געשטאָרבן אַ קורצער צייט נאָכדעם.

אין לויף פון יאָרן אין אַכצנטן יאָרהונדערט איז די צאָל קאַראַימער געוואַקסן, אָבער נישט אין פּאַראַלליך מיט דער צאָל יידן. אין יאָר 1765 זענען געווען אין שטאָט 19 הייזער פון קאַראַימער און די צאָל נפשות, צוזאַמען מיט די אין די דערפער, איז געווען 126.

אין דער לוסטראַציע אין יענעם יאָר, ווערט געזאָגט:

„די צאָל קאַראַימער איז אַ קליינע, זיי פירן זיך אויף שטיל, וואָס איז פאַר זיי אייגנטימלעך אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכן, אַז פון די פריסטע צייטן אָן איז קיין שום קאַראַימער נישט פאַרמשפּט געוואָרן אויף טויט־שטראָף. אין האַנטווערקעריי צייכענען זיי זיך אויס מיט זייער פלייס, פאַרנעמען זיך מיט בעלי־עגלהעריי און דע־טאַל־האַנדל, אין אַלע זייערע האַנדלונגען זענען זיי ער־לעכער פון די יידן אַדאַנק זייער אַרבעט און די באַ־מיונגען פון אייניקע פון זיי, געפינען זיי זיך אין אַן אויסערגעוויינלעכער לאַגע. וואָלט זייער צאָל געווען אַ גרעסערע, וואָלט דאָס געווען אַ געווינס פאַר דער שטאָט."

אין יאָר 1784 איז זייער צאָל דערגאַנגען ביז 105 נפשות. אין יאָר 1787 — ביז 131 אין 33 הייזער אין שטאָט און דער־פער. סך־הכל — 141 אויף 1331 יידן.

אין קעגנזאַץ צו די יידן האָבן די שטאָטלייט נישט געזען אין זיי קיין קאָנקורירנדיקן פאַקטאָר אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט. די קאַראַימער האָבן מערסטנטייל זיך באַשעפטיקט מיט בעלי־עגלהעריי, אַ ביסל מיט לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן די קאַראַימער זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די שטאָטלייט אינעם קאַמף קעגן יידן.

ווען אין פּוילישן סיים איז אין די יאָרן 1788—1792 אַרויפ־געשוווּמען אויפן טאָג־אָרדענונג דאָס יידישע פּראָבלעם און די באַדערפעניש צו געפינען פאַר אים לייזונג, האָבן די לויצקער קאַראַימער געזען דערין אַ געלעגנהייט אויסצונוצן די לאַגע לטובת זיך און באַווייזן די פּאָליאַקן, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין שייכות צווישן זיי און די יידן. אין אַ געדרוקטן מעמאָריאַל, וואָס די עלטסטע פון זייער עדה אין לויצק, שמואל יאָסילע־וויטש און מאַרקא איצקאָוויטש, האָבן דערלאַנגט דער קאָמיסיע פאַר יידישע ענינים אויפן גרויסן סיים אין יאָר 1790, האָבן זיי זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז זיי זענען געקומען קיין לויצק נאָך אין דער צייט פון וויטאָלדן, און פון אים האָבן זיי אין יאָר 1388 אויך באַקומען די פּריווילעגיעס, און אין בולטע שטריכן שילדערן זיי זייער טעטיקייט לטובת פּוילן.

אין אָנהייב פון מעמאָריאַל שטרייכן זיי אונטער, אַז זיי אונטערשיידן זיך פון די יידן, אָנהייבנדיק פון חורבן־בית־שני, (ווי באַוווּסט איז די קאַראַימער־סעקטע געגרינדעט געוואָרן ערשט אין אַכטן יאָרהונדערט), באַזוכן נישט די שולן פון די יידן און האָבן אייגענע רבנים און בית־עלמינס. זייער קליידונג איז אַ פּוילישע, זיי אַרבעטן אין די פאַבריקן און אין האַליטש און קאָקיזווו זענען זיי לאַנדווירטן. זיי רעדן צווישן זיך טערקיש. זיי האָבן נישט קיין שום שייכות מיט די יידן און צאָלן דעם קאָפּ־שטייער באַזונדער. זיי פאַרווישן באַוווּסטזיניק דעם פאַקט, אַז אין די יאָרן 1580—1764 האָבן די קהילות פון די קאַראַימער געצאָלט קאָפּ־שטייער און משקאות־שטייער דורך דער פאַר־מיטלונג פון די אויטאָנאָמע קערפערשאַפטן פון די יידן אין פּוילן.

זיי בעטן, מען זאָל זיי שטעלן אונטער דער יוריסדיקציע פון דעם אַדל און געבן אַלע פרייהייטן פון די שטאָטלייט אין לויצק.

אויב עס וועט באַשטימט ווערן אַ ספּעציעלער שטייער צו ליקווידירן די חובות פון די יידישע קהילות, איז זייער בקשה, מען זאָל אויף זיי נישט אַרויפלייגן דעם דאָזיקן שטייער, ווייל זייער קהילה האָט נישט קיין חובות. אין אַלע תקופות פון זייער זיין אין פּוילן האָבן זיי געלעבט פון האָרעפּאַשנער מי, נישט געמאַכט קיין שווינדלען, נישט באַגאַנגען קיין גניבות אָדער אַנדערע פאַרברעכנס, זענען שטענדיק טריי געווען דעם פּוילישן פאָלק. זיי האָפן, אַז פאַר זייער טרייהשאַפט וועט דער פּוילישער סיים נישט וועלן טאָן עפּעס צו זייער שאָדן. אין יעדן פאַראייניקן זיי אָדער צוטשעפּען צו די יידן וועלן זיי זעען בלויז אַ שטראָף און זיין געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פּוילן און עמיגרירן קיין טערקיי, — פון דאָרט זענען איינגעלאַדן געוואָרן זייערע עלטער־עלטער־זיידעס.

ס'איז אומזיסט געווען זייער פחד. דער סיים האָט נישט באַשלאָסן אָנצושליסן זיי אין דער יידישער קהילה, און זיי זענען פאַרבליבן אַ זעלבשטענדיקע עדה.

אָנהייב נייַנצנטן יאָרהונדערט האָט צווישן די קאַראַימער אין פּוילן און ליטע זיך אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע־באַוועגונג קיין יעווּפּאַטאָריע און פעאָדאָסיע אין קרים.

פון לויצק איז אַרויסגעפאָרן זייער חכם שמחה יצחק בן משה לוצקי, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין טשופוט־קאַלע און דאָרט פאַרעפנטלעכט שירים און פירושים „עץ חיים", „אור חיים" (1839), „אורח צדיקים", „געשיכטע פון קאַראַימער" און די ערשטע ביבליאָגראַפיע פון דער קאַראַימישער ליטעראַטור (ווין 1830). אין לויצק איז ער געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט די קאַטוילישע גייסטלעכע און באַזונדערס מיט די טריניטאַריער. אין יאָר 1764 האָבן די קאַראַימער אין טראָק אים געבעטן אויסצוגעפינען דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו פון די טריניטאַריער אין לויצק צו די טריניטאַריער אין ווילנע. ער איז געשטאָרבן אין לויצק אין יאָר 1766.

בעת דער טעטיקייט פון שמחה יצחק לוצקי האָבן אַרום אים זיך גרופּירט אַ קרייז געלערנטע און שרייבער. פון די קאַראַימישע „חכמי לויצק" אין דער העלפט אַכצנטן יאָרהונדערט זענען באַוווּסט געווען: 1) דער חזן מרדכי בן שמואל, מחבר פון ספר „אבקת רוכל". 2) יוסף בן משה, מחבר פון ספר „קבוצת כסף". 3) שמחה בן חננאל. 4) יוסף בן שמואל און זיינע זין: 5) שמואל בן יוסף, 6) משה בן יוסף, וואָס זיין עיקר באַשעפטיקונג איז געווען איבערשרייבן אַלטע כתב־ידן פון די קאַראַימער חכמים. 7) אויך דער ברודער פון לוצקי, שמואל בן משה און דער זון פון שמחה לוצקי, 8) יצחק בן שמחה.

אויף דער אַנטוויקלונג פון דער עדה האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס דניאל בן דוד ירושלמי, וועלכער איז געקומען פון ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין לויצק אין די פערציקער יאָרן פון אַכצנטן יאָרהונדערט. ער האָט איבערגעשריבן די כתב־ידן פון די קאַראַימער חכמים. זיין תלמיד, יוסף בן משה בלוצק, באַצייכנט אים אַלס וווּנדערבאַרן חכם.

איין קאַראַימער חכם פון לויצק, יוסף שלמה לוצקי, איז אין די יאָרן 1820—1840 געווען חכם אין יעווּפּאַטאָריע און האָט אָנגעשריבן דעם ספר „תשועת ישראל" וועגן דער קאַראַימער־דעלעגאַציע קיין פּעטערבורג בנוגע דעם באַפרייען זייער יוגנט פון מאָביליזאַציעס.

צו דער גרופּע עמיגראַנטן פון לויצק האָט אויך געהערט מרדכי סולטאַנסקי. ער איז געבוירן געוואָרן אין לויצק אין יאָר 1785, זיין פאָטער יוסף איז דאָ געווען דער חכם פון דער עדה. צום סוף פון זיין לעבן האָט ער זיך באַזעצט אין כערסאָן און איז דאָרט נפטר געוואָרן אין יאָר 1862. ער איז אויך געווען געלערנט אין דער העברעישער שפּראַך. האָט פאַרעפנטלעכט אַ גראַמאַטיקאַליש בוך „פתח תקוה" (1857), „תיטיב־דעת" (1859), וועגן רעליגיע און מאָראַל, „אור הגנוז", „ספר הטעם". ער האָט אויך געשריבן די געשיכטע פון די קאַראַימער „זכר צדיקים". ער איז נפטר געוואָרן אין כערסאָן אין יאָר 1878.

אַ געבוירענער אין לויצק איז אויך געווען דער קאַראַימער באַוווּסטער געלערנטער אברהם בן שמואל פירקאָוויטש (אב"ן רש"ף — 1785—1875). אין יאָר 1818 איז ער געווײלט געוואָרן פאַר חזן פון דער עדה אין לויצק. שפּעטער האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין קרים. איז באַוווּסט פון זיינע פעלשונגען אין דער געשיכטע פון די קאַראַימער, מיט דער טענדענץ צו באַווייזן, אַז די קאַראַימער־סעקטע האָט נאָך פאַר ישו'ס געבורט עקזיסטירט אין רוסלאַנד און דערפאַר האָט זי נישט קיין שייכות מיט זיין קרייציקונג. זיינע ביכער און פּסעוודאָ־אַרכעאָלאָגישע פאָרשונגען האָבן אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט — דער אַלגעמיינער, ווי דער יידישער. אין אַ וויסנשאַפטלעכן וויכוח האָבן ד"ר שטיינשניידער, רעזשאָ, שי"ר, ד"ר א. הרכבי, דער קריסטלעכער געלערנטער פּראָפ. שטראַק, פּראָפ. כאַבולסאָן, אויפגעוויזן זיינע פאַלסיפיקאַציעס. אַדאַנק זיינע פעלשונגען האָבן די קאַראַימער אין רוסלאַנד באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג.

אין יאָר 1926 האָבן אין לויצק זיך געפונען 50 קאַראַימער.

7

## אונטער דער רוסישער הערשאַפט

אין יאָר 1793, בעת דעם צווייטן פונאַנדערטייל פון פּוילן, זענען לויצק און וואָלין איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער רוסישער אימפּעריע. דער וואָלינער געביט האָט פאַרלוירן זיין עקאָנאָמיש הינטערלאַנד. אָבער מיט דער צייט איז געקומען אַן ענדערונג צום בעסערן, אין רעזולטאַט פון די האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט בראָד, דער פרייער האַנדלס־שטאָט נאָענט פון דער נייער גרענעץ, איז געוואָרן אין עקאָנאָמישער הינזיכט פאַרבעסערט די לאַגע פון די רוסישע שטעט ביי דער גאַליצישער גרענעץ. לויצק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קרייז־שטאָט.

אין יאָר 1799 זענען אין לויצק רעגיסטרירט געוואָרן בלויז 50 שטאָטישע הייזער, די איבעריקע הייזער האָבן געהערט צו יידן און אַ קליינע צאָל — צו די קאַראַימער.

כמעט אַלע בראַנזשעס פונעם הורט־און דעטאַל־האַנדל זענען איינגעשטאַנען אין יידישע הענט. אין גאַנצן לויצקער קרייז זענען יידן־שטאָטלייט (מיעשטשאַנע יעווּרעי) פאַרצייכנט געוואָרן 1941 אַנטקעגן 1267 קריסטלעכע שטאָטלייט, און 28 סוחרים אַנטקעגן דריי קריסטן.

אין יאָר 1802 האָט לויצק געציילט 1975 יידן און 1269

קריסטן. די פאַרבינדונגען מיט בראָד האָבן געעפנט נייע ווירטשאַפטלעכע האָריזאָנטן, עס איז אויך געעפנט געוואָרן אַ טיר פאַר אַלע מינים שמוגל. די רוסישע מאַכט האָט געקוקט קרום אויף די אַלע קאָנטראַבאַנדע־געשעפטן. אין יאָר 1812 האָט דער וואָלינער גובערנאַטאָר קאמבורליי פאָרגעלייגט צו דערווייטערן די יידן פון גרענעץ־ראַיאָן צוליב זייער שמוגל־טעטיקייט, נישט געקוקט דערויף וואָס גראָד די קריסטלעכע איינוווינער, און באַזונדערס די פויערים אין די דערפער ביי דער עסטרייך־



אַ גאַס אין לויצק

רוסישער גרענעץ — ווי עס איז באַקאַנט פון די באַריכטן פ֯ון דער עסטרייכישער מאַכט — האָבן געשמוגלט סחורות אין פיל גרעסערע מאָסשטאַבן ווי די יידן. זיין פאָרשלאַג איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער צענטראַלער מאַכט, נאָר דער גזר־דין איז נישט אויסגעפירט געוואָרן צוליב דער נאָכלעסיקייט פון די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען.

אין יאָר 1816 האָט די גרענעץ־שטעט באַזוכט דער סענאַטאָר סיווערס און פעסטגעשטעלט, אַז האַרט ביי דער גרענעץ האַלטן די יידן רעסטאָראַנען און פירן אַ פאַרצווייגטן האַנדל. אויפן גרונט פון זיינע באַריכטן און ענלעכע באַשלוסן איז אין יאָר 1821 באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרטרייבן די יידן, וואָס האָט דעם 10־טן יולי 1825 אָנגענומען אַ געזעצלעכע קראַפט. לויט דעם איז די יידן דערלויבט געווען צו וווינען אין אַ תחום פון 50 וויאָרסט נאָענט פון דער גרענעץ, אָבער נאָר אין זייערע גיטער, אָדער אין שוין באַוווינטע ישובים. נאָר אויך דאָס האָט נישט געגעבן קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. די רוסישע ביוראָקראַטיע האָט זיך נישט געאיילט צו רעאַליזירן דאָס געזעץ, מיטן מאָטיוו — נישט חרוב צו מאַכן די אינדוסטריע און האַנדל אין וואָלינער קרייז. צווייטנס, האָט זיך פאַר איר געשטעלט אַ פּראָבלעם וואָס האָט נישט געפונען קיין לייזונג — ווהין אַריבערפירן די יידן?

צוזאַמען מיט די דאָזיקע איבערטראַכטענישן האָט זיך די צענטראַלע רוסישע מאַכט, באַזונדערס אין די טעג פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, אָפּגעהאַלטן פון אַדורכפירן ענדערונגען אויף די פּוילישע שטחים. ערשט נאָכן אויפשטאַנד אין די יאָרן 1830/31, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט אויך די פּאָליאַקן אין וואָלין, האָבן זיך אָנגעהויבן די אַדמיניסטראַטיווע ענדערונגען און דאָס צופּאַסן וואָלין צו די באַדינגונגען, וואָס האָבן געהערשט אין דער אַלגעמיין־רוסישער אַדמיניסטראַציע.

די זאַך האָט זיך געצויגן נאָך יאָרן, און דעם 20־טן אַפּריל 1843 איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצופירן אַלע יידן וואָס האָבן געוווינט אין תחום פון 50 וויאָרסט, לענגאויס דער גרענעץ מיט עסטרייך און פּרייסן. די פּריוואַט־אייגנטימער איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו פאַרקויפן זייערע הייזער אין פאַרלויף פון צוויי יאָר אָדער זיי מוזן אויספילן דעם גירוש־באַפעל אָן שום תירוצים.

אין דעם דאָזיקן שטח איז אויך איינגעשלאָסן געוואָרן לויצק. אַדאַנק אינטערווענצן האָט זיך דער ענין געצויגן ביזן יאָר 1856. די יידן האָבן געבעטן פאַרלענגערן דעם טערמין און זיי דערמעגלעכן צו ליקווידירן זייערע פאַרמעגנס. אין יאָר 1850 האָבן די צאָל־אַרענדאַרן פון שאַרפע געטראַנקען אין לויצק, קרעמעניץ און לודמיר דערלאַנגט אַן אַפּעלאַציע צום סענאַט קעגן דעם פאַרבאָט פאַר די יידן, וואָס האָבן געוווינט אין גרענעץ־געביט, צו באַשעפטיקן זיך מיטן פאַרקויף פון שאַרפע געטראַנקען. די אַפּעלאַציע איז נישט גענומען געוואָרן צו קענטניש, נאָר עס איז דערלויבט געוואָרן צו פאַרקויפן משקאות אין הייזער וואָס האָבן געהערט צו יידן. צום סוף האָט דער סענאַט אין פּעטערבורג באַשלאָסן, אַז מען דאַרף באַזייטיקן יענע איינצלנע יידן, וואָס זענען באַוווסט אַלס די וואָס פאַרנעמען זיך מיט קאָנטראַבאַנדע. פּאַקטיש איז די גירוש־גזירה בטל געוואָרן, אָבער בלויז לגבי יענע יידן וואָס זענען פריער געווען רעגיסטרירט אין די רשימות פון די קהילות אינעם גרענעץ־ראַיאָן, אָדער האָבן געהאַט אומבאַוועגלעכע גיטער אין דאָזיקן תחום.

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע פאַרלייכטערונגען, האָבן מצד די יידן נישט אויפגעהערט די באַמיונגען אַרויסצונעמען די שטאָט לויצק פונעם תחום גרענעץ־ראַיאָן, אָנווייזנדיק אַז דער מרחק פון לויצק צו דער גרענעץ איז מער פון 50 וויאָרסט. די אינטערווענצן האָבן זיך געצויגן ביז די אַכציקער יאָרן — אָבער אָן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. די וויכטיקייט פונעם פּראָבלעם איז בטל געוואָרן מיטן אָפּשאַפן די גרענעץ־תחומים.

אין דער ערשטער העלפט פון נייננצנטן יאָרהונדערט האָט דער רוב פון די פאָלקס־מאַסן געלעבט אין אָרעמקייט, נויט און נישט ווייניק געליטן פון דער תקיפות פון דער קהילה צוליב שטייערן און דעם כאַפּן קינדער צום מיליטער.

דער העברעישער שרייבער ריב״ל, וואָס האָט אין יאָר 1821 זיך אומגעקערט פון גאַליציע אין זיין געבורט־שטאָט קרעמעניץ, האָט צוקוקנדיק זיך צו דער נויט אין וועלכער ס׳האָבן געלעבט די מאַסן — געשריבן וועגן זייער לאַגע צו איינעם פון זיינע פריינט:

„איך הער יעדן טאָג דאָס געשריי פון די אָרעמעלייט,
וועמען עס באַרויבן די באַהערשער פון פאָלק, אונדזערע
מנהיגים און קאָמענדאַנטן״.

דאָס דאָזיקע בילד אַנטשפּרעכט אוודאי דער לאַגע פון דער מאַסע אויך אין לויצק.

אין דער ערשטער העלפט פון נייננצנטן יאָרהונדערט האָבן די יידן אָפט געליטן פון שריפות, וואָס האָבן זיך שטאַרק אויסגעשפּרייט צוליב די הילצערנע הייזער. אין יאָר 1810 איז פאַרברענט געוואָרן די שול אין אַ גרויסער שריפה, בעת וועלכער

ס'זענען אַוועקגעקומען דער רוב הייזער אין שטאָט. אין די שריפות פון די יאָרן 1845, 1869, זענען אַלע כלי־קודש אין שול אָפּגעברענט געוואָרן און אויך אינעווייניק איז די געביידע באַשעדיקט געוואָרן. אין יאָר 1878 האָבן די עלטסטע פון דער עדה צונויפגעקליבן נדבות אויף בעסער אויסצושטאָטן דאָס הויז פון אינעווייניק. אין יאָר 1886 איז דאָס הויז פאַרשענערט געוואָרן אויך פון אויסנווייניק, מיט דער הילף פונעם גבאי פון דער שול, שלמה ברוך קריסטאַלסקי, און מנדבים פון דער עדה, מיט דער גבירטע מרים סאַראַקאַ בראש, וואָס האָבן געשענקט דאָס נייטיקע געלט אויפן רעמאָנט. אין יאָר 1883 איז צוגעקומען אין שטאָט אַ הקדש־הויז, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ שפּיטאָל.

אין עקאָנאָמישן הינזיכט זענען נישט פאָרגעקומען קיין ענדערונגען אין די באַשעפטיקונגען פון די יידן. דער גרעסטער טייל האָט זיך קוים מפרנס געווען פון דעטאַל־האַנדל.

אין די זיבעציקער יאָרן האָבן די קריסטן זיך באַקלאָגט פאַרן גובערנאַטאָר טערענטיל, ווען ער האָט באַזוכט די שטאָט, אַז די יידן האָבן נאָענט פון די קליינע קלויסטערס, אויף די קלויסטער־פּלעצער, אויפגעשטעלט קראָמען; יידן זענען געזעסן אין זיי שוין זינט יאָרן. דער גובערנאַטאָר האָט געגעבן אַ באַפעל גלייך צו צעשטערן די קראָמען אין זייער אַנוועזנהייט און פאַרטרייבן די קרעמער פון שטאָט. דער דאָזיקער פאַל האָט רוּינירט צענטליקער יידישע משפחות.

אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך מפרנס געווען פון האַנטווערקערײַ. צום מייסטן — פון שניידערײַ און קירזשנערײַ.

אָנהייבנדיק פון די צוואַנציקער יאָרן און נײַנצנטן יאָרהונדערט, זענען אין וואָלין, אויך אין לויצק און אומגעגנט, אויפגעשטעלט געוואָרן דורך יידישע קאַפּיטאַליסטן מיטעלע פאַבריקן, אין אַ נישט קליינער צאָל.

אין יאָר 1828 האָט דער ייד בערנשטיין געהאַלטן אין וואָלין 17 וועבערייען. ער איז געווען פון די גרויסע ליפעראַנטן פאַר דער אַרמיי. יעדעס יאָר פלעגט ער אַליין צושטעלן דער אַרמיי 36% פון דער געפאָדערטער וואָל פאַרן מיליטער.

די צאָל יידישע טאַבאַק־פאַבריקן איז געווען 11.

די דאָזיקע פאַבריקן האָבן באַשעפטיקט יידן אַלס אַגענטן, אויפזעער, באַאַמטע און צוגעשטעלט זייער פּראָדוקציע די סוחרים.

דער אַנטייל פון וואָלינער יידן אין אַנטוויקלען אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען איז געשטיגן אין דער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

אין יאָר 1864 זענען געווען אין וואָלין 279 פאַבריקן, דערפון 129 (46.9%) — אין יידישע הענט.

פון 39 שפּינערייען האָבן 8 געהערט צו יידן (20.5%)
" 7 פּאַפּיר־פאַבריקן — 2 " " " (28.5%)
" 5 קופּער־גיסערייען — 1 " " " (20 %)
" 19 גלאָז־הוטעס — 3 " " " (15.8%)
" 2 פאַרבערייען — 2 " " " (100 %)
" 17 טאַבאַק־פאַבריקן — 17 " " " (100 %)
" 11 שטריק־פאַבריקן — 3 " " " (27 %)
" 12 ליכט־פאַבריקן — 8 " " " (66.7%)
" 8 וואַקס און זייף־פאַבריקן — 6 " " " (75 %)
" 90 גאַרבערייען — 65 " " " (72.3%)
" 5 קאַלך־ברענערייען — 1 " " " (20 %)
" 44 דאַכלקעס־פאַבריקן — 8 " " " (18 %)
" 20 ביר־ברויערייען — 6 " " " (30 %)

אין די יאָרן 1897—1899 האָבן צו יידן אין וואָלין געהערט 409 פאַבריקן (49%), מיט אַ פּראָדוקציע־באַטרעף פון 7,315,800 רובל (30.7% פון דער גאַנצער פּראָדוקציע). עס זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט 6,544 יידישע אַרבעטער (44.3% פון דער אַלגעמיינער צאָל פאַבריק־אַרבעטער).

אויסער דעם תבואה־עקספּאָרט, וואָס איז אינגאַנצן איינגעשטאַנען אין יידישע הענט אין לויצק, איז אויך באַדייטנדיק געווען דער יידישער אַנטייל אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אינדוסטריע. אין יאָר 1897 איז אין דער וואָלינער גובערניע דער פּראָצענט יידן אין די ווייטערדיקע אונטערנעמונגען, געווען פאָלגנדיקער:

| | פּראָצענט יידן אין אַלע אונטערנעמונגען | פּראָדוקציע פּראָצענט אין די יידישע אונטערנעמונגען | פּראָצענט יידישע אַרבעטער |
|---|---|---|---|
| מילן | 23.5 | 21.9 | 35.4 |
| גאַזשעלניעס | 1.1 | 1.3 | 0.9 |
| ברויערייען | 32.5 | 18.9 | — |
| גאַרבערייען | 45.1 | — | — |
| אייל־פּראָדוקציע | 91.7 | 74.8 | — |
| זייף | 100 | — | — |
| טאַרטאַקן | 61.5 | 47.2 | 54.4 |
| צעגעלניעס | 25.9 | 15.2 | 22.6 |
| טאַבאַק־פאַבריקן | 75 | — | 16.4 |

בעת דער רוסישער הערשאַפט האָט די קהילה נישט עקזיסטירט אַלס עפנטלעכע אויטאָנאָמע קערפּערשאַפט.

אויף צו דעקן די קהילה־באַדערפענישן האָט געדינט די „קאָראָבקע", פון אירע געלטער איז געבויט געוואָרן דאָס קהילה־הויז.

אין די יאָרן 1868—1878 איז אויפגעבויט געוואָרן אַ שפּיטאָל און אַ מושב־זקנים, מיטן נאָמען הקדש, מיט 20 בעטן.

אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן אין יידישן באַזיץ זיך געפונען אַלע 5 דאַמף־מילן מיט אַ פּראָדוקציע פון 2 מיליאָן פּוד מעל און 100,000 פּוד קאַשע; פון צוויי ברויערייען — איינע מיט אַ פּראָדוקציע פון אַ האַלבן מיליאָן פעסלעך ביר; פון צוויי צעגעלניעס — איינע; פון צוויי אייזן־פאַבריקן — איינע; איין אייל־פאַבריק מיט אַ פּראָדוקציע פון 50 000 פּוד; איין וואַקס און ליכט־פאַבריק; צוויי זייף־פאַבריקן; פון דריי הייזער צו טרוקענען לייַן — צוויי; 4 פאַבריקן פון סאָדע־וואַסער; 3 דרוקערייען; פון דריי אַפּטייקן — צוויי; און פון צען מעדיקאַמענטן־סקלאַדעס — ניין.

*

דאָס גייסטיקע לעבן איז נישט אַרויס פון די ראַמען פון דער יידישער טראַדיציע.

צייט אי אַ שול, אי אַ פעסטונג־שלאָס. בכדי צו פאַרשטיין די באַדייטונג פון דאָזיקן פאַקט מוזן מיר לפּחות בקיצור באַקענען זיך מיטן געשיכטלעכן פּאַן פון דער תקופה, אין וועלכער עס איז אויפגעקומען די נויטווענדיקייט צו בויען אַ נייעם באַזונדערן טיפּ שול.

די לויצקער שול איז געבויט געוואָרן אין דער תקופה פון אַ שטאַרק־אַנטוויקלטער בויונג אין אַ ריי אייראָפּעישע לענדער, און באַזונדערס אין פּוילן. די דאָזיקע תקופה האָט אָנגעהאַלטן מער־ווייניקער פון יאָר 1580 ביז 1648 און זי איז דורך יידישע היסטאָריקער באַצייכנט געוואָרן ווי די גאָלדענע תקופה אין דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור.

נאָך די שווערע יאָרן פון רדיפות און נע ונד אין דער צווייטער העלפט זעכצנטן יאָרהונדערט, האָט דער מצב פון יידן טיילווייז זיך פאַרבעסערט. עס האָט זיך אַנטוויקלט דאָס יידישע קהילה־לעבן און די פאַרהעלטנישמעסיק גינסטיקע עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן מיטגעווירקט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור. צווישן יידן האָבן זיך פאַרשפּרייט הומאַניס־טישע וויסנשאַפטן, פילאָזאָפישע שטודיעס, העברעישע ליטעראַ־טור, מאַטעמאַטיק, מעדיצין און נאַטור־וויסנשאַפט. צוליב דעם פונאַנדערוואוקס פון די שטעט אין XVI יאָרהונדערט זענען די ביז איצטיקע הילצערנע בנינים פון יידישן קוואַרטאַל פאַרביטן געוואָרן אויף געמויערטע.

אין אָט דער תקופה וואַקסט אויס די באַדייטונג פון דער שול ווי אַ צענטער פאַרן רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג. וואָס אָן אמת, זענען די יידישע בתי תפילות ווייטער געווען באַגרענעצט אין זייער אַנטוויקלונג דורך די קירכע־פאַרשריפטן, וועלכע האָבן פאַרווערט צו בויען שולן אין דער נאָענט פון געבעט־הייזער פון אַנדערע אמונות, כדי „די אומגלויביקע זאָלן מיטן גערויש פון זייערע תפילות נישט שטערן אין די גאָטעסדינסטן". אָבער אויף וויפל די אָרטיקע באַדינגונגען האָבן דערלויבט זענען געווען באַדייטנדיקע פאַרלייכטערונגען, וועלכע האָבן דערמעגלעכט צו בויען די שולן אויף אַ העכער אָרט, אַמאָל ביי אַ פליסנדיקן טייך א.אַז.וו. אין הסכם מיטן שולחן ערוך און מיטן יידישן חוק. אין אַ ריי שטעט איז די שול נעבן קלויסטער אָדער נעבן ראָטהויז געווען אַפילו איינע פון די ווינציקע דאָמינאַנטעס אין זייער סילועט.

די מלחמות, וועלכע זענען געפירט געוואָרן אין דער העלפט פון XVII יאָרהונדערט דורך דער פּוילישער מאַגנאַטעריע און שליאַכטע אין די מזרחדיקע וואָיעוואָדזטוועס און די מורא פאַר די כסדרדיקע איבערפאַלן פון די טאַטאַרן און קאָזאַקן האָבן געצוווּנגען די אָרטיקע מאַכט אויסצובויען פאַרטיפיקאַציעס און אויסצונוצן יעדע בוי־געלעגנהייט אויף צו פאַרפעסטיקן די שטעט, באַזונדערס יענע, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף די מזרחדיקע ראַנדן פון דער פּוילישער זשעטשפּאָספּאָליטע. אַ ריי שולן, וועלכע זענען צו יענער צייט געבויט געוואָרן אין לויצק, פּינסק, טיקאָטשין א.אַ. האָבן לויטן באַפעל פון קעניג באַקומען אַ פעסטונג־כאַראַקטער. דערביי איז אויף דער יידישער באַפעל־קערונג אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט צו באַוואָרגן אָט די פעסטונג־שולן מיט האַרמאַטן און צוזשטעלן פאַרטיידיקער אין פאַל פון מלחמה.

אַזאַ איז די גענעזע פון דער גרויסער שול אין לויצק, וועלכע איז געבויט געוואָרן אין די יאָרן 28—1626 אויפן סמך פון אַ ספּעציעלער פּריווילעגיע פון קעניג זיגמונט דעם דריטן. אין הסכם מיט אָט דער פּריווילעגיע, (וועלכע איז אין יאָר 1896 אָפּגעפונען געוואָרן דורך מ. בערסאָן אין קעניגלעכן מעטריקע־אַרכיוו און דורך אים אָפּגעדרוקט געוואָרן אין זעלבן יאָר אין „באַריכט פון דער קאָמיסיע צו פאָרשן געשיכטע און קונסט"), האָבן די לויצקער יידן באַקומען די רעכט צו בויען אַ געמויערטע שול אויפן זעלבן אָרט ווו ס'איז פריער געווען די הילצערנע שול — מיטן תנאי, אַז איבער די געוועלבונגען וועט מען קאָנען איינלאַקירן זעלנער און אַפילו אוועקשטעלן האַרמאַטן.

די זיכערקייט־סיטואַציע פון דער שטאָט ביי די מזרח־גרענעצן, אין אַ געביט, וואָס איז געווען כסדר אויסגעשטעלט אויף מלחמה־אומרוען — האָט באַרעכטיקט די אויבנדערמאָנטע פאָדערונג פון קעניג. אויך דאָס אויסבויען אַ טורעם אויף איינעם פון די שפּיצווינקלען איז אַרויסגעפלאָסן פון די זעלבע זיכער־קייט־טעמים.

פון די זעלבע מקורות דערוויסן מיר זיך, אַז קורץ פאַרן פאַרענדיקן בויען די שול האָבן די מאָנאַכן פון דערנעבנדיקן דאָמיניקאַנישן מאָנאַסטיר אַריינגעטראָגן אַן אָנקלאָג צום קעניג, אַז די שול איז נישט אויסגעבויט געוואָרן אין הסכם מיטן באַשלוס פון קאַטוילישן סינאָד, ד.ה. — אַז זי איז צו־נאָענט







פּלאַן און קווערשניט פון דער גרויסער שול אין לויצק.
אין די שטריכן — דאָס אָרט פונעם טורעם.

פון קלויסטער און דערפאַר האָבן זיי געפאָדערט איבערצורייסן דאָס בויען די שול.

אָבער די פּאָליטישע סיטואַציע פון דער שטאָט, וועלכע איז געווען אויסגעשטעלט אויף מלחמה־געפאַרן, האָט פאַרלאַנגט אַ מער־ניכטערן צוגאַנג צום ענין. אין רעזולטאַט דערפון איז דער אָנקלאָג פון דאָמיניקאַנער־אָרדן אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורכן קעניג און זיינער אַ נייער באַפעל האָט דערמעגלעכט די לויצקער יידן צו פאַרענדיקן בויען דעם אָביעקט, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ פאַרטיידיקונג־כאַראַקטער. עס זענען אָבער פאַראַן געוויסע ספיקות צי די לויצקער שול איז פאַקטיש אויסגעבויט געוואָרן אינגאַנצן, פון די פונדאַמענטן, אויפסניי.

אין דער אויספירלעכער אַרבעט פון מיין פאָטער אליעזר פטיץ ע״ה וועגן דער געשיכטע פון יידן אין דער שטאָט לויצק, אַן אַרבעט, וועלכע איז געשטיצט אויף ערנסטע היסטאָרישע מקורות, איז פאַראַן אַ פראַגמענט, וואָס איז דורך אים איינגעשריבן געוואָרן אין פנקס פון דער גרויסער שול. דאָרט לייענען מיר, אַז זיגמונט דער דריטער, דער קיסר של חסד, האָט געשענקט די יידן דעם אַלטן אַרסענאַל — וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן נאָך אין די צייטן פון קעניג וויטאָלד אין יאָר 1380 — כדי צו פאַרוואַנדלען אים אין אַ שול. דער דערמאָנטער אַרסענאַל האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ טייל פון די פאַרטיידיקונג־מויערן, מיט וועלכע ס׳איז געווען אַרומגערינגלט דער אַלטער טייל שטאָט. אָט דער שטאָט־טייל האָט זיך געפונען ווי אויף אַן אינדזל, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיטן טייך סטיר.

לויט אַנדערע באַגלויבטע מקורות האָט פון דער שול געפירט אַן אונטערערדישער טונעל לענגאויס דעם מזרחדיקן טייל שטאָט. דער טונעל האָט פאַרבונדן דעם קאַטוילישן קלויסטער, דעם ליובאַרט־שלאָס, דעם דאָמיניקאַנער מאָנאַסטיר, דעם פּראַוואָסלאַוונעם סאָבאָר — אַזש ביז דער געביידע פון דער גבעוו. וואָיעוואָדזטווע. אויף אַזאַ אופן האָט די שול, וועלכע איז געווען איינגעשלאָסן אינעם פאַרטיידיקונגס־סיסטעם פון דער שטאָט אויפן אינדזל, געקאָנט לייכט אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד דעם שונא בעת אַ באַלאַגערונג, און גלייכצייטיק, מיט דער הילף פון אָט דעם טונעל, אָנהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער טייל שטאָט, וועלכע געפינט זיך אויסערן אינדזל. איבעריקנס, דער פאַרטיידיקונג־כאַראַקטער פון דער שול, די אַרכיטעקטור פון טורעם, וועלכע שיידט זיך אונטער אין אַ געוויסער מאָס אין איר פאָרם פון אַנדערע טיילן שול, און אויך די פאָדערונג פון קעניג זיגמונט דעם דריטן, אַז די שול זאָל נישט פאַרלירן איר פאַרטיידיקונג־פונקציע — רופן אַרויס די השערה, אַז די נייע שול איז איבערגעבויט געוואָרן פון אַלטן אַרסענאַל.

אָט די איבערצייגונג מיינע ווערט באַשטעטיקט דורך דער פאָרם פון טורעם, וועלכע איז לויט איר אַרכיטעקטור נאָענט צו דער אַרכיטעקטור פון די טורעמס אין ליובאַרט־שלאָס. די שווערקייט פון דער פאָרם, דער אופן פון פילאַסטרירן דעם טורעם און זיין פאַרענדיקטקייט זאָגן עדות וועגן דער קרובה־שאַפט פון זיין אַרכיטעקטור מיט דער אַרכיטעקטור פונעם ליובאַרט־שלאָס, וועמענס אַנטשטיין דאַטירט זיך פון XIV—XV יאָרהונדערט. שוין דער פאַקט, וואָס במשך די 300 יאָר זינט די שול עקזיסטירט, האָט מען נישט געטינקעוועט דעם טורעם, הגם דער בנין גופא פון דער שול איז שטענדיק געטינקעוועט געוואָרן, זאָגט עדות וועגן דער טענדענץ אונטערצושטרייכן די אַרכיטעקטאָנישע אַנדערשדיקייט און באַזונדערקייט פונעם טורעם — וואָס עס רירט אָבער נישט אָן די פלאַנמעסיקע איינהייט און די אַבסאָלוטע האַרמאָניע פון די באַזונדערע טיילן בנין.

נאַטירלעך, אַז איך פאַרמעסט זיך דאָ נישט צו מאַכן ווייטגייענדיקע אויספירן וועגן דער ריכטיקייט פון דער אָדער אַנדערער ווערסיע וואָס שייך דעם אַנטשטיין פון דער שול. זאָלן דערמיט זיך פאַרנעמען מער קאָמפּעטענטע קונסט־היסטאָריקער. איך וויל בלויז באַווייזן, אַז די ווערסיע, וואָס איז אַרויסגערוקט געוואָרן דורך מיין פאָטער ע״ה נאָך אין דער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט אין זיין אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון יידן אין לויצק — איז נישט קיין אומבאַגרינדעטע.

פון מיין קינדהייט געדענק איך, אַז אין שטאָט האָט מען גערעדט וועגן דער עקזיסטענץ פון אונטערערדישע דורכגענג פון דער שול צום ליובאַרט־שלאָס און צום קלויסטער. מייגע עלטערע ברידער האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן צוזאַמען מיט זייער שול־קלאַס באַזוכט די דורכגענג מיט ליכטלעך אין האַנט. זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף פאַרשאָטענע אונטערערדישע קאָרידאָרן און דערפאַר זענען זיי געווען געצוווּנגען איבערצורייסן דעם ווייטערדיקן גאַנג.

אויף דער רוים־געשטאַלטיקונג פון דער לויצקער שול האָבן משפיע געווען די דעמאָלט הערשנדיקע שטראָמען אין סינאַגאָגע־בוי אויף דער וועלט (אָנהייב פון XVII יאָרהונדערט). די עלטסטע באַקאַנטע אייראָפּעיִשע שולן אין וואָרמס (פון יאָר 1180) און רעגנסבורג (1227) זענען באַשטאַנען פון צווייריאַיקע האַלעס מיט 6 (אין וואָרמס) אָדער 8 (אין רעגענסבורג) געוועלבונג־טיילן. ערשט צום סוף זעכצנטן יאָרהונדערט האָט אָנגעהויבן אויפקומען אַ נייער טיפּ שול מיט 9 געוועלבונגען. די 9 שטחדיקע לייזונג איז באַשטאַנען אין אַריינפירן אינמיטן פון קוואַדראַט־זאַל 4 זיילן, וועלכע האָבן אונטערגעהאַלטן די געוועלבונג. אויף אַזאַ אופן האָט מען באַקומען די מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן דעם פאַרנעם פון זאַל און במילא — זיין אויפנעם־פעיקייט. די איינגעפירטע געוועלבונג־קאָנצעפּציע האָט געשאַפן אַן איינהייטלעכע פונאַנדערטיילונג פון אַלע פיר ווענט, פון וועלכע יעדע איינע האָט זיך געטיילט אויף 3 חלקים. גלייכצייטיק האָבן דער ארון־קודש און די בימה באַקומען זייערע פעסט־באַשטימטע און אַרומגעצוימטע ערטער: דער ארון־קודש — אין דער מיטעלער טייל פון דער מזרח־וואַנט, און די בימה — אין מיטעלן שטח פון זאַל. די פיר זיילן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די בימה, האָבן אונטערגעשטראָכן איר באַזונדערע באַדייטונג.

אויף דעם אופן איז אַנטשטאַנען אַ מאָנומענטאַלע אינערלעכקייט מיט אַ שטאַרק־אַקצענטירטן צענטער, און דאָס — אָן צו אָנווענדן אַ קופּאָל, וועלכער וואָלט געמוזט משפיע זיין אויף פאַרגרעסערן די הייך און דאָס וואָלט געווען אַ סיבה פאַר אַ קאָנפליקט מיטן קלויסטער און מיט די מלוכה־אָרגאַנען.

דאָס איז נישט געווען קיין צופעליקע לייזונג. טאַקע אין יענער תקופה האָט זיך געענדערט דער צוגאַנג צו דער ראָל פון דער שול אין דער יידישער געזעלשאַפט. טאַקע דאָס שטעלן אַ גלייך־צייכן צווישן דעם באַגריף פון רעליגיע און געזעץ, דאָס לייגן דעם הויפּט־געוויכט אויף לערנען און דרשהנען, און נישט אויף דאַווענען — האָט אויסגעפאָרעמט דעם נייעם טיפּ



די גרויסע שול

9־שטחדיקע שול, ווו טאַקע די בימה האָט אויסגעפילט די ראָל פון אַ טריבונע, און נישט דער ארון־קודש. דאָס האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפעה אויף דער אַרכיטעקטאָנישער לייזונג פון זאַל. דער פּרינציפּ פון אַוועקשטעלן די בימה אויף אַן אויפהייבונג, מיט אַ שולחן פאַר דעם תורה־לייענען, אַזוי, אַז דער וואָס רעדט זאָל קאָנען לייכט באַהערשן די אוידיטאָריע, האָט דעצידירט וועגן דעם טיפּ שול. דאָס האָט באַקומען זיין פול־קאָמען אויסדרוק אין דער לויצקער גרויסער שול.

די נויטווענדיקייט צו קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט אויף צוויי פאַרשידענע פּונקטן האָט אַרויסגערופן די באַדערפעניש צו בייטן דעם איינשטעל פון די בענק. דערפאַר פלעגן פון אָנהייב די בענק אין דער לויצקער שול ווערן אָפט איבערגערוקט — מיטן אויסנאַם פון יענע בענק, וועלכע זענען געשטאַנען ביי דער מזרח־וואַנט און ביי דער בימה. ערשט אין די צוואנציקער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט זענען, לויט דער איניציאַטיוו פון די דעמאָלטדיקע גבאים אברהם גליקליך, יצחק קרוין און אַנדערע, געוואָרן אַוועקגעשטעלט באַשטענדיקע שיין־געשניצטע הילצערנע בענק. אויך די אינעווייניקסטע אַרכיטעקטאָנישע אויסשטאַטונג איז דאַן געוואָרן געענדערט און פונאַנדערגעבויט.

צו דעם רייך־געפאָרעמטן ארון־קודש אין דער לויצקער גרויסער שול האָבן געפירט טרעפּ מיט אַ בריקל, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט פון אַן אייזן־געשמידטע באַלוסטראַדע מיט אַ זיך פאַרמאַכנדיקן אַריינגאַנג. נעבן די טרעפּ זענען געווען צאָקאָלן פאַר די לייכטער. פון רעכטס זענען געווען די אַכט־רעריקע מנורה מיט אַ ניינטער רער פאַר אַ „שמש" און אויך דער עמוד פאַרן חזן. דער דיל פון דער בימה איז געווען אויפגעהויבן אויף עטלעכע טרעפּלעך. די זיילן, וועלכע האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם מיטעלן געוועלבונג־שטח — ווי זיי וואָלטן אונטערגעשטראָכן די באַזונדערע באַדייטונג פון דער בימה — איז געווען אַן עלעמענט, וואָס איז אַרכיטעקטאָניש און קאָנ־סטרוקציאָנעל אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער גאַנצער אינער־לעכקייט.

אין דער לויצקער שול זעען מיר, ווי די אויבנדערמאָנטע טענדענצן אונטערצושטרייכן די צענטראַלקייט האָבן געפונען זייער פולקאָמסטן אויסדרוק. דאָס באַווייזט דער אופן פון דעקן דעם זאַל מיט אַ מאָנאַסטיר־געוועלבונג, די איינהייטלעכע פונאַנדער־טיילונג פון די ווענט א. אַז. וו. נאַטירלעך זענען די אַרכיטעק־טאָנישע פאָרמען פון דער לויצקער שול נישט קיין אַבסאָלוט אַליין־געשאַפענע. מסתמא זענען דאָרט פאַראַן שפּורן פון דער וועלטלעכער אַרכיטעקטור אין XVI יאָרהונדערט מיט אירע שווער־מאַסיווע, כמעט פעסטונג־אַרטיקע ברילעס, פאַרבונדן מיט דער גאָטישער און רענעסאַנס־ריכטונג פון דער דעמאָלטדיקער

פוילישער אַרכיטעקטור. אָט די פאַרבינדונג האָט אויך׳ אַ שייכות צו דער בוי־טעכניק און צו די אַרכיטעקטאָנישע פאָרמען.

אָבער נישט אַלע פליגלען פון דער גרויסער שול האָבן דעם זעלביקן היסטאָרישן ווערט. אַזוי למשל שטאַמען נישט די עזרת נשים און דאָס פאָדערהויז פון דער זעלבער צייט וואָס דער אַלגעמיינער זאַל. זיי זענען געוואָרן שפּעטער צוגע־בויט און זיי זענען נישט אָרגאַניש געבונדן מיט דער גאַנצקייט פון דער שול. זיי מאַכן אַפילו קאַליע די ריינע ליניע פונעם הויפּט־זאַל. אָבער די צוגעבייען זענען נייטיק געווען אין שייכות מיט די ענדערונגען אין די אַמאָליקע אָנשויונגען פון ציבור און צוליב דער נויטווענדיקייט צו דערמעגלעכן אויך פאַר די פרויען אַ צוטריט צו דער שול. פון דאַנען נעמט זיך אויך דאָס שפּעטערדיקע דורכהאַקן עפענונגען צום הויפּט־זאַל און דאָס פאַרשטעלן זיי מיט שטאַכעטן, קראַטן א. אַז. וו. בלויז די מזרח־וואַנט איז געבליבן אָן שום צוגעבוי און דערפאַר האָט בלויז דער מזרח־פּאַסאַד איינגעהיט די ערשטיקע עלאָוואַציע־פאָרם פון דער לויצקער שול.

אויף אָט דעם פּאַסאַד זעען מיר די טענדענץ צו אַ האָריזאָנ־טאַלער טיילונג פון די ווענט, צו באַצירן די אַטטיק מיט אַ רייכן אַרקאַרטור־פריז, וואָס נעמט אַרום דעם זאַל איבער די פענצ־טער, כדי דערמיט אַרויסצוברענגען כלפּי חוץ די אינערלעכע סטרוקטור.

דער אופן פון געשטאַלטיקן די ברילעס פון הויפּט־זאַל איז טיפּיש פאַר דער לייזונג פון דער אַרכיטעקטור אין XVI יאָר־הונדערט. די אַטטיק איז געפאָרעמט אויף אַן ענלעכן אופן ווי אין דער וועלטלעכער בויונג פון יענער תקופה. כאַראַקטע־ריסטיש דערפאַר זענען דאָס פּילאַסטרירן די ווענט אָנשטאָט זיי אונטערצושפּאַרן און דאָס פאַרגרעסערט דעם אויסמעסט פון די פענצטער. דער טורעם, וועלכער איז אַוועקגעשטעלט אויף איינעם פון די ווינקלען, זאָגט עדות וועגן דער ספּעציעלער פאַרטיידיקונג־ראָל פון דער שול.

די פּראָיעקט־אויטאָרשאַפט פון דער לויצקער שול, ווי פון אַנדערע שולן פון דעם טיפּ, איז ביז איצט נישט געוואָרן פעסט־געשטעלט. אָבער די שייכותן, וועלכע מען קאָן באַמערקן צווישן די באַזונדערע אָביעקטן פון דער זעלבער צייט (אין לוואָוו,



דער אינעווייניקסטער אויסזען פון דער גרויסער שול

אָסטראָג), באַווייזן, אַז די פּראָיעקט־געבער זענען געווען די זעלבע.

די שול־אַרכיטעקטור פון יענער תקופה, און באַזונדערס געוויסע פון אירע שאַטירונגען, ווי למשל די לויצקער שול, מאַכן דעם איינדרוק ווי אַ קאָנצעפּציע פון אַ גרויסן אַרכיטעקט וואָלט באַאַרבעט און רעאַליזירט געוואָרן דורך נישט־דורכ־שניטלעכע האַנטווערקער. עס זענען געווען באַקאַנט עטלעכע איטאַליענישע אַרכיטעקטן, וועלכע האָבן געבויט שולן אין XVI יאָרהונדערט. אָבער די אויטאָרן פון שולן, וועלכע שטאַמען פון XVII יאָרהונדערט, איבערהויפּט פון זיין ערשטער העלפט, זענען אומבאַקאַנט.

יידישע שול־בויער באַווייזן זיך ערשט צום סוף פון XVII יאָרהונדערט און מער נאָך — אין XVIII יאָרהונדערט. דאָס שליסט אָבער נישט אויס די מעגלעכקייט, אַז אויך אין די פריערדיקע תקופות אין פּוילן זענען געווען יידישע בויער.

✶

אין משך פון הונדערטער יאָרן האָט די לויצקער גרויסע שול געטיילט דעם גורל פון דער שטאָט און פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַלע קאַטאַקליזמען און אומגליקן, וועלכע האָבן געטראָפן דער שטאָט, האָבן זיך אָפּגערופן אויפן בנין פון דער שול. אין יאָר 1810, בעת אַ שרפה האָט אַרומגעכאַפּט די מער־הייט הייזער אין שטאָט, איז אויך די שול געוואָרן פאַרברענט. אַדאַנק דער פרייגיביקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז די שול שנעל אָפּגעבויט געוואָרן. אָבער בעת די שרפות אין די יאָרן 1845 און 1869 האָט די אינעווייניקסטע איינריכטונג פון שול ווידער געליטן. מען האָט צונויפגעזאַמלט באַדייטנדיקע סומעס געלט צווישן יידן און אין יאָר 1876 האָט מען דער־פירט די אינערלעכקייט פון דער שול צום אַמאָליקן צושטאַנד. אין יאָר 1866 איז דער בנין געוואָרן רעסטאַווירט ביים אַקטיוון אָנטייל פון גבאי שלמה ברוך קרישטאַלקאָ. צווישן די נדבנים האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די לויצקער פרוי מרים סאָראָקאַ.

אויך דער לעצטער טראַגישער אַקט פון די לויצקער יידן האָט נישט אויסגעמיטן די שול. די דייטשישע באַרבאַרן האָבן לחלוטין זיך נישט גערעכנט מיט דעם קולטור־היסטאָרישן ווערט פון דער לויצקער שול. נאָך דעם אַדורכפירן זייערע רוצחישע מעשים איבער דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג אין לויצק האָבן זיי רויִנירט די אַלטע היסטאָרישע שול און פאַרוואַנדלט זי אין אַ מאַגאַזין פאַר די צוגערויבטע חפצים פון די דער־מאָרדעטע יידן.

א. רעכטמאַן

# ר׳ וואָלפס בית־מדרש אין לויצק

אין לויצק איז פאַראַן אַ בית המדרש, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון „רבי וואָלף הקדוש״. ווען מיר האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכצופרעגן ווער ס׳איז געווען דער רבי וואָלף, וואָס האָט זוכה געווען צו דער מדרגה פון „קדוש״, און אַז אַ בית מדרש זאָל אָנגערופן ווערן אויף זיין נאָמען — האָט מען אונדז געפירט אויפן אַלטן בית עולם, און דער קברות־מאַן האָט דאָרט אָנגעוויזן אויף אַ שטיינערנער מצבה, אויף וועלכער מען האָט קוים געקאָנט דעשיפרירן אָט דעם עפּיטאַף:

ציון מערה לאחד קדוש שמת מיתה אכזרית קבל
יסורים אכזריים וקידוש השם המיוחד, התורני
וואָלף במהור״ר טובי׳ עלה למרום ביום שבת
ודינו קבל במרה כ״ה תמוז תקכ״ב תנצב״ה.

איז אָט וועגן דעם רבי וואָלף האָבן מיר געהערט צוויי פאַרשידענע לעגענדעס וואָס אונטערשיידן זיך אין תוך איינע פון דער אַנדערער, אָבער ביידע ווערסיעס פאַרענדיקן זיך מיטן זעלבן מאָטיוו פון קידוש־השם.

לויט לעגענדע נוסח א׳, איז רבי וואָלף געווען אַ פרומער למדן און דערצו אַ גרויסער בקי אויך אין ספרים חיצוניים. ער האָט אויך געקענט עטלעכע לשונות. לויצקער גלחים האָבן זיך מיט אים אָפט עפנטלעך מתווכח געווען אין ענינים פון



דער קבר פון ר׳ וואָלף הקדוש

אמונה. ער האָט אָבער, מיט זיין גרויס געלערנטקייט און פקחות, זיי מנצח געווען, און די גלחים זענען אַלע מאָל געבליבן צו שפּאָט און צו שאַנד. די שטענדיקע נצחונות זיינע האָט די גלחים שטאַרק געערגערט, האָבן זיי דעריבער גע־זוכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט, ווי אַזוי זיך אין אים נוקם זיין.

אין לויצק האָט מען געהאַט אויפגעבויט אַ נייעם קלויסטער. זענען זיך צו דער פייערונג פון חנוכת הקלויסטער צונויפגעפאָרן באַרימטע גלחים און הויכגעשטעלטע גייסטלעכע. האָבן זיך די לויצקער גלחים באַקלאָגט פאַר די געסטגלחים אויף דעם אומבאַזיגבאַרן רבי וואָלף און מיט זיי זיך שואל־עצה געווען, ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַן אופן אים צו באַזיגן. איז ביי זיי אַלעמען געבליבן בעצה אחת, אַז מען זאָל ווידער אַרויסרופן רבי וואָלף אויף אַן עפנטלעכן וויכוח. דאָס מאָל אָבער, וועלן זיי, די פרעמדע גלחים מיט זייער גרויסער חכמה, צונויפשטעלן אַ לאַנגן צעטל מיט שווערע שאלות און האַרבע קשיות. דערצו נאָך וועלן זיי אַליין זיך באַטייליקן אינעם וויכוח, פאַרוואַרפן רבי וואָלף מיט אַ סך שווערע און פאַרפלאָנטערטע פראַגעס און אים אַזוי צעטומלען און פאַרדרייען דעם קאָפּ, אַז ער וועט שוין נישט וויסן וואָס צו ענטפערן.

האָבן זיי טאַקע אַזוי געטאָן. מ'האָט ווידער אויפגעפאָדערט רבי וואָלפן צו קומען צו אַן עפנטלעכן וויכוח, און ווי אַלע מאָל האָט רבי וואָלף אויך דאָס מאָל באַוויליקט צו קומען.

אין מיטן מאַרק איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ הילצערנע הויכע בימה. און אין אַ באַשטימטן זונטיק, נאָך האַלבן טאָג, זענען זיך צונויפגעפאָרן פון די אַרומיקע שטעט און דערפער אַ גרויסע צאָל פויערים און פויערטעס, וואָס זייערע גלחים האָבן זיי געלאָזט וויסן וועגן דעם זעלטענעם וויכוח. צו דער באַשטימטער צייט זענען אַרויפגעקומען אויף דער בימה די באַרימטע געסט־גלחים, אויסגעצירטע אין פולן פראַכט פון זייערע רעליגיעזע בגדים, זיך אויסגעזעצט אין אַ חצי־עיגול. ס'איז אויך געקומען רבי וואָלף, וועמען זיי האָבן אַריינגענומען צווישן זיך אינמיטן — און דער וויכוח האָט זיך אָנגעהויבן.

שעהן האָט זיך דער פאַרביטערטער ווערטער־קאַמף געצויגן און לסוף האָט אויך דאָס מאָל רבי וואָלף אַלעמען מנצח געווען.

פאַרשעמטע זענען געבליבן די דערהויבענע געסט־גלחים, פאַרשעמטע בפני כל עם ועדה.

האָבן זיי, די דערצערנטע הארן, מיט ברענענדיקן כעס, צוזאַמען מיט די לויצקער גלחים, אָנגעהויבן צו זוכן אַ וועג, ווי אַזוי, נישט בלויז זיך נוקם צו זיין אין רבי וואָלף, נאָר אויך פון אים אינגאַנצן פטור צו ווערן, כדי נישט דאַרפן מער ליידן פון אים קיין חרפות און בזיונות.

✶

אין פוילן איז צו יענער צייט געווען אַזאַ משונהדיק געזעץ: אַז אויב מען האָט ביי עמעצן אין הויז געפונען אַ טויטן חזיר, וואָס איז נישט געווען זיינער, איז דער, ביי וועמען מען האָט דעם חזיר געפונען, מחויב געווען צו געבן דעם חזירס אייגנטימער אַזויפיל הירזש, וואָס זאָל קאָנען צודעקן די נבלה פון חזיר ווען מען שטעלט אים אויף די הינטערשטע פיס. אויב דער שולדיקער איז נישט ביכולת צוצושטעלן אַזויפיל הירזש — דאַרף מען אים אַריינזעצן אין תפיסה, און די ריכטער זאָלן אַרויסטראָגן קעגן אים אַ שטראָף. די ריכטער האָבן געהאַט דאָס רעכט צו פאַרמשפטן אים אפילו צום טויט.

און אָט דעם געזעץ האָבן די גלחים באַשלאָסן אָנצוווענדן קעגן רבי וואָלף. ווייל געוווּסט האָבן די רשעים גאַנץ גוט, אַז רבי וואָלף איז אָרעם, וועט ער דאָך געוויס נישט קאָנען נאָכקומען די פאָדערונגען פון געזעץ, צוצושטעלן אַזויפיל הירזש, וועט מען אים דאָך אַריינזעצן אין תפיסה, און אַז ער וועט זיין אין זייערע הענט, וועלן זיי שוין פועלן ביי די שופטים מען זאָל פון אים אינגאַנצן פטור ווערן.

און כך הווה: מען האָט געקוילעט אַ גרויסן חזיר און אים ביינאַכט אַריינגעוואָרפן צו רבי וואָלף אין שטוב אַריין. ווען רבי וואָלף האָט אויפגעוואַכט פון שלאָף, האָט ער געפונען די נבלה פונעם חזיר ביי זיך אין הויז. איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט זענען געקומען די היטער פון געזעץ און אים אָפּגעפירט אין תפיסה אַריין.

האָט מען ביי אים געמאָנט די פולע מאָס הירזש, ווי דאָס געזעץ פאָדערט — און ער האָט דאָס נישט געקאָנט צושטעלן, האָבן די שופטים, אונטערגעקויפטע פון די גלחים, אים פאַרמשפט צו תליה.

איידער מען האָט אים אויפגעהאָנגען האָט מען אים געגעבן די ברירה, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין אמונה, וועט מען אים שענקען דאָס לעבן. האָט רבי וואָלף זיך מוסר נפש געווען אויף קידוש השם, און זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען אויף דער תליה מיט „אחד".

עד כאן לעגענדע נוסח א'.

✶

די לעגענדע נוסח ב' דערציילט, אַז מען האָט אויף די לויצקער יידן געמאַכט אַן עלילת־דם. מ'האָט אונטערגעוואָרפן אין דער גרויסער שול אַ טויט קריסטלעך קינד און געפאָדערט פון די יידן, אַז אין משך פון אַ חודש צייט זאָלן זיי אַרויסגעבן דעם שולדיקן. אויב זיי וועלן דאָס נישט באַוויזן צו טאָן, וועט מען זיי אַלע אומברענגען.

האָבן די יידן מתפלל געווען אין אַלע מקומות קדושים, גוזר תענית געווען, זיך משתטח געווען איבער קברים פון צדיקים און קדושים, געקליבן געלט און זיך משתדל געווען ביי דער מאַכט — אָבער אומזיסט. די שופטים מיט די גלחים בראש האָבן מיט גרויס אכזריות זיך געהאַלטן ביי זייער עקשנותדיקער פאָדערונג — אַרויסצוגעבן דעם „שולדיקן".

ווען דער טערמין איז געווען אַריבער — אין אַן ערב שבת, ווען דער רב מיט זיין גאַנצער עדה יידן זענען געווען אין מרחץ — האָבן זעלנער אַרומגערינגלט די באָד, זיך אַריינגעריסן אינעווייניק און דערקלערט, אַז אויב מ'וועט באַלד, דאָ אויפן אָרט, נישט אַרויסגעבן אָדער ברענגען דעם שולדיקן, וועט מען אונטערצינדן די באָד פון אַלע פיר זייטן.

האָט זיך פון צווישן עולם אַרויסגערוקט רבי וואָלף, איז צוגעקומען צו דער פאָליציי און געמאָלדן, אַז ער איז דאָס דער, וועמען זיי זוכן. ער האָט דערמאָרדעט דאָס קריסטלעכע יינגל. האָבן די פאָליציאַנטן, באין ברירה, אים אַרעסטירט און די לויצקער יידן זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פונעם טויט.

רבי וואָלף האָט מען שנעל פאַרמשפט צו תליה און אים אויפגעהאָנגען אין מיטן שטאָט.

דער סוף פון ביידע נוסחאות זאָגט, אַז די לויצקער יידן האָבן רבי וואָלף געבראַכט צו קבר ישראל אויפן אַלטן בית החיים, אים געקרוינט מיטן נאָמען קדוש און געשטעלט די אויבנדערמאָנטע מצבה. און אויפן אָרט ווו ס'איז געשטאַנען די תליה (אָדער ווו עס איז פאָרגעקומען דער וויכוח) האָט מען

שפעטער אויסגעבויט אַ בית המדרש און עס גערופן אויף זיין נאָמען לזכר עולם.

✶

דער זעלבער קברות־מאַן וואָס האָט אונדז געפירט צו דער מצבה פונעם קדוש רבי וואָלף, האָט אונדז אויך אָנגעוויזן אויף גאָר אַלטע מצבות, וואָס אויף אייניקע פון זיי האָט מען געקאָנט זען דעם פרט פון די יאָרן תכ״ב (1662), תכ״ח (1668) און תפ״ב (1672). ער האָט אונדז אויך געפירט צו אַן „אוהל״ פון צוויי ברידער צדיקים: ר׳ יצחק אייזיק בן הצדיק ר׳ ברוך, נפטר בשנת תקפ״ו (1726) און ר׳ יהושע־העשל בן הצדיק ר׳ ברוך, נפטר בשנת תיר״א (1851). אינעווייניק אינעם שטיבל איז נאָך געשטאַנען דער שטענדער, אויף וועלכן ר׳ יצחק אייזיק האָט געלערנט.

משה גליקליך

# זכרונות וועגן לויצק

(פראַגמענטן)

ר׳ בעריש וויינשטאָק איז געווען אַ ייד פון מיטעלער וווקס מיט אַ קאַנטיק ווייס בערדל, צוגעשוירן מיט צוויי שפּיצן: אויף רעכטס און אויף לינקס. אויף דער לענגלעכער. אָדערדיקער און אַ ביסל פליישיקער נאָז פלעגט ער זייער אָפּט אַרויפוואַרפן די פּענסנע, בכדי אַזוי אַרום צו פאַרמאַסקירן דאָס קאָסאָקען פון איין אויג. אייראָפּעיש געקליידט — פלעגט ער דעם בויך טראָגן אַ ביסל פאָרויס און געהאַט אַ זיכערן טראָט פון אַ מענטשן, וואָס פאַרשטייט אָפּצושאַצן דעם אייגענעם ווערט.

ר׳ בעריש איז געווען אַ „משכיל״, ד.ה. אַ משכיל נישט אין בילדונג, נאָר אין דער הנהגה: דעם בן־יחיד זיינעם האָט ער געלערנט אויף פּראָוויזאָר, אין דער היים פלעגט ער גיין אָן אַ היטל, ער האָט געקאָנט מאַכן אַ כוסע מיט פּריצים און טאַקע כאַפּן מיט זיי אַ קערטל אויך.

צו דער דאָזיקער פאָרשריטלעכקייט האָט אים, קאָן זיין, געבראַכט נישט אַזוי ווייט זיינע איבערצייגונגען, ווי די פּרנסה.

ער האָט געהאַט אַ וויינשענק. היות קיין רעסטאָראַנען מיט „קלובן״ זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען, פלעגט טאַקע זיין שענק זיין אַ בית־ועד פאַר אַלע פּריצים און „אוזשענדניקעס״, צוליב וואָס ער איז געוואָרן אַ שטיקל קרוב־למלכות.

די עובדה פון ר׳ בערישן אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט איז געווען צו זיין אַ דעלעגאַט פון דער יידישער באַפעלקערונג ביים אינספּעקטאָר פּאָדאַטקאָווי. מ׳דאַרף מודה זיין, אַז זיין שליחות פלעגט ער אויספירן באמונה שלימה.

ווי אַ לייב פלעגט ער פאַרטיידיקן אָרעם און רייך און דאָס — גאַנץ אומגעבעטן און אָן קיין שום טובת הנאה פאַר זיך. דאָרט ווו ער האָט נישט געקאָנט איבערצייגן דעם אינספּעקטאָר מיט ווערטער, פלעגט ער אים איבערצייגן מיט אַ גלעזל ווייַן. און טאַקע ביי אים אין וויינשענק פלעגן אַלע פּראָטאָקאָלן ווערן צוניפגעשטעלט, איבערגעמאַכט און אפילו אינגאַנצן אַנולירט.

ער אַליין פלעגט וועגן זיך זאָגן: „מ׳וועט נאָך אַמאָל קומען צו מיר אויפן קבר און אָנווייזן, אַז דאָ ליגט דער צדיק ר׳ בעריש וויינשטאָק. אויף דער קשיא: פון וואַנען וועט מען וויסן ווו מיין קבר געפינט זיך? — איז דאָ אַ תירוץ: מ׳וועט מיך דערשמעקן, מחמת ס׳וועט זיך פון מיר טראָגן אַ שטאַרקער ריח פון בראָנפן און וויין״...

✶

די גאַסן „סקאָרופּקא״ און „ווּעסאָלא״ האָבן זיך דעמאָלט נאָך נישט געהאַט אויסגעקריסטאַליזירט. זיי זענען געווען מער נישט ווי סטעזשקעס און הינטערגעסלעך, דורך וועלכע די איינ־ווױנער פון ווילקע (באָל. כראַברי), גייענדיק דורך שענקעווי־טשאַ, פלעגן זיך פאַרקירצן דעם וועג קיין קראַסנע... שוין אָפּגערעדט, אַז „וואָלנאָשטש״ האָט לגמרי נישט עקזיסטירט; דאָס איז געווען אַ נישט־פאַרבויטער פּלאַץ, וועלכער האָט אַמאָל געהערט צו גיטעלע ליכטנפעלד ע״ה. און שפּעטער אַריבער בירושה צו די קרוינשטיינס.

פּונקט אַזוי האָבן אויך נישט עקזיסטירט: די אנסקי־גאַס, טשאַצקיעגאָ, סענאַטאָרסקא — פון וועלכע ס׳איז נאָך אפילו קיין סימן נישט געווען.

אָנהייבנדיק כמעט פון דער „פאָרשטאָטישער״ שול, האָבן ביידע זייטן פון דער שענקעוויטשאַ־גאַס פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ לאַנגן סאָד, אין וועלכן ס׳האָבן זיך צווישן די ביימער באַהאַלטן עטלעכע הייזער.

איך זאָג עטלעכע, ממש, ווייל אויף דער רעכטער זייט (אין דער ריכטונג מיטן פּנים קיין צפון) זענען אַ חוץ ר׳ יחיאל איינבינדערס שטוב און נאָך אַ כאַלופּע, געשטאַנען אַ פּאָר הילצערנע הייזער, וואָס האָבן געהערט צו ריוועלע „פּאָליאַק״ און שפּעטער — צו איר זון ר׳ הירשל ראָזנצווייג.

אויף דער לינקער זייט, ביז צום אַלטן בית־עולם, האָבן זיך געפונען בס״ה פינף הייזער, וועלכע זענען געווען דאָס אייגנטום פון אַדוואָקאַט וואַרדענסקי און דער גוט־באַזיצערין אָלגאַ איוואַנאָוונאַ פּאָלאַנסקאַ. ביי דער לעצטער אין הויז איז געווען איינגעלאָקירט דער דעמאָלטדיקער א.ג. שטאָטישער שפּיטאָל (גאָראָדסקאַיאַ באָלניצאַ), צוליב וואָס די גאַס האָט געהייסן „באָלניטשנאַיאַ״, אָדער „שפּיטאַלנאַ״.

דער א.ג. „אַלטער בית־עולם״ האָט זיך געפונען אין די גרענעצן פון איצטיקן פּאַרקן צוזאַמען מיטן שטח, וועלכן עס פאַרנעמען די בנינים פון דער קהילה — וווּ ס׳איז געשטאַנען דער אוהל פון זעלביקן הייליקן אָרט.

בעת דער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1915, האָבן די אָקופּאַנטן פונאַנדערגענומען דעם פּאַרקן, צעוואָרפן די מצבות און געמאַכט פון בית־עולם אַ דורכפאַר־וועג.

איך האַלט פאַר מיין חוב מזכיר צו זיין לטובה ר׳ חיים באקאוויעצקי און ר׳ יחיאל איינבינדער, וועלכע האָבן אין יאָר 1920, אַלס גבאים פון חברה קדישא, צוריק אויפגעשטעלט דעם פּאַרקן, צונויפגעקליבן די מצבות און, ועל כולם, אָפּגעפרישט די מצבה און געבראַכט אין אָרדענונג דעם קבר פון „ר׳ וואָלף הקדוש״, וועלכער האָט פאַר אונדז אַ היסטאָרישע באַדייטונג.

✶

ר׳ יוסף האָט געשטאַמט פון גאַליציאַנער יחוס. ער איז געווען אַ סך העכער פון זיין פרוי, שלאַנק, אייראָפּעיש געקליידט, שטענדיק ריין און ציכטיק. די לאַנגזאַמע און נישט זיכערע טריט האָבן אים צוגעגעבן דעם אויסזען פון אַ מפונק.

זיינע שיינע און צאַרטע געזיכטס־שטריכן זענען געווען באַראַמט מיט געדיכטע ווייסע האָר אויפן קאָפּ און מיט אַ ווייסער, זויבערער ברייטער באָרד אַרום פּנים.

די טויבן־ווייסע גרויקייט, די קנייטשן אויפן פּנים, וועלכע האָבן זיך ווי צוויי פּעכערס פונאַנדערגעשפּרייט ביי ביידע אויגן אויף די שלייפן און דאָס ליבע שמייכלע אויף די ליפּן, האָבן אים צוגעגעבן אַ סך סימפּאַטיע און געוועקט צוטרוי.

ר׳ יוסף איז געווען אַ פרומער, גאָטספאַרכטיקער ייד אין בעסערן זין פון דאָזיקן באַגריף; זיין דאַווענען פאַרן עמוד האָט פאַרמאַגט אַ סך מתיקות און די תפילות זענען געווען „דברים היוצאים מן הלב״.

דער „עולם המסחר״ איז געווען די ספערע פון זיין טעטי־קייט. אויפן מסחר האָט ער געקוקט ווי אויף אַ וואַרקצייג, בעסער געזאָגט, ווי אויף אַ לאַבאָראַטאָריע, וואָס פּראָדוצירט געלט, און היות אין געלט האָבן יענע קרוינשטיינס געזען דעם מקור פון גליק און וווילשטאַנד, פלעגט מען טאַקע די גאַנצע צייט ווידמענען דעם געשעפט. דאָ האָבן נישט עקזיסטירט קיין שום סענטימענטן, נאָר טרוקענע ציפערן און ניכטערע אויס־רעכנונגען.

דאַקעגן די הנהגה פון שטוב איז געווען ע״פ יידישן דת און יידישער טראַדיציע: שטענדיק אַן אייגענער מנין, אָפט האָט ער געגעבן אַ שיינע נדבה און דערביי האָט ר׳ יוסף ע״ה שטאַרק געהאַלטן פון „מתן־בסתר״.

פאַר זייער ליבלינג, ד.ה. פאַר דער ישיבה מיט דער תלמוד־תורה האָבן זיי געזאָרגט הן ביים לעבן, געבנדיק הונדערט רובל אַ חודש אויף דער הוצאה, הן אויף נאָכן טויט — איבער־לאָזנדיק ע״פ צוואה צוואַנציק טויזנט רובל אַלס קרן קימת, פון וועלכע די אַנשטאַלטן זאָלן זיך קאָנען אויסהאַלטן.

ליידער איז דער דאָזיקער קאַפּיטאַל בעת דער וועלט־מלחמה דעוואַלואירט געוואָרן און די ישיבה האָט פון אים נישט געהאַט קיין שום נוצן.

ביי דער געלעגנהייט וואָלט געווען אַ יושר צו פאַרדאַקו־מענטירן די גרויסע לייסטונגען, וועלכע ר׳ יוסף מיט חיה־ריקעלע ע״ה האָבן געטאָן פאַרן דאָזיקן אַנשטאַלט און דעם גוטן ווילן, וועלכע זיי האָבן אַרויסגעוויזן לגבי אָט דער אינסטיטוציע.

פאַרענדיקט מיט דער ישיבה און תלמוד־תורה — גייען מיר צוריק אויף שיענקיעוויטש־גאַס, מיט וועלכער מיר קומען צו צום „פּאַרק מיעיסקי״. דער א.ג. „פּאַרק מיעיסקי״ איז ערשט אַנטשטאַנען אין האַרבסט 1907. ביז יענער צייט האָט דער דאָ־זיקער שטח צוזאַמען מיט די אַרומיקע גאַסן, קראַשינסקיעגאָ, מיצקיעוויטשאַ און סלאָוואַצקיעגאָ, פאַרגעשטעלט מיט זיך איין גרויסן, פּירעקיקן נישט ברוקירטן פּלאַץ, וועלכער איז געווען זומער פאַרמיסטיקט, ווינטער פאַרבלאָטיקט און געטראָגן דעם שרייענדיקן נאָמען „פּאַראַדני פּלאַץ״.

פאַרוואָס דער פּלאַץ האָט געהייסן „פּאַראַדני״, ווייסט קיינער נישט. כ׳רעכן, אַז אפילו דער מחבר פון דאָזיקן נאָמען האָט זיך אויך דערפון נישט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון, מחמת קיינער געדענקט נישט, אַז דאָרט זאָלן האָבן ווען עס איז פאַרגעקומען פּאַראַדן, אָדער פייערלעכקייטן.

גיכער וואָלט ער באַדאַרפט הייסן „טאַרגאָווי״, אָדער „האַנד־לאָווי״, ווייל אין די מאַרק־טעג פלעגן זיך דאָרט אָפּשטעלן די דאָרפישע פורן און אויך ירידים פלעגן דאָרט פאַרקומען דעם 16טן יעדן חודש.

אויף דער סאַניטאַרער צושטאַנד פון אָט דעם פּלאַץ איז געווען אונטער יעדער קריטיק און כ׳וועל נישט איבערטרייבן, אויב כ׳וועל זאָגן, אַז ער איז געווען אַ נעסט פאַר אַלערליי מיקראָבן, וועלכע פלעגן טאַקע פון דאַנען פאַרשפּרייטן פאַר־שידענע אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן איבער דער גאַנצער שטאָט.

ס׳זענען געווען צייטן אין יאָר (איבערהויפּט האַרבסט און ווינטער), ווען צוליב דער גרויסער בלאָטע איז דער פּלאַץ געווען פאַר די פוסגייער ממש נישט צום דורכגיין, און דאַן פלעגט די באַוועגונג פאַרקומען אויף די הילצערנע קלאַדקעס, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם פּלאַץ פון אַלע פיר זייטן. צום גליק איז די באַוועגונג געווען אַ נישטיקע, מחמת די געגנט אַרום פּלאַץ איז געווען אַ נישט געדיכט באַוווינטע: פון דרום זייט בס״ה צוויי הייזלעך, פון וועלכע איינס האָט געהערט אַמאָל צו ר׳ ישעיה באקסער און שפּעטער צו ר׳ שמעון גליקליך ז״ל, און דאָס צווייטע האָט געהערט צו אייזיק קאָוואַל (זיין פאַמיליע נאָמען האָב איך פאַרגעסן); פון מערב זייט — די נחלה פון ר׳ לייב ביכאָווסקי מיט אַ פאַר הילצערנע הייזער טיף אין הויף, וואָס האָט זיך געצויגן ביז לובעלסקאַ; צווישן לובעלסקאַ און סלאָוואַצקי־גאַס — אַ הילצערנע כאַלופּע פון אַ ליימפּירער מיטן פאַמיליע־נאָמען, דאַכט מיר, קאָפּייקאַ. די צפון־זייט איז אין גאַנצן נישט געווען פאַרבויט: דאָ האָט זיך געצויגן אַ גרויסער סאָד, וועלכער האָט געהערט צום גוט־באַזיצער קאַרווין־פּיאָטראָווסקי, וועלכן מ׳פלעגט טיטולירן „פּאַניע מאַרשאַלקו״, ווייל אַמאָל, נאָך פאַר דער פּאָווסטאַניע פון 1863, איז ער געווען פּרעזעס פון דער פּוילישער שליאַכטע.

✶

די קאַשאַרן אויף דער פּילסודסקי־גאַס זענען געבויט גע־וואָרן צווישן די יאָרן 1888—1893 בערך.

די אונטערנעמער זענען געווען ר׳ אליהו פרומקין — אַ וואַרשעווער גביר, וואָס האָט געשטאַמט פון ליטע, און זיין שותף — אויך אַ רוסישער ייד, אַ גרוויסער ציגעל (דעם פאַר־נאָמען זיינעם האָב איך פאַרגעסן).

אויפן אָרט, אין לויצק, איז געזעסן ציגעל, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער בוי־אַקציע.

דער דאָזיקער ציגעל איז געווען אַ הויכער, ברייטבייניקער, געזונטער מענטש, מיט אַ רויט ראַזירט פּנים און אַ קליין בערדעלע אונטער דער אונטערשטער ליפּ. דער אויסזען זיינער איז געווען ווי פון אַן אמתן קאַצאַפּ. אָבער אַ האַרץ האָט ער פאַרמאָגט פון אַ וואַרעמען ייד, וועלכער האָט געזאָרגט וואָס מער יידן צו באַשעפטיקן ביי דער אַרבעט, אַז וואָס מער יידן זאָלן מרוויח זיין ביי זיין אונטערנעמונג.

אָבער דאָס גרעסטע פאַרדינסט זיינס באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט צווישן די יידישע אַרבעטער אויסגעשולט אַ סך קוואַליפיצירטע בעלי־מלאכות. געטאָן האָט ער עס אויף אַזאַ אופן: צו די קוואַליפיצירטע קריסטלעכע אַרבעטער, וואָס ער האָט אויסגעשריבן פון דער פרעמד, האָט ער צוגעשטעלט אָרטיקע בעלי־מלאכות יידן, וועלכע האָבן זיך ביי זיי פאַרפּול־קאָמט אין פאַך. אַזוי, למשל, זענען אַדאַנק ציגלען אויפגעקומען אין לויצק יידישע בוי־מוליערס, וועגן וועלכע מ׳האָט ביז דע־מאָלט אין אונדזער קאַנט נישט געהאַט קיין באַגריף.

אָבער נישט נאָר די מלאכה האָבן זיך אויסגעלערנט אונ־דזערע אַרבעטער, זיי האָבן טאַקע פאַרדינט אַ סך געלט אויך.

די אַרבעט איז געווען אַ דרינגענדיקע. מ׳האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט און ציגעל האָט געצאָלט מיט דער ברייטער האַנט, מחמת ס׳געשעפט איז געווען אַ גוטס און מחמת זיין פּרינציפּ: „זאָלן יידן פאַרדינען". „עמך ישראל צריכים פרנסה" — פלעגט זיין זיין באַליבטער אויסדרוק.

פאַר די אָפּגעשפּאָרטע געלטער האָבן די בעלי־מלאכות געדונגען ביי זאַקאָווסקין, הינטער דער שטאָט, פּלעצער און זיך געבויט הייזלעך, פון וועלכע ס׳האָט זיך שפּעטער געשאַפן אַ גאַנצער קוואַרטאַל מיטן נאָמען „נאָווע זאַבודאָוואַניע". צו זיין אַנטוויקלונג האָט אַ סך מיטגעווירקט די שכנהשאַפט פון לעשטשינסקיס ציגל־פאַבריק, וועלכע איז אויך אַנטשטאַנען צוליב די קאַשאַרן און פלעגט דעמאָלט באַשעפטיקן אַ סך אַרבעטער.

✶

זינט דעם פּעריאָד, אויף וועלכן ס׳באַציען זיך מיינע זכרו־נות, האָט זיך אויך געביטן די געאָגראַפישע געשטאַלט — די גרענעץ־ליניעס פון דער שטאָט: פאַרביי דער א.ג. „מאַ־ראַנצס ציגעלניע" איז געפלאָסן דער טייך גלושעץ, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן ביים סטיר הינטערן יידישן בית־עולם, זיך געצויגן לענגאויס באָלעסלאַווא כראָברעגאָ און יאַגעלאָנסקאַ און איז אַריינגעפאַלן אינעם זעלבן סטיר — אינעם פּונקט, ווו ס׳קרייצן זיך די מאָנטשנאַ מיט דער טאַרגאָוואַ. דער גלושעץ האָט פאַרמאָגט אַ טיף וואַסער, אין וועלכן מ׳האָט זיך געקענט במשך פונעם גאַנצן זומער שיפן און באָדן. איך אַליין האָב זיך נאָך צוריק מיט אַ יאָר 40 געבאָדן אין אים הינטערן באַנק פּאָלסקי, ביי דער בערנאַרדינסקאַ־גאַס.

דעסגלייכן האָט זיך די „נאָווע זאַבודאָוואַניע" געפונען אויפן ברעג פון דעם א.ג. „סטאַוו זייקאָווסקיך", וועלכער האָט אויס־געפילט די קאָריטע, וואָס ציט זיך כמעט פון דאָרף טערעמנאַ, לענגאויס לעשטשינסקיס ציגל־פאַבריק און „קאָלאָניאַ אוזשענד־ניטשאַ" ביז צו דער פּילסודסקי־גאַס. אין דער דאָזיקער אָזיערע נעמט זיין אָנהויב דאָס טייכל „סאָפּאָלאַיעווקאַ", וואָס פאַראייניקט זיך מיטן סטיר.

דער „סטאַוו זייקאָווסקיך" איז געווען אַ פולווערטיקער וואַסער־רעזערוואַר. אַלס באַווייז קאָן דינען דער פאַקט, וואָס צוריק מיט אַ 40 יאָר האָט זיך אויף אים געפונען אַ וואַסער־מיל, אויף דעם אָרט, ווו די סאָפּאָלאַיעווקע שניידט אַדורך דעם שאָסיי.

אויף אַזאַ אופן איז לויצק באַשטאַנען פון צוויי טיילן:

1. פון צענטער שטאָט, וועלכער האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט אַ קעמפּע אַרומגערינגלט מיט וואַסער — פון איין זייט דער סטיר און פון דער צווייטער — דער גלושעץ.

2. פון דער א.ג. פאָרשטאָט מיט ווולקע, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ האַלב־אינדזל און זענען געוואָרן באַ־וואַשן: פון מערב־זייט דורך דעם סטיר, פון דרום — דער גלושעץ, פון צפון — זייקאָווסקיס אָזיערע מיט דער סאָפּאָלאַ־יעווקע און נאָר פון מזרח־זייט, ביי דער דובנא־ראָוונער ראָגאַט־קע, האָט זיך אַ שמאָלער פּאַס פאַראייניקט מיט דער יבשה.

די געשטאַלט פון דער שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן צו ענדערן מיטן מאָמענט, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די בוי־באַוועגונג, און פאַראַלעל מיט דער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער באַוועגונג איז געוואַקסן די נאָכפראַגע אויף פּלעצער, וועלכע זענען אומ־געהויער געשטיגן אין פּרייז.

היות אָבער קיין פּלעצער זענען נישט געווען, מחמת אַרום און אַרום איז געווען וואַסער און די שטאָט האָט נישט געהאַט וווהין זיך פונאַנדערצושפּרייטן, האָבן די מענטשן זיך גענומען שאַפן פּלעצער דורכדעם, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשיטן דעם גלושעץ מיט זייקאָווסקיס אָזיערע.

דאָס פאַרשיטן האָט זיך געפירט פּרימיטיוו, כאַאָטיש, אָן שום השגחה מצד דער אויפזיכטס־מאַכט, און האָט גורם געווען, אַז די צוויי שיינע וואַסער־רעזערוואַרן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין צוויי בלאָטיקע זומפּן, אויף וועלכע ס׳זענען נאָר ערטער־ווייז אַנטשטאַנען בוי־פּלעצער. דאָס איבעריקע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט נעסטן פאַר די מאַלאַריע־מיקראָבן און אַנדערע אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

(איבערגעדרוקט פון דער „ווילנער פרעסע")



די גרויסע שול אין לוצק


פלאַן פֿון דער שטאָט
לידע
1 שטח פֿון געטאָ /פֿון יולי 1941/
2 ערשטער לאַגער אין "סעמינאַר" /אָקטאָבער 1941 סעפּטעמבער 1942/
3 צווייטער ארבעטס־לאגער אין ווילקע /סעפּטעמבער 1942 - דעצעמבער 1942/
4 די גרויסע שול
5 ליובאַרט־שלאָס
6 וואיעוואָדזטווע
7 באַזיליאנער בריק
8 קרייזגעריכט
9 סאבאר
10 קאטעדרע
11 קאראימער קענאסע
12 קראַסנער בריק
13 שטאָטישער גאָרטן
אין די שטריכן - שטח פֿון געטא, אין ארבעטס־לאַגערן
בריקן
געטאָ
קראַסנע
גנידאווע
1
2
3
4
5
6
7
8
9
10
11
12
13



המראה הכללי של מבצר לוברט
דער אַלגעמיינער אויסזען פון ליובאַרט־שלאָס




תכנית המבצר
פלאַן פונעם שלאָס

יואל כאַראַק

# לויצק אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

## די ערשטע שלאַכט

(18 יולי—סוף אויגוסט 1914)

די שטאָט לויצק האָט דערפילט די וועלט־מלחמה אַ טאָג פאַר דעם „יום מוכן לפורעניות״, תשעה באב ה׳תרע״ד.

צוליב דער מורא, אַז דאָס עסטרייכישע מיליטער זאָל פּלוצעם נישט אַריינרייסן זיך אין שטאָט, האָבן די סטראַטעגיקער פונעם רוסישן מיליטער זיך מקדים געווען — געכאַפּט און פאַרברענט די בריקן פון דער פאַרשטאָט נידעוו.

די שנעלקייט ביים אַדורכפירן דעם חורבן, האָט נישט דערלויבט די שכנותדיקע איינוווינער צו ראַטעווען זייער האָב און גוטס. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אויף דער גאַנצער לויצקער באַפעלקערונג אַן אויסערגעוויינלעכן פחד און בהלה.

אַלע דערבייאיקע יידישע שטיבער, מיטן גאַנצן האָב און גוטס, וואָס האָט זיך אין זיי געפונען, זענען אַוועק מיטן פלאַם.

די בהלה ביים מיליטער און אין אַלע רעגירונגס־אינסטיטוציעס איז געווען גרויס. די שטאָט האָט באַקומען אַן אויסזען פון אַ מלחמה־פלאַץ.

מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָט מען דערוואַרט, אַז ביי דער שטאָט וועט זיך צעפלאַקערן אַ פאַרביטערטער קאַמף, אַז אין שטאָט וועלן זיך אַריינרייסן די צערייצטע און צעווילדעוועטע עסטרייכישע זעלנער כדי צו ראַבירן און מאָרדן.

די עסטרייכישע מיליטער־אָפּטיילונגען האָבן דאָס נישט באַוויזן. ביי אַ 20 וויאָרסט ווייט פון לויצק זענען זיי באַגעגנט געוואָרן דורך רוסישע באַטאַליאָנען, וועלכע זענען אָנגעקומען פון פראָסקוראָוו און קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק. עס איז פאָרגעקומען די ערשטע שלאַכט ביי לויצק און אין שטאָט זענען געבראַכט געוואָרן די ערשטע עסטרייכישע געפאַנגענע.

## נצחון פון די רוסן — שלווה פאַר די יידן

(סעפּטעמבער 1914—סוף אַפּריל 1915)

דורך לויצק האָבן געשטראָמט די רוסישע פאָלקן, וועלכע זענען געווען באַשטימט צו העלפן דער אַרמיי אין איר קאַמף קעגן צענטער — אויפן וועג קיין לעמבערג.

די סאָלדאַטן האָבן פאַרפולט אַלע שטיבער. די ערשטע גייען אַוועק אויפן פראָנט, און די אַנדערע קומען פון טיף רוסלאַנד. די שטאָט האָט געקאָכט ווי אַ קעסל. די סאָלדאַטן האָבן נישט באַוויזן זיך איינצולעבן מיט דער באַפעלקערונג.

דער האַס, וואָס האָט געהערשט אין די הויכע ספערן צו „אינאָראָדצעס״ (פרעמדע) בכלל און צו יידן בפרט, האָט אַריינגעדרונגען טיף אין די הערצער פון די ברייטע מאַסן, און איבערהויפּט פון דער אַרמיי. די סאָלדאַטן זענען געווען פאַרביטערט. זיי האָבן זיך אַליין באַטראַכט ווי קאַנדידאַטן אויף זיכערע בר־מינן׳ס און דערפאַר — איז אַלץ דערלויבט. זיי האָבן געמעגט מאַכן חורבנות ביי דער יידישער באַפעלקערונג — לויט זייער ווילן און ווי די האַס־פּראָפּאַגאַנדע האָט זיי אונטערגעזאָגט.

אָבער עס האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע, ביי אַן ענלעכער פון וועלכער דוד המלך האָט געזאָגט: „נתת שמחה בלבי מעת דגנם ותירושם רבו וכו׳״ (איך האָב זיך דערפרייט ווען ביי מיינע פיינט די רשעים האָט זיך דאָס געוועטעניש אין תבואה און אין וויין פאַרבעסערט). די רוסישע אַרמיי האָט געזיגט אויפן דרום־מערב פראָנט, זי האָט געשלאָגן די עסטרייכער מכות נמרצות און פאַרטריבן זיי העט ווייט אין עסטרייך. די רוסן האָבן אַריינגעדרונגען טיף אין גאַליציע ביז צו די קאַרפּאַטן — און לויצק איז געבליבן ווייט פון די אייגנטלעכע קריגס־אָפּעראַציעס און פון סאָלדאַטן, וואָס גייען צו דער שלאַכט.

אין משך פון ניין חדשים, בעת די רוסן האָבן געקעמפט אין די קאַרפּאַטן, איז אין לויצק געווען רויק און מען האָט דאָרט נישט געפילט קיין שרעק. דורך דער שטאָט פלעגט זייער זעלטן דורכמאַרשירן מיליטער, און ווען יאָ — איז עס באַשטאַנען פונעם אַזוי גערופענעם „זאַפּאַס״ (רעזערוו), אַ מער עלטערער און רויקער עלעמענט, פאָטערס פון קינדער און פאַמיליעס, וועלכע האָבן אַליין געפילט די טראַגעדיע פון זיין אָפּגעריסן פון דער היים צוליב עפּעס אַן אָנשיקעניש פון מלחמה. ווען זיי פלעגן סטאַציאָנירן אין שטאָט, האָבן זיי זיך איינגעלעבט מיט דער באמת פרידלעכער און מיטליידנדיקער יידישער באַפעלקערונג און געשלאָסן מיט איר קאַנטשאַפט און גוטפריינדשאַפט.

צוזאַמען מיט אַנדערע שטעט אויף דער זעלבער ליניע איז לויצק געווען פון די ערשטע פונקטן אין רוסלאַנד אויף צו־זושטעלן רוסישע סחורה (צומיינסטן שפייז־פּראָדוקטן) קיין גאַליציע און גאַליצישע סחורה (על פי רוב פאַבריק־אויסאַרבע־טונגען) פאַר רוסלאַנד. די שטאָט איז געווען איבערפולט מיט מיליטער און סוחרים פון רוסלאַנד און גאַליציע, דער מסחר האָט געבליט און די באַפעלקערונג האָט פאַרדינט פרנסה בריווח.

## אלע עבירות ווארפט מען אויפן שעיר לעזאזל — דעם ייד

(מאי—אויגוסט 1915)

נאָך די גרויסע באַקומענע קלעפּ האָבן די רוסן אָנגעהויבן אַנטלויפן פון די קאַרפּאַטן. אַרום דריי חדשים האָבן זיי זיך נאָך געהאַלטן ביי דער שטאָט סאָקאָל און אַנדערע שטעט אויף דער ליניע, אין אַ מרחק פון אַ 80 וויאָרסט פון לויצק. אָבער מיטן אָנקומען פון די דייטשן צו הילף די עסטרייכער אויף אָט דעם פראָנט־אָפּשניט, האָבן די רוסן אָנגעהויבן צו ליידן מפּלות נאָך מפּלות, ביז זיי האָבן זיך מייאש געווען פון גאַליציע און אפילו פון אַ גרויסן טייל וואָלין.

די מפּלות אויפן שלאַכטפעלד זענען געווען אַ רעזולטאַט פון דער פאַרברעכערישער פירונג פון די הויכע און נידעריקע אָפיצירן אין דער ארמיי. די הויכע שרי המלוכה האָבן אין זינען געהאַט זיך, זייערע תאוות און אינטריגעס. אַ סך האָבן פשוט פאַר געלט, צי פאַר זנות און שכרות, פאַרקויפט און איבערגעגעבן מיליטערישע סודות און פּלענער. געוויס, נישט אַלץ האָט מען דערלאָזט קומען צו דער עפנטלעכקייט. אָבער עס איז גענוג דאָס וואָס מען האָט שוין יאָ געזען. אַ גרויסער שישקע, אַ פּאָלקאָווניק אָדער גאָר אַ גענעראַל, מיאַסאָיעדאָוו, האָט מען געמשפּט פאַר פאַרראַט — און טאַקע אומגעבראַכט. אין שטאָט אַליין האָט מען דערציילט אַן אַנעקדאָט, וועלכער איז אָבער געווען אַ לעבעדיקער פאַקט: פון קראַסנער זייט, ס'הייסט פון פראָנט, פליט ווי פייל אויסן בויגן אַ אויטאָמאָביל. אין אים זיצט אַ דענערווירטער, צעטראָגענער אָפיציר. געוויס — האָט מען געמיינט — פירט ער עפּעס אַ וויכטיקן סוד פונעם פראָנט אין הויפּט־שטאַב אַריין. דער אָפיציר איז אין ראַשן טעמפּאָ איבער־געפלויגן די הויפּט־גאַס, אַראָפּגעשפּרונגען ביי דער קאַזינאָ־טשייסטוואָ, גיך געקויפט עטלעכע פּעקלעך שפּילקאָרטן, און — צוריק אויפן פראָנט!

אָבער פאַר דער וועלט, און איבערהויפּט פאַר די אָפּגענאַרטע סאָלדאַטן, האָט מען געמוזט געפינען אַן אַנדערן תירוץ פאַר די אַלע מפּלות.

האָט מען באַשולדיקט די יידן! די קאָמאַנדירן און זייערע מיטהעלפערס האָבן פאַרשפּרייט צווישן די סאָלדאַטן און המון נאַרישע לעגענדעס וועגן דער איבערגעגעבנקייט פון די זשידעס צו עסטרייך און צום דייטש. זיי פלעגן באַצייכענען די דייטשע מיליטער־אָפּטיילונגען אַלס „זשידאָווסקאַיע וואָיסקאָ". די פינצ־טערע סאָלדאַטן פלעגן זאָגן, אַז די דייטשן רעדן דאָך טאַקע אַ „שפּראַך" וואָס איז ענדלעך צו יידיש. די געוויינלעכע פורן מיט סחורה און עסנוואַרג, וואָס נאַיווע סוחרים האָבן געפירט צו פאַרקויפן קיין גאַליציע, וועלכע איז נאָך געווען ביי די רוסן, האָט מען חושד געווען, אַז זיי פירן נישט קיין זעק זאַלץ, נאָר זעק אָנגעפילט מיט גאָלד און זילבער, און די זשידעס פירן דאָס צו דער פיינטלעכער אַרמיי, צו די עסטרייכער אָדער דייטשן. אין די לעבעדיקע געגנדן, וואָס יידן פירן אויף מסחר, האָבן די רוסישע טעמפּע יידנפיינט געזען גאָלד מיט בריליאַנטן פאַרן שונא. צווישן דעם פינצטערן רוסישן המון זענען אַרומגעגאַנגען מעשיות, אַז יידן האָבן באַגראָבן אין דער ערד טעלעפאָנען און דורך די ערד־טעלעפאָנען גיבן זיי איבער דעם „ניעפּריאַטיעל" (דעם פיינט) קיין ווין און בערלין סודות וועגן דער אַרמיי. אַזעלכע יידישע „פאַררעטערישע" טעלעפאָנען האָבן זיי חושד געווען אפילו אין די יידישע געדיכטע בערד, די האָר האָבן זיי אָנגע־נומען פאַר פאַרשטעלטע דראָטן...

די רוסישע אָפּגענאַרטע, פאַרשעמטע, צעבראָכענע און צעקאָ־ליעטשעטע סאָלדאַטן האָבן געזען אין די יידן זייערע מערדער, די שולדיקע אין די מפּלות פון דער רוסישער „זיגרייכער אַרמיי" און אין טויט פון די רוסישע סאָלדאַטן.

די העכסטע רוסישע קאָמאַנדירן האָבן פון צייט צו צייט אַרויסגעגעבן פאַראָרדענונגען אַרויסצוטרייבן די איינוווינער־יידן פון די קריגס־געביטן און פון די פעסטונג־שטעט. און הגם ווען די רוסן זענען אין פחד אַנטלאָפן פאַר די עסטרייכער און דייטשן איז שוין די גזירה פון גירוש לאַנג בטל געוואָרן (אַ סך געביטן זענען שוין דעמאָלט פשוט נישט געווען אין רוסישע הענט) — האָט שוין די גזירה באַוויזן צו ווירקן און פאַרמיאוסן די יידן אין די אויגן פון דער מאַסע, וועלכע האָט געהאַלטן, אַז יידן טאָר מען נישט גלויבן, אַז יידן זענען פיינט פונעם רוסישן פאָלק און פון דער „מאַטושקאַ ראַססיאַ" — און דערפאַר מעג דער רוסישער פּויער און זעלנער אויף זיין אייגענער האַנט זיך נוקם זיין אין דעם יידן...

## די רוסן און זייער שאנד

און אין אַזאַ עידנא דרותחא, ווען די אַרמיי און די רויע מאַסע איז פאַרסמט מיט שנאה צו יידן, האָט געדאַרפט דורך לויצק דורכלויפן דער גאַנצער שארית הפליטה פון דער רוסישער מחנה — מיט די בעלי מומים, מיט די שפּיטעלער, מיטן גאַנצן אַרמייאישן עלנט און נויט. עס האָבן געדאַרפט איבערלויפן די פויערים פון וואָלין און גאַליציע, וועלכע די רוסישע מיליטער־מאַכט האָט אַרויסגעריסן פון זייערע היימען מיט די ווייבער און קינדער און מיט דער כודאבע און חזירים, און זיי מיטגענומען מיט דער אַנטלויפנדיקער אַרמיי, כדי נישט איבערצולאָזן פאַר די אָנגרייפנדיקע דייטשן און עסטרייכער אַזויפיל אַרבעטס־הענט.

אָט די אַלע מענטשן, פאַרביטערטע אויף דעם אַלדאָס ביז, וואָס זיי האָט געטראָפן — איינע אויפן שלאַכטפעלד, די צווייטע אין זייערע דערפער — זענען געווען גרייט זיך נוקם צו זיין אין די יידן, וועלכע „זענען אין אַלעם שולדיק" און בלייבן ערשט אַליין זיצן אויף זייערע איינגעזעסענע ערטער.

די לאַגע איז געוואָרן שרעקלעכער פון מינוט צו מינוט, די עסטרייכישע קאָמפּאַניעס מיט זייערע כלי משחית האָבן גע־שפּרייזט מיט ענערגיע און געיאָגט די רוסן אין קאָרק אַריין, אייניקע טעג אָן אויפהער זענען די רוסן געלאָפן דורך דער

שטאָט אָן שום אָרדענונג, אין גרויס פּחד פאַר די אָנקומענדיקע עסטרייכער און אין ציין־קריצעריש אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דער ברייט פון דער גאַס זענען געלאָפן פאַרפלאָנטערטע אין קנוילן — סאָלדאַטן מיטן „אָבאָז”, האַרמאַטן אינאיינעם מיט חזירים. אויף פיל ערטער האָט זיך אַלץ פאַרדרייט אין אַ כישוף־ראָד. צום רעש פון זעלנער, געוויין פון פרויען און קינדער פון די פויערים, הירזשען פון פערד, קלאַפּן פון האַרמאַטן און אייזערנע שינעס אויף די שאָסיי־שטיינער איז גאָר קיין גלייכן נישט געווען.

די הערצער ביי די יידן זענען אַרויסגעשפּרונגען ביים אָנבליק פון דער אומבאַשרייבלעכער בהלה און פון די גרויע, אויסגעקרומטע פון רציחה, פּנימער פון די סאָלדאַטן און פויערים, וועלכע אַנטלויפן פון אומקום.

אָט די בהלהדיקע לויפעניש האָט געדויערט דריי טעג, און אין אַ פאַרנאַכט — נאָכן פאַרברענען דעם וואָקזאַל און עטלעכע פון די קאָשאַרן, און נאָכן צעשעדיקן די עלעקטרישע סטאַציע — האָבן די רוסן פאַרלאָזט די שטאָט.

## יידן נעמען איבער די מאַכט און שטעלן איין רו

די שטאָט איז געווען פאַרזונקען אין אַ שרעקלעכער פינצטערניש. די אויסברעכנדיקע פייערן פון די שריפות האָבן גיהנומדיק באַלויכטן די ליידיקע, טויטע שטאָט. פון דאָ און פון דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן לאָזן הערן פאַרשטיקטע ייאוש־קולות. אין שטאָט זענען איבערגעבליבן פון דער אַנטלאָפענער אַרמיי סאָלדאַטן־מאַראָדערן, מערדער, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט ציווילע רוסן פון דער אונטערוועלט, אָנגעהויבן אויפצוברעכן יידישע קראָמען, ראַבירן און חרוב מאַכן, וואָס עס איז זיי נאָר געקומען אונטער דער האַנט און מאָרדן יעדן איינעם, וואָס זיי האָבן דורך אַ צופאַל באַגעגנט אין גאַס, אָדער אין אַן אויפגעבראָכענעם געוועלב.

די באַפעלקערונג האָט זיך באַהאַלטן אין די טיפע צימערן פון די שטיבער. מען האָט נישט אָנגעצונדן קיין ליכט; אין ענגשאַפט האָט מען זיך צונויפגעקנוילט מיט דער גאַנצער פאַמיליע אונטער שמאַטעס, מעבל און אין טויטשרעק דערוואַרט די מערדער, וועמענס ווילדע קולות עס האָבן זיך געלאָזט הערן פון די נאָענטע שטיבער.

אָבער, ווי מען זאָל זיך האָבן פריער אָפּגערעדט, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אויף די גאַסן פאַרהאַרטעווטע אַנטשלאָסענע בלייכע געזיכטער — קליינע גרופּעס פון יידישע יונגעלייט מיט שטאַרקערע כאַראַקטערן. מען האָט אויף זיך גענומען צו פאַרטיידיקן דאָס לעבן און דעם כבוד פון פרויען און טעכטער, און צו פאַרמיידן דעם חורבן פון יידישער פיליעריקער מי. באַוואָפנט מיט שטעקנס און אייזערנע כלים, אָבער נאָכמער — מיט העלדנמוט און געטריישאַפט, זענען זיי אומדערשראָקן געלאָפן אונטער די קוילן פון די רויבער — זיי אַקעגן. זיי האָבן די רויבער אַנטוואָפנט, אייניקע פאַריאָגט, און דער רויב איז די זעלבע נאַכט געוואָרן אָפּגעשטעלט.

אין דער פרי איז די שטאָט געווען הפקר, אָן אַ מאַכט. די רוסן זענען שוין נישט געווען, די עסטרייכער זענען נאָכנישט אַריין. און אויס מורא, אַז ביינאַכט זאָל דער רויב זיך נישט איבערחזרן אין אַ מער אָרגאַניזירטער פאָרם, האָבן די יידן געטאָן ווי זייער פאָטער יעקב פאַר זיין באַגעגענען זיך מיט זיין ברודער עשו. לויצקער יידן האָבן זיך צוגעגרייט לדורון, לתפילה ולמלחמה. קודם האָבן די יידן אימפּראָוויזירט א.ג. „פּיטאַטעלניע פּונקטן”, דערנערונגס־פּונקטן אין עטלעכע ערטער אין שטאָט, ווו יעדער דורכגייענדיקער סאָלדאַט אָדער קאָזאַק זאָל באַקומען, אָן שום אָפּצאָל, זעמל און טיי צו דער זעט. צווייטנס, האָט טאַקע יעדער ייד אין האַרצן אפשר תפילה געטאָן, אַז דער קריזיס זאָל איבערגיין בשלום, און ביי זיך אַליין געפּועלט, אַז זיי זאָלן זיין פון די נעלבים ואינם עולבים און פאַרשווייגן אויף אַ באַליידיקונג פון אַ זעלנער אַ מר נפש, כדי נישט, חלילה, עמעצן צו פּראָוואָצירן.

און דריטנס — און דאָס איז געווען דער שטאַרקסטער אַרגומענט — האָבן זיך די יידן צוגעגרייט למלחמה. יאָ, למלחמה! זיי האָבן מיט דער דערלויבעניש פון איינעם אַ רוסישן אָפיציר, וועלכער האָט אויף אַ וואונדערלעכן אופן, צוליב עפּעס אַן אויסטערלישער מיסיע, זיך באַוויזן אויף אַ שעה צייט אין דעם אַנאַרכישן לויצק — געגרינדעט אַ בירגערלעכע מיליץ מיט אַ רעגולאַמין און מיט דיסציפּלין. אויף די אָרעמס האָבן זיך באַוויזן ווייסע בענדער מיט די רוסישע ווערטער „גאָראָדסקאַיאַ מיליציאַ”. כהרף עין האָבן זיך געפונען אין די יידישע הענט אייזערנע שטעקלעך פון איין און דערזעלבער פאָרם. אָט די צוויי סימבאָלן פון מאַכט, מ׳שטיינס געזאָגט, האָבן אין די הערצער פון די יידישע יונגעלייט אַריינגעגעבן מוט צו שפּאַצירן אין די גאַסן, מקבל פּנים זיין די סאָלדאַטן און קאָזאַקן אויף פערד און זיי צווינגען בתופים ובמחולות — מיט פּעטש און מיט קולאַקעס — צו האָבן דרך ארץ פאַר דער „זשידאָווסקאַיאַ מיליציאַ” און אַז זיי זאָלן — אויף די פערד, מיטן געווער — מאַכן דעם גרויסן ויברח.

אַזוי איז אַריבער אַ טאָג מיט אַ נאַכט. אין דער פינצטער זענען דורכגעגאַנגען דורך די ליידיקע גאַסן די לעצטע רוסישע סאָלדאַטן און פון „סטראָי” אַרויס האָבן זיי געזידלט און געשאָלטן די יידישע מיליציאָנערן, וועלכע זענען קאָרעקט אָבער פעסט, געווען צעשטעלט אויף זייערע פּאָסטנס.

פאַרטאָג האָבן זיך דערהערט די ערשטע קנאַלן פון די עסטרייכישע באַטעריעס האַרט נעבן דער שטאָט.

פון אַ באַהעלטעניש האָבן זיך באַוויזן צוויי רוסישע זעלנער. זיי זענען געווען באַשטימט אונטערצוצינדן די בריק, וואָס פירט פון דער פאָרשטאָט קראַסנע אין שטאָט אַריין. זיי האָבן די אויפגאַבע דערפילט און באַלד זענען זיי שנעל אַנטלאָפן — רייטנדיק אין צווייען אויף איין פליענדיק פערד. ביי דער אויסטערלישער שטימונג האָט דאָס אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטיש באַשעפעניש פון אַ באַלאַדע ביי די פאַרצייטיקע רוסישע פּאָעטן...

## לויצק — א שפּיל־באַלעם

(אויגוסט—סעפּטעמבער 1915)

די שטאָט איז געבליבן צווישן צוויי קעמפערישע צדדים. פון ביידע זייטן שטאָט האָבן די עסטרייכער געהאָגלט איבער דער שטאָט, אויף דער אַנטלויפנדיקער רוסישער אַרמיי. איבער דער

שטאָט זענען געפלויגן און אויפגעריסן שראַפּנעלן מיט פאַרשידענע קולות און סווישטשערייען. אייניקע האָבן געהאַט אַ פּרייעלעך־פרעכן אָפּקלאַנג, ווי געלעכטערלעך פון לייכטע פרויען; אַנדערע ווידער האָבן געברומט ווי בייזע שלעכטע זקנים. דאָס אַלץ איז געוואָרן באַגלייט מיט דראָבנינקע שטימעלעך פון ביקסן און מאַשינגעווער, אַלץ צוזאַמען איז געווען אַ שדים־מוזיק אויף דער חתונה פונעם אשמדאי מיט לילית...

יעדע מינוט האָבן זיך געפעלט אין דער אַרמיי הונדערטער מענטשלעכע יונגע לעבנס. די באַפעלקערונג איז געלאָפן אין די קעלערס. אייניקע שטאַרקערע מענער האָבן, אונטער אַ האָגל פון קוילן, איבערגעפירט פאַמיליעס פון פרויען און קינדער אויף מער זיכערע פלעצער. מען האָט זיך געפּאָרעט מיט פאַרוווּנדעטע ציוויל־לייט און זיי געגעבן די ערשטע הילף. פון דער באַפעלקערונג זענען געווען דעם פרימאָרגן צוויי געהרגעטע און מערערע פאַרוווּנדעטע.

דאָס שיסעריי האָט געדויערט ביז נאָך מיטאָג און דאַן זענען אין שטאָט אַריין מיליטערישע אָפּטיילונגען פון אָפּגעברענטע, פאַרשוואַרצטע און פאַרשוויצטע עסטרייכער.

די יידן האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט, מען איז אַרויס פון די שטיבער אין גאַס אַריין. די עסטרייכער האָבן זיך צו יידן באַצויגן גאַנץ פריינדלעך. יידן האָבן זיך גערעכנט פאַר אַ גוטן לאָיאַלן בירגערלעכן עלעמענט און זיי האָבן גיך פאַרגעלייגט די יידן, אַז זיי זאָלן אָרגאַניזירן די פאַרוואַלטונג מיט די ענינים פון דער שטאָט.

אין גיכן, ערב יום־כיפור תרע״ו, האָבן די עסטרייכער „צייטווייליק״, ווי אויף אַ שפּילעכל, אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די שטאָט פאַר די רוסן, וועלכע האָבן זיך באַפעסטיקט ביי קלעוואַן און האָבן פון דאָרט געפּרוווט אָנפאַלן אויף די עסטרייכער. ביי די יידן איז דער צער געווען גרויס, ערשטנס האָבן זיי מורא געהאַט פאַרן איבערגאַנגס־פּראָצעס פון איין מאַכט צו דער צווייטער בכלל. און צווייטנס, האָבן זיי געציטערט פאַרן אָנקומען אויפסנייע פון דער רוסישער רשעותדיקער ממשלת הזדון בפרט. פיל פרומע יידן זענען געצוווּנגען געווען צו פאַרשוועכן דעם יום הקדוש און אַנטלויפן אויף פורן פון דער פראָנט־ליניע כדי אויסצומיידן סכנות נפשות. אין די שולן האָבן יידן יום כיפור ביינאַכט מיט גרויס בענקשאַפט מטעים געווען די ווערטער אין תהלים: בשלום יחדיו אשכבה ואישן (ביי אַן אַלגעמיינעם פרידן וואָלט איך זיך געלייגט און אַנטשלאָפן געוואָרן). דאָס שלאָפן רויק בשלום און נישט מורא האָבן פאַרן טויט דורך די צעווילדעוועטע זעלנער פון כל המינים האָט אין דער משוגענער צייט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ פאַנטאַזיע.

עטלעכע טעג האָט געדויערט דער בהלהדיקער ריקצוג פון די עסטרייכער און ערב סוכות פאַרנאַכט האָבן אָנגעהויבן פאַלן אין שטאָט שראַפּנעלן פון דער רוסישער זייט.

סוכות אין דער פרי — גוט יום־טוב! די רוסן זענען צוריק אין שטאָט. אָבער עס איז קענטיק געווען, אַז ביי זיי אַליין איז לויצק טאַקע נישט מער ווי אַ סוכה, אַ דירת ארעי. זיי האָבן נישט גערעכנט זיך איינצואָרדענען מיטן גאַנצן האַק און פּאַק אין לויצק. די עסטרייכער זענען פון לויצק נישט אָפּגעטרעטן. זיי זענען בלויז אַרויס פון דער שטאָט, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דערפל מאַליאַניק, אַ 6—5 וויאָרסט פון לויצק. פון דאָרט האָבן זיי אָנגעשטעלט זייערע באַטעריעס גלייך אויף דער שטאָט, און טאַקע קעגן די הויכע מויערן, ווו עס האָבן געדאַרפט, לויט זייער השערה, לאָזשירן די העכערע קאָמאַנדירן. די שטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאָזיציע. אויף פיל ערטער צווישן די שטיבער האָבן די רוסן אויסגעגראָבן אָקאָפּעס און פון דאָרט געשאָסן צו די עסטרייכער. אויפן ברעג פון טייכל גלושעץ הינטער דער געביידע פון קרייז־געריכט, זענען צעשטעלט געוואָרן באַטעריעס, וואָס האָבן אויף זייער ערנסטער באַסאָווער שפּראַך גערעדט קיין מאַליאַניק צו די עסטרייכער. יענע זענען גאָרנישט געבליבן שולדיק. זיי האָבן במשך פון דריי טעג געמאַכט אַזעלכע „נענועים״, אַז זיי האָבן ממש געדראָט חרוב מאַכן די שטאָט.

אַ פּאָר הונדערט נפשות פון דער ציוויל־באַפעלקערונג זענען אומגעקומען און פאַרוווּנדעט געוואָרן. פיל הייזער זענען צעשעדיקט געוואָרן. די מענטשן זענען שוין געוווינט געוואָרן מיט אַזאַ לעבן, וואָס הענגט אויף אַ האָר. בעת די קורצע פּויזעס צווישן די שיסערייען זענען זיי אַרויסגעקראָכן פון די באַהעלטענישן אויף די גאַסן, און יעדעס מאָל מיט גרויס ווייטאָג זיך דערוווּסט וועגן דעם טויט פון אייגענע און באַקאַנטע, און דערביי אַליין זיך געריכט אויפן ערגסטן.

די באַטאַליע איז אויפגענומען געוואָרן מיט מוזיק. די רוסישע סאָלדאַטן האָבן אימפּראָוויזירט עסטראַדעס. זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פון די שטיבער (מיט גוטן) טישן, בענקלעך, אַלטע קאַסטנס פון קאַמערס, און אינמיטן די ליידיקע גאַסן האָבן קאַפּעליעס געשפּילט מוזיק.

ב׳ דחוהמ״ס אין דער פרי זענען שוין די עסטרייכער געווען צוריק אין שטאָט.

די יידן זענען אויפגעפּאָדערט געוואָרן אַרויסצוגיין הינטער דער שטאָט און העלפן מאַכן אַ ביסל אָרדענונג: אָפּרוימען די טויטע זעלנער פון דער רוסישער ארמיי. ערשט דאָ האָבן די יידן, בטבע פרידלעכע און דערצויגענע מיט געפילן פון רחמנות אויף יעדן נברא בצלם, מיט שרעק דערזען דעם טרויעריקן שניט פון דער פאַרטאָגיקער שיסעריי. אין די אָקאָפּעס זענען, אין פאַרשידענע פּאָזעס און מיט פאַרשידענע אויסדריקן אויף די געזיכטער, „געזעסן״ טויטע מענטשן. נעבן איינעם, האַרט ביי זיין רעכטער האַנט, וואָס האָט נאָך געהאַלטן דאָס צינגל פון דער ביקס, איז געלעגן אַן עוואַנגעליע, ביי אַ צווייטן — אַ צלמל. ביי אַנדערע — אַ בילד פון אַן עלטערער פרוי אין אַ שאַל אויפן קאָפּ, קענטיק — אַ מאַמע; אָדער אַ בילד פון אַ יונגער פרוי, אפשר אַ כלה; נעבן נאָך עמיצן — אַ בילד פון אַ קליין זויג־קינד, נעבן אַ יידן פון קישיניעוו איז געלעגן אַ סידורל געעפנט ביי קריאת שמע.

און פונקט ווי ביי כמעט אַלע טויטע, סיי יידן, סיי קריסטן, האָט אויף די טויטע פּנימער גערוט אַ מין אצילות, אַ מין חשבון הנפש אין דער לעצטער מינוט פון זייער לעבן — אַזוי האָבן די לעבעדיקע עסטרייכישע זעלנער ביי דער אַרבעט אַרום די טויטע אויסגעזען גראָד דער היפּוך. זיי האָבן אויסגעזען ווי „דגים בים — הגדול בולע את הקטן״ (פיש פונעם ים — ווו דער גרעסערער שלינגט איין דעם קלענערן). מערקווירדיק, אָן כעס און אָן שנאה, נאָר אַזוי גאַנץ געמיטלעך, אפילו מיט אַ מין קאָלעגיאַלקייט האָבן זיי זיך באַצויגן צום טויטן זעלנער און קאַמעראַד און מיט אַ מין דאַנקבאַרקייט, וואָס ער איז געוואָרן טויט... אַזוי, למשל, האָט אָן שום חרפּה פאַר אונדז יידן, אַן

עסטרייכער גענומען אַראָפּציען די שיינע שטיוול פון אַ טויטן רוס פאַר זיך און נעבן טויטן אַוועקגעלייגט זײַנע צעריסענע, פאַרפּוילטע „וויקל־שנירן". אַן אַנדערער איז אַרײַנגעקראָכן מיט די הענט צום רוסישן קאַמעראַד אין די קעשענעס און זיי אויסגעליידיקט.

און דער הרוג באַוועגט מיטן קאָפּ בעת דעם מאַראָדערס הענט זענען אים בודק. די אויגן זענען אָפן און שטאַר ווי זיי זאָלן פרעגן מיט פאַרוווּנדערונג: היתכן?...

## אונטער דער הערשאַפט פון „קייזער זאָל לעבן!"

(סעפּטעמבער 1915—מאַי 1916)

נאָכן איצטיקן אַרײַנקומען אין שטאָט האָבן זיך די עסטרייכער געפילט פעסטער, זיי האָבן ווי קונה שביתה געווען און זיך באַציִיגן צו דער באַפעלקערונג אָן צערעמאָניעס און סענטימענטן. קודם האָט מען זיך גענומען טשעפּען, אַז אין די דריי טעג, בעת די רוסן זענען אין שטאָט, האָבן די יידן אוודאי זיי איבערגעגעבן סודות פון דער עסטרייכישער אַרמיי, און בכלל זיי צוגעהאָלפן אין אַלעם, וואָס זיי האָבן געדאַרפט. אמת איז געווען, אַז אייניקע יידן האָבן ביי די רוסישע העכערע אָפיצירן אינטערווענירט, אַז אין שטאָט זאָל הערשן רו. דאָס האָט אָבער גאָרנישט געהאָט צו טאָן מיט קיין פאַרראַט. אָבער בשעת חירום איז דאָס צעבלאָזן געוואָרן דורך שונאים אַלס אַ פאַרראַט — און אַ צוואַנציק אומשולדיקע יידן זענען געוואָרן אַרעסטירט און אָפּגעפירט קיין לודמיר, וווּ — לויט ווי מען האָט זיי אויפן וועג דערקלערט — זיי וועלן ווערן נישט מער, ווי אויפגעהאָנגען... אויפן וועג האָט זיי געטראָפן דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער פערטער אַרמיי, יאָזעף פערדינאַנד פון קייזער פראַנץ יאָזעפס געזינדל, און אויספאַרשנדיק אויף גיך דאָס גאַנצע געשעעניש, האָט ער אויסגעפונען, אַז זיי זענען אומשולדיק. ער האָט באַפוילן קיין לודמיר, אַז מען זאָל זיי פון דאָרט אָפּלאָזן אויף דער פריי. בכלל איז דאַן צו דער יידישער באַפעלקערונג געוואָרן אַן אַנדערע באַציִונג וואָס שייך זייער לאָיאַליטעט.

אין לויצק האָט זיך באַזעצט דער שטאַב פון דער פערטער אַרמיי מען האָט איינגעפירט אַ מיליטערישן און אַ שטרענגן רעזשים. יעדער איינוווינער האָט אויף זיך געפילט אַ געהיימע אָבסערוואַציע און אַ נאָכשפּירונג אויף שריט און טריט. נאָך אַכט אָוונט איז געווען פאַרווערט די באַוועגונג אין גאַס. פאַר אַ וועלכן ס'נישט איז פאַרדאַכט האָט מען אינטערנירט טיף אין לאַנד. פאַר אַזאַ „חטא" ווי נישט אָפּגעבן דעם מיליטערישן כבוד, פאַר נישט אָפּהויבן דעם הוט פאַר אַן אָפיציר, האָט מען געקאָנט געבן שמיץ, אָפּגאָלן אַ האַלבע זייט באָרד, צובונדן די הענט אַרונטער א.ד.ג. די עסטרייכער האָבן במשך פון זייער ווײַלן אין לויצק אויפגעהאָנגען דריי פערזאָן. דאָס זענען, באמת, נישט געווען לויצקער קיין איינוווינער. איינער, אַ רוסישער סאָלדאַט, איז געווען פון בעסאַראַביע, דער צווייטער — אַ פויער פון אַ דאָרף נעבן קאָוועל און דער דריטער — אַ ייד, אַ עסטרייכישער זעלנער.

די עקזעקוציע האָבן די עסטרייכער איינגעאָרדנט מיט גרויס פּאַראַד: למען ישמעו ויראו, עס זאָל האָבן אַ „דערציִערישע" באַדייטונג... מען האָט דאָס אויסגעפירט אין צענטער שטאָט הינטערן „אַקרוזשני סאָד", ווי מען פלעגט רופן דעם אַלטן בולוואַר. מען האָט באַצייטנס מודיע געווען וועגן דעם דורך מעלדונגען און די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען קוקן און זיך אַראָפּנעמען אַ „מוסר השכל".

אויב אַ „מוסר השכל" — מוז שוין דאָ ווערן געזאָגט, אַז גראָד פון דעם פויער פון נעבן קאָוועל, דעם אויפגעהאָנגענעם מאַסייטשוק, וואָלטן זיך טאַקע אַלע שונאי ישראל געדאַרפט אַראָפּנעמען אַ מוסר השכל. אין שטאָט איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אַ ווערסיע, אַז דער מאַסייטשוק זאָל האָבן פאַרן טויט געזאָגט, אַז הגם פון דער עבירה, וואָס די עסטרייכישער מיליטער מאַכט שרייבט אים צו, איז ער ריין און אומשולדיק, פאַרדינט ער אָבער דאָס „שטריקל" זייער אָרנטלעך, פאַר זיינע „מעשים טובים" פון צוריק מיט עטלעכע יאָר. ער איז נעמלעך געווען דער טרייער מיטגליד פון דער רוסישער „שוואַרצער מאה", פון פאַרבאַנד פון „רוסישן פאָלק", און ער האָט דאָס אין זיין דאָרף, דער ערשטער אויף דעם רויקן וואָלין, אָנגעהויבן צו העצן קעגן יידן און שיר נישט אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אויף די יידן אין וואָלין.

צו דער פרידלעכער באַפעלקערונג האָבן די שטרענגע עסטרייכער זיך באַציִגן ווי צו שונאים. וואָס זיי האָבן געדאַרפט, האָבן זיי מיט חוצפּה געפאָדערט און גענומען פון דער באַפעלקערונג, גלייך ווי זיי וואָלטן געטאָן אַ טובה און זיי פירן אַ מלחמת מצוה. מען האָט געזוכט אין די שטיבער מעש און קופער — און צוגענומען. געפאָדערט אַרבעטער (אָן געצאָלט) צום גראָבן אָקאָפּעס און צו אַנדערע שווערע אַרבעטן. אין גאַס האָט מען געכאַפּט די פאַרנעמסטע מענטשן, געלערנטע, אינטעליגענטן, און מיט שפּאָט און חוזק געשלעפּט זיי צו דער אַרבעט.

אויך די עקאָנאָמיק האָט שטאַרק אונטערגעהונקען. קיין פרנסה איז נישט געווען. די מאַכט האָט צוגעטראַכט פאַרשידענע שטייערן: פאַר דער מינדסטער דערלויבעניש אויף אַ קרעמל, אָדער צו פאָרן קיין עסטרייך נאָך סחורה און אַוועקפירן אַהין געלט — האָבן זיי געפאָדערט מען זאָל זיי געבן רוסישע רובלס אין גאָלד.

## ר' יעקב וויל זיצן בשלוה — שפּרינגט אַרויס דער רוגז פון פּאַניען

די באַציִונגען האָבן זיך ביסלעכווייז פאַרבעסערט. די מאַכט האָט זיך דערקענט אויף דעם רואיקן יידישן עלעמענט און אָנגעהויבן לגבי אים זיך באַציִען מיט מער יושר און כבוד. די קערפּערלעכע שטראָפן זענען סקאַסירט געוואָרן און אויף זייער אָרט זענען געקומען געלט־שטראָפן. פון אָנהויב זענען די קנסות געגאַנגען פאַרן מלוכה־אוצר, אָבער דערנאָך האָט דאָס אָנגעהויבן פאַרנוצט צו ווערן טאַקע אין שטאָט גופא, לטובת דעם ניי־געגרינדעטן „אַרעמען הילף־קאָמיטעט". עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַן א.ג. „אַרבעטער־קאָמיטעט" אויף צו שאַפן אַרבעט פאַר די, וואָס נויטיקן זיך אין איר, און צו באַקומען אַרבעטס־הענט פאַר די וואָס האָבן דאָס געפאָדערט. אַזוי אַרום איז אויך די אַרבעט־פראַגע פאַר די אָקאָפּעס געוואָרן רעגולירט און מען האָט שוין מער קיין מענטשן אין גאַס נישט געכאַפּט צו דער אַרבעט.

אויך אין דער שטאָט־ווירטשאַפט איז געקומען אַ גרויסע ענדערונג. די אָנפירערשאַפט איז באַשטאַנען צום מייסטן פון יידן. דאָס האָט געווירקט גוט אפילו אויף די באַציונגען פון קריסטן צו יידן. יידן האָבן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג באַקומען מער אָנזען און כבוד.

די מאַכט האָט אויך אַזויפיל אָנפאַרטרויט דער יידישער אויסגעהאַלטנקייט און לאָיאַליטעט, אַז זי האָט אָנגעהויבן געבן אָנצוהערן, אַז די יידן וועלן באַקומען אויטאָנאָמיע.

אין האַנדל איז געקומען אַן אויפלעבונג. „פאַסירשיינען" צו פאָרן אין טיף עסטרייך זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַרהעלטנישמעסיק גרינג און גערן. די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען אַ גאַנץ גוטע. די באַפעלקערונג האָט זיך גענומען איינצופירן פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע תיקונים. דער הילפס־קאָמיטעט האָט פאַרברייטערט זיין טעטיקייט און פלעגט אַרויסגעבן אויף פאַרשידענע שטיצעס און אַנדערע צוועקן 4,000 רובל וועכנטלעך.

די מאַכט האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן וועגן סאַניטאַרע פאַראַנשטאַלטונגען. עס זענען אַנטשטאַנען בעדער, פּונקטן אויף אימפן קעגן פּאָקן און אַנדערע היגיענישע סאַניטאַרע אינסטיטוציעס. די באַפעלקערונג האָט זיך צו די אַלע „חומרות" זייער גוט צוגעפּאַסט און איינגעפונען, אַז דער מאַכט קומט פאַר דעם אַ דאַנק.

עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַן אַנדערע צרה: אַ מאַנגל אין לעבנס־מיטל, אַן אויסערגעוויינלעכער יקרות אויף פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך.

די מאַכט האָט קעגן דעם געמוזט אָננעמען רעפּרעסיווע מיטלען. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן פאַר פּריוואַטע פּערזאָנען דער האַנדל מיט תבואה, מעל און אַנדערע אַגראַר־פּראָדוקטן, און עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ קאַרטן־סיסטעם אויף ברויט און צוקער, וועלכע זענען פאַרקויפט געוואָרן אין ספּעציעל־באַשטימטע קראָמען.

8 חדשים איז די שטאָט געווען אונטער דער עסטרייכישער ממשלה — אינגאַנצן אָפּגעריסן פון רוסישן געביט, אַ באַזונדער וועלטל. נעבן לויצק איז געווען די גרענעץ. וועגן דעם, וואָס איבער דער גרענעץ טוט זיך — האָבן מיר נישט געהאַט קיין פאָרשטעלונג. ראָוונע איז אונדז אויסגעקומען ווי פאַרשלייערט אין אַ נעפּל פון פאַנטאַזיע, ווי די וועלט אויפן מאַרס. יאָ, מיר געדענקען אַ שטאָט ראָוונע מיט היימישע יידן, אָבער דאָס איז דאָך ערגעץ ווייס איך ווו, ביים „רוסישן", הינטער די הרי חושך, הינטער דעם געהיימנישפולן שטיקל ערד, ווו עס גרענעצט זיך לעבן און טויט...

אין די 8 חדשים האָט לויצק געהאַט די געלעגנהייט צו ווערן באַזוכט דורך דעם טראָנפאָלגער קאַרל, וועלכער איז נאָכן טויט פון פראַנץ יאָזעף געוואָרן קייזער איבער עסטרייך. גרויסע מיליטער־גאונים האָבן אייניקע מאָל געוויילט אין לויצק. צווישן זיי — דער טערק ענווער־ביי און דער דייטש מאַקענזאָן, וועלכער האָט מיט זיינע רעדעס געוואָלט אַריינבלאָזן אין די עסטרייכישע אָפיצירן דאָס געפיל פון העלדנמוט און גבורה.

דריי מאָל האָבן באַזוכט די שטאָט און „שפּאַצירט" איבער איר גאָר „הויכע" געסט — רוסישע אַעראָפּלאַנען. זיי האָבן, חלילה, קיין שלעכטס נישט געטאָן, בלויז איינמאָל האָבן זיי „אַזוי זיך" אַראָפּגעוואָרפן עטלעכע באָמבעס, וועלכע האָבן, אגב, נישט געשאַדט קיין מענטשן. זיי האָבן זיך אויפגעריסן מיט גרויס רעש און געפילדער אויף די ברעגעס פונעם טייך סטיר, אין דעם טייל שטאָט נידעוו.

דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ „מעמענטאָ": געדענקט ווו איר האַלט, עס איז נאָך נישט פרידן, עס איז מלחמה!

## „בקולות וברקים!"

(אָנהויב מאַי 1916 — סוף אַפּריל 1917)

אין דער צייט ווען ביי דער עסטרייכישער הערשאַפט אין לויצק האָבן יידן וועגעטירט, זיך פאַרנומען מיט זוכן פּרנסה און אין זינען געהאַט אויסבעסערונגען אין שטאָט־זאַכן און נאָך אַזעלכע ענינים — האָבן די רוסישע און עסטרייכישע ארמייען געפירט קעגן זיך פאַרביטערטע קאַמפן, בערך אַ 30 וויאָרסט פון לויצק, אויפן וועג קיין קאָוועל. גאַנצע טעג האָט מען אין שטאָט געהערט די שיסעריי פוןביידע צדדים. אין די אָוונטן פלעגט מען אפילו זען ווי אין דער ווייט פליען אַרויס די פייערקוילן פון די האַרמאַטן. מען פלעגט זען, ווי מיטאַמאָל ווערט אַ שטיק הימל ליכטיק — דאָס איז געווען די שיין פון אַ רוסישן פּראָזשעקטאָר, וואָס פלעגט ווי אַ פאַנטאַסטישע לעבעדיקע חיה קריכן און פאַרנעמען אַלע מאָל אַלץ מער שטח. און גאָר אויבן, אין אַעראָפּלאַן הינטער די וואָלקנס זיצט זיך אַ „רואה ואינו נראה", שטודירט אויס די באַלויכטענע געגנט און באַקלערט ווי אַזוי מען זאָל זי חרוב מאַכן...

דער פּועל יוצא פון די שפּילענישן אין באַהעלטענישלעך איז געווען דער, אַז ערב שבועות תרע"ו זענען די עסטרייכער צעשלאָגן געוואָרן עד חרמה. גענעראַל ברוסילאָווס ארמיי איז געקומען בקולות וברקים און דורכגעריסן אויף פיל ערטער דעם עסטרייכישן פראָנט. די עסטרייכער האָבן זיך געפונען אין אַ שרעקלעכער לאַגע. זיי האָט געדראָט נישט בלויז צו פאַרלירן לויצק און די געגנט — זיי האָבן געקאָנט ווערן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן דורך די רוסישע פּאָלקן און בלייבן אין געפענגעניש מיט אַלע זייערע מחנות, מיט בכל מכל כל. האָבן זיי טאַקע געכאַפּט אַ מציאה — און אָפּגעטראָטן בלויז פון דער שטאָט און פון דער גאַנצער געגנט אויף אַ מרחק פון אַ 50 וויאָרסט איבער דער גאַנצער דרום־מערבדיקער ליניע.

מיט פיל צער האָבן יידן אויפגענומען דאָס אַנטלויפן פון די עסטרייכער, וועלכע האָבן די לעצטע צייט, דורך זייער באַהאַנדלען גלייך אַלע נאַציאָנאַליטעטן, איינגעשאַפט זיך סימפּאַטיע ביי יידן. איצט דערוואַרט די יידן אַן איבערגאַנג פון איין מאַכט צו דער צווייטער, דערצו — אַן איבערגאַנג צו די פאַרהאַסטע פּאָניעס.

צום פערטן מאָל האָבן יידן זיך געמוזט באַהאַלטן אין די קעלערס און גריבער, און אויך דאָס מאָל האָבן זיך געפונען אַ פּאָר יידישע יונגעלייט, וועלכע זענען זיך, ווי גאָרנישט זיי מיינט מען עס, געגאַנגען איבער די שטיבער (כלומר, קעלערס און לעכער), און צענויפגענומען קליינע סומעס אויף איינצוקויפן ברויט און פּאַפּיראָסן, כדי דערמיט „מכפּר זיין דאָס פּנים" פון די אָנקומענדיקע רוסישע סאָלדאַטן.

די גאַנצע צווייטע נאַכט פון שבועות האָבן די יידן אין די קעלערס געהערט די מהומות אין גאַס. אין שטאָט גופא זענען פאָרגעקומען האַנט־געשלעגן צווישן סאָלדאַטן פון ביידע צדדים.

אָבער דווקא דאָס מאָל איז דער איבערגאַנג פאָרגעקומען אָן קרבנות פון דער ציוויל־באַפעלקערונג.

דעם צווייטן טאָג שבועות איז דער פרי איז די שטאָט געווען באַזעצט מיט רוסישע זעלנער, און עס האָט זיך ווידער געלאָזט הערן דער פראָסטאַצקער אָבער אומגעקינצלטער גוט־ברודערישער „זדראַוסטוווי בראַט!".

## צרות דורך „אייגענע" און דורך פרעמדע

אין שטאָט האָט זיך באַזעצט דער שטאַב פון דער 8־טער ארמיי. דאָס איז די ארמיי, וועלכע האָט דורכגעפירט דעם לעצטן זיג אויפן גאַנצן פראָנט־אָפשניט.

דער רעזשים איז געוואָרן באַדייטנדיק פאַרגרינגערט, אין פאַרגלייך דערמיט וואָס מען האָט געדענקט פון פריערדיקע צייטן. די מיליטערישע מאַכט, איבערהויפט דאָס מיליטער אַליין, האָט (מיט גאָר קליינע אויסנאַמען) אַרויסגעוויזן זייער אַ גוטע באַציִונג צו דער באַפעלקערונג. דעם ערשטן טאָג פונעם אָנקומען זענען די רוסישע קאָמאַנדירן געקומען מיט די יידן אין האַנדלס־קאָנטאַקטן און זיי האָבן געשאַפן מעגלעכקייטן, אַז יידן זאָלן זיין די ליפעראַנטן פו פראָוויאַנט פאַרן מיליטער.

מען האָט די יידן געגעבן אַ מעגלעכקייט אַריינצוטרעטן אין „פאַרבאַנד פון אַלרוסישן זעמסטוואָ", אין „פאַרבאַנד פון די שטעט". פיל יידן האָבן אין די פאַרבאַנדן, וועלכע זענען געווען רעגירונגס־אינסטיטוציעס, פאַרנומען בכבודיקע פאָסטנס.

שפייז־פּראָדוקטן, אין וועלכע די עסטרייכער האָבן געפילט אַ מאַנגל און רוסלאַנד האָט זיי געהאַט בשפע, זענען געוואָרן ביליקער, און דאָס לעבן פאַרן המון איז געוואָרן גרינגער.

אָבער יידן האָבן אָנגעהויבן צו דערפילן דעם באַזונדערן גלות, אַ גלות וועלכער איז געווען געווענדט בלויז קעגן יידן — גאָר פון אַן אַנדערער זייט: פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט.

ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויסזען פונעם ערשטן בליק, אָבער עס איז אַ פאַקט: די אַרמיי און די אַרמיי־מאַכט זענען געווען ליבעראַלער און מענטשלעכער ווי די ציווילע מאַכט. וכשתמצא לומר, אַז מיר זאָלן זיך אַ ביסל אַריינקלערן, געפינען מיר אפילו אַ געוויסע אויפקלערונג פון דער דערשיינונג. די אַרמיי, קעמפנדיק קעגן די מיטל־אייראָפּעישע אַרמייען — איז געקומען מיט זיי אין אַ מין „נאָענטער" באַרירונג און האָט פון זיי אין הלכות טאַקט און באַציִונג לגבי ציווילע בירגער דאָך עטוואָס געלערנט. די אַרמיי האָט זיך אָפּט צעניופגעלעבט מיט דער באַפעלקערונג פון די אָקופּירטע געביטן, און זיך אָנגעהערט לויב־געזאַנגען וועגן דער איידעלער באַציִונג צו בירגער — און דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג. צווישן די רוסן, די דעראָבערער, האָבן אָנגעהויבן בלאָזן מער ליבעראַלע ווינטעלעך. געוויס האָבן שוין אויך אָנגעהויבן אַריינדרינגען קערנדלעך פון אַנדערע אידעען, וועלכע האָבן טאַקע אין משך פון 9 חדשים אַרויסגעגעבן פירות. דערפון האָט זיך עס גענומען, וואָס די מיליטער־מאַכט איז געוואָרן אַזוי געסטאַטקעוועט און, כמעט נישט באַמערקנדיק, איז זי געוואָרן גוט געשטימט צו יידן.

אַנדערש איז געווען די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט און די פּאָליציי. די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען זיצן שטענדיק אין שטאָט, שטעקן נישט אַרויס די נאָז אין דרויסן — און אַזוי ווי זיי זענען געווען, אַזוי עלטערן זיי זיך און ווייסן נישט פון קיין נייע „אַפּיקורסישע" ווינטעלעך.

אין שטאָט האָבן זיך אומגעקערט די פונקציאָנאָרן פון דער אַדמיניסטראַציע מיט דער פּאָליציי, אַלע די זעלבע פון אַמאָל — פונעם אויעזדני איספּראַווניק, דעם שטיל־פאַרביסענעם בייזן „מי־כאַלקע" ביזן גאָראָדאָוואָי, דעם געשטופּלטן בגילופנדיקן „האָלאַ־סיוק". אין זייער קנאה צו די יידן, וועלכע זענען קאַרגע 9 חדשים געווען „גליקלעך" אונטער די ציוויליזירטע עסטרייכער, האָבן זיי זיך אין די יידן נוקם געווען מיט אַ באַזונדערער שנאה. פאַרן קלענסטן עברהלע האָט מען שטראָפירט מיט 3000 רובל אָדער 3 חדשים טורמע. עס האָט געקאָנט טרעפן, אַז דורכגייענדיק פאַר אַ געוועלב, זאָל דער איספּראַווניק באַפעלן צונויפקלויבן דאָס מיסט און פערד־קויט אויפן שאָסיי, עס אַריינטראָגן אין געוועלב און אַרויפלייגן אויפן טיש...

דער פּאָליציי איז איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע צוצו־שטעלן מענטשן צו דער אַרבעט אויף די קריגס־פּאָזיציעס. מען האָט געכאַפּט מענטשן אין גאַס, געקומען זוכן זיי אין די שטיבער. און געשיקט זיי אין די דערפער אַרום לויצק, ווי זשידיטשין און נעבושקאַ, אויף גראָבן אָקאָפּעס, בויען טראַנשייען א.א.וו. די אומ־באַשיצטע מענטשן זענען געווען אויסגעשטעלט אויף די גרעסטע סכנות. איבער די נישט באַשיצטע קעפּ זענען געפלויגן עסטריי־כישע און דייטשע עראָפּלאַנען און געריגנט מיט באָמבעס אָדער מאַשינגעווער־קוילן. די עראָפּלאַנען האָבן אין משך פון עטלעכע וואָכן אויך געמאַכט עטלעכע מאָל אין טאָג שפּאַצירן איבער דער שטאָט. די באָמבעס האָבן געטראָפן אין בענזין־רעזערוואַר און אין פּולווער־סקלאַד. פיל מענטשן זענען אין די וואָכן אומגעקומען. קיין געשעפטן האָט מען נישט געפירט, פּרנסה איז נישט געווען און דער יקרות אויף לעבנסמיטל איז געשטיגן.

אָבער מער פון אַלץ איז די יידן פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס לעבן דורך די טשינאָווניקעס. אויסער זייער אייגענער רשעות, האָבן זיי נאָך פון די העכערע ספערן באַקומען אַ ווונק צו רודפן יידן. זיי האָבן זיך ממש געבאָדן אין בלוט פון דער יידישער באַ־פעלקערונג, און ווילקירלעך געשטראָפירט מיט געלט און מיט שמיץ, און אויב מען האָט שוין באַוויליקט צו נעמען שוחד, האָט מען זיך געהייסן געבן אַזעלכע סומעס וועגן וועלכע מען האָט קיינמאָל נישט געקאָנט אפילו חלומען.

## פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט!

אָבער דאַן איז געקומען די הילף פאַר די לויצקער יידן נישט דורך עפּעס אַ צופעליקער קליינער ענדערונג אין לאָקאַלן מאַס־שטאַב, ווי מיר זענען געווינט געווען ביז איצט. לויצקער יידן זענען געוואָרן אַ רינגעלע אין דער גרויסער קייט פון געשעענישן, וועלכע האָבן געענדערט דאָס געשטאַלט פון גאַנצן צאַרישן רוס־לאַנד מיט אַלע איר אונטערגעוואָרפענע מדינות.

אָט די גרויסע איבערקערעניש, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער מדינה, נאָכדעם ווי דאָס רוסישע פאָלק איז מיד געוואָרן צו ליידן די אומאָרדענונג, כאַאָס, ווילקיר און גנבה, — אָט די אי־בערקערעניש האָט זיך דערפילט אין לויצק, צוליב דער נאָענט־קייט צום מלחמה־פראָנט, מיט מער שטאַרקייט.

די אַרמיי אויפן פראָנט און דער גאַרניזאָן אין שטאָט האָבן אָנערקענט די צייטווייליקע רעגירונג, וועלכע איז באַשטימט גע־וואָרן דורך דער רעוואָלוציע.

עס האָט אויסגעוויזן, גלייך דער רבש"ע האָט איבער דער

נאַכט עפּעס צוגענומען די ערד מיט איר קנאה און שנאה פון איין נאַציע צו דער צווייטער און פון פּחד פאַרן טויט דורך איין מענטש־מערדער איבערן צווייטן — און האָט אונטערגערוקט אין גלגל המזלות איינע פון זיינע פיל מיליאָנען אַנדערע צבא השמים, עפּעס אַ פּלאַנעטע אַ בריליאַנט, אַ פּלאַנעטע מעין עולם הבא, אַ וועלט פון נביאישן אחרית הימים — פון פרייהייט און ברידערלעכקייט, פון ליבע צווישן מענטש און מענטש...

דעם 10־טן מערץ 1917 האָבן די סאָלדאַטן איינגעאָרדנט אַ מאַניפעסטאַציע לכבוד דער פאָרגעקומענער רעוואָלוציע. אין די רייען איז געגאַנגען יעדע אָפּטיילונג מיט איר קאָמאַנדיר, מיט מוזיק און געזאַנג איבער דער שטאָט. דער הויף פונעם סאָבאָר איז געוואָרן פאַרפולט און פון די טרעפּ אַראָפּ, פאַרן טויזנטערקעפּיקן עולם פון אַלע נאַציעס, האָט מען געהאַלטן דרשות פאַר פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט צווישן אַלע בירגער אין רוסלאַנד אָן אונטערשיד פון גלויבן. פון איינעם אַ רעדנער, אַ יידישן סאָלדאַט ראָזענבערג, איז דער עולם אַזוי מיטגעריסן געוואָרן, אַז סאָלדאַטן און אָפיצירן האָבן דעם ראָזענבערגן איינגעהילט אין אַ צונטער־רויטן טוך און אים געטראָגן הויך איבער די קעפּ פונעם עולם, מיט גרויסע לויב־געזאַנגען פאַר די פרייהייט־קעמפער און פרייהייטס־דורשטיקע יידן.

איבער דעם ים פון קעפּ האָבן נישט גאָר הויך געשוועבט עראָפּלאַנען מיט פלאַטערנדיקע רויטע לאַנגע פענער, ווי זיי וואָלטן סימבאָליש באַשיצט דאָס פאָלק.

דעם גאַנצן טאָג זענען איבער דער שטאָט אַרומגעפאָרן אויטאָס באַצירט מיט רויטן. אין זיי זענען געשטאַנען געאָרעמט זעלנער, אָפיצירן און ציווילע מענטשן פון אַלע נאַציעס. זיי האָבן געזונגען און באַגריסט דאָס פאָלק צום גרויסן זיג פון פרייהייט איבער פאַרשקלאַפונג, פון מענטשלעכקייט איבער באַרבאַריזם. צום ענטוזיאַזם איז נישט געווען קיין גרענעץ.

דאָס רוסישע מיליטער האָט זיך ענדלעך איבערצייגט ווער עס איז אין אמתן שולדיק אין אַלע אומגליקן אין לאַנד און אויפן פראָנט, אַז אומזיסט מאַכט מען די יידן פאַרן שעיר לעזאזל, — ווען עס איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער שלאָס פון מויל, און יעדער האָט געקאָנט ריידן ווי זיין פאַרשטאַנד דיקטירט אים, זענען צוגענומען געוואָרן די גרענעצן צווישן בירגער און בירגער פון לאַנד.

באַגלייך מיט די רעוואָלוציאָנערע פייערונגען האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן אין לעבן אויך די פרייהייטן. די מאַכט איז איבערגעגאַנגען צום פאָלק. אין שטאָט איז אַראָפּגעקומען אַ קאָמיסאַר, וועלכער האָט געדאַרפט זיין דער פאַרטרעטער פון דער צייטווייליקער רעגירונג ביי דער טעטיקייט פון אַלע שטאָטישע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אין קאָמיסאַריאַט זענען געוויילט געוואָרן פאָרשטייער פון אַלע נאַציעס. אויך פון די יידן זענען אַהין געוויילט געוואָרן צוויי דעלעגאַטן: אברהם גליקליך און חייקל ווייץ.

אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זענען, צווישן אַנדערע, געוויילט געוואָרן צוועלף יידן.

## יידישער פאָלקס־קאָמיטעט אין שפּיץ פון לויצקער יידנטום

די יידן אין לויצק זענען נישט געווען אָרגאַניזירט. עס האָט זיך געפילט אַ נויטווענדיקייט צו שאַפן אַזאַ יידישע אָרגאַניזאַציע, אַזאַ צענטער, וואָס זאָל אָנפירן מיט אַלע געזעלשאַפטלעכע ענינים און זאָל האָבן דעם נויטיקן אויטאָריטעט צווישן די יידישע מאַסן און אויך דינען אַלס באַראַטונגס־אָרגאַן פאַרן יידישן ציבור אויף צו באַטראַכטן און באַקלערן אַלע אַקטועלע פראַגן.

אויף אַ גרויסן פאָלקס־מיטינג איז באַשלאָסן געוואָרן מען זאָל פון יעדער שול אויסוויילן אַ געוויסן פּראָצענט פון די מתפללים. עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן 130 פּערזאָן. פון זיי זענען אויסגעקליבן געוואָרן 40 פּערזאָן — דער אַזוי גערופענעם „יעווריעסקי נאַראָדני קאָמיטעט”, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו שטיין אויף דער וואַך פון די יידישע אינטערעסן אין לויצק.

עטלעכע טעג פאַר פּסח האָט מען אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר אַ פּאָגראָם, וואָס ווערט געגרייט, לויט ווי מען האָט געהערט, דורך פינצטערע כוחות. עס איז גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע 130 פּערזאָן, און אין פאַרשטענדיקונג מיט די רוסן איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע, וועלכע האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי אָפּצווענדן די סכנה. מען האָט איינגעפונען אַלס דעם געפערלעכסטן גורם צו פּאָגראָמען — דעם נישט לעגאַלן פאַרקויף פון אַלקאָהאָל. די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן מיט די פאַרשידענע מיטלען געקעמפט קעגן פאַרקויף פון אַלקאָהאָל: מיט פּראָפּאַגאַנדע אין די שולן און אויף אַנדערע ערטער; וווּ עס האָט זיך געפאָדערט — איז מען געגאַנגען אויף די געהיימע ערטער, פאַרחתמעט די קאַסטנס בראָנפן, אָדער גאָר איינגאַנצן זיי צוגענומען. אין גאַס האָט מען אָפּגעשטעלט שיכורע סאָלדאַטן און ביי זיי אַרויסבאַקומען וווּ עס געפינען זיך די פאַרקויף־שטעלעס פון בראָנפן; אויך די סאָלדאַטן גופא האָבן מיטגעווירקט זיך צו באַרויקן און עס איז צו קיין פּאָגראָם נישט געקומען.

## די ווייס־בלויע פאָן מיטן מגן־דוד איבערן שטאָט־ראַט

די יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אין פאַרשידענע גרופּירונגען און פאַראיינען. עטלעכע ציוניסטן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן איניציאַטיוו־גרופּע און גערופן אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ לאָקאַל, וווּ עס האָבן זיך געקאָנט צונויפזאַמלען ציוניסטן און סימפּאַטיקער פון ציוניזם. עס זענען אויך געשאַפן געוואָרן: דאָס צענטראַל־ביוראָ פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָרגאַניזאַציע פון יידישע האַנטווערקער (אַרבעטסגעבער), אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון אַרבעטער — יידן און נישט־יידן, גרופּירונגען פון ס. ד. און ס. ר.

די פאַרשידענע גרופּירונגען האָבן נישט באַקעמפט איינע די צווייטע. אונטערן איינדרוק פון דער באַפרייונג, האָבן זיי צווישן זיך געלעבט אין פרידן און חברשאַפט. זייער טעטיקייט האָט זיך אויסגעדריקט מער אין טאַטן פון דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער, אין רעפּרעזענטירן זיך אויף פאַרשידענע פאַראַנשטאַלטונגען.

אָט די נישט באַהאַוונטקייט אין פּאָליטישע דיפערענצירונגען, דאָס כמעט אַמעראַציש‌ע טראַקטירן די פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט האָט געשאַפן אַזעלכע באַציונגען, וואָס ביי שטרענג אָפּהיטן די דינים פון פּאַרטיי און פּראָגראַם, קאָן דאָס נישט זיין.

אויפן 1־טן מאַי 1917 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ גרויסער פרייהייטס־יום־טוב, אין וועלכן עס האָט זיך באַטייליקט די לויצקער באַפעלקערונג אָן אונטערשיד פון רעליגיע און שטאַנד. עס זענען געווען רויטע פענער מיט אַלגעמיינע פרייהייטס־לאָזונגען,

געל־בלויע — פון דעם אוקראַיִנישן פאָלק, אָן אַמאַראַנטע — פונעם פוילישן פאָלק. די מיטגלידער פונעם יידישן פאָלקס־קאָמיטעט, וואָס האָט גרופּירט לרוב דעם בירגערלעכן יידישן עלעמענט, האָבן געטראָגן אַ ווייס־בלויע פאָן מיט אַ מגן־דוד און אַ לאָזונג „תחי חרות לאומים". די צווייטע, מער נאַציאָנאַלע, האָבן געטראָגן אַ פאָן פון ווייס־בלויען זייד מיט אַן אויפשריפט „יחי העם העברי".

דאָס מיליטער און נישט־יידישע באַפעלקערונג מיט זייערע פענער האָבן זיך קאָנצענטרירט אויפן פלאַץ פאַרן ליובאַרט־שלאָס און קאַטעדרע, די יידן — אויפן פלאַץ פון דער גרויסער שטאָטישער שול. אין אַ פאַרויס־באַשטימטער שעה האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָצעסיע מיט פענער און פאַרשידענע געזאַנגען. אייניקע גרופּירונגען האָבן געזונגען די „מאַרסעליעזע", אַנדערע — זייערע נאַציאָנאַלע הימנען. די יידן האָבן געזונגען ציוניסטישע לידער און די „התקווה". אויפן וועג זענען צו דער פּראָצעסיע צוגעשטאַנען גרופּעס פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן. איבערן גאַנצן וועג האָבן זיי אָפּט פון באַלקאָנען באַגריסט רעדנער פון פאַרשידענע נאַציעס.

אַ בילד, וואָס האָט דערוועקט פרייד און באַגלייך טיפן טרויער, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער מאָמענט, ווען דער פרייִלעכער צעזונגענער יום־טובדיק אָנגעטאָענער און מיט בלימלעך באַפּוצטע דעמאָנסטראַציע איז צופעליק געקומען אָקעגן אַן אָפּטיילונג פון רוסישע סאָלדאַטן, פונעם וועג פאַרשטויבטע, נישט ראַזירטע, וועלכע זענען גראַד געגאַנגען דורך דער שטאָט לויצק אויפן פראָנט. די צוויי מחנות האָבן זיך געקרייצט אויפן וועג.

די צעזונגענע יום־טובדיקע דעמאָנסטראַציע האָט באַגריסט די סאָלדאַטן: „זאָל לעבן די רוסישע פרייע אַרמיי!" די זעלנער, וועלכע זענען נאָך געגאַנגען צום טויט, האָבן מיט באַגייסטערונג און ליבע געשריגן: „זאָל לעבן אַלע פעלקער, וואָס וווינען אין פרייען רוסלאַנד!" און געפּאַטשט מיט זייערע זעלנערישע היטלען.

ביים שטאָט־מאַגיסטראַט האָט זיך די דעמאָנסטראַציע אָפּגעשטעלט. דער באַלקאָן איז געווען באַצירט מיט רויטע פענער, מיט אַן אוקראַיִנישער פאָן און מיט אַ יידישער פאָן פון ווייס־בלוי מיט אַ מגן־דוד. דער פאָרזיצער און די ראַטמענער האָבן באַגריסט יעדע נאַציע באַזונדער.

דער צוג איז געגאַנגען אויפן לאַגער־פעלד אוזשענדניטשאַ. פון אַ טריבונע אַראָפּ האָבן רעדנער געפּרעדיקט פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט פאַר אַלע נאַציעס, וואָס זיצן אויף דער ערד פון רוסלאַנד. צו דער געהויבנקייט פון דער שטימונג איז נישט געווען קיין גרענעץ.

## ציוניסטן האָבן די העגעמאָניע אויף דער יידישער גאַס

(יוני—דעצעמבער 1917)

די יידן זענען ווירקלעך געווען פרייע בירגער. דער מאַגיסטראַט איז באַשטאַנען כמעט בלויז פון יידן. דאָס לעבן האָט אָנגעהויבן אַנטפּלעקן ברייטע חלוקי־דעות צווישן די פאַרשידענע גרופּירונגען אין פיל פראַגן — עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע. דער יידישער פאָלקס־קאָמיטעט, וואָס די וואַלן צו אים האָבן נישט באַפרידיקט די כללים: געהיימע, דירעקטע א.א.וו. וואַלן, האָט נישט אַנטשפּראָכן זיין אויפגאַבע און ער איז זיך צעפאַלן. די יידישע גרופּירונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַליזירן און אַרויסצושטעלן אייגענע פאָדערונגען. דער יידישער ציבור האָט זיך איינגעטיילט אין די הויפּט־גרופּירונגען: ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן פון האַנטווערקער (אַרבעטגעבער) און פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן פון אַרבעטער. אין דעם לעצטן זענען געווען פיל מיטגלידער אויך נישט־יידן.

אַרום יוני־יולי איז דערשינען אַ פאַראָרדענונג צו אָרגאַניזירן די שטאָט־דומע אויף נייע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ וואַל־קאַמף. די ציוניסטן האָבן זיך בלאָקירט מיטן פּראָפעסיאָנעלן פאַרבאַנד פון די האַנטווערקער און אַזוי האָבן זיי גערעכנט זיך צו בלאָקירן אויך צו די וואַלן צו דער צוקונפטיקער אַלרוסישער גרינדונג־פאַרזאַמלונג.

די חלוקי־דעות אין דער שטאָט־דומע האָבן איבערצייגט, אַז דער זיווג פון די ציוניסטן מיט די אַנדערע פאַראייניגן איז נישט עולה יפה. נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָבן די ציוניסטן באַוויזן צו פּאָפּולאַריזירן דעם ציוניסטישן געדאַנק, און דעריבער האָבן די ציוניסטן באַשלאָסן צו גיין אויף להבא מיט אַ באַזונדערער ליסטע — אַ ריין־ציוניסטישע, אָן אַ צומיש פון אַן אַנדערן עלעמענט. דעם ערשטן זעלבשטענדיקן שריט האָבן זיי געמאַכט ביי די וואַלן צו דער זעמסטווע.

נאָך זייער זיג ביי די וואַלן האָבן די ציוניסטן דערפילט זייער קראַפט און זייער מאָראַלישע השפעה אויף די יידישע מאַסן. זיי האָבן דערקלערט אַ קאַמף פאַר דער העברעישער שפּראַך, וועלכע איז ביי די מער לינקערע עלעמענטן פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ לוקסוס און פאַר אַ שאָוויניזם. די ציוניסטן האָבן דעמאָלט געגרינדעט אַ סניף צו דער געזעלשאַפט „תרבות". זיי האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן וועגן אַן אָרגאַניזאַציע פון לערער און סימפּאַטיקער פון העברעיש, זיי האָבן געגרינדעט שולן א.א.וו.

די ציוניסטן האָבן נישט באַשרענקט זייער טעטיקייט מיט ספּעציפיש־ציוניסטישע ענינים. נאָר אין אַלעם, וואָס איז נוגע געווען אַ גרעסערן יידישן קיבוץ זענען זיי געווען די ערשטע צו נעמען אַ לעבהאַפטן אָנטייל. ווען מען איז אין לויצק געוואָר געוואָרן וועגן דער שטאַרקער נויט און אָרעמקייט ביי יידן אין דעמאָלטדיקן פּוילן און ליטע — האָט דער ציוניסטישער קאָמיטעט איינגעאָרדנט אַ ריזיקן מיטינג מיטן ציל דורכצופירן אַ געלט־זאַמלונג פאַר די געליטענע.

דאָס צוניפגעזאַמלטע געלט האָט צוליב אַ נייער איבערקערעניש נישט געקאָנט ווערן איבערגעשיקט אויף די ערטער און געבליבן ליגן אין געטרייע ערלעכע הענט ביז פּסח. און דאַן האָט מען פאַר דעם געלט איינגעאָרדנט אַ פּסחדיקע קיך פאַר די זעלנער, וועלכע האָבן געשטאַמט פון פּוילן און ליטע.

*

מיט דעם ענדיקט זיך אַן עפּאָכע אין יידישן לויצק — די צייט פון דער רוסישער מאַכט — קריג, ערב־רעוואָלוציע און בעת רעוואָלוציע.

לויצק, 1938

פנחס טשעטשאָטקאָ / חיפה

# צווישן 1915 און 1918

אין אויגוסט 1915 איז דאָס רוסישע מיליטער אונטערן דרוק פון דער עסטרייכישער אַרמיי אָפּגעטראָטן פון לויצק. מיט דער דערלויבעניש פונעם לעצטן מיליטערישן קאָמענדאַנט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ציווילע מיליץ בראש מיט ד״ר קאַרטשעמני ע״ה. די אויפגאַבע פון דער בירגער־מיליץ איז געווען צו פאַרהיטן די ציווילע באַפעלקערונג פון רויב־אָנפאַלן און אָרגאַניזירן הילף קעגן שרפות, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין אויסברעכן אַלס רעזולטאַט פון די אומאויפהערלעכע באָמבאַרדירונגען פון די צוויי פיינטלעכע אַרמייען. דעק־עלעמענטן האָבן נאָר געוואַרט אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט אָנצוהייבן ראַבעווען יידיש האָב און גוטס.

נאָכן אָפּטרעטנדיקן רוסישן מיליטער איז אַריין די עסטרייכישע אַרמיי, וועלכע האָט, אָפּזייענדיק אין לויצק ביי אַ דריי וואָכן, אויך געמוזט זיך צוריקציען, אָבער נישט אינגאַנצן. די שטאָט לויצק איז צעטיילט דורכן טייך סטיר, און די פראָנט־ליניע איז טאַקע אַדורכגעגאַנגען אינמיטן דער שטאָט, פוןביידע זייטן סטיר. די שיסעריי איז אָנגעגאַנגען כסדר און גורם געווען מענטשלעכע און מאַטעריעלע קרבנות. די באַפעלקערונג איז געלעגן באַהאַלטן אין די קעלערס. אָבער די בירגער־מיליץ האָט געמוזט שטיין אויף דער וואַך קעגן שרפות און רויב־אָנפאַלן. אָט די סיטואַציע האָט זיך געצויגן פון יום־הקדוש ביז ענדע סוכות.

דעם לעצטן טאָג סוכות, שבת בייטאָג, ווען מיר אַלע זענען געווען באַהאַלטן אין די קעלערס, איז אַ שראַפּנעל אַריינגעפאַלן אין געמויערטן הויז פון יהושוע יעקב דרויזען ע״ה און געהרגעט פיל מענטשן. געשען איז דאָס דערפאַר ווייל אין זעלבן הויז איז געשטאַנען אַ רוסישע פעלד־קיך, פון וועלכער ס׳איז געגאַנגען אַ רויך, און דאָס איז געווען אַ צילברעט פאַר די עסטרייכישע שראַפּנעלן. איינער פון זיי האָט טאַקע אָנגעמאַכט אַ וויסטן חורבן. דער שרייבער פון די שורות האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דערמאָנטן אָרט און איז על פּי נס ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

ס׳איז תיכף אָרגאַניזירט געוואָרן אַ רעטונגס־אַקציע. די טויטע האָט מען אַרויסגעשלעפּט און די פאַרוווּנדעטע — איבערגעשיקט אין דערבייאיקן פעלד־שפּיטאָל און שפּעטער איבערטראַנספּאָרטירט קיין ראָוונע.

אויף צומאָרגנס זענען די טויטע נקבר געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם. האַרצרייסנדיק זענען געווען די געוויינען פון די משפחות נאָך די 15 געהרגעטע. אין זעלבן אָוונט, דעם 2־טן נאָוועמבער 1915 איז די עסטרייכישע אַרמיי אַריין קיין לויצק.

מיר זענען אַרויסגעקראָכן פון די קעלערס און פאַרשידענע באַהעלטענישן און באַקומען אַ מעגלעכקייט פרייער אָפּצואָטעמען. אָבער אונדזערע צרות האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן. די עסטרייכישע מיליטער־מאַכט האָט אָנגעהויבן צו רעקווירירן די עיקרדיקע לעבנסמיטל־פּראָדוקטן. נאָך איידער די רוסישע אַרמיי האָט פאַרלאָזט די שטאָט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז מ׳זאָל איר איבערגעבן די סקלאַדעס מיט די פּראָדוקטן, און דאָס וואָס מ׳קאָן נישט אַרויספירן — זאָל מען באַגיסן מיט נאַפט און אונטערצינדן, בכדי ס׳זאָל גאָרנישט אַריינפאַלן אין די הענט פון שונא. האָט זיך טאַקע געשאַפן אַ גרויסער מאַנגל אין לעבנסמיטל. ס׳איז אָבער נישט געווען קיין אַנדער ברירה און מ׳האָט זיך געמוזט צוגעוווינען אַ ביסל אונטערצוהונגערן.

מיטן איינמאַרש פון דער עסטרייכישער אַרמיי איז די פרייוויליקע בירגער־מיליץ רעאָרגאַניזירט געוואָרן, אָבער שוין אָן ד״ר קאַרטשעמני, וועלכן מ׳האָט אַרעסטירט, צוזאַמען מיט נאָך אייניקע בעלי־בתים, אַלס ערובניקעס, און אַרויפגעלייגט אויף דער שטאָט אַ קאָנטריבוציע פון 10.000 רובל אין גאָלד. די סומע איז טאַקע צוגעשטעלט געוואָרן און די ערובניקעס זענען באַלד באַפרייט געוואָרן. אין דער רעאָרגאַניזירטער מיליץ האָבן ד״ר קאַרטשעמניס אָרט פאַרנומען אַ געוויסער גרויס, אַן אייגנטימער פון אַ דרוקעריי אויף דער הויפּט־גאַס און זיינע געהילפן: טשאַטשקי, אַ געוועזענער לערער אין דער שול פון דיקשטיין, יצחקל אקס א.א. זייער אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין העלפן דער עסטרייכישער אָקופּאַציע־מאַכט אַדורכצופירן ביי דער אָרטיקער באַפעלקערונג פאַרשידענע רעקוויזיציעס אויף וווינונגען, פערד מיט וועגענער א.ד.גל.

צו די אַלע אָרטיקע צרות איז נאָך צוגעקומען אַן אַלגעמיינע : די הימלאָזע. די קריגס־אָפּעראַציעס אַרום לויצקער געגנט האָבן אָנגעמאַכט אַ וויסטן חורבן אין די קליינע שטעטלעך, וואָס אַרום לויצק. קאָלק, ראַפּאַלוווקע, מאַניעוויטש, וולאַדימירעץ, ראָזישטש, טאָרטשין, קיסעלין, טראַווער, לאָקאָטש, איטשילעק, בערעמלי, און אויך פיל אַנדערע דערפער, זענען חרוב און פאַרברענט געוואָרן פון די שראַפּנעלן. פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך האָבן אָנגעהויבן שטראָמען די הימלאָזע, וועלכע האָבן זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט מיטן לעבן, און איבערגעלאָזן זייער האָב און גוטס אויפן באַראָט פון פייער. די נויט איז געווען אָן לשער.

דער אָנגעקומענדיקער ווינטער האָט זיך געלייגט מיט אַ באַזונדערער שווערקייט אויף די הימלאָזע. ס׳איז נישט געווען קיין הייץ־מאַטעריאַל, קיין לעבנסמיטל, קיין שיך און קיין קליידער. די ענגשאַפט אין די וווינונגען איז געווען גרויס. זענען טאַקע אויסגעבראָכן פאַרשידענע עפּידעמיעס. נישט געווען קיין טאָג אָן עטלעכע טויטע. אַ טיפער טרויער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער יידישער קהילה אין לויצק.

און דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ. די עסטרייכישע מילי־

טער־מאַכט האָט אָנגעהויבן כאַפּן יידן צו גראָבן אָקאָפּעס אַרום דער שטאָט. די געכאַפּטע זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ווייט הינטער דער שטאָט און מ׳האָט זיי נישט געלאָזט אַהיים. דאָס האָט ספּעציעל זיך אָפּגערופן אויף דער מאַטעריעלער לאַגע פון די אָרעמע שיכטן, ווו די מענער זענען געווען די איינציקע פאַרדינער. בכדי אויסצומיידן די כאַפּעריי אויף אַרבעט, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיטעט בראש פון וועלכן ס׳איז געשטאַנען ר׳ אליעזר דרוקער ז״ל. דער קאָמיטעט האָט זיך געפונען אין הויז פון ר׳ יונה פעלדענקרייז ז״ל. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין עלטער פון 16 יאָר ביז 60 איז באַזאָרגט געוואָרן מיט ספּעציעלע אַרבעטס־ביכלעך, אין וועלכע מ׳האָט איינגעשריבן יעדנס אויסגעפילטע אַרבעטס־פליכט לויט דער ריי. אַזוי אַרום איז מיט דער הסכמה פונעם עסטרייכישן מיליטערישן קרייז־קאָמענדאַנט אָפּגעשאַפט געוואָרן די פּלאָג פון די ווילדע כאַפּענישן אויף אַרבעט און ס׳איז איינגעפירט געוואָרן אַ געוויסער סדר. דער, וואָס איז נישט געווען בכוח אויסצופילן די אַרבעטס־פליכט, האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו דינגען אַן אַנדערן, אַז ער זאָל פאַר אים אָפּאַרבעטן. פאַרשטענדלעך, אַז דערמיט האָבן זיך געעפנט געוויסע פרנסות פאַר אַ טייל יידן.

די מאַטעריעלע לאַגע פון דער באַפעלקערונג איז ביסלעכווייז געוואָרן פאַרבעסערט. מיט דער דערלויבעניש פונעם עסטרייכישן מיליטער־קאָמענדאַנט האָט מען אָנגעהויבן אַריינפירן סחורה פון אורוכאָוו און לעמבערג. מ׳האָט אָנגעהויבן אויפעפענען פאַרשידענע געשעפטן. די קאַפע־ און טיי־הייזער זענען געוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. יעדער איינער, וועלכער האָט נאָר געהאַט אַן אָפן פענצטער צו דער גאַס, האָט געעפנט אַ טיי־הויז און געהאַט דערפון פרנסה. דאָס אַלץ, צוזאַמען מיט פאַרשידענע אַנדערע מעגלעכקייטן אַדאַנק די מיליטערישע רעגירונגס־אַרבעטן, האָט אַ סך געלינדערט די נויט.

אָנהויב יאָר 1916 איז נאָמינירט געוואָרן אַלס רעגירונגס־ראַבינער ד״ר מארינשטיין ז״ל — אויפן אָרט פון געוועזענעם ראַבינער ר׳ משה גליקליך ז״ל, וועלכער האָט זיך געהאַט עוואַקוירט קיין קיעוו. דער נייער ראַבינער האָט זיך פאַרנומען נאָר מיטן דערליידיקן די רעליגיעזע הצטרכותן פון אונדזער קהילה.

נאָכדעם ווי די עסטרייכישע מיליטער־מאַכט האָט איינגעפירט אַ שטיקל אָרדענונג, האָט זי אָנגעהויבן דורכפירן אַ פּאַספּאָרטיזאַציע פון אַלע דערוואַקסענע איינוווינער פון דער שטאָט. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן אין פעברואַר 1916 און זי איז אַדורכגעפירט געוואָרן אויף פאָלגנדיקן אופן: אין הויז פון מיליטערישן קרייז־קאָמענדאַנט איז געווען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, אין וועלכער ס׳זענען, אַלס בייזיצער, אויך אַריין צוויי אָנגעזעענע בעלי־בתים פון יעדער גאַס. אַלע 2־3 טעג האָבן די איינוווינער פון אַן אַנדערער גאַס געמוזט זיך צושטעלן צו דער קאָמיסיע און אויפן סמך פון עדות־זאָגן פון די בייזיצערס זענען זיי אידענטיפיצירט געוואָרן און מ׳האָט זיי אַרויסגעגעבן געהעריקע דאָקומענטן.

נאָך דעם פאַרענדיקן די פּאַספּאָרטיזאַציע פון דער באַפעלקערונג איז די גאַנצע שטאָט אַרומגערינגלט געוואָרן מיט מיליטער. אויף יעדער גאַס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן מיליטערישע פּאַטראָלן בכדי אויסצוכאַפּן די פאַרדעכטיקטע עלעמענטן. צו דעם האַרבן רעזשים, אין וועלכן די איינוווינער האָבן געלעבט און געמוזט זיך צופּאַסן צו דער מיליטערישער אויסנאַמס־צייט, איז צוגעקומען נאָך אַ צרה צוליב וועלכער מ׳איז אַ געוויסע צייט ווי געווען פאַרשלאָסן אין די אייגענע גאַסן.

ווי כ׳האָב שוין פריער דערמאָנט, האָבן אין לויצק דאַן געבושעוועט פאַרשידענע עפּידעמיעס. אין לויצק זענען אָבער כמעט נישט געווען קיין הייל־אַנשטאַלטן. דער אַנשטאַלט „ביקור־חולים״ איז דאַן געווען דער איינציקער הייל־אַנשטאַלט אין וועלכן יידן האָבן געקאָנט באַקומען מעדיצינישע הילף. ליידער האָט ער נישט געקאָנט אַריינגעמען אין זיך אַלע קראַנקע, וועלכע האָבן זיך געגייטיקט אין מעדיצינישער הילף און איזאָלאַציע. צוליב דעם האָבן אַ סך קראַנקע געמוזט בלייבן ביי זיך אין די וווינונגען. אויך אין דאָקטוירים איז געווען אַ גרויסער מאַנגל. זיי זענען אַלע מאָביליזירט געווען אין דער רוסישער אַרמיי. געבליבן אין לויצק זענען נאָר 2 דאָקטוירים, אַ ייד ד״ר ראַנץ ע״ה און אַ ליבעראַלער קריסט מיטן נאָמען ד״ר פּאָמיאַנאָווסקי חוץ די דריי פעלדשער, ר׳ מענדל רופא ע״ה, ר׳ זלמן רופא ע״ה און אַ טאַרטשינער רופא מיטן נאָמען פוקס ע״ה.

די עסטרייכישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט איבערגעגעבן אַ דעזינפעקציע־מאַשין אויף דעזינפעקציאָנירן די הייזער, ווו ס׳זענען געווען קראַנקע.

פאַרשטענדלעך, אַז אין אַזאַ סיטואַציע זענען די לערן־אַנשטאַלטן נישט געווען טעטיק. דער בנין פון דער תלמוד־תורה איז געווען רעקווירירט פאַר אַ מיליטערישן שפּיטאָל און די דיקשטיין־שול איז געווען פאַרנומען דורכן אָקופּאַציע־מיליטער. דאָס אַלץ האָט דערפירט צום אָרגאַניזירן אַ חברה „לינת־הצדק״, בראש פון וועלכער ס׳איז געשטאַנען ר׳ אברהם לאַנדסבערג ז״ל.

מיטן דערנענטערן זיך פון פסח איז אין חודש מערץ 1916 אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אַלגעמיינער קאָמיטעט, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו באַזאָרגן אָרעמע יידן מיט אַלע הצטרכותן אויף פסח. אין קאָמיטעט זענען אויסגעוויילט געוואָרן פאָרשטייער פון אַלע בתי־מדרשים. פון ווילקער בית־מדרש: ר׳ עוזר דעבערט ז״ל, ר׳ יצחק דאלינער ז״ל, דער ווילקער רב ר׳ בנציון לעדערמאַן ז״ל, ר׳ יוסף שטערנבוים ז״ל, ר׳ מאיר קופּערשטיין ז״ל, ר׳ משה ליבהאָבער ז״ל, ר׳ דוד גאָלוב ז״ל, ר׳ דוד שיינמאַן ז״ל. פון דער ווילקער גרויסער שול: ר׳ יחיאל איינבינדער ז״ל, ר׳ אלתר פרעס ז״ל, ר׳ יעקב באַווערמאַן ז״ל. פון דער נאָוואָ־סטראָיענער שול: ר׳ מאָטי פוקס ז״ל און ר׳ יעקב פרידמאַן ז״ל. פון דער דאָלינער שול: ר׳ מאיר פּירער ז״ל און ר׳ ברוך שפּיגעל ז״ל. פון דער טריסקער שול: ר׳ מאָטל וואַקסמאַן ז״ל, ר׳ גרשון צוויטמאַן ז״ל און ר׳ איטשע קעסטענבוים ז״ל. פון דער פאָרשטאָטישער גרויסער שול: ר׳ אנשל וואַסערמאַן ז״ל, ר׳ שמעון גאָלדבערג ז״ל און מירמעלשטיין ז״ל. פ׳ן דער גרויסער שול: ר׳ איטשע קרוין ז״ל און קרישטאַלקאַ ז״ל. פון די קראנא־שולן: ר׳ שלמה אייזענבערג ז״ל און שיינדער ז״ל.

אין דער פאַרוואַלטונג מיט דער הילפס־אַקציע האָבן זיך געפונען די פּערזאָנען: ר׳ ישראל ווײַנטרויב ז״ל, ר׳ אברהם לאַנדוי ז״ל, ר׳ חיים בוקאָוויעצקי ז״ל, ר׳ יודל נוף ז״ל — ביי דער אַלזייטיקער מיטהילף פון אונדזער ראַבינער ד״ר מארינשטיין ז״ל. אין אַלגעמיין זענען אויף פסח באַזאָרגט געוואָרן די דאָזיקע פאַמיליעס, וועמענס מענער ס׳זענען געווען מאָביליזירט אין דער רוסישער אַרמיי.

ביי דער געלעגנהייט ווילט זיך פאַרצייכענען אַ זייער אינ־

טערעסאַנטן עפּיזאָד פון דעמאָלטדיקן לעבן פון דער יידישער קהילה. די עסטרייכישע מיליטער־מאַכט האָט געזוכט אַ פּאַסיקן לאָקאַל אויף אַ נאַכט־קלוב פאַר די עסטרייכישע אָפיצירן. זי האָט געוואָלט רעקווירירן ס׳הויז פון ר׳ מאיר קופּערשטיין. דעם אויבערשטן שטאָק האָט מען געהאַט אויסגעשטאַט מיט אַלע נייטיקע איינריכטונגען אויף אַזאַ לאָקאַל. מ׳האָט געוואָלט אויך פאַרנעמען דעם אונטערשטן שטאָק, וווּ ס׳האָבן געוווינט עטלעכע משפחות פון דער פאַמיליע קופּערשטיין, וועלכע האָט זיך פאַררעכנט צו די אָנגעזעענסטע אין שטאָט. פאַר די לעצטע איז געווען אַ גרויסע חרפה דאָס איינאָרדענען ביי זיי אַזאַ פאַרוויילונגס־אָרט. אַלע אינטערווענצן ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט האָבן נישט געהאָלפן און מ׳איז געשטאַנען פאַר דער געפאַר, אַז דאָס גאַנצע הויז זאָל פאַרנומען ווערן פאַר אַזאַ „דערהויבענעם" ציל. אין דער לעצטער מינוט ממש איז ר׳ מאיר קופּערשטיין איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק. אינעם דאָזיקן הויז איז געווען אַ גרויס צימער, וווּ ס׳האָט זיך געפונען אַ רייכע רבנישע ביבליאָטעק מיט פאַרשידענע הייליקע כתב־ידן. האָט מען אין אָט דעם צימער אויפגעעפנט אַ קליינע שול, אין וועלכע מ׳האָט געדאַוונט. מ׳האָט אַריינגעשטעלט 3 ספרי־תורות אין אַן ארון, אַן עמוד מיט אַ שולחן און אַלע אַנדערע כלי־קודש. נאָכדעם האָט מען געפאָדערט, אַז אַ קאָמיסיע פון דער עסטרייכישער מיליטער־מאַכט זאָל בודק זיין, צי אין אַ הויז וווּ ס׳געפינט זיך אַ בית־המדרש קאָן מען איינאָרדענען אַ נאַכט־לאָקאַל. ס׳איז טאַקע אַראָפּגעקומען אַ מיליטערישע קאָמיסיע פון עסטרייכישע אָפיצירן מיטן אָנטייל פון אַ יידישן פעלד־ראַבינער, וועלכע האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין דעם הויז טאָר מען נישט אָרגאַניזירן קיין עפנטלעכן נאַכט־לאָקאַל, ווייל דאָס וואָלט באַליידיקט די רעליגיעזע געפילן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. מ׳האָט אויך באַפרייט דעם שוין רעקווירירטן אויבערשטן שטאָק. דאָס דאָזיקע שולכל איז געבליבן טעטיק ביזן לעצטן גרויסן חורבן.

דער דערמאָנטער עפּיזאָד איז פאָרגעקומען דריי מאָנאַטן פאַר פאַרלאָזן לויצק דורך דער עסטרייכישער אַרמיי. אָבער נאָך איידער זי האָט די שטאָט פאַרלאָזט, האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט די שרעק־טעג, ענלעכע צו יענע, ווען די עסטרייכער האָבן די שטאָט פאַרנומען. אין משך פון דריי מעת־לעת איז אַרום דער שטאָט אָנגעגאַנגען אַ העפטיקע שיסעריי, וועלכע האָט אַלעמען געצוווּנגען זיך צו פאַרשטעקן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן. דאָס איז געווען ענדע מאַי 1916, שבועות, פאַרנאַכט. אונדזער גאַנצע פאַמיליע האָט זיך אויפגעזאַמלט ביי אונדזער פעטער ר׳ גרשון צוויטמאַן ז״ל, אין זיין געמויערטן הויז נישט ווייט פון דער קראַסנער בריק. אין אַ געוויסן מאָמענט איז די גאַנצע מיליטער־מאַסע פון די עסטרייכער געבליבן ווי אין אַ פאַרשטאָפּונג צוליבן גרויסן געדראַנג פון כל מיני עסטרייכישע מיליטער־אָפּטיילונגען, וועלכע זענען אָפּגעטראָטן פון דער שטאָט אין גרויס איילעניש. די דאָזיקע פאַרשטאָפּונג איז באַמערקט געוואָרן דורך דער רוסישער אַרטילעריע, וועלכע האָט אַהינצו אָנגעהויבן אַרויסשיקן אירע סנאַריאַדן. כמעט אין לעצטן מאָמענט זענען מיר אַראָפּ אין אונטערשטן טייל פון הויז, וווּ ס׳איז געווען מער זיכערער ווי אויף די אויבערשטע טיילן. די צוויי סנאַריאַדן, וועלכע זענען געפאַלן אויפן הויז, האָבן אונדז גאָרנישט געשאַט און מיר זענען אָפּגעקומען מיט בלויזער שרעק. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס רוסישע מיליטער דאַרף צוריקקומען אין שטאָט אַריין און מיר האָבן זיך אַ ביסעלע דערפאַר געשראָקן. באַזונדערס איז געווען גרויס די געפאַר פאַרן אַוואַנגאַרד, וועלכער האַנדלט אויף אייגענער האַנט און קאָן אָנטאָן דער ציווילער באַפעלקערונג גרויסע צרות.

די קאַנאָנאַדע איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער און בלויז אַ ביקסן־שיסעריי האָט איבערגעריסן די פאַרהעלטנישמעסיקע שטילקייט. אין אונדזער באַהעלטעניש זענען, אויסער אונדזער פאַמיליע, אויך געווען נאָך עטלעכע פאַמיליעס פון דער גאַס, וווּ מיר האָבן געוווינט. אַלעמאָל איז אַן אַנדערער געשטאַנען אויף דער וואַך, בכדי צו כאַפּן עפּעס אַן אָנדייטונג וועגן דעם, וואָס ס׳טוט זיך אויף דער ליכטיקער שיין. אַרום צוויי ביינאַכט, ווען אויף דער וואַך איז געשטאַנען ר׳ ישראל לייב מאַטיוק ז״ל, האָבן מיר פון אים באַקומען אַ באַפעל: שאַ, שטיל, דוכט זיך, אַז כ׳הער רעדן רוסיש! מיר אַלע האָבן נאָך מערער איינגעהאַלטן דעם אָטעם און דאַן האָבן מיר דערהערט רעדן רוסיש אויפן הויף. די רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אויפן הויף, האָבן אויך באַמערקט אונדזער באַהעלטעניש און ס׳שוואַכע נאַכט־ליכטל, וואָס האָט פון אונדזער באַהעלטעניש אַרויסגעצאַנקט, און זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז. ס׳איז זיי אַנטקעגנגעגאַנגען ר׳ מאַטיוק, וועלכער האָט זיך באַלד צוריקגעקערט מיט די רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אונדז באַגריסט מיט אַ ברייטן „זדראַסטוווּיטיע". זיי האָבן באַטראַכט אונדזער באַהעלטעניש און אונדז באַרוּיִקט, ראָטנדיק אונדז זיך נישט אַרויסצורירן ביז אינדערפרי. מיר האָבן זיי מכבד געווען מיט פּאַפּיראָסן. די סאָלדאַטן זענען געווען צו אונדז זייער פריינדלעך.

פון דער דעמאָלטדיקער שיסעריי זענען געפאַלן צוויי קרבנות. דאָס זענען געווען יודקע פּאַפּיראָסניקס פּרוי ז״ל און ישראל קאוואלס פּרוי ז״ל.

באַלד נאָך דעם, ווי דאָס רוסישע מיליטער איז צוריקגעקומען קיין לויצק, האָט זיך דער נייער מיליטערישער קאָמענדאַנט געווענדט צו דער ציווילער באַפעלקערונג און זי גערופן זיך צוריקצוקערן צום נאָרמאַלן בירגערלעכן לעבן, מ׳זאָל עפענען די געשעפטן, וואַרשטאַטן. דער פראָנט האָט זיך דאַן נאָך געפונען ביי אַ 30־40 ק״מ פון שטאָט. דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגעגעבן „פּראָפּוסקן" אויף צו פאָרן קיין ראָוונע. די באַפעלקערונג האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און דער האַנדל איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרן. אין שטאָט האָבן זיך באַוויזן אַלע פּראָדוקטן און מ׳האָט אַלץ געקאָנט באַקומען.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און די ציווילע מאַכט איז צוריקגעקומען — מיט דער פריערדיקער פּאָליציי און איר „איספּראַווניק". ס׳איז אויך צוריקגעקומען דער פריערדיקער שטאָט־פּרעזידענט מאַלאָוויצקי (גאָראָדסקאָיאַ גאָלאָוואַ). מ׳האָט גלייכצייטיק אָנגעהויבן כאַפּן אויף פאַרשידענע מיליטערישע אַרבעטן, אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך אַלץ סטאַביליזירט.

אין יענער צייט איז אַנטשטאַנען אַ יידישער הילפס־קאָמיטעט פאַר די מלחמה־פּליטים פון לויצקער געגנט. די צענטראַלע האָט זיך געפונען אין קיעוו. אין שפּיץ פון דער צענטראַלע איז געווען אַ ספּעציעל באַפולמעכטיקטער, גיטערמאַן (אַ קיעווער רבס אַ זון), שפּעטערדיקער דירעקטאָר פון „דזשאָינט" אין וואַרשע, אומגעקומען בשעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

דער דאָזיקער הילפס־קאָמיטעט האָט געשאַפן אַ קינדערגאָרטן פאַר יתומים פון עלטערן, אומגעקומענע אין דער מלחמה.

מ׳האָט אויך אָרגאַניזירט געשעפטן, ווו אַלס אָנגעשטעלטע האָבן געאַרבעט אַלמנות פון געפאַלענע אויפן פראָנט.

אין דער זעלבער צייט איז פון דער קיִעווער צענטראַלע אַראָפּגעקומען קיין לויצק דער שריפטשטעלער ש. אַנסקי אין אוניפאָרם פון אַ רוסישן אָפיציר. ער האָט באַזוכט אונדזער שול מיט אירע אַלטערטימלעכע אַנטיקן, וועלכע ער האָט אַרויסגע־פירט קיין פעטראָגראַד (לענינגראַד).

די דייטשע אַוויאַציע האָט נישט געלאָזט רוען, נישט ביי־טאָג און נישט אין די ליכטיקע נעכט. יעדן טאָג פלעגן מיר ווערן באָמבאַרדירט. ס׳זענען דערביי אָפּט געפאַלן פיל קרבנות. איינעם אַזאַ לופט־אָנפאַל געדענקט זיך נאָך ביזן היינטיקן טאָג. אין אַ געוויסן פרימאָרגן זענען מיר אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך אַ שטאַרקן אויפרייס. מ׳איז פּשוט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די בעטן. די טירן זענען אַרויס פון זייערע זאַוויאַסן. די שויבן פון די פענצטער זענען אויסגעהאַקט געוואָרן. די דייטשע עראָפּלאַ־נען האָבן דאַן באָמבאַרדירט די באַן־סטאַציע, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ מיליטערישער עשאַלאָן מיט אַמוניציע. אין באָמבע האָט טאָקע געטראָפן אין אַ וואַגאָן מיט אויפרייס־מאַטעריאַל. ס׳איז פאָרגע־קומען אַ שרעקלעכער אויפרייס און ס׳איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע שׂרפה, וועלכע מ׳האָט לאָקאַליזירט און אויסגעלאָשן ערשט נאָך עטלעכע טעג אַרבעט פון דער שטאָטישער פייערלעשער־קאָמאַנדע.

נישט קוקנדיק אויף די אומאויפהערלעכע באָמבאַרדירונגען פון דער דייטשער אַוויאַציע, איז ס׳לעבן אָנגעגאַנגען מיטן זיין נאָרמאַלן גאַנג. דער האַנדל האָט געבליט. די וואַרשטאַטן האָבן געאַרבעט אויף דער פולער פּאַרע, ווייל דער פראָנט האָט גע־האַלטן אין איין פאָדערן מאַטעריאַל פאַרן קריג.

מיטן אָנקום פון די הארבסט־רעגנס האָט אויפגעהערט די באָמבאַרדירונג און מיר האָבן אַ קאַפּעטשקע אָפּגעאָטעמט. דאַ־קעגן האָבן מיטן אָנקום פון די ווינטער־חדשים אָנגעהויבן ווידער זיך פאַרשפּרייטן פאַרשידענע עפּידעמישע קראַנקייטן, מיטגע־שלעפּטע פון פראָנט. דורך דער מיליטערישער און ציווילער מאַכט זענען אָנגענומען געוואָרן געהעריקע מיטלען, בכדי צו באַקעמפן די עפּידעמיעס. יעדער איינוווינער איז באַזאָרגט גע־וואָרן מיט אַ ספּעציעל ביכל און געווען פאַרפליכטעט יעדע וואָך אַדורכצוגיין אַ דעזינפעקציע. אַלע באָד־אַנשטאַלטן אין לויצק זענען געווען טעטיק אַ גאַנצע וואָך. אָבער דאָך זענען אין דעם דאָזיקן ווינטער געווען אַ סך קרבנות.

די אַנטשטאַנענע „לינת־הצדק" האָט אָרגאַניזירט אַ ברייטע מעדיצינישע הילפס־אַקציע. צו יעדן קראַנקן איז געשיקט גע־וואָרן אַ מענטש, וועלכער זאָל וואַכן איבער אים אַ גאַנצע נאַכט.

אַזוי איז ביי אונדז אַדורך דער ווינטער 1916־17.

אַ ראַדיקאַלע ענדערונג איז אַנטשטאַנען מיטן אויסברוך פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין יאָר 1917. קודם כל איז אַוועק פון אונדז די נאָמינירטע שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג מיטן נאָמינירטן שטאָט־פּרעזידענט אַלאָווטשיק. אויף איר אָרט איז נאָמינירט געוואָרן אַ נייע זעלבסטפאַרוואַלטונג מיט ר׳ אברהם וואַרקאָוויצקי ז״ל בראש אַלס שטאָט־פּרעזידענט. אַלס מיטגלי־דער זענען באַשטימט געוואָרן די פּערזאָנען: ר׳ יחיאל איינבינ־דער ז״ל, ר׳ יוסף זשיטין ז״ל, ר׳ מאיר אינגבער ז״ל, וועלכע האָבן אָנגעפירט אין מאַגיסטראַט מיט די לויפנדיקע שטאָטישע ענינים און אַפּראָוויזאַציע (ס׳האָבן שוין אָנגעהויבן אויסס‍פעלן אין שטאָט לעבנס־וויכטיקע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך) און אויך אַ געוויסע צאָל יידישע און קריסטלעכע ראַטמענער.

ס׳איז אויך אַריינגעטראָטן אַ גרויסע ענדערונג אינעם גע־זעלשאַפטלעכן און גייסטיקן צושטאַנד פון דער שטאָט. ווי שוואָ־מען נאָך אַ רעגן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן פאַרשידענע אָרגאַ־ניזאַציעס, פאַראיינען און פּאָליטישע פּאַרטייען. די חברה „מפיצי השכלה", וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין רוסלאַנד, האָט אויפ־געעפנט אירע אָוונט־קורסן. ספּעציעל דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די דערעפענונג פון דער ערשטער אין לויצק פרייער אָרגאַ־ניזאַציע „פּראָגרעס", ווו ס׳האָט זיך דאַן גרופּירט די פרייע יוגנט און ווו ס׳האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט פאָלגנדיקע פּער־זאָנען: יצחק שטערנפעלד ז״ל, קאָלאָדנע ז״ל, אהרן צוויטמאַן ז״ל, יונה שטערנפעלד ז״ל, זישע באַגלייבטער ז״ל, אפרים מאַ־ראַנץ ז״ל, שמואל טשעטשאַטקאַ ז״ל, שמעיה קימעלמאַן ז״ל, להבדיל בין החיים ומות — חיים לייבל, לייב לערנער, דוד גרינ־שטיין, לייב קאָטליאַר, דבורה גרינשטיין ז״ל, שייע ווייסבערג ז״ל א.אַ. ס׳האָט זיך אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע האָט אָפּט געשפּילט יידיש טעאַטער אין „זאַמעק ליובאַרטאַ". דער דורשט נאָך אַ לעבעדיק יידיש וואָרט איז געווען אַזוי גרויס, אַז יעדעס מאָל, ווען די דראַמאַטישע סעקציע האָט געשפּילט, איז דער זאַל געווען איבערגעפּולט. די הכנסה פון אָט די פאָרשטע־לונגען איז באַשטימט געוואָרן פאַר די צוועקן פון דער אָרגאַניזאַ־ציע. נאָך די באַגרענעצונגען פון דער צאַרישער מאַכט, וועלכע האָט נישט דערלויבט צו שפּילן יידיש טעאַטער — האָט מען אַל־זייטיק אויסגענוצט די נייע פרייע מעגלעכקייטן אויף אַ קולטור־טעטיקייט.

ס׳זענען אַנטשטאַנען פאַרשידענע אַרבעטער־פאַראיינען, ווו ס׳זענען געווען פאַרטראָטן פאַרשטייער פון פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען. אַזוי איז פון „בונד" געווען טעטיק דוד אייזן ז״ל, פון די „פאַראייניקטע" — שטערנפעלד ז״ל, פון פועלי־ציון — ווי־סאָצקי און גאָלוב ז״ל. אינעם האַנטווערקער־פאַראיין זענען גע־ווען טעטיק: ר׳ יחיאל איינבינדער ז״ל, מעלימעוווקער ז״ל, קלימבירד ז״ל און באיאַנער ז״ל. אינעם קליינהענדלער־פאַראיין זענען געווען טעטיק: ר׳ אליעזר גינדעל ז״ל, ר׳ עוזר צווירט ז״ל, ר׳ נח שטיינבערג ז״ל און יוסף פינקעלשטיין ז״ל. אין סוחרים־פאַראיין זענען געווען טעטיק: ר׳ יודל שאַפּירא ז״ל, בראָנבערג ז״ל אין דאַל ז״ל.

ס׳איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע בראש פון וועלכער ס׳זענען געשטאַנען ר׳ חייקל ווייץ ז״ל, ר׳ יהושע בערגער ז״ל, טעמערלין ז״ל (דער לעצטער איז גע־שטאָרבן אין ישראל), חלף ז״ל און — להבדיל בין החיים והמות — אברהם וואַקסמאַן.

אויך אויף אַנדערע געביטן האָט אָנגעהויבן שפּראָצן מיט אַ נייער קראַפט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. אַזוי איז אָרגאַניזירט געוואָרן די יידישע גימנאַזיע און אַ העברעישע שול. ס׳האָט זיך געעפנט אַן אָפּטיילונג פון דער קיִעווער „קולטור־ליגע", וועלכע האָט פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָטעק פון יידישע, העברעישע און רוסישע ביכער. מיט דער ביבליאָטעק האָט אָנגעפירט משה פערדמאַן, וועלכער איז אויך, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, געווען לאַנגיאָריקער ראַטמאַן אין די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען. אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעעפנט אַ ביבליאָטעק, אין וועלכער ס׳זענען געווען בעיקר העברע־

אישע ביכער. מיט אָט דער ביבליאָטעק האָט אָנגעפירט מיין פריינד יוסף וויינטרויב ז״ל.

אין יידישן געסל איז געוואָרן ששון ושמחה. דאָס פּאָליטישע לעבן האָט אָנגעהויבן פּולסירן מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. מ׳האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו די ערשטע פרייע וואַלן צו דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אַלע אויבנאויסגערעכנטע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס האָבן טאָג־אייַן טאָג־אויס אָרגאַניזירט פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, אויף וועלכע מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט ספּעציעלע פּרעלעגענטן פון קיעוו. די דאָזיקע וואַלן זענען טאַקע פאָרגעקומען סוף יולי 1917. אַזוי זענען אין שטאָטראַט אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע פּערזאָנען:

פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע: ר׳ חייקל ווייץ ז״ל, יהושע בערגער ז״ל, טעמערלין ז״ל און נאָך אַנדערע טוער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

פון די בעלי־מלאכות איז אויסגעוויילט געוואָרן ר׳ יחיאל איינבינדער ז״ל, ר׳ אברהם קלימבורד ז״ל, מעלימעוויקער ז״ל, פיינטוך ז״ל, שפּיצמאַן ז״ל און פרענקעל ז״ל.

פון די רעליגיעזע: ר׳ מאיר קופּערשטיין ז״ל, ר׳ מאָטל וואַקסמאַן ז״ל.

פון די בעלי־בתים: ר׳ אברהם וואַרקאָוויצקי ז״ל און ר׳ יוסף זשיטין ז״ל.

פון די יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען געגאַנגען אין איין אַלגעמיינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רשימה, אויף וועלכער ס׳האָבן פיגורירט יידן מיט קריסטן, זענען אויסגעוויילט געוואָרן יצחק שטערנפעלד ז״ל, דאווו ז״ל און אייזן ז״ל.

אין אויגוסט 1917 איז פאָרגעקומען די ערשטע עפנטלעכע זיצונג פון דער ניי דערוויילטער לויצקער זעלבסטפאַרוואַלטונג. זי איז אַדורך מיט גרויס פּאָמפּע און אָרגאַניזירט געוואָרן זייער פייערלעך. ס׳זענען אָנוועזנדיק געווען איינוווינער פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. גרויס איז געווען די פרייד צוליב דער באַקומענער פרייהייט. אימפּאָזאַנט זענען אויסגעפאַלן די באַגריסונגען צוליב אָט דער היסטאָרישער געשעעניש. ס׳האָט דאַן גע־הערשט אַ ברידערלעכע אַטמאָספערע צווישן יידן און קריסטן און ס׳האָט זיך נישט געפילט קיין שום שנאה פון איינעם צום צווייטן.

אַזוי איז אויך געווען אין טאָגטעגלעכן לעבן בעת די האָניק־מאָנאַטן פון דער צייטווייליקער רוסישער רעגירונג, בראש פון וועלכער ס׳איז געשטאַנען דער פּרעמיער קערענסקי. ביז ס׳איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אינעם פרימאָרגן פון 7־טן אָקטאָבער 1917. אַ טאָג פריער האָב איך אין אַ געוויסן מיליטערישן אַמט אָנגעגעבן אַ ביטע וועגן עפּעס אַן ענין, און דער אַמטירנ־דיקער אָפיציר האָט מיך געהייסן קומען צומאָרגנס נאָך אַן ענט־פער. אָבער קומענדיק אַהין, האָב איך באַמערקט ביים אַריינ־גאַנג אַ באַוואָפנטן סאָלדאַט. צוזאַמען מיט מיר זענען געקומען נאָך איניקע אינטערעסאַנטן. מ׳האָט אונדז געהייסן וואַרטן. דער אַמטירנדיקער אָפיציר האָט דערווייל קיינעם נישט אויפגענומען. נאָכן אָפּוואַרטן בערך אַ האַלבע שעה אין זאַל, זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז פאָריקע נאַכט האָבן די באָלשעוויקעס איבערגענו־מען די מאַכט. די שטאָט־פאַרוואַלטונג איז נאָך דערווייל גע־בליבן די זעלבע.

דער מיליטערישער אַמט איז דאַן געווען אין הויז פון אליי׳ קרוינשטיין (ווו ס׳האָט זיך שפּעטער געפונען די „באַנק אָד־בודאָווי״).

אין זעלבן טאָג האָבן די באָלשעוויקעס אויפגעעפנט די טויערן פון דער לויצקער טורמע און באַפרייט אַלע אַרעסטירטע.

אין אָוונט איז צונויפגערופן געוואָרן אַן עקסטרע זיצונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, בכדי צו באַטראַכטן די נייגעשאַפענע סיטואַציע. איניקע ראַטמענער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע האָבן געפעלט. די יידישע דאַקעגן האָבן זיך ציגע־שטעלט אַלע ווי איינער.

אין שטאָטישן פּאַרק איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פאָלקס־דעמאָנסטראַציע לכבוד דעם זיג פון די באָלשעוויקעס. ס׳זענען אָפּגעגעבן געוואָרן עטלעכע האַרמאַטן־שאָסן.

די וואַלן צו דער קהילה, וועלכע האָבן אין דער זעלבער צייט געדאַרפט פאָרקומען, זענען צוליב דעם נישט צושטאַנד געקומען. ביז דאַן איז זי באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון פאַרשידענע בתי־מדרשים.

די אַפּראָוויזאַציע נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט זיך באַדייטנדיק פאַרערגערט און ס׳האָבן אָנגעהויבן אויסצופעלן אַר־טיקלען פון ערשטן געברויך. בכלל זענען מיר פון אָנהייב 1917 געווען אין אַ נישט גוטער לאַגע אין די אַפּראָוויזאַציע־ענינים. די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג איז געווען געצוווּנגען אויסצוטיילן די אַרטיקלען לויטן קאַרטן־סיסטעם. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָ־לוציע איז די לאַגע נאָך מער פאַרערגערט געוואָרן.

אין צווישנצייט איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן געוואָרן דעזאָרגאַניזירט. די מיליטער־אָפּטיילונגען אין לויצק זענען זיך צעפאַלן. די סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן אַרומוואָגלען אָן אַ ציל. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן מערן פאַרשידענע רויב־ און גזילה־אָנ־פאַלן. די הונגעריקע און אָפּגעריסענע זעלנער האָבן געשאַפן באַנ־דעס און גערויבט און געמאָרדעט די פרידלעכע באַפעלקערונג. די נייע מאַכט האָט די דאָזיקע אומאָרדענונג נישט געקאָנט באַ־הערשן. איז דעריבער ביים אַרבעטער־פאַראיין געשאַפן געוואָרן אַ באַוואָפנטע זעלבשוץ, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפ־גאַבע צו קעמפן מיט געווער אין האַנט קעגן אָט די באַנדעס. בדרך כלל איז נישט אַדורך קיין איין נאַכט אָן רויב־אָנפאַלן. מ׳האָט מורא געהאַט זיך אַרויסצורירן פון שטאָט, מ׳האָט נישט אַריינגעבראַכט קיין פּראָדוקטן. דאָס געלט איז געוואָרן דעוואַ־לואירט, די פּוערים האָבן עס נישט געוואָלט אָננעמען און דע־ריבער האָבן זיי זייערע פּראָדוקטן נישט פאַרקויפט.

שפּעטער איז געקומען די דייטשע אָקופּאַציע אין יאַנואַר 1918, בעת וועלכער ס׳האָבן אויפגעהערט די רויבערייען און דאָס לעבן האָט זיך צייטווייליק אַ ביסל סטאַביליזירט. יידן האָבן ווידער באַקומען אַ מעגלעכקייט צו האַנדלען אין פאַרדינען.

ש. וואַרקאָוויצקי

# דער לויצקער ייִדישער „גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ"

אין אַפּריל 1917 האָט די כוואַליע פון דער רוסישער רעוואָציע זיך דערטראָגן אויך קיין לויצק. אין שטאָט זענען פאָרגעקומען מאַסן־מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס.



ש. וואַרקאָוויצקי

איין ריזיקע דעמאָנסטראַציע פון שטאָט־איינוווינער, אַרבעטער, מיליטער און אַנדערע, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער שאָסיינע־גאַס (יאַגעלאָנסקע) האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר נחום וואַרקאָוויצקיס הויז, אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען די שטאָטישע „אופּראַווע" (פאַרוואַלטונג).

אויפן באַלקאָן איז אַרויס דער שטאָט־„גאָלאָוואַ" (בירגערמייסטער) מאָלאַוטשיק און באַגריסט די דעמאָנסטראַציע. אָבער אומדערוואַרט פאַר אַלע, איז פון דער מאַסע אַרויס אַ דאָקטאָר און אין נאָמען פון דער דעמאָנסטראַציע געפאָדערט, אַז ה׳ מאָלאַוטשיק, אַלס פאָרשטייער פון אַלטן רעזשים, זאָל פאַרלאָזן זיין אַמט.

דער ה׳ מאָלאַוטשיק איז אַן אויפגערעגטער גלייך אַריין אין „אופּראַווע" און זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע.

דעם 22־טן אַפּריל 1917 איז פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע זיצונג פון דער שטאָט־דומע, אונטער דעם פאָרזיץ פון מאָלאַוטשיקס פאַרטרעטער סטעציוק, ווו ס׳איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון לויצק, איינשטימיק אויסגעוויילט געוואָרן אַלס „גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ" אַ ייִד — ה׳ אברהם וואַרקאָוויצקי.

אויפן צווייטן טאָג, נאָכן איבערנעמען דעם אַמט, האָט א. וואַרקאָוויצקי אַדורכקוקנדיק די טאָג־קאָרעספּאָנדענץ, גלייך געהייסן דערליידיקן און ענטפערן אויף אַלע אָנגעקומענע פּאַפּירן. דער סעקרעטאַר און פּערסאָנאַל זענען געוואָרן דערשטוינט: וואָס הייסט גלייך דערליידיקן? ביז איצט האָט די דערליידיקונג פון קלענסטן ענין געדויערט מינימום אַ חודש!

אין משך פון די ערשטע חדשים האָט א. וואַרקאָוויצקי אַדורכגעפירט אַ וויכטיקן, צו יענער צייט אָנגעווייטיקטן ענין. ער האָט דערלויבט אַרויסרוקן אין דער ריכטונג פון שאָסיי דעם ייִדישן בית־עולם, פאַרגרעסערנדיק אַזוי אַרום זיין שטח.

דעם אַמט פון „גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ" האָט וואַרקאָוויצקי פאַרנומען 6 חדשים — ביז נאָוועמבער 1917, ווען די אָנפירונג פון שטאָט האָט איבערגענומען די ניי־געוויילטע סאָציאַליסטישע דומע.

דאָרט האָט וואַרקאָוויצקי פאַרנומען דעם אַמט פון פאַרטרעטער פון „גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ", ווייל ער האָט נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי.

אין יענע צייטן איז געווען אַ מאָמענט, ווען די צענטראַל־רעגירונג האָט געהאַלטן ביים איבערפירן דעם קרייז־געריכט פון לויצק קיין ראָוונע, וואָס וואָלט געווען פאַר לויצק אַ גרויסער פאַרלוסט. אַדאַנק דער שנעלער אינטערווענץ פון וואַרקאָוויצקין, וועלכער איז ספּעציעל געפאָרן דאַן מיט אַ דעלעגאַציע מיט די ה"ה זייקאָווסקי און סאָראָקין (געוועזענער מיטגליד פון קרייז־געריכט) צו דעם מיניסטער קיין קיעוו, איז דער קרייז־געריכט געבליבן אין לויצק.

אין יענע יאָרן איז אַרבעטן אין דער זעלבסטפאַרוואַלטונג געווען אויסערגעוויינלעך שווער. דאָס זענען געווען אומרויִקע נאָך מלחמה־יאָרן. רוסלאַנד האָט איבערגעלעבט אַ געפערלעכן בירגער־קריג. אוקראַאינער האָבן געקעמפט פאַר אַן אייגענער מלוכה, און דער מאַרשאַל פּילסודסקי האָט מיט פייער און שווערד געצייכנט די גרענעץ פון דער פּוילישער רעפּובליק.

אין די יאָרן 1917־1919 איז לויצק עטלעכע מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

יעדע מאַכט האָט געפאָדערט פּראָדוקטן, וווינונגען, קאָנטריבוציעס א.א.וו. די הונגעריקע אָרעמע באַפעלקערונג האָט געפאָדערט ברויט, באַהייצונג, מלבושים.



אַ דעמאָנסטראַציע אין לויצק נאָכן אויסברוך פון דער מערץ־רעוואָלוציע

ניט אײן מאָל האָט מען דעם יידישן בירגערמייסטער געפירט אונטער באַגנעטן פון שטאָב צו שטאַב. נישט איין מאָל איז דער מאַגיסטראַט געווען אָקופּירט דורך מיליטער, וואָס האָט געמאַכט וואַרקאָוויצקין פּערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן באַלדיקן צושטעלן אַלע געפאָדערטע פּראָדוקטן און מאַטעריאַלן, נישט איין מאָל האָט אים אַרויסגענומען פון שטוב אַ פאַרצאָרנטע, דראָענדיקע מחנה פון הונגעריקע אַרבעטסלאָזע, צעווילדעוועטע פון הונגער און קעלט, פאָדערנדיק ברויט און באַהייצונג.

און אַלץ האָט געמוזט באַשאַפן ווערן, אַלע פאָדערונגען האָבן געמוזט באַפרידיקט ווערן, טראָץ דעם וואָס די שטאָט האָט קיין נאָרמאַלע הכנסות נישט געהאַט, און די וואַלוטעס האָבן זיך געביטן מיט יעדער מאַכט.

אויב ווען ס׳איז מאַכט האָט פאַרלאָזט לויצק, האָט וואַרקאָוויצקי באַקומען אַ „ידידי־בריוועלע" פון בירגערמייסטער, אַז ער מוז עקסטרע אַוועקפאָרן צוליב „פאַמיליע־ענינים" און די גאַנצע שטאָט־פאַרוואַלטונג לאָזט מען איבער אים, וואַרקאָוויצקין.

אַזאַ בריוו האָט אויך איבערגעלאָזט דער געוועזענער פּוילישער בורמיסטזש סושינסקי, און ווען דאָס פּוילישע מיליטער האָט צוריק באַזעצט לויצק, האָט דער פּוילישער קאָמענדאַנט פון לויצק אויסגעדריקט זיין גרויס באַוווּנדערונג פאַר דער דרייסטקייט פון וואַרקאָוויצקין, וואָס האָט געהאַט מוט אָנצונעמען אַזאַ מיסיע אין דער צייט ווען דאָס איז פאַרבונדן געווען מיט אַ זיכערער לעבנס־געפאַר.

וואַרקאָוויצקי האָט נישט געפילט קיין חטא אינעם רעפּרעזענטירן די שטאָט אפילו אין די געפערלעכסטע מאָמענטן, פאַר וועלכער מאַכט עס זאַל נישט זיין, ווייל ער איז געווען און ער האָט זיך געפילט אַלס שטענדיקער לויצקער בירגער.

אויף אַ ספּעציעלער זיצונג פון שטאָטראַט דעם 31־טן אויגוסט 1918, האָט דאָקטאָר פּינוס, אין נאָמען פון ראַט און ביי אָוואַציעס פון אַלע אָנוועזנדיקע ראַטמענער, אויסגעדריקט וואַרקאָוויצקין „צוטרוי, דאַנקבאַרקייט און אַכטונג פאַר די באַמיונגען און אויפטועז פאַר דער שטאָט לויצק".

דעם פּאָסטן אין מאַגיסטראַט האָט א. וואַרקאָוויצקי פאַרלאָזט אין יאָר 1922, ווען ער איז איבערגעגאַנגען צו זיין פאַרמלחמהדיקן פאַך — באַנק־וועזן, ווו ער האָט געאַרבעט ביז סעפּטעמבער 1939, אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגליד און קאַסיר פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק־געזעלשאַפט.

לויצק, 1938

**שושנה בן אריה** / חיפה

# ליל זועות

הדבר קרה בימי המלחמה הראשונה. לוצק עירנו טעמה טעם פורעניות במידה גדושה. מקרים קשים רבים קרו אז בעירנו, אבל את המקרה הזה לא אשכח. אכן ליל זועות היה הלילה ההוא. קטנה הייתי אז, לא הבינותי הרבה, אבל מכל מה שהבינותי סמרו שערותי. הרוסים עזבו את העיר, והכל ציפו בחרדה לבואם של ה„פריצים" — הצבא הפולני המפואר... טעמנו את טעם הרוסים, לא התענגנו על רב טוב מהחיילים, פת לחם לא היתה בנמצא, וגם למים במשורה קשה היה להגיע, כי פחדו לצאת לרחוב.

זה היה בליל שבת. אבא, יהודי חרד, לא הלך לבית־הכנסת. הוא נשאר בבית ועשה את שבתו חול, כי לחם לא היה! אנחנו, שלוש ילדות קטנות, רעבות, התכווצנו במיטה אחת מרוב פחד, שכבנו ושתקנו, כל אוושה בחוץ היתה מפחידה אותנו. והפחד הלך וגדל. שמענו קול המון. החיילים הפולנים הגיעו. ומייד הכריזו עוצר, ומי שהפר את העוצר דינו היה ללכת למקום שממנו אין חוזרים... בכל יהודי חשדו שהוא קומוניסט.

ודווקא בליל זה, התאווה אחד מדיירי הבתים הסמוכים להיכנס אל שכננו אשר עמו גרנו בבית אחד, אף באותה כניסה עצמה. אנחנו לא ידענו על כך כלום. והנה, נפתחת פתאום הדלת וחיל פולני נכנס ומבקש את האיש ההוא. לא ידענו שמץ דבר. אולם מאחר שלא מצא את האיש, כי הלה התחבא תחת אחת המיטות אצל השכן, הצביע על אבי. אבא הכחיש הכל. אך החיל דרש ממנו שילך עמו. ידענו מה פירושה של הליכה זו. אבא התחיל להוכיח לו באותות ומופתים שלא יצא כלל מפתח הבית. דיברנו כולנו בהתרגשות ובתחנונים, אך לשוא. החיל לא אבה לשמוע. כל מה שהרבינו בתחנונים כן גברה עקשנותו. הוא דרש בכל תוקף שאבא ילך עמו. פרצנו כולנו בקול בכי קורע לב, אך הוא לא נגע אל לב האבן של הפריץ הפולני...

לקול בכיינו ויללותינו התאספו השכנים וכולם ביקשו רחמים, והחיל באחת: „לא ולא!" רק לאחר שאחד השכנים תקע לידו מטבע — נאות ללכת בגפו.

אבא נשאר בבית.

אַדוו. אַלעקסאַנדער קאָטליאַר / תל־אביב

# דער יידישער הילפס־קאמיטעט אין די יארן 1917–1915

אין רעזולטאַט פון די רוסישע מיליטערישע מפלות אין יאָר 1915, האָט דער פראָנט אָנגעהויבן צו דערנענטערן זיך צו די וואָלינער געביטן. די רוסישע חילות האָבן אָנגעהויבן פאַרפלייצן די וואָלינער שטעט און שטעטלעך. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין די ערטער האָט זיך געשאַפן אַ געפערלעכער מצב. די רוסישע זעלנער צוזאַמען מיט די פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך געוואָרפן אויף די יידישע הייזער און זיי אויסגערויבט; די צעיושעטע זעלנער, פאַרביטערטע פון זייערע מפלות אויף די פראָנטן, זענען באַפאַלן יידן אין די גאַסן און הייזער. די יידישע באַפעלקערונג אין די קליינע מקומות איז אַריינגעפאַלן אין פאַניק און אָנגעהויבן מאַסנווייז אַנטלויפן אין די גרעסערע יידישע ישובים, ווו זיי האָבן זיך געפילט זיכערער.

לויצק איז דאַן ממש פאַרפלייצט געוואָרן פון טויזנטער פליטים, וועלכע האָבן אַהין געשטראָמט אָן אויפהער. באַזונדערס קריטיש איז געוואָרן די סיטואַציע בעת לויצק איז געוואָרן אָקופּירט דורך דער עסטרייכישער אַרמיי. די שטאָט איז געוואָרן אָפּגעשניטן פון די רוסישע מערק און נישט באַוויזן נאָך אָנצוקניפּן קאָנטאַקטן מיט די נייע עסטרייכישע מערק. דער האַנדל און די קליינע אינדוסטריע וואָס לויצק האָט פאַרמאָגט — זענען כמעט אין גאַנצן אָפּגעשטאָרבן. דאָס באַזאָרגן די שטאָט מיט שפּייז־פּראָדוקטן איז געווען אין אַ קאַטאַסטראָפאַלן צושטאַנד, ווייל די פויערים זענען נישט געווען פאַראינטערעסירט צו ברענגען זייערע פּראָדוקטן אין שטאָט. איז דעריבער לייכט זיך פאָרצושטעלן מיט וואָס פאַראַ שווערער לאַסט די מחנות פליטים זענען דאַן געפאַלן אויף דער שטאָט.

דער דאָזיקער מצב האָט געהערשט ביז די שטאָט איז אויפסניי איינגענומען געוואָרן דורך דער רוסישער ארמיי. דאַן האָט זיך אָפּגערופן דאָס רוסישע יידנטום, וואָס האָט מיט אַ ברייטער האַנט אָנגעהויבן שיקן הילף פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלינער געביט, און צווישן דעם אויך קיין לויצק.

מיט אָט דעם ציל האָט זיך געשאַפן אין קיעוו אַ קאָמיטעט מיטן נאָמען „קאָפּע" — אַ קיצור פון רוסישן: „Комитет по оказанию помощи Еврейскому населению пострадавшему от военных действий".

קיין לויצק איז דאַן אַראָפּגעקומען דער זון פון קיעווער רב,



פאַרוואַלטונג פונעם הילפס־קאָמיטעט

אין דער מיטלסטער שורה פון רעכטס: 1) ח. וואָניע, 2) א. וואַרקאָווי־צקי, 3) י. גילערמאַן, 5) י. נול, 6) מ. מאַנדעלבוים, 7) ל. אָזשיקער, 8) י. קאָטליאַר, 10) א. טארטשינער. עס שטייען פון רעכטס: 4) וו. טשעטשאָטקאַ, 6) משה דער משגיח, 8) פינקלשטיין. עס זיצן אויף דער ערד (דער ביוראָ־פּערסאָנאַל) פון רעכטס: 1) א. דעבערט, 2) גאָלענדבערג. די נעמען פון די אַנדערע זענען אונדז נישט באַקאַנט.

ה. גיטערמאַן (שפּעטער — דער לייטער פון „דזשוינט" אין פּוילן) און געשאַפן אין שטאָט אַן אָפּטיילונג פון אויבנדערמאָנטן קאָמיטעט. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פּער־זאָנען: חייקל ווייץ — פאָרזיצער, אברהם וואַרקאָוויצקי און יעקב קאָטליאַר — וויצע־פאָרזיצערס, מנחם מאַנדעלבוים, אברהם לענדער, יודל פּטיץ, בערגער (פון ראַזישטש) א.א. דער קאָמיטעט האָט געשאַפן אַ יתומים־הויז אין דער וווינונג פון לייבטשע פּיש. מיטן יתומים־הויז האָבן אָנגעפירט די פרוי פון אויבנדערמאָנטן בערגער און די טאָכטער פון יעקב קאָטליאַר — מישקע.

דער הילפס־קאָמיטעט האָט אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטע טעטי־קייט אויף פאַרשידענע געביטן. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט צוגעשיקט גרויסע געלט־סומעס און טראַנספּאָרטן מיט שפּייז־פּראָדוקטן און מלבושים. די מאַגאַזינען פון קאָמיטעט האָבן זיך דעסגלייכן געפונען אין הויז פון לייבטשע פּיש.

אַדאַנק דער טעטיקייט פונעם קאָמיטעט האָט די לאַגע ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט זיך אָנגעהויבן שנעל צו פאַרבעסערן. דאָס געלט, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט גע־שיקט, איז פאַרטיילט געוואָרן אַלס שטיצע צווישן די נויטבאַ־דערפטיקע און אויך אין דער פאָרם פון הלוואות פאַר קליינ־הענדלער און האַנטווערקער. דאָס לעצטע האָט מיטגעווירקט צו דער אויפלעבונג פון האַנדל און פון האַנטווערקעריי. עס איז אויך געקומען אַ פאַרבעסערונג פון דער אַפּראָוויזאַציע צוליבן פונאַנ־דערטיילן שפּייז־פּראָדוקטן און מלבושים צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס יתומים־הויז האָט אויפגענומען הונדערטער יידישע יתומים, אויסגעהאַלטן זיי און פון צייט צו צייט אָפּגע־שיקט גרופּעס יתומים — אין דער באַגלייטונג פון מישקע קאָטליאַר — קיין טשערקאַסי (אוקראַינע), ווו עס האָט זיך געפו־נען דאָס צענטראַלע יתומים־הויז ביים צענטראַל־קאָמיטעט.

די אַרבעט פון הילפס־קאָמיטעט איז געווען זייער אַ שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע. די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט האָבן געאַרבעט מיט גרויס מסירת נפש און דערפאַר — מיט גלענצנ־דיקע רעזולטאַטן.

ביסלעכווייז האָט דאָס לעבן אין שטאָט אָנגעהויבן צוריק זיך צו נאָרמאַליזירן. אַ סך פּליטים האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע היימען. דער קאָמיטעט האָט אָבער ממשיך געווען זיין אַרבעט — ביזן אויסברוך פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען דאָס רוסישע יידנטום איז שוין נישט בלויז נישט אומשטאַנד געווען צו העלפן, נאָר אַליין זיך גענייטיקט אין הילף.

די טעטיקייט פון יידישן הילפס־קאָמיטעט בעת דער מלחמה איז איינס פון די שענסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון דער לוצקער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

י. בן־אמיתי (גולוב)

# ההגנה היהודית בלוצק

קיץ 1919... הימים ימי גסיסת השלטון של האטמאן פטליורה באוקראינה. הגייסות הבלתי־סדירים של ממשלת פטליורה הלכו ונדחקו מצפון ומערב ע"י צבאות הפולנים של הגנרלים האלר ופילסודסקי.

צבאות פטליורה נסוגו באי־סדר. נפוצו בכנופיות על־פני ערים ועיירות יהודיות. השמידו ישובים שלמים, ערכו טבח בנשים, זקנים וטף באכזריות העוברת כל דמיון בימים ההם. חמסו ושדדו את רכוש היהודים ואין שלטון שיאמר להם: הרף! הטבעת מסביב לאוקראינה העצמאית („סמוסטיינה אוקראינה") הלכה ונתהדקה וכך הגיע גם תורה של יהדות ווהלין לשתות את קובעת התרעלה עד תומה.

ז'יטומיר, ברדיצ'ב, אוברוטש, פרוסקורוב, היו לביזה ותוש־ביה היהודים נטבחו בלי רחמים ע"י אנשי פטליורה וכל מיני „אטאמאנים" שפקדו על כנופיות עצמאיות.

מאידך הגיעו ידיעות שגם גייסות הגנרל האלר הפולני עורכים פרעות ביהודים בדרך מסעם הצבאי.

גל של פרעות עבר, איפוא, על כל ישובי היהודים באוקראינה והוא הלך וקרב לרובנה וללוצק, נקודות־המשען האחרונות של הצבא האוקראיני.

ברובנה השתוללו האטאמאן אוסקילקו, מפקד המחנה האזורי, ועוזרו הפולקובניק שאפולא, ראש הבולשת הצבאית. ועל הכל — הפולקובניק פאלינקו, מפקד „בטליון המות" („רורען סמערטי"). האטאמאן אוסקילקו ניסה באפריל 1919, בימי הגסיסה האחרונה של ממשלת פטליורה, לערוך „מהפכה" לטובת „מפלגת העצמאות" („סאמוסטייניקי"), וכשלא הצליח בדבר — שפך את חמתו על היהודים.

ראש הבולשת שאפולא היה מפלצת איומה ליהודי רובנה, לוצק והסביבה. בתאי־העינויים שלו, שסודרו בקרונות רכבת, איבדו חייהם יהודים רבים. מהם הפליא לעשות „בטליון המות" של הפולקובניק פאלינקו. הוא ערך טבח המוני ביהודי העיירות הסמוכות והאטאמאן אוסקילקו לא נענה לבקשת המשלחת היהו־דית שיתערב בדבר.

והאוירה הזאת נעשתה יותר דחוסה ומעוררת דאגה עם התקרב הצבא האדום לרובנה וללוצק מזה והצבא הפולני — מזה.

בלוצק נראו האותות הראשונים של האסון המתקרב, כשגדוד חיילים השוכן במלון „בל־ויו" שברחוב הראשי, פשטו בעיר לאחר שתיה כדת, הכו ופצעו כל עובר ושב, ולשם התחלה מוצלחת של פרעות פתחו ביריות ממכונות־יריה אל חלונות דירתו של ה„בולשביק" הד"ר קורצ'ימני, רופא־שיניים, איש אמיד וריאקציונר לפי השקפותיו. ע"י פעולה מהירה של ראשי־

הקהילה היהודית אצל האטאמאן אבאזה, מפקד „הדיביזיה האפו־רה" וראש השלטון הצבאי בעיר, נפסק הנסיון בראשיתו.

מצב זה תבע מתושבי לוצק לארגן תיכף ומיד הגנה עצמית. בלוצק היו, אָמנם, קיימים ארגונים פוליטיים יהודים ואף ארגון נוער ציוני „מכבי", אך לא היה לאנשים אלה אימון צבאי. נשק היה די והותר לאחר המהפכה בשנת 1917, כי הצבא הרוסי עזב את החזית, שנמצאה בקרבת לוצק וקובל, והשאיר אחריו מחסני נשק וציוד־צבאי לרוב, וכל מי שרצה קנה לו במשיכה, מי רובה, מי מכונת־יריה, מי תיבות רמוני־יד, מי כלי־רכב וכדומה. כל זה „על כל צרה שתבוא".

הגרעין הראשון של ההגנה היה גדוד מכבי־אש מתנדבים, בגלל המשטר והארגון הצבאי־למחצה שהיה להם, וביחוד בגלל האנשים הנועזים שהיו להם. חשוב היה, בעיקר, לרכוש למטרה זו את הנועז שבהם והוא „לייבצ׳יק בנדר", כלומר, לייבצ׳יק הבנדיט. זה היה איש חסון וחזק, אמיץ־לב ובעל עבר והווה לא־טהור ביותר, שכן נחשב בין ראשי העולם התחתון. כל העיר והסביבה, אף השוטרים, היו חרדים לשמע השם הזה. הוא היה איש ללא־מעצור בעסקיו הבלתי־כשרים, אך היה איש שקט לגבי הבריות שלא היה לו אתן עסקים. היה גם יהודי טוב והיה מעניש קשה כל מי שהעליב יהודי בגלל יהדותו.

חיש מהר הורכבה מפקדה. השתתפו בה „לייבצ׳יק" — בשם מכבי־אש, אחי המנוח יצחק גולוב — בשם פועלי־ציון, כותב הטורים האלה — בשם הנוער הציוני („מכבי" וכו׳), הסטודנט יוזיק ראנץ — בשם החוגים השמאליים (קומוניסטים וכו׳) ושיקה (יהושע) קרוין (עכשיו בארץ).

אך עוד לא הספיקו לארגן את הפלוגות ולאמנן, וכבר הגיעו לאָזני התושבים ההדים הראשונים של יללת תותחים ממזרח לעיר. זה היה, אָמנם, ממרחק של כמה עשרות קילומטרים, אך ההדים נשמעו בבירור ובישרו שהפולנים עולים על לוצק. העיר התרוקנה פתאום מצבא. כל חייל שנשאר עדיין ברזרבה, נשלח אל החזית ובעיר נשארה מפקדת „הדיביזיה האפורה" („סירי ז׳ופאניקי") עם האטאמאן אבאזא בראש. פה ושם נראו קצינים אוקראינים בודדים שהתרוצצו כעכברים במלכודת. בינתים הגיעה שמועה שהצבא האדום שהגיע ממערב כבש את רובנה. לא היתה יותר כל הצלה לשרידי הצבא האוקראיני. הם לא רצו להשלים עם הגורל שנגזר כבר והמשיכו להילחם בשתי החזיתות.

ובינתים נמצאנו גם אנו בתוך הקלחת הזאת והמורא מפני מעשי־יאוש אחרונים של הגייסות הנסוגים אילצנו להחליט על פעולות מהירות.

ראשית־כל הרכבנו פלוגת־מחץ חזקה, בראשות אחד הקצי־נים המוכשרים שלנו, ושלחנוה לפרוק את הנשק ממפקדת „הדי־ביזיה האפורה" ולכלוא את כל הקצינים האחראיים. תפקיד זה נתמלא בדייקנות של שעון. הקצינים ובתוכם האטאמאן כמעט שלא התנגדו. תחילה היו סבורים שפלוגה זו היא חלוץ הצבא האדום והחליטו שאין טעם להתנגד לצבא האדום בלי תמיכה צבאית בעיר, אך כשנודע להם אחר־כך שאלה הם פשוט יהודים, התחרטו על כניעתם.

את המפקדה האוקראינית כלאו במלון „בל־וויו" והפקידו עליהם משמר. את משרדי המפקדה האוקראינית בבית קרוינ־שטיין תפסה מפקדתנו.

שלטון אזרחי כמעט שלא היה קיים. מושל־המחוז והפקידים הגבוהים ברחו מהעיר ורק פקידים נמוכים אחדים באו למשרדים והסתובבו הנה ושוב נבוכים וחרדים לקראת הבאות.

פקודה שבאה ממפקדת ההגנה ציוותה על פקידים אלה להי־שאר במקום ולמלא את תפקידם עד למשטר חדש. כדי שלא לעורר חשד בעיני הכנסיה הנוצרית בעיר ובסביבה שעינינו נשואות לשלטון יהודי, חיפשנו ומצאנו גנרל זקן שיצא לפנסיה וקרמנוב שמו, וביקשנוהו שיתן את שמו וחתימתו על פקודות השלטון האזרחי בתור מושל מחוז זמני. המשכורת שהובטחה לו שולמה תיכף ומיד למפרע. למעשה שלט במשרדי המחוז קומיסר מאנשי שלומנו לפי מינוי המפקדה.

להלכה היתה קיימת עדיין משטרה ובראשה הקומיסר מייסנר, ממוצא צ׳כי, שלא היה אהוב ביותר על היהודים בגלל עמדתו העוינת ליהודים בימי המשטר הפטליורי. הלה בסירו את העיר, בלוית כמה מקציני המשטרה, לא נתקל כמעט בשוטרים. הם התחבאו או נמלטו על נפשם. הכוחות המזויינים שנתקל בהם היו פלוגות ההגנה שצעדו בסך ברחובות.

מייסנר הסיק את המסקנה ההגיונית וסר למפקדה שלנו בהציעו שיתוף־פעולה בין המשטרה וה„הגנה" לשם שמירה על הבטחון. תחילה היתה הצעה לפרוק את הנשק מהמשטרה ולעצור את מייסנר, אולם לבסוף הוחלט להשאיר את מייסנר על כנו ולהבטיח רק שיתוף־פעולה. כדי שתהיה בכל זאת עין פקוחה עליו, מסרנו לרשותו פלוגת צעירים מזוינים וקצין קשר משלנו, שמילא תפקיד סגן למייסנר. המשטרה קיבלה את פקודותיה מאת מפקדת ה„הגנה". בינתים אומנו אנשי ה„הגנה". אל ה„הגנה" נהרו מחוץ לחברי הסתדרות הנוער, גם אזרחים: סוחרים, בעלי־מלאכה וסטודנטים. כל אב שלא יכול היה למלא תפקיד ב„הגנה" ראה חובה לעצמו לשלוח את בנו, כי כולם ידעו את הצפוי לעיר כשיפרצו אליה הגייסות הנסוגים, המיואשים והרעבים. ביום השלישי לפעולה היו כבר 400 איש מתנדבים ב„הגנה". מישהו הביא פתאום מכונית משוריינת. זו היתה מכונית שהשאירו בזמנם צבאות הרוסים בחצר אוצר־הממשלה („קזנצ׳ייסטבו") כשהיא מקולקלת. גם נמצא מכונאי שתיקן אותה והיא נכנסה לפעולה.

מסע המכונית המשוריינת על־פני רחובות העיר בסיור משמרות־ה„הגנה" עודד את היהודים, שהיו זה ימים אחדים במתיחות ובציפיה לכל רע. הם נתעוררו קצת מהדכאון והחלו להופיע בחוצות בלי היסוס. רק הפחד מפני המשטר החדש שיבוא העסיק את מוחותיהם. מי יקדים לבוא? הצבא האדום או הצבא הפולני? מי עדיף ומי נוח יותר ליהודים? ומה אם יתלקח הקרב על לוצק בין שני המחנות מזה ומזה? גם שאלת המזון והאספקה בכלל החלה להחמיר. אזלו מצרכים ראשוניים. אין יוצא ואין בא, גם לא צבא. האוקראינים היו סבורים, כנראה, שהעיר נכבשה כבר ע״י הצבא האדום ולכן לא פנו אליה. והחיים בעיר היו כבקריה נצורה.

בינתיים הלך וקרב רעש התותחים. הצבא הפולני הגיע כבר לרוז׳ישצ׳ה וגייסות האוקראינים נסוגו בלי סדר, ותחת לחץ האויב הסתננו מהם ללוצק פלוגות־פלוגות חיילים־לא־חיילים, בריות מזוהמות ולבושות בלויים, ונדמה היה שעוד מעט וישפכו את כל זעמם על האוכלוסיה השקטה. ההתנגשויות הראשונות עם פלוגות אלו החלו בפרבר קרסנה, בקרבת הגשר, כשהחלו לבוז את בתי היהודים ולהתעלל. אז התערבה פלוגת ההגנה במקום ושמה קץ לדבר. בראש פעולה זו עמד „לייבצ׳יק" בכבודו ובעצמו ואז נפצע חבר ה„הגנה" יונה ולדמן.

לאחר מקרה זה הלך מספר החיילים המסתננים העירה הלוך וגדול. לאזעקות התכופות באו לעזרה מכל חלקי העיר. היו התנגשויות קלות ללא תוצאות חמורות, והמצב חייב צעדים נמרצים ומהירים כדי למנוע מאורעות מאורגנים.

המפקדה צוותה אז למשמרות המשוטטים לפרוק את הנשק מכל חייל אוקראיני המופיע ברחוב, ובמבואי העיר ריכזה כמה פלוגות והטילה עליהן להתנגד לכניסת החיילים המזוינים אם יבואו במספר מצומצם ובלתי־מאורגן. רק לחיילים פצועים הורשתה הכניסה. הפקודה נתמלאה בדייקנות והיא עלתה רק בכמה פצועים קלים משני הצדדים. מרוב החיילים ניטל הנשק וניתנה להם הרשות לבוא העירה. אלה שסירבו למסור את הנשק פנו לשדות, לאורך הנהר סטיר, והמשיכו את דרכם אל הכפרים הקרובים. בדרך־כלל לא היתה התנגדות החיילים האוקראינים חזקה. רבים מהם סברו שאנו חיילי הצבא האדום, ואילו השאר משמעו על הארגון המזוין שלנו אגדות שונות, נפל פחד עליהם.

מקרה אופייני אירע ברובע וולקה. בשעה 6 בבקר עברתי ברחוב הראשי של רובע זה בראש פלוגה — לשם בקורת. פתאום הגיעו לאזנינו צעקות וקריאות־עזרה מאחת החצרות. חשנו לשם. מיד הרגישו בנו החיילים והחלו לברוח דרך החצרות הקרובות, כשהם צועקים „ווטיקאי! ווטיקאי! ז׳ידובסקי מיליציה יידע!" (נוסו! נוסו! המיליציה היהודית באה!). אך אנו הדבקנום ברחוב ופקדנו עליהם לעמוד. מספרם היה ששה. והנה תוך כדי בריחה הוציא אחד מהם מחגורתו רמון־יד והרימו כדי לזרקו. אותו רגע נפגע ע"י כדור משלנו ונפל. הרמון התפוצץ על ידו. שני חיילים נוספים נפצעו והשאר ברחו בדרך בכיוון לנהר, מחוץ לעיר.

העצבנות בעיר, שפגה כבר, גברה שוב פתאום עם הגיע אזעקה לעזרה מהרובע ירוביצה שליד תחנת־הרכבת, בו נמצאו הקסרקטין ומחסני־הצבא. הקסרקטין היו ריקים, אך המחסנים היו מלאים ציוד צבאי, סוכר ושימורי־מזונות. אנו לא ידענו כלל על כך ועל מחסנים אלה לא שמר איש.

והנה הגיעה הידיעה שאכרים מן הסביבה פשטו על המחס־נים הללו ובוזזים אותם. אף כי רכוש זה לא היה שייך לתושבים, חייבים היינו להתערב, כדי למנוע את התפשטות האנרכיה, בדרך־כלל, שיכולה היתה לעבור משם אל בתי היהודים.

פלוגה בת עשרים וחמישה איש יצאו למקום. היא מצאה שם עשרות עגלות של אכרים עמוסות תיבות ושקים. ניתנה לאכרים פקודה להתפזר אך הם סירבו, בטענם שזהו רכוש ציבורי שנעזב והוא הפקר. בכדי למנוע קרבנות הזהירו אותם על־ידי יריות באויר, ואז נכנעו, אך ביקשו שינתן להם חלק מן המזון העמוס, ביחוד השימורים, שהם טריפה, והם עזבו את העיר.

המזונות שנמצאו במחסנים נמסרו תיכף לראש־העיריה, שחילק אותם לתושבים היהודים והנוצרים ובזה הוקל במידת־מה המחסור במיצרכים ראשונים. אך בדרך־כלל לא פגה עצבנות התושבים. ההגנה ושרידי השלטון הקודם לא יכלו למלאת את מקום השלטון הממלכתי. הציפיה למה שיביא יום־המחרת מתחה את העצבים עד־בלי־קץ.

מי יבוא? מתי יבוא? ואם יבוא — היהיה בטחון לחיים ולרכוש? התחדל ההגנה להתקיים? שאלות אלו ניקרו במוח ודרשו תשובה, אם־כי אף אחד לא יכול היה להשיב עליהן.

מתמיה היה, שהצבא הפולני עדיין לא חדר העירה. מן הבוקר לא נשמעו יותר רעמי התותחים. שותקו הרובים ומכונות־היריה. שקט גמור שרר בעיר ובסביבתה, והכל היה כל־כך סתום ומסתורי.

מה אירע? הנסוגו הפולנים? האם אין הצבא האדום מתקרב? האם גברו האוקראינים? למה, איפוא, אינם חוזרים בהמוניהם שכורי־נצחון?

הנה כבר ערב, בא הלילה, והשקט לא הופר. בתוך ריחות הניחוח של גני העיר והסביבה, שנישאו באויר ליל־הקיץ, הורגש ריחו של חומר־נפץ איום, שעלול היה להתפוצץ כל רגע. היתה זו הרגשת כל אחד מאתנו. היה כעין שקט שלפני סערה. ציפינו לגרוע ביותר.

איש כמעט לא ישן אותו לילה.

פתאום...

עם עלות השחר קרבו לבנין המפקדה שלנו ונעצרו ליד שער־הכניסה שתי מכוניות צבאיות שהתנופפו עליהן דגלים לבנים. מתוך המכוניות יצאו שני קצינים פולניים בלווית שני שלישים. הם עלו למפקדה ושאלו לקצין האחראי.

תחילה נבוכו אנשינו. אך התנהגותם ההוגנת והשקטה הרגיעה אותנו והם הובלו לחדרו של הקצין התורני שלנו. אינני זוכר כעת מי היה קצין זה. אני והסטודנט רנץ נכנסנו החדרה אחריהם.

הקצינים הפולנים הצדיעו לקצין שלנו והציגו את עצמם. אחד מהם פתח ואמר: „אנו הננו שליחי הצבא הפולני המנצח, העומד במבואות העיר. אנו יודעים שבעיר נמצא כוח מקומי מזוין יפה ובמספר לא־מועט. לא רצינו להסתער על העיר, כדי שלא לגרום לקרבנות מיותרים. אנו מבקשים מכם, לטובתכם, שבשעת כניסת צבאותינו תימנעו מאיזו־שהיא התנגשות, כי אנו נגיב בלי־רחמים".

הקצין התורני שלנו ביקש אותם לשבת. הם ישבו, והוא הסביר להם שאין אנו תובעים לעצמנו שלטון על העיר. שאנו היינו רק ארגון הגנה, והדבר היחידי שחשוב לנו הוא בטחון החיים והרכוש.

על זה ענה הקצין שהוא מסכים להשאיר את פלוגות־ההגנה בעיר בתור מיליציה, עד שתאורגן בעיר המשטרה כהלכה, ובאופן זמני תהיה המפקדה שלנו ממונה על הבטחון בעיר. מצדנו ביקשנו לדאוג שהחיילים ימנעו מכל סכסוכים עם התושבים.

ההסכם הושג ולפי בקשתנו ניתנה לנו הסכמתם בכתב, בשם מפקדת הגנרל ליסטובסקי.

זה היה הישג עצום. הכרה רשמית בכוחות המזוינים שלנו לשמש מיליציה לבטחון התושבים — דבר זה עודד את כולם. שאלנום, מתי חושבים להיכנס העירה הכוחות הפולנים הראשו־נים, אך הם השתמטו מתשובה. הקצינים קמו, הצדיעו לנו ואמרו לעזוב את המפקדה.

באותו מעמד מסרנו להם כי בידינו נמצאים שבויים — האטאמאן אבאזא ומפקדתו. הם שמחו מאוד לשלל חשוב כזה, היללו אותנו על אומץ לבנו וביקשו את הסגרתם. שנים מאנשינו נסעו אתם למלון „בל־ויו" עם פקודה להסגיר את המפקדה האוקראינית לידי הפולנים. ולאחר שאלה נלקחו משם, חזרו הפולנים על עקבותיהם (אגב, עם האטאמאן אבאזא ואנשי מפקדתו ישבתי אחר־כך כאסיר פוליטי במבצר הבריסקאי. שם ישב גם הסטודנט רנץ, והם שמחו לאידנו. הם מחו בפני שלטונות המבצר

על שמחזיקים יהודים במחלקת־הקצינים. וכשלא נענו — היו יורים בנו מבט מלא משטמה ומסננים דברי־חירופין אנטישמיים בין שיניהם).

בטחוננו גבר. עצבי התושבים שקטו, ונעשו הכנות לקבלה חגיגית של הצבא הפולני. אולם לא ידענו כי רומינו באופן אכזרי.

בשעה 12 בצהרים נראו פלוגות־החלוץ הראשונות בפרבר ירוביצה. מיד החלה הפשיטה בבתים והביזה. אנשינו הגיבו על כך בחריפות ולא נמנעו אף להשתמש בנשק חם. בינתים הגיעו גם משמרות החלוץ לפרבר קרסנה, והחלו גם כן לפרוע ולבוז. ביחוד הצטיינו בזה חילות הגנרל הלר. ההתנגשויות הקלות עברו להיות קרבות בין הפורעים ואנשי־ההגנה. אותו יום נהרגו חמישה מאנשינו ורבים נפצעו גם מן היהודים שלא השתתפו בהגנה. גם מצד הצבא היו קרבנות. במחיר זה נמנע טבח המוני שהוכן מראש בלי לקחת בחשבון התנגדות מזויינת תקיפה.

רק בשעה 4 אחה״צ, כשנכנסו העירה החיילות העיקריים בראשות המפקדה העליונה, שנתקבלה ע״י ראש־העיריה הנוצרי ונכבדי העיר היהודיים והנוצרים, — שקטו קצת הרוחות. אולם לא לזמן רב. החלה חטיפת אזרחים שהובלו למקומות בלתי־ידועים ונורו שם. כך נחטפו החנווני דוד קוס ובנו ע״י פרש פולני, שקשר אותם מאחוריו על־פני הכביש לאורך כל העיר ולעיני כל התושבים. אחר־כך נודע שהם הובאו לתוך טירת לוברט העתיקה, שם ציוו עליהם לכרות לעצמם קבר ונורו במקום. כל ההשתדלויות, במשך שנים שלאחר־כך, בפני השלטונות הפולניים מצד ועד־הקהילה ומוסדות יהודיים אחרים, להוציאם לקבר־ישראל, לא הועילו. הטירה הפכה אח״כ לאורוות־סוסים שרמסו ברגליהם את קדושי ישראל אלה.

ועד־הקהילה מחה בפני המפקדה וביקש הגנה, אך בתשובה לכך נאסרו הסטודנט רנץ ואנוכי, ואנו הובאנו לחקירה לבולשת הצבאית. שאר חברי המפקדה הספיקו להסתלק לפני כן ולרדת למחתרת. גם אנשי השורה נעלמו מן הרחובות, לפי פקודה מוקדמת מן המפקדה שלנו, שעמדה על כוונת הפולנים, תיכף עם היכנסם. הוחלט במפקדתנו, בהתיעצות דחופה, לפני שנאסרנו, שאנו נקיים את ההגנה במחתרת, כי השלטונות מתכוננים לפרוק את הנשק ולאסור את האנשים. היטב חרה לגנרל ליסטובסקי על שניחשנו את כוונותיו והקדמנו אותו, והוא ניסה לסחוט ממני ומהסטודנט רנץ ידיעות על מקום הימצאם של אנשינו ונשקנו. אני ידעתי שצורר־ישראל זה, שהוציא להורג בפינסק את 30 הצעירים היהודים על לא עוון בכפם, לא יהסס ולא ירתע בפני שום דבר. הוא איים על ועד־הקהילה. אותנו עינו תליני־הבולשת עינויי־גיהנום, בכל מיני תחבולות. כשאיבדנו את החושים נעזבנו עד לשיבת הכרתנו אלינו ואז שוב עונינו. אך החרשנו. לבסוף הועמדנו לפני משפט צבאי באשמת ארגון כנופיות מזוינות והתקפת צבא פולני. מכתבם של הקצינים הפולנים שלפיו הוכרנו בתור מיליציה עד שתאורגן המשטרה בעיר, לא הועיל. דנו אותנו למוות. העיר היתה כמרקחה. הגנרל ליסטובסקי סירב לקבל את משלחת הקהילה היהודית. ורק הודות לפנייה אישית של מישהו אל הגנרל ברנרד הצרפתי ששימש יועץ צבאי לצבא הפולני, הוחלף עונת־המוות למאסר במבצר.

שולחנו למבצר בבריסק, ובריחתנו משם לאחר הרבה חדשי־עינויים היא פרשה בפני עצמה. אך בזה עוד לא תמו עלילותיו של הגנרל ליסטובסקי נגד היהודים בגלל ההגנה המזויינת שלהם. הנגישות נמשכו עד שהשלטון הצבאי, שהוחלף בשלטון אזרחי, הועבר לפנים אוקראינה, עם התקדמות חילות הפולנים עד לקיוב. ואם לא נערכו פרעות גם אז, הרי היה זה רק הודות להגנה שהתקיימה תחילה בגלוי ואח״כ במחתרת.

פרשה זו היא אחת המזהירות שבחיי היהודים בלוצק.



ליפשטיין — המורה לעברית

יהודה פּאַפּיר / וואַשינגטאָן

# לויצק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

יאַנואַר 1921 בין איך דעלעגירט געוואָרן דורך דער וואַשינגטאָנער אָפּטיילונג פון דער לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט פאַר רעליף־אַרבעט אין לויצק און אומגעגנט אַרויסצופאָרן קיין לויצק. ס׳איז מיר דערמיט געגעבן געוואָרן, נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון 14 יאָר, צו באַזוכן מיין היים־שטאָט, וווּ ס׳זענען איבערגעבליבן מיינע עלטערן יאַנקל גראָבער און חנה סלאָווע, מיין ברודער שמואל פּאַפּיר מיט זיין פרוי און קינדער, מיין שוועסטער מיט איר פאַמיליע און פיל פעטערס און מומעס מיט זייערע פאַרצווייגטע משפחות. די גאַנצע צייט פון מיין 14־יעריקער אָפּגעריסנקייט פון מיין אַלטער און ליבער היים, האָב איך געלעבט אין טיפער בענקשאַפט נאָך דער שיינער לאַנדשאַפט פון לויצק און אומגעגנט, וווּ כ׳האָב, טראָץ אַלעמען, פאַרבראַכט פיל גליקלעכע און צופרידענע יאָרן. טיף אין האַרצן זענען מיר געווען איינגעבאַקן די לויצקער טייכן און וועלדער, וווּ אום זומער האָב איך זיך געבאָדן און פיל צייט פאַרבראַכט אויף פאַרשידענע אויספלוגן אין דער אומגעגנט, און ווינטער — זיך געגליטשט אויפן אייז, פאַר וואָס כ׳האָב נישט איינמאָל אַריינגעכאַפּט פון מיין פאָטער ע״ה פּעטש און וואָרענונגען, אַז כ׳זאָל נישט טאָן דאָס, וואָס אַ חסידיש יינגל טאָר נישט טאָן.

אויפן וועג קיין לויצק האָב איך זיך עטלעכע וואָכן פאַרהאַלטן אין וואַרשע, וווּ כ׳האָב דערליידיקט די געהעריקע פאָרמאַליטעטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן איבערוויזן געלטער, וואָס אַמעריקאַנער קרובים האָבן איבערגעשיקט זייערע משפחות אין לויצק. דאָס זענען געווען ענינים, פאַרבונדענע מיט געלט־עסקים און טראַנספער פון דאָלאַרן אויף מאַרקן — אין הסכם מיטן עקזיסטירנדיקן פינאַנסיעלן געזעץ אין פּוילן. פיל געלטער, וועלכע זענען געווען באַשטימט פאַר די לויצקער קרובים כדי צו דעקן די רייזע־הוצאות אויף צו עמיגרירן קיין אַמעריקע — זענען געבליבן אין באַזיץ פון „דזשאָינט״. די רעשט געלטער זענען אין דער פּוילישער וואַלוטע איבערגעוויזן געוואָרן די געבליבענע קרובים אין לויצק. צוזאַמען האָט דאָס אויסגעמאַכט אַ קיילעכדיקע סומע פון אַרום הונדערט טויזנט דאָלאַר. אַרום פערציק טויזנט דאָלאַר זענען אויסגעביטן געוואָרן אויף דער פּוילישער וואַלוטע צו 610 מאַרק פאַר אַ דאָלאַר. דאָס געלט איז איינגעפּאַקט געוואָרן אין אַ גרויסן קאַסטן, וועלכער האָט פאַרנומען דעם גאַנצן שטח פון „דזשאָינט״־אויטאָ. מיר זעלבסט איז אויסגעקומען צו זיצן אויפן קאַסטן און דאָס האָט געצויגן אויף מיר די אויפמערקזאַמקייט פון די יידן אויף די וואַרשעווער גאַסן, דורך וועלכע ס׳איז מיר אויסגעקומען אַדורכצופאָרן אויפן וועג קיין לויצק. ספּעציעל האָבן דאָס דאָזיקע בילד באַוווּנדערט די נאַלעווקער יידן, ווי אַן אַמעריקאַנער ייד זיצט אויפן אויטאָ און זיין קאָפּ מגיע השמימה. אין דער לעצטער מינוט האָב איך פאַרשטאַנען די קאָמישקייט פון דער געשאַפענער סיטואַציע, אַראָפּגעקראָכן פון אויטאָ און מיט דער באַן אָוועקגעפאָרן קיין לויצק. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז כ׳מעג גומל־בענטשן, ווייל הינטער קאָוועל איז דער אויטאָ באַשאָסן געוואָרן דורך באַנדיטן, וועלכע האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז אינעם קאַסטן דאַרף זיכער זיין אַ גרויסע סומע מיט געלט. וואָלט איך געווען מיטגעפאָרן מיטן אויטאָ — וואָלט מיין קאָפּ זיכער געווען אַ גוט ציל־ברעט פאַר די באַנדיטישע קוילן.

קיין לויצק בין איך אָנגעקומען אַרום צוועלף אַזייגער ביינאַכט. די נאַכט איז געווען אַ ווימש חושכדיקע. אויפן וואָקזאַל האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַן „איזוואָשטשיק״ — אַ משומד, וועלכן כ׳האָב געקענט נאָך פון מיינע קינדער־יאָרן. אויך ער האָט מיך דערקענט. מיר זענען אַריינגעפאָרן אין שטאָט אַריין און אָנגעהויבן זוכן ס׳הויז פון מיינע עלטערן. די פינצטערניש אָבער איז געווען אַזאַ גרויסע, אַז דאָס איז אונדז אָנגעקומען נישט אַזוי לייכט. מיר האָבן זיך פיל מאָל געדרייט אויפן זעלבן פּלאַץ און בשום אופן נישט געקאָנט אָנטרעפן אויפן ריכטיקן אָרט. צום גליק האָבן מיינע עלטערן דערהערט אונדזערע שטימען און זיי זענען אַרויסגעלאָפן מיך מקבל פנים זיין. פאַרשטענדלעך, אַז גרויס איז געווען די פרייד פון אונדזער באַגעגעניש — נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פון זיך נישט זען.

אין לויצק האָב איך דאַן פאַרבראַכט לאַנגע חדשים, אין וועלכע ס׳איז מיר אויסגעקומען זיך אָנצוטרעפן אויף דער שרעקלעכער נאָכמלחמהדיקער נויט פון אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לויצק. ס׳האָט זיך געפאָדערט אַן

אויסערגעוויינלעכע אויסדויער־קראַפט און פיל מענטשלעכע פאַרשטענדעניש פאַר דיליידן פון די יידן אין לויצק.

אויפן צווייטן טאָג איז אויך אָנגעקומען דער אויטאָ מיטן קאַסטן געלט. צוליב זיכערקייט־טעמים האָב איך דעם קאַסטן נישט אַריינגעטראָגן צו די עלטערן, ווייל דאָס וואָלט זיי געשטעלט אין אַ געפאַר באַפאַלן צו ווערן דורך באַנדיטן און רויבער, נאָר אים אַריבערגעפירט אין בנין פון דער קהילה, וווּ ס׳איז געווען אַן אייזערנע קאַסע. ס׳זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן צוויי נאַכטשומרים, וועלכע האָבן געוואַכט איבערן געלט, צו וועלכן ס׳זענען געווען געווענדעט די בליקן און האָפענונגען פון הונדערטער יידישע משפחות אין לויצק.

אין משך פון מיין דרייוואָכיקן אויפהאַלט אין וואַרשע זענען די פאַראינטערעסירטע משפחות אינפאָרמירט געוואָרן וועגן די געלט־איבערווייזונגען, וואָס איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט. באַלד אין ערשטן טאָג פון מיין אָנקומען קיין לויצק איז דאָס הויז פון מיינע עלטערן געוואָרן באַלאַגערט דורך הונדערטער יידן. אויך אין קהילה־הויז איז געווען אַ גרויס געדראַנג. דאָס אויסצאָלן די געלטער איז פאָרגעקומען אונטער דער שטרענגער השגחה פון די יידישע נכבדי העיר. צוליבן גרויסן געדראַנג אַרום טיש, וווּ די אויסצאָלונגען אין דער קהילה זענען פאָרגעקומען, האָט דער קהילה־שמש אָנגעהויבן אַרויסטרייבן פון לאָקאַל. כ׳האָב אָבער באַלד אינטערווענירט, באַרויקט אַ ביסל דעם עולם און געבעטן זיך צו פאַרהאַלטן אַזוי, אַז די אויסצאָלונג זאָל קאָנען פאָרקומען אין אַ געהעריקער אַטמאָספער. די אויסצאָלונג האָט געדויערט אייניקע וואָכן. אָבער ליידער זענען געבליבן פיל אומצופרידענע. ווי זאָגט זיך אין אַן אַמעריקאַנער שפּריכוואָרט: „באַמי זיך אַלעמען צופרידנשטעלן — און וועסט זיכער קיינעם נישט צופרידנשטעלן.“ אַזוי איז אויך געווען אין דעם פאַל.

די סיבה פון דער אומצופרידנקייט איז געלעגן אין דער נישט שטאַנדהאַפטיקייט פון דער פּוילישער וואַלוטע. אייניקע יידן האָבן דווקא געוואָלט, אַז מ׳זאָל זיי אויסצאָלן אין דאָלאַרן, נישט גלייבנדיק, אַז דער „דזשאָינט“ האָט, לויטן עקזיסטירנדיקן געזעץ, געמוזט די דאָלאַרן אויסטוישן אויף מאַרקן. אפילו איצט, עטלעכע צענדליק יאָר נאָך מיין דעמאָלטדיקער שליחות, וויל איך אויסנוצן די געלעגנהייט, בכדי נאָכאַמאָל פעסטצושטעלן, אַז מיין דעמאָלטדיקע אַרבעט האָב איך אויסגעפירט בשלימות. מיין געוויסן איז געבליבן ביזן היינטיקן טאָג ריין.

נאָכן פאַרענדיקן די אויסצאָלונגען איז געקומען די ריי אויפן צווייטן טייל פון מיין שליחות: דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט דער עמיגראַציע פון לויצקער יידן און אומגעגנט קיין אַמעריקע. מ׳האָט די אַלע יידן־עמיגראַנטן געדאַרפט צונויפזאַמלען פון פאַרשידענע קליינע שטעט און שטעטלעך, מיט זייערע אַלע פאַמיליעס, פון וועלכע פיל קינדער האָבן געהאַט פאַרכעס אויף די קעפּלעך און עס האָט זיך געפאָדערט זיי אויסצוהיילן. מ׳האָט זיי איבערגעשיקט קיין וואַרשע אין די שפּיטעלער. פיל מי און ענערגיע האָט צוגענומען דאָס דערליידיקן די רייזע און פּאַס־פאָרמאַליטעטן אין די פּוילישע אַמטן. נישט ווייניקער מי האָב איך אַוועקגעלייגט ביים אַמעריקאַנער קאָנסול, וועלכער האָט, שוין נאָך מיין אָפּשוויצן אין פאַרשידענע פּוילישע אַמטן, ערשט אָנגעהויבן אַ נייע חקירה ודרישה. ער האָט מיך שטאַרק חושד געווען, אַז די געלטער אויף עמיגראַציע זענען עפּעס פון אַ נישט־ריינער

קוועלע און זיי זענען פאַרבונדן מיט אַ געוויסער געלט־מאַכינאַציע. מיט גרויס מי האָט זיך מיר איינגעגעבן אים איבערצוצייגן, אַז מ׳האָט דאָ צו טאָן מיט אַ געזעלשאַפטלעכער שליחות און מיט הומאַניטאַרער הילף.

נאָכן פאַרברענגען זיבן חדשים אין לויצק האָט זיך מיר איינגעגעבן אויפצוזאַמלען פערציק קינדער פון פאַרשידענעם עלטער. איך האָב געדונגען פאַר זיי אַ ספּעציעלן וואַגאָן און זיי איבערגעפירט קיין וואַרשע. זייערע עלטערן זענען געפאָרן אין באַזונדערע וואַגאָנען. דאָס דערליידיקן די וויזעס און פאַספּאָרטן האָט פאַרנומען זייער אַ סך צייט און איז פאָרגעקומען ביים אַקאָמפּאַניאַמענט פון פיל משונהדיקע סיטואַציעס. די אינסטרוקציעס פון די אַמעריקאַנער קרובים זענען געווען אַזעלכע, אַז די געלטער זענען באַשטימט נאָר אויף עמיגראַציע. אין פאַל ווען עמעצער רעזיגנירט דערפון, דאַרפן די געלטער צוריקגעשיקט ווערן. עלטערע מיידלעך, וואָס זייערע קרובים האָבן זיי געוואָלט אַריבערנעמען קיין אַמעריקע, האָבן דערזען אַ פּאַסיקע געלעגנהייט חתונה צו האָבן. זענען טאַקע אויף דער גיך געשלאָסן געוואָרן שידוכים און חתונות, אויף וועלכע כ׳בין, נישט איינמאָל, איינגעלאַדן געוואָרן. דאָס האָט מיך געשטעלט אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט.

*

אַ באַזונדערס אינטערעסאַנט קאַפּיטל האָט מיט זיך דאַן פאָרגעשטעלט די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַרבעט. חוץ פּריוואַטע געלטער האָב איך אויך געהאַט ביי אַ נייַן טויזנט דאָלאַר, וועלכע מ׳האָט געדאַרפט פונאַנדערטיילן צווישן פאַרשידענע אינסטיטוציעס.

אין לויצק האָבן דעמאָלט עקזיסטירט פאַרשידענע אינסטיטוציעס פון אַ פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער. עס זענען געווען ציוניסטישע, העברעיסטישע און יידישיסטישע אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן געהאַט זייערע ספּעציפישע נויטן און פּראָבלעמען. ס׳האָט זיך באמת געפאָדערט פיל טאַקט, בכדי אויסצוגעפינען די ריכטיקע מאָס אין דער געהעריקער פונאַנדערטיילונג פון די נייַן טויזנט דאָלאַר, וואָס זענען געשטאַנען צו מיין דיספּאָזיציע. צו דעם צוועק האָב איך אָפּגעהאַלטן פיל קאָנפערענצן און באַראַטונגען מיט די פאָרשטייער פון די פאַראינטערעסירטע אינסטיטוציעס, בכדי צו קאָנען זיך פונאַנדערקלויבן אינעם לאַבירינט פון זייערע אויפגאַבן און דער צוועקמעסיקייט פון זייערע פאָדערונגען. יעדע פון די פאַראַנענע אין לויצק אינסטיטוציעס האָט פּרעטענדירט אויף העגעמאָניע און זכות קדימה. די געלטער זענען אָבער געווען געשיקט אין דער ערשטער ריי דורך אומפּאַרטייאישע און אין דער ריכטונג האָט געדאַרפט פאָרקומען די פונאַנדערטיילונג. אַלע האָבן געמוזט צופרידנגעשטעלט ווערן.

גראָד איז דאַן געווען ערב פּסח. די גרויסע נויט, צוליב דער מלחמה, האָט געדראָט, אַז הונדערטער יידישע משפחות זאָלן אויף פּסח בלייבן אָן מצות און אַנדערע באַדערפענישן אויף פּסח. האָט מען פון מיר געפאָדערט, אַז כ׳זאָל אויסטיילן אַ געוויסע סומע פאַר דעם צוועק. צו יענער צייט האָט זיך געפונען אַ היפּשע צאָל פון אויפגעקומענע מלחמה־גבירים, וועלכע האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט דער גוטער מידה פון פאַרמלחמהדיקע גבירים, געהאַלטן זייערע טייסטערט פאַרשלאָסן אויף זיבן

שלעסער און נישט געפּילט קיין שום התחייבות כּלפּי זייערע יידישע מיטבירגער, וואָס געפינען זיך אין אַ נויט. האָב איך דעריבער געפּאָדערט, אַז די דאָזיקע גבירים זאָלן זיך פריער באַשטייערן אויפן דאָזיקן צוועק און דאַן ערשט וועל איך אויך בייטראָגן די זעלבע סומע, וואָס זיי וועלן אויפזאַמלען. און אַזוי זענען יידן באַזאָרגט געוואָרן מיט די נויטיקסטע הצטרכותן אויף פּסח.

אַ שוידערלעכן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט די יידן, וואָס זענען געקומען אין דער לוציקער יידישער קהילה נאָך מצות אויף פּסח. כ'האָב זיי אַמאָל געקענט אַלס שיינע, רייכע און בעלי־בתּישע מענטשן. צוליב די מלחמה־אָפּעראַציעס זענען זיי רויִנירט געוואָרן און געמוזט אויסשטרעקן די האַנט נאָך הילף. די דאָזיקע סצענעס האָבן זיך מיר טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון, אַז כ'קען אין זיי, ביזן היינטיקן טאָג, נישט פאַרגעסן.

די שטאָטישע שול אין לוציק האָט זיך געפונען אין אַ זייער טרויעריקן צושטאַנד. צוליב די קריגס־אָפּעראַציעס אין יענער געגנט איז זי שטאַרק צעשעדיקט געוואָרן. דער הינטערשטער פּאַרקאַן איז אינגאַנצן געוועזן רויִנירט און אָפן. ער האָט טאַקע צוליב דעם געדינט פאַר זייער נישט־ריינע צוועקן... האָב איך אַסיגנירט אַ געוויסע סומע — און דער פּאַרקאַן, מיט אַנדערע נויטיקע רעמאָנטן אַרום דער שול, איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן.

די צוויי אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפטלעכע אַקציעס האָבן ביי מיר צוגענומען ביי אַ טויזנט דאָלאַר. די איבעריקע אַכט טויזנט דאָלאַר זענען פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די פאַרשידענע אינסטיטוציעס אין לוציק. ביים היינטיקן טאָג קאָן איך נישט גענוי זיך דערמאָנען וויפיל יעדע אינסטיטוציע האָט באַקומען. די קולטור־ליגע איז באַזאָרגט געוואָרן מיט צוויי שיינע הייזער פאַר אירע שולן. ס'איז אויך אויסגעטיילט געוואָרן אַ היפּשע סומע פאַר דער יידישער גימנאַזיע און פאַר די תּרבות־שולן. די בילדער פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן זענען דורך מיר איבערגעגעבן געוואָרן אין מוזיי פון בת־ים, בעת מיין באַזוך אין ישראל. פאַרן אָפּפאָרן פון לוציק האָב איך געלאָזט פאָטאָגראַפירן אַלע יידישע אינסטיטוציעס אין לוציק. די דאָזיקע בילדער, וועלכע געפינען זיך אין מוזיי פון בת־ים, זענען אַן אָנדענק פונעם אַמאָליקן שפּרודלדיקן און לעבעדיקן יידישן יישוב אין לוציק, וווּ ס'איז געבליבן נישט מער ווי אַ גרויסער ברידער־קבר פון אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע, אויסגעמאָרדעטע דורך די היטלעריסטישע בעסטיעס.

1959

נ. גאַרטיבעל

# דער סאַן רעמאָ־אַקט אין לוציק

יאָר 1920. די מלחמה צווישן פּוילן און די סאָוויעטן איז אין סאַמע ברען. לוציק געפינט זיך נישט ווייט פון פראָנט, אויף דער פּוילישער זייט. אין יענע טעג איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה וועגן דעם היסטאָרישן אַקט אין סאַן־רעמאָ, וווּ די באַלפור־דעקלאַראַציע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַלע וועלט־מלוכות. גרויס איז געוועזן די באַגייסטערונג, וואָס די ידיעה האָט אַרויסגערופן אין די יידישע און באַזונדערס אין די ציוניסטישע קרייזן. מען האָט זיך געקושט אין די גאַסן און זיך אָפּגעגעבן „מזל־טוב".

מיר, אַ גרופּע יונגע אַקטיווע ציוניסטן, האָבן באַשלאָסן צו דעמאָנסטרירן די פרייד, וואָס האָט ארומגענומען די יידישע מאַסן, דורך אַ גרויסער גאַסן־מאַניפעסטאַציע. צו דעם צוועק האָבן מיר געפּאָדערט צונויפרופן אַ זיצונג פון דעם שטאָטישן ציוניסטישן קאָמיטעט, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן איינצוראָרדענען אַזאַ מאַניפעסטאַציע, נאַטירלעך, אויב די מאַכט וועט דערלויבן.

ר' אברהם לענדער ע"ה, דער דעמאָלטדיקער פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכער איז געוועזן צווישן די קעגנער פון דער מאַניפעסטאַציע, האָט נאָכן אָננעמען דעם באַשלוס, געמאָלדן, אַז ער וואַרפט זיך אונטער דער מערהייט און האָט אויף זיך גענומען די מיסיע פון אַרויסבאַקומען די דערלויבעניש. מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָבן מיר אָפּגעוואַרט פאַר דער געביידע פון קאָמיסאַר־פאַרטרעטער פאַר די מזרח־געביטן (די דעמאָלטדיקע ציווילע־מאַכט) אברהם לענדער. ענדלעך האָט ער זיך באַוויזן און זיין פּנים האָט געשטראַלט פון צופרידנקייט: די דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן. עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. די גאַנצע ציוניסטישע מחנה, וואָס איז דאַן געוועזן גענוג צאָלרייך, אָבער נאָך נישט צעשפּליטערט אויף באַזונדערע גרופּן, איז געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. מיר האָבן זיך גענומען פאַר אַן אויפגאַבע, אַז די גאַנצע שטאָט, אַלע גאַסן, וויטרינעס, פענצטער און באַלקאָנען, זאָלן זיין אַנטשפּרעכנדיק דעקאָרירט און אילומינירט.

מ'האָט געפירט אַן אויפקלערונגס־אַרבעט פון הויז צו הויז און באַקענט די באַפעלקערונג מיט דער באַדייטונג פון דעם היסטאָרישן אַקט אין סאַן־רעמאָ. נאָכן קומען אין פאַרשטענדיקונג מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער מאַרשרוט, די אָרדנער און דער ריי־סדר פון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס.

אַרבעט איז געוועזן איבערן קאָפּ, פאַר יעדן צווייג פון דער אַרבעט האָט געזאָרגט אַ באַזונדערע סעקציע, די זיצונגען פון

די סעקציעס זענען כמעט נישט איבערגעריסן געוואָרן, יעדער פּרט איז פון פאָרויס באַשטימט געוואָרן.

די מאַניפעסטאַציע איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם 6־טן מאַי (אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז עס אויסגעפאַלן ל״ג בעומר). אין יענעם יאָר איז אין לויצק צום ערשטן מאָל געפייערט געוואָרן דער יום־טוב פון דער קאָנסטיטוציע פון 3־טן מאַי און די פּוילישע מאַכט האָט אונדז איבערגעלאָזט נישט געריררט די דעקאָראַציעס, וועלכע זי האָט צוגעגרייט צום יום־טוב פון 3־טן מאַי. דאָס האָט אונדז באַדייטנדיק פאַרלייכטערט די אַרבעט פון דעקאָרירן די גאַסן. גרויס עגמת־נפש האָט אונדז פאַרשאַפט דאָס נישט זיכערע וועטער. גראָד די לעצטע צוויי טעג פאַר דער מאַניפעסטאַציע האָט דער הימל זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו כמורען און אין דער נאַכט פון 5־טן אויף דעם 6־טן מאַי איז געפאַלן אַ דר־בנער רעגן, וועלכער האָט ערטערוויז קאַליע געמאַכט די דעקאָראַציע.

פאַרטאָג האָט דער רעגן אויפגעהערט, אָבער דער הימל איז געווען שטאַרק פאַרוואָלקנט און די זון האָט זיך באַוויזן. נישט געקוקט אויף דעם נישט־גינסטיקן וועטער, האָט די מאַניפעסטאַציע איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. ביי צוואַנציק טויזנט מענטשן האָבן זיך אין איר באַטייליקט, אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג, אונטער אַ וואַלד פון פענער און טראַנספּאַראַנטן. ווען דער שפּיץ פון דער מאַניפעסטאַציע, געפירט דורך דעם ציוניסטישן קאָמיטעט, האָט אָנגעשפּאַרט ווייט אויף ווילקע, איז דער סוף אירער געווען ביי דער באַזיליאַנער בריק. מיט דער אָרדענונג האָט גלענצנדיק אָנגעפירט ד״ר אליהו בראָנבערג ע״ה.

די שטאָט איז געווען פּרעכטיק דעקאָרירט און האָט אויסגעזען אַזוי יום־טובדיק פייערלעך, ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז דאַן. רירנדיק זענען געווען די „דעקאָראַציעס״ אין די נידעריקע אָרעמע פענצטערלעך פון דער שול־גאַס (בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ), ווו מ׳האָט צוגעקלאַפּט צו די שוין אַלטע בילדער פון ד״ר הערצל, משה מאָנטעפיאָרע און אפילו דאָס בילד פון ווילנער גאון אין טלית און תפילין... יעדער האָט זיך באַטייליקט מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט. שיין האָט אויסגענומען דער ריזיקער אילומינירטער מגן־דוד אויף דעם קימען פון שניידערס בראָוואַר אויף קראַסנע, וועלכן מ׳האָט געזען אין דער גאַנצער שטאָט. אַ גאַנצע וואָך צייט, נאָך דעם יום־טוב, האָט דער „קראַסנער מגן דוד״ געשיינט יעדן אָוונט איבער דעם יידישן לויצק.

מיט דער גאַסן־מאַניפעסטאַציע איז אָבער נישט אויסגעשעפּט געוואָרן דער יום־טוב. אויף די נאָכמיטאָג־שעהן איז געווען געמאָלדן אַ פאָלקס־מיטינג אין שטאָט־טעאַטער. דער עולם, וועלנדיק באַצייטנס פאַרנעמען פּלעצער, האָט צוריקקערנדיק פון די מאַניפעסטאַציע, אָנגעפילט דאָס טעאַטער. דער מיטינג האָט זיך דעריבער געמוזט אָנהויבן מיט אַ גרויסער... פּריצייטיקייט. וואָר ס׳האָט דעם מיטינג נישט בייגעוווינט, האָט קיין אמתע באַגייסטערונג נישט געזען. קורץ נאָך דער דערעפענונג, ווען דער פאָרזיצער ר׳ אברהם לענדער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן „קרן גאולה״ (דער אָנפאַנג פון קרן היסוד), האָט דער עולם אָנגעהויבן טראָגן צו דער בינע צירונג, ווערטפולע חפצים און געלט. דאָס איז געשען אַזוי ספּאָנטאַן און אומדערוואַרט, אַז פאַר אונדז אַלעמען איז עס געווען אַן אָנגענעמע און טיף־רירנדיקע איבעראַשונג, וואָס האָט ביי פיל אַרויסגערופן טרערן פון פרייד. דער מיטינג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער פאָלקס־שמחה. צווישן איין רעדע און דער אַנדערער האָט דער עולם זיך משמח געווען מיט געזאַנג און גאָרנישט געקלערט וועגן פונאַנדערגיין זיך.

שוין אין די שפּעטע אָוונט־שעהן זענען אויף דער בינע אַרויפגעקומען דריי אָנגעזעענע געסט פון דער פרעמד: דער אָסטרער רב ווערטהיים, פּראָפעסאָר פרידלענדער (וועלכער איז שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן אין אוקראַינע, ווײַלנדיק דאָרט אַלס דעלעגאַט פון „דזשאָינט״) און ד״ר דראַליטש. אַלע דריי ציוניסטן, זענען זיי געקומען קיין לויצק אין די אַנגעלעגנהייטן פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט. אָבער צו ווער מען פון די לויצקער כלל־טוער זיי זענען נישט אַריין — האָבן זיי קיינעם נישט געטראָפן אין דער היים, ווייל אַלע זענען זיי געווען אין טעאַטער. זענען זיי אויך אַהין געקומען. ווען דאָס פּרעזידיום האָט געמאָלדן דעם עולם וועגן אָנקומען פון די געסט, איז אויסגעבראָכן אַ פרישער שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן און דער עולם האָט געפאָדערט אַז די געסט זאָלן עפּעס זאָגן. די געסט האָבן לאַנג נישט געלאָזט זיך בעטן. בעת דער רעדע פון דעם הדרת־פּנימדיקן רב ווערטהיים ע״ה איז פּלוצעם אויסגעלאָשן געוואָרן די עלעקטריע. מ׳האָט באַלד געבראַכט ליכט און זיי איינגעשמאָלצן עפּעס אויף לאַנגע שטעקנס, וואָס מ׳האָט געפונען הינטער די קוליסן. דאָס פּאַטריאַרכאַלישע אויסזען פונעם רעדנער, זיין טיף־ערנסטער אַרט־רעדן און די מיסטישע באַלויכטונג האָבן פאַרוואַנדלט די פריערדיקע הייטערע שטימונג פון עולם אין אַן ערנסטער געשפּאַנטקייט. עס קאָן זיין, אַז דערפאַר טאַקע זענען איייניקע שטעלן פון הרב ווערטהיימס רעדע געבליבן איינגעקריצט ביי מיר אין זכרון, און איינע פון זיי וועל איך מיר דערלויבן דאָ צו ברענגען.

אויף דעם פּסוק „לכו בנים שמעו לי יראת ה׳ אלמדכם״ — האָט געזאָגט הרב ווערטהיים — פרעגט מען: פאַר וואָס שטייט עפּעס „לכו... שמעו לי״? אויב מען האָט עפּעס עמעצן צו זאָגן, דאַרף מען זאָגן: „באו בנים שמעו לי״ נישט „לכו״. נאָר, פאַרענטפערט הרב ווערטהיים, ווען איינער טראָגט אַ שווערע לאַסט אויף די פּלייצעס און מ׳האָט יענעם עפּעס צו זאָגן, קאָן מען נישט יענעם, מיט דער משא אויף די פּלייצעס, רופן צו זיך, נאָר מ׳דאַרף יענעם נאָכגיין און בדרך הליכה זאָגן וואָס מ׳האָט צו זאָגן. און ווענדנדיק זיך צו דער ציוניסטישער יוגנט, האָט הרב ווערטהיים אויסגערופן: לכו בנים, איר קינדער, טראָגט אויף זיך אַ שווערע משא פון חלוציות, פון בנין הארץ, גייט אייך אייער וועג, נאָר גייענדיק, שמעו לי, יראת ה׳ אלמדכם...

דער מיטינג האָט זיך געענדיקט שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, און האָט אָפּגעשלאָסן דעם גרויסן ציוניסטישן טאָג אין לויצק, וועלכער האָט אויך געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער ברייטער ציוניסטישער וועלט.

לויצק, 1938

**אברהם וואַקסמאַן** / תל־אביב

# ציוניסטן און ציוניזם אין לויצק

געהייליקט דעם אָנדענק פון מיין איינציקן ברודער מאָטל וואַקסמאַן און מיינע שוועסטער רבקה, כינקע און רחל מיט זייערע משפחות וואָס זענען אומגעקומען בעתן גרויסן חורבן.

מ׳גיט אַרויס אַ בוך פון לויצקער יידן, אַ „יזכור״ פאַר די קדושים. חברים, פריינד און באַקאַנטע טעלעפאָנירן און בעטן, פאָדערן: שרייב עפּעס אָן פון די אַלטע זכרונות.



אברהם וואַקסמאַן

ווייסט איין גאָט דעם אמת, ווי שווער דאָס איז צו טאָן. נישט מיט אַ לייכט האַרץ, נישט מיט קיין גרינגער האַנט, נעמט זיך די פעדער אויף צו שרייבן אַזאַ „יזכור״.

דורות־לאַנג האָבן יידן געוווסט, אַז יום־כיפור גיט מען אַ קלאַפּ אין שול־באַלעמער: זאָגט „יזכור״! האָט מען געזאָגט און געלאָזט אַ טרער נאָך אַ יחיד פון משפחה, נאָך געשטאָרבענע אַלטע עלטערן א.א.וו. אָבער זאָגן יזכיר איבער יידן פון אַ גאַנצער שטאָט, איבער קינדער, זין, טעכטער, שוועסטער, ברידער פון גאַנצע גאַסן־געסעלעך — קילאָמעטער־לאַנג? איז דען דאָ אַזאַ „יזכור״, וואָס זאָל, אין דער קלענסטער מאָס אַפילו, אויסדריקן דעם צער און צאָרן פאַר דעם אַלעמען?

אָבער אפשר זענען זיי, די חברים, הייסט עס, פאָרט גע־רעכט און מ׳דאַרף יאָ שרייבן? זאָל עפּעס בלייבן פאַר די אָנקומענדיקע דורות לזכר. מיר אַלע זויגן דאָך פון די אַלטע קוואַלן און האָבן דאָך, אין אַלע דורות, נאָך אַלע חורבונות, געירשנט אַ נישט־אויסגעלאָשענעם פונק, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם צוריק צעפלאַקערט און אויפסניי געשאַפן אַ ניי לעבן אין שווערן גלות, דערמוטיקט די יידן און אין די הערצער איינגעפלאַנצט דעם גלויבן, אַז „נצח ישראל לא ישקר״.

אַזוי טראַכטנדיק בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז אויך לויצקער יידן האָבן זיך פאַרדינט נישט פאַרגעסן צו ווערן, נישט אויסגעמעקט צו ווערן פאַר די קומענדיקע דורות. וועל איך, דעריבער, פּרובירן עפּעס צו פאַרשרייבן.

דערמאָנט זיך מיר אין די נאַציאָנאַלע לויצקער יידן, אָט די, וואָס האָבן במשך פון דורות געוווינט אין די איינגעקאָרטשעטע הייזלעך אויף קראַסנע, אונטער די מיט שינדל־געדעקטע דעכער פון ווילקע, דאָלינע אין נידעוו; אין די הויכע קרוינשטיין־מויערן, יידישע סוחרים און בעלי־מלאכות. דערמאָנט מען זיך די גרויסע מעל־מילן: פרידמאַן־לאַקריץ, פּינטשוק, פּטיץ און די קליינע קאַשע און גרויפּן־מילן, וואָס האָבן געשפּייזט, דורך שווערער מ׳ אַרבעט, טויזנטער יידישע פאַמיליעס, דערמעגלעכט צו דער־ציען קינדער און איינפלאַנצן די ציוניסטישע ליבע.

אויב פאַר די לעבנגעבליבענע איז נאָך געקומען אַ שטיקל טרייסט, דורכן שאַפן די יידישע מדינה, איז וואָס פאַר אַ טרייסט קאָן מען געפינען פאַר די טויזנטער אומגעקומענע לויצקער ציוניסטישע יידן?

דאַרפן מיר פאַר זיי טאָן דעם לעצטן „חסד של אמת״ און פאַראייביקן זייער אָנדענק דורך פאַרשרייבן זייער לעבן און טעטיקייט.

## ציוניסטן און ציוניזם אין לויצק

לויצק איז געווען אַ ציוניסטישע שטאָט שוין פון פריער־דיקע דורות. דאָס קאָן אונדז באַשטעטיקן דער בייגעלייגטער דאָקומענט — אַ דין־וחשבון פון יאָר 1897 וועגן אַ געלט־זאַמלונג פאַרן ארץ־ישראלדיקן ישוב, וואָס ס׳האָט איבערגע־שיקט אין צענטראַלן קאָמיטעט אין אָדעס די לויצקער אָפּטיילונג פון חובבי־ציון — „חובבי־ציון בלוצק״.

אַ ציטער גייט אַדורך, ווען מ׳לייענט די רשימה מיט די נעמען פון אונדזערע זיידעס (לענדער, טעמערלין, קרוינשטיין, פּיש, שניידער, בורשטוק, לייבעל, קרוין א.א.וו.), וועמענס קינדער־אייניקלעך זענען איצט אין ישראל, פאַרנעמען פּאָסטנס אין די מדינה־אַמטן, סוכנות, אָדער זענען איינגעאָרדנטע פאַרמערס אין דגניה, נהלל און אין אַנדערע יידישע דערפער.

האָבן די זיידעס אונדזערע, פון דער רשימה, זיך פאַרגע־שטעלט אין יאָר 1897, אַז מיט זייערע קאָפּיקעס — „רו״כ״ — רובל כסף, פאַרלייגן זיי אַ פונדאַמענט פון אַ יידישער מדינה, און אַז זייערע קינדער־אייניקלעך (מיט די זעלבע פאַמיליע־נעמען) וועלן זיין אין איר מדינה־בעאַמטע, זעלנער, אָפיצירן, טאַנקיסטן און פליער?

מ׳דאַרף געדענקען, אַז אין יאָר 1897, ביי די צאַרישע ציטן, איז זיין אַ ציוניסט געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, ווייל די ציוניסטישע טעטיקייט איז געווען אומלעגאַל. און דאָך האָט די בענקשאַפט נאָך ציון גובר געווען אַלע שוועריקייטן און אין לויצק איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ציון־באַוועגונג פאַר זיך און פאַר די קומענדיקע דורות!

ס׳זענען אַדורך 20 יאָר. אין 1917, נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע, האָט אַ ליכטיקער שטראַל פון פרייהייט אַריינגע־דרונגען אין פינצטערן יידישן לעבן. מ׳האָט געגלייבט, אַז ס׳איז געקומען אַ נייע עפּאָכע פון אמתער פרייהייט פאַר אַלע פעלקער און פאַר יידן — בתוכם.

## הכנסה

| קאפ | רו"כ | קאפ | רו"כ | שמות האנשים |
|---|---|---|---|---|
| סה"כ | | סה"כ | | תרומות שנתיות |
| — | 132 | 40 | 20 | טראנספארט |
| 70 | 22 | 30 | 2 | נדבות ע"י אנשים שונים |
| 09 | 1 | | | ע"י ה" גאפליב שמחה על ב"ם של הנולד ל"ה אנשיל ווייסמאן |
| | 6 | | | ע"פ פשר של בוררים בין ה" ישעיהו קלונער ובין ה" ב" שטערן |
| 58 | 9 | | | ע"י ה" פיש יהודה ליב ו'ה טעמערלין יהושע שאספו על ההונה ה'. ליבערמאן אליעזר |
| 90 | 20 | | | רוח מהמחזה „עבריה" ע' ה' בלומענשטרייך נח |
| | | | | נדבות מקערות עיוה"כ תרנ"ה |
| | | | | בעיר הישנה |
| | | 10 | 4 | בבית הכנסה חומה ע" ה" דראלוק ב. ו"ה זילבערגליים א. |
| | | | 2 | בבית המדרש הגדול ע"י ה" לייבעל יעקב |
| | | | 2 | „ „ דעשירה ע"י העלליד ם. |
| | | 88 | 3 | „ „ דטריסק ע"י פישל וטעמערלין |
| | | 85 | 2 | „ [illegible] |
| | | 43 | | „ „ דשמרי בקר ע"י ברוך ד" |
| | | 30 | | „ „ דנגרים ע"י גיימער ל. |
| | | | | בפרור העיר |
| | | 14 | 7 | בב"המר הגדול ע"י ה' וויינשטיין ו'ה חיוש א. |
| | | 73 | 3 | „ „ דטריסק „ „ טרויב ווינדרעלין ש. |
| | | 35 | 1 | „ „ דנסחיז „ „ נ. ר. גאלדשטיין |
| | | | 1 | „ „ דקארלין „ „ ריקשטיין ם. |
| | | | 1 | „ „ דראלינע „ „ סלמר א. |
| | | 15 | 1 | בסנין ה" ליפא פינטשוק ע"י נוטמאן א. |
| | | | | בחלק העיר ווילקא |
| | | | 1 | בב"המר הגדול ע"י ה" רויזן צבי דוב |
| | | 23 | 2 | „ „ ד"ר אייזיק ע"י ה" גאליאן יחיאל |
| | | 16 | 34 | |

## הכנסה

| קאפ | רו"כ | קאפ | רו"כ | שמות האנשים |
|---|---|---|---|---|
| סה"כ | | סה"כ | | תרומות שנתיות |
| 27 | 192 | 16 | 34 | טראנספארט |
| | | | | בחלק העיר קראסנא |
| | | | 3 | בב"המר חדש ע' ה' וויינשטיין ל. |
| 29 | 38 | 13 | 1 | „ „ ישן „ „ פרישבערג ש. ג. |
| 56 | 230 | | | בס"הכ |
| | | | | וא"נ ההוצאה |
| 30 | 2 | | | גביה נדבות זמניות והכסף מהקערות |
| 26 | 228 | | | נשאר לטובת יא"י |
| | | | | הכסף נשלח להועד באדעססא: |
| | | 26 | 498 | ע"י המורשה ה" בלומענקראנץ כפי הקבלה מהועד במכתב 81 № מן 18 יאנואר 1898 הנמצא ה"י |
| | | | 30 | תרומות ה"נ קראנשטיין נשלחו מהם נושר להועד |
| | | 26 | 228 | סה"כ נשלח להועד |

## הכנסה

| שמות האנשים | סה"כ | | סה"כ | |
|---|---|---|---|---|
| תרומות שנתיות | רו"כ | קאפ | רו"כ | קאפ |
| **הברים אמתים.** | | | | |
| ה" קראנשטיין יוסף ורעיתו מ" חי' רחל | | | | |
| ובנם הד"ר אברהם | 30 | | | |
| ה" קראנשטיין מאיר | 12 | | | |
| **חברים שקדנים** | | | | |
| ה" אביפאוו שלמה | 3 | | | |
| „ אביפאוו שאול | 3 | | | |
| „ בלומענקראנין אלהר | 3 | | | |
| „ גליקליך אברהם | 3 | | | |
| „ גוטמאן אפרים | 3 | | | |
| „ גרינבערג דוב | 3 | | | |
| „ גרופערמאן יהודה ליב | 3 | | | |
| „ גאטליב שמחה | 3 | | | |
| מרה גרופערמאן טויבע | 3 | | | |
| ה" דינער שמחה | 3 | | | |
| „ ווייסמאן אנשיל | 3 | | | |
| „ ווארקאוועצקי נחום | 3 | | | |
| „ חיוש אברהם | 3 | | | |
| „ טשיטשאטקא אשר | 3 | | | |
| „ טעמערלין יהושוע | 3 | | | |
| „ לענדער אברהם הבערעמלער | 3 | | | |
| „ לערנער זלמן | 3 | | | |
| „ לייבעל יעקב | 3 | | | |
| „ ליבערמאן אליעזר | 3 | | | |
| „ מילשטיין יעקב | 3 | | | |
| „ פטיין אליעזר | 3 | | | |
| „ פיש יהודה ליב | 3 | | | |
| „ פינטשוק נחמן | 3 | | | |
| „ צוויטמאן גרשן | 3 | | | |
| „ ראפאלאווסקי משה | 3 | | | |
| | 117 | | | |

## הכנסה

| שמות האנשים | סה"כ | | סה"כ | |
|---|---|---|---|---|
| תרומות שנתיות | רו"כ | קאפ | רו"כ | קאפ |
| טראנספארט | 117 | | | |
| ה" ראבינאווין שמואל | 3 | | | |
| „ ראזענצווייג צבי הירש | 3 | | | |
| „ שווארצמאן משה | 3 | | | |
| „ שווארצמאן דוד | 3 | | | |
| „ שטיינבערג יצחק ליב | 3 | | 132 | — |
| **נדבות זמניות** | | | | |
| ה" בלומענקראנץ אלתר | | 50 | | |
| „ בארשטאק מ. | | 50 | | |
| „ בערלינער שמואל תמורת טעלעג. להתונה | | 50 | | |
| „ ברייער מ. ש. | | 50 | | |
| „ בארטניק מ. וברשטיק | | 40 | | |
| „ בארראך ש. תמורת טעלעג. לחתונה | | 30 | | |
| „ בערעזא ליפא | 1 | | | |
| „ גוטמאן אפרים תמורת טעלעג. לחתונה | 1 | | | |
| מרה גרופערמאן טויבע | | 50 | | |
| ה" ווארקאוועצקי יעקב תמורת טעלעגר לחתונה | 1 | | | |
| „ חיוש אברהם לזכר היום שנולדה לו בתו | | | | |
| „ חאראש אליהו תמורת טעלעג. לחתונה | 1 | | | |
| מרה חאראש צלי' | | 50 | | |
| ה" טעמערלין יהושע תמורת טעלעג. לחתונה | 2 | 50 | | |
| „ לייבעל יעקב „ „ „ | 1 | | | |
| „ לעווין שלום „ „ „ | | 50 | | |
| „ פינטשוק ליפא „ „ „ | 1 | 50 | | |
| „ פריטער חיים „ „ „ | 3 | | | |
| „ קרוין אברהם משה „ „ „ | | 50 | | |
| „ קלוגער ישעיהו | | 50 | | |
| „ קלוגער „ | | 50 | | |
| מרת ראפאלאווסקי הנה | 1 | | | |
| ה" שניידער צבי הירש | 1 | | | |
| | 20 | 40 | 132 | — |

## די ערשטע לעגאַלע פאַרזאַמלונג

דערמאָן איך זיך אין דער ערשטער לעגאַלער זיצונג פון ציוניסטישן קאָמיטעט אין לויצק אין יאָר 1917, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער געדונגענער דירה ביי יוכבד לייבעל ז״ל. איך בין דאָרט געווען אַ נישט־פאַרבעטענער גאַסט. אויף דער דאָזיקער זיצונג זענען אָנוועזנדיק געווען אַלטע ציוניסטישע טוער: ר׳ יהושע טעמערלין, ר׳ משה שיינער, ר׳ אברהם לענדער, ר׳ יעקל סימאָן, דיאַמאַנד, שמחה מילכיגער, אביגדור הערלינגרעכט, מאָטל וואַקסמאַן א. אַ. זיי זענען געזעסן אַרום אַ לאַנגן נישט־געהובעלטן טיש (אַ מין „שלוש־סעודות״־שול־טיש). אין צימער האָט זיך געברענט אַ נאַפט־לאָמפּ (אין לויצק איז נאָך דאַן קיין עלעקטריע־באַלייכטונג נישט געווען). גערעדט האָט מען וועגן פאַרטיילן „שקלים״. פאַר גאַנץ לויצק האָט מען דאַן אָנגעצייכנט אַ צאָל פון 300 שקלים. דאָס איז נישט געווען קיין גרויסער פאַרנעם און ס׳האָט געדאַרפט אַדורכגעפירט ווערן מיט דער הילף פון אַ געדונגענעם מענטשן, ווייל יעדער איינער איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דאגות פרנסה.

איך בין געשטאַנען אין אַ זייט, גלייך אַ „נאָוואָ־בראַניעץ״ און, ווי ס׳טרעפט ביי יונגע, זיך געהאַלטן אַ ביסל חוצפּהדיק. אין גאַנג פון דער זיצונג האָב איך זיך אַריינגעמישט און געזאָגט, אַז אין לויצק קאָן מען צעטיילן טויזנטער שקלים און נישט דורך אַ געדונגענעם שליח, נאָר דורך אַריינציען חברים און יונגע כוחות, וועלכע וועלן דאָס טאָן פרייוויליק און נישט פאַר געלט.

האָבן זיי אויף מיר לכתחילה געקוקט אַ ביסל „הייזעריק״, אָבער דער ציוניסטישער יצר־טוב האָט ביי זיי גובר געווען און די עלטערע האָבן לייכט געפונען אַ בשותפותדיקע שפּראַך מיט די ייִנגערע.

מערקווירדיק ווי 1897 מיט 1917 האָבן זיך צוזאַמענגערעדט! פּונקט מיט 20 יאָר שפּעטער (תרע״ח) ליגט פאַר אונדז ווידער אַן אָריגינעלער דאָקומענט־פּראָטאָקאָל פון אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער לויצקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויף וועלכער ס׳זענען אויסגעווײלט געוואָרן 2 דעלעגאַטן צו דער ערשטער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין קיעוו. דער דאָזיקער פּראָטאָקאָל, געשריבן דורך יהושע בערגער ז״ל, איז אַ לעבעדיקער עדות פון דער דעמאָלטדיקער געשעעניש. ס׳האָט זיך ביי מיר פאַרהיט די אָריגינעלע קאָנפערענץ־לעגיטימאַציע (כרטיס־ציר), אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־קאָמיטעט אין קיעוו אין יאָר 1917. צווישן אַנדערעס לייענט זיך דאָרט וועגן „סדר הועידה״: רעפעראַטן פון מ. סירקין ז״ל, י. שעכטמאַן א.א.

איינער פון די 2 דעלעגאַטן פון לויצק, ברוך פּינטשוק, איז געווען אַ סאָלדאַט אין דער רוסישער אַרמיי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, נישט ווייט פון לויצק. נאָך דער



אַ גרופּע יעקאַטערינענבורגער חלוצים אין לויצק.
עס זיצן פון רעכטס: מ. שאַפּיר, ט. גאַרטיבעל

פעברואַר־רעוואָלוציע האָט ער זיך, נאָך אַלס סאָלדאַט אונטערן באַהאַלטענעם נאָמען זאַכאַריאַש, באַטייליקט אין דער ציוניס־טישער טעטיקייט פון לויצק. אַלס צווייטער דעלעגאַט בין איך געפאָרן.

צוריקקומענדיק גיט מען אָפּ אַ באַריכט פון דער קאָנפע־רענץ און די ציוניסטישע אַרבעט ברייטערט זיך אויס. מ׳שאַפט אַ גרויסע יוגנט־ביבליאָטעק אויף וועסאָלע 2, פון וועלכער ס׳קומען שפּעטער אַרויס קאַדרען ציוניסטיש־געשטימטע יוגנט־טוער.

אין דער ביבליאָטעק האָבן אַקטיוו מעטגעאַרבעט: בעלאַ כשר, רחל כץ ז״ל, יבּ׳ל יאָסל ווײַנער, פּנחס צוקערמאַן — היינט אין חוץ־לארץ, און נאָך אַנדערע. אין דער צווישנצייט לעבט מען נאָך איבער די מלחמה און מלחמהלעך. באָלשעוויקעס, פּעטליורע־היידאַמאַקעס, מיט זייערע געוואוינהייטן צו פּאָגראָמירן; פּאָליאַקן, נאָר־וואָס אַליין באַפרייטע פונעם צאַרישן יאָך, מיט זייערע 4 שפּיציקע לעגיאָנערן־היטלען, גיבורים אויף צו שניידן יידישע בערד. נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען שאַפן זיך די ערשטע חלוצים־גרופּן. די בעסטע אינטעליגענטע יוגנט פאַרלאָזט אירע רייכע היימען און גרייט זיך צו עליה קיין ארץ־ישראל. אין דער זעלבער צייט אַנטשטייט אויך אַ ציוניסטישע ספּאָרט־פאַראיין, אַ מין „חילוץ עצמות״־אָרגאַניזאַציע.

ס׳קומען אָן קיין לויצק פּליטים־גרופּעס, חלוצים פון יעקאַטערינאָסלאַוו. ס׳שאַפן זיך הכשרה־פּונקטן פון יידישע האָלץ־העקערס און טרעגערס. די עליה פון לויצק קיין ארץ־ישראל הייבט זיך אָן.

## „שקדנים״ — פּלייסיקע

די ווערטער „חברים־שקדנים״ האָט איר געוויס באַמערקט אין אויבנדערמאָנטן דאָקומענט פון מיט עטלעכע און זעכציק




דאָס ערשטע בלימל לטובת „החלוץ״



פּרעזידיום פון קק״ל־קאָמיטעט אין יאָר 1933

יאָר צוריק. עס בעט זיך דורכצופירן אַ פּאַראַלעל צווישן די ביידע ציוניסטישע עטאַפּן: 1897—1917. איר זעט דייטלעך און קלאָר, ווי אידענטיש זיי ביידע זענען — מיט אַלע זייערע מעשים; בלויז די נעמען האָבן זיך געביטן.

אין יאָר 1897 האָט זיך געפונען אַ מנין פלייסיקע (שקדנים) חברים, וועלכע האָבן פאַרנאַכלעסיקט זייערע געשעפטן און אַוועקגעגעבן זייער צייט אויף צו שאַפן געלט פאַר ארץ־ישראל. זיי האָבן דאָס געטאָן דורך אַלע וועגן און ביי יעדער געלעגנ־הייט: **אויף חתונות ביי וואַרקאָוויצקי, אליעזר ליבערמאַן א.א.** אויף אַ ברית ביי אַנשל וואַסערמאַן, דורך אַ טעאַטער־שפּיל „עבריה״, אָדער גאָר דורך אַ ריווח פון אַ בוררות און דורך ערב יום־כּיפּור זאַמלונגען אין די שולן און בתי־מדרשים.

און אין יאָר 1917, 20 יאָר שפּעטער, עקזיסטירט ווידער דער „מנין״ פלייסיקע חברים (איינשליסלעך חברות אויך), ציוני־ניסטישע „משוגעים״, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך אויסגעטיילט: חייקל ווייץ, יהושע בערגער, אברהם לאַנדסבערג, א. בראָנבערג, קולינער, פּעטשעניק, מאָטל שאַפּיר, פ. פרידמאַן, נפתלי גאַר־טיבעל — כולם זכרונם לברכה און, ויבדלו לחיים ארוכים, צוויטמאַן, גרושעווסקי, גערשנזאָן, העניע קימעלמאַן, א. וואַקס־מאַן, א. דענוויק, רחל גורוויץ א.א., וועלכע האָבן זייער בעסטע צייט אַוועקגעגעבן אויף זאַמלען געלט פאַר די ארץ־ישראל־פאָנדן דורך בלימל־טעג, חתונות, „קערות״ אין די שולן ערב יום־כּיפּור און נאָך אַנדערע פאַרשידענע געלעגנהייטן. און אַז מ׳האָט געדאַרפט אַ הכנסה פאַרן קרן־קימת, האָט מען איינגע־אָרדנט אַ ציוניסטישן מנין „ימים־נוראים״, און אַליין געווען די בעלי־תּפילות פון כּל־נדרי ביז נעילה; און אַז ס׳איז געווען נייטיק — איז מען געוואָרן אַרטיסטן און פאָרגעשטעלט שלום אַשס „יצא וחזר״, אָדער אַ „דאָקטער״ פון שלום־עליכם (רע־זשיסירט פון קאָלאָדני), אָדער דעקלאַמירט „על השחיטה״ פון ח. נ. ביאַליק און די „מתנה״ פון זלמן שניאור.

ס׳ווערט אָרגאַניזירט אַ גרויסער יוגנט־כאָר, אָנגעפירט דורך ישעיהו טעמערלין און, אין דער שפּעטערדיקער צייט, דיריגירט דורך שמואליק, דעם טריסקער חזנס זון.

אין כאָר באַטייליקן זיך אַ סך חברות. די הויפּט־סאָליסטקעס זענען געווען: דבורה גרינשטיין ז״ל, יבּ׳ל איטא זאַרעצקי, חנה ספּעקטאָר א.א.

דורך אָט דער פאַרצווייגטער אַרבעט ציט מען אַריין אַלץ גרעסערע קרייזן. למשל, צום מנין „ימים־נוראים" קומען דאַווענען אלע „יידישע גויים", דאָקטוירים, דענטיסטן — אַ שיכט מענטשן, וואָס איז לאַנגע צייטן ווייט געווען פון יידישקייט בכלל און ציוניזם בפרט.

נאָך דער מלחמה, ווען די אַלגעמיינע לאַגע סטאַביליזירט זיך, קומען צו נייע ציוניסטישע יוגנט־כוחות. פון די צענטערס קומען צופאָרן שליחים, רעפערענטן. אַפילו דער היינטיקער ראש הממשלה, מר דוד בן־גוריון, כאַפּט זיך אויך אַראָפּ קיין לויצק ערב אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, און ער מאַכט פּראָפּאַגאַנדע פאַרן ציוניסטישן געדאַנק. אויף ווּעסאָלע 2 און אין דער וווינונג פון דער וואַקסמאַן־פאַמיליע, זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן, מיט זיין אַנטייל, באַראַטונגען, ווען מ׳איז געווען צוויל ס׳איז געווען אויך אַריינצודרינגען אין דער פּאַקטישער געזעלשאַפטלעכער גלות־אַרבעט. מ׳האָט דאָרט אַרומגערעדט אַזעלכע ענינים ווי מאַגיסטראַט, קהילה, סיים און סענאַט.

ציוניסטישע קרייזן, יוגנט און אַלט, ווערן אַריינגעצויגן און מאָביליזירט אין דער טאָג־טעגלעכער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ס׳ווערן אויסגעוויילט ראַטמענער אין דער קהילה, מאַגיסטראַט, וועלכע פאַרטיידיקן דעם ציוניסטישן צוגאַנג צו אונדזער יידיש פּראָבלעם. די גרויסע געביידע פון דער „תלמוד־תורה", וואָס אויף דער 3־טער מאַי־גאַס, ווערט פאַרנומען דורכן פּאַלעסטינע־אַמט, ביבליאָטעק און אַנדערע ציוניסטישע אינסטיטוציעס.




דער פאַראייניקטער קאָמיטעט פאַרן קרן קימת אין לויצק




דער קאָמיטעט פון קרן היסוד אין לויצק

ציוניסטן באַטייליקן זיך אַקטיוו אין די פּאַרלאַמענט־וואַלן. ביי די קאָנגרעס־וואַלן שלינגט מען אַראָפּ נישט איין פּאַרציע בלאָטע פון די פּאָליטישע קעגנער. וועגן דעם קאָן מען זיך איבערציינן, ווען מ׳לייענט אַדורך דעם פּאַמפלעט קעגן די אַלגעמיינע ציוניסטן, אָנגעשריבן פון נפתלי גארטיבעל ז״ל א.ד.ט. „דאָס ערשטע וואַל־בלימל״.

ס׳פּאַרגרעסערט זיך דער איינפלוס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לויצק אויף אַלץ נייע יידישע באַפעלקערונגס־שיכטן. צוזאַמען דערמיט וואַקסן אויך די הכנסות לטובת די ציוניסטישע פאָנדן. די בלויע פושקע פון קרן־קימת דרינגט אַריין אין די קעלער־וואַרשטאַטן און צווישן די האַלב־אַסימי־לירטע סטודענטן, דאָקטוירים, סוחרים, באַנקירן, וועלכע זענען אַמאָל געשטאַנען ווייט פון ציוניזם.

אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון נח צוקערמאַן (איידעם פון די קראַסנער שניידערס פון בראָוואַר), ד״ר פאַלטאַראַק א.א. ווערט צום ערשטן מאָל אין לויצק געשאַפן אַ שיין־איינגעאָרדנטער ציוניסטישער קלוב — ביי ליפּע דינער ע״ה. שפּעטער דינגט מען גאָר אַ גרויסן זאַל, מיט ביוראָ־צימערן, ביי דעם האַראַכאָווער רבין. דאָרט ווערן איינגעאָרדנט פּורים־און חנוכה־פייערונגען און אויך פאַרשידענע ליטעראַריש און הומאָריסטישע אָוונטן, ווי ס׳ווערן, אויף אַ לייכט־הומאָריסטישן אופן, קריטיקירט קהלישע און ציוניסטישע טוער.

פון יענער צייט זענען נאָך פאַרבליבן אין זכרון 2 פּאַראַדיעס אויף די דערמאָנטע טעמעס, אָנגעשריבן דורך מיר און גע־לייענט אויף די אָוונטן אין קלוב. כמעט יעדן שבת־צונאַכטס ווערט אָפּגעריכט אַ מאָדערנע „מלוה־מלכה״. רבי יואל כאַראַק דרשנט וועגן דער פרשה פון דער וואָך, פּאַרטייטשט מיט ציוי־נות, און אַלע צוזאַמען זינגען מיט גרויס התלהבות ציוניסטישע און חסידישע ניגונים. אליעזר שיינער שפּילט־אויף די אמתע חזנישע פּלאַטן.

דאָס אַלץ האָט שטאַרק גערעדט צום האַרצן. די וואַרעמ־קייט צווישן חברים האָט דערמוטיקט די „שקדנים״ צו ווייטער־דיקער ציוניסטישער אַרבעט לטובת ישראל.

ס׳וועט נישט זיין איבעריק צו דערמאָנען די איבערגע־געבנקייט פון יונג און אַלט נישט געקוקט אויף די פּאַרטיי־רייסערייען און אויף דער צעשפּליטערטקייט צווישן רעכטע און לינקע א.א.וו. אַלע צוזאַמען האָבן געהאָפט, געאַרבעט האַנט־ביי־האַנט, געחלומט און דערוואַרט די מינוט צו דערלעבן דעם אויפקום פון מדינת־ישראל.

אָבער בלויז אַ קליינע צאָל פון זיי האָט דערצו זוכה געווען. אַדאַנק דער אינטענסיווער אַרבעט פון לויצקער פּאַלעסטינע־אַמט, זענען זיי, מיט זייערע פאַמיליעס, אָפּגעפאָרן קיין ישראל. נאָך אַ קלענערע צאָל איז די לעצטע יאָרן געקומען אין לאַנד אַריין. דאָס זענען די, וועמען ס׳האָט אָפּגעגליקט זיך אַרויס־צוראַטעווען פון די רוצחישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון מזרח און מערב.

## פּאַלעסטינע־אַמט

לויצק איז געווען די איינציקסטע שטאָט אין פוילן, וווּ ס׳איז געלונגען אַדורכצופירן אין „וואָיעוואָדזטווע״ די לעגאַליזאַציע פון אַ סטאַטוט פאַר אַ פּאַלעסטינע־אַמט, פאַרן גאַנצן וואָלינער


STAROSTWO ŁUCKIE — Łuck, dnia 22 lipca 1925 r.

L.19950

Do

Pana Józefa EJDELSZTEJNA, Icka Mojżesza SZKIARA, Nuchima CIJERA, Szlomy POLEWSKIEGO Josia Hersza Perluka, Chaima Kaca i Arona AWWERLICHA kierowników Filji "Palestyńskiego Towarzystwa Emigracyjnego.

w Kołkach

Niniejszem zaświadczam że powstanie w m. Kołki Filji "Palestyńskiego Towarzystwa Emigracyjnego" przyjęto do wiadomości oraz że filja ta została wciągnięta pod Nr.33 do wykazu oddziałów Urzędów i Stowarzyszen, działających na terenie powiatu Łuckiego.-

STAROSTA

w z. [signature]

לעגאַליזאַציע־דאָקומענט פונעם פּאַלעסטינע־אַמט אין קאָלקי

קאַנט, אונטערן נאָמען: „געזעלשאַפט פאַר ארץ־ישראל עמיגראַ־ציע״. דאָס איז געלונגען אַדאַנק דער אינטענסיווער טעטיקייט פון עטלעכע אָנפירנדיקע חברים און אויך אַדאַנק דער גוטער פאַרבינדונג פון די חברים ח. ווייץ און א. בראָנבערג מיט די רעגירונגס־אַנשטאַלטן.

אינטערעסאַנט איז, אַז דער צענטראַלער פּאַלעסטינע־אַמט אין וואַרשע, איז נישט געווען לעגאַליזירט, נאָר טאָלערירט דורכן פּוילישן עמיגראַציע־אַמט ביים פּוילישן אינערן־מיניס־טעריום, וועלכעס האָט מיט אַ באַהאַלטענער צופרידנקייט צו־געזען, ווי מ׳פאַרווירקלעכט דעם „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני״!

האָט זיך געטראָפן איינמאָל, בעת׳ן אָנהייב פון דער עליה, און ס׳איז פּלוצעם אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז 50 קילאָמעטער פון דער גרענעץ מוזן אַלע עמיגראַציע־ביוראָס שליסן זייער טעטיקייט. האָט זיך דער צענטראַלער פּאַלעסטינע־אַמט פון וואַרשע באַנוצט מיט אונדזער לעגאַליזירטן סטאַטוט און מיר האָבן געעפנט אָפּטיילונגען אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון וואָלין: ראָוונע, קאָוועל, דובנע, לודמיר, קרעמעניץ, האַראַכאָוו א.א.וו. דאָס זענען אַלץ ערטער דווקא האַרט ביי דער פּויליש־רוסישער גרענעץ. דאָס איז געווען אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פון רוסלאַנד האָבן אָנגעהויבן אַריבערצוקו־מען, דורך זדאָלבונאָוו־שעפּעטאָווקע, גרעסערע גרופּעס יידישע פּליטים און יונגע חלוצים. אונדזער פּאַלעסטינע־אַמט האָט זיך פאַרנומען מיט זייער עליה.

אויף דעם געביט איז לויצק באמת געווען אַן אויסנאַם. בלויז אַדאַנק אונדזער שווערער מי, אייזערנעם ווילן און לאָגישע מאָטיוון איז אונדז געלונגען דורכצוברעכן די „געפּאַנצערטע ווענט״ פון די „פּאַרטיי־קלייזלעך״. און ס׳איז דאָך אַ באַוווּסטע זאַך, אַז גראַד די פּאַלעסטינע־אַמטן, וועלכע האָבן געוועלטיקט און געהערשט איבער דער פאַרטיילונג פון עליה־סערטיפיקאַטן פאַר ציוניסטן און סתם יידן — דווקא די דאָזיקע אַמטן זענען קיינמאָל נישט געווילט געוואָרן דורך קיין אָרטיקע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען, קאָמיטעטן א.א.וו., נאָר געווען נאָמינירט דורך

די פאַרטיי־קלייזלעך, לויטן פּאַרטיי־שליסל פון ציוניסטישן קאָנגרעס. צוליב דעם איז פאַרשטענדלעך, אַז אַלץ איז געלעגן אין די הענט פון דער אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט ווינציק־וואָס געזאָרגט פאַר דער אַלטער ציוניסטישער גוואַרדיע, אָדער


הועידה הראשונה
של המשרדים הא"י בואהלין

ציון

תעודת ציר

מר ... מעיר ...

החתימה

לוצק, חוה"מ סוכות תרפ"ה

סתם יידן און אין זיי פאַרגעסן בעת דער סערטיפיקאַטן־פאַר־טיילונג. נישט איינמאָל האָט דאָס אַרויסגערופן גרויס פאַרדרוס ביי די בעסטע ציוניסטישע חברים און פריינד.

אָבער אַדאַנק דער עקשנות און שטאַרקן ווילן פון אַ האַלבן מנין חברים, איז דאָס אייז געבראָכן געוואָרן און אין לוצק איז גערופן געוואָרן די איינציקע, אין פּוילן, ראַיאָן־קאָנפערענץ פון די פּאַלעסטינע־אַמטן פון גאַנץ וואָלין. דער אויסגעוויילטער ראַ־יאָן־קאָמיטעט האָט דערנאָך געהאַט אַ קאָלאָסאַלן איינפלוס אויף דער עליה־באַוועגונג פון וואָלין.

כדאי צו וואַרפן אַ בליק אויפן סדר־היום פון אָט דער ראַיאָן־קאָנפערענץ (לויט דער בייגעלייגטער „תעודת־ציר" של הועידה הראשונה של המשרדים הא"י בוואהלין), פון וועלכן מ'קאָן זיך איבערצייגן, אַז דאָ האָבן מיר שוין נישט צו טאָן מיטן אָנגענומענעם „שולחן־ערוך" פון באַקאַנטן פּאַרטיי־שליסל און פּוסטע דאָגמעס, נאָר אַלץ איז צוגעפּאַסט צו די לעבעדיקע אינטערעסן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

צו דער קאָנפערענץ איז געקומען פון וואַרשע דער אָנפירער פון צענטראַלן פּאַלעסטינע־אַמט, ד"ר פ. קאַרנגרין, איצט קרייז־ריכטער אין ישראל, און אויך דער גענעראַל־סעקרעטאַר חיים באַרלאַס, איינער פון די בעסטע און טיכטיקסטע טוער אויפן געביט פון עליה אין פּוילן. זיי האָבן אָנערקענט אונדזער שטאַנדפּונקט, אַז די עליה־פּראָבלעמען זענען אַ סך וויכטיקער ווי די טרוקענע פּאַרטיי־פּראָגראַמען.

די פּאַרביסענע פּאַרטיי־פּאַרזאָרגערס האָט דאָס אפשר אַ ביסל פאַרדראָסן, אָבער דערפאַר האָט די עליה פון אונדזער געגנט זייער פיל געוווּנען. סטאַטיסטיקער קאָנען מיט זיכערקייט פעסטשטעלן, אַז די צאָל עולים אויף 1 סערטיפיקאַט איז געווען אין לוצק צוויי מאָל גרעסער, ווי ערגעץ אַנדערש. אונדז איז אַ סך מאָל געלונגען איבערצוצייגן, אַז אַ האַראַפּאַשנער בעל־מלאכה (אַ סטאָליער־מוליער־פאַמיליע מיט 7—8 קינדער) איז פאַרן לאַנד נישט ווינציקער וויכטיק, ווי דער ניי־געבוירענער 6־וואָכעדיקער חלוץ, וואָס האָט באַקומען הכשרה אין קלאָסאָוו און אויף איין פוס אויסגעלערנט די פיזישע אַרבעט, צוזאַמען מיט דער גאַנצער ציוניסטישער תורה.

ווער ס'איז געווען גערעכט — זעט מען איצט. וויפיל נחת האָט מען, ווען מ'באַגעגנט איצט אין ישראל אָט די „קליינע קינדער", וועלכע זענען, מיט טאַטע־מאַמע, געפאָרן אויף 1 סערטיפיקאַט — ווי זיי שפּאַצירן שוין מיט גאַנץ־גרויסע פאַ־מיליעס, בלי עין־הרע!

נישט ווילנדיק גיט מען אַ טראַכט: ווען מען האָט אַמאָל געקאָנט איינפאַלן, אַז אַ סערטיפיקאַט איז אַ מין אַרויסגעצויגן „הישענה־רבה"־קוויטל פון רבונו־של־עולם אויף אריכת ימים?

## עולים־אידעאַליסטן

שוין אין יאָר 1920 האָבן זיך אָרגאַניזירט די ערשטע קבו־צות פאַר עליה קיין ארץ־ישראל. די בעסטע יוגנטלעכע אידע־אַליסטן מיט לייב און לעבן, מיידלעך מיט מאַטורע־אַטעסטאַטן פון קאָלינקעס גימנאַזיע (וואָס פלעגט דווקא אַדורכפירן די עקזאַמענס נאָר אין יום־כיפור) האָבן זיך צוזאַמענגערופירט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. מיט די יום־כיפורדיקע אַטעסטאַטן אין האַנט, אַ רוקזאַק אויף די פּלייצעס און אַ צייגעניש (זאַשוויאַד־טשעניע בלע"ז) פון דער יידישער קהילה, אונטערגעשריבן דורך אברהם לענדער און זיין סעקרעטאַר הערשל קרוינשטיין ז"ל, זענען זיי, למחרת יום־כיפור, צופוס אַוועק פון לוצק קיין לעמבערג. זיי האָבן פיל מאַנאַטן געוואַנדערט, ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. ערשט דאָ האָבן זיי זיך נישט געשעמט אין גאַר אַוועק אויף די שטעגן־וועגן און געאַרבעט ביים האַקן שטיינער און בויען שאָסייען אין ישראל. זיי האָבן עס מיט זייער שווייס און אויסדויער אויפגעבויט די כבישים, אויף וועלכע ס'גליטשן זיך איצט די שיינע „קאַדיללאַקס" מיט די קליינע מענטשעלעך און אַנדערע גרעסער־געוואָרענע מענטשן, וואָס האָבן שוין בכלל פאַרגעסן אין די עולים־אידעאַליסטן, די בויער און גרינדער פון דער „מדינה אונטערוועגס"...

דערמאָנט זיך מיר, אַז נישט איינמאָל פלעג איך אויסמיידן דורכצוגייען אין לוצק אויף יאַגעלאָנסקע־גאַס פאַרביי די גע־שעפטן פון לאַנגער, גלייזער, גערטנער א.א., וואָס האָבן אויף מיר „הייזעריק" געקוקט און שטילערהייט געמורמלט: אוודאי, ער גייט זיך דאָ אַרום שפּאַצירן, אָבער אונדזערע קינדער האָט ער, נעבעך, אַוועקגעשיקט אויף „קאַטאָרזשנער" אַרבעט — צו האַקן שטיינער אויף די שאָסייען!

אָט די עולים־אידעאַליסטן פון די ערשטע קבוצות טרעפט איר היינט, נאָך צענדליקער יאָרן, פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד: אַ טייל אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע קיבוצים דגניה, גניסר, יפעת און אין מושבים כפר־ויתקין, נהלל א.א. אַלע זענען זיי אויסגעהאַרעוועטע לאַנדווירטן, האָבן שוין עלטערע חתונה־געהאַטע קינדער מיט אייניקלעך. אַ טייל פון זיי פאַרנעמען אָנפירנדיקע אַמטן אין דער יידישע מדינה, אין פינאַנס־מיניסטעריום, אין לופט־פּאַרט אין לוד, אין די גרויסע ווירט־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אין עקספּאָרט־געזעלשאַפטן פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, אין דער סוכנות און אין אַנ־






דעלעגאַטן־קאַרטע מיטן טאָג־אָרדענונג צו דער אַכטער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין קיעווער קרייז

דערע וויכטיקע פּלעצער. מיט איין וואָרט: דער אידעאַליזם פון די לויצקער עולים האָט נישט אַנטוישט!

## דריי עליה־עפּיזאָדן

ביים דערליידיקן געוויינלעכע עליה־אַנגעלעגנהייטן, פלעגט מען זיך אָנטרעפן אויף שווערע פּראָבלעמען, וואָס פון זיי איז אָפטמאָל געוואָרן אָפּהענגיק דער גורל פון אַ גאַנצער פאַמיליע.

הגם מ'האָט דאָס אָנגערופן „עליה" — איז דאָך שטענדיק געשטאַנען פאַר די אויגן דאָס בילד פונעם אייביק פאַרוואָגלטן ייד מיטן וואַנדער־שטאָק אין דער האַנט — פון לאַנד צו לאַנד.

איך פלעג שטענדיק טענהן צו מיינע חברים, ביי אונדז און אין וואַרשע, אַז דערליידיקן אַזעלכע לעבנס־פראַגן קאָן בלויז דער, וואָס האָט אַ וואַרעם האַרץ פאַר די נויטן פונעם עולה.

פון די הונדערטער פאַלן אין מיין עליה־טעטיקייט זענען ביי מיר פאַרבליבן אין זכרון דריי אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן מיט לויצקער עולים.

אָט איז איין עפּיזאָד:

פאָרט אַ ייד, מיטן נאָמען אייזנבערג, קיין ארץ־ישראל. ער איז אַ חסידישער ייד און פאָרט מיט דער גאַנצער פאַמיליע. קוים מיט צרות האָבן מיר פאַר אים באַקומען אַ וויזע אַלס אַ „בעל־מלאכה מיט אַ קאַפּיטאַל פון 250 פונט שטערלינג". אין יענע צייטן איז געווען אַ קליינע צאָל אַזעלכע סערטיפיקאַטן.

נישט אַזוי לייכט איז דאָס אָנגעקומען. זיין פאַך איז געווען אַ קאָלדרע־מאַכער (וואַטענע און פוכענע קאָלדרעס). דער ענגלישער קאָנסול, מיט זיין גוישן קאָפּ, האָט געפרעגט אַ יידישע קשיה: צו וואָס דאַרף מען אין די ישראל־כאַמסינען וואַטענע קאָלדרעס? אָבער דאָך איז דער ייד איבערגעקומען דעם וויזע־גיהנום. אַלץ איז פאַרטיק: ער האָט שוין פאַרקויפט די קלייט, די סחורה, איינגעפּאַקט די פּעקלעך. אָבער פּלוצעם ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט צווישן זיין געזינדל צוויי טעכטער עלטער פון 18 יאָר און זיי קאָנען נישט פאָרן אויפן פאָטערס סערטיפיקאַט. ס'איז זיך נישט שווער פאָרצושטעלן די טראַגעדיע פון אַ רעליגיעזן פאָטער, וואָס שטייט פאַר אַ לאַגע איבערצולאָזן אין גלות צוויי יונגע מיידלעך.

בקיצור, מ'האָט זיך נישט געפוילט, אַוועקגעוואָרפן אייגענע געשעפטן, געפאָרן קיין וואַרשע צו די „יידישע גזלנים", דאָרט אויסגעזוכט אַ פּאַראַגראַף מיטן נאָמען „השלמת המשפחה", גערעדט, געפּאָדערט, אַפּעלירט צום „פּינטעלע ייד", איבער־

ציִיגט — און באַקומען נאָך 2 סערטיפיקאַטן פאַר די 2 טעכטער זיינע, און „היידא דאַ פּאַלעסטיני".

ווען איך האָב אים געבראַכט די גוטע בשורה פון וואַרשע, האָט דער ייד זיך צעשטראַלט און מיך געפרעגט מיט וואָס ער קאָן מיר אָפּדינען פאַר אַזאַ מצווה פון פּיקוח נפש? האָב איך אים געענטפערט: מיט אַ תפילה צום רבונו־של־עולם, אַז מיר זאָלן זוכה זיין זיך צו טרעפן אין ארץ־ישראל. דער ווונטש איז מקוים געוואָרן, און מעגלעך דערפאַר, ווייל די תפילה פונעם דאָזיקן יידן האָט פונקט געטראָפן, ווען די הימלען האָבן זיך געשפּאָלטן פאַרן כסא הכבוד...

וואָס שייך זיין פּרנסה אין ישראל, איז אין דער צווישנצייט די וועלט „קעלטער" געוואָרן, די מענטשן־הערצער — אַ ביסעלע „געפרוירן", און דאָס קאַלדרע־נייער־פאַך איז געוואָרן אַ „וואַרעמע" פּרנסה אויך אין ישראל און — ווי זאָגן די אַמעריקאַנער „אָלרייטניקעס" — מען מאַכט אַ לעבן...

זיכער איז אייך באַקאַנט ס'באַוווּסטע לידל: איז געקומען אַ חזנדל אויף שבת... רופט זיך אָפּ דאָס קאַוואַלטשיקל... און דאָס איז דער עליה־עפּיזאָד נומער 2.

איז געקומען אַ קאַוואַלטשיקל און וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל. באַקומען האָט ער אַ סערטיפיקאַט פון „החלוץ המזרחי", פאַר זיך מיט דער פאַמיליע. דער נאָמען זיינער: ראובן קליינער פון קראַסנע. קומט ער אַריין צו מיר און גיסט אויס זיין ביטער האַרץ: אַלץ שוין אויספאַרקויפט, אפילו די אַלטע בעבעכעס, קוים צוזאַמענגעקלאַפּט די עטלעכע גראָשן און אַוועקגעשיקט אין „החלוץ המזרחי" קיין וואַרשע אויף די רייזע־הוצאות און אויך אַ מין „קאַראַבקע־אַבצאַל" פאַרן געקויפטן ביי דער אָרגאַניזאַציע סערטיפיקאַט. „ועוד לא די להם". ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט לעצטנס באַקומען אַ נייעם געזאַלצענעם חשבון און אָנשטאָט די 700—800 זלאָטעס, וואָס ס'קאָסטן נאָרמאַל די הוצאות, פאָדערן די „פּאַרטיי־הענדלער" פון אים מער ווי דאָפּלט. אינטערעסאַנט איז, אַז דער חשבון מיט דער „לעצטער




אַ גרופּע לוצקער חלוצים אויפן קבר פון ט. הערצל

למזכרת נצח להועד הצעירי המזרחי בלוצק.
מקבוצה „ב".
על הקבר הזה נשבענו להיות בנים נאמנים לעמנו, לארצנו ולשפתנו, ולהגשים את רעיון מנהיגנו הגדול שהקריב את חייו בעד הרעיון הגדול הזה.

חברי קבוצה „ב"

8) נחמן פינק

אַ גרוס פון וועג

התראה" איז נישט געשיקט געוואָרן דירעקט צו ראובן קליינער נאָר אין סעקרעטאַריאַט פון לויצקער סניף פון הפועל־המזרחי מיט דער צושריפט: „מכתבנו זה צריך להשאר במזכירות הסניף ולמעונין — למסור רק את תוכנו" (דער בריוו דאַרף בלייבן אין סעקרעטאַריאַט און דעם אינטערעסאַנט דאַרף מען בלויז איבערגעבן זיין אינהאַלט").

ווי ס'ווייזט אויס האָבן די פּאַרטייען נאָך דעמאָלט מורא געהאַט פאַר דער עפנטלעכער מיינונג. כ'האָב דעם ייד אויסגעהערט און געענטפערט, אַז כ'מוז האָבן דעם אָריגינאַל פון בריוו. ענטפערט ער מיר, אַז ער געפינט זיך אין „הייליקן מזכירות" און ער איז ביי זיי ווי אַ חנוכה־ליכטל: נאָר צו זען און נישט צום נוצן... דאָך האָב איך אים איבערצייגט, אַז ער זאָל אַרויסבאַקומען דעם דאָזיקן בריוו כאָטש אויף עטלעכע מינוט.

ער האָט אים מיר געבראַכט און איך האָב אַראָפּגעכאַפּט אַ קאָפּיע. פּלוצעם הייבט אָן ראובן קליינער צו ציטערן ווי אַ פיש אין וואַסער: ער שרעקט זיך, אַז ס'זאָל, חלילה, פאַר אים נישט אַרויסקומען אַן אומגליק. איך טרייסט אים, אָבער ס'העלפט נישט. אין אַ שעה אַרום קומט ער צו מיר, דאָס מאָל — מיט דער פרוי, און ביידע בעטן זיך און וויינען און האַלטן אין איין רעדן, אַז זיי זענען פאַרפאַלן פון ביידע וועלטן. קיין סערטיפיקאַט וועט ער שוין נישט האָבן און דאָ האָבן זיי שוין אַלץ אויספאַרקויפט ואין מושיע... זיי בעטן, אַז כ'זאָל זיי אָפּגעבן די קאָפּיע פונעם בריוו.

כ'האָב זיי, ווי ווייט מעגלעך, באַרויקט, צוגעבנדיק: די קאָפּיע פונעם בריוו וועל איך זיי נישט צוריקגעבן, אָבער כ'פאַרזיכער זיי, אַז מיין נאָמען וועט נישט הייסן וואַקסמאַן אויב זיי וועלן נישט פאָרן קיין א"י און — אָן „קאָנטריבוציע".

ס'איז באמת געווען אַ רחמנות צוצוקוקן צו זייער עגמת־נפש. כ'בין, אָבער, געווען זיכער, אַז איך גיי אויפן ריכטיקן וועג... נאָך דעם זעלבן טאָג האָב איך די קאָפּיע, צוזאַמען מיט אַן „אולטימאַטום"־בריוו, אַוועקגעשיקט אין וואַרשעווער פּאַלעסטינע־אַמט, מיט אַ צושריפט: אויב ראובן קליינער מיט זיין פאַמיליע פון לויצק וועלן נישט פאָרן קיין ארץ־ישראל פאַרן נאָרמאַלן רייזע־אָפּצאָל, אָן שום „קאָנטריבוציע"־צוגאַבן פאַר די פּאַרטיי־באַזאָרגערס, דאַן זאָלט איר וויסן זיין, אַז איך, דער ציוניסט וואַקסמאַן, וועל דעם ענין מיטן מיאוסן האַנדל, וואָס ציוניסטישע פּאַרטייען פירן מיט סערטיפיקאַטן, פאַרעפנטלעכן אין דער פּרעסע, אָבער נישט אין ציוניסטישן „היינט", אָדער האַלב־ציוניסטישן „מאָמענט", נאָר דווקא אין דער בונדישער, אנטי־ציוניסטישער „פאָלקס־צייטונג", כדי די עפנטלעכקייט זאָל וויסן, וואָס ס'טוט זיך הינטער אונדזערע קוליסן...

דער „אולטימאַטום" האָט תיכף געווירקט און קליינער האָט טאַקע עולה געווען. איך טרעף אים, זייט לאַנגע יאָרן, אין תל־אביב, אויף חלוצים־גאַס, ביי זיין וואַרשטאַט. מיט אַ צופרי־דענעם שמייכל טראָגט ער מיר אַנטקעגן דעם „שלום".

דער דריטער עליה־עפּיזאָד איז שוין אַ ביסל אַ קאָמישער. אין אַ ווינטער־אָוונט רוקט זיך אַריין צו מיר אין שטוב עפּעס אַ מיסטעריעז באַשעפעניש: לאַנג, הויך, פאַרוויקלט פון קאָפּ ביז פוס מיט אַ גראָבער וואָלענער שאַל, אָדער קאָלדרע. פון אונטערן באַדעקעכץ זעט זיך אַרויס נאָר אַ פּאָר קלוגע אויגן. ער שטעקט מיר אַריין אַ געפרוירענע האַנט: „שלום־עליכם".

כ'פאַרבעט אים זיצן. ס'דויערט לאַנג מיז ס'שיילט זיך אויס — פריער אַ זיידענער קאַשקעט, דערנאָך אַ שטיקל פּנים מיט אַ לאַנגער גרויסער באָרד, אַ ביסל פאַרשנייט און מיט נאָכהענגענדיקע אייז־צעפּלעך, ביז, סוף כל סוף, ס'קומט אַרויס אַ קאַפּאָטע, אין וועלכער ס'איז איינגעוויקלט אַ דאַרע פיגור פון אַן אַלטן ייד.



די גרופּע „מסדה" אין טאָג פון רובינשטיינס אָפּפאָר קיין ישראל

„איך וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל" — זאָגט ער און זעצט זיך אַנידער. פרעג איך אים: „ווי הייסט איר, ר' ייד"? „טופּעליס — זאָגט ער — הייס איך"... „וויפיל איז אַלט אַ ייד"? „בערך 78 יאָר" — ענטפערט ער. „נו, האָט איר, מסתמא, באַקומען פון ארץ־ישראל, אַ „דרישה" פון אייערע קינדער אין ישראל"? זאָגט ער: „דווקא נישט פון די קינדער, נאָר פון מיין טאַטן!" קוקנדיק אויפן יידן האָב איך אָנגעהויבן צו צווייפלען צי מיר ביידע זענען דאָ נישט עובר־בטל.

נישט לאַנג האָט געדויערט און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ייד איז טאַקע געווען גערעכט. פון דער „פאַזוכע" האָט ער, מיט גרויסע שוועריקייטן, אַרויסגעצויגן אַ „דרישה" מיט אַ רויטן שטעמפּל, כדת וכדין, געשיקט פון זיין טאַטן מאיר טופּעליס פון תל־אביב, אַ ייד שוין אַריבער דער מאה (שפּעטער געשטאָרבן אין עלטער פון אַריבער 110 יאָר).

„נו, און דאָקומענטן אויף צו מאַכן אַן אויסלענדישן פּאַס, האָט איר"? ענטפערט ער: „האָבן, האָב איך גאָרנישט, נאָר איך קאָן זיך מאַכן אַ „פּראָפּוטשענע־מעטריקע" (דאָס הייסט, געפינען 2 עדות, וואָס זאָלן שווערן, אַז זיי געדענקען ווען ער איז געבוירן געוואָרן).

אַלזאָ, דאָס „קינד" איז אַוועקגעפאָרן קיין אָסאָווע (אַ קליין שטעטעלע, נישט ווייט פון לויצק), אַן אָרט ווי יידן זענען געווען געבענטשט מיט אריכת ימים, געפונען עטלעכע יידן קרוב צו דער מאה שנים, געגאַנגען צום סטאַראָסטע, געשוווירן כמו שנאמר, און דאָס „קינד" האָט געבראַכט די מעטריקע. מיר האָבן אים געמאַכט אַן אויסלענדישן פּאַס, די וויזע געשאַפן און אים געשיקט צום טאַטן קיין ארץ־ישראל...

אַט אַזוי האָט מען אין לויצק געפירט ציוניסטישע אַרבעט, געהאָלפן יעדן עולה, אויסגעמיטן „שנאת־חינם", נאָר פאַרקערט, געשאַפן פיל פריינד און רעספּעקט פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג, סיי ביי די, וואָס האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל און סיי ביי די, וואָס זענען נאָך דאָן געבליבן אין גלות. מיר האָבן געהאָלפן נישט איינציקע, נאָר הונדערטער משפחות.

מיט אַ שטיקל צייט צוריק האָב איך איבערגעגעבן אין „ארגון יוצאי לוצק" פאַרן אַרכיוו אַן אַלבום מיט הונדערטער פאָטאָגראַפיעס פון רעגיסטרירטע לויצקער עולים אין פּאַלעסטינע־אַמט. אַ טייל פון זיי האָט זוכה געווען צו קומען קיין ישראל. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט געוואָלט עולה זיין און, לײדער, נישט באַוויזן דעם ציל צו דעאַליזירן. איין גאָט ווייסט, אין וועלכע מאַטערנישן זיי זענען אומגעקומען.

✶

ביים מאַכן דעם סיכום פון צוויי און צוואַנציק־יעריקן ציוניסטישן עטאַפּ — 1917—1937 — אין לויצק, איז אַ חוב צו פאַרצייכענען די שטענדיק־וואַרעמע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע, די איבערגעגעבענע ציוניסטישע אַרבעט פון אַלע חברים, וואָס האָבן תמיד געזוכט דעם מסירות־נפש און דעם דרך הישר, כדי צו דערגרייכן דעם ציל: געאַרבעט אָן געלט און געהאַלט, איבערגעגעבן דער אידעע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער באַפרייונג.

פּאַלעסטינע־אַמט<br>אין לויצק

7.6.1921<br>נומער 195

## א דאנק־בריוו

די געערטע חברים פון לויצקער רעליעף<br>אין ניו־יאָרק!

טייערע ברידער!

דער גרויסער וועלט־קריג, וועלכער האָט רואינירט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון מזרח־אייראָפּע, האָט אויך אונדזער־אייער געבורטס־שטאָט נישט אויסגעמיטן און, ווי אייך איז שוין באַקאַנט, דורך דער פרעסע און אייערע געערטע דעלעגאַטן, איז די לאַגע פון די בעלי־מלאכה די גאַנצע צייט זייער אַ שלעכטע. איבערהויפּט איצט, צוליבן שטייגנדיקן יקרות אויף אַלע מאַטעריאַלן, איז די אַרבעטסלאָזיקייט זייער פאַרגרעסערט געוואָרן, און אַ גרויסער טייל בעלי־מלאכה זוכט אַן אָרט וווּהין צו עמיגרירן, בכדי צו קאָנען פאַרדינען און דערנערן זיך מיט זייערע פאַמיליעס.

די גרויסע נאַציאָנאַלע באַוועגונג צו בויען די יידישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל, וואָס האָט אויפגעוועקט די הערצער פון דער יידישער יוגנט אין פוילן, האָט אויך מיטגעריסן אין לויצק אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. האָבן זיך אויך, צווישן די ערשטע לויצקער יידישע חלוצים, געשיקטע דורכן לויצקער פּאַלעסטינע־אַמט, (בערך ביי אַ 100 מאַן), געפונען בעלי־מלאכה (פאַכלייט), וואָס זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל. פון די בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען פון ארץ־ישראל פון אָט די פאַכלייט צו זייערע קרובים, באַקאַנטע און פריינד, זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז זיי האָבן זיך דאָרט גוט איינגעאָרדנט. זיי האָבן גלייכצייטיק מודיע געווען, אַז אַרבעט פאַר פאַכלייט איז דאָ אַ סך. דאָס האָט באַוויגן פיל אַרבעטסלאָזע בעלי־מלאכה אין לויצק זיך צו ווענדן אין פּאַלעסטינע־אַמט מיט דער פאָדערונג זיי מיטצוהעלפן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, ווו זיי האָפן צו פאַרבעסערן זייער קריטישע עקאָנאָמישע לאַגע און אויך מיטהעלפן בויען דעם גרויסן יידישן בנין פון אַ יידישער היים אין ארץ־ישראל.

דער לויצקער פּאַלעסטינע־אַמט האָט אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כוחות און איינפלוסן צו שאַפן די נויטיקע סומע, בכדי צו דערמעגלעכן די אויבנדערמאָנטע פערזאָנען אין זייער רייזע, שטיצנדיק זיי מאָראַליש און מאַטעריעל.

צוליב דער אומגעהויער גרויסער צאָל מענטשן, וועלכע ווענדן זיך די לעצטע צייט אין לויצקער פּאַלעסטינע־אַמט (ביז איצט זענען שוין פאַררעגיסטרירט איבער 200 פאַמיליעס און חלוצים, פאַר וועלכע דער אַמט מאַכט די נויטיקע דאָקומענטן און רייזע־פּעסער), און צוליב דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן ס'גאַנצע רוסיש־אוקראַינישע יידנטום, פון וועלכן אַ טייל איז אויסגעשאָכטן געוואָרן און די רעשט איז אינגאַנצן עקאָנאָמיש רואינירט געוואָרן — וואָס דאָס האָט די שארית־הפליטה פאַרוואַנדלט אין איין גרויסער עמיגראַציע־מאַסע, וועלכע אַנטלויפט מיט די לעצטע כוחות, נאַקעט, הונגעריק און באָרוועס, פונעם אוקראַינישן גיהנום — איז אונדזער־אייער געבורטס־שטאָט לויצק, אַלס איינע פון די נאָענטסטע גרענעץ־שטעט אין די נייגעשאַפענע מלוכה־גרענעצן, געוואָרן איינע פון די עטאַפּ־פונקטן פאַר אונדזערע לויפנדיקע, אומגליקלעכע און פאַראָרעמטע ברידער פון אוקראַינע.

פאַר די אַלע, אויף וועמענס פלייצעס ס'האָט זיך אויסגעגאָסן די גאַנצע ביטערקייט פון די געשעענישן אין אוקראַינע און פון וועמענס טרערן ס'האָט זיך אָנגעפילט דער טרערן־כוס פאַרן כסא־הכבוד — איז געוואָרן קלאָר, אַז אַזוי ווייטער, ווי ביז איצט, קאָן דאָס יידישע פאָלק נישט בלייבן. ס'מוז פאַרענדיקן מיטן ביטערן עבר און שאַפן פאַר זיך און פאַרן פאָלק אַ גלענצנדיקן בליענדיקן עתיד אין היסטאָרישן לאַנד — ארץ־ישראל.

איז די לאַגע פון לויצקער פּאַלעסטינע־אַמט, צוליב די אויבנדערמאָנטע סיבות געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל. נאָר אַדאַנק דעם באַזוך פון אייער דעלעגאַט ה. יוליוס פאַפּיר און דער אויסגעטיילטער דורך אייך ברידערלעכער שטיצע אין דער גרויס פון אַ האַלבן מיליאָן מאַרק, איז די לאַגע צייטווייליק פאַרבעסערט געוואָרן.

אין נאָמען פון פיל אוקראַינער־חלוצים, וועלכע געפינען זיך שוין איצט אין לויצק, און אין נאָמען פון די לויצקער עולים, בעלי־מלאכה, פאַר וועלכע ס'איז דערמעגלעכט געוואָרן צוצוגרייטן די נאָענטסטע אָפּרייזע קיין ארץ־ישראל, בכדי דאָרט אויפצובויען אַ היים פאַר זיך און פאַרן יידישן פאָלק — דריקט דער פּאַלעסטינע־אַמט אויס זיין טיפסטן דאַנק און האַרציקסטע ברכות, אייך ברידער מעבר לים.

די מאַטעריעלע שטיצע, אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער אַרבעט, וואָס דערוואַרט אונדז, איז זייער אַ קליינע. מאָראַליש אָבער האָט זי פיל געווירקט און אונדז צוגעגעבן מוט אין דער גרויסער פאָלקס־אַרבעט. מיר זענען פול מיט האָפענונג, אַז אויף ווייטער וועט אייער שטיצע זיין אַ פיל גרעסערע, נעמענדיק אין אַכט, אַז דאָס וואָלט געווען די ריכטיקסטע פּראָדוקטיווע הילף, וועלכע איר וואָלט געקאָנט שאַפן פאַר אונדזערע אומגליקלעכע ברידער פון מזרח־אייראָפּע.

פאַרוואַלטונג: היושב ראש: **ח. ווייץ**<br>מזכיר: **א. וואקסמאן**<br>**א. צוקערמאן**<br>**א. גלייזער**

# אויפרוף אויפצושטעלן א פאראייניקטע ציוניסטישע ארגאניזאציע

חברים!

דאָס גרויסע גליק פאַרן יידישן פאָלק איז געקומען. ס׳האָט ענדלעך געקלונגען די גליקלעכע שעה און די לעצטע פעסטונג, וועלכע איז געווען באַלאַגערט פון אויסערלעכע שונאים און אינערלעכע אינטריגאַנטן, איז געפאַלן. ס׳האָבן זיך געעפנט די ברייטע טויערן, די פרייע פעלדער, וועלכע שטייען גרייט און בעטן: קומט און אַרבעט, קומט און שאַפט!! די גרויסע וואָקלדיקע שעת נעילה, וועלכע האָט פאַרשמאַכט אונדזער האַרץ און נשמה, האָט זיך, סוף כל סוף, געענדיקט מיטן שטענדיק־לעצטן און אָנגעשטרענגטן רוף: „לשנה הבאה בירושלים״! און אין איצטיקן ערנסטן מאָמענט, ווען אונדזערע הערצער האָבן זיך יום־כיפורדיק אָפּגערייניקט פון דער שמוציקער פאַרגאַנגענהייט, דאַרפן מיר צוריק דערפילן, מיט אונדזער אַמאָליקער ליבער קינדערישער נאַטור, און באַגרייפן ריין און הייליק דעם גרויסן אידעאַל און די מעכטיקע געטלעכע אַרבעט, וועלכע שטייט איצט פאָר פאַר אונדז. מיר מוזן אין זיך איינבילדן, אַז ארץ־ישראל דאַרף ווערן ביי יעדן אַ פאַקט פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן און, מיט האַרציקן אמת, באַנייען דעם אַלטן תקיעת כף:

„אם אשכחך ירושלים — תשכח ימיני״.

כדי דאָס צו פאַרווירקלעכן נישט בדיבורים, נאָר מיט מעשים, מוז קומען אַן אינערלעכע איבערגרופּירונג פון די אַקטיווע כוחות, וואָס זענען ריין פאַראינטערעסירט אין דער אַרבעט פאַר ארץ־ישראל. ווייל נאָר דורך אַ נייעם שטראָם אין וועג, נאָר דורך בייטן דעם ביז איצטיקן אומנאָרמאַלן פאַרגליווערטן סיסטעם פון דער אַרבעט, נאָר דורך צעוואַרפן די אַלטע חורבות און אויף זייער אָרט אויפשטעלן נייע, געזונטע, נוצלעכע און נאָרמאַלע בנינים, נאָר דורך דעם אַלעמען וועלן מיר דערגרייכן אונדזער ציל און שאַפן אַ נאָרמאַלן גאַנג אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג בכלל און אין דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעט בפרט.

און אָט וואָס מיר לייגן פאָר:

ס׳מוז געשאַפן ווערן אַ געזעלשאַפט (אָן אונטערשיד פון פאַרטיי, פראַקציע, אָדער פעדעראַציע), וואָס זאָל שטיין אויפן שטאַנדפונקט פון „אַרבעט פאַר ארץ־ישראל״ און אַוועקשטעלן די אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע אַרבעטן, פון פריער, אויפן א״י־געביט (ווי קרן היסוד, קרן קיימת, משרד א״י, קאָלאָניאַל־באַנק, החלוץ, בנק־הפועלים, חברת הכשרת הישוב א.א.וו.) אויף אַ געהעריקער הויך און אונטער אַ מאָראַליש פאַראַנטוואָרטלעכער און שטרענג־פאַרפליכטענדיקער, געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל. מ׳מוז אָנהויבן בויען פונעם יסוד און שאַפן אַ געזונטע און אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט. דאָס קאָן דערגרייכט ווערן דורכן שאַפן די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפט.

מיטן שטורמישן לאָזונג: „אַרבעטן פאַר ארץ־ישראל״ גייען מיר אין דער יידישער גאַס און וועקן די פאַרגליווערטע הערצער. יעדער איינער, וועלכער איז איינשטימיק מיטן דאָזיקן לאָזונג (אָן אונטערשיד פון פאַרטיי, פראַקציע, אָדער פעדעראַציע) קאָן ווערן אַ מיטגליד פון דער ניי־אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט.

מיר, אונטן אונטערגעשריבענע, חברים פון דער איניציאַטיוו־גרופּע, אַלט און יונג, קומען צו אייך איצט דאָס ערשטע מאָל צוזאַמען און זאָגן: פאַרשפּעטיקט נישט דעם גינסטיקן, איינמאָל־גליקלעכן מאָמענט, וואָס די היסטאָריע האָט מזכה געווען אונדזער גאולה־דור! די ערנסטע צייט שלעפּט אונדז צו גאָר ערנסטער אַרבעט און מיר ווילן און וועלן, דאַרפן און מוזן נאָכגיין!

געדענקט: „אייניקייט מאַכט שטאַרק!״

מיט אַכטונג און ציון־גרוס:

די איניציאַטיוו־גרופּע:

אורי גליקליך, ב. קולינער, ו. דימענט,
משה שיינער, ש. מילכיקער, ח. ווייץ,
קהת קערצמאַן, א. בראָנבערג, ב. גרו־
שעווסקי, מירמעלשטיין, ל. קרוינשטיין

פּ.ס.: מיר לייגן אייך דאָ פאָר אַ דעקלאַראַציע און בעטן זי אויספילן. ס׳וועלן אייך באַזוכן 2 חברים, ביי וועלכע איר וועט נאָך קאָנען באַקומען גענויערע אינפאָרמאַציעס.

לויצק, 1921

בנימין גרושבסקי / תל־אביב

# נסיון של אנשי לוצק לרכוש אדמה בא"י

בשנת תרפ"ד נתארגנה בלוצק קבוצה לקניית אדמה להת־ישבות בארץ. הקבוצה מנתה שלושים ושבעה חברים, נאסף סכום של אלף ומאתים לירות שטרלינג, נבחר ועד ואני נתמניתי בו כמזכיר. שניים מבין חברי הקבוצה (בנגר ואיינבינדר) נסעו לארץ־ישראל לרכוש את האדמה. הם התאחדו עם קבוצות אח־רות מביאליסטוק ומגרודנו וקנו יחד את כפר „מנשיה", ישוב בין חיפה לעכו — שטח של שלושה־עשר אלף דונאם במחיר שלוש לירות הדונאם. הם שילמו תשעת אלפים לירות על חשבון ואת היתרה היו צריכים לשלם בזמן קבלת הקושאן.

אולם נתגלגלו הדברים שקבוצות הקונים לא יכלו לעמוד בהתחייבויותיהן. באותו פרק זמן הכבידה ממשלת פולין, עם גראבסקי בראשה, את אכפה על היהודים, לחצה אותם מבחינה כלכלית וסחטה מהם מסים כבדים. מצד שני, נערמו קשיים אדמיניסטראטיביים רבים בביצוע המכירה. בעלי הקרקע לא יכלו להעביר את האדמה לקונים משום שהיתה שייכת קודם לממשלה התורכית; אחרי מלחמת העולם קיבלה הממשלה הברי־טית את הקרקע לידיה ומכרה אותה בהכרזה לקונסוליה הצרפ־תית ומחמת כל הסיבוכים האלה אי־אפשר היה לקבל קושאן וכל הכסף ששולם כדמי־קדימה ירד לטמיון. אמנם, הענין נמסר לעורך־הדין עליאש לטיפול, אולם הוא לא הצליח להחזיר את הכסף, אף קיבל חמש מאות לירות כשכר טרחה, ומכל הענין לא יצא כלום.

כך נסתיים נסיונם של בני לוצק לקנות קרקע בארץ...

1960

ש. שלייפשטיין

# די יידישע קהילה אין לויצק

לויט געוויסע היסטאָרישע קוועלן איז די יידישע קהילה אין לויצק אַנטשטאַנען אין 13־טן יאָרהונדערט. היות, אָבער, די רעכט פון די יידן זענען אין יענער תקופה געווען שטאַרק באַגרענעצט, איז נישט געווען קיין רייד וועגן אַ וועלכן ס'איז גיזעלשאַפטלעכן לעבן. די יידן זענען געווען געצוואונגען צו וווינען אין אַ נאָענטן דאָרף, וועלכער רופט זיך ביזן היינטיקן טאָג — „זשידיטשין". אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך די לאַגע פאַרבעסערט און די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אָרגאַניזירט אין אַ גזעצלעך אָנערקענטער קערפּערשאַפט — די קהילה. כלפּי חוץ און כלפּי פּנים איז די קהילה געווען די פאָרשטייערין פונעם אָרגאַני־זירטן יידישן לעבן. די גרויסע שול — וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרן אין 16־יאָרהונדערט, בעתן קעניגן פון זיגמונט דעם דריטן, איז איינער פון די היסטאָרישע באַווייזן פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג.

נאָכדעם ווי פּוילן האָט פאַרלוירן איר אומאָפּהענגיקייט און די רוסישע צאַרן האָבן געהערשט אין לויצק, זענען די יידן געווען באַרויבט פון אַלע רעכט. הס מלהזכיר ס'זאָל זיין עפּעס אַזוינס וואָס זאָל טראָגן דעם נאָמען „יידישע קהילה". די אינ־טערעסן פון דער יידישע באַפעלקערונג זענען אין די דאָזיקע צייטן רעפּרעזענטירט געוואָרן דורך „שתדלנים", וועלכע האָבן געהאַט באַציונגען אין די „הויכע פענצטער" און אין אַן עת צרה אַרויסגעהאָלפן. ס'זענען געווען אויך אַזעלכע וועלכע האָבן זייער צוטריט צו די דעמאָלטדיקע מאַכטהאָבער אויסגענוצט פאַר פּערזענלעכע נוצן און געוועלטיקט איבער דער יידישער באַפעלקערונג. אין זייערע הענט האָבן זיך געפונען די טאַקסעס און די אַנדערע קוועלן פון הכנסה, וועלכע זיי פלעגן האַלטן אין אַרענדע בשותפות מיט די אָרטיקע רוסישע „טשינאָווני־קעס". די אַזוי גערופענע קאָראָבקע, וועלכע איז געווען באַ־שטימט צו דעקן די הצטרכותן פון דער יידישער קהילה, האָט געשעפּט אירע הכנסות פון די בעלי־טאַקסע. פון די געלטער איז אויך געלונגען צו שאַפן עפּעס אַ דבר של קיימא, ווי למשל, די געביידע פון דער יידישער קהילה, אין שכנות מיטן אַלטן בית הקברות. דער דאָזיקער בנין איז פריער געווען באַשטימט פאַר אַ פאַכשול פאַר יידישע קינדער.

### די געשיכטע פון קהילה־בנין

געוועזן איז עס אין 1912. קיין אָנערקענטע יידישע רעפּרע־זענטאַנץ האָט דאַן, אמת, נישט עקזיסטירט. ס'זענען געווען

געציילטע יידן, איבערגעגעבענע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען די דאָזיקע געביידע אויפבויען. איינער פון זיי איז געווען ר׳ אברהם גליקליך. מיט עקשנות איז ער צוגעטרעטן צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן פּלאַן, האָבנדיק פאַר זיך אַ דאָפּלטע אויפגאַבע: צו בויען אַ פאַכשול פאַר יידישע קינדער כדי צו פאַרבויען, פאַר די „קאַראַבקע״־געלטער, כאָטש אַ טייל פון דעם בית־עלמין.

נישט גרינג איז דאָס אָנגעקומען. ס׳איז אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף אין דרויסן און אויך אינווייניק. די צאַרישע מאַכט האָט מורא געהאַט פאַר יעדן שריט, וואָס האָט געקאָנט דערנענטערן דאָס לאַנד צום אייראָפּעיִשן מערב, און זי האָט זיך דערפאַר נישט געאיילט אַרויסצוגעבן די „ראַזרעשעניע״. אויך פון אינווייניק האָט מען זיך קעגנגעשטעלט. די אָרטאָדאָקסיע האָט נישט מסכים געווען, אַז דאָס געלט זאָל גיין אויף בויען אַ מאָדערנע וועלטלעכע שול, און דער עיקר זענען זיי געווען קעגן דעם בויען אויפן שטח פון אַלטן בית עולם. ווען מ׳האָט בעתן גראָבן די פונדאַמענטן זיך אָנגעשטויסן אויף מענטשלעכע ביינער, האָט זיך אויפגעהויבן אַ שרעקלעכער ויצעקו, מ׳האָט גוזר תענית געווען און געריסן קברים. די טוער האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעשראָקן און האָבן די אַרבעט פאָרגעזעצט — און ס׳איז אַנטשטאַנען דער באַקאַנטער קהילה־בנין, אַ שיינער מאָנומענט פון די שלעכטע צייטן.

ס׳איז אָבער אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און אַלץ איז צעשטערט געוואָרן. די שול האָט אפילו נישט באַוויזן אַרויסצוגעבן די ערשטע מייסטערס. בכלל האָט זיך דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן ווי אָפּגעשטעלט.

## די ערשטע דעמאָקראַטישע וואַלן

נאָכן צעפאַלן זיך פון צאַרישן רוסלאַנד איז לויצק געוואָרן צייטווייליק אַ באַשטאַנדטייל פון דער אוקראַינישער זעלבסטשטענדיקער מדינה. אויפן סמך פון אַ געזעץ פון דעם „צענטראַלן ראַט פון דער אוקראַינישער רעגירונג״ זענען אין יוני 1918 פאָרגעקומען די ערשטע דעמאָקראַטישע, פינפאַכיקע, וואַלן צו דער יידישער קהילה אין לויצק. דאָס זענען געווען וואַלן „מיט אַלע פּיטשעוויקעס״. די יידישע באַפעלקערונג איז באַהערשט געוואָרן פון די דעמאָלטדיקע דעמאָקראַטישע שטימונגען און מאַסנווייז געגאַנגען צו די וואַלן. צווישן אַנדערע באַשטעטיקט דאָס דאָזיקע דער פאָלגנדיקער עפּיזאָד:

צווישן דער גרויסער צאָל ליסטעס, וועלכע איז דאַן אַרויסגעשטעלט געוואָרן איז אויך געווען אַ ליסטע פון האַנטווערקער. אויף דער דאָזיקער ליסטע איז געפאַלן אַזוי פיל שטימען, אַז עס האָבן אויסגעפעלט קאַנדידאַטן.

די דעמאָקראַטיש געוויילטע קהילה האָט אָבער נישט באַוויזן אויפצוטאָן עפּעס וואָס. די פאַראָרדענונג פון די וואַלן איז נישט געווען קיין פולקאָמע און די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט נישט געוווסט, וואָס זענען אירע קאָמפּעטענצן. דעריבער האָט די פאַרוואַלטונג געזען אַ נויטווענדיקייט אויסצואַרבעטן קודם כל אַ רעגולאַמין און אַ פּראָגראַם. מ׳האָט זיך אָבער אַזוי לאַנג געפּאָרעט ביים פּראָגראַם ביז... ס׳איז פאָרגעקומען אַ נייע איבערקערעניש און די רעכטן פון די קהילות זענען באַגרענעצט געוואָרן. די ערשטע קהילה־פאַרוואַלטונג האָט זיך דאַך באַוויזן צו קאָנסטיטואירן. אַלס פּרעזעס פון ראַט איז אויסגעוויילט געוואָרן ד״ר פּעמאַוו און אַלס פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג — ר׳ אברהם לענדער. די זיצונגען זענען געפירט געוואָרן עכט דעמאָקראַטיש און אין דער יידישער שפּראַך.

יידיש איז דאַן אַריין אין דער מאָדע און ווער ס׳האָט נישט אַזוי גוט געקענט די שפּראַך האָט פּשוט פאַריידישט רוסישע אויסדרוקן. מען דערציילט טאַקע, אַז איינמאָל ווען ס׳זענען געקומען ווייניק מענטשן צו אַ קהילה־זיצונג, האָט דער פאָרזיצער זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמלטע מיט אַזאַ „יידיש״: „גאַספּאַדאַ טאַק קאַק די באַלשענסטוואָ פון די גלאַסנעס אָטסוטסוויעט, אַביאַווע איך די זאַסיעדאַניע פאַר זאַקריטע״.

בעת דער קאַדענץ פון דער זעלבער קהילה־פאַרוואַלטונג איז פאָרגעקומען אויך פאָלגנדיקער קוריאָז: איינמאָל, ווען די שטאָט איז געבליבן אָן אַ טאַטן, האָט זיך באַוויזן אַ געוויסער פאַלקאָוויק וועלכער האָט זיך דערקלערט אַלס „קאָמענדאַנט גאָראָדאַ״. דער דאָזיקער פּאַרשוין, אַ שטאַרק געלט־גייציקער נפש, האָט געמאָלדן דער האַלב־אָפיציעלער קהילה, אַז ער פאָדערט אַ גרעסערע סומע געלט און דערפאַר וועט ער באַוואָפענען אַ געוויסע צאָל יידן צו האַלטן אָרדענונג און אָפּהיטן די יידישע שטאָט.

מילא, געלט געבן מוז מען, ווען דער קאָמענדאַנט פאָדערט, אָבער די „מתנה״ האָט ביי די לויצקער יידן אַרויסגערופן אַ שטאַרקע דיסקוסיע: יאָ אָדער נישט נעמען זי. דער סוף איז געווען, אַז מנצח געווען האָבן די „יאָ־זאָגער״. דער קאָמענדאַנט האָט געהאַלטן וואָרט און אַרויפגעשיקט אין קהילה 60 ביקסן, מיט וועלכע דער עולם האָט זיך באַצירט און געוואַגט אפילו אַרויסצוגיין אויפן באַלקאָן.

אין דער זעלבער צייט זענען „צופעליק״ דורכגעפאָרן עטלעכע קאָזאַקן און באַמערקנדיק די „באַוואָפנטע״ זענען זיי אַריין אין דער קהילה, און נישט פרעגנדיק וואָס און ווען, אָנגעהויבן צו שלאָגן די „באַוואָפנטע״ מיט די קאָלבעס. די ביקסן האָבן זיי צוגענומען. געשמועסט האָט מען שפּעטער, אַז דאָס האָט דער זעלבער קאָמענדאַנט אונטערגעשיקט די קאָזאַקן.

אין 1919, ווען קיין לויצק איז אַריין די פּוילישע מאַכט, האָט זי נישט אָנערקענט די געוויילטע קהילה־פאַרוואַלטונג. דאַקעגן האָבן די דעמאָלטדיקע אַמעריקאַנער הילפס־אָרגאַניזאַציעס יאָ אָנערקענט די דאָזיקע קערפּערשאַפט און דורך איר געטיילט הילף און אויסגעפילט אַנדערע שליחותן.

נאָכן טויט פון א. לענדער (1921) האָט זיין אָרט פאַרנומען חייקל ווייץ. אַדאַנק דעם וואָס ה. ווייץ האָט אין יענער צייט שוין גוט געקענט די פּוילישע שפּראַך, איז ער געוואָרן דער שתדלן פון דער קהילה און ער איז אַרויסגעטרעטן ווי דער אָפיציעלער פאַרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג לגבי דער פּוילישער מאַכט, וועלכע האָט, ווי געזאָגט, נישט אָנערקענט אָפיציעל די קהילה.

## דער סטאַראַסטעס פאַראָרדנט וואַלן

ערשט אין אָנהייב 1927 קומט אָן אין דער קהילה אַ בריוו פון לויצקער סטאַראָסטע, אַז דער קהילה־קאָמיטעט ווערט אויפגעלייזט. דער פאַרשטייער פון דער פּוילישער מאַכט באַשטימט

אַ נייע צייטווייליקע פאַרוואַלטונג מיט דעם ראַבינער ר׳ משה גליקליך בראש. גלייכצייטיק פאַראָרדנט דער סטאַראָסטע, אַז אין יוני 1928 דאַרפן פאָרקומען קהילה־וואַלן. אַלס פאָרזיצער פון דער וואַל־קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן באָריס רשבא.

אין רעזולטאַט פון די וואַלן (אויגוסט 1928) זענען אין ראַט פון דער קהילה אויסגעוויילט געוואָרן: קלמן פרישבערג — פאָרזיצער פון ראַט, יוסף זשיטין, י. באַרזאַך, משה בליאַק, פ. ברייער, מ. ליבובער, דוד לענדער, ש. סילקיס, ש. פאָלישוק, מ. קאָזיאָל, א. קלימבורד, א. י. שאַפּירא, ש. שניידער און מ. וואַקסמאַן.


באָריס רשבא

דער ראַט האָט אויסגעוויילט אַ פאַרוואַלטונג פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: לאַזאַר דאַל — פאָרזיצער, אַדוואָקאַט י. באַקשט — פאַרטרעטער, יח. איינבינדער, ב. בויאַנער, משה גליקליך, ז. צוקערניק, י. דאוו, א. פלאַך, אשר שאַפּיראָ און משה שניצער.

ביידע קערפערשאַפטן האָבן לכתחילה זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו אַרבעטן געמיינזאַם און רעפאָרמירן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אויף מאָדערנע יסודות. געהאַט האָבן זיי פאַר זיך אַ סך אויפגאַבן. מען האָט זיך אָבער אָנגעשלאָגן אויף אָן אַ שיעור שוועריקייטן פון פאָרמעלער נאַטור און די לאָקאַלע פאַרהעלטענישן האָבן געשטערט אין דער אַרבעט *).

די אַרבעט פון דער נייער פאַרוואַלטונג האָט געהאַט נישט בלויז ליכט, נאָר אויך שאָטן. די קהילה־געביידע איז בעת דער קאַדענץ פון ח. ווייץ באַזעצט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע מיט אירע אָפּצווייגונגען. אַ געוויסע צאָל צימערן האָבן פאַרנומען „בית־לחם", די האַנטווערקער, דאָס יתומים־הויז, אַ קינדער־גאָרטן און אויך די „תרבות־שול". די נייע קהילה־פאַרוואַלטונג האָט גענומען מאַכן אָרדענונג און אָנגעהויבן באַפרייען דעם לאָקאַל. אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען עקסמיטירט געוואָרן די ציוניסטישע ביבליאָטעק און דער פאַלעסטינע־אַמט. דער דאָזיקער פאַל האָט פאַרשאַרפט אויף אַ געוויסער צייט די באַציונגען צווישן די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דער פאַל מיט דער פוילישער מאַכט, וועלכע האָט זיך פאַרמאָסטן צוצונעמען די געביידע פון דער קהילה, ווייל עס זענען נישט געווען קיין היפּאָטעקאַרע באַווייזן. דאָס איז איר אָבער נישט געלונגען.

גאָר באַזאָרגט איז די קהילה־פאַרוואַלטונג געווען צוליב דער פינאַנסיעלער סיטואַציע. דאָס געזעץ האָט נישט געגעבן דער קהילה קיין מעגלעכקייט פון פאַרזיכערן הכנסות, און במילא האָט די קהילה נישט געקאָנט פונאַנדערוויקלען קיין ברייטערע טעטיקייט. האָבנדיק פון דער מאַכט הבטחות, אַז דער ענין וועט בקרוב דערליידיקט ווערן, האָט דערווייל די קהילה געמאַכט חובות, ביז ס׳איז געפונען געוואָרן אַ לייזונג — עטאַט. ס׳איז דאַן אָנגענומען געוואָרן אַ בודזשעט אין דער הויך פון 231 טויזנט זלאָטעס אויף אַן הכנסה פון עטאַט — 100 טויזנט זלאָטעס. צווישן אַנדערן האָט מען אין יענער צייט באַשלאָסן, אַז די קהילה זאָל איבערנעמען די שחיטה פון גסות און פון עופות. ס׳זענען באַשטימט געוואָרן גאָר הויכע פרייזן פאַר שעכטן: אַ עוף 30 גראָשן, אַ גאַנדז — 60 גראָשן און אַ אינדיק — 1 זלאָטע.

אין 1929 האָט מען אויך איבערגענומען פון ראַבינער גליקליך די מעטריקאַלע אָפּטיילונג, וועלכע האָט נאָך פון די צאַרישע צייטן זיך געפונען ביי אים אין די הענט.

אין דער זעלבער תקופה איז פאָרגעקומען אַ קאַמף וועגן אויסוויילן אַ קהילה־רב. צווישן אַנדערע האָט אויף דעם דאָזיקן פאָסטן קאַנדידאַט משה גליקליך. עס זענען אויך געווען קאַנדידאַטן פון אַנדערע שטעט און עס איז אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאַג פון הרב זלמן סאָראָטשקין, וועלכער איז געזעסן אויף דער לויצקער כסא הרבנות ביזן אויסברוך פון קריג.

ס׳איז ווערט צו דערמאָנען אַ פאַקט, וואָס האָט זיך געטראָפן

*) ש. שלייפשטיין מאַכט דאָ אַ רמז, אַז שוין נאָך דעם ווי די פוילישע מאַכט האָט אַרויסגעטריבן פון דער קהילה די ציוניסטן און זי באַזעצט מיט נישט־ציוניסטישע עלעמענטן, האָט זי ווייטער געמאַכט דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג שוועריקייטן אין איר ווילטעטיקער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — די רעדאַקציע.

# מעלדונג.

דערמיט דערמאנען מיר, אז **מאנטאג, דעם 20־טן יוני** (ב״פ״בהעלותך) ה. י. ענדיקט זיך דער טערמין פון **איינצאלן די 50 פראצ. פון עטאט**, כדי צו קאנען געניסן פון דער הנחה, אז דער רעשט זאל פונאנדערגעלעגט ווערן אויף ראטעס.

דערמאנענדיק וועגן דעם, רופן מיר די עטאט צאלער **איינצאלן ביז מאנטאג דעם 20 יוני 50 פראצ. פון זייער עטאט**, כדי זיך איינשפארן איבריקע קאסטן (פראצענט און עקזעקוציע קאסטן).

**די קהלה־קאסע איז אפן יעדן טאג פון 9 ביז 2**

לוצק, 15 יוני 1932 י.

פארוואלטונג פון דער
לוצקער יידישער קהלה.

# Ogłoszenie.

**Zarząd Gminy Wyznaniowej Żydowskiej w Łucku przypomina niniejszem, że w poniedziałek dnia 20 czerwca upływa termin wpłacenia 50% składki gminnej i skorzystania z ulgi rozłożenia na raty reszty należności.**

**Przypominając o tem członkom gminy, Zarząd wzywa płatników DO UISZCZENIA POŁOWY NALEŻNYCH SKŁADEK i tem zaoszczędzić sobie zbyteczne koszta (kara za zwłokę i koszta egzekucji).**

**Kasa gminy jest czynna od 9-ej do 2 p.p.**

Łuck, dnia 15 VI 1932 r.

Zarząd Gminy Wyznaniowej
Żydowskiej w Łucku.

Drukarnia przy czas. „Wołyner Presse" w Łucku

אין יענער צייט: אַ געוויסער דייטש, אַ הויזבאַזיצער, האָט אין זיין צוואה איבערגעלאָזט 1,500 זלאָטעס פאַר אָרעמע יידישע קינדער. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט געווידמעט עטלעכע זיצונגען דער פראַגע פון פאַראייביקן דעם נאָמען פון דייטשן נדבן.

✶

די קהילה־פאַרוואַלטונג איז געווען די פאָרשטייערין פון דער יידישער באַפעלקערונג. בעת דער דיכטער און ציוניסטישער פירער לייב יפה האָט אין אָנהייב 1929 באַזוכט לויצק, האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג און דער ראַט אָנטיילגענומען אינעם גראַנדיעזן קבלת פנים, וואָס די באַפעלקערונג האָט לכבוד אים איינגעאָרדנט. יפה איז געקומען צו אַ ספּעציעלער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג און קלמן פרישבערג האָט אים באַגריסט. אין דער זעלבער צייט איז איינגעאָרנט געוואָרן אַ קבלת פנים דעם רב ז. סאָראָטשקין צו זיין אָנקומען.

דעם זעלבן ווינטער האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג דורכגעפירט אַ האָלץ־און מצות־אַקציע פאַר אָרעמעלייט און נסתרים. אין זומער 1929, אב תרפ״ט, ווען די יידישע עפענטלעכקייט פון דער גאָרער וועלט איז אויפגעציטערט געוואָרן צוליב די געשעענישן אין ארץ־ישראל, האָט אויך די לויצקער קהילה געלאָזט הערן איר שאַרף וואָרט. אויף אַ זיצונג פון ראַט און פאַרוואַלטונג, געווידמעט דעם אָנדענק פון די קדושים פון די דערמאָנטע געשעענישן, האָט זיך דערהערט דער שאַרפער פּראָטעסט פון דער לויצקער קהילה און די רעזאָלוציע, וועלכע איז אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך ק. פרישבערג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

אָט איז דער טעקסט פון דער רעזאָלוציע:

„די זיצונג פון ראַט און פאַרוואַלטונג פון דער לויצקער יידישער קהילה, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 27 אויגוסט 1929, דריקט אויס איר טיפן טרויער און עמפּערונג צו די לעצטע געשעענישן אין ארץ־ישראל, ווו עס ווערט פאַרגאָסן יידיש בלוט פון אונדזערע ברידער און קינדער. די לויצקער יידישע קהילה ווענדעט זיך צו דער וואַרשעווער קהילה, אַלס צו דער פאָרשטייערין פון דעם גרעסטן יידישן קיבוץ אין פּוילן, אַז זי זאָל זיך באַמיען ביי דער פּוילישער רעגירונג, דאָס די לעצטע זאָל אָננעמען שריט ביי דער פעלקער־ליגע, דער פּאַלעסטינער מאַנדאַט זאָל ווי געהעריק אָפּגעהיט ווערן. מיר בייגן די קעפּ פאַר אונדזערע ברידער, וועלכע האָבן מוטיק פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד אין דעם היסטאָרישן מאָמענט.״

ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון די געשעענישן. שפּעטער, ווען אין וואַרשע איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע קהילות, כדי צו פּראָטעסטירן קעגן דער ענגלישער רעגירונג, קעגן צולאָזן צו דעם פּאָגראָם אין א״י, קעגן שליסן די טויערן פון לאַנד פאַר די יידישע אימיגראַנטן — האָט אויך די לויצקער קהילה דעלעגירט איר פאָרשטייער — צוקערניק.

די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אויך געהאַט אויסצושטיין אַ קאַמף מיטן מאַגיסטראַט, וואָס האָט פאַרנומען אַ שטיק ערד פון בית עלמין אויף באָלעסלאַווא כראָברעגאָ־גאַס, כדי דורכצופירן דעם שוץ־וואַל קעגן די פאַרפלייצונגען. דער מאַגיסטראַט האָט פאַרנומען 1400 קוואַדראַט מעטער. דער דאָזיקער פאַקט האָט אַרויסגערופן בייז בלוט אין די באַציונגען צווישן דער קהילה און דעם מאַגיסטראַט. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָט דער מאַגיסטראַט צוגעזאָגט אָפּצוגעבן דער קהילה אַזאַ זעלבן שטח פון די אויסגעטריקנטע לאָנקעס. דער צוזאָג איז אָבער קיינמאָל נישט מקוים געוואָרן.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז די קהילה־פאַרוואַלטונג געווען באַזונדער פאַרנומען מיטן לייזן די פינאַנסיעלע פּראָבלעמען. אין 1932 איז ענדלעך דערלויבט געוואָרן דער קהילה צונויפשטעלן אַ רעאַלן בודזשעט. די פאַרוואַלטונג האָט אויסגעמאָסטן עטאַט אין דער הויך פון 100,000 זלאָטעס, בעת די הוצאות האָבן באַטראָפן העכער 208,000 זלאָטעס. דער ראַט איז אַרויסגעטראָטן קעגן אַזאַ הויכן עטאַט אָנווייזנדיק אויף דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע איז אַזוי אויך באַלאַסטעט מיט גרויסע שטייערן. די שטעלונג פון ראַט האָט אַרויסגערופן פאַרדרוס ביי אַ טייל מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע האָבן פאָרגעוואָרפן דעם ראַט פּאָליטיק אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאָרשטייענדיקע נייע וואַלן. דער קאַמף האָט זיך פאַרשאַרפט און אָנגעמאַכט אַ פּירוד צווישן גאַנץ נאָענטע פריינד. געזיגט האָט דער ראַט. דער בודזשעט איז פאַרקלענערט געוואָרן ביז 168 טויזנט זלאָטעס און די הכנסות פון עטאַט זענען פאַרקלענערט געוואָרן ביז 50 טויזנט זלאָטעס. אַן ענלעכער קאַמף האָט זיך איבערגעחזרט אין יאָר 1933, אָבער דאַן איז דער ראַט און די פאַרוואַלטונג אויפגעלייזט געוואָרן.

✶

דעם 4 אַפּריל 1933 זענען פאָרגעקומען וואַלן צו דער צווייטער קאַדענץ פון ראַט און פאַרוואַלטונג. די דאָזיקע וואַלן זענען אָבער נישט געקרוינט געוואָרן מיט קיין הצלחה. די אומצופרידנקייט מיטן אויסגאַנג פון די וואַלן איז געווען אַ גרויסע און ס'האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ שאָט געטאָן פּראָטעסטן צו דער אויפזיכטס־מאַכט. דער ראַט האָט אָבער דערווייל געטאָן זיינס: זיך פאַרזאַמלט און אויסגעקליבן כדת וכדין אַ פאַרוואַלטונג און די לעצטע האָט זיך פאַרזאַמלט און זיך אָנגעהויבן צו קאָנסטיטואירן. ס'איז אָבער געקומען צו גרויסע מיינונגס־פאַרשידנהייטן און אַלס פשרה איז אויסגעקליבן געוואָרן הרב ז. סאָראָטשקין אַלס פאָרזיצער, און לייזער בערגער — אַלס זיין פאַרטרעטער. די אויפזיכטס־מאַכט האָט אָבער צוליב פאָרמעלע טעמים די וואַלן נישט באַשטעטיקט און פאַראָרדנט נייע וואַלן פון פרעזעס און וויצע. דאַן איז אויסגעוויילט געוואָרן לייזער בערגער אַלס פאָרזיצער און משה גראַפמאַן אַלס פאַרטרעטער.

די פאַרוואַלטונג האָט אָבער נאָך נישט באַוויזן עפּעס צו טאָן, ווי אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון דער וואָיעוואָדשאַפט, דאַטירט פון 2־טן מערץ 1934, אַז די קהילה־וואַלן זענען נישט פאָרגעקומען אין אָרדענונג און זיי ווערן געפּסלט. די מאַכט האָט גלייכצייטיק באַשטימט אַ צייטווייליקע קהילה־פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: קלמן פרישבערג אַלס פאָרזיצער, אליעזר בערגער אַלס וויצע, און מיטגלידער: א.י. שאַפּיראָ, וו. שניידער, מ. גראַפמאַן, י. זשיטין, ד. לענדער, יחיאל איינבינדער, ז. צוקערניק און י.ח. קרישטאַלקאָ. אַלס פאַרטרעטער — מ. וואַקסמאַן, ש. עלבירט, א. כיזש, ב. לופּין און מ. מאַנדעלבוים. די פאַראָרדענונג האָט נישט אַלעמען צופרידנגעשטעלט. די געווײלטע פאַרוואַלטונג האָט אָנגעגעבן אַן אַפּעלאַציע אין אינערן־מיניסטעריום, און אויך די וועלכע

האָבן פריער זיך געווענדעט וועגן אַנולירן די וואַלן, זענען אויך געבליבן אומצופרידן מיטן נאָמינירטן צוזאַמענשטעל. באַזונדערס איז געבליבן נישט צופרידן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און די „התאחדות", וועלכע האָט אויפגעפאָדערט אירע מיטגלידער נישט אָנצונעמען קיין מאַנדאַט דורך אַ נאָמינאַציע.

די נאָמינירטע פאַרוואַלטונג איז אָבער צוגעטראָטן דעם 22 מערץ 1934 צו דער אַרבעט. ראשית כל האָט מען זיך גענומען צו סאַנירן די פינאַנסיעלע לאַגע. ס'איז נישט געווען פון די גרינגע זאַכן. די נאָרמאַלע אויסגאַבן האָט מען נישט געקאָנט קירצן און די חובות האָבן נישט געלאָזט פריי אָטעמען. חדשים לאַנג האָט מען די באַאַמטע נישט געצאָלט. היות די געהאַלטן זענען נישט געווען קיין קליינע, האָט דער חוב דערגרייכט אין די טויזנטער. אויסער דעם איז מען געווען שולדיק דער קראַנקן־קאַסע און דעם שטייערן־אַמט. צוזאַמען האָט דער חוב דערגרייכט די קאָלאָסאַלע ציפער פון 20 טויזנט זלאָטעס. דערצו איז דאָס געווען פאַר פסח און מ'האָט געמוזט עפּעס טאָן. מען איז קודם כל צוגעטראָטן צו באַאַרבעטן דעם בודזשעט אויפן יאָר 1934. זייער פאָרזיכטיק איז דאָס געמאַכט געוואָרן. מ'האָט געמוזט זיך רעכענען מיט דער אַלגעמיינער יידישע לאַגע און מיט אַלץ, פאַר וואָס אַ יידישע פאָרשטייערשאַפט דאַרף זיין פאַראַנטוואָרטלעך.

קודם כל האָט מען אַדורכגעפירט אַ רעדוקציע פון די געהאַלטן. דאַן האָט מען געמאַכט אַ ריי קירצונגען אין אַנדערע פּאָזיציעס, וועלכע זענען געווען ווייניקער פילבאַר. דער בודזשעט האָט אַלזאָ אויסגעמאַכט 120 טויזנט זלאָטעס, מיט אַ פאָרויסגעזעענער הכנסה פון עטאַט נאָר אויף 40 טויזנט זלאָטעס. אין דעם יאָר איז געמאַכט געוואָרן אָנשטרענגונגען צו רעאַליזירן דעם בודזשעט נישט פאַרגרעסערנדיק דעם דעפיציט. אין דעם ווינטער פון 1934 האָט זיך די קהילה־פאַרוואַלטונג געווענדעט צו דער באַפעלקערונג זי זאָל אַנטיילנעמען אין דער האָלץ־אַקציע מיטן צוזאָג, אַז די געלטער וועלן פאַררעכנט ווערן אויף דעם עטאַט.

✶

אין אָנהייב 1935 האָט דער סטאַראָסטע דורכגעפירט אַ קאָנטראָל פון דער קהילה־טעטיקייט און האָט געפונען, אַז אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג. אין יענער צייט האָט זיך די סיטואַציע פון דער קהילה גענומען סטאַביליזירן. דאָס וואָס די קהילה האָט איבערגענומען די עופות־שחיטה האָט געגעבן אַ שטויס פאָרויס די איינקונפטן. אויך די הכנסות פון עטאַט האָבן אויסגעזען אין אָנהייב 1935 צו זיין באַפרידיקנדיק. אַרויסגעוויזן האָט זיך שפּעטער, אַז דאָס יאָר 1935 איז געווען אַ שווער יאָר. די קהילה האָט אין דעם יאָר געמוזט איבערנעמען דעם בודזשעט פון אַ געוויסע צאָל שולן און געמוזט אויסצאָלן 5,000 זלאָטעס אויף דעקן די דעפיציטן פון 11 שולן. דער בודזשעט אויף 1936 איז נאָך מער פאַרקלענערט געוואָרן און האָט באַטראָפן 108,750 זלאָטעס מיט 47 טויזנט זל. הכנסה פון עטאַט. צום ערשטן מאָל איז אין קהילה־בודזשעט באַשטימט געוואָרן אַ סומע פון 500 זל. אויף שטיצן עמיגראַנטן. די סומע איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן חלוצים, וואָס זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אין דער זעלבן יאָר האָט די קהילה אויסגעגעבן גרעסערע סומעס אויף רעמאָנטירן די גרויסע שול. דער רעמאָנט איז געמאַכט געוואָרן לויט די פאָדערונגען און אָנווייזונגען פון דער וואָיעוואָדשאַפט, וועלכע האָט אויך געגעבן אויף דעם צוועק אַ גרעסערע געלט־סומע.

דער פאַרוואַלטונג איז נישט באַשערט געווען קיין רויקע אַרבעט. אין סוף 1936 האָט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער אַרבעט פון דער קהילה געהאַט דער פּראָיעקט צו פאַרווערן די ריטועלע שחיטה. אמת, ס'איז נישט געווען קיין לאָקאַלע פראַגע, אָבער לויצק האָט געהאַט מיט דער פראַגע מער צו טאָן פון אַנדערע. ערשטנס, ווייל דאָרט איז געווען די וואָיעוואָדשאַפט, און פון אַרומיקע קהילות האָט מען זיך געווענדעט קיין לויצק, אַז מען זאָל דאָרט אינטערווענירן ביי דער מאַכט קעגן די אָרטיקע פוילישע באַאַמטע, וועלכע האָבן געפּרוּווט אין די פאַרוואָרפענע ווינקלעך פאַרכאַפּן באַצייטנס די מצווה. צווייטנס, איז דער לויצקער רב, ז. סאָראָטשקין געווען זייער אַקטיוו אינעם קאַמף קעגן דער גזירה און ער פלעגט אָפט פאָרן קיין וואַרשע.

אין אָנהייב 1937 איז די קהילה צוגעטראָטן בויען צוויי נייע שעכטהייזער פאַר עופות. אין דעם זעלבן יאָר האָט די מאַכט אויסגעאיבט אַ דרוק און די קהילה האָט געמוזט באַצאָלן די שטייערן־חובות. מען איז געווען געצווונגען צו מאַכן אַ צוגאָב־בודזשעט פון 12,000 זלאָטעס.

אין זעלבן יאָר האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג דורכגעפירט וואַלן צו אַ נייעם ראַט און פאַרוואַלטונג. די פאַראָרדענונג דורכצופירן וואַלן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין חודש יולי. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אָבער אָנגעוויזן אַז אין זומער זענען אַ גרעסערע צאָל וואַל־בארעכטיקטע אויסער דער שטאָט. דער סטאַראָסטע האָט אָנגענומען די דאָזיקע מאָטיוון און די וואַלן זענען אָפּגעלייגט געוואָרן ביז איבער די ימים נוראים.

ביים אָנהייב פון דער וואַל־קאָמפּאַניע האָבן איינִיקע געזעלשאַפטלעכע טוער זיך גענומען באַמיען צו שאַפן אַ בלאָק פון אַלע יידישע בירגערלעכע גרופּירונגען, אויסערן „בונד". דערווייל אָבער זענען אַריינגעפלאָסן 4 פאַרשידענע וואַל־ליסטעס. אין לעצטן מאָמענט האָט זיך אָבער געשאַפן אַ פאַראייניקטע ליסטע מיט די לייטער פון ביידע בלאָקן בראש: קלמן פרישבערג און דוד בערגער. ס'איז באַשטימט געוואָרן וועלכע מיטגלידער דאַרפן אַריין אין די ניי־געוויילטע קהילה־אָרגאַנען. די ליסטע איז טאַקע אַדורכגעגאַנגען, בפרט אַז די בונדישע ליסטע איז געפּסלט געוואָרן.

דער סוף איז אָבער געווען, אַז ס'זענען איינגעפלאָסן פּראָטעסטן קעגן אַזאַ אופן פון דורכפירן וואַלן. דער סטאַראָסטע האָט געפּסלט די קהילה־וואַלן און ווידער פאַראָרדנט נייע וואַלן.

סוף 1937 האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג באַשעפטיקט זעקס רבנים, בראש מיטן הרב הראשי ז. סאָראָטשקין, 18 שוחטים, 5 קברנים און נאָך 15 באַאַמטע. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אויסגעהאַלטן אויף איר בודזשעט דעם מושב זקנים, ווו ס'האָבן זיך געפונען 28 זקנים. די קהילה האָט צוגעטיילט סובסידיעס דעם „בית לחם", „לינת הצדק", „טאָז", די העברעישע „תרבות"־שול, די תלמוד־תורה, די ישיבה „בית יוסף" און די גמילות חסדים־קאַסע.

אין לעצטן קהילה־בודזשעט איז געווען פאָרויסגעזען אַ סומע פון 5,000 זלאָטעס פאַר פאַך־בילדונג, אָבער היות אין שטאָט איז נישט געווען קיין אינסטיטוציע וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט דערטיילן פאַכמענישע בילדונג דער יידישער יוגנט, איז די סומע געשטראָכן געוואָרן.

# וואַל־ליסטעס צו די קהילה־וואַלן אין יאָר 1933

## ליסטע נומער 1

| ל.נ. | נאָמען און פאַמיליע | באַשעפטיקונג | עלטער | אַדרעס |
|---|---|---|---|---|
| .1 | קלמן פרישבערג | סוחר | 1885 | יאַגעללאָנסקאַ 15 |
| .2 | אליעזר דאל | אַפּטייקער | 1881 | קאַרדעצקיעגאָ 9 |
| .3 | אברהם־יודל שאַפּיראָ | סוחר | 1880 | פּלאַצקאַ 18 |
| .4 | אברהם כיזש | „ | 66 | זאַקאָפּאַנסקאַ 12 |
| .5 | יוסף זשיטין | „ | 1881 | באָל. כראָברעגאָ 66 |
| .6 | עוזיאל בינדער | „ | 1883 | שענקעוויטשאַ 12 |
| .7 | חיים אליעזר שיפּריס | „ | 1876 | טשערוואָני קזשיזש 18 |
| .8 | יעקב וואַלדמאַן | „ | 65 | קאָשציושקאָ 17 |
| .9 | שמואל ראַנץ | „ | 1883 | שענקעוויטשאַ 12 |
| .10 | זלמן שוחט | „ | 1882 | קאַראַימסקאַ 5 |
| .11 | שמאי בראָדעצקי | „ | 1884 | קאַראַימסקאַ 27 |
| .12 | מרדכי ווייסמאַן | „ | 1888 | קאָנאָפּניצקאַ 4 |
| .13 | אליהו לאַנגער | „ | 1879 | רימאַרסקאַ 6 |
| .14 | אברהם וואַרקאָוויצקי | דירעקטאָר | 1867 | באָל. כראָברעגאָ 27 |
| .15 | מרדכי דיק | סוחר | 1900 | סקאָרופּקי 9 |
| .16 | אברהם מאַרשאַלקאָוויטש | עקספּעדיטאָר | 1881 | 3־טער מאַי 4 |
| .17 | חיים־הערש טיקעוויטש | סוחר | 1880 | ווישאָלאַ 3 |
| .18 | בערל באַרזאַך | „ | 1882 | יאַגעללאָנסקאַ 21 |
| .19 | יחיאל איינבינדער | „ | 1872 | שיענקעוויטשאַ 10 |
| .20 | הערש אייזנגאַרד | „ | 1859 | דאָמבאַ גנידאָוו 1 |
| .21 | יעקב־מרדכי ברעסלער | מעקלער | 71 | אָזשעשקאָוואַ 6 |
| .22 | יהושע גערשטיין | סוחר | 1901 | גנידאָוואַ 5 |
| .23 | ישראל־משה גאָלדבערג | מיל־אייגנטימער | 1884 | קזשיזשאָוואַ 13 |
| .24 | משה־לייב גארין | סוחר | 1897 | גנידאָוואַ 16 |
| .25 | ברוך קיט | „ | 61 | פּזשעכאָדניאַ 3 |
| .26 | אהרן קאָמאַר | „ | 1894 | גנידאָוואַ 20 |
| .27 | ליפּא גאָלדבערג | „ | 1894 | קזשיזשאָוואַ 52 |
| .28 | אברהם קליעפּאַטש | „ | 1892 | באַזיליאַנסקאַ 4 |
| .29 | אברהם זילבערמאַן | „ | 1889 | גנידאָחקאַ 12 |
| .30 | אברהם ווערבאַ | „ | 1891 | יאַגעללאָנסקאַ 41 |

## ליסטע נומער 2

| ל.נ. | נאָמען און פאַמיליע | באַשעפטיקונג | עלטער | אַדרעס |
|---|---|---|---|---|
| .1 | יצחק דאַוו | סוחר | 1889 | באָל. כראָברעגאָ 9 |
| .2 | שמואל שניידער | „ | 1892 | ווישאָלאַ 7 |
| .3 | שמעון עלבירט | „ | 1889 | טשעשעווסקיעגאָ 7 |
| .4 | יוסף שטיינשנייד | „ | 1900 | 3־טער מאַי 19 |
| .5 | הערש טינע | „ | 1893 | קזשיזשאָוואַ 17 |
| .6 | יוסף־חיים מאַנדעל | „ | 1898 | קאָשציושקאָ 92 |
| .7 | לאַקריץ פּסח | „ | 1896 | טשעשעווסקיעגאָ 7 |
| .8 | וואָלף שולץ | „ | 1887 | מיעדזשאַנאַ 6 |
| .9 | בערגער אליעזר | „ | 1889 | גנידאָווסקאַ 12 |
| .10 | משה־הערש קיט | „ | 1899 | כליעבנאַ 12 |
| .11 | הירש שעכטיסטראָוו | „ | 1895 | סקאָרופּקי 3 |
| .12 | פינגערהוט אברהם | „ | 1890 | לאָנטשנאַ 4 |
| .13 | ראָזענפּעלד שלמה | „ | 1887 | פּילסודסקיעגאָ 9 |
| .14 | ראָטניאַווסקי שמעיהו | „ | 1888 | יאָסעלעוויטשאַ 8 |
| .15 | געלער בנציון | „ | 1895 | קאָשציושקאָ 17 |

| ל.נ. | נאָמען און פאַמיליע | באַשעפטיקונג | עלטער | אַדרעס |
|---|---|---|---|---|
| .16 | פידעל משה | מעכ. וואַרשטאַט | 1887 | קאַרמעליצקאַ 10 |
| .17 | ישראל וויסענבערג | „ | 1873 | קאָשיקאָוואַ 6 |
| .18 | פיינשטיין יצחק | „ | 1889 | יאָסעלעוויטשאַ 24 |
| .19 | קאָרסאָווער יעקב | „ | 1896 | שיענקעוויטשאַ 3 |
| .20 | גערשטיין כייקל | „ | 1902 | קזשיזשאָוואַ 11 |
| .21 | צימבאַל אברהם | „ | 34 | יאָסעלעוויטשאַ 22 |
| .23 | דוד־בנימין דיק | „ | 1893 | קאָפּערניקאַ 33 |
| .24 | עזריאל פּישמאַן | „ | 1895 | זשאַביאַ 1 |
| .25 | לייב פּירער | „ | 1899 | קזשיוואַ 42 |
| .26 | פייערשטיין אָשר | „ | 1891 | פּילסודסקיעגאָ 113 |
| .27 | דוד־וואָלף בייטשמאַן | „ | 1892 | טשעשעווסקיעגאָ 2 |
| .28 | מייזליש אליעזר | „ | 1889 | דאָמיניקאַנסקאַ 26 |
| .29 | טייטלבוים יוסף | „ | 1871 | קאָשציושקאָ 16 |
| .22 | ישראל מרדכי דאָבראָוואָדקאַ | „ | 1889 | קאָשציושקאָ 7 |
| .30 | טענענבוים דוד | „ | 1873 | קאָפּערניקאַ 44 |

## ליסטע נומער 3

| ל.נ. | נאָמען און פאַמיליע | באַשעפטיקונג | עלטער | אַדרעס |
|---|---|---|---|---|
| .1 | יוסף זשיטין | אינדוסטריעלער | 50 | באָל. כראָברעגאָ 80 |
| .2 | מאיר באַק | דירעקטאָר | 45 | שיענקעוויטשאַ 30 |
| .3 | יוסף זעלצער | סוחר | 50 | שיעטקעוויטשאַ 12 |
| .4 | פּנחס אַטלאַס | „ | 50 | שיענקעוויטש 12 |
| .5 | פּנחס פעפער | „ | 46 | 3־טער מאַי 7 |
| .6 | ישעיהו־לייב באַר | „ | 54 | באָל. כראָברעגאָ 91 |
| .7 | הערש שיינמאַן | „ | 50 | באָל. כראָברעגאָ 93 |
| .8 | ברוך מינדעלעס | „ | 46 | זשוראַוויאַ 3 |
| .9 | יהודה־וואָלף פייערשטיין | „ | 45 | פּילסודסקיעגאָ 47 |
| .10 | משה ווינער | קאָלעקטאָר | 60 | ניעצאַלאַ 3 |
| .11 | מאיר אייזנבערג | סוחר | 42 | באָל. כראָברעגאָ 79 |
| .12 | חיים־יוסף פעלדענקרייז | „ | 52 | סוויעטלאַנאַ 13 |
| .13 | משה קאָזיאָל | קצב | 38 | יאַגעללאָנסקאַ 84 |
| .14 | אברהם־חיים קופּערמאַן | סוחר | 50 | מיעדזשאַנאַ 2 |
| .15 | הערש פייפער | „ | 56 | באָל. כראָברעגאָ 89 |
| .16 | יעקב עקבער | „ | 46 | קאָפּערניקאַ 8 |
| .17 | זלמן קליגער | „ | 42 | קאָפּערניקאַ 50 |
| .18 | מרדכי באַריל | מעקלער | 52 | באָל. כראָברעגאָ 82 |
| .19 | אפרים מינדעליס | אינדוסטריעלער | 60 | באָל. כראָברעגאָ 159 |
| .20 | שמעון גערגיס | סוחר | 58 | באָל. כראָברעגאָ 40 |
| .21 | עזריאל כאַמיש | „ | 60 | קאָוואַלסקאַ 17 |
| .22 | לייביש ליבובער | קצב | 60 | באָל. כראָברעגאָ 113 |
| .23 | מאָטל פאַטיכע | לערער | 52 | באָל. כראָברעגאָ 101 |
| .24 | אברהם־יידל שאַפּיראָ | סוחר | 1880 | פּלאָצקאַ 18 |
| .25 | בנימין בלעכער | „ | 53 | גדאַנסקאַ 15 |
| .26 | יחיאל קוידע | חזן | 52 | קאָפּערניקאַ 40 |
| .27 | אהרון פעלדמאַן | אָנגעשטעלטער | 1876 | מיעדזשיאַנאַ 7 |
| .28 | אברהם לאָרבער | סוחר | 1901 | טאַרגאָוואַ 3 |
| .29 | יוסף לאַנגער | „ | 1894 | רימאַרסקאַ 6 |
| .30 | אירע קאַץ | עקספּעדיטאָר | 1877 | יאַגעללאָנסקאַ 17 |

## ליסטע נומער 4

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | באשעפטיקונג | עלטער | אדרעס |
|---|---|---|---|---|
| .1 | איינבינדער יחיאל | סוחר | 1872 | שיענקעוויטשא 18 |
| .2 | אייזנבערג אהרן־משה | „ | 1882 | קזשיזשאווא 42 |
| .3 | פערקאל זבולון | „ | 50 | סקארופקי׳ 17 |
| .4 | פאפיר שמואל־מרדכי | „ | 1880 | מאנטשנא 6 |
| .5 | בערגער אליעזר | „ | 1889 | גנידאחקא 12 |
| .6 | פרישבערג קלמן | „ | 1885 | יאגעללאנסקא 15 |
| .7 | בריוגאל יהושע | „ | 1882 | זשיסא 2 |
| .8 | טינע הערש | „ | 1893 | קזשיזשאווא 17 |
| .9 | פרייזינגער מרדכי | „ | 1880 | קאזיא א/8 |
| .10 | יעוועלעוויטש חיים־דוד | „ | 1879 | שיענקעוויטשא 11 |
| .11 | שאצמאן יחיאל | „ | 1889 | קאנאפניצקא 4 |
| .12 | קראסנער שמואל | „ | 1880 | מיעדזשאנא 6 |
| .13 | שפייטער אלתר | „ | 1870 | זשאבאטינסקי׳ 7 |
| .14 | וויניק יוסף | „ | 53 | קאשציושקא 40 |
| .15 | סטארעץ ירחמיאל | „ | 1871 | פזשעכאדניא 3 |
| .16 | קאץ אירע | „ | 1879 | יאגעללאנסקא 17 |
| .17 | שאפירא אשר | „ | 69 | טשעטשישעווסקא 2 |
| .18 | בולמאש יצחק | „ | 1892 | באזילאנסקא 32 |
| .19 | באקאוויעצקי בנציון | „ | 1882 | גנידאווסקא 22 |
| .20 | בירמאן אייזיק | „ | 1869 | גנידאווסקא 17 |
| .21 | חומש נחום | „ | 46 | שיענקעוויטשא 2 |
| .22 | קארנבליט לייביש | „ | 1870 | ווערסאלא 9 |
| .23 | ברעסלער יעקב־מרדכי | „ | 71 | אזשעשקאווא 6 |
| .24 | ווייסמאן משה | „ | 1902 | סקארופקי 3 |
| .25 | גאלדבערג שמעון | „ | 1890 | קזשיזשאווא 15 |
| .26 | גערצבערג משה | „ | 1871 | שעראקא 7 |
| .27 | זייד יעקב | „ | 1870 | טענטשאווא 4 |
| .28 | אייזנבערג יהודה־מיכל | „ | 1882 | קאשציושקא 38 |
| .29 | ווײדמאן יוסף | „ | 69 | קאראימסקא 7 |
| .30 | ווידעלגאז ישראל־יואל | „ | 1879 | קאשציושקא 19 |

## ליסטע נומער 5

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | באשעפטיקונג | עלטער | אדרעס |
|---|---|---|---|---|
| .1 | וואקסמאן מאטל־הערש | סוחר | 1881 | קר. יאדוויגי׳ 14 |
| .2 | מאנהעלבוים מנחם | „ | 55 | באזילאנסקא 16 |
| .3 | גאלדבערג נחמיה | „ | 1876 | קאשציושקא 28 |
| .4 | שאפירא ישראל | פראוויזאר | 1894 | שיענקעוויטשא 1 |
| .5 | נול יידל | סוחר | 1870 | קאשציושקא 23 |
| .6 | גוטמאן אריה־לייב | „ | 1871 | באל. כראברעגא 18 |
| .7 | צוויטמאן אהרן | „ | 35 | קאשציושקא 21 |
| .8 | גרויסבירד משה | „ | 1893 | שיענקעוויטשא 2 |
| .9 | ראכמילטשוק ישראל | „ | 1883 | יאגעללאנסקא 52 |
| .10 | שוואלב אהרן | „ | 1884 | טשאצקיעגא 10 |
| .11 | סאדע יצחק־אליעזר | פארבער | 1885 | דאמיניקאנסקא 52 |
| .12 | גרינשפאן מרדכי־הערש | סוחר | 1883 | טשאצקיעגא 12 |
| .13 | מארמאר וואלף | „ | 61 | סלאוואצקיעגא 22 |
| .14 | אייזנבערג יהודה־מיכל | בוכהאלטער | 1882 | קאשציושקא 38 |
| .15 | ראזאווסקי יואל | סוחר | 1875 | יאגעללאנסקא 51 |
| .16 | זאסלאווסקי יעקב | „ | 1869 | קאשיקאווא 1 |
| .17 | שפיגעל ברוך | „ | 1874 | פילסודסקיעגא 82 |
| .18 | ברענער יוסף | „ | 1879 | באל. כראברעגא 115 |
| .19 | ווידעלגוז ישראל־יואל | „ | 1879 | קאשציושקא 19 |
| .20 | פרייזינגער יעקב | „ | 1854 | רימארסקא 2 |
| .21 | פעפער שמשון | „ | 1883 | קאשציושקא 9 |
| .22 | קיט אהרן | בעקער | 1871 | קאשציושקא 5 |
| .23 | עגבער שמואל־הערש | סוחר | 1873 | ווערסאלא 1 |
| .24 | טאפליע לייב־יהודה | „ | 1874 | וואנסקא 2 |
| .25 | טרויב אברהם | „ | 70 | פאבזשעזשע 5 |
| .26 | רודמאן יהושע | „ | 1872 | אזשעשקאווא 7 |
| .27 | טשיזשיק נחמן | „ | 1861 | קארדעצקיעגא 9 |
| .28 | מאכליעס אברהם־אליעזר | אלעיניק | 1872 | גנידאווסקא 15 |
| .29 | גרויפן־וועל אפען יעקב | אן פאך | 1880 | באל. כראברעגא 7 |
| .30 | ריין משה | לערער | 1891 | קאשציושקא 57 |

## ליסטע נומער 7

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | באשעפטיקונג | עלטער | אדרעס |
|---|---|---|---|---|
| .1 | באיאנער ראובן־בער | צוקערניק | 1884 | שיענקעוויטשא 40 |
| .2 | לופין בערל | שניידער | 1889 | יאגעללאנסקא 56 |
| .3 | קאפיט אהרן־שלמה | פריזירער | 1894 | שעראקא 2 |
| .4 | קריימער משה | בלעכער | 1897 | קאפערניקא 43 |
| .5 | בליאק משה | בעקער | 1890 | 3־טער מאי 9 |
| .6 | גאלדענבערג שמעון | סוחר | 1872 | קאשיקאווא 1 |
| .7 | דאנציקער יוסף | „ | 1871 | סקארופקי 4 |
| .8 | באסיוק שלום | ביורא | 41 | יאגעללאנסקא 42 |
| .9 | איינבינדער משה | מוליאר | 41 | ביאלא 2 |
| .10 | בראנפן הערש־לייב | ביורא | 1862 | פאלאצקא 8 |
| .11 | מייזנער נח | טרעגער | 1889 | מאנטשנא 10 |
| .12 | טייטלבוים יונה־מרדכי | בעקער | 1877 | 3־טער מאי 25 |
| .13 | מילמאן הערש־יוסף | בערשטער | 1885 | ניעצאלא 17 |
| .14 | פעלדמאן אברהם | מוליאר | 1896 | פזשעכאדניא 2 |
| .15 | דיכטער שלום | מאלער | 1870 | שיענקעוויטשא 26 |
| .16 | בילמאן זרח | אנגעשטעלטער | 1897 | קאפערניקא 1 |
| .17 | זאנדער משה | צוקערניק | 1895 | באל. כראברעגא 31 |
| .18 | מעלימעווקער לייב־וואלף | מוליאר | 1889 | פילסודסקיעגא 54 |
| .19 | באס שמואל | לערער | 1858 | שאפענא 9 |
| .20 | רויטער ישראל | מאלער | 1869 | שיענקעוויטשא 6 |
| .21 | אייזן אהרן | בוכהאלטער | 1896 | יאגעללאנסקא 57 |
| .22 | צינקער הערש | שניידער | 62 | יאגעללאנסקא 61 |
| .23 | שטילמאן יצחק | מוליאר | 38 | פילסודסקיעגא 54 |
| .24 | קערזנער יעקב | סוחר | 1888 | יאגעללאנסקא 49 |
| .25 | שטשערבאטע דוד | מעקלער | 1889 | פאליצעינא 9 |
| 26 | קאפע חנה־יוסף | פריזירער | 1886 | פילסודסקיעגא 3 |
| .27 | גאלדפארב צאל | סוחר | 64 | טראוגוטא 12 |
| .28 | בערגער מאיר | „ | 1886 | טראוגוטא 11 |
| .29 | גיטעלמאן מיכל | מוליאר | 1897 | פילסודסקיעגא 54 |
| .30 | פיוסאק משה | שניידער | 1880 | יאגעללאנסקא 57 |

## ליסטע נומער 8

| ל.נ. | נאמען און פאמיליע | באשעפטיקונג | עלטער | אדרעס |
|---|---|---|---|---|
| .1 | ברייער פסח | בעקער | 1892 | באל. כראברעגא 25 |
| .2 | קאזיאל מענדל | שניידער | 42 | ווערסאלא 4 |
| .3 | אבראמאוויטש אפרים | קצב | 1891 | גנידאווסקא 12 |
| .4 | מעלימעווקער חאלף־לייב | מוליאר | 1889 | פילסודסקיעגא 54 |
| .5 | מעלאמעד דוד | סטאליאר | 34 | טאוואראווא |
| .6 | געלמאן ברוך־יעקב | מוליאר | 1892 | טשערוואני קזשיזש 14 |

| ל.נ. | נאָמען און פאַמיליע | באַשעפטיקונג | עלטער | אַדרעס |
|---|---|---|---|---|
| 7. | לייבאָוויטש משה־אהרן | מאָלער | 1888 | באָל. בראָבּרעגאָ 119 |
| 8. | ראַפּעל יעקב | בלעכער | 1878 | ב. יאָסעלעוויטשאַ 23 |
| 9. | בריק עזרא | היטלמאַכער | 38 | יאַגעללאָנסקאַ 13 |
| 10. | נוגלער גדליהו | סטאָליאַר | 1896 | קאָרדעצקיעגאָ 5 |
| 11. | שניידער חנה־יעקב | שניידער | 1879 | וואָלנאָשטש 6 |
| 12. | קושניעזש יצחק | „ | 1876 | כליעבנאַ 12 |
| 13. | אַלטערמאַן בערל | בלעכער | 55 | מאָנטשנאַ 12 |
| 14. | טיי הערש־בער | קאָוואַל | 1872 | באָל. כראָברעגאָ 7 |
| 15. | סיגאַל חיים־יעקב | סטאָליאַר | 1891 | ראָלנאַ 26 |
| 16. | ראַנץ וועלוול | שניידער | 1890 | יאַגעללאָנסקאַ 54 |
| 17. | קאָרטשאַק משה־וואָלף | אַרבעטער | 1885 | מאָנטשנאַ 3 |
| 18. | גורמאַן יידל | שניידער | 1880 | ב. יאָסעלעוויטשאַ 38 |
| 19. | קאָס מרדכי | שוסטער | 1896 | יאַגעללאָנסקאַ 47 |
| 20. | סופר נחום | פריזירער | 1888 | פאָבזשעזשע 1 |
| 21. | שטילערמאַן הערץ | סטאָליאַר | 1888 | וואָלנאָשטש 5 |
| 22. | רימאַרטשיק אברהם | שטעמפּל־מאַכער | 1899 | אַנסקיעגאָ 3 |
| 23. | קיפּער אשר | בלעכער | 1874 | קאָוואַלסקאַ 3 |
| 24. | שאַמפּאַניער אברהם | רימאַר | 1889 | טאָוואַראָוואַ 39 |
| 25. | מאַרגעל אברהם | שניידער | 1878 | קרולאָווע יאַדוויגי 21 |
| 26. | וויינשטיין יצחק־יעקב | „ | 1892 | סלאָנעטשנאַ 19 |
| 27. | נוטין משה | סטאָליאַר | 1877 | קאָפּערניקאַ 39 |
| 28. | צוויטבוים בערל | שניידער | 38 | לאָנקאָוואַ 4 |
| 29. | גאַליידע שמואל | „ | 1873 | דאָמיניקאַנסקאַ 29 |
| 30. | שוואַרץ יעקב | שלאָסער | 1888 | באָל. כראָברעגאָ 27 |

## ליסטע נומער 11

| ל.נ. | נאָמען און פאַמיליע | באַשעפטיקונג | עלטער | אַדרעס |
|---|---|---|---|---|
| 1. | יונה פרידמאַן | מילנער | 1894 | קאָפּערניקאַ 34 |
| 2. | קאַמיעניעצקי מאַרק | דענטיסט | 1892 | טאַרנאָוואַ 1 |
| 3. | גאַרטיבעל נפתלי | סוחר | 1901 | שאָפּענאַ 5 |
| 4. | דוד לענדער | „ | 1880 | זשאַבאָטינסקי 1 |
| 5. | שמואל משה געכט | „ | 1888 | סלאָוואַצקי 7 |
| 6. | וויינטראַוב שמאי־העשל | „ | 1895 | דאָמיניקאַנסקאַ 15 |
| 7. | גאָלדבערג אביגדור בנציון | „ | 1892 | קאַראַימסקאַ 7 |
| 8. | בלומענקראַנץ יהודה | „ | 1874 | טראַוגוטאַ 13 |
| 9. | ליבהאַבער מרדכי | מילנער | 1876 | יאַגעלאָנסקאַ 2 |
| 10. | קהת קערצמאַן | „ | 1898 | באָל. כראָברעגאָ 5 |
| 11. | קליינבורד חיים | „ | 1880 | דאָמיניקאַנסקאַ 18 |
| 12. | גריניץ יעקב־מרדכי | „ | 1879 | זאַקאָפּיאַנסקאַ 16 |
| 13. | מעכלים שלמה | זייגערמאַכער | 1896 | באָל. בראָברעגאָ 88 |
| 14. | גאָלדפעדער בעריש | פאַרזיכער. אַגענט | 1883 | 3־טער מאַי 15 |
| 15. | נייטער פרץ | סוחר | 1893 | קאַראַימסקאַ 5 |
| 16. | שוסטער יהודה־בער | לערער | 1879 | אַנסקיעגאָ 3 |
| 17. | ברוינשטיין הערש־לייב | סוחר | 1895 | קאַראַימסקאַ 37 |
| 18. | גלייזער אברהם | בעקער | 1889 | יאַגעללאָנסקאַ 45 |
| 19. | גיטעלמאַן לייב | שוסטער | 1893 | קאָפּערניקאַ 5 |
| 20. | גאָרדאָן אברהם | סוחר | 1882 | טראַוגוטאַ 19 |
| 21. | סטאַרעץ יחזקאל | „ | 1898 | קאַראַימסקאַ 29 |
| 22. | פאָלטאָראַק יוסף | דענטיסט | 1889 | יאַגעללאָנסקאַ 15 |
| 23. | נול יקותיאל | סוחר | 1873 | דאָמיניקאַנסקאַ 13 |
| 24. | ווינער אלי | „ | 1894 | פּילסודסקיעגאָ 41 |
| 25. | שפּיגעל שמעון־לייב | „ | 1896 | אָזשעשקאָוואַ 7 |
| 26. | שטילמאַן יצחק | מוליאַר | 1891 | פּילסודסקיעגאָ 44 |
| 27. | פרידבוים אהרן | סוחר | 1902 | סלאָוואַצקיעגאָ 12 |
| 28. | שלייף שמאי | „ | 1893 | קרולאָווע יאַדוויגי 35 |
| 29. | ברוינשטיין הערש | ביוראַליסט | 1885 | פאַבריטשנאַ 8 |
| 30. | צוויטמאַן שלום | „ | 1902 | קאָשציושקאָ 29 |

די וואַל־קאָמיסיע מאַכט אויפמערקזאַם, אַז יעדער וויילער קאָן אָפּגעבן זיין שטימע נאָר אויף איינער פון די אויבנדערמאָנטע קאַנדידאַטן־ליסטעס. גלייכצייטיק ווערט באַקאַנט געמאַכט, אַז ס׳האָבן זיך פאַראייניקט:

א) די ליסטע נומער 1 מיט די ליסטעס נ.נ. 3, 4 און 5.

ב) די ליסטע נומער 2 מיט די ליסטעס נ.נ. 7 און 8.

די פאַראייניקטע קאַנדידאַטן־ליסטעס רעכענען זיך פאַר איין קאַנדידאַטן־ליסטע לגבי אַנדערע ליסטעס.

לויצק, דעם 30־טן מערץ 1933

וואַל־קאָמיסיע פון דער לויצקער יידישער
רעליגיעזער קהילה אויף צו וויילן אַ ראַט
און פאַרוואַלטונג

ח. בר־חלפתה

# געפסלטע ליסטע

(במקום פעליעטאן)

אַ פרייד איז מיך באַפאַלן,
אַ שמחה, אַ גדולה;
פאַרענדיקט מיט די וואַלן
צו אונדזער לויצקער קהילה!

ס׳איז ווי אויף צו להכעיס,
מעוברת היינט דער ווינטער;
און וויפיל ביי אונדז משפחות
וואָס זענען שטאַרק דערונטער!

ביי אונדז זאָל עס געשען
איז טאַקע אַ רבותא,
אַז אַלע כמעט פאַרטייען
זאָלן מאַכן איין חברותא;

קיין האָלץ נישטאָ קיין שייטל,
דער בגד בלויז אַ שמאַטע;
מ׳קראַצט אומזיסט דעם בייטל
ער מאַכט זיך תמ׳עוואַטע.

אַלע איין בלאָק געשלאָסן,
אַלס גלייכע מחותנים;
אויס קריג און אויס „דאָנאָסן״,
וואָס פאַרשוואַרצן אונדז דאָס פנים...

פאַראַן ביי אונדז „בית־לחם״,
„טאָז״ „לינת־הצדק״;
לײדער איז, לא עליכם,
די קאַסע ביי זיי ליידיק.

מ׳וועט זיך מער נישט רייסן
צו דער קהלישער שיסל;
איינער דעם צווייטן בייסן,
אונטערשטעלן אַ פיסל...

איצט וועט אַלץ אויפלעבן,
ס׳וועלן שוין זיין „גובים״;
יידן וועלן געבן,
זאָל נאָר זיין די „תובעים״.

פאַרשפאָרן צו שאַרפן מוחות,
גאַנצע נעכט אָפּזיצן;
בעסער די אַלע כוחות
פאַרווענדן דאָ צום נוצן.

אַזוי האָב איך געפרייט זיך
מיט געדאַנקען זיסע;
און פלוצעם האָט פאַרשפרייט זיך
אַ ידיעה גאָר אַ מיאוסע:

דער קאַמף דאַרף ערשט באַגינען,
די פרייד געווען אַן אומזיסטע;
דער בלאָק איז זיך צערונען,
געפסלט איז די ליסטע...

לויצק, 1933

נחום שרון (שטראַכמאַן) / תל־אביב

# אונטער דער פּויל̇ישער הערשאַפט

דעם 16־טן מאַי 1919 האָט דאָס פּוילישע מיליטער פון גענעראַל יוזעף קאַרניצקי אַרויסגעטריבן פון לויצק דאָס אוּ־קראַיִנישע מיליטער און איינגעשטעלט אין שטאָט די פּוילישע הערשאַפט. מיט איבער 20 יאָר שפּעטער — דעם 18 סעפּטעמבער 1939 — האָבן קיין לויצק אַריינגעמאַרשירט גרויסע מיליטע־רישע איינהייטן פון דער רויטער אַרמיי. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט אַ פּעריאָד פון 20 יאָר פּוילישער הערשאַפט.

די פּוילישע הערשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אומשול־דיק פאַרגאָסענעם יידישן בלוט און האָט זיך פאַרענדיקט מיט מאָרדן אומשולדיקע יידן. אין 1919 האָבן די פּוילישע סאָלדאַטן אָרגאַניזירט אַנטי־יידישע עקסצעסן. די א.ג. „האַלערטשיקעס" (פּוילישע זעלנער וועלכע זענען געקומען מיט גען. האַלערס אַרמיי פון פראַנקרייך) האָבן אָרגאַניזירט אַ יאָגד אויף יידישע בערד. לויצקער יידן האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פון די „פרייהייטס־קעמפער", וועלכע האָבן געכאַפּט יידן אין מיטן גאַס און מיט שערן און מעסערס געשניטן זייערע בערד. דער דאָזיקער „ספּאָרט" איז אָבער נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע. אַ געוויסן טאָג האָט די מיליטערישע מאַכט אַרעסטירט אַ גרופּע פון 5 יידן (צווישן זיי אַ פאָטער מיט אַ זון) און באַשולדיקט זיי אין שפּיאָנאַזש. זיי זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן, הגם זייער שולד איז נישט באַוויזן געוואָרן.

מיט 20 יאָר שפּעטער האָט אַ פּוילישער אָפיציר, אַנטלוי־פנדיק אין סעפּטעמבער 1939 פון די סאָוויעטישע זעלנער, זיך אָנגעטראָפן אין גנידעוו אויף אַ יידישן יונגערמאַן. נישט לאַנג טראַכטנדיק האָט ער אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און אים דערשאָסן.

די יידישע באַפעלקערונג פון לויצק האָט דורכגעמאַכט די תקופה, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן דערמאָרדן די 5 יידן און זיך פאַרענדיקט מיטן דערשיסן דעם יידישן יונגנמאַן, און אין אַ שווערן געראַנגל פאַר עקאָנאָמישער עקזיסטענץ און קעגן נאַציאָנאַלער דיסקרימינאַציע.

### די ירושה פון צאַרישן רוסלאַנד

ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט לויצק געציילט 30 טויזנט איינוווינער, אין דעם — 24 טויזנט יידן. לויט דער אינפאָרמאַציע פון ד"ר וואַיניטש זענען אין יענער תקופה געווען אין לויצק נישט מער ווי 2,000 פאַליאַקן. אין שטאָט זענען געווען 411 געמויערטע הייזער און 1324 הילצערנע. גאַסן און געסלעך זענען געווען אַרום 90. פון זיי זענען 24 געווען שוין ברוקירט און עלעקטריש באַלויכטן, דאָס איז אין יענע צייטן געווען אַ גרויסע דערגרייכונג.

עס זענען נישט פאַראַן קיין סטאַטיסטישע קוועלן, וועלכע זאָלן איצט דערציילן פון וואָס עס האָבן געלעבט די 24 טויזנט יידן אונטער דער רוסישער מאַכט. ד"ר וואַיניטש האָט אָבער געפונען פאַר נויטיק אונטערצושטרייכן, אַז אויף וויפל ס'איז דאַן יאָ געווען אין לויצק אַ וואָסער ס'איז אַנטוויקלט עקאָנאָמיש לעבן, איז עס געווען „באַהערשט" דורך יידן. ער דערמאָנט, אַז אַלע 5 דאַמף־מילן, מיט אַ פּראָדוקציע פון 32 טויזנט טאָן מעל און 1,600 טאָן גרויפּן אַ יאָר, האָבן געהערט צו יידן. פון צוויי ביר־ברויעריין, מיט אַ פּראָדוקציע פון אַ האַלבן מיליאָן עמער ביר אַ יאָר, האָט איינע געהערט צו אַ ייד (שניידערס ברויערי). איינע פון די צוויי צעגעלניעס האָט געהערט צו אַ ייד. אַלע שלאָסערייען זענען געווען אין יידישע הענט. צו יידן האָבן געהערט די אייל־פאַבריק, צוויי זייף־פאַבריקן מיט אַ פּראָדוק־ציע פון 16 טאָן זייף אַ יאָר, צוויי אונטערנעמונגען פון טריקענען האָפּן, אַ צוקערלעך־פאַבריקל און 4 פאַבריקלעך פון גאַזירט וואַסער. פון 12 האָטעלן זענען 9 געווען יידישע. צו די יידישע „עקאָנאָמישע פּאָזיציעס" רעכנט ד"ר וואַיניטש אויך אַריין... פיר יידישע בעדער.

אין די דאָזיקע „פאַבריקן" האָבן געאַרבעט נישט מער ווי געציילטע צענדליקער יידישע משפחות. די אונטערנעמונגען זענען געווען יידישע, אָבער באַשעפטיקט ביי אַלע „שוואַרצע" אַרבעטן זענען געווען אוקראַאינער, רוסן, טשעכן און פאַליאַקן.

מען דאַרף אָננעמען, אַז דער עקאָנאָמישער געבוי פון די לויצקער יידן איז נישט געווען קיין אַנדערער ווי ביי אַנדערע יידן אין רוסלאַנד, בפרט אויף די קרעסן. אין דער ערשטער ריי האָבן יידן זיך באַשעפטיקט מיט קליין־האַנדל און מיט האַנטווערקעריי. זיי זענען געווען די עקאָנאָמישע פאַרמיטלער צווישן וואָלינער פּויערטום און צווישן דער גרויסשטאָטישער רוסישער אינדוסטריע. זיי האָבן „באַדינט" דעם פּויער, ליפערנ־דיק אים פאַבריקאַטן און קויפנדיק ביי אים זיין לאַנדווירט־שאַפטלעכע פּראָדוקציע.

דער גרויס־האַנדל מיט תבואה און מיט וועלדער איז יענע צייטן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ „בעסערע" פּרנסה און האָט גע־עפנט, פאַר די וואָס האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען, ברייטערע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּערספּעקטיוון. אויך לויצק האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי משפּחות וועלכע האָבן אַדאַנק דעם גרויס־האַנדל זיך דערוואָרבן פאַרמעגנס און אַ פעסטע געזעלשאַפט־לעכע פּאָזיציע אין דער יידישער קהילה. צו זיי געהערן די משפּחות: קרוינשטיין, ווייץ, גליקליך, וויינשטאָק.

די גרויסע מאַסע פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט אָבער געלעבט אין דחקות און אין אָרעמקייט. לויצק איז געווען אַ טיפּישע פּראָווינציאַנעלע שטאָט. די הערשער פון דער שטאָט

זענען געווען דער אופּראַווניק, דער גאָראָדאָוואָי און בכלל די צאַרישע „טשינאָווניקעס".

## די האָפענונגען אויף ענדערונגען

מיטן פאַלן פון צאַרישן רעזשים האָבן זיך דערוועקט גרויסע האָפענונגען. די לעגאַליזאַציע פון די פּאָליטישע פּאַרטייען האָט דערמעגלעכט די לויצקער יידן צו ווערן אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד. ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן האָבן אָנגעהויבן אויפצושטיין פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אָבער נישט אַזוי שנעל איז געקומען די סטאַביליטעט. רעוואָלוציעס און קאָנטער־רעוואָלוציעס האָבן זיך געטראָגן איבער אייראָפּע. שוין נאָכן אַבדיקירן פון ניקאָלאַי דעם צווייטן איז לויצק איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. אוקראַאינער, באָלשעוויקעס, פּאָליאַקן, דייטשן, העטמאַנצעס, פּעטלוראָווצעס האָבן זיך געטוישט, ווי די הערשער פון שטאָט, אַלע פּאָר מאָנאַטן. יידן זענען געוואָרן רואינירט און געמוטשעט און האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַ שטאַנדהאַפטיקער מאַכט.

אויסגעוויזן האָט זיך זיי אין יענע צייטן, אַז שוין בעסער פון אַלץ וועט זיין אָנגעהערן צו פּוילן. אַ פּאָלק וואָס האָט איבערגעלעבט 150 יאָר גלות און האָט געוווּסט זיך קעגנשטעלן דעם צאַריזם און אַנדערע שונאים, אַ פּאָלק וואָס האָט זיינע נאַציאָנאַלע אידעאַלן פאַרבונדן מיט סאָציאַלע פּראָגרעסיווע שטרעבונגען, אַזאַ פּאָלק — אַזוי האָט זיך אויסגעדוכט — וועט צום בעסטן פאַרשטיין די באַדערפענישן פון דעם יידישן קיבוץ און נישט אָנווענדן לגבי אים קיין נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג. ווער דען האָט געקאָנט זיין בעסער? די ווייסגוואַרדיע? — דער צאַרישער רעזשים און זיינע אָנהענגער האָבן זיך נישט פאַרדינט אויפן צוטרוי פון יידן. די אוקראַאינער? — יידן האָבן געדענקט די שחיטות וועלכע זענען געוואָרן באַגאַנגען דורך כמעלניצקיס קאָזאַקן, און די פּעטלורע־פּאָגראָמען האָבן פונסניי באַוויזן, אַז די שנאה פון די אוקראַאינער צו יידן איז צו טיף איינגעוואָרצלט, אַז מען זאָל קאָנען דערוואַרטן עפּעס גוטס אונטער דער אוקראַאינישער הערשאַפט. פון די אַלע בייזע עווענטואַליטעטן האָט אַלזאָ אויסגעזען, אַז דאָס קלענסטע בייז דראָט מצד אַ פּוילישער הערשאַפט.

במשך פון דער רוסישער הערשאַפט האָבן יידן און פּאָליאַקן שטילערהייט צוזאַמענגעאַרבעט. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט געהערט פון זיין זיידן אַ מעשה ווי אַזוי אַ פּוילישער שליאַכטשיץ האָט זיך בעתן אויפשטאַנד פון 1863 אויסבאַהאַלטן ביי אַ יידן אויפן פּיעקעליק. ביידע פעלקער זענען געווען אונטערגעדריקט דורך דעם רוסישן צאַר.

נישט צופעליק האָבן די רוסן זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו יידן און פּאָליאַקן. אין אָנהייב פון ערשטן וועלט־קריג, ווען די עסטרייכער זענען אַריין קיין לויצק (31 אויגוסט 1915), האָבן זיי תיכף צוזאַמענגעשטעלט אַ שטאָט־פאַרוואַלטונג פון בלויז פּאָליאַקן און יידן. אַלס ראַטמענער זענען באַשטימט געוואָרן מצד די יידן: דינער, גאַסקאַ, גרויס, קרויז, לענדער און וואַרקאָוויצקי. פּאָליאַקן־ראַטמענער זענען אָבער באַשטימט געוואָרן מער ווי יידן. ד"ר וואַינטש באַהאַלט בכלל נישט אויס די טענדענץ פון דער דאָזיקער נאָמינאַציע. נאָכדעם ווי די עסטרייכער האָבן צום צווייטן מאָל פאַרנומען לויצק און האָבן פונסניי אויפגעשטעלט די אָרטיקע מאַכט, האָבן זיי — ווי עס שרייבט ד"ר וואַינטש — „כדי אָנצוגעבן דער שטאָט אַ פּוילישן כאַראַקטער רעאָרגאַניזירט דעם מאַגיסטראַט." אַלס פּרעזידענט און וויצע־פּרעזידענטן זענען באַשטימט געוואָרן דריי פּאָליאַקן. 24 טויזנט יידישע איינוווינער האָבן באַקומען 12 מאַנדאַטן אין שטאָט־ראַט און 2 טויזנט פּאָליאַקן — די זעלבע צאָל מאַנדאַטן. אַלס מיליטערישע קאָמענדאַנטן זענען נאָמינירט געוואָרן פּאָליאַקן — פּולקאָווניק אורבאַנסקי און מאַרטינאָוויטש. די ביכער און פּראָטאָקאָלן האָט מען געפירט אין דער פּוילישער שפּראַך. אַלע נעמען פון די גאַסן זענען געענדערט געוואָרן אויף פּויליש.


ZARZĄD CYWILNY
Ziem Wołynia i Frontu Podolskiego
Okręg Wołyński
№ 3864
dnia 26/IV 1920 r.
Pobrano 5 mk.
Ważna do dnia 1/VI 1920 r.
Przepustka (Jednorazowa)
Zezwala się p. Reginie Hersznowicz
na przejazd od Lublina
W celu
Przepustka ważna jest tylko łącznie z dowodem osobistym № 298
wystawionym przez Komenda policyi w Lublinie
Wzrost jadącego
Kolor włosów
Kolor oczu
Wiek 1887
Znamiona szczególne —
Podpis własnoręczny lub odcisk dużego palca lewej ręki
Za Starosta Powiatu Łuckiego

איינע פון די ערשטע אויפגאַבעס פון דער פּוילישער פאַרוואַלטונג איז געווען די זאָרג פאַר דער סאַניטאַרער לאַגע פון דער שטאָט. באַשרייבנדיק אָט די דאָזיקע טעטיקייט קומט ווידער צום אויסדרוק דער אַנטי־יידישער צוגאַנג פון דעם אָרטיקן פּוילישן היסטאָריקער, דעם דערמאָנטן ד"ר וואַינטש. ער דערציילט: „אין די ערשטע טעג פון דער צוואַנגס־דעזאינפעקציע זענען פאָרגעקומען קאָמישע סצענעס. די יידן האָט מען אויסגעטאָן, אָפּגעשוירן, געוואַשן און געבאָדן באַלד אויפן אָרט" — דער פּוילישער דאָקטאָר שרייבט מיט איראָניע וועגן יידישער היגיענע, גענוי ווי פריער וואָלטן יידן קיין אַנונג נישט געהאַט וואָס ס'איז אַזוינס וואַסער מיט זייף.

דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטישער צוגאַנג — דאָס קוקן אויף יידן פון אויבן אַראָפּ — האָט זיך אָנגעהויבן 4 יאָר נאָך איידער פּוילן איז געוואָרן דער פאַקטישער הערשער פון וואָלין, און האָט זיך געצויגן במשך די גאַנצע 20 יאָר, ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, וועלכער האָט געמאַכט אַ סוף צו דער סאַנאַציע־הערשאַפט אין פּוילן און אין וואָלין בתוכו.

## ווירטשאַפטלעכע פאַרנאַכלעסיקונג

די פּוילישע מאַכט האָט אומגעקערט לויצק די ראָל פון דער הויפּטשטאָט פון וואָלין. דאָ זענען געווען טעטיק די הויפּט־ביוראָס פון אַלע וואָלינער מאַכט־אָרגאַנען. דער וואָיעוואָדע —

דער פּאָליטישער און אַדמיניסטראַטיווער לייטער פון גאַנצן ראַיאָן — האָט געהאַט זיין זיץ־אָרט אין לויצק. דאָס האָט געגעבן אַ גרונד צו האָפן, אַז די פּוילישע מאַכט וועט אַנטוויקלען לויצק ווי אַ ווירטשאַפטלעכן צענטער און וועט דאָ שאַפן אַן אינדוסטריע, וואָס וועט זיין פאַרבונדן מיט דער וואָלינער ווירטשאַפט. די דאָזיקע האָפענונג איז נישט מקוים געוואָרן. די פּוילישע מאַכט האָט באַטראַכט די מזרח־קרעסן ווי אַ קאָלאָניע, פון וועלכער מען דאַרף וואָס מער אַרויסציען און וואָס ווייניקער אינוועסטירן אין איר. זי האָט פאַרנאַכלעסיקט די דאָרטיקע ווירטשאַפט און נישט אויסגענוצט דעם עקאָנאָמישן פּאָטענציאַל פון וואָלין.

במשך פון 20 יאָר איז אין לויצק נישט אויפגעבויט געוואָרן קיין איין און איינציקע אידוסטריעלע אונטערנעמונג. רימענדיק די „גרויסע ווירטשאַפטלעכע איניציאַטיוו פון דער פּוילישער שטאָט־פאַרוואַלטונג" דערציילט ראַטמאַן ש. שלייפשטיין ז"ל אין „וואָלינער פּרעסע" (אין 1938), ווי וועגן אַ וויכטיקן אויפטו דאָס איבערנעמען די צעגעלניע פון ייד פּינטשוק, פאַר דעם חוב וואָס פּינטשוק איז געווען שולדיק דער קאָמונאַלער שפּאָרקאַסע. שלייפשטיין דערציילט, אַז די פּוילישע שטאָט־טאַטעס האָבן פריער ממש מורא געהאַט פאַר ווערן בעלי־בתים פון אַזאַ „גרויסער" אונטערנעמונג. שפּעטער אָבער איז די געוועזענע יידישע צעגעלניע געוואָרן אַ קוואַל פון גרויסער הכנסה פאַר די פּוילישע מאַכט־האָבער. שוין נאָכדעם האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג אויפגעשטעלט אַ בעטאָן־פאַבריק, אין וועלכער עס זענען פּראָדוצירט געוואָרן קאַנאַליזאַציע־רערן, טראָטואַר־בלאָקן א.א. בעטאָן־אויסאַרבעטונגען. ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מען געקויפט אויף קראַסנע אַ פּלאַץ און פּלאַנירט אויפצובויען דאָרט אַ מאָדערן שעכט־הויז. אויך די באַן־סטאַנציע האָט געזאָלט אַריבערגעטראָגן ווערן קיין קראַסנע, ווו עס האָט געזאָלט אַנטשטיין אַן אינדוסטריע־צענטער. דאָס זענען אָבער געווען נישט מער ווי פּראָיעקטן מיט וועלכע מען האָט געהאָדעוועט די אָרטיקע באַפעלקערונג, וועלכע האָט ווייניק פאַרשטאַנען די פּאָליטיק פון דער צענטראַלער פּוילישער מאַכט.

וואָלין און איר הויפּטשטאָט לויצק זענען ווירטשאַפטלעך געבליבן אָפּהענגיק פון די צענטראַלע און מערב־געביטן פון פּוילן. אַלע אינדוסטריעלע פאַבריקאַטן האָט מען געמוזט קויפן אין וואַרשע, אין קאַטאָוויץ אָדער אין פּויזן. אפילו קיין נייע עלעקטראָסטאַנציע האָבן די פּאָליאַקן נישט באַוויזן אויפצובויען. אויף דער פראַגע פון מיטאַרבעטער פון „וואָלינער פּרעסע" אין סוף 1938, ענטפערט דער שטאָט־פּרעזידיום, אַז אין קיווערצע בויט מען שוין אַ נייע עלעקטראָסטאַנציע און אַז ער וואַרט ביזן 1 נאָוועמבער 1939, ווען די געזעלשאַפט „וואָלט" וועט איבערגענומען ווערן דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. ביידע זאַכן זענען נישט מקוים געוואָרן, צוליבן אויסברוך פון דער מלחמה.

## די צאָל יידן פאַרקלענערט זיך

נישט פאַראַן קיין בעסערער באַווייז וועגן דער פּאָליטיק פון דער פּוילישער מאַכט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג — ווי די סטאַטיסטישע ציפערן. במשך פון 20 יאָר איז די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער אין לויצק געוואַקסן פון 30 טויזנט ביז 45 טויזנט. אין דער זעלבער צייט איז אָבער די צאָל יידן געפאַלן פון 24 טויזנט ביז 20 טויזנט. אויב מיר וועלן נעמען אין באַטראַכט דעם נאַטירלעכן צוווּקס, דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, אַז במשך פון דעם פּוילישן מאַכט־פּעריאָד זענען בערך 8—9 טויזנט יידן געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן לויצק. די גרעסטע מערהייט פון זיי האָט עמיגרירט אין די מעבר־לים לענדער. אַ געוויסער פּראָצענט איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל. מיר געדענקען נישט קיין דערשיינונג פון איבערציען זיך אין אַנדערע פּוילישע גרעסערע שטעט. דאָס הייסט, אַז אַלע וואָס האָבן פאַרלאָזט לויצק האָבן פאַרלאָזט אויך פּוילן. טויזנטער יידן זענען געווען אין לויצק „איבעריק". אויף זייער אָרט אָבער האָט די פּוילישע מאַכט געבראַכט פון די מערב־געגענטן פּוילישע קאָלאָניסטן, אינטעליגענץ און סתם פּאָליאַקן, וועלכע מען האָט מיט דער הילף פון דער מלוכה און אירע פינאַנסן איינגעאָרדנט אין לויצק — מיטן ציל צו פאַרפּוילישן די הויפּטשטאָט פון וואָלין. כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל האָט דער מאַגיסטראַט אין יאָר 1930 באַשלאָסן צו פאַרברייטערן דעם שטח פון דער שטאָט און איינשליסן אין איר די הינטערשטאָטישע קוואַרטאַלן. דאָס האָט מיט איין מאָל געענדערט די כוחות־פאַרהעלטנישן אין לויצק לרעת די „מינדערהייטן", וועלכע זענען אין שטאָט פאַקטיש געווען די מערהייט.

אַלץ וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט אויפגעטאָן אין די 20 יאָר איז, קודם כל, אויסן געווען צו שטאַרקן די פּוילישע פּאָזיציעס אין דער שטאָט. אונטערציענדיק דעם סך הכל פון דער בוי־באַוועגונג אין לויצק אין די יאָרן 1923—1938 גיט איבער ראַטמאַן שמחה שלייפשטיין אָט וואָס:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1923 | זענען געווען אין לויצק | 2051 | הייזער |
| ״ ״ | 1931 | ״ ״ ״ ״ | 3811 | ״ |
| ״ ״ | 1935 | ״ ״ ״ ״ | 4205 | ״ |
| ״ ״ | 1937 | ״ ״ ״ ״ | 4350 | ״ |

ווי מיר זעען איז דער גרויסער שפּרונג אין דער צאָל הייזער געמאַכט געוואָרן דווקא אין די יאָרן 1923—1931. דאָס פאַרטייטשט זיך טאַקע מיטן אויסברייטערן די גרענעצן פון דער שטאָט. אָבער אויך נאָכן יאָר 1931 זענען צוגעקומען בערך 800 הייזער. די גרעסטע מערהייט פון זיי איז ספּעציעל אויסגעבויט געוואָרן פאַר דער צוגעקומענער פּוילישער באַפעלקערונג. אַ גאַנצן נייעם קוואַרטאַל האָט מען פאַר זיי אויסגעבויט — די א.ג. „קאָלאָניע אוזשענדניטשע". די אָפּטיילונגען פון די מלוכה־בענק (באַנק־פּאָלסקי און באַנק־ראָלני) האָבן אויך אויסגעבויט פאַר זייערע באַאַמטע גרויסע הייזער־בלאָקן. פאַר די פּוילישע אָפיצירן האָט מען געבויט לוקסוס־וווינונגען. שפּעטער האָט מען דאָס אַלץ אונטערגעחשבנט און באַרעכנט אַז די צאָל צימערן איז געוואַקסן פון 11,400 אין יאָר 1923 ביז 22,600 אין יאָר 1937. געווען אַזעלכע וואָס האָבן פון דעם געדרונגען, אַז דער לעבנס־ניוואָ וואַקסט. פון דאָזיקן צוווּקס האָט אָבער גענאָסן קודם כל די ניי־איינגעוואַנדערטע פּוילישע באַפעלקערונג. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אין איר גרעסטער מאַסע קאָנצענטרירט, אַזוי ווי בעתן צאַר ניקאָלאַי, אין די שמוציקע און פייכטע גאַסן פון דער אַלטער שטאָט קראַסנע, נאָוואָ־סטראָיעניע, ווילקע און דאָלינע. פאַר דער דאָזיקער באַפעלקערונג האָט די פּוילישע מאַכט נישט געווידמעט נישט קיין מיטלען און נישט קיין אויפמערקזאַמקייט.

## דיסקרימינאַציע אויפֿן דערציִונגס־געביט

ערב דעם אויסברוך פֿונעם ערשטן וועלט־קריג זענען אין לויצק געווען 4—5 יידישע שולן. דאָס זענען געווען פּריוואַטע שולן, וועלכע זענען באַשטאַנען פֿון 1—4 ערשטע קלאַסן. אַזוי האָט אַ גרופּע לערער (קרעמען, ליפּשטיין, שטערן א.א.), בשותּפות מיטן בעל־הבית פֿון דער דירה (מאיר סקירטש), געגרינדעט דעם „בית־ספר" פֿאַר קינדער פֿונעם מיטלשטאַנד. אין „בית־ספר" האָט מען געלערנט לשון קודש, חשבון, רוסיש און קאַליגראַפֿיע. אַ צווייטע שול פֿאַר ייִנגלעך איז שפּעטער געשאַפֿן געוואָרן דורך די לערער משה און שיינדעלע דינקשטיין (געקומען פֿון קרעמעניץ). עס זענען שפּעטער אַנטשטאַנען נאָך אַנדערע דריי שולן — צוויי פֿאַר מיידלעך און איינע פֿאַר ייִנגלעך.

ווי עס גיט איבער אין זיינע זכרונות ה' יואל פּערעל, האָט די צאַרישע מאַכט אין יענע צייטן דערלויבט צו עפֿענען וועלטלעכע שולן נאָר פֿאַר מיידלעך. האָט טאַקע ה' ליבערמאַן געעפֿנט אין אַ שיינעם לאָקאַל (נישט ווייט פֿון טעאַטער־בנין) אַ מיידלשע שול פֿאַר רייכערע קינדער. די שילערינס האָבן געטראָגן אוניפֿאָרמען און געלערנט פֿראַנצויזיש. געוויסע אַביטוריענטקעס פֿון דער דאָזיקער שול זענען שפּעטער אַריבער זיך לערנען אין קאָלענקאָס רוסישער גימנאַזיע. אין הויז פֿון ד"ר בראָנבערג האָט עקזיסטירט אַ שול פֿון פּרוי מור. איר מאַן, אויך אַ לערער, האָט אָרגאַניזירט אַן אומלעגאַלע וועלטלעכע שול פֿאַר ייִנגלעך. זי האָט זיך געפֿונען נאָך דער באַזיליאַנער בריק, אין אַ כאַטע פֿון צוויי צימערן. דער באַקאַנטער אין לויצק סטאָראָזש מיכאַלקאָ, פֿלעגט סיגנאַליזירן דעם לייטער פֿון דער שול, אויב עס האָט זיך דערנענטערט אַן אינספּעקטאָר.

הונדערטער יידישע קינדער האָבן זיך דערצויגן אין דער ישיבה, וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרן דורך דער משפּחה קרוינשטיין. אַ קליינער טייל האָט געלערנט אין דער רוסישער פֿאָלקס־שול און בלויז די רייכערע יידן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו שיקן זייערע קינדער אין דער רוסישער גימנאַזיע פֿון קאָלענקאָ.

מיטן אויסברוך דער ערשטער רוסישער איבערקערעניש האָבן די לויצקער יידן באַשלאָסן פֿונאַנדערבויען דאָס שול־וועזן. נישט וואַרטנדיק אויף דער פּאָליטישער סטאַביליזאַציע, גרינדן די יידן אַ יידישע גימנאַזיע. מען חלומט וועגן אַ יידישער האַנדלס־שול. די העברעישע „תרבות"־שול ציילט ביז 400 קינדער. אין דער זעלבער צייט אַנטשטייט די יידישע שול. די נאָר וואָס באַקומענע פּאָליטישע פֿרייהייטן עפֿענען פֿאַר די לויצקער יידן נייע האָריזאָנטן און זיי באַשליסן קודם כּל דערמעגלעכן זייערע קינדער בילדונג.

די אַלע חלומות ענדיקן זיך מיטן איינשטעלן זיך פֿון דער פּוילישער מאַכט. די נייע מאַכט האָט נישט געהאַט קיין פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער דאָזיקער אויפֿגאַבע. זי האָט אויך מיט אַלע מיטלען געשטערט דער יידישער יוגנט צו באַקומען מיטעלע און העכערע בילדונג. באַזונדערס האָט זי אַלץ געטאָן אויף צו שטערן די דערציִונג אין יידישן נאַציאָנאַלן גייסט.

שוין אין 1917 ווערט דורך אַן עלטערן־קאָמיטעט געגרינדעט די יידישע גימנאַזיע, וועלכע האָט עקזיסטירט ביז 1939. אין אַ מעמאָראַנדום, וואָס דער קאָמיטעט האָט אין יוני 1921 צוגעשיקט צום דעלעגאַט פֿון אַמעריקאַנער הילפֿס־פֿאָנד פֿאַר לויצק, ה' פּאַפּיר (איצט אין וואַשינגטאָן), ווערט דערציילט, אַז פֿון אַלע נאַציאָנאַלע גרופּן אין לויצק זענען די יידן די איינציקע, וועלכע האָבן נאָך נישט קיין פּאַסיקן לאָקאַל פֿאַר זייער מיטלשול. די רוסן, דייטשן און פּאָליאַקן האָבן שוין געהאַט זייערע בנינים. בלויז די 24 טויזנט יידן זענען געבליבן אין דריי אַלטע הייזער מיט אַ שלעכטן סאַניטאַרישן צושטאַנד. 500 שילער, בתוכם 150 פֿון אומפֿאַרמעגלעכע עלטערן, האָבן אין יענער צייט באַזוכט די יידישע גימנאַזיע. שפּעטער איז דער דאָזיקער ציפֿער שטאַרק געפֿאַלן.

ביזן יאָר 1929 האָט די שול־מאַכט בכלל נישט אָנערקענט די גימנאַזיע און נישט צוגעלאָזט אירע אַביטוריענטן צו מאַטורע־עקזאַמען. אין דער זעלבער צייט האָט די רעגירונג אויפֿגעבויט אַ פּרעכטיקן בנין פֿאַר דער פּוילישער גימנאַזיע און באַזאָרגט די פּוילישע שילער מיט אַלע נויטיקע אינסטרומענטן און אינוועטנטאַר. דער שכר לימוד אין דער פּריוואַטער יידישער גימנאַזיע איז פֿאַרשטענדלעך געווען אַ גרויסער און נישט איין פֿעיקער יידישער יוגנטלעכער האָט צוליב דעם געמוזט רעזיגנירן פֿון לערנען.

די פֿאַרשידענע קוראַטאָרס און וויזיטאַטאָרס האָבן זיך אַריינגעמישט אינעם אינערלעכן לערן־פּראָגראַם פֿון דער גימנאַזיע. מען האָט במשך פֿון דער צייט פֿאַרקלענערט די צאָל שעהן פֿון העברעיש און אפֿילו פֿון רעליגיע און יידישער געשיכטע. שוין אָפּגערעדט וועגן דער לערן־שפּראַך, וועלכע איז געווען פּויליש. יידישע קינדער, וועמענס מוטער־שפּראַך איז געווען יידיש זענען געשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ שווערן נסיון אַריבערצוגיין אויף דער פּוילישער שפּראַך, וועלכע געהער נישט צו די לייכטע.

אין דער לויצקער „נייע צייטונג" פֿון 21 אויגוסט 1931 באַקלאָגט זיך שטאַרק איינער פֿון די עלטערן, פֿאַרוואָס די גימנאַזיע האָט שטאַרק פֿאַרקלענערט דעם לערן־פּראָגראַם פֿון העברעישע לימודים, וועלכע מען האָט מקריב געווען אויפֿן מזבח פֿון די באַקומענע מלוכה־רעכט. דער פֿאַרדינסטפֿולער לערער און ציוניסטישער עסקן י. ד. פּעטשעניק ענטפֿערט אויף דער דאָזיקער באַשולדיקונג, אַז שולדיק איז דער „געבאָט פֿונעם לעבן", וועלכער צווינגט די עלטערן און די לערער פֿון דער גימנאַזיע צו לאָזן זיך אויפֿן וועג פֿון „קאַזיאָנשטשינע" אינעם דערציִען זייערע קינדער און צו דערמעגלעכן זיי צו באַקומען מאַטורע.

די דיסקרימינאַציע האָט זיך נישט געענדיקט מיטן באַשווערן די יידישע יוגנט באַקומען מיטעלע בילדונג. שוין נאָכן בייקומען די דאָזיקע שוועריקייטן, זענען די מאַטוריסטן געשטאַנען פֿאַר די פֿאַרמאַכטע טויערן פֿון די פּוילישע אוניווערסיטעטן. בלויז געציילטע יוגנטלעכע איז געלונגען זיך אַריינבאַקומען אין דעם ווילנער אָדער וואַרשעווער אוניווערסיטעט, און דאָס אויך — נאָר אין די ווייניק־וויכטיקערע פֿאַקולטעטן, אָבער זעלטן ווען אויף מעדיצין און אין פּאָליטעכניקום. די יידישע יוגנט פֿון לויצק וועלכע האָט געוואָלט ווייטער שטודירן איז געווען געצוווּנגען צו פֿאָרן קיין אויסלאַנד. בלויז אין פּראָג גופֿא האָבן שטודירט צענדליקער לויצקער יוגנטלעכע, פֿון וועלכע פֿיל זענען שפּעטער געוואָרן פֿעיקע דאָקטוירים, אינזשינירן און געזעלשאַפֿטלעכע טוער.

אין 1931 זענען אין לויצק געווען 90 יידישע סטודענטן. אויף אַן אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג אין זומער יענעם יאָר זענען

צו די אינסטאַנצן פון דער לוצקער יידישע סטודענטן־אָרגאַניזאַציע אויסגעוויילט געוואָרן ראַפּאַלאָווסקי, גאָסקאַ, ווייספּאָגעל, זאַבלודאָווסקאַ, מירסקי, שטערנבוים, לאַנדסבערג, פּעמאָוו, גליקליך, שירושיק און פּינוס.

בלויז געציילטע פון די 90 האָבן שטודירט אין פּוילן. די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו מאָביליזירן געזעלשאַפטלעכע מיטלען אויף הילף די אומפאַרמעגלעכע סטודענטן און אויך אויף צו פירן אַ קולטור־אַרבעט.

אין שייכות מיט דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג באַקלאָגט זיך י. ראָזענשטראָם אין דער „נייע צייטונג" נר. 19 (אויגוסט 1931), אַז „עס איז געשאַפן געוואָרן נאָך דער מלחמה אַ טיפּ פון אַקאַדעמיקער, וועלכער האָט נישט קיין אַנדער שטרעבונג ווי נאָר אַמגיכסטן ענדיקן דאָס שטודיום — אַלס מיטל צו פאַרזיכערן זיין עקזיסטענץ."

די 90 סטודענטן טרעפט מען נישט, ווי עס באַקלאָגט זיך ראָזענשטראָם, אין אָרטיקע נאַציאָנאַלע אָדער קולטור־אינסטיטוציעס, „און געפונען קאָן מען זיי נאָר אויף די פאַרוויילונגס־פּלעצער אָדער אויף די פּליאַזשעס."

דער דאָזיקער צוגאַנג פון די סטודענטן צום לעבן, דאָס איגנאָרירן דעם געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן געראַנגל איז טאַקע נישט מער ווי איינער פון די פּסיכאָלאָגישע אויסדרוקן פון דעם צאָרן און ווייטאָג, וועלכן די מערהייט סטודענטן האָט געהאַט אויסצושטיין אין שייכות מיט זייער אייגענעם קאַמף פאַר אַ צוקונפט.

ערב דעם חורבן זענען אין לוצק געווען אַ ריי יונגע דאָקטוירים ווי: ד"ר גאָלדשטיין, ד"ר פּינוס, ד"ר זעלצער, ד"ר סאַפּיאַן, ד"ר קוניצאַ, ד"ר ראָזענשטראָם, ד"ר ראַפּאַלאָווסקי, ד"ר צוקער. ווי עס גיט איבער ד"ר סאַפּיאַן, האָט דער מעדיצינישער יידישער פּערסאָנאַל געציילט אין 1942 ביי 500 פּערזאָן. בלויז אַ קליינער טייל פון זיי האָט שטודירט אין פּוילן. זיי אַלע האָבן מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג און מיט קרבנות מצד זייערע משפּחות דערגרייכט צו די פּראָפעסיעס.

נישט בעסער איז געווען די באַציונג פון דער פּוילישער מאַכט לגבי די יידישע פאָלקס־שולן. שוין אין 1918 ווערט אין לוצק געגרינדעט אַ העברעישע פאָלקס־שול, וועלכע איז אין גאַנצן אויסגעהאַלטן געוואָרן אויפן חשבון פון דער דעמאָלטדיקער נאַציאָנאַלער קיעווער רעגירונג. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער לערנען אין דער דאָזיקער שול 300 קינדער. די פּוילישע מאַכט אָנערקענט אָבער נישט די שול, און די גאַנצע לאַסט פון אויסהאַלטן זי פאַלט אויף די עלטערן. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס אויפשטעלן די פּוילישע א.ג. „פּאָווטשעכנע" מלוכהשע שולן פאַר יידישע קינדער האָט מיט איין מאָל אַרונטערגעריסן די מאַטעריעלע עקזיסטענץ פון דער „תרבות" שול. פון די 300 קינדער בלייבן נישט מער ווי 50. במשך די 20 יאָר פּוילן האָט די „תרבות"־

---

**י. ראָזענשטראָם**

וויצע־פאָרזיצער פון פאַרבאַנד

סטודענטן — פּוילישע בירגער אין פּראָג

„1. ...דער וועג פאַרן דערגרייכן דעם דיפּלאָם, אַזוי שווין אַפילו נאָכן באַקומען אים, איז פאַרן יידישן סטודענט זייער אַ שווערער. אין קעגנזאַץ צום פּוילישן סטודענט, וועלכער באַקומט אין דער מערהייט רעגירונגס־הילף אין דער פאָרם פון אַ געזיכערטן פּאָסטן, סיי אין דער צייט פון שטודיום, אַזוי נאָך אים — איז דער יידישער סטודענט אָנגעוויזן אויף זיינע אייגענע כוחות. נישט נאָר מען זאָרגט נישט פאַר אים, נאָר מען שטערט אים אין זיין טעטיקייט. דער יידישער סטודענט מוז זיין פילפאַכיק ענערגישער און עמפּינדלעכער פון זיין קאָלעגע דעם נישט־ייד. מיט זייערע בעסטע צייגענישן ווערן די יידישע סטודענטן נישט צוגענומען אין די פּוילישע הויכשולן צוליב א.ג. „מאַנגל אין פּלאַץ". די יידישע קאַנדידאַטן מוזן, ביי די מינימאַלסטע פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן, אויך פאָרזעצן זייער שטודיום אין אויסלאַנד.

מיר טרעפן גרויסע קאָלאָניעס פון יידישע סטודענטן פון פּוילן אין כמעט אַלע גרעסערע שטעט אין אויסלאַנד. אין פּראָג גופא שטודירן כמעט אַ 1,500 יידישע סטודענטן פון פּוילן און אין גאַנץ טשעכאָסלאָוואַקיי — ביי אַ 2,000. כמעט צוויי־דריטל פון זיי לערנען מעדיצין.

אין דער מערהייט לעבן זיי אין זייער שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, אָן וועלכער עס איז הילף מצד דער רעגירונג און אויך מצד דער יידישער געזעלשאַפט. (אויך דאָ אין פּראָג באַקומען די 70 סטודענטן־פּאָליאַקן די גרעסטע הילף, סיי פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, סיי פון דער פּוילישער רעגירונג). די יידן לערנען זיך גוט און זיי האָבן די בעסטע צייגענישן פון די פּראָפעסאָרן.

ווען די יידן, נאָכן ענדיקן אין אויסלאַנד, ווילן פּראַקטיצירן אין פּוילן — דאָס הייסט ביי זיך אין לאַנד — אַנטשטייט פאַר זיי אַ ניי געשפּענסט: „נאָסטריפיקאַציע" — אָפּגעבן נאָכאַמאָל אַלע עקזאַמענס אין אַ פּוילישער אוניווערסיטעט. אַזוי אַרום קומט אויס, אַז דער מעדיצין־שטודיום דויערט: 6 יאָר אוניווערסיטעט, 2 יאָר נאָסטריפיקאַציע, איין יאָר נויטיקע פּראַקטיק אין שפּיטאָל, ד.ה. 9 ביז 10 יאָר.

מיט אַלע מיטלען האָבן מיר געפּרווט אויספּועלן ביי דער פּוילישער רעגירונג מקצר צו זיין דעם לאַנגן שווערן וועג, אָבער אויף אַלע אונדזערע אינטערפּעלאַציעס און מעמאָריאַלן גיט דאָס מיניסטעריום אַזעלכע תשובות:

1) די פּוילישע אוניווערסיטעטן פאַרמאָגן נישט אַזויפיל פּלאַץ; עס איז פאַראַן אַ מאַנגל אין פּראָפעסאָרן און אין מאַטעריאַל.

2) אין פּוילן איז בכלל פאַראַן צופיל דאָקטוירים, און היות פּוילן איז אַ יונגע מלוכה, דאָס לאַנד איז רואינירט פון דער מלחמה — איז נישטאָ קיין נויטווענדיקייט צו פאַרגרעסערן די הויכשולן.

און דאָ פרעגן מיר: פאַרוואָס האָט פּוילן אין 1926 געהאַט 3,660 סטודענטן אויף אירע מעדיצינישע שולן, בעת טשעכאָסלאָוואַקיי, וועלכע איז כמעט דריי מאָל קלענער, האָט אין יאָר 1925 געהאַט 4,120 סטודענטן?

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז פּוילן פאַרנעמט דאָס 17־טע אָרט צווישן די אייראָפּעישע מדינות לויט דער צאָל דאָקטוירים אויף 10 טויזנט איינוווינער.

(פון אַן אַרטיקל אין דער „נייע צייטונג", לוצק, 31 יולי 1931)

שול זיך שווער געראַנגלט. זי האָט נישט געהאַט קיין באַקוועמען לאָקאַל, זי האָט געמוזט זיך באַנוגענען מיט פּרימיטיווע אַרבעטס־באַדינגונגען. עטלעכע יאָר איז די שול געווען איינגעקוואַטירט אין צוויי ווייטע פון זיך בנינים, און דאָס האָט ביז גאָר באַשווערט דאָס אָנפירן מיט דער שול און מיט דעם שול־לעבן בכלל. בלויז אַדאַנק דער עקשנות פון לערער־פּערסאָנאַל און דער ציוניסטי־שער סימפּאַטיע פון לויצקער יידן איז די שול נישט אונטערגע־גאַנגען און האָט זיך שפּעטער שיין אַנטוויקלט. דאָס אַלץ איז אָבער געשען טראָץ דער שטיפמוטערישער באַציונג מצד דער פּוילישער מאַכט.

דאָס זעלבע איז געווען מיט דער יידישער ציש"אָ־שול. זי האָט זיך געפונען אויף אַ נישט אַנטשפּרעכנדיקן אָרט. די פּוילישע שול־קוראַטאָרן האָבן שטענדיק געהאַט טענות צו דער שול־דירעקציע, הלמאי די שול גייט נישט איבער אין אַ בעסערן בנין. מען האָט געשטעלט דער שול אולטימאַטומס, פּונקט ווי די לערער און פּאַרוואַלטער וואָלטן געהאַט פּאַרגעניגן דערפון, וואָס זיי אַליין צוזאַמען מיט די שילער מוטשען זיך אין די ענגע און טונקעלע שול־צימערן.

אויך די באַרימטע תלמוד־תורה, וועלכע האָט פאַר די רו־סישע צייטן זיך אויסגעהאַלטן פון שכר־לימוד און פון קצבה־געלט, איז אין די פּוילישע צייטן געווען אויסגעשטעלט אויפן אייגענעם באַראָט. קינדער פון די אָרעמסטע קוואַרטאַלן און שיכטן האָבן באַזוכט די תלמוד־תורה און ישיבה. אין די לעצטע יאָרן האָט דער לערן־פּראָגראַם פון דער תלמוד־תורה אַריינגענומען געוויסע וועלטלעכע לימודים, חשבון, עברית און יסודות פון דער פּוילישער שפּראַך. די מאַכט, סיי די קאָמונאַלע ווי די צענטראַלע, האָט אָבער נישט אויסגעטיילט קיין סובווענצן פאַרן אויסהאַלטן די דאָזיקע יידישע לערן־אַנשטאַלטן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער שיינער בנין פון דער תלמוד־תורה רעקווירירט געוואָרן דורך די רוסן פאַר אַ שפּיטאָל. באַלד נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה האָבן יידן אָנגע־הויבן זיך צו באַמיען, אַז דער בנין זאָל אומגעקערט ווערן זיינע געזעצלעכע אייגנטימער. ס'זענען אָבער אַדורך יאָרן, ביז וואַנען די פּוילישע מאַכט האָט עוואַקואירט פון דאָרט דעם שפּיטאָל.

אין לויצק זענען געווען רעליגיעזע שולן — „חורב" און „בית יעקב". אויך די דאָזיקע שולן האָבן נישט געגאָסן פון קיין שום מלוכהשער אונטערשטיצונג. זייער חטא — דאָס זענען געווען שולן, וועלכע האָבן דערצויגן אין יידישן גייסט.

מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז אויב די פּוילישע מאַכט האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פון יידישן נאַציאָנאַלן שול־וועזן, האָט זי אפשר גלייכצייטיק סטימולירט די בילדונג פון דער יידישער יוגנט אין די פּוילישע מלוכהשע שולן. אַזוי צו טראַכטן וואָלט אָבער געווען נישט ריכטיק.

ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען דורך דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג אויסגעהאַלטן געוואָרן ס"ה 9 פאָלקס־שולן, אין וועלכע ס'האָבן געלערנט בערך 6,000 קינדער, יידישע און נישט־יידישע. אין די דערמאָנטע שולן זענען געווען באַשעפטיקט קרוב צו 100 לערער. דאָס באַדייט, אַז דורכשניט־לעך האָט איין לערער באַדינט 60 שילער — אַ זאַך, וואָס האָט באַשווערט ביז גאָר סיי דאָס לערנען און סיי דאָס דערציִען. בלויז צוויי שולן האָבן געהאַט אייגענע בנינים. „אַלע איבערי־קע — שרייבט ש. שלייפשטיין אין 1938 — געפינען זיך (נאָך 19 יאָר פּוילישער הערשאַפט!) אין געדונגענע הייזער. נישט אַלע זענען ווי געהעריק צוגעפּאַסט פאַר אַ שולע."

דער פּראָגראַם פון די „פאָוושעכנע" שולן האָט אויסגע־שלאָסן וועלכע ס'איז יידישע קעגנשטענדן. געלערנט האָט מען אין צוויי שיכטן — פאַרמיטאָג און נאָכמיטאָג. יידישע רעליגיע האָט מען געלערנט אין פּויליש, טראָץ דעם וואָס די מערהייט שילער זענען אין געוויסע שולן געווען יידישע.

ווי גערזאָגט, האָט די מאַכט במשך פון לאַנגע יאָרן נישט געוואָלט אָנערקענען מלוכה־רעכט פאַר דער יידישער גימנאַזיע. דאָס האָט באַדייט פאַרמאַכן די טירן פון די העכערע שולן פאַר אירע אַביטוריענטן. אָבער אויך די אָרטיקע פּוילישע מלוכהשע גימנאַזיע איז געווען כמעט ווי פאַרשלאָסן פאַר יידן. עס האָט דאָרט געהערשט אַ פּראָצענט־נאָרמע, און בלויז געציילטע, קינ־דער פון רייכערע מענטשן, אָדער ביז גאָר פעיקע, האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט אַהין אַנצוקומען. אויף 500—600 שילער זענען געווען בסך הכל ביז 30 יידישע שילער.

די זעלבע דיסקרימינאַציע, וואָס איז געוואָרן אָנגעווענדט אויפן געביט פון דערציונג, איז דורך די פּאַליאַקן געוואָרן פּראַקטיצירט אויך אויף אַלע אַנדערע קולטור־געביטן: יידישע ביבליאָטעקן, יידישע דראַמאַטישע קרייזן, יידישע כאָרן און אָר־קעסטערס, יידישע ספּאָרט־קלובן האָבן נישט באַקומען קיין שום אונטערשטיצונג. אין פיל פאַלן האָבן זיי געמוזט אויסשטיין שיקאַנעס מצד די מאַכטהאָבער און די באַאַמטע. באַשרייבנדיק די געשיכטע פון יידישן ספּאָרט אין לויצק, דערציילט ש. כאַזאַן („וואָלינער פּרעסע", 1938), אַז ווי נאָר די פּאַליאַקן זענען אַריין קיין לויצק, האָבן זיי קאָנפיסקירט אַלע ספּאָרט־מכשירים פון יידישן ספּאָרט־קלוב, וועלכער האָט זיך געגרינדעט נאָך דער רוסישער פעברואַר־רעוואָלוציע. זיי האָבן אויך צוגענומען ביי די יידן דעם לאָקאַל פונעם ספּאָרט־קלוב. אַלע ווענדונגען וועגן לעגאַליזירן אַ יידישן ספּאָרט־קלוב זענען במשך פון יאָרן געוואָרן אָפּגעוואָרפן. איינמאָל, נאָך דעם ווי דער ראָוונער יידישער ספּאָרט־קלוב „מכבי" האָט געוווּנען אַ פוטבאָל־מעטש קעגן דער מיליטערישער דרוזשינע, האָט די מאַכט פאַרבאָטן די טעטיקייט פון אַלע „מכבי"־קלובן אין גאַנץ וואָלין.

ביי יעדער אָרגאַניזירטער קולטור־אימפּרעזע האָט מען גע־מוזט אַרויסנעמען ביים סטאַראָסטע אַ באַזונדערע דערלויבעניש און אָנגעבן פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן אָפּהיטן די אָרדענונג. נישט איינמאָל האָט דער סטאַראָסטע אויך געפאָדערט דעם פולן פּראָ־גראַם פון דער אימפּרעזע צום צענזורירן.

יעדער פּרווו צו אָרגאַניזירן קולטור־אינסטיטוציעס האָט געמוזט דורכמאַכן די פּעריפּעטיעס פון לעגאַליזירן זיך, מיט אַ סטאַטוט און אַ פאַרוואַלטונג. דערביי האָבן די אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען געמאַכט די איניציאַטאָרן פאַרשידענע פאָרמעלע שוועריקייטן.

## באַציונג צו די יידישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס

איינגעמענדיק לויצק אין יאָר 1919 האָבן די נייע פּוילישע הערשער געטראָפן אַן אָרגאַניזירטע יידישע קהילה. זיי האָבן אָבער במשך פון פולע 9 יאָר נישט געוואָלט אָנערקענען די

פאַרוואַלטונג, אין יאָר 1927 איז פּלוצעם אָנגעקומען פון פּאַן סטאַראָסטע אַ בריוו, אַז ער לאָזט פונאַנדער (די נישט־אָנער־קענטע) פאַרוואַלטונג און באַשטעטיקט אַ צייטווייליקן קאָמיטעט אויף אַדורכפירן פאַרמעלע וואַלן. דער רעזולטאַט פון די וואַלן האָט דעמאַסקירט די פּלוצעמדיקע ווענדונג אין דער באַציונג צו דער קהילה. ביזן 1928 זענען פאַרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג געווען דוד לענדער און חייקל ווייץ,ביידע — אָנגעזעענע און אַקטיווע ציוניסטן. היות צו יענער צייט האָבן די ציוניסטן אין פּוילן, אונטער דער פירונג פון יצחק גרינבוים, אָרגאַניזירט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן צום קאַמף קעגן דער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק פון דער רעגירונג, האָבן די פּאָליאַקן באַשלאָסן אונטערגראָבן אומעטום די פּאָזיציע פון די ציוניסטן אין די קהילות. אַלס פאַרזיצער פון דער נייער קהילה־פאַרוואַל־טונג איז אויסגעוויילט געוואָרן לאַזאַר דאַל, דער שפּעטערדיקער סענאַטאָר און מיטאַרבעטער פון ב. ב. וו. ר. (פּילסודסקי־פּאַרטיי). אַוודאי אינספּירירט דורך אַ רמז פון אויבן, האָט די נייע קהילה־פאַרוואַלטונג פאַר איר ערשטע אויפגאַבע געזען דאָס אַרויסוואַרפן פונעם קהילה־בנין דעם פּאַלעסטינע־אַמט און די העברעישע ביבליאָטעק. ביידע אינסטיטוציעס זענען דערווייטערט געוואָרן דורך אַן עקסמיסיע, אַרויסגעגעבן דורכן פּוילישן גע־ריכט. די העברעישע ביכער האָבן זיך געוואַלגערט אין גאַס, אָבער די נייע בעלי־הבתים האָט דאָס נישט געאַרט. מער פון אַלעמען האָבן זיך מסתמא געפרייט דער סטאַראָסטע און זיינע אינסטרוואירער פון אינערן־מיניסטעריום אין וואַרשע. זיי האָבן געשאָסן צוויי ־ האָזן מיט איין מאָל: געגעבן אַ קלאַפּ דעם ציו־ניסטישן כוח און צעפלאַקערט אַ ברידער־קריג צווישן די יידן.

ממש אין דער זעלבער צייט האָט די פּוילישע מאַכט געמאַכט אַ פּרווו צוצונעמען פון דער קהילה דעם בנין, פון וועלכן מען האָט נאָר־וואָס עקסמיטירט די ציוניסטן. אויסנוצנדיק דעם פאַקט, וואָס די קהילה האָט נישט געהאַט קיין היפּאָטעקאַרע דאָקומענטן אויפן בנין, האָט די מאַכט אַרויסגערוקט פּרעטענ־סיעס, אַז זי איז כלומרשט דער געזעצלעכער יורש פונעם יידישן בנין. מיט גרויסע שוועריקייטן איז געלונגען די גזרה באַזייטיקן, אָבער די פּוילישע מאַכט האָט שוין קיינמאָל נישט באַוויליקט אַרויסצוגעבן דער פאַרוואַלטונג דאָקומענטן, אַז זי איז טאַקע דער לעגיטימער בעל־הבית פון בנין.

באַזונדערס פיינטלעך איז געווען די באַציונג מצד די פּוי־לישע מאַכט־אָרגאַנען צו די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. פון איין זייט האָבן די פּאָליאַקן באַמיט זיך פאַרצושטעלן די יידן ווי אַ פרעמדן עלעמענט, און פון דער אַנדערער — האָבן זיי באַ־שווערט די אַרבעט פון די, וואָס האָבן דערצויגן די „פרעמדע" אין גייסט פון בויען אַן אייגן יידיש לאַנד.

יעדער שריט פון די ציוניסטישע קערפּערשאַפטן האָט זיך אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן פון פאַרשידענעם כאַראַקטער. גאַר שטאַרק האָבן געליטן די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אַן אַ דערלויבעניש האָט מען נישט געטאָרט מאַכן קיין אויספלוג און קיין שום עפנטלעכע אימפּרעזע. די פּוילישע געהיים־אַגענטן האָבן גערודפט די טוער פון די חלוציש יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען פאַרברעכער.

געווען אַ פאַל ווען אַ גרופּע פון שומרישער יוגנט (אין עלטער פון 12—14 יאָר) האָט איינגעאָרדנט אַ סקויטן־שפּיל אין די גאַסן פון לויצק. מיטגעגאַנגען מיט די סקויטן איז זייער ראש קבוצה

GMINA ZYDOWSKA w ŁUCKU.

ODEZWA.

W dniu 23-go Stycznia 1929 r. zawita do naszego miasta

SŁYNNY POETA i GENERALNY DYREKTOR „KEREN-HAJESOD"

(Fundusz Odbudowy Palestyny) w Jerozolimie

P. LEJB JAFFE

W związku z powyższem Zarząd Gminy Wyznaniowej Żydowskiej m. Łucka zwraca się z apelem do ludności żydowskiej o wzięcie udziału w uroczystym przyjęciu, urządzonem na cześć dostojnego gościa w dniu powyższym i powitanie go o godz. 9 rano na dworcu kolejowym m. Łucka.

הקהלה העברית בלוצק.

ביום ד׳, 23 I 1929

יבא לעירנו המשורר העברי הגדול, הדירקטור המנהל את הלשכה הראשית של קרן היסוד בירושלם

לוצקער יודישע קהלה

מיטוואך, דעם 23 I 9⁴⁰ פריה

קומט קיין לוצק דער גרויסער יודישער דיכטער און הויפּט־דירעקטאָר פון קרן היסוד אין ירושלים

ה׳ ליב יפה

בקשר עם זה פונה הקהלה העברית בלוצק אל אוכלסי היהודים דפה לחלק להאורח החשוב הנ"ל את הכבוד הראוי ע"י השתתפותם בקבלת הפנים החגיגית. הנערכה לכבוד האורח הנכבד על תחנת הרכבת ביום ד׳ בשעה 9 בבקר.

שלטון הקהלה העברית.

אין צוזאמענהאנג דערמיט ווענדעט זיך די יודישע קהלה צו דער יודישער באפעלקערונג אין לוצק ארויסצוגעבן דעם חשובן גאסט דעם געהעריגן כבוד און גאסטפריינדליכקייט. דורך באטייליגן זיך אין דעם פייערלעכן קבלת פנים, וואס ווערט איינגעארדנט ביי דער באן־סטאנציע מיטוואך דעם 23 יאנואר ה. י 9 א זייגער פריה.

קהלה־פארוואלטונג אין לוצק

יעקב אפרת (איצט אין קיבוץ רוחמה). פּלוצעם שטעלט אים אָפּ דער אַגענט מאַטוסיאַק, רופט אים אַריין אין אַ זייטיק געסל און פרעגט אים: „אַזוי גרייטסטו זיי צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע?" נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, לאָזט ער אים אַראָפּ צוויי פלאַמיקע פּעטש און גייט זיך רויק אַוועק.

אויף אַלע חלוצישע און שומרישע קאָנפערענצן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין לויצק, זענען געשיקט געוואָרן מוסרים און אַגענטן. דאָס גרינדן דעם קיבוץ האָט זיך אָנגעטראָפן אויף פאָרמעלע שוועריקייטן. און אַזוי איז עס געווען אויף טריט און שריט.

כדי אָפּצושוואַכן די יידישע סאָלידאַריטעט האָבן די פּוילישע מאַכט־האָבער אָנגעווענדט דאָס אַלטע מיטל פון „טייל און הערש". נישט געגונג וואָס זיי האָבן קינסטלעך פאַרקלענערט די יידישע רעפּרעזענטאַנץ אין שטאָטראַט, איז זייערע אַרטיקע פּאָליטיקער געלונגען צו פונאַנדערפלאַקערן אַ קריג צווישן דער גרופּע פון בראַנבערגן און דער גרופּע פון זשיטינען און פרישבערגן. די קעגנזייטיקע אָנגרייפן און באַשמוצונגען פון ביידע גרופּן האָבן קיין כבוד דער יידישער באַפעלקערונג נישט געבראַכט. די אינערלעכע רייבונגען, איניציאירטע דורך די פּאָליאַקן, האָבן אָפּגעשוואַכט דעם כוח פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן דער דיס־

קרימינאַציע־פּאָליטיק פון דער פּילסודסקי־פּאַרטיי. „די פּאָר מה־יפית יידעלעך — שרייבט אין זייער אַ שאַרפן אויפרוף ד״ר בראָנבערג אין סוף נאָוועמבער 1931 — האָבן געהאָלפן שאַפן אַ פעסטע גויישע מערהייט. הגם זיי אַליין זענען אויך אומעטום אַריין, צו איינעם אָדער צוויי, איז דאָס נאַטירלעך נאָר אַ חוזק, ווייל זיי האָבן געהאָלפן אַוועקגעבן דעם ה׳ וויעזשביצקי (דעם פּוילישן שטאָט־פּרעזידענט) דעם אויבנאָן, די איבערוויגנדיקע מערהייט, און אַליין געבליבן דאָרט ווי עס דאַרפן בלייבן משרתים — ביי דער טיר.״

אין יענער צייט האָבן די יידן נאָך אַלץ געהאַט 14 מאַנדאַטן לגבי 13 נישט־יידישע. די יידישע גרופּן זענען אָבער געווען צעשפּליטערט. 2 בונדישע ראַטמענער האָבן זיך פון פּאָרויס נישט געוואָלט סאָלידאַריזירן מיט די פּאָרשטייער פון „יידישן קליינבירגערטום״. די איבעריקע 12 איז געלונגען צו פונאַנדערטיילן מיט פאַרשידענע אומוויכטיקע צוזאָגן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז טייל ציוניסטישע ראַטמענער האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען פאַר אַ פאָרשלאַג צו פּראָטעסטירן קעגן ענדעקישן אַנטיסעמיטיזם, בלויז דערפאַר, ווייל דער פאָרשלאַגגעבער איז געווען ד״ר א. בראָנבערג. אַ צווייט מאָל האָבן אַלע יידישע ראַטמענער געשטימט קעגן בונדישן פאָרשלאַג אָנצורופן אַ גאַס אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.



די לויצקער שטאָט־פאַרוואַלטונג (1936)

די צעבראָכענע יידישע סאָלידאַריטעט איז צוריקגעשטעלט געוואָרן ערשט ערב דער מלחמה. ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט.

## עקאָנאָמישער דרוק

אויפן עקאָנאָמישן געביט איז די פּאָליטיק פון דער פּוילישער מאַכט געגאַנגען אין דער ריכטונג פון באַשווערן ווי ווייט מעגלעך דאָס יידישע לעבן, אַרונטעררייסן די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און נישט דערלאָזן די יידן אַריינדרינגען אין קיין שום נייע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

דער סאָציאַלער געבוי פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך ווייניק וואָס געביטן זינט דעם פאַלן פון צאַרישן רעזשים. אין יאָר 1933 זענען אין די וואָלינער שטעט געווען 124 טויזנט יידן, ד.ה. בערך 25 טויזנט משפחות. פון דער אַנדערער זייט ווייסן מיר, אַז פון 19,743 האַנדלס־פּאַטענטן אין וואָלין אין יענעם יאָר, האָבן יידן אויסגעקויפט 14,526. דאָס באַדייט, אַז 75 פּראָצענט פון האַנדל איז געלעגן אין יידישע הענט. אינעם דערמאָנטן יאָר זענען אין וואָלין געווען 1952 יידישע לאַנדווירטשאַפטן וועלכע האָבן פאַרנומען אַ שטח פון 35 טויזנט העקטאַר! זייער צאָל האָט זיך אָבער געהאַלטן אין איין פאַרקלענערן, סיי צוליב דעם נידעריקן ניוואָ פון דער לאַנדווירטשאַפט, סיי צוליב דער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק פון דער אַנטיסעמיטישער פּוילישער רעגירונג אין באַצוג צו די יידישע לאַנדווירטשאַפטן. די מערהייט יידן האָט זיך דעריבער באַשעפטיקט מיט האַנדל און מלאכה, ווייל קיין אַנדערע פּרנסות זענען פאַר יידן נישט געווען.

אָנהייבנדיק פון די 30־ער יאָרן האָט דאָס פּוילישע פינאַנץ־מיניסטעריום גענומען אַ שטרענגן קורס אויף אַרויספּרעסן פון יידישן סוחרטום און האַנטווערקערטום וואָס מער שטייערן. די „וואָלינער פּרעסע״ פון יענע צייטן איז רייך מיט פאַקטן און דאָקומענטן וועגן דער אומברחמנותדיקער שטייערן־פּאָליטיק לגבי לויצקער יידן. אין נומער 84 פון 4־טן אַפּריל 1930 שילדערט י. וועגנער די סיטואַציע פון די סוחרים אויף אַזאַ אופן: „די שטייערן־פּרעס אַרבעט אָן רחמנות, די עקזעקוציעס זענען מאַסנהאַפט און דער שטייערן־צאָלער שטייט אַ דערשלאָגענער אָן סחורה, אָן געלט און קוקט פאַרצווייפלט אויף דער עגלה, וואָס פירט אַוועק זיין לעצט ביסל חפצים פון שטוב... צוזאַמענפאָרן, אינטערווענצן, שטרייקן דורך פאַרמאַכטע קראָמען, רואינירטע עקזיסטענצן, אָן אַ שיעור באַנקראָטן, פאַרצווייפלטע געשרייען פון באַעוולטע, און זעלבסטמאָרדן, אָן אַ צאָל זעלבסטמאָרדן — דאָס אַלץ צוזאַמען איז נאָך נישט קיין גענוגנדיקער אַרגומענט צו צווינגען די מאָסגעבנדיקע פאַקטאָרן צו פאַרטראַכטן זיך איבער דעם, וואָס עס געשעט אַרום אונדז...״

### יידן, ארויס פון קאפע־קלוב!

פאָריקן שבת־צונאַכטס, ווען יידישע יונגעלייט האָבן פאַרבראַכט אין קאַפע־קלוב אויף יאַגעלאָנסקע־גאַס, זענען אַריינגעקומען 4 אומבאַקאַנטע פאַרשוינען און האָבן בסוד יעדן ייד באַפוילן צו פאַרלאָזן אין משך פון 10 מינוט דעם זאַל.

דאָס זעלבע איז דאָרט פאָרגעקומען אויך זונטיק ביינאַכט און דער אייגנטימער מיט דער דינערשאַפט האָבן דערויף אַבסאָלוט נישט רעאַגירט.

די יידישע באַזוכער פונעם קאַפע־קלוב וועלן געוויס פון דעם דאָזיקן סקאַנדאַל אַרויסציען דעם געהעריקן מוסר השכל.

(איבערגעדרוקט פון „וואָלינער וואָרט״ נומער 4)

אין דער זעלבער צייטונג שרייבט ש.ע.: „פאַרצווייפלט איז היינט די לאַגע פון יידישן סוחר, קליינהענדלער און האַנטווערקער... אין דער צייט ווען דער פּויער באַקומט פאַר זיין קאָרן און קאַרטאָפל אַ שפּאָט ביליקן פּרייז, האַלט ער זיך צוריק פון קויפן און קויפט נאָר דאָס אים נויטיקסטע... דער פּויער האַלט זיך ביים ווערטל: „אַלץ גייט לויט דעם ברויט״. און ווידעראַמאָל פאַרענדיקט דער שרייבער מיט אַן אַפּעל צום שכל, יושר און מאָראַל פון דער פּוילישער מאַכט — נישט צו רואינירן דעם סוחר.



דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1930 קעגן דער דייטשער אַגרעסיווקייט

דער אַפּעל איז אָבער נישט געווען געווענדט אויפן ריכטיקן אַדרעס. די פּוילישע מאַכט האָט געהאַט איר אייגענעם פּלאַן: צוערשט אויסמאַטערן די יידישע סוחרים און האַנטווערקער, און דערנאָך — זיי עקסטערמינירן און פאַרטרעטן דורך „אייגע־נע״, ד.ה. פּוילישע, סוחרים. פון יאָר 1933 און ווייטער אָנט־שטייען אין לויצק אַ ריי פּוילישע געשעפטן, וועלכע באַקומען די פולע מאַטעריעלע שטיצע און אַלע קרעדיטן פון די פּוילישע בענק. זיי קאָנקורירן אויף אַ ווייט נישט־סוחרישן אופן מיט די יידישע הענדלער. מען שיקט פּאָליציאַנטן צו די יידישע סוחרים, צו מאַכן זיי פּראָטאָקאָלן פאַר האַנדלען זונטיק, אָדער אין די פאַרווערטע שעהן. צום סוף גייען זיי איבער צו אַ „העכערער״ פאָרם פון קאַמף קעגן יידישן האַנדל.

אין 1936 שטייגט די ענדעקיש־אַנטיסעמיטישע כוואַליע אין גאַנץ פּוילן. לויצקער יידן פילן דעם אָנקומענדיקן שטורעם. אין אַ בריוו וועלכן עס האָט געשיקט פון לויצק אין מערץ 1936 דער ציוניסטישער עסקן נפתלי גאַרטיבעל ז״ל צו שלום צוויטמאַן (ירושלים) לייענען מיר: „ס׳איז מיר שווער צו שרייבן. די זאָרגן און דאגות באַשעפטיקן מיך און לאָזן מיך נישט צו רו. לעצטנס איז צוגעקומען די פאַרסמטע אַטמאָספערע אַרום דער דיסקוסיע ווי אַזוי צו שעכטן בהמות. די פאַרשידענע שיטות פון שחיטה זענען דעמאָנסטרירט געוואָרן אויף די קעפּ פון יידן אין פּשיטיק און אין אַנדערע שטעטלעך. שטעלסט זיך נישט פאָר, ווי דאָס פאַרביטערט דאָס לעבן און דערדריקט. מיר טרינקען זיך פּשוט אין אַ ים פון שנאה און ס׳איז גאָרנישט פאַראַן קיין עצה קעגן דער רשעות וועלכע צילט אונדז צו אומברענגען.

„ביי אונדז אויף די קרעסן הערשט אַן אילוזאָרישע שטיל־קייט. מען פילט, וואָס אַן אמת, דעם באַיקאָט קעגן יידן, אָבער מען פירט אים נאָך דערווייל נישט אָפן, נאָר פון אויער צו אויער און דורך פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור. אויב עס וועט נישט קומען קיין אָפּפלוס פון דער אַנטיסעמיטישער כוואַ־ליע — פון זיך אַליין אָדער דורך אַ דרוק פון אויסן — וועט זי געוויס אויך אונדז פאַרגיסן.״

נ. גארטיבעלס נבואה איז צום באַדויערן פאַרווירקלעכט געוואָרן גאָר שנעל. אין 1938 באַווייזן זיך אין לויצק די אַזוי גערופענע פּיקעטן.

## פּראָטעסט!

איך דריק אויס מיין פּראָטעסט קעגן אומדערהערטן אַרויסטריט פון פּרעזעס פון דער עקזאַמיניר־קאָמיסיע, ה׳ שימאַנסקי, וועלכער האָט בעת אַ באַראַטונג אויסגעשריגן עטלעכע מאָל — „יידזשציע דאָ פּאַלעסטיני — טאָם בענ־דזיעציע זשאָנדזיטש!“.

כ׳האַלט, אַז אַזאַ האַנדלונג איז נידעריקער פונעם כבוד פון אַ פאָרזיצער פון דער עקזאַמיניר־קאָמיסיע און כ׳בעט פון דער האַנטווערקער־קאַמער צו ציען די גויטיקע קאָנ־סעקווענצן. אין קעגנפאַל וועל איך לייגן ביין מאַנדאַט.

**י. גערבאטש**

(„וואָלינער פּרעסע“ נומער 226 28.4.1933)

פּאָליאַקן פון דער אונטערוועלט און אוקראַינישע נאַציאָנאַ־ליסטן שטייען ביי דער טיר פון דעם יידישן געשעפט און לאָזן נישט צו קיין קריסטלעכן קונה. די דאָזיקע אַקציע האָט געהאַט פאַרשטענדלעך איר ענגן צוזאַמענהאַנג מיט דער שטייגנדיקער אַנטיסעמיטישער כוואַליע פון היטלעריסטישן דייטשלאַנד. דער אַנטיסעמיטישער באָיקאָט פון יידישן האַנדל האָט זיך נישט אָנגעטראָפן אויף קיין שטערונג מצד דער פּוילישער מאַכט, וועל־כע האָט אָפיציעל טאָלערירט די פּיקעטן און אומאָפיציעל — זיי פאַקטיש געשטיצט.

צו יענער צייט בין איך געווען אַ זעלנער אין פּוילישן מיליטער. פּסח 1938, ווען איך בין געקומען אויף אורלויב און האָב באַזוכט מיין פאָטערס געשעפט, האָב איך געטראָפן פאַר דער טיר שטיין אַ פּוילישע פרוי, וועלכע האָט געהאַלטן אין האַנט פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל קעגן יידישן האַנדל און האָט געשטערט יעדן קריסטלעכן קונה אַריינצוגיין אין קראָם. אויף מיין באַמערקונג, אַז זי זאָל זיך אָפּטראָגן, האָט די פּוילישע פּיקעטניצע אויפגעהויבן אַ געשריי, אַז איך האָב זי געוואָלט שלאָגן און אַז איך האָב זי באַליידיקט מיט זידל־ווערטער. באַלד טאַקע איז זיך צוזאַמענגעלאָפן אַ פּוילישער עולם און נישט זי, נאָר איך, דער פּוילישער זעלנער, האָב געמוזט זיך אָפּטראָגן פון מיין פאָטערס געשעפט, די יידן און אויך מיינע עלטערן האָבן מיר געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן, כדי נישט צעבלאָזן צופיל דעם ענין און דערמיט פאַרשאַפן נאָך מער שאָדן דעם יידישן האַנדל.

די מאַטעריעלע סיטואַציע פון יידישן סוחרטום און בכלל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך שוין מער נישט פאַר־בעסערט. פאַר אונדז ליגט די „וואָלינער פּרעסע“ פון 21־טן אַפּריל 1939, פיר מאָנאַטן פאַרן היטלעריסטישן אָנפאַל אויף פּוילן. שוין אין מערץ 1939 האָבן די פּאָליאַקן צום ערשטן מאָל זיך איבערצייגט אין וועלכער ריכטונג עס גייען היטלערס פּלענער. עס זענען שוין געהאַט פאָרגעקומען די ערשטע מיליטערישע צוזאַמענשטויסן אויף דער מערב־גרענעץ. היטלער האָט אין יענער צייט געהאַט אַרויסגערוקט די פאָדערונגען פון אָפּגעבן אים גדאַנסק און דערמעגלעכן אים אַדורכפירן דעם דייטשן קאָרידאָר דורך דער פּוילישער טעריטאָריע.

אינעם אויבנדערמאָנטן נומער פון דער לויצקער ציייטונג זענען פאַראַן קלאָרע אָפּקלאַנגען פון דער געשפּאַנטער פּאָליטישער סיטואַציע. ד״ר ש. אָקסמאַן שרייבט זיין אַרטיקל אונטערן פּיל זאָגנדיק קעפּל „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן...“ אויף דער ערשטער זייט געפינט זיך אַן אויפרוף פון די „יידישע קעמפער פאַר פּוילנס פרייהייט“ צו דער יידישער באַפעלקערונג, צו נעמען אַ ברייטן אַנטייל אין דער מלוכה־הלוואה אויף פאַר שטאַרקן די פּוילישע לופט־קרעפטן. די איניציאַטאָרן פונעם אויפרוף פאַררופן זיך אויף די „גרויסע און שיינע טראַדיציעס פון יידישן אָנטייל אין קאַמף פאַר פּוילנס פרייהייט“ און בעיקר אויפן פּולקאָווניק בערעק יאָסעלעוויטש, אויף וועמענס נאָמען ס׳איז געווען אָנגערופן איינע פון די יידישע גאַסן אין לויצק.

## פּראָדוקטן־רינג

פאַר דער קינדערהיים און פאַר דער דערנערונגס־אַקציע פון הונגערנדיקע שול־קינדער פון אַרבעטסלאָזע יידישע עלטערן ביים „טאָז“ אין לויצק.

פרוי ביילין שפּענדעט 10 ק״ג מעל און רופט אַרויס:
ד״ראָווע צוקערמאַן, לאַווניק עלקין, ד״ראָוואַ גאָלדבערג, ד״ראָוואַ שאַץ, פרוי לעדערפיינער, ד״ר סעגאַל, פרוי שולץ, פרוי פאַרשטיי, מ. קיפּערמאַן, מ. קאָזיאָל און א. גלייזער.

פרוי ליטוואַק שפּענדעט 5 ק״ג קאַשע און רופט אַרויס:
א. בלעכער, ז. אָקס, י. מאַזיאַר, מ. עפּעל און א. שיינער.

פרוי שניידער שפּענדעט 1 ק״ג צוקער.

פרוי באָק שפּענדעט 10 ק״ג מעל און 5 ק״ג קאַשע און רופט אַרויס:
זיגעלבערג, פרוי פּעמאָוו, פרוי ראַזאָווסקא, פאַניא צוקערמאַן און פרוי כאַזאַנאָוו.

פרוי שטיין שפּענדעט 3 ק״ג מעל און רופט אַרויס:
ד״ר פריילינג.

פרוי אַראַנאָווסקא שפּענדעט 1 ק״ג צוקער און רופט אַרויס:
פרוי דים, פרוי שרייער, פרוי שטיינשניד, פרוי ראַדאָ־מיסלסקא, פרוי גראַפּמאַן און פרוי קערצמאַן.

פרוי איטאַ גערבאַטש שפּענדעט 10 ק״ג ברויט און רופט אַרויס:
פרומער שלמה, פרוי ברוינשטיין, פרוי ווייסבערג, פוגאַן און א. פייערשטיין.

פרוי לאַקריץ שפּענדעט 16 ק״ג מעל און רופט אַרויס:
פרוי שאַץ, פרוי פרידמאַן און ד״ראָוואַ גאָלדבערגאָוואַ.

פרוי ליבהאַבער שפּענדעט 5 ק״ג פאַסאָליעס און 1 ק״ג רייז און רופט אַרויס:
פרויען: קאָסאָווסקא, מייזליש, מאַרשאַלקאָוויטש, ביק, געבדעלמאַן און זיסבראָט.

פרוי גוטע פרידמאַן שפּענדעט 8 ק״ג פאַסאָליעס און רופט אַרויס:
פרויען: אַפּשטייער, ר. קוזניעץ, גארטיבעל, ח. לאַק־ריץ און ל. קאָהן האַטטאָוואַ.

(איבערגעדרוקט פון „וואָלינער פּרעסע“ נומער 45 (255) 17.11.1933)

„פּוילן — ווערט געזאָגט אין אויפרוף — פּאָדערט פון אונדז היינט אַ געלט־קרבן. לאָמיר זיך נישט וואַקלען און געבן מער ווי מיר קאָנען און ווען ס'וועט קומען די שעה פון קאַמף פאַר פּוילן, וועלן מיר אַזוי ווי אין דער צייט פון אומאָפּהענגיקייטס־קאַמף, נעמען די פּוילישע ביקס און פאַרטיידיקן אירע גרענעצן.״

מיט אַ פּאָר וואָכן פריער האָט אויך דער אב״ד דלוצק, הרב זלמן סאָראָטשקין, פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף אין וועלכן ער האָט זיך געווענדט צו די לוצקער יידן: „ברידער יידן! איך בין פיל מיט גלויבן, אַז דאָרט ווו עס גייט אינעם וויל פון דער מלוכה, וועט איר ווי שטענדיק אַרויסווייזן אייער גרעסטע אָפּפערוויליקייט און איבערגעגעבנקייט, כמצווה עלינו מפי הנביאים „ודרשו את שלום העיר וכו'.״

אין דעם זעלבן נומער „וואָלינער פּרעסע״ ווערט געדרוקט אַ מעלדונג פון לוצקער סוחרים־פאַרבאַנד צום גענעראַל לעאָן בערבעצקי — אונטערגעשריבן דורך ק. פרישבערג, מ. באַק, ל. בערגער, י. קרוינשטיין, י. פרידמאַן, מ. גראַפּמאַן און ט. טאַבאַטשניק. אין אויפרוף איז מען מודיע דעם קאָמיסאַר פאַר דער פּוילישער מלוכה־הלוואה, אַז די יידישע סוחרים פון לוצק האָבן בייגעשטייערט 10,000 זלאָטעס אויפן פאַרטיידיקונגס־פאָנד. דאָס איז געווען אַ גרויסע געלט־סומע אין יענע פאַר־העלטענישן. כדי צו אורטיילן וועגן דעם איז גענוג איבערצו־בלעטערן דעם זעלבן נומער „וואָלינער פּרעסע״. אויף דער פערטער זייט געפינען מיר אַ ריי עפנטלעכע דאַנק־מודעות פון די לוצקער פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס צו דעם „לוצקער רעליף״ אין ניו־יאָרק. אַזוי דאַנקט דער „בית לחם״ פאַר די צוגעשיקטע 700 זלאָטעס, „צענטאָס״ — פאַר די צוגעשיקטע 525 זלאָטעס, „האַנטווערקער קראַנקן־קאַסע״ — פאַר 105 זל. „לינת הצדק״ האָט אין יענער צוטיילונג באַקומען 79.5 זלאָטעס, פרויען־פאַראיין „נאָוואָסטראָיעניע״ — 70 זלאָטעס, „הכנסת אורחים״ — גאַנצע 26.5 זלאָטעס.

אַזוי האָבן פון איין זייט די יידישע בירגער פון לוצק צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע געלט־סומע פאַר דער פאַרטיידיקונג פון פּוילן, בעת נישט מער ווי 1,500 זלאָטעס פון אַמעריקע פאַר דער לוצקער אָרעמקייט האָבן אַרויסגערופן אַזאַ פרייד אין אַלע וווילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס.

צום דאָזיקן בילד דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן דאָס זעלבסט־געפיל פון די לוצקער יידן, אין שייכות מיט דער דעמאָלטדיקער אינטערנאַציאָנאַלער סיטואַציע. „משונהדיק — שרייבט ש. כאַזאַן אינם זעלבן נומער „וו.פּ.״, אין אַ אַרטיקל אונטערן קעפּל: „אַ פּסחדיק טרייסט־וואָרט״ — זעען מיר אויס מיט אונדזער פרייהייטס־יומטוב און „מלוכה־טראָן״ אין אַזאַ צייט ווי איצט, ווען די ערד וואַקלט זיך אין אירע יסודות... אין איבער 40 לענדער שטייען יידן און אַליאַרמירן די „געוויסנהאַפטע״ ציוויליזאַציע נאָך הילף... שטייען די יידן פאַרלוירענע, ווי דער־שראָקענע לעמער, אין די פאַרבלאָקירטע הייזער — און וואַרטן מ'זאָל קומען זיי אָנטשעפּען די געלע לאַטע, יאָגן און טרייבן, שענדן און חוזקן, פאַרשמאַכטן און אויסהונגערן...״ ש. כאַזאַן קאָן נישט פאַרשטענדלעך אָנווייזן, אַז אין פּוילן, דאָס לאַנד פון קאָשטשושקאָ און בערעק יאָסעלעוויטש, די מדינה וועלכע איז שוין צו יענער צייט באַשטימט געוואָרן אַלס דער נאָענטסטער קרבן פון דעם היטלער־מולך, איז די יידישע סיטואַציע אַן אַנ־דערע. ער טרייסט די יידן מיטן „בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו״ און מיט „די בלויע הימלען פונעם נאָענטן מזרח, ווו עס באַווייזן זיך שוין דינע ערשטע שטראַלן פון דער יידישער העלער צוקונפט״.

אָבער, דאָס פּוילן פון סקלאַדקאָווסקי און בעק בלייבט, אויך ערב איר אייגענעם חורבן, פרעמד און פיינטלעך געשטימט אין באַצוג צו אירע בירגער — יידן.



דעמאָנסטראַציע קעגן דייטשן מיליטאַריזם

ווען די ציוניסטישע באַוועגונג פּרוווט אין יענער צייט צו אָרגאַניזירן פּראָטעסט־מיטינגען קעגן דער ענגלישער פּאָליטיק פון פאַרמאַכן די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר עליה, דערלויבט נישט די פּוילישע מאַכט די דעמאָנסטראַציע, מיטן אויסרייד, אַז אין אָנבליק פון דער היטלער־געפאַר וועט זי נישט דערלאָזן צו איינאָרדענען פּראָטעסטן קעגן איר פאַרבינדעטן — דער בריטישער אימפּעריע...

אין דער זעלבער „וואָלינער פּרעסע״ פון חול־המועד פּסח תרצ״ט, דאָרט ווו עס געפינט זיך דער דערמאָנטער אויפרוף פון הרב סאָראָטשקין, די מעלדונג פון די סוחרים וועגן די 10 טויזנט זל. פאַר פאַרטיידיקונגס־צוועקן, ש. כאַזאַנס טראַגישע פּאָרגעפילן, און אויך די דאַנק־דערקלערונגען פון די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס פאַר די אַמעריקאַנער נדבות, איז אויך פאַראַן אַ נאָטיץ אונטערן פילזאָגנדיק קעפּל „מען זאָגט „יזכור״!״. „זאָלן יידן געדענקען — שרייבט דאָרט י. ניידיטש — און גוט באַטראַכטן די יידישע לאַגע אין גאָר דער וועלט און זאָלן זיי וויסן, אַז דער איינציקער מקלט ווו עס האָבן זיך געראַטעוועט דייטשע יידן, ווו עס ראַטעווען זיך איצט עסטרייכישע, טשעכישע, ליטווישע יידן, און מאָרגן וועלן זיך דאַרפן ראַטעווען אַנדערע יידן — איז נאָר ארץ־ישראל.״

די שטימונגען און געפילן פון די לוצקער יידן, איבערגעגעבן אַזוי טרעפלעך אין דער לוצקער צייטונג 6 חדשים ערב דער מלחמה־אויסברוך — האָבן זיך שוין קיינמאָל מער נישט געענדערט צום בעסערן. מיט יעדן טאָג איז די לאַגע געוואָרן אַלץ מער אָנגעשטרענגטער, די סכנות — רעאַלער, דער אַנטי־סעמיטיזם — אָפענער, דער עקאָנאָמישער קאַמף קעגן די יידן — אכזריותדיקער און די יידישע צוקונפט — מער פאַרנעפּלט.

### רינג לטובת דער געזעלשאפט „טאז"

פרוי גאָלדפעדער ענטפערט פרוי מאַרשאַלקאָוויטש מיט 2 ק"ג רייז און רופט אַרויס פרויען: קולינער, דבורה מלמד און חוה שאַפּיראָ.

פרוי אניא בליאַק ענטפערט פרוי מאירוביץ מיט 3 ק"ג גרויפּן און רופט אַרויס פרוי שרה גינדל, אשר פּאַציאַרניק און יעקב פּערלמוטער.

פרוי פ. שעפלער ענטפערט פרוי ג. ליבובער מיט 4 ק"ג ברויט און רופט אַרויס די פרוי זשעניע שפּילער.

פרוי מינדעס ענטפערט פרוי גוטעס מיט 5 ק"ג גרויפּן און רופט אַרויס: טאַניע דראַליוק, דאָראַ וויינער, פאַניע קאַצעף, שרה רודמאַן, ראָזאַ ספּאָקאָינאָ, מעכציע בריטוואַר, בעלאַ קופערשמידט, לייב פישמאַן, משה קאָרן און בערל קופערשמידט.

פרוי בערגער ענטפערט פר"ל פיש מיט 2 ק"ג גרויפּן און רופט אַרויס פרוי שרה זשיטין און שבע גאָלדשמידט.

ד"ר ראָזענקראַנץ ענטפערט דיר. איילבערג מיט 1 ק"ג צוקער.

פרוי וואַקסון ענטפערט פרוי בויאַנער מיט 3 ק"ג פאַסאָליעס.

פרוי ליבערמאַן ענטפערט פרוי א. גאָלדבערג מיט 4 ק"ג ברויט.

פרוי שטול ענטפערט פריי פאַרשטיי מיט 2 ק"ג גרויפּן.

דיר. האָפמאַן ענטפערט רעד. כאַזאַן מיט 5 ק"ג פאַסאָליעס און רופט אַרויס די ה"ה יצחק דריקער נחמיה גאָלדבערג און יהודה יוכט.

(„וואָלינער פּרעסע" נומ' 7 (268) פון 16.2.1934)

טראָץ אַלעמען, האָבן יידן אין לויצק, גענוי ווי יידן אין אַנדערע פּוילישע שטעט, אויסגעדריקט זייער פולע גרייטקייט צו פאַרטיידיקן פּוילן קעגן היטלעריזם. הונדערטער לויצקער יידישע בחורים זענען אין אויגוסט 1939 מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער ארמיי. מערסטנטייל האָבן זיי געדינט אין דער פּוילישער פּיעכאָטע, ווייל זעלטן ווען האָט די פּוילישע מאַכט צוגעלאָזט אַ ייד אין אַנדערע פאָרמאַציעס. ביים אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן זיך לויצקער בחורים געפונען נעבן דער דייטשער גרענעץ און אין די וואַרשעווער פאָלקן. נישט אַלע זענען זיי צוריקגעקימען. עס זענען געפאַלן מישע שניידער, בענע ריכטער. אַ סך אַנדערע זענען פאַרפאַלן געוואָרן אָן אַ שפּור. די יונג־אַוועקגעגעבענע לעבנס האָבן נישט אָפּגעראַטעוועט פּוילן פון דער מפּלה. פאַר לויצקער יידן, ווי פאַר די אַנדערע בירגער פון פּוילן, איז דער מיליטערישער קראַך פון „נישט באַזיגבאַרן" פּוילישן מיליטער פון מאַרשאַלעק שמיגלי־רידז, געווען אַן אומדערוואַרטע זאַך. ערשט די מפּלה האָט אויפגעדעקט דעם שרעקלעכן אמת, אַז דאָס סאַנאַציע־פּוילן האָט נישט נאָר פאַרנאַכלעסיקט די מזרח־געביטן און זיך באַצויגן צו יידן, ווי צו „פרעמדע". זי האָט בכלל פאַרתכלעוועט דעם היסטאָרישן שאַנס פון פאַרזיכערן די פּוילישע אומאָפּהענגיקייט און דערפירט צו דער צעפוילונג פון רעזשים.

דאָס אַריינקומען קיין לויצק פון דער רויטער ארמיי (18 סעפּטעמבער 1939) האָט פאַרענדיקט 20 יאָר פּוילישע הערשאַפט. יידן, אַלנפאַלס די גרעסטע טייל פון דער לויצקער יידישער באַפעלקערונג, האָט זיך געראַטעוועט פון דייטשן מערדערישן היטלעריזם. זיי האָבן באַגעגנט די רויטע ארמיי ווי רעטער און באַפרייער. פאַקטיש האָט די סאָוויעטישע ארמיי בלויז אָפּגערוקט דעם אָנקום פון נאַציסטישן גיהנום אויף נישט מער ווי 20 מאָנאַטן.

### לויצקער יידן ארגאניזירן זעלבסטהילף

אין אַלע זכרונות וועגן די געשעענישן נאָך דעם פאַלן פון צאַרישן רעזשים, ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז אין לויצק זענען ערשט נאָך דער קערענסקי־רעוואָלוציע (פעברואַר 1917) אויפגעקומען „ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן" פאַרשידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. לויצקער יידן האָבן מיט זעלטענער ענערגיע גענומען זיך צום אויסבויען זייערע אייגענע קולטורעלע, פילאַנטראָפּישע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס. אַפילו אָן אייגענעם באַוואָפנטן זעלבשוץ האָבן לויצקער יידן אָרגאַניזירט.

ווען וואָלין איז נאָכן ווערסאַלער טראַקטאַט איינגעשלאָסן געוואָרן אין די ראַמען פון דער פּוילישער מלוכה, האָט די נייע מאַכט נישט איין מאָל געפּרווּט צו האַמעווען און צעשטערן די דאָזיקע אַנטוויקלונג. דאָס איז איר אָבער שוין קיינמאָל מער נישט געלונגען. לויצקער יידן האָבן במשך פון 20 יאָר פּוילישער מאַכט פונאַנדערגעבויט אַ געדיכטע נעץ פון פּאָליטישע און סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן דערפילט — אַ חוץ זייער הומאַניטאַרע און פילאַנטראָפּישע אייפגאַבע — אַ אויסערסטוויכטיקע ראָל אינעם פאַרטיידיקן די יידן קעגן דער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק פון די פּילסודסקי־פּאָליאַקן.

וואָס שייך דעם פּאָליטישן לעבן, זענען אויף דער יידישער גאַס אין לויצק טעטיק געווען כמעט אַלע דאַן עקזיסטירנדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען ביי יידן. יידן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ וואָגיקן פּאָליטישן כוח, סיי צוליב דעם, וואָס מען האָט געמוזט אָנקומען צו זייערע שטימען בעת וואַלן, און סיי צוליב זייער באַזונדערער עקאָנאָמישער און אינטעלעקטועלער איכות.

דאָס יידיש־פּאָליטיש לעבן פון לויצק האָט באַזונדערס ראַשיק זיך פונאַנדערגעבליט אין די צוואַנציקער יאָרן. ביי יעדער וואַל־קאַמפּאַניע — אָרטיקע אָדער פון לאַנד־מאַסשטאַב, ציוניסטישע אָדער קהילה־וואַלן — איז די יידישע גאַס געווען ווי אַ בינשטאָק.

דער גרעסטער טייל יידן איז געווען פּראָ־ציוניסטיש געשטימט. מען מוז אָבער אונטערשטרייכן, אַז די פּוילישע מאַכט האָט באַזונדערס געציטערט פאַר דער טעטיקייט פון די יידן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. נישט אַזוי צוליב זייער כמות, ווי צוליב דער געפאַר, אַז די יידישע קאָמוניסטן וועלן אָרגאַניזירן און וועקן דעם אוקראַאינישן פייער צום קאַמף קעגן דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער דיסקרימינאַציע מצד די פּאָליאַקן.

די לויצקער תּפיסה איז געוואָרן אַ שם דבר אין דער גאַנצער וועלט. עס האָבן געשמאַכט אין איר צענדליקער יידישע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן מיט זייער גאַנצן אידעאַליסטישן ברען מקריב געווען זייער געזונט, פרייהייט, און טיילמאָל אויך זייער לעבן, אויפן מזבח פון קאָמוניזם. צווישן זיי זענען

געווען באַקאַנטע לויצקער יידישע קאָמוניסטן (מאָטיע אָקס, קיבריק, קאַטיע בלומענקראַנץ, שירזשיק און ליבערמאַן).

גאָר אַנדערש האָבן געהאַנדלט די ציוניסטישע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. דער שווערפּונקט פון זייער טעטיקייט איז פון פאָרויס אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף אָרגאַניזירן עליה קיין ארץ־ישראל. אפילו דאַן, ווען די ציוניסטן האָבן געקעמפט פאַר סיים־פּאָטעלן און פאַר נאָך אַ ראַטמאַן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, איז דאָס געווען צוליב דער האָפענונג צו ליקווידירן די אָרעמקייט און די דיסקרימינאַציע. דאָס איז געווען אַ מיטל אינעם וועג צו זוכן די פולע און ראַדיקאַלע לייזונג פון דער יידן־פּראַגע. וועגן דער טעטיקייט פון די פּאָליטישע גרופּן ווערט אין אונדזער בוך באַזונדער אויספירלעך דערציילט. מיר וועלן זיך דעריבער באַנוגענען מיטן אַנאַליזירן די ראָל און דעם כאַראַקטער פון די פילאַנטראָפּישע יידישע אָרגאַניזאַציעס. אונדזערע באַהויפּטונגען זענען געבויט אויף די מאַטעריאַלן, פאַרעפנטלעכטע מערסטנטייל אין די ווייטערדיקע בלעטלעך פון דאָזיקן בוך.

## די יידישע נויט — די מוטער פון דער יידישער פילאַנטראָפּיע

אין אַלע אַרטיקלען און בריוו, באַריכטן און בודזשעטן, וועלכע זענען איבערגעבליבן פון יענע יאָרן ווערט קודם כל דערציילט וועגן דער גרויסער יידישע נויט, וועלכע האָט באַרעכטיקט און אַרויסגערופן צום לעבן די פאַרצווייגטע נעץ פון יידישע אינסטיטוציעס.

נאָכן ערשטן וועלט־קריג איז לויצק געווען מאַטעריעל שטאַרק רואינירט. עס זענען אָנגעקומען „ביעזשענצעס" פון רוסלאַנד און פון אַרומיקע שטעטלעך; אַ סך הייזער זענען פאַרברענט געוואָרן; קראַנקייטן און עפּידעמיעס האָבן באַדראָט דאָס יידישע לעבן און געזונט. דער יידישער מסחר האָט זיך געמוזט שנעל איבערשטעלן פון האַנדל מיט רוסלאַנד אויף האַנדל מיט פּוילן.

יידן ווייזן דאַן אַרויס אַ סך איניציאַטיוו, כדי מיט די אייגענע באַשיידענע כוחות צו לייזן אַלע זייערע פּראָבלעמען.

ווי עס גיט איבער ש. וואַרקאָוויצקי אין דער „וואָלינער פּרעסע" און פּ. באַרדיטש אין זיינע זכרונות, זענען פאַרן ערשטן וועלט־קריג געווען אין לויצק צוויי פעסטע יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק. בשעת דעם מלחמה־שטורעם, נאָכדעם ווי רוסלאַנד האָט אָנגענומען דאָס געזעץ וועגן מאָראַטאָריום, זענען ביידע בענק אויפגעלייזט געוואָרן. אָבער שוין אין 1921 ווערט מיט דער הילף פון „דזשאָינט" געגרינדעט אַ יידישע פאָלקס־באַנק. עס דויערט נישט מער ווי 3 יאָר, און די דעוואַלוואַציע פון פּוילישן מאַרק דערפירט צו אַ נייעם קראַך פון דער יידישער באַנק, וועלכע האָט שוין געציילט 1,400 מיטגלידער. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער שטעלן די יידן נאָכאַמאָל אויף צוויי קאָאָפּעראַטיווע בענק. זיי באַשיצן דעם יידישן האַנדל קעגן דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער מאַכט, ביז זיי אַליין פאַלן אַ קרבן פון דער דאָזיקער פּאָליטיק. די אָפּטיילונגען פון די מלוכהשע „באַנק פּאָלסקי" און „באַנק גאָספּאָדאַרסטוואָ קראַיאָוועגאָ" קוקן זיך צו גלייכגילטיק צו די ראַנגלענישן פון יידישן באַנק־וועזן און דערלויבן שטילערהייט זיין באַנקראָט.

לויט דער איניציאַטיוו פון הרב סאָראָטשקין שטעלן אויף די לויצקער יידן אין 1931 נאָך איין פינאַנסיעלן מכשיר צום פאַרטיידיקן דעם מיטלשטאַנד און דעם קליינעם סוחר און האַנטווערקער — דעם „גמילות חסד כללי". פון אָנהויב 1932 ביז סוף 1938 האָט די גמילות־חסדים קאַסע אַרויסגעגעבן 9318 הלוואות אויף אַ סומע פון 445,000 זלאָטעס (לויטן באַריכט אין „וואָלינער פּרעסע" — יובל־נומער). צווישן די הלוואות זענען געווען גמילות־חסדים אָנהייבנדיק פון 5 זלאָטעס. וואָס נענטער עס איז געווען צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַלץ דרינגנדיקער איז געוואָרן די הילף פון דער קאַסע פאַרן פאַרטיידיקן דעם יידישן בעל־מלאכה און הענדלער. אין אַ מעמאָראַנדום געשיקט דורך יואל כאַראַק ע"ה און להבדיל לחיים הרב ז. סאָראָטשקין צו די „חשובע ברידער און שוועסטער מעבר לים" דעם 15 מאַי 1939 — וועגן מאָביליזירן נייע מיטלען פאַר דער „גמילות־חסדים קאַסע", דערציילן די דערמאָנטע אויטאָריטעטע פּערזענלעכקייטן, אַז צווישן די לווים „זענען פאַראַן רבנים און אדמו"רים (גוטע יידן), פרומע און פריידענקער, קרעמער און בעלי־מלאכות, ציוניסטן און בונדיסטן".

איבערגייענדיק צו דער קאָנקרעטער עקאָנאָמישער סיטואַציע פון יידן צו יענער צייט, ד.ה. די צווייטע וועלט־מלחמה, דערציילט דער מעמאָראַנדום: „לעצטנס האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע געענדערט צום ערגערן צוליב: 1) די פיל גזירות און רדיפות אויף יידן אויפן עקאָנאָמישן געביט, צוליב וואָס זיי ווערן אַרויסגעשטויסן פון זייערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס; 2) צוליב אורבאַניסטיק (געמיינט די פּאָליטיק פון פּוילישן פּרעמיער סקלאַדקאָווסקי צו פאַרשענערן די שטאָט — נ. ש.) ווערן צעוואָרפן יידישע סטראַגאַנעס, וואָס איז גורם אַז די יידן זאָלן ווערן פרנסהלאָז; 3) די יידישע קראָמען ווערן פּיקעטירט דורך פאַרשידענע אַנטיסעמיטישע גרופּן; 4) די איין און איינציקע יידישע קרעדיט־אינסטיטוציע ביי אונדז אין שטאָט האָט צוליב דער ערב־מלחמה שטימונג אָפּגעשטעלט לגמרי די קרעדיטן פאַרן סוחרטום."

בלויז פאַר דער צייט פון אַפּריל 1938 ביז מערץ 1939 האָט די קאַסע אַרויסגעגעבן 2315 הלוואות אויף אַן אַלגעמיינער סומע פון 118 טויזנט זלאָטעס. צווישן זיי אייניקע הלוואות צו 15 זל., 37 הלוואות צו 20 זל., 1,661 הלוואות צו 50 זל. און 169 צו הונדערט זל. פון דער יידישער קהילה (אונטער דער דעמאָלטדיקער לייטונג פון קלמן פרישבערג) האָט די גמילות־חסדים באַקומען נישט מער ווי 150 זלאָטעס, און פון דער אָרטיקער קאָמונאַלער מאַכט — קיין איין גראָשן נישט!

די גמילות־חסדים קאַסע איז געווען איינע פון די אינסטרומענטן פון עקאָנאָמישער זעלבסטפאַרטיידיקונג פון די לויצקער יידן. ס'זענען געווען נאָך אַנדערע מכשירים, צווישן זיי — די קראַנקן־קאַסע פון די יידישע האַנטווערקער. די סאָציאַלע פּאָליטיק פון דער פּוילישער מאַכט האָט פולקאָם פאַרנאַכלעסיקט דעם דאָזיקן שיכט. דער יידישער בעל־מלאכה האָט געמוזט אויסשטיין פאַרשידענע שיקאַנעס מצד דער מאַכט. כדי זיך צו פאַרטיידיקן האָבן די יידישע האַנטווערקער אָרגאַניזירט אַן אייגענע מאַטעריעלע זעלבסטהילף און אַן אייגענע קראַנקן־קאַסע. אין אַ בריוו, געשריבן דעם 7־טן מערץ דורכן באַקאַנטן האַנטווערקער־טוער מארגעל צו די לויצקער אין אַמעריקע, ווערט דערציילט, אַז אין שווערן ווינטער פון 1939 האָט די האַנט־

ווערקער־זעלבסטהילף באַזאָרגט פיל בעלי־מלאכות מיט האָלץ, געקויפט פאַר זייערע קינדערלעך שיכלעך, אַז זיי זאָלן קאָנען באַזוכן די שול, אַנדערע — באַזאָרגט מיט אַ לעפל געקעכטס. צו די קראַנקע האָט מען געשיקט אַ דאָקטאָר און אומזיסטע רפואות. אויפן ערשטן בליק האָט אפשר די דאָזיקע טעטיקייט געטראָגן אַ צדקה־כאַראַקטער. דאָס איז אָבער גלייכצייטיק געווען אַ קאַמף פאַר איינהאַלטן די פּאָזיציע פון יידישן האַנטווערקער, אַ זעלבסטפאַרטיידיקונג־געראַנגל פון יידישן האָרעפּאַשניק קעגן דער פּוילישער דיסקרימינאַציע.

מיט גרויסן פאַרנעם ווערט אין דער זעלבער צייט געפירט אַ זעלבשוץ־אַרבעט אויפן געזונטהייטס־געביט. די העכער 20 טויזנט לויצקער יידן האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרלאָזן אויף דער קאָמונאַלער אָדער מלוכהשער מאַכט. זיי האָבן אַליין, מיט זייער אייגענע פּראַצע און מיט דער באַשיידענער הילף פון לויצקער אין אַמעריקע, אויפגעשטעלט אַ נעץ פון אינסטיטוציעס צום קאַמף פאַר אַ בעסערן סאַניטאַרן און געזונטהייטס־צושטאַנד פון יידישן קינד און דערוואַקסענעם. אין אַן אויפרוף אַרויסגעגעבן דורך „טאָז" אין לויצק דעם 30 מערץ 1939, ווערט דערציילט: „גרויזאַם און שרעקלעך איז די לאַגע פון אָרעמען פאַרוואָרלאָזטן יידישן קינד דאָס גאַנצע יאָר: די נאַסע, קאַלטע און פינצטערע קעלער־וווינונגען, אין וועלכע עס דרינגט זאָגאַר נישט אַריין קיין ביסל זון, דער אַנטי־היגיענישער צושטאַנד פון די מכשירים, אין וועלכע דאָס קינד קומט אין באַרירונג... שוואַכט אָפּ זיין געזונט־צושטאַנד." „„טאָז" אָרגאַניזירט דאָ 3 אומזיסטע אַמבולאַטאָריעס, גיט אַרויס טאָג־טעגלעך 700 מיטאָגן, האַלט אויס 2 קינדער־היימען, פאַרטיילט אומזיסט פיש־אייל, זאָרגט פאַר דער היגיענע פון 1000 קינדער, אָרגאַניזירט זומער־קאָלאָניעס פאַר העכער 800 קינדער. וועגן דער גרויסער איניציאַטיוו און אונטערנעמערישקייט פון די „טאָז"־פירער מיט פּרוי ד"ר ביילין בראש, זאָגט מער פון אַלעמען עדות דער פּלאַן (און ווידער דערמאָנען מיר דאָ: דאָס איז געווען 6 חדשים פאַרן אויסברוך פון די מלחמה) צו בויען אַ „הויז פון פרייד און אַרבעט פאַר דעם יידישן קינד". לויטן פּלאַן האָט אויפבויען דאָס הויז געדאַרפט קאָסטן 35 טויזנט זל.!

און אַזוי אויף יעדן לעבנס־געביט. עס פאַרטיידיקן זיך די יידישע סוחרים, אָרגאַניזירנדיק פאַראיינען, יורידישע הילף און אַנדערע אַקציעס — מיטן ציל אַנטקעגנצושטעלן זיך קעגן דער פּאָלאָניזאַציע — און שטיצן אונטער די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. די שול־טוער מאַכן אָנשטרענגונגען נישט צו דערלאָזן צום אונטערגיין פון יידישן און העברעישן שול־וועזן.

מער אָבער פון אַלעמען דערציילט וועגן דער יידישער זעלבסטפאַרטיידיקונג די באַמיונג צו לינדערן דעם הונגער אין די יידישע הייזער.

אין אַ בריוו געשריבן פון דער פאַרוואַלטונג פון „בית לחם לוצק", דעם 1־טן מאי 1939 צו דער לויצקער רעליעף סאָסייטי אין באַלטימאָר, ווערט דערציילט, אַז בערך 3,200 נפשות (750 משפחות) זענען דעם פּסח 1939 יאָר געווען געצוווּנגען בגלוי אָדער בסתר אָנקומען צו דעם בית־לחם! דאָס איז אַ גרויליקע ציפער! דאָס הייסט, אַז יעדער 7־טער לויצקער ייד איז געווען געצוווּנגען אָננעמען סאָציאַלע הילף.

אונטערציענדיק דעם סך הכל פון דער הילפס־טעטיקייט פון די פאַרשידענע חברות: לינת הצדק, פרויען־פאַראיינען, הכנסות אורחים, בית־לחם און אַנדערע אינסטיטוציעס — קומט מען צו דער מסקנה, אַז די לויצקער יידן, אַזוי ווי אַנדערע פּוילישע יידן אין דער זעלבער צייט, האָבן באַוויזן אַ סך נאַציאָנאַלע וויטאַליטעט, געוואַלדיקע פעיקייטן צו אָרגאַניזירן זעלבסטהילף און זעלבסטפאַרטיידיקונג אויף די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע געביטן.

ווען ס'זענען אָנגעקומען די שוידערלעכע יאָרן פון דער היטלער־אָקופּאַציע און לויצקער יידן זענען פאַרשלאָסן געוואָרן אין געטאָ, האָט זייער דערפאַרונג אין אָרגאַניזירן עקאָנאָמישע זעלבסטהילף און זעלבסטפאַרטיידיקונג אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן לינדערן די סיטואַציע. נישט איין מאָל זענען די היטלעריסטישע קאָמענדאַנטן פון לויצקער געטאָ געשטאַנען דערשטוינט און געפרעגט זיך: פון וואַנען נעמען זיך צו די יידן כוחות אויסצוהאַלטן אין אַזעלכע אוממענטשלעכע באַדינגונגען?

מאי 1960

# מכתבו של נפתלי גרטיבל לשלום צביטמן

לוצק, 30.3.1936

שלום יקירי!

ארבעה שבועות עברו כבר מיום שקיבלתי את מכתבך ורק עכשו ישבתי לענות לך. „כבד־עט" אני בזמן האחרון. גלגל הדאגות והטרדות היום־יומיות סוחף אותי בלי הרף, ביחוד בחדשי־החורף, וגוזל את זמני ביום ואת מנוחתי בערב. בעת האחרונה נוספה עוד האווירה המורעלה מסביב לויכוח „כיצד שוחטים בהמות" והדימונסטרציה של שיטות השחיטה השונות על ראשי היהודים בפשיטיק ובעיירות אחרות. אין לך מושג עד כמה כל זה מדכא את הרוח וממרר את החיים. אנו טובעים פשוט בים של שנאה ואין עצה ואין תחבולה לרשעות, האומרת לכלותנו. ואיך אפשר, הגד בעצמך, במצב־רוח כזה לענות על מכתב המואר בזוהר־שמש מולדת ואושר פנימי נובע מכל שורה בו?

בימים החשכים האלה התחילה, כמו להכעיס, השמש זורחת ומזהממת, והסיוני הנחמד שב מלא־חדווה מבית־ספרו ובפיו שיר חדש, שיר אביב אשר למד זה עכשו, ולבי מתכווץ בי מכאב, בהביטי עליו. מה טוב לו עכשו, מה מאושר הנהו, אך מה מחכה לו בימים יבואו? לפעמים אני עומד בפני שאלה חמורה: הטוב אנחנו עושים, שאנו מעניקים לילדינו כל טוב וממתיקים את ילדותם באופן מלאכותי וביחס הפוך לסביבה הספוגה שנאה; הלא ע"י זה ירגישו אחר־כך, לכשיגדלו, ביתר עוז את המציאות הקשה שיתנגשו בה ויקשה להם להסתגל אליה. אך ההכרה של „דיה לצרה בשעתה" גוברת, ואני, כרבבות הורים אחרים, ממשיך ליצור לילדי גן־עדן אילוזורי.

אצלנו, כלומר בנפות־הספר, שורר עוד שקט מדומה. מרגישים אמנם בחרם נגד הסוחרים היהודים אבל אין מכריזים עליו בקולי־קולות, כי־אם מפה לאוזן וע"י הפצה חשאית של ספרות

אנטישמית. אם אחרי גאות הגל האנטישמי בארץ, לא יבוא, מאליו או ע״י לחץ מן החוץ, השפל — מן ההכרח שיגיע גם אלינו.

סלח לי שהקדשתי במכתבי הראשון אליך מקום די חשוב לדברים הידועים לך בודאי מן העתונות. אלו הן שאלות המעסיקות את מוחי ולא יכולתי פשוט לעבור עליהן בשתיקה, מבלי לתת להן ביטוי כל שהוא.

הפסקתי את מכתבי לרגע קט ובינתיים עבר שבוע ימים ואנו עומדים כבר ערב זמן חרותנו. נניח איפוא את הצרות הצדה ונשוחח על ענינים אחרים. בחיי אני לא חל כל שינוי. חשבתי, שבימי הפסח נתראה בארץ והדבר לא עלה בידי לא רק מפני חוסר יכולת חומרית, אלא גם, ואולי בעיקר, מחוסר דחיפה מן החוץ. אילו היה פטיה נוסע לחג הפסח אפשר מאוד שהייתי נלווה אליו, אך לבדי לא אוכל, נדמה לי, להגשים כל כך מהר את חלומי זה. אגב, במכתבך לא הזכרת אף במלה את פטיה. מה אתו? מדוע יאחר לשוב? המתפש הוא את האבנים בכבישים אשר סללו ידיו לפנים, או הוא מניח אבני־יסוד לעתיד? ומה אצלך, יקירי? אני שמח מאוד על אושרך ועל סיפוק־הנפש שמצאת סו״ס במחוז חפצך. ראיתי אתמול אצל מר גלמיץ את צילומיך ביחד עם ברוניה, בומיק ועוד בחורה ורואים שפניך טובים מאוד. עם מוטילי אני נפגש לעתים תכופות. הוא לא השתנה במאומה. הוא ממשיך עוד למנות את השבועות והחדשים שבהם הרגיש את עצמו טוב או רע; קם באחת־עשרה, מעשן הרבה ויושב בכל יום כשעתים בבית־קפה. בימים האחרונים הוא מרגיש את עצמו לא טוב. בחורף היה כמה שבועות בסרודבורוב ושב משם כלעומת שנסע.

כמעט בכל יום ששי בערב אנו מתאספים בקלוב היהודי, גם הניה באה שמה, ועל כוס תה מבלים בשיחה וריקודים עד אחר חצות. זהו עכשו המקום הציבורי היחידי, שאדם משלנו יכול להרגיש את עצמו חפשי ובסביבה יהודית קרובה ואני הולך שמה ברצון.

את התעודה שביקשת אשלח לך בקרוב. הרי מכיר אתה את ברזר. פעם חסרה לו החותמת ופעם בלנקט, וכך הוא דוחה אותי מיום ליום.

אם תראה את בומה שלנו, מסור לו פרישת שלום חמה מכולנו. בקש גם בשמי סליחה ממנו על אשר לא כתבתי לו זה כשנה. אף אמור לו, שבימים הקרובים נשלח לו תמונה משפחתית ועוד צילומים אחדים.

ואתה, יקירי, אַל תתחשב בזה שאין אני דייקן בתשובתי ופקדני מפעם לפעם במכתב ושלח גם מזמן לזמן מלה מודפסת, אם תמצא שיש בה ענין בשבילי.

שלום רב לך מגניה ומהסינקה. שלום לפטיה ולכל חברינו ומכירינו.

ערב פסח תרצ״ו שלך באהבה **נפתלי**

לפני ששלחתי את המכתב קיבלתי את הצילומים: הואיל ומן הבית יכתבו לבומה רק בשבוע הבא, תואיל איפוא בטובך למסור לו את הצילומים שאני מצרף בזה. אני שולח גם לך צילום אחד.

כל הצילומים נעשו בביתנו.

## א. לוצקי — געננג מיט דעם „אמאל"

הערט שוין אויף באַזינגען אייער אַמאָל
און הערט שוין אויף באַוויינען אייער אַמאָל.

הערט שוין אויף!
הערט שוין אויף!

נאָכאַמאָל אַמאָל
און איבעראַמאָל אַמאָל.

הערט שוין אויף!
הערט שוין אויף!

אין רוסלאַנד אַמאָל,
אין גאַליציע אַמאָל,
אין רומעניע אַמאָל.

אַ „טשערטאַ" פאַר די יידן איז געווען,
אַ פחד פאַר פאָגראָמען איז געווען.

אַ זיפצעניש געווען אַמאָל,
אַ קרעכצעניש געווען אַמאָל,
אַ יאָכצעניש געווען אַמאָל.

אַ וויסטער נעכטן איז געווען,
אַ וויסטער מאָרגן איז געווען,
אַ וויסטער איצטער איז געווען.
אַ משפחה אין אַ צימער איז געווען,
געשרייען מיט געוואַלדן איז געווען,
אַ רבי מיט אַ קאַנטשיק איז געווען,
אַ בית־מדרש מיט געשלעגן איז געווען,
אַ בלאָטע ביז די קניען איז געווען,
און ברויט צו זאַט איז נישט געווען.

אַ גאַנצער מלבוש נישט געווען,
אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן,
וויסט און פינצטער איז געווען.

הערט שוין אויף באַזינגען אייער אַמאָל,
און הערט שוין אויף באַוויינען אייער אַמאָל.

הערט שוין אויף!
הערט שוין אויף!

רעדט פון היינט!
שרייבט פון היינט!
זינגט פון היינט!
מיר לעבן היינט!
שרייבט פון היינט!

ב. בריק־אַסיס / בראַזיל

# אין א שבת ראש־חודש

די שטוב איז געווען געפּאַקט. אפילו די קיך און דאָס פּאָדער־הויז — פול מיט יונגעלייט און בחורים.

אין צימער, ווו אין אַ דלד זענען געשטאַנען צוויי דעמבענע בעטן, האָבן זיך געשאָקלט עטלעכע יידענעס, אונטערגעקרעכצט צום טאַקט פון דער תפילה, פונקט ווי עס וואָלט געווען ימים־נוראים.

דאָס דאַווענען האָט געהאַט טויזנט טעמים.

שוין לאַנגע וואָכן, זינט די באָלשעוויקעס און די פּאָליאַקן האָבן זיך צעבאַלעבאַטעוועט, האָט מען נאָך אין קראסנע נישט געדאַוונט בציבור, פון אַזוינס אפילו נישט געטראַכט. די שולן און בתי מדרשים זענען געווען פאַרנומען מיט סאָלדאַטן.

די ערשטע זענען געקומען פּילסודסקיס לעגיאָנערן. זיי האָבן גענומען סתם ראַבעווען און שלאָגן, אַרויסגעטראָגן אַלץ פון די יידישע שטיבער. וואָס זיי האָט נישט גענוצט, האָבן זיי צעבראָכן, פאַרברענט און דערביי צוגעזאָגט צו מאַכן אַ סוף צו די יידן און צו דער באָלשעוויע.

שפּעטער ערשט זענען געקומען די האַלערטשיקעס. נישט אַזוי ווי די לעגיאָנערן — בעסערע מענטשן, נאָרד־אַמעריקאַנער — האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט אַנדערע אַרבעטן: שניידן בערד. ווען יידל הערש האָט זיך אַרויסגעכאַפּט צום ברונעם נאָך אַ ביסל וואַסער, זענען צו אים צו צוויי זעלנער. ער איז געבליבן צעמישט און ציטערנדיק זיך געבעטן „פּאַנאָטשקי, פּאַנאָטשקי!” דאַן האָט אים איינער אונטערגעשטעלט אַ פוס און דער צווייטער אַ קאָלער געטאָן אויף דער ערד.

און אַז אַ ייד האָט שוין זיין באָרד נישט געהאַט, איז אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר שאַמפּאָלן אויך אַ פּיינער פאַרגעניגן.

✶

ביסלעכווייז זענען די אַנטלאָפענע פאַרן פייער זיך צוריק צוזאַמענגעפאָרן. עס זענען אויך צוגעקומען פליטים פון אַנדערע חרוב־געוואָרענע יידישע שטעטלעך. האָט מען זיך צוזאַמענגעטוליעט, צו פינף פאַמיליעס אין איין שטיבל, צעפּאַקעוועט די בעבעכעס און גענומען טראַכטן: וואָס ווייטער טאָן?

אין יענע טעג איז אין שטעטל אַראָפּגעקומען דעם טריסקער מגידס אַן איניקל, דער רבי ר׳ לייבעלע. ער איז איינגעשטאַנען ביים בכבודיקן און אַלטן טריסקער חסיד, משה כייצעס. אויסגעפאַלן איז עס אין אַ שבת ראש־חודש. איז מען זיך צוזאַמענגעקומען, אַוועקגעשטעלט זיך מיט קעפּ און אַקסל אין טליתים. דער רבי מיט דער זילבערנער עטרה — אויבן ביי מזרח. די אמונה האָט ווי געוואַשן די מידע הערצער, געלייטערט. יידן האָבן מיט אַ באַזונדערע כוונה זיך צוגעהערט צום ציקלען זיך פון יענקעלע חזן און מיט גרויס התלהבות אונטערגעכאַפּט: „מקימי מעפר דל מאשפות ירום אביון”!

אָבער פּלוצעם האָט די טיר פון פּאָדערהויז זיך אויפגעפּראַלט. פינף האַלערטשיקעס האָבן זיך אריינגעריסן מיט ווילדע, טייוולאָנישע געלעכטערס. יידן קאָנען זיך פון אָרט נישט רירן. גליווערן זיי שווייגנדיק פאַר פחד.

פּאָכענדיק מיט מערדערישע פויסטן אין יידישע ברוסטן, צעשטופּן די האַלערטשיקעס דעם עולם, רוקן זיך ווייטער, זוכן אָפּ דעם רבין.

איינער כאַפּט אים ביים קאָפּ, אַ צווייטער — ביי איין פוס, און אַ דריטער — ביים צווייטן פוס. נאָך צוויי גייען נאָך פון הינטן, שטשירען מיט די ציין און מיט מעסערס אין האַנט ווייזן זיי וואָס מען וועט דעם רבין טאָן.

כיק, כיק! בראַטקו! כיק!

און פונקט ווי נעכטן מאיר שמש, ווען ער איז געגאַנגען פון מרחץ — ציען זיי אויס דעם רבין אין בלאָטע. מיטן שטיוול אויף זיין בויך שטייט איינער און צופּט שטיקלעך באָרד און פאות.

מלך גוי איז נישט אַזאַ ייד ווי אַלע יידן — נישט קיין חסיד; מ׳זאָגט: אַ מחלל שבתניק. דווקא ער ווערט ווילד. ער כאַפּט דעם מעשענעם לייכטער און לויפט אויפן גאַס. באַפאַלן אים די אַטלאַסענע קאַפּאָטעס:

— געוואַלד, מלך, גאָט איז מיט אונדז, וואָס גייסטו טאָן?!

זיי לאָזן אים נישט אַרויס. אַליין, ווייזט אויס, האָט ער זיך אויך דערמאָנט, ווי מיט אַכט טעג צוריק האָבן זיי אכזריותדיק דערהרגעט אברהמען דעם קאָלקער שערערס זון. לאָזט ער אַראָפּ דעם לייכטער אויף דער ערד.

פינף סאָלדאַטן ממיתן אַן איבערפולטע שטוב מיט יידן. ווייבער און קינדער יאָמערן און קוויטשען. יונגעלייטלעך שפּרינגען איבער פאַרקאַנעס. טליתים און יאַרמעלקעס וואַלגערן זיך אין בלאָטע.

✶

זיי האָבן שיעור נישט דערהרגעט מלך גוי. ער ליגט ביי משה כייצעס אין בעט, דעם קאָפּ אַרומגעלייגט מיט נאַסע האַנטעכער, פון אונטער וועלכע עס שטראָמען אַרויס רויטע ריטשקעלעך און ווייקן דורך דאָס קישן. זיין ווייב, די לאַנגע לאה, שטייט ביי אים צופוסנס און רייסט זיך שטיקער פון אירע דאַרע באַקן. גיטל משה כייצעס ליגט אויף אַ קושעטקע. זי האָט שוין אָפּגעחלשט, שטייען קינדער און וויינען.

— מאַמע רעד! אוי ווי מאַמע! מאַמע!

גיטל גלאָצט מיט די אויגן און פרעגט:

— וואָס איז? וואָס איז דאָ געווען?

האַלערס פּוילישע זין קומען צוריק אין זייערע אָפּטיילונגען און רימען זיך מיט זייער העלדישקייט.

דאָרט שעלט מען דאָס „פאַרשטונקענע” יידישע בלוט און מען דערציילט זיך איבער ווי אַזוי מען האָט פאַרן פּאָטערס אויגן פאַרגוואַלדיקט אַ שיין יידיש מיידל; ווי אַזוי מען האָט אַ רב אַריינגעציילט פינף און צוואַנציק שאַמפּאָלן; ווי אַזוי מען האָט אַרויסגעפירט פופצן יידן הינטערן שטאָט אויפן פעלד און אַלע מיט איין מאָל אויסגעשאָסן; ווי אַזוי מען האָט געצוווּנגען אַ ייד שפּרינגען פון פענצטער פון פינפטן שטאָק — אַז ער איז אַראָפּ אונטן, איז פון אים געבליבן איין באַרג אומריינקייט...

ס׳איז פריילעך. מען לאַכט און מען קוועלט און מען אַמפּערט זיך ווילעריש. זאָגן איינקע, אַז מען דאַרף אַלע יידן אויסקוילענען, ווייל פּולווער קאָסט טייער; אַנדערע זאָגן, אַז מען דאַרף איבערלאָזן אַ ביסל פון דעם מין. גאָט האָט זיי געשאַפן פאַר די פּאָליאַקן, ס׳זאָל זיין מיט וואָס זיך צו ווייל, מיט וואָס די צייט צו פאַרטרייבן.

✶

מלכס פנים איז צעקרומט. ער וויינט און בייסט זיך די ליפּן. פרעגט מען אים: מלך, עס טוט דיר שטאַרק ווי? ענטפערט ער: ניין! ניין! גאָרנישט! גאָרנישט! — און וויינט ווייטער.

גייט דער רבי צו צום בעט און זאָגט: מלך, באַרויק זיך, הער אויף, ס׳איז היינט שבת, מ׳טאָר נישט וויינען.

כאַפּט מלך ביידע הענט, דעקט צו דאָס פּנים, צעוויינט זיך אויפן קול און שרייט: ניין, רבי, איך קאָן נישט, כ׳קאָן נישט אויפהערן. ס׳איז אַ חלול השם, כ׳קאָן נישט!

דער רבים רוקט זיך אָפּ און מלך בלייבט ליגן, ער וויינט און כליפּעט ווי אַ קינד און טענהט צו די אַרומיקע:

יידן, געוואַלד, יידן! פאַרוואָס שווייגן מיר? פאַרוואָס קושן מיר אייביק די ריטער מיט וועלכע מען שמייסט אונדז? די שטיוול מיט וועלכע מען טרעט אויף אונדז? פאַרוואָס? און ביז וואַנען??!

(„די צייט” נומער 8, 1940)

ישראל גינדעל / רחובות

# אידעאישע שטרעמונגען ביי דער לויצקער יוגנט

די שטרעמונגען און אידעען, וואָס האָבן געהערשט אויף דער יידישער גאַס אין לויצק, זענען געווען אַן עכאָ פון דעם וואָס קומט פאָר אין גאַנץ פּוילן און אויך אויסער אירע גרענעצן. די אָדער אַ צווייטע אידעע איז פריער אָדער שפּעטער אָנגעקומען אויך אין אונדזער קליינער שטאָט.

דער טרעגער פון די נייע געדאַנקען איז געווען די אינטעלעקטועלע יוגנט, ד.ה. יענע יוגנט, וועלכע האָט זיך פאַרפולקאָמט אין דער היים אָדער אין די שולן און זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיטן גרויען לעבן אין געוועלב אָדער אין וואַרשטאַט פון די עלטערן. און הגם די שטרעמונגען און אָנשווּנגען זענען געווען קעגנזעצלעכע, מוזן מיר אונטערשטרייכן, אַז יעדער געדאַנק, פאַר וועלכן עס קעמפט דער יוגנטלעכער, צי מיר זענען מיט אים מסכים אָדער נישט, האָט זיך זיין חשיבות. מיר ווילן דאָ נישט דורכפירן קיין קריטיק איבער דער אָדער אַנדערער אידעע, נאָר מגדיר זיין די שטרעבונגען פון דער יוגנט, איר גייסטיקע פיזיאָנאָמיע און זעליש גליק, כדי מיר זאָלן באַקומען אַ בילד פון דער לויצקער יידישער יוגנט אין דעם ים פון אוקראַינער, רוסן און פּאָליאַקן.

אויסער דער אַסימילירטער יוגנט, וועלכע איז סייווי געווען אין דער מינדערהייט, האָבן די יידישע יוגנטלעכע געטראָגן מיט שטאָלץ זייער יידישקייט, אָנהייבנדיק פון יענע, וועלכע האָבן אָנגעהערט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און ענדיקנדיק ביי דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. די אַסימילירטע יוגנט האָט זיך קאָנצענטרירט אין די פּוילישע שולן און פלעגט אויך אויסבאַהאַלטן איר נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט, ווען די לערער האָבן וועגן דעם געפרעגט. די אַסימילירטע, וועלכע האָבן זיך באַמיט זיך צו דערווייטערן פון די יידן, פלעגן שפּעטער אין די רייפע יאָרן ענדערן זייער מיינונג, און ס׳איז טשעקאַווע דער פאַקט, אַז זיי פלעגן אפילו צושטיין צום נאַציאָנאַלן לאַגער און זיך אויסצייכענען מיט שטאַרק עקסטרעמע אָנשוווּנגען. אין אַ שמועס מיט זיי האָבן מיר איינקע פון זיי אויפגעקלערט, אַז זיי האָבן געזען אין אַסימילאַציע אַ לייזונג פאַר דער יידן־פראַגע, אָבער זיי האָבן אַ טעות געהאַט. דאָס יידישע פאָלק מוז קומען צו אַ פולער לייזונג און דורך עקסטרעמע מיטלען. אָבער אין זייער מערהייט זענען זיי נישט געקומען צו די טויערן פון אונדזער לאַנד, און היטלערס שווערד האָט איבערגעשניטן זייער לעבנספאָדעם, אָדער זיי האָבן עמיגרירט אין אַנדערע גלות־לענדער.

מען קאָן מיט צופרידנקייט פעסטשטעלן, אַז די יוגנט, וועלכע איז געזעסן איבערן בוך, באַזונדערס יענע, וועלכע האָט געשטודירט אין די הויכשולן, איז געווען די אידעען־טרעגערין אויף דער יידישער גאַס. די יידישע אינטעליגענץ, וואָס אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט איז איר צאָל געווען אַ קנאַפּע, האָט זיך געמערט, באַזונדערס נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳האָבן זיך פאַר איר געעפנט די גרענעצן פון פּוילן, וואָס האָט זיי דערמעגלעכט דאָס אריינטרעטן אין אירע אוניווערסיטעטן.

בעת אין די פראַנצויזישע און טשעכישע אוניווערסיטעטן, וווהין ס׳האָבן זיך באַזונדערס געצויגן די לויצקער יוגנטלעכע, האָט געהערשט א דעמאָקראַטישער גייסט, איז אלץ ערגער גע־

וואָרן זייער לאַגע אין די פּוילישע אוניווערסיטעטן, ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט דערגרייכט צו דעמאָנסטראַציעס און געשלעגערייען. אין איניקע פאַקולטעטן, באַזונדערס אין דעם מעדיצינישן, האָט געגאָלטן א „נומערוס קלאַוזוס". אין אַלגעמיין זענען די יוגנטלעכע געניגט געווען צו שטודירן מעדיצין, אדוואָקאטור און פּעדאַגאָגיק, די מיידלעך האָבן געשטודירט שפּראַכן, איניקע — פאַרמאַצעווטיק און פּעדאַגאָגיק. איך, למשל, בין געווען אַ יוצא־מן־הכלל, אויסקלייבנדיק דעם שטודיום פון וואַלד־צוכט. אויפן דאָזיקן אָפּטייל האָבן די יידן נישט געשטודירט צוליב די שוועריקייטן דאָרט אָנגענומען צו ווערן און זיי האָבן אויך נישט געזען קיין תכלית פאַר א יידן אין דער דאָזיקער פּראָפעסיע.

דעם ערשטן שטויס אויפן דאָזיקן פעלד האָבן מיר געגעבן די בראָשורן פון ה' יוסף ווייץ, וועלכער האָט געוויילט ביי אונדז אין שטאָט ביי זיין פעטער חייקל ווייץ, דער פאָטער פון מיין חבר זאב. אין זייער שטוב האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף בילדער פון ארץ־ישראל, וועלכע האָבן באַוויזן איר נאַקעטקייט צוליבן מאַנגל אין גרינס און ערד־באָדן.

מיינע פיר שטודיום־יאָרן אין וואַרשע זענען געווען יאָרן פון ליידן און כסדרדיקע קריגערייען מיט דער פּוילישער יוגנט אין יענער שול, ווו ס'איז קאָנצענטרירט געווען „דאָס שיינדל" פון דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם. דאָרט איז אויך געווען איינער צווישן מיינע פּוילישע מיטשילער, וועלכער האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט נאָך אפילו קיין איין מאָל אין זיין לעבן נישט גערעדט מיט קיין יידן. באַזונדערס פלעגט געשפּאַנט זיין די לאַגע בעת די געניטונגען אין די וועלדער.

נישט ווייניקער האָבן זיך אָנגעליטן די יידישע יוגנטלעכע אין די אַנדערע אוניווערסיטעטן אין וואַרשע, לעמבערג און קראָקע. אָבער מען דאַרף מיט סאַטיספאַקציע אונטערשטרייכן, אַז אויסער דער אַסימילירטער יוגנט, האָבן די יידן מיט שטאָלץ געטראָגן זייער יידישן אָפּשטאַם און אויף באַליידיקונגען און קלעפּ געענטפערט מיט באַליידיקונגען און קלעפּ.

אינצווישנצייט איז די לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער, ווען פּילסודסקי איז געשטאָרבן, און דער אַנטיסעמיטיזם האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער באָיקאָט אויף יידישע קראָמען, און אין די אוניווערסיטעטן זענען אפילו באַשטימט געוואָרן באַזונדערע בענק פאַר די יידישע סטודענטן. די יידישע יוגנט האָט באַשלאָסן צו לערנען שטייענדיק און נישט אָנערקענען דעם דאָזיקן משונהדיקן „געטאָ". און מען דאַרף אונטערשטרייכן מיט צופרידנקייט די אויפפירונג פון וואַנדען, פּילסודסקיס טאָכטער, וועלכע איז געשטאַנען צוגלייך מיט די יידן, ווי אַן אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט מיט זייערע ליידן.

אַזאַ איז געווען דאָס לעבן פון דער שטודירנדיקער יוגנט און דער צושטאַנד פון דער אָרעמער יוגנט, וועלכע האָט געדאַרפט פאַרדינען אויף ברויט. אין די דאָזיקע שווערע באַדינגונגען זענען די ליידן געווען דאָפּלט גרעסער. אָט די לעצטע, אונטערדריקטע, סיי נאַציאָנאַל סיי מאַטעריעל, האָבן כסדר אָנגעפילט די רייען פון די קאָמוניסטן, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

וועגן דעם טראַגישן סוף פון דער דאָזיקער יוגנט וועלן שרייבן יענע, וועלכע זענען געווען עדות פון דער שוידערלעכסטער קאַטאַסטראָפע, ווען ס'האָט זיך איבערגעריסן דער לעבנספאָדעם פון דעם לוצקער יידנטום.

## די דינאַמישע תקופה אויף דער יידישער גאַס

נאָך דער לאַנגער און דערדריקנדיקער תקופה פון חסידות, ווען די איינציקע גייסטיקע שפּייז איז געווען דער חומש, רש"י און טיילווייז אויך דער תלמוד, ווען רוקנגעבויגענע זקנים בוקן זיך פאַרן פריץ און טאַנצן דעם „מה־יפית"־טאַנץ, הייבט אָן אַלץ בולטער זיך אָנצוצייכענען דער מאָדערנער בליק אויפן לעבן, און ס'קומט די תקופה פון השכלה.

די סאָציאַליסטישע שטרעמונגען, וועלכע האָבן אַריינגעדרונגען אין די רוסישע אוניווערסיטעטן, זענען אויפגענומען געוואָרן דורך די יידישע סטודענטן, וואָס זייער צאָל איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק אַ קנאַפּע. די דאָזיקע סטודענטן האָבן זיך סוף־כל־סוף אָרגאַניזירט אין דער בונדישער פּאַרטיי, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1897. די יידישע בונדיסטן, אין אָנהייב בלויז אינטעלעקטואַלן, האָבן זיך דערוואָרבן צווישן די אַרבעטער־מאַסן אַ סך אָנהענגער, און צוליב זייער נישט באַזיצן די רוסישע שפּראַך האָט זיך אין זייערע קלובן איינגעבירגערט די יידישע שפּראַך.

אינצווישנצייט אָרגאַניזירט זיך אַלץ מער דער טעאָרעטישער ציוניזם. דער דאָזיקער ציוניזם האָט אין אָנהייב נישט פאַרמאָגט קיין פּאַרטייאישע איינשטעלונג און האָט אין זיך אַנטהאַלטן מער אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אידעען נאָכן דערשיינען פון טעאָדאָר הערצלס בוך וועגן אַ יידישער מדינה. די דיסקוסיעס צווישן די בונדיסטן און די ציוניסטן האָבן זיך באַזונדערס קאָנצענטרירט אין די בתי־מדרשים, ווען די רעליגיע האָט נאָך געהערשט אין דער יידישער גאַס.

דער ערשטער קלוב, אין וועלכן ס'האָט זיך אָרגאַניזירט דער ציוניסטישער לאַגער, איז געווען דער „ציוניסטישער קלוב", געשאַפן דורך דער איניציאַטיוו פון חייקל ווייץ, בראָנבערג און אברהם לענדער. אין דאָזיקן קלוב האָט מען רעפערירט, גערעדט העברעיש און אויפגעכאַפּט יעדע ידיעה פון דער ארץ־ישראלדיקער פּרעסע, און לסוף אויך גענומען שאַפן פּלענער פון פאַרווירקלעכונג. די ציוניסטישע יוגנט האָט אַלץ מערער גענומען רעדן העברעיש, און אין יאָר 1912 איז אַנטשטאַנען אַ געזעלשאַפט א.נ. „חובבי שפת עבר" דורך דער איניציאַטיוו און אונטער דער אָנפירונג פון אַן אַלטן ציוניסט, הער טעמערלין, וועלכער פלעגט אויפנעמען די יוגנטלעכע ביי זיך אין שטוב צו רעדן עברית און שאַפן אַ ציוניסטישן לעבנסשטייגער. דער ציל פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען צו רעדן עברית אויך אין גאַס, און ס'איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ שטראָף אויף יענע, וועלכע האָבן נישט אָפּגעהיט די פאַרפליכטונג. די יוגנטלעכע פלעגן שרייבן קאָמפּאָזיציעס און אויף פאַרשידענע אופנים פאַרטיפערן זייערע ידיעות אין דער העברעישער שפּראַך, ביז ס'איז געקומען די ערשטע וועלט־מלחמה מיט אַלע אירע אומגליקן און האָט ישטום געמאַכט דאָס גייסטיקע לעבן אויף דער יידישער גאַס.

## די לויצקער „בילויים"

יאָר 1918. די ערשטע וועלט־מלחמה דערנענטערט זיך צום סוף. ביינאַכט איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט פּנים־אל־פּנים צווישן די רוסן און פּאָליאַקן, און האַלערס לעגיאָנערן איז געלונגען

אַרויסצושטויסן די רוסן פון די גרענעצן פון דער שטאָט. ווען מיר האָבן זיך אויפגעהויבן אינדערפרי, האָבן מיר געזען די פּוילישע לעגיאָנערן גיין פאָרויס אויף מזרח, און אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די האַלערטשיקעס גענומען שניידן יידישע בערד.

בראָנבערג רופט צוזאַמען אַ גרופּע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געהערט צום ציוניסטישן קלוב, קלערט זיי אויף וועגן דעם אָנהייב פון אַן עליה קיין ארץ־ישראל פון אַנדערע ערטער אויף דער וועלט און טיילט מיט, אַז די צייט איז קורץ און מען דאַרף זיך גלייך לאָזן אין וועג אַריין.

צוואַנציק בחורים, די מערהייט פון פאַרמעגלעכע הייזער, דערצויגענע אויפן שויס פון ציוניסטישער טעטיקייט, אייניקע בחורים פון ישיבות אין אָדעס, ווו זיי האָבן געהערט תורה פונעם מויל פון ביאַליקן, אחד־העמען און אַנדערע — אַלע זענען געשפּאַנט און גרייט אין וועג אַריין. קיין לאָקאָמאָציע־מיטלען זענען נישט געווען, און לענגאויס די גרענעצן פון דער שטאָט דרייען זיך נאָך פּוילישע וואַכן, וואָס ס'איז גלייכער אויסצומיידן אַ באַגעגעניש מיט זיי.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די עליה פון די „לויצקער בילויים" און אין גייסט פון די בילויים — „בית יעקב לכו ונלכו". סוף־כל־סוף זענען זיי אָנגעקומען צו דער שיף, און נאָך אַ סך מאַטערנישן דערגרייכט יפו.

מען דאַרף אונטערשטרייכן מיט צופרידנקייט, אַז היינט, אין פערציק יאָר אַרום, באַשטייט זייער מערהייט פון פּראָדוקטיווע בירגער, מענטשן פון אַרבעט און תורה, און אייניקע פון זיי פאַרנעמען פירנדיקע ערטער אין לעבן פון דער געזעלשאַפט, אין דער ליטעראַטור, פּעדאַגאָגיק, עקאָנאָמיק און אין דער פּאָליטיק.

### דאס אנטשטיין פון רעד חלוצישער באוועגונג

דריי יוגנטלעכע, יונה טשאַרטאָריסקער, ירוחם גינדעל און וויטיע כ"ץ, האָבן באַשלאָסן אויפצושטעלן די חלוצישע באַוועגונג אין לויצק און זיין טעטיק ביז זיי וועלן עולה זיין. ס'איז זיי געלונגען זיך צו דערווערבן די סימפּאַטיע פון פינף און צוואַנציק יונגעלייט, אַ היפּשער טייל פון זיי שטודירנדיקע אָדער געענדיקטע.



אַ גרופּע חלוצים אויף הכשרה



אַ גרופּע פון השומר הצעיר

נאָך זייער אָרגאַניזירן זיך האָבן זיי זיך געווענדט צו אברהם גליקליך, אַ לויצקער גוטבאַזיצער, ער זאָל זיי אויסטיילן אַ שטיקל באָדן, און נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז ווייט געווען פון ציוניזם, האָבן אים די דריי בחורים איבערצייגט, און ער איז זיי אַנטקעגנגעקומען. אין משך פון עטלעכע חדשים האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ קליינע ווירטשאַפט און אָנגעהויבן אַרבעטן. די מערסטע צייט האָבן זיי אויסגענוצט אויף אַרבעט אין גאַס, כדי צו אַנטוויקלען זייער ווירטשאַפט. ווער פון אונדז געדענקט עס נישט דעם שטאַרקן איינדרוק ווען מיר האָבן דערזען צום ערשטן מאָל די „באַלעבאַטישע קינדער" פאַרקערן די הויפּטגאַסן אין שטאָט? די איידעלע בחורים, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט צוגערירט צו פיזישער אַרבעט, גייען פון שטוב צו שטוב און נעמען אָן יעדע אַרבעט, וואָס מען קאָן נאָר באַקומען. באַזונדערס האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט האָלץ־האַקן, און נישט איינער פון זיי פלעגט זיך אומקערן אַהיים פול מיט ווונדן פון דער אַרבעט, צו וועלכער ער איז נישט געוווינט געווען. ס'האָט אפילו איינמאָל געטראָפן, אַז צוויי אַזעלכע „האָלצהעקער", וועלכע האָבן נישט געקאָנט בשום־אופן אויספירן זייער אַרבעט, האָבן געדונגען אַ פויער, און פאַרנאַכט געבראַכט דעם פאַרדינסט צו דער חברה... נאָך עטלעכע יאָר האָט זיך די טעטיקייט פונעם „החלוץ" אָפּגעשטעלט, נאָך דעם ווי אַ טייל פון זיי, און צווישן זיי ירוחם גינדעל, זענען עולה געווען, טשאַרטאָריסקער מיט עטלעכע זענען אַריבער אין חלוצישן קיבוץ אין קלאָסאָווו און פון דאָרט עולה געווען, וויטיע כ"ץ האָט זיך אומגעקערט צום געוויינלעכן טאָג־טעגלעכן לעבן.

### די יוגנט־באוועגונג אין לויצק

בעת די אידעאָלאָגישע אַרבעט פון דעם „הפועל הצעיר" איז געפירט געוואָרן דורך די התאחדותניקעס אין זייער קלוב, האָט זיך אַלץ מער אָרגאַניזירט די באַוועגונג פון „השומר הצעיר" אונטער דער אָנפירונג פון אורי גליקליך. די אידעע פון באדן־פּאַאול, וועלכע האָט געוווּנען די יוגנטלעכע מאַסן אין דער ברייטער וועלט, בייגאַנד מיטן פאַרשפּרייטן זיך פון די דעמאָקראַטישע שטרעמונגען, האָט אויך באַהערשט די יידישע יוגנט אויפן שטח פון פּוילן.

איר דערציערישע השפעה אויף דער לויצקער יוגנט איז געווען זייער גרויס. עס קריסטאַליזירן זיך נייע און דערהויבענע באַגריפן און חברישע געפילן, די השומר־הצעיר יוגנט שטרעבט צו פאַרפולקאָמונג פון דער אינטעליגענץ, זיי קוקן קרום אויף רויכערן און אַ לוקסוס־לעבן, פאַרברענגען אַ געוויסע צייט אויף דער שויס פון דער נאַטור נעבן שייטערס און נאָך און נאָך — דאָס אַלץ האָט געלייגט דעם שטעמפּל אויף דער אויספאָרעמונג פון דער דאָזיקער יוגנט, און די יאָרן פון זייער אָנגעהעריקייט צו דער דאָזיקער באַוועגונג זענען טיף איינגעקריצט געוואָרן אין זייערע הערצער אויף זייער גאַנץ לעבן.

און ווי וווּנדערבאַר איז געווען די ערשטע דעפילאַדע פונעם „השומר הצעיר” אין דער ספּעציעלער קליידונג מיט די אָפּצייכענונגען, מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס און די שטעקנס אין די הענט, מיטן אָרקעסטער פאָרויס, און הינטער אים פירט אורי גליקליך, רייטנדיק אויף אַ ווייס פערד, די בריגאַדעס פון די „צופים”.

דער „השומר הצעיר” איז ביי אונדז אין שטאָט געווען פון די שטאַרקסטע, כל־זמן ער האָט אָפּגעהיט זיין אומפּאָליטישן אינהאַלט און זיינע הומאַניטאַרע און אלטרויִסטישע שטרעבונגען.

אינצווישנצייט האָט זיך אין דער באַוועגונג פון „השומר הצעיר” פאַרשטאַרקט דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער בליק, און דאָס אַנטשטיין פון פאַרטייען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט גורם געווען צו אַ שטאַרקן אָפּפלוס פון די רייען פון דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע.

איך פּערזענלעך, אַ דערצויגענער אויף דער ליטעראַטור פון „הפועל הצעיר”, אַ געטרייער אָנהענגער פון א.ד. גאָרדאָן, האָב נישט געקאָנט מסכים זיין אויף אַ בלויז טעאָרעטישער טעטיקייט, און נאָך אַ סך באַמיונגען איז מיר געלונגען אויפצושטעלן די יוגנטלעכע באַוועגונג „גורדוניה” און אָרגאַניזירן מיינע חברים און באַקאַנטע.

ס׳געדענקט זיך מיר נאָך די פאַרוווּנדערונג פון אַ ישראל־שליח, אַ געשיקטער פון דער קיבוצישער באַוועגונג אָנטיילצונעמען אין דער דערעפענונג. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און שטיל זיך געווענדט צו מיר: „די יוגנט, וואָס דו האָסט אָרגאַניזירט, זעט מיר נישט אויס צו זיין קיין פּאַסיקער חלוצישער מאַטעריאַל.” זיינע ווערטער זענען טאַקע געווען ריכטיקע. די פריילינס זענען אויסגעסטראָיעט אין פּרעכטיקע קליידער און די מער עלטערע פאַרבן די ליפּן, אַנדערע טראָגן פוטערס, די בחורים ווידער טראָגן קראַוואַטן און שיינע אַנצוגן. דער דאָזיקער שליח האָט מיר אויפגעקלערט די חלוצישע שטרעבונגען פון „גורדוניה” און די נויטווענדיקייט אין חלוצישער פאַרווירקלעכונג. אויך איך האָב מיטן גאַנג פון דער אַרבעט אָנגעהויבן אַלץ מער צו אָרגאַניזירן די יוגנט, וועלכע שטרעבט באמת עולה צו זיין, און מיט דער הילף פון דער „גורדוניה” אין לאָדזש, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען פנחס לבון, האָב איך סוף־כל־סוף געשאַפן אַ חלוצישע יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן זין פון וואָרט.

אין יאָר 1929 בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע שטודירן, אָבער די באַוועגונג האָט ווייטער עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, און איז געווען אַ באַוועגלעכע סטאַנציע פאַר דער חלוצישער יוגנט, וואָס אַ קענטיקער טייל אירער האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל, און פיל פון זיי



דער „השומר” אין לויצק



„גורדוניה"־קאָלאָניע אין אילאַנוווקע



אַ „גורדוניה"־גרופּע מיט ש. צוויטמאַן און י. שיינער אין צענטער

זענען צוגעשטאַנען צו דער קיבוצישער באַוועגונג און פירן היינט אַ לעבן פון מי און אַרבעט אין בליענדיקע דערפער איף די שטחים פונעם לאַנד.

## די רעוויזיאָניסטישע יוגנט

אין דער צייט וואָס „גורדוניה", דער „השומר הצעיר" און די קאָמוניסטן האָבן צונויפגעבונדן זייערע פּאָליטישע אָנשויונגען מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען, האָט זיך די רעוויזיאָניסטישע יוגנט אָרגאַניזירט אין אַ ריין פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע באַוועגונג האָט אין זיך אַריינגענומען אַ יוגנט מיט אַ ספּעציעלן מין טעמפּעראַמענט. אַ יוגנט, וואָס האָט נישט געוואָלט אָנערקענען די רעאַלע מעגלעכקייטן צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם, נאָר ווירקן מיט אַלע מיטלען און דערגרייכן דעם ציל אפילו דורך בלוט און פייער.

מיט דער צייט האָט אין אירע רייען אַריינגעדרונגען אַ מיליטערישער גייסט, וואָס דורך אים האָבן זיי געוואָלט לייזן דאָס מדינה־פּראָבלעם. די עקסטרעמיטעט פון זייערע אָנשויונגען איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר און האָט געפונען איר ענדגילטיקן אויסדרוק אין די אצ"ל־אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד, וואָס טייל פון זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס הייסט עס אַזוינס שרעק. און ביינאַנד מיטן דערמאָרדן ענגלענדער אָדער פאַררעטער דורך אַ שאָס אין רוקן, האָבן זיי געשטעלט אין קאָן זייער לעבן אין דרייסטע אַקציעס.

איינער פון די דאָזיקע קדושים איז געווען אונדזער בן־עיר בן יוסף, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די ענגלענדער.

בעתן שרייבן די דאָזיקע שורות איז די דאָזיקע באַוועגונג רעפּרעזענטירט אין דער כנסת אין דער חרות־פּאַרטיי אויך דורך אונדזער בן־עיר שמשון יוניטשמאַן.

## די קאָמוניסטישע יוגנט

יעדער פון אונדז, וואָס האָט זיך דערצויגן און געפונען אין דער געזעלשאַפט פון די דאָזיקע יוגנטלעכע, וועלכע זענען מיט דער צייט צוגעשטאַנען צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, איז באַאיינדרוקט געוואָרן פון דער איידלקייט פון זייער גייסט, פון די שיינע חברישע באַציונגען און פון זייער עמפּינדלעכע נשמות.

— זע — האָט מיר געזאָגט בנימין פרידמאַן, שפּאַצירנדיק אין שטאָטגאָרטן, אום זומער יאָר 1922, אָנטייטלענדיק אויף אַן אָרעמאַן, וואָס זיצט אויף דער ערד אין אַ ווינקל, זיינע בגדים צעריסן־צעשליסן, די פיס באָרוועס, און גריזשעט אַ שטיקל ברויט, וואָס ער האַלט אין האַנט — זע, וואָס פאַר אַן אומגערעכטיקייט עס הערשט אויף דער וועלט. ביי אונדז אין שטוב שטאָפּט מען אָן זעק מיט געלט, און אין די גאַסן פון אונדזער שטאָט וואַלגערן זיך בעטלערס וואָס האָבן נישט קיין שטיקל ברויט צו שטילן דעם הונגער.



אַ בית"ר־גרופּע אין לויצק



אַ גרופּע יוגנט פון „גורדוניה"

פאַר זייער געמיט, וואָס איז געווען עמפּינדלעך צו די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, האָט זיך אויך געשטעלט דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם. מיר זענען געווען עדות פון דער פאַראַכטונג מצד דער פּוילישער, רוסישער און אוקראַינישער יוגנט, פון באַליידיקונגען פון זייער זייט. נישט איין מאָל זענען די קריגערייען איבערגעגאַנגען אין מערדערישע קלעפּ. באַזונדערס — די אוקראַינישע יוגנט, וועלכע האָט זיך אויך געפונען אונטער דער פּוילישער הערשאַפט; זי איז, וואָס אַן אמת, נישט געווען אַקטיוו, האָט אָבער אַרויסגעוויזן אירע אַנטיסעמיטישע געפילן ביי יעדער געלעגנהייט.

די צוויי אויבנדערמאָנטע פאַקטאָרן האָבן עס אַריינגעפירט די יידישע יוגנטלעכע אין קאָמוניסטישן לאַגער, יוגנטלעכע וואָס פאַרמאָגן נישט דעם אינסטינקט פאַר דער ווירקלעכקייט, וועלכע האָבן געגלייבט מיט זייער גאַנצן לייב־און־לעבן אין דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע, זי געגאַרט און דורך איר — צו אַ לעבן פון פרייהייט. תפיסות און פּייניקונגען איז געווען דאָס טאָגטעגלעכע ברויט פון די ייִנגלעך און מיידלעך פון פופצן יאָר



גימנאַסטיק־גרופּע פון מיידלעך



די גרופּע „כפירות"

אָן און העכער. עס דערמאָנען זיך זייערע גוואַלדגעשרייען בעת עס האָט זיי געפּייניקט דער געהיים־אַגענט זאַרעמבאַ. פון די



גימנאַסטיק־גרופּע פון ייִנגלעך

פריינדלעך אַריינגענומען דעם גדוד אין די ראַמען פון דער לויצקער אָרגאַניזאַציע און אַפילו דערלויבט אויסצוקלויבן אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן אַ ראש־הגדוד. דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף מיר. פאַרוואָס? איך בין דאָך געווען פון די יינגערע, און שווימערס זענען געווען בעסערע פון מיר? דערפאַר ווייל איך בין געווען אַ גימנאַזיסט פון 6־טן קלאַס, געקענט אַ ביסל עברית און געקאָנט פירן אויף דער רוסישער שפּראַך די „סאָבעסעדאָוואַניעס”, ד. ה. די שמועסן וועגן דאָקטאָר הערצל, דער חלוצים־באַוועגונג, באַדען פּאָוול, וועגן דעם העלדישן טרומפּעלדאָר א. א.

אַלע שומרים האָבן זיך פאַרפליכטעט נישט צו רויכערן, נישט צו טרינקען אַלקאָהאָל, טאָג־טעגלעך זיך צו פאַרנעמען מיט וואַסער־ספּאָרט און... צו ראַטעווען די, וואָס טרינקען זיך אין טייך סטיר. אַזעלכע פאָרפאַלן פלעגן, ליידער, פאָרקומען אָפט. מיר האָבן אַפילו באַשטימט דערזשורנעס־אויסקוקער אויף די ערטער, ווו אַ סך מענטשן פלעגן זיך באָדן, און אַרבעט האָט נישט געפעלט.

ווו נעמט מען אָבער כאָטש אַ שטיקל „פּלאָט”? אמת, ביי בענען און ביי איליושען זענען פאַראַן גענוג שיפן. מיר מוזן אָבער פאַרמאָגן אייגענע שיפן, אַפילו אַ מאָטאָר־שיף. כדי צו שאַפן די נייטיקע מיטלען, האָבן מיר צונויפגעשטעלט אַן אַנסאַמבל, אַריינגעצויגן אין אים אויך פעיקע שומרות און אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער. די ערשטע פּיעסע איז געווען „דער וואַלד־קייסער” אין דער יידישער שפּראַך, געשפּילט האָבן מיר אין זאַל פון דער קהילה. איך דערמאָן זיך די ערשטע פאָרשטעלונג: דער זאַל איז פול געפּאַקט מיט יוגנטלעכע. דער בופעט לייזט געלט. דער עולם שפּילט דערווייל אין דער „פליענדיקער פּאָסט”. פּלוצעם איז נאָכן ערשטן קלונג פינצטער געוואָרן — אַ קורצשלוס. ס'מאָביליזירן זיך אייגענע עלעקטראָמאָנטיאָרן. מען זוכט אין דער פינצטער די „קאָרקעס”, מען בייט די דראָטלעך, אָבער אומזיסט. זיי ברענען איבער. וואָס טוט מען? זאָל אַרונטער־געריסן ווערן די פאָרשטעלונג? דער יונגער עולם איז געדולדיק און רויק. אייניקע געפעלט אַפילו די פינצטערניש. איז עמעצער געפאַלן אויף אַ המצאה: אַוועק אין שול און אַראָפּגענומען



אַ גרופּע שומרות



אַ גרופּע פון „השומר הצעיר”

צוויי גרויסע בליץ־לאָמפּן צוזאַמען מיט די דראָטענע הענגערס און געבראַכט אין טעאַטער.

אַרום עלף אַזייגער האָט זיך די פאָרשטעלונג אָנגעהויבן און איז אַדורך מיט דערפאָלג. דער עיקר — די קאַסע האָט געבראַכט אַ היפּש ביסל הכנסה, וואָס קאָן שוין קלעקן אויף איין גרעסערער שיף.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען: שפּעטער האָבן מיר זיך דער־וווּסט, אַז פון דער אוקראַאינישער „פּראָסוויטע” האָט מען אונטערגעשיקט לאָבוזעס אַריינצושטעקן אַ שפּילקע אין די עלעקטרישע דראָטן, ווייל אויף זייער פאָרשטעלונג דעם זעלבן אָוונט זענען געווען ווייניק צושויער, האָבן זיי געהאָפט, אַז אייניקע פון אונדזערע באַזוכער וועלן אַריבערגיין צו זיי.

מיט דער זעלבער פאָרשטעלונג זענען מיר געפאָרן אויף שבת קיין טארטשין. דאָס שטעטל האָט אונדז אויפגענומען מיט ברייטע אָרעמס, ווי ס'וואָלט אַראָפּגעקומען יידיש מיליטער: מיר זענען געווען געקליידט אין קאָסטיומען פון ווייסן לייוונט (איך אַלס עלטסטער — אין לייוונט געפאַרבטן אויף גרין) מיט גראָבע געשניצטע שטעקנס אין די הענט. די ציוניסטישע פאָר־שטייער האָבן אַלעמען איינגעלאַדן צו זיך אין די פּריוואַטע הייזער, אַפילו אָפּגעטרעטן אין שול אַלע כבודים, אַ סך זענען עולה לתורה געווען. זיי האָבן גאַראַנטירט, אַז אַלע בילעטן וועלן פאַרקויפט ווערן, אַפילו ווען מיר וועלן אָנהייבן צו פאַרקויפן ערשט נאָך הבדלה.

אויך דאָ האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין אַ קאַמף מיט די אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטן. די פאָרשטעלונג האָט געדאַרפט פאָרקומען אין דער נישט־פאַרענדיקטער געביידע פון שטאַטישן גביר ריימער. פאַר אונדז האָבן די אוקראַאינער דאָרט אַדורכ־געפירט זייער פאָרשטעלונג „נאַטאַלקאַ פּאָלטאַווקאַ”. זיי האָבן אויפגעבויט אַ סצענע און אויך איינגעאָרדנט זיץ־פּלעצער פון ברעטער. כדי אונדז צו שטערן דורכצופירן אונדזער פאָרשטע־לונג, זענען זיי שבת בייטאָג אַראָפּגעקומען צענעמען די בינע. האָבן זיך מאָביליזירט די יוגנט, די קצבים און בכלל די גע־זונטע, וועלכע זענען געקומען מיט העק און שטעקנס, גרייט צו קעמפן ביז בלוט און נישט דערלאָזן צו צענעמען די בינע. דערביי האָט מען איבערגעקויפט דעם פּאָליציי־פאָרשטייער פון שטעטל ער זאָל בייהילפיק זיין אין קאַמף. מ'איז אָפּגעקומען

מיט טרוקענע פּעטש. דער נצחון איז געווען אויף אונדזער זייט.

די פאָרשטעלונג האָט געהאַט אַ גרויסן מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג. מיר האָבן שוין געהאַט געלט צו בויען צוויי גרויסע שיפן, צו אַכט ערטער אויף יעדער שיף. דאָס האָט געקלעקט פולקאָם פאַר אונדזער גדוד, וואָס האָט דערווייל געציילט 15 שומרים.

די שיפן זענען געוואָרן דער שטאָלץ פון אונדזער „גדוד המימי". ווער וועט זיך אונטערנעמען אַוועקפירן אַ דערטרונקענעם אויפן יידישן בית־עולם דורכן וואַסער (אַנדערש טאָר מען דאָך נישט) אויב נישט מיר? מיר פלעגן שטענדיק דיזשורירן און אַכטונג געבן אויף די ערטער, ווו מענטשן באָדן זיך.

מיר האָבן אַמאָל אַרויסגעראַטעוועט פון וואַסער די גראָבע דיאַטשיכע מיט אירע צוויי טעכטער, וועלכע האָבן גענומען ראַטעווען די מוטער און זיך אַליין אויך געטרונקען. אויפן צווייטן טאָג האָט די דיאַטשיכע געבראַכט מיין מוטער אַ בוקעט בלומען און זיך מודה געווען, אַז „גאָט האָט איר געשיקט די שטראָף, ווייל זי האָט געשאָלטן די יידישע קינדער, זיי זאָלן דערטרונקען ווערן"...

מיר פלעגן אָפט מאַכן מיט אונדזערע אייגענע שיפן ווייטע אויספלוגן און אויך פאַרמעסטונגען. אויף איינעם אַזאַ אויספלוג איז שיער נישט דערטרונקען געוואָרן חנה קרישטאַלקע. ווען דוד אשכנזי האָט זי געוואָלט ראַטעווען, האָט זי אים אַראָפּגעשלעפּט פון דער שיף. אַ נס, וואָס מיט דער מיטהילף פון די חברים איז געלונגען זיי אַרויסצוראַטעווען.

די פאַרמעסטונגען אויף שנעלקייט פון שווימען אויף אַ שטח פון אַ קילאָמעטער און אויף אויסדויער אין וואַסער זענען פאָרגעקומען אין דער אָנוועזנהייט פון מאַסן יוגנטלעכע. איך, „דער אַדמיראַל", און מיין געהילף דער „וויצע־אַדמיראַל", דער באַרימטער לויצקער שווימער בנימין קאָלקער (פרישבערג) זענען פאַרשווימען ביזן דאָרף זשידיטשין. בלויע האָט מען אונדז, עקשנותדיקע שווימער, אַרויסגעצויגן פון וואַסער.

שפּעטער האָבן מיר באַשלאָסן אַדורכצומאַכן די הכשרה און גרייטן זיך אין וועג אַריין קיין ישראל. ביים סאַמע סוף פון זעקסטן קלאַס האָב איך פאַרלאָזן די גימנאַזיע און גענומען זיך צו דער אַרבעט. אַ טייל פון אונדז האָט געאַרבעט אַלס טרעגער און אָנלאָדער אויף דער באַן, טייל האָט אויסגעפירט אין שטאָט אַלע שווערע פיזישע אַרבעטן. די געלטער אין דער אַלגעמיינער קאָסע זענען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. ס'האָבן נאָר געפעלט סערטיפיקאַטן. און פונקט האָט די ענגלישע מאַנדאַטאָרן־מאַכט פאַרמאַכט די עמיגראַציע. כדי נישט צו פאַרלירן קיין צייט און נישט אָפּשטיין פון מיינע שול־חברים, בין איך אַריבער אין דער פויליש־יידישער גימנאַזיע, זיך גענומען געשמאַק צו לערנען עברית. ווען מיר האָבן באַקומען אייניקע סערטיפיקאַטן, זענען חברים פון גדוד, ווי יאָקל און דוד אשכנזי, בנימין פרישבערג עולה געווען.

אייניקע פון די פאַרבליבענע, ווי שמואל מעלאַמוד, משה גראָסבערג א. א. זענען אומגעקומען דורך די פאַשיסטישע מערדער.

הרצליה, 1960

אפרים דיק

# ברית טרומפּלדור


אפרים דיק

אין פרילינג 1927, דעם 28 מאַי, איז געגרינדעט געוואָרן אין לויצק די בית"ר־באַוועגונג. נעבן פרידמאַנס מיל, ביים קליינעם רויקן טייכל, איז פלוצעם געוואָרן לעבעדיק: יידישע יונגעלייט האָבן זיך פאַרזאַמלט, מען האָט געפירט שמועסן און פון צייט צו צייט אויך געזונגען לידער פון נאַציאָנאַלער בענקשאַפט און האָפענונג.

אויפן אַלטן יידישן בית־עולם, נעבן די קברים פון אונדזערע זיידעס, זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע פאַרזאַמלונגען. דאָס איז געווען דער פרילינג פון אונדזער אַרבעט אין לויצק און אויך אין גאַנץ וואָלין. פון דאַנציק איז דאַן געקומען אורי גליקליך און אָנגעהויבן פאַרשפרייטן די נייע לערע פון זאב זשאַבאָטינסקי. אַרום אים האָבן זיך באַלד גרופּירט כמעט אַלע געוועזענע אָנפירער פון „השומר הצעיר" פון 1920 — און ס'איז געגרינדעט געוורן דער ערשטער קן א. נ. „ברית־השומר", וואָס האָט געטראָגן אַ סקויטישן כאַראַקטער.

ווי אין אַ פילם שלייכן זיך דורך די מנהלים פון קן: גילדין, פינקעלשטיין, באַר, דריישפון, שרה ספּעקטאָר, וויסמאַן, שוואַרצבלאַט, מפקד הקן ליבערמאַן, דאָדיק, לעאָ באַריל און פיל אַנדערע.

בעת אַ פייערלעכן אָוונט אין זאַל פון דער קהילה, האָט „משה'לע" אָנגעטאָן דאָס ערשטע מאָל אין לויצק דאָס בית"רישע היטל. דער ערשטער מפקד הגליל אורי גליקליך און דער ערשטער מפקד הקן אונדזערער לעאָ באַריל האָבן גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון אַ פאָן בעת דער פייערלעכער פאָן־אַנטהילונג אין דער גרויסער שול, און מיר אַלע האָבן געשוווירן טרייהייט דער אידעע און דעם ראש בית"ר.

אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן זענען פלוצעם די גאַסן לעבעדיק געוואָרן: ס'האָבן מאַרשירט בית"רים. אויף דער יאַגיעלאָנסקאַ־



דער קרייז־ראַט פון בית״ר

גאַס. נעבן דעמאָלטדיקן לאָקאַל פון „חשמונאי״־קלוב, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט און מיט אים — די גאַנצע באַוועגונג אויף דער הויפּט־גאַס. פון באַלקאָן האָט גערעדט אונדזער איבערגעגעבנסטער פריינד ד״ר בראַנבערג ז״ל. ס׳איז דאַן געווען די ערשטע עפנטלעכע רעדע, לויצק האָט צום ערשטן מאָל געהערט אַ ניי וואָרט וועגן אַ נייעם וועג.

איך בין דאַן געווען אַ שילער פון דער יידישער גימנאַזיע. צו אונדז פלעגט אָפט קומען אַ נידעריקער בחור מיט ברילן און גערופן גיין אין בית״ר. זיין אויפקלערונגס־אַרבעט האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין אונדזערע קרייזן און אַ גאַנצע גרופּע שילער איז אַריינגעטראָטן אין בית״ר. געהייסן האָט דער בית״רי משה שטיינבערג ז״ל, אַ באַוואָסטזיניקער בחור, אַ גרויסער העברעער און אַ ליבלעכער חבר. דער מפקד הקן ל. באַריל. האָט זיך מיט אונדז שטאַרק פאַראינטערעסירט און אונטער זיין רעדאַקציע איז דערשינען די ערשטע בית״ר־שריפט אין לויצק א. נ. „קדימה״. עס דערמאָנט זיך דער ערשטער כינוס אין לויצק פון גאַנץ וואָלין, אין יאָר 1928, און דער צווייטער — אין יאָר 1929, מיט דער באַטייליקונג פון נציב פּראָפּעס. די שטאָט אונדזערע האָט צום ערשטן מאָל געזען אַ געזונטן יוגנט־לעכן, מיט אַ ברוינער בלוזע, וואָס סימבאָליזירט דעם ארץ־ישראלדיקן באָדן. מיר האָבן נישט געהאַט קיין לעגאַליזאַציע, האָט אונדז דער היגער „חשמונאי״־קלוב לעגאַליזירט אַלס זיינע אַ טוריסטן־סעקציע. דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען דעם פריינד פון אונדזער באַוועגונג, בנימין פאַרשטיי.

נאָך אַ געוויסער צייט איז די בית״ר־אַרבעט געוואָרן אַ מער פּראַקטישע. ס׳זענען געגרינדעט געוואָרן אין קלאָסאָוו און ראָקיטנע הכשרה־קיבוצים. די ערשטע פון היגן קן זענען געפאָרן קיין א״י: טרוצקעוויטש, געלער, י. שער און מ. מאַרגון, וואָס איז אַזוי יונג געשטאָרבן פון דער שווערער אַרבעט אין ראָקיט־נער הוטע.

די פוילישע מיליטער־מאַכט האָט אונדז דערמעגלעכט צו לערנען די „הכשרה־הגנתית״. מיר האָבן באַקומען געווער און אינסטרוקטאָרן. אונדזערע שעפן פון פ.וו. זענען געווען א. גענדלער, ש. אָסיפּאָוו און יצחק שלייפשטיין. אויך דער פאָנד אונדזערע פאַר הכשרה הגנתית — דער קרן תל־חי — האָט אָנגעהויבן זיין טעטיק. צוזאַמען מיט דער גרויסער פאַרשטאַר־קונג פון בית״ר, האָבן אויך אַנדערע רעוויזיאָניסטישע גרופּן אָנגעהויבן אַקטיוו צו אַרבעטן. די לאַנד־אָנפירונג פון הצה״ר האָט איינגעלאַדן דיר. באָריס גרייצער און ד״ר בראָנבערג ז״ל צו לייטן מיט דער היגער אָפּטיילונג פון ברית הצה״ר.

פיל האָבן געלייסטעט פון די סטודענטן פון פּראָג: ש. יוניטשמאַן, ישראל לעשנער (געפאַלן אין געטאָ), טוביה לעשנער (היינט אין אַמעריקע) און אינזש. מירסקי (גע־פאַלן אין געטאָ). אַדאַנק דעם באַזוך פון ה׳ וועליטשקער פון וואַרשע, איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ שול־יוגנט־גרופּע א. נ. „מסדה״. מיטגעהאָלפן דער „מסדה״ אין איר אַרבעט האָבן יוסף קאָלעסניק, י. וואַקסמאַן, שטיינבערג, דיק, גוטמאַן, שלום ראָזענפעלד און צבי רובינשטיין (ביידע אין ישראל), פרוי ראָטמאַן, הויזמאַן, שמחה שלייפשטיין און מרדכי קאַניש (היינט אין ישראל). „מסדה״ האָט געפירט אַן אַקטיווע טעטי־קייט, ביז אַלע אירע מיטגלידער האָבן אין יאָר 1933 זיך אָנגעשלאָסן אין בית״ר. אויך אַ ספּאָרט־קלוב „טרומפּלדוריה״ איז געשאַפן געוואָרן דורך די חברים יואל משרת, בריזגאַל און נפתלי פּערעל.

אין יאַנואַר 1930 באַטייליקט זיך אַלס דעלעגאַט פון לויצק דער דיר. באָריס גרייצער אויף דער 9־טער אַלפּוילישער ציו־ניסטישער לאַנד־קאָנפערענץ און ער ווערט אויסגעוויילט אין די וויכטיקסטע קאָמיסיעס. אַ גרויסער יום־טוב איז געווען אין אונדזער היגער משפּחה דער ערשטער באַזוך פון ראש בית״ר און מנהיג — ז. זשאַבאָטינסקי. זיין באַזוך האָט אַפילו געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין שטאָטראַט, ווו ראַטמאַן בראָנבערג האָט פאָר־געשלאָגן אָנצורופן אַ גאַס אויף זיין נאָמען. דער פאָרשלאַג איז געוואָרן אָנגענומען און די גאַס „שעראָקאַ״ (נעבן אַמאָליקן „וואָינסקי נאַטשאַלניק״), האָט באַקומען דעם נאָמען „זשאַבאָ־טינסקיעגאָ״.

אויף אַלע געביטן פון אונדזער אַרבעט איז פאָרגעקומען



אינסטרוקטאָרן־קרייז פון בית״ר אין לויצק

אַ פאַרשטאַרקונג. דער מפקד הקן י. בראָנפמאַן (היינט אין בראַזיל), האָט געשאַפן אַן אָפּטיילונג אויף קראַסנע א. נ. „השחר". אויך דער פּרעזידיום פון הצה"ר: פרוי האַוסמאַן, ש. שלייפשטיין, י. פינקלשטיין, האָבן געפירט אַקטיווע פּאַרטיי־אַרבעט. דער קן נעמט איבער דער ה' שמחה שלייפשטיין, וועלכער האָט באַקומען פון דער וואָיעוואָדשאַפט אַ דערלויבעניש פאַרן בית"ר אויפן שטח פון גאַנץ וואָלין, ווערנדיק גלייכצייטיק מפקד־הגליל. אויך די סטודענטן אָרגאַניזירן זיך אַדאַנק דער אַרבעט פון די ה' וואָלף קלימבורד, לעשנער און באריל און מ'גרינדעט אַ סטודענטן קאָרפּעראַציע „ירדניה". סעניאָרן זענען געווען: י. לעשנער, וואָלף קלימבורד און מאַג. מיכאל ווינדזבערג. ס'איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ הכשרה־פּלוגה, וועלכע האָט עקזיסטירט אייניקע יאָר.

אַ גרויסע אבדה האָט אונדזער רעוויזיאָניסטישע משפחה געליטן מיטן פריצייטיקן טויט פון אונדזער פריינד ד"ר אליהו בראָנבערג ז"ל. זיין טויט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טרויער אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין לאַנד. זיין אָנדענק איז פאַראייביקט געוואָרן דורך אַ ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען.

טיף דערשיטערט פון אומגליק, איז אונדזער אַרבעט דאָך נישט געוואָרן אָפּגעשטעלט. ס'איז דאַן פאָרגעקומען אַ קרייז־קאָנפערענץ פון הצה"ר, מיט דער באַטייליקונג פון צענטראַלע פאָרשטייער ד"ר א. ליפמאַן און ד"ר ז. לערנער. די קאָנפערענץ האָט אויסגעוויילט אַ קרייז־צענטראַלע מיט פרוי האַוסמאַן אַלס פאָרזיצערין. ד"ר קרעמיניעצקי אַלס וויצע־פּרעזעס, ה' קאַגאַן אַלס סעקרעטאַר און י. שיינער אַלס אינסטרוקטאָר.

גרויס אויפלעבונג האָט אַרויסגערופן אין לויצק און אין גאַנץ וואָלין דער באַזוך פון ד"ר יוסף שעכטמאַן, וועלכער איז אויפגעטרעטן מיט אַ רעפעראַט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סך פאַראינטערעסירונג אין שטאָט. נאָך זיין באַזוך שאַפט זיך ביי



MAGISTRAT
M. ŁUCKA
L. 3139
SPRAWA

16 [illegible]

Magistrat [illegible] Rada Miejska m.Łucka [illegible] 1930r., na wniosek [illegible]




די גאַס א. נ. פון זשאַבאָטינסקי אין לויצק



בית"ר־קאָנפערענץ אין יאָר 1932



גרופּע „מסדה" אין יאָר 1933

אונדז אַ ברית־החיל, מיט וועלכן ס'פירן אָן די ה"ה בנימין פאַרשטיי, לעאָ באַריל, ש. שלייפשטיין און ווערבאַ.

אין מאַי 1933 פייערן מיר דעם 6־טן יובל פון אונדזער קן. פון דער נציבות האָט די פייערונג באַזוכט אונדזער ד"ר יוניטשמאַן. די מפקדה האָט באַשאָנקען מיט זשעטאָנען די בית"רים, וואָס אַרבעטן אַקטיוו זינט דער גרינדונג פון קן: חנה ספּעקטאָר, אלקנה פינקלשטיין, שושנה שיינמאַן, יצחק שלייפשטיין און דער שרייבער פון די שורות.

אויך דער מפקד שלייפשטיין ווערט באַשאָנקען מיט אַ גאָלדענעם זשעטאָן אַלס אָנערקענונג פאַר זיינע לייסטונגען.

דאָס יאָר 1933 איז געשטאַנען אונטערן איינדרוק פונעם סטאַווסקי־פּראָצעס און פון דער גרויסער פּאָליטישער אַקציע פון זשאַבאָטינסקין — די פּעטיציע.

אין אויגוסט 1934 באַזוכט אונדזער שטאָט, אין אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים, דער פּרעזידענט פון דער הצה"ר אין פּוילן, ד"ר דוד ווּדאָווינסקי.

ס'קומען דאָ פאָר געוויסע ענדערונגען אויף די אָנפירנדיקע אַמטן. אין בית"ר נעמען איבער די לייטונג די אחים דב בילעריי און אפרים דיק, וועלכער ווערט קורץ דערנאָך באַשטימט אַלס מפקד הקן מיט פאָלגנדיקער מפקדה: דב בילעריי, ש. שיינמאַן, א. שפּיצמאַן, א. פּינטשוק, ד. מאַנדעל.

אויך דער הצה"ר פאַרשטאַרקט דאַן זיין טעטיקייט, אַדאַנק פּרוי הויסמאַן, דיר. באַק, דיר. גרייצער, מ. מירסקי, א. גערטנער, א. גאָרדאָן און לעאָ באַריל. די לייטונג פון דער קרן תל־חי קאָמיסיע נעמט איבער דער דיר. מ. באַק.

דעם 12־טן מאַי 1935 נעמען מיר אויף דאָ צום צווייטן מאָל אונדזער ליבן פירער ז. זשאַבאָטינסקי. אין שטאָט — טויזנטער „בית"רים" פון גאַנץ וואָלין. די גאַסן ווערן פון מינוט צו מינוט אַלץ מער ברוינער, פון אומעטום פאָרן זיי זיך צונויף, די שילער פונעם גרויסן לערער און מנהיג, כדי צו זען און צו הערן זיין שטאַרק נביאיש וואָרט. די פרייד איז אָבער געשטערט געוואָרן: ווען נאָכן רעפעראַט האָט געזאָלט צושטאַנדקומען אַ באַנקעט, איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז דער ערשטער פּוילישער מאַרשאַל, דער באַפרייער פון פּוילן, לעבט שוין נישט מער. פּרעזעס פרישבערג האָט מיטגעטיילט די ידיעה און געהייסן דעם עולם זיך פונאַנדערגיין און זשאַבאָטינסקי האָט תיכף אַרויסגעשיקט קאָנדאָלענץ־דעפּעשן צו דער רעגירונג און צו דער פאַריתומטער פאַמיליע פּילסודסקי. דער באַנקעט איז פאַרשטייט זיך שוין נישט צושטאַנדגעקומען.

✶

דאָס יאָר 1937־38 אין דער געשיכטע פון לוצקער קן דאַרף פאַררעכנט ווערן אַלס די גליקלעכסטע עפּאָכע פון עליה קיין ארץ־ישראל. ס'האָבן עולה געווען: די בית"ריות חנה וואַקסמאַן, ש. ראָזענפעלד, שוועסטער ספּעקטאָר, ליבריק, קופּערמאַן, ראַוויטש, יוניטשמאַן, קאָזיאָל, שער, פאַמיליע קליינמאַן, ל. קופערשטיין, ווי אויך דער קצין־נציבות ד"ר ש. יוניטשמאַן.

גרויסע נוצן האָבן מיר געהאַט פון דעם קורס פאַר מדריכים, וואָס איז ביי אונדז געגרינדעט געוואָרן אונטער דער לייטונג פון קצין נציבות יוסף כרוסט און מדריך א. אמפּער. עלף אינסטרוקטאָרן פון קן האָבן געענדיקט דעם קורס, אַזוי, אַז די אַרבעט איז אויף אַלע געביטן ווידער פאַרשטאַרקט געוואָרן. דאַן האָבן מיר צום ערשטן מאָל אָפּגעגעבן די בית"רישע שבועה „הנדר", וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך זשאַבאָטינסקין אַליין. צווישן די נודרים איז אויך געווען שלום טאַבאַטשניק — „בן יוסף". די שבועה האָט אָפּגענומען דער מפקד הקן יצחק פוגאַן. דאָס איז געווען אין י"א אדר 1936.

בעת די פייערלעכקייטן צום 10־טן יובל פון אונדזער קן (מאַי 1937) זענען דורך דעם מפקד מ. גרויסבערג פאַרטיילט געוואָרן זשעטאָנען צו אַלע 10־יאָריקע בית"רים. זייער צאָל איז געווען אַ קליינע, צווישן די אויסגעצייכנטע איז אויך געווען שלמה בן־יוסף.

אַ געוויסע צייט פירט אָן מיטן קן אברהם שפּיצמאַן. דערנאָך ווערט אַלס מפקד נאָמינירט יעקב פאַרשטיי.

✶

דעם 24־טן אַפּריל 1938 ברענגען די צייטונגען די ידיעה פון א"י, אַז צווישן די אַרעסטירטע בית"רים פון ראש פּינה, געפינט זיך אונדזער חבר שלמה בן יוסף. נישט אַלע האָבן געוווּסט ווער ס'איז געמיינט אונטערן נאָמען בן־יוסף און אַז דאָס איז אונדזער שלום טאַבאַטשניק.



אַ בית"ר־גרופּע

דעם 12־טן יולי איז אין דער גרויסער שול פאָרגעקומען אַ תפילה פאַר זיין באַגנעדיקונג. נאָכן איינלייטונגס־וואָרט פון דיר. גרייצער, האָט הרב סאָראָטשקין געהאַלטן אַ שטאַרקע, רירנדיקע רעדע און די בית״רים פאַרשטיי און דיק האָבן גערעדט וועגן דער טאַט פון פאַרמשפּטן בן יוסף.

די טעג פון אורטייל ביזן באַשטעטיקן אים דורכן גענעראַל היינינג האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן. ס׳זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן פּראָטעסט־רעזאָלוציעס צום ענגלישן אַמבאַסאַדאָר קעגן אורטייל און צו אונדזער טייערן חבר האָבן מיר אַוועקגעשיקט קיין עכו אַזאַ דעפּעשע:

„לאחנו שלמה בן יוסף, חבריך לדעה מבטיחים לעולם לדרוך בעקבותיך הנשגבים.״

דאָס ערגסטע איז געקומען, ווען דינסטיק, דעם 23־טן יוני 9 אָוונט, האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז מאָרגן פרי ווערט דער אורטייל איבער בן יוסף אויסגעפירט.

ווער האָט שוין אין יענער טרויעריקער נאַכט געקאָנט איינשלאָפן? אַלע, דער גאַנצער קן, זענען מיר געווען וואַך אין לאָקאַל. פון יעדן ווינקל האָט זיך דערטראָגן דער גרויסער טרויער. מיר האָבן געקלונגען אין אַלע רעדאַקציעס אין לאַנד וועגן גענויע פרטים. 3 אַ זייגער פאַרטאָג איז פאָרגעקומען דער „טרויער מסדר״. אַלע וואָס האָבן אין אים אָנטיילגענומען, וועלן אים געדענקען אייביק. 5 פרי האָבן מיר געזאָגט תהילים אין דער טריסקער שול, און 8 פרי, ל׳ סיון תרצ״ח, איז אויף דער אַלטער קרייצער־פעסטונג אין עכו געפירט געוואָרן צו דער תליה בן־יוסף, דער אַרעסטאַנט נומער 3118. די נאַכט פאַר דער עקזעקוציע האָט ער פאַרבראַכט רויק. געשריבן בריוו צו דער מוטער „זי זאָל שטאָלץ זיין, וואָס איר זון גייט שטאַרבן פאַרן ווילן פון יידישן פאָלק״, און צום ראש בית״ר שרייבט ער, אַז „ער איז גליקלעך מיט זיין לאַגע, ווייסנדיק, אַז זיין טויט וועט נאָך מער פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר אַ באַפרייטער, נישט געטיילטער יידישער מלוכה״. דעם קצין נציבות ד״ר יוניטשמאַן, וועלכער האָט אים באַזוכט אַ טאָג פאַר דער עקזעקוציע, האָט ער געבעטן מען זאָל זיינע נאָענטע חברים: פאַבריקאַנט, שפּיצמאַן און ראַפּאָפּאָרט דערמעגלעכן עולה צו זיין. די נציבות האָט דערפילט זיין צוואה, ווען די לעצטע באַזוכער זענען אַריין צו אים אין דער צעלע, זענען אויף דער וואַנט געווען אויסגעדרוקט די ווערטער פון זשאַבאָטינסקין:

— „למות או לכבוש את ההר...״

ווען דער ענגלישער תלין האָט זיך צו אים דערנענטערט, האָט ער אויסגעשריגן:

„זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק! זאָל לעבן זאב זשאַבאָטינסקי!״

די גאַנצע שטאָט איז איינגעהילט אין טרויער. פון גאַנץ פוילן קומען צייטונגס־מענטשן זיך דערוויסן גענויע פרטים ווי אַזוי די שטאָט פון בן יוסף טרויערט. אין דער גרויסער שול קומט פאָר אַ אזכרה מיטן אָנטייל פון הרב סאָראָטשקין, בנימין פאַרשטיי, א. דיק, יעקב פאַרשטיי, לעאָ באַריל און פון נציב פון בית״ר — א. פּראָפּעס.

די אַרבעט ווערט אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגעשטעלט. קיין ארץ־ישראל פאָרן אַוועק דער מפקד יעקב פאַרשטיי און א. שפּיצמאַן — ביידע טרייע איבערגעגעבענע בית״רים.

די לייטונג אין קן נעמט איבער דער שרייבער פון די שורות און דערנאָך י. בעניס, מיט פאָלגנדיקער מפקדה: סגן מפקד הקן דב בילערי, יעקב סימא, י. פאַבריקאַנט, מ. ראַנץ, ש. ליבובער, י. אַלטער, ז. שניידער.

✶

12 יאָר עקזיסטירן מיר שוין אין לויצק. במשך פון דער צייט איז אויף קיין איין טאָג די אַרבעט נישט איבערגעריסן געוואָרן. הונדערטער יוגנטלעכע זענען דערצויגן געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַלן גייסט. זייער פליכט אין ארץ ישראל האָבן דערפילט: ד״ר יוניטשמאַן, ש. ראָזענפעלד, ד. ראַוויטש, מרים יוניטשמאַן. אברהם שפּיצמאַן, אייזיק פוגאַן (געפאַלן בעתן באַמבאַרדירן תל־אביב), שלום גלעדי.

לויצק, 1938

י. פרשטיי

# הארגון הצבאי הלאומי בלוצק

בעוד הם עסוקים בפעילותם הרגילה בקן בית״ר, נכספו מספר חברים, מבין הוותיקים, למגע עם „ברית הבריונים״ בארץ, שהד פעולותיה הגיע גם ללוצק. ומשהגיעו שליחי בית״ר מן הארץ ב־1935 והביאו דרישת שלום מ„החזית״, אורגנה כאן הקבוצה הראשונה של „האקטיביסטים״ בראשותו של שלום רפפורט (גלעדי), שאליה השתייכו: שלום טבצניק (שלמה בן יוסף הי״ד), יצחק פבריקנט ואחר כך גם אייזיק פוגן ורוזה בקוביצקה. קבוצות דומות אורגנו בפלוגות ההכשרה של בית״ר בווהלין (כגון בהורוכוב בו־אשותו של אברהם שפיצמן מלוצק). מרכזם היה בטורצ׳ין.

אולם רק עם פרוץ מאורעות הדמים בארץ בשנת 1936 והפיכתה של ההגנה הלאומית לארגון צבאי לאומי, הוקמו — כהמשך לנ״ל — לראשונה בווהלין ואחר כך ברחבי פולין, תאי האצ״ל, שתפקידם היה להכין קאדרים של אנשי מחתרת מבין חברי הבית״ר ו„ברית החייל״.

תאים אלה, ארבעה במספר, שהוקמו בלוצק היו קונספירטיביים במהותם ובמבנם. כל אחד מנה 5 אנשים ובראשם אחראי. חבריהם עסקו בלימוד השימוש בנשק קל (נרכשו לשם זה 3 אקדוחי־פרבלום, נאגאן ופ.ב.; קליעה למטרה למדו ברובה אויר), ניהול קרבות רחוב, תולדות מלחמות שחרור וכו׳. השיעו־

רים התיאורטיים (מתוך חוברות הדרכה בעברית שהגיעו מהארץ) התקיימו במועדון הקן בשעות הערב המאוחרות או בדירות פרטיות. האימונים ותרגילי השדה נערכו בעיקר בפולונקה, בנידווה ועל הוואל. נוסף לזה עסקו אנשי התאים בהפצת החומר התעמולתי שהגיע לידיהם מהמרכז בוורשה, לאחר שהוקמה רשת התאים בכל פולין — במקביל לקני בית״ר.

לתאים אלה בלוצק השתייכו: ב. אינבינדר, י. אלטר, מ. בורשטיין, י. בניס, י. בלפיור, ב. וא. גרגיס, ש. ווסקו־בויניק, י. טוריסק, י. ליבהבר, א׳ מנקר, י. סימא, פ. פוגן, ב׳ פלדנקרייז, מ. רנץ, מ. שיפר, ז. שניידר וי. שידלר. ריכז אותם י. פרשטי ואחר עלייתו ארצה — אינבינדר׳

בסתיו 1937 התקיים בלוצק הקורס הבלתי רשמי הראשון של האצ״ל בפולין בפיקודו של א. אמפר מלודמיר (מי שהיה אחר כך מפקד התאים בפולין. נרצח ע״י הבריטים בתל־אביב) ובהדרכתו של י. פוזננסקי (קצין יהודי בצבא הפולני שבא במיוחד מלודז׳). בקורס השתתפו חברי התאים שבסביבת לוצק והוא נמשך שבוע ימים (במועדון הקן על־יד בית־המשפט המחוזי).

בשנים 9־1938 התגבשו והלכו התאים וחלק מחבריהם הצליח לעלות ארצה — בסרטיפיקטים או בלעדיהם.

בפרוץ מלחמת העולם, בספטמבר 1939, עמד, כאמור, בראש התאים ב. אינבינדר (הוא היה גם מפקד הקן אחר בניס). כניסת הסובייטים אילצה את חברי בית״ר והתאים לרדת למחתרת ממש. בחצרו של אינבינדר נקבר באישון לילה דגל הקן יחד עם הארכיון והנשק של התאים (להם נוספו האקדחים שמנקר הצליח „לסחוב״ מערימת הנשק שנצטברה ברחבת העיריה לפי צו השלטונות). אם כי רשמית אסור היה לקיים כל פעילות פוליטית, המשיכו אנשי הקן, וביחוד חברי התאים, להיפגש ולטכס עצה איך להינצל ולהגיע ארצה. י. בניס נשלח לסניאטין לחפש דרך לרומניה, אולם נעצר בגבול וישב בכלא רוסי עד גיוסו לצבא אנדרס ועלייתו ארצה עם צבא זה. אחריו יצא לגבול הרומני אינבינדר. אף הוא נעצר על־יד קולומיה וכששוחרר חזר ללוצק. בינתיים החליטו י. סימא וע. פרקל לצאת לווילנה שטרם נכבשה ואחריהם יצאו לשם — כבר לאחר שהגבול נסגר — מנקר, טוריסק, פלדנקרייז, אלטר, רנץ ואינבינדר׳ אך למרות העובדה שבית״ר היתה כמעט התנועה היחידה בלוצק שקיימה קשר עם וילנה, לא הצליחו רוב חבריה ואנשי התאים להיחלץ.

לאחר צאת הנ״ל לווילנה נשאר הקשר בלוצק בידי אייזיק גרגיס עד בוא הגרמנים והקמת הגיטו.

בווילנה הצטרפו הנ״ל לגדוד הפליטים הבית״רים, ומשפוזר זה על ידי הסובייטים השתקעו בערי השדה. רק אינבינדר וסימא הצליחו לעלות בינתיים ארצה דרך טורקיה.

משכבשו הגרמנים את ליטא והחלו להקים את הגיטאות נקלעה לשַוִול קבוצה של חברי אצ״ל מלוצק (אלטר, טוריסק, מנקר ופלדנקרייז) ואלה, יחד עם אנשי אצ״ל אחרים, עברו בצוותא את מוראות המלחמה, הגיטו ומחנות הריכוז, עזרו איש לרעהו תוך שמירה על זיקתם לארגון (אפילו נשק ניסו והצליחו להשיג בגיטו ובמחנה), ועם תום המלחמה הצטרפו מחדש לשו־רות אצ״ל באירופה, ואחר כך בארץ, כשם שעשו זאת חבריהם שהצליחו להקדימם ולהגיע ארצה ופעלו בשורות אצ״ל ולח״י. גם הם השתתפו בפעולות־קרב נגד הבריטים והערבים ומילאו תפקידים אחראיים בארגוניהם.

*

קן בית״ר ותאי אצ״ל בלוצק העלו גם קרבנות לא מעטים מבין חבריהם במלחמת השחרור העברית:

שלמה בן יוסף, שהגיע ארצה בעליית אצ״ל, היה היהודי הראשון מאז כיבוש הארץ ע״י הבריטים שעלה לגרדום בגלל התנקשות בפורעים ערבים על־יד ראש־פנה ב־1938.

אגב, מגורל דומה ניצל אייזיק פוגן, שהגיע ארצה לפני המלחמה. היה בפלוגות הגיוס של בית״ר בגליל, שרת בבריגדה ולפי הוראות אצ״ל נשאר באירופה אחר פירוק הבריגדה. הברי־טים עצרוהו על־יד הנובר (בגרמניה) ב־1947 בעד נסיון לפוצץ רכבת צבאית גרמנית, הועמד לדין ונשפט למוות. רק הודות ללחץ ציבורי ומדיני רב באנגליה ובארצות־הברית הוחלף פסק־הדין, לאחר ערעור, ל־20 שנות מאסר. לאחר ישיבה של 3 שנים בבתי כלא בגרמניה נחן וחזר ארצה.

שמעון ווסקובויניק (דוד יעקובי), שהגיע ארצה עם צבא אנדרס דרך טהרן, פעל בשורות לח״י ומשגוייס לצה״ל עם קום המדינה כקשר בחיל השריון, השתתף בקרבות הנגב ונפל בקרב על עוג׳ה אל חפיר ב־1948.

יצחק פוגן, שהגיע אף הוא ארצה בעליית אצ״ל ערב המלחמה וגוייס מיד לפלוגות בית״ר בדרום הארץ, נהרג בשעת הפצצת תל־אביב ע״י האיטלקים ב־1940.

גם בבתי הסוהר הבריטים ומחנות ההסגר בארץ ומחוצה לה הכירו לוחמי חופש מיוצאי לוצק שהיו עצורים בהם שנים רבות.

דוב בלוריי

# זכרונות מימי ההכשרה בלוצק

הואיל ובעיירה שלנו ניאָסכיז לא היתה קיימת עדיין תנועת נוער, נשלחתי אני ועוד חבר אחד בקיץ 1932 על־ידי סניף „החלוץ הצעיר" שבקמין־קושירסק — ללוצק, להכשרה.

הפלוגה עדיין היתה אז בראשית התהוותה. היינו בסך הכל כעשרים וכמה חברים וחברות והתגוררנו באחד הבתים שברחוב נובו־סטרויניה (Nowo Strojenie).

העבודה העיקרית בהתחלה היתה כמובן חטיבת עצים. כבשנו לנו „פלאַצובקה" (מקומות) ברחובות יאַגלונסקה, קראַסנה ועוד, ליד המאפיות היהודיות.

אולם לאט־לאט התחלנו לחדור גם לענפי עבודה אחרים: לטחנות־קמח, לעבודות בנין, והבנות — גם למשק־בית.

ודאי, לא קל היה הדבר להוכיח ליהודי לוצק שגם „באַלעבאַטישע קינדער" (בני טובים) יודעים לעשות כהלכה מלאכות שברגיל עסקו בהם רק הגויים.

חייבים היינו לעמוד במאבק בכמה חזיתות בבת אחת: ה„בונד" קרא לנו „לומפן־פראָלעטאַריער", ואילו הפועלים הפול־נים ראו בנו מתחרים שבאו להוציא פת־לחמם מפיהם. הם לא רצו להבין כי אם רצוננו להיעשות פועלים הרי זו זכותנו.

אך למרות הכל הלכה הפלוגה וגדלה. שכרנו בית נוסף באותו רחוב, אולם גם הוא לא הספיק. אז עברנו לבית הגדול של מיכל לומר ברחוב וילקי. הפלוגה כבר מנתה אז למעלה ממאה איש (איני זוכר את המספר המדויק). לוצק נעשתה מרכז ההכשרה של כל הסביבה ולא היה יום שלא יעברו בה חלוצים לכיוונים שונים. לוצק צעדה בראש בכיבוש מקומות — מכאן יצאו לצמידובקה, לטורטשין, לקליוואן, לברסטיצ'קה ועוד. בית מיכל לומר היה תמיד כמרקחה.

צפים ועולים עתה בי זכרונות מן הימים ההם: מצד אחד שבים מעבודתם חוטבי העצים, גרזנים על כתפיהם; מצד שני באים פועלי הבנין, הולכים ושרים, נעלים כבדות, מסומרות



קבוצת „עליזות" (1927)



קבוצת „שלגוניות"

לרגליהם, והנה הם פורצים בשירה ספונטאנית: „אנו באנו ארצה לבנות ולהיבנות בה".

יהודי לוצק נוכחו בינתים לדעת כי אם יש צורך בפועל ישנה כתובת — בית לומר. לא עוד „באַלעבאַטישע קינדער", כי אם פועלים ממש. הרבה עזר גם סניף „החלוץ" במקום.

לא פעם קרה שמיכל לומר, בעל הבית, בא לגבות שכר־דירה ולא היה כסף. היינו מושכים גם אותו למעגל הרוקדים...

בראש השנה התקיים כינוס של כל קיבוצי ההכשרה בגוש בהשתתפות חברי המרכז. באו חברים מקלוסובה, מדומברוביצה, מאוליק וממקומות אחרים. מן הארץ באו לכינוס פיבוש בנדורי ז"ל מגבעת השלושה וגרשון אוסטרוסקי מעין חרוד.

בכינוס נערך ויכוח סוער בשאלה, אם לאשר חברים לעליה אחרי ששה חדשי הכשרה, או רק אחרי תשעה חדשים. הכריעו תובעי הששה, כי הארץ תבעה עליה משום שהיתה זקוקה לידים עובדות.

בסניפי „החלוץ" ו„גורדוניה" רופדו הרצפות בקש וכך סודרו מקומות־לינה לחברים שבאו להשתתף בכינוס.

בחורף החמיר המצב. לחברים בקיבוץ ההכשרה לא היתה עבודה. גם מספר החולים גדול היה. חיקה בינשטוק ז"ל (נפטרה בגבעת השלושה), המרכזת, היתה אובדת עצות. לא פעם עבר יום שכל מזוננו היה מעט תפוחי אדמה.

זוכרני: ב„סידור העבודה" סודרו שלושה, שהוטל עליהם ללכת ולחפש עבודה: אני ועוד חבר וחברה. מדדנו את לוצק לאורכה ולרוחבה, כיתתנו רגלינו לכל מקום, חיטטנו בכל הסימטאות, אולי נמצא משהו — אך הכל היה לשוא. עברנו את הגשר, הגענו לקראסנה. והנה יוצאת לקראתנו אשה, מסתכלת בנו ודמעות בעיניה: „איך האָב אַ טאָכטער אין טשענסטאָכאָוו" (יש לי בת בצ'נסטוכוב), והוסיפה: „קומט אַריין קינדער זיך

דערוואַרעמען מיט אַ גלאָז טיי" (היכנסו ילדים הביתה להתחמם בכוס טה). בינתיים העריב היום. חזרנו דרך השביל לאורך הנחל, והנה מצאנו שני מטרים עצים לניסור וחטיבה. הגענו לעמק השווה בענין המחיר והתחלנו לעבוד במרץ. בחוץ כבר היה חושך, אבל אנו עבדנו בשקידה. חזרנו הביתה במצב רוח מרומם. סוף סוף הצלחנו.

אחרי זמן־מה יצאנו קבוצת חברים לכיבוש עבודה בדימ־בובקה.

כל זמן היותנו בלוצק נפגשנו הרבה עם יהודיה, בעיקר עם בני שכבות העמלים — בנאים, נגרים, צבעים, סבלים, עגלונים ועוד. היו אלה יהודים פשוטים וחביבים, טובי לב. וכמה כואב הלב שהיו ואינם עוד...

**יוסף ויץ**

# ביקור חטוף בלוצק

בבוקר סגריר ועוטה קדרות של אחד מימי אלול האחרונים בשנת תר"ץ הביאתנו — אותי ואת רעיתי — הרכבת הבאה מוורשה לתחנת לוצק. עוד לא נדמו שריקות הקטר ושקשוק הקרונות בהיעצרם אגב האטת הנסיעה, ודרך חלון־הקרון נשקף אלי הדוד חייקיל מתחת למטריה, כשעיניו, מלאות צפיה, בולשות את החלונות. לבי, שהיה אחוז געגועים אל הדוד מאז הפרידה ממנו לפני עשרים ושתים שנה, נתפעם לקראתו בהתרפקות־נעורים, וכשזרועותינו נתחבקו ונתלפפו, הציצו אלי עיניו השוחקות, ועל שפתיו ריצדה בת־הצחוק ברוכת הטוב והחסד, הנדיבות והסליחה.

העיר לוצק היתה חדשה לי. זו לי הפעם הראשונה לבקר בה, אם כי העיירה בורמל, שבה עברו עלי שמונה־עשר קיצים וחרפים עד עלותי ארצה, לא היתה רחוקה ממנה ותושביה היו עוברים ושבים בעיר המחוז. ואם סרתי אליה, אגב ביקורי הקצר באירופה, ולא אל עיירת־המולדת, הרי זה מפני שבינתים עקרו רוב בני משפחתי מאותה העיירה והשתקעו בלוצק; ומטרת בואי הלא היתה לראות אותם: את בית הדוד ואת בית אברהם לנדר ובית ישראל לנדר, את בית יהודה נול ובית יקותיאל נול ואחרים. בני המשפחה המסועפת, שהעלתה מקרבה כמה בנים ובנות לארץ, ישבו כאן, ו„קשרי המולדת" — עד כמה שעוד שרדו בי אחרי כ"ב שנים בארץ — היו אתם.

קודרת, משעממת וחסרת־ישע נראתה לי העיר בשעה שהסיעה אותי המרכבה מהתחנה אל בית הדוד שבמרכז העיר. גשם דק, דוקרני, טיפטף מתוך עננות אפורה־אפלולית, ויהודים ברחובות, שחוחי־ראש, היו אצים־רצים כאומרים להתחמק מהר מקדרות זו אל איזה מפלט סמוי שמעבר לערפליות המסמררת. למראם היתה בלב הרגשה כבדה של תוגה ודכדוך. ייתכן — הרהרתי ביני לבין עצמי — שמסע־הלילה, חוסר שינה ועייפות, הם שגרמו להתרשמות זו. אולם לאחר מכן, בימים הבאים — עשרים ואחד במספר — של שהותי בעיר ובחברת בני המשפחה ומכיריהם, וגם כששמש סתיו, חמימה ובהירה, שבה לזרוח עליה ועל רחובותיה, כיכריה ונהרה — מצאתי כי אכן חיים היהודים בהרגשה של צורך להתחמק מן הקדרות האופפת אותם בעיר זו ובמדינה זו.

באותם הימים היו רבים משכימים לפתח ביתו של הדוד, ביניהם גם כאלה שכבר עלו לארץ ישראל ו„ירדו" — לשאול אצלי לשלום הארץ, למצבה המדיני והכלכלי, ועל האפשרות להסתדר בה. דופקה של התנועה הציונית פעם בחזקה, גם מבחינה רוחנית: חינוך ציוני, לימוד תרבות עברית, אימון בשפה העברית; וגם מבחינה גשמית: אוסף תרומות לשתי הקרנות וכיו"ב. הנוער, ברובו, היה ער ופעיל בזרמים ובתנועות שבתוך ההסתדרות הציונית. גם בענינים המקומיים נראו יהודי לוצק מאורגנים כציבור בעל הכרה, ער ומקפיד על שמירת זכויותיו, ורבים היו העסקנים שמסרו זמנם ומחשבתם לצרכי הכלל. לא מעט היה בזה חלקו של הדוד חייקיל, שכיהן אז כסגן לראש העיר הפולני, אבל כמעט כל הענינים היו נחתכים על פיו, ועם זאת לא הניח ידו ולבו מצרכי התנועה הציונית, אשר כאחד מראשי מנהיגיה שימש מופת לאחרים במסירות ובהקדשת כל שעה פנויה לעניניה של ארץ ישראל. עם כל זאת, ואולי בשל כל זאת, היתה מועקה בלבותיהם: עתידם בפולין לא נשקף אליהם בשחוקה של נדיבות וידידות. עמוק, עמוק, וברבים מתחת לסף הכרה, שכנה הרגשת פחד וחרדה לקראת ימים יבואו. הן אז כבר הגיעו הדים מצריחות־הפרא של השטן הממאיר היטלר! — ושם, באותם מעמקים שלהם, לחש קול: הצילו עצמכם בעוד מועד, צאו ועלו! אבל אזיקי־החיים היום־יומיים היו חזקים, ובאלה היו כבולים לא רק המון העם, כי אם גם המנהיגים והעסקנים שהיו מתלבטים ומתחבטים בין הרצוי לבין המצוי, בין השאיפה הכמוסה שבלב, לבין כורח החיים האפרוריים. ומכאן אותה שכבה פנימית של קדרות־צללים, כשהגוף מיטלטל כל היום בהתעסקות של מלחמת הקיום; אותו נצנוץ של תוגה ממבטי העינים גם כשהן שוחקות — בריתחת ויכוח או בשיחת רעים, בנשפי־משפחה או באסיפות המונים, במבוגרים ובבני הנעורים. ולעיני, עיני יהודי ארצישראלי, נראו אחים אלה כאסירים שאין בכוחם להתיר עצמם ממאסרם, והמשיח שיתירם אינו. וכל ימי שהותי בלוצק הייתי שרוי בדכאון קשה.

ולא רק בלוצק. נזדמנתי באחד הערבים לרכבת ההולכת מלוצק אל העיירה הוריכוב, אשר אליה נסעתי כדי לעלות על קבר אבי ז"ל, שנפטר בחודש אדר ב' שנת תרס"ט. הנסיעה ארכה שעות רבות ובתחנות הסמוכות זו לזו עלו יהודים רבים ושונים

ברעש ובהמולה, כאורח גוברין יהודאין שאין להם בעולמם אלא מהומת משא־ומתן והתרוצצות. אבל לא עברו רגעים מעטים, ומבלי שאדע היאך עמדו על סוד הווייתי: יהודי ארצישראלי ברכבת, — ומיד הקיפוני בשאילת־שלום ו„מה נשמע אצלכם", והיו לאנשים אחרים, לא מעולם זה, כאילו יד נעלמה החליפה לבושם החילוני ועטפתם באדרת של עריגה לעולם אחר, כיהודי עם בוא השבת בשירו הידוע של היינה. ובכולם אותה התחבטות בין שני הקטבים: המציאות המרה שאין הכוח והעוז להיחלץ ממנה והכמיהה להגיע לחוף מבטחים.

היה זה לי ליל שימורים. שכן הייתי עד לאותה התחבטות קשה ולבי נתמלא צער נוקב. ובראותי אותם ביסורי לבטיהם שאלתי עצמי: היכן המשיח שינתק את האזיקים מעל אַחים אלה ויגאלם משעבוד? בשעה סמוכה להפצעת השחר הגעתי לתחנה האחרונה שלפני העיירה, ומשם המשכתי בקרון רתום לשני סוסים, גדוש משא שקים וחבילות, והעגלון יהודי מהוריכוב. כששאלתיו, בהתישבי על שק קש לידו, אם יודע הוא את ביתו של שמחה שצקיס, השיבני בשאלה:

— אתה מארץ־ישראל?

ובלי חכות לתשובה המטיר עלי את השאלות שחזרו מפי כל יהודי — על החיים בא"י ועל אפשרות שעגלון כמותו יסתדר שם, וכו' וכו'. הוא שואל והוא משיב לעצמו, כשהשאלה ברורה במהותה ובתכליתה, והתשובה ספוגה פקפקנות והססנות, כשהוא מזרז בשוטו את הסוסים להליכה, ובשמים הגבוהים רוטטים כוכבים, מאירים ושוקעים ושחר מנצנץ והולך, והסוסים נעצרים והעגלון בעל השיחה נעצר גם הוא, בהצביעו בשוטו לעבר בית ברחוב:

— זהו ביתו של שמחה שצקיס.

הבית עמד באפלולית ואף־על־פי־כן זכרתי את התריסים לחדריו הפנימיים, וניגשתי אל אחד מהם ודפקתי. קול מנומנם ענה:

— מי שם?

— פתח, רבי שמחה, פתח לי, אני יוסף פה.

קריאת השתוממות וחדווה כפולת שני קולות נשמעה, ומיד חרקה דלת ואני נכנסתי פנימה, לתוך אווירה חמימה, נושמת ילדות מתוקה מאז, מאז.

שמחה שצקיס, סוחר ובעל אכסניה בעיקר לגויים, שהיו באים לימי היריד בעיירה ומאכסנים את בהמותיהם בחצר הגדולה שמאחורי הבית, ואשתו גולדה — זוג חשוכי־בנים, אבל ענווים, שקטים וטובים — היו שניהם ידידי המשפחה שלנו. אבי ז"ל היה נערץ עליהם ובניו אהובים עליהם כילדיהם. משנפטר אבי והמשפחה עקרה לארץ ישראל, היו כמיותמים. בואי לביתם באופן פתאומי נחשב בעיניהם כ„גילוי אליהו". הם חיבקוני, גיפפוני, השכיבוני במיטה וכיסוני. ידעתי שבשעות שנתי המעטות יתהלכו על בהונות רגליהם וישימו עינם עלי. משהקיצותי כעבור שעות מעטות האכילוני והשקוני, ולא פתחו פה לדבר, רק מבטם שלוח אלי, והמבט דובר ומשיח ועצוב. איזה עצבות עמוקה! וכשליווני אל בית העלמין ועמדו יחד עמי לפני קבר אבי, — שפכו הם דמעות, כי אני דומם הייתי כאבן. ראיתי את אבי הטוב־הטוב, כשהוא נושא בקרבו את הגעגועים לארץ „בה ישכון האביב עולמים", ועתה נחלתו מצבה עקומה, עגומה בנכר, ובלבי מנקרת החרדה: מי יודע מה הגורל הצפוי למיליוני השצקיסים, והלנדרים, והנולים והווייצים והקליבנרים, שלבם קן לגעגועים צובטים־כוססים.

וכך גם בשובי באותו יום ובערב שלאחריו מהוריכוב בקרונו של אותו עגלון לתחנת הרכבת, ועם אותם היהודים (גם אם למעשה היו אחרים) ברכבת לתחנת לוצק, ואותם היהודים בלוצק בימים המעטים שנותרו לי עוד להיות שם עד מלאת מספרם עשרים ואחד יום, בקהל עדת ישראל שבגולה, שמוטת־קרקע, אחוזת־דאגה, שקועת־טרדה תקופת־אימה והזיות־חלום הפוך, ביניהם הדוד חייקיל שהוא כאב־טיפוס לדור זה, וכבימים עברו אני רואהו צועד לבדו בבין השמשות ומהרהר עם עצמו על „בריכה צנועה וחולמת חלום עולם הפוך, ואין יודע מה בלבבה".

— — — והגיעה שעת פרידה... בין עשרות אנשים קרובים שבאו ללוות אותנו מתהלך הדוד לצדי. הוא הולך שחוח, ואין פלא. תמיד השמים שם כה נמוכים, רובצים כה בקדרותם. גם בוקר זה סגריר הוא. הדוד מעונה ומדוכא. אני מביט בעיניו. הניצוץ החלומי איננו. כבה. אני לוקח את ידו לפרידה ולוחש לו:

— דודי, דוד. אני רוצה לראותך עוד פעם. אבל שם, שם בעולם ההפוך, בעולם חלומותיך...

הבריק הניצוץ, אך דוק לח כיסהו. בכינו שנינו. האם ניבא הלב את הרעה מכל רעות שתבואו?

ירושלים, חנוכה תשי"ט

י. בן־אריה (זיניוק)

# צרור מכתבים

צרור מכתבים נשאר לנו לזכרון ממשפחתנו המסועפת בלוצק. הנה הוא מונח לפני, דומם, שקט, ובו מקופלים חיים ומאבק של שנים רבות בלוצק אשר בגלות פולין.

מכתבים אלה, תעודות דוממות הן, המספרות רבות על חיי הורינו בלוצק.

למרות שלטון הזדון הפולני בשנות 1933—1939, נמשכו בלוצק חיים יהודיים וחלינאיים, חיים של גאוה יהודית, כאילו לחשו השפתיים: „אין דבר, נבלה אותם!"

הנני מתיחד עתה עם המכתבים וקורא בהם, בעיני רוחי. הנני רואה את ביתנו שברחוב פשחודניה 4. קטן היה, אך לא צר היה המקום. חנות קטנה של קמח היתה בביתנו ופרנסתנו־כלכלתנו תלויה בה. אבינו היקר ז"ל, ריחים על צוארו, היה נאלץ לעבוד ולהיאבק קשה, כדי להרוויח את לחמו. גרבסקי הפולני, צורר היהודים, היה מטיל מסים כבדים על היהודים. גוביו — עושי דברו — היו עושים שמות ברחוב היהודים. את עבודתם האכזרית היו עושים מתוך שמחה לאיד... לא פעם היתה אמנו ז"ל נאבקת עם הגובים שבאו לקחת את שק הקמח האחרון. הנה אני רואה אותה לפני עומדת ופורשת כפיה בתחנונים שלא יקחו את הכל מהחנות, שישאירו פרורי לחם לילדים... אני ממשיך לקרוא... כמו מתוך ערפל עולות לפני תמונות שונות מחיי המשפחה האומללה שלנו.

אין בכוחי לתאר הכל. כרגע מהדהדים באזני זמירות השבת של אבא. הנני מסתכל בפניו הקורנות, בחריצי המצח, ובעיניו, ומתפלא על הבטחון העצמי, על האמונה הגדולה... אבא שואל במכתביו איך אנו מקדשים את השבת בארץ הקודש...

עברו שנים. צעדי השטן נשמעו... מגפים מסומרים נתנו אותו־תיהם בעולם, ורוח אחרת נושבת מהמכתבים, רוח זלעפות עזה צורבת...

הגרמנים תושבי לוצק הרימו את ראשם וגילו את חוצפתם בכל מקום. הממשלה הפולנית הבוגדנית הכבידה את ידה במשנה כוח על היהודים.

צר מאוד היה להורינו לחיות בארץ הזאת. קדרות ירדה עליהם, מועקה נפשית העיקה עליהם.

והמכתבים מספרים ומספרים... על גזרות חדשות, על ניצול אכזרי, על סחיטות ועלבונות ועל הצעקות בחוצות העיר „ז'ידים לפלשתינה!" ואכן, מלות העלבון שלהם נהפכו למלת קסם להורינו. זיק של תקווה, שביב אור בתוך העלטה הגדולה שאפפה אותם, ראו בני משפחתנו בעליה לארץ. מתוך כל שורה במכתביהם מבצבצים געגועים, כיסופים וכמיהה לארץ והיאבקות על רשות כניסה...

והארץ סגורה ומסוגרת. הם דופקים על השערים והם נעולים. והם כותבים... כל מלה משוועת לגאולה, בכל שורה מאוויים חנוקים וצפיה עזה לגאולה...

ואנחנו ראינו כאן את עצמנו אומללים שלא היה בידנו להושיע. פעולתנו נתקלה בקיר אטום של ממשלת המנדט, אך בכל זאת לא התיאשנו והוספנו לפעול. היינו מעודדים אותם ומכתבינו היו נוסכים בהם תקוות, כי לא פסה האמונה, „נצח ישראל לא ישקר". היינו נופחים רוח חיים בעצמות היבשות. ובכוח זה חיו הורינו וחיכו. חיכינו גם אנו, קווינו לראותם באים אלינו והמשפחה מתלכדת יחד... חלום אבינו הולך ומתגשם... אך הנה הגיעו ימים אחרים, ימים אפלים ימי זוועה...

המכתבים מונחים על השולחן ואני מדפדף בהם מתוך רטט של קדושה, הם כתובים בדם לבם, והם העדים היחידים של הורינו היקרים זכרונם לברכה...

חיפה, 1959

אלעזר א. חרמוני

# אזכרך לוצק

כבמחזה עוברים לנגד עיני מראות לוצק, ערש מולדתי. ואם כי שנים רבות עברו מאז עזבתיה בשחר נעורי, שמורים בזכרוני דמויות אנשיה, אישיה, הנוער על שכבותיו, מוסדות התרבות והכלכלה, בתי השעשועים, מועדוני הנוער והמפלגות וכו' וכו'.

ואף־על־פי שזה שלוש עשרות שנים אני נמצא בארץ, השתרשתי בה וכמעט שנהפכתי ל„צבר", בכל זאת יכול אני להעיד במלוא ההכרה, כי לולא לוצק וכדומות לה ערים ועיירות בתפוצות הגולה, לא היתה קמה המדינה — בכל אופן לא בזמננו. על חורבן בית ישראל בגולה קמה המדינה. אמנם כן, זוהי אמת היסטורית — ירושלים נבנתה מחורבנה של הגולה.

ויאמר האומר: בתחיה כאן בארץ ובקיבוץ הגלויות ננו־חם. — גדולה זכותנו שבימינו ולנגד עינינו קם ונהיה הפלא של אתחלתא דגאולה. אולם אל לנו לשכוח את העבר; חובה עלינו להזכיר זה לזה, לשנן לבנינו את המקור שממנו חוצבנו.

אזכרה את ביה"ס „תרבות", את מוריו ותלמידיו; אלה האחרונים באו רובם ככולם מהחוגים הבעלי־בתיים־ציוניים. המורים ראו בעבודתם שליחות־קודש ומילאוה בדחילו ורחימו ולשמה. לא פעם קרה שמורה זה או אחר היה מוסיף על שעות הלימודים הקבועות מזמנו החפשי ומרביץ תורה וציונות — בלי מרכאות. ייזכר לטובה המורה צבי חמרה אשר כמו אב היה מסור לתלמידיו ודאגתו להם לא ידעה גבול; או המורה שוסטר — זה האמן אשר ידע מלאכת מחשבת והיה חובב טבע — שהיה אוסף קבוצות תלמידים בימי החופש ומבלה אתם בטיולים ובתחביבים מעניינים. אווירה ארץ־ישראלית שררה בכל וצלילי השפה העברית בהברה ספרדית חפשית נשמעו בין חניכי „תרבות" — בין כותלי ביה"ס ומחוצה לו.

ומביה"ס לקן השומה"צ, אשר תלמידיו של זה היו בו הגרעין בשנים 1926/27. שיתוף פעולה מתוך רצון כן ומגמה חלוצית שררו בין המורים ומדריכי השומה"צ דאז. בשקט וברצינות התנהלה עבודה חינוכית ומעשית, שהכשירה דור מת־נדבים לעבודה ציונית ומגשימים בפועל צו התנועה בעליה.

הלה של זוהר וחן ריחפה על רחובותיה של לוצק, אשר חיי יהודיה והנוער, שברובו היה ציוני, הטביעו חותמם עליהם.

אזכרה ימי חג ומועד — רישומם היה ניכר ברחובות העיר בנהירה המונית לבתי־הכנסיות הרבים, וגם ל„מנין" שהיה מתקיים במועדון הציונים.

אזכור את מפעלי החג למען הקרן הקיימת, שחלקם של בני הנוער בהם רב היה. וכמו שמקובל אצלנו לאמור: „עכשיו מותר כבר לגלות". בשנים 1931/32 אורגן ע"י כותב השורות האלו, ממש „מתחת לחוטמם" של השלטונות, דואר פנימי למשלוח ברכות לראש־השנה ע"י שימוש בבולים של הקרן הקיימת והתמורה הכניסה סכומים גדולים לקרן. המפעל בוצע ע"י ארגוני הנוער.

הרבה אזכור, אולם קצר המצע להביע רחשי לב בגבור זכרונות ילדות. מתוך הצער והכאב על החיים התוססים אשר נכרתו ביד צר ואויב מתגנב ללב גם שמץ של גאווה, שמינית שבשמינית, על היותך יליד לוצק המעטירה.

רבים מאתנו זכו לעלות ולהיעלות בעוד מועד לארץ, ורבים מהניצולים מצאו דרכם אלינו וחידשו חייהם בחיק המדינה.

אלה אשר לא זכו לכך — יהי זכרם ברוך!

חדרה, 1959

**מ. ש. גשורי**

# „מזרחי" אין לויצק

נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (תרע"ד—תרע"ח) האָט „מזרחי" אָנגעהויבן אַקטיווער טעטיק צו זיין אין פּוילן ווי אַן אָרגאַניזאַציע פון רעליגיעזע ציוניסטן, וועלכע שטרעבן מיטן גאַנצן האַרצן צו דער אויפלעבונג פונעם יידישן פאָלק אין ציון, אויף די יסודות פון דער יידישער רעליגיע און אין איר גייסט. איר רעליגיעזע שטרעבונג איז געקומען צום אויסדרוק אין איר קלאָרער לאָזונג: „שאַפן אַ זיכערע היים דורך אַן עפנטלעכן אורטייל פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל אין גייסט פון דער תורה און דער טראַדיציע, און איר טעטיקייט — פאַרטיפערן די רעליגיעז־נאַציאָנאַלע דערקענטניש און פאַרשטאַרקן דעם יידישן רעליגיעז־נאַציאָנאַלן ישוב אין ארץ־ישראל". די אופנים פון דער „מזרחי"־טעטיקייט זענען געווען: אַלע אַלגעמיינע ציוניסטישע טעטיקייטן בנוגע די פּאָליטישע רעכט פונעם יידישן לאַנד, דער אויסלייזונג פונעם יידישן באָדן און שאַפן יידישע אַרבעט אין ארץ־ישראל, און ספּעציעלע טעטיקייטן פאַר דער אויסבילדונג און אַנטוויקלונג פון דעם יידישן גייסט, דעם גייסט פון אונדזער תורה און אָריגינעלער קולטור. די אָרגאַניזאַציע פון „מזרחי" אין פּוילן איז געווען אַן איינהייט פאַר זיך אַליין. זי האָט געהאַט באַזונדערע מזרחישע שקלים, אַ באַזונדער סטאַטוט, אַ באַזונדערן צענטראַלן ועד און אַ באַזונדערע צענטראַלע ביוראָ.

די שטרעבונג פון „מזרחי" איז געווען צו פאַרשפּרייטן דאָס וויסן פון אונדזער געשריבענער תורה און פון דער טראַדיציע, דאָס קענען אונדזער פאָלק און זיין געשיכטע און דאָס קענען אונדזער שפּראַך און אונדזער העברעישע ליטעראַטור. צו דעם צוועק זענען דורכן „מזרחי" און זיינע יונגעלייט געגרינדעט געוואָרן אין פאַרשידענע שטעט חדרים פאַר קינדער און אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, אין וועלכע מ'האָט געלערנט תנ"ך און תלמוד, העברעיש, יידישע געשיכטע און נאָך זאַכן, דורך וועלכע מען האָט פאַרטיפערט די רעליגיעז־נאַציאָנאַלע דערקענטניש, דעם רעליגיעז־נאַציאָנאַלן געפיל און שטאָלץ.

✶

פון דער הויפּשטאָט וואַרשע, ווו עס איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע ציוניסטישע טעטיקייט, פלעגן קומען פאַרשידענע שליחים אין די וואָלינער שטעט צו אָרגאַניזירן די ציוניסטישע געזעלשאַפט אין די גרענעץ־געביטן. לויצק און אַנדערע וואָלינער שטעט האָבן זיך פאַרשפּעטיקט אין דער אָרגאַניזירונג־אַרבעט צוליב דעם מצב וואָס האָט זיך דאָרט געשאַפן נאָך דער אָקופּאַציע פון די דייטשן, דעם פּראָקלאַמירן די אוקראַאינישע רעפּובליק און די כוואַליע פּאָגראָמען, וואָס האָט פאַרפלייצט די געגנט אין יענער צייט. דאָס אַלץ האָט פאַקטיש איבערגעריסן די פּאָליטישע טעטיקייט פון נאָך דער רעוואָלוציע. די קראַפט און ענערגיע פון דער יידישער געזעלשאַפט איז אין אַ גרויסער מאָס פאַרוואַנדט געוואָרן אויף אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ קעגן די פאַרשידענע פּאָגראָמשטשיקעס. אין דער זעלבער צייט האָט זיך די יוגנט געגרייט צו שוץ און עליה. די כסדרדיקע זאָרגן פאַר זיכערקייט און עקזיסטענץ האָבן פאַראייניקט די יידישע געזעלשאַפט, און ס'איז קיין פּלאַץ נישט געווען פאַר צעריסנקייט און באַזונדערקייט אויפן געביט פון אַלגעמיינעם ציוניזם, ביז דער וואָלינער קאַנט איז פאַראייניקט געוואָרן צו דער פּוילישער רעפּובליק.

די שליחים פון „מזרחי" פון קאָנגרעס־פּוילן פלעגן באַזוכן די וואָלינער שטעט, און לויצק צווישן זיי, און פּרוּוון אָרגאַניזירן די רעליגיעזע ציוניסטן זיי זאָלן טעטיק זיין, ווי אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע אונטער דער פאָן פון מזרחי. צווישן די שליחים האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט דער רב יחיאל יצחק ראַפּאָפּאָרט מיט זיינע רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין די בתי־מדרשים און שולן. זיין שיין רעדן האָט אַריינגעבלאָזן אַ פרישן גייסט אין די רייען פון די עלטערע און די יוגנטלעכע, שאַפנדיק אָנהענגער פאַרן מזרחישן געדאַנק. אָבער די אָרטיקע רעליגיעזע ציוניסטן האָבן נישט געזען קיין דרינגענדיקע נויטווענדיקייט אין אַ באַזונדערער מזרחישער אָרגאַניזאַציע, ווייל די באַציונגען צווישן זיי און די אַלגע־

מיינע ציוניסטן זענען געווען מוסטערהאַפטע, און ווייל די געזעלשאַפטלעכע באַזע אין וואָלין איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי אין פּוילן.

אין צווישנצייט האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען קיין וואָלין איינפלוסן מצד די אָנהענגער פון דער „אגודה", און ס'האָבן זיך געפונען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן גענומען ווירקן צווישן די לויצקער יידן לויטן אָנווייז פון דער „אגודה". ערשט דעמאָלט האָט מען זיך איבערגעצייגט, אַז ס'איז דרינגענדיק נייטיק צו שאַפן אַ מזרחי־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל פירן אַ טעטיקייט צווישן די אָרטאָדאָקסן אין גייסט פון רעליגיעזן ציוניזם.

אין דעם „מזרחי"־אָרגאַן (דערשינען אין וואַרשע אויף העברעיש) פון י"ח אייר תרפ"א, ווערט מיטגעטיילט, אַז אום שבת אחרון־של־פּסח האָבן זיך אין לויצק פאַרזאַמלט אַ סך מענטשן, וועלכע סימפּאַטיזירן דער אידעע פון „מזרחי", זיך צו באַראַטן וועגן גרינדן אַ „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע. נאָך פאַרהאַנדלונגען איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ ועד, אין וועלכן ס'גייען אַריין די ה"ה: אריה פיש — פאָרזיצער, יהושע בערעזע — וויצע־פאָרזיצער, שרגא לעוויט — סעקרעטאַר; מיטגלידער: יעקב סימע, ישראל ווייסנבערג און אַנדערע. דער וועד גרייט צו אַ קול־קורא צו אַלע לויצקער איינוווינער זיך צו פאַראייניקן אונטער דער פאָן פון „מזרחי".

אָנהייב יאָר תרפ"ב איז דער זשיכלינער רב, רבי יחיאל יצחק ראַפּאָפּאָרט פאַרבעטן געוואָרן פאַר אַ רב אין לויצק און אומגעגנט. די לויצקער רעליגיעזע קרייזן האָבן זיך געפרייט מיט דעם דאָזיקן גליקלעכן אויסוואַל, ווייל דער רב איז געווען פון די בעסטע מזרחישע עסקנים, אַ גאָט־געבענטשטער רעדנער. ער האָט זיך באַמיט צו טאָן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, אָן אונטערשיד פון אָנשויונג. ער פלעגט אַרויסטרעטן מיט דערפאָלג און אַ סך לויצקער יידן זענען אַריינגעטרעטן אין די רייען פון „מזרחי". דער „מזרחי" אין לויצק האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך די אַקטיוויסטן פון דעם אָרגאַניזירטן רעליגיעזן יידנטום און געטריי געוואַכט איבער דעם טראַדיציאָנעלן ציוניסטישן גייסט, האָט מיטגעאַרבעט מיט די ציוניסטן, זיך באַטייליקט אין אַלע ציוניסטישע געלט־זאַמלונגען. און איז געשטאַנען אין קאַמף בעת די וואַלן צו די מלוכהשע אינסטיטוציעס און די מוניציפּאַלע שטאָט־אינסטיטוציעס.

פון צייט צו צייט פלעגן לויצק באַזוכן רבנים־רעדנער געשיקט פון דער „מזרחי"־צענטראַלע. הרב ראַפּאָפּאָרט אַליין פלעגט אַרויסטרעטן אין די שכנישע שטעט און שטעטלעך: דובנע, קאָוולע, קרעמעניץ, לודמיר, אָסטרע, בריסק. צווישן די וואָלינער רבנים איז ער געווען דער איינציקער וואָס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער טעטיקייט פונעם „מזרחי" מיט וואָרט און טאָט. ער האָט אָרגאַניזירט די וואָלינער רבנים און זיך באַמיט צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישן מצב. טאָג־טעגלעך האָט ער אַלאַרמירט וועגן דעם פאַרוואָרלאָזטן מצב אויפן גייסטיקן פעלד אין וואָלין, ווי אַ רעזולטאַט פון דער ערשטער גרויליקער וועלט־מלחמה, וואָס האָט אין משך פון זעקס יאָר אָנגעמאַכט פאַרוויסטונגען אין אַלע טיילן פון דעם אייראָפּעישן יידנטום, און דער גייסטיקער חורבן האָט נאָך איבערגעשטיגן דעם מאַטעריעלן חורבן, וואָס די מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט. בעת זיינע באַזוכן אין די גרעסערע און קלענערע שטעט אין וואָלין האָט ער אין זיי געטראָפן אָפּגעשטאַנענקייט. אין אַ סך קהילות זענען בכלל נישט געווען קיין תלמוד־תורות, און די קינדער פון דער אָרעמשאַפט איז געוואַקסן אָן קיין שום דערציאונג. הרב ראַפּאָפּאָרט האָט אַלאַרמירט וועגן דעם געפערלעכן מצב פאַר דער יידישקייט. ער האָט זיך גענומען צו אָרגאַניזירן די וואָלינער רבנים צו אַקטיוויקייט און צו פאַרבעסערן דעם צושטאַנד, ווי אויך צו דערהויבן די ווערט פונעם רבנות און די רבנים.

אין יאָר תרפ"ה זענען אין לויצק געגרינדעט געוואָרן די אָרגאַניזאַציעס „צעירי המזרחי" און „החלוץ המזרחי". די יוגנט־לעכע האָבן זיך ענערגיש פאַרנומען מיט דער שקלים־אַקציע און מיט זאַמלען געלט פאַר דעם „קרן החלוץ המזרחי". אין די יידישע רייען פון דעם „החלוץ המזרחי" זענען געשטאַנען די דערצויגלינגען פון חדר און ישיבה, און די אָרגאַניזאַציע פלעגט שיקן אירע מיטגלידער אויף די באַזונדערע מזרחישע הכשרה־פּונקטן און האָט געקעמפט פאַר איר זכות עולה צו זיין, וואָס איז געוואָרן אַ לעבנספראַגע פאַר אַ סך, וועלכע האָבן געקלאַפּט אין די טירן פונעם ישראל־אַמט. יעדער סערטיפיקאַט איז דערוואָרבן געוואָרן דורך אַ שטאַרקן קאַמף צווישן די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געהאַט זייערע פאָרשטייער אין ארץ־ישראל־אַמט.

די בשותפותדיקע טעטיקייט פון „מזרחי" מיט זיינע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. די באַוועגונג פון „תורה ועבודה" איז בייגעשטאַנען אין יעדן מצב, פאַרשטאַרקט איר השפּעה אויפן לעבן פון די יידן, אויפן אויפבוי פון לאַנד און פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. די מזרחי־באַוועגונג האָט אַ סך געאַרבעט און זיך באַמיט צו דערמוטיקן חברים עולה צו זיין. צווישן די חברים־עולים האָבן זיך געפונען אויך אַקטיווע מענטשן, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיטן „הפועל המזרחי" אין לאַנד און האָבן דורכגעמאַכט דעם לאַנגן וועג צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם רעליגיעזן ציוניזם ביזן אַנטשטיין פון דער זעלבשטענדיקער מדינת ישראל.

1960

## אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „מזרחי"

(י. ח—ש). פאַריקן זונטיק איז פאָרגעקומען אין דער קהילה די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון היגן „מזרחי". ה. ל. עדערמאַן עפנט די פאַרזאַמלונג מיט אַ קורצן רעפעראַט וועגן דער „באַדייטונג פון מזרחי". שפּעטער רעדן די ה"ה י. ווייסענבערג, פּנחס ווייסמאַן, יוסף ווייסענבערג און נפתלי גאַניק.

ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ ועד פון די פערזאָנען: י. ווייסענבערג, ל. עדערמאַן, יעקב וואַפּניאַרסקי, פּ. ווייסמאַן, מאיר רוקח, א. שניידער, מאיר שטיינבערג, ז. ראַטאַגמאַן, יוסף שטיינבערג, אפרים כץ און זאב מארמור.

גלייכצייטיק זענען צוגעקאָאָפּטירט געוואָרן צום ועד פון „מזרחי הצעיר" די ה"ה: ברוך האָכמאַן, דב גאָלדשטיין, נפתלי גאַניק און בעריש שיפער.

דער ועד איז צוגעטראָטן צו אַקטיווער אַרבעט.

(איבערגעדרוקט פון דער „וואָלינער פּרעסע" נומער 20 (230) פון 26.5.1933)

משה פערדמאַן / מעקסיקע

# דער „בונד" אין לוציק צווישן ביידע וועלט־מלחמות



משה פערדמאַן

די אַרבעט, וואָס מיר גיבן דאָ ווייטער, איז נישט קיין דאָקומענטירטע שטודיע וועגן „בונד" אין לוציק — מיר האָבן נישט קיין מעגלעכקייטן צו שרייבן אַן אויסשעפּלעכע כאַראַקטעריסטיק פון זיין טעטיקייט, ווייל מיר פאַרמאָגן נישט די אַרכיוון פון „בונד"; זיי זענען פאַרשווּנדן צוזאַמען מיט די בונדיסטן, אומגעקומענע כמעט אַלע אין לוציק אָדער אין אַנדערע מקומות בשעת דעם גרויסן חורבן.

✶

דער „בונד" אין לוציק איז געווען טעטיק נאָך פאַרן יאָר 1905. פון מיינע קינדערשע יאָרן געדענק איך גוט אַ געשעעניש, וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. טאַקע אין דעם שטורמישן פינפטן יאָר איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג, אָרגאַניזירט דורכן „בונד" אין דער גרויסער שול, וווּ עס איז אויפגעטראָטן אַ באַקאַנטער בונדישער אָראַטאָר — חבר דאַוויד. די פאַרזאַמלונג איז צעטריבן געוואָרן דורך קאָזאַקן. עס האָט זיך געהערט אַ שיסעריי. עס איז דעמאָלט אויך פאָרגעקומען אַ שטיקל פּאָגראָם, מיט דער באַטייליקונג פון שוואַרץ־מאַהניקעס. איך געדענק, אַז אַ יידישער שלאָסער־אַרבעטער האָט געשאָסן אין דעם לוציקער „איספּראַווניק".

צווישן די בונדיסטן פון יענער צייט זענען געווען, אויף וויפל איך ווייס, שמואליק איזן, קלמן פרישבערג, שמואליק גאַרבער און אפרים מאַראַנץ, — דער לעצטער איז געווען אַקטיוו אין דער בונדישער אַרבעט אויך אין די יאָרן 1923—1939.

✶

די נייע בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לוציק איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1923 דורכן שליח פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אין פוילן, חבר אַרטור זיגלבוים. ער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, ווי דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין פוילן. אין יאָר 1942 האָט ער אין לאָנדאָן טראַגיש־העלדיש פאַרענדיקט זיין לעבן, אַלס פּראָטעסט קעגן דעם שטילשווייגן פון דער וועלט, בעת דאָס יידישע פאָלק איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן.

ביז דער אַנטשטייונג פון דער אָפיציעלער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך די בונדיסטן און זייערע סימפּאַטיקער גרופּירט אַרום דער יידישער ביבליאָטעק, דעם קינדערגאַרטן און אַנדערע קולטור־פּאָזיציעס, ווי אויך אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין יענער צייט ס'רוב אַדאַנק זייער איניציאַטיוו.

אַזוי זענען דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן: דער דערנערונגס־פאַראיין (די אַרבעטער פון די מילן און בעקערייען); דער האָלץ־פאַראיין (סטאָליערס, טעסלערס, בוי־אַרבעטער א.א.); דער לעדער־פאַראיין (שוסטערס, זאַגאָטאָווששיקעס, גאַרבערס א.א.). די דערמאָנטע דריי פאַראיינען זענען געווען אינטערנאַציאָנאַלע — צו זיי האָבן געהערט יידן, פּאָליאַקן, אוקראַינער, רוסן). שפּעטער זענען אויך אויפגעקומען נאָך צוויי פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — ריין־יידישע: דער נאָדל־פאַראיין און דער פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

די פּראָפ. פאַראיינען האָבן זיך פאַרנומען מיט עקאָנאָמישע אַקציעס, וואָס האָבן געהאַט דעם ציל צו פאַרבעסערן די לוינען און אַרבעטס־באַדינגונגען. צווישן די פאַראיינען האָט זיך אויסגעצייכנט באַזונדערס דער דערנערונגס־פאַראיין, מיט זיין אָרגאַניזירטקייט און קאַמפּס־גרייטקייט, מיט זיין אינטערנאַציאָנאַליסטישן גייסט, ווי אויך מיט חברישער סאָלידאַריטעט און זעלבסט־הילף. אַזוי, למשל, איז דאָרט געווען איינגעפירט און שטרענג אָפּגעהיט די אינסטיטוציע פון „פּיראַנט". דאָס הייסט, אַז אַן אַרבעטסלאָזער בעקער פלעגט קריגן עטלעכע טעג אַרבעט, וואָס עס פלעגן אים אָפּטרעטן זיינע חברים — דאָס איז געווען שייך סיי צו אָרטיקע מיטגלידער פון פאַראיין סיי צו געקומענע פון דער פרעמד.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — דער עיקר די יידישע — פלעגן אויך פירן אַ קולטור־פּאָליטישע אַרבעט צווישן די מיטגלידער, אויף וויפל דאָס איז געווען מעגלעך ביים שטרענגן קרעסן־רעזשים. בכלל האָט די פּוילישע מאַכט אָנגעווענדט



דער קאָמיטעט פון „בונד" אין לוציק אין יאָר 1905



אַ בונדישע 1־מאַי דעמאָנסטראַציע אין לויצק

כל־המיני שיקאַנעס און רעפּרעסיעס קעגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און זייערע אַקטיוויסטן.

אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין לויצק זענען געווען אָנגעשלאָסן אין געהעריקע לאַנד־צענטראַלעס אין וואַרשע, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון די פּ.פּ.ס. (פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי) און „בונד".

די ערשטע צייט האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע נישט געהאַט קיין גרויסע צאָל אָפיציעל דעקלאַרירטע מיטגלידער. די ארבעט פון דער אָרגאַניזאַציע איז געגאַנגען דער עיקר אין דער ריכטונג פון אידעאָלאָגישער אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדע, ווי אויך אין די אַלגעמיינע אינסטיטוציעס אין שטאָט. עס פלעגן פאָרקומען רעגולערע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען און קרייזן, אויף וועלכע מען פלעגט שמועסן וועגן פאַרשידענע אַקטועלע פּאָליטישע פּראָבלעמען פון יידישן און אַלגעמיינעם לעבן. מען פלעגט פאַרשפּרייטן די פּאַרטיי־פּרעסע („די פאָלקס־צייטונג" א.א.). מען האָט געשטעלט די ערשטע טריט צו שאַפן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע („צוקונפט"). די בונדיסטן זענען אויך געווען די איניציאַטאָרן און ערשטע טוערס אין דער ווידערגעעפנטער יידיש־וועלטלעכער שול (1925).

פון צייט צו צייט פלעגט מען אַראָפּברענגען פּאַרטיי־טוערס פון וואַרשע, וועלכע זענען ס'רוב אויך אַרויסגעטראָטן מיט עפנטלעכע רעפעראַטן אויף פּאָליטישע און אַלגעמיינע קולטור־טעמעס.

✶

די ערשטע גרעסערע פּאָליטישע אַקציע פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז געווען די וואַל־אַקציע צום ערשטן דעמאָקראַטיש געוויילטן שטאָטראַט אין יאָר 1927.

לכתחילה האָט דער בונד געוואָלט שאַפן אַ בשותפותדיקע ליסטע מיט אַנדערע ראַדיקאַלע טוערס. מען האָט אונטערגעהאַנדלט מכוח דעם מיט שלמה גאָלדבערג, זלמן זאַרעצקי א.א., אָבער פון דער פּלאַן איז גאָרנישט אַרויסגעקומען צוליב אַ ריי פּרינציפּיעלע טעמים. און דער „בונד" איז אַרויסגעקומען צו די וואַלן מיט אַן אייגענער ליסטע, אויף וועלכער עס האָט פיגורירט אויך דער ד"ר יוסף מינינזאָן, וואָס איז נישט געווען קיין אָפיציעלער בונדיסט, אָבער אַן אַלטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טוער. צו יענער צייט איז מינינזאָן געווען דער פּאָר־זיצער פון דער לויצקער אָפּטיילונג פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע („ציש"אָ") און פון דער שול־פאַרוואַלטונג.

די וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס דער „בונד" האָט געפירט, איז געווען זייער אַ לעבעדיקע און האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער פאָלקסמאַסע. די וואַל־אַקציע איז אויסגענוצט געוואָרן דורך דעם „בונד" פאַר אַ ברייטער אויפקלערונגס־אַקציע און האָט טאַקע געבראַכט צו אַ באַדייטנדיקן וווּקס פון דער אָרגאַניזאַציע. די וואַל־רעזולטאַטן זענען פאַר דעם „בונד" געווען זייער גוטע, נעמענדיק אין באַטראַכט די פאַרהעלטענישן אין לויצק, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גרויסע אַרבעטער־באַפעלקערונג. עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן דריי בונדישער ראַטמענער: ד"ר יוסף מינינזאָן, משה פערדמאַן און ברוך צווערנער (אַ שניידער־אַרבעטער, פאָרזיצער פון לויצקער נאָדל־אַרבעטער־פאַראיין). שפּעטער איז אויפן אָרט פון ב. צווערנער אין שטאָטראַט אַריין שלמה רימאַרטשוק, אַ שניידער־אַרבעטער, היינט אין אַרגענטינע. ווען שלמה רימאַרטשוק האָט שפּעטער עמיגרירט קיין אַרגענטינע, איז אויף זיין אָרט געקומען טוניע ברומאַן.

נישט געקוקט אויף דער פאַרהעלטענישמעסיק קליינער פראַקציע, האָט די טעטיקייט פון די בונדישע ראַטמענער זיך דערוואָרבן אַ גרויסן אָנזען אין שטאָט, באַזונדערס צוליב דער זאַכלעכער אָבער שטענדיק פּרינציפּיעלער שטעלונג אין די וויכטיקסטע פראַגן פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט און איר באַציונג צו דער יידישער באַפעלקערונג. אַפילו די פּוילישע ראַטמענער און די אָנפירערס פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג (מאַגיסטראַט) האָבן זיך גערעכנט מיט די בונדישע ראַטמענער, און זיי זענען געווען פאַרטראָטן אין די וויכטיקסטע קאָמיסיעס (בודזשעט א.א.). זייערע אַרויסטרעטונגען אין די בודזשעט־דעבאַטעס פלעגן שטענדיק אַרויסרופן אַ גרויסן אינטערעס, און אַ סך מענטשן פלעגן דאַן קומען צו די זיצונגען.

דער ערשטער שטאָטראַט האָט טאַקע געפירט אַ פאַרהעלטענישמעסיק ליבעראַלע קאָמונאַלע פּאָליטיק, באַזונדערס אין די שטייערן־ענינים; עס איז אויך געלונגען צו באַקומען



אַ גרופּע בונדיסטן אין לויצק

סוסבסידיעס פאַר אַ סך יידישע אינסטיטוציעס (שולן, שפּיטאָל א.א.).

עס זענען געווען פאַלן, ווען די בונדישע ראַטמענער האָבן געמוזט אָפן און אַפילו שאַרף אַרויסטרעטן קעגן דער שטעלונג און האַנדלונגען פון די איבעריקע יידישע ראַטמענער. אַזוי, למשל, איז געווען, ווען אַ טייל יידישע ראַטמענער האָבן גע־שטימט קעגן דעם בונדישן פאָרשלאַג אָנצורופן אַ גאַס אויפן נאָמען פון יצחק־לייבוש פרץ, און צוליב דעם איז דער פאָרשלאַג דורכגעפאַלן (די יידישע ראַטמענער האָבן דעמאָלט געהאַט אַ מערהייט אין שטאָטראַט, אַזוי ווי די יידישע באַפעלקערונג איז געווען אַ מערהייט אין שטאָט). די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָלט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן אויפרוף קעגן דער האַנדלונג פון די בירגערלעכע יידישע ראַטמענער. דער אויפרוף איז, פאַרשטייט זיך, קאָנפיסקירט געוואָרן דורך דער „סטאַ־ראָסטווע" און דער שרייבער פון די שורות (ווי דער אָפיציעל פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן אויפרוף) האָט געהאַט אַ פּראָצעס דערפאַר.

אין דעם צווייטן שטאָטראַט האָט דער „בונד" געהאַט נאָר צוויי ראַטמענער. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער אַל־געמיינער ענדערונג אין דער פּאָליטיק אין לאַנד. די רעגירונג האָט געטאָן אַלץ כדי צו פאַרקלענערן די צאָל יידישע ראַט־מענער, און מען האָט געמאַכט אַ ספּעציעל צוגעשניטענע וואַל־אָרדינאַציע, אַז די יידישע באַפעלקערונג זאָל נישט האָבן קיין געהעריקע פאַרטרעטונג. אַלע יידישע פּאַרטייען האָבן געהאַט אין צווייטן שטאָטראַט קלענערע פראַקציעס. די בונדישע ראַט־מענער זענען געווען משה פערדמאַן און טוניע ברומאַן.

די וואַלן צום דריטן שטאָטראַט, וואָס זענען פאָרגעקומען האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין דער אַלגעמיינער אַטמאָספער פון פאַשיזאַציע און נאַציאָנאַלער דיסקרימינאַציע, באַזונדערס פון דער יידישער באַפעלקערונג, — האָבן נאָך מער אָפּגעשוואַכט די יידישע פאַרטרעטערשאַפט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אגב, האָט שוין דער דריטער שטאָטראַט פּאַק־טיש נישט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט, צוליבן אויסברוך פון דער מלחמה.

✶

אין די יאָרן 1936—1937, ווען די פּוילישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן פירן אַן אָפן־אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק, ווען אין לאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטי־יידישע עקסצעסן (למשל, די מעשה פשיטיק א.א.), האָט דער „בונד" אין פּוילן געפירט אַ ברייטע פּאָליטישע קאַמפּאַניע קעגן אַנטיסעמיטיזם, פאַר רעכט אויף אַרבעט א.אַ.וו. אויך די לויצקער בונדיסטן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף. צום בולטסטן איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין דעם אַלגעמיינעם פּראָטעסט־שטרייק דעם 17־טן מערץ 1936.

אין דער בונדישער אויסגאַבע „דער יידישער אַרבעטער־קלאַס אין יאָר 1936" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די פאָלגנדיקע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם פאַרלויף פון פּראָטעסט־שטרייק אין לויצק:

„אונדזער שטאָט האָט נאָך אַזאַ דעמאָנסטראַציע נישט אי־בערגעלעבט. נישט געקוקט אויף די באַקאַנטע קרעסן־באַדינגונ־גען, וואָס שוין אַ לאַנגע צייט האָט נישט קיין שום פּראָפעסיאָ־נעלער פאַראיין די מינדסטע מעגלעכקייט צו פירן אַ טעטיקייט, האָט דאָך דער פּראָטעסט־שטרייק באַוויזן דעם כוח פון דער באַוווסטזיניקער אַרבעטערשאַפט.

„פון מויל צו מויל האָבן מיר פאַרשפּרייט דעם רוף פון אונדזער פּאַרטיי און פון לאַנדראַט (פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען) — דער אויפרוף, וואָס דער היגער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אַרויסגעלאָזט, איז קאָנפיסקירט געוואָרן.

„שוין פון 7 פרי הייבן זיך אָן זאַמלען אַרבעטער־גרופּן אין פאַרשיידענע ערטער פון שטאָט. (שפּעטער) האָבן גרויסע מאַסן אָנגעהויבן שטראָמען צום צענטער פון שטאָט. די מוטיקע האַלטונג פון די אַרבעטער, און ספּעציעל פון דער יוגנט, רייסט־מיט די בירגערלעכע באַפעלקערונג. איינע נאָך די אַנ־דערע לאָזן זיך אַראָפּ מיט געבראַזג די שטאָרן פון די געשעפטן. דער שטרייק איז געווען אַ פולשטענדיקער.

„נישט געקוקט אויף דער אויסערארדנטלעכער שמירה (פּאָליציי צופוס און אויף פערד, אויף מאָטאָציקלען), גיט זיך איין צו אָרגאַניזירן עטלעכע אימפּאָזאַנטע מיטינגען אויף דער גאַס, וואָס פאַרענדיקן זיך מיט אויסרופן און לאָזונגען. אין משך פון טאָג זענען אַרעסטירט געוואָרן פיל חברים.

„די פּוילישע אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט האָט אויסגע־דריקט איר סאָלידאַריטעט מיט דער פּראָטעסט־אַקציע. אין לאָקאַל פון היגן בוי־פאַראיין איז דורך די פּ.פּ.ס.־חברים איינ־געאָרדנט געוואָרן אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג, וואָס איז פונאַנ־דערגעלאָזט געוואָרן אין מיטן דורך דער פּאָליציי.

די גאַנצע שטאָט איז אונטערן רושם פון אונדזער ווירדיקן קאַמף־אַרויסטריט קעגן אַנטיסעמיטיזם."

✶

ביי דער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָט זיך מיט דער צייט גרופּירט אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער־יוגנטלעכע, יינגלעך און מיידלעך (שניידערס, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, בוי־אַרבעטער, שול־יוגנט א.א.), און זיי האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן די עלטערע חברים אין דער פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט. אַן אָפיציעלע יוגנט־בונד־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" האָט שוין עק־זיסטירט פון 1927, און זי האָט אַנטוויקלט אַ ברייטע און פאַרצווייגטע טעטיקייט צווישן דער יידישער אַרבעטער־יוגנט. עס פלעגן פאָרקומען רעגולערע בילדונגס־קרייזן, וואָס האָבן איינגעשלאָסן אין זייער טעמאַטיק סיי אַלגעמיינע וויסנשאַפט סיי פּאָליטישע אויפקלערונג. ביי דער „צוקונפט" האָט זיך שפּעטער געשאַפן אַ פירשטימיקער כאָר (אונטער דער אָנפירונג פון שוויליק פערדמאַן), וואָס איז עטלעכע מאָל אויפגעטראָטן עפנטלעך און מיט גרויס דערפאָלג. די צוקונפטיסטן פלעגן איינאָרדענען אָפטע אויספלוגן אויסער דער שטאָט און אין די קליינע שטעטלעך אַרום לויצק (טאָרטשין, ראָזשישטש, אָזדו־טיטש א.א.), אַריינברענגענדיק אַהין סיי פּאָליטישע אויפקלע־רונג סיי יוגנטלעכע פאַרוויילונג. רעדנדיק וועגן פאַרוויילונגען, איז כדאי צו דערמאָנען די שיינע טראַדיציע פון די אַזוי גע־רופענע רויט־בלויע באַלן (די צוקונפטיסטן פלעגן טראָגן בלויע בלוזעס מיט רויטע קראַוואַטן). דאָס זענען געווען ספּעציעלע און געשלאָסענע אָוונטן, אינטימע און קולטורעלע סיי אין דעם פּראָגראַם, סיי אין דער שטימונג.

כדי צו געבן אַ באַגריף וועגן דער אַרבעט פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלן מיר ציטירן עטלעכע אויסצוגן פון קאָרעספּאָנדענצן פון לויצק, פאַרעפנטלעכט אין

**דעם צענטראַל־אָרגאַן פון יוגנט־בונד „צוקונפט" — „דער יוגנט־וועקער" — פאַרן יאָר 1929.**

**אַ קאָרעספּאָנדענץ פון לויצק, אין „יוגנט־וועקער" נר. 2, יאַנואַר 1929:**

„אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרגרעסערט, מיר פירן אַ ברייטע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן דער יוגנט. מיר האָבן לעצטנס אַריבערגעשיקט אין דער פּאַרטיי 8 עלטערע חברים און חברטעס. מיר אָרדענען איין אָפּטע פאַרלעזונגען אין די פאַראיינען. מיר פירן אַן אַקציע צו שאַפן געלט אויף אַ לאָקאַל."

מאַטיע

(מאַטיע גייער, היינט אין בראַזיל, אין סאַן פּאַולאָ)

**„יוגנט־וועקער" נר. 11, 1929:**

„מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ מאַי־אַקאַדעמיע אין שטאָט־טעאַטער. נאָך דעם האָט זיך פאַרמירט אַ צוג אונטער די פענער פון „בונד", „צוקונפט" און פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. מיט פאַרשידענע אַרבעטער־לידער און אויסרופן האָט דער צוג דורכגעמאַרשירט אייניקע גאַסן אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג. ערב דעם ערשטן מאַי זענען פאַרגעקומען מאַסן־אַרעסטן. ס'איז אויך אַרעסטירט געוואָרן אונדזערער אַ חבר, וואָס געפינט זיך נאָך אין תפיסה."

מאַטיע ג. (ווי אויבן)

**„יוגנט־וועקער" נר. 14, 1929:**

„שבת דעם 22־טן יוני איז פאָרגעקומען אין אַ טשעכישער קאָלאָניע, 5 קילאָמעטער פון לויצק, דער צוזאַמענפלי פון וואָלינער צוקונפטיסטן. געקומען זענען אַ פּאָר הונדערט חברים פון 10 ערטער: לויצק, ראָוונע, קאָוועל, דובנע, אָזדוטיטש, טריסק, קיסעלין, טאָרטשין, בערעסטעטשקע א.א. ס'איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע מיט דער באַטייליקונג פון ח' לוציאַן פון צ.ק. (צענטראַל־קאָמיטעט פון „צוקונפט". ח' לוציאַן — לוציאַן בליט, היינט אין לאָנדאָן. — באַמ. פון מ. פערדמאַן). אין אָוונט איז פאָרגעקומען, אין אוקראַאינישן זאַל „פּראָסוויטאַ", אַ באַנקעט, פאַרטאָג — אַן עקסקורסיע מיט שיפלעך אויף דעם טייך סטיר. זונטיק האָבן די חברים באַזוכט דעם שלאָס, די קאַראַימער סינאַגאָגע, די אַלטע שול, די יידישע פאָלקסשול א.א. דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַן אמת גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַר דער „צוקונפט".

אַ צוקונפטיסט

**פון אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „יוגנט־וועקער" (יוני 1929 ?):**
**דריטע לויצקער ראַיאָן־קאָנפערענץ**

די טעג איז פאָרגעקומען די דריטע ראַיאָן־קאָנפערענץ פון די וואָלינער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכער עס האָט אויך אָנטיילגענומען דער ח' לוציאַן פון צ.ק. צו דער קאָנפערענץ זענען געקומען 25 דעלעגאַטן פון 10 שטעט, 3 שטעט האָבן זייערע שליחים נישט צוגעשיקט. פון באַריכט זעט מען, אַז אונדזערע אָרגאַניזאַציעס אין ראַיאָן האָבן קרוב צו 300 אָרגאַניזירטע מיטגלידער. אויסער דעם אַ גרויסע צאָל סימפּאַטיקער. „יוגנט־וועקערס" (דער אָרגאַן פון דער „צוקונפט". באַמ. פון מ. פ.) פאַרשפּרייטן די אָרגאַניזאַציעס 280. מיר פאַרמאָגן 8 ביבליאָטעקן מיט העכער 9000 ביכער, 600 לייענער. 4 אָרגאַניזאַציעס האָבן „מאָרגנשטערנס" (די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע פון „צוקונפט", באַמ. פון מ. פ.) מיט 250 מיטגלידער. 4 אָרגאַניזאַציעס האָבן גוט־פונקציאָנירנדיקע דראַמאַטישע קרייזן.

די קאָנפערענץ האָט פעסטגעשטעלט, אַז מיר זענען אין אַ צושטאַנד פון כסדרדיקער אויפלעבונג... די קאָנפערענץ האָט אויסגעוויילט אַ נייעם ראַיאָן־קאָמיטעט און אָנגעצייכנט אַ גאַנצע ריי אַרבעטן פאַר דער נאָענטער צייט." — ר. ק.

**פון „יוגנט־וועקער" נר. 19, אויגוסט 1929:**
**די אַנטי־מלחמה־אַקציע אין לויצק**

פון 3־טן ביזן 10־טן אויגוסט האָבן מיר פּראָקלאַמירט די אַנטי־מלחמה־אַקציע. אין משך פון דער וואָך האָבן מיר דורכגעפירט אַ גאַנצע ריי ספּעציעלע פאָרלעזונגען. שבת דעם 10־טן איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע מיט אַ זייער רייכן דראַמאַטישן טייל, אויסגעפירט פון דער יוגנט גופא. די אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען אין זאַל פון „פּראָסוויטע". מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל" און פון דער „שבועה" האָט זיך די אַקאַדעמיע געענדיקט.

אַ יוגנטלעכער

**פון „יוגנט־וועקער" נר. 6, יאַנואַר 1930:**
**אַ מיכאַלעוויטש־קלוב אין לויצק**

נישט קוקנדיק אויף דער מוראדיקער אַרבעטסלאָזיקייט ביי אונדז אין שטאָט, האָבן מיר גובר געווען אַלע שוועריקייטן און געשאַפן אַ קלוב אויפן נאָמען פון חבר מיכאַלעוויטש. שבת דעם 25־טן יאַנואַר איז פאָרגעקומען אַ גרויסע יוגנט־פאַרזאַמלונג געווידמעט דער דערעפענונג. אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. עס האָט גערעדט אַ חבר פון דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט און אַ חבר פון יוגנט־קאָמיטעט א.א. מען האָט געזונגען פאַרשידענע אַרבעטער־לידער. מיט באַגייסטערטן מוט צו דער ווייטערדיקער אַרבעט איז מען זיך צעגאַנגען. מיר האָבן איצט איינגעשטעלט די אַרבעט. די חברים קומען זיך צונויף יעדן אָוונט אין קלוב.

מאַטיע ג. (ווי אויבן)

**פון „יוגנט־וועקער" נר. 11, מאַי 1930:**
**געמיינזאַמע מאַי־פייערונג אין לויצק**

ביי אונדז אין לויצק איז פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמע מאַי־פייערונג צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער. באַלד אינדערפרי האָבן זיך די אַרבעטער צונויפגעזאַמלט אין זייערע (פאַראיינס־) לאָקאַלן. נאָכדעם האָבן מיר אַרויסמאַרשירט צום שטאָט־טעאַטער, ווו עס איז פאָרגעקומען אַ (מאַי־) אַקאַדעמיע. מיט רעדעס זענען אַרויסגעטראָטן: מצד די פּוילישע אַרבעטער ח' זשוראַווסקי. אין נאָמען פון „בונד" האָט גערעדט אונדזער חבר בוכמאַן (דאָס איז אַ פּסעוודאָנים. דאָס האָט געקאָנט זיין אָדער ברומאַן, אַ בונדישער ראַטמאַן, אָדער פערדמאַן). עס האָט נאָך גערעדט אַ פאַרשטייער פון דער „צוקונפט". די פּאָליציי אָבער האָט עס נישט דערלויבט. די גאַסן (דורך וועלכע מיר האָבן מאַרשירט זענען געווען באַוואַכט מיט שטאַרקע אָפּטיילונגען פון רייטער־ און פוס־פּאָליציי. נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען, האָט זיך פאַרמירט אַן אימפּאָזאַנטע דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט 800 אַרבעטער. בראָש פון צוג איז געגאַנגען דער אָרקעסטער. מיטן געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער און הילכיקע אויסרופן האָבן מיר דעמאָנסטרירט איבער אַ ריי גאַסן. אויפן פּרץ־פּלאַץ, נישט ווייט פון נידעווער בריק, ביים סטיר, איז פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמער מיטינג. אויך דאָרט האָט די פּאָליציי נישט דערלויבט רעדן אין נאָמען פון „צוקונפט".

משה (מ. פערדמאַן)

**פון „יוגנט־וועקער" נר. 20, 1930:**

פּאָליציי צעטרייבט די דעמאָנסטראַציע פון וואָלינער צוקונפטיסטן

שבת דעם 30־טן און זונטיק דעם 31־טן אויגוסט איז פאָרגעקומען דער 2־טער וואָלינער ראַיאָן־צוזאַמענפאָר פון יוגנט־בונד „צוקונפט" אין לויצק. נאָך פרייטיק איז מען שוין געקומען פון אייניקע שטעטלעך, ס'האָט זיך שוין געפילט יום־טובדיק.

שבת, 2 אַ זייגער בייטאָג, איז מען שוין אין געשלאָסענע רייען אַוועק אין טעאַטער, ווו עס איז פאָרגעקומען די פייערלעכע אַקאַדעמיע. ח' פערדמאַן האָט אַלס פאָרזיצער געעפנט די אַקאַדעמיע. ח' פלאַפּלער גיט איבער דעם ראַפּאָרט פאַרן פּרעזידיום, אַז צום צוזאַ־

מענפּלי האָבן זיך געשטעלט פון ראָוונע 40 חברים, קאָוועל — 35, טריסק — 3, אָזדוטיטש 11, קיסעלין — 6, אָליק — 2, דובנע — 1, לויצק — 46, צוזאַמען 144 ח״ח. נאָך דעם האָבן באַגריסט פאָרשטייער פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס פון לויצק און אַנדערע שטעט. דערנאָך האָט דער ראָוונער „מאָרגנשטערן" אויסגעפירט עטלעכע גימנאַסטישע נומערן. דער דראַמאַטישער קרייז ביים י. ב. „צוקונפט" אין לויצק האָט געשפּילט אַן איינאַקטער. נאָכן מיטאָג איז פאָרגעקומען אַ מיטינג אויף דער גאַס. עס האָט זיך פאָרמירט אַ צוג, וועלכער איז דורכגעגאַנגען די הויפּטגאַסן פון לויצק. מען האָט געטראָגן פאַקעלן און פענער פון „צוקונפט" און „מאָרגנשטערן".

ווען דער צוג האָט זיך שוין געדאַרפט שליסן, איז אָנגעפאָרן פּאָליציי. מען האָט געשלאָגן און געיאָגט — דעם ווייטערדיקן טייל פון צוזאַמענפּלי האָט מען שוין נישט געלאָזט אויספירן.

פּ—ר

פון די דערמאָנטע קאָרעספּאָנדענצן איז צו זען, אַז די לויצקער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען דער צענטער פון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג אויף וואָלין.

אַ היפּשע צאָל יוגנטלעכע זענען אין דער „צוקונפט" אויסגעוואַקסן גייסטיק און פּאָליטיש, זענען דערנאָך אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער בונדישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און האָבן אין איר פאַרנומען אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע, למשל: מאָטיע און סטיסיע גייער, יאָסקע און גוטע עפּעל, שמואליק ברוינשטיין, איציק גערטנער, הערש פלאַפּלער, מלכה בידניק. פון דעם שפּעטערדיקן דור צוקונפטיסטן דאַרפן דערמאָנט ווערן די אַקטיווע יוגנטלעכע: שרה קלאָץ, ראָזע גערגיס, עטיע פעלדמאַן, משה זאַפּראַן, רחל אייזן, סיאָמע פרידמאַן, איציק רייז און אַ סך, אַ סך אַנדערע, וועמענס נעמען איך קאָן זיך, צום באַדויערן, נישט דערמאָנען.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939, און באַזונדערס מיטן פאַרנעמען לויצק דורך די סאָוויעטן, האָט דער „בונד" דורכגעמאַכט דעם זעלבן גורל, וואָס אַלע אַנדערע נישט־קאָמוניסטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, — ד.ה. פולשטענדיקע ליקווידאַציע.

אייניקע בונדישע טוער פון לויצק האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון אויספאָרשונגען און כסדרדיקע אויפזיכט פון דער נ. ק. וו. ד., אָבער צום גליק איז אין לויצק נישט געקומען צו קיין אַרעסטן און פאַרשיקונגען, ווי דאָס איז געשען מיט בונדישע טוער אין אַנדערע ערטער. מען דאַרף אָננעמען, אַז דאָס איז געשען אַדאַנק דעם, וואָס די לויצקער קאָמוניסטישע טוער האָבן זיך נישט פאַרשמוצט מיט קיין בלבולים און מסירות קעגן די לויצקער בונדיסטן.

בעת די דייטשן האָבן פאַרנומען לויצק זענען פון די ערשטע קרבנות געווען אַ צאָל בונדיסטן, צווישן זיי דער לאַנגיאָריקער טוער און בונדישער ראַטמאַן דוד סטאָלער, וואָס איז אויף אַ שוידערלעכן אופן פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט.

1960

מאָטיע גייער / בראַזיל

# דער יוגנט־בונד „צוקונפט"

אויף דער גאַס קאָנאַרסקע נר. 3 איז געווען אַ געזעלשאַפטלעך הויז, וווּ עס האָט זיך געפונען די 7־קלאַסיקע יידישע פאָלקסשול אויפן נאָמען פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער שלום־עליכם. דאָס דאָזיקע הויז איז טאַקע געווען דאָס אייגנטום פון דער שול. אין זיינער צייט איז דאָס הויז געקויפט געוואָרן פאַרן געלט, וואָס עס האָט געבראַכט, אין יאָר 1920, דאַכט זיך, דער אַמעריקאַנער דעלעגאַט פּאַפּיר. חוץ דעם האָט זיך דאָרט אויך געפונען די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק, די גרעסטע אין לויצק, וואָס האָט געהאַט הונדערטער לייענער.

די מיטגלידער און לייענער פון דער ביבליאָטעק זענען אַממיינסטן געווען יוגנטלעכע און עלטערע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, אויך אַ געוויסער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ. אין די צוואַנציקער יאָרן פון היינטיקן י״ה האָבן זיך אין די צימערן פון אָט דעם היסטאָרישן הויז, מעג מען זאָגן, גרופּירט אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן: שניידערס, שוסטערס, סטאָלערס א״א, וואָס זענען געוואָרן די גרינדער פון דער שפּעטער גוט־אָרגאַניזירטער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין לויצק.

אין די אָוונטן און אין די שבתים און ימים־טובים האָט אויף קאָנאַרסקע געקאָכט ווי אין אַ קעסל: עס זענען געפירט געוואָרן הייסע פּאָליטישע דיסקוסיעס, וואָס אַמאָל פלעגן זיי דערפירן צו קריגערייען. די יוגנט איז אין יענער צייט אין אַ גרויסער מאָס געווען באַאיינפלוסט דורך די קאָמוניסטן (די דאָזיקע דערשיינונג איז געווען צו באַמערקן נישט נאָר אין לויצק, נאָר אויך אין גאַנץ פוילן, באַזונדערס אויף די קרעסן, וווּ עס האָט געהערשט אַ שטרענגער פּאָליציייִשער רעזשים). און אָט אין יענער ברויזנדיקער צייט איז אָרגאַניזירט געוואָרן, אויף דער איניציאַטיוו פון דער ראָוונער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע און דורך זייערס אַ פאָרשטייער, די אָרגאַניזאַציע פון דער לויצקער „צוקונפט". די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען, ווי איך דערמאָן זיך, אין אַ פּראָסטיקן פּריייטיקצונאַכטס אויף קאָנאַרסקע 3.

דער ערשטער קרייז איז באַשטאַנען פון 7 צוקונפטיסטן, אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט און צענדליקער יוגנטלעכע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער „צוקונפט". אָט די יוגנטלעכע, וואָס זענען אין קיין שול נישט געוואָרן דערצויגן (חוץ דעם חדר, פאַרשטייט זיך, אָבער

די מיידלעך אַפילו דאָס אויך נישט), וועלכע האָבן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון פריידיקע קינדער־יאָרן — צוליב דער גרויסער נויט וואָס האָט אָפט געהערשט אין זייערע היימען, אָט די יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען געצוווּנגען נאָך אין דער גאָר פריסטער יוגנט צו גיין אַרבעטן, כדי אַרויסצוהעלפן דער מאַמען דער אלמנה, אָדער דעם קראַנקן פאָטער — האָבן אין דער ניי־געשאַפענער יוגנט־אָרגאַניזאַציע דערפילט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיי באַגייסטערט, האָט זיי אַריינגעפירט אין אַ נייער, דערהויבענער און שענערער וועלט. אויף די וואָכנטלעכע קעסטל־אָוונטן, וואָס די לויצקער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע פלעגט איינאָרדענען, אויף די רעפעראַטן, וואָס זענען איינגע־אָרדנט געוואָרן פון צייט צו צייט, זענען די יוגנטלעכע געוואָר געוואָרן, אַז זיי זענען נישט אַליין אין זייער עלנט און נויט, אַז זייער גורל איז פאַרבונדן מיט נאָך הונדערטער טויזנטער אַרבעטער־יוגנטלעכע אויף דער גאַנצער וועלט, וואָס שטרעבט און קעמפט פאַר אַ נייער, שענערער און גערעכטערער וועלט.

פאַר די יונגע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, אָרגאַניזירטע אין דער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע, האָט זיך געעפנט אַ נייע וועלט. אין דער אָרגאַניזאַציע האָט מען גערעדט וועגן ליטעראַ־טור, פּאָליטיק און אַנדערע ענינים. אַ סך יוגנטלעכע אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן צו באַזוכן די אָוונט־קורסן ביי דער שלום־עליכם־שול, ווייל עס האָט זיך ביי זיי דערוועקט דער דראַנג נאָך מער וויסן, מער קענען. אין די פרייע טעג פלעגט די „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע אָפט איינאָרדענען קאָלעקטיווע אויס־פלוגן מחוץ דער שטאָט — אויף דער פרייער לופט, אין פעלד און וואַלד.

חוץ דער אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן דער לויצקער אַרבעטער־יוגנט האָט די „צוקונפט" זיך אויך באַטייליקט אין די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַקציעס, וואָס עס האָט געפירט אין שטאָט די בונדישע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין לויצק, ווי למשל ביי די וואַלן צום שטאָטראַט, סיים, קהלה. די יוגנטלעכע פלעגן דעמאָלט זיין זייער אַקטיוו ביים פאַרטיילן די בונדישע וואַל־ליטעראַטור, ביים פירן די הויז־אַגיטאַציע אין די אָרעמע יידישע היימען. יוגנטלעכע „צוקונפט"־טוערס פלעגן אויך אַרויס־טרעטן אויף עפנטלעכע וואַל־מיטינגען און באַזונדערס אויף


קאָמיטעט פון „יוגנט־בונד צוקונפט" אין לויצק


צקונפטיסטן ווערן אַרעסטירט ביים פאַרשפרייטן די „פאָלקסצייטונג"

קלענערע ראַיאָן־מיטינגען, וואָס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן אין די וווינונגען פון די אַרבעטער אָדער בעל־מלאכות.

גאַנץ אַקטיוו איז די „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע געווען בעת די עקאָנאָמישע אַקציעס — די שטרייקן, וואָס פלעגן געפירט ווערן דורך די פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין לויצק, כדי אויסצוקעמפן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

די צוקונפטיסטן פלעגן זיך אויך שטענדיק אויסצייכענען מיט זייער אָנטייל אין די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס דעם ערשטן מאַי און ביי אַנדערע געלעגנהייטן, וואָס זענען געווען פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציעס קעגן דעם רעאַקציאָנערן פּוילישן רעזשים. דאָרט פלעגן אַרויסגערוקט ווערן פּאָליטישע פאָדערונגען סיי פון אַלגעמיינעם און סיי פון יידישן כאַראַקטער און באַזונדערס האָט מען דעמאָלט אונטערגעשטראָכן די פאָדערונג פון רעכט אויף אַרבעט פאַר יידישע אַרבעטער און בעל־מלאכות (ווי באַקאַנט האָט מען אין פּוילן אין יענע צייטן דיסקרימינירט קעגן יידישע אַרבעטער, זיי נישט צוגעלאָזט צו אַרבעטן אין די פאַבריקן אדג"ל).

אין יאָר 1931 האָט די „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע אָרגאַני־זירט אַ „סקיף"־פאַרבאַנד, אַן אָפּטיילונג פון דער לאַנד־צענטראַלע פון „סקיף" (די ראשי־תיבות פון „סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד"). די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט גרופּירט אַרום זיך יונגע שול־קינדער און אַרבעטער־קינדער בכלל. דאָרט האָט מען זיי דערצויגן אין סאָציאַליסטישן גייסט און זיי צוגעגרייט ווי די קומענדיקע מיטגלידער פון דער „צוקונפט".

די „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען שטאַרק אַק־

טיוו ביים פאַרשפּרייטן אין לויצק די בונדישע פּרעסע — דעם טעגלעכן אָרגאַן פון „בונד״, די „פאָלקסצייטונג״, וואָס פלעגט דערשיינען אין וואַרשע און פון דעם „יוגנט־וועקער״, דעם אָרגאַן פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון „יוגנט־בונד צוקונפט״, אויך פון וואַרשע. פון צייט צו צייט פלעגן איינגעאָרדנט ווערן ספּעציעלע „פּרעסע־טעג״, בעת וועלכע די יוגנטלעכע צוקונפטיסטן און אויך די סקיפיסטן פלעגן זיך אַרויסלאָזן איבער די לויצקער גאַסן און פאַרשפּרייטן די סאָציאַליסטישע יידישע פּרעסע.

איינע פון די וויכטיקסטע און שענסטע אַרבעטן פון דער לויצקער „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע איז געווען דאָס אַרויספירן פון צייט צו צייט די יוגנטלעכע יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון זייערע ענגע און דושנע היימען און אַרבעטס־וואַרשטאַטן, אָן שום היגיענישע באַדינגונגען — אויף דער פרייער לופט. דאָס פלעגן מיר טאָן אין די שבתים און ימים־טובים, ווען מיר פלעגן איינאָרדענען אויספלוגן אויף דער פרייער נאַטור. אין די פרייטיק־צונאַכטסן זומער־צייט פלעגט מען אויך — נאָך די הייסע דיסקוסיעס אויף אַ קעסטל־אָוונט, אָדער נאָך אַ פאָרלעזונג — זיך אַרויסלאָזן צו „בענעס שיפלעך״ און מאַכן אַ קאָלעקטיוון שפּאַציר אויפן סטיר. דאָס געזאַנג פון אונדזער „יונגער גוואַרדיע״ האָט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט אָפּגעהילכט גאַנץ ווייט.

אין די זומער־חדשים פלעגט מען איינאָרדענען אויספלוגן אין די שכנהשע שטעט און שטעטלעך — צוגאַסט ביי די דאָרטיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. עס פלעגן אויך פאָרקומען צוזאַמענפליען פון די צוקונפט־אָרגאַניזאַציעס אויף וואָלין.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק פון איינעם אַזאַ קאָלעקטיוון אויספלוג, וואָס אונדזער „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע האָט איינגעאָרדנט קיין טאָרטשין און אָזדוטיטש. פרייטיק ביינאַכט, ביי אַ ליכטיקן אויסגעשטערנטן הימל, באַגלייט פון דער פולער לבנה האָבן מיר, אַ גרופּע פון 14 יוגנטלעכע, יינגלעך און מיידלעך, זיך אַרויסגעלאָזט אויף דעם וועג קיין טאָרטשין (22 קילאָמעטער). פאַרטאָג־צו, באַגלייך מיטן זון־אויפגאַנג זענען מיר מיט געזאַנג אַריינגעקומען אין קליינעם שטעטל טאָרטשין. נאָך אַ קורצן אָפּרו האָט זיך צו אונדז פאַראייניקט אַ גרופּע טאָרטשינער צוקונפטיסטן און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער — דורך קיסעלין קיין אָזדוטיטש, ווו עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען דער צונויפפלי פון די „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציעס פון גאַנץ וואָלין. דאָרט האָבן זיך צונויפגעטראָפן — אַ סך פון זיי צום ערשטן מאָל — די מחנה פון אַקטיווע יוגנטלעכע יידישע סאָציאַליסטן־בונדיסטן און עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווי אַלע האָבן זיך דערפילט משפּחה־דיק, ווי אמתע ברידער און שוועסטער. מיר האָבן דעמאָלט פאַרבראַכט זייער פריילעך און מונטער ביי פאַרשידענע שפּילערייען. אָבער מען האָט אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט די אויפקלערונגס־אַרבעט. עס זענען אויפן צונויפפלי אין אָזדוטיטש אויך פאָרגעקומען פאַרשידענע לעקציעס אויף פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטור־טעמעס. דאָס זענען געווען פריידיקע טעג מיט אומפאַרגעסלעכע עפּיזאָדן, וואָס האָבן געלייגט זייער חותם אויף אונדזער גאַנצן וועזן.

בעת דעם ראַיאָן־צונויפפלי פון די וואָלינער „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציעס, אין יאָר 1931, האָבן מיר, עטלעכע הונדערט יוגנטלעכע, אָנגעפילט די לויצקער יידישע גאַסן. אין אָוונט, פאַרן שליסן דעם צונויפקום, האָבן יונגע יידישע בחורים און מיידלעך, אָט די וואָס האָבן געשטאַמט פון אָרעמע און אומעטיקע היימען, זיך אַרויסגעלאָזט, פריילעכע און מונטערע, אָנגעטאָן אין זייערע בלויע בלוזעס מיט די רויטע קראַוואַטן, איבער די גאַסן פון לויצק מיט אָנגעצונדענע שטורקאַצן אין די הענט און האָבן דעמאָנסטרירט זייער קאַמפס־גרייטקייט פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט. דאָס איז געשען אין אַ שיינעם זומערדיקן אָוונט, ווען הונדערטער מענטשן האָבן שפּאַצירט אין גאַס. די דאָזיקע „צוקונפט״־דעמאָנסטראַציע האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אין שטאָט. אין לויף פון דער דעמאָנסטראַציע האָבן די צוקונפטיסטן אָפּגעהאַלטן קורצע פלי־מיטינגען־מאַסןוועקעס — מיט אויסרופן קעגן דעם פּאָליציי־רעזשים אין פּוילן, קעגן דער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק בנוגע די יידישע מאַסן אדג״ל. פאַרשטייט זיך, אַז די פּוילישע פּאָליציי האָט זיך באַלד געכאַפּט און פונאַנדערגעטריבן די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע.

די „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע אין לויצק האָט אין משך פון איר 12־יאָריקער פאַרצווייגטער טעטיקייט דערצויגן און אויסגעשולט פיל הונדערטער יוגנטלעכע. דורכגייענדיק די שול פון „סקיף״ און „צוקונפט״ איז דער יוגנטלעכער יידישער אַרבעטער און אָנגעשטעלטער געוואָרן גייסטיק באַוואָפנט און באַוווסטזיניק פון זיינע התחייבות אַלס מענטש און ייד. פון דער „צוקונפט״ איז אַרויסגעקומען אַ באַדייטנדיקע צאָל רייפע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער, סיי אין דער אַלטער היים און סיי אין די נייע יידישע ישובים, ווו אַ טייל האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט.

בערל בריק / קאַרטיבאַ

# אַ טאָג עגמת־נפש

משה־יאָסע האָט געשפּאַנט פון בית־המדרש נישט מיט זיין געוויינלעכן גאַנג. איינגעהילט דעם קאָפּ אין ווייכן קאָלנער פון טכוירענעם טולופּ, האָט ער נישט געקוקט אויף די פאַרבייגייער און נישט יעדן געענטפערט אויף די „גוט־מאָרגנס", וועלכע מ'האָט אים אַנטקעגנגעטראָגן פון אַלע זייטן. ער האָט גיך געביטן די פיס, אָפּט נישט געפונען די שמאָלע אויסגעטראָטענע סטעזשקע, און אַלע ווײַלע אַריין, איבער די טיפע קאַלאָשן, אין הויכן, ווייסן שניי.

פאַר זיין הויז האָט ער אָנגעטראָפן חיימען, וועלכער איז אַרויס פון שטוב מיט אַ בינטל ביכער אונטערן אָרעם. חיים האָט אים באַגריסט מיט אַ פריילעכן גוט־מאָרגן און איז אויף דער גיך אַוועק זיין וועג.

משה־יאָסע איז שטיין געבליבן און נאָכגעקוקט חיימען. די ברייטע פּאָלעס פון זיין סערע גימנאַזיסטישן שינעל האָבן זיך געפּאָכעט אין די זייטן, די מעשענע קנעפּ פון די פּאַטקעס אויפן רוקן האָבן גאָלדיק געגלאַנצט. משה־יאָסע איז אַ לאַנגע ווײַלע געשטאַנען, צוגעשאָקלט באַזאָרגט מיטן קאָפּ און עפּעס שטיל איינגעטענהט מיט זיך אַליין.

ביי דער קאַווע איז משה־יאָסע געווען פאַרצאָרנט, זיך געריסן די איינציקע האָר פון דער האַנט, געביסן די נעגל פון די פינגער און מיט אָפּגעריסענע ווערטער אָנגעהויבן דערציילן ליפּשען דאָס נייעס, וואָס ער האָט זיך דערוווסט אין שול ביים דאַווענען:

— היינטיקע נאַכט האָט די פּאָליציי אַרעסטירט אַ סך יונגוואַרג. מ'האָט אויך פאַרנומען דעם אַלטנס טאָכטער.

— וואָס איך הער! — האָט ליפּשע מיט נייגער, כמעט אַ צופרידענע, איבערגעפרעגט — אָט די געלע מויד?

— יאָ — האָט משה־יאָסע אַרויסגעזיפצט — און מענדל שוסטערס בחור אויך. אַ שאָד, באמת אַ שאָד! ווילע קינדער, און אויף די עלטערן איז אַ רחמנות — אַן אומגליק.

דער שכן זייערע, לייזער סטעלמאַך, האָט דערציילט:

— אין מיטן דער נאַכט האָט מען גענומען קלאַפּן אין די טירן. געקלאַפּט און געשריגן: פּאָליציי, עפנט! און איידער מ'האָט זיך אומגעקוקט איז אין שטוב געווען פול מיט פּאָליציאַנטן און געהיים־אַגענטן, וועלכע האָבן זיך גענומען צו דער „מלאכה". זיי האָבן אין שטוב אַלץ איבערגעקערט מיט די פיס אַרויף און קאָפּ אַראָפּ. געזוכט און גענישטערט, ס'שטרוי פון די בעטן האָבן זיי אויך איבערגעקליבן און אָנגעמאַכט אַן אמתן חורבן אין דער וווינונג. נאָך דעם אַלעמען האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך דעם איינציקן זון. ווער ווייסט ווען זיי וועלן אים שוין צוריק זען... אָט דאָס הייסט צרות! נעבעך, נעבעך!

משה־יאָסע וואָלט נאָך לענגער אַזוי געזעסן און באַדויערט.

ליפּשע האָט שוין אָבער נישט געקאָנט מער דולדן און מיט אַ צעצויגענעם „אוי" האָט זי אים איבערגעריסן.

— אוי, וואָס איז מיט דיר? וואָס האָסטו זיך אַזוי צענעבעכט? מיך הייבט עס נישט אָן צו אַרן. אַז מ'עסט נישט קיין ציבל — פילט זיך נישט פון מויל! אַ מצווה אויף זיי, אַ שיינע ריינע כפּרה!..

משה־יאָסע האָט זיך אַ הייב געטאָן פון שטול, אָנגעשטעלט אויף זיין ווייב אַ פּאָר צעעפנטע אויגן און אַ געשריי געטאָן:

— ליפּשע, זיי זענען יידישע קינדער!

ליפּשע איז, זעט אויס, נישט נתפעל געוואָרן פון איר מאַנס געשריי. זי האָט זיך אונטערגעשפּאַרט די זייטן מיט ביידע הענט, אָפּמעסטנדיק משה־יאָסען פון אויבן אַראָפּ, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און מיט פאַרביסנקייט געענטפערט:

— נו, זענען זיי! איז וואָס! וועל איך זיך צערייסן דעם ספּאָדעק!...

מיט רוגזה האָט זי אַוועקגעשפּאַנט אין קיך אַריין און דאָרט גענומען איבערדערציילן דער דינסט די נייעס.

— הערסט, מלכה, משה־יאָסע איז געקומען פון דאַווענען... אַ מצווה אויף זיי. סמאַרקאַטשעס ווילן אויסגלייכן די וועלט!

משה־יאָסע האָט זיך פּלוצעם באַוויזן אין דער קיך־טיר און מיט פאַרדרוס אַ רוף געטאָן: ליפּשע, איך ראָט דיר, הער אויף, איך ראָט דיר...

ליפּשע האָט נערוועז אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און שטיל געבליבן.

*

ס'שטיקל יאַגעלאָנסקע פון דער באַזיליאַנסקער בריק ביז „רענאמעס אַפּטייק", האָט אויסגעזען יום־טובדיק. אויסער די שטענדיקע בירזשעוויקעס האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט נייע פאַרשוינען: אַרבעטער־יוגנט, יונגען און מיידן, חברה פון דער קאָנאַרסקאַ, פון די „רויטע" און פון „בונד", אַ ביסל שילער פון דער יידישער און אויך פון דער רוסישער גימנאַזיע. ס'זענען געווען דאָרפישע יוגנט און פויערים. די לעצטע זענען אָנגעפאָרן מיט פורן פון די אַרומיקע דערפער. אַלע האָבן אָפּגעוואַרט די אַרעסטירטע, וועלכע מ'האָט געדאַרפט אַדורכפירן. די עלטערע זענען געשטאַנען אין רעדלעך און קאָמענטירט די געשעענישן. יונגוואַרג האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און נערוועז אַרומגעשפּאַנט אַהין און צוריק.

מ'האָט זיך איבערדערציילט:

גאַנצע מחנות אַרעסטירטע פויערים פון די דערפער... פון דער באַן האַלט מען אין איין פירן אַרעסטירטע, צווישן וועלכע מ'זעט אַ סך יידישע פּנימער. מ'זאָגט, אַז אויף דער באַנסטאַציע געפינען זיך נאָך ביי אַ הונדערט אַרעסטירטע פון

די אַרומיקע שטעט ראָוונע, קאָוועל, ראָזשישטש, לודמיר א.א.וו.

אַ טרעגער דערציילט: נאָך גאָר אין דער פרי, ווען ער איז געגאַנגען צום מאַרק און די געשעפטן זענען נאָך אַלע געווען געשלאָסן, האָט מען איינעם אַזעלכן, שוין אַן עלטערן, געפירט אין מיטן גאַס אַרומגערינגלט דורך צען פּאָליציאַנטן.

דורך די פענצטער אין גאַס אַרויס האָבן זיך דערהערט נחום דעם משוגענעמס געשרייען: „ס׳זאָל זיין שטיל אין שטוב. די בעטן ברענען״! ער איז אַרויס אין גאַס און האַסטיק געשפּאַנט. אַלע ווײַלע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געפאָכעט מיט דער האַנט צו די הימלען, אומאויפהערלעך געזידלט אברהם כיש און אַלעמאָל פאַרענדיקט מיטן פּזמון: „אי ווינאָ וו׳ רעטשקיע ניע וויליעוואַיעטסאַ״! ווען ער איז צוגעקומען צו דער בירזשע, ווּ ס׳איז געשטאַנען אַ געדיכטע מאַסע מענטשן, איז ער אַראָפּ פון טראָטואַר און זיך געלאָזט שפּאַנען אין מיט פון שאָסיי. פּלוצעם האָט ער זיך פאַרהאַלטן און זיך אַ קער געטאָן צו משה־יאָסען, אַראָפּגענומען זיין היטל פון קאָפּ און אָננעמענדיק משה־יאָסעס האַנט — זי אַרויפגעלייגט אויפן שטערן, און אַריינקוקנדיק אים אין די אויגן, אַ זאָג געטאָן: „ס׳ברענט, ר׳ משה־יאָסע, ס׳ברענט״! שפּעטער האָט ער זיך אַ קאַפּעטשקע אָפּגערוקט אין אַ זייט, געבליבן שטיין, צעשפּרייט אַ ביסל די פיס, צעוויגט דעם קערפּער און ביילנדיק זיין פויסט, האָט ער אָן אויפהער גענומען שרייען: „זדיעס אוזשע בילי ניעמצי, אוזשע בילי באָלשעוויקי, אי בילי אוזשע פּעטליוראָווצי, נאָ טאַקיע סוואָלאָטשי, קאַק פּאָליאַקי, יעשטשאָ ניע בילי, אי ווינאָ וו׳ רעטשקיע ניע וויליעוואַיעטסאַ״!

אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט אויסגעשריגן זיין פּזמון, האָט ער געקוקט משה־יאָסען אין די אויגן. ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין רעדע איז ער צו צו אים נענטער און אים אַ פרעג געטאָן: „אי קטאָ ווינאָוואַט״?... דערויף האָט ער באַלד, פון אַ ווייסן חברה־מאַן, וועלכער איז געשטאַנען נישט ווייט פון זיי, באַקומען אַן ענטפער הינטערן אויער: אברהם כיש!

— „פּראַווילנאָ!״ — האָט ער אַ צופרידענער אויסגעשריגן און איז אַוועק זיין וועג. פונדערווייטנס האָט זיין ווייס ציכטיק העמד געלויכטן מיט זיין שנייאיקער ווייסקייט און די זויבערע קאַפּאָטע האָט זיך געטרייסלט צוזאַמען מיט זיין האַסטיקן גאַנג.

משה־יאָסע האָט אים לאַנג נאָכגעבאַגלייט מיט די אויגן. אויפן האַרצן איז אים וואָס אַמאָל געוואָרן שווערער. ער האָט שוין אַזויפיל מאָל געזען נחומען אין אַזאַ מצב, אָבער קיינמאָל האָט דאָס אויף משה־יאָסען נישט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק ווי איצט. פאַרוואָס? ער פרעגט עס זיך אַליין. אין די אויערן קלינגען אים די ווערטער: „טאַקיע סוואָלאָטשי, פּאָליאַקי!״ ער האָט זיך קיינמאָל נישט געשראָקן פאַר פּאָליציי, אָבער דווקא איצט האָט אים אַזאַ געפיל באַהערשט. וואָס טוט מען? ווי אַזוי מאַכט מען, אַז מ׳זאָל זיין זיכער מיט די אייגענע קינדער, דער עיקר מיט חיימען? ער האָט שוין אַמאָל חיימען באַגעגנט שפּאַצירן מיט קאַטיע בלומענקראַנץ און אויך מיט שייקע קיבריק. די לעצטע זענען טאַקע איצט אַרעסטירט געוואָרן.

ס׳האָט זיך דערהערט אַן אויסגעשריי: „מ׳פירט, מ׳פירט!״ אַלע אין גאַס האָבן זיך אויסגעשטעלט ביים ראַנד פון טראָטואַר מיט די פּנימער צום שאָסיי. ווען מ׳האָט די אַרעסטירטע פאַרבייגעפירט דער מענטשן־מאַסע, האָט זיך משה־יאָסע איינגעקוקט אין די פּנימער פון עטלעכע אַרעסטירטע. יאָ, האָט ער זיך אין האַרצן געזאָגט, דאָס זענען דאָך יידישע קינדער, און אַזעלכע טייערע.

ער האָט זיך פּלוצעם געפילט אין אַ ספּעציפישער נאָענטקייט צו זיי. ער קאָן נישט משיג זיין, וואָס ס׳קומט מיט אים פאָר. עפּעס זענען זיי אים נאָענט און היימיש. און ווי פריי זיי פילן זיך? אָט גייען זיי אינמיטן גאַס אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע פּאָליציי־לייט. אין זייער גאַנג פילט זיך אַזאַ לייכטקייט און זעלבסטזיכערקייט. אויף זייערע פּנימער זעט זיך בכלל נישט אָן קיין טרויער. פאַרקערט, זייער אויסזען ווייזט, אַז זיי זענען ביי זיך גאַנץ פריילעך און האָפערדיק. ער באַמערקט בכלל נישט אין זייערע פּנימער קיין שום אויסדרוק פון פחד און מורא. קינדער, נעבעך, וואָס ווייסן זיי, וואָס פאַרשטייען זיי?

ביים מיטיק האָט משה־יאָסע גאָרנישט געגעסן. אַלע אין שטוב זענען געווען שטאַרק פאַרדאַגהט. פון איציקלען האָט זיך ליפּשע דערוווּסט, אַז צווישן די אַרעסטירטע געפינען זיך פינף שילער פון דער יידישער גימנאַזיע, צווישן זיי צוויי פון חיימס קלאַס, פון גאָר גבירישע הייזער. משה־יאָסע האָט זיך פון צייט צו צייט איבערגעוואָרפן מיט חיימען מיט אייניקע ווערטער, וועלכע ליפּשע האָט אַלעמאָל באַגלייט מיט אַ זיפצן און קרעכצן: „אוי איז מיר, וויי איז מיר״!

און משה־יאָסע האָט געהאַלטן אין איין איינטענהן מיט חיימען: „חיים, איך בעט דיך, זאָלסט מיר נישט אָנמאַכן קיין צרות. זאָלסט מיך נישט פאַרשעמען״!

חיימס פּנים האָט געפלאַמט ווי פון היץ. דעם טאַטנס רייד האָבן אים שוין לאַנג דערעסן. ער וואָלט גערן געוואָלט מאַכן אַ סוף דערצו, נעמען דעם שינעל און אַרויס פון שטוב. ער האָט אָבער מורא געהאַט פאַר אַ נייעם מבול פון פראַגן. האָט ער זיך באַגנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש און צוגעגאַנגען צום פענצטער, סתם זיך איינגעקוקט אין די צוויי שוואַרצע קוילן, וואָס זענען געלעגן צווישן די דאָפּלטע פענצטער אויף ריינער און שניי־ווייסער וואַטע. ער האָט געטראַכט פון זיינע שול־חברים, וואָס געפינען זיך איצט אין דער „דעפּענסיווע״. ער האָט שוין גענוי געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט... די מעשיות וועגן זאַרעמבאַס סאַדיזם זענען אים געווען באַקאַנט. מ׳האָט זיך פיל אָנדערציילט וועגן זיינע ספּעציעלע מעטאָדן ביים אַרויספּרעסן דערקלערונגען פון די אַרעסטירטע. זיינע אַרעסטירטע חברים זענען איצט אויסגעוואַקסן אין זיינע אויגן, געוואָרן גרויס, זייער גרויס — אמתע רעוואָלוציאָנערן, מאַרטירער.

דער פאָטער האָט אָן אויפהער געהאַלטן אין איין זאָגן: „חיים, איך בעט דיך, איך וויל נישט!״ דערויף האָט חיים זיך האַסטיק אויסגעדרייט און מיט אימפּעט אויסגעשריגן: „וואָס ווילסטו נישט? איך ווייס נישט וואָס דו רעדסט אַזויפיל איבער מיר. כ׳האָב דיר שוין איינמאָל געזאָגט, אַז איך האָב מיט זיי נישט געהאַט קיין שום געשעפטן״. דערביי האָט ער מיט אַ געשריי צוגעגעבן: „מ׳וועט מיך נישט אַרעסטירן, מ׳וועט מיך נישט אַרעסטירן, מ׳וועט מיך נישט אַרעסטירן״!

ליפּשע איז נישט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט. אַלעמאָל איז זי אַריין און אַרויס פון קיך. דערהערנדיק חיימס געשרייען,

האָט זי זיך שוין אַריינגעמישט און גענומען מוסרן משה־יאָסען:

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו אים? וואָס ווילסטו פון אים? באשר־בכן — מ׳האָט אַרעסטירט דעם שוסטערס זון. חיים פאַרנעמט זיך נישט מיט אַזעלכע זאַכן!

מיט האַלב־צוגעזשמורעטע אויגן האָט זי אים גענומען אָבסערווירן פון אַ זייט.

משה־יאָסע האָט אויפגעהויבן די אויגן און באַקוקט זיין ווייב מיט ביטול און רחמנות און זי אַ פרעג געטאָן:

— דו ווייסט מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך יאָ און מיט וואָס נישט? דו ווייסט, זאָג! איך ווייס נישט! איך וויל, אַז ער זאָל נישט קריכן, אַז דאָס איז נישט פאַר אים.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן גלייך ווי חיים וואָלט דערביי נישט געשטאַנען און זיך נישט צוגעהערט צום געשפּרעך צווישן טאַטע־מאַמע. דערביי האָט משה־יאָסע צוגעגעבן:

— מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז חיים פאַרנעמט זיך יאָ מיט אָט די געשעפטן. זיינער אַ שול־חבר האָט מיך געוואָרנט, אַז כ׳זאָל אויף אים אַכטונג געבן!

ליפּשע האָט פאַרפלאָכטן אירע פינגער אין נאָך איינמאָל, אין דער שטיל, אַז זי זעלבסט האָט קוים אירע אייגענע ווערטער געהערט, געזאָגט: „אוי איז מיר, ווײ איז מיר״!

חיים איז ווי אויפגעשפּרונגען און זיך האַסטיק אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן פאָטער און גענומען אויספרעגן:

— וואָס האָט מען דיר געזאָגט? זאָג מיר ווער? איך וויל וויסן!

משה־יאָסע האָט נישט געענטפערט, ער איז געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך אין אויפמערקזאַם באַטראַכט חיימען, גלייך ווי ער וואָלט אים ערשט איצט דערזען צום ערשטן מאָל. אין דעם מאָמענט איז שוין פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז חיים, דער זעלבער וואָס שטייט איצט פאַר אים, זיין זון, איז שוין איצט אַן אַנדערער. ער האָט פלוצעם פאַר זיך דערזען אַ גאָר אַנדערן חיים. דאָס איז שוין נישט געווען דער זעלבער שטילער זון, פאַר וועלכן ער האָט זיך געוואָלט אַזויפיל מקריב זיין, זיין שטאָלץ און האָפענונג. פאַר אים איז איצט געשטאַנען אַ חוצפּה־דיקער בחור און געהאַלטן אין איין מאָנען: זאָג, זאָג!

משה־יאָסע האָט מיט אַ נאָכגיביקער שטימע געענטפערט:

— אַ בחור פון דיין קלאַס.

— ווער? — האָט מיט אומגעדולד ווידער געפרעגט חיים.

— לייב מאַרגאָליעס — האָט משה־יאָסע געענטפערט.

חיים האָט זיך אויסגעגלייכט אין נאָכגעלאָזט די אָנגע־שטרענגטקייט. ס׳איז אים לייכטער געוואָרן אויפן געמיט. שוין פילמאָל געהערט דעם טאַטן רעדן מיט ביטול וועגן דעם „זייפענמאַכער פאָן מאַרגאָליעס״, וועלכער האַלט פון זיך ווי פון אַ גרויסן פאַבריקאַנט... און איז תמיד „פּאַניע פּאָטשעבאָװ־סקי״ און אויך זיינע בנים זענען גאָרנישט שבגאָרנישט און האַלטן זיך פאַר גרויסע יחסנים.

— אַזוי גאָר, אָט דער שוטה, אָט דער לאַנגער לאָשעק! — האָט חיים אויסגעשריגן — ער האָט צונויפגענומען אַ ביסל קליינוואַרג, לערנט זיי שפּאַנען אין די רייען, לויפט אַרום זיי מיט אַ שטעקן, קוקט זיי אויף די פיסלעך און האַלט אין איין קאָמאַנדעווען: אחד, אחד, אחד, שתיים, שלוש... — חיים האָט גענומען אַרומשפּאַנען איבערן צימער, מעשה סאָלדאַט, נאָכגע־מאַכט לייב מאַרגאָליעסן. — ער מיינט, אַז אויב ער איז אַ ראש ביי אַ צענדליק קינדער, איז ער שוין אַ גוואַלדיקער אויפטוער, אַ גאַנצער גענעראַל און ווער ס׳טוט נישט אַזוי ווי ער — ווערט ביי אים פאַררעכנט פאַר אַ קאָמוניסט!

משה־יאָסע האָט זיך דערפילט ווי שולדיק און געוואָלט חיימען באַרויקן:

— הער שוין אויף אַרומשפּאַנען, ס׳שווינדלט פאַר די אויגן. מאַכסט דאָך אָן אַ ווינט אין שטוב!

חיים האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צום פאָטערס רייד אין ווייטער געשפּאַנט איבער דער שטוב.

משה־יאָסען האָט שטאַרק באַנג געטאָן וואָס ער האָט דער־מאָנט מאַרגאָליעסעס נאָמען. ער האָט שוין אָבער דאָס נישט געקאָנט צוריקכאַפּן. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול און אויף דער גיך שנעל צוגעוואָרפן חיימען:

— זאָלסט זיך מיט אים נישט קריגן, צי גאָר זיך פּרווון שלאָגן. כ׳האָב פיינט סקאַנדאַלן.

ער האָט זיך געלאָזט גיין אין זיין צימער, וווּ ער פלעגט זיך חשבונען מיט סוחרים און פאַרקויפער. פון זיינע רייד האָט זיך אַרויסגעפילט אַ טאָן פון חרטה.

אַז ליפּשע האָט זיך דערוווּסט פונוואַנען ס׳האָט זיך צו משה־יאָסען גענומען די מרה־שחורה, האָט זי אָנגעהויבן שעלטן די אַלע ציוניסטן, וואָס ווילן ברענגען משיחן. ספּעציעל איז זי געווען אין כעס אויף די שומרים, וואָס שפּאַנען איבער די גאַסן מיט שטעקנס אויף די אַקסלען. אַז גיין זאָלן זיי, רבונו של עולם, אויף הילצערנע פיס!

זי האָט נישט אויפגעהערט צו שעלטן ביז איציקל האָט איר דערמאָנט, אַז אויך ער איז אַ שומר. דערויף האָט זיך ליפּשע אַ כאַפּ געטאָן און, אויף דער גיך איבערגעפרעגט: האַ, וואָס? נו, שוין! נישט דיר מיינט מען. טפו, טפו, טפו. זי האָט דערביי דריי מאָל אויסגעשפּיגן, צוגעבנדיק: צו מיינע שונאימס קעפּ... ער איז אויך דאָ. און מיט כעס אַ געשריי געטאָן צו אים: דאַרפסט טאַקע נישט זיין קיין שומר!

משה־יאָסע איז אַריין אין זיין באַזונדערן צימער, לאַנגזאַם צוגעמאַכט נאָך זיך די טיר, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן קאָפּ אין אויף אַ וויילע שטיין געבליבן ווי פאַרגליווערט. ער האָט געפרווט זוכן אַן עצה: וואָס טאָן? ווי אַזוי אויסמיידן די צרה וואָס רוקט זיך אָן? וואָלט עס געווען אַ ליגן אָדער אַן השערה, וואָלט חיים זיך נישט געווען אַזוי געבייזערט. די פראַגע איז נאָר, ווי ווייט ער איז שוין אין יענע זאַכן פאַר־קראָכן. צי איז עס ערשט אַ התחלה, אָדער ווער ווייסט?

און ווידער אָנגעהויבן פונדאָסניי מיט זיינע מחשבות... ער האָט זיך גענומען חקרענען, גלייך ווי ער וואָלט געשטאַנען איבער אַ בלאַט גמרה און זיך געפּילפּולט איבער אַ שווערן קל־וחומר. זאָל איך אים לאָזן פאָרן קיין ארץ־ישראל? וואָס הייסט לאָזן? ער האַלט דען דערביי? ווי אַזוי? מה דאָך, אַז איציקל וויל ווערן אַ חלוץ — שריי איך חי־וקיים, אַז ניין! גיטעלע האָט געענדיקט די תרבות־שול „באופן מצוין״, רעדט העברעיש, שוין געהאַט אַ בחור און געוואָלט וואָס שנעלער זיין אין ארץ, האָב איך דאָך געגוואַלדעוועט, ביז ס׳איז פון דעם שידוך גאָרנישט געוואָרן. און דאָ פלוצעם, גיי און שיק אַהין חיימען! ווי אַזוי, ער וויל דען? ער וועט נישט וועלן! נאָר וואָס דען, אַלע זאָלן מיר פאָרן? אַלע זאָלן מיר פאָרן! טאָן

אַזוי ווי הערשקע פונעם בראָוואַר! מיטנעמען שמעונען מיט דער שנור און אייניקל. אַלע — איז אַלע, אם ירצה השם!

ביי דער וועטשערע איז שוין אַלץ געווען ווי געוויינלעך. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַלע ווילן פאַרגעסן וועגן די אַרעסטן און אַרעסטירטע; מ׳האָט גערעדט וועגן גאָר אַנדערע ענינים...

משה־יאָסע האָט זיך, נישט ווילנדיק, כלומרשט דערמאָנט אין הערשקע פונעם בראָוואַר, הערשקע שניידער, וועלכער האָט פאַרקויפט דעם זאַוואָד, די פאַרעווע מיל און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און געפאָרן קיין פאַלעסטינע, קיין ארץ־ישראל — הייסט עס, מיטגענומען אַלע קינדער מיט זיך, אַפילו זיין איידעם, דעם דענטיסט מאָטל אַפּצוג, האָט ער אויך מיטגענומען. עטלעכע מאָל האָט ער דעם דאָזיקן ענין אַדורכגערעדט און אָנגעהויבן לויבן דעם אויפטו פון הערשקען, וועגן וועלכן ער האָט אָנגעהויבן רעדן מיט אַ לייכטן דרך־ארץ.

ליפּשע האָט פאַרקערט, אַנדערש גענומען דעם ענין. זי האָט פּרובירט אים פאַרטונקלען: אוי וויי, אַ געוואַלדיקער אויפטו! וואָס־זשע, ס׳האָט אים דאָ עפּעס געפעלט? נישט געהאַט, נעבעך, קיין פּרנסה? הלוואי זאָל איך אַ ליגן זאָגן: ער וועט זיך קלאַפּן אין האַרצן פון חרטה! ער וועט דאָרטן דאַרפן האַקן שטיינער.

— ער וועט דאָרט קיין שטיינער נישט האַקן — האָט משה־יאָסע אָפּגעענטפערט, אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט.

ליפּשע איז נישט אָפּגעשטאַנען:

— ער וועט האַקן, איי וועט ער האַקן. אַלע וועלן זיי קלאַפּן! זיי וועלן דאָרט קלאַפּן סמעטענע מיט די פּאַנטאָפל. דאָרט וועלן זיי שוין נישט זיין די „בראָוואַר־לייט". ניין!

משה־יאָסע האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס. הערשקע שניידער איז נישט קיין נאַרישער ייד, נישט אַבי ווער. מן הסתם האָט ער געוווּסט וואָס ער טוט. אַ ייד אַ לערנער, אַ ייד אַ בר־דעת. כ׳וואָלט געוואָלט, אַז ס׳זאָל זיי דאָרט זיין גוט!

— יאָ, האָט ליפּשע אונטערגעכאַפּט — איך וויל אויך. אָבער וואָס העלפט דאָ אַ וועלן? ביי מיר איז עס ריינער שגעון! גענומען און צעבראָכן אַזאַ גוטס, וואָס ער האָט דאָ געהאַט און אָפּגעפאָרן, וווּאַהין? נאָך וואָס?

יעדעס מאָל, ווען משה־יאָסע האָט געפונען אַ זכות, האָט ליפּשע אויסגעפונען כל־ערליי חסרונות.

משה־יאָסע האָט געפילט, אַז צו רעאַליזירן זיין פּלאַן וועט אים אָנקומען שווער. אין זיך איז ער שוין געווען גרייט אויף אַ מלחמה מיט ליפּשען, אַפילו, ווען ער זאָל זיך דאַרפן באַנוצן מיט כוח. אָבער ער האָט נאָך דערווייל נישט געוואָלט אויפדעקן זיין באַשלוס. בהדרגה... איז ער דעריבער איבערגעגאַנגען צו אַן אַנדערער טאַקטיק אין ענין הערשקע שניידער: וואָס קאָן מען וויסן? ווער קאָן משפּטן יענעמס מעשים? אפשר איז ער דערצו געווען געצוווּנגען, אפשר האָט ער געמוזט... גרויסע פּאָדאַטקעס, פאַרשידענע פּראָטאָקאָלן... וואָס מיינסטו, מ׳קאָן עפּעס וויסן? וואָס מיינסטו, ס׳איז אַזוי גרינג מיט די פּאָליאַקן? אַז זיי הייבן זיך אָן צוצוטשעפּען צו עמעצן, וועלן זיי אים שוין נישט אָפּלאָזן... זיי האָבן דאָך אַזוי שטאַרק ליב דעם ייד... זיי זענען פעיק צו ברעכן דעם שטאַרקסטן גיבור. זיי וועלן יענעם לאָזן אין לעצטן העמד און אַפילו דאָס לעצטע העמד אויך צונעמען...

★

משה־יאָסע איז געזעסן אויף זיין בעט אין דער פינצטערניש. פון צייט צו צייט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער זייט, ווו ליפּשע איז געשמאַק געשלאָפן.

פון זאָגן ביז טאָן, איז אַ גרויסער שפּרונג. ס׳טוט זיך נישט אַזוי ווי ס׳רעדט זיך. פון וואָס הייבט מען אָן? ווי פאַרקויפט מען אַלץ? ווי אַזוי קריכט מען אַרויס פון די פּריצישע וועקסלען? אַ מעשה אויף יאָרן! און וואָס ווייס איך ווו די סכנה שפּאַרט אָן? צי וועט די פּאָליציי וואַרטן ביז כ׳וועל זיך מיט אַלעם אָפּפּאַרטיקן?

דער וואַנט־זייגער אין דערבייאיקן עס־צימער האָט אויסגעקלונגען צוויי אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט און פון שלאָפן — קיין זכר.

דער טאָג עגמת־נפש, די פּאָליציי, די אַרעסטירטע, די בירזשע — אַלץ ליגט אין קאָפּ און דריקט אויפן האַרצן. נחום דעם משוגענעמס אויגן זעט ער איצט אין דער פינצטער, פולע מיט וואָרענונג... ס׳קול זיינס הילכט נאָך אין די אויערן: „טאַקיע סוואָלאָטשי קאַק פּאָליאַקי יעשטשאָ ניע בילי"!

יאָ, ס׳איז אמת, זיי זענען זיך נוקם אין די יידישע קינדער, וואָס פאַלן אַריין אין זייערע הענט. נישט איין יידיש קינד האָבן זיי שוין פאַרפייניקט צום טויט! חיים וועט אַזעלכעס נישט אויסהאַלטן. רבונו של עולם, טו מיט מיר אַ חסד. נישט ווייל איך בין עס ווערט!

ער האָט זיך גענומען דערמאָנען אין אַלע זינד, וואָס ער איז ווען עס איז באַגאַנגען. מערסטנס זענען עס געווען חטאים בין אדם לחברו. מיט גאָט איז ער געווען אין אָרדענונג, כמעט נישט געווען פאַר וואָס זיך צו קלאַפּן על חטא. אָ, גאָטעניו, איינציקער און טייערער! איך האָב געזינדיקט; איך האָב זיך פאַרדינט די שטראָף, זיי מיר מוחל!

ער האָט נישט געפילט ווי ער האָט העכער אויפגעהויבן זיין שטים. ליפּשע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איר געשמאַקן שלאָף, זיך איבערגעדרייט און גענומען רופן צו משה־יאָסען:

— משה־יאָסע, שלאָפסט נישט?

משה־יאָסע האָט זיך געכאַפּט און געמאַכט דעם אָנשטעל, גלייך ווי זי וואָלט אים אויפגעוועקט פון שלאָף:

— וואָס איז? וואָס רעדסטו?

— האָסט גערעדט, האָסט געלאַכט — האָט אים ליפּשע מיט אַ פאַרשלאָפענער שטימע אויפגעקלערט.

משה־יאָסע האָט זיך דערפילט לייכטער. אויב זי זאָגט, אַז כ׳האָב געלאַכט — הייסט עס, אַז זי האָט גאָרנישט געהערט! ער האָט זי גענומען באַרויקן. ס׳איז גאָרנישט, ס׳האָט זיך דיר אויסגעדוכט. וואָס, כ׳האָב געלאַכט? ניין, ס׳האָט זיך דיר בלויז אויסגעדוכט!

ער האָט זיך לאַנגזאַם, אָן רעש, אַוועקגעלייגט אויפן בעט. צוגעוואַרט, אַז ליפּשע זאָל ווידער איינשלאָפן און אַז אויך ער זאָל קאָנען כאַפּן אַ דרימל.

פונעם עס־צימער האָט זיך ווידער דערהערט דער קלאַנג פונעם וואַנט־זייגער: דריי! משה־יאָסע האָט אַ טראַכט געטאָן: ס׳איז שוין שפּעט. מ׳דאַרף איינשלאָפן. ס׳איז שוין באַלד טאָג. כדי אָפּצווענדן זיך פון זיינע מרה־שחורהדיקע געדאַנקען, האָט ער אַ טראַכט געטאָן וועגן אַן ענין, וואָס מ׳דאַרף מאָרגן באַלד דערליידיקן.

אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן אין אַ פאַרקערטער ריכ־

טונג. אויס מורא, אויס סכנה. ער האָט געפילט ווי אויף זיין פנים צעשפרייט זיך אַ ברייטער שמייכל און ס'האָבן אָנגעהויבן שטראָמען גאָר אַנדערע געדאַנקען:

דעם אמת זאָגנדיק, בין איך אַ פּוסטער נפש, אַ גרויסער פּחדן. און שכל פאַרמאָג איך ווי אַ קינד. אַזוי דערשרעקן זיך... מה רעש? וואָס איז דען? לייב מאַרגאָליעס איז זיך משער, אַז חיים איז... אָט דאָס איז דאָך דער אָנהויב, די סיבה פונעם גאַנצן כעסן זיך! פונעם גאַנצן עגמת־נפש! וואָס האָב איך אָנגעמאַכט אַזאַ יריד? פאַרוואָס האָב איך אים געגריזשעט? ליפּשען, זיך און אַלע שטוביקע? וויפל זענען עס דאָ אין לוצק אַזעלכע טייערע קינדער ווי מיין חיים, וואָס זיצן אין טורמע? פינף, צען, פופצן! מוז שוין חיים זיין דער זעכצנטער! פאַרוואָס? ווייל אַזוי מיינט דוד מאַרגאָליעס? מיין חיים איז גערעכט, נישט געדאַרפט אויסהערן דעם דאָזיקן שוטה, און אַז שוין יאָ אויסגעהערט, נישט געדאַרפט אַפילו איבערדערציילן.

משה־יאָסע האָט זיך געמוסרט: איך בין אַ ייִדענע, נאָך ערגער ווי אַ ייִדענע. נאָך גוט, וואָס כ'האָב זיך נישט אַרויסגעכאַפּט מיט מיין פּלאַן! און כ'בין שוין געווען גרייט אין וועג אַריין... כ'וואָלט אַלץ דערפירט צום אָפּגרונט, צום דלות. ליפּשע איז גערעכט, הערשקע פונעם בראָוואַר האָט זיך צעבראָכן, אַ סוף געמאַכט פון זיך, פון אַלע, פון די קינדער. זיי וועלן גוט חרטה האָבן!

ער האָט באַדויערט דעם טאָג עגמת־נפש, וואָס נאָר ער אַליין האָט אים גורם געווען און אַ באַרויקטער און זיכערער איז ער איינגעשלאָפן.

1959

ד"ר יעקב שאַמפּאַניער / חיפה

# לויצק ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה

אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג האָט לויצק אָנגעהויבן שטאַרקער צו פילן דעם טעם פון אַנטיסעמיטיזם. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך שטאַרק פאַרוואָרצלט ביי דער נישט־ייִדישער באַפעלקערונג, אַרומכאַפּנדיק אַלע שיכטן, פון קליין ביז גרויס. אויך פריער פלעגן ייִדישע קינדער זעלטן ווען זיך פילן פריי און נישט מורא האָבן זיך אַרויסצולאָזן אויף אויספלוגן הינטער דער שטאָט. לעצטנס איז דאָס שוין געווען ממש אוממעגלעך. די שיינע נאַטור פון דער געגנט אַרום לויצק איז ווי פאַרסמט געוואָרן פונעם אַנטיסעמיטישן באַקציל. ייִדישע קינדער האָבן מורא געהאַט זיך צו באַווייזן אין אַזעלכע ערטער ווי אילאַנוווקע, קאַפּאַציוּוקע, אָדער ראָזשישטשער בריקל. ווען אָרעמע ייִדישע קינדער פלעגן זיך אַוועקגעלאָזן, פאַר שבועות, קיין קראַסנע אָדער נידעוו, בכדי צו באַזאָרגן די ייִדישע באַפעלקערונג מיט לעפעכע אויף יום־טוב — פלעגן זיי אָפט צעשלאָגן ווערן דורך כוליגאַנעס.

פון 1936־37 האָבן די ייִדישע קינדער כמעט נישט געקאָנט אָנגענומען ווערן אין די מלוכה־שולן מיט דער פּוילישער אונטעררריכטס־שפּראַך. אין די אויגן פון די לערער פלעגן זיי אָפט דורך די שילער באַליידיקט און געשלאָגן ווערן. אין דער פּראָפעסיאָנעלער גימנאַזיע זענען איינגעפירט געוואָרן אַלץ שטרענגערע באַגרענעצונגען קעגן אָננעמען ייִדישע שילער.

די לאַגע פון דער ברייטער מאַסע הענדלער און האַנטווערקער איז געוואָרן מיט יעדן טאָג ערגער און ערגער. אַמאָל איז האַנדל און האַנטווערקעריי געלעגן כמעט אויסשליסלעך אין ייִדישע הענט, אָבער אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג איז אַריינגעטראָטן אַ גרויסע ענדערונג צום שלעכטן. די קליינע צאָל קריסטלעכע סוחרים און האַנטווערקער האָבן געפירט מיט זייערע ייִדישע קאָנקורענטן נישט קיין סוחרישע קאָנקורענץ, נאָר אַ כוליגאַנישע. די באַקאַנטע פּיקעטן־אַקציע האָט אויך באַהערשט לויצק. ייִדן האָבן געהאָפט, אַז די דאָזיקע וואַקכאַנאַליע וועט זיך סוף כל סוף אַמאָל ענדיקן.

און ווען די פּיקעטן האָבן נישט געהאָלפן און ייִדן האָבן דאָך ווייטער געהאַנדלט און געאַרבעט — האָבן די אַנטיסעמיטן זיך גענומען צו פּשוט כוליגאַנישע מעטאָדן און געלאָזט אין גאַנג טעראָר־מיטלען.

דאָס איז געווען אין אַ שבת, סוף יאָר 1938. אין קינאָ־זאַל „סלאָנצע" איז געוויזן געוואָרן אַ ייִדישער פילם. ביי דער בילעטן־קאַסע האָבן זיך פאַרזאַמלט הונדערטער ייִדן. דאָס האָבן אויסגענוצט די אָרטיקע כוליגאַנעס מיטן באַקאַנטן ראָזאַלינו בראש. זיי זענען אַרויס פון קאַפע־הויז און אָנגעפאַלן אויף ייִדן, וועלכע זענען געשטאַנען רויק אין דער ריי פאַר דער בילעטן־קאַסע. די ייִדן האָבן אָבער זיך אַזוי אָפּגערעכנט מיט דער באַנדע, אַז אַלע אָנפאַלער זענען געוואָרן בלוטיק צעשלאָגן און אין בלוט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. די אָנגעקומענע פּאָליציי האָט זיי גערעטעוועט, כלומרשט אַרעסטירנדיק זיי.

נאָך איינער אַזאַ אינצידענט איז פאָרגעקומען, ווען ס'זענען, אין האַרבסט 1938, פאָרגעקומען די מאַנעווערס פון דער פּוילישער אַרמיי, צו וועלכע ס'איז קיין לויצק געקומען רידז־שמיגלי. די אָרטיקע כוליגאַנעס האָבן זיך ווידער דערפילט אינעם זאָטל. זיי זענען אַרומגעלאָפן איבער די לויצקער גאַסן און געזוכט אַ געלעגנהייט צו שלאָגן ייִדן. דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן, ווען זיי האָבן, אָט דאָ אָט דאָרט, אָנגעטראָפן אויף קליינע גרופּעס ייִדן. זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געלאָזט ווילגיין, ביז זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גרעסערער גרופּע ייִדישע בחורים אויף דער קראַסנער בריק. דאָ האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד, אייניקע זענען פאַר־

ווונדעט געוואָרן און די רעשט האָט זיך וואָס שנעלער אָפּגעטראָגן.

אַזעלכע כוליגאַנישע אָנפאַלן האָבן זיך געהאַלטן אין מערן. כוליגאַנעס האָבן זיך אַפילו נישט אָפּגעשטעלט און אַריינגעוואַרפן שטיינער אין די בתי־מדרשים, ווען יידן האָבן רויִק געדאַוונט.

געווען איינמאָל אַ פאַל ווען כוליגאַנעס האָבן אַריינגעוואָרפן אין דער שול אויף קראַסנע, וועלכע מ׳האָט גערופן „די קיטייסקע״, שמאַטעס מיט ברען־מאַטעריאַל. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. איניקע יידן זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, וואָס די דאָזיקע שול האָט זיך געפונען נישט ווייט פון אַ פּאָליציי־אַמט. די פּאָליציי האָט זייער שוואַך רעאַגירט אויפן דאָזיקן אָנפאַל.

צום גליק האָט „עמך״, דער פּשוטער ייִד פון די אָרעמע יידישע געסלעך אין לויצק, געוווּסט ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד. אַדאַנק זיי איז דער כוליגאַניזם אַ ביסל איינגעצוימט געוואָרן.

ס׳האָבן זיך אָבער געמערט פאַרשידענע ענדעקישע און פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס. די ענדעקישע כוליגאַנעריע האָט אויפגעהויבן פראַנק און פריי דעם קאָפּ. די שוואַרצע מונדירן מיט די שלענגלעך אויף די אַרבל האָבן באַהערשט די לויצקער גאַסן. די אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן געהאַט זייער זיך־אָרט אויף דער שענקעוויטש־גאַס, האָבן אויסגעשפּרייט זייער ממשלה איבער דער נישט־יידישער באַפעלקערונג און אַריינגעדרונגען אין אַלע שפּעלטעלעך פון פּוילישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לויצק. אין דער זעלבער צייט האָבן אויפגעלעבט די אוקראַינישע פּעטליוראָווצעס. ס׳האָט מיט זיי געראָיעט יעדן זונטיק ביים סאָבאָר. די פּעטליורישע מונדירלעך האָבן זיך אָנגעהויבן פּילן ווי ביי זיך אינדערהיים. דער האַס קעגן די יידן האָט זיי פאַרסמט די מוחות.

מיטן דערנענטערן זיך פון דער מלחמה האָט זיך די לאַגע פון די יידן אין לויצק נאָכמער פאַרערגערט. ביינאַכט איז געווען אַ פּחד צו גיין איבער דער קראַסנער בריק, שוין אָפּגערעדט וועגן בענעס בריק. דאָרט האָט געהערשט די פּעטליורישע דרוביטקאָ־גרופּע, וועלכע האָט זיך שפּעטער טרויעריק אויסגעצייכנט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

אין סעפּטעמבער 1939, ווען די היטלעריסטישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען די פּוילישע טעריטאָריע, איז דער יידישער באַפעלקערונג פון לויצק באַפאַלן אַ גרויס אומרו. די יידישע באַפעלקערונג האָט געגראָבן שוץ־גראָבנס קעגן דער היטלעריסטישער אַרמיי. אָבער די פּראָ־היטלעריסטישע עלעמענטן צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג האָט דערויף געקוקט מיט שפּאָטישע בליקן, גלייך ווי דער אַריינמאַרש פון דער היטלעריסטישער אַרמיי וואָלט גאָר פאַר זיי באַדייט אַ נאַציאָנאַלער זיג. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן און געשטאָכן אַלעמען די אויגן מיט זייער פריילעכקייט.

די אָרטיקע פּוילישע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אויפצומאַכן די געשעפטן. מ׳האָט אָנגעהויבן מאַסנוויז צו קויפן פאַרשידענע פּראָדוקטן. צוויי יידישע הענדלער זענען אַרעסטירט געוואָרן פאַר כלומרשט נעמען צו־הויכע פּרייזן. אויף די טירן פון זייערע געשעפטן זענען געהאָנגען אויפשריפטן: „דאָ איז געווען אַ פּאַסקאַזש (שפּעקולאַנט), וועלכן מ׳האָט אַרויסגעשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע״. יעדן יידישן הענדלער האָט געדראָט דער דאָזיקער גורל.

אויף צומאָרגנס האָט זיך באַוויזן דער ערשטער שטראָם אַנטלאָפענע יידן פון די צענטראַלע וואָיעוואָדזטוועס פון פּוילן. יידן מיט העק און פּעק, הונגעריק און דורשטיק, דערשעפּט פון די לאַנגע מאַרשן, האָבן געזוכט ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. עלטערן האָבן געזוכט זייערע קינדער, קינדער האָבן געזוכט זייערע עלטערן. די געשרייען און האַרצרייסנדיקע געוויינען האָבן זיך געהערט אויף טריט און שריט. יידן האָבן געזוכט באַקאַנטע און קרובים, ביי וועמען זיך אָנצושפּאַרן און אויסרוען פונעם לאַנגן און מאַטערנדיקן וועג. אויף די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט מלבושים.

ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג — מ׳האָט אים מורא אָפּן אַרויסצוזאָגן — אַז די רויטע אַרמיי איז אַריבער די גרענעץ און מאַרשירט קעגן דער דייטשער אַרמיי. באַלד ווערט מען געוואָר, אַז די רויטע אַרמיי האָט שוין פאַרנומען ראָוונע און מאַרשירט קיין לויצק. אַ שטראַל פון האָפענונג באַווייזט זיך אויף די יידישע פּנימער. יידן ווערן ביי זיך האָפערדיקער. דאַקעגן איז געוואָרן טרויעריק און קאַלעמוטנע אויף די הערצער פון די פּעטליוראָווצעס, ענדעקעס, פּאָליציי־באַאַמטע. די דאָזיקע עלעמענטן פאַרלאָזן אויף גיך לויצק.

ס׳באַווייזן זיך די ערשטע טאַנקען פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע ווערן ערטערווייז באַגריסט דורך יידישע יוגנטלעכע מיט רויטע פענער. די יונגעלייט, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון לויצק, קערן זיך אום צוריק אין זייער היימשטאָט אויף די רוסישע טאַנקען. אויפן האַרצן ווערט פריילעך.

יעדער טאָג ברענגט מיט זיך נייעס. אָט הויבט מען אָן צו פּאַספּאָרטיזירן די איינוווינער. נישט יעדער איינער האָט דאָס רעכט צו באַקומען אַ פולבאַרעכטיקטן פּאַספּאָרט. פאַר געוויסע בירגער, אויך יידן, ווערט אָנגעווענדט דער פּאַראַגראַף 13 — זיי האָבן נישט קיין רעכט צו וווינען אין זייער געבורטסשטאָט.

אַ געוויסע נאַכט זענען אויפגעזאַמלט געוואָרן אַלע נישט־אָרטיקע איינוווינער, וועלכע זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טיף רוסלאַנד.

ס׳גייען אַזוי פאַרביי טעג, וואָכן און חדשים. ס׳הייבן אָן אָנצוקומען נישט קיין פריילעכע גרוסן פון דער דייטשער זייט. יידן ליידן, יידן ווערן געפּייניקט, דער יידישער חורבן איז גרויס. מ׳פילט, אַז איראָפּע שטייט פאַר אַ קאַטאַסטראָפע. די דייטשע בעסטיע גרייט זיך צום ווילדן שפּרונג. רוסלאַנד אָבער זעט דערווייל גאָרנישט. זי האַלט אין איין ליפערן פּראָדוקטן קיין דייטשלאַנד. אין נידעוו איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ זאַמל־פּונקט פון וואַנען ס׳ווערן איבערטראַנספּאָרטירט גרויסע מאַסן פון פאַרשידענע פּראָדוקטן. אין דער זעלבער צייט מערן זיך די רייען ביי די רעגירונגס־געשעפטן. דער שוואַרצער האַנדל בליט. פון צייט צו צייט ווערן צוליב דעם לויצקער איינוווינער אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט.

דעם 22־טן יוני 1941 איז לויצק ווידער אַמאָל באָמבאַרדירט געוואָרן דורך דער דייטשער אַוויאַציע. דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן ס׳לעצטע און טראַגישסטע קאַפּיטל פון דער לויצקער יידישער באַפעלקערונג.

ד״ר מ. גיבער / ניו־יאָרק

# טאָרטשינער יידן און זייער פאַרבינדונג מיט לויצק

טאָרטשין האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 5000 איינוווינער, צווישן זיי העכער 3000 יידן. ליגנדיק איפן שליאַך פון לודמיר קיין לויצק, איז טאַרטשין געווען בלויז 20 קילאָמעטער ווייט פון לויצק.

געווען אַ צייט, ווען קראַסנע, היינט אַ טייל פון לויצק — נאָכדעם ווי איבערן טייך סטיר איז אויסגעבויט געוואָרן די בריק — האָט געהערט צום טאַרטשינער „וואָלאָסט״.

טאָרטשין האָט נישט געהאַט קיין אייגענע באַן־סטאַציע. צווישן דעם קנאַפן צענדליק בעלי־עגלות, וואָס פלעגט באַדינען ס׳שטעטל מיט סחורה־און פּאַסאַזשירן־טראַנספּאָרט, זענען בלויז צוויי געפאָרן קיין ראָזשישטש. די איבעריקע פלעגן קורסירן קיין לויצק. אפילו די פּאָסט פלעגט טאָג־טעגלעך קורסירן אויף אַקס צווישן די ביידע דערמאָנטע שטעט.

לויצק איז שטענדיק געווען די גרויסע שטאָט, וואָס האָט געלאָקט און באַצייבערט ס׳טאָרטשינער קינד. ווען אַ קינד האָט אַרויסגעוויזן אַ חשק צום לערנען, האָט מען אים געשיקט אין דער לויצקער ישיבה, בית־ספר, אָדער גימנאַזיע, אָדער גאָר לערנען אַ פאַך. ווען אַ כלה האָט געפאָדערט בעסערע אויס־שטאַטונג, האָט מען אויך געמוזט אנקומען קיין לויצק.

ווען אַ טעאַטער אָדער צירק, פלעגט קומען אויף גאַסטראָלן קיין לויצק, זענען מאַנכע פון די פּני פון טאָרטשין געפאָרן אין שטאָט אַריין זען די פאָרשטעלונג. שוין אין ערשטן יאָרצענדליק פון לויפנדיקן יאָרהונדערט איז געווען אַ שטאַרקע גייסטיקע פאַרבינדונג צווישן לויצק און טאָרטשין.

כאָטש אַ קאַפּעטאַלקע אפּגעריקט אין אַ זייט, איז טאָרטשין נישט געווען אָפּגעשטאַנען פון וועלטלעכער טעטיקייט.

שוין סוף פאָריקן יאָרהונדערט קומען אויף אין שטעטל נייע כוחות וואָס זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נייע באַוועגונגען — אַלגעמיינע און יידישע.



ליטעראַרישער קלוב אין טאָרטשין (1912)

Торчинское Еврейское Двухклассное Училище „Талмуд-Тора" 1912



די השכלה־באַוועגונג האָט געהאַט איר איינפלוס אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. ס׳זענען אַנטשטאַנען די חובבי־ציון־קרייזלעך. די שפּעטערדיקע יוגנט ווערט טעטיק אין דער ציון־באַוועגונג. ס׳אַנטשטייען פאַרשידענע ליטעראַרישע און אַנדערע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, וועמענס ציל ס׳איז געווען אויפצוהייבן די באַפעלקערונג אויף אַ העכערער קולטורעלער מדרגה. ס׳זענען אויך אַנטשטאַנען אָרגאַניזאַציעס צווישן דער האָרעפּאַשנער און אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג.

אין יענע יאָרן פלעגט די אַקטריסע פון לויצק, באַשע לערנער, זייער אָפט קומען צו אונדז אין שטעטל, ווו זי האָט צוזאַמען מיט יאנקל גאַלפּערסאָן, איטע פליישער, בערל וועכטער, גרישא לערנער, זוניא קאָן, זישע באַגלייבטער א.א. אָרגאַניזירט אַ טעאַטער־גרופּע און געשפּילט טעאַטער.

די אַמאַטאָרן־גרופּע, וועלכע האָט זיך אָרגאַניזירט אין יאָר 1906, איז געווען טעטיק ביזן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג. די איינקונפטן פון די פאָרשטעלונגען זענען פאַרווענדט געוואָרן פאַר דער קינדער־שול, ביבליאָטעק א.א.וו.

טאָרטשין האָט אַלעמאָל אַרויפגעקוקט מיט גרויס דרך־ארץ צו דער גרעסערער שטאָט לויצק. זי האָט אָבער אויך פאַרמאָגט אַן אייגענע רייכע פאָלקסטימלעכקייט און אַ וואַרעמע קולטור־אַטמאָספערע. אונדזער יוגנט האָט אין די צוואַנציקער יאָרן געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז, וועלכער האָט זיך פאַרדינט אויף שבחים מצד די לויצקער אַקטיאָרן.

לויצקער פלעגן אָפט קומען אויף די אינטערעסאַנטע דיסקוסיע־אָוונטן, וואָס מענדל צוקער, הערשל פעל א.א. האָבן ביי אונדז איינגעאָרדנט.

אינערהאַלב דער גרופּע האָבן עקזיסטירט פאַרשידענע פּאָליטישע מיינונגען. דאָך האָט דאָס נישט געשטערט דער צוזאַמענאַרבעט אויפן טעאַטער־געביט. די הכנסות ווערן פאַרטיילט יעדער אָרגאַניזאַציע, אומאָפּהענגיק פון איר פּאָליטישן פּנים.

דער ערשטער וועלט־קריג האָט מיט זיך פאַר טאָרטשין געבראַכט אַ פולשטענדיקן חורבן.

אין רעזולטאַט פון די קריגס־אָפּעראַציעס ווערט דאָס שטעטל אינגאַנצן אָפּגעברענט. גאָר שנעל קומט פאָר די ווידעראויפבויונג פון דער געגנט. ס׳ווערן אויסגעברוקירט די וועגן, וואָס פאַרבינדן טאָרטשין מיט לויצק. דאָס פאַרקירצט די קאָמוניקאַציע, וועלכע הויבט שוין אָן פאָרצוקומען אויף אויטאָבוסן. אין דער צווישנצייט טראָגן זיך פיל טאָרטשינער איינוווינער אַריבער קיין לויצק. צווישן אַנדערע האָבן זיך אַריבערגעצויגן פאָלגנדיקע פערזאָנען:

ד״רביילין, זישע באַגלייבטער, יאָנטל אַרמעל, אברהם און גיטל אַרמעל, שייקע ווייסבערג, יצחק יוז מיט זיין פאַמיליע, איטע דאַווידסאָן (גארבאטש), עוזר טובלין, ישראל שוואַרץ, מרדכי שיינשפּאַן, ישראל ווייסענבערג, מאָטקע שוואַרץ, חיים גערשנזאָן מיט דער משפּחה, שמואל ראַציעס, ישראל און קיילע (דער פוילישער), משפּחה ראַטנאָווסקי, אברהם לייב באָנציעס, בן־ציון קאָפּעלמאַן, פוקס דער פעלדשער, לייב טאָפּלער, משפּחה האָכמאַן, אברהם גאָרענשטיין, שמחה און מרים שניידער.

צווישן די אויסגערעכנטע זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען שפּעטער געווען טעטיק אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט אין לויצק.



שייקע ווייסבערג

ד״ר ביילין, וועלכער איז געווען אַקטיוו אויפן געזעלשאַפטלעכן באָדן אין טאָרטשין און איר געווידמעט פיל ענערגיע, איז דערנאָך געוואָרן אויך אַקטיוו אין לויצק. אין טאָרטשין האָט ער, צוזאַמען מיט נאָך אָנגעזעענע בעלי־בתים, אָרגאַניזירט אַ קינדער־שול, אַ שפּאָר־ און ליי־קאַסע, אויפגעבויט אַ שאָסיי אין שטאָטישן טייל, אויפגעשטעלט צוויי פּלומפּן, וואָס האָבן געליפערט פריש וואַסער פאַר דער באַפעלקערונג.

אויך אין לויצק ווייזט ער אַרויס די זעלבע ענערגיע. ווערט פּרעזעס אין דער פאָלקס־באַנק, גיט אַרויס אַ צייטונג א.א.וו.

די פאַמיליע גערשנזאָן איז טעטיק אויפן ציוניסטישן געביט. נאָכן טויט פון פאָטער פאַרלאָזן זיי לויצק און זענען עולה קיין ארץ־ישראל, וווּ זיי וווינען אין חיפה.

שייקע ווייסבערג, ווי נאָר ער קומט אָן קיין לויצק, וואַרפט ער זיך אַריין מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דער אַקטיווער טעטיקייט פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס, ווו ס׳איז נויטיק מאַטעריעלע און פיזישע הילף. ער איז אַקטיוו אין שול־ווען, קינדער־היים, ביבליאָטעק, ווערט אויסגעווײלט אַלס פאָרזיצער פון לויצקער פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. נאָך זיין חתונה מיט אסתר יוז, זענען זיי ביידע טעטיק אינעם לויצקער אַמאַטאָרישן דראַמאַטישן קלוב. ביי דער מיטאַרבעט פון באַוווסטן לויצקער אַקטיאָר לייבטשע לערנער קומען פאָר אָפטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. ווען ער האָט שוין באַוויזן אויפצושטעלן אַ פאַמיליע ווערט ער אַ רייכער סוחר און איז מצליח אין זיינע געשעפטן.

ווען די באָלשעוויקעס זענען אַריינגעקומען קיין לויצק אין יאָר 1939, ווערט ער אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר. אַלס גרויסער סוחר ווערט ער באַשולדיקט אין פיינטשאַפט צו דער נייער סאָוויעטן־מאַכט. ער ווערט פאַראורטיילט אויף 8 יאָר לאַגער. ער פאַרלאָזט רוסלאַנד נאָכן ענדיקן זיך פון צווייטן וועלט־קריג, קומט דורך אורוגוואַי קיין בראַזיל ווו ער שטאַרבט אין 60־טן יאָר פון זיין לעבן.

בעני טויבער, אַ טאָרטשינער, געלעבט ביזן יאָר 1928 אין לויצק, איז אויך געווען דאָרט טעטיק און פיל בייגעטראָגן מיט זיין ענערגיע. צוזאַמען מיט ד״ר ביילין איז ער געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער פאָלקס־באַנק, און במשך פון 5 יאָר — סעקרעטאַר פון יידישן האַנטווערקער־פאַראיין אין לויצק. אין ניו־יאָרק איז ער געווען אַקטיוו אין דער טאָרטשינער לאַנדסמאַנשאַפט.

נישט ווייטיק טאָרטשינער האָבן זיך אַקטיוויזירט אויפן רעוואָלוציאָנערן געביט און געוואָרן הייסע אָנהענגער פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל און אַריבער קיין ראַטנפאַרבאַנד, ווו זיי האָבן אַנטיילגענומען אינעם בויען אַ ניי לעבן — לויט זייערע באַגריפן.

אַ סך טאָרטשינער פאַרלאָזן ס׳שטעטל און לאָזן זיך אויף וועגן און אומוועגן קיין ארץ־ישראל, ווו זיי נעמען אָן אַקטיוון אָנטייל און טראָגן אַריין זייער גרויסן ביישטייער אינעם אויפקום פון מדינת ישראל. פיל אַנדערע לאָזן זיך מעבר לים, קיין אַמעריקע, ווו זיי בויען אויף פאַר זיך אַ ניי לעבן.

מערקווירדיק, ווי די אַמאָליקע וואַרעמע און היימישע אַטמאָספערע אין שטעטל ווירקט נאָך ביזן היינטיקן טאָג און האַלט אונדז אַלע, ווו נאָר מיר געפינען זיך, צוזאַמען.

נאָך אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, אין יאָר 1915, זענען מיר, טאָרטשינער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די טאָרטשינער יידן, וואָס זענען פאַרבליבן אין דער אַלטער היים. מיר האָבן אויך אַרויסגעוויזן זאָרג פאַר אַלע טאָרטשינער, וואָס זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. מיט אונדזער הילף איז אין טאָרטשין אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שפּאָר־ און ליי־קאַסע, וועלכע האָט געגעבן הלוואות דעם אָרעמען בעל־מלאכה און אָרעמען קרעמער און זיי דערמעגלעכט זיך צו שטעלן אויף די פיס נאָכן חורבן פון דער מלחמה. מיר האָבן אויך געשטיצט די תלמוד־תורה און תרבות־שול. אין יאָר 1923 האָבן די טאָרטשינער אין אַמעריקע איינגעזען די נויטווענדיקייט צו גרינדן אַ טאָרטשינער לאַנדסמאַנשאַפט. אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט ציילט דאָן ביז 200 מיטגלידער. מיר פירן אַ לעבהאַפטע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט.

אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ פילזייטיקע הילף פאַר אונדזער שארית־הפליטה, ווען ס׳איז געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען פון חורבן און בלייבן לעבן.

מיטן אויפקום פון מדינת ישראל צייכענען זיך אויס די טאָרטשינער לאַנדסלייט אויפן געביט פון העלפן ז׳ער יונגער מדינה אין נעמען אַנטייל אין אַלע פאָליטישע און געלט־קאַמפּיינען. מיר שיקן אַרויס פיל הילף די אַלע, וואָס זענען געקומען קיין ישראל און נעמען אַנטייל אין איר אויפבוי.

זייער אַקטיוו צייכענען זיך אויס די טאָרטשינער פרויען אין דער לאַנדסמאַנשאַפט אַדאַנק וועמען ס׳ווערן געשאַפן פיל מיטלען, מיט וועלכע מיר קומען צו הילף די נויטבאַדערפטיקע פליטים. אונדזערע פרויען שאַפן די נויטיקע וואַרעמע חברישע אַטמאָספערע, וועלכע צעמענטירט אונדז אין איין גאַנצקייט.

מיר פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אייניקע אונדזערע לאַנדסלייט דורך שאַפן פונדאַציעס ביי וויכטיקע אינסטיטוציעס אין ישראל. אַזוי האָבן מיר פאַראייביקט לזכר־עולם דעם נאָמען פון ד״ר סאַמועל קאַוואַלער ביי דער ירושלימער אוניווערסיטעט, אין מעדיצינישן פאַקולטעט.

אויפן נאָמען פון אונדזער לאַנגיאָריקן לאַנדסמאַנשאַפטס־סעקרעטאַר יחיאל גאַרבער ווערט אויפגעבויט אַ שפּיל־פּלאַץ אין עפולה.

דאָס אַלץ האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דער טעטיקייט פון אַ גרופּע טוער מיט ברוך טשאַפּניק בראש. אין דער דערמאָנטער גרופּע, וועלכע האָט פיל בייגעשטייערט צו אונדזער טעטיקייט, געפינען זיך:

מעק ראַזעל, אייזיק שיפּריס, ד״ר יעקב טובלין, ד״ר מרדכי יונה גיבער, אברהם גערשנזאָן, אשר גאַרבער, משה גאָלדוועבער, עמיל גרינבערג, סעם שטערן, סעם וואָגשאָל, פאַני טובלין, העלען קעטש, חנה גערשנזאָן, אסתר גאַרבער, העלען שפּיראָ א.א.

1960

**אלתר באַרדיטש / באַלטימאָר**

# די צווייטע לויצקער ליי־און שפּאַר־קאַסע

שוין אין די ערשטע יאָרן פון XX יאָרהונדערט האָבן אין לויצק עקזיסטירט צוויי יידישע קרעדיט־אינסטיטוציעס: „קרוינשטיינס באַנק און די „קאָמערטשעסקי באַנק". ביידע האָבן הויפּטזעכלעך באַדינט דעם פאַרמעגלעכן קלאַס פון דער יידישער באַפעלקערונג.

עס האָט זיך אפילו אויך געפונען אין מאָטיע כאַראַקס מויער די „פּערוואָיע לוצקאָיע ססודאָ־סבערעגאַטעל'נאָיע טאָוואַרישטעסטוואָ" מיט אַ קליינער קריסטלעכער מיטגלידערשאַפט פון אַרום 25. זי איז געווען אָפן נאָר 2 טעג אין וואָך און ווייניק באַוווסט אין שטאָט. יידן, אַלנפאַלס, זענען אַהין נישט אַריינגענומען געוואָרן.

די יידישע האַנטווערקער און קליינהענדלער פון אונדזער שטאָט האָבן זיך אין יענע שווערע יאָרן, נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער קריג, זייער גענויטיקט אין הילף. מערסטנס אין אַ ליי־קאַסע ווו זיי זאָלן קאָנען קריגן קליינע הלוואות, וועלכע זאָלן זיי דערמעגלעכן אָנצוגיין און ציען דאָס ביסל חיונה פאַר זייערע פרויען און קינדער.

סאַלאָמאָן כאַיט, דער באַוווסטער לויצקער אַדוואָקאַט, דער זון פון דעם דאַן פאַרשטאָרבענעם, געוועזענעם קאַזיאָנע־ראַבינער פון לויצקער באַצירק, אַ מענטש מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, האָט אונטערגענומען צו פּועלן ביי דער צאַרישער רעגירונג אַ דערלויבעניש פאַר אַ יידישער ליי־ און שפּאָר־קאַסע אין לויצק, בכדי צו קאָנען פאַרלייכטערן די נויט פון די האַנטווערקער און קליינהענדלער. ער האָט גלייך באַקומען די קאָאָפּעראַציע און מיטהילף פון אייניקע עסקנים אין שטאָט. נאָך אַ פּאָר יאָר שתדלנות און שווערע אָנשטרענגונגען האָט ער ענדלעך די דערלויבעניש געקריגן מיט אַ צוזאָג אויך וועגן טיילווייזער שטיצע פון דער מלוכהשער באַנק.

עס האָט זיך געפאָדערט אַ לאַנגע צייט דאָס איינצואָרדענען און צוגרייטן. קודם כל איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג, ראָט און רעווידיר־קאָמיסיע פון די אַלע עסקנים, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן סאַלאָמאָן כאַיטן דאָס צו דערגרייכן. עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ ווערביר־אַקציע פאַר מיטגלידער און ענדלעך האָט זיך די יידישע „ווטאָראָיע לוצקאָיע ססודאָ־סבערעגאַטעלנאָיע טאָוואַרישטשעסטוואָ" (די צווייטע לויצקער ליי־ און שפּאָר־קאַסע) אָפיציעל געעפנט אין קלמן גאָלדבערגס מויער, אויף דאָמיניקאַנסקאַיאַ, קעגנאיבער די בודקעס אויפן מאַרק־פּלאַץ.

מיטגלידער אָדער „פּיישטשיקעס" — ווי מען האָט זיי גערופן — וואָס האָבן איינגעצאָלט דעם 10־רובלדיקן פּיי, האָבן גלייך באַקומען אַלע פּריווילעגיעס, וואָס די ליי־ און שפּאָר־קאַסע האָט געקאָנט געבן. הלוואות זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון 25 ביז 200 רובל אויף אַ קליינעם פּראָצענט און קליינע וועכנטלעכע אויסצאָלונגען, אונטער צוויי חתימות, דעם לייערס און דעם גוט־זאָגערס אָדער זשיראַנטס. מיט דער צייט האָבן אויך אָנגעהויבן אַריינקומען שפּאָרונגען פון אַ סך וואָס פלעגן קלייבן געלט אויף אַ נדן, אָדער אויף אַנדערע צוועקן. די רעגירונג האָט אויך בייגעשטייערט איר צוגעזאָגטן חלק, און די ביז איצטיקע שווערע לאַגע פון די האַנטווערקער און קליינהענדלער האָט זיך גענומען פאַרגרינגערן און פאַרבעסערן.



אָנגעשטעלטע אין דער צווייטער ליי־און שפּאָר־קאַסע

דערביי איז אויך געווען דאָס געפיל, אַז יעדער איז אַ שותף פון דער זעלבסטהילף־אינסטיטוציע.

אין איינקלאַנג מיט די רעגולאַציעס פון רעגירונגס־געזעץ, פלעגט יעדעס יאָר אַראָפּקומען אַ רעוויזאָר פון דער מלוכהשער אָפּטיילונג אין ראָונע רעווידירן די ביכער, די אַרויסגעגעבענע הלוואות, אָפּשפּאָרונגען און אַלע אַנדערע טראַנזאַקציעס, וועלכע זענען אין פאַרלויף פון יאָר דורכגעפירט געוואָרן, און שטענדיק איז אַלץ געפונען געוואָרן אין פולער אָרדענונג.

אין טעאַטער „אָדעאָן" פלעגן אויך פאָרקומען די אַלגעמיינע יערלעכע פאַרזאַמלונגען, וואַלן פון באַאַמטע; עס פלעגן אָפּגעגעבן ווערן באַריכטן און געמאַכט ווערן פלענער פאַר דער צוקונפטיקער אַרבעט.

די קאַסע איז געווען טעטיק יעדן טאָג אויסער שבת, פון 10 פרי ביז 2 נ.מ. און פון 5 ביז 7 אָוונט. פרייטיק — פון 10 פרי ביז 2 נ.מ. יעדן דינסטיק אין אָוונט איז זיך צונויפגעקומען די פאַרוואַלטונג און די ראַט־באַאַמטע אויף צו באַשטעטיקן די אַפּליקאַציעס פאַר הלוואות, די ביטעס צו פאַרלענגערן דעם טערמין פאַר די יעניקע, וואָס האָבן פאַרפעלט צו מאַכן די צאָלונגען אין צייט. און אָט אויף אַזאַ אופן זענען די ברייטסטע שיכטן פון דער לויצקער יידישער באַפעלקערונג באַדינט געוואָרן מיט אַכטונג און איבערגעגעבנקייט פון די באַאַמטע און פון די אָנגעשטעלטע.

אָט זענען די נעמען פון די בויער און שעפער פון דער אינסטיטוציע — די צווייטע לויצקער ליי־ און שפּאָר־קאַסע — די איידעלע און גוטע מענטשן, פאַרטרעטער פון אַלע שיכטן, וואָס האָבן געווידמעט זיך, זייער צייט און ענערגיע, אָן שום שכר, נאָר לטובת הכלל: סאַלאָמאָן כאַיט, אברהם כיזש, יחיאל איינבינדער (אַ סטאָליער), ליפּא פינטשוק, אברהם לענדער, פנחס אסתרקעס (אַ מוליער), שמואל יצחק איסרסאָן, ד"ר איליא בראָנבערג, יוסף זשיטין, לאַזאַר דאַל, מרדכי דימענט, שלום לייב גאַרבאַזש, פייסי פוטער אָדער פייסי פויגל (שניידער) א. א.

אַלס אָנגעשטעלטע האָבן במשך די אַלע יאָרן געאַרבעט: קאַסירער — מ. קופּערמאַן (נאָך זיין טויט האָט זיין פרוי אים פאַרטראָטן), הויפּט־בוכהאַלטער און אָנפירער — יהודה יואל פייערשטיין, געהילפן — אברהם דיקשטיין, אַ זון פון דעם לערער משה דיקשטיין, אלתר באַרדאַטש (דער שרייבער פון די שורות) פייערשטיינס אַ קוזין, ביידע אייניקלעך פון דער באַרימטער לויצקער באָבע דבורה; יודל און דוד פוגאַטש פון ווולקע און בערל פינקלשטיין.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין זומער 1914 און מיטן דערנענטערן זיך פון רוסיש־עסטרייכישן פראָנט, איז דאָס לעבן געוואָרן אַלץ שווערער און קריטישער פון טאָג צו טאָג. אָט דער צושטאַנד האָט זיך אויך געמוזט אָפּרופן אויף די בענק אין שטאָט; עס איז אוממעגלעך געוואָרן איינצוקאַסירן די חובות און אויסצאָלן די אָפּשפּאָרונגען.

און ענדלעך, אין אָנהויב פון יאָר 1915, ווען די שטאָט האָט געהאַלטן ביים ווערן אָקופּירט דורך דער עסטרייכישער אַרמיי, האָבן זיך אַלע בענק, איינשליסלעך די לויצקער ליי־ און שפּאָר־קאַסע, צוגעמאַכט און אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

1960

יואל כאַראַק

# די „גמילת־חסד־כללי"־קאַסע

סוף יאָר 1931 האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון אַן עקאָנאָמישער ירידה. די קרעדיט־אינסטיטוציעס, אַרום וועלכע דער מיטלקלאַס האָט געפונען אין אַן עת־צרה אַן אָנהאַלט, האָבן זיך אַ וואַקל־געטאָן.



יואל כאַראַק

ס'האָט פאַר די אויגן אָנגעהויבן צו שוועבן דאָס געשפּענסט פון אַן עקאָנאָמישן קריזיס, וועלכער וועט אַרויסווייזן אַ טענדענץ זיך צו פאַרשאַרפן און פאַרשווערן די יידן זייער חיונה. מ'האָט זיך אָבער „געטרייסט", אַז זיין אָנקום וועט באַדייטן אַ ווייטערדיקע אָפּשוואַכונג פון דער שלעכט־סיטואירטער יידישער באַפעלקערונג. דאַקעגן וועט דער מיטלשטאַנד, דער ווייט־גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, זיך ווי ס'איז מיט די שוועריקייטן אַן עצה־געבן.

האָט מען דעריבער געגרינדעט די „גמילת־חסד־כללי"־קאַסע. געהייסן האָט עס: מען גרינדעט אַן אינסטיטוציע — נאָר הלואי מ'זאָל זי נישט דאַרפן!

אָבער דער קריזיס האָט זיך געשטאַרקט און געוואַקסן מיט אַ פיל גרעסערן טעמפּאָ ווי מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט.

מען האָט זיך דאַן נישט אַריינגעטראַכט וועגן אָרגאַניזירן אַ ברייטע און פּלאַנמעסיקע אַרבעט, בכדי זיך צוצוגרייטן אויף יעדער עווענטואַליטעט. צו דעם צוועק האָט מען געדאַרפט אַריינציען די פאַרמעגלעכע שיכטן, וועלכע זאָלן בייהילפיק זיין מיט מאַטעריעלער שטיצע. דאָס האָט געפאָדערט פיל צייט און ישוב־הדעת — און דער קריזיס, וועלכער האָט שוין געהערשט אויף דער יידישער גאַס, האָט דערויף נישט דערלויבט. מיט אַ סומע פון זעקס הונדערט און פינף און צוואַנציק זלאָטעס האָט מען געעפנט די גמילת־חסד־קאַסע.

מען האָט אָנגעהויבן די אַרבעט אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב.

די צייט אָבער האָט אויפגעצווונגען אויפן יידישן קיבוץ אין לויצק אַזאַ לאַגע, אַז די ג.ח.ק. האָט זיך געמוזט אַנטוויקלען.

✶

אין משך פון איר עקזיסטענץ איז די קאַסע אַדורכגעגאַנגען דריי פעריאָדן. אין דער ערשטער צייט האָט זי דערטיילט קליינע, נישט־פולע און נישט־אָרגאַניזירטע הילף. דאָס איז געווען אַזאַ מין הצלה פורתא, פון וועלכער זייער ווייניק יידן האָבן געקאָנט געניסן. מ׳האָט זיך געמוזט באַגנוגענען מיט אַרויסגעבן הלוואות פון גאַנץ באַשיידענע סומעס.

אין דער באַריכטס־טעטיקייט פון ערשטן יאָר פיגורירט אַ הלוואה אין דער גרויס פון 5 זלאָטעס. דאָס איז געווען אַן



די אָנפירונג פון דער גמ״ח־קאַסע

עס זיצן פון רעכטס: שירזשיק, באַק, עלקין, כיזש, הרב סאָראָטשקין, דימענט, גאָלדבערג, כאַראַק. עס שטייען: י. סימא, האָפמאַן, געכט, שאַכניוק, פיינטוך, ראַנע, בורשטיין, גאָלדפאַרב, דער שמש פון הרב סאָראָטשקין.

אמתער ציפער! ווען אין אַ צייט אַרום איז דער רעווידענט געקומען לוסטרירן די ביכער פון דער געזעלשאַפט און האָט, כלאחר יד, איבערלויפנדיק די סטאַטיסטיק פון די אַרויסגעגעבענע הלוואות, ווידער באַמערקט די דערמאָנטע ציפער, האָט ער דערויף געקוקט מיט פאַרווונדערונג. ער האָט נישט געקאָנט תופס זיין, אַז אַזעלכע סומעס דאַרפן עס דעצידירן וועגן פאַרבעסערן, אָדער פאַרערגערן דעם מאַטעריעלן צושטאַנד פון פעטענט. דער שרייבער פון די שורות האָט אים דאַן אויפגעקלערט: וואָס קלענער די ציפער — אַלץ גרעסער די חשיבות פון דער אַרויסגעגעבענער הלוואה. דאָס פאַרשטייט אויך די יידישע באַפעלקערונג פון לויצק.

שפּעטער איז געקומען די צווייטע שטופּע פון דער טעטיקייט. מ׳האָט געמוזט אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיטן אַמעריקאַנער „דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטעט” און אויך מיט די אַמעריקאַנער לויצקער לאַנדסמאַנשאַפטן.

דאָס איז געווען אַ נויטווענדיקייט, ווייל די נויט, וואָס איז אַנטשטאַנען צוליבן קריזיס, איז וואָס אַמאָל געוואָרן גרעסער און גרעסער. פריער האָט מען אויף די פאַרוואַלטונגס־זיצונגען דיסקוטירט צי די לווים מוזן דורכאויס זיין מיטגלידער צי נישט — איצט האָט מען שוין דיסקוטירט וועגן דעם צי ג״ח מיטגלידער מעגן ווערן לווים אין קאַסע, צי נישט... פון צייט צו צייט פליסט איין אַ ביטע פון אַזאַ יידן, צו וועלכן מ׳האָט נאָרוואָס געקלערט זיך ווענדן, אַלס צו אַ פאַרמעגלעכן סוחר, וועגן געבן שטיצע דער גמ״ח־קאַסע...

די דריטע סטאַדיע פון דער קאַסע־טעטיקייט איז דאַן, ווען זי האָט אויך זיך געמוזט נעמען אַזעלכע אויפגאַבן, וועלכע גרענעצן זיך מיט פּאָליטישע — אין אַ מאָמענט, ווען אין רעזולטאַט פון פּאָליטישע צעטרייסלונגען ווערן יידן אַלץ מער צוגעדריקט צו דער וואַנט און זיי פאַרלירן מאַטעריעל דעם באָדן אונטער די פיס. די גמ״ח־באַוועגונג אין לויצק, ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, מוז נעמען אויף זיך אייניקע פּאָליטישע פונקציעס. די אויפגאַבע איז אַ דאָפּלטע: פון איין זייט טאָר מען נישט צולאָזן צו אַזאַ סיטואַציע, אַז מענטשן זאָלן אַזוי פאַלן, אַז זיי זאָלן זיין געצוווּנגען אָנצוקומען צו בעטל־ברויט; פון דער צווייטער זייט, דאַרף מען אויספילן אַן ערשטקלאַסיקע יידיש־נאַציאָנאַלע מיסיע, אין אָנבליק פון דער פאַרשטאַרקטער אַנטיסעמיטישער כוואַליע.

✶

די גמילת־חסד־קאַסע ווערט דער שטיצפּונקט פאַרן אָרעמען בעל־מלאכה אין דער אָנשפּאַר פאַרן קליינהענדלער, קרעמער און סאַדאָווניק.

לאָמיר ברענגען אייניקע ביישפּילן. דער שוסטער, נעמענדיק אין גמ״ח־קאַסע אַ הלוואה נישט מער אַפילו ווי 50 זלאָטעס, רעכנט זיך, לויט זיינע באַגריפן, גליקלעך דערמיט, וואָס מיט אַ מזומענעם 50־קער קאָן ער קומען צום לעדער־סוחר מיט אַ דרייסטער פּנים. דער קרעמער פון זיין זייט קרעדיטירט אים פיל מער ווי ער באַקומט פון שוסטער במזומנים. און אַזוי אַרום קויפט זיך דער בעל־מלאכה איין זיין ביסל סחורה און ער קאָן דערנאָך אַרבעטן מיט אַ רויקן קאָפּ און ווי־נישט־איז אויסאַרבעטן זיין פּרנסה פאַר דער וואָך.

אַ יידישער סטראַגאַניאַזש קויפט זיך איין, מיט דער באַקומענער הלוואה, זיין ביסל סחורה ביים הורטאָווניק מיטוואָך, בכדי דאָנערשטיק צום יריד קאָנען לייזן און פאַרדינען אויף פּרנסה.

אַ ייד אַ סאַדאָווניק נעמט איינמאָל אין יאָר אַ גרעסערע הלוואה. אַלס פאַכמאַן אין הלכות סעדער און מיט אַ ביסל מזומן געלט, ווערט ער בכבוד אַריינגענומען אַלס אַ שותף צו אַ פאַרמעגלעכערן ייד, וועלכער דינגט אָפּ סעדער אַרום לויצק.

פאַרשטענדלעך, אַז די קאַסע איז נישט אַזוי פּאָפּולער צווישן יידן־גבירים אין לויצק. זיי דאַרפן דאָך צו איר נישט אָנקומען... דאַקעגן איז זי שטאַרק פּאָפּולער ביים פּשוטן עולם. דווקא צווישן אָט די פּשוטע מענטשן איז די דאָזיקע אינסטיטוציע פּאָפּולער.

אונדזער אינסטיטוציע, ווי שוואַך פינאַנסיעל זי איז נישט, נאָר דאָך האָט זי, אָן דער מיטהילף פון אונדזערע גבירים, און מיט קליינע און באַשיידענע מיטלען אַרויסגעגעבן אין משך פון אירע מאָגערע זיבן יאָר קרוב צען טויזנט הלוואות אויף אַ סומע פון אַ קאַרגן האַלבן מיליאָן זלאָטעס.

די צאָל יידן, וועלכע האָט גענאָסן פון די הלוואות, דערגייט ביז אַ ציפער פון פופציק טויזנט יידישע נפשות!

די באַציונג צום לווה איז נישט ווי צו אַ געפאַלענעם נצרך, צו עפּעס אַ קליין מינדערווערטיק באַשעפעניש. אויף

ווי ווייט אונדזערע באַשיידענע מיטלען דערלויבן, ווענדן מיר אָן אונדזער איבערצייגונגס־קראַפט און זענען משפּיע אויף דעם, אָדער יענעם, אַז ער זאָל זיך דערוועגן און יאָ נעמען אַ הלוואה. און ווי באַוווּסט זענען פאַראַן פיל יידן, וואָס זענען נישט לאַנג געווען אויף אַ גוטער מאַטעריעלער מדרגה, אָבער זיי זענען מיט דער צייט פאַראָרעמט געוואָרן. קאָנען זיי זיך נישט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז זיי מוזן זיך באַשליסן נעמען אַ הלוואה, וועלכע וועט זיי אַ קאַפּעטשקע אַרויסהעלפן אין זייער געדריקטער מאַטעריעלער לאַגע.

דער לווה פילט די באַציונג צו אים. ער קומט אַריין אין לאָקאַל פון דער גמילת־חסד־קאַסע, ווי צו אייגענע, צו ברידער, וועלכע טוען פאַר אים אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך.

צוליב דער דאָזיקער פּרוכטבאַרער טעטיקייט פון דער קאַסע, זענען די נישט־יידן, וועלכע האָבן זיך מיט איר באַקאַנט, אַריין אין גרויסער התפעלות. זיי האָבן ערשט דאַן אָנגעהויבן פאַרשטיין אונדזער ספּעציפישע לאַגע און די גרויסע הילף, וועלכע מיר דערטיילן די נויטבאַדערפטיקע.

צוריק מיט 4־5 יאָר האָט דער גלח אַנטאָני יאַגלאָנסקי פאַרעפנטלעכט אַן אינטערעסאַנט ווערק, געדרוקט אין דער לויצקער ביסקופּן־קוריער — געווידמעט דער געזעלשאַפטלעכער אויפזיכט (אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ) אין לויצק. אינעם דאָזיקן בוך ווידמעט דער מחבר דער גמ״ח־קאַסע עטלעכע וואַרעמע ווערטער, פון וועלכע ס׳איז צו זען, אַז ער איז גוט תופס דעם זין און די אויפגאַבן פון אונדזער אינסטיטוציע, ווייל זי דערלאָזט נישט, אַז אַ גרויסע צאָל מענטשן זאָלן מוזן אָנקומען צו דער סאָציאַלער הילף. אַזאַ עדות־זאָגן פון אַן איינפלוסרייכער פּוילישער פּערזענלעכקייט איז זייער און זייער כאַראַקטעריסטיש.

✶

דער עצם אינהאַלט פון דער קאַסע באַשטייט דערין, וואָס ער איז מקרב איין ייד צום צווייטן און פאַרבינדט זיי מיט אַן אויסערגעוויינלעכן אחדות־געפיל, וואָס איז געמיינזאַם פאַרן טוער, לווה א.א.

די קאַסע האָט דערצויגן דעם עסקן, וועלכער האָט תופס געווען, אַז ס׳עקזיסטירט אויסערן אייגענעם „איך", נאָך אַ נפש מישראל, וואָס איז אַ טייל פונעם אייגענעם יידישן ציבור, פאַר וועלכן דער עסקן דאַרף דאָך טאָן. פּונקט אַזוי פילט דער לווה זיין באַדייטונג. ער קומט נישט הכנעהדיק, ווי אַ קלענערער צום גרעסערן. ער קומט ווי ס׳קומט אַ ברודער צו אַ ברודער.

וועלכער האָט גראָד מער מעגלעכקייטן און בעסערע געלעגנהייטן אים צו העלפן אין אַן עת־צרה.

ס׳איז מערקווירדיק, אַז די טוער פון דער גמ״ח־קאַסע פילן נישט איינמאָל אַ סאַטיספאַקציע, ווען זיי ווערן געוויר, אַז דער „דזשאָינט" האָט באַשטימט אַ געוויסע סומע פאַר דער גמ״ח־קאַסע פון אַן אַנדערער שטאָט — לאָמיר זאָגן: ראָוונע, אָדער קאָוועל. פאַר זיי, פאַר די גמ״ח־טוער, עקזיסטירט נישט קיין לאָקאַלער ענין, נאָר אַן אַלגעמיין־יידישער ענין, וועלכער איז נוגע דעם כלל ישראל.

✶

די טעטיקייט און דער עצם ענין גמילת־חסד־כללי — האָט אונדז פאַרשאַפט כבוד און אָנזען ביי דער נישט־יידישער עפנטלעכקייט. אויך די רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן אָפיציעל אָנערקענט די ניצלעכקייט פון דער אינסטיטוציע. זיי האָבן דאָס געטאָן אין דער פאָרם פון אַ געוויסער סובווענץ, הגם נישט קיין גרויסע, אָבער דאָס איז דאָך געווען אַ געוויסער זשעסט, וואָס האָט געזאָלט הייסן, אַז אויך זיי ווייזן אַרויס אַ פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער ענין. פון צייט צו צייט באַקומען מיר פון דער רעגירונגס־אינסטיטוציע צ. ב. ק. אַ פאָר הונדערט זלאָטעס. מיר באַקומען פון דער מלוכה־באַנק פאַר לאַנדווירטשאַפט גרעסערע דיסקאָנטעס אויף אַ קורצן טערמין.

אין די רעגירונגס־קרייזן איז אונדזער אינסטיטוציע באַוווּסט אונטערן העברעישן נאָמען. און אַ פאַקט איז דאָך, אַז נישט איינמאָל טרעפט מען זיך מיט אַן ענטפער פון פּוילישן פינאַנס־מיניסטער: „גמילת־חסד — טאָ יוזש איננאַ זשעטש" — גמ״ח דאָס איז שוין אַן אַנדערער ענין! דערויף האָט מען שוין געפונען געלט אין דער רעגירונגס־קאַסע!

אַפילו דער אָנפאַל פון דער „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ" בעתן איינאָרדענען דעם גמילת־חסד־חודש אין גאַנץ פּוילן אין יאָר 1933, איז אויך פאַר יידן געווען אַ מאָראַלישער געווינס, ווייל ער האָט פאַר דער פּוילישער עפנטלעכקייט אַנטפּלעקט, וואָס פאַר אַ שיינע אָרגאַניזאַציעס מיר האָבן אויפגעשטעלט מיטן ציל אויפצוהאַלטן אונדזערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דאָס האָט אונדז צוגעגעבן פיל כבוד.

פּונקט ווי סוף יאָר 1931 האָבן מיר נישט געקאָנט פאָרויסזען אויף וואָס פאַר אַ וועגן די קאַסע וועט דאַרפן גיין און ווי אַזוי זי וועט זיך מוזן פאַרוואַנדלען אין אַ שטיצפּונקט פאַרן כלל־ישראל — אַזוי קאָנען מיר אויך איצט נישט וויסן, וואָס פאַר אַן אויפגאַבן ס׳דערוואַרטן אונדז אין דער צוקונפט.

לויצק, 1938

# באַריכט

## פון דער געזעלשאַפט „גמילת־חסד־כללי" אין לויצק

געגרינדעט אין יאָר 1931 דורך אַ גרופּע עסקנים מיטן הרב ז. סאַראַטשקין אין דער שפּיץ. באַשטעטיקט דורכן וואָלינער וואָיע־וואָדישן אַמט. אָנגעשלאָסן אין אַמעריקאַנער „דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטע" אין פּוילן. מיטגליד פון דער צענטראַלע פון די קאַסעס פאַר אָנפּראָצענטיקע הלוואות „צעקאַבע" אין פּוילן.

גיט אַרויס אָנפּראָצענטיקע הלוואות אויף קאָנסטרוקטיווע צוועקן ביז הונדערט זל. אויף אַ מאָל, אויסצוצאָלן אין 10 וועכנטלעכע ראַטעס, יעדן זונטיק.

גיט אַרויס אָנפּראָצענטיקע הלוואות אויף קאָנסטרוקטיווע צוועקן פון אַמעריקע א. א.

עס געניסן פון הלוואות קרוב פינפהונדערט יידישע פאַמיליעס, פון זיי 60% בעלי־מלאכות און אַרבעטס־מענטשן, 40% קליינהענדלער א. א. פון מיטלשטאַנד־קלאַס.

פאַר דער צייט פון אָנהויב 1932 ביז ענדע 1938 איז צעטיילט געוואָרן הלוואות 9318 (אַן ערך 50000 נפשות), אויף אַ סומע פון 445.000 זל.

אין משך פון דער אָפּגעפלאָסענער צייט איז די קאַסע געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט די לויצקער לאַנדסמאַנשאַפטן אין פאָלגנדיקע שטעט: ניו־יאָרק, אַלבינע, באַלטימאָר, וואַשינגטאָן, טשיקאַגאָ, ווינּיפּעג א. א.

אין דער פאַרוואַלטונג געפינען זיך:

הרב זלמן סאַראַטשקין שליט"א (פּרעזעס), קלמן גאָלדבערג און אהרן צוויטמאַן (וויצע־פּרעזעסן), יואל כאַראַק (סעקרעטאַר), אהרן פּאַדאַראָווסקי (וויצע־סעקרעטאַר)י נחמיה גאָלדבערג (קאַסיר), און אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: אליעזר בערגער, דירעקטאָר אברהם האָפמאַן, דירעקטאָר מאיר באָק, יעקב סימא, אשר פּאַציאָרניק, גרשון מירסקי, אברהם לאַנדסבערג, שמואל מעש, יצחק דימאַנט, נפתל קאַמינסקי, יידל יוכט און נחום גאָלדוואָג.

אין דער רעווידיר־קאָמיסיע:

אליעזר בורשטיין, בעריש גאָלדפעדער, משה העכט, יחיאל איינבינדער און מענדל ליבערמאַן.

### קאַסע־באַריכט פון דער גמילת־חסד־קאַסע אין לויצק

פונעם 1־טן אַפּריל ביזן 31־טן דעצעמבער יאָר 1938

| הוצאה | הכנסה | קאָנטאָ |
|---|---|---|
| 462.12 | 277.50 | קאַסע |
| 1625 | 3428.00 | דזשאָינט און צעקאַבע |
| 5420 | 5478 | פקדונות און א. קרעדיט |
| | 1308.32 | איינפלוסן פון שטאַט |
| | 237.78 | „ פון אַמעריק. לאַנדס. |
| 85.542 | 82.837.62 | „ פון הלוואות |
| 518.10 | | הוצאות |
| 93.567.22 | 93.567.22 | צוזאַמען |

### בילאַנס צום 31־טן דעצעמבער 1938 יאָר

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1528 | — דזשאָינט און צעקאַבע | 462.12 | — קאַסע |
| 1528 | — פקדונות א. א. קרעדיטן | 19.580.26 | — ביי לווים |
| 10.986.38 | — אייגענער קאַפּיטאַל | | |
| 20.042.38 | | 20.042.38 | |

ש. וואַרקאָוויצקי

# יידישע קרעדיט־קאָאָפּעראַציון



ש. וואַרקאָוויצקי

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט לויצק פאַרמאָגט צוויי שטאַרקע יידישע קרעדיט־קאָאָפּעראַציון. דאָס זענען געווען: די לויצקער ליי־ און שפּאָר־קאַסע און די לויצקער קאָמערציעלע געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט.

די ערשטע האָט באַדינט די ברייטסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, בעיקר — האַנטווערקער און קליינהענדלער. זי האָט געהאַט די אונטערשטיצונג פון ייק"א, באַזונדערס האָט זי זיך אָבער באַזירט אויף אייגענע קאַפּיטאַלן און פּאַיען. כמעט אַלע קרעדיט־פאָדערונגען פלעגן באַפרידיקט ווערן, חוץ דעם האָט די קאַסע שטענדיק געהאַט אַ גרויסן רעזערוו אין דער מלוכהשער באַנק.

די לויצקער קאָמערציעלע געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט האָט באַדינט די סוחרים. אויך די קרעדיט־פאָדערונגען פון די סוחרים זענען באַפרידיקט געוואָרן דערפאַר, וואָס דאַן האָט עקזיסטירט אַ באַנק־קלירינג און מ'האָט דורך אַלע בענק אין לאַנד געקאָנט דורכפירן גרויסע איבערווייזונגס־אָפּעראַציעס אויף קרעדיט. די באַנק האָט אויך פאַרמאָגט אַן אייגענעם אָנזעעוודיקן קאַפּיטאַל און באַדייטנדיקע פּאַיען.

בעת דעם מלחמה־שטורעם זענען ביידע אינסטיטוציעס עוואַקוירט געוואָרן און פאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן. צוליב דעם מאָראַטאָריום האָבן זיי נישט געקאָנט אָפּנעמען זייערע חובות, אויסצאָלן די דעפּאָזיטן א. א. וו.

אין 1921 יאָר, ווען דער „דזשאָינט" האָט אָנגעהויבן זיין הילפס־טעטיקייט אויפן געביט פון קרעדיט־קאָאָפּעראַציע, האָט

Nr.

לײ און שפּאָר געזעלשאַפט אין לוצק

קאָאָפּעראַטיװ מיט באַגרענעצטער פאַראַנטװאָרטלעכקײט

ה׳ ...........................................

מיר בײטן אַרײנטראָגן דעם װעקסל ......... זל. ......... גר., װעלכער איז צאָל־

באַר דעם ......... אין געגענפאַל װעלן מיר זײַן געצװאונגען

אײַנצומאָנען דאָס גאַנצע געלט פון דעם װעקסל פאַר דעם טערמין און אײַער קרעדיט װעט

פאַרמאַכט װערן אויף אַ לענגערע צײַט.

די פאַרװאַלטונג.

זיך אין לויצק צונויפגענומען אַ גרופּע געזעלשאַפטלעכע טוערס און געגרינדעט די פאָלקס־באַנק. די ערשטע עטלעכע הינדערט מאַרק האָט אויסגעליען אברהם קלימבירד. פאַר דעם געלט האָט מען געקויפט עטלעכע טישן, טאַבורעטן, ביוראָ־מאַטעריאַלן און מ׳האָט אָנגעהויבן פירן אַ באַנק. מ׳איז אַרויסגעגאַנגען אין שטאָט „שאַפן” מיטגלידער און פאַי־קאַפּיטאַל. די באַנק האָט וויזיטירט דער דירעקטאָר פון „דזשאָינט”, שאאן, און געגעבן די ערשטע הלוואה. די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָבן געאַרבעט מיט ברען; מ׳האָט געשטיצט די באַנק מיט וואָס נאָר מעגלעך. ווען ס׳האָט אויסגעפעלט געלט, פלעג איך זיך ווענדן צום דעמאָלטדיקן פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג, לאַזאַר דאַל. (ער האָט אַמטירט אין ביוראָ פון עלעקטראָווניע) און שטענדיק האָט ער אַנטקעגנגעטראָגן די נויטיקע סומע. די באַנק איז שיין געוואַקסן און אויסגעברייטערט איר טעטיקייט. אין יאָר 1923 איז זי געשטערט געוואָרן אין איר טעטיקייט דורך דער דעוואַלואַציע פון מאַרק. מ׳האָט זיך אָבער שנעל אויסגעגלייכט און פון דאַן אָן האָט די באַנק ווידער זיך אַנטוויקלט און געבראַכט פיל נוצן אירע מיטגלידער.

אין צווישנצייט האָט אַ גרופּע סוחרים זיך אָפּגעטיילט און געגרינדעט אַ באַזונדערע באַנק, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ שנעלן טעמפּאָ צוליב דער אַלגעמיינער גינסטיקער קאָניונקטור און אונטערשטיצונג פון די סוחרים.

ביידע בענק האָבן געהערט צום וואַרשעווער רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד.

אין יאָר 1927 זענען געשאַפן געוואָרן: די וואָלינער אויפבוי־באַנק אין די צענטראַלע לײַ־באַנק, וואָס מיט דער צייט זענען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרויסע אינסטיטוציעס מיט באַדייטנדיקע קאַפּיטאַלן. די אויפבוי־באַנק אַליין האָט געהאַט העכער אַ מיליאָן זלאָטעס דעפּאָזיטן און איבער 150.000 זל. אייגענעם קאַפּיטאַל. די באַוועגונג איז דאָרט געווען אַזוי גרויס, אַז מ׳פלעגט זי רופן „קאַזאַטינער וואָקזאַל”. די באַנק האָט דורכ־געפירט גרויסע געלט־אָפּעראַציעס און די יערלעכע אומזאַצן האָבן דערגרייכט צענדליקער מיליאָנען זלאָטעס.

אין יענער צייט האָט אויך געאַרבעט אין אַ באַדייטנדיקן פאַרנעם די באַנק קרעדיטאָוואָ־טאָוואַראָווי, וואָס האָט געהאַט אַ רעדיסקאָנטאָ־קרעדיט אויף פראַכטן אין באַנק גאָספּאָדאַרסטוואַ קראַיאָוועגאָ, אָפּטיילונג אין לויצק.

אין יאָר 1930, אונטערן דרוק פונעם עקאָנאָמישן קריזיס, האָבן זיך אַלע אויבנדערמאָנטע קאָאָפּעראַטיוון איינגעבראָכן.

אויף די חורבות פון די בענק זענען אַנטשטאַנען די „באַנק אידזשאַלאָווי” און דערנאָך — די „באַנק פּאָושעכני”. נאָך איניקע יאָר אַרבעט פון אַ קלענערער באַדייטונג זענען זיי שטיל און אומבאַמערקבאַר פאַרשוווּנדן.

אין יאָר 1932 איז געגרינדעט געוואָרן די „באַנק גאָספּאָ־דאַרטשי”, וועלכער ס׳האָט זיך איינגעגעבן, אונטער דער שטרענ־גער און ענערגישער פירונג פון ה׳ א. האָפמאַן, צו שאַפן אַ באַדייטנדיקן אייגענעם קאַפּיטאַל, אָרגאַניזירן אַ מיטגלידער־שאַפט אין פעסט אַריינוואַקסן אינעם לויצקער באָדן, ברענגענדיק די מיטגלידער גרויסע נוצן.

אין 1934 יאָר איז געשאַפן געוואָרן די קאָאָפּעראַטיווע באַנק־געזעלשאַפט אונטער דער אָנפירונג פון וואַרקאָוויצקי. די באַנק ציילט ביי אַ הונדערט מיטגלידער. זי האָט באַקומען אַ נאָמען און ציטרוי אַ דאַנק איר ראַיעלן דערליידיקן אינקאַסעס. די באַנק האָט אַן איינגעפירטע קליענטעלע, גיט אַרויס הלוואות, אָבער איר אייגענער קאַפּיטאַל און די אָפּעראַציעס זענען באַדייטנדיק קלענער פון דער באַנק גאָספּאָדאַרטשי.

לויצק, 1938

Do Udziałowców b. Banku Ludowego w Łucku.

Komitet Obrony Praw Udziałowców b. Banku Ludowego w Łucku wzywa wszystkich Udziałowców do przybycia na

WALNE ZGROMADZENIE

mające się odbyć

15 maja 1932 r. o godz. 5 wiecz.

w sali GMINY ŻYDOWSKIEJ

WOBEC DONIOSŁOŚCI SPRAWY PROSIMY O PUNKTUALNE i LICZNE PRZYBYCIE.

צו די פּײַשטשיקעס פון דער געװ.

באַנק לידאָװי אין לוצק.

דער קאָמיטעט צו פאַרטײדיקן די פּײַשטשיקעס פון דער געװ. באַנק לידאָװי אין לוצק רופט אַלע פּײַשטשיקעס אויף דער

אַלגעמײנער

פאַרזאַמלונג

אין זאַל פון דער קהלה.

געפינען צו קומען פּונקטלעך.

# די געזעלשאַפט „אָרט"

די „אָרט"־געזעלשאַפט פירט אָן מיט אַ וויכטיקער אַרבעט. זי באַמיט זיך צו ענדערן די פאַרקריפּלטע סטרוקטור פון די יידן אויף זייערע איצטיקע וווין־ערטער; זי שולט אויס פאַד־קאַדרען, וואָס זאָלן זיין, ווי געהעריק, צוגעגרייט צום לעבן; זי אָרגאַניזירט האַנטווערקער־וואַרשטאַטן און פאַרשידענע לאַנד־ווירטשאַפטס־אָביעקטן, ווו די יוגנט ווערט צוגעגרייט צו אַ פּראָדוקטיוו לעבן. די געזעלשאַפט פאַרמאָגט אייגענע געביידעס און וואַרשטאַטן אין כמעט אַלע שטעט פון וואָלין, ווו ס'ווערט אָנגעפירט מיט אַ גרויסער קאָנסטרוקטיווער טעטי־קייט, ביי דער מיטהילף און שטאַרקער פאַראינטערעסירונג מצד דער גאַנצער באַוווסטזיניקער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

יאָר־יערלעך, ערב די זומער־פעריען, קומען טאַקע קיין לויצק, ווו ס'געפינט זיך דאָס זיצאָרט פון דער האַנטווערקער־קאַמער, צענדליקער אַבסאָלווענטן פון די „אָרט"־שולן, בכדי דאָ צו באַלייגן זייערע עקזאַמענס און באַקומען געהעריקע דיפּלאָמען.

בלויז אין לויצק, ווו ס'געפינט זיך דאָס **זיצאָרט פון דער** האַנטווערקער־קאַמער און עקזאַמיניר־קאָמיסיע, האָט דער גורל געוואָלט, אַז ס'זאָל זיך, בשום אופן, נישט קאָנען פאַרוואָרצלען קיין געזעלשאַפט „אָרט" און ס'זאָל נישט געגעבן ווערן קיין פאַד־דערציונג.

די לעצטע פּאָר יאָר האָבן מענטשן זיך גענומען צום ענין און פּרובירט אויפלעבן דעם „אָרט", אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות, וועגן וועלכע מיר וועלן דאָ נישט רעדן, האָט זיך ווידער אַלץ אָנגעשלאָגן אין אַ וואַנט פון שטרויכלונגען און כל מיני מניעות, וועלכע ס'איז שווער געווען צו באַקעמפן.

לויט אַ ספּעציעלן באַשלוס פון דער לויצקער יידישער קהילה, ביי דער מיטווירקונג פון איר פּרעזעס ה. פרישבערג און אויך הרב סאָראָטשקין, איז די קהילה־געביידע אָפּגעגעבן געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון דער פאַד־שול. סאָראָטשקין האָט אויך אויסגעפּועלט ביי דער „אָרט"־צענטראַלע, אַז זי זאָל זיך אויך באַשטייערן און דערפירן צו דער שנעלער עפענונג פון דער געפּלאַנטער פאַד־שול. די צענטראַלע האָט צוגעזאָגט אַלץ צו טאָן און דעלעגירט אירס אַ דעלעגאַט, דעם אינזשיניער ב:כווייץ, ער זאָל באַטראַכטן די געביידע און פעסטשטעלן, צי זי טויג פאַרן געפּלאַנטן ציל. אינזשיניער בוכווייץ האָט טאַקע פעסטגעשטעלט, אַז נאָך אַן אַנטשפּרעכנדיקן רעמאָנט וועט די געביידע זיין ווי צוגעפּאַסט פאַר דער שול.

די צענטראַלע פון איר זייט טוט אַלץ בכדי צוצויאָגן די רעאַליזאַציע פון אונדזער פּלאַן. ס'זענען שוין צוגעגרייט געוואָרן די נויטיקע פּלענער, צייכענונגען און קאָסט־אויסרעכענונגען; ס'זענען שוין אַדורכגעפירט געוואָרן די נויטיקע קאָנפערענצן און אינטערווענצן, און ס'איז צו האָפן, אַז ענדלעך איצט, נאָך אַלע גילגולים, וועט די אידעע וועגן „אָרט" ווערן רעאַליזירט.

אויסער דעם עיקר־פּראָיעקט פון דער פאַד־שול, פירט די פאַרוואַלטונג מיט ד"ר איזידאָר קראָנשטיין און דירעקטאָר ב. גרייצער בראש, אויך אָן א.ג. קליין־אַרבעט. זיי האָבן ווערבירט 169 מיטגלידער. דאָס זענען מענטשן, וועלכע האָבן אַ וואַרעמען אינטערעס פאַר דער „אָרט"־אַרבעט. ס'עקזיסטירט שוין אַ קאַנצעלאַריע און ס'ווערן געמאַכט אַלע צוגרייטונגס־אַרבעטן, בכדי דערווייל צו עפענען אייניקע פאַד־קורסן.

1938

ב—ן

ד"ר אסתרביילין / לאָס אַנגעלעס

# די געזעלשאַפט „טאַז" אין לויצק

קודם כל דאַרף מען אויפקלערן דעם טעטיקייט־כאַראַקטער פון „טאָז" אין פּוילן. די אַרבעט פון „טאָז" (ראשי תיבות פון — Towarzystwo Ochrony Zdrowia Ludności Żydowskiej געז. צו שיצן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג) איז באַשטאַנען, פאַר אַלעמען, אין אויפהייבן דעם היגיענישן צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יענע געביטן, ווו די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וועלכע זענען תמיד געגאַנגען צוזאַמען מיט שרעקלעכער וווינונגס־באַדינגונגען, זענען געווען אונטער יעדער קריטיק.

ווען די געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרן איז איר נאָמען געווען „אָזע" — אין רוסיש האָט עס די זעלבע באַדייטונג וואָס „טאָז" אויף פּויליש. די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט האָט פאַקטיש זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד, ווו די יידן, מייסטנס אומפאַרמעגלעכע, האָבן געוווינט אין די שטעטלעך און נישט־גרויסע שטעט, ווו מען האָט נאָך אַפילו נישט געחלומט וועגן וואַסער־לייטונג און קאַנאַליזאַציע.

אין רוסלאַנד איז די שטערבלעכקייט צווישן יידישע קינדער געווען אויסערגעוויינלעך הויך. יידישע קינדער האָבן, פונקט ווי זייערע עלטערן, זיך דערנערט זייער שלעכט. (די הויפּט־מאכלים זענען געווען הערינג און קאַרטאָפל). אין רעזולטאַט דערפון איז דער טובערקולאָז געווען זייער פאַרשפּרייט. טאַקע אויף דער שרעקלעכער קראַנקייט איז געוואָרן געווענדט די אויפמערקזאַמקייט, און אַ גרופּע אינטעליגענץ, מייסטנס דאָקטוירים, האָבן זיך פאַרזאַמלט אין פּעטערבורג ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה כדי זוכן מיטלען ווי אַזוי זיך קעגנצושטעלן דאָס פאַרשפּרייטן זיך פון די קראַנקייטן צווישן קינדער

און דערוואַקסענע; ווי אַזוי צו שאַפן אַן אויפזיכט איבער די, וועלכע קאָנען זיך אַליין קיין עצה נישט געבן.

אין פוילן האָט „טאָז" אָנגעהויבן זיין טעטיקייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען ס'האָבן זיך געענדיקט די קריגס־אָפעראַציעס אין קאָנגרעס־פוילן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די סיטואַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אין יעדן הינזיכט אַן אומדערטרעגלעכע. נישט בלויז דער לומפנפראָלעטאַריאַט, נאָר אַפילו די האַנטווערקער, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה גאַנץ פיין זיך מפרנס געווען פון זייער אַרבעט, זענען אויך געווען עקאָנאָמיש רויגירט, אויך אין זייערע שטובן האָבן געהערשט נויט און פאַרשידענע קראַנקייטן.



קינדער אין לויצקער „טאָז"

דער הונגער צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט דערפירט צו דעם, אַז דער „דזשאָינט" איז געווען געצוווּנגען צו שאַפן איבער גאַנץ פוילן הונדערטער קיכן פאַר קינדער און דערוואַקסענע.

אויף אַ שרעקלעכן אופן האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפרייטן טובערקולאָז. מיר האָבן נישט קיין גענויע ציפערן וועגן יענער תקופה (אַלע סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן זענען פאַרפאַלן געוואָרן), אָבער מיר ווייסן, אַז פון שווינדזוכט און טיפוס זענען אין די ערשטע פינף יאָר געשטאָרבן מער מענטשן ווי פון די קריגס־אָפעראַציעס אין די יאָרן 18—1914.

אין יענע טעג איז די געזעלשאַפט געבליבן שטיין פאַרן פאַקט, אַז עס איז אוממעגלעך זיך צו באַגיין אָן דער ראַדיקאַלער הילף פון אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָל פירן אַ פראָפילאַקטישע אַרבעט. אַזאַ אינסטיטוציע איז געווען „טאָז".

ווי איך האָב שוין געזאָגט האָט „טאָז" געהאַט פאַר אַ ציל נישט צו העלפן מיט נדבות, אַפילו נישט (פון אָנהייב) מיט היילונג, נאָר צו פאַרהיטן פון קראַנקייטן: אַרויסשיקן די קינדער, וועלכע זענען באַדראָט פון טובערקולאָז, אין ספּעציעלע אַנשטאַלטן, דערנערן זיי ווי געהעריק, האַלטן זיי אין היגיענישע באַדינגונגען, איינפלאַנצן אין די קינדער באַגריפן וועגן היגיענע, געבן זיי זון א. אַז. וו. די קינדער אין פאָרשול־עלטער איזאָלירן פון זייערע פאַרזאָרגטע עלטערן כאָטש אויף אַ פּאָר שעה אין טאָג, אַוועקנעמען זיי פון שמוץ און פון הונגער, שאַפן פאַר זיי קינדערהיימען, אַרומרינגלען זיי מיט וואַרעמקייט, פרייד און פריילעכקייט און שאַפן פאַר זיי אַזאַ אַטמאָספער, אין וועלכער די אָרעמע קינדער זאָלן זיך פילן נישט ערגער ווי די רייכע קינדער אין זייערע היימען.

אויף דעם געביט האָט אונדזער לויצק זיך אויסגעצייכנט די גאַנצע צייט — זינט „טאָז" איז אַנטשטאַנען ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ.

אונדזער פרינציפּ איז געווען — נישט צו פירן קיין פילאַנטראָפּישע אַרבעט, נישט צו פאַרוואַנדלען קיין מענטשן אין שנאָרערס. מיר האָבן זיך באַמיט נישט בלויז צו שאַפן ביי דער יידישער באַפעלקערונג געהעריקע היגיענישע און געזונטהייט־באַדינגונגען, נאָר אויך בייטן די פּסיכישע איינשטעלונג פון די מענטשן, ד.ה. געזונט מאַכן נישט בלויז אין גוף, נאָר אויך אין גייסט.

ווען איך באַריר די פראַגע פון די קינדערהיימען, ווילט זיך מיר מאַכן אַ קליינע דיגרעסיע. אייגנטלעך געהער דאָך דאָס געביט גיכער צו דערציונג, טאָ פאַרוואָס האָבן מיר, אַ געזונט־אינסטיטוציע פאַר עקסעלאַנס אָפּגעגעבן דערויף אַזוי פיל ענערגיע און מיטלען? טאַקע דערפאַר, ווייל אונדז איז געגאַנגען אין אַנטוויקלען דעם יידישן קערפּער און גייסט. די אויסגעמאַטערטע קינדער פון די אַרבעטסלאָזע, קאַנדידאַטן אויף טובערקולאָז, האָבן געדאַרפט זיך געפינען אין אַ סביבה, וואָס איז להלוטין נישט ענלעך צו יענער פון די קעלערס און פּאַציאַטעס, פון וועלכער זיי האָבן געשטאַמט.

די ריינע, עסטעטיש דעקאָרירטע זאַלן האָבן אוודאי מיטגעווירקט דערצו, אַז דאָס קינד זאָל כמעט פאַרגעסן אין זיין אומעטיקע דירה. מיט ווייטיק אין האַרצן האָבן אונדזערע איבערגעגעבענע דערציערינס תמיד געזעגנט די פריילעכע גליקלעכע קינדערלעך. אָט די דערציערינס, וועלכע זענען געווען ווי אמתע מוטערס פאַר די קינדער, האָבן גוט געוווּסט, אַז אין זייערע היימען האָבן נישט די קינדער נישט קיין וואַרעמען ווינקל און נישט קיין הייס געקעכץ. שוין נישט רעדנדיק וועגן שפּילצייג און שפּילערייען, וועגן וועלכע זיי האָבן געקאָנט בלויז חלומען ביז אין דער פרי — ווען זיי וועלן ווידער זיך געפינען אין פאַרכישופטן לאַנד.

ווען איך רעד וועגן דער שיינער אַרבעט פון „טאָז", און בפרט וועגן דער טעטיקייט אין די קינדערהיימען, וויל איך ספּעציעל אונטערשטרייכן די נעמען פון די טייערע דערציערינס, וועלכע האָבן זייער גאַנצע נשמה אַוועקגעגעבן די קינדער. זיי זענען געווען מייסטער אין זייער אַרבעט, וועלכע זיי האָבן אויסגעפירט נישט בלויז פאַכמעניש, נאָר מיט דער גאַנצער איבערגעגעבנקייט. אויפן ערשטן אָרט צווישן זיי מוז מען נאַטירלעך אַוועקשטעלן די אומפאַרגעסלעכע מעכטשע, מעכטשע בריטוואַר. די קינדער האָבן זי פאַרגעטערט און מיר אַלע האָבן זי אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט און געשעצט.

אויפן געביט פון אויפזיכט איבער מוטער און קינד האָבן מיר אומבאַדינגט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין פוילן. וועגן דעם האָט מען שוין אַ סך געשריבן און גערעדט.

## די פּראָפילאַקטישע אַרבעט

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט איז די הויפּט־אויפגאַבע פון „טאָז" צו פאַרהיטן פון קראַנקייטן ד.ה. אַ פּראָפילאַקטישע.

די קינדערהיימען זענען טאַקע אַריינגעגאַנגען אין די ראַמען פון דער טעטיקייט. אַ טאָג פאַרברענגען אין ריינקייט, אין אידעאַל אויפגערוימטע זאַלן, אין ציכטיקע מלבושים, מיט בעדער ווי זייף און וואַסער איז געווען לרוב, אַ סך זון און לופט, אַ גענוגנדיקער און ווערטפולער סכום שפייז (אויסגע־מאָסטן לויט קאַלאָריעס), פיש־טראָן (ווי אַ פאַרהיטונג־מיטל קעגן טובערקולאָז), אַ גוטע פריילעכע שטימונג — דאָס אַלץ האָט דערפירט צו דעם, אַז נאָך די ערשטע 5 יאָר אַרבעט זענען אַפילו די קינדער פון טובערקולאָזע עלטערן געווען אינ־גאַנצן געזונט. נאַטירלעך, אַז צו דעם אַלעם זענען נאָך צוגע־קומען די פאַרשידענע איינשפריצונגען, אויך פראָפילאַקטישע, זומערדיקע קאָלאָניעס און האַלב־קאָלאָניעס און די ווינטערדיקע טעטיקייט. די קינדער, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק אַדורכ־צוגיין די קינדערהיים, האַלב־קאָלאָניע און זומער־קאָלאָניע, זענען געווען פולווערטיק פון געזונט־ און דערציִונג־שטאַנד־פונקט.

נאַטירלעך, אַז איין מעכטשע בריטוואַר איז נישט געווען אימשטאַנד צו פירן די אַרבעט אין אַלע קינדערהיימען. אונטער איר אויפזיכט האָבן זיך אויסגעבילדעט נאָך אַנדערע, זייער ווערטפולע דערציִערינס.

1960



קינדער־קאָלאָניע פון „טאָז" אין לויצק (1933)

ש. שלייפשטיין

# דער יידישער שפּיטאָל

לויצק, די אַלטע היסטאָרישע שטאָט, רייך אין וויכטיק־היסטאָרישע מאָנומענטן, וועלכע דערציילן וועגן איר גרויסקייט און רייכער פאַרגאַנגענהייט פון אַלגעמיינער באַדייטונג, פאַרמאָגט אויך פיל יידישע מאָנומענטן. דער אונטערשיד איז אָבער דער, וואָס דער אַלגעמיינער, נישט־יידישער טייל, האָט אַ רייך פאַרשריבענע געשיכטע, און דאָס יידישע לויצק האָט, צום באַדויערן, זייער ווייניק דאָקומענטן, וואָס זאָלן אונדז דערציילן די געשיכטע פון יעדער געשאַפענער אינסטיטוציע, אַנשטאַלט אָדער פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע געשעענישן.

דער לויצקער שפּיטאָל איז אויך אין דער זעלבער לאַגע. געני פעסטשטעלן, לויט דאָקומענטן, ווען דער דאָזיקער נוצלעכער אַנשטאַלט איז אַנטשטאַנען, איז אוממעגלעך. כמעט אַלץ דערוויסן מיר זיך פון דעם וואָס אַלטע לייט דערציילן.

לויט די אויבנדערמאָנטע קוועלן, זאָל דער לויצקער שפּיטאָל האָבן געבויט געוואָרן אין יאָר 1870—1880, צוגלייך מיטן מושב זקנים.ביידע זענען געווען „שנים שהם אחד" און געטראָגן דעם אַלגעמיינעם נאָמען „הקדש" *. און ערשט שפּעטער „ביקור חולים". לויט דער דערציילונג פון איין זקן, זאָל דעם שפּיטאָל האָבן אויפגעבויט ר' ישראל קלאָוונער ע"ה, וועלכער איז אויך אַ געוויסע צייט געווען דער גאַנצער אויפזעער.

ערשט די לעצטע יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט די דעמאָלטדיקע רוסישע מאַכט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דעם אַנשטאַלט און באַשטימט „פּאָפּעטשיטעלעס". די ערשטע אַזעלכע פּאָפּעטשיטעלעס זענען געווען ר' אברהם גליקליך און ר' שלמה באַרדאך. שפּעטער — ר' שמואל יצחק איסערסאָן און ר' מרדכי קאַצענעלבויגן.

אויף אויסצוהאַלטן דעם ביקור־חולים פלעגט מען נעמען דער עיקר פון דעם אַזוי־גערופענעם „קאָראָבעטשנע סבאָר" די גרויסע סומע פון 600—700 רובל אַ חודש. די דאָזיקע סומע צוזאַמען מיט די איינפלוסן פאַר קוראַציע, האָבן געגעבן די מעגלעכקייט פון אַ זיכערער עקזיסטענץ. די דאָקטוירים זענען געווען געצאָלטע. די הויפּט־דאָקטוירים פון יענער צייט זענען געווען קריסטלעכע. אַזוי איז אַ געוויסע צייט געווען הויפּט־דאָקטאָר פון יידישן שפּיטאָל ד"ר וואָיניטש און ד"ר יאַסניקאָוו. אויך ד"ר ראַנץ פלעגט מיטאַרבעטן אין שפּיטאָל.

אויסער קראַנקע, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרן אין שפּיטאָל אויף קוראַציע, פלעגט מען אויך אויפנעמען קראַנקע פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל. די דאָזיקע קראַנקע האָט מען נאָר אונטערזוכט און פאַרשריבן די נויטיקע קוראַציע אויף אַהיים.

ד"ר וואָיניטש איז אַ לענגערע צייט פאַרבליבן אַלס הויפּט־דאָקטאָר פון שפּיטאָל און ערשט ווען ער איז אַוועק אויפן פּראָנט, האָט דעם דאָזיקן אַמט איבערגענומען דער אַלטער, גוט־באַקאַנטער ד"ר אַבראַמסקי. ער האָט געאַרבעט פרייוויליק, אָן באַלוינונג. ס'איז אויך געווען אַנגאַזשירט אַ שטענדיקער פעלדשער, ה' באַרכאַש.

בעתן וועלט־קריג, אין יאָר 1915, ווען לויצק איז פאַרנומען געוואָרן דורך די עסטרייכער, איז דער שפּיטאָל באַזעצט געוואָרן דורך די אָקופּאַנטן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל.

אין יאָר 1916, נאָך דער גרויסער היסטאָרישער אָפענסיווע פון גענעראַל ברוסילאָוו, ווען די עסטרייכער זענען אַנטלאָפן פון לויצק, האָבן זיי, נאַטירלעך, אויך פאַרלאָזט דעם שפּיטאָל, איבערלאָזנדיק אַ רייכן אינוועגטאַר. איז געקומען די רוסישע מאַכט און האָט באַזעצט דעם שפּיטאָל, אונטערוואַרפנדיק אים אונטער דער אָנפירונג פון דעם „וסיעראָסיסקי זיעמסקי סאָיוז" און באַשטימט אַלס פאַרוואַלטער דעם דירעקטאָר פון סוחרים־פאַראיין, מ. באַק.

די דאָזיקע לאַגע האָט געדויערט ביז 1919, ווען די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט. אַ לענגערע צייט האָבן דאָרטן באַלעבאַטעוועט די פּאָליאַקן און בכלל געוואָלט איבערנעמען דאָס שפּיטאָל אַלס אייגנטום. אַדאַנק אָבער די אומדערמידלעכע אינטערווענצן פון חייקל ווייץ ז"ל איז געלונגען צו באַווייזן, אַז דאָס שפּיטאָל איז ס'אייגנטום פון דער יידישער באַפעלקערונג און דאַרף איר אומגעקערט ווערן.

אין יאָר 1920 קומען ווידער צום שפּיטאָל דער אַלטער באַקאַנטער עסקן ר' אברהם גליקליך און קלמן גאָלדבערג, וועלכע נעמען זיך מיט דער גאַנצער ענערגיע אַריינצופירן די נייטיקע רעמאָנטן, מאָדערנע סאַניטאַרע איינריכטונגען און דער „ביקור חולים" פון אַמאָל ווערט אַזוי אַרום פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנעם יידישן שפּיטאָל. אין שפּיץ פון מעדיצינישן פער־

* אין די רבישע קרייזן דערציילט מען, אַז ר' דב בער, דער באַקאַנטער מגיד פון מעזריטש, איינער פון די הויפּט־זיילן פון בעש"ט, וועלכער איז נפטר געוואָרן תקל"ג, ד. ה. אַוועלכע 166 יאָר צוריק, איז אַ געוויסע צייט געלעגן קראַנק אין לויצקער „הקדש".



דער יידישער שפּיטאָל אין לויצק

סאָנאַל קומט דאַן ד״ר ראַפּאַלאָווסקי ע״ה, וועלכער האָט מיט זיין איבערגעגעבענער אַרבעט געטאָן אַ שטאַרקן שטויס פאָראויס די אַנטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע, געווונענדיק די סימפּאַטיעס פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

אויף די נייטיקע גרויסע הוצאות שעפּט דער שפּיטאָל זיינע הכנסות פון די אָפּצאָלונגען פאַר קוראַציע, סובווענצן פון מאַגיסטראַט, פון פרייוויליקע נדבות און פון אַ ריי יידישע פילאַנטראָפּישע קוועלן.

די דאָזיקע הכנסות זענען נישט גענוג אויף צו פירן דאָס שפּיטאָל אין דעם פאַרנעם, אין וועלכן די עסקנים האָבן זיך אָנגעצייכנט, אָבער דאָך שרעקט דאָס נישט אָפּ די איבערגעגעבענע טוער און זיי קלערן וועגן אויסברייטערן די טעטיקייט און אָפּטיילן אַן אָרט אין שפּיטאָל אויף איינצואָרדענען אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר געווינערינס.

דער דאָזיקער באַשלוס איז געפאַלן אין יאָר 1922, דאַן ווען אין שפּיטאָל האָבן זיך געפינען נישט מער ווי 15—16 בעטלעך און מ׳האָט דעריבער נישט געקאָנט פיל אויפטאָן




פאַרוואַלטונג און דאָקטוירים פון יידישן שפּיטאָל
פון רעכטס אין דער ערשטער ריי: ד״ר פּעמאָוו, ד״ר באַקשט, זשיטין, פרישבערג, ד״ר מינינזאָן, אַדוו. באַקשט.

אויפ דעם געביט. דער איינדרוק אָבער וואָס דער באַשלוס האָט געמאַכט אין שטאָט, דער עיקר אין די אָרעמע קרייזן, איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. און דאָס איז געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך. מ׳האָט שוין לאַנג געפילט אין שטאָט אַ מאַנגל אין אַזאַ פּאַלאַטע, וואָס זאָל זיין צוטריטלעך פאַר אומפאַרמעגלעכע. די פּריוואַטע, גוט איינגעאָרדנטע קליניקעס זענען פאַר די ברייטע שיכטן נישט געווען צוטריטלעך צוליב די הויכע פּרייזן. די דאָזיקע יידן האָבן געמוזט בלייבן אין דער היים, ווו ס׳האָבן געפעלט די עלעמענטאַרסטע סאַניטאַרע באַדינגונגען, שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם, אַז אין אַ סך פאַלן האָבן די אָרעמע געווינערינס נישט געהאַט פּשוט די פּאָר זלאָטעס פאַר דעם דאָקטאָר און אַקושערין.

צים באַדויערן, אָבער, האָט מען נישט געקאָנט באַפרידיקן די אַלע באַדערפעניש מחמת מ׳האָט זייער ווייניק פּלאַץ געקאָנט אָפּטיילן פאַר דעם צוועק. לויצק איז דאָך עפּעס פאָרט אַ גרויסע שטאָט און קיין קראַנקע פעלן נישט, דערצו האָט נאָך דער מאַגיסטראַט געשיקט אין שפּיטאָל זיינע נישט־יידישע קראַנקע.

אין יאָר 1923 האָט זיך אָבער אַרויסגערוקט אַ מניעה, וואָס האָט געשטערט צו פאָרסירן די שפּיטאָל־אַרבעט בכלל און צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק וועגן עפענען די אָפּטיילונג פאַר געווינערינס בפרט. די מניעה איז געווען: די קראַנקייט פון הויפּט־טוער ר׳ אברהם גליקליך. דער שפּיטאָל איז געבליבן אָן אַ געהעריקער אָנפירונג.

דאַן האָבן זיך מיטן גורל פון שפּיטאָל פאַראינטערעסירט דער פּאָפּולערער דאָקטאָר משה ראַפּאַלאָווסקי און די באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע עסקנים קלמן פרישבערג און יוסף זשיטין.

ווען ס׳איז אין יאָר 1928 אַנטשטאַנען די ניי־געווילטע יידישע קהילה, איז דורך איר, אַלס העכסטע אינסטאַנץ פון יידישן עפנטלעכן פאַרמעגן, אויסגעטיילט געוואָרן אויף אָנצופירן מיטן יידישן שפּיטאָל אַ ספּעציעלער קוראַטאָריום בראש טאַקע מיט די ה״ה ק. פרישבערג און י. זשיטין.

דער שפּיטאָל האָט אָנגעהויבן פּראָספּערירן און די לאַגע זיינע האָט זיך באַדייטנדיק פאַרבעסערט. געשען איז עס נישט דערפאַר, ווייל די קהילה זאָל האָבן סובווענציאָנירט דעם שפּיטאָל מיט גרעסערע סומעס. להיפך, ביז צוריק מיט אַ פּאָר יאָר זענען די קהילה־סובווענצן פאַרן שפּיטאָל נישט געווען קיין באַדייטנדיקע. געוואַקסן איז דער שפּיטאָל דערפאַר, ווייל די דערמאָנטע קוראַטאָרן זענען צוגעטרעטן ערנסט צום שפּיטאָל, האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע איניציאַטיוו און דער עיקר — געוואַגט זיך פאַרמעסטן אויף ממשותדיקער און וואָגיקער אַרבעט.

קודם איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל בעטלעך פון 15 אויף 36. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ שריט פאָרויס, אָבער דערמיט האָט זיך עס נישט געענדיקט. אין יאָר 1931, דווקא ווען ס׳האָט געווילדעוועט דער קריזיס בכלל און ביי יידן בפרט, נעמט אונטער דער קוראַטאָריום, מיט יוסף זשיטין בראש, אַן אַקציע אויפצובויען אַ באַזונדערע געביידע פאַר אַ געווינערין־אַנשטאַלט.

דאָס איז געווען אַ שריט, וואָס האָט אין שטאָט אַרויסגערופן שטוינונג. אין יענער צייט, ווען דער קריזיס האָט פּשוט געשטיקט און דער רוב הכנסות פון שפּיטאָל איז געפאַלן, איז אַזאַ פאַרמעסט געווען מער ווי אַ דרייסטער.

מ׳האָט אויפגעבויט אַ שיינעם פּאַווילאָן, וואָס האָט געקאָסט דעם קוראַטאָריום גאַנצע 2 טויזנט זל. אַ חוץ וואָס ס׳זענען איינגעפלאָסן נדבות און באַשטייערונגען פון פאַרשידענע פּערזאָנען און פון די אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפטן (אין נאַטור).

עס זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן אַ מאָדערנער אינווענטאַר און בעטן מיט אַלעם נויטיקן, פאַר שיינע טויזנטער זלאָטעס. ס׳איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אַ שילדל „אָפּטיילונג פאַר געווינערינס״ — און דערליידיקט.

ס׳רעדט זיך נאָר „דערליידיקט״. אין לעבן איז עס נישט אַזוי לייכט דורכגעפירט געוואָרן. די שטאָט האָט אָבער געהאָלפן. פיל פערזאָנען האָבן אויך אַריינגעשטעלט בעטן, פאַראייביקט אַזוי אַרום, זייערע נעמען. אונדזערע לאַנדסלייט פון באַלטימאָר

האָבן צוגעשיקט אַ גרעסערע סומע געלט אויף איינצואָרדענען דעם געבורט־זאַל.

די דאָקטוירים האָבן געאַרבעט אָן שום באַלוינונג. ווען אָט די אַלע דאָקטוירים זאָלן דאַרפן פאַר זייער אַרבעט באַקומען האָנאָראַר, וואָלט דער שפּיטאָל נישט עקזיסטירט.

עס האָבן מיטגעאַרבעט פאָלגנדיקע דאָקטוירים: פּעמאָוו (הויפּט־דאָקטאָר), יוסף מינינזאָן (אָפּעראַטאָר), סימאַ באקשט (אָרדינאַטאָר), טאָניאַ קוניצאַ, וו. ראָזענקראַנץ, מ. גריפּעל, ש. גאָלדבערג, ראַפּאַלאָווסקי.


זאַל פאַר געווינערינס

עס האָבן אויך געאַרבעט צוויי אַקושערינס, דריי פלעגערינס, פינף סאַניטאַרינס, איין סאַניטאַר און אַן אַפּטייקער.

ביים שפּיטאָל איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אַ לאַבאָראַטאָריע, וואָס האָט אָפּגעקאָסט איבער צוויי טויזנט זלאָטעס און זי האָט באַשעפטיקט אַ ספּעציעלע לאַבאָראַנטקע.

דער שפּיטאָל האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אינטענדענט, בוכהאַלטער, אַ קעכין און אַ בעל־הבית׳טע — אויפזעערין, צוויי וועשינס און אַ סטרוזש.

ביים שפּיטאָל איז אויך געווען אַ ספּעציעלער אַפּאַראַט פאַר זויערשטאָף, וואָס האָט אָפּגעקאָסט ביי אַ 700 זל.

דער בודזשעט פון שפּיטאָל וואַקלט זיך צווישן 45,000 ביז 50,000 זל. אַ יאָר. ערשט אין לעצטן בודזשעט־יאָר איז אויסער דעם געוויינלעכן רעמאָנט, איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שיינע, היגיענישע קיך, וואָס האָט אָפּגעקאָסט איבער דריי טויזנט זל.

די צאָל אויפגענומענע קראַנקע שטעלט זיך פאַר אַזוי:

| יאָר | צאָל קראַנקע | געווינערינס |
|---|---|---|
| 1924 | 311 | — |
| 1925 | 438 | — |
| 1926 | 477 | — |
| 1927 | 648 | — |
| 1928 | 610 | — |
| 1929 | 654 | — |
| 1930 | 756 | — |
| 1931 | 809 | — |
| 1932 | 807 | — |
| 1933 | 846 | — |
| 1934 | 777 | 263 |
| 1935 | 924 | 321 |
| 1936 | 1235 | 388 |
| 1937 | 1298 | 366 |
| 1938 | 1236 | 350 |

די צאָל אומזיסטע קראַנקע:

| | |
|---|---|
| 1934 | 147 |
| 1935 | 194 |
| 1937 | 209 |
| 1938 | 198 |

טראָץ אַלעמען, לאָזט נאָך דער מצב פון שפּיטאָל פיל זיך וווּנטשן. ס׳וואָלט געווען וויכטיק, אַז אַזאַ שפּיטאָל זאָל האָבן אַן אייגענעם רענטגען־קאַבינעט, ווו די נישט־באַמיטלטע זאָלן קאָנען מאַכן די דורכלויכטונגען; ס׳וואָלט אַוודאי געדאַרפט זיין אַ „לוקס״־לאָמפּ און פיל אַנדערע מכשירים, אָבער — צו די זאַכן איז קיין גרענעץ נישט פאַראַן און די מיטלען זענען שטאַרק באַגרענעצט און נישט זיכער, ווי באַגרענעצט און נישט זיכער ס׳זענען אַלע געזעלשאַפטלעכע קנינים.

די קוראַטאָרן אָבער טוען אַלץ, וואָס זיי קאָנען, כדי דעם שפּיטאָל אַנטוויקלען ווי נאָר ס׳לאָזט זיך.

לויצק, 1938

# זיבן יאר האנטווערקער קראנקן־קאסע

זינט אַ ריי יאָרן האָט ביי די אָרגאַניזירטע האַנטווערקער אין לויצק געשוועבט דער געדאַנק וועגן שאַפן אַ מעדיצינישע הילפס־אָפּטיילונג פאַר די אָרעמע האַנטווערקער־שיכטן. דער געדאַנק איז אַרויסגעוואַקסן פון דער נויטווענדיקייט צו ברענגען די פאַראָרעמטע האַנטווערקער־פאַמיליעס קאָנקרעטע מעדיצינישע הילף.

די לאַגע פון יידישן האַנטווערקער האָט זיך די לעצטע יאָרן געביטן צום ערגערן. עס זענען אַוועק די „פעטע זיבן יאָר״, ווען אַלץ און אַלעמען האָט מקנא געווען דעם יידישן בעל־מלאכה איף וועלכן מ׳האָט געקוקט מיט רעספּעקט און דרך־ארץ ווי אויף אַ פּראָדוקטיוון מענטש, וועלכער איז געבענטשט מיט דער מעגלעכקייט מפרנס צו זיין זיך און זיין פאַמיליע מיגיע כפּיו. אָט די צייט איז אַוועק און ס׳זענען געקומען די מאָגערע יאָרן, ווען דער בעל־מלאכה האָט אָנגעהויבן געפּרווט צו ווערן מיטן נסיון פון זיצן אָן אַרבעט.

פון איין זייט האָט די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, אָנגעהויבן אַריינדרינגען אויך אין די קלענערע שטעט פון אונדזער שניט און געשאַפן גרויסע וואַרשטאַטן, וועלכע האָבן מיט זייער




גמ״ח־קאַסע ביים שניידער האַנטווערקער־פאַראיין
עס זיצן פון רעכטס:
רימאַרטשיק, דאָססיק, כאַיאַק, גרינבלאַט, ציטוואַר, שניידער

קאָנקורענץ אָנגעהויבן אַרויסצושטופּן דעם פּשוטן און קליינעם האַנטווערקער. אַזוי איז געשען מיט דער גרויסער טשעכישער שיך־פירמע „באַטאַ", די גרויסע טאַנדייט־וואַרשטאַטן פון גרייטע מלבושים, גרויסע מעבל־סקלאַדעס פון פּאַרטיקע לוקסוס־מעבל א.ד.גל., וועלכע האָבן מיט זייער רייכן אויסוואַל און ביליקייט געשטעלט אין שאָטן דעם יידישן קוסטאַרניק און כאַלופּניק מיט זייערע פּרימיטיווע וואַרשטאַטן, און פון זיי אָפּגעצויגן דעם קאָנסומענט.

פון דער צווייטער זייט האָבן די פאַרגרעסערטע מלוכה־און קאָמונאַלע־שטייערן, וועלכע מ'האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן פון יידישן האַנטווערקער, אַרויסגעשטויסן אים פון זיינע פאַרנומענע פּאָזיציעס. ס'איז דערמיט אַראָפּגענידערט געוואָרן דער לעבנס־סטאַנדאַרט פון אַ גרויסער מאַסע יידן.

דער האַנטווערקער האָט זיך די ערשטע צייט שטאַרק געראַנגלט און אָנגעווענדט פאַרשידענע מיטלען, בכדי זיך דערהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך. אָבער אין קאַמף מיטן נישט־גלייכן קעגנער איז ער געפאַלן אין אָפּגרונט פון אָרעמקייט.

דער יידישער בעל־מלאכה פירט אַ מיזערנע עקזיסטענץ, האָט נישט קיין אַרבעט און פאַרדינט נישט אויף קיין פּרנסה. אין לויצק זענען גאַנצע פאַכן אונטערגעגאַנגען. אַט למשל קאַמאַשנמאַכערס, סטאָליאַרעס און שוסטערס, וועלכע האָבן מיט יאָרן צוריק געפירט וואַרשטאַטן און האָבן זיך פאַררעכנט פאַר די אָנגעזעענסטע מייסטערס פון פאַך, זענען געצווונגען געוואָרן די וואַרשטאַטן צו ליקווידירן און זיך נעמען צו אַזאַ „גרויס־אַרטיקער" פּרנסה, ווי פאַרקויפן בייגל און פּורים־מאַנדלעך, ביי וואָס מ'פאַרדינט קוים גראָשנס.

ס'זענען פאַראַן הונדערטער האַנטווערקער, וועלכע פאַרדינען נישט וואָכנוויז אויף קיין ברויט. זייערע קינדער הונגערן ממש און זיי האַלטן זיך אויס נאָר אַדאַנק דער באַשפּייזונג, וואָס זיי באַקומען פון די פילאַנטראָפּישע הילפס־קיכן, ווי „צענטאָס", „טאָז" א.א.

ביי אַזאַ לאַגע, ווען דער האַנטווערקער איז אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן, איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ער איז געוואָרן אַ קאַנדידאַט אויף פאַרשידענע קראַנקייטן. די אויסערגעוויינלעך שווערע וווינונגס־באַדינגונגען, ווו אין איין צימער האָבן געמוזט הויזן צוזאַמען פיל נפשות, דער אָפטער הונגער, דאָס פעלן פון אַ וואַרעם מלבוש אויף ווינטער און באַהייצונג אין דער דירה — די אַלע סיבות האָבן דערפירט צו אַ שלעכטן מצב פון זיין געזונט־צושטאַנד און פון זיין פאַמיליע. זענען דעריבער די קראַנקייטן אין דער אָרעמער האַנטווערקער־משפּחה געווען אַן אָפטער גאַסט. אויך טויט־פאַלן, ווען מענטשן אין בליענדיקן עלטער זענען פריצייטיק אַרויסגעריסן געוואָרן פון לעבן, זענען נישט געווען קיין אויסנאַמען. אין פיל פאַלן האָט פּשוט אויסגעפעלט די מעדיצינישע הילף אין דער ריכטיקער צייט.

צוליב דער געשאַפענער לאַגע האָט אַ גרופּע אַקטיווע טוער פון די האַנטווערקער, צוזאַמען מיט אַ גרופּע האַנטווערקער־פריינד, באַשלאָסן צו גרינדן אַ מעדיצינישע הילפס־אָפּטיילונג וועלכע זאָל דערטיילן דעם נויטבאַדערפטיקן האַנטווערקער אומזיסטע מעדיצינישע הילף.

צווישן די איניציאַטאָרן פון אָט דער אונטערנעמונג האָבן זיך געפונען: רעד. שמואל כאַזאַן, אַן אַלטער האַנטווערקער־פריינד, וויצע־דירעקטאָר פון דער האַנטווערקער־קאַמער יוסף וועגנער, פאָרזיצער פון פאָטאָגראַפיסטן־צעך אנניה דאָססיק און די האַנטווערקער פירער: זעליק פיינטוך, נחמן מעלימעווקער, אהרן פלאַך, מענדל קאָזיאָל, בערל לופין, וועלוול ראַנץ און חיים־יעקל סיגאַל.

אַדאַנק דער מי פון ה. וועגנער איז געלונגען צו באַקומען פון דער האַנטווערקער־קאַמער אַ סובווענץ פון אַ פּאָר הונדערט זלאָטעס, וועלכע האָט דערמעגלעכט אָנצוהייבן רעאַליזירן דעם פּלאַן. די אונטערהאַנדלונגען מיט די דאָקטוירים זענען פּאָזיטיוו דערליידיקט געוואָרן און דעם 26־טן אויגוסט 1931 איז געעפנט



האַנטווערקער־פאַרבאַנד, אָנפירונג אין לויצק
1. א. מאַרגעל, 1a. ח. מאַרגעל, 2. נ. מעלימעווקער, 2a. ב. מעלימעווקער, 3. מ. קאָס, 3a. ש. קאָס, 4 ב. לופין, 4a. ר. לופין. 5. מ. קאָזיאָל, 5a. ח. קאָזיאָל, 6. פּ. שידלער, 6a. ר. שידלער, 7. א. פעלדמאַן, 7a. ב. פעלדמאַן, 8. י. קושמיעזש, 9. י. גורמאַן, 10. י. ראַפּע, וו. פּ. ברייער, 12. ל. גיטעלמאַן, X ש. כאַזאַן, 13. ש. באָקאָוויעצקי, 14. י. קאָרטשאַק.

געוואָרן די מעדיצינישע אָפּטיילונג אונטערן נאָמען: „קראַנקן־קאַסע ביים האַנטווערקער־פאַראיין".

דאָס גרינדן די קאַסע איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס צופרידנקייט דורך די האַנטווערקער־שיכטן. אויפן דערעפנונגס־באַנקעט זענען אָנוועזנדיק געווען פאָרשטייער פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און אויך פיל דאָקטוירים.

שוין אין די ערשטע מאָנאָטן פון איר עקזיסטענץ האָבן פון דער קאַסע גענאָסן 105 האַנטווערקער־משפחות. ס'זענען אַרויס־געגעבן געוואָרן 1365 קאַרטן אויף וויזיטן צו דאָקטוירים.

אין משך פון דער אָפּגעפלאָסענער צייט האָבן פון אונדזער מעדיצינישער הילף גענאָסן:

אין יאָר 1931 — 105 פאַמיליעס
" " 1932 — 297 "
" " 1933 — 365 "
" " 1934 — 502 "
" " 1935 — 497 "
" " 1936 — 382 "
" " 1937 — 402 "
" " 1938 — 267 "

מ'דאַרף נאָך צוגעבן, אַז די קאַסע האָט אין פיל פאַלן אויך געשטיצט מיט געלט די פאַראָרעמטע האַנטווערקער. די גרויס פון די סומעס איז טיילמאָל דערגאַנגען אין די הונדערטער זלאָטעס. זי האָט אין פיל פאַלן אויך אַרויסגעגעבן הלוואות אויף לאַנגטערמיניקע ראַטעס און ביי זייער לייכטע באַדינגונגען.

די אָנפירער פון דער קאַסע מיטן פרעזעס אברהם מארגעל, נ. מעלימעוועקער און מרדכי קאָס, זענען אָבער נאָך נישט אינ־גאַנצן צופרידן פון די רעזולטאַטן פון זייער טעטיקייט. זיי האַלטן, אַז נאָך נישט אַלץ איז געטאָן געוואָרן. ס'האַנדלט זיך דערין, אַז די קראַנקן־קאַסע זאָל אויך קאָנען פאַרזאָרגן די נויטבאַדערפטיקע מיט אומזיסטע, אָדער פאַרביליקטע מעדיצי־נישע מעדיקאַמענטן. מ'האָט טאַקע פּרובירט דאָס צו טאָן, אָבער ליידער דערלויבן נישט די אָרעמע געלט־מיטלען פון דער קאַסע דאָס צו טאָן אין אַ ברייטן מאָסשטאַב.

אין אַ געשפּרעך מיטן פרעזעס פון דער קאַסע וועגן איר טעטיקייט, האָט ער דערקלערט:

דער גאַנצער יסוד, וואָס האַלט אויס די דאָזיקע הילפס־אָפּטיילונג, בילדן די אימפּרעזעס, וועלכע ווערן פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט און פון דעם חודש־אָפּצאָל. אָבערביידע קוועלן קלעקן נישט. דערפון קאָן מען אַפילו נישט באַצאָלן די דאָקטוירים. ס'איז נאָר צו פאַרדאַנקען דעם גוטן ווילן פון די דאָקטוירים און מ'שטופּט זיך ווי ס'איז אַדורך. אָבער מיט רעצעפּטן איז שוין ערגער. מיר האָבן אויסגעפּרובירט אַלע מיטלען. ליידער זענען מיר נישט אומשטאַנד מיט די אייגענע כוחות אַנטקעגנצוקומען דער פאַראַנענער נויט.

יעדע אימפּרעזע, וואָס מ'דאַרף דורכפירן, קומט אָן בקריעת ים־סוף. מ'דאַרף אָבער צוגעבן, אַז די גרופּע טוער, וואָס זענען געטריי דער האַנטווערקער־באַוועגונג, אירע הילפס־אַנשטאַלטן און זענען גרייט איר צו געבן אַלע זייערע כוחות, זענען אויף ווייטער גרייט זיך מקריב צו זיין.

די קראַנקן־קאַסע ביים געמיינזאַמען האַנטווערקער־צעך נעמט אַרום פאָלגנדיקע פאַכן:

שניידערס — 80, שוסטערס — 15, פריזירער — 25, מאַליאַרעס — 22, קאַמאַשנמאַכער — 10, קירזשנער — 4, רימאַרעס — 8, זייגערמאַכער — 4, טאַפּעצירערס — 3, אינטראָליגאַטאָרן — 3, טעסלער־סטעלמאַכער — 7, וועש־נייערינס — 2, שלאָסער — 1, גלעזערס — 19, בעקערס — 15, סטאָליאַרעס — 19, בלעכער — 10, קאָוואַליעס — 10, פאָטאָגראַפיסטן — 8.

די איבעריקע צאָל פאַלט אויס אויף פיל אַנדערע פאַכן, וואָס ציילן אַ קלענערע צאָל מיטגלידער, ווי צ.ב.ש. בערשטל־מאַכער, קאָטליאַרעס א. א.

די דאָקטוירים, וועלכע אַרבעטן אין דער קראַנקן־קאַסע זענען: ד"ר אַרנאָלד, ד"ר מינינזאָן, ד"ר לעאָ גוטעס, ד"ר גאָלד־בערג, ד"ר פאַדענהעכט, צאָן־דאָקטאָר פּרילינגאָוואַ, אויגן־דאָקטאָר יאַסינסקי, האַלדז־אויערן ד"ר סעגאַל, רענטגען ד"ר פּטיץ, באַקטעריאָלאָג ד"ר צילע ווינניק.

**וו. פּ.**

לוצק, 1938

## פינאַנסיעלער באריכט

פון דער קראַנקן־קאַסע ביים פאַראייניקטן יידישן האַנטווערקער־צעך, פון יאַנואַר ביזן 1־טן דעצעמבער יאָר 1938

### הכנסה

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| .1 | פון מיטגלידס־אָפּצאָל | — | 210.00 | זלאָטעס |
| .2 | איינשרייב־געלט | — | 73.50 | " |
| .3 | אָפּצאָלן פאַר וויזיטן | — | 366.00 | " |
| .4 | חזרה פאַר נישט־אויסגענוצטע קוויטן | — | 3.00 | " |
| .5 | פון אימפּרעזן | — | 512.00 | " |
| .6 | סובווענצן פון אַמעריקע | — | 766.04 | " |
| .7 | פון אַנדערע קוועלן | — | 737.00 | " |
| | סך הכל: | | 2,667.54 | זלאָטעס |

### הוצאה

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| .1 | אויף היילונג און רעצעפּטן | — | 482.00 | זלאָטעס |
| .2 | אויף דאָקטוירים | — | 1,307.50 | " |
| .3 | פערסאָנאַל און אַדמינ. | — | 295.00 | " |
| .4 | שטיצע פאַר האַנטווערקער | — | 200.00 | " |
| | סאַלדאָ אויפן 1־טן דעצעמבער | — | 383.04 | " |
| | סך הכל: | | 2,667.54 | זלאָטעס |

בתיה האַכבערג

# דער פרויען־פאַראיין „ביקור־חולים"

געוועזן איז עס אין יאָר 1917. נאָך דער שוידערלעכער מלחמה האָט מען ערשט דערזען די גרויל־רעזולטאַטן פון דער וועלט־שחיטה: קאַליקעס, עגונות, אלמנות, פאַרעלנדטע, פאַרוואָרלאָזטע, קראַנקייטן און הונגעריקע.

אין יענער צייט האָבן אין לויצק אויסגעפעלט אַדרעסן, וווהין די נויטבאַדערפטיקע זאָלן זיך ווענדן נאָך הילף, נאָך אַ דאָקטאָר, נאָך אַ מלבוש, נאָך אַ רעצעפּט. ביי אַ קליינער גרופּע פרויען איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו גרינדן אַ פרויען־פאַראיין, וועלכער זאָל דערטיילן מעדיציניש ע הילף פאַר אָרעמע קראַנקע.

די ערשטע אַרבעט איז געווען: צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פון די אַלע פרויען, וועלכע האָבן אינטערעס פאַר דער הילפס־אַרבעט. דער עולם פאַרזאַמלטע פרויען האָט זיך איינשטימיק אַרויסגעזאָגט פאַר דעם פּלאַן צו שאַפן אַ פרויען־פאַראיין און טאַקע תיכף זיך דערקלאַרירט פאַר אָט דער אַרבעט מיט צייט און געלט. פון די פרייוויליקע באַשטייערונגען איז אויפן אָרט געשאַפן געוואָרן אַ גרעסערע סומע געלט כדי צו שטילן די ערשטע נויטן ביי דער שטאָטישער אָרעמקייט. ס'איז אויך געוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג, אין וועלכער ס'זענען אַריין פאָלגענדיקע אָנגעזעענע פרויען פון שטאָט: בינע ריכטער, חיה גאָלדבערג, גיטל גענדלער, ברכה קולינער, שיע, חנה גאָלדבערג, לויפּער, בערגער, ברכה גרויסבורד, ח. ר. קאַגאַן, פּערל הורוויץ, גאָלדבערג.

אויף צו זיכערן דעם פאַראיין אַ סטאַבילע הכנסה, האָט מען דורכגעפירט אין שטאָט אַ ווערבירונגס־אַקציע פון מיטגלידערינס מיט אַ רעגלמעסיקן חודש־אָפּצאָל. מ'האָט אויך אָנגעהויבן באַזוכן פאַרשידענע שמחות און זאַמלען געלט. ווען דער בודזשעט איז מער וויניקער געווען פאַרזיכערט, האָט די פאַרוואַלטונג פאַרעפנטלעכט איבער דער שטאָט מודעות, אַז אָרעמע קראַנקע, וואָס נייטיקן זיך אין מעדיצינישער הילף און קאָנען זיך אַליין נישט העלפן, דאַרפן זיך ווענדן צום פרויען־פאַראיין, ווו זיי וועלן די הילף באַקומען.

אויף קראַנקע האָט מען לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן, ווייל ווי געזאָגט איז דאַן די נויט געווען גרויס און ביי דער יידישער אָרעמקייט איז קראַנקייט געווען אַן איינגעפונדעוועטער תושב. קראַנקע האָבן געשטראָמט מאַסנווייז — און זיי האָבן די מעדיצינישע הילף באַקומען.

מיט אָט דעם אַרבעטס־געביט האָבן זיך די טוערינס נישט באַנוגנט און זיי האָבן אָנגעהויבן באַזוכן די קראַנקע אין די הייזער. אויף דעם האָט זיך שוין געפאָדערט אַ שפּאָר ביסל אידעאַליזם און מסירות נפש, ווייל ס'איז געווען פאַרבונדן מיט אַ געפאַר פון אָנשטעקן זיך מיט עפּידעמישע קראַנקייטן, וועלכע האָבן דאַן געווילדעוועט. די ענערגישע טוערינס האָבן זיך אָבער מיט דעם נישט גערעכנט און זיי פלעגן באַזוכן די קראַנקע אין די שטיבער. זיי האָבן אַהין געבראַכט רפואות, דאָקטוירים און אָפט אויך עפּעס אויף צו דערקוויקן די קראַנקע. איז דאָס נאָך געווען וויניק — פלעגן זיי זיך פאַרוואַנדלען אין באַרמהערציקע קראַנקן־שוועסטער, פאַרנומען זיך מיט שטעלן באַנקעס אָדער באָדן און שמירן די קראַנקע, און אַז מ'האָט באַדאַרפט — פלעגן זיי אויך נעכטיקן ביים חולה.

אויסער דער געפאַר פון אָנשטעקן זיך איז געווען נאָך איינע: באַשטראָפט צו ווערן דורך דער מאַכט פאַרן פאַרנעמען זיך מיט אַזאַ טעטיקייט אָן אַ לעגאַליזאַציע. קיין באַשטעטיקטן סטאַטוט האָט נאָך דער פאַראיין דאַן נישט געהאַט און במילא וואָלט די אַרבעט פון פאַראיין, האָט זי געמעגט זיין הומאַניטאַר און אידל, געקאָנט באַטראַכט ווערן אַלס נישט לעגאַלע. די



פרויען־פאַראיין „ביקור־חולים"

פאַרוואַלטונג איז דאַן געפאַלן אויף דער המצאה צו אַרבעטן אונטער די פליגל פון דער יידישער קהילה, ס'האָט געהייסן — אַ פרויען־קאָמיטעט ביי דער קהילה. דער פאַראיין האָט אָבער נישט געקאָנט פירן אַ נאָרמאַלע טעטיקייט, נישט געקאָנט מאַכן קיין עפנטלעכע זאַמלונגען א. א. וו.

ערשט אין יאָר 1926 איז דער טיכטיקער אָנפירערין סערל דריקער, וועלכע האָט שוין דאַן געאַרבעט דאָס ניינטע יאָר אין פאַראיין, געלונגען צו לעגאַליזירן דעם סטאַטוט ביי דער מאַכט. די אַרבעט פון דער שוין לעגאַלער אינסטיטוציע איז תיכף געשטיגן. די לעגאַליזאַציע האָט אויך געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסטרעטן צו די זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען מיט דער פאָדערונג צו באַשטימען סובווענצן פאַרן פאַראיין. אַזוי איז טאַקע געשען. דער מאַגיסטראַט און אויך די קהילה האָבן אָנערקענט פאַרן

פאַראיין, און טאַקע אויסגעצאָלט, באַדייטנדיקע סובווענצן. דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אויסצוברייטערן די טעטיקייט פון פאַראיין און באַפרידיקן מער נויטבאַדערפטיקע.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביזן יאָר 1931. אין דאָזיקן יאָר איז געקומען צו אַ שטיקל צוזאַמענברוך. דער ווירטשאַפט־לעכער קריזיס האָט שטאַרק געטראָפן אין די עקזיסטענצן פון פיל שטאָט־איינוווינער; דער פאַראָרעמונגס־פּראָצעס האָט אָנגעהויבן שפּרייזן אין לויצק מיט האַסטיקע טריט; די פרייע נדבות און חודש־אָפּצאָלן זענען באַדייטנדיק קלענער געוואָרן. דערצו זענען נאָך די סובווענצן — סיי פון מאַגיסטראַט און סיי פון דער קהילה — געשטראָכן געוואָרן. דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס פּאַראַליזירט דעם חשק צו אַרבעטן. חוץ דעם האָט סערל דריקער, צוליב פאַמיליע־סיבות, געמוזט פאַרלאָזן די אַרבעט פון פאַראיין. ס'זענען אויך אַוועק אַנדערע פרויען. טייל זענען אַרויסגעפאָרן.

דער פאַראיין איז געבליבן שטיין אויפן ראַנד פון אונטער־גאַנג. ס'איז געבליבן צו אַלאַרמירן אַלע מיטגלידער וועגן דער געפאַר פאַר דער עקזיסטענץ פון פאַראיין.

דעם 22־טן אָקטאָבער 1932 איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. דאָרטן איז קלאָר געוואָרן, אַז דער פרויען־פאַראיין דערפילט גאָר אַ וויכטיקע פונקציע און זי קאָן נישט פאַרטרעטן ווערן דורך קיין שום אַנדערע אינסטיטוציע, אַז זי מוז עקזיס־טירן. אַלע פאַרזאַמלטע האָבן זיך מתחייב געווען ווייטער צו שטיצן מאַטעריעל דעם פאַראיין. אויף דער זעלבער פאַרזאַמלונג איז אויך געוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג. אַלס פאָרזיצערין איז איינשטימיק געוויילט געוואָרן בתיה האָכבערג, אַלס וויצע־פאָרזיצערין — העניע שטראַכמאַן, אַלס סעקרעטאַרין — גאָלדע ערלעכגערעכט. די קאַסע האָט מען איבערגעלאָזט אין די הענט פון דער טיכטיקער גיטל גענדלער. עס איז אויך געוויילט געוואָרן אַ רעווידיר־קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די פרויען: זשיטין, טשיטשאָטקע, געכט, שפּאַנערפליג, קראַקאָווער, אינג־בערג, בויאַנער, די „נסתרים"־קאָמיסיע איז איבערגעבליבן אין די הענט פון סערל דריקער און חנה גאָלדוואָג.

מיט אַ פרישער ענערגיע האָט זיך דער פאַראיין אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. מ'האָט דורכגעפירט אַ ווערבירונגס־אַקציע פון נייע מיטגלידער; מ'האָט אָנגעהויבן שטאַרקער צו באַזוכן אַלע שמחות און נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנ־הייט, וואָס קאָן אַריינברענגען הכנסה פאַרן פרויען־פאַראיין. גלייכצייטיק זענען אויך אָנגעקניפּט געוואָרן פאַרבינדונגען מיט אונדזערע אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע האָבן זיך תיכף וואַרעם אָפּגערופן אויפן אַפּעל פון פאַראיין און אים אָנגעהויבן צו שטיצן.

אַדאַנק דער ענערגישער אַרבעט איז די הכנסה פון פאַראיין געשטיגן און דערגרייכט די סומע פון זיבן טויזנט זלאָטעס, וועלכע איז נאַטירלעך אין גאַנצן פאַרווענדט געוואָרן אויף הילף אין דער פאָרם פון דאָקטוירים, רפואות, רענטגען־אויפנאַמעס, אַנאַליזן, פון אַרויסשיקן אויף קוראַציע און זומער־וווינונגען, פלעגע און אויך געלט־שטיצע. די גרעסטע אויפ־מערקזאַמקייט ווערט געלייגט אויף נסתרים, וועלכע ווערן גע־שטיצט מיט גרעסערע סומען.

די פאַרוואַלטונג פון פרויען־פאַראיין „ביקור חולים" איז אין 1938 באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פרויען: בתיה האָכבערג — פאָרזיצערין, וויצע־פאָרזיצערינס — חיה ליבהאַבער און גאָלדע ערלעכגערעכט, סעקרעטאַרין — שרה מאַרשאַלקאָוויטש, קאַסי־רערין — פינקעל ראָזענשטראָם, באַפולמעכטיקטע אַרויסצוגעבן קוויטלעך אויף מעדיקאַמענטן און וויזיטן — עטל אינגבער.

פאַרטרעטערינס: טוניע גאָסקאָ, רבקה שאַפּיראָ, שאכניוק.

מיטגלידערינס: לאַנדסבערג, חיה גאָלדבערג, סטאָלאַר, ברכה גרוסבורד, דבורה וואַסערמאַן, שרה קאָסאָקע, חיה דבורה שיה, פאַני בלוושטיין, גיטל ווייסנבערג, מייקע זעלצער.

רעווידיר־קאָמיסיע: רבנית סאָראָטשקין, הינדע קאָטלאַר, שפּאַניערפליג, הינדע פוגאַטש, ברכה קולינער.

נסתרים־קאָמיסיע: סערל דריקער, חנה גאָלדוואָג.

חברים־געריכט: דבורה גאָלדבערג, זשעני מוליאַר, לענ־דער, רבקה פיינמעל, ביזי אינגבערג, חינקע שטיינבערג, חיה קימעלמאַן, רויער.

אָנפירערינס אויף קראַסנע: פאַניע שניידער, פריידע קיגעל, פיקוס, טענענבוים, חיה איטאַ גאָסקאָ, זעזי שטיינמאַן, פלאַמענ־בוים.

לויצק, 1938



פרויען־פאַראיין אויף קראַסנע

## קאַסע־באַריכט פון פרויען־פאַראיין „ביקור חולים" אין לויצק פאַר יאָר 1937/38

| הכנסות | זל. | הוצאות | זל. |
|---|---|---|---|
| 1. סאַלדאָ אויף 1.10.37 | 145.64 | 1. געלט־שטיצע | 1981.12 |
| 2. מיטגלידס־אָפּצאָל | 3125.43 | 2. אויף רפואות | 2774.64 |
| 3. שמחות און נפטרים | 663.95 | 3. דאָקטוירים | 1120.45 |
| 4. ימים טובים | 1418.95 | 4. פאַר אינקאַסע | 740.71 |
| 5. שטיצע פון אַמעריקע | 768.55 | 5. פאַרשידענע אויסגאַבן | 433.95 |
| 6. פון אימפּרעזעס | 865.91 | 6. סאַלדאָ־קאַסע | |
| 7. בלימל־טאָג | 173.84 | אויפן 20.10.38 | 345.05 |
| 8. מאַגיסטראַט־סובווענץ | 100.00 | | |
| 9. פאַרשידענע נדבות | 101.05 | | |
| | 7363.32 | | |
| חוזרות | 32.60 | | |
| | 7395.92 | | 7395.92 |

**פרויען־פאַראיין „ביקור חולים" אין לויצק**

געגרינדעט אין יאָר 1926

לויצק, דעם 9־טן יולי, 1935.

צו דער לויצקער לחם־עניים־סאָסייטי
אין נ י ו ־ י אָ ר ק

דערמיט באַשטעטיקן מיר דאָס דערהאַלטן די 25 דאָלאַר פון מאַי ה. י., פאַר וואָס איר ווערט באַדאַנקט אין נאָמען פון די אויבנדערמאָנטע אָרעמע און קראַנקע, וועלכע געניסן פון אייער הילף. הלוואי זאָל דער אויבערשטער אייך באַצאָלן לויט אייער ווערט.

גלייכצייטיק — אין צוזאַמענהאַנג מיטן א.ג. דלות־סעזאָן, רחמנא לצלן, ווען ס׳פאָדערט זיך אַ פאַרגרעסערטע הילף פאַר די, וואָס נויטיקן זיך דערין, און ווען די הכנסות ביי אונדז זענען גאָר קליינע — קומען מיר צו אייך אין נאָמען פון די האַרצרייסנדיקע הילפס־רופן פון די אָרעמע און קראַנקע, מיט אַן אַפּעל צו געדענקען אין אייערע אומגליקלעכע קראַנקע שוועסטער און ברידער אויף ווייטער נאָכמער ווי ביז איצט. אין צוזאַמענהאַנג מיט אייער באַשלוס אַריינצושטעלן אין אייער יערלעכן בודזשעט אַ סומע פון 60 דאָלאַר אַ יאָר פאַר אונדזער פאַראיין — אַפּעלירן מיר צו אייך און בעטן אים רעוואידירן און פאַרגרעסערן די סומע פון אייער יערלעכער סובסידיע. געדענקט, אַז אייער פאַרגרעסערטע הילף וועט פאַרזיכערן אונדזער אינסטיטוציע פון ליקווידאַציע.

אין דער זיכערקייט, אַז אונדזער הילפס־רוף וועט געפינען אַ געהעריקן אָפּקלאַנג אין אייערע הערצער און איר וועט זיך וואַרעם אָפּרופן אויף אונדזער אַפּעל, פאַרבלייבן מיר מיט אַכטונג —

די פ אַ ר וו אַ ל ט ו נ ג
פרעזעס: בתיה האָכבערג
וויצע־פרעזעס: העניע שטראַכמאַן
סעקרעטאַר: גאָלדע פערלמוטער

ג. קרוק

# די געזעלשאַפט „לינת הצדק"

נאָך אין יאָר 1924 איז ביי אַ גרופּע מתפּללים פון דער גרויסער שטאָט־שול, בראש מיטן פאַרשטאָרבענעם משה קיפּערמאַן ע״ה, אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו גרינדן אין לויצק אַ „לינת הצדק", וואָס זאָל נישט טראָגן דעם כאַראַקטער פון די „לינת־הצדק"־חברות ביי די פאַרשידענע שולן און שטיבלעך, נאָר זי זאָל זיין אַ מאָדערנע אינסטיטוציע מיט אַ סטאַטוט און לאָקאַל, מיט ברייטע מעדיצינישע און הומאַניטאַרע אויפגאַבן אין זין פון העלפן אָרעמע קראַנקע.

באַשלאָסן — און רעאַליזירט. משה קיפּערמאַן, אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט פאַרשטענדעניש בכלל פאַר אָרגאַניזאַציע און אַ גרויסן סטאַזש פון אַרבעט פאַר אַ „לינת הצדק" בפרט, נאָך פון די צייטן, וועלכע ער האָט פאַרבראַכט אין וואַרשע, האָט זיך גענומען ענערגיש צום פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן אין לעבן.

שווער איז אים אָנגעקומען צו מאַכן די ערשטע שריט, נישט באַזיצנדיק די מינימאַלע מיטלען, אָבער משה קיפּערמאַן האָט נישט געהערט צו די, וואָס רעזיגנירן. מיט דער קליינער סומע געלט, וועלכע איז געזאַמלט געוואָרן אויף דער ערשטער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, לייגט ער דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן גרונט־שטיין פון „לינת הצדק".

עס איז געווילט געוואָרן אַ צייטווייליקע פאַרוואַלטונג אוז אַ ראַט אין באַשטאַנד פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: משה קיפּערמאַן, משה ביק, משה שפּיצמאַן, מאָטיס שפּאַנערפליג, מיכל ברוקשטיין, יצחק כהן, שלמה דייטש, יעקב רודיק, שמאי בראָדעצקי, יהושע קרוין, געצל קרוק און אברהם שיינערמאַן.

צו דער אַרבעט זענען צוגעטרעטן די פרויען ליבע שפּאַנערפליג און פרומע בערעגאָוואַי.

די ערשטע אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג איז געווען ווערבירן מיטגלידער, וועלכע זאָלן צאָלן חודש־געלט.

די דאָזיקע אַקציע איז אַדורך מיט דערפאָלג און די צאָל מיטגלידער איז כסדר געוואַקסן. חוץ דעם חודש־אָפּצאָל האָט די פאַרוואַלטונג אָרגאַניזירט אַנדערע אַקציעס און אימפּרעזעס, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט היפשע הכנסות.

דאָן האָט זיך אָנגעהויבן די אייגנטלעכע אַרבעט פון „לינת הצדק", וועלכע איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע צוויי טעטיקייטן:

1) ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ קרייז, וואָס זאָל אָפּהיטן די לינות, ד. ה. אַז יעדע נאַכט זאָל גיין אַן אַנדער פּאָרל צו אַ קראַנקן מיטגליד נעכטיקן און אים באַדינען לויט די מעגלעכקייטן און קענטעניש. דערביי זענען אויך איינגעקויפט געוואָרן די נויטיקע עלעמענטאַרע מכשירים בעת אַ קראַנקייט, ווי באַנקעס, אייזפּענכערס, שיסלען, וואַרעם־פלאַשן, טערמאָמעטערס און ענל. אויף אויסצובאָרגן די נישט־פאַרמעגלעכע קראַנקע, און 2) עס זענען אָנגאַזשירט געוואָרן דאָקטוירים, וועלכע זאָלן געבן הילף אָרעמע קראַנקע.

דער ערשטער, וועלכער האָט מסכים געווען צו שענקען אַ פּאָר שעה די אָרעמע קראַנקע דורכן „לינת הצדק", איז געווען ד"ר אַבראַמסקי. ס'האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו אַרבעטן ד"ר ב. ביילין, ד"ר ראַפּאַלאָווסקי, ד"ר פּעמאָוו און ד"ר מינינזאָן.

חוץ דעם איז געשאַפן געוואָרן אַ חברה קדישא, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט הלוית המת.

ביסלעכווייז האָט די שטאָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק אינטערעסירן מיטן „לינת הצדק" און מיט זיין טעטיקייט. מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשרייבן פאַר מיטגלידער און אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו אַרבעטן פאַר דער אינסטיטוציע.

דאָ האָט מען זיך ערשט אַרומגעזען, אַז די אינסטיטוציע נייטיקט זיך אין אַ לאָקאַל, מחמת די שול, וווהין דער עולם פלעגט זיך צוזאַמענקומען אויף באַראַטונגען, איז ווייט נישט געווען צוגעפּאַסט.




פאַרוואַלטונג פון „לינת הצדק"
1. ש. בראָדעצקי, 2. ש. עטינגער, 3. מ. קיפּערמאַן, 4. י. פינקעלשטיין,
5. י. באַראַק, 6. ג. קרוק, 7. א. צנאַליוּוער, 8. מ. שפּאַנערפליג,
9. ד"ר מינינזאָן, 10. באַקשט, 11. ד"ר גריפּעל, 12. ראָזענפעלד

דערווייל איז מען אַריין אין אַ שטיבל צו פרוי שפּאַנערפליג. דאָרטן איז מען געזעסן ביזן יאָר 1925, ווען ס'איז ענדלעך לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער מאַכט דער סטאַטוט א. נ. „וווילטעטיקע געזעלשאַפט צו העלפן אָרעמע קראַנקע ,לינת הצדק הראשונה' אין לויצק". דאַן ערשט איז געדונגען געוואָרן אַ לאָקאַל און דער אַנשטאַלט הייבט אָן צו פונקציאָנירן נאָרמאַל. עס ווערט געוויילט אַ נאָרמאַלע פאַרוואַלטונג, וועלכע באַשטייט פון די אָנגעזעענסטע מענטשן אין שטאָט, ווי אברהם גליקליך, עזרא פינטשוק, אַלעקסאַנדער בערלינער, מאיר וויינשטיין, פרוי ביבערגאַל זלאַטע, ר' קלמן גאָלדבערג, שמאי בראָדעצקי, ג. קרוק, אברהם שיינערמאַן, מאַטיס שפּאַנערפליג, מיכל ברוקשטיין, פרוי מירל קאפּע און שלמה קרוין. דאָס ערשטע בלימל איבער די גאַסן פון שטאָט האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסע סומע געלט.

דער אויפשוווּנג פון „לינת הצדק" האָט פאַראינטערעסירט נישט בלויז די עלטערע געזעלשאַפט, נאָר אויך פאַרכאַפּט אַ באַדייטנדיקן טייל פון די יוגנט־שיכטן, וועלכע מעלדן זיך צאָלרייך אין קאַנצעלאַריע, פאַרשרייבן זיך אַלס מיטגלידער און הייבן אָן זיך פאַרזאַמלען אין „לינת הצדק", אַריינברענגענדיק לעבן און אַרבעטס־ברען. די יוגנט האָט אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט איינאָרדנען אַמאַטאָרן־פאָרשטעלונגען. די דאָזיקע האָבן געהאַט אַ דאָפּלטן ציל: אי זיי האָבן אַריינגעבראַכט הכנסה דעם „לינת הצדק", אי די יוגנט האָט דערווייל געאַרבעט איבער זיך, געבנדיק די מעגלעכקייט די מער פעיקערע זיך אויסצוטיילן. די יוגנטלעכע פון קרייז, וועלכע האָבן זיך נישט באַטייליקט אין די פאָרשטעלונגען, האָבן געאַרבעט אַרום די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, פאַרברענגענדיק אַזוי אַרום די פרייע צייט אין אַן אייגענער סביבה.

אין יוגנט־קרייז האָבן געאַרבעט: חיים קאָנפער, חיים שמואל פריידפירער, אברהם געלער, אברהם ברוינשטיין, צבי עסטערקיס, לייב גערבאַטש, יעקב פישמאַן, לייב פישמאַן, יעקב טשיזשיק, אלי' טשיזשיק, זעליק שפּיצמאַן און די פריילינס: רבקה שפּיצמאַן, געניע שניידער, סאָניע שפּיצמאַן, ליובע גארמעל, סאָניע נייטער, פייגע געלער, זשעניע מאַטיוק און ראָזע שניידער.

✶

די אינסטיטוציע האָט זיך באַפעסטיקט און אָנגעהויבן זיך פונאַנדערוואַקסן. אין יאָר 1927 איז דורך דער איניציאַטיוו פון שמאי בראָדעצקי, יעקב באַראַק, דוב בויאַנער, ג. קרוק און יצחק קרוין געשאַפן געוואָרן די אַמבולאַטאָריע ביים „לינת הצדק". ס'איז צונויפגעקליבן געוואָרן אַ קאַפּיטאַל פון עטלעכע טויזנט זל. אויף איינקויפן די נויטיקע כירורגישע אינסטרומענטן און מכשירים, ווי למשל אַ קוואַרץ־לאָמפּ, אַ גינעקאָלאָגישע שטול א. אַנד.

ווען די מכשירים זענען שוין געווען איינגעקויפט, איז גערופן געוואָרן אַ זיצונג פון די אָנגעזעענסטע יידישע שטאָטדאָקטוירים, אויף וועלכע ד"ר אַבראַמסקי האָט אַפּעלירט צו אַלע זיינע קאָלעגן, אַז יעדער פון זיי זאָל שענקען זיין מי פאַר דער איינציקער יידישער אַמבולאַטאָריע אין שטאָט. ער אַליין — ד"ר אַבראַמסקי — האָט זיך מתחייב געווען צו שענקען יעדן טאָג צוויי שעה פאַרן „לינת הצדק".

אַלע פאַרזאַמלטע דאָקטוירים האָבן אויסגעדריקט זייער הסכמה. דער מעדיצינישער פּערסאָנאַל האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט אויף פאָלגנדיקן אופן: ד"ר ביילין — אַלס לייטער, ד"ר אַבראַמסקי, ד"ר מינינזאָן, ד"ר רבקה באקשט און פעלדשער באַרכאַש.

פאַרשטייט זיך, אַז אויב אַזעלכע באַוווּסטע דאָקטוירים האָבן אויפגענומען אין אַמבולאַטאָריע, איז דאָרט כסדר געווען פול מיט פּאַציענטן — אַלץ אָרעמע און נישט באַמיטלטע.

אין דעם יאָר דאַרפן באַצייכנט ווערן אַלס אַקטיווע און טיכטיקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פאָלגנדיקע: מאיר באק, משה קיפּערמאַן, א. לאַנדסבערג, יעקב באראק, ג. קרוק, מ. שפּאנערפליג, דוב בויאנער, פרל' טויבע דראליוק, פרל' געניע שניידער, מאַניע עלבירט, ח. ש. פריידפירער, יוסף פינקעלשטיין און נח מאַזור.

די דאָזיקע פאַרוואַלטונג האָט אויך באַקומען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַ סובווענץ אין דער הויך פון 1000 זל. אויף אַ יאָר, און דורכגעפירט אַן אַמבולאַטאָריע־רינג און אַ פאַנטןלאָטעריע, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אַ גרעסערע הכנסה.

ס'איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ פאָרשטעלונג פון די אַמאַטאָרן פון יוגנט־קרייז.

ווי ווייט דער „לינת הצדק" איז געווען פּאָפּולער ביי דער יידישער געזעלשאַפט, באַווייזט דער פאַקט, אַז אויף אַן אינערלעכער שמחה אין לאָקאַל פון „לינת הצדק", האָבן צווישן די געסט, וועלכע האָבן זיך אַריינגעשריבן אין אָנדענק־בוך פון לינת הצדק, זיך געפונען: מאיר קראָנשטיין, שוצמאַן, אַניוטאַ גליקליך, גוטע וויינרייך און ר' משה גליקליך. דער קריסטלעכער אינזשינער קאַזשימיעזש שקאָלניצקי, וועלכער האָט געשמט מיט זיין אָפענער האַנט פאַר יידישע צוועקן, האָט זיך באַשטייערט מיט דער גרעסטער סומע — 100 זל.

✶

אין יאָר 1931 האָט די פאַרוואַלטונג געפייערט דעם 7־יעריקן יובל פון „לינת הצדק" אויף אַ גרויסן שטייגער. די פייערונג האָט אַריינגעבראַכט אַ באַדייטנדיקע הכנסה און פאַרגרעסערט די צאָל מיטגלידער.

אין יענער צייט האָט די אינסטיטוציע זיך געפונען אויף דער העכסטער הויך פון אַקטיוויטעט און טעטיקייט. די דאָקטוירים האָבן זיך אויסערגעוויינלעך גוט באַצויגן צו די פּאַציענטן פון דער אַמבולאַטאָריע, די פאַרוואַלטונג האָט געאַרבעט מעשים, איינשאַפנדיק וואָס מער הכנסה, און דער יוגנט־קרייז פלעגט זיך יעדן אָוונט צונויפזאַמלען, אָרגאַניזירן די לינות און סתם פאַרברענגען אינעם לייען־זאַל ביים „לינת הצדק".

ס'איז אָבער, ווייזט אויס, נישט באַשערט געווען, אַז די דאָזיקע אינסטיטוציע זאָל וואַקסן. דער „לינת הצדק" האָט שווער געליטן צוליבן טויט פון ד"ר אַבראַמסקי, ד"ר ביילין און פעלדשער באַרכאַש.

צו דער אַרבעט איז דאַן אַנגאַזשירט געוואָרן ד"ר גריפעל און די אויגן־דאָקטאָרין יאַשינסקאַ.

די טעטיקייט פון דער אַמבולאַטאָריע איז אויף אַ קורצער צייט אינגאַנצן אָפגעשטעלט געוואָרן, אָבער דער דאָקטאָר גריפעל איז געווען זייער איבערגעגעבן דער אַמבולאַטאָריע, דעסגלייכן — די דאָקטאָרין יאַשינסקאַ. די פאַרוואַלטונג ווידער פון איר זייט האָט אַרויסגעלאָזט אַן אַפּעל צו דער שטאָט וועגן שטיצן די אַמבולאַטאָריע. די אַרבעט איז אַוועקגעגאַנגען אויפסניי.

פון יענער תקופה דאַרפן פאַרצייכנט ווערן אַלס אַקטיווע אַרבעטער פון דער אַמבולאַטאָריע פאָלגענדיקע עסקנים: שמואל עטינגער, שלמה לעשנער, משה קיפערמאַן, שמאי בראָדעצקי, חיים ספּעקטאָר, יצחק גארמעל, געניע שניידער, מרדכי ראַנץ, משה שפּיצמאַן, לייב און יעקב פישמאַן, י. באַראַק, מאַטיס שפּאַנערפליג, חיים שמואל פריידפירער און געצל קרוק.

אין יאָר 1934 איז געפייערט געוואָרן דער 10־יעריקער יובל פון „לינת הצדק". עס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן יובלאָפּצייכענונגען אין די טויזנטער. אויף דער ספּעציעלער אַקאַדעמיע אין זאַל פון „חשמונאי" האָבן זיך פאַרזאַמלט די אָנגעזעענסטע עסקנים פון שטאָט, וועלכע האָבן אויסגעדריקט אָנערקענונג און אַ יישר כוח די אָנפירער פון „לינת הצדק" פאַר זייער אַרבעט.

דאָס יאָר 1936 איז געווען אַ קריטיש יאָר פאַר ער אַמבולאַטאָריע פון „לינת הצדק". די אַרבעט איז געוואָרן שוואַך, מיטגלידער האָבן אָנגעהויבן אָפּלאָזן די הענט און געמורמלט, אַז די אינסטיטוציע האָט נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, אַז זי וועט מוזן פאַלן.

אויף אַ ספּעציעל צענויפגערופענער גרויסער מאַסן־פאַרזאַמלונג האָבן זיך די מיטגלידער געדאַרפט אַרויסזאָגן, צי זענען זיי פאַר סאַנירן די אינסטיטוציע, צי גאָר — פאַר ליקווידירן זי.

כמעט איינשטימיק האָט דער צאָלרייכער עולם מיטגלידער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר ווייטער פירן דעם נוצלעכן אַנשטאַלט. אַלע האָבן צוגעזאָגט זייער מיטהילף דער נייער אָנפירונג, וועלכע איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון יונגן און ענערגישן עסקן ראַטמאַן דוד בערגער.

די אַרבעט פון דער אַמבולאַטאָריע האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט, די מיטגלידער האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער אַרבעט. דער נייער פּרעזעס ה. ד. בערגער האָט צוגעצויגן צו זיך נאָך טיכטיקע מענטשן צו דער פאַרוואַלטונג און צוזאַמען האָבן זיי גענומען שלעפּן דעם וואָגן פון „לינת הצדק".

מיטגעהאָלפן האָבן: שלמה גרינבלאַט און ראובן קאַגאַן — וויצע־פּרעזעסן, יעקב באַווערמאַן — דער ערן־פּרעזעס און די מיטגלידער: מ. שפּאַניערפליג, ח. ש. פריידפירער, יחיאל ראַנץ, חיים ספּעקטאָר, חיים גאמער, יהודה יוכט, מרדכי פּיסאַרעווסקי, שלמה שניידער, חנה קאַפּוסטע, צבי עסטערקעס, זישע קעלערמאַן, יעקב טשיזשיק, באַזונדערס אַקטיוו זענען געווען די טיכטיקע פרויען: חיה עלבירט, געניע שניידער, מרים רויער, אסתר טענענבוים און חיה קרישטאַלקע; פון ראַט: רעד. ש. כאַזאַן — פּרעזעס, יעקב באַראַק — וויצע־פּרעזעס, מרדכי ראַנץ און געצל קאַליקע.

אין דעם זעלבן יאָר האָט דעם „לינת הצדק" באַזוכט די אָנוועזנדיקע פון טשיקאַגאָ מיסעס דאָראַ בראַטמאַן. ס'איז איר זייער געפעלן די אַרבעט פון אַנשטאַלט. פאַר איר אָפּרייזע האָט די „לינת־הצדק"־פאַרוואַלטונג איינגעאָרדנט פאַר איר אַ באַשיידענעם געזעגענונגס־אָוונט. זי האָט איבערגעלאָזט אַ פיינע באַשטייערונג און זי איז איינגעשריבן געוואָרן אַלס ערןמיטגלידערין פון „לינת הצדק".

אין יאָר 1937 פירט דער פּרעזעס דורך אין מאַגיסטראַט אַ יערלעכן סובווענץ פאַרן „לינת הצדק" אין דער הויך פון 600 זלאָטעס.

נישט אַזוי לייכט איז עס אָנגעקומען. מ'האָט קודם געדאַרפט איבערצייגן דער מאַכט, אַז דער „לינת הצדק" איז אַן אינסטיטוציע, וואָס פירט אַ נוצלעכע אַרבעט און זי פאַרדינט דעריבער געשטיצט צו ווערן פון דער שטאָטישער קאַסע. ס'זענען עטלעכע מאָל אַראָפּגעקומען פאַרשידענע קאָמיסיעס פון די מאַכט־פאַרשטייער, וועלכע האָבן לוסטרירט די טעטיקייט פון דער אַמבולאַטאָריע. אַפילו דער שטאָט־פּרעזידענט גופא איז געקומען אין „לינת הצדק" כדי זיך צו באַקענען מיט זיין אַרבעט.

די אָפּשאַצונג מצד די מאַכט־פאַרשטייער איז אויסגעפאַלן גלענצנדיק. אַלע האָבן זיי פעסטגעשטעלט, אַז די אַמבולאַטאָריע איז זייער נוצלעך פאַר דער שטאָט און די סובווענץ איז אָנערקענט געוואָרן.

דער פּרעזעס בערגער האָט זיך אָבער מיט דער סובווענץ נישט באַנוגנט. ער האָט נאָך אונטערגענומען באַמיונגען, אַז דער מאַגיסטראַט זאָל צוטיילן דעם „לינת הצדק" אַ פּלאַץ אויפצושטעלן אַ פּאַוויליאָן פאַר דער אַמבולאַטאָריע. דער ענין איז

געגאַנגען אויף אַ גוטן וועג; דער פּלאַץ איז שוין געווען באַשטימט און באַשלאָסן. אָבער די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אינעם פּלאַן פון דער שטאָט־פונאַנדערבויונג האָבן דערווייל געמאַכט אוממעגלעך פון דעם באַשטימטן פּלאַץ צו גענילן.

אין דער אַמבולאַטאָריע גופא פירט פּרעזעס בערגער דורך עטלעכע רעפאָרמען. ס׳ווערן צוגעצויגן נאָך דאָקטוירים: ד״ר סעגאַל און ד״ר פּאדנהעכט, וועלכער פאַרטרעט דעם ד״ר גריפעל. די אַרבעט גייט אַוועק אויסגעצייכנט. מען גיט פון צייט צו צייט אַ פאָרשטעלונג און מען שאַפט הכנסה פאַרן „לינת הצדק״, זי איז אָבער ווייניק לגבי דער הערשנדיקער נויט.

די אַמעריקאַנער ברידער און שוועסטער פאַרגעסן נישט אין „לינת הצדק״ און דערמעגלעכן מיט זייער שטיצע צו פירן ווייטער די אַרבעט.

מיטן טויט פון איניציאַטאָר און גרינדער משה קיפּערמאַן איז אַוועק דער איבערגעגעבנסטער פריינד פון „לינת הצדק״. דער פאַרשטאָרבענער האָט אין זיין צוואה איבערגעלאָזט 500 זלאָטעס פאַרן „לינת הצדק״.

דאָס איז אָבער ווי אַ טראָפּן אין ים. די נויט האַלט אין איין וואַקסן, קראַנקע מערן זיך, און די אַרבעטס־שעהן פון די דאָקטוירים מוזן לײדער זיין באַגרענעצטע צוליבן מאַנגל אין מיטלען.

די נוצלעכע טעטיקייט פון „לינת הצדק״ קאָן אילוסטרירט ווערן מיט פאָלגענדיקע ציפערן פון דער צאָל אויפגענומענע קראַנקע אין משך פון 12 יאָר עקזיסטענץ.

| יאָר | צאָל קראַנקע |
|---|---|
| 1927/28 | 5090 |
| 1929 | 3041 |
| 1930 | 1890 |
| 1931 | 1765 |
| 1932 | 1093 |
| 1933 | 578 |
| 1934 | 654 |
| 1935 | 2058 |
| 1936 | 2041 |
| 1937 | 2587 |
| 1938 | 2008 |

לויצק, 1938

# 10 יאָר „בית־לחם״

דער „בית לחם״ האָט עקזיסטירט פון יאָר 1929, זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער באַרג אַראָפּ פון אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, באַזונדערס פון די ברייטערע, נישט שטאַנדהאַפטיקע שיכטן.

דער פאַראָרעמקייט־פּראָצעס איז דאַן אַוועק אַזוי ווייט, אַז מענטשן האָבן זיך געניייטיקט אין פּשוטן טרוקענעם שטיקל ברויט. דאַן איז זיך צונויפגעקומען אַ גרופּע מתפּללים פון פאַרשידענע בתי־מדרשים, ווי: ר׳ שלום גאָלדבערג ע״ה, י. אקמאַן, שלייף, יעקב לייבעל, הרב חיים בנימין גרייס און אַנדערע נכבדי העיר, און ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די געזעלשאַפט „בית לחם״, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו שטיצן די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג מיט פּראָדוקטן, ווי אויך מיט געלט.

באַלד איז לעגאַליזירט געוואָרן אַ סטאַטוט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאָר אַקטיווע אַרבעט, וואָס האָט אָנגעטראָפן אויף גרויס סימפּאַטיע מצד אַלע שיכטן, נישט נאָר אין לויצק, נאָר אויך אויף יענער זייט ים, ביי אונדזערע ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן געשאַפן הילפס־קאָמיטעטן א. נ. „לחם עניים סאָסייטע״ און גענומען באַדייטנדיק מיטהעלפן דעם „בית לחם״ דאָ, ער זאָל קאָנען דערפילן זיין אויפגאַבע.

צווישן די פאַרדינסטפולע און גאָר אַקטיווע אַלטע עסקנים דאַרפן פאַרצייכנט ווערן: דער ערשטער פּרעזעס צבי שטיינבערג, פּרעזעס ר׳ מנחם מאַנדעלבוים, פּרעזעס ר׳ יחזקאל שירזשיק, ראַט־פּרעזעס דיר. אברהם האָפמאַן, פּרעזעס יוסף־חיים קרישטאַלקע.

די טעטיקייט פון „בית לחם״ איז באַשטאַנען אין אַרויסגעבן יעדער וואָך ברויט און חלות די אָרעמע פאַמיליעס, אין אייניקע פאַלן — אויך מזומן געלט פאַר נסתרים, און יעדן ערב יומטוב — פלייש, צוקער, בוימל און אַנדערע פּראָדוקטן.

די הכנסות פון „בית לחם״ זענען געווען: פון חודש־אָפּצאָל, פון פאַרשידענע אַקציעס און אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אויך פון דער שטיצע פון די לאַנדסלייט אין אַמעריקע. חוץ דעם ווערן דורך מיטגלידער פון „בית לחם״ געזאַמלט יעדן שבת איבער דער שטאָט ברויט און חלה. דאָס דאָזיקע געזאַמלטע





פאַרוואַלטונג פון געז. „בית לחם" (1933)

ברויט גייט פאַר אָרעמעלייט. ס׳איז אָבער ווייט נישט גענוגנדיק.

אין יאָר 1935 שטייגט גוואַלדיק די צאָל רעגיסטרירטע מקבלים, דערגרייכנדיק ביז צוויי טויזנט פערזאָן. די דעמאָלט־דיקע פאַרוואַלטונג האָט זיך דערפילט דערשעפּט פון דער שווע־רער אַרבעט, שטענדיקע זאַמלונגען און אויסערגעוויינלעך שווערן פאַרבינדן איין עק מיטן צווייטן. איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און אַריינציען פרישע כוחות. אַזעלכע נייע מענטשן האָבן זיך געפונען, און מ׳דאַרף מודה זיין, אַז אַדאַנק דער נייער אָנפירערשאַפט מיטן ענערגישן פרעזעס ה׳ דוד בוסליק בראש, איז די אַרבעט אַוועק פיל בעסער.

די דאָזיקע אָנפירערשאַפט איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע עסקנים:

פרעזעס פון פאַרוואַלטונג — דוד בוסליק; פרעזעס פון ווירטשאַפטס־קאָמיסיע — יחיאל ראַנץ, איינער פון די עלטסטע עסקנים אין „בית לחם", וואָס קען אַלע נסתרים און וואָס איז פאַר זיינע לייסטונגען איינגעשריבן אין אָנדענק־בוך פון „בית לחם"; פרעזעס פון ראַט — ראובן קאַגאַן, אַן אַקטיווער טוער אויך אויפן יידישן נאַציאָנאַל־פּאָליטישן געביט; וויצע־פרעזעס — בערל פּיסאַרעווסקי, אויך אַן אַלטער אויסגעפּרוּווטער טוער; ש. שניידער, ש. מעש, נפתלי דעבערט, אהרן ראַפּאָפּאָרט, יוסף בייגלער, צבי שיינמאַן, יעקב אקסמאַן, וו. ספּעקטאָר, וואָלף מאַרמאָר, מרדכי בעזפּאַיאַסניק, מ. אַלטער, י. ווייסמאַן, א. גורפינקעל, סאַדע, י. קופּערשמיד, א. מעש, מ. ליבערמאַן, י. גרייעווער, יצחק גאַרמעל, ש. פוקס, י. סימע, א. פּאַשט, י. איינבינדער, ש. מייסטל, ג. גאָלדבערג, זלמן באַרמאַק, ז. קעלערמאַן, י. יוכט, פ. טייטעלבוים, פ. בוידמאַן, ליפּע וועלוועלער, מ. ליטמאַן, ג. קאַמעניעצקי, יעקב טרויב, אליעזר אַבציוק, ד. אַרענצעל.

אין „בית לחם" האָבן באַקומען שטענדיקע שטיצע ביי טויזנט פערזאָן, חוץ דעם האָבן נאָך כמעט 2000 נפשות באַקומען איינמאָליקע שטיצע.

אין יאָר 1938 האָט אין לוצק געוויילט דער לאַנדסמאַן פון אַמעריקע, דער ערן־פרעזעס ר׳ מרדכי דימענט, וועלכער האָט באַזוכט דעם „בית לחם", פאַרבראַכט מיט די עסקנים צוזאַמען אויף אַ באַשיידענעם טיי־אָוונט און פעסטגעשטעלט, אַז די טעטיקייט פון „בית לחם" איז ערשטראַנגיק וויכטיק. ער האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ ברייטע אונטערשטיצונג ביי די ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים, פאַר די נויטן און באַדערפענישן פון „בית לחם".


„מושב זקנים" אין לוצק

# צו די לויצקער לאנדסלייט אין ניו־יארק

(אַ בריוו געשריבן אין 1930)

### פאַרוואַלטונג פון „בית לחם"
### אין שטאָט לויצק

דער שווערער קריזיס, וועלכן מיר לעבן אַדורך שוין זייט אַ לענגערער צייט, האָט אַנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן אין גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן בכלל און יידישן בפרט. ס'זענען געפאַלן אַ סך קרבנות. געוועזענע פאַרמעגלעכע בעלי־בתים, מנדבים זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מקבלים. די נויט איז געוואָרן אַלץ שאַרפער און שאַרפער. די דרינגלעכקייט פון אַ באַלדיקער הילף האָט באַוויגן אַ געוויסע גרופּע מענטשן צו שאַפן אַן אינסטיטוציע, וועלכע זאָל, כאָטש אַ ביסל, לינדערן די גרויסע און שווערע נויט און כאָטש טיילוויז שטילן דעם הונגער פון הונדערטער אומגליקלעכע נפשות. אַזאַ אינסטיטוציע איז טאַקע געשאַפן געוואָרן. ס'האָט זיך אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט פון געוויסע מענטשן, וועלכע האָט אויפגעשטעלט אַ וווילטעטיקן אַנשטאַלט „בית לחם", וואָס עקזיסטירט שוין זייט צוויי יאָר. די דאָזיקע אינסטיטוציע איז שוין גענוג פּאָפּולער אין שטאָט צוליב איר נוצלעכקייט, ווייל:

1. „בית־לחם" פאַרזאָרגט 15 הונדערט נפשות מיט ברויט, חלה און אַנדערע הצטרכותן;
2. „בית לחם" האַלט אויס אַ מושב זקנים, אין וועלכן ס'געפינען זיך 20 נפשות מיט עסן, קליידונג און זאָרגט פאַר זייער עקזיסטענץ;
3. „בית לחם" פאַרזאָרגט די יידישע אַרעסטירטע אין דער גרויסער טורמע מיט ברויט און געקעכץ. זייער צאָל אין טורמע וואַקלט זיך צווישן 50 און 60 מאַן;
4. „בית לחם" אָרדנט איין אַלע יום־טובים אַ כשרע אומזיסטע קיך פאַר הונדערטער יידישע זעלנער, וועלכע באַקומען דערמיט אַ מאַטעריעלע און מאָראַלישע באַפרידיקונג.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזעלכע קאָלאָסאַלע אויסגאַבן, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן אויסהאַלטן אָט די אינסטיטוציע, זענען אַ זייער שווערע לאַסט, וועלכע דראָט, חלילה, איינגאַנצן צו דערשטיקן דעם איינציקסטן און נוצלעכסטן אַנשטאַלט און טאָרמאַזירט זיין גאַנץ נוצלעכע טעטיקייט, ווייל מיט אָרטיקע מיטלען, ביי אַזאַ אַלגעמיינעם קריזיס, איז נישט מעגלעך אויסצופילן די אַלע פונקציעס, וואָס די עקזיסטירנדיקע נויט פאָדערט.

שטייענדיק אויף דער וואַך פון די לעבנס־אינטערעסן פון אונדזערע פאַראָרעמטע און הונגעריקע ברידער און שוועסטער, האָט דער קאָמיטעט פון „בית לחם" אָנגענומען אַ באַשלוס זיך צו ווענדן צו אייך, ליבע ברידער, מיטן רוף: העלפט! לאָזט נישט פאַלן דעם גרויסן בנין. געדענקט, אַז מיט זיין פאַלן, חלילה, וועלן אונטער זיינע חורבות דערשטיקט טויזנטער פון אונדזערע ברידער! געדענקט אין אייער אַלטער היים, ווו די מענטשן, וועלכע איר האָט איבערגעלאָזט אין זייער גאַנצער פּראַכט און גלאַנץ, זענען נעבעך אַזוי געפאַלן, אַז זייער גאַנצע עקזיסטענץ ציען זיי נאָר פון „בית לחם". די דאָזיקע מענטשן קאָנען נישט אויסשטרעקן די האַנט און בעטלען: געוועזענע גבירים קאָנען נישט אַזוי גיך ברעכן זייער שטאָלץ. אַזעלכע נסתרים ליידן הונגער און קעלט, שטיקן די טרערן אין זיך און ווען נישט דאָס וואַכנדיקע אויג פון „בית לחם", וואָס פאַרזאָרגט אַזעלכע נסתרים בכבוד, וואָלטן מיר, חס וחלילה, נישט איין טויט־פאַל פון הונגער געהאַט. געדענקט אין די אָרעמע אלמנות און יתומים, וואָס זענען דאָך דער אומבאַהאָלפנסטער עלעמענט אינעם לעבן. שטעלט אייך פאָר די גרויזאַמקייט פון דער לאַגע, ווען די יונגע קינדערלעך, די אומשולדיקע עופהלעך שטרעקן אויס זייערע הענטעלעך און בעטן, נישט קיין צוקערקעס און נישט קיין לוקסוס, נאָר אַ טרוקן שטיקל ברויט און די אומגליקלעכע מוטער־אלמנה באַגיסט זיך מיט זודיקע טרערן, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו שטילן דעם הונגער פון אירע ליבסטע און טייערסטע. דער איינציקער רעטונגס־פּונקט איז נאָר דער „בית לחם", וועלכער געפינט זיך איצט אין אַ גרויסער געפאַר.

מיר ווילן גלויבן און האָפן, אַז כאָטש איר זענט וייט פון אונדז, בלייבט איר דאָך אָרגאַניש ענג מיט אונדז פאַרבונדן. ווענדן מיר זיך צו אייך ווי צו אייגענע טייערע ברידער, וואָס נאָר זיי זענען איצט אימשטאַנד אונדז צו העלפן. מיר האָפן, אַז אונדזער וויי־געשריי וועט נישט בלייבן הענגען אין דער לופטן, און וועט זיכער געפונען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג אין אייערע וואַרעמע יידישע הערצער. ברידער: העלפט! אין אייערע הענט איז איצט דער גורל פון טויזנטער נפשות!

פרעזעס: מנחם מאַנדעלבוים

מיטגלידער: נישט לעזבאַרע אונטערשריפטן

סעקרעטאַר: שטעמפל

די שטיצע קאָן געשיקט ווערן אויף פאָלגענדיקן אַדרעס:

Prezes Żydowskiego Towarzystwa Dobroczynności
„Bet Lechem"
Menachem Mandelbojm, Łuck, Jagiellońska 23.

**האבּ"ד דל' מאשר ומקיים שכל הנכתב במכתב הזה אמת וצדק בלי מגרעת. מאת החותם למען התורה והצדקה יחיאל יצחק רפפורט אב"ד דפה.**

שטעמפל

## טעטיקייטס־ און פינאַנס־באַריכט פון „בית לחם" אין לויצק

פון 1־טן אַפּריל 1937 ביזן 1־טן אַפּריל 1938

**הוצאה**

| | | |
|---|---|---|
| 7850.12 | — | צעטיילט 28.621 קג. ברויט |
| 719.01 | — | „ 7589 חלות |
| 74.25 | — | „ שטיצע במזומנים |
| 83.02 | — | „ אויף שבועות 420 חלות |
| 461.89 | — | „ אויף ימים נוראים 2979 חלות |
| 142.47 | — | „ 158 פונט פלייש |
| 10.00 | — | „ מזומן |
| 79.80 | — | „ אויף פורים 502 חלות |
| 171.50 | — | פאַרשידענע דרוקן |
| 120.90 | — | ביוראָ |
| 61.41 | — | באַהייצונג און באַלויכטונג |
| 131.65 | — | דירה־רעמאָנט |
| 113.64 | — | אינקאַסענט אייזנבערג |
| 475.44 | — | פוקס |
| 1040.00 | — | בוכהאַלטער רויער |
| 490.00 | — | אָנגעשטעלטער מאטי טאַבאַטשניק |
| 408.71 | — | פאַרזיכערונג־אַנשטאַלט (אובעזפּיעטשאַלניע) |
| 32.55 | — | איינאָרדענען די שבועות־אַקציע |
| 8.00 | — | בלעכענע פושקעס |
| 181.96 | — | פּראָוויזיע פאַרן רינג |
| 96.05 | — | פּראָוויזיע פאַר דער ימים־נוראים־אַקציע |
| 14.50 | — | פאַרשידענע |
| 346.49 | — | איינקויף פון קאַלענדאַרן |
| 42.93 | — | פּראָוויזיע פאַר חנוכה־אַקציע |
| 132.13 | — | פּראָוויזיע פון אַלערליי אַקציעס |
| 22.10 | — | פּראָוויזיע פון חמשה־עשר־אַקציע |
| 43.29 | — | פּראָוויזיע פון פורים־אַקציע |
| 81.76 | — | נישט־פאָרויסגעזעענע אויסגאַבן |
| 13435.57 | | סך־הכל |

**הכנסה**

| | | |
|---|---|---|
| 2915.27 | — | פון מיטגלידס־אָפּצאָל |
| 311.22 | — | פון חתונות, תנאים א. א. |
| 293.56 | — | פון פורים־אַקציע |
| 19.25 | — | אַקאָנטאָ פסח־אַקציע |
| 202.45 | — | שבועות־אַקציע |
| 112.12 | — | געזאַמלט דורך פושקעס |
| 754.15 | — | רינג־אַקציע |
| 127.16 | — | ע"י אגרא דתעניתא |
| 229.99 | — | „ נדרים מפ׳ ראה |
| 823.94 | — | „ ראש־השנה־אַקציע |
| 267.11 | — | „ נדרים מפ׳ ויצא |
| 237.35 | — | „ חנוכה־אַקציע |
| 877.00 | — | „ קאַלענדאַרן־אַקציע |
| 188.86 | — | „ חמשה־עשר־אַקציע |
| 1605.34 | — | „ נדבות פון פּראָדוקטן |
| 94.55 | — | „ נדבות חולף |
| 2214.64 | — | „ שטיצע פון אַמעריקע 422 |
| 510.72 | — | „ דירה־געלט |
| 180.00 | — | „ נדבות |
| 96.85 | — | „ דעפּיציט־אַקציע |
| 168.70 | — | „ פאַרשידענע נדרים |
| 147.05 | — | „ פאַרשידענע הכנסות |
| 1058.29 | — | דעפיציט |
| 13435.57 | | סך־הכל |

**וו. טשיטשאַטקאַ**

# 15 יאָר צענטאָס

אין אָנהייב 1923 האָט דער דעמאָלטדיקער פאָרשטייער פון „דזשאָינט", דירעקטאָר קאַהאַן, מיטגעטיילט די געזעל־שאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן דאַן אָנגעפירט מיט דער געלט־שטיצע־אַקציע, וואָס דער „דזשאָינט" האָט ביז דאַן געגעבן פאַר די ליידנדיקע קינדער פון נאָך דער וועלט־מלחמה, אַז דער „דזשאָינט" האַלט שוין זיין מיסיע פאַר געענדיקט. ער האָט דערביי פאָרגעלייגט, אַז די זאָרג איבער די קינדער זאָל איבערנעמען די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכקייט גופא. פאַרשטענד־לעך, אַז אויך דער „דזשאָינט" וועט אויף ווייטער, ווי ווייט מעגלעך, קומען צוהילף.

ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע נייעס האָט איבערראַשט אַלע געזעלשאַפטלעכע טוער אין לויצק, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט איינגעוווינט מיטן געדאַנק, אַז דער „דזשאָינט" וועט נאָך אויף לאַנגע יאָרן אָנגיין מיט זיין פּראָדוקטיווער הילף לטובת די געליטענע. די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן בכלל און אין לויצק בפרט, איז נאָך דאַן נישט געווען אויף אַזויפיל סטאַביליזירט און עקאָנאָמיש פאָרפעסטיקט, אַז ס'האָט זיך בכלל נישט געזען קיין איבעריק גרויסע מעג־לעכקייט אויפצוטאָן עפּעס מיט די אייגענע כוחות.

ס'איז גערופן געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכע באַראַטונג פון די אַלע, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן מיטן „דזשאָינט" אין דער הילפס־אַרבעט לטובת די אָרעמע קינדער. דער פאָרשטייער פון „דזשאָינט" האָט קאַטעגאָריש געפאָדערט, אַז די אָרטיקע געזעל־שאַפטלעכקייט זאָל איבערנעמען אַלע אַגענדן, וואָס זענען פאַר־בונדן מיטן דאָזיקן ענין.

מ'מוז מודה זיין, אַז די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע טוער

אין לויצק האָבן באמת מורא געהאַט צו נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסע אחריות. דאָך האָט מען אָט די מורא גובר געווען אַדאַנק דעם אויפריכטיקן ווילן פון איינצלנע איבערגעגעבענע טוער און פאַרזיכטיק איז מען צוגעטראָטן און מ'האָט אָרגאַניזירט די געזעלשאַפט א.נ. „געזעלשאַפט פאַר יתומים־פאַרזאָריונג און קינדער־שוץ".



זומער־קאָלאָניע פאַר קינדער „צענטאָס" (1936)

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז, מיט דער דערלויבעניש פֿון דער וואָלינער אויפזיכט־מאַכט, אָרגאַניזירט געוואָרן אויף גאַנץ וואָלין. אין לויצק האָט אַלזאָ עקזיסטירט איר אָפּטיילונג. אין שפּיץ פון דער ניי־געגרינדעטער געזעלשאַפט האָט זיך געשטעלט דער איבערגעגעבענער עסקן (געוועזענער ראש־הקהל פון דער לויצקער קהילה) ה' חייקל ווייץ ע"ה. אַדאַנק זיינע פעיקייטן און אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער שטעלונג, איז געלונגען ווי געהעריק צו אָרגאַניזירן די לויצקער אָפּטיילונג.

אין דער אַרבעט פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע איז אַריינגעצויגן געוואָרן דאָס בעסטע און אינטעליגענטסטע, וואָס דאָס יידישע לויצק האָט פאַרמאָגט. ס'זענען אויסגעטיילט געוואָרן פאַרשידענע קאָמיסיעס, ווי: רעגיסטראַציע־קאָמיסיע, ווירטשאַפטס־קאָמיסיע, דערנערונגס־קאָמיסיע, יורידישע קאָמיסיע, מעדיצינישע קאָמיסיע, פאַך־בילדונגס־קאָמיסיע א.א.וו., וועלכע האָבן אַרומגענומען אַלע שוצלאָזע און יתומים, וואָס זייער צאָל איז דערגאַנגען ביז 600. 200 פון זיי זענען איינגעאָרדנט געוואָרן ביי פּריוואַטע פאַמיליעס, ווו דער קאָמיטעט האָט פאַר אַלעמען געזאָרגט, און די איבעריקע 400 קינדער האָבן באַקומען ציטווייליקע שטיצע.

אַ ספּעציעלן אַכט איז געלייגט געוואָרן אויף דער אויסבילדונג פונעם קינד. אַלע קינדער האָבן געמוזט באַזוכן די שול. די עלטערע קינדער האָבן געמוזט באַזוכן ספּעציעלע אָוונט־קורסן. ס'איז אויך געעפנט געוואָרן אַ שניידער־שול פאַר מיידלעך, ווו ס'האָבן זיך געלערנט 40 שילערינס. אַ דאַנק דער גוטער צוזאַמענאַרבעט פונעם תרבות־טוער ה' יהושע בערגער מיט דער צענטאָס־געזעלשאַפט, האָבן די קינדער געהאַט אויך די מעגלעכקייט צו באַזוכן די תרבות־שול, ווו זיי זענען דערצויגן געוואָרן אין נאַציאָנאַלן גייסט.

אין שפּיץ פון דער מעדיצינישער קאָמיסיע האָט זיך געשטעלט דער איבעראַל־באַקאַנטער און געשעצטער ד"ר פרידמאַן פעמאַוו, וועלכער האָט אָפּגעגעבן זייער פיל צייט און ענערגיע דער גרויסער צאָל קראַנקע קינדער, וואָס די מלחמה־יאָרן האָבן געשאַפן. אַדאַנק זיין מי ווערט יעדעס יאָר אַרויסגעשיקט אַ גרעסערע צאָל שוואַכע און קראַנקע קינדער אויף זומער־קאָלאָניעס. הונדערטער קינדער זענען אויך געהיילט געוואָרן פון „פּאַוווס", די פּאָפּולערע מחלה אין יענער צייט.

גלייכצייטיק איז אין לויצק געווען טעטיק אַ גרופּע איינטעליגענטע פרויען, וועלכע האָט געהאַט די אויפזיכט אויף אַ קליינער צאָל קינדער מיט דערנערונג, קליידונג א.א.וו. און האָט געפירט אַ זעלבשטענדיקע אַרבעט. האָט עס טאַקע געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ס'עקזיסטירן 2 קאָמיטעטן פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג. דאָס יאָר 1928 האָט געמאַכט אַ פולשטענדיקן איבערברוך אין דער גאַנצער אַרבעט.

אין יענעם יאָר שטעלט דער „דזשאָינט" כמעט אָפּ זיינע שטיצע־איבערווייזונגען און מיר זענען געווען געצוווּנגען איבערצוגיין אויף „זעלבסטאויסהאַלטונג". זינט דאַן זענען ביידע קאָמיטעטן פאַראייניקט און קאָאָרדינירט געוואָרן.

מיט אונדזער טעטיקייט הייבט זיך אָן צו פאַראינטערעסירן דער לויצקער מאַגיסטראַט. דאָס איז געשען אַדאַנק דעם קינדער־פריינד ה' חייקל ווייץ ע"ה, וועלכער איז דאַן געווען וויצע־בירגערמייסטער פון דער שטאָט לויצק. אין משך פון דריי יאָר האָבן מיר באַקומען אויסגעצאָלט אַ סובווענץ פון דריי טויזנט זלאָטעס יערלעך לטובת דעם צענטאָס. דער מאַגיסטראַט האָט פון אונדז געפאָדערט, אַז מיר זאָלן קאָנצענטרירן די קינדער אויף איין אָרט. זענען מיר דאַן, אין אַ צייט פון אַ גרויסער דירה־נויט אין לויצק, געווען געצוווּנגען „ציטווייליק" צו עפֿענען אין די קעלער־שטובן פון דער יידישער קהילה אַ בית־יתומים פון 32 קיילעכדיקע יתומים אין עלטער פון 6 ביז 14 יאָר. די רעשט קינדער, אין אַ צאָל פון 86, זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פריוואַט.

מיט אָט דער דאָטע הייבט זיך אָן די אָפיציעלע טעטיקייט פון יידישן בית־יתומים אין לויצק.

אין דער תקופה 1928—1931 איז פרוי גוטע וויינרייך געווען פאַרזיצערין פון קאָמיטעט. פון 1931 ביז 1935 האָט דעם דאָזיקן אַמט פאַרנומען ה' אברהם חיזש ע"ה. זיין אומגעריכטער טויט האָט געבראַכט פיל שאָדן אונדזער טעטיקייט. פאַר זיין טויט האָט ער אויך נישט פאַרגעסן צו פאַרשרייבן אין זיין צוואה אַ גרעסערע סומע פאַרן הויז, וואָס מיר האָבן געקלערט בקרוב צו בויען.

לויט דער סטאַטיסטיק קומט אויס, אַז ביזן יאָר 1928 זענען 209 קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון „צענטאָס", געוואָרן זעלבשטענדיק. פון זיי האָבן 34 קינדער אויסגעוואַנדערט מעבר לים צו זייערע קרובים און נאָענטע, וועלכע מ'האָט, אַדאַנק דער יורידישער קאָמיסיע, אויפגעזוכט און זייערע אַדרעסן באַקומען. די רעשט האָט זיך איינגעאָרדנט אויפן אָרט ביי פאַרשידענע פאַכן.

צוליבן מאַנגל אין געלט־מיטלען ווערט אונדזער אַרבעט ליידער באַשרענקט אויף אַ קלענערער צאָל קינדער. פון יאָר 1928 ביז יאָר 1933 האָבן זיך געפונען אונטער אונדזער אויפזיכט 130 קינדער, אַ חוץ די זומער־קאָלאָניעס, וועלכע ווערן אָן איבעררייס געפירט יעדעס יאָר.

אין יאָר 1931 ווערט אויך די מאַגיסטראַט־סובווענץ געקירצט. גייען מיר איבער צום סיסטעם פון איינמאַנען חודש-

אָפּצאָל. מיר אָרדענען איין פּיל אימפּרעזעס, וועלכע ברענגען אונדז אַריין געוויסע הכנסות, און צוזאַמען מיט דער שטיצע פון אונדזערע ברידער פון מעבר־לים, האָבן מיר אַ מעג־לעכקייט פאָרצוזעצן אונדזער נאָרמאַלער אַרבעט.

די לעצטע יאָרן איז אויך טעטיק געווען אַ האַלב־אינטערנאַט פאַר 75 קינדער און אַ באַשפּייזונגס־פּונקט פאַר 120 קינדער.

דאָס וווינונגס־פּראָבלעם פאַרן בית־יתומים האָט אונדז די גאַנצע צייט נישט געלאָזט רוען. ליידער מוזן מיר צום גרויסן באַדויערן פעסטשטעלן, אַז די לויצקער יידישע באַפעלקערונג, איבערהויפּט אונדזערע גבירים, האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין פאַרשטענדעניש פאַר בויען אייגענע בנינים פאַר אירע אינסטי־טוציעס. ס׳זענען גערופן געוואָרן באַראַטונגען, מ׳האָט זיך גע־ווענדט צו דער באַפעלקערונג מיט פּיל אויפרופן וועגן מיט־העלפן שאַפן אַ בעסערע דירה פאַר די אומגליקלעכע קינדער. ליידער איז דאָס אַלץ געבליבן ווי אַ קול קורא במדבר.

די לעצטע 4 יאָר פאַרנעמט דעם פאָרזיצער־אַמט פון אָרטיקן קאָמיטעט דער לאַנגיעריקער אָנפירער פון דער מעדי־צינישער קאָמיסיע, הויפּט־דאָקטאָר פון יידישן שפּיטאָל, ד״ר פרידמאַן פּעמאָוו, וועלכער ווידמעט זייער פּיל צייט דער גע־זעלשאַפט און אַדאַנק זיין מי איז אין יאָר 1937 געקויפט געוואָרן דורכן צענטראַל־קאָמיטעט אַ גרויסער פּלאַץ צו בויען אַ יתומים־הויז.

דער געקויפטער פּלאַץ געפינט זיך אין אַ גוטער און טרוקענער געגנט און אויף אַ זוניקן באָדן. דאָס איז אויף דער פראָנט־זייט פון דער באָל. כראָברעגאָ גאַס נומער 124. לויטן פּראָיעקט דאַרפן געבויט ווערן פאָלגנדיקע אַנשטאַלטן: אַ יתו־מים־הויז פאַר 50 קינדער, אַ האַלב־אינטערנאַט פאַר 75 קינדער, אַ פרעבל־שול פאַר 40 קינדער און אַ בורסע פאַר 50 קינדער, וועלכע לערנען זיך אַ פאַך.

אַדאַנק דער קהילה־פאַרוואַלטונג מיט איר חשובן ראש־הקהל ה׳ קלמן פרישבערג, האָבן מיר באַקומען אין יאָר 1936 די צימערן, אין וועלכע ס׳האָט זיך געפונען דער האַנטווערקער־פאַראיין. דער דאָזיקער לאָקאַל, אויפן צווייטן שטאָק, אַנטהאַלט צוויי גרויסע זאַלן, אַן איזאָלאַציע־צימער און אַ קאָרידאָר. דאָרט האָבן מיר איינגעאָרדנט די שלאָף־צימערן פון בית־יתומים. אין די קעלער־שטיבן איז געבליבן דער האַלב־אינטערנאַט.

### דער ציל פון דער געזעלשאַפט

זאָרגן פאַרן עלנטן און פאַריתומטן קינד — פון זיין גע־בוירן ביזן זעלבשטענדיק ווערן — מיט דערנערונג, בילדונג, מעדיצינישע הילף, קליידונג, פאַך־אויסשולונג, איינקויפן פאַר אים די נויטיקע געצייגן, בכדי צו ווערן זעלבשטענדיק, אויס־זוכן פאַר אים זיינע נאָענטסטע קרובים, העלפן עמיגרירן א.א.וו.

די געזעלשאַפט איז די איינציקע אויף וואָלין, וועלכע פירט זינט 1924 אָן איבעררייס זומער־קאָלאָניעס, שיקט קינ־דער אויף הייל־קאָלאָניעס, אָרדנט איין קינדער ביי פאַרשידענע פאַכן. ווינטער־צייט פאַרטיילט די געזעלשאַפט אַ גרעסערן קוואַנטום פיש־טראָן פאַר די שוואַכע קינדער.

### טאַבעלע פון די קינדער אויף זומער־קאָלאָניעס

| יאָר | רו־קאָלאָניע | האַלב־קאָלאָניע | טשעכאָטשינעק |
|---|---|---|---|
| 1924 | 132 | — | 22 |
| 1925 | 109 | — | 26 |
| 1926 | 85 | — | 16 |
| 1927 | 102 | — | 21 |
| 1928 | 84 | — | 12 |
| 1929 | 88 | — | 14 |
| 1930 | 92 | — | 14 |
| 1931 | 86 | — | 9 |
| 1932 | 92 | — | 12 |
| 1933 | 96 | — | 16 |
| 1934 | 95 | — | 14 |
| 1935 | 88 | — | 16 |
| 1936 | 108 | — | 13 |
| 1937 | — | 240 | 11 |
| 1938 | — | 260 | 9 |

אין דער תקופה פון די לעצטע צען יאָר זענען געוואָרן זעלבשטענדיק 87 קינדער, דערונטער 48 יינגלעך און 39 מייד־לעך, ביי פאָלגנדיקע פאַכן: סטאָליאַרעס — 7, שניידער — 8, הוטן־מאַכערינס — 4, שוסטער — 5, רימער — 2, קירזש־נער — 2, מאַליאַרעס — 1, אָנגעשטעלטע — 6, פריזירער — 3, בלעכער — 2, לערערינס — 3, פּרעבליסטינס — 2, שטוב־ווירטינס — 3, איינבינדער — 2, עמיגרירט קיין א״י — 4, אַנדערע לענדער — 2, דרוקעריי — 1, עלעקטראָטעכ־ניק — 1. צוזאַמען — 86 קינדער.

**זעלדע זיגמאַן** (ליטמאַן) / חיפה

# דאָס יתומים־הויז אין לוציק

אויף שיענקיעוויטשאַ 39 האָט זיך געפונען די יידישע קהילה אין לוציק, עטלעכע קלאַסן פון דער תרבות־שול און אויך דאָס יתומים־הויז, מיט וועלכן ס'האָבן אָנגעפירט די ה"ה טשעטשאָטקאַ און ד"ר פעמאָוו ז"ל. אין יתומים־הויז האָבן זיך געפונען בערך ביי אַ 60 קינדער. יידישע פרויען האָבן זיך מיט זיי פאַראינטערעסירט און צוגעטיילט שטיצע· אויך דער



פאַרוואַלטונג פון יתומים־הויז

שטאָטישער מאַגיסטראַט האָט אַ געוויסע צייט געגעבן אַ באַ־גרענעצטע שטיצע. אָבער די ווייט־גרעסטע הילף און אויס־האַלטונג האָט אויף זיך גענומען די יידישע קהילה.

אויך איך האָב זיך געפונען צווישן די דעמאָלטדיקע דער־צויגענע פונעם יתומים־הויז. מיר האָבן דאָרט געהאַט פאַר־שידענע צייטן. אַמאָל ערגער און אַמאָל בעסער. אַמבעסטן האָבן מיר זיך געפילט אום זומער. מיר פלעגן דאַן אַרויספאָרן קיין יוליאַנע אויף זומער־וווינונג, אָדער האַלב־קאָלאָניע, ווו מיר האָבן זייער גוט פאַרבראַכט און אָנגענומען פרישע כוחות צום נייעם שול־יאָר.

ספּעציעל דאַרפן מיר דערמאָנען וואָווע טשעשאטקא (אומ־געקומען אין געטאָ), וועלכער איז אונדז געווען איבערגעגעבן מיט לייב־און־לעבן. באַזונדערס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון די סדר־נאַכט מיט דער באַטייליקונג פונעם לייטער. מיר האָבן געפּראַוועט דעם סדר אויפן עכט יידישן שטייגער, מיט מצות, וויין און אַנדערע פסחדיקע מאכלים· מען האָט געפרעגט די פיר קשיות און געזאָגט די הגדה. ערשט נאָכן פאַרענדיקן דעם סדר איז טשעשאטקא, שפּעט ביינאַכט, געגאַנגען צו זיך אַהיים, צו זיין פאַמיליע, פּראַוועט ביי זיך דעם סדר. אַזוי איז געווען יאָר־איין, יאָר־אויס.

אין יאָר 1939 איז פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין אונדזער לעבן. מיר זענען איבערגעפירט געוואָרן אינעם אַלגעמיינעם סאָוועטישן יתומים־הויז, ווו ס'איז אַמאָל, בעת דער פּוילישער הערשאַפט, געהאָנגען פאַרן טויער אַן אויפ־שריפט: „יידן און הינט — איינגאַנג פאַרבאָטן!" טשעשאטקא האָט מיט ביטערע טרערן צוגעזען ווי מען פירט איבער זיינע קינדער אין אַן אַנדער הויז.

מיר האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צום נייעם גורל.

צום ערגסטן אָבער איז געווען אין יאָר 1941, נאָכן אויס־ברוך פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה. אין יענער צייט זענען אומגעקומען אונדזערע דערציער וואָווע טשעשאטקא, ד"ר פעמאָוו און פיל אַנדערע איבערגעגעבענע טוער פון יתומים־הויז. זאָל זייער אָנדענק אונדז לייכטן אויף אייביק.

1959

## צו דער יידישער באַפעלקערונג אין לויצק
## ווענדונג פון יתומים־קאָמיטעט

אין אַ שווערער שעה ווענדן מיר זיך צו אייך נאָך הילף; מיר ווייסן, ווי שווער ס'איז דעם יידן, ביים איצטיקן טאָג, מיט עפּעס מיטצוהעלפן, אפילו דאָרט ווו ער וואָלט עס גערן געטאָן. מיר האָבן אָבער קיין ברירה נישט!

אויף אונדזער און אויך אויף אייער אחריות ליגט דער גורל פון די יתומים, פאַר וועלכע די געזעלשאַפט מוז זאָרגן!

מיר, פון אונדזער זייט, שטרענגען אָן אַלע כוחות, כדי נישט צו לאָזן פאַלן די וויכטיקסטע אינסטיטוציע אונדזערע — דעם בית־יתומים. צוליב דעם אָבער, וואָס דער מאַגיסטראַט האָט צייטווייליק כמעט גענצלעך אָפּגעשטעלט די סובסידיע, איז לעצטנס אונדזער אַרבעט זייער באַשווערט געוואָרן.

מיר ווענדן זיך דעריבער צו אייך מיטן רוף: גיט אונדז פּראָדוקטן! פון אַלעס קאָן מען זיך אָפּזאָגן, אָבער נישט פון עסן. דער יידישער יתום טאָר נישט הונגערן! מיר דערלאָזן טאַקע נישט דערצו. אָבער אונדזערע כוחות זענען צו שוואַך. איר מוזט אונדז צוהעלפן מיט אייער שטיצע. נישט קיין געלט־נאָר פּראָדוקטן און קליידונג! „אחד המרבה ואחד הממעיט".

רופט זיך אָפּ אויפן רוף פון אייערע פריינד, וועלכע וועלן אייך אַרויסרופן דורכן פּראָדוקטן־רינג, וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן לטובת אונדזערע יתומים.

**דער יתומים־קאָמיטעט**

(„וואָלינער פּרעסע", נומ' 2 (211) פון 13 יאַנואַר 1933)

## פּראָדוקטן־און קליידער־רינג פאַר די יתומים אין לויצק

### רשימה נומער 1

ד״ר פעמאָוו שפּענדעט: 1 קאָסטיום און 1 פּאַלטאָ און רופט אַרויס: ד״ר יונגפער, ד״ר אַבראַמסקי, ד״ר סעגאַל, ד״ר ראַפּאַלאָווסקא, מעצ. י. באַקשט, מיניע קרוינשטיין און אַניוטע גליקליך.

פאַני ראַזאָווסקא שפּענדעט צייג אויף 10 קליידלעך און רופט אַרויס: נחום וואַרקאָוויצקי, סאָני מאירסון, פישל לאַקרעץ, חיים בליאַק, אהרון בלעכער און א. פינטשוק.

מ. זיגלבערג שפּענדעט 2 ק״ג זייף און 2 העמדער און רופט אַרויס: סערל דרוקער, קלאַראַ גראַפּמאַן, יעטע באַק און די שוועסטערן ראָזע און בראָני קופּערמאַן.

יעקב וואַקסין שפּענדעט 10 ק״ג פאַסאָליעס און רופט אַרויס: די מיל „ראָזגאָלד", ספּולקע געכט־סאַבאַטשניק, פּעפּער־אודליס, צבי גאָלדשטיין, שלום בערעזע און גאָרדאָן.

ד״ר כאַזאַנאָווא שפּענדעט 1 קאָסטיום, 2 העמדער און רופט אַרויס: ד״ר אַרנאָלד, א. דראַגיטשין, פּסח שאַץ, פּנחס פרידמאַן, ק. פרישבערג און משה בליאַק.

דאָראַ סאַוויצקא שפּענדעט 1 שטיקל לייוונט און רופט אַרויס י. בלומענקראַנץ און נח צוקערמאַן.

ד״ר קאַמיעניעצקא שפּענדעט 10 ק״ג קאַשע און רופט אַרויס: ד״ר צוקערמאַן, ד״ר ש. גאָלדבערג, ליבע לעווין, בעלא פרידמאַן און מישע עפּעל.

י. ד. פעטשעניק שפּענדעט 5 ק״ג פּערל־גרויפּן און רופט אַרויס: דירעקטאָר לעדערפיינד, א. גאָלדבערג, ווייסבאָרד, לאַנדאָ, נאַדעל, ברייט, בלייבערג, ראָטענשטרייך, חאַליף, א. קאָלאָדני, ד״ר פּאָלטאַראַק, א. האָפּמאַן, א. וואַקסמאַן, און י. גאַרטיבעל.

ח. עלבירט שפּענדעט אַ האַלבן מעטער האָלץ און רופט אַרויס: די ברידער מ. און פ. פישביין, יחזקאל שירזשיק, ש. ח. ווערניק און משה פרידלענדער.

י. לעווענטאָן שפּענדעט 5 ק״ג גרויפּן און רופט אַרויס: ד״ר פרילינג, הרב אינגערלייב, א. לעווענסאָן, בלאָושטיין, א. שטראַכמאַן און מ. ווייסמאַן.

ב. ערליכגערעכט שפּענדעט 2 ק״ג צוקער און רופט אַרויס: דוד כאַיט יונגשטיין, ישראל שאַפּיראָ און ישראל קימעלמאַן.

פ. שולץ שפּענדעט אַ האַלבן ק״ג טיי און רופט אַרויס: רעגינא גאָלדשטיין, צפורה האוסמאַן, הערש גורוויץ, חיים פּנחס ציבוך (טאַרטשין), טשאַרנע בורשטיין, שלמה אקס, ברוך ליבערמאַן, זיגלבוים, גאָרענשטיין (אַלע פון ראָוונע), י. מ. אַלטשילער (וואַרשע).

(„וואָלינער פּרעסע", נומער 2 (211)

# „הכנסת־אורחים" און „ביליקע קיך"

„הכנסת־אורחים" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1924, דורך אַ גרופּע יוגנטלעכע מתפּללים פון דער פאַרשטאָטישער שול, וואָס האָבן געהאַט פאַרשטענדעניש צו העלפן די יידישע נע־ונדניקעס, אַרויסגעשטויסענע דורכן דעמאָלטדיקן קריזיס פון זייערע היימען, וואָס האָבן מיטן וואַנדער־שטעקן געמוזט אָפּריכטן גלות איבער שטעט און שטעטלעך, ווו געטאָגט, נישט גענעכטיקט. די מתפּללים האָבן געזאַמלט ביי די עלטערע בעלי־בתים אַ ביסל געלט, געדינגען אַ דירה, אַריינגעשטעלט עטלעכע בעטלעך און — ס׳איז דאָ אַן „הכנסת־אורחים".

די הויפּט־טוער פון דער חברה זענען דאַן געווען: אברהם קאַץ, משה קארין, שמחה קארין, בן־ציון אייזנבערג, חיים עדעלשטיין, מנשה גערגיס.

ווען די „פּרעקווענץ" איז געוואָרן גרויס און קליענטן האָבן זיך געיאַוועט מאַסנווייז, האָבן מיט דער „הכנסות אורחים" זיך פאַראינטערעסירט אויך די עלטערע בעלי־בתים: ר׳ שלמה גאָלדבערג, ר׳ משה גליקליך, ר׳ מאיר קרוינשטיין, משה קיפּערמאַן, משה קאַמעניעצקי, ר׳ נחמיה גאָלדבערג, משה ווייסבערג, און די יונגע עסקנים יעקב אייזנבערג און צבי עלמאַן. ס׳איז לעגאַליזירט געוואָרן דער סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע טעטיקייט אויפן געביט פון זאַמלען געלט. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז ביי די עסקנים פון „הכנסת אורחים" אויך אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו שאַפן ביי דער „הכנסת אורחים" אַ ביליקע קיך, וואָס זאָל אַרויסגעבן די אָרעמע־לייט פליישיקע מיטאָגן פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל. אַזאַ קיך איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן און זי האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. ווייל דאָס איז געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו דער אָרעמער און געפאַלענער האָט געקאָנט פאַר עטלעכע גראָשן באַקומען אַ לעפל געקעכטס. אויך די שטאָט האָט זיך מיט סימפּאַטיע באַצויגן צו דער ביליקער קיך, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די פיינע הכנסות. די קיך האָט די דאָזיקע סימפּאַטיע זיך כשר פאַרדינט, שוין בלויז דערפאַר, ווייל זי פלעגט באַזאָרגן מיט אומזיסט עסן די יידישע זעלנער אין די ימים־טובים און אויך די יידישע אַרעסטאַנטן פון דער לוצקער טורמע.

ביידע שוועסטער־אינסטיטוציעס — „הכנסות אורחים" און די ביליקע קיך — האָבן זיך געפינען ביים האָראָכאָווער רבין, אין אַ באַקוועמער דירה פון פינף צימערן און די אַרבעט האָט זיך געפירט אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. אונטער דער ענערגישער און שטרענגער אָנפירונג פון ר׳ שלום גאָלדבערג האָט די אינסטיטוציע אָנגעזאַמלט אַ רעזערוו־קאַפּיטאַל פון 7000 זלאָטעס.

דאָס דאָזיקע פאַרמעגן האָט די ביידע אַנשטאַלטן געשטעלט פאַר אַ גרויסן נסיון און אין משך פון אַ שטיקל צייט גורם געווען צו קריגערייען. ווייל צו אַ רייכער אינסטיטוציע האָבן זיך אַלע געשאַרט און געוואָלט דאָרטן באַלעבאַטעווען, פאַרווענדן דאָס געלט אויף פאַרשידענע צוועקן. אָבער ר׳ שלום גאָלדבערג האָט נישט מסכים געווען אויסצוגעבן דאָס געלט אויף אַן אַנדערן צוועק, ווי נאָר קויפן אַ הויז פאַר די אינסטיטוציעס. אַזוי איז טאַקע געשען. אויף וועסאָלע גאַס, נעבן דער טריסקער שול, איז אָפּגעקויפט געוואָרן אַ טייל הויז, ווו „הכנסות אורחים" און די ביליקע קיך האָבן זיך געפונען ביזן אויסברוך פון קריג.

פאַר די 15 יאָר, וואָס די הכנסת אורחים האָט עקזיסטירט און פאַר די 10 יאָר ביליקע קיך, האָבן זיי אַדורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס. געווען אַ צייט, ווען די אַנשטאַלטן זענען געווען געשלאָסן, ווייל ס׳זענען קיין פירער נישט געווען. אָבער פון יאָר 1933 אָן פירט אָן מיט דער אַרבעט אַ קאָמיטעט מיט הרב סאָראָטשקין בראש.

נאָכן טויט פון שלום גאָלדבערג האָט די אַרבעט אַביסל געליטן, אָבער ס׳האָט זיך באַלד געשטעלט אויף זיין אָרט זיין זון ר׳ שמואל גאָלדבערג, וועלכער האָט צוזאַמען מיט דער נייער פאַרוואַלטונג אָנגעהויבן פירן די אַרבעט.

דורך דער קיך זענען פאַר גאָר אַ קליינעם אָפּצאָל טאָגטעגלעך אַרויסגעגעבן געוואָרן ביי 80 פליישיקע מיטאָגן, פון 4 שפּייזן. און אין הכנסת אורחים פעלן נישט ב"ה קיין געסט... יעדער אורח קאָן נעכטיקן ביז דריי נעכט אָן שום אָפּצאָל.

אינטערעסאַנט איז די סטאַטיסטיק פון ביידע אַנשטאַלטן פאַר עטלעכע יאָר:

אַזוי למשל זענען אין יאָר 1934 אַרויסגעגעבן געוואָרן מיטאָגן פאַר 15,156 פּערזאָן, אין יאָר 1935 — 16,208 פּערזאָן, אין יאָר 1936 — 17,300 פּערזאָן, אין 1937 — 16,320 פּערזאָן.

גענעכטיקט האָבן אין יאָר 1934 — 338 פּערזאָן, אין יאָר 1935 — 135, אין יאָר 1936 — 133, אין יאָר 1937 — 415.

די הכנסות פון די אינסטיטוציעס, אויסער די איינקונפטן פאַר די מיטאָגן, זענען אויך געווען די פאַרשידענע יום־טוב־אַקציעס און שמחות אין שטאָט, ווי אויך הילף פון אַמעריקע.

די הכנסות זענען אָבער געווען קנאַפּע. די פאַרוואַלטונג האָט פּלאַנירט פאַנאַנדערצובויען די ביליקע קיך, זי מאָדערניזירן און איינפירן מיטאָגן פאַר גייסטיקע אַרבעטער, אַרבעטסלאָזע, ווי אויך אַוועקשטעלן דעם הכנסת אורחים אויף אַ געהעריקע הויך.

דער אויסברוך פון קריג האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע פּלענער.

(כ)

# פרויען־פאַראיין אויף „נאָוואָסטראָיעניע"

דער פרויען־פאַראיין אויף נאָוואָסטראָיעניע איז געשאַפן געוואָרן ווען די אָרטיקע אָרעמקייט האָט זיך איבערצייגט, אַז אין פאַל פון אַן אומגליק אָדער נויט, זענען די טירן פון אַנדערע הילפס־אַנשטאַלטן פאַר איר געשלאָסן.

די ספּעציפישע אָביעקטיווע באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט די דאָזיקע שטאָט־פּעריפעריע, האָבן מסתמא גורם געווען צו אַזאַ באַהאַנדלונג.

מ׳דאַרף וויסן, אַז נאָוואָסטראָיעניע איז געווען באַוווינט דורך דער גרעסטער אָרעמקייט פון שטאָט. צוליב דעם האָבן נישט פיל געקאָנט באַלאַנגען צו די הילפס־אַנשטאַלטן, וואָס געפינען זיך אין שטאָט, ווו מ׳דאַרף צאָלן חודש־געלט און טראָגן אַנדערע התחייבותן. און פונקט ווי צום צאָלן איז נישט געווען ווער פון נאָוואָסטראָיעניע, אַזוי איז, אומגעקערט, די צאָל נויטבאַדערפטיקע דאָרט כסדר געווען זייער גרויס. ווייל ווו דען נאָך, ווי אויף נאָוואָסטראָיעניע, זענען געווען אַזעלכע בלאָטעס, אַזאַ סאַניטאַר־היגיענישער צושטאַנד? אַזאַ נישט גלייכגעוויכט פון געבן ווייניק און נעמען פיל, האָט גורם געווען אָנצושטעלן די פירער פון אַנדערע הילפס־אַנשטאַלטן קריטיש לגבי דעם טייל, וואָס רופט זיך נאָוואָסטראָיעניע. די אַנשטאַלטן זענען אויך נישט געווען ביכולת צו העלפן אַלעמען. ווען אָט דער צושטאַנד האָט זיך גענומען שטאַרק לייגן מיט זיין שווערקייט אויפן נאָוואָסטראָיעניער ישוב, האָבן עטלעכע פרויען זיך צוזאַמענגענומען און באַשלאָסן צו גרינדן אַ זעלבשטענדיקן נאָוואָסטראָיעניער פרויען־פאַראיין, וואָס זאָל העלפן לינדערן די נויט, אָרעמקייט און קראַנקייטן ביי די דאָרטיקע איינוווינער.

די איניציאַטיוו האָבן געגעבן בתיה שניידער און נאָך עטלעכע פרויען. זיי האָבן פריער באַזוכט די הייזער פון די אַלע פרויען, וועלכע מ׳קאָן צוציען צו דער אַרבעט און שפּעטער האָבן זיי גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַ גרעסערער צאָל פרויען. דאָרט איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג, ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן אַ באַשטייערונג און ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די ערשטע שטיצע.

געווען איז עס אין יאָר 1928.

אין דער פאַרוואַלטונג זענען דאַן אַריין:

בתיה שניידער, גיטל גרינשפּאַן, הינדע סאָראָקאַ, רבקה וויל, דבורה שמש, מאַניע גינזבורג, איטע גינזבורג, בתיה מענדעליוק, העניע גאַדיעס, חנה גלאַטער, אסתר ווייגער, חנה ווייגער און ביקמאַן.

די אַרבעט איז אָבער געווען באַשווערט צוליב דעם, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין לעגאַליזאַציע און קיין באַשטעטיקטער סטאַטוט, אָן דעם איז אין יענער צייט געווען זייער שטרענג פאַרווערט דורכצופירן אינערלעכע באַשטייערונגען און גאַסןזאַמלונגען אָדער עפנטלעכע אימפּרעזן.

די פאַרוואַלטונג האָט דאַן גענומען זיך סטאַרען וועגן אַ סטאַטוט און לעגאַליזאַציע. ענדלעך איז אין יאָר 1929 דער דאָזיקער פאַראיין לעגאַליזירט געוואָרן אַלס אָפּטיילונג פון צענטראַלן פרויען־פאַראיין אין וואַרשע.

דאַן איז דער פרויען־פאַראיין אַרויס אויף דער יידישער גאַס, פאַרשטייט זיך, אַז נאָר אויף זיין שטח — נאָוואָסטראָיעניע.

די אָרטיקע יידישע איינוווינער האָבן זיך גרופּירט אַרום פאַראיין און געשטיצט מאָראַליש און אויך פינאַנציעל אַלע זיינע אַקציעס און אונטערנעמונגען.

קליין איז די צאָל פון די, וועלכע קאָנען שטיצן דעם פאַראיין, אומגעהויער קלענער ווי די צאָל נויטבאַדערפטיקע, וואָס ווענדן זיך צום פאַראיין נאָך הילף. אָבער דער שטאַרקער ווילן און די טיכטיקע אַרבעט פון די אָנפירנדיקע פרויען העלפט מיט אינעם גובר זיין די שוועריקייטן. קיין שום זאַך איז פאַר די דאָזיקע פרויען נישט שווער. זיי זוכן פון אַלע קוואַלן הכנסה אויף צו קאָנען געבן דעם קראַנקן אַ מעדיקאַמענט, דעם שוואַכן — אַ גלאָז מילך אָדער עפּעס אַנדערש צו דערקוויקן זיך, און אַמאָל עמעצן — אַ מלבוש אָדער אַ פּאָר זלאָטעס מזומן.

די נוצלעכקייט פון פאַראיין הייבן אויך אָן צו באַגרייפן די שוועסטער און ברידער פון אַמעריקע, באַזונדערס פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, ווו ס׳געפינען זיך איינוווינער פון נאָוואָסטראָיעניע, וועלכע קענען גוט די לאַגע פון דער דאָזיקער שטאָטפּעריפעריע. זיי שיקן פון צייט צו צייט זייער שטיצע צום פאַראיין און אויך צו די אָנפירנדיקע פרויען פּריוואַט, אַז זיי זאָלן דאָס פונאַנדערטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע.

די הכנסות שעפּט דער פאַראיין פון חודש־אָפּצאָל, פון זאַמלונגען אויף פאַרשידענע שמחות און פון אימפּרעזעס, וועלכע ווערן פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט.

לויצק, 1938

י. צ.

י. דאַסיק

# דער יידישער פלײשער־צעך

די יידישע קצבים, וועלכע זענען ביזן יאָר 1929 געווען אָרגאַניזירט אין אַלגעמיינעם האַנטווערקער־פאַרבאַנד, האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז פילן אַ געוויסן אונטערשיד צווישן זייער מצב און דער לאַגע פון אַלגעמיינעם האַנטווערקערטום. זיי זענען, למשל, דורך דער שטייער־מאַכט באַטראַכט געוואָרן ווי סוחרים, צוליב זייער פלייש־האַנדל אין די יאַטקעס. חוץ דעם זענען אויפגעשווומען אַ גאַנצע ריי ספּעציפישע פּראָבלעמען, ווי היגיענישע סאַניטאַרע פאָרשריפטן און אַנד. צוליב דעם איז ביי די אָנפירנדיקע מיטגלידער פון דער פלייש־בראַנזשע אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן זיך דורך שאַפן אַ זעלבשטענדיקע אייגענע אָרגאַניזאַציע. נאָכן דורכפירן די ערשטע פאָרמאַליטעטן איז טאַקע דעם 17־טן אויגוסט 1929 געגרינדעט געוואָרן אַ לעגאַליזירטער דורך דער מאַכט פליישער־צעך בראש פון וועלכן עס זענען געשטאַנען די ה"ה: אברהם זיגעלבוים, משה קאזיאל, אפרים אבראַמאָוויטש, דוד מנקר, יחזקאל שניידער (פּיניעס), יוסף שניידער, ניסל שניידער און אהרן טעסלער. ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ טשעלאַדניקעס־אָפּטיילונג מיטן פאַרשטאָרבענעם קצב פרידל דיטינא בראש.

ליידער איז אָבער די פינאַנסיעלע לאַגע פון צעך געווען אַ שווערע. נישט אַלע מיטגלידער האָבן שוין ביים אָנהויב אַרויסגעוויזן פערשטענדעניש פאַר אַן אייגענער אָרגאַניזאַציע. חוץ דעם האָט דער מינימאַלער חודש־אָפּצאָל נישט געקאָנט קלעקן אויף אויסצוהאַלטן אַ זעלבשטענדיקע קאַנצעלאַריע. דער צעך האָט זיך דעריבער געפונען אַלס אויטאָנאָמע סעקציע ביים צענטראַלן האַנטווערקער־פאַרבאַנד. ערשט ווען אָנשטאָט דעם חודש־אָפּצאָל איז איינגעפירט געוואָרן אַ פרייוויליקער אָפּצאָל פון יעדן געשאָכטענעם שטיקל, איז מעגלעך געוואָרן צו אַנגאַזשירן אַן אייגענעם סעקרעטאַר — יחיאל קאָרנבליט.

אַרבעט איז געווען איבערגענוג. די שטייערן־שרויף האָט זיך געלייגט מיט אַ געפערלעכער שווערקייט און מ'האָט געדאַרפט זיך העלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך. חוץ דעם איז דאָן געבוירן געוואָרן די האַנטווערקער־קאַמער און זי האָט געבראַכט נייע נאָכווייעניש, ווי דיפּלאָמען, האַנטווערקער־קאַרטע, טשעלאַדניקעס, אָפּמאַכן און אַז. וו.

די פירער פון צעך האָבן אַנטוויקלט אַ שטאַרקע טעטיקייט אויף אַלע געביטן. זיי האָבן זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט לויצק, נאָר זיי האָבן זיך אויך פאַרמאָסטן צו אָרגאַניזירן דעם גאַנצן פּאָוויאַט און צונויפגערופן קיין לויצק אַ דעלעגאַטן־קאָנפערענץ פון דעם אַרומיקן ראַיאָן, אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות איז זי נישט צושטאַנד געקומען. איינע פון די וויכטיקסטע אויפטוען דאַן איז געווען די דערפאָלגרייכע אינטערווענץ ביי דער שטייער־מאַכט נישט צו רויִנירן די קצבים דורך דעם ענערגישן אויפמאָנען די פאַרלעגענע שטייערן, וואָס האָט אָפט געבראַכט צו רעקוויזירן די בהמות פון שעכט־הויז — נאָר אָנשטאָט דעם, צעלייגן עס אויף לענגערע ראַטעס.

אין יאָר 1932 איז געוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג מיטן ענערגישן טוער אברהם זיגעלבוים בראש אַלס סטאַרשי (עלטסטער) און אפרים אַבראַמאָוויטש און יוסף שניידער אַלס פּאָדסטאַרשי (פאַרטרעטערס). אויפן אָרט פון יונג פאַרשטאָרבענעם קאָרנבליט איז אַלס סעקרעטאַר אַנגאַזשירט געוואָרן משה שליטא. דער צעך איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן, געקרעפטיקט געוואָרן אָרגאַניזאַציאָנעל און ס'איז געדונגען געוואָרן אַ גרויסער לאָקאַל אין סאַמע שטאָט־צענטער אויף יאַגעלאָנסקא, אין הויז פ״ן עטינגערן.

איינע פון די וויכטיקסטע אַקציעס, וואָס איז ווערט אונטערגעשטראָכן צו ווערן, איז דער קאַמף פאַר אַרויסנעמען די אַרענדע פון שטאָטישן שעכט הויז פון די פריוואַטע הענט און זי איבערנעמען פאַרן צעך, וואָס עס וועט ברענגען צו דער פאַרביליקערונג פון דער שחיטה־אָפּצאָל. נאָך אַ גאַנצער ריי אינטערווענצן איז געלונגען די אַרענדע איבערצונעמען בשותפות מיטן קריסטלעכן פליישער־צעך. ווייטער איז געשאַפן געוואָרן אַן אַסעקוראַציע־קאַסע אין פאַל פון אומגליקס־צופאַלן; ס'איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געמיינזאַמער איינקויף פון די פעל, וואָס ס'האָט אַריינגעבראַכט דעם ריווח פון פאַרמיטלער, און ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָאָפּעראַטיוו פאַרן איינקויף פ״ן שטיקלעך, פאַר עפענען געמיינזאַמע יאַטקעס א.א.וו.

צוליבן שנעלן פאַנאַדערוווקס פון צעך, איז אַנגאַזשירט געוואָרן ח' ישראל דאָסיק, דער באַקאַנטער ספּאָרט־טוער, אַלס לייטער פון צעך. ס'איז רייף געוואָרן די נויטווענדיקייט צו פאַרקלענערן דעם הויכן שחיטה־אָפּצאָל, וועלכער פלעגט גענומען ווערן דורכן מאַגיסטראַט. די פירער פון צעך האָבן אָנגעהויבן אָפּשלאָגן די שוועלן פון פאַרשידענע אַמטן, אינטערווענירן און בעטן, אַז מ'זאָל זיי אַנטקעגנקומען מיט דער פאַרקלענערונג בכדי צו דערמעגלעכן די עקזיסטענץ פון די פליישער. ווען דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיי זיך געלאָזט אויפן לעצטן שטרייק. אַ לענגערע צייט איז נישט געקוילעט געוואָרן און די שטאָט האָט נישט געהאַט קיין פלייש. ענדלעך האָט דער מאַגיסטראַט נאָכגעגעבן און די פאַרקלענערונג איז אויסגעפועלט געוואָרן.

דער לעצטער אויפטו פון יענער אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון צעך איז געווען דאָס אָרגאַניזירן דעם עקספּאָרט פון טריף פלייש אין די גרעסערע צענטערס פון לאַנד ווי קאַטאָוויץ, וואַרשע, לעמבערג און אַנד.

אַ בולטער באַוויז ווי אַזוי דער צעך איז געוואַקסן, איז דער פאַרהעלטנישמעסיק הויכער בודזשעט, וועלכן מ'האָט זיך פאַרגינען אָנצונעמען: 4 טויזנט זלאָטעס אַ יאָר.

אין יאָר 1935 איז דורך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג ווידער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס סטאַרשי אברהם זיגעלבוים. צוזאַמען מיט די איבעריקע טוער האָט ער געפירט אַן ענערגישן קאַמף פאַר דער אויסבעסערונג פון די קצבים־אינטערעסן. עס זענען אונטערגענומען געוואָרן ענערגישע שריט צו באַקעמפן די ווינקל־שחיטה, וועלכע האָט געבראַכט קאָלאָסאַלע שאָדנס דער אָרגאַניזירטער פלייש־בראַנזשע. מען האָט אויסגעפועלט גרעסערע קרעדיטן פאַר די קצבים אין דער האַנטווערקער־באַנק, ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אייגענע שאָפע, ווו צו זאַמלען דאָס בלוט פון די געשאָכטענע בהמות און די פאַרשידענע אָפפאַלן, וועלכע גיבן אַ באַדייטנדיקע הכנסה.

דער צעך האָט אויך גענומען אויף זיך גערנוויליק די בירגערלעכע פליכט און זיך באַשטייערט אויף לאָפּ מיט 5 גראָשן פון יעדן געשאָכטענעם שטיקל. דער באַשלוס איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם דעמאָלטדיקן סטאַראָסטע ה. שאַכערסקי.

אין יאָר 1936 קומט דער שרעקלעכער קלאַפּ מיט פריסטאָראָוועס שחיטה־פאַרבאָט. דער היגער פליישער־צעך איז דאַן אַרויס אין קאַמף קעגן דער קהילה פאַר ביליקער מאַכן דעם אָפּצאָל פאַר ריטועלער שחיטה. דער צעך האָט אויך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ צענטראַלן איינקויף־פונקט, וואָס זאָל אָפּקויפן ביי אַלע קצבים די טריפה פלייש־טיילן און זיי זאָלן נישט זיין געצוווּנגען צו פאַרקויפן די „זאַדקעס" (הינטערשטע טיילן) פאַר גראָשנס.

אָבער דער קלאַפּ, וואָס האָט געצילט להשמיד אַלע יידישע קצבים האָט אַלץ איבערגעריסן. די אויפמערקזאַמקייט פון אַלעמען איז געווען געווענדט צום נייעם אומגליק, וואָס טראָגט פאַרניכטונג און אונטערגאַנג.

דער פליישער־צעך האָט, דורך זיין סטאַרשי זיגעלבוים און לייטער דאָססיק, דער ערשטער זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיטן אַלגעמיינעם יידישן פליישער־פאַרבאַנד פון פוילן, וועלכער האָט אונטערגענומען די פאַרטיידיקונגס־אַקציע. דאָ אויפן אָרט איז אויסגענוצט געוואָרן דאָס רעכט פון עקזיסטירנדיקן פליישער־קאָאָפּעראַטיוו און ס'איז אַרויסבאַקומען געוואָרן ביי דער מאַכט אַ קאָנצעסיע אויף 19 יאַטקעס מיט אַ צענטראַלע.

אַזוי אַרום זענען פון די 70 קצבים פאַרזאָרגט געוואָרן מיט עקזיסטענץ 57 קצבים, 9 האָבן באַקומען אינדיווידועלע קאָנצעסיעס און די איבעריקע האָבן געמוזט איבערגעפירט ווערן צו דער מעכאַנישער שחיטה. ווי ווייט פאַראויסזעענדיק ס'איז געווען די טאַקטיק פון דער פליישער־פאַרוואַלטונג, ווייזט דער פאַקט, וואָס נאָך מיט אַ צייט צוריק איידער דאָס שחיטה־אומגליק איז געוואָרן אַ פאַקט, איז שוין דורכן צעך געעפנט געוואָרן אין לוציק אַ קורס פאַר מנקרים, וואָס זאָלן טרייבערן דאָס הינטערשטע פלייש, בכדי צו קאָנען פאַרשטאַרקן דעם פלייש־קאָנטיגענט.

ליידער אָבער האָט דער קאָאָפּעראַטיוו לאַנג נישט עקזיסטירט. זיינע פריווילעגיעס זענען בטל געוואָרן און די קצבים זענען געבליבן שטיין פאַר דער געפאַר פון אונטערגאַנג. די פירער פון צעך האָבן דאַן אויפסניי געמוזט אָנווענדן אַלע מיטלען אויף זיכערן די עקזיסטענץ פון די היגע קצבים. די אינטערווענצן זענען געווען דערפאָלגרייך. 48 קצבים זענען צוריק איינגעאָרדנט געוואָרן ביי די 19 קאָנצעסיעס און אויך פאַר די נישט אָרגאַניזירטע קצבים איז געזאָרגט געוואָרן.

אין יאָר 1938 איז ה' זיגעלבוים ווידער געוויילט געוואָרן אַלס „סטאַרשי". דאַן איז געווען אַקטועל די פראַגע וועגן אַ גרעסערן קאָנטיגענט פלייש און וועגן זיין יושרדיקער פונאַנדערטיילונג. ווען די פילמאָליקע אינטערווענצן אויפן אָרט האָבן נישט געגעבן דעם געהעריקן רעזולטאַט, האָט זיך דער צעך געווענדט אין אַגראַר־מיניסטעריום און דער ענין איז פאָזיטיוו דערליידיקט געוואָרן.

דער צעך האָט באַשלאָסן צו באַשטייערן זיך מיט אַ פריי־וויליקן אָפּצאָל אויף די צילן פון פ.א.ן. (שענקען דעם היגן 24־טן פאָלק אַ שווערע מאַשין־ביקס מיט אַלע צוגאַבן אין דער סומע פון 6000 זלאָטעס). וועגן באַשלוס איז געמאָלדן געוואָרן דעם סטאַראָסטע ה' קאָשטשאָלעק דורכן סטאַרשי זיגעלבוים און לייטער דאָססיק.

אין יאָר 1939 האָט דער פליישער־צעך געפייערט זיין 10־יעריקן יובל. די צאָל מיטגלידער האָט דאַן דערגרייכט 70 פערזאָן.

די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון פאָלגענדיקע פערזאָנען:
א. זיגעלבוים (סטאַרשי צום 9־טן מאָל), אפרים אַבראַמאָוויטש (פאָדסטאַרשי צום 8־טן מאָל), יחזקאל קאָזיאָל (פאָדסטאַרשי), שעפס לעכטער (קאַסיר צום 9־טן מאָל), יוסף שניידער (סעקרעטאַר צום 5־טן מאָל), דוד מנקר, חיים קארדיש, אברהם באטשאר (מיטגלידער).

לוציק, 1938

ש. כאַזאַן

# יידישער ספאָרט אין לוצק

אַפּריל 1918. דער ערשטער פרילינג נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן צום לעבן אויך די יידישע נאַציאָנאַל־געשטימטע סטודענטישע יוגנט אין לויצק, וועלכע האָט זיך דעמאָלט גרופּירט אין דער אָרגאַניזאַציע „הסתדרות".

צווישן די פאַרשידנאַרטיקע צילן און אויפגאַבן פון דער דאָזיקער יוגנטלעכער אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען אָנגעמערקט פיזישע קולטור — אַ קולטור, וואָס האָט ביי יידן געקאָנט זיך אַנטוויקלען נאָר אונטער די שטראַלן פון דער פרייהייטס־זון.

ס'האָט זיך געפונען אַ קריסט, אַ מומחה אין הלכות־פיזישער קולטור, און ער פלעגט דורכפירן מיט די מיטגלידער גימנאַסטישע איבונגען. נישט לאַנג דערנאָך איז פון גלות־עסטרייך געקומען דער לויצקער תושב בנימין פאַרשטיי, אַ גרויסער טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער אויף דעם דאָזיקן געביט, דערצו אַ מענטש מיט אַן אויסגעפּראָכענער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע און האָט זיך געשטעלט בראש פון דער קליינער גרופּע. ער האָט געשאַפן אַ גימנאַסטיק־קורס פאַר אינסטרוקטאָרן, וואָס זייער אויפגאַבע, נאָכן דורכמאַכן דעם קורס, וועט זיין: פירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן פאָלק פאַר די אידעע פון פיזישער רענעסאַנס און פירן די פּראַקטישע אויסבילדונגס־אַרבעט.

ב. פאַרשטיי האָט אויך אָפּגעשאַפט די רוסישע טערמינאָלאָגיע ביי די איבונגען און איינגעפירט העברעיש אַלס אָבליגאַטאָרישע קאָמענדע־שפּראַך.

שווער איז עס אָנגעקומען די רוסיש־אַסימילירטע קאַנדידאַטן־אינסטרוקטאָרן זיך אויסצולערנען די פאַר זיי פרעמדקלינגענדיקע העברעישע שפּראַך, אָבער זייער אויפוואַכנדיק און שטייגנדיק נאַציאָנאַל־געפיל איז זיי בייגעשטאַנען גובר צו זיין די דאָזיקע שוועריקייט.



יידישער ספּאָרט־קלוב אין יאָר 1918

זעקס וואָכן האָט געדויערט דער ערשטער אינסטרוקטאָרן־קורס און דורכגעמאַכט האָבן אים פאָלגנדיקע מיטגלידער: מאָטל גלעזער (היינט זגגי, ישראל), מוליק זבאַר (שפּעטער מעדיצין ד"ר אין פּאַריז), מוני גאַרבאַזש (ישראל), אורי גליקליך (אומגעקומען אין וואַרשע), יאנקל אשכנזי (היינט אין ישראל), לענדער (ישראל), אַננאַ ספּעקטאָר (די פרוי פון וועלט־באַרימטן פידל־ווירטואָז פּראָפ. זאַדרי), מוני שניידער, בלומענקראַנץ און אסתר כאדראווא (ישראל).

ס'איז געדונגען געוואָרן אַ לאָקאַל אין דער „נאַראָדנאַיאַ טשייניא". אַהין פלעגן זיך טאָג־טעגלעך צוזאַמענקומען צענדליקער יידישע זין און טעכטער און אונטער דער אָנפירונג פון די געענדיקטע אינסטרוקטאָרן דורכמאַכן פאַרשידענע גימנאַסטישע איבונגען.



בנימין פאַרשטיי

דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז אין שטאָט זענען אַריין די פּוילישע מיליטערישע באַטאַליאָנען. די נייע מאַכט האָט רעקוויזירט דעם לאָקאַל. די ספּאָרט־מכשירים האָט צוגענומען דער „דעמאט" (אַ מלוכהשע אינסטיטוציע, וואָס האָט געהאט די אויפגאַבע צונויפצוזאַמלען פאַרשידענע מאַטעריאַלן, געבליבענע נאָך די רוסן).

בלייבנדיק אָן אַ לאָקאַל און מכשירים, איז די טעטיקייט אָפּגעשטעלט געוואָרן, און די אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אָבער דער דראַנג ביי דעם בעסערן טייל יוגנט אויסצולעבן זיך געזעלשאַפטלעך, צו האָבן אַ מקום־מקלט, ווו זיך צוזאַמענצוקומען, און דער עיקר — צו טרייבן ספּאָרט און גימנאַסטיק, איז געווען גרויס און האָט זיך נישט געלאָזט דערשטיקן. פלעגן זיך צענדליקער יונגעלייט פון צייט צו צייט צוזאַמענעמען אין גרויסן קהילה־זאַל און דורכפירן גימנאַסטישע איבונגען אונטער דער לייטונג פון די אינסטרוקטאָרן, און גאַנץ אָפט אויך אונטער דער פּערזענלעכער אָנפירונג פון ה' בנימין פאַרשטיי.

האָבן אָבער די דעמאָלטדיקע קהילה־אָנפירער נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די שטרעבונגען פון דער יוגנט און איר געשטערט אַריינצוקומען אין קהילה־זאַל. די יוגנט האָט פונדעסטוועגן נישט רעזיגנירט און פלעגט גאַנץ אָפט, אַדאַנק דער „געשמירטער" הילף (איצט מעג מען שוין מגלה־סוד זיין) פון דעם וועכטער ר' יודל, אַריינבאַקומען זיך אין די אָוונטן אין זאַל און זיך פאַרנעמען מיט גימנאַסטיק.

לאַנג האָט אָבער אַזאַ אומנאָרמאַלער צושטאַנד נישט געקאָנט דויערן. צוליבן נישט וויסן אויף זיכער, ווען מען וועט קאָנען זיך אַהין אַריינבאַקומען, פלעגן קומען ווייניק מענטשן. די גימנאַסטיק האָט געמוזט אויפהערן. האָבן די פירער דאַן באַשלאָסן צו מאַכן נאָך אַ פּרוּוו צו גרינדן אַ זעלבשטענדיקן קלוב. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער יוגנט האָט צו זייער דראַנג נאָך ספּאָרט און פיזישער אַנטוויקלונג געפעלט איין קלייניקייט: מאַטעריעלע מעגלעכקייטן. האָט מען געפּרוּווט זיך פאַרשטענדיקן מיט דער עלטערער געזעלשאַפט. אָבער דאָ איז געווען דאָס פאַרקערטע: מיטלען זענען דאָ, אָבער פאַרשטענדעניש פאַר דער אַרבעט פון דער יוגנט — פאַר קיין פּרוטה נישט.

האָבן זיך אויך דאָס מאָל די פּרוּוון נישט איינגעגעבן, און דער געדאַנק וועגן אַ ספּאָרט־קלוב איז געבליבן הענגען אין חלל.

*

פּסח, יאָר 1921.

אין רעזולטאַט פון פיל אסיפות און זיצונגען פון די ספּאָרט־עסקנים איז געקומען דער באַשלוס, אויסצונוצן די פּסח־טעג פאַר נאָך אַ פּרוּוו צו שאַפן אַ ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע. אויף אַ גרויסער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין דער קהילה איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: מולי זבאַר — פּרעזעס, אילקע רעכטשאַפט — וויצע־פּרעזעס, משה גאָלדבערג — סעקרעטאַר, ש. כאַזאַן — קאַסיר און יאשא פּטיץ — מיטגליד. ס׳איז באַשטימט געוואָרן צו מאַכן אַן אָוונט אין „סטראַזש", צו שאַפן אַ ביסל געלט אויף צו דינגען אַ לאָקאַל. צום אָרגאַניזירן אים איז צוגעצויגן געוואָרן דער בעסטער טייל פון דער יוגנט, און ער איז דורך מיט דערפאָלג. דאַן האָט מען געדונגען אַ לאָקאַל אין הויז פון זבאַר אויף יאַגעלאָנסקא.

אַזוי ווי אַ זאַל פאַר גימנאַסטיק איז דאָרט נישט געווען, האָט זיך די אַרבעט קאָנצענטרירט אויף דער פוטבאָל־סעקציע, מיט וועלכער ס׳האָט אָנגעפירט דער נאָר־וואָס פון רוסלאַנד געקומענער איזיע גאַרמעל (שפּעטער עמיגרירט אין אַמעריקע).

די פוטבאָל־סעקציע האָט שטאַרק פּאָפּולער געמאַכט די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע, נישט אַזוי צוליב איר הויכער קלאַס, ווי צוליב דעם צוזאַמענשטעל פון די שפּילער, וועלכע זענען באַשטאַנען אין גרעסטן רוב שוין פון דער אַזויגערופענער „גאָלדענער" יוגנט.

יעדן טאָג כמעט, אין די פאַרנאַכטן, פלעגן אויף די פעלדער פון די קאַזאַרמעס פאַרזאַמלען זיך צענדליקער יוגנטלעכע, מיטגלידער און נישט־אָרגאַניזירטע, אַלע פלעגן קומען שפּילן, איבן זיך אין דער פוטבאָל־קונסט. אין די שבתים און יו"ט־טעג פלעגן איינגעאָרדנט ווערן מעטשן. די פאַרוואַלטונג האָט „געשמידט דאָס אייזן", אַריינגעצויגן פיל מיטגלידער, איינגעאָרדנט טאַנץ־אָוונטן אין שטאָט און אפילו אויסער דער שטאָט — אין קיווערצער וואַלד.

ווען ס׳איז באַוווּסט געוואָרן אין דער סביבה, אַז אין לויצק עקזיסטירט שוין אויך אַ ספּאָרט־קלוב, ווי אין ראָוונע, דובנע און אַנד., האָט די פאַרוואַלטונג אָנגעהויבן באַקומען איינלאַדונגען צו קומען אויף פריינדשאַפטס־מעטשן.

אַ טראַגי־קאָמישער עפּיזאָד: דער קאַפּיטאַן פון דער פוטבאָל־דרוזשינע, איזיע גאַרמעל, איז געווען אַ שוואַכער אָרגאַניזאַטאָר. איינמאָל האָט ער געמאָלדן, אַז מען פאָרט אויף שבת קיין דובנע אויף אַ מעטש מיטן דאָרטיקן ספּאָרט־קלוב „הכוח", איינער פון די שטאַרקסטע קלובן אויף וואָלין. נאָך פאַרשידענע טריקן, ווי איינלאַדן אַלס ריכטער „מעצענאַסן", וועלכע האָבן דערפאַר געגעבן צושטייער אויף די הוצאות און נאָך פאַרשידענע „סקלאַדקעס", איז געלונגען מיט גרויסער מי צונויפצושטעלן דעם נויטיקן סכום הוצאות־הדרך פאַר דער 14—15 פּערזאָניקער דרוזשינע, און פרייטאָג־צונאַכטס איז מען אַוועק מיט דער באַן קיין דובנע. צווישן דער מאַנשאַפט האָבן זיך געפונען חיים לייבל, שורא בראָנבערג, שימעק באַקאָוויעצקי, מוליק זבאַר, יאשא פּטיץ, קיבריק, שאַכניוק, משה גראָסבערג, גאַרמעל א. אַנד. פון דער פאַרוואַלטונג — רעכטשאַפט און דער שרייבער פון די שורות. די „מעצענאַטן" זענען געווען בן־ציון ראַפּאָפּאָרט און ניסן קאַמער (אַ פערד־הענדלער אויף נידעוו).

אָנגעקומען אין מיטן דער נאַכט קיין דובנע אויפן וואָקזאַל, איז די דרוזשינע, אַ טויט־הונגעריקע אַוועק צופוס אַ 4—5 קילאָמעטער אין שטאָט אַריין. אָבער... קיינער פון דעם דובנער „הכוח" איז נישט געקומען אונדז אָפּנעמען. ווען מיר זענען געקומען אין שטאָט, האָבן מיר דערזען אויף די טומבעס אַ גרויסן אַפיש וועגן אַ פוטבאָל־מעטש צווישן דובנער „הכוח" מיט... לעמבערגער „חשמונאי"!..

די באַדינגונגען, אויף וועלכע אַזעלכע צווישנשטעטישע מעטשן פלעגן איינגעאָרדנט ווערן, זענען געווען אַזעלכע: ז׳י איינגעלאַדענע דרוזשינע פאָרט אויף אירע הוצאות און אייגענע קעסט. נאָכן מעטש נעמען די בעלי בתים אַראָפּ פון דער מעטש־קאַסע די צוריק־הוצאות פאַר דער גאַסט־דרוזשינע. אָבער, אַז דובנע שפּילט גאָר היינט מיט לעמבערג, ווו־זשע וועלן מיר באַקומען אויף די הוצאות צוריק?

מיר האָבן פונדעסטוועגן איבערגעלאָזט די זאָרגן אויף מאָרגן און זענען דערווייל אַוועק זיך באַזאָרגן מיט אַ נאַכטלעגער ערגעץ אין אַ דריטראַנגיקן איינפאָר־הויז אויף דער פּאָדלאָגע.

מיר זענען יאַקאָש איבערגעקומען די נאַכט און שבת פרי אַרויס אין שטאָט אַריין און דאָס מיספאַרשטענדעניש איז געוואָרן קליפּ און קלאָר.

דער מעטש איז דערווייל פאָרגעקומען און אַריינגעבראַכט אַ גרויסע קאַסע. מיר זענען געווען אויפן פעלד אַלס געסט, אָבער מיטאָג האָבן געגעסן זיי, און נישט מיר... וואָרום ווו זאָלן מיר נעמען?...

מיר זענען געבליבן צו שפּילן אַ מעטש מאָרגן, זונטאָג. מיר האָבן מיט מזל אָפּגעשפּילט, אַריינכאַפּנדיק 4 גאָלן. „הכוח" האָט געמאַכט אַ „סקלאַדקע" אויף הוצאות. פאַרן נאַכט־לעגער האָבן מיר פאַרזעצט די... הייזלעך און — היידא אַהיים הונגעריקע און אויסגעשעפּטע. אַ נס וואָס בן־ציון ראַפּאָפּאָרט האָט ערגעץ אויף אַ באַן־סטאַציע געהייסן אונדז אַלעמען עסן אויף זיין חשבון... ווי אַזוי ער האָט אים רעגולירט, ווייסט פריער גאָט, און דערנאָך ער...

נאָך אַ נאַכט פאָרן מיטן שלעפּ־צוג האָבן מיר זיך אַריינבאַקומען אין די היימען און זיך אויסגעגלייכט די ביינער, פאַרזאָגנדיק אַ צענטן שוין צו זיין אויסגעהיט פון אַזעלכע ספּאָרט־עמאָציעס...

*

נישט געקוקט אויף דעם אידעאַליזם פון דער קליינער גרופּע ספּאָרט־טוער, האָט זיך דער קלוב נישט געקאָנט האַלטן. קיין לעגאַליזאַציע איז נישט געווען און ווער ס׳זאָל זיך מיט דעם

פאַרנעמען — אויך נישט. קורץ: אין אַ שיינעם טאָג האָט די פאַרוואַלטונג זיך צוזאַמענגעקליבן אין הויז פון א. רעכטשאַפט, אָפּגעהאַלטן די לעצטע זיצונג און זיך געזעגנט מיט די ביכער און שטעמפּלען, וועלכע זענען אויפגערוימט געוואָרן...

✶

זומער, 19.5.1924.

די אַלגעמיינע לאַגע האָט זיך סטאַביליזירט. דער ספּאָרט האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אויך אין יידישן געסל. באַזונדערס איז דער פוטבאָל דערהויבן געוואָרן ביי דער יוגנט ביז צו אַן אָפּגאָט. נישט אַזוי — אין לויצק. די געציילטע ספּאָרט־אָנהענגער האָבן באַשלאָסן ווידער צו מאַכן אַ פּרווו אויפצושטעלן די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע. ס׳איז צוגעצויגן געוואָרן אַדוו. ראָטפּעלד ער זאָל דורכפירן אַ דערלויבעניש אויף „מכבי״. מאַכט זיך אָבער אַ מעשה, אַז דער ראָוונער „מכבי״, דאַן שוין אַ שטאַרקע מאַנשאַפט, קומט צו פאָרן קיין לויצק אויף אַ מעטש מיטן היגן מיליטערישן קלוב און ער געווינט. ער מאַכט אַ באַנקעט אין איינעם פון די היגע רעסטאָראַנען „פּאָלאָניאַ״, ווו מ׳איז זיך משמח מיטן נצחון און מען זינגט צווישן אַנדערע לידער אין דער רוסישער שפּראַך, פון וועלכער מ׳האָט זיך נישט באַוויזן אָפּצוגעוווינען.

דאָס האָט גורם געווען, אַז „מכבי״ זאָל פאַרבאָטן ווערן אויף וואָלין. האָבן די היגע ספּאָרט־עסקנים מיט ב. פאַרשטיי בראש באַשלאָסן אָנצונעמען דעם נאָמען „חשמונאי״. נאָך אַ לענגערער צייט השתדלות איז געלונגען דעם סטאַטוט צו לע־גאַליזירן.

די גדולה ביי די טוער און יוגנט איז געווען אין־לשער. דער קאָמיטעט אונטער דער אָנפירונג פון ה׳ ראָטפּעלד אַלס פּרעזעס, חייקל ווייץ אַלס וויצע־פּרעזעס און ד״ר צעזאַר כאַיט אַלס קאַסיר — האָט זיך גענומען ענערגיש צו דער אַרבעט. ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין שטאָט־טעאַטער אַ פייערלעכע אַקאַ־דעמיע לכבוד דער דערעפענונג פון קלוב. אָבער נאָך די פייער־לעכע שטימונגען, איז געקומען די גרויע ווירקלעכקייט. מען האָט זיך ווידער איבערצייגט, אַז מיט לויטער אידעאַליזם קאָן מען קיין קלוב נישט אויסהאַלטן, נאָר מען דאַרף אויך האָבן



די אָנפירונג פון „חשמונאי״
פון רעכטס, ערשטע ריי: ל. בורשטיין, ב. פאַרשטיי, ד״ר אָקסמאַן; צווייטע ריי: א. וויינשטיין, י. גרושעווסקי, י. דאָססיק, י. קרוין, ש. כאַזאַן, י. בערגער, ב. פיינטוך.



געלט, און דאָס איז נישט געווען. צו פאַראינטערעסירן די ברייטע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, ווי ס׳איז געשען אין אַנדערע שטעט, איז אַלץ נישט געלונגען. און דער קלוב האָט ווידער אָנגעהויבן וועגעטירן. די קאַנצעלאַריע האָט זיך איבערגעטראָגן פון איין דירה אין דער אַנדערער. אַזוי לאַנג, ביז מ׳האָט דעם קלוב עקסמיטירט, און דאָס ביסל אינווענטאַר איז איבערגעפירט געוואָרן צום פּרעזעס ב. פאַרשטיי אין קאַמער אַריין.

אַ זכר פון „חשמונאי״ פלעגט מען זען בלויז אין די טעג פון מלוכהשע, אָדער יידיש־נאַציאָנאַלע פייערלעכקייטן. די חש־מונאי׳ער פלעגן זיך דאַן באַטייליקן אונטער דער אָנפירונג פון ניי צוגעקומענעם פוטבאָל־קענער, פּראָטשניק פון פּוילישן מיליטער זיגמונט דים, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין לויצק.

אַזוי איז אויך אַוועק דאָס יאָר 1926. ס׳זענען, אמת, צוגע־קומען צוויי וואָגיקע כוחות פאַרן ספּאָרט: יונה אָסיפּאָוו און ישראל דאָססיק, דער פּאָפּולערער ספּאָרט־טוער, וועלכער איז ביז ערב דעם קריג־אויסברוך געשטאַנען אין צענטער פון דער אַלגעמיינער און יידישער ספּאָרט־אַרבעט, אָבער — „איין שוואַלב קאָן קיין זומער נישט מאַכן״.

✶

יאָר 1929.

פון דאָזיקן יאָר דאַטירט זיך דער באַרג־אַרויף פון „חשמו־נאי״ און פון יידישן ספּאָרט בכלל אין לויצק.

מיטגעווירקט דערצו האָט דער „שטאָטישער קאָמיטעט פאַר פיזישער דערציונג״, וועלכער איז דורך דער מאַכט געגרינדט געוואָרן צום לעבן. דער קאָמיטעט האָט געגעבן דעם „חשמונאי״ זיינע מיליטערישע אינסטרוקטאָרן, וועלכע האָבן געמאַכט גימ־נאַסטיק מיט דער יוגנט. דאַן איז געשאַפן געוואָרן אַ ראָווער־סעקציע, וועלכע האָט געהאַט אין אירע רייען שטאַרקע מייסטער, וואָס האָבן געשלאָגן רעקאָרדן. אַזוי האָבן גענומען די מייסטער־שאַפט פון וואָלין אין אַ גייעג־קאָנקורס אויף אַ דיסטאַנץ פון 10 קילאָמעטער די מיטגלידער גערטנער און ל. אַווערבוך. אויף קלענערע דיסטאַנצן האָבן זיך אויסגעצייכנט די מיטגלידער קיגעל און קאַצוביי.

אין יאָר 1930 איז אויף אַ פאַרזאַמלונג אין בית־עם גע־וויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג מיט י. באַרזאַך, ב. פאַרשטיי, י. דאָססיק, נ. אָסיפּאָוו בראש. ס׳איז געדונגען געוואָרן אַ לאָקאַל, אין וועלכן מען האָט אַריינגעפירט צום ערשטן מאָל פּינג־פּאָנג,

וואָס האָט צוגעצויגן די יוגנט מאַסנוויז. אויך די פוטבאָל־סעקציע אינטער דער לייטונג פון י. דאַסקיק האָט אַרויסגעוויזן אַקטיוויטעט.

אַ שטאַרקן שטויס צו דער אַקטיוויזירונג פון ספּאָרט בכלל און פוטבאָל בפרט האָט געגעבן דער דעמאָלטדיקער יידישע פּאָליציי־קאָמיסאַר ה׳ פּאַוועל העללער. ער איז געווען אַ פּאַר־ברענטער ספּאָרטלער אין אויך — אַ וואַרעמער ייד. אַ דאַנק זיינע באַמיונגען איז געלונגען צו באַקומען אין צענטער פון שטאָט, הינטער די האַלעס, אויף די לאַנקעס, אַ פוטבאָל־פּלאַץ. אַדאַנק דעם האָט די יוגנט געהאַט כסדר אַן אָרט צו טרענירן און איבן זיך אין פוטבאָל. און דאָס האָט אויך געגעבן גרויסע קאַסעס ביי מעטשן, ווייל דער עולם איז אַהער געגאַנגען מאַסנוויז.



פוטבאָל־גרופּע פון „חשמונאי״

פון די מעטשן האָט שוין דער „חשמונאי״ געקאָנט ציען מיטלען צו עקזיסטירן. אויף ווי ווייט די לאַגע איז דאַן געווען גלענצנדיק איז צו זען פון דעם פאַקט, וואָס דער קלוב האָט זיך אונטערגעאַרטלט אַראָפּצוברענגען דעם דאַן וועלט־באַרימטן ווינער „הכוח״, וועלכן ס׳איז אויסגעצאָלט געוואָרן פאַר זיין „גאַסטראָל״ אַזש דריי הונדערט דאָלאַר, וואָס איז דאַן געווען קנאַפּע דריי טויזנט גילדן.

„חשמונאי״ איז געוואָרן פּאָפּולער. ס׳זענען צוגעקומען מיט־גלידער. דער קלוב־לאָקאַל, אין הויז פון יוסף בלינדער, האָט זיך איבערגעצויגן אין פּרעכטיקן לאָקאַל ביי קראַנשטיינען. דאָרטן איז געווען אַ גרויסער זאַל פאַר גימנאַסטיק. באַזונדערס האָט געבליט די פוטבאָל־סעקציע, וועלכע האָט פאַרמאָגט איי־ניקע טאַלאַנטירטע שפּילער, ווי סאַלאָמאָן פינוס, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן באַרימט איבערן גאַנצן לאַנד צוליב זיין אָנטייל אין עטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע מעטשן. אין די דרייסיקער יאָרן האָט פינוס געשפּילט אין לעמבערגער „חשמונאי״, פאַרנעמענ־דיק דאָרטן אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. דאַן האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו אַנגאַזשירן אַלס טרענירער פאַר דער פוטבאָל־דרוזשינע דעם יידיש־אונגאַרישן ספּעציאַליסט זינגער.

✶

יאָר 1933.

אַדאַנק דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון טרענירער און באַזונדערס צוליב דער אידעאַליסטישער באַציונג פון די מיט־גלידער פון דער פוטבאָל־סעקציע, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַמביציע און דיסציפּלין, איז געלונגען אָפּצוהאַלטן אויפן פוטבאָל־פעלד אַ ריי גלענצנדיקע נצחונות און אַריינצוגיין אין דער קלאַס „א״. אויסער דער פוטבאָל־סעקציע זענען אויך געווען טעטיק די גימנאַסטיק־סעקציע, באָקס־סעקציע און ראַווערן־סעקציע. די לעצטע האָט אַרויסגעוויזן גאָר גרויסע אַקטיוויטעט אַזוי, אַז אייניקע אָנפירנדיקע מיטגלידער, נעמלעך: אַדאָלף כאַזאַנאָוו, אייזיק ראַפּאַפּאָרט, יעקב גאָסקאָ, דוד דיאַטלאָוויצקי און משה שניידער, האָבן זיך געלאָזט מאַכן אַ רייזע איבער פוילן, פונוואַנען זיי האָבן זיך אומגעקערט מיט צוויי אַלבאָם־ביכער מיט פאָטאָגראַפיעס און אונטערשריפטן פון אַלע פונקטן, וועלכע זייער טראַסע האָט אַרומגענומען.

אַ גרויסער טייל פון דער געזעלשאַפט האָט אויך אָנגעהויבן צו דעמאָנסטרירן זיין סימפּאַטיע דורך צאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל און באַשטייערן זיך בעת פאַרשידענע אַקציעס.

אין זעלבן יאָר איז געפייערט געוואָרן דער 15־יאָריקער יובל פון „חשמונאי״ דורך אַן אימפּאָזאַנטער אַקאַדעמיע אין שטאָט־טעאַטער, וועלכער איז געווען פול באַזעצט מיט געסט. אַן אויספירלעכן רעפעראַט וועגן „חשמונאי״ האָט געהאַלטן רעד. ש. כאַזאַן, און ס׳איז אויך פאָרגעקומען אַ פּרעכטיקער קאָנצערט־טייל, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט דער באַקאַנ־טער קלאַוויר־מייסטער און קאָמפּאָזיטאָר מאַקס פערשקאָ און דער באַקאַנטער אַקטיאָר לייב לערנער. גרויס בייפאַל האָט אַרויס־גערופן דער לעצטער, זינגענדיק זיין ספּעציעל פאַרפאַסט לידל „חשמונאי״, וואָס שילדערט הומאָריסטיש ווי ס׳וועט אויסזען דער לויצקער יידישער ספּאָרט באחרית־הימים...

## „חשמונאי״

צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון לידל „אַבדול־ביי״

איז פאַרהאַן ביי אונדז אין שטאָט אַ חשמונאי
מיט אַ קליינטשיק פּרעזעס פּ אַ ר ש ט י י.
און אַלץ מאַרשירט פאָראויס,
און עס פירט זיי גרישע גרויס, —
ס׳איז נישט קיין וויץ׳ אוי כ׳לעבן הערט מיך אויס.
פון אונטן — קיפּערמאַן דער לאַנגער „ביורא מיק״
טראַגט זיך קורצע הייזלעך, ס׳איז דאָך אַן אַנטיק,
פון לינקס — סענאַטאָר דאַל,
פון רעכטס גייט זבולן פּערקאַל
און אַלע לויט דעם מושטער אין דער ריי...

רעפריין:

איי, איי איי חשמונאי
וואַרפסטו אַ באַל, איז יענעם אָך־און־ווי,
איי, איי, איי, פּע־קאַ־עס
אוי, ציטערסט פאַר אונדזער חברל פינעס,
אוי דיינע מוסקעלעך
איז נישט פון קלוסקעלעך,
דיינע מיטגלידערלעך
זענען דאָך ריטערלעך,
איי, איי, חשמונאי,
ביסטו אַ צאַצקע — הער איך ווי איך שטיי און גיי.




דאָס יאָר 1936 איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון דער פאַן־אַנטהילונג, וועלכע „חשמונאי" האָט זוכה געווען צו פּראַווען ערשט אויפן 18־טן לעבנס־יאָר.

גאָר אימפּאָזאַנט איז אַדורך די דאָזיקע פייערלעכקייט: אַ גאָטעס־דינסט און פאַן־הייליקונג מיטן אָנטייל פון שטאָט־רב ר' זלמן סאָראָטשקין אין דער גרויסער שטאָט־שול; אַ צאַלרייכער צוג פון אַלע מיטגלידער איבער די גאַסן, וועלכע פירן פון קלוב אין שול; אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע אין רעפּרע־זענטאַנץ־זאַל פון קהילה, וווּ ס'איז פאַרגעקומען דאָס אַריינקלאַפּן די זשעטאָנען אין דער פאַן־שטאַנג און דאָס אַריינשרייבן זיך אין „קופּערנעם בוך", און צום שלוס אַ רייכער באַנקעט.

די גאַנצע צייט איז געשטאַנען אַן ערן־וואַך פון „חשמונאי'ער ביי דער אַנטהילטער פאַן, וועלכע איז געווען פּרעכטיק אין איר אויספירונג און אָריגינעל אין איר נאַציאָנאַלער סימבאָליק, וואָס איז טיף דורכגעטראַכט געוואָרן און האָט באַהאַנדלט איי־ניקע וואָגיקע מאָמענטן פון דער יידישער רומפולער געשיכטע.

די דאָזיקע פאַן, די איינציקע, נישט נאָר אויף וואָלין, נאָר מעגלעך, אַז אין גאַנץ פּוילן, איז געוואָרן פּראָיעקטירט דורכן פּרעזעס בנימין פאַרשטיי און געמאָלט דורכן קינסטלער מ. באָרושעק.

אויך דער „קופּערנער בוך" איז אייגנאַרטיק, הן אין דער פאַרטראַכטונג און הן אין דער אויספירונג. אויף די ערשטע בלעטער זענען פאַראייביקט די גרויסע גייסטער מאַקס נאָרדוי, נחום סאָקאָלאָוו א. אַנד., וועלכע האָבן געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר דעם פיזישן רענעסאַנס פון פאָלק און פאַר פּראַקטישער אַרבעט אויף דעם געביט.

נאָך דער פאַן־פייערונג, האָט די פאַרוואַלטונג גענומען טראַכטן וועגן רעאַליזירן דעם גרויסן געדאַנק וועגן דער שווים־און רודער־האַלע.

נאָך אין יאָר 1933 האָבן די חשמונאי'ער און מיטגלידער פון שטאָטישן קאָמיטעט פאַר פיזישער דערציונג, לאַווניק עלקין און סעקרעטאַר י. דאססיק, אויסגעפּועלט ביים קאָמיטעט אַ פּלאַץ פאַר אַ שווים־האַלע, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דער טאַמע ביים טייך סטיר, נישט ווייט פון דער פּוילישער „טאָוואַ־זשיסטוואָ וויאָשליאַרסקיע". דעם דאָזיקן פּלאַץ האָט „חשמונאי" אַרענדירט אויף 10 יאָר, און מ'האָט גענומען טראַכטן וועגן אויסבויען דאָרטן אַ שווים־האַלע, אין וועלכער ס'האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ נויטווענדיקייט. ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט בראש מיט ד"ר מאיר גריפעל. דער קאָמיטעט האָט דורכגעפירט אַ זאַמל־אַקציע און צונויפגענומען אַ פּאָר הונדערט גילדן. ס'איז שוין אַפילו געמאַכט געוואָרן אַ פּאַרקן אויפן פּלאַץ מיט אַ טויער און טרעפּ אַראָפּצוגיין, אָבער — מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט.

צי איז דאָס געשען דערפאַר, ווייל בראש פון קאָמיטעט זענען געשטאַנען מענטשן, הגם פּראַקטישע, אָבער אָן אידעישע פליגל. צי איז נאָך די צייט נישט ראוי געווען פאַר דער פאַר־ווירקלעכונג פון דאָזיקן געדאַנק. אַ פאַקט איז, אַז דער קאָמי־טעט איז זיך צעפאַלן; דער פּאַרקן איז איבערן ווינטער צע־שלעפּט געוואָרן, און די איבערגעבליבענע קלעצער האָט מען אַראָפּגעפירט, ווי תמיד, אויפן הויף צום פּרעזעס פאַרשטיי.

אין משך פון זומער 1937 האָט זיך געדוכט: אָט־אָט געשעט שוין דער נס און ס'וועט אויפגעשטעלט דער שווים־סטאַדיאָן, אָבער ס'זענען אַרויסגעשווימען שוועריקייטן מצד דער פּוילישער מאַכט. מיר האָבן געמוזט רעזיגנירן פון פּלאַץ און נעמען אַ צווייטן אויף דער זייט פון סטיר, נעבן בענען. ערשט אין זומער 1938 זענען ענדלעך אַלע פאָרמאַליטעטן גע־בראַכט געוואָרן אין אָרדענונג און מ'איז צוגעטרעטן בויען.

ביז סוף 1938 איז אין דער געביידע אינוועסטירט געוואָרן 7 טויזנט גילדן. ס'האָט זיך אָבער געפּאַדעוט נאָכאַמאָל אַזוי פיל צום אַרויסענדיקן.

לויצק, 1938



**יצחק שטערנפעלד**

# ש. אנסקי אין לויצק



יצחק שטערנפעלד

דריי מאָל און אין פאַרשידענע צייטן האָב איך אים געזען אין לויצק. און הגם ער איז יעדעס מאָל געקומען מיט אַן אַנדער שליחות, האָט איין שליחות ווי דערגענצט די צווייטע, ווייל, ווי באַוווּסט, איז ש. אַנסקי געווען נישט בלויז שרייבער, דראַמאַטורג און לעקטאָר, נאָר ער איז אויך געווען געזעלשאַפטלעכער עסקן און עטנאָגראַף, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען אַרומצופאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך פון תחום־המושב און זאַמלען, פאַרצייכענען אַלדאָס אַלטע, יידיש־פאָלקסטימלעכע, וואָס נורטעוועט ביים ברייטן פאָלק: זיין געלעכטער און טרערן, זיין געבעט און געזאַנג.

מיט אויסערגעוויינלעכער ליבשאַפט און טרייהייט האָט זיך אַנסקי באַצויגן צו דער מיסיע. מיט דער זאָרגפעליקייט, מיט וועלכער מען צילעוועט פּערל אויף אַ שנירל, פלעגט ער אַלץ אויפנעמען, זאַמלען און פאַרצייכענען, אַז עס זאָל חלילה נישט פאַרלוירן גיין פאַר די צוקונפטיקע דורות.

✶

צום ערשטן מאָל האָב איך אים געזען אין לויצק אין יאָר 1910, אויב איך האָב קיין טעות נישט. ער איז דאַן געקומען אַהער אַלס גאַסט פון דער „יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט" אויף אַ רעפעראַט. די דאָזיקע געזעלשאַפט, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „יעוורעיסקאָיע ליטעראַטורנאָיע אָבשטשעסטוואָ", איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ קליינער גרופּע יידישער אינטעליגענץ מיטן פאַרשטאָרבענעם ד"ר אליי בראָנ־בערג בראש. אָנשליסנדיק זיך דאַן אָן יידיש קולטורעלן רוס־לאַנד, וואָס האָט געפייערט ש. אַנסקיס 25־יעריקע ליטעראַרישע טעטיקייט, האָט די דערמאָנטע געזעלשאַפט איינגעלאַדן דעם בעל היובל אַליין, ער זאָל דאָ לייענען אַ רעפעראַט וועגן דער נייער יידישער ליטעראַטור. ש. אַנסקי האָט די איינלאַדונג אָנגענומען און געקומען. ער האָט דאַן געהייסן סעמיאָן אַקימאָ־וויטש און גערעדט רוסיש. זיינע קלוגע גוטמוטיקע אויגן, וואָס האָבן אַפּערגעקוקט פון אונטער זיין שוואַרצן ברייט־רונדיקן קאַפּעליוש, האָבן צוגעצויגן אַלעמען און תיכף איז אַרום אים געשאַפן געוואָרן אַן אַטמאָספערע פון נאָענטער אויפריכטיקער פריינדשאַפט. אויפן רעפעראַט, וועלכער איז געהאַלטן געוואָרן אין זאַל פון פינטשוקן, איז געקומען אַ גרויסער עולם פון דער יידישער עליטע־געזעלשאַפט און אַלע זענען אַרויס אויסער־געוויינלעך באַגייסטערט און אין אַ יום־טובדיקער שטימונג.

✶

דאָס צווייטע מאָל האָב איך אים געזען אין לויצק אום־געפער אין יאָר 1912. דאַן איז ער געווען דעלעגירט דורך דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין פעטערבורג צונויפּ־צוזאַמלען דאָ אַלטע מעשיות פון גוטע יידן, אַלטע לידער פון פאָלק, חסידישע ניגונים און פאַרשידענע חפצים פון אַלטער־טימלעכן ווערט. דעמאָלט איז ער שוין נישט געווען סעמיאָן אַקימאָוויטש, נאָר פריינד אַנסקי. אין האָטעל „ראָססיאַ" פון מאיר דוניעץ, ווו ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן מיר זיך געטראָפן און נענטער באַקאַנט. אַ ליבער, אַ האַרציקער, מיט אַ שיינעם קלינגענדיקן וויטעבסקער יידיש מיט דער „ריש" — האָט ער מיט אָפענע אָרעמס אויפגענומען אַלע, וועלכע זענען צו אים געקומען, כדי באַקענען זיך, שמועסן, אָדער סתם אַזוי. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ פאָנאָגראַף אויפצונעמען אַלע ווערטפולע געשפּרעכן, געזאַנגען.

שטאַרק געדינט האָט אים דער שטאָט־חזן ר' אהרלע ראָזמאַרין ע"ה. ער האָט אים אַרומגעפירט איבער די חסידישע בתי מדרשים און דאָרט אויסגעהערט מעשיות וועגן גוטע יידן, דערציילט דורך זקנים. און אַז זיי זענען געקומען אין האָטעל־צימער, איז אַנסקי געווען אַ צעפלאַמטער און באַגייסטערטער. איבערגעכאַפּט אַ גלעזל טיי, האָט אַנסקי אָנגעשטעלט דעם פאָנאָגראַף און ר' אהרלע האָט אַריינגעזונגען ר' מעכעלע דעם רב'ס תפילה פין ימים נוראים, אַ שטיק פון דעם מסירות־נפשדיקן דאַווענען פון ר' פיניע קאָלקער ז"ל און אייניקע אַלטע טיש־ניגונים, וואָס בלאָנקען שוין אַרום צענדליקער יאָרן



ש. אַנסקי אין לויצק

אין עולם התוהו אָן אַ תיקון. אויך איך האָב אים אַריינגעזונגען ר׳ לייבעניוס, דעם אַלטן בריסקער רבינס, „צדיק ה׳ בכל דרכיו״, וואָס דער רבי פלעגט זאָגן ביי מנחה פאַר קבלת שבת, און דעם טריסקער „שלום עליכם״ פון פרייטיק־צו־נאַכטס. אַריינגעזונגען האָט אים אויך ר׳ אפרים קראַסנער — אַ הייסער סאַדיגורער חסיד און אַ האַרציקער בעל־תפילה — זיין נוסח פון „עוד יזכור לנו אהבת איתן״ פון ימים נוראימדיקן דאַווענען.

ש. אַנסקי האָט זיך אויך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער אַלטער פורים־שפּיל, וועלכע מ׳האָט דאָ אין לויצק גערופן „גלית־שפּיל״ און זי אַ שטיק צייט אויפגעפירט אין דער ישיבה, שפּעטער — צווישן פאָלק. דאָס איז געווען אַ שפּיל מיט אַ סך לידער און מאַרשן. איך מיט איציק־משה באַטשאַר האָבן מיר זיך אונטערגענומען די זאַך אויפצופירן פאַר זיינעטוועגן. (דעם גאַנצן טעקסט פון דער „גלות־שפּיל״ האָב איך אין זיינער צייט איבערגעגעבן פריינד נחום שטיף ע״ה).

גאַנצע אַכט טעג איז דאַן ש. אַנסקי געווען אין לויצק. כסדר איז ביי אים געשטאַנען אַ קאָכעדיקער סאַמאָוואַר אויפן טיש, און ווער ס׳איז נאָר צו אים אַריינגעקומען, האָט געמוזט טרינקען ביי אים אַ גלעזל טיי.

אין משך פון דער קורצער צייט האָבן מיר זיך אַזוי צוגעבונדן צו אים, אַז ס׳איז געווען שווער אויפן האַרצן ווען ער איז אָפּגעפאָרן. דאָס געזעגענען זיך האָט זיך טיף איינגעשניטן אין זכרון ביזן היינטיקן טאָג.

✶

צום דריטן מאָל האָב איך אים געזען אין ברען פון דער מלחמה. ער איז דאַן געווען שליח פון „זיעמסקי פאַרבאַנד״ און פראָנט־זשורנאַליסט און איז נאָכגעפאָרן דער רוסישער אַרמיי. געווען איז עס דאַן, ווען די רוסן האָבן אָפּגעטראָטן פון גאַליציע. געקומען איז ער קיין לויצק אין אַ מיליטערישן מונדיר אַלס קאַפּיטאַן, אָבער ער איז געווען אַ צעבראָכענער מענטש פיזיש און גייסטיק. אַן איינדרוק האָב איך געהאַט, אַז



ליטעראַרישער קרייז (1914—15)

ערשטע ריי, פון רעכטס: ערשטער — דוד פּטיץ, צווייטע — דאָרע כיזש, פערטער — וויסאָצקי. צווייטע ריי, פון רעכטס: צווייטער — ליבערמאַן, דריטע — ראָזאַ שרייער, פערטער — שפּאַק, זיבעטער — בנציון גרינבערג

דאָס האָבן אויף אים אַזוי געווירקט די גרוילן פון דער מלחמה און באַזונדערס — דער חורבן פון גאַליציע. ער איז גרויער און בלאַסער געוואָרן — און שווייגנדיק, פאַרשלאָסן אין זיך. קוקנדיק אויף זיינע ווייכע אויגן און אויף זיין גרויען קאָפּ, האָט זיך געוואָלט בייגן דעם קאָפּ פאַר אים, פונקט ווי פאַר אַ מאַרטירער און הייליקן.

מער האָב איך אים שוין נישט געזען.



די אַנסקי־גאַס אין לויצק

לויצק, 1938

ש. כאַזאַן

# יידישע פרעסע אין לויצק

די אַנשטייונג פון דער „וואָלינער פרעסע" דאַטירט זיך פון 17־טן אויגוסט 1928. דאַן, אין יענעם פרייטיק, איז נאָך שווערע ווייען געבוירן געוואָרן איר ערשטער נומער. קיין ערשטלינג איז אָבער די צייטונג שוין נישט געוועזן: פאַר איר, מיט גאַנצע צוויי יאָר צוריק, איז געקומען אויף גאָטס וועלטל דאָס וואָכנבלאַט „וואָלין". די „הייבאַם" איז געוועזן דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות און „קוואַטערשאַפט" האָט גענומען יצחק שטערנפעלד — דער איינציקער דאַן שרייבער מיט „סמיכה" פון אַזעלכע ליטעראַרישע ריזן, ווי יונה ראָזנפעלד און א. ליטוואַק.



ש. כאַזאַן

„וואָלין" איז געוועזן די ערשטע יידישע פעריאָדישע צייטונג אין שטאָט און פון איר האָט זיך אָנגעהויבן ווען דאָס ערשטע קאַפּיטל געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין לויצק.

מיר וועלן דעריבער אָנהייבן דערציילן פון דעמאָלט, פון ערשטן נומער „וואָלין".

געוועזן איז עס אָנהייב ווינטער 1926. דאָס יידישע עפנטלעכע לעבן אין לויצק האָט דאַן דורכגעמאַכט דעם באַרג־אַרויף, דעם פרילינג פון באַפרייטן פוילן: אויפקום פון די יידישע בענק, פונאַנדערוווקס פון סאָציאַלע, קולטורעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרפולן די בלויזן און פאַרלאַטען די לעכער אין אונדזער נאָכמלחמהדיקן לעבן; געבורט פון דער ערשטער דעמאָקראַטיש־געוויילטער קהילה און שטאָטראַט. איבער אַלץ האָבן אָנגעהויבן בלאָזן דעמאָקראַטישע ווינטעלעך.

אין יענער צייט איז אין לויצק געוועזן טעטיק אַ ליטעראַרישער יוגנט־קרייז, וואָס האָט געפירט אַן אינטענסיווע קולטור־אַרבעט אין צוויי ריכטונגען:

1) שאַפן אַן אַלגעמיינעם יוגנט־פאַרבאַנד אין לאַנדמאַסשטאַב, וואָס זאָל דער ענג־פאַרטייאישער העגעמאָניע קעגנשטעלן אַ זעלבשטענדיקן פּראָגראַם, וואָס אַנטהאַלט אין זיך לייזונגען פון אַלע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען: נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע, קולטורעלע א.אַנד. ס'איז דערשינען אַ זאַמלהעפט א.נ. „די יידישע יוגנט" און דערנאָך דער ליטעראַרישער זשורנאַל „שפּראָצונגען", וואָס האָט אַריינגעפירט אין דער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק קרעפטיקע טאַלאַנטן.

2) קולטור־אַרבעט אויפן אָרט. ס'זענען פאָרגעקומען רעפעראַטן, ליטעראַרישע פרימאָרגנס, אָוונטן, דיספּוטן, וואָס האָבן געוועקט פאַראינטערעסירונג פאַר רוחניותדיקע ענינים. איניקע פון דאָזיקן יוגנט־קרייז האָבן זיך אויך געוואָרפן אין די רייען פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, ווו זיי האָבן פאַרנומען אָנפירנדיקע פּאָזיציעס אינעם קאַמף קעגן הפקרות און געשטרעבט צו דער דעמאָקראַטיזירונג פון עפנטלעכן לעבן, דורך צולאָזן צום רודער ברייטע שיכטן פון פאָלק.

איינער פון דאָזיקן קרייז, וואָס איז געוועזן טעטיק צווישן די האַנטווערקער, איז דער שרייבער פון די שורות. פאַר אים איז קלאָר געוואָרן, אַז ס'איז נייטיק אַ טריבונע, וועלכע זאָל אַקטיוויזירן די פּאָטענציעלע געזעלשאַפטלעכע כוחות פון צווישן די ברייטע שיכטן און זיי געווינען פאַר דער אַרבעט לטובת הכלל, אין בעסערן זין פון וואָרט.

איז געפאַלן אַ באַשלוס וועגן אַ טריבונע — האָט מען אים באַדאַרפט פאַרווירקלעכן. אָבער וויאַזוי? אַז צווישן דער גאַנצער גרופּע, וועלכע ס'איז געלונגען צו געווונען פאַרן געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ צייטונג, זענען קיין פינאַנסיסטן צי מעצענאַטן נישט געוועזן. אַלע האָבן מיר פאַרמאָגט מנחם־מענדלס חלק צום געשעפט: שכל. חוץ דעם, איז דאַן אין לויצק נישט געווען קיין דרוקעריי, וואָס זאָל האָבן יידישע שריפט. וואָלט דאַן געוועזן שריפט, וואָלטן מיר דאָך געקאָנט טאָן ווי ביי לייטן: מ'גייט אַריין אין דרוקעריי, מען דרוקט אָפּ צייטונגען און... מען באַצאָלט נישט. דאַן האָט מען נאָך אַזאַ „נומער" נישט געקאָנט דורכפירן.

אָבער דער דראַנג אַרויסצוגעבן אַ צייטונג האָט אונדז נישט

Nr. 12 פרייז 10 גראַשן „WOŁYNER WORT"

# וואָלינער וואָרט

Ceny ogłoszeń אַנאָנסן פּרייז

„WOŁYNER WORT"

וואָכנבלאַט פאַר געזעלשאַפט־ווירטשאַפטלעכע און קולטור־פראַגן אויף וואָלין | לוצק, פרייטאָג 19־טן נאָוועמבער | 19 Listopada 193? r.

אָפּגעלאָזט און מיר האָבן זיך דעצידירט אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט — אַזש געדרוקט אין וואַרשע. דער ערשטער נומער אונטערן קעפּל „וואָלין" איז טאַקע דערשינען דאָרטן, ביי דער פריינדלעכער מיטהילף פון חבר יואל פערעל, וועלכער האָט שוין דאַן געוווינט אין וואַרשע. אינעם לייט־אַרטיקל האָט דער שרייבער פון די שורות געשריבן:

„...מיר זענען אַ גרופּע יונגע און דערפאַרענע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס פאַרמאָגן אפשר (אַ שיינער „אפשר"!..) נישט קורחס אוצרות, אָבער דערפאַר פאַרמאָגן מיר מוט, ענערגיע, עקשנותדיקן ווילן, דינאַמיק און טעמפּעראַמענט. דאָס איז, גלויבן מיר, גענוגנדיק. און נאָך אַ זאַך פאַרמאָגן מיר, וואָס דאָס

איז דער עיקר: מיר פאַרמאָגן דעם פולן אָפּטימיסטישן בטחון, די פולע איבערצייגונג, אַז די ברייטע פאָלקסמאַסן, דער בעסטער געזונטסטער טייל פון אונדזער געזעלשאַפט, איז מיט אונדז. און אָט טאַקע די דאָזיקע איבערצייגונג, דער בטחון, שאַפן דאָס דעם רעזערוואַר, וואָס ליפערט אונדז כוח און דרייסטקייט אַרויסצוטרעטן מיט אונדזער אָרגאַן אין אָפענעם קאַמף.

„...אויפהויבן דעם ניוואָ פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וואָלין, וועקן דאָס געזעלשאַפטלעכע באַוווסטזיין ביי די מאַסן, רייניקן און נאָרמאַליזירן אונדזער עפנטלעך לעבן — דאָס איז אונדזער ציל, וואָס מיר שטעלן זיך. אונדזער מאָטאָ: אומפאַרטייאישקייט!"

נאָכן ערשטן נומער, האָט פאַרשטייט זיך, געדאַרפט קומען דער צווייטער. אָבער דאָ זענען מיר געבליבן שטיין. דאָס ביסל געלט, וואָס מיר האָבן אַריינגעלייגט און וואָס מיר האָבן צונויפגעזאַמלט פון די ערשטע אַנאָנסן, איז פאַרברענט געוואָרן ביים ערשטן נומער. מיר האָבן זיך דאַן אַרומגעקוקט, אַז אויב מיר וועלן זיך אָריענטירן אויף וואַרשע, וועט דאָס „פייגעלע די שחיטה נישט אויסהאַלטן" — חוץ דעם, וואָס ס'איז טעכניש גוואַלדיק קאָמפּליצירט. בקיצור: מיר האָבן זיך דעצידירט איינצוקויפן אַן אייגענע זעצעריי. דאַן, האָבן מיר פאַרשטאַנען, וועלן מיר מיט דער צייטונג קאָנען זיין געזיכערט.

געדענקען דאַרף מען, אַז כמעט אַלע שותפים — און אַזעלכע זענען געווען 7 צי 8 — האָבן נישט געהאַט בדעה צו ציען פון דער צייטונג קיין פּרנסה, נאָר זענען צוגעגאַנגען צו דער זאַך מיט ריינע, געזעלשאַפטלעכע כוונות.

גערעדט און געטאָן. ס'איז צווישן אונדז געשאַפן געוואָרן דער נייטיקער קאַפּיטאַל (ביי 5000 זל. דוכט זיך) און גאָר בקרוב האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ זעצעריי מיט אַלע נייטיקע מכשירים אַרויסצוגעבן אַ צייטונג. איינער פון די שותפים איז געווען אַ ספּעץ. דאָס איז שמוליק גאַרבער, באַקאַנט אונטערן נאָמען „טיפּ" — אַ פאַרקירצונג פון „טיפּאָגראַפיע". דעם דאָזיקן נאָמען האָט ער באַקומען אין 1905, אין די צייטן פון „קאָנספּיראַציע". ער האָט אַוועקגעשטעלט אַן ערשטקלאַסיקע דרוקעריי און מיר זענען טאַקע באַלד צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אַ צימער פון זיין באַשיידענער וווינונג האָט אָפּגעגעבן יצחק שטערנפעלד. פון זיין זייט איז געווען אַ גרויסער קרבן דאָס אָפּגעבן אָן שום באַלוינונג אַ צימער, וואָס האָט זיך נאָך דערצו געגרענעצט מיט זיין שלאָף-צימער, און ס'איז געווען אויסגעשלאָסן, אַז דער בליי-שטויב זאָל אַהין נישט אַריינדרינגען. דאָס באַווייזט אָבער דעם אידעאַליזם און די ליבע, וואָס די ערשטע פּיאָנערן פון געדרוקטן יידישן וואָרט האָבן אינוועסטירט אין זייער צייטונג.

נאָך אַן הפסקה פון אַ קנאַפּן חודש, איז דערשינען דער צווייטער נומער, נעמלעך דעם 19־טן נאָוועמבער 1926, אויסגעזעצט אין דער אייגענער זעצעריי און געדרוקט ביי ריכטערן.

דער ער שטעלט זיך פאָר, אַז אַזוי פּשוט איז דאָס נישט צוגעגאַנגען. געדענקען דאַרף מען, אַז די זעצעריי האָט זיך געפונען אויף קראַסנע, אונטן, נעבן דער באָד, און ריכטערס דרוקעריי האָט זיך געפונען אויף יאַגעלאָנסקע. דעם זאַץ האָט מען געדאַרפט פירן אויף אַ וועגעלע איבער אַ האַלבער שטאָט, און דער עיקר — אַרויפקומען פון אונטן, אויפן משופּעדיקן באַרג אַרויף.

נישט איינמאָל האָט זיך דער זאַץ „צעבונטעוועט" און — זיך צעשיט איידער ער האָט דערלעבט צו קומען אין דרוקעריי. געווען אַפילו אַ פאַל, ווען דער זאַץ פון אַלע פיר זייטן „וואָלין" האָט זיך געהאַלטן ביים „באַזעצן" אויפן... דעק פון סטיר, אָנשטאָט צו דערשיינען אויפן פּאַפּיר. דאַן האָט מען דעם זאַץ געפירט איבערן פאַרפרוירענעם סטיר. אָבער פּלוצעם האָט מען דערפילט, אַז דאָס אייז ברעכט זיך איין און דאָס וועגעלע קלייבט זיך צו גיין צום גרונט. איך קאָן זיך איצט נישט פאָרשטעלן, ווי וואָלט די שטאָט געווען אויפגענומען דעם „אומגליק", ווען „וואָלין" ווערט דערטרונקען. דערפאַר אָבער געדענק איך, ווי דער הויפּט-מעטראַמפּאַזש איז אַ בלאַסער צוריק אַריין אין זעצעריי און קוים געקאָנט דערציילן, ווי אים איז געלונגען צו מאַכן דעם „השכיבנו נאַזאַד" מיטן זאַץ. אַלע האָבן מיר דאַן געוואָלט גומל בענטשן...

די דאָזיקע איבערלעבענישן און נסיונות האָבן אָבער נישט געקאָנט אָפּשוואַכן אונדזער חשק און ברען אויסצוהאַלטן און ווייטער טאָן די אַרבעט. די צייטונג איז דערשינען רעגולער, בעסערנדיק זיך פון יעדן נומער. זי איז געלייענט געוואָרן או־



מיטאַרבעטער פון „וואָלינער פּרעסע" אין די יאָרן 38—1928
אין צענטער (גרופּע פון זעקס), פון רעכטס אויבן — מ. גליקליך, ש. כאַזאַן, י. כאַראַק; אונטן — י. פרידמאַן, יהודית כאראק, אי. וועגנער.
ערשטע ריי אויבן פון רעכטס — ד"ר ש. ז. יעוועלעוויטש, אלתר באַרדיטש, א. גליקליך, א. גולן; צווישן זיי אין צענטער — מ. שטערנפעלד, מ. וויינשטיין.
צווייטער פון אויבן אַראָפּ, רעכטס — נ. גארטיבל, לינקס — י. שטערנפעלד.
דריטער פון אויבן אַראָפּ, רעכטס — י. ד. פּעטשעניק, לינקס — לייב לערנער.
אונטערשטע שורה, פון רעכטס — י. חומש, ב. וויינשטיין, ש. שלייפשטיין, ש. ז. גאַרבאַזש, י. ליבובער, ד"ר ש. אָקסמאַן, א. לאַנדסבערג

מעטום, אַרויסרופנדיק פּאָזיטיווע אָפּקלאַנגען. די צאָל מיטאַרבעטער איז געוואַקסן און אויך דער קרייז פריינד האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט.

פלוצעם איז געקומען אַ קריזיס: דער שרייבער פון די שורות, וואָס איז געווען הויפּט־רעדאַקטאָר, האָט געמוזט אַרויספאָרן פון לויצק. האָט ער איבערגעלאָזט די צייטונג אויפן נאָענטסטן מיטאַרבעטער, יצחק שטערנפעלד. יענער איז אָבער געווען שוואַך צו פירן די צייטונג, און דער גורל פון דער צייטונג איז געוואָרן נישט זיכער.

אין יידישן עפנטלעכן לעבן האָט זיך דערווייל אָנגעהויבן אַ דיפערענצירונגס־פּראָצעס פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות. ס'איז געווען ערב וואַלן צום שטאָטראַט. ס'האָבן זיך געבילדעט פאַרשידענע לאַגערן. איינער, מיט ד"ר בראָנבערג בראש, און דער צווייטער — מיט ד"ר ב. ביילין בראש. דיביידע לאַגערן האָבן זיך מוראדיק באַקעמפט און געשטרעבט יעדער באַזונדער צו פאַרכאַפּן די העגעמאָניע אין שטאָט. דעם כוח פון אַ צייטונג האָבן שוין דאַן אַלע אָפּגעשאַצט, און ד"ר בראָנבערג האָט אָפּגעקויפט ביי יצחק שטערנפעלד מיט די שותפים דעם „ווערבליוד", ווי איינער פון די אַנטמוטיקטע שותפים, ז. באַגלייבטער, האָט אָנגערופן די זעצעריי. איבערנעמענדיק דעם „וואָלין" מיט הכל בכל, האָט ד"ר בראָנבערג אָנגעהויבן „שניידן" על ה' ועל משיחו. דאַן האָט אויך דער צווייטער צד מיט ד"ר ביילין בראש געקויפט אין וואַרשע אַ נייע זעצעריי און אָנגעהויבן „צוריקשיסן" אין בראָנבערגס לאַגער, מיט זיין צייטונג „וואָלינער געדאַנק".

די דאָזי'קע גאַנצע וואַקכאַנאַליע און מוראדיקן טשאַד, וואָס ביידע צייטונגען האָבן אָנגעמאַכט אין שטאָט, האָב איך, צום גליק, אָבסערווירט פונדערווייטנס, אייניקע הונדערטער קילאָמעטער פון לויצק. דערפאַר וועל איך דעם דאָזיקן פּעריאָד פון דער לאָקאַלער פּרעסע נישט באַהאַנדלען. אַ פאַקט איז אָבער, אַז ווי די דאָזיקע צייטונגען האָבן נישט אויסגעזען, טראָץ דעם, וואָס זיי זענען באַשאַפן געוואָרן אין ברען פון פּערזענלעכע אַמביציעס און געהאָגלט מיט אינסינואַציעס און געוואַשן כסדר די שמוציקע וועש, האָבן זיי דאָך געהאַט דעם פאַרדינסט, וואָס זיי האָבן דעם היגן באָדן נאָך שטאַרקער צעאַקערט און רייף געמאַכט פאַר אַ סטאַבילער צייטונג. איך האָב דאָס דערפילט, ווען כ'בין אין יאָר 1928 געקומען צוריק קיין לויצק. איך האָב דאַן געטראָפן אָנשטאָט מיין צייטונג — אַ חורבה. ביידע צייטונגען — „וואָלין" און „וואָלינער געדאַנק" זענען שוין געווען „מתים". איך האָב צענויפגענומען דעם שארית הפליטה פון די מיטאַרבעטער פון ערשטן „וואָלין": יצחק שטערנפעלד, ש. גאַרבער, ז. באַגלייבטער און — מיר האָבן געקויפט אין וואַרשע אַ פרישע זעצעריי, געדונגען אַ וווינונג אויף פלאָצקע־גאַס אין אָנגעהויבן אַרויסגעבן די היינטיקע „וואָלינער פּרעסע". דעם 17־טן אויגוסט 1928, ווי שוין געזאָגט, איז דערשינען דער ערשטער נומער.

אין פּראָגראַם־אַרטיקל האָבן מיר געשריבן:

„...דורך און איבער די דערשינענע צייטונגען וואַרפן מיר אַ שנור צום ערשטן „וואָלין", צו דער ערשטער ווירקלעך־אומאָפּהענגיקער דעמאָקראַטישער טריבונע. פאַר דער דאָזיקער צייט האָט זיך דאָס לעבן קאַרדינאַל געביטן. די אַמאָליקע תקיפים זענען, ווי נישטיקע יורדים אַראָפּ פון דער אַרענע, ווי גאָרנישט געווען, און פאַר דער צייט זענען אַנדערע אַרויפגעשווומען, וואָס האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. מיר דאַרפן זיך נענטער פאַראינטערעסירן מיט דעם אַלעמען. זייער טעטיקייט אַרונטערלאָזן אונטערן שטראַל פון קריטישן אַנאַליז, אונטער דער קאָנטראָל פון דער עפנטלעכקייט. אונדזער ריכטונג: אין אַלגעמיין פּאָליטישע פראַגן — יידיש נאַציאָנאַל, נישט אין שאָוויניסטישן זינען. אין ספּעציפיש־יידישע פראַגן — דעמאָקראַטיש־וועלטלעך. אין קולטור־פראַגן איז דער אויסגאַנג־פּונקט אונדזער עמוד האש: יידישע קולטור און יידישע שפּראַך. אונדזער מאָטאָ: מיר זענען ניכטער, אומפּאַרטייאיש."

לויצק, 1938

יצחק שטערנפעלד

# יידיש טעאַטער אין יענע יאָרן

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין עפנטלעכן יידישן לעבן אונטער דער אָקופּאַציע פון די עסטרייכער איז געווען דער פאַרמעסט צו שפּילן יידישן טעאַטער.

דאָס אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע לעבן איז דאַן געווען אינגאַנצן אָפּגעשטעלט צוליבן קריגס־צושטאַנד, וואָס האָט געהערשט אין שטאָט. מ'האָט זיך נישט געקאָנט צוזאַמענקומען, ווייל גיין איבער די גאַסן אין די אָוונטן איז געווען פאַרבאָטן.

ס'איז אָבער געווען אַ קרייז טעאַטער־אַמאַטאָרן, וועלכן ס'האָט געצויגן צו דער בינע און שפּילן טעאַטער איז געווען זייער סטיכיע. זיי האָבן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דעם ביטערן מצב פון אומטעטיקייט. דער פראָנט איז ווייט פון לויצק. דאָס לעבן פליסט מער־ווייניקער נאָרמאַל, צו די צרות און אָקופּאַציע־מנהגים האָט זיך שוין יעדער צוגעוווינט. בקיצור, זיי האָבן גענומען עפּעס טאָן. צום קרייז האָבן דאַן געהערט: ראָזאַ קופּערמאַן, בתיה ביק, אסתר גאָרינשטיין, איראַביטער, אפרים מאַראַנץ, שמחה שלייפשטיין, וואָלף שטערן, לייב לערנער (שפּעטער — אַן אַקטיאָר מיט אַ נאָמען) און אברהם קאָלאָדני, וועלכער איז געווען רעזשיסער פון קרייז.

קודם כל האָט מען געדאַרפט האָבן פּראָטעקציע אין דער קרייז־קאָמאַנדע, אַז זי זאָל דערלויבן די טעאַטער־אַרבעט. אַזאַ פּראָטעקציע האָבן זיי באַקומען ביי משה סאָראָקאַ, דאַן אַן עלטערער מיליצמאַן מיט „באַציונגען". ער האָט טאַקע אויס־

געפּועלט די דערלויבעניש און איז געוואָרן דער אָפיציעלער אימפּרעסאַריאָ. אַ טעאַטער־זאַל האָט מען אויך געפונען: דעם אַמאָליקן קינאָ „רענעסאַנס". דעם דאָזיקן קינאָ־זאַל האָבן די עסטרייכער פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַל פאַר פערד, און איצט איז געלונגען פון שטאַל צו מאַכן אַ טעאַטער־זאַל. ס'רעדט זיך נאָר אַזוי: געלונגען. ס'האָט זיך געפאָדערט היפּש געלט צו רעמאָנטירן דעם זאַל און אים דערפירן צו אַן אָרדענונג.

אָבער די אַמאַטאָרן האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן. פון דער אַמאָליקער „בלאַגאָראָדנע סאָבראַניע" האָט מען צוגענומען די בינע און אַנדערע מכשירים, אויפן רעשט האָט יעדער געגעבן פון זיין קעשענע. דערווייל האָט מען געמאַכט רעפּעטיציעס פון „הערצעלע מיוחס". ס'איז אָבער נישט באַשערט געווען צו עפענען דעם פאָרהאַנג אויף דער ערשטער פאָרשטעלונג.

אַ טאָג פאַר דער פּרעמיערע, אין סאַמע מיטן פון דער גענעראַל־פּראָבע, האָט מען פּלוצעם דערהערט אַ שיסעריי.

דאָס האָבן ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן די האַרמאַטן. די שיסעריי האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט און איבער די וועגן האָבן זיך שוין גענומען טראָגן די אָבאָזן — דאָס מאָל די עסטרייכישע. אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען מ'איז אַרויס אויף די גאַסן און דערזען ווי ס'ליגט מיסט, היי און שטרוי, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז מיט קיר'ה האַלט שמאָל, אויב ער לאָזט אַזוי ליגן מיסט אין די הויפּט־גאַסן. אַזוי איז עס טאַקע געווען. ברוסילאָוו האָט דורכגעבראָכן דעם פראָנט, די עסטרייכישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן זיך צוריקציען און — די קראַסנער בריק האָט ווידער געברענט. מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן פון לוציק און מיט זיי איז אויך אַוועק אַ טייל פון די „אַרטיסטן". אַלץ האָט געפּלאַצט.

ווידער זענען געקומען די רוסן. רוסישע אַרטילעריע, קאַוואַלעריע און פּיעכאָטע האָבן פאַרפלייצט אַלע גאַסן, וועגן און טראַקטן. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך דער פראָנט דערווייטערט פון לויצק און אין שטאָט האָט דאָס לעבן זיך ווידער אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן. עס האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט די פאַרשידענע אַדמיניסטראַציע־אַמטן און די ביוראָס. סוחרים האָבן פאַרקערעוועט דעם דישעל: אָנשטאָט קיין גאַליציע, האָט מען אָנגעהויבן פאָרן קיין קיעוו און באַרדיטשעוו. דאָס לעבן איז אָבער מיט יעדן טאָג שווערער געוואָרן. ס'איז שוין געווען דאָס דריטע מלחמה־יאָר. דער יקרות איז געוועזן אין לשער און דערצו האָט געפרעסט עפּעס אַן אומרויק פאָרגעפיל.

אין אַ שיינעם טאָג האָט דער צוג פון קיעוו נישט געבראַכט קיין צייטונגען. אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די פאַרשידנסטע ווערסיעס. מ'האָט קוים דערצויגן ביזן צווייטן פרימאָרגן, אָבער קיין צייטונגען זענען ווידער נישט אָנגעקומען. ערשט אויפן דריטן טאָג האָבן זיך אויף די ווענט באַוויזן גרויסע פּלאַקאַטן אין באַקאַנטן נוסח פון „מי ניקאָלאַי ווטאָראָי", אין וועלכע ס'איז געמאָלדן געוואָרן, אַז ער, ניקאָלאַי, אַבדיקירט פון טראָן לטובת זיין ברודער מיכאל. מיט אַ פאָר טעג שפּעטער האָט זיך באַוויזן אַ נייער פּלאַקאַט — אַז אויך דער ברודער זאָגט זיך אָפּ. די שטאָט האָט זיך צעוויגט. עפּעס אַ נייער ווינט האָט אַ ווייע געטאָן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן גיין אין גאַס עפּעס פרייער, מ'האָט זיך אָנגעהויבן צונויפקומען אין שטיבער, באַהאַנדלען דאָס געשעענע. קיין מלחמה־באַריכטן האָט שוין קיינער נישט געלייענט. דאָס איז שוין גאָר, דוכט זיך, בכלל נישט געווען. אין די צייטונגען, וואָס פלעגן צעכאַפּט ווערן אונטער די הענט, האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף נייע נעמען, ווי מיליוקאָוו, גוטשקאָוו, שולגין. דאָ אין שטאָט האָט די היימישע נאַטשאַלסטווע באַקומען דימיסיע. די „גאָראָדאָוואָיעס" האָבן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אויסבאַהאַלטן און קאָמענדאַנט איבער דער שטאָט איז געוואָרן פּאָלקאָווניק קורץ. אָט די פרילינגס־ווינטעלעך האָבן אַלעמען געוועקט צו אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, יעדן לויט זיינע אַספּיראַציעס און פעיקייטן.

אין אַ קאַפע־הויז אויף דאָמיניקאַנסקע־גאַס פלעגט זיך דאַן צונויפקומען אַ קרייז יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר יידישער קולטור־טעטיקייט. געווען זענען דאָס: שמעיה קימעלמאַן, זיסיע באַגלייבטער, א. ארמעל, יאַנטל ארמעל, שוועסטער יוז, שייקע וויסבערג — אַלץ אָנגעלאָפענע „ביעזשענצעס" פון דער נאָענטער פּראָווינץ, און די לויצקער איינוווינער: ברודער און שוועסטער ראָזמאַרין, דבורה גרינשטיין, יאכע און יצחק שטערנפעלד, שמואל טשיטשאָטקא און אַנד.

אַזוי ווי ס'האָט זיך אָנגערוקט דער יום־טוב פּסח, האָט דער קרייז באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ פּרץ־אָוונט. אין שטוב ביי אהרן סקירטש, ווו ס'איז פאַר דער מלחמה געווען דאָס בית־הספר און מ'פלעגט דאָרט מאַכן חתונות, איז די פּרץ־אַקאַדעמיע פאָרגעקומען. ס'איז געווען אַ שרעקלעכע ענגשאַפט. אָבער דער עולם איז געווען אַזוי באַגייסטערט, אַז אַפילו ביז טאָג וואָלט ער גרייט געווען צו פּרעגלען זיך אין דער שטיקעניש. אַ רעפעראַט וועגן פּרצן האָט געלייענט דער שרייבער פון די שורות. דער צווייטער טייל איז באַשטאַנען פון רעציטאַציעס פון דבורה גרינשטיין, שוועסטער יוז, ברידער ראָזמאַרין א. אַנד.

באַפליגלט פון קאָלאָסאַלן דערפאָלג פון דאָזיקן אָוונט, האָבן די דערמאָנטע פּערזאָנען, וועלכע זענען אַדאַנק דעם אָוונט פעסטער צונויפגעבונדן געוואָרן, באַשלאָסן צו שאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס זאָל געבן פאָרשטעלונגען.

נישט אַזוי לייכט איז געווען צו פינאַליזירן דעם דאָזיקן באַשלוס. דער קרייז איז באַשטאַנען פון מענטשן מיט אַ געפיל פון אחריות און אימתא דציבורא. קיין פאַכלייט, וואָס זאָלן זיך קאָנען אויף דער טעכניק פון אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג זענען נישט געווען, וועגן רעזשי, דעקאָראַציעס און רעקוויזיט האָבן זיי נישט געהאַט קיין אַנונג. אָבער אינטעליגענטע מענטשן זענען זיי געווען, אַ ראָל האָט מען זיי געקאָנט געטרויען — האָט מען זיך גענומען צו דער אַרבעט, גייענדיק אויף „קידוש השם".

ס'איז שוין אַן אַלטער כלל: דרייסטקייט זיגט. אַזוי איז אויך דאָ געווען, ס'האָט זיך צונויפגעשטעלט אַ גאַנץ פיינער קרייז און די פאָרשטעלונגען זענען דורך ביי אַ מאָראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג. אַ טעאַטער־געביידע איז דאַן געווען נישט קיין שלעכטע, דאָס איז געווען אַ הילצערנע זומער־געביידע אין ליובאַרט־שלאָס, ווו די עסטרייכער פלעגן ווייזן פילמען און אַ מאָל געבן טעאַטער פאַר די זעלנער. אָט די געביידע האָט צום ערשטן מאָל זוכה געווען, אַז אין אירע ווענט זאָלן זיך אָנשלאָגן די כוואַליעס פון יידיש לשון. ס'זענען געשפּילט געוואָרן: „צעזייט און צעשפּרייט" פון שלום עליכם, „מיין ווייבס

משוגעת" פון מאַרק אַרנשטיין, גאָרדינס „פאַמיליע צבי", „ברי־דער לוריע", פּרץ הירשביינס „אינטעליגענט", „אננא" און אַנדערע קלענערע זאַכן. אין די אַנטראַקטן, וועלכע זענען געווען גענוג לאַנגע, ווי געוויינלעך ביי ליבהאָבער, האָט מען איינגעפירט, אַז עס זאָל שפּילן מוזיק, בכדי דער עולם זאָל זיך נישט לאַנגווייליקן און נישט דאַרפן קלאַפּן מיט די פיס... היות קיין יידישע מוזיקאַנטן זענען אין שטאָט נישט געווען — אויסער אַ קאַפּעליע חתונה־קלעזמער — פלעגט מען דינגען אַ מיליטערישן קאַזאַקישן אָרקעסטער, וועלכער פלעגט אויסשפּילן די שענסטע אָפּערע־מאָטיוון און אויך יידישע „שטיקלעך".

מיט דער טעכנישער זייט פון די פאָרשטעלונגען, ווי קאַסע, אָרדענונג, האָבן אָנגעפירט: אלתר באַרדיטש, חנה גאַרבאַזש, טעוועל טאַבאַטשניק, ד. גאָלדבערג, ז. אָסיפּאָוו, עזריאל דוב א. אַנד. די הכנסות פון די פאָרשטעלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרווענדן אויף אַ יידישער ביבליאָטעק.

דאָס לעבן איז זיך דערווייל געגאַנגען מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ. געלייענט האָט מען שוין דאַן וועגן קערענסקין. ס'איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג דורכצופירן וואַלן אין דער שטאָט־דומע. אויף דער יידישער גאַס איז אַנטשטאַנען אַ דיפערענצירונג און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אויספּיקן די שפּעטערדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען. אין דער וואַל־קאַמפּאַניע האָט זיך באַטייליקט אַקטיוו דער שפּעטערדיקער דירעקטאָר פון „דזשאָינט" אין פּוילן, ה' יצחק גיטערמאַן, וועלכער איז דאַן געווען אין לוצק. זיין גרוי־פירונג האָט טאַקע אָפּגעהאַלטן דעם גרויסן נצחון ביי די וואַלן. אין דער שטאָט־דומע איז אַריין אַ גרויסע יידישע פראַקציע מיט ה' גיטערמאַן און ד"ר מינינזאָן בראש, ד"ר מינינזאָן איז געווילט געוואָרן אַלס וויצע־פּאַרזיצער פון דער דומע. דערווייל האָט מען אָנגעהויבן צוריק זיך צונויפפאָרן פון די אַלע עמיגראַציע־פּונקטן אַהער קיין לוצק. ס'זענען געקומען אויך די אַלטע טעאַטער־ליבהאָבער: קאַלאַדני, שלייפשטיין, די ברידער עליע־מאיר און שכר ליבובער, ראָזע קיפּערמאַן, פּאָליע ליבערמאַן, ל. קאַטליאַר א. אַנד.

דער עקזיסטירנדיקער טעאַטער־קרייז איז זיך פונאַנדערגעפאַלן און די מיטגלידער זענען אַוועקגעגאַנגען מיט דעם באַוווסטזיין, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט, האָבן זיי בשלימות געטאָן פאַר דער יידישער קולטור. ווייטער זאָלן ממשיך זיין די מער רייפערע און סטאַזשירטע.

אַזוי איז עס טאַקע געווען, אָבער דאָס איז שוין אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

לוצק, 1938

**לייבוש קאַטליאַר**

# „די יידישע פרייע בינע"

די פּיאָנערן פונעם לוצקער יידישן דראַמאַטישן אַמאַטאָרן־קרייז זענען געווען די יידישע קולטור־טרעגער, די פּעדאַגאָגן יאָסל קרעמיען און משה גאָרנשטיין. ביי דער מיטאַרבעט פונעם באַקאַנטן טוער אפרים מאָראַנץ און פון עטלעכע יונגע כוחות, האָבן זיי געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז און מיט זייער באַשיידענע מיטלען האָבן זיי שוין אין ערשטן צענדליק פון היינטיקן יאָרהונדערט אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אין דער געביידע פון די פייערלעשער, אין „שלאָס", („זאַמעק ליובאַרטא"), דער איינציקער אין יענער צייט דערלויבטער און ווייט נישט צוגעפּאַסטער פאַר דעם צוועק לאָקאַל.

אַ געוויסן דערפאָלג ביי די מאַסן האָט אין יענע צייטן געהאַט דער גאָלדפאַדן־רעפּערטואַר. די אויפפירונגען פון אַזעלכע קאָמפּליצירטע פּיעסן ווי „שולמית", „בר־כוכבא", „די כישוף־מאַכערין" און אַנדערע, זענען געווען געלונגענע, און דאָס — אַדאַנק דער מיטבאַטייליקטער זייער באַגאַבטער בתיה, אפרים דעם בדחנס.

די פריאָדישע פאָרשטעלונגען זענען באַזוכט געוואָרן בעיקר דורך די מאַסן און זייער ווייניק דורך די מער קולטורעלע שיכטן, שוין אָפּגערעדט פון דער דעמאָלטדיקער יידישער אינטעליגענץ. ערשטנס, ווייל דער רעפּערטואַר האָט אין אַ געוויסער מאָס פאַרלוירן די אַקטואַליטעט און צווייטנס, צוליב דער פּרימיטיווקייט פון דער אויספירונג. דאָס מינערט אָבער נישט די פאַרדינסטן פון די אויבנדערמאָנטע פּיאָנערן, וועלכע האָבן פאַקטיש געגעבן די אָנרעגונג צו דער שפּעטערדיקער גרינדונג פונעם דראַמאַטישן קרייז „יידישע פרייע בינע", וועמענס אָנפירער און שטענדיקער רעזשיסער איז געווען מיין נאָענטער חבר אברהמל קאַלאַדני. אַדאַנק אים בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט.



אברהם קאַלאַדני

געווען איז עס אין פרילינג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ווען קאַלאַדני (דעמאָלט אַ מיטגליד פונעם רוסישן דראַמאַטישן קרייז, אָנגעפירט דורך אַ געוויסן בוטשינסקי), האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט דעם פאָרשלאָג צו באַנייען די איבערגעריסענע טעטיקייט פון אַמאָליקן ליבהאָבער־קרייז און קומען צו דער יידישער עפנטלעכקייט מיט אַ רייכערן און אויסשליסלעך ליטעראַרישן רעפּערטואַר.



דראַמקרייז (1912)

פון רעכטס:
מאַריאַ איראַרביטער, גענדלער, ראָזאַ ביכאָווסקאַ, ראָזאַ ליטוואַק

נאָכן גענויעם באַטראַכטן די צילן און די מעגלעכקייטן זענען מיר צוגעטרעטן צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן.

איך האָב זיך אונטערגענומען צו שאַפן די פינאַנסיעלע באַדינגונגען און אברהמל האָט אויף זיך גענומען די ליטעראַריש־קינסטלערישע טייל.

זייער שנעל האָט זיך קאָנסטרוירט דער צוזאַמענשטעל פונעם קרייז, וועלכער איז (לויט מיין באַשיידענעם מיינונג) אויסגעפאַלן געלונגען. ס׳איז צוגעשטאַנען צום קרייז דער שוין דעמאָלטדיקער באַקאַנטער, באַגאַבטער און באַליבטער אין לויצק לייבטשיק לערנער.

עס זענען אויך צוגעצויגן געוואָרן די שטענדיקע מיטשפּילערין פון רוסישן דראַמאַטישן קרייז, די עטוואָס־אַסימילירטע ראָזאַ קופּערמאַן און איר פּלימעניצע פּאָלאַ ליבערמאַן. ס׳האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קרייז בתיה ביק און דבורקע גרינשטיין. מיר האָבן אויך נישט פאַרפעלט צו אַנגאַזשירן די איבערגעגעבענע דינטשע גאָרנשטיין. פון מענער האָבן אַנטייל גענומען אין כמעט אַלע פּיעסן מיין חבר מאיר ליבובער און אפרים מאַראַנץ. אַלס טרעפפּונקט פאַר די אַנטיילנעמער פון קרייז איז באַשטימט געוואָרן די וווינונג פון דינטשע גאָרנשטיין. איר הויז איז פּאַקטיש געווען דאָס וויגעלע פון יידישן טעאַטער אין לויצק — אַ שטוב פון כל דכפין, סיי פאַר פּראַגעס, אָדער גלאַט כאַפּן אַ שמועס און טיילן זיך מיט איינדרוקן פון דער פאָרגעקומענער פאָרשטעלונג. דינטשע די גאָרסטען־מאַכערין, וועלכע האָט אַליין געמוזט זאָרגן פאַר דער אויסהאַלטונג פון אירע 3 קינדער און גאַנץ שווער געאַרבעט פיזיש, האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט און נישט אַרויסגעוויזן קיין מידקייט. שטענדיק איז זי געווען גרייט אויפצונעמען די חברים פון קרייז און אַלע מאָל געגרן געדינט מיט אַ גלאָז טיי.

די טעטיקייט פונעם ליבהאָבער־קרייז האָט זיך סיסטעמאַטיש אַנטוויקלט און געוואַקסן. דער רעפּערטואַר איז באַשטאַנען פון די פּיעסן: „גאָט פון נקמה", „דער אידיאָט", „די משפּחה", „די פּוסטע קרעטשמע", „דער דאָרפסיונג", „דער שטומער", „דאָס ווילנער בעל־הביתל", „הערצלע מיוחס" און אַנדערע פּיעסן פון גאָרדינס רעפּערטואַר. ס׳זענען אויך פאָרגעקומען פאָרשטעלונגען פון איינאַקטערס. אַזעלכע אָוונטן זענען דערלאַנגט געוואָרן מיט לייענען און רעציטירן די ווערק פון פּרץ, שלום עליכם און אַנדערע, אויסגעפירט דורך שכר ליבובער, לייבטשע לערנער און מיין ווייניקייט. אין איינעם אַזאַ אָוונט, ביים אויספירן שלום עליכבס איינאַקטער „מענטשן", האָבן אויך אָנטייל גענומען אין גלענצנדיק אויסגעפירט זייערע ראָלן: מאריא איראביטער (שפּעטער עמיגרירט מיט איר מאַן הורוויץ קיין אַמעריקע) און ראָזא די שליאפּאניצע (לויטן מאַנס נאָמען זילבערבערג).

די צוזאַמענאַרבעט אין קרייז איז אין אַלגעמיין געפירט געוואָרן סאָלידאַריש — נישט רעכענענדיק די קליינע אינצידענטלעך וועלכע פלעגן אויסברעכן ביים טיילן די ראָלן אין דער געגעבענער פּיעסע. אַזעלכע קליינע אויפברויזן פלעגן אָבער שנעל ליקווידירט ווערן דורך דער אויטאָריטעטער שטעלונג פונעם דורך אַלעמען אָנערקענטן רעזשיסער קאָלאָדני.

די סאַטיספאַקציע פון אַלע מיטגלידער פונעם דראַמאַטישן קרייז „יידישע פרייע בינע" איז געווען דער גרויסער דערפאָלג, דער מאַטעריעלער און נאָכמער דער מאָראַלישער. די פאָרשטעלונגען זענען שטענדיק פאָרגעקומען ביי אויספאַרקויפטע פּלעצער פון גרויסן טעאַטער־זאַל „אָדעאָן" און זיי האָבן אַרויסגערופן באַגייסטערונג ביי אַלע באַזוכער. אַ גרויסן טייל פון דערפאָלג דאַרף צוגעשריבן ווערן דעם גוט באַקאַנטן אין לויצק געוועזענעם פריזירער נחמן מעלימעווקער, וועלכער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פונעם קרייז און ער האָט אַזוי קינסטלעריש גרימירט די טיפּן, אַז יעדער באַטייליקטער איז אַרויסגעקומען ווי דער אָריגינאַל. די שטורעמס פון די שפּעטערדיקע יאָרן, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און דער עיקר — נאַציאָנאַלע, האָבן צעשטערט דעם בנין, מיט וועלכן לויצק האָט געקאָנט שטאָלצירן. דער בנין איז זיך צעפאַלן, די מערהייט פון יענע טעאַטער־באַזוכער זענען מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע און פון אַלע אַמאָליקע בויער פון דער „יידישע פרייע בינע" זענען געבליבן ביים לעבן נאָר מיין פריינד לייבטשיק לערנער און דער שרייבער פון די שורות.

גוטא פירער / תל־אביב

# אַרום דער יידישער גימנאַזיע אין לוציק

אין ים פון דערינערונגען איבער מיין קינדהייט, שווימט אַרויס די גימנאַזיע אין פאַרשידענע תקופות פון איר עקזיסטענץ.

אָט זע איך זיך נאָך אין די יאָרן 9—10 אין ערשטן קלאַס גימנאַזיע. אַ קליין מיידעלע מאַכט אַלע טעג דורך דעם וועג פון אָנהייב יאַרוויצע ביז דער יידישער גימנאַזיע — נעבן רוסישן סאָבאָר. דער וועג איז נישט לאַנגווייליק, ווייל ער האָט פאַרשידנאַרטיקע פּאַזעס אין זיין לאַנגער שטרעקע... אָט גיי איך אַרויס פון דער היים, וועלכע געפינט זיך אין דער סטרעפּע פון די קאַזאַרמעס, איינגעהילט אין שיינע געדיכטע אַלעען און פאַר מיין קינדערשער פאַנטאַזיע זענען זיי טורעמס באַוווינטע דורך מיטלאַלטערישע ריטער. דער ערשטער איבערגאַנג פירט צו אַ ריי יידישע קלייטלעך, ווו פאַר איינעם פון זיי, אויף אַ הויכער פּריזבע, זיצט די אַלטיטשקע חיה־פייגע און דערוואַרט מיך שוין אויף צו ענטפערן איר האַרציקן „גוט מאָרגן”. איר ברייטער, ליבלעכער שמייכל צעוואַרעמט מיין וועזן אין די גרויע האַרבסט־פרימאָרגנס און איך קריג מוט פאַרן ווייטערדיקן וועג. יאָ, כ׳דאַרף אַ סך מוט, ווייל ביים געסל נעבן זעמאַנס בראָווער, לויערן אויף מיר שקצימלעך מיט שטיינער.

אינטערעסאַנט, אַז די דאָזיקע געפאַר בלייבט מיין סוד. איך דערצייל אים קיינעם נישט, ווייל איך שעם זיך פאַר מיין פּחד. מיט געפילן פון שרעק און העלדישקייט מייד איך גליקלעכוויז אויס די פליענדיקע שטיינער און גיי אַריין אין אַ „זאַנע” געדיכטקײַר באַזעצט מיט יידישע הייזער. דאָס איז די „דאָלינע”.

די דאָזיקע קליינע גאַס איז פול פאַר מיר מיט אַטראַקציעס; דאָס קליינע טייכל מיטן בריקל, די דאָלינער שול, די געוועלבער, די איינוווינער — אַלץ רעדט צו מיר מיט אַ באַזונדערער שפּראַך און אַ פאַרשידענעם אינהאַלט. איך גיי דורך דער שול, און ביי קרוינשטיינס באַרע (גענומען פון אַמבאַר — אַ שפּייכלער פאַר תבואה), הייב איך אָן אַריינצוגיין אין דער „שטאָט”. איך גיי פאַרביי די דריי־שטאָקיקע אימפּאָזאַנטע געביידע פון דער רוסישער גימנאַזיע, דעם שיינעם שטאָט־גאָרטן, דעם סאָבאָר, און ענדלעך — געקומען פאַר 8 אַזייגער אין גימנאַזיע.

אַזוי דויערט דער זעלבער וועג 8 יאָר, טאָג איין, טאָג אויס, אָבער אַזוי פאַרשידנאַרטיק לגבי דעם אינהאַלט פון לעבן אין גימנאַזיע.

די דאָמינירנדיקע ראָל אין דעם גימנאַזיע־לעבן האָבן, פאַרשטייט זיך, געהאַט די לערער. וועלכע פלעגן שאַפן די אַטמאָספערע און דעם אינהאַלט.

דאָס גליקלעכסטע שול־יאָר איז דאָס ערשטע, דער ערשטער קלאַס, וועלכער ווערט געפירט דורכן טייערן, איבערגעגעבענעם, אומפאַרגעסלעכן לערער — סאָלאָמאָן דווידאָוויטש פיינבליט. אַ מענטש מיט אַ גרויס יידיש האַרץ און ברייטער פּעדאַגאָגישער ערודיציע. ער איז אונדזער קלאַסן־דערציער און לערנט לאַטיין און אַריטמעטיק.

מיר, זיינע שילער, זענען יידישע קינדערלעך פון בירגערלעכע היימען, מיט שמאָלע באַגריפן. ער ווייסט, אַז מיר פאַרמאָגן פאַנטאַזיע און אַ גרויסן דראַנג צום וויסן, אָבער ער, אַלס פּעדאַגאָג, איז פאַרזיכטיק — ער וויל, אַז זיין לערע זאָל נישט זיין פאַר אונדז צופיל אַבסטראַקט, און דעריבער געפינט ער דעם וועג צו אונדז דורך שיינע דערציילונגען פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע, פון דער רוימישע געשיכטע, דורך בילדער, עפּיזאָדן,ביישפּילן, גענומענע פון פאָלקסטימלעכן יידישן לעבן. אָבער יעדע דערציילונג ווערט באַגלייט מיט אַ מוסר־השכל, ווייל נישט נאָר לערנען וויל ער אונדז, נאָר אויך דערציען.

ער געווינט אונדזערע הערצער און מיט גרויס פרייד לויפן מיר אין שול צו אונדזער טייערן לערער. און וואָס טוט ער נישט כדי אונדז צו מאַכן גליקלעך? — ער קלויבט צוזאַמען דעם קלאַס אין די נאָכמיטאָג־שעהן אויף דער „לאָנקע” נעבן טייך



בנין פון דער רוסישער גימנאַזיע



אַ גרופּע סטודענטינס פון דער רוסישער פרויען־גימנאַזיע

סטיר, שפּילט מיט אונדז אין קינדער־שפּילן, אַ חבר שפּילט אויף פידל, מען דערציילט מעשיות, אַנעקדאָטן און רעטענישן. אויך אינדיווידועלע הילף גיט ער יעדן איינעם פון אונדז. ער געפינט דעם וועג צו די פאַרבאָרגנסטע ווינקלעך פון אונדזערע נשמות און פאָרזיכטיק, בדחילו ורחימו, מיט גרויס איידלקייט און ליבשאַפט, הייבט ער אָן צו היילן די יעניקע, וועלכע פאַר־מאָגן שוין סימפּטאָמען פון אָפּנויגונגען אין דער נאָרמאַלער קינדער־אַנטוויקלונג. דורך די אָפטע צוזאַמענקונפטן פון קלאַס שאַפט זיך דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן און עס ווערן אָנגענומען די שטעל־פּאָזיציעס פון יעדער קינד אין דער געזעלשאַפט, וועלכע דויערט די גאַנצע 8 יאָר פון אונדזער צוזאַמענלעבן אין גימנאַזיע.

ליידער דויערט אונדזער גליק נאָר דאָס ערשטע לערניאָר, ווייל אויף די פעריען פאַרלאָזט אונדז ה׳ פיינבליט צוליב זיין אַוועקפאָר קיין רוסלאַנד.

אין דעם זעלבן יאָר האָבן מיר געהאַט אויך אַנדערע דער־הויבענע לערער, וועלכע האָבן געלאָזן אַ טיפן איינדרוק.

מען דאַרף דאָ באַמערקן, אַז אין יאָר ווען עס אַנטשטייט די גימנאַזיע — 1918, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און פון דער רוסישער רעוואָלוציע — זענען די לערער פון גימנאַזיע ווערבירט געוואָרן פון געוועזענע מיליטער־לייט, אָדער הויכע באַאַמטע, וועלכע זענען געווען אינטעליגענטע מענטשן מיט העכערער בילדונג. אַ סך פון זיי זענען צופעליק געבליבן שטעקן אין לוצק נאָך דער וועלט־מלחמה און האָבן באַקומען פּאָסטנס אַלס לערער אין גימנאַזיע.

אַזעלכע זענען געווען: ה׳ פריימאַן מיט זיין פרוי וויערא וויקטאָראָוונא, דער לערער פון רוסישער ליטעראַטור — ה׳ רוסאַ־קאָוו, דער לערער פון דייטש — ה׳ קאָרפּוס א. א. וו.

צווישן די אַלע האָט זיך אויסגעצייכנט דער ה׳ פריימאַן, אַ געוועזענער רוסישער אָפיציר. ער איז געווען אַ גלענצנדיקער לערער מיט אַ שיינער אויסערלעכקייט און קלאָרער מעטאַל־שטימע. ער האָט געלערנט נאַטור־וויסנשאַפט און פלעגט אונדז אַריינפירן אין די טיפענישן פון דער נאַטור.

דורך זיין שיינער קלינגנדיקער שטימע, דורך דער פּראַכט־פולער רוסישע שפּראַך, פלעגט אויפוואַכן ביי אים די נאַטור אין דעם ענגן קלאַס. מיט גליענדיקע אויגן און אָפענע מיילער פלעגן מיר באַוווּנדערן די גרויסע ניסים פון גאָטס וועלט. דער לערער פריימאַן האָט אויך געהאַט גרויסע פּעדאַגאָגישע פעיקייטן און גלענצנדיקע דערציערישע מעטאָדן, ער איז געווען האַרציק, איידל און אַ גרויסער קינדער־פריינד.

אָט די גרופּע לערער, געשולטע דורך רוסישער קולטור, האָבן פאַרזייט די ערשטע קערנדלעך פון וויסן און מאָראַל אין

אונדזערע קינדערשע נשמות, וועלכע האָבן זיך געריסן צו בילדונג.

אין די שפּעטערדיקע עטלעכע יאָר, אין די צייטן פון אוקראַינישע אומרוען און ביז דער אַנטשטייונג פון דער פּוילישער רעגירונג, ווערן באַשעפטיקט אין גימנאַזיע לערער, וועלכע האָבן נישט די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס. מערסטנס זענען דאָס געוועזענע רוסישע באַאַמטע, ווי צ.ב. אַ געוועזענער ריכטער און זיין טאָכטער, אָדער אַ פריערדיקער מיליטער־מאַן אַלס לערער פון דער דייטשער שפּראַך א.א.וו.

אָבער אויך אין יענער צייט טיילט זיך אויס דער קליינטשיקער רוסישער דירעקטאָר מיטן נאָמען כוויעדקעוויטש. אַ הומאַניטאַרע געשטאַלט פון דער רוסישער קולטור און אַן אמתער קינדער־פריינד. ער לערנט אונדז מאַטעמאַטיק.

אָבער אויך ער פאַרלאָזט אונדז און אונטערן דרוק פון דער פּוילישער רעגירונג ווערט די הויפּט־שפּראַך פון דער גימנאַזיע געענדערט פון רוסיש אויף פּויליש. דער גאַנצער פּראָגראַם טוישט זיך לויטן פּראָגראַם פון אַ פּוילישער גימנאַזיע. עס ווערט ווי פריער געלערנט העברעיש אַלס שפּראַך, תנ״ך און יידישע געשיכטע — אין העברעיש.

דער גאַנצער לערער־פּערסאָנאַל ווערט געענדערט. אין שפּיץ פון גימנאַזיע שטייט דער דירעקטאָר ה׳ לעדערפיינד, און עס קומען אָן לערער מערסטנס פון יידישער אָפּשטאַמונג, פון גאַליציע, קוואַליפיצירטע מיט הויכער אוניווערסיטעט־בילדונג.

עס הייבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע. דער גייסט פון גימנאַזיע ענדערט זיך אינגאַנצן. די גימנאַזיע הייבט אָן צו שטרעבן אויף צו קריגן רעגירונגס־רעכט מיט מאַטורע־עקזאַמענס, און דער טראָפּ ווערט געלייגט אויף דער לערע ממש.

פאַר אונדז שילער איז דער איבערגאַנג זייער שווער. מיר זענען נאָך געבונדן צום פריערדיקן דעמאָקראַטישן־ליבעראַלן רעזשים, צו דער פריינדלעכער באַציונג פון די לערער און צו אַ ביסל אַ לייכטערער פאָדערונג לגבי דעם לערנען אַליין. אין אָנהייב פון 6־טן קלאַס ווערן מיר אָבער אויפגעפאָדערט צו קנעלן ממש — מען מוז לערנען און אַריינדרינגען אין די גראַמאַטישע געזעצן פון דער נייער שפּראַך, דערלערנען די געשיכטע און ליטעראַטור פון דעם ביז איצט גערודפטן פּוילישן פאָלק און איבער נאַכט ווערן פּוילישע פּאַטריאָטן!

אינטערעסאַנט, אַז די אין פלוג גענומען אויפגעצוווּנגענע פּראָגראַמען, הייבן אָן צו געבן פרוכטן נישט פריער ווי נאָך דריי יאָר. די נייע לערער האָבן זייער ציל דערגרייכט און געמאַכט פון אונדז געטרייע פּוילישע בירגער. ווי אַזוי איז דאָס געשען? די פאַקטאָרן דערצו זענען געווען די גייסטרייכע פּוילישע ליטעראַטור און די מאַרטירער־געשיכטע פון פּוילישן פאָלק. מיר זענען געצוווּנגען צו לייענען די פּוילישע ליטעראַטור. און דאָ איז געשען אָט וואָס: מיט אונדזער יידישער עמאָציאָנעלקייט האָבן מיר זיך אַריינגעוואָרפן אין די ווערק פון מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי, זשעראָמסקי, פּרוס, שענקעוויטש, וויספּיאַנסקי, אָזשעשקאָ א.א. די ענלעכע פּאָליטישע סיטואַציע צווישן אונדזער פאָלק און פּוילן אַלס אונטערדריקטע, די שטרעבונג צו לייזן



אַ קרייז אין דער יידישער גימנאַזיע (1922)



די יידישע גימנאַזיע בראש מיטן דירעקטאָר כוויעדקעוויטש

סאָציאַלע און פּאָליטישע גערעכטיקייטס־פּראָבלעמען, און דערצו די שיינע פּוילישע שפּראַך, דער הויכער ניוואָ פון די פּוילישע פּאָעטן — דאָס אַלץ האָט משפּיע געווען, אַז מיר האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די אָביעקטן פון די לימודים און גענומען רעדן, טראַכטן און זיך האַלטן אויפן פּוילישן שטייגער...

און אַזוי אומזעבאַר האָט אַריינגעדרונגען אין אונדז די פּוילישע קולטור און מיר האָבן איר געווידמעט די שענסטע יאָרן פון אונדזער לעבן. איך זאָג, די שענסטע יאָרן, ווייל די דאָזיקע יאָרן האָבן געהאַט אַ דאָמינירנדיקע ווירקונג אויף אונדזערע לעבנס־אָנשויונגען. אויף די לעקציעס פון שפּראַך און געשיכטע ווערט דער קלאַס פאַרוואַנדלט אין אַ פאָרום פון דע־באַטן, און שאַרפע יידישע קעפּלעך אַמפּערן זיך וועגן פאַרשי־דענע פּראָבלעמען און זוכן דעם אמת. עס האָט אָבער געפעלט אַ דערציערישע האַנט, וועלכע זאָל אונדז פירן אויפן וועג פון זוכן דעם אמת פאַר אונדזער פאָלק. די ראָל פון די לערער איז דאַן געווען מער נישט ווי אַ קאָנטראָלירנדיקע; ד.ה. די לערער פלעגן דערקלערן די לעקציעס, זיי פלעגן קאָנטראָלירן אונדזערע ידיעות, אָבער זיי האָבן נישט גענומען קיין אָנטייל אין געשטאַלטן סיי דעם כאַראַקטער, סיי די לעבנס־אָנשויונגען. און אפשר האָבן זיי אונדז געוואָלט געבן אַ ריין פּוילישע אָריענטאַציע, ווייל זיי זענען אַליין געווען פּוילישע פּאַטריאָטן?

די דאָזיקע לערער האָבן זייער ציל דערגרייכט. די ווענט פון דער גימנאַזיע זענען געבליבן טויב פאַר די דערוואַכונגס־קלאַנגען פון די ברייטע יידישע מאַסן, וועלכע האָבן זיך אין יענע צייטן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע געוועקט און אָרגאַ־ניזירט צו אַ נייעם לעבן פאַרן גאַנצן פאָלק, צו אַ פרייער טעריטאָריאַלער אומאָפּהענגיקייט אויפן יסוד פון גלייכע סאָציאַלע געזעצן — דאָס אַלץ איז צו אונדז נישט דערגאַנגען. פאַר אונדז זענען אויך געבליבן פרעמד די מקורות פון דער העברעישער



דער זיבעטער קלאַס אין גימנאַזיע (1933)

שפּראַך און קולטור, ווייל מען האָט זיי אונדז דערלאַנגט אויפן שפּיץ מעסער און דערנידערט זייער ראָל צו אַ צווייטראַנגיקער לגבי די פּוילישע לימודים. איך דערמאָן ביי דער געלעגנהייט די דריי טייערע העברעישע לערער אונדזערע — ה׳ חלף, קאגאן (כהן) און פּיעטשעניק, וועלכע האָבן טיף געוויטיקט אויף דער סיטואַציע און האָבן דאָך באַוויזן צו געבן אונדז די עלעמענטאַרע יסודות פון עברית. איצט פאַרשטייען מיר אַלע, ווי טיף עס האָבן געליטן די מענטשן, וועלכע האָבן אונדז נישט געקאָנט ראַטעווען פון געפאַר פון פּוילישער אַסימילאַציע. דערצו איז דאָס געגאַנגען. עס האָט אונדז נאָך געראַטעוועט די אָפּשטאַמונג פון טראַדיציאָנעלע היימען, אָבער ביסלעכווייז איז אויך זי געווען באַדראָט...

און דעריבער איז דער סך־הכל אַ טרויעריקער. דאָס פעלן פון אַ דערציערישער האַנט אין דער נאַציאָנאַלער ריכטונג האָט אַרויסגעריסן אונדזער בעסטע יוגנט אין לויצק.

די גרעסטע טייל פון די אַביטוריענטן זענען געבליבן אין פּוילן און געטיילט דעם שרעקלעכן גורל פון אַלע יידן דאָרט.

אַ גרייסער טייל פון דער יוגנט — זייער פעיקע, אינטעליגענטע און באַגאַבטע יידישע קינדער — איז אַוועק אַקערן אין פרעמדע פעלדער... די לעבנגעבליבענע פאַרנעמען אפילו הויכע פּאָזיציעס.

אַ קליינער טייל געפינט זיך אין די מערב־אייראָפּעישע לענדער, וווּ זיי האָבן שטודירט, און נאָר די יעניקע, וועלכע זענען נאָך דעם ענדיקן די גימנאַזיע געקומען אין באַרירונג מיט ברייטע יידישע צענטערס, ווי ווילנע, וואַרשע — זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. אייניקע זענען געקומען קיין ישראל נאָך דער מלחמה.



**אַ גרופּע שילער פון דער יידישער גימנאַזיע**

פון רעכטס, ערשטע ריי: חוה פיש, מאַניע גלעזער (זגגי); צווייטע ריי: י. ניל, ס. קערצמאַן, דירעקטאָר כוועדקעוויטש, ס. מילכיקער, ש. יוניטשמאַן; דריטע ריי: ז. עלבירט, א. נול, י. פּערעלן, אומבאַקאַנט, מאַרקוס מירסקי, דוד ספאַרד, צ. פּעקער.

אָבער טראָץ די נעגאַטיווע רעזולטאַטן, האָט די יידישע גימנאַזיע אין לויצק אַן און פאַר זיך גרויסע פאַרדינסטן.

ביי דער געלעגנהייט פיל איך פאַר מיין חוב צו דערמאָנען די גרופּע עלטערן, וועלכע האָבן געגרינדעט די גימנאַזיע, דאָס זענען: שמחה מילכיקער, אהרן פיש, (יואל בארזאך ?), משה שיינער (און אַנדערע, וועלכע כ׳קען אפשר נישט). זיי האָבן טאַקע געהאַט גוטע כוונות, אָבער אין משך פון דער צייט, האָט די גימנאַזיע גענומען לעבן איר זעלבשטענדיקן לעבן, לויט די אנשויונגען פון די לערער.

איין פאַרדינסט פון דער גימנאַזיע איז דאָס, וואָס קודם כל האָט זי געשאַפן אַ סביבה פון בלויז יידישע קינדער, אין וועלכער מיר האָבן זיך געפילט פריי און נישט געהאַט אויסצושטיין די אַנטיסעמיטישע באַציונג מצד די פּוילישע לערער און שילער.

דער צווייטער פאַרדינסט באַשטייט אין דער בילדונג, וועלכע מיר האָבן באַקומען פון גוטע, אינטעליגענטע און הויך־קוואַליפיצירטע לערער. ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערמאָנען דעם גלענצנדיקן לערער פון געשיכטע, ד״ר מיכאל הענדעל, וועלכער איז געווען אונדזער לערער אין 8־טן קלאַס. צו אונדזער גליק געפינט ער זיך שוין לאַנגע יאָרן אין ישראל ווו ער טראָגט ביי זיין גרויס וויסן אין דער לערע פון געשיכטע סיי אַלס אינספּעקטאָר אין די מיטלשולן און סיי אַלס פּרעלעגענט און שרייבער פון אַרטיקלען וועגן געשיכטע.

אַלזאָ, ווי געזאָגט, האָט די גימנאַזיע אונדז געגעבן בילדונג, וועלכע האָט געוועקט דעם דראַנג צו גיין אין דער גרויסער וועלט, כדי צו זוכן וויסן און ווערן זעלבשטענדיק און פריי.

די גימנאַזיע האָט געטראָגן ליכט אין די יידישע הערצער אין לויצק אין משך פון איר דרייסיק־יאָריקער עקזיסטענץ צווישן ביידע וועלט־מלחמות.



אַ גרופּע שילער פון דער יידישער גימנאַזיע

לויצקער יידישע גימנאַזיע פון דער
קולטור־וויסנשאַפטלעכער געזעלשאַפט
„עלטערן־פאַראיין״

לויצק, פרייטיק 3 יוני 1921.
נומער 1470.

# מעמאראנדום

צום אַמעריקאַנער דעלעגאַט פאַר לויצק און אומגעגנט
ה׳ פּאַפּיר!

ג. ה.

דער עלטערן־קאָמיטעט פון דער לויצקער יידישער גימנאַזיע. וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917, אין דער צייט פון דער קערענסקי־רעגירונג, טיילט אייך מיט, אַז זינט דאַן ווערט זי אויסגעהאַלטן דורך די עלטערן פון די שילער גופא.

אין דער גימנאַזיע לערנען זיך קינדער אין עלטער פון 8 ביז 20 יאָר, פון אַלע שיכטן פון דער לויצקער יידישער באַפעלקערונג.

אין איינקלאַנג מיט אַ ספּעציעלן באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, ווערט 10 פּראָצענט תלמידים, צולים דער שווערער לאַגע פון זייערע עלטערן, באַפרייט פון שכר־לימוד. דאָס דערמעגלעכט, אַז אויך די אָרעמסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג זאָלן קאָנען געבן זייערע קינדער אַ געהעריקע דערציונג פון אַלגעמיינעם און כלל יידישן כאַראַקטער.

אין אונדזער גימנאַזיע זענען אַנגאַזשירט די בעסטע לערער, וועלכע לערנען גרינטלעך, לויטן פּראָגראַם פון די רעגירונגס־שולן, העברעיש, פּויליש, רוסיש, דייטש, פראַנצויזיש, לאַטיין און אַלע איבעריקע אַלגעמיינע למודים. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרשטאַרקטער עמיגראַציע־באַוועגונג קיין פּאַלעסטינע, אָדער אַמעריקע, ווערט אויך די ענגלישע שפּראַך אַריינגענומען אין לערנפּראָגראַם. אויסער דעם לערנען זיך די קינדער אין גימנאַזיע אויך האַנטווערקעריי (ווי טישלעריי, שניידעריי א.א.וו.) און דערמיט באַקומט ביי אונדז דער שילער אַלגעמיינע מיטלע בילדונג, יידישע דערציונג און אויך, אין אַ געוויסער מאָס, האַנט־

אויפן נייעם שול־יאר 1921/22 איז באשלאסן געווארן צו פאר־וואנדלען אונדזער גימנאזיע אין א האנדלס־שול מיט העברעיש אלס אינטערריכטס־שפראך. ס'רוב עלטערן פון אונדזערע קינדער זענען קליינ־הענדלער, פארמיטלער און האנטווערקער. איז דעריבער געווונטשן, אז די קינדער זאלן באקומען אזא בילדונג, וואס זאל זיין צוגעפאסט צו די פראקטישע באדערפענישן פון דער באפעלקערונג.

די אויסגאבן דערויף זענען זייער גרויסע. לויטן פרעלימינאר וועלן די אויסגאבן אויפן לויפנדיקן שול־יאר באטרעפן ביי 8 מיליאן מארק.

אויסער דעם פארמאגן מיר נישט קיין ספעציעלע געביידע פאר אונדזער לערנאנשטאלט. די שול געפינט זיך אין 3 אלטע הייזער, ווו דער סאניטארער און היגיענישער צושטאנד איז א שרעקלעכער. וועגן דעם האט איר, ה' פאפיר, זיך געהאט א מעגלעכקייט צו איבערצייגן, ווען איר זענט געווען אזוי פריינדלעך און באזוכט די שול. די אויסגאבן אויף דירה־געלט זענען זייער גרויסע. האבן מיר דעריבער באשלאסן אויפצובויען אן אייגענע געביידע מיט איינריכטונגען אויף קאבינעטן: כעמישן, פיזישן און האנדלס־וויסנשאפטלעכן. ס'ווערט אויך געפלאנט א מוסטער־גארטן מיט אייניקע ווערקשטאטן. דערויף איז אונדז אומבאדינג נייטיק א סומע פון 25 מיליאן מארק.




מאנטאזש פון מעמאראנדום

25% פון די אלע קאסטן וועט דער עלטערן־קאמיטעט שאפן אויפן ארט און צווישן די עלטערן פון די שילער, וועלכע זענען גלייכצייטיק אויך מיטגלידער פון אונדזער געזעלשאפט. די איבעריקע סומע וואלט געווען געווונטשן צו באקומען פון אונדזערע אמעריקאנער ברידער, א געוויסע טייל אלס א געשאנק און ס'איבעריקע אלס אן אנפראצענטיקע הלוואה אויף עטלעכע יאר.

מיר האפן, אז מיר וועלן זיין בכוח די דאזיקע הלוואה, מיט א טיפן דאנק, צוריקגעבן, ווייל אויב מיר וועלן נישט זיין געצווונגען צו צאלן ס'טייערע דירה־געלט, וועלן מיר קאנען דעקן דעם לויפנדיקן חוב. מיר זענען גרייט אויסצופילן אלע נויטיקע פארמאליטעטן, וואס זענען פארבונדן מיטן באקומען די געווונטשענע הלוואה.

אונדזער לערנאנשטאלט איז זייער באליבט ביי אלע שיכטן פון דער לוויצקער יידישער באפעלקערונג און דעריבער ווילן פיל נישט־פארמעגלעכע עלטערן שיקן זייערע קינדער זיך לערנען אין אונדזער שול. ליידער זענען מיר נישט אימשטאנד אנטקעגנצוקומען די גרויסע באדערפענישן און מוזן זיך באגנוגענען נאר מיט 10% שילער, וואס באצאלן נישט קיין שכר־לימוד.

לויטן פראיעקט, וועלכן מיר לייגן דא ביי, דארפן אונדז יעדער שילער קאסטן יערלעך מינימום 5 טויזנט מארק.

אין פארגאנגענעם יאר האבן מיר זיך געווענדעט צו דער אפטיילונג פון דער ד. ד. ק. אין לוויצקער יידישע קהילה און מיר האבן באקומען א געוויסע שטיצע אויף אויפצוהאלטן א גרופע יידישע שילער, וואס האבן אריבערגעשטיגן די צאל 10%.

מיר האבן געגלייבט, אז אויך היינטיקס יאר וועלן מיר פון די אויבנדערמאנטע קוועלן באקומען די געהעריקע שטיצע, און האבן דעריבער צוגענומען אין דער שול נאך שילער פון נישט־פארמעגלעכע עלטערן. אזוי ארום באזוכן די שול ביים היינטיקן טאג 150 קינדער, וועמענס עלטערן עס קאנען נישט צאלן קיין שכר־לימוד.

מיר האבן די דאזיקע קינדער געמוזט ארייננעמען אין גימנאזיע, בכדי זיי זאלן נישט גיין אין שלעכטע וועגן, נישט ווערן קיין גאסן־קינדער, שעדלעכע פאר דער געזעלשאפט, אומנוצלעכע בירגער און **א שאנדע פאר אונדז, יידן.**

צום באדויערן האט זיך היינטיקס יאר די ד. ד. ק. אפגעזאגט אונדז צו שטיצן. איז דעריבער די לאגע פון אונדזער אנשטאלט זייער א קריטישע. מיר האבן נישט קיין מעגלעכקייט איינצוארדענען אלץ, וואס עס איז נייטיק צום לערנפראגראם.

ווענדן מיר זיך צו אייך מיט א הייסער ביטע, אין נאמען פון 500 שילער און שילערינס, פון וועלכע 150 שטאמען פון ארעמע עלטערן, אונדז בייהילפיק צו זיין מיט וויפל איר קאנט נאר און אויך אונדז צוטיילן אן אנפראצענטיקע הלוואה אויף עטלעכע יאר, בכדי מיר זאלן זיך קאנען דערשלאגן צו אן אייגענער שול־געביידע און אונדזערע קינדער זאלן נישט זיין געצווונגען זיך צו לערנען אין דריי באזונדערע חורבות, ווו זיי ווערן, פון היגיענישן און סאניטארישן שטאנדפונקט, שוואך און פארסמט.

העלפט אונדז צוצוקומען צו א מוסטערהאפטער האנדלס־שול, וועלכע וועט ברענגען פיל נוצן דעם הארעפאשנעם טייל פון אונדזער יידישער באפעלקערונג. העלפט אונדז צו ווערן מיט לייטן גלייך און נישט זיין הינטערשטעליק כלפי אונדזערע שכנים (פאליאקן, רוסן, טשעכן און דייטשן), וועמענס לערנאנשטאלטן געפינען זיך אין א גרויסארטיקן צושטאנד.

אייער הילף וועט זיין א גאנץ פרוכטבארע, ווייל דערמיט וועט איר אונדז דערמעגלעכן צו דערציען א געזונטן, געבילדעטן און הארעפאשנעם דור, אפילו דא אין גלות, אבער דאך מיט אן אמת־יידישן חינוך און מיט א שטארקן יידיש־נאציאנאלן באוווסטזיין.

וואלטן מיר געהאט אן אייגענע פראכטפולע געביידע, וואלטן מיר געקאנט, אונטער אונדזער קולטור־וויסנשאפטלעכער געזעלשאפט, ארייננעמען נאך מער שילער פון אנדערע לערנאנשטאלטן. מיר וואלטן געקאנט דערגרייכן די צאל פון טויזנט שילער. אזוי גרויס איז דער ווילן צו וויסן ביי אונדזער יידישער באפעלקערונג.

מיר האפן, אז איר וועט דערפילן אונדזער בקשה אין א געהעריקער מאס, אין א פאסנדיקער פארם און ווי אמשנעלסטן. ווילן מיר אייך, אין נאמען פון אונדזערע קינדער און עלטערן און דער גאנצער פאראינטערעסירטער יידישער באפעלקערונג פון לוויצק, איבערשיקן אונדזערע ברכות און דאנק פאראויס.

די פארוואלטונג:

פארזיצערס: אהרון פיש
שמחה מילכיקער

מיטגלידער: י. זיידמאן
ש. בראדעצקי

סעקרעטאר: א. קאלאדני

ד"ר טוביה לעשנער

# לויצקער סטודענטן אין פראג

אויב דאָס ענדיקן די גימנאַזיע איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן פאַרן רוב עלטערן, איז אָבער א'נדזער לאַגע צענפאַך פאַרקאָמפּליצירט געוואָרן נאָכן באַקומען דעם גימנאַזיע־דיפּלאָם. דאַן האָט אין איר גאַנצער שאַרפקייט זיך אַוועקגעשטעלט די פראַגע: וואָס ווייטער? ווו שטודירט מען, און וואָס שטודירן?

אויב מען זאָל זיך אָפּשטעלן אויפן פּראָצענט פון די מאַטוריסטן, וועלכע האָבן פאָרגעזעצט זייער בילדונג אין די הויכשולן, וועט מען זען ווי גרויס ס'איז געווען דער דראַנג ביי דער לויצקער יידישער יוגנט צו הויכבילדונג.

פון וואַנען האָט זיך גענומען אָט דער דראַנג צו העכערער בילדונג? מען דאַרף דאָך נישט פאַרגעסן, אַז די יוגנט, וועלכע האָט געצויגן צו די אוניווערסיטעטן, איז על פּי רוב געקומען נישט פון רייכע היימען, נאָר פון מיטלשטאַנד און פון אַרבעטער־משפּחות.

די הויפּט־סיבה דערפון דאַרף מען, לויט מיין מיינונג, זוכן אין דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער סיטואַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דעמאָלטדיקן פוילן. דער יוגנטלעכער —



אַ גרופּע יידישע סטודענטן פון לויצק
נעבן בנין פון פראָגער אוניווערסיטעט

סיי פון דער אַרבעטער־סביבה, סיי פון אַזוי גערופענעם מיטל־שטאַנד — האָט צוגעזען די נויט אין שטוב און געווען אַן עדות פון די שטייערן־שיקאַנעס מצד דער פוילישער מאַכט. דערפאַר האָבן זיי געזען זייער איינציקע הילף אין באַקומען אַ דיפּלאָמירטע און קוואַליפיצירטע פּראָפעסיע, ווי: מעדיצין, אַדוואָקאַטור, אינזשיניער, פאַרמאַציע, אַרכיטעקטור א. אַז. וו.

נאַטירלעך וואָלט געווען ממשיך צו זיין די העכערע בילדונג אין געבוירן־לאַנד — דאָרט ווו מען באַקומט די עלעמענטאַרע און מיטעלע בילדונג. אין פוילן האָט אָבער עקזיסטירט אין באַצוג צו יידישע סטודענטן דער אַזוי־גערופענער „נומערוס קלאַוזוס", וואָס פאַקטיש וואָלט מען דאָס גענצע געקאָנט אָנרופן „נומערוס נולוס", וואָרעם אויב, למשל, אַ ייד האָט געוואָלט שטודירן מעדיצין, איז דאָס כמעט ווי אוממעגלעך געווען.

איז בכן געבליבן איין אויסוועג: פאָרן שטודירן קיין אויסלאַנד.

די יידישע שטודירנדיקע יוגנט, וועלכע איז געווען געצוווּנגען אַרויסצופאָרן קיין א'יסלאַנד, איז בעיקר אַוועק אין די צוויי דעמאָקראַטישע לענדער פראַנקרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי. אַ קליינע צאָל יידישע סטודענטן פון פוילן האָט געלערנט אין איטאַליע און אין בעלגיע.

דרך אגב דאַרף מען באַמערקן, אַז אַ סך פון אונדזער שטודירנדיקער יוגנט, וועלכע האָבן געהאַט פעיקייטן און נייגונגען צו אַ באַשטימטן געביט — האָבן אָפט געמוזט דערפון רעזיגנירן און שטודירן אַ פּראָפעסיע, וועלכע איז זיי נישט געווען אַזוי צום האַרצן.

אַזוי, למשל, זענען געווען יוגנטלעכע מיט גרויסע פעיקייטן אויף די געביטן פון מאַטעמאַטיק און כעמיע. זיי האָבן אָבער גוט געוווּסט אַז אַפילו מיט די בעסטע קוואַליפיקאַציעס, וועלן זיי אַלס יידן נישט באַקומען קיין פּאָסטנס. מיט ווייטיק האָבן זיי געמוזט אויפגעבן זייער נאַטירלעכע נייגונג און שטודירן אַנדערע מער צוגענגלעכע פּראָפעסיעס.

פון דער צווייטער זייט אויב עמיצער האָט געוואָלט שטודירן דווקא אַדוואָקאַטור, האָט ער געוווּסט פון פאָראויס, אַז ער מוז עס טאָן בלויז אין פוילן, ווייל מיט אַן אויסלענדישן דיפּלאָם האָט מען אין פוילן נישט געקאָנט פּראַקטיצירן אַדוואָקאַטור (די געזעצן זענען געווען פאַרשידענע). מיר זענען באַקאַנט אַ סך פאַלן, ווען פיל יידישע סטודענטן אין פוילן האָבן פאַרלוירן יאָרן ביים וואַרטן אויף אַ ריי אָנגענומען צו ווערן אויף יוריספּרודענץ.

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן דעם שווערן יאָך וואָס אונדזערע עלטערן האָבן גענומען אויף זיך מיטן באַשלוס צו שיקן זייערע קינדער שטודירן קיין אויסלאַנד. דאָס פאָרן קיין אויסלאַנד איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע עקסטרע אויסגאַבן: פּאַספּאָרט, רייזע־הוצאות, מלבושים. אויסער דעם האָט מען יעדן חודש געדאַרפט שיקן כאָטש אַ מינימום אויף חיונה. די עלטערן האָבן אָבער געטראַכט, אַז מ'וועט זיך מוטשען אַ 4—6 יאָר, אָבער דערפאַר וועט מען זען אַ תכלית.

פאַר די יוגנטלעכע גופא איז דאָס פאָרן שטודירן אין אויסלאַנד געווען פאַרבונדן מיט נייע שוועריקייטן: לערנען די פרעמדע שפּראַך, זוכן אַ וווינונג, צופּאַסן זיך צו דער נייער סביבה א. אַז. וו.

הגם מען האָט די נייע שפּראַך באַהערשט גענוג שנעל, האָט עס דאָך געמוזט דויערן עטלעכע וואָכן ביז מען האָט געקאָנט ווי געהעריק אויסנוצן די פאָרלעזונגען און די ביכער אין דער נייער שפּראַך.

דאָס געפינען אַ וווינונג איז אויך נישט געווען אַזוי לייכט: קיין מאַנגל אין קיין דירות איז נישט געווען, די סטודענטן האָבן אָבער געוואָלט וווינען נאָענט צום אוניווערסיטעט. ראשית, צוליבן איינשפּאָרן טראַמוויי־הוצאות און שנית — טאַקע כדי נישט צו פאַרלירן קיין צייט ביים פאָרן. אין פּראָג האָבן ס׳רוב יידישע סטודענטן פון פוילן געדינגען צימערן ביי נישט־יידן, מחמת קיין יידן האָבן נישט געוווינט אין דער אוניווערסיטעט־געגנט.

אין שייכות דערמיט איז אַנטשטאַנען נאָך אַ פּראָבלעם: די פּראַגע וועגן כשרות. די גרויסע מערהייט פון דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט פון פוילן האָט געשטאַמט פון פרומע היימען, וווּ מ׳האָט אָפּגעהיטן כשרות. די סטודענטן, וועלכע האָבן געוווינט נאָענט צום אוניווערסיטעט און געוואָלט דווקא עסן כשר, זענען געצוווּנגען געווען צו פאָרן און זוכן ערגעץ ווייט אַ כשרן מיטאָג. אַ סך פון די יידישע סטודענטן האָבן סוף כל סוף געמוזט אויפגעבן כשרות, הגם דאָס איז פאַר זיי געווען נישט קיין לייכטער ענין.



אַ גרופּע סטודענטן פון לויצק אין פּראָג

דער איינדרוק פון איבערגאַנג פון אַזאַ פּראָווינץ־שטאָט ווי לויצק קיין פּראָג — איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. דער לויצקער יוגנטלעכער איז ממש אַריינגעפאַלן אין אַ נייער וועלט: ברייטע שיינע גאַסן, הייכע מויערן, גרויסאַרטיקע געשעפטן, קאַפעהייזער, קינאָס, קאָנצערט־זאַלן, טעאַטערס, מוזייען — פון דעם אַלעם האָט מען געקאָנט ווערן פאַרבליפט.

דער הויפּט־פּונקט פאַרן סטודענט אין פּראָג איז אָבער געווען דאָס סטודענטן־הייז, אָדער ווי מ׳האָט עס אויך אַנדערש גערופן: יימקאַ (IMKA).

דאָס סטודענטן־הויז איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך אַמעריקאַנער פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז געווען אַ גרויסער בנין אויף אַ זייער גוטן פּלאַץ — כמעט אין צענטער פון אַלע פאַקולטעטן — מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן פאַרן סטודענט, אָן אונטערשיד פון רעליגיע און ראַסע. פאַר אַ נישטיקן מיטגלידאָפּצאָל האָט דער סטודענט געהאַט די רעכט צו באַנוצן זיך מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן פון דער סטודענטן־היים. אין איינעם פון די גרויסע זאַלן האָבן זיך געפונען די צייטונגען פון כמעט אַלע לענדער און שפּראַכן. אַ סך סטודענטן האָבן דעם גרעסטן טייל טאָג פאַרבראַכט אין דער סטודענטן־היים.

די מעגלעכקייטן פון קולטור־געניוס זענען אין פּראָג געווען זייער גרויסע. אין דער פרייער צייט האָט מען געקאָנט באַזוכן קאָנצערטן, טעאַטערס, מוזייען, לעקציעס אויף פאַרשידענע טעמעס. באַזוכן דאָס אָפּערע־טעאַטער האָט געקאָסט גראָשנס. די לויצקער יידישע סטודענטן האָבן טאַקע אויסגענוצט די אַלע מעגלעכקייטן און אויף די פאַרשידענע קולטור־אימפּרעזעס האָט מען תמיד געקאָנט זען היימישע פּנימער.

נישט שוואַכער איז געווען אונדזער איינדרוק ווען מיר האָבן זיך באַקענט מיטן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּראָג. דאָ האָט מען דערפילט דעם טעם פון דעמאָקראַטיע. ס׳איז כמעט שווער געווען צו פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך: צוויי לענדער, פוילן און טשעכאָסלאָוואַקיי, וועלכע עס טיילט פונאַנדער בלויז איין גרענעץ — און אַזאַ קאָנטראַסט! אין פוילן איז קאָמוניסט געווען אַ שרעק־וואָרט, די טורמעס זענען פול געווען מיט מענטשן פאַר דער איינציקער זינד זייערער — דער גלויבן אין אַ באַשטימטער אידעע, און דאָ, אין פּראָג, האָבן אָנהענגער פון די פאַרשידענסטע אָנשויונגען אַבסאָלוט פריי געקאָנט פּראָפּאַגירן זייערע אידעען.

די מערהייט פון די לויצקער סטודענטן אין פּראָג האָבן אָנגעהערט צו ציוניסטישע פּאַרטייען, און איבערהויפּט — צו די רעוויזיאָניסטישע גרופּעס: „החבר״, „חשמונאי״, „בר גיורא״ און „בריסיה״.

אַ גרויסער טייל פון די לויצקער סטודענטן האָט קולטורעל, פּאָליטיש און סאָציאַל זיך אויסגעלעבט אינעם „בית עם״ אין פּראָג. דאָס איז געווען אַ גרויסע געביידע אינעם יידישן צענטער פון פּראָג, וווּ עס פלעגט זיך צונויפקומען, ספּעציעל אין די אָוונטן, די יידישע געזעלשאַפט פון פּראָג. היות מיר האָבן אָנגעהערט צו באַשטימטע פּאָליטישע ריכטונגען, זענען מיר געוואָרן פאַרבעטן צו די פאַרשידענע מיטינגען און רעפעראַטן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין „בית־עם״. ביי די געלעגנהייטן האָבן מיר זיך געטראָפן מיט די פּראָגער יידן און געשמועסט מיט זיי וועגן פאַרשידענע ענינים.

עטלעכע לויצקער האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָליטישע פּאָזיציעס אין די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אין שייכות מיט דעם דאַרף מען דערמאָנען שמשון יוניטשמאַן און מאַרקוס מירסקי, וועמען אַפילו פּאָליטישע קעגנער האָבן רעספּעקטירט. די לויצקער יוגנט אין פּראָג האָט אויך אָנגעהערט צו פאַרשידענע קולטורעלע און סאָציאַלע געזעלשאַפטן.

צווישן די לויצקער האָבן געהערשט חברישע און נאָענטע באַציונגען. צי דערפאַר, ווייל מ׳האָט זיך געפונען אין אַ פרעמד לאַנד, און אפשר דערפאַר, ווייל גאַנצע גרופּעס האָבן שטודירט אויף די זעלבע פאַקולטעטן און עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָלעגיאַלע פאַרבינדנקייט. אַנדערע ווידער האָבן אָנגעהערט צו דער זעלבער פּאָליטישער ריכטונג, און דאָס האָט זיי געהאַלטן צוזאַמען.

סטאַבילע צוזאַמענטרעפן זענען פאָרגעקומען אין די חנוכה־אין פּורים־אָוונטן. איך געדענק אויך אַן אָוונט פון די לויצקער לכבוד דער חתונה פון לאה זשיטין ע״ה מיט זלמן קווערמאַן ע״ה. מערסטנס אָבער האָט מען זיך געטראָפן צופעליק, ביי די פאַרשידענע לעקציעס אויף די פאַקולטעטן, און אויך נאָכמיטאָג — אין דער סטודענטן־היים.

אַ סך פון די לויצקער סטודענטן האָבן געגעסן אין דער

סטודענטן-היים. קודם כל דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען באַ־קוועם און נאָענט. תיכף נאָך די לעקציעס האָט מען געקאָנט גיין אָפּעסן. ס׳איז געווען נאָך אַ סיבה: באַלד נאָכן מיטאָג אין דער סטודענטן-היים האָט מען געקאָנט לייענען די פּרעסע אין דער שפּראַך, וועלכע איז געווען צום נאָענטסטן, אָדער אָפּרוען אַ ביסל און אין דער זעלבער צייט אָבסערווירן אַ פּינג-פּאָנג אָדער ביליאַרד-שפּיל. דאָרט איז אויך געווען אַ מעגלעכקייט צו טרעפן זיך מיט חברים און דורכדיסקוטירן פּאַרפּלאָנטערטע שטודיע-פּראָבלעמען, פראַגן וועגן כעמיע, פיזיק צי אַנאַטאָמיע.

נאָך אַ פאַקטאָר, וואָס האָט געהאַלטן די לויצקער צוזאַמען איז געווען זייער וווינען פאַרנוויז צוזאַמען אין איין צימער. איך געדענק גוט, אַז יאַשע ראַזאָווסקי און משה ווערניק האָבן כמעט שטענדיק געוווינט צוזאַמען. אַזעלכע פּאָרלעך זענען אויך געווען איזיאַ פינוס און וואָלף קלימבורד, בערענבלום און פעפער ע״ה, שמשון יוניטשמאַן און מאַרקוס מירסקי, איינבינדער און פינקלשטיין. די אויבנדערמאָנטע קאָמבינאַציעס האָבן צייטנווייז זיך געענדערט, אָבער בדרך כלל האָבן געוווינט צוזאַמען אַזעלכע, וואָס האָבן באַזוכט דעם זעלבן פאַקולטעט.

די לויצקער ברודערשאַפט האָט עקזיסטירט נישט בלויז אויף שמחות, נאָר אויך אין נויט. אויב עמיצן האָט אויסגעפעלט אַ פּאָר קראָן, האָט ער באַגעגנט אַן אָפענע האַנט ביי אַ חבר פון לויצק, און אויב נישט — איז געווען אַ הלוואה-קאַסע.

די ״עלטערע״ לויצקער סטודענטן אין פּראָג האָבן אַרויס־געוויזן אַ סך וואַרעמקייט פאַר ניי־אָנגעקומענע לויצקער ביים איינאָרדענען זיך, געפינען אַ דירה, רעגיסטרירן זיך אויפן פאַקולטעט א. אַז. וו.



אַ גרופּע לויצקער יידישע סטודענטן אין פּראָג

אין פּראָג זענען געווען צוויי אוניווערסיטעטן: דער טשע־כישער און דער דייטשער. אויפן דייטשן אוניווערסיטעט האָבן פאָלגנדיקע לויצקער שטודירט מעדיצין: מאַנעלזאָן, טאַניאַ קוניצאַ, משה ווערניק, יאַשאַ ראַזאָווסקי, טוביה לעשנער, איזיאַ פינוס, פייוול פעפער, בערענבלום, וואָלף קלימבורד. אויפן טשעכישן אוניווערסיטעט האָבן שטודירט מעדיצין: מוטשניק, וויסאָצקי, שמשון יוניטשמאַן, פּיעטאַ ראָזענשטראָם, ישראל לעשנער. פאַרמאַציע אויפן זעלבן אוניווערסיטעט האָבן שטודירט: איינבינדער, פינקלשטיין, אברהם קלימבורד, זשעניאַ וואַרקאָוויצקאַ, שטודין, לעווינזאָן, אברהם כיזש, יוקעלסאָן. אַרכיטעקטור (אויף ד.ז. אוניווערסיטעט) — יאַשאַ פּטיץ. אין דער האַנדלס-שול האָבן שטודירט: סאָניאַ פּטיץ, מאַרקוס מיר־סקי, אַבראַשאַ גערטנער, שטודין, וויטיאַ גרינבערג.

בעתן שרייבן די שורות וווּנדערט מיך פאַרוואָס אין אַזאַ דעמאָקראַטיש לאַנד ווי טשעכאָסלאָוואַקיי האָט מען געדאַרפט האָבן אויפן דאָקומענט דעם שטעמפּל ״אויסלענדער״ — אַ מין ״געלע לאַטע״. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ פאַרבאָט פאַר אויס־לענדישע סטודענטן צו אַרבעטן. איך ווייס אָבער פון אַזאַ פאַל ווי מיט וויטיאַ גרינבערג, וועלכער האָט געמאַכט פּרנסה פון שפּילן סאַקסאָפאָן אין אַן אָרקעסטער (וואַרשיינלעך נישט אָפי־ציעל). געוויסע סטודענטן האָבן געצויגן חיונה פון קאָרעפּע־טיציע (איך געדענק, אַז איך אַליין האָב געגעבן אַ קורס אין פיזיאָלאָגיע. דוכט זיך, אַז בערענבלום איז געווען אויף דעם קורס).

ס׳איז געווען נאָך אַ געזעץ: נאָכן ענדיקן דעם שטודיום האָט מען נישט געטאָרט פּראַקטיצירן אין טשעכאָסלאָוואַקיי.

איך שרייב דאָס נישט כדי זיך צו באַקלאָגן. להיפך, איך בין זיכער, אַז די אַלע, וועלכע האָבן שטודירט אין פּראָג, זענען ביז איצט דאַנקבאַר דער דעמאָלטדיקער מאַכט אין טשעכאָסלאָוואַקיי פאַרן געבן אונדז אַ מעגלעכקייט צו באַקומען העכערע בילדונג און אַ באַשטימטע פּראָפעסיע.

אין יאָר 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָבן מיר, יידישע סטודענטן אויף דעם דייט־טשן מעדיצינישן פאַקולטעט, אָנגעהויבן צו פילן דעם אַנטי־סעמיטיזם בעת די לעקציעס. די דייטשע סטודענטן פלעגן ק׳מען אויף די לעקציעס אין זייערע היטלען און בענדער מיט די קאָלירן פון זייערע קאָרפּאָראַציעס. אַלץ אָפטער האָט מען געהערט זייערע לאָזונגען: ״אַרויס מיט די יידן״ אָדער ״אַרויס מיט די אויסלענדער״. אונדזער פאַקולטעט איז אַפילו געווען געשלאָסן אין משך פון 3 טעג נאָך דעם ווי עטלעכע יידישע סטודענטן זענען צעשלאָגן געוואָרן ביז בלוט. די חוצפּה פון די דייטשע אַנטיסעמיטישע סטודענטן איז נאָך גרעסער גע־וואָרן, ווען זיי האָבן דערפילט, אַז דער פּראָפעסאָר איז מיט זיי איינשטימיק.

אויב דער פאָרטראַג-געבער איז געווען אַ יידישער דאָצענט, האָבן די דייטשע קאָליגאַנעס געפייפט און געטומלט, אַז מ׳האָט נישט געהערט קיין וואָרט פונעם פאָרטרעגער. די טשעכישע פּאָליציי האָט זיך נישט געקאָנט אַריינמישן און אָפּשטעלן די עקסצעסן, ווייל דער אוניווערסיטעט האָט געהאַט אויטאָנאָמע רעכט.

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע שוועריקייטן, איז די מי פון אונדזערע עלטערן און זייער מקריב זיין זיך פאַר אונדז נישט געווען אומזיסט. די לויצקער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן שטודירט אין פּראָג זענען צוריקגעקומען אַהיים מיט דיפּלאָ־מען און געקאָנט אָנהייבן פירן אַ לעבן אַלס זעלבשטענדיקע מענטשן.

# די פאָלקס־שול „תרבות"

די „תרבות"־שול איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1918 דורך די באַקאַנטע ציוניסטישע עסקנים: יהושע בערגער (אומגעקומען), ר' חייקל ווייץ ז"ל, אברהם וואַקסמאַן (ישראל) און אברהם גלייזער. לויצק האָט געהערט צו דער אוקראַינישער רעפּובליק און די שול איז געגצלעך אויסגעהאַלטן געוואָרן אויפן חשבון פון דער שול־מאַכט ביי דער קיעווער רעגירונג.

אין יאָר 1921 האָט די שול באַקומען אַ קאָנצעסיע פון דער שול־מאַכט ביי דער פּוילישער רעפּובליק, אויסגעשטעלט אויפן נאָמען פון דער יידישער קהילה אין לויצק. אין יאָר 1923 איז די קאָנצעסיע איבערגעשריבן געוואָרן אויפן נאָמען פון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון דער העברעישער שול־געזעלשאַפט „תרבות".

אין יאָר 1926 לעבט אַדורך די שול אַ שווערן קריזיס. פון 300 קינדער, וואָס האָבן זיך געלערנט אין שול, איז געבליבן בלויז 50. געשען איז עס צוליבן איינפירן מלוכהשע שולן מיט פּוילישער אונטעריכטס־שפּראַך פאַר יידישע קינדער, די אַזוי גערופענע „שאַבאַסוווקעס". אַדאַנק אָבער דער ענערגישער אָנשטרענגונג און אָפּפערווילקייט פון דער אָנפירערשאַפט און לערער און זייער ליבע צו דער דערציונג, איז געלונגען די שול אין אַ קורצער צייט אַרויסצופירן פון קריזיס־צושטאַנד און זי כּונסניי אויפבויען.

אין יאָר 1927 האָט די שול באַזוכט דער באַרימטער העברעישער דיכטער שאול טשערניכאָווסקי, און אין יאָר 1932 — חיים נחמן ביאַליק.ביידע גרויסע דיכטער האָבן אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג פאַרן ניוואָ פון דער „תרבות"־שול אין לויצק.

אין יאָר 1935 אָרגאַניזירט די שול, לכבוד איר 15־יעריקער אָפיציעלער עקזיסטענץ, אַן אימפּאָזאַנטע אויסשטעלונג, וואָס ווערט באַזוכט דורך 5 טויזנט מענטשן און רופט ביי אַלעמען אַרויס באַוווּנדערונג.

אויך די אויסשטעלונג האָט דעמאָנסטרירט דעם הויכן ניוואָ פון דער דאָזיקער פאָלקס־שול.

די שול האָט אַרויסגעלאָזט קרוב טויזנט אַבסאָלווענטן. זיי זענען געווען די פּיאָנערן פון דער העברעישער שפּראַך אין לויצק.

אין 1938 האָט די שול געציילט העכער 400 קינדער, פון זיי 70 פּראָצענט ייִנגלעך און 30 פּראָצענט מיידלעך.

דער יערלעכער בודזשעט פון דער שול מאַכט אויס 25



די תרבות־שול אין יאָר 1921



דער ערשטער אַרויסלאַז פון דער תרבות־שול

טויזנט זלאָטעס. דער לערער־פּערסאָנאַל ציילט 9 פּערזאָן. די לייטונג פון דער שולע געפינט זיך דאַן אין די הענט פון די קוואַליפיצירטע לערערינס טויבע כמאַרע און האַננאַ גאָלדבערג.

צוליב דער גרויסער צאָל קינדער, ווי אויך צוליבן מאַנגל אין אַן אַנטשפּרעכנדיקן לאָקאַל, געפינט זיך די שול אין צוויי געביידעס און אין אַ ספּעציעלן לאָקאַל אויף קאַרדעצקאַ 14. ביי דער שול האָט עקזיסטירט אַ פיינע העברעישע ביבליאָטעק, וועלכע האָט פאַרמאָגט קנאַפּע 2000 ביכער. די ביבליאָטעק האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דער פאַרדינסטפולער יונג־פאַרשטאָר־בענער שול־לייטערין קאַראָלינאַ רייז.

ביי דער שול האָבן עקזיסטירט צוויי האַנטווערקער־וואַרשטאַטן: פאַר טישלעריי און שניידעריי.

צו די ספּעציעלע פאַרדינסטן פון דער אָנפירונג דאַרף אויך צוגעשריבן ווערן דאָס גרינדן העברעישע אָוונט־קורסן פאַר די מוטערס פון די שול־קינדער.

צום שול־קאָמיטעט האָבן געהערט יהושע בערגער — פּרעזעס, שמואל שניידער, נפתלי גאַרטיבעל, בן־ציון גאָלדבערג, משה, גאַניק, טויבע כמאַרע, מאַנעס כץ און ב. שוסטער.

וו. פּ.

טוביה ברגר / תל־אביב

# זכרונותי על „תרבות" בלוצק

לזכר הורי ואחי היקרים
אשר חלמו... ולא זכו...

כחצי יובל חלף מאז עזבתי את לוצק, העיר שבה נולדתי, גדלתי וחונכתי. אם ברצוני להיזכר בעיר מולדתי, אין לי אלא לעצום את עיני לרגע קט והנה עולה דמותה של לוצק. לכאורה, עיר ככל הערים האחרות במזרח פולין (ווהלין), אך למעשה היה בה משהו מן הקסם המיוחד. מצד אחד חוצה אותה הנהר סטיר, אותו הנהר שבקיץ היינו כולנו טובלים במימיו הצוננים ואילו בחורף מחליקים על גבי הקרח. מצד שני, כרי דשא גדולים למרגלות המבצר העתיק „ליברטה", אשר שימש לנו מקום לטיולים. העיר בפנים וגם מסביב עטורה היתה גנים ועצי־פרי.

אך לא הקסם החיצוני בלבד הוא שציין את העיר. לוצק היתה עיר ואם בווהלין. תושביה היו ברובם הגדול יהודים. לכן היה חותם ההווי היהודי, התוסס והער טבוע על העיר. ולא הווי יהודי סתם, אלא הווי ציוני מובהק. החל בביה"ס העממי העברי „תרבות", שלשון ההוראה הראשית בה היתה השפה העברית, בית־העם הציוני, המוסדות הציוניים השונים, המפלגות הציוניות, וכלה ב„הכשרה" של החלוצים, שהתעתדו לעלות ארצה.

בית־הספר העברי העממי „תרבות", שהורי ז"ל היו ממיסדיו, ואשר אמי בינה ברגר ז"ל היתה בו מורה כל השנים, הרביץ לא תורה בלבד, אלא חינך את תלמידיו על ברכי התנ"ך, הספרות והמסורת העברית, ועיקר העיקרים, הקנה להם את האהבה למולדת. לא פלא הדבר, אם תמצא כיום כי רובם של יוצאי עירנו לוצק בישראל קיבלו את חינוכם בבית־ספר זה. אליבא דאמת, דרכו של בית־הספר לא היתה סוגה בשושנים. מלבד הקשיים התקציביים שהתלבט בהם היו לו גם קשיים מסוג אחר — שלטונות פולין לא רצו להכיר בו בנקל. זוכר אני יפה את המאבק שאבי יהושע ז"ל, יו"ר ההסתדרות הציונית בעירנו ומנהל „תרבות", ניהל עם השלטונות על מנת להשיג הכרה ולהקנות לבית־הספר זכויות מליאות. ממאבק זה יצא אבי וידו



הכתה השביעית בבי"ס „תרבות"

על העליונה. בית־ספרנו זכה בסופו של דבר להכרה מליאה, דומה לזו של כל בי"ס פולני אחר, ובוגריו היו מתקבלים לגימנסיה ללא בחינות נוספות. בקשר עם זה אני אף נזכר כי אמי ז"ל, כבר בגיל מבוגר למדי, ישבה ושיננה את ההיסטוריה והספרית הפולנית ונסעה לורשה כדי להיבחן בפני המיניסטריון להשכלה, על מנת לקבל תעודת־הוראה מוכרת, אף על פי שבזמנו סיימה את הסמינר העברי בורשה ומאחריה כבר היו שנים רבות של עבודה מעשית בהוראה.

ביתנו היה בית־ועד, פתוח לכל ובפרט לאנשים העוסקים בעניני־ציבור. כל שליח ועסקן ציוני, שהיה בא הן מהמטרופולין והן מארץ־ישראל היה בא אלינו ונשאר אורחנו כל ימי־שהותו בעיר. זכורני, שאברהם הרצפלד ביקר אצלנו בשליחות בדייק בזמן הבר־מצוה שלי, וכמובן שהשמחה היתה כפולה. אין איפוא פלא בדבר, שכל הפעילה הציונית נתרכזה בביתנו. כאמור, אמי ז"ל היתה מורה בבית־הספר. אבי ז"ל, מלבד מה שהיה יו"ר ההסתדרות הציונית, הקהק"ל וקרן־היסוד, מנהל הבנק הציוני בעירנו, היה גם חבר מרכז ההסתדרות הציונית בפולין. הוא נמנה בזמנו עם סיעת „על המשמר" של יצחק גרינבוים והיה מחסידיו. כל חייו, ללא שמץ של גוזמה, הקדיש אבי לפעילות הציונית ולעסקנות ציבורית. הוא היה תמיד עסוק, תמיד ממהר, תמיד „בדרך", אם בישיבת המרכז בורשה, אם בישיבות בלבוב, או פעיל בעסקנות ציונית בעיר עצמה. אבי היה נואם מלהיב, ומלחמה קשה היתה לו למען הרעיון הציוני. הוא תמך בכל לב ב„הכשרה" החלוצית שהיתה בעירנו ודאג לתעסוקה לחלוצים ולחלוצות שעמדו לעלות לארץ. כשביקרתי בלוצק לפני פרוץ מלחמת העולם השניה, מצאתי את אבי תוסס וער כמימים ימימה, פעיל בעבודה הציונית, דואג למכסת ה„סרטיפיקטים" בשביל הציונים בעירנו. הוא היה דואג כל השנים להעלות חלוצים ועסקנים ארצה, אך בעצמו לא זכה. אמי ז"ל, הספיקה לבקר בארץ בשנת 1930 לאחר שאביה נרצח במאורעות תרפ"ט ביפו. אבי, כאמור לא זכה... הכירת הנאצי שעלה על יהדות פולין גם את עירנו ויחד עמה הווי־ציוני שלא יישכח לעולם...

1959



אחת הכתות בבי"ס „תרבות"

שויליק פערדמאַן / מעקסיקע

# די שלום־עליכם־שול

די יידישע פאָלקסשול אויפן נאָמען פון שלום־עליכם אין לויצק איז געווען אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט געהערט נישט בלויז צו דעם ענגן קרייז טוערס, וועלכע האָבן אַריינגעלייגט אין דער אַרבעט אַרום דער שול אַזוי פיל מסירת־נפש, נאָר דער קנין פון דער ברייטער יידישער פאָלקסמאַסע — אַרבעטער, בעלי־מלאכות, קליינהענדלער און סתם יידישע האָרעפּאַשניקעס — און אַזוי האָבן זיי זי טאַקע גערופן: „אונדזער שול".


ש. פערדמאַן

די שול האָט זיך דערוואָרבן אַלגעמיינע סימפּאַטיע נישט בלויז צוליב דעם, וואָס די לערנשפּראַך פון אַלע לימודים איז געווען יידיש — די מוטערשפּראַך פון די קינדער — נאָר אויך, און אפשר דער עיקר, צוליב דעם וואָס זי האָט געהאַט איר אייגענעם און אייגנאַרטיקן דרך אין לערנען און דערציען; צוליב דעם וואָס זי האָט געהאַט אַ גרויסן אידעאַל, וועלכער האָט באַגייסטערט די לערער, די עלטערן און די קינדער; ווייל אין איר האָט געהערשט אַ באַזונדערע אַטמאָספער, וואָס האָט צוגעצויגן סיי די קינדער און סיי די עלטערן; ווייל זי איז נישט געווען אָפּגעריסן פון דעם אַרום, פון דעם קאַמף און געראַנגל וואָס די יידישע פאָלקסמאַסע האָט געפירט פאַר אַ בעסער לעבן.

דער אָנהייב פון דער לויצקער יידיש־וועלטלעכער שול דאַטירט נאָך פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. די ראַדיקאַלע יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער „חברה מפיצה השכלה" און וואָס האָט געשאַפן דעם אַזוי גערופענעם „בית הספר" און די ביבליאָטעק ביי דער שול, האָט שוין דעמאָלט געקלערט וועגן אַ שול פאַר יידישע קינדער אויף יידיש און וועגן נייע מעטאָדן פון דערציונג. די דאָזיקע שטרעבונג האָט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן ערשט אַ סך שפּעטער.

די ערשטע יידיש־וועלטלעכע דערציונגס־אינסטיטוציע איז געווען די קינדערהיים, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר „בעזשענצעס" אין יאָר 1916. דאָרט האָט מען שוין געפירט די אַרבעט אויף יידיש. מיטן אויסברוך פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע אין יאָר 1917 די קינדערהיים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סטאַבילער אינסטיטוציע — אין אַ פּרעבל־שול (מ׳ר דאַכט זיך, אַז אַ געוויסע צייט איז אויך געווען אַ פיליע פון קינדערגאָרטן אויף קראַסנע). שפּעטער זענען אויך געעפנט געוואָרן די ערשטע קלאַסן פון אַ נאָרמאַלער פאָלקסשול, מיט יידיש אַלס לערנשפּראַך.

צו די טוערס און לערערס פון יענעם פעריאָד האָבן געהערט (אויף וויפל כ׳געדענק): איטע ליבערמאַן, רחל ברומאַן, אסתר זשיגון, יוסף וויסאָצקי, שמעיה קימלמאַן, אפרים מאַראַנץ, ד"ר יוסף מינינזאָן, זיין פרוי מאַניע, שמוליק אייזן.

די יאָרן פון מלחמות, רעוואָלוציע און פאַרשידענע מאַכט־אומבייטן האָבן, פאַרשטייט זיך, געשטערט די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון דער יידישער שול־באַוועגונג אין לויצק. און אין 1921 זענען די אינסטיטוציעס געפאַלן אַ קרבן פון דער אַלגעמיינער כוואַליע רעפּרעסיעס מצד דער פּוילישער מאַכט קעגן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן בכלל און קעגן יידן בפרט. די שול און דערנאָך די קינדער־היימען זענען פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער פּאָליציי.

די יידיש־וועלטלעכע שול־באַוועגונג האָט אָבער פאַר דער קורצער צייט באַוויזן צו שלאָגן טיפע וואָרצלען אין לויצק, און די טוערס האָבן נישט אויפגעהערט צו מאַכן באַמיונגען צוריק צו עפענען די שול, וואָס דאָס איז געלונגען ערשט אין יאָר 1925, ווען עס זענען געעפנט געוואָרן דער קינדערגאָרטן און די ערשטע 4 קלאַסן פאָלקסשול. די שול איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דעם אייגענעם בנין (אויף קאָנאַסקיעגאָ נר׳ 3), וואָס איז געקויפט געוואָרן נאָך אין יאָר 1920, אַדאַנק דער פינאַנסיעלער שטיצע פון די לויצקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וואָס איז געבראַכט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלן שליח, פריינד פּאַפּיר.

די שול איז אָפיציעל לעגאַליזירט געוואָרן ווי אַן אַנשטאַלט ביי דער לויצקער אָפּטיילונג פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע (ציש״אָ). אַלס אָפיציעלער קאָנצעסיאָנער האָט פיגורירט ד"ר מינינזאָן, וואָס איז אַ לענגערע צייט געווען אויך פאָרזיצער פון דער לויצקער שול־אָרגאַניזאַציע.

דער ערשטער פאַרוואַלטער פון דער שול איז געווען דער


די פאַרוואַלטונג פון דער שלום־עליכם שול



אַ גרופּע שילערביים צייכענען

לערער שיימאַן (אַ לויצקער). צוזאַמען מיט אים האָבן אויך געאַרבעט זיין פרוי און לאה (ליאַנקע) ליטוואַק, וואָס איז געווען די אָפיציעלע פּאַרוואַלטערין (אין משך פון עטלעכע יאָר) פון דער שול און די לערערקע פון פּויליש. אין משך פון די וויטערדיקע יאָרן האָבן געאַרבעט די פאָלגנדיקע לערער: רפאל פּאַלעווסקי, מעכצי בריטוואַר, מלכה פּירער, חנה גוטמאַן, ראָזנבערג, לייבל שיפּרעס (פּאַרוואַלטער פון דער שול אין משך פון עטלעכע יאָר), זיין פרוי רבקה יפה, חוה סעגאַל, שרה סקולסקי, יוסף גאָלדפאַרב, זיין פרוי אסתר ליבערמאַן, לערערקע אייזן, אַניע וואַרקאָוויצקי, רבקה בליסקאָווסקי און דער שרייבער פון די שורות, וואָס איז געווען פּאַרוואַלטער פון דער שול פון 1930 ביז 1939, ווען די שול איז איבערגענומען געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער מאַכט און שפּעטער געוואָרן ליקווידירט (אין יאָר 1940).

פון זינט דעם עפענען די שול אין יאָר 1925 האָט זיך די שול אַנטוויקלט מיט אַ ראַשיקן טעמפּ. אין יאָר 1932 האָט די שול שוין געהאַט איר ערשטן אַרויסלאָז (פון 7־טן קלאַס). אמת, די אַלגעמיינע צאָל קינדער האָט קיינמאָל נישט אַריבערגעשטיגן 300, אָבער דאָס דערקלערט זיך מיט די אָביעקטיווע באַדינ־גונגען. קודם־כל דאַרף מען געדענקען ווער עס זענען געווען די עלטערן פון אונדזערע קינדער: אַרבעטער, אָפּטמאָל אַרבעטס־לאָז לאַנגע חדשים, אָרעמע בעלי־מלאכות, טרעגערס, באַלעגאָ־לעס, מאַרק־הענדלערס, און זייערע קינדער האָבן זיך נישט געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס צו־לאַנג צו לערנען, נישט איין מאָל האָבן די לערער געמוזט מיט ווייטיק זיך צוקוקן, ווי קינדער גייען אַוועק צו אַרבעט נאָכן דריטן אָדער פערטן קלאַס, הגם זייער גרעסטער חלום איז געווען צו לערנען ווייטער. מען דאַרף אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז אַ סך עלטערן האָבן נישט געקאָנט צאָלן אפילו דעם נישטיקן שכר־לימוד, וואָס מען האָט געמוזט נעמען, כדי אויסצוהאַלטן די שול (דער דורכשניט איז געווען 2—3 זלאָטעס אַ חודש, און אַ סך האָבן געצאָלט נאָר 1 זלאָטע) און קויפן פאַר די קינדער די נייטיקסטע ביכער אין העפטן. אָבער נישט דאָס איז געווען די וויכטיקסטע מניעה אויף צו פאַרגרעסערן די שול: דער לאָקאַל איז געווען צו קליין, און נישט איין מאָל האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין אָנגריפן מצד די פּוילישע שול־אינספּעקטאָרן, צוליב דער נישט־צוגעפּאַסטקייט פון שול־לאָקאַל. פאַרשטייט זיך, אַז זייער „זאָרג" האָט געשטאַמט נישט פון גרויס ליבשאַפט צו די יידישע קינדער, נאָר זי האָט געדאַרפט דינען פאַר אַ תירוץ צום פאַר־מאַכן די שול.

חוץ אַלעמען איז די שול געשטאַנען טאָג־טעגלעך פאַר גרויסע פינאַנסיעלע שוועריקייטן. דער שכר־לימוד האָט געדעקט נאָר אַ נישטיקן טייל פון שול־בודזשעט, הגם די לערער האָבן געאַרבעט פאַר הונגער־לוינען (50 ביז 80 זלאָטעס אַ חודש; אַ לערער פון אַ פּוילישער מלוכה־שול פלעגט קריגן אַ מינימום פון 180 ביז 250 זלאָטעס אַ חודש, חוץ פאַרשידענע בענעפיטן). די שול־טוער האָבן געטאָן אַלץ, וואָס איז געווען אין זייערע כוחות, צו שאַפן געלט־מיטלען: באַשטייערונגען צווישן מיט־גלידער פון דער שול־אָרגאַניזאַציע און סימפּאַטיקער, איינמאָליקע אַקציעס, פאַרשידענע אונטערנעמונגען (פאָרלעזונגען, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, טאַנץ־אָוונטן או״וו). אַ געוויסן טייל פון שול־בודזשעט פלעגט, לויט אירע מעגלעכקייטן, דעקן די צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע (ס׳רוב פון אַמעריקאַנער הילף). אַ באַדייטנדיקער אָנשפּאַר פאַר דער שול סיי מאַטעריעל און סיי פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך איז געווען די מאַגיסטראַט־סובסידיע, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן דורך די בונדישע



שטאָט־ראַטמענער, וועלכע זענען גלייכצייטיק געווען טוערס אין דער שול.

נישט געקוקט אויף דעם דחקות און דער ענגשאַפט איז די שול שטענדיק פול געווען מיט פרייד און שעפערישקייט. די ברכה פון לערנען און דערציען אין דער מוטערשפּראַך האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער פולער מאָס: אָרעמע און האַלב־הונגעריקע קינדער, פון היימען אָן בילדונג און אָן אַ ברייטערער קולטור־אַטמאָספער, האָבן אַרויסגעוויזן געוואַלדיקע פעיקייטן אין טאַלאַנטן, איינפאַלערישקייט און שעפערישע איניציאַטיוו. די לעקציעס זענען קיינמאָל נישט געווען קיין „קאַזיאָנע" (נאַטירלעך איז דאָס אויך געווען אַ רעזולטאַט פון די מאָדערנע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן, וואָס אונדזערע לערער האָבן אָנגעווענדט ווי בכלל דאָס יידיש־וועלטלעכע שולוועזן אין פּוילן), נאָר שעפערישע — סיי מצד די לערער, סיי מצד די קינדער, וואָס האָבן דאָס באַוויזן מיט גוטע דערגרייכונגען אין אַלע לימודים. דאָס האָבן מיט אַ שווער האַרץ געמוזט אָנערקענען אפילו די ווינציק פריינדלעכע פּוילישע שול־אינספּעקטאָרן.



די שול־ביבליאָטעק

נישט בלויז די יידישע לימודים (יידיש, יידישע ליטעראַטור, יידישע געשיכטע, העברעיש) האָבן מיר געלערנט אויף יידיש, נאָר אויך אַלע אַלגעמיינע לימודים: מאַטעמאַטיק, פיזיק, נאַטור־וויסנשאַפט, אַלגעמיינע געשיכטע, געאָגראַפיע, געזאַנג, האַנטאַרבעט, צייכענען, גימנאַסטיק א"א. אויף פּויליש איז געלערנט געוואָרן בלויז פּויליש און פּוילישע געשיכטע.

די גלענצנדיקע פּעדאַגאָגישע און דערציערישע דערגרייכונגען זענען אָפט מאָל געקומען צום אויסדרוק אויך כלפּי חוץ — דורך די עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען פון די שול־קינדער. אונדזער שול האָט זיך באַוויזן מיט עטלעכע אויסשטעלונגען פון קינדער־אַרבעטן (צייכענונגען, מאַלעריי, פּרויען־האַנט־אַרבעטן, טישלעריי, שניצעריי, מאָדעלירונג א"א), וואָס האָבן אַרויסגערופן התפּעלות ביי אַלע באַזוכער. ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אַז איין מאָל זענען די שולטוערס „געפאַלן אויף אַ שכל" צו פאַרקויפן די קינדער־אַרבעטן, כדי צו קאָנען פאַרשטאָפּן אַ בודזשעט־לאָך. די פאַר־קויפטע אַרבעטן (אָריגינעלע דאַמען־בייטלען פון פאַטשערקעס, מאָלערייען אויף דיקט און גלאָז, שיין באַמאָלטע ליימענע קריגעלעך און וואַזאַנעס א"א), האָבן טאַקע אַריינגעבראַכט אַ היפּשע סומע געלט.

אַ גרויסן רושם האָבן געמאַכט די צוויי טעמאַטישע אויס־שטעלונגען — באַזונדערס די ערשטע (אין יאָר 1936), געווידמעט שלום עליכמען. די פאַרשידנאַרטיקע עקספּאָנאַטן פון אונדזער שול האָבן פאַרנומען פינף צימערן און זענען אין משך פון אַ וואָך צייט באַוווּנדערט געוואָרן דורך עטלעכע טויזנט באַזוכער. אַ טייל פון די דאָזיקע עקספּאָנאַטן האָבן פאַרנומען אָן אָנגעזען אָרט אויף דער צענטראַלער שלום־עליכם אויסשטעלונג פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין וואַרשע (למשל, דער מאָדעל פון דער שלים־עליכם שול, מיט אָריגינעלע פיגורן פון שלום־עליכמס העלדן (אַ קאָלעקטיווע אַרבעט), דער שלום־עליכם־צירק (אַ קאָלעקטיווע אַרבעט), אַ פּרוכת אַן אָריגינעל־אויסגע־האַפטענער אין זיידנס מיט שלום־עליכמס צוואה, (געמאַכט דורך לאה ברייער, סימע רודיק א"א), אַ קאַרטאָטעקע פון ווערטלעך, קללות, שפּריכווערטער און ענלעכע פאָלקלאָר־עלעמענטן פון שלום־עליכמס ווערק, (געזאַמלט דורך ריסל סטאָלער, ראָזע געגרגיס, עטיע פעלדמאַן א"א). די קאַרטאָטעקע איז געווען איינגעמאָנטירט אין אַ קינסטלעריש־געשניצטן קעסטעלע, געמאַכט דורך די תלמידים גיטעלמאַן און קיפּעלמאַן, אַ גרויסער פּאָרט־רעט פון שלום־עליכם (אויף דער גאַנצער וואַנט) — אַ קויל־צייכענונג פון שילער ניוניע פערדמאַן (היינט אין אַמעריקע).

אַ טייל פון די עקספּאָנאַטן פון דער לויצקער שול זענען אויך געווען אויסגעשטעלט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער פּעדאַ־גאָגישער אויסשטעלונג אין פּאַריז, אין יאָר 1938.

אַ גרויסן איינדרוק האָט אויך געמאַכט אין לויצק אונדזער צווייטע אויסשטעלונג אויף דער טעמע „יידן אין פּוילן". אַ סך פון אונדזערע עקספּאָנאַטן, למשל, אַ מאָדעל „אין אַ יידישער שול", די לויצקער שול פעסטונג־שול א"א, זענען אָנגענומען געוואָרן צו דער צענטראַלער אויסשטעלונג פון די ציש"אָ־שולן, וואָס איז אָבער, ווי באַקאַנט, פאַרבאָטן געוואָרן דורך דער האַלב־פאַשיסטישער פּוילישער מאַכט.

אויך די קינדער־פאָרשטעלונגען פון אונדזער שלום־עליכם שול האָבן שטענדיק אַרויסגערופן געוואַלדיקע פאַראינטערעסי־רונג ביים עולם. די שול־פאָרשטעלונגען פלעגן אַלע מאָל גע־שפּילט ווערן צו צוויי און דריי מאָל אין דעם גרעסטן זאַל — אין שטאָטישן טעאַטער.

די דורכגעפירטע שול־פאָרשטעלונגען: פּורים־שפּילן, מכי־רת־יוסף, דוד און גלית, דער הינער־שטרייק (פון שלום־עליכם), די טאַקסע (פון מענדעלע מוכר ספרים), דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידל, ראָבין הוד, דער פאַרכישופטער שניידער (פון שלום־עליכם) און אַ סך אַנדערע.

אין שול האָט אויך עקזיסטירט אַ דריי־שטימיקער קינדער־כאָר (אונטער מיין אָנפירונג), וואָס פלעגט אָפט אַרויסטרעטן מיט עפנטלעכע קאָנצערטן. חוץ דעם פלעגן די קינדער זייער

אָפּט אַרויסטרעטן מיט געזאַנג און רעציטאַציעס, טענץ אויף פאַרשידענע אונטערנעמונגען פאַר עלטערן, סיומס און שול־יום־טובים.

דורך די דערמאָנטע אַקטיוויטעטן איז די שול געוואָרן אַ צענטער פון פאַרשפרייטן צווישן די עלטערן אין ברייטע פאָלקס־שיכטן קולטור, אינטערעס פאַר ליטעראַטור, געשמאַק פאַר קונסט און גייסטיקע אינטערעסן בכלל.

די עלטערנשאַפט האָט דאָס אַלץ גוט אָפּגעשאַצט. דאָס, און די וואַרעמע באַציונג און כסדרדיקער אינטערעס צו די קינדער מצד די לערער — צו אַלע זייערע נויטן און שטרעבונגען — האָט געמאַכט, אַז די עלטערן זענען געוואָרן די געטרייסטע חסידים פון זייער שול און פון דער יידיש־וועלטלעכער שול בפרט.

זייער אַ סך עלטערן זענען אויך געווען, אומדירעקט, תלמידים פון דער שול — אין זינען פון הייבן זייער גייסטיקן ניוואָ. אַ סך האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן, אָנגעהויבן לייענען ביכער און צייטונגען, זענען געוואָרן אַקטיוו געזעלשאַפטלעך, באַזונדערס אין דער שול (אין עלטערן־קאָמיטעט, אין דער שול־פאַרוואַלטונג).

אין דער שול־אַרבעט איז אויסגעוואַקסן צו אַ וויכטיקן געזעלשאַפטלעכן טוער דער פשוטער פאָלקס־מענטש אברהם באַלאַבאַן (היינט אין אַרגענטינע).

דער פשוטער טרעגער־אַרבעטער בענצי רייז איז געוואָרן איינער פון די געטרייסטע און באַוווסטזיניקע שולטוערס. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט האָט ער דאָך קיין מאָל נישט פאַרפעלט צו קומען אויף אַ זיצונג פון עלטערן־קאָמיטעט אָדער אַ פאַרזאַמלונג און אויך נישט געשפּאָרט זיין שווער פאַרהאָרעוועטן גראָשן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער טובה פון דער שול. עס איז אויך כדאי צו דערמאָנען די געטרייע מאַמעס, טוערינס אין דער שול, וואָס אָן זיי האָט מען זיך גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלן צו קאָנען דורכפירן קיין שום שול־אונטערנעמונג: ביבערגאַל, פעלדמאַן און אַ סך אַנדערע, וועמענס נעמען זענען פאַרשווינדן פון מיין זכרון.

צו די שענסטע מאָמענטן פון שול־לעבן האָבן געהערט די זומער־לאַגערן, וואָס מיר פלעגן איינאָרדענען כמעט יעדעס יאָר.

אונדזערע עלטערן — אָרעמע שניידערס, שוסטערס, באַלע־גאָלעס, פלעגן אַליין אויף קיין דאַטשעס נישט פאָרן, און זייערע קינדער האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו געניסן פון פרישער לופט, זון, טייך און וואַלד. איז דאָס טאַקע געווען פאַר די קינדער אַ קאָלאָסאַלע איבערלעבונג, ווען מיר פלעגן זיי אויף 2—3 וואָכן אַרויספירן אויף דער שויס פון דער נאַטור.

די לאַגערן פלעגן איינגעאָרדנט ווערן אין שיינע געגנטן אַרום לויצק — אין אַ וואַלד, ס׳רוב נעבן אַ טייך. די קינדער פלעגן אַליין פירן די לאַגער־ווירטשאַפט, אַליין קאָכן, ראָמען און זיך באַדינען. דער לאַגער פלעגט זיין פול מיט פרייד, געלעכטער, שפיל און געזאַנג. די לאַגער־שייטערס, די אָוונטן ביים לאַגער־פייער, מיט זייער ראָמאַנטישער שטימונג, מיט די דערציילטע מעשיות און געזונגענע לידער, די עקסקורסיעס אין די אַרומיקע געגנטן, די פאַרשידענע שפילן און ספּאָרט־פאַרמעסטונגען — דאָס אַלץ פלעגט איבערלאָזן אויף די קינדער אַן אומפאַרגעסלעכן רושם אויף אַ לאַנגער צייט, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס די קינדער פלעגן צוריקקומען אין שטאָט פאַרריכטע, פאַרברוינטע, מיט נייע דערפרישטע כוחות אין דער שול — זייער צווייטער היים. פאַר אַ סך קינדער איז די שול געווען זייער בעסערע היים; ווייל דאָרט האָבן זיי געקריגן וויסן, פרייד, דאָרט האָבן זיי אויך געקריגן אידעאַלן — דאָס אַלץ, וואָס האָט זיי געהאָלפן איבערטראָגן זייער שווערע קינדהייט.

די באַציונג פון אונדזערע קינדער צו דער שול האָט זיך אַרויסגעוויזן אין פאַרשידענע פאָרמען. באַזונדערס אין דער צוגעבונדנקייט צו דער שול אויך נאָך דעם פאַרענדיקן זי. די אביטוריענטן פלעגן זיין נישט קיין געסט אין דער שול, נאָר אָפּטע אַריינגייער און פריינד, און אַ סך פון זיי — אַקטיווע מיטהעלפער אין דער שול־אַרבעט. אַ גרויסער טייל פון זיי זענען געוואָרן אַקטיווע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג. און די ווייניקע פון זיי וואָס זענען אַרויס לעבעדיק פון היטלער־חורבן און געפינען זיך היינט בכל תפוצות און אויך אין מדינת־ישראל, זענען געבליבן געטריי דער דערציונג, וואָס זיי האָבן באַקומען אין זייער שול, געטריי דער יידישער קולטור און דעם יידישן פאָלק.

1960

משה פערדמאַן / מעקסיקע

# די יידישע ביבליאָטעק

די ווייטערדיקע פאַרצייכענונגען וועגן דער יידיש־וועלטלעכער קולטור־באַוועגונג אין לויצק שטיצן זיך דורכאויס אויף פערזענלעכע זכרונות. צום באַדויערן איז נישט מעגלעך געווען צו קריגן קיין שום דאָקומענטאַרע מאַטעריאַלן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. עס וועט זיך דעריבער נישט באַקומען פון איר קיין פול בילד פון דער קולטור־אַרבעט, וואָס איז דאָרט געפירט געוואָרן אין דעם צייט־אָפּשניט צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

### א. יידישע ביבליאָטעק

אויף וויפל דער זכרון מיינער פאַרפירט מיך נישט, איז דער אָנהייב פון דער ביבליאָטעק געלייגט געוואָרן, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, דורך אַ גרופּע יידיש־ראַדיקאַלע אינטעליגענץ (בונדיסטן, סיימאָווצעס, פּועלי־ציון, ס.ס. אדג״ל) מיט אַ יידישיסטישער נייגונג. די ביכער־זאַמלונג, וואָס זיי האָבן געשאַפן, האָט זיך געפונען אין דעם „בית־הספר" קעגן די „רונדוקעס" (אָדער „בודקעס"), אויף דער גאַס, וואָס האָט שפּעטער געהייסן „דאָמיניקאַנסקע", נעבן דער אַפּטייק.

נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע (1917) איז די ביכער־זאַמלונג איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער צענטראַלע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, באַקאַנט אונטערן נאָמען „צע־בע", און האָט געבילדעט דעם קערן פון אַ גרויסער ביבליאָטעק. אין יענער צייט איז צווישן די אָנגעזעענסטע טוערס פון דער ביבליאָטעק געווען משה גאַלפּערין, אַן אינטעליגענט פון באַקאַנטן עקסטערן־טיפּ. ער איז געווען איינער פון די ערשטע ביבליאָטעקאַרן.

ווען דער שרייבער פון די שורות האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון דער ביבליאָטעק (1921), איז זי שוין געווען טעטיק ווי אַ באַזונדערע אינסטיטוציע (דער „צע־בע" האָט שוין דעמאָלט נישט עקזיסטירט), אַרום וועלכער עס האָט זיך גרופּירט די ראַדיקאַלע יידישיסטישע אינטעליגענץ פון פאַרשידענע ריכטונגען. צווישן די טוערס זענען געווען: דער פריער דערמאָנטער משה גאַלפּערין, יוסף וויסאָצקי, שלמה גאָלדבערג, שמעיה גיקלמאַן, איציק געלער, שמואל גאַרבער, שייקע ווייסבערג, אפרים מאַראַנץ, שמואל אייזן, זיסיע באַגלייבטער, אברהם אַבטשוק (שפּעטער באַקאַנט ווי אַ סאָוויעטיש־יידישער שרייבער, אומגעקומען בעת די ערשטע „טשיסטקעס"), איטע ליבערמאַן, אפרים פעקלער, זלמן פאַרעצקי, דער לינקער פּועלי־ציוניסט זלמן קאַניש (ער איז געווען יוסף וויסאָצקיס אַ שוואָגער, האָט שפּעטער געהאַט אַ פּרוכטקראָם אויף יאַגעלאָנסקע), איציק שטערנפעלד, וואָלף שטערן.

די ביבליאָטעק איז די ערשטע צייט טעטיק געווען נישט לעגאַליזירטערהייט, און דאָס האָט געשאַפן שוועריקייטן פאַר איר אַנטוויקלונג, זי האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ היפּשע צאָל געטרייע לייענער און אַ באַדייטנדיקע צאָל ביכער אין יידיש און רוסיש, בעיקר אין יידיש. מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז אין יענער צייט איז די ביבליאָטעק געווען נישט נאָר אַן אָרט אויף אויסצולייען ביכער, נאָר גיכער אַ צענטער פון קולטור־אַרבעט בכלל. פאַר דער דעמאָלטדיקער יידישער יוגנט, ספּעציעל פון די נישט פאַרמעגלעכע שיכטן, באַזונדערס פאַר די מיידלעך, וואָס האָבן נישט באַקומען קיין שום אַלגעמיינע בילדונג, איז דאָס בוך געווען אַלץ: די שול, דער אוניווערסיטעט, דער איינציקער קוואַל פון וויסן און גייסטיקער אַנטוויקלונג. אין דער ביבליאָטעק פלעגט מען שמועסן וועגן ביכער און שרייבער, וועגן וועלט־ענינים בכלל. צוליב איר נישט לעגאַליזירטקייט פלעגט מען אָפּט האָבן גרויסע שטערונגען מצד דער מאַכט, וועלכע איז אין לויצק, ווי אַ שטאָט אין די א״ג „קרעסן", געווען באַזונדערס שטרענג.

האָט מען געמאַכט באַמיונגען, און די ביבליאָטעק איז אין יאָר 1923 לעגאַליזירט געוואָרן ווי אַן אָפּטיילונג פון דער לינק פּועלי־ציוניסטישער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע". דאָס איז געשען דער עיקר אַדאַנק די פאַרבינדונגען פון דעם דערמאָנטן לינקן פּועלי־ציוניסט זלמן קאַניש מיט זיינע פאַרטיי־חברים אין וואַרשע.

אַ געוויסע צייט האָבן ביי דער ביבליאָטעק טאַקע עקזיסטירט אָוונט־קורסן, מער לויטן כאַראַקטער פון אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט. צווישן די לעקטאָרן איז געווען יוסף וויסאָצקי. ער האָט געלערנט יידישע שפּראַך און ליטעראַטור. אגב אורחא איז כדאי צו דערמאָנען, אַז ער איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער דעמאָלט נאָר־וואָס אָנגענומענער נייער אָרטאָגראַפיע. אין 1921 — דער דעלעגאַט פון לויצק צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון יידיש־וועלטלעכע שולן אין פּוילן.

די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג פלעגט פון צייט צו צייט איינאָרדענען פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע און אַנדערע טעמעס. גרויסע דיסקוסיעס פלעגן פאָרקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט די מאָדערנע שטרעמונגען אין דער יידישער ליטעראַטור. מען פלעגט אָפּט אַראָפּברענגען רעדנער פון וואַרשע, צווישן זיי: מלך ראַוויטש, פּרץ מאַרקיש, וועמענס פאָרלעזונג איז נישט צושטאַנדגעקומען, ווייל די סטאַראָסטווע האָט אין דער לעצטער מינוט צוריקגעצויגן די דערלויבעניש. דאָך האָט מען נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט דעם דעמאָלט זייער פּאָפּולערן פּאָעט און טאָנגעבער פון דער „כאַליאַסטרע". אַ גרופּע אַקטיווע ביבליאָטעק־טוער איז זיך צונויפגעקומען מיט מאַרקישן, טאַקע ביי מיר אין הויז, ווו מען האָט נישט בלויז דיסקוטירט, נאָר אויך געמאַכט אַ פיינע כוסה, פון וואָס מאַרקיש פלעגט זיך קיין מאָל נישט אָפּזאָגן.

אַ גרויסן רושם האָבן אין שטאָט געמאַכט די לעקציעס פון א. ליטוואַק וועגן יידישער ליטעראַטור, וואָס האָבן פאַרכאַפּט מיט זייער טיפקייט און גלענצנדיקן אופן פון פאַרברענגען.

ווען אין יאָר 1921 איז געלונגען צו עפענען אַ יידישן קינדערגאָרטן, האָט מען אים איינגעאָרדנט אין לאָקאַל פון דער

ביבליאָטעק אויף דער „פאַרשטאָט" (שפּעטער גערופן יאַגעלאָנסקע גאַס), בשכנות מיט קרוינשטיינס מויער, און די ביבליאָטעק האָט זיך דעמאָלט איבערגעטראָגן אין צוויי צימערלעך אַנטקעגן דעם קינאָ „מאָדערן" אין הייז פון אַ געוויסן ר׳ אשר (די אָוונט־קורסן האָבן זיך געפירט אין פריערדיקן לאָקאַל). דאָרט האָט די ביבליאָטעק ווייטער געפירט איר טעטיקייט· מען האָט דעמאָלט איינגעקויפט זייער אַ סך נייע יידישע ביכער, וואָס איז טיילווייז מעגלעך געוואָרן אַדאַנק דער הכנסה פון דעם ביכער־לאַגער, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן ביי דער ביבליאָטעק. דער דאָזיקער ביכער־לאַגער פלעגט באַזאָרגן מיט ניי־דערשינענע ביכער די ביבליאָטעקן און פּריוואַטע קונים פון דער וואָלינער פּראָווינץ.

ביי דער ביבליאָטעק האָט זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט אַ יידישער פאָלקסכאָר, וואָס האָט געהאַט עטלעכע דערפאָלגרייכע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. זיין דיריגענט איז געווען דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער חזן שמואל גאָק. דער כאָר האָט געהאַט אַן אָריגינעלן רעפּערטואַר פון יידישע פאָלקסלידער („אין אַ קליינעם שטיבעלע", „המבדיל", „קלינגען גלעקער" א״א), מאָדערנע לידער (די באַקאַנטע סויטע פון ענגעלן אויף די טעמעס פון פּרצעס קינדער־לידער, קאַצענעלסאָנס „די זון פאַרגייט אין פלאַמען" א״א), און אפילו אַ סך פון קלאַסישן אייראָפּעישן רעפּערטואַר (בעטהאָווענס „דעם בורא לויבן", רובינשטיינס „נעכטעלע", מאָצאַרטס „רעקוויעם", מענדעלסאָנס „דער וואַלד" א״א). ער האָט אויך אַ באַדייטנדיקן אופן געהויבן דעם קינסטלערישן מוזיקאַלישן געשמאַק נישט בלויז ביי די כאָריסטן, נאָר אויך ביים ברייטן יידישן עולם. צווישן די כאָריסטן זענען געווען: משה גאָלפּערין, רחל ברומאַן, טעמע באַגלייבטער, אסתר ווייסבערג, פּרויקע פּעקלער, משה פעדערמאַן, יוסף וויסאָצקי.

די נאָרמאַלע טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק איז איבערגעריסן געוואָרן אין מאַי פון יאָר 1924 דורך אַ רעוויזיע און אַן אַרעסט פון אַ צאָל מיטגלידער. צו יענער צייט איז צווישן די לייענער פון דער ביבליאָטעק געווען אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע קאָמוניסטן, וואָס פלעגן אויסנוצן איר לעגאַליטעט, זיך דאָרט טרעפן און וואַרשיינלעך אויך פירן אַ געוויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט זייערע· צווישן די אַרעסטירטע זענען געווען: קיבריק, דער שפּעטער באַקאַנטער קאָמוניסטישער טוער (אין 1939, ווען די סאָוויעטישע מאַכט האָט פאַרנומען לויצק — אַ הויכער באַאַמטער אין דער מיליץ; איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע), זלמן זאַרעצקי, וואָס האָט, דאַכט זיך, קיין שייכות מיט דער קאָמוניסטישער גרופּע נישט געהאַט. אויך מיך האָט מען דעמאָלט, ווי דעם ביבליאָטעקאַר און פאַראַנטוואָרטלעכן פאַרן לאָקאַל, אָפּגעהאַלטן קרוב פיר וואָכן אין טורמע.

דער דאָזיקער אַרעסט האָט בלויז אויף אַ קורצער צייט געשטערט דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק. זי האָט זיך ווייטער אַנטוויקלט — שוין ווידער אין אַ נייעם לאָקאַל — אויף דער קאָנאַרסקע גאַס 3, אין דעם הויז, וואָס האָט געהערט צו דער יידישער שול. דאָס איז געווען אין יאָר 1925. דאַן האָט די ביבליאָטעק דערגרייכט איר העכסטע אַנטוויקלונג, סיי בנוגע דער צאָל ביכער, סיי דער צאָל לייענער, און זי איז געווען דער צענטער פון דער יידישער קולטור־אַרבעט אין לויצק. זי האָט פאַרמאָגט אַ ביכער־אוצר פון העכער צען טויזנט בענדער (פון זיי 90 פּראָצענט יידישע, די רעשט — פּוילישע און רוסישע), צווישן וועלכע עס זענען געווען זייער אַ סך זעלטענע אייסגאַבן פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור, אַ גרויסע צאָל וויסנשאַפטלעכע ווערק, קינדער־ליטעראַטור, זשורנאַלן און זאַמלביכער פון דער גאַנצער יידישער וועלט· די צאָל לייענער איז דערגאַנגען ביז 700—800, און אין אַ פרייטיק־צו־נאַכט פלעגט צייטנווייז אַרויסגעגעבן ווערן ביז 150 ביכער. זי האָט געהאַט אַ סך לייענער, וואָס זענען אַ דאַנק איר ממש אויסגעוואַקסן גייסטיק — פון האַלבע אַנאַלפאַבעטן צו הויכן אינטעלעקטועלן שטאַפּל.

די ביבליאָטעק איז אויך ווייטער געווען דער פאַקטישער אָרגאַניזאַטאָר פון פאַרשידענע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן זיך בלויז טיילווייז געבינדן מיט בוך־ענינים: פאָרלעזונגען אויף פאַרשידענע טעמעס, נישט דווקא ליטעראַרישע, געזעלשאַפטלעכע משפטים א״א. עס דערמאָנט זיך דער גרויסער אינטערעס, וואָס עס האָבן אַרויסגערופן די משפטים איבער באָנטשע שווייג, איבער דער יידישער קאַלע (דער דאָזיקער משפט האָט געדויערט אויבּ נישט דריי וואָכן...). פון די מער באַוווסטע פּרעלעגענטן האָבן אין יענע יאָרן באַזוכט לויצק: שלום אַש, אַלטער קאַציזנע, ביניש מיכאַלעוויטש, פּרץ הירשביין, שלמה מענדעלסאָן, רחל פייגענבערג.

פון צווישן די ביבליאָטעק־טוערס איז אַרויסגעקומען דער קערן פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש״אָ), וואָס האָט געשאַפן די יידיש־וועלטלעכע שול אין לויצק. דאָרט האָבן זיך אויך אויסגעשיילט אַ ריי פּאָליטישע טוערס פון פאַרשידענע ריכטונגען און טוערס פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

און דאָ, ליידער, איז געלעגן דער אָנהייב פון סוף — דער באַרג־אַראָפּ אין דער טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק. עס האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַ פּאָליטישע דיפערענצירונג צווישן די טוערס און לייענערס פון דער ביבליאָטעק. ס׳איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן דער צווישנפּאַרטייאישער קאַמף, וואָס האָט אָנגענומען אַלץ שאַרפערע פאָרמען. וואָס ווייטער איז אַלץ שווערער געוואָרן איינצוהאַלטן די איינהייט אין דער אָנפירונג פון דער ביבליאָטעק און דעם געמיינזאַמען כאַראַקטער פון דער קולטור־טעטיקייט בכלל. דער הויפּט־קאַמף איז אָנגעגאַנגען צווישן די בונדיסטן און קאָמוניסטן, און יעדער פון די ריכטונגען האָט זיך באַמיט צו פאַרשפּרייטן איר השפּעה צווישן די לייענער און — דער עיקר — צו פאַרכאַפּן די אָנפירונג פון דער ביבליאָטעק.

צווישן די לייענער און אַקטיוויסטן פון דער ביבליאָטעק האָבן זיך שוין צו יענער צייט (1916—1925) אויסגעטיילט נייע יוגנטלעכע קאַדרן, ס׳ריב אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, סיי פון דער בונדישער און סיי פון דער קאָמוניסטישער ריכטונג. פון די בונדיסטן זענען געווען: שמואליק ברוינשטיין, מאָטיע גייער, יאָסקע עפּעל, מלכה און סטיסיע בידניק, מאַניע קיפּערמאַן, הערשל קופּערשמיד, אהרון פלאָפּלער; פון די קאָמוניסטן: אברהם באַגלייבטער, משה גאַראַטשקע, בעריל פערדמאַן, זישע לערנער און משה זאָגער.

ביי די וואַלן צו דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג אין יאָר 1926 איז דער פּאַרטיי־קאַמף דערגאַנגען צו דער העכסטער שפּאַנונג, און ווען די קאָמוניסטישע גרופּע האָט פאַרשפּילט, האָט זי געהיימערהייט אַרויסגענומען אַ גרויסע צאָל ביכער מיטן ציל צו גרינדן אַן אייגענע ביבליאָטעק. דאָס איז צוליב איר

אומלעגאַליטעט נישט געלונגען, און אַ היפּשער טייל פון די ביכער איז שפּעטער פאַרלוירן געגאַנגען אָדער געבליבן אין פּריוואַטע הענט. אין רעזולטאַט פון די קאַמפן זענען אָפּגעפאַלן אַ צאָל לייענער, בעיקר אומפּאַרטייאישע, וואָס האָבן נישט געוואָלט זיין אין מיטן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די ביבליאָטעק האָט ביסלעכווייז אָנגעוווירן איר באַדייטונג ווי אַ צענטראַלע יידישע קולטור־אינסטיטוציע. אויך דער דראַנג צום לייענען איז שוואַכער געוואָרן, און די ביבליאָטעק האָט אָנגעהויבן גיין באַרג אַראָפּ.

נאָך דעם, ווי די יידישע שול האָט זיך אַנטוויקלט און גע־דאַרפט האָבן דעם גאַנצן לאָקאַל פאַר זיך, האָט זיך די ביבליאָ־טעק ווייטער אַריבערגעקליבן, און דאָס נישט איין מאָל, אין אַן אַנדערן לאָקאַל, און זי האָט געוואַנדערט צוזאַמען מיט דעם לאָקאַל פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אמת, מען האָט אויך ווייטער אַרויסגעגעבן ביכער, אָבער דאָס איז שוין נישט געווען דער אַמאָליקער פאַרנעם. דער לייענער־קרייז האָט זיך בהדרגה איינגעשרומפּן צו דער גרופּע פּאַרטיי־מיטגלידער (בונ־דיסטן, צוקונפטיסטן און סימפּאַטיקער), און מען האָט שוין נישט געקענט אויסהאַלטן קיין ספּעציעלן ביבליאָטעקאַר, אַ פאַכ־מאַן. די ביבליאָטעק איז געפירט געוואָרן דורך יוגנטלעכע, וואָס האָבן טאַקע אַריינגעלייגט אַ סך ענטוזיאַזם (באַזונדערס איז ווערט דערמאָנט צו ווערן די איבערגעגעבענע לאַנגיאָריקע אַרבעט פון מלכה בידניק), אָבער דאָס האָט שוין נישט געקענט פאַרבעסערן די לאַגע פון דער אינסטיטוציע.

צום סוף איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם לעצטן גורל פון די ביכער־אוצרות:

אין יאָר 1939, ווען די עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט דער באַלעבאָס פון לאָקאַל, אין שרעק פאַר די דייטשן, געפאָדערט צוזונעמען די ביכער. אַ גרופּע חברים האָבן דאַן איינגעפּאַקט די ביכער אין קאַסטנס און צוגענומען צו זיך אָדער באַהאַלטן אין פאַרשידענע ערטער. ווען די סאָוויעטן זענען אַריין, איז די שרעק געוואָרן נאָך גרעסער, בשייכות מיט די רעפּרעסיעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן לגבי בונדיסטן און אַלע אַנדערע נישט־קאָמוניסטן, און מען האָט די ביכער באַגראָבן, אָדער אויף אַן אַנדער אופן פאַרשטעקט, מורא האָבנדיק אַז בעת אַ רעוויזיע זאָל מען נישט אַנטרעפן אויף אַ בוך מיט אַ שטעמפּל פון דער בונדישער ביבליאָטעק, אָדער גאָר אויף אַ בוך אַ „טריף־פּסול" לויטן קאָמוניסטישן דין.

אַ טייל ביכער, וואָס זענען בשעתו איבערגעגעבן געוואָרן דער שול (דער עיקר קינדער־ליטעראַטור), האָט אויך געטיילט דעם זעלבן גורל: אין יאָר 1940, נאָך דעם ווי מען האָט ליק־ווידירט די שול אויף קאַנארסקע גאַס (די קינדער און דעם רוב לערער האָט מען אַריבערגעפירט אין דער סאָוויעטישער יידישער שול, אין בנין פון דער געוועזענער תלמוד־תורה), זענען כמעט אַלע ביכער פאַרבליבן אויפן אָרט, ווייל דער תלמוד־תורה דירעקטאָר האָט זיך אָנגעשראָקן, אַז דאָס איז נישט קיין פּאַסיקע ליטעראַטור פאַר דער „נייער" צייט. די נייע לאָקאַטאָרן פון קאַנארסקע 3 („וואָסטאָטשניקעס" — סאָוויעטישע באַאַמטע, גע־קומענע פון מזרח) האָבן מיט די ביכער געהייצט די הרובעס.

1960

יואל פּערעל / תל־אביב

# דער ליובאַרט־שלאָס

יעדע שטאָט האָט זיך אירע דענקמעלער, וואָס טיילן זי אויס פון אַ ריי אַנדערע שטעט. אויך די שטאָט לוצק פאַרמאָגט אַזאַ דענקמאָל, וואָס, ערשטנס, דערציילט ער וועגן דער אָפּשטאַמונג פון דער שטאָט, צווייטנס, איז ער פאַרבונדן מיט אַ סך אינטימע איבערלעבונגען פון דער יוגנט, און דריטנס, איז ער דער לעצטער עדות פון אומקום פון דעם יידישן לוציק — דאָס איז דער ליובאַרט־שלאָס.

דער ליובאַרט־שלאָס איז אויסגעבויט געוואָרן מיט אַ סך יאָרן צוריק, אין די צייטן פון מיטלאַלטער, דורך דעם ליטווישן פאַרכאַפּער פון דער טעריטאָריע פירשט ליובאַרט. ער האָט עס באַפוילן צו בויען פאַר זיך אַ שלאָס לויט אַלע כללים פון דער דעמאָלטדיקער אַרכיטעקטור, דאָרט האָט ער געלעבט, דאָרט האָט מען אים אויך מקבר געווען. אין אַ קליין גערטנדל, אונטערן שאָטן פון אַ צעצווייגטן דעמב געפינט זיך זיין קבר.

דער ליובאַרט־שלאָס איז איינער פון די טיפּישע שלעסער פון מיטלאַלטער. ער געפינט זיך אויף אַ בערגל, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ באַרג, ווייל אַרום און אַרום איז אַ ברייטער און טיפער טאָל. אַמאָל איז ער געווען אָנגעפילט מיט וואַסער פון טייך סטיר, וואָס פליסט אַדורך נישט ווייט פון שלאָס. די אויסגעגראָבענע ערד איז אָנגעשיט געוואָרן אַרום די מאַסיווע, ברייטע ווענט פון רויטע ציגל אויף אַ טיפן פונדאַמענט פון גרויסע קרעמינעס. אין אַלע פיר זייטן, אין די ווינקלען, האָט מען אויפגעהויבן קיילעכדיקע טורעמס, אין דער מיט — דאָפּלטע טויערן, און נישט ווייט פון זיי איז אַריבערגעוואָרפן געווען אַ שיינע הענגענדיקע בריק, וואָס פלעגט אַראָפּגעלאָזט ווערן פון צייט צו צייט.

שוין לאַנג זענען די געביידעס פון אינעווייניק פאַרניכטעט געווען פון שרפות, אויף זייער אָרט האָבן נייע הערשער געבויט אַנדערע. זיי האָט דערוואַרט דער זעלבער גורל. די הענגענדיקע בריק איז פאַרביטן געוואָרן מיט אַ הילצערנע, אַ שטענדיקע. די וואַסערן אַרום שלאָס זענען אויסגעטריקנט געוואָרן און אָפּ־געטראָטן זייער אָרט דעם ווילדן, גרינעם גראָז און שטעכלקעס.

בלויז די הויכע ווענט שטייען פעסט און נישט איין יאָרהונדערט וועלן זיי נאָך שטיין.

דער שלאָס האָט זיך ווי אָפּגערוקט אין אַ זייט פון דער ניי־אויסגעבויטער שטאָט, וואָס איז צעוואַקסן אין אַלע זייטן. אין אים האָבן געפונען זייער פּאַסיקן אָרט די פייערלעשער. אין די ווינקל־טורעמס פלעגן זיי אַרויפקריכן דורך אינעווייניקסטע שרויפן־טרעפּ אין דער הויך און פון דאָרטן אָבסערווירן די גאַנצע ניי־אויסגעבויטע שטאָט לויצק.

יאָרן שטייען נישט, צייטן בייטן לייטן. די פייערלעשער האָבן זיך געביטן; אָנשטאָט די קיילעכדיקע פעסער מיט וואַסער, וואָס די אָנגעפּרעסענע פערד פלעגן שלעפּן, זענען געקומען מעכאַנישע פּאָמפּעס און ציסטערנעס· הויכע לייטערס און ברייטע רערן זענען געלעגן אויף הויכע פּלאַטפאָרמעס און געשלעפּט האָבן זיי עטלעכע פּאָר פערד. זיי האָבן אויך פאַרביטן רויט־געפאַרבטע מאַשינעס מיט אויטאָמאַטישע פּאָמפּעס און מעטאַלענע לייטערס, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן דורך מעכאַנישער קראַפט אויף יעדער הויך.

דער משופּעדיקער באַרג אַרום שלאָס איז פאַרוואַקסן געוואָרן מיט געדיכטע, הויכע גראָזן. אויף אים פלעגן זיך אָפּט שפּילן קינדער און יוגנטלעכע אין מלחמות, אין באַהעלטענישן. אין די שבתים און ימים־טובים פלעגן אַהערקומען גאַנצע יידישע משפּחות זיך אָפּרוען און פּראַווען סעודות; אַהער פלעגן קומען יונגע פאָרלעך זיך באַקענען, שפּאַצירן, דערקלערן זיך אין ליבע. זייערע האַרציקע געשפּרעכן פלעגן דערשטיקט ווערן פון דעם קוואַקען פון די הונדערטער זשאַבעס פון די אַרומיקע בלאָטעס. די מענגע אויסגעקריצטע הערצער, נעמען און צו־שריפטן אויף די ווענט האָבן עדות געזאָגט, אַז אַהער פלעגן קומען אַ סך, זייער אַ סך . . .

נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָר 1917 האָט דער שלאָס אויפגעלעבט· אין שטאָט איז די טעאַטער־געביידע פאַרברענט געוואָרן אין דער צייט פון דער ערשטער מלחמה. די רעוואָלוציע האָט זיך געקענט באַגיין אָן אַ טעאַטער. האָט מען טאַקע אויף שנעל געבויט טאָג און נאַכט אַ גרויסן הילצערנעם טעאַטער מיט אַ בינע, מיט בענק פון פּשוטע, נישט־געטעסעטע ברעטער. די ווענט פון דרויסן, פון אינעווייניק זענען באַפּוצט געוואָרן מיט לאָזונגען אויף רויטן ציץ: „פאַראייניקונג און פּראָגרעס", „נידער מיט דער אַליינהערשאַפט", „די וועלט פון געוואַלט וועלן מיר פאַרניכטן", „מיר פאָדערן ברויט, אַרבעט און שלום" א״א.

דאָ פלעגן פאָרקומען מיטינגען פון פאַרשידענע פּאַרטייען. אַהער פלעגט מען ברענגען די צאַרישע פּאָליציי, דאָ פלעגן זיי אויסהערן זידלערייען און פאָרוווּרפן אויף זייער חשבון און פון דאַנען פלעגט מען זיי פירן אין טורמע אַריין. די באַשולדיקטע זענען געווען מערסטנס יידן: די פריילין דראַלוק, דער גראָ־בעטשקער, נידעריקער דאַוו, די ברידער און שוועסטער קיבריק, דער פּועלי־ציוניסטישער טוער זלמן קאַניש, דער אומדערשראָ־קענער טוליע האָרנשטיין און אַנדערע. אין די שבתים פלעגן שפּילן טעאַטער: די אוקראַינער — „נאַטאַלקע פּאָלטאַווקע", „הוי, נע כאדי גריצו" און די יידישע טרופּע אונטער דער אָנפירונג פון דעם טאַלאַנטפולן רעזשיסער קאָלאָדני — „די קרייצער־סאָ־נאַטע", „די קרעטשמע", „צעזייט און צעשפּרייט". ס׳האָבן זיך אויסגעטיילט אמתע אַרטיסטן, ווי לייבטשיק לערנער, דבורה מענאַקער, יצחק שטערנפעלד, קאָטליאַר. אָפט פלעגן יוגנטלעכע שפּילן טעאַטער אויף יידיש און אפילו „מכירת יוסף" אויף עברית בהברה הספרדית, אונטער דער רעזשי פון די לערער פון דער גימנאַזיע חלף, קאַגאַן און פּעטשעניק·

שפּעטער, ווען לויצק איז אין 1920 אַריבער צו פּוילן, האָט מען אין ליובאַרט־שלאָס אַדורכגעפירט ביי דער שיין פון פלאַקערדיקע שטורקאַצן די רעליגיעזע מיסטעריעס וועגן קריס־טוסן...

אין די ערשטע געטאָ־טעג האָבן די נאַציס אויסגעטיילט די געזונטע, די בעלי־מלאכות און זיי צוגעזאָגט, אַז זיי מיט זייערע משפּחות וועלן בלייבן נישט גערירט. די אויסגעטיילטע פאַמיליעס האָט מען אַוועקגעפירט אין ליובאַרט־שלאָס. אין דער זעלבער נאַכט האָט מען דערהערט פון דאָרט האַרצרייסנדיקע געשרייען פון טויזנטער פרויען און קינדער צוזאַמען מיט הילכיקע שאָסן. דאָס איז דער אַוואַנגאַרד פון די קדושי לוצק...

ליובאַרט־שלאָס — דער עדות פון פריידן און ליידן,
איך פּרוּוו דיך אויף יידיש באַשיידן.
דיין נאָמען דערמאָנט אין אַ לעגענדע,
וואָס איז דורך אונדזער פּיין צו ענדע.
איך ווייס, דיינע ווענט האָבן געציטערט
פון ווײ־געשריי פון קינדער און מוטערס.
גאָר ווייניק זענען מיר אַוועק פון דאַנען.
מיט נשמות פאַרקלעמטע מיר שפּאַנען
די גאָלדענע קייט ווייטער שמידן
פון גרויסע נשמה־יתירהדיקע יידן.

**ש. אָקסמאַן**

# דער קינסטלער י. קאָרנבליט

עס ווייזט אויס, אַז מער פון אַלע יידן האָבן די וואָלינער אַמשטרענגסטן מקיים געווען דעם האַרבן געבאָט פון די עשרת־הדברות: „אַז דו זאָלסט דיר נישט מאַכן קיין בילדגעטשקע״ דערפאַר איז דאָס יידישע לעבן אויף וואָלין, אין שטוב און אין גאַס, כמעט פאַרבליבן אָן אַ קינסטלערישן תיקון.



זעלטן ווען, אַז מ׳באַגעגנט אין וואָלין אַ יידישע שטוב, ווו ס׳זאָל זיך געפינען, אויסער די געקינסטלטע רעליגיעזע חפצים, אַ געמאָלן בילד, אַ לאַנדשאַפט, אַ צייכענונג, עפּעס פון דער נייער היינטוועלטיקער יידישע קונסט. און דערפאַר איז אויך דער עסטעטישער חוש, דער געשמאַק פאַר קונסט־שטיק פּרימיטיוו און נישט אַנטוויקלט.

אָבער אין די דרייסיקער יאָרן הייבט אָן דאָס יידישע וואָלין צו געפינען זיין קינסטלערישן תיקון אין די שאַפונגען פון צוויי יונגע וואָלינער יידן: אין דער דיכטונג פון ק. ליס און אין די בילדער און צייכענונגען פון י. קאָרנבליט.

דער שטייגער פון יונגע קינסטלער איז — אין דער ערשטער צייט פון זייער אַרבעט — צו באַשעפטיקן זיך מיט אַבסטראַקטער מאָלעריי, מיט קונסט לשם קונסט, כדי דאָרט צו קאָנען קאָנצענטרירן זייער אויפמערקזאַמקייט אויף די פאָרמעלע עלעמענטן פון דער טעכניק, אויף דער האַרמאָניע. צום ווייניקסטן אינטערעסירט זיי דער סיוזשעט, דער אינהאַלט פון זייערע בילדער און צייכענונגען.

דער יונגער קאָרנבליט גייט שוין פון אָנפאַנג אָן אויפן וועג פון ממשותדיקייט און רעאַליטעט. אין אַלע 60 בילדער פון זיין היגער אויסשטעלונג פילט זיך ווי דער קינסטלער זוכט און פאַרטיפט זיך אין דער אייגנטימלעכער יידישער ליניע, אין דער ספּעציפישער יידישער „אַרכיטעקטור״ — די צעבויגענע און צעקרימטע יידישע הייזלעך מיט זייער פאַרחושכטן און פאַרגליווערטן אויסזען, דאָס יידישע געסל מיט זיינע כאַראַקטעריסטישע פאָרשטייער: דער וואַסער־טרעגער, די מאַרק־הענדלערקעס, ז׳ער שמש, די אָרעמע, געפּלאָגטע און פאַרשטויסענע. דאָס איז דער תוכן פון קאָרנבליטס שילדערונגען.

דער סאָציאַלער מאָמענט — דער דעקלאַסירטער יידישער אַרבעטער נעבן די פאַרשלאָסענע פאַבריקס־טויערן — האָט געפונען זיין מאָלערישן אויסגעשריי אינעם בילד נומער 1. מיט אַ באַוונדערן אינטערעס און פאַרטיפקייט האָט קאָרנבליט געמאָלן די פאַרלאָזטע יידישע זקנה (בילד 63), וועלכע פּראַוועט התבודדות אין הקדש. די „אַל תשליכנו לעת זקנה״ שטימונג שוועבט אַרום דעם בילד.

און וואָס פאַר אַ מרה־שחורה וואַרפט אָן ס׳בילד פון אינדזער באַקאַנטן בערל שמש, מיט זיין צעבעזעמטן בערדל, דער אומעט פון „צדקה תציל ממות״ קוקט דאָך אַרויס פון זיינע אויגן. מ׳באַדאַרף באמת פאַרמאָגן קינסטלערישע באַגאַבונג און קאָנען פּסיכאָלאָגיש אַריינבליקן אין די הערצער און מוחות פון די געמאָלענע טיפּן, כדי דאָס אַלץ תופס צו זיין און בולט אַרויסברענגען אויפן לייוונט.

קאָרנבליט איז שטאַרק פאַרבונדן מיטן לעבן פון יידישן שטעטל, מיט אַלע זיינע ווייען און נויטן און אין דער פאַרזָרעמטער און פאַרחושכטער סביבה געפינט ער באַגייסטערונג און שטאָף פאַר זיין קינסטלער־פּענדזל. אַפילו אין זיינע לאַנדשאַפטן און צייכענונגען פון דער נישט־יידישער סביבה ברענגט ער אויך אַריין דעם יידישן אומעט און עלנט.

✶

קאָרנבליט איז אַ שטימונגספולער באַשיידענער קינסטלער, וועלכער ווידמעט זיין רייכע פאַרבן־גאַמע דער „בין־השמשות״־צייט — פאַרנאַכטן, פאַרטאָגן, דעמאָלט ווען ס׳איז לא יום ולא לילה. מיר ווינטשן אונדזער קזָרנבליטן, אַז אין די ווייטערדיקע אַרבעטן זאָל ער אַריינברענגען מער ליכט, מער טאָג, מער זון־שיין און אָנשטאָט דער יידישער פאַרלוירנקייט און אומעט, וואָס האָמעוועט און דריקט, זאָל ער ווייזן דעם יידישן פּאַטאָס און האָפענונג, וועלכע רעגן אָן צו אַקטיווער שאַפונג.

(„וואָלינער וואָרט״ נומ׳ 4)

הרב אלחנן סורוץ קין / ירושלים

# רבני לוצק

מעטות הן הידיעות שבידינו על דברי ימיה הראשונים של קהילת לוצק הגדולה והעתיקה, המתחילים בלי ספק בראשית המאה ה־15 לספה״נ. קורותיה הראשונות של הקהילה בת 500 השנים (לכל הפחות) לוטות בער־פל ובמקורות יהודיים כמעט ואין להן זכר עד אמצע המאה ה־16. ובדומה לכך גם בכל הנוגע לידי־עות על רבני העיר, שהרי לא יתואר שנפקד מקומם בה מרא־שית ימיה, אולם עד אמצע המאה הרביעית לאלף השישי (סוף המאה ה־16 לספה״נ) לא נשארו בידינו שום ידיעות על רבני לוצק ואפילו שמותיהם אינם ידועים לנו. אמנם, אין קהילת לוצק יוצאת מן הכלל בנידון זה, כי תולדות הרבנות באירופה המזרחית — ממלכות פולין וליטא, היינו השטח שנכלל בתחום שיפוטם של ועדי דד״א — מתחילות, כידוע, רק מראשית המאה הרביעית לאלף הששי, ולכל המוקדם באמצע המאה השלישית ורק שמות בודדים של רבנים וראשי ישיבות מפורסמים וספורים ידועים לנו מתקופה קדומה יותר.


הרב אלחנן סורוצ׳קין

ואלו שמות רבני לוצק, מאמצע המאה הרביעית ועד תחילת המאה השביעית לאלף השישי, לפי מה שעלה בידינו לאסוף ממקורות ומספרים שונים.

1. הראשון לרבני לוצק ששמו ידוע לנו הריהו הגאון ר׳ אהרן הלוי איש הורוויץ, קרובו של השל״ה (ר׳ ישעי׳ הורוויץ, מחבר הספר „שני לוחות הברית״), וזמן רבנותו בלוצק יש לקבוע לשנות ש״מ—ש״נ (1580—90) בערך. בנו היה הגאון ר׳ שמואל, שמילא את מקומו של השל״ה ברבנות דובנא ואח״כ כיהן כאב״ד לובמילא.

2. בשנת שס״ג (1603) ישב על כיסא הרבנות בלוצק אחד מגדולי הרבנים בדורו, הגאון ר׳ משה ב״ר יהודה הכהן שפירא, בן־בנו של הגאון הנודע ר׳ יצחק שפירא, אב״ד דק״ק קראקא. הגאון ר׳ משה, רבה של לוצק, היה חתנו של ר׳ שאול וואהל, ה„מלך״ הפולני, שנשא על ראשו את כתר המלכות של מדינת פולין במשך לילה אחד, בין גברא לגברא. על דבר זה רבות האגדות בתולדות ישראל בפולין, ור׳ שאול היה בלי ספק מנהיגם ו„שתדלנם״ של יהודי פולין וליטא בדור ההוא. מלוצק עבר הג״ר משה לכהן כרב של גליל קראקא. הוא חיבר ספר „שאלות ותשובות מהר״ם״ שנשאר בכת״י ולא ראה אור הדפוס. יש ממנו הסכמה על ספר „מקור חכמים״ שנדפסה ביחד עם הסכמו־תיהם של הגאונים המפורסמים השל״ה ובעל „הלבושים״. הוא נפטר בשנת שע״ז.

3. הגאון ר׳ יוסף אהרן פרץ יהודה, שכיהן ברבנות בלוצק בשנות ש״ע—שע״ה (1610—15) בערך. בנו היה הרב החסיד ר׳ יצחק יעקב קופיל, המתואר כ„חכם הכולל ותורתו אומנתו היתה להגות יומם וליל״, שנפטר בלובלין בשנת ת״ז (לפי הכתוב על מצבתו). כלתו — אלמנתו של רי״י קופיל — היתה אשה עשירה ובעלת נכסים וב„פנקס ליטא״ נרשם חוב של 900 זהובים פולניים שמנהיגי מדינת ליטא נשארו חייבים לה.

4. הגאון ר׳ אלכסנדר זיסקינד ב״ר משה הכהן אשכנזי, המכונה זיסקינד כ״ץ, שימש אב״ד בלוצק בשנות שע״ה—שפ״א (1615—21). הוא היה אחד הרבנים הגדולים והחשובים בדורו, בין החותמים על החרם שלא להדפיס שנית במשך עשר שנים את הספר „מאירת עינים״ (הפירוש המפורסם לחושן המשפט הנודע בשמו המקוצר „סמ״ע״). הוא חתם ביחד עם הסמ״ע והמהרש״א והלבוש ועם הגאון ר׳ משה הכהן שפירא, קודמו ברבנות לוצק, בהסכמה על הספר „זכרון משה״ להג״מ ר׳ משה זבולון אליעזר מבריסק. יש ממנו גם הסכמה על הסידור המפורסם של ר׳ שבתי הסופר. בספר הנודע „איתן האזרחי״ נמצאים עליו

דברי הספד, ושם אף נאמר כי הגאון הישיש ר' זיסקינד כ"ץ, רבה של לוצק, נפטר בשנת שפ"א.

5. הגאון ר' אברהם הלוי סגל, דודו זקנו של הט"ז („טורי־זהב" על שו"ע), אב"ד לוצק בשנת ש"צ בערך. בנו הגאון ר' יצחק היה רב בברעזי, באדקי (בליטא) ופאפענהיים בגרמניה, חותנו של הגאון ר' אהרן קצנלנבויגן מבריסק, מחבר ספר „מנחת־אהרן" על מסכת סנהדרין.

6. הגאון המפורסם ר' יעקב שור, בן הגאון ר' אפרים זלמן אבד"ק בריסק, מחבר ספר „תבואות שור" — קיצור ד' טורים. אמו של ר' יעקב שור, העגלא, היתה בתו של ר' שאול וואהל המפורסם ולפי האגדה נתן בה עיניו המלך הפולני זיגמונט השלישי ורצה לשאת אותה לאשה, אחרי מות המלכה. ר' שאול וואהל מיהר להשיא אותה לר' אפרים זלמן שור בן השבעים שנתאלמן מאשתו בעת ההיא, כדי למנוע מהמלך לקחתה. מהזיווג הזה נולד ר' יעקב שור והוא נתחנך ע"י אמו, אחרי שנתיתם מאביו הזקן, שגידלה אותו בישיבות ונסעה אתו אצל גדולי הזמן כדי לקבל „סמיכה". ר' יעקב שור הי' אבד"ק לוצק עד שנת שצ"ח (1638), ואח"כ נתקבל לאב"ד בבריסק, במקום אביו. הוא חיבר ספר „בית־יעקב" על מס' סנהדרין, שנדפס באמסטרדם וכן יש ממנו תשובות ב„תשובות גאוני בתראי", וכן בס' „חלקת מחוקק" על אבן העזר. נפטר בשנת תט"ו. חתניו היו: הגאון ר' יצחק אייזיק היילפרן אבד"ק טיקטין והגאון ר' שאול אבד"ק פינטשוב ור' אברהם, פרנס של ועד ד' ארצות.

7. הגאון ר' יוסף בר' אליקים געץ היילפרין, חתן המהר"מ מלובלין, אב"ד לוצק בשנת ת' (1640). מן המסכימים על הש"ך („שפתי כהן" על שו"ע), וחותנו של הגאון ר' נחמן רפופורט, אבד"ק קרעמניץ ובעלז — זקנו של הגאון ר' חיים מוואלאזין. מלוצק נתקבל לאבד"ק לבוב (חוץ לעיר) ונפטר בשנת תי"ב. יש ממנו תשובה בס' „איתן האזרחי" שבה הוא מתיר להתעלם מיהודי־רוצח שנתפס למלכות, ופוסק שאין לעשות מאמצים כדי להצילו מעונש המוות המאיים עליו. בפנקס לבוב נרשם כי מכרו „מקום" בביהכנ"ס של בעל בתו ליבא, כדי לפדותה מבית האסורים. על מצבתו כתוב בין השאר „הי' אב בית דין במשפטים ישרים וצדיקים וראש ישיבה גדול ורם כענקים, הרביץ תורה באמרות טהורות שבעתים מזוקקים... ונקבר פה לבוב בקולי קולות וחזקים ברחובות ושוקים".

8. הגאון ר' מן (מניש), רבה של לוצק בשנות ת"ח—ת"ט שנהרג עם 200 יהודי לוצק ע"י בוגדן חמלניצקי על קידוש השם („טיט היוון").

9. הגאון ר' מרדכי הכהן רפופורט (שרענציל), רב בלוצק אחרי שנת ת"י, בנו של הגאון ר' אברהם בעל מחבר ספר „איתן האזרחי" וחתנו של הגאון ר' שמעון קליף מאשכנז. הוא פדה מידי הסטודנטים בלבוב את כתב־היד של „איתן האזרחי" שנשדד בפרעות שנערכו על ידיהם, ובן אחיו ר' אברהם, אב"ד בבאהוסלאב, הוציא לאור את הספר בשנת תקכ"ו.

10. הגאון המקובל ר' יצחק בר' אברהם. יחיד בדורו בנגלה ובנסתר (לפי עדות הספר „שם יעקב") אב"ד בלוצק עד שנת תכ"ד (1664). מלוצק נתקבל לאב"ד בווילנא ומשם לפויזנא. הג"ר יצחק העמיד תלמידים הרבה גם בחכמת הקבלה. בעל „מגן־אברהם", מגדולי תלמידיו, מזכירו בספרו כמה פעמים. חיבר ספר שו"ת „באר־יצחק". היה מגדולי היחס. אביו הגאון ר' אברהם היה רבה של אוסטראה ומצאצאי הגאון ר' יצחק בעל „שערי דורא". בנו הגאון ר' יעקב (חתן הגאון ר' נפתלי הכהן בעל „סמיכת חכמים") מילא את מקומו ברבנות פויזנא. הג"ר יצחק חתם בשנת תמ"ג על פס"ד שהוצא בסכסוך שבין מנהיגי מדינת ליטא לבין קהילת בריסק. נפטר בפויזנא בשנת תמ"ז (1687).

11. הגאון ר' משה כהנא־כ"ץ, בן הגאון ר' פסח בן הגאון ר' תנחום, בנו של ה„שארית־יוסף" (גיסו של הרמ"א), — אב"ד בלוצק אחרי הגאון ר' יצחק ב"ר אברהם. שימש מקודם כרב בקלויז דבריסק ואח"כ כאב"ד דסלוצק ומשם עבר ללוצק. רב גדול ומפורסם בדורו. הסכים ביחד עם הט"ז על הספר „עמודיה שבעה" בשנת תכ"ד (1664). ר' משה כ"ץ היה חתנו של הגאון ר' מאיר וואהל — בנו של השר ר' שאול וואהל וגיסו של הגאון המפורסם ר' יונה תאומים, מחבר ספר „קקיון דיונה". בניו: הרב ר' יוסף כ"ץ אבד"ק פרידבורג, והרב ר' יהודה ליב מלויצק — אבי הגאון ר' משה כהן אבד"ק בעלזא והמדינה. הג"ר משה כ"ץ־כהנא נפטר בשנת ת"ל (1670).

12. הגאון ר' שמריל הורוויץ, בן הגאון ר' ישעיה מגיד, שימש ברבנות בלוצק, כנראה באותו זמן וביחד עם הג"ר משה כ"ץ־כהנא, כי נפטר בשנת תכ"ט — שנה לפני פטירתו של הגר"מ כ"ץ־כהנא.

13. משנת ת"ל (1670) שימש ברבנות בלוצק הגאון ר' צבי הירש, המוגדר כ„אב"ד וראש וראשון לארבעת ראשי גליל וואלין בועד ארבע ארצות" (לפי ווסכוד, חוברת אוקטובר 1894). פרטים אחרים על פעליו ויחוסו אין.

14. הגאון ר' ישראל ב"ר שמואל מטרנופול, אב"ד בלוצק משנת תל"ט (1679). תלמידו וש"ב של הט"ז. ר' ישראל ב"ר שמואל נשא על ראשו כתר הרבנות וכתרו של פרנס ועד ארבע ארצות כאחד וחתם על מסמך שניתן לשר האוצר הפולני בברעסלא בזו הלשון: „אני ישראל בן שמואל מטרנופול, המפקח הראשי על כל ישראל ובפרט בכל מלכות פולין ופרנס הועד הכללי שנתקים בלובלין ואתי 18 הממונים של כל היהודים בד' ארצות שבמדינת פולין... הננו מודים בשמנו ובשם כל ישראל במלכות פולין שהתחייבנו באמת ותמים לשלם להאציל גיאורג פון מלטנברג, שר האוצר של העיר המלכותית ברעסלא — במשך 12 שנה... במזומנים תוך שעבוד כל הנפש, ההון והרכוש שלנו ושל כלל היהודים מד' ארצות של מלכות פולין..." לפי עדות בני דורו היה „ראש וראשון בין גאוני חכמי דורו ולא נעשה שום ועד זולתו". לפני עלותו על כיסא הרבנות בלוצק היה רב וראש ישיבה בלודמיר וכנראה היה גם עשיר, שכן נדב „נדבה הגונה להדפסת אבן העזר בקראקא בשנת ת"ל". חתימתו מתנוססת בראש הרבה תעודות, פסקי דינים והסכמות על ספרים („לב ארי'", „נחמות־ציון", „ספר האש"ל", „דברי שמואל", „קנה חכמה" ועוד), והוא חותם ראשון לפני הגאונים המפורסמים ר' משה קרעמער אב"ד ווילנא, הג"ר יצחק ב"ר אברהם מפויזנא

(לשעבר רבה של לוצק), הג"ר נחמן רפופירט והג"ר צבי הירש מלובלין. בשנת תל"ז (1688) הוא חותם על קול־קורא ליהודי אמסטרדם ומבקש עזרה לפדיון שבויים שנשבו על ידי הטטרים במדינות פודוליה ופוקוטיה. בשנת תל"ח נבחר לפרנס ועד ארבע ארצות (ראש הועד) וכיהן בתפקיד זה עד שנת ת"מ. בשנת תמ"א חתם על פס"ד שניתן בסכסוך שבין מנהיגי ד"א למדינת ליטא, ובתמ"ג — ביחד עם הג"ר יצחק ב"ר אברהם — על פס"ד בסכסוך שבין מדינת ליטא לבין קהילת בריסק. כן היה בין המסכימים ביריד יארוסלאב להעתיק את התנ"ך לשפת אשכנז ולהדפיסו באמסטרדם וכן על האיסור שלא לפסוק כהש"ך נגד הט"ז והוא תומך בהתלהבות בספר „מגיני־זהב" המגן על הט"ז ומישב את ההשגות שבספר „נקודות־הכסף" של הש"ך נגד הט"ז — רבו ושאר בשרו.

15. הגאון ר' ישראל ב"ר מרדכי יאליס מקראקא, הנודע בשם ר' ישראל סווינוחער, — אב"ד בלוצק אחרי הג"ר ישראל ב"ר שמואל מטרנופול. לפני עלותו על כיסא הרבנות בלוצק היה אב"ד בלודמיר. אביו היה פרנס של ארבע ארצות וגיסו היה „פרנס הדור" — ר' ישכר בעריש בנו של הגאון ר' העשיל מקראקא. בתו היתה אשת הגאון ר' שמחה כ"ץ רפופורט — זקנו של הגאון ר' חיים הכהן רפופורט אב"ד דק"ק זיטל, סלוצק ולבוב, מראשי הרבנים שהשתתפו בויכוח הידוע עם הפראנ־קיסטים.

16. הגאון ר' יואל היילפרין, שנקרא בזמנו „ר' יואל הגדול" — שימש אב"ד בלוצק בשנות תמ"ט—נ"א (91—1689). היה בנו של הגאון ר' יצחק אייזיק, אבד"ק טיקטין וחתנו של ר' הקדוש ר' מרדכי סגל שנהרג עקה"ש בלבוב, בנו של הט"ז. קודם היה רב בברודי ואח"כ בלוצק, מלוצק עבר לכהן כרב בפינסק ומשם לאוסטראה, במקום מחותנו הגאון ר' נפתלי כ"ץ שעבר לפוזנא. בשנה האחרונה לחייו (בשנת תע"ד — 1714) נבחר לאב"ד בלבוב אולם בדרכו למקום־כהונתו החדש נפטר. יש ממנו הסכמות על עשרות ספרים שהופיעו בתקופתו וכן היה פעיל באסיפות השונות של ועד ארבע ארצות, ועד מדינת ליטא וראש באסיפות הרבנים של גליל ווהלין.

17. הגאון ר' מרדכי קלויזנער, אב"ד בלוצק בשנת תנ"ח—תפ"א (1721—1698). אביו היה הגאון ר' צבי הירש, רבה של לובלין ולבוב, בנו של הגאון ר' זכרי' מנדיל המכונה „זכרי' הנביא". הוא חתום על פס"ד שניתן בנוגע לסכסוכים שבין קהילות טיקטין וסמייטיץ ביחד עם רבה הקודם של לוצק, ר' יואל הלפרין (בשנת ת"ס), וכן יש ממנו הסכמות על הספרים „לקח טוב" ו„ברית שלום". הוא חתם גם על האיסור של יבוא ספרים מחוץ למדינה, כדי להגן על הספרים הנדפסים בדפוס החדש בזולקווא שהוקם ע"י ר' פייבוש סגל. בתו מלכה היתה נשואה להגאון ר' צבי הירש הורוויץ אבד"ק טשורטקוב, אביו של הגאון המפורסם ר' פנחס הלוי הורוויץ, בעל ה„הפלאה".

18. הגאון ר' צבי הירש ב"ר אשר, רב מפורסם בדורו. כיהן כרב ואב"ד בלוצק החל משנת תפ"ב (1722).

19. הגאון ר' אברהם הלוי מקראקא, ראש ישיבה בלוצק — נפטר בשנת תקי"א (1751).

20. הגאון ר' יעקב בהג"מ ר' ארי' לייב. אב"ד בלוצק החל משנת תקי"ד (1754). אביו היה מגדולי הרבנים בדורו, אב"ד דהורדנא, וחותנו היה הגאון ר' יהושע, אב"ד בשידלוב, ממשפחת בעל „מגיני שלמה". הגאון ר' יעקב היה מקודם רב בלענצני ומלוצק עבר לכהן כראש בית דין בלובלין. בימי שבתו בלוצק פרצה המחלוקת הידועה בין הגאונים ר' יונתן אייבשיץ ור' יעקב עמדין והוא היה בין תומכיו הנלהבים של הג"ר יונתן אייבשיץ וחתום על החרם שהוכרז על מתנגדי הגר"י אייבשיץ באסיפת ועד ארבע הארצות ביריד יארוסלאב בשנת תקי"ד. בשנת תקט"ו חתם על החרם נגד הש"ס שנדפס בזולצבאך תוך 25 שנה להדפסת ש"ס אמסטרדם — ביחד עם הגאונים ר' חיים הכהן רפופורט (שהיה מחותנו) ור' משולם זלמן גינזבורג, הרב הכולל של מדינת רוסיה. נדפס ממנו ספר „כוכבי יעקב" המחזיק רק כ"ד דפים (נדפס בזולקווא בשנת תקל"ד — 1774) מחוסר אמצעים כספיים. על הספר יש הסכמות מחמשים רבנים המרבים בשבחו של הספר, וגם הסכמות אלו לא נדפסו בספר הקטן, מחמת חוסר מקום, והובאו בו רק חתימותיהם של המסכימים. היו לו שני בנים: הרב הצדיק המפורסם ר' יוסף, אבד"ק ביאלא, אבי אמו של הגאון המפורסם ר' שלמה קלוגר מברודי; והרב ר' משה, אבד"ק שאמבערהאבן.

21. הגאון ר' יעקב אהרן היילפרין, נכד הגאון ר' יואל הגדול, שהיה אב"ד בלוצק בשנות תמ"ט—תנ"א. אביו הרב ר' מרדכי היה עשיר מפורסם באוסטראה וראש החברה קדישא בעירו ולפי דעת בעל „מזכרת לגדולי אוסטראה", היה הרב ר' מרדכי גם הוא רב בלוצק, לפני שעבר לאוסטראה, מקום שם פשט את איצטלת הרבנות ונעשה סוחר. הגאון ר' יעקב אהרן היילפרין היה קודם רב בסטעפאן, ובהיותו שם נגנבו אצל דוכס העיר כלי זהב ותכשיטים יקרים. החשד נפל על ב' יהודים שנאסרו ועונו קשות עד ש„הודו" שהם גנבו את התכשיטים וכלי הזהב וכי מסרו אותם לבן הרב (הרב ר' יוסף יואל היילפערין, מגיד מישרים בסטעפאן) שמכר אותם בחוץ לארץ. הרב ובנו נאסרו ונכבלו באזיקים ובית המשפט הוציא פס"ד מוות על בן הרב, אם במשך מעת לעת לא יחזיר את הגניבה או לא ימיר את דתו. והנה קרה נס ובאותו לילה נתפסו הגנבים עם הגניבה בשלמותה והיא הוחזרה לדוכס והרב ובנו שוחררו. לזכר המאורע כתב הגאון ר' יעקב אהרן מגילה שבה מסופר בחרוזים כל מעשה הנס והוא מצווה על כל יוצאי חלציו „עד סוף כל הדורות" להתענות ביום כ"ב מנ"א ולאמר סליחות ובערב לעשות סעודת מצווה ומשתה לעניים ולספר לדור יבוא את פרשת ההצלה והנס. בלוצק שימש כרב ואב"ד עד שנת תקי"ט (1759).

22. הגאון ר' אברהם הורוויץ, אבד"ק לוצק והגליל בשנות תק"כ—תקכ"ו (66—1760). הוא היה חתנו של הגאון ר' אשר, רבה של אליק, שהיה אחד מגדולי הדור, וחתנו של הגאון בעמח"ס „קודש־הקדשים", ר' מאיר הורוויץ מטיקטין. בנו היה הרב ר' אביגדור, אבד"ק קאמינקא, ונכדו — הרב ר' יצחק שמשון ששימש אב"ד בטשערנאוויץ וזאלקווא והוציא לאור את הספר המפורסם „חמדה גנוזה".

23. הגאון ר' אברהם הלוי, ששימש אב"ד בלוצק עד שנת תקל"ז (1777).

24. הרב ר׳ אברהם ב״ר מאניס, רב בלוצק בשנת תקמ״ב (1782). אביו הי׳ מעשירי דובנא וחשוביה והשאיר בצוואתו סכומים גדולים לצדקה ולעניי ארץ־ישראל.

25. הרב הצדיק ר׳ גרשון לויצקער, מגדולי תלמידיו של ה„מגיד״ ממזריץ (תלמידו של הבעל שם טוב). נפטר בשנת תקמ״ח (1788).

26. הגאון ר׳ אברהם אריה אשכנזי, אב״ד בלוצק בשנות תקמ״ד—תקמ״ט (9—1784), מחותנו של הגאון ר׳ בנימין ברודא מהוראדנא וזקנו של הגאון ר׳ דובעריש אשכנזי, בעל „נודע בשערים״ (ששימש אב״ד בלוצק אחרי 40 שנה).

27. הרב הצדיק ר׳ שלמה ב״ר אברהם לויצקער (המגיד מסוקאל), גדול תלמידי המגיד ממזריץ ומפיץ תורתו, תורת החסידות. הוציא לאור את הספר „מגיד דבריו ליעקב״. בהקדמה לספר הוא כותב כי המגיד ממזריץ ביקש ממנו לרשום את חידושיו בתורה „למען היות למזכרת לעבודת הבורא יתברך״. הוא היה רבו של האדמו״ר הראשון מבעלז. חתם כעד על צוואתו של המגיד ממזריץ בשנת תקל״ג. חיבר ספר „דברת שלמה״ א׳, מספרי היסוד של תורת החסידות. על מצבתו בסוקאל חרותה הכתובת הבאה: „נפטר בעשרה לחודש שבט תקע״ג לפ״ק הרב המגיד הגאון החסיד הצדיק המפורסם תלמיד רבינו דוב בער ז״ל בוצינא דנהורא וקדוש עליון החריף ובקי בנגלה ונסתר כבוד שמו שלמה ב״ר אברהם זצ״ל בעל מחבר ספר ‚דברת שלמה׳ ״.

28. הגאון ר׳ יוסף קצנלבויגן, בן הרה״צ המפורסם ר׳ מרדכי מנסכיז, מגדולי החסידות. היה מקודם רב בהרובשוב ואוסטילא ואח״כ אב״ד בלוצק בשנות תק״ף—תק״ץ (30—1820). מפורסם כבעל מופת גדול. אשתו היתה נכדת הצדיקים המפורסמים ר׳ פנחס מקוריץ ור׳ יעקב שמשון מאוסטרופולי. השאיר אחריו חמשה בנים גדולים בתורה וחסידות והם: הרה״צ ר׳ פנחס מאוסטילא, הרב ר׳ מרדכי מאוסטילא, הרב ר׳ ברוך מקאסניטין והרב ר׳ לוי יצחק מסטעפין. מחותנו היה הצדיק המפורסם ר׳ אברהם יהושע העשיל מאפטא. נפטר בשנת תק״ץ (1830).

29. הגאון המפורסם בדורו ר׳ דובעריש בהרב ר׳ משה אשכנזי, נכדו של הגאון ר׳ אברהם אריה, רבה של לוצק, הנזכר לעיל. מגדולי היחס — נין ונכד להגאון בעל „חכם צבי״ ולהגאון בעל „שער אפרים״. עוד בהיותו צעיר לימים נתפרסם כאחד מגדולי הרבנים והיה פונים אליו בשאלות ותשובות. בהיותו כבן שלושים, בערך בשנת תקצ״א (1831), נתקבל כאב״ד בלוצק, ובשנת תקצ״ח אנו מוצאים אותו כאב״ד בסלונים ואחרי כמה שנים כאב״ד בלובלין. חיבר ספר שו״ת „נודע בשערים״ (מהדורא קמא ומהדורא בתרא) ובו מו״מ בהלכה עם כל גדולי הדור המכנים אותו בפניותיהם אליו בשם „מופת דורנו, נזר ראשנו, א׳ מעמודי התוך אשר כל בית ישראל נשען עליו״. (אגב: בספר זה יש תשובה מקיפה על ה„עירוב״ בלוצק, המסתמך על נהר סטיר, הסובב את העיר, כמחיצה לענין שבת). היה מחותנו של הגאון רבי שלמה איגר וקרוב להרב מליסא בעל „נתיבות המשפט״. נפטר בשנת תרי״ג — והוא בן חמשים בלבד — ולא הניח אחריו בנים ובנות. את ספריו הוציא לאור אחיו הרב ר׳ אברהם אריה, ועשירי לוצק עזרו על ידו כ„פרענומרנטים״, ששילמו דמי חתימה מראש.

30. הרב המאור הגדול ר׳ אליעזר מטורצין, ראש בד״צ בלוצק בשנת תר״ח (1848). יש ממנו שאלה בספר „נודע בשערים״.

31. הרב ר׳ יצחק לנדא „הרב דק״ק לוצקא״, שהי׳ רב ומו״צ בירושלים בשנת תר״י (1850). נדפסה ממנו הסכמה על ספר „ברכה משולשת״ שיצא לאור בלבוב.

**מ. ש. גשורי**

# צו דער געשיכטע פון די לויצקער רבנים און רביים

אין דעם היסטאָרישן לויצק האָבן אין משך פון דורות געוווינט באַרימטע גאונים, מגידים, דיינים מופלגים, פּרנסים און מנהיגים, וועלכע האָבן באַוווּסט געמאַכט דעם נאָמען פון זייער שטאָט אין דער ליטעראַטור פון שו״ת און דרוש. זיי זענען אויך געזעסן אין צענטראַלע אינסטיטוציעס פון דעם יידנטום אין דער מדינה.

ס׳איז כדאי דאָ אָנצוגעבן מקורים, פון וועלכע עס ווערט קלאָר, אַז לויצק איז געווען אַ שטאָט פון תורה און ס׳זענען געווען אין איר גרויסע ישיבות, פולע מיט תלמידי־חכמים.

1. **דער גאון רב יעקב שור**

צווישן די באַוווּסטע לויצקער רבנים איז געווען דער גאון רב יעקב, זון פון באַוווּסטן גאון רב אפרים זלמן שור, איידעם פון רב ישעיהו, דער זון פון דעם נגיד רב משה לייזער, וועלכער האָט אין זיין צוואה איבערגעלאָזט אַ סך געלט אונטער דער השגחה פון דעם וועד פון מדינת־ליטע. דאָס געלט איז באַשטימט געווען צו העלפן די קהילות און דער עיקר צו בויען שולן.

רב יעקב איז געווען אב״ד אין לויצק און לענטשנע און

שושלת טריסק לבית טברסקי עברה אחרי פטירת מיסדה המגיד רבי אברהם לקובל, מערי המחוז העתיקות בווהלין, והחסידות ששלטה כבר בעיר התגברה עוד יותר עד שתשעים למאה מהאוכלוסיה היהודית היו חסידים. רבי יעקב־לייבלה, בן המגיד מטריסק, שישב בקובל, היה אישיות מקובלת בכל ווהלין ואף מחוצה לה, ואחריו המשיך בנו הצדיק רבי וולוולה שנספה בשואת הנאצים כשהוא זקן מופלג.

העיר **לודמיר** נתפרסמה בחסידות כמקום מושבו של הקדוש רבי שלמה מלודמיר, ממלא מקומו של רבי אהרן הגדול בחסידות קרלין, שנהרג ע״י קוזק באמצע תפילתו בבית־המדרש. בהיותו שקוע בתפילה לא שם לב לשטף־הדם שיצא מפצעיו, איבד דם רב ונחלש ונשמתו עלתה למרומים בקדושה.

לוצק עצמה, שתפסה מקום נכבד בחיים הדתיים והרוחניים, השתלבה יפה בחיי החסידות, וחסידיה היו מתגאים בצדיקים מגדולי השושילתות הוותיקות שישבו בתוכה.

מ. ש. גשורי

# ר׳ שלמה לויצקער

## א

ער איז געווען פון אַ באַזונדער מין און באַזונדערן כאַראַקטער, פון די גרויסע תלמידים פונעם רבין רב בער דעם מעזריטשער מגיד און זיין הויזפריינד. ער האָט זיך אינגאַנצן געהייליקט פאַר זעלישער דערהויבונג אין עבודת־הקודש אין תורה און חסידות; איז באַשענקט געווען מיט פאַרשידענע אהבות און האָט דורכאויס געגליט פון אי־מעגדלעכער אהבה: צו דער יידישער תורה, צום פאָלק ישראל און ארץ־ישראל, און אויך צום הייליקן לשון פון ישראל און געהאָפט־געוואָרט אויף ביאת־המשיח. ער איז געווען דער דריטער דור אין חסידות, נאָר נישט באַוווסט איז דאָס אָרט און דאָס יאָר פון זיין געבוירן. פון די עטלעכע מקומות, ווו ער האָט געוווינט, האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט דער נאָמען פון דער שטאָט לויצק, ווייל די דאָזיקע שטאָט איז אים געווען צום ליבסטן, און באַזונדערס האָט זי געמאַכט אויף אים אַן איינדרוק צוליב דער אַלטקייט פון איר יידישן ישוב און אירע ווערטן.

דער דאָזיקער תלמיד ותיק פונעם מעזריטשער מגיד האָט זוכה געווען צו ווערטפולע טיטולן: „המאה״ג בנגלה ובנסתר, בוצינא קדישא״ [1], „החסיד האמיתי, קדוש עליון המפורסם״ [2], „נאמן ביתו והמוציא והמביא של כל דברי רבו הגדול״ [3], און „משמש לפני ולפנים בקודש־קדשים אצל הרב המגיד ממזריטש״ [4]. ער איז געווען אַ מגיד־מישרים אין סאָקאָל און אין קאָרעץ און זייער געאַכטעט פון די צדיקי־הדור; האָט באַקומען אַ דערלויבעניש פון דעם שטאָט־באַזיצער דעם גראַף אַדאַם טשאַרטאָריסקי אויפצושטעלן אַ דרוקעריי אין קאָרעץ און דרוקן אין איר אַלע קבלה־ספרים. מען האָט אים געפּסלט — לויט די רייד פון זיין רבין דעם מגיד — צו זיין אַ מנהיג פון די מאַסן חסידים, ווייל ער האָט פוגע־בכבוד געווען רב מרדכילע ניעסכיזשער. ער האָט אים אָבער פאַראויסגעזאָגט, אַז ער וועט אויפשטעלן אַ תלמיד, וואָס וועט אים פאַרגיטיקן פאַר גאַנצע לעגיאָנען חסידים. דער דאָזיקער תלמיד איז געווען רב שלום רוקח, פון דעם צדיקים־הויז אין בעלז. צווישן די ספרים וואָס ער האָט געדרוקט האָט ער באַזונדערס געשעצט דעם ספר „קלח״ פון רב משה חיים לוצאטו. חיים יוסף דוד אזולאי פון שפּאַניע האָט פירגעהאַלטן דעם דרוקער פון קאָרעץ, וועלכער האָט געהאַלטן פאַר מעגלעך אָפּצודרוקן און פאַרשפּרייטן אַלע קבלה־כתבים, כאָטש די שפּאַנישע געלערנטע האָבן עס נישט דערלויבט. אין דער הקדמה צו זיין ספר „דברת שלמה״ קלערט רב שלמה אויף וואָס ס׳האָט אים באַוואויגן אַרויסצוגעבן די אַלטע כתבים, כאָטש די גדולים פון שפּאַניע האָבן זיך נישט געוואונטשן צו זעען נייע אָדער אַלטע כתבים, חוץ די כתבי־האר״י, ווייל אַנדערע באַנוצן זיך מיט די הייליקע שמות, וואָס זענען פאַרשטענדלעך נאָר די מקובלים מובהקים, זענען זיי גורם צו אומפאַרמיידלעכע פאַרגרייזונגען.

פון צווישן די הונדערטער תלמידים פונעם מעזריטשער מגיד האָבן זיך אַרויסגערוקט זיינע ניין און דרייסיק באַגאַבטע תלמידים, און בתוכם באַרימטע גאונים, וואָס ר׳ שלמה לויצקער האָט צווישן זיי פאַרנומען אַן אָרט ווי דער גרעסטער שרייבער, און דעם מגידס ווערטער זענען פאַר אים געווען ווי אַ גאַנצע תורה, און אין יעדן וואָרט האָט ער געפונען רמזים אויף גרויסע און פאַרהוילענע זאַכן. זיין תורה איז פאַר אים געווען אמתע התגלות. אַלץ וואָס ער האָט געלערנט און געוווּסט איידער ער האָט באַקענט זיין רבין, האָט ביי אים קיין שום ווערט נישט געהאַט. דער מעזריטשער מגיד פלעגט נישט פאַרשרייבן — ווי זיין רבי דער בעש״ט — זיינע תורות אין אַ ספר. אין זיינע דרשות, וואָס ער פלעגט האַלטן „מדי חודש בחדשו ובימי שבת בשבתו״, פלעגט דער מגיד מסביר זיין זיין שיטה און זיין דרך אין חסידות זיינע פיל תלמידים, וועלכע פלעגן זיך פאַרצייכענען זייער רבינס ווערטער. אָבער צום מיינסטן פלעגן „די שרייבער שטאַרק מקצר זיין דעם מגידס כוונה, און טיילמאָל האָבן זיי נישט געהעריק פאַרשטאַנען און געשריבן לויט ווי זיי פאַרשטייען״ [6]. נאָר איינער פון זיי, רב שלמה לויציקער, האָט צונויפגעזאַמלט אַ סך אָפּשריפטן פון זיין רבינס רייד ביז אַ גאַנץ ספר, און נאָך דעם ווי ער האָט זיי אָפּגעריייניקט פון גרייזן, פאַרגלייכנדיק זיי מיט די אָפּשריפטן פון זיינע חברים, זיי אָפּגעדרוקט. אין אָנהייב האָט זיך דער לויצקער תלמיד נישט דערוועגט צו פאַרשרייבן זיין רבינס הייליקע רייד צוליב דער מורא, טאָמער וועט ער זיי נישט

איבערגעבן מיט דער געהעריקער פּינקטלעכקייט. איינמאָל האָט אים דער מגיד געפרעגט, פאַרוואָס ער פאַרשרייבט נישט וואָס ער הערט פון אים. האָט ער אים געענטפערט, אַז ער וויל נישט טאָן ווי זיינע חברים, וועלכע פאַרשרייבן געקירצט, און זיי פאַרשטייען נישט און זענען נישט מדקדק. האָט אים דער מגיד געזאָגט: פונדעסטוועגן איז בעסער, אַז אַלץ זאָל זיין פאַר־שריבן, „כדי עס זאָל זיין אַ דערמאָנונג פון דער עבודת־הבורא". אויף זיין תלמידס פראַגע: פאַרוואָס „ער וויל עס און באַגערט עס", האָט ער צוגעגעבן: „צי דען איז דאָס אַ קלייניקייט אין דיינע אויגן, וואָס דוד המלך ע"ה האָט געבעטן: „אגורה באהלך עולמים", ס'הייסט: אין ביידע וועלטן?" און פון דעסטוועגן האָט זיך רב שלמה אַ סך יאָרן אָפּגעהאַלטן צו טאָן זיין רבינס ווילן, צוליב די פאַרגרייזטע אָפּשריפטן, וואָס ער האָט געזען, נישט קאָנענדיק זיי פאַרריכטן. און ערשט נאָך דער פּטירה פונעם מגיד, ווען ס'זענען דערשינען די ספרים פון רב יעקב יוסף הכהן „תולדות יעקב יוסף" און „בן פורת יוסף" מיט דעם בריוו פונעם בעש"ט און זיינע פיל זאָגענישן, האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן אַ וועלט־נאָמען אויך זיין גרויסן יורש. פון אַלע אָפּשריפטן האָט ער אָפּגעקליבן דעם סאַמע בעסטן, געשריבן פונעם חסיד רבי זאב וואָלף „מק"ק הורודנה הגדולה במדינת ליטה", אים קאָרעגירט לויט ווי ס'האָט זיך איינגעהיט אין זיין זכרון. דער ספר „מגיד דבריו ליעקב" אָדער „לקוטי אמרים" דינט פאַרן ערשטן מקור פונעם מגידס תורה און איז געדרוקט געוואָרן אין אַ סך אויסגאַבן אין פאַרשידענע דרוקערייען און שטעט: קאָרעץ, זשולקעוו, בערדיטשעוו און אַנדערע [7].

## ב

רב שלמה האָט משמעות געלערנט פון זיין רבין אויך אַ פרק ליבשאַפט צו נגינה און געזאַנג, און אין זיין ספר ברענגט ער אין זיין נאָמען עטלעכע אַרויסזאָגונגען וועגן דער וועלט פון שמחה און ניגון. וועגן שמחה זאָגט ער, אַז זי איז דער עיקר אין דעם דינען גאָט. „די שמחה ציט זיך פון דער וועלט פון תענוג, וואָס ער איז אַ רוחני נישט צו באַגרייפן און איז זייער דערהויבן און ווערט אָנגערופן קודש". דער מענטש דאַרף זיך פרייען „און האָבן תענוג בעת ער טוט די מצוות, און דערמיט פאַרבינדט ער אַלע וועלטן צום אייבערשטן, געבענטש זאָל ער זיין". בכלל דאַרף דער מענטש תמיד זיין פריילעך געשטימט, ווייל „עצבות איז אַ גרויסע כניעה צו עבודת־הבורא, און אַפילו אויב ער איז, חלילה־וחס, געשטרויכלט געוואָרן מיט אַן עבירה, זאָל ער נישט צופיל טרויערן און זיין געשטערט אין דער עבודה, נאָר זאָל באַדויערן וואָס ער האָט געטאָן די עבירה און ווידער זיך נעמען פרייען מיטן בורא" [8]. דאָס חסידות האָט, ווי באַוווּסט, געפירט אַ מלחמה קעגן עצבות און פאַר דער פליכט צו זיין אין שמחה, וועלכע האָט געפעלט אויף דער יידישער גאַס, און די שמחה איז זיי בייגעשטאַנען אויפצומינטערן די גייסטער און אַריינברענגען האָפענונג אין די הערצער פון די דערשלאָגענע מאַסן, און זי האָט צוגעגרייט די הערצער אויפצונעמען די קלאַנגען פון געזאַנג און נגינה.

דער חזן און דער עולם — ביידע זענען די טרעגער פון תפילה און פאַר איר פאַרענטפערלעך. אָבער ס'איז גרויס דער אונטערשיד אין דער מאָס פון דער פאַרענטפערלעכקייט צווישן דעם חזן און דעם עולם. ווען ער, פאַרטייטשנדיק שיר־השירים, זאָגט ער, אַז פון איין געזאַנג וואָס עס זינגט איינער אַ ייד מיטן גאַנצן האַרצן, מיטן גאַנצן כוח און מיט דער גאַנצער כוונה, ווערן געבוירן אַ סך געזאַנגען אין אַלע וועלטן [9]. און נישט דווקא ממש געזאַנג, ווייל אויך תפילה ווערט אָנגערופן געזאַנג. איז ממילא ווען אַ ייד שטעלט זיך אַוועק דאַווענען בדחילו־ורחימו, זאָגן דעמאָלט שירה אין אַלע וועלטן אַלע מלאכים און שרפים און אַנדערע כיתות, וואָרן זיי אַלע זענען אין אים אַנטהאַלטן [10]. און אַזאַ תפילה דאַרף געמאַכט ווערן דורך אַ שליח־ציבור, וואָס נישט די נגינה איז ביי אים דער עיקר, נאָר די כוונה. אין דעם ספר וואָס רב שלמה האָט אַרויסגעגעבן, האָט ער פאַרשריבן זיין רבינס ווערטער, וואָס ער אַליין האָט געהערט, און געזאָרגט זי איבערצוגעבן אין אַ ריכטיקער פאָרעם און פולער פּינקטלעכקייט. ער פלעגט אויך זאַמלען זיין רבינס ווערטער־פּערל פון דעם מגידס חברים־תלמידים און אָפּראַטעווען דאָס וואָס זיי האָבן געהערט פון זייער גרויסן רבין. און וואָס ער האָט נישט באַוויזן אַריינצונעמען אין דער אויבנדערמאָנטער זאַמלונג, האָט ער אַריינגענומען אין זיין ספר „דברת שלמה" (דבר"ת איז דער ראשי־תיבות: **תלמיד רבינו דוב בר**), וואָס זיינע אַרויסגעבער זאָגן אויף דעם עדות אויפן שער־בלאַט, אַז עס איז „אַ ווונדערלעך ווערק אויף דער תורה, ווונדערבאַרע דרשות זיסערע פון האָניק, אינגאַנצן טייער און זיס, חידושים און רמזים און טיפע סודות, וואָס יעדער וועט דערינען געפינען, סיי גרויס, סיי קליין, צו לעשן זיין דאָרשט". אָבער דאָס דאָזיקע ספר איז אַנדערש פון דעם פריערדיקן, דערין באַגנוגנט ער זיך שוין נישט מיט געבן בלויז זיין רבינס, דעם מגידס ווערטער, נאָר גיט זיינע געדאַנקען אַ נייעם אויסדרוק, און פאַרפולקאָמט זיינע געדאַנקען מיט נייע אינטערעסאַנטע טענער און מערערע פּרטים, מיט וועלכן ער האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט נאָר ווי אַ תלמיד וואָס איז איבערגעגעבן און געטריי זיין רבין, נאָר אויך ווי אַ גרויסער תלמיד און זעלבשטענדיקער אָריגינעלער דענקער.

דער גלות האָט אונדז געטראָפן — לויט זיין געדאַנק — „ווי אַ גזרה פונעם אייבערשטן", וועלכע ציט זיך לאַנגע־לאַנגע צייטן, „מחמת דעם באַגיין שלעכטע מעשים" [12]. נישט געקוקט אויף זיין שטרעבן צו שמחה, האָט ער זיך נישט מסיח־דעת געווען פונעם האַרבן גלות, וועלכער דריקט און באַשווערט דער עיקר אין גייסטיקן זין. חורבן און גלות איז נישט קיין שפּילעכל. ביידע האָבן דערפירט דערצו, אַז ישראל איז אַראָפּ פון זיין מדרגה. און אָפּפילנדיק אונדזער שווערן אומדערטרעגלעכן מצב, אונדזערע פיל ליידן און שטאַרקע יסורים, רופט ער אויס, אַז „בעת מיר זענען אין לאַנד פון אונדזערע שונאים, אין גלות, נייטיקן מיר זיך אין דעם אייבערשטנס גרויסע רחמים, ער זאָל אונדז טאָן נסים צו יעדער צייט, ער זאָל דערפילן אונדזערע בקשות" [31]. פון דער צווייטער זייט געפינט ער אויס אַ מעלה אין דעם גלות, אַז „ער איז גורם אַרויסצובאַקומען די ניצוצות". דאָס אַרויסברענגען די ניצוצות, וואָס זענען געפאַנגען אין גלות, איז אָפּהענגיק פון דער גרויסער גייסטיקער צוגרייטונג מצד די יידן, און נאָך מער פון דעם ווילן און שטרעבן פונעם גאַנצן פאָלק צו גאולה. און גלייך ווי ער האָט געשילדערט די פּיין

פונעם גלות און זיינע נעגאַטיווע רעזולטאַטן — אַזוי קומט ער אויך דערמוטיקן. לויט זיין מיינונג טאָר נישט קיין ייד זיך מסיח־דעת זיין פון דער גאולה און דאַרף זי תמיד געדענקען, רעדן וועגן איר און זי באַגערן. די תפילה פונעם צדיק איז משפיע צום דערנענטערן די גאולה און צום אויפבוי פון ארץ־ישראל און ירושלים און דעם בית־המקדש. אָבער דעם צדיקס השפעה אַליין וועט נישט גענוג זיין. ס'איז אויך נייטיק אַ התערותא דלתתא. און ווען דער אייבערשטער, געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען, קוקט צו דעם צער פון די יידן, אַז ער האָט קיין גרענעץ נישט, קאָן ער צואיילן דעם קץ פון דער גאולה, וואָס איר צייט איז יעדער טאָג [14]).

אין כסדרדיקן טראַכטן וועגן דעם גלות און דער גאולה האָט ער דערזען די גאולה אין קלאָרע און העלע פאַרבן, אַז זי וועט איבערשטייגן אַלע גאולות, וואָס פאַר איר. ווי קרעפּטיק זענען זיינע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט וויזיאָנעריש, אַז „די גלותן ביז היינט זענען נישט זייער לאַנג געווען, און האָבן געהאַט אַ גרענעץ און אַ סוף. אָבער די גרויסע ישועה וואָס דאַרף קומען במהרה בימינו וועט זיין אַ גרויסע אָן אַ סוף און אָן אַ גרענעץ און אַ געגנצלעכע, וואָס נאָך איר וועט שוין קיין גלות נישט זיין" [15]). אין דער ביאת־אליהו במהרה בימינו — וואָס זי איז פאַר ביאת־המשיח — האָט ער געזען, אַז „ס'וועלן דערהויבן ווערן אַלע ניצוצות פון קדושה אַפילו די זייער ווייטע" [16]) און „אַז משיח צדקנו וועט קומען במהרה בימינו, וואָס ער איז דער עיקר און דער שורש פון יעדער מלכות", וועלן מיר זוכה זיין צו אונדזער מלכות. מיר וועלן לעבן אַ לעבן פון נחת און הרחבה און מער זיך נישט נייטיקן אין קיין נסים, ווייל „די נסים זענען לויט דער געדריקטער צייט, דערפאַר זענען זיי געגליכן צו דער נאַכט, ווייל נאָענט צו דער גאולה און נאָך איר וועט מען קיין נסים און נחמות נישט דאַרפן האָבן [17]).

ס'איז טשעקאַווע זיין מיינונג וועגן דער שפּראַך, מיט וועלכער מען דאַרף זיך באַנוצן אין ארץ־ישראל. רב שלמה איז געווען כמעט דער ערשטער צווישן די חסידישע צדיקים, וועלכער האָט באַזונדערס באַנומען דעם צוזאַמענהאַנג צווישן ארץ־ישראל און אונדזער העברעישער שפּראַך. אין פרשה שלח שרייבט ער צווישן אַנדערן: „ווייל דער עיקר ווערטער און אותיות האָבן זייער וואָרצל אין דעם הייליקן ארץ־ישראל, איז דערפאַר נויטווענדיק, אַז דאָס פאָלק וואָס וווינט דערין זאָל רעדן לשון־קודש, ווייל דאָס איז די הייליקע שפּראַך וואָס דורך איר זענען געשאַפן געוואָרן אַלע וועלטן. און אויב זיי רעדן נישט קיין לשון־קודש — געהערט נישט דאָס לאַנד צו זיי, און ס'איז לייכט זיי אַרויסצוטרייבן פון דעם, און ס'איז אונדזערס, ווייל מיר רעדן לשון־קודש".

### ג.

רב יעקב יצחק דער „חוזה" פון לובלין האָט אים זייער געשעצט, און אין זיין הסכמה, וואָס ער האָט געשריבן צום ספר, זאָגט ער: „די וואָס קענען מיך ווייסן, אַז ס'איז נישט מיין שטייגער זיך גרויס צו האַלטן, ובפרט נאָך צו געבן אַ הסכמה אויף אַ ספר. אָבער לכבוד דעם גרויסן מענטשן האָב איך מבטל געווען מיין ווילן, ווייל ס'איז באַקאַנט דער רבי, דער מגיד־מישרים, דער חריף און בקי אין נגלה און נסתר, דער קדוש־ישראל, זיין נאָמען איז שוין לאַנג באַרימט אויף דער וועלט דורך דער הקדמה צום ספר „לקוטי אמרים" פון מעזריטשער מגיד. און ערשט האָט מען מיר געוויזן נייע כתבים פון זיין תלמיד הרב המגיד, וועלכן מען רופט רב שלמה לויצקער און קאָרעצער, און כ'האָב געזען אין די כתבים אַ סך וווּנדערלעכע חידושים, זיסערע פון האָניק, און זייער הנאה געהאַט פון זיי. און כ'האָב געהערט, אַז ס'זענען פאַראַן מענטשן, וואָס ווילן דווקא האָבן אַ הסכמה פון מיר, בין איך געווען געצוווּנגען מבטל צו זיין מיין ווילן און מודיע זיין, אַז זיי זענען זייער ווילגעפעלן אין מיינע אויגן און זענען ראוי מען זאָל זיי מפרסם זיין, אַז אַ סך זאָלן געניסן פון זיינע געשמאַקע רייד".

ווען דער מגיד ר' שלמה איז אויף זיין עלטער גערודפט געוואָרן פון די תלמידים פון ר' מיכל זלאָטשעווער, איז דער רבי לייב סאַסאָווער אַרויס אים צו שיצן, און אין איינעם פון זיינע בריוו, וואָס איז באַשטימט געווען פאַר די גדולי־ישראל, שרייבט ער צווישן אַנדערן: איך ווייס זיכער, אַז דיין פאָלק זענען אַלע צדיקים, אַלע זענען געליבטע, אַלע זענען לויטערע, אַלע זענען הייליקע, אנשי־שם, מענטשן פון גוטע און גערעכטע מעשים. ווער בין איך עס, דער שפלער און פאַראַכטעטער, עדות צו זאָגן וועגן קדושת־ישראל. צוליב יראה בין איך מחויב צו ענטפערן, ווייל איך שרעק זיך פאַר די גדולים, די גדולי־הדור, וואָס פון זייער וואָרט לעבן מיר, און זיי זענען די זיילן פון דער וועלט, און ווי וועל איך זיך דערלויבן עפענען דאָס מויל צו רעדן קעגן זיי. נאָר כ'בין געקומען בלויז ווי אַן אָרעמאַן פאַר דער טיר צו בעטן פון אייער תורהס כבוד, איר זאָלט זיך צונייגן אויף דער וועלט מקיים צו זיין „מענה רך משיב חימה" פון מיין פריינד דער באַוווּסטער רבי דער חסיד מו"ה שלמה נ"י (געמיינט רב שלמה לויצקער), וועלכער האָט משמש געווען לפני־ולפנים ביים הרב המגיד פון מעזריטש". פונעם אינהאַלט פון בריוו קאָן מען לערנען וועגן זיין צדקות און עניוות, און ער שטעלט זיך איין פאַר דער באַליידיקונג פון דעם סאָקאָלער מגיד, וועלכער האָט געדינט לפני־ולפנים ביים מעזריטשער מגיד.

צוליב אַן אומבאַוווּסטער סיבה האָט אַמאָל אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן רב פּנחס קאָרעצער און רב שלמה לויצקער, וועלכער האָט אויך געוווינט אין קאָרעץ. רב פּנחס, וואָס האָט זיך תמיד אויסגעצייכנט ווי אַ רודף־שלום און פלעגט אַליין דערפירן צו שלום בין אדם לחברו, האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס דאָזיקע מחלוקת, האָט פאַרלאָזט די שטאָט קאָרעץ און איז אַריבער וווינען אין אָסטרע.

אין איינעם פון די „שטיבלעך" פון די טריסקער חסידים אין לויצק פלעגט מען אָנווייזן אויפן עמוד, פאַר וועלכן ס'פלעגט שטיין רב שלמה און דאַווענען אָדער לערנען. און דער דאָזיקער עמוד איז געווען פאַרהייליקט ביי די חסידים.

ער איז נפטר געוואָרן י"א שבט, תקע"ג, און זיין גייסטיקער יורש איז געווען זיין זון דער צדיק רב דב־בעריש פון אָלעסק.

---

1) אויפן שער־בלאַט „דברת שלמה". 2) „שם הגדולים החדש", אות ש' מספר ל"ג. 3) „ספר הדורות החדש", פ"ב מספר ל"ט. 4) דאָרט פון „לקוטי רמ"ל". 5) דאָס איז די שטאָט סאָקאָל אין

מזרח־גאַליציע. אין „שם הגדולים החדש", מערכת ספרים, אות ד', מספר ל' איז געשריבן, אַז ער איז געווען מגיד־מישרים אויך אין קאָרעץ. 6) דער רש"ל אין זיין הקדמה צום „מגיד דבריו ליעקב". 7) „מגיד דבריו ליעקב" מיט דער הקדמה פונעם אַרויסגעבער רב שלמה לוצקער דער תלמיד פונעם מגיד, קאָרעץ תקמ"ד און תקמ"ז, זשאָלקעוו תקנ"ב און תקנ"ז, בערדיטשעוו תקס"ח (מיט אַ הסכמה פון רל"י בערדיטשעווער)· אין דער בערדיטשעווער אויסגאַבע איז צוגעגעבן אַ בריוו פונעם בעש"ט וועגן עלית־נשמה אין יאָר תק"ז און אַ מעשה „ווי דער מגיד האָט זיך דערנענטערט צום בעש"ט". 8) „מגיד דבריו ליעקב". 9) דאָרט. 10) דאָרט. 11) דאָס ספר „דברת שלמה" איז דערשינען נאָך זיין פטירה אין לעמבערג תרי"ט דורך הרב ישכר בער פון סאָקאָל. 12) „דברת שלמה", שמות. 13) דאָרט, מגילת אסתר. 14) דאָרט, וארא. 15) דאָרט, וארא. 16) דאָרט, בחוקותי. 17) דאָרט, מגילת אסתר.

מ. ש. גשורי

# ר' יוחנן פערלאָוו, דער לויצקער רבי

כ"א כסלו תשט"ז איז אין אַמעריקע נפטר געוואָרן רבי יוחנן פערלאָוו, דער אדמו"ר פון לויצק. פון אַלע זין צדיקים פון ר' ישראלך, דעם „ינוקא" פון סטאָלין, איז ער איינער אַליין איבערגעבליבן נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה. ער איז נתבקש געוואָרן אין דער ישיבה־של־מעלה, נישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין שום ממלא־מקום פון דער קארלין־סטאָלינער היסטאָרישער דינאַסטיע.

רבי יוחנן, דער יינגסטער פון דעם „ינוקא"ס זין, געבוירן ז' מנחם־אָב תר"ט אין סטאָלין, האָט מען אַ נאָמען געגעבן נאָכן צדיק רבי יוחנן פון ראַכמיטריווקע. נאָך ווען ער איז אַ קינד געווען, האָט מען שוין אַרויסגעזען, אַז ער איז באַשטימט געוואָרן צו גרויסע זאַכן, און אַלטע חסידים דערציילן וועגן אים וווּנדער נאָך פון זיינע קינדער־יאָרן. ער האָט געשפילט צוזאַמען מיט זיינע ברידער אין דעם קוואַרטעט, געשאַפן דורך זייער טאַטן דעם צדיק, וועלכער פלעגט שפּילן פידל. זיינע זין פלעגן שפּילן אויף צוויי פידלען, אַ וויאָלענטשעל און אַן „אַלט" סיי פון דער קלאַסישער מוזיק און סיי פון די חסידישע ניגונים. די נאָטן־שריפט איז זיי נישט פרעמד געווען. אין די שבת־צונאַכטן און מוצאי־יומטובס פלעגן די חסידים מיטן רבין בראש זינגען און שפּילן פּיוטים און תפילות, אין וועלכע ס'ווערט אַרויסגעבראַכט דער כלות־הנפש צום אַוועקגייענדיקן שבת אָדער יומטוב. דאָס געזאַנג איז ביי דעם „ינוקא" געווען אין דער בחינה פון עבודת־הקודש. אַזוי האָט ער אויך געלערנט זיינע קינדער. ער אַליין פלעגט זיי לערנען שפּילן פידל, און פאַרן נעמען די אינסטרומענטן צום שפּילן פלעגן זיי ספּעציעל וואַשן די הענט. זיינע קינדער האָבן געירשנט פון אים זיין מוזיקאַלישן טאַלענט. און רב יוחנן איז באַשענקט געוואָרן מיט אַ טאַלענט צו געזאַנג און מוזיק און האָט זיך דערמיט נישט וויניק אָפּגעגעבן.

אום זומער תרפ"א האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון אדמו"ר רב שמעון שלמה פון אָליק (אַן אייניקל פון דעם „גדולת מרדכי"). נאָך זיין פאָטערס פטירה, אין יאָר תרפ"ב אין פראַנקפורט א"מ אין דייטשלאַנד, האָט ער איבערגענומען דאָס נשיאות פון קארלין אין לויצק און דאָרט אָנגעפירט מיט אַ גרויסער עדה פון יראים־ושלמים. וווּנדערלעכע אייגנשאַפטן האָבן כאַראַקטעריזירט זיין פערזענלעכקייט. ער איז געווען באַקאַנט ווי אַ גדול אין תורה און חסידות, אַ פּקח און דערפאַרענער אין וועלטלעכע ענינים, אַ צדיק און עניו און אַ מאַן פון אויסדערוויילטע מידות, אַ מנהיג מיט אַ קלאָרער און פעסטער שטעלונג, מיט אַ ברייטן שווּנג און מוסטערהאַפטער איניציאַטיוו. ווי איינער פון די אויסגעצייכנטע באַווירקער, האָט ער זייער אַ סך משפּיע געווען אויף זיינע חסידים, מקורבים, דירעקט און אומדירעקט.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די לעצטע גרויליקע וועלט־מלחמה, האָט ער אויסבאַהאַלטן זיין גרויסקייט און זיך געפירט ווי א פּשוטער מענטש. ער האָט איבערגעטראָגן פיזישע און גייסטיקע ליידן און נישט געוואָלט בלייבן אין שטאָט. ער מיט זיין ווייב און זיינע צוויי טעכטער זענען אנטלאָפן און פאַרוואָגלט געוואָרן קיין מיטל־רוסלאַנד, קיין קירגיזיע. א סך יסורים האָט ער איבערגעלעבט. דאָרט זענען אים אין איין טאָג געשטאָרבן דאָס ווייב און זיין עלטערע טאָכטער, און מיט די אייגענע הענט האָט ער זיך מתעסק געווען מיט זייער קבורה. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז ער אָנגעקומען מיט זיין טאָכטער צפּורה אין דעם פּליטים־לאַגער פילדינג אין דייטשלאַנד און דאָרט פאַרבליבן עטלעכע חדשים. ער איז דאָרט געווען א נחבא־אל־הכלים און האָט זיך צו קיינעם נישט געלאָזט באַקענען. טאָג און נאַכט איז ער זיך געזעסן אין זיין ווינקעלע און געזאָגט תהילים. און נאָך דעם ווי ער האָט איינמאָל באַקומען די מסכתא „קידושין" איז ער איבער איר געזעסן און געלערנט יומם־ולילה. נאָכדעם ווי מען האָט אים דערקענט און געוואָלט אים באַהילפיק זיין אין באַקומען לעבענסמיטל, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט.

נאָך יאָרן פון פּיין, אָפּקומענישן און יסורים אין סיביר און אין די פּליטים־לאַגערן האָט זיך אים איינגעגעבן עולה צו זיין מיט זיין איינציקער טאָכטער קיין ארץ־ישראל. ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט א מעכטיק געזאַנג פון „קול רינה וישועה באהלי צדיקים" דורך זיינע חסידים, וועלכע זענען געקומען קיין חיפה מקבל־פּנים זיין זייער חשובן רבין. ווען

ער איז נאָך געווען אין פילדינג האָבן זיי אים באַשטימט פאַר זייער רבין און גייסטיקן מנהיג און געשיקט צו אים א „כתב־התקשרות". אין אייר תש"ו איז ער אָנגעקומען אין לאַנד ווי דער רבי פון אלע קארלינער־סטאָלינער חסידים, האָט זיך באזעצט אין חיפה און גענומען אין זיין האנט די אָנפירונג מיט אלע מוסדות פון די חסידים פון דער דינאַסטיע. רב יוחננס עליה האָט דערוועקט פרייד און התלהבות אין דעם ציבור פון די קארלינער חסידים אין לאַנד. צוויי יאָר איז דער רבי מיט זיין טאָכטער געזעסן אין לאנד. דאָס איז געווען זיין צווייטער באַזוך אין לאַנד, נאָך זיין ערשטן באַזוך אין יאָר תרצ"ח. אַ סך ווערק האט ער אויפגעשטעלט אין לאנד און אין גלות און פאַרפעסטיקט די אלטע.

לויטן באַפעל פון דאָקטוירים און דער דרינגענדיקער בקשה פון די סטאָלינער חסידים אין אמעריקע איז ער ארויסגעפאָרן אהין, ווו ער האָט באַוויזן זיך איינצושאפן א סך חסידים און פריינד. ער האט דאָרט געגרינדעט א ישיבה אויפן נאָמען פון זיין טאטן א. נ. „בית־ישראל" ווו ס'ווערן אין איר דערצויגן א געוויסע צאָל אמעריקאנער בחורים אין גייסט פון קארלינער חסידות. די קארלין־סטאָלינער ניגונים זענען דאָרט אויפגעשטאנען תחית־המתים, און די תלמידים באנוצן זיך מיט זיי ווי מיט ניגונים צו דער גמרא און פארזיסן מיט זיי די סוגיות וואָס זיי לערנען. אָבער זיין גאַנץ לב־ונפש האָט געשטעקט אין ארץ־ישראל, און ער האט זיך געגרייט אומצוקערן זיך אהין מיט דער צייט. פון אמעריקע האָט ער באַפוילן זיינע חסידים אין ירושלים, זיי זאָלן אָנהייבן בויען אַ פּרעכטיקן בנין, וועלכער זאָל דינען פאר א צענטער פון תורה און פאר א ישיבה פאַר יונגע בחורים. און מען האָט טאַקע גענומען בויען אַ דירה פארן רבין אין ירושלים און אויפשטעלן א מקווה. אין יאָר תשי"ז איז ער געקומען אין לאנד און האט זיך דאָ אויפגעהאלטן עטלעכע חדשים און אויפגעוועקט א רוח־חיים און א בייע התלהבות צווישן זיינע חסידים. ווען ער האט זיך אומגעקערט צוריק אין די פאראייניקטע שטאטן, האָט ער אויסגעדריקט זיין האָפענונג וואָס פריער ז'ך אומצוקערן און זיך באזעצן אויף שטענדיק.

אין טבת תשט"ו האָט דער רבי באקומען א בלוטאויסגוס אין מוח. די דאָקטוירים האָבן אָנגענומען א סך מיטלען אים צו ראטעווען, און זיין צושטאנד האָט זיך פארבעסערט. אבער סוף זומער האָט ער באקומען א שטארקן הארץ־אטאק און כ"א אין כסליו תשט"ז איז דער רבי נפטר געוואָרן, צום גרויסן ווייטיק פון זיינע חסידים און פארערער.

אין עטלעכע חדשים ארום נאָך זיין פטירה איז ער געבראכט געוואָרן אין לאנד אריין און געקומען צו קבורה אין טבריה.

**מ. ש. גשורי**

# דער ניעסכיזשער רבי און זיינע נאכקומער

## א

## ר' מרדכילע — דער מייסד פון דער ניעסכיזשער דינאסטיע

די רביאישע דינאַסטיע פון ניעסכיזש האָט געציילט זעקס נאָכאַנאַנדיקע דורות, און צווישן זיי זענען געווען דריי דורות צדיקים, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן לעבן פון לויצק, ווייל זיי האָבן דאָרט געוווינט בקביעות און געפירט רביאישאַפט, און זייער שיטה איז געווען ווי א מאַגנעט פאַרן חסידות.

דער מייסד פון דער דינאַסטיע איז געווען רב מרדכילע (תק"ב—תק"ס) ברב דוב־בער, אָדער ווי די חסידים פלעגן אים רופן „דער אלטער פון ניעסכיזש", וועלכער איז פריער געזעסן אויפן כסא־הרבנות אין עטלעכע שטעט. זיין טאַטע איז געווען פון אַ יחוסדיקער גזע, דער זון פון רב לייבוש אַב־בית־דין אין ניעסכיזש, וועלכער איז געווען אַ שרייבער פון דעם „ועד־ארבע־הארצות", פון דער נאָכקומערשאַפט פון דעם מקובל מחבר פון ספר „מגלה עמוקות" פון קראָקע, פון דעם מהר"ל פון פראָג, פון רב העשל פון קראָקע, פון רבי דאָן יצחק אברבנאל, פון גאונים און צדיקים אַ דור נאָך אַ דור. און ער איז געווען פון דער גזע פון דוד המלך. רב מרדכי איז געווען אַ תלמיד מובהק פונעם מגיד רב יחיאל מיכל פון זלאָטשעוו, וועלכער איז געווען פון די חסידים פונעם מגיד רב דוב־בער פון מעזריטש. נאָך יונגערהייט איז ער אויפגענומען געוואָרן פאַר אַ רב אין לעשנאָוו, און פון דאָרט אַריבער צו זיין רב אין קאָוולע, לודמיר און ניעסכיזש. ווי אַ רב האָט ער עוסק געווען אין דעם ענין פון געפינען אַ היתר פאַר עגונות. קיינמאָל אין זיין לעבן האָט ער נישט גערעדט קיין שלעכטס אויף קיין שום יידן. אין זיין ספר „רשפי אש" ברענגט ער אַ טעם דערצו מיט אַזעלכע ווערטער: „מען טאָר נישט רעדן קיין שלעכטס, חס־ושלום, אויף קיין שום יידן, ווייל דורך דעם וועט אים אויסקומען צו ווערן אַ פאַלשער עדות, ווען ס'וועט מקטרג זיין דער רשע, דאָס איז דער יצר־הרע, און וועט אים ברענגען פאַר אַן עדות צו זיינע רייד. און דערפאַר איז אויך ווען מען דאַרף טאַדלען אַ וועלכע־ס'איז שלעכטע מידה און רעדן פון אַ וועלכן בייזן מענטשן, דאַרף מען בפירוש זאָגן, אַז מען רעדט נישט וועגן דעם עצם מענטשן, נאָר וועגן דער שלעכטער מידה".

בעת זיין וווינען אין קאָוולע האָט רב מרדכי געלעבט אין גרויס דחקות, און לויט אַ חסידישער לעגענדע האָט זיך זיין ווייבס משפחה משתדל געווען, זי זאָל זיך גטן מיטן מאַן, ווייל ער איז פאַרטאָן אין עבודת־הבורא און זאָרגט נישט וועגן פרנסה פאַר זיין הויזגעזינד. נאָר אָט איינמאָל אין אַ ווינטערנאַכט איז רב מרדכי געזעסן אין זיין חדר און געלערנט, און די רביצן איז

געזעסן אין איר בעט צווישן די קישנס און איבערבעטן צוליב
דער שטאַרקער קעלט און האָט געטאָן איר אַרבעט, ווי פּלוצעם
האָט זי דערזען אַז אויפן מאַנס שטערן האָבן אויפגעלויכטן „נצור־
צין דנורא" — פייערפונקען. אַ גרויסע אימה איז געפאַלן אויף
דער רביצין, און זי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אַ צייכן
פונעם הימל, און אַז זי דאַרף מקבל־באהבה זיין איר גורל.

דער רבי ר' מרדכי איז געווען איינער פון די גדולים אין
תורה און חסידות פון זיין דור, און די גדולים פון זיין דור האָבן
אויף אים געזאָגט, אַז ער איז געווען פון אַזאַ הויכן שטאַפּל, אַז
תורה און תפילה, עסן און שלאָפן האָבן זיך ביי אים פאַראייניקט
אין איין עבודה. צווישן זיינע תלמידים האָבן זיך גערעכנט רב
אורי דער צדיק פון סטרעליסק (מחבר פון ספר „אמרי קדוש")
און רב קלמן־קלונימוס עפשטיין (מחבר פון „מאור ושמש") פון
קראָקע. איינער פון זיי פלעגט זיצן זיבן יאָר נאָכאַנאַנד, און דער
צווייטער — דריי יאָר צו לערנען ביי אים די דרכים פון חסי־
דות און עבודת־השם. מען דערציילט אפילו, אַז דער „חוזה" פון
לובלין האָט אַנגעפרעגט אויבן, אין הימל, ווער ס'איז דער גדול־
הדור, האָט מען אים געענטפערט: „מורנו הרב מרדכי בן גיטל".
ער איז געווען אַ הייליקער און אַ פּרוש, און טויזנטער חסידים,
און צווישן זיי צדיקי־הדור, האָבן געפונען שוץ אין שאָטן פון
זיין הייליקייט. ער איז באַרימט געוואָרן ווי אַ ישועות־ברענגער,
און פון מרחקים פלעגן קומען צו אים קראַנקע און געשלאָגענע
פון גורל, כדי געהאָלפן צו ווערן מיט ישועה און רחמים. זיין
תלמיד רב אורי סטרעליסקער שרייבט וועגן אים, אַז „רב מרדכי
האָט געקאָנט די מעשה־בראשית און דעסגלייכן. ער האָט אויך
באַוויזן אַ סך מופתים, אָבער ער פלעגט דערויף חרטה האָבן,
און קיינער האָט נישט געוווּסט דערפון. נאָר איך האָב געוווּסט
און געזען, אַז ער פלעגט חרטה האָבן". דער „חוזה" פון לובלין
פלעגט פאָרן צו אים, און רב שמחה בינם דער פּשיסכער ברענגט
פון אים תורה אין זיין ספר „קול שמחה". זיינע תורות זענען
געזאַמלט געוואָרן אין אַ קליין ספרל, נאָר אַ גרויס אין איכות,
מיטן נאָמען „רשפי אש". ער איז אויך געווען פון די צדיקים,
וועלכע פלעגן שטאַרק שטיצן דעם חסידישן ישוב אין ארץ־
ישראל, און האָט פאַרווערט צו פאַרנוצן פון די צדקה־געלטער
באַשטימטע פאַר ארץ־ישראל אויף יעדער אַנדער הייליקער זאַך.

דער רבי רב מרדכי איז נסתלק געוואָרן ח' ניסן תק"ס.
לויט די חסידים דערציילן איז עס געווען ערב שבת, און ער
איז פאַרבעטן געוואָרן פון גן־עדן צו הערן קבלת־שבת אין איי־
בערשטן היכל, העכער פון הויך. האָט רב מרדכי געזען איינעם
אַ זקן זיצן אין פּרוזדור. האָט ער אים געפרעגט, פאַרוואָס איז
אויך ער נישט פארבעטן געוואָרן? האָט ער אים געענטפערט,
אַז דאס איז פאַר אים א שטראף פארוואס ער האָט נישט אָנגע־
טאָן קיין ווייס העמד לכבוד שבת. האָט רב מרדכי געזאָגט צו
דער פמליא־של־מעלה, אז ער וועט נישט ארויפגיין איז אייבער־
שטן היכל אין גן־עדן אַז דעם זקן, וועלכער איז באַשטראפט
געוואָרן הארב פאַר אַ לייכטער עבירה. האט מען אַנגעפרעגט
אויבן, איז געקומען אַן ענטפער, אַז מען דאַרף טאָן רב מרדכיס
פאַרלאַנג, ערשט דעמאָלט איז ער צוזאַמען מיטן זקן אַרויפגע־
גאַנגען אינעם אייבערשטן היכל.

ער האָט געלאָזן נאָך זיך דריי זין צדיקים און איין טאָכטער,
דאָס זענען: א) רב יוסף קאַצענעלנבויגן דער ראש־אב־בית־
הדין אין אָסטילע און לויצק; ב) רב יעקב אריה, וועלכער ווערט
גערופן „דער קאָוולער רב" (אַן איידעם פון דעם טריסקער מגיד
רב אברהם); ג) רב יצחק ניעסכיזשער (דער „תולדות יצחק"),
וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אייניקל פון רב לוי יצחק
בערדיטשעווער און איז ביי אים געזעסן אויף קעסט. זיין טאָכ־
טער צערטל האָט חתונה געהאַט מיט רב מאיר שראַגע פייוול
דעם זאַסלאַווער רב.

ב

## רב יוסף קאַצענעלנבויגן דער לויצקער רב

רב יוסף, דעם ניעסכיזשער רבינס עלטסטער זון (געבוירן
אין יאָר תקכ"ג), האָט חתונה געהאַט מיט שרה טריינען די טאָכ־
טער פון דעם רבין רב יהודה מאיר שאפירא פון שעפּעטאָווקע,
ער איז געווען ראש־אַב־בית־דין אין הרובעשאָוו און אָסטילע
מיטן גליל, און צום סוף געוואָרן ראש־אַב"ד אין לויצק, ווו די
חסידים האָבן אים געקרוינט פאַר אַ רבין. אין איינעם אַ ספר
ווערט ער דערמאָנט מיטן טיטל „באַרימטער גאון און צדיק,
הייליקער און פרישותדיקער חסיד". זיינע יוגנט־יאָרן האָט ער
פאַרבראַכט אין הויז פון זיין טאַטן דעם צדיק, וועלכער האָט
אים מחנך געווען און געגעבן הדרכה צו תורה און מצוות, וואָס
נישט געקוקט אויף זיינע פילע זאָרגן און גרויסער עבודה האָט
ער נישט געזשאַלעוועט קיין מי צו דערציען זיין זון צו זיין
שפּעטערדיקער מיסיע ווי אַ רב און רבי און די גאַנצע צייט
ממש פון אים נישט אָפּגעטראָטן.

אומעטום ווו ער האָט געוווינט, האָט ער מיט אַ סך פלייס
פאַרשפּרייט די תורה פון חסידות, ווי ער האָט זי געלערנט ביי
זיין טאַטן אין שטוב. זיין הויף אין לויצק האָט תמיד, טאָג און
נאַכט, גערוישט מיט חסידים און סתם יידן, וואָס האָבן זיך צוגע־
קלעפּט צו זייער געערטן און געליבטן רבין, וועלכער פלעגט
געפינען אַ שטעג סיי צום האַרצן פון דעם פּראָסטן יידן, סיי
צום האַרצן פון דעם למדן. ער האָט קיינעם נישט מדחה געווען.
שטאַרק אומגליקלעכע יידן פלעגן זיך פילן ביי אים אין שטוב
ווי ביי זיך אין דער היים, שעפּן דערמונטערונג און טרייסט
פון זיין פּאָטערלעכן בליק וואָס איז פול מיט רחמים, פון זיינע
רייד און זיין ברכה. ער פלעגט זאָגן אַ סך תורה, פאַר די וואָס
קומען אין זיין בית־מדרש, און ביי אַלעמען האָבן אויסגענומען
זיינע שמועסן, און מ'האָט געזען אין זיי אַ קוואַל פאַר דערהיי־
בונג און עבודת־השם. ער פלעגט אויך באַזוכן די נאָענטע און
ווייטע שטעט און וועקן דעם עולם מקיים צו זיין די מצוות און
לערנען תורה. זיין יעדע דערשיינונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן
אויף יעדן אָרט אין אַ געשעעניש און אין אַ גאָר שטאַרקער
איבערלעבעניש. אין פאַרשידענע שטעט פלעגט מען וועגן אים
דערציילן וווּנדער און לעגענדעס, ווי ס'זאָגט עדות דער מחבר
פון „מזכרת גדולי אוסטרא" אין זיין ספר (עמוד 287).

ער האָט אַ סך און פלייסיק געלערנט, איז געווען אַ גרויסער
למדן און האָט אויך געגעבן הסכמות אויף ספרים, ווי אויפן
ספר „עיר יעקב" (דפוס הרובעשויוו) יב' חשון תקע"ח. זיין
גרויסקייט אַלס גדול אין תורה האט אַנטשפּראָכן זיין דערהויבע־
נער פּערזענלעכקייט אין אַלע הינזיכטן.

ער האָט חתונה געמאַכט זיין זון רב ברוך מיט דער טאָכ־
טער פון דעם באַרימטן צדיק רב יעקב יוסף פון אָסטרע (אַן

אייניקל פון יעקב יוסף דעם גרויסן, וועלכן מ'האָט גערופן „רב ייבי" אויפן נאָמען פון זיין ספר). נאָך פאַר דער חופה איז ער שלאָף געוואָרן, געבליבן ליגן צו בעט, און אין די שבעת־ימי־המשתה נסתלק געוואָרן, י"ח אלול תק"ץ, אלט און זאַט מיט יאָרן. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן שענסטן פלאַץ אויפן הייליקן אָרט אין אָסטרע, און אויף זיין קבר איז אַוועק־געשטעלט געוואָרן אַ גרויסע שטיינערנע מצבה, וואָס אויף איר זענען אויסגעקריצט די קומענדיקע שורות:

„כאן קנה מקומו כבוד הרב
המאור הגדול, החסיד המפורסם,
מטע קדושים, גזע ישישים, מו"ה
יוסף בהרב הגאון מו"ה מרדכי
זצלה"ה מבית קצנלנבויגן,
שהיה משמש בכתר הרבנות
בק"ק לויצק ובק"ק אוסטילה
ושאר קהילות קדושות,
נפטר י"ח אלול שנת תק"ץ לפ"ק.

דער רבי רב יוסף פון לויצק האָט געהאַט פיר זין, אַלע רבנים און גדולים אין תורה און מעשים־טובים, און איין טאָכ־טער, און די זענען זיי: א) הרב פנחס פון אָסטילע (דער איידעם פון הרב אלכסנדר שמואל פון האָראָכאָוו); הרב מרדכי פון אָסטילע; ג) הרב ברוך פון קאָנסטאַנטין; הרב לוי יצחק פון סטעפּין. די טאָכטער האָט חתונה געהאַט פאַר רבי שמואל יחיאל פון באָטאָשאַן, דער זון פון רב דן פון ראַדיוויל, און די דאָזיקע חתונה איז באַרימט געוואָרן אויף דער וועלט אונטערן נאָמען „די אָסטילער חתונה", אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטיי־ליקט מער פון הונדערט רביים מיטן צדיק דעם „אוהב ישראל" פון אַפּט בראש.

רב ברוך, דער איידעם פון רב יעקב יוספן דעם אָסטרער רבין (אַן אייניקל פון „רב ייבין"), האָט זיך שטאַרק פאַראינטע־רעסירט מיטן ספר פון רב יעקב יוסף דעם גרויסן פון אָסטרע, וועלכער איז געלעגן אין כתב־יד, און האָט אים אָפּגעדרוקט. ער האָט אויך אָפּגעדרוקט דעם ספר „רשפי אש" פון זיין זיידן רב מרדכי דעם ניעסכיזשער רבין און דערמיט באַרייכערט די חסי־דישע ליטעראַטור מיט צוויי וויכטיקע ספרים, וועלכע זענען אַ סך פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די חסידים און האָבן אויך זוכה געווען צו עטלעכע אויסגאַבעס.

רב ברוך פון קאָנסטאַנטין, וועלכער איז נפטר געוואָרן כ"ו מנחם־אָב תרנ"ג, האָט איבערגעלאָזן צוויי זין: רב מרדכי פון ביאַלעראָדקע, דער איידעם פון רב צבי אריה פון אָליק, וועל־כער האָט אויף דער עלטער עולה געווען קיין צפת און איז דאָרט געשטאָרבן, און רב יעקב יוסף פון קאָנסטאַנטין, און אויך איין טאָכטער.

רב מרדכי פון ביאַלעראָדקע האָט געבוירן רב יוסף דודן פון לויצק און רב פנחסן פון קאָנסטאַנטין.

ג

## רבי יוסף דוד דער לויצקער רבי

רב יוסף דוד, דער זון פון רב מרדכי פון ביאַלעראָדקע, האָט חתונה געהאַט מיט סאָסלען די טאָכטער פון רב אברהם ספּאַרד דעם רבין פון אָסטרע, און די ניעסכיזשער חסידים אין לויצק האָבן אים באַווירקט, ער זאָל זיך באַזעצן אין לויצק און פירן חסידות. זיין הויז פלעגט זיין ברייט צעעפנט, אין דער בחינה פון „כל דכפין". ער איז געווען אַ גדול אין תורה און האָט קיינמאָל נישט אַוועקגעלייגט דאָס לערנען, דער עיקר די ספרים פון זוהר און קבלה, ווייל ער איז געווען אַ בעל־מקובל. ער איז אויך געווען באַליבט ביי לייטן. ער האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט זיין וווּנדערלעכער פערזענלעכקייט ווי איינער פון די טייערע און דערהויבענע געשטאַלטן ביי יידן פונעם פריער־דיקן דור: אַן אוהב־הבריות און אַן אוהב־המקום. דאָס פייער פון דער דרייפאַכיקער ליבשאַפט: אהבת־התורה, אהבת־ישראל און אהבת־ארץ־ישראל איז געווען זיין „אש־תמיד".



ר׳ יוסף דוד קאַצענעלבויגן

אַ סך זענען זיי געווען זיינע חסידים און פאַרערער, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אין זיין שאָטן אין לויצק. איינער פון די לויצקער אין אַמעריקע שילדערט אים: אַ שיינער ייד פון אַ ני־דעריקן וווּקס, מיט אַ קיילעכיקער בלאָנדער באָרד, מיט אַ לייכטנדיקן הדרת־פנים, וואָס מען קאָן אויף אים זאָגן, אַז עס רוט אייף אים די שכינה. ער איז תמיד געווען פאַרטאָן אין

תורה־ספרים, אַן ערנסטער און ווייניק־רעדנדיקער. די חסידים פלעגן קומען צו אים על־פּי־רוב אין בית־מדרש אַריין, ווו ער פלעגט דאַוונען פון טיפן האַרצן. זיין תפילה פלעגט שאַפן ביי זיי דעם איינדרוק, אַז זיי זענען אַרויס פון וואָכעדיקן לעבן און אַריין אין דער ספערע פון פרייד און יומטוב. מיט אומגעדולד פלעגן זיי וואַרטן אויפן שלש־סעודות. די גייסטיקע שפּייז פלעגט זיין בשפעדיק און פילפאַרביק. אין אָנהייב — די זמירות, וואָס דערוואַרעמען דאָס האַרץ: „בני היכלא דכסיפין״, „ידיד נפש״. מיט וואָס פאַר אַ מתיקות זיי פלעגן זינגען דעם זמר „אל מס־תתר בשפריר חביון״. די מערהייט חסידים זענען געווען בעלי־מלאכות, אַרבעטער, וואָס האָבן די גאַנצע וואָך געאַרבעט שווער אויף צו פאַרדינען פרנסה פאַר זיך און די בני־בית זייערע. אָבער זיצנדיק ביים רבינס טיש, פלעגן זיי אויסגלייכן די רוקנס, די קנייטשן פון זייערע פּנימער פאַרשווינדן, דער אומעט פאַר־גייט, און זיי זעען אויס ווי פּרינצן. אַלע פלעגן זינגען די זמי־רות מיט דביקות און התלהבות. דער רבי פלעגט זאָגן פאַר זיי תורה, און זיי פלעגן זיך איינהאָרכן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. דאָס איז געווען זייער גייסטיקע שפּייז אויף דער גאַנצער גרוי־ער און אויסמאַטערנדיקער וואָך.

מוצאי־שבת, נאָך הבדלה, פלעגט זיך דער רבי פרייען צו דער מלווה־מלכה, דעמאָלט פלעגן זיי זיך מכבד זיין מיט טרינ־קען אַ גלעזל בראָנפן, און אַלע זענען געווען פול מיט צופרידנ־קייט. שמחת־תורה פלעגט דעם רבינס פּנים זיין נאָך מער פריי־לעך און פייערלעך, אַן אָנגעטאָנענער אין זיין גלאַנציקער אַט־לעסענער קאַפּאָטע מיט אַ ברייטן גאַרטל אַרום די לענדן, מיטן רביאישן שטריימל אויפן קאָפּ. אָנגעטאָן גלייך ווי יעדן טאָג — און פון דעסטוועגן אויסגעזען פייערלעכער. און זיין פּנים האָט געשטראַלט, ווי דאָס פּנים פון אַ הייליקן, בעת ער האָט געטאַנצט מיט דער תורה אין די הענט, באַגלייטנדיק דעם טאַנץ מיט פאַר־שידענע ניגונים. די חסידים וואָס זענען געגאַנגען הינטער אים מיט די תורות האָבן אים באַגלייט מיט זייער געזאַנג און צו־געפּאַסט זייער טאַנץ צום ריטם פון דעם ניגון.

זיין ווייב, די רביצן, אַ שטאַלטנע, האָט דערמאָנט מיט איר גאַנג דעם טראַט פון מלכים און פירשטן. זי פלעגט זיך באַווייזן אין בית־מדרש אין איר לאַנגן זיידענעם קלייד, מיט אַ שטערנ־טיכל אויסגעהאַפטן מיט איידלשטיינער און פערל אויף איר ברייטן שטערן, פלעגט אַריינגיין אין עזרת־נשים און פאַרבעטן די קינדער צו קומען צו איר אין שטוב, ווו זי פלעגט זיי טיילן האָניק־קיכלעך. און דער רבי מיט זיינע חסידים פלעגן טאַנצן אין זיין „לויצקער״ בית־מדרש ביז אין טאָג אַריין.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער פאַרלאָזט לויצק און אַוועקגעוואַנדערט קיין אָדעס, און אויך דאָרט האָט ער גע־האַט אַ סך חסידים און אָנהענגער. ווען אין רוסלאַנד האָבן זיך געביטן די מאַכטן, און זי איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די באָל־שעוויקעס, האָט ער געהאַלטן געוויינטשן פאַר זיך צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און עולה זיין קיין ארץ־ישראל. ס׳איז נישט געווען קיין לייכטער ענין אין יענער שווערער און יסורימדיקער צייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. מיט גרויסע שוועריקייטן און צרות האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַקומען דאָס דערלויבעניש צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. ס׳איז אויך פאַרגעקומען ביי אים אַ לעצטע רעוויזיע פון דער נ.ק.וו.ד. — אָדער ווי די יידן פלעגן זאָגן פאַרשטעלט פון די „פיר אותיות״ — האַרט פאַרן פאַרלאָזן רוסלאַנד. דאָס איינציקע „טרייפע״, וואָס האָט זיך געפונען ביי אים, איז געווען די קמיעות פון זיינע אָבות־אבותינו, וואָס ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועט מען זיי ביי אים צונעמען. ווען אַלץ איז אַריבער בשלום, האָט די רביצן, די פרוי פון זיין ר׳ אברהם ז״ל, אַ זאָג געטאָן: „ווען מען וואָלט אַזוי מורא האָבן פאַרן אייבערשטן, ווי, להבדיל, פאַר די „פיר אותיות״ — וואָלט שוין משיח לאַנג געווען געקומען...״

ד

## רבי אברהם קאַצענעלנבויגן דער לויצקער רבי

ער איז געבוירן געוואָרן ביי זיין טאַטן דעם צדיק רב יוסף דוד אין דער שטאָט לויצק אין יאָר תרל״ז. איז געוואַקסן און זיך דערצויגן ביי זיין טאַטן, און אין יאָר תר״ס געוואָרן רבי אין לויצק. אין יאָר תרע״ה האָט ער זיך באַזעצט אין אָדעס, און טויזנטער חסידים האָבן זיך גע־שיצט אין זיין שאָטן. אין יאָר תרצ״ו האָט ער עולה געווען און זיך באַזעצט אין תל־אביב און פאַרטראַטן דעם טאַטן אין רבי־אישאַפט. פיל־פיל זענען געווען די וואָס פלעגן זיך ווענדן צו אים. זיין בית־מדרש איז געוואָרן אַ בית־ועד פאַר זיינע טויזנטער באַ־קאַנטע. ער פלעגט זיך אויך פאַר־נעמען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אַקטיוון עסקן לטובת דעם כלל און דעם פּרט. ער האָט אַ סך אויפגעטאָן לטובת נויטבאַדערפטיקע, הגם זיין מאַטעריע־לער מצב איז געווען אַ שווערער. ער האָט באַקומען אַ נאָמען אויך צוליב זיינע דערהויבענע מידות און זיין גרויס ענוות.



ר׳ אברהם קאַצענעלבויגן

ער האָט געהאַט צוויי זין און אַ טאָכטער: א) רב צבי אריה, דער איידעם פון דעם רבין יעקב יוסף מענדל פון באַהוסלאַוו; ב) רב ברוך, דער איידעם פון דעם רב ישעיה מענדל פון אַרזי־שטשאַוו.

רב אברהם איז נפטר געוואָרן אין תל־אביב, יום כ׳ אָדר ב׳ תש״ג, צו צוויי און זעכציק יאָר, און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן הר־הזיתים אין ירושלים. דאָס בית־מדרש וואָס הייסט אויפן נאָמען פון דעם „לויצקער צדיק״ (אר״י־גאַס 9), עקזיסטירט ביז היינטיקן טאָג און דינט פאַר אַן אָרט פון תורה און תפילה און אַ זאַמלפּלאַץ פאַר חסידים.

מ. ש. גשורי

# רביים פון לויצקער חסידות

## א. ר׳ אליעזר סאפיאַן, דער קאשיווקער רבי

אין אַ ריי שטעט פון וואָלינער קאַנט זענען פאַראַן רביים וועלכע שטאַמען פון קאַשיווקע, אַ וואָלינער שטעטל נאָענט פון באַוווסטן חסידישן צענטער ניעסכיזש. דער גרינדער פון קאַשיווקער הויף איז געווען ר׳ שמואל הלוי, אַ חסיד ותיק, אַ מקורב און ידיד פונעם צדיק ר׳ מרדכילע, דעם שעפער פון דער ניעסכיזשער דינאַסטיע. פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן, אַז ר׳ שמואל איז געווען רבי אין קאַשיווקע און דער פאָטער פון אַ זעלבשטענדיקער חסידישער דינאַסטיע, נאָר זי איז פאַרגעסן געוואָרן אפילו אין די חסידישע קרייזן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן אָדער נישט געוואָלט אָפּמערקן זי אין דער חסידות־ליטע־



דער קאשיווקער רבי ר׳ אליעזר סאַפּיאַן

ראַטור. איין פאָרשער פון חסידות (ד״ר זאב ראַבינאָוויטש) שרייבט אין זיין העברעישן ספר וועגן קאַרלין־סטאָלינער הויף און זיינע אָפּצווייגן (אין כתב־יד), אַז ר׳ שמואל איז געווען זעלבשטענדיקער רבי אין קאַשיווקע און איז געשטאַנען אין פריינדשאַפטלעכע באַציונגען און אין מחותנימשאפט מיט זיין נאָענטן חבר ר׳ מרדכילע פון ניעסכיזש, און אַז דער יורש פון ר׳ שמואל פון קאַשיווקע איז געווען זיין זון ר׳ מיכל. ער שטעלט אויך פעסט, אַז אין יאָר תרנ״ב (1892), איז זיין אייניקל ר׳ שמואל געווען רבי אין קאַשיווקע (זכרון טוב פון י. לאנדוי, ז. 94, פיעטריקאָוו 1892). ר׳ שמואל דער ערשטער איז געווען דער פאָטער פון צוויי דינאַסטיעס און חסידות: קאַשיווקע און האָראָדאָק.

אן אָפּשטאַם פון אט דער דינאסטיע האט אויפגעשטעלט א נעסט אין לויצק, אויף דער גאס פון דער קעניגין יאדוויגא, דער רבי ר׳ אליעזר סאַפיאַן (געב. אין יאָר 1876) איז נישט געווען פון ר׳ שמואלס גזע, נאָר דער איידעם פון קאַשיווקער רבין ר׳ מרדכילע אין לויצק, און ער איז געווען זיין ממלא מקום נאָך זיין פטירה אין יאָר תרע״ו. ער האָט געהאַט אַ שטיבל, וואָס איז תמיד פול געווען מיט חסידים און באזוכער. ער האט געזאָגט פאר זיי תורה, וואָס איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט לומדות און חריפות. זיינע רייד פלעגט ער תמיד ארויס־ברענגען מיט אַ הייליקן פלאַם, מיט אַ סך טאַלאַנט און זיינע צוהערער זענען נישט מיד געוואָרן צו שלינגען זיין יעדעס וואָרט מיט זשעדנעקייט. ער האָט געפונען צייט פאַר יעדן ענין פון חסידות און ארויסגעוויזן אינטערעס צו יעדער זאַך. בכלל איז ער אומעטום געווען אָנגענומען ווי א מענטש מיט א גוט האַרץ און זיינע באקאנטע האָבן אים זייער געשעצט.

דעם רבינס זון, יצחק לייב, איז געווען א נאציאָנאַל־רעליגיעזער עסקן און איינער פון די אָנפירער פון צעירי־מזרחי און לויצק. ער האט געשריבן אין דער רעליגיעזער פרעסע וועגן מצב פון דער רעליגיעזער יידישקייט אין שטאָט און געווען דורכגעדרונגען מיט אמונה אין דער צוקונפט פון יידישקייט.

## ב. ר׳ יצחק יונגערלייב, הארַאכאווער רבי

אויף דער ווילקא־גאַס אין לויצק געפינט זיך די שול פון ר׳ יצחק (איטשעלע) יונגערלייב, דער רבי פון האָראָכאָוו, א שטעטל הינטער לויצק. ער האָט פאַרלייגט דעם „האָראָכאָווער היף״, הגם ער איז געווען אַ רביאישער זון מכמה דורות. ער איז געווען דער זון פון ר׳ סענדער שמואל יונגערלייב — זון פון ר׳ יאָסעלע פון ראַדוויל; דער איידעם פון ר׳ פנחס פון אָסטילע — זון פון ר׳ יאָסעלע פון אָסטילע — זון פון ר׳ מרדכי הגדול פון ניעסכיזש, און געווען משפחהדיק פאַרבונדן מיט די גדולי צדיקים פון זיין דור.

ר׳ יצחק האט חתונה געהאט מיט דער טאָכטער פון ר׳ מאיר פעטשעניק, המכונה „דער ראָוונער רבי״, וועלכער איז געווען „א גרויסער מאַן און א צדיק תמים״. אין יאָרן שפעטער האט ער זיך באזעצט אין לויצק, געעפנט א גרויס בית־מדרש אין באקומען חסידים, וועלכע האָבן ביי אים געדאווענט. ער אליין האָט ליב געהאט פאָרן צו די חסידים אין פארשידענע שטעט. מען האט אים געהאַלטן פאר א תלמיד חכם. אויף זיין פנים האָט תמיד געשוועבט אַ שמייכל.

די פטירה פון זיין שווער דעם ראָוונער צדיק אין יאָר תרצ״ב האט ארויסגערופן א פראָבלעם, וואָס איז פאראייביקט געוואָרן

אין ספר „מאזנים למשפט״ פון ר׳ זלמן סאָראָטשקין, לויצקער רב. די חסידים פון נפטר געוואָרענעם רבין האָבן געוואָלט אויפשטעלן אַן אוהל אויף זיין קבר. די שטאָט־רבנים האָבן געגעבן דערויף זייער הסכמה. עס האָבן זיך אבער געפונען קעגנער, וואָס האָבן געטענהט, אַז דאָס וועט זיין אַ פגיעת־הכבוד פון די צדיקים, וועלכע זענען שוין פון לאנג נפטר געוואָרן און מ׳האָט קיין אוהל׳ס אויף זייערע קברים נישט אויפגעשטעלט. איצט איז דאָס שוין אוממעגלעך צו טאָן, ווייל די ערטער ארום זייערע קברים זענען שוין פארנומען. ר׳ זלמן סאָראָטשקין האט זיך פארנומען מיט דעם ענין און אויסגעפונען, אַז אין דער איצטיקער צייט דארף מען ארום א רבינס קבר בויען אַן אוהל נישט בלויז פון כבוד וועגן, נאָר כדי אויסצומיידן, אַז מ׳זאָל קובר זיין דערנעבן נישט קיין פאַסיקע מענטשן. צוליב דעם איז נישט פאַראַן קיין שום פגיעת־כבוד פון די ערשטע צדיקים, ווען אט די נויטווענדיקייט איז נישט געווען אזוי שטאַרק. דער לויצקער רב האט מתיר געמאכט צו בויען דעם אוהל, בפרט נאָך דעם ווי עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן דער מנהג צו בויען אוהל׳ס אויף רביאישע קברים אָן שום קעגנערשאפט. און אפילו אין ראָוונע האָבן דאָך די שטאָט־רבנים דערצו מסכים געווען. (מאזנים למשפט, סימן לז ז.ז. עו—עז).

### ג. ר׳ פּנחס ראַבינאָוויטש, קאָריצער רבי

ר׳ פּנחס דער קאָריצער רבי, וועלכער איז שפּעטער, אין רעזולטאט פון א לייכטן סכסוך מיטן ר׳ שלמה פון לויצק, אַריבער קיין אָסטרע, איז געווען באַוווּסט אַלס צדיק נישט בלויז אין וואָלינער געגנט. זיין משפחה האָט זיך שטאַרק פונאַנדערגעצווייגט און פון איר האָבן געשטאַמט אַ סך צדיקים, וועלכע האָבן זיך באזעצט אין פארשידענע מקומות און דאָרט געפראַוועט רביסטווע. איין אָפּשפּריץ פון איר, אַן אייניקל פונעם גרויסן קאָריצער רבין ר׳ פּנחס, האָט זיך באַזעצט אין לויצק, נישט ווייט פונעם אַלטן בית־עלמין, אין דער געגנט פון נאָוואָסטראָיעניע. זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען ראַבינאָוויטש. ער האָט זיך איינגעאָרדנט א בית־תפילה, וואָס איז תמיד פול געווען מיט חסידים און מקורבים, באזונדערס — אין די שבתים און ימים טובים.

א סך חסידים פלעגן קומען צו אים פון שטאָט און פון דער אומגעגנט און דער רבי האָט בפרטות זיך פאַרנומען מיט יעדן איינעם פון זיי. ער האָט געהאט אָפענע אויגן אויף די מעשים פון יעדן חסיד. אויב עמעצער פון זיי האָט זיך דערווייטערט און אויפגעהערט קומען, האָט דער רבי אַלץ געטאָן כדי אים צוריקצוברענגען צו דער „חבריא״ און קיינער זאָל נישט פארשטויסן ווערן פון איר. ער פלעגט צוגעבן ענערגיע זיינע חסידים. אז זיי זאָלן וואָס העכער שטייגן אין תורה און אין מידות. פון דער אַנדערער זייט האָט ער קיינמאָל קיינעם נישט פאַרשעמט. אין זיין התנהגות האָבן א סך מענטשן געפונען די שפּורן פון זיין זיידן דעם גרויסן ר׳ פּנחס, באַזונדערס — אין זיין מלמד זכות זיין אויף יידן און אין זיין אהבת ישראל.

### ד. דער „לויצקער רבי״ אין תל־אביב

איך האָב שוין געשילדערט די רביים־משפּחה פון דעם ניעסכיזשער הויף, וועלכע איז אין משך פון א ריי דורות געזעסן אין לויצק, און אויך נאָך דעם ווי ער איז איבערגעפאָרן קיין תל־אביב, האָט ער איבערגעלאָזן אין לויצק אַ קלויז, ווו מ׳האָט געלערנט, געדאַוונט און געפירט חסידות לויט דער אלטער טראַדיציע פון ניעסכיזשער הויף. א גרויסן זכות איז באשערט געווען אָט דער קלויז, וועלכע איז אַזוי נאָענט געוואָרן צו ארץ־ישראל און פון תל־אביבער קלויז פלעגט ער פון צייט צו צייט באַקומען גרוסן. דער לויצקער רבי ר׳ מרדכי יוסף קאַצענעלנבאָגען האָט נאָך פארשידענע גלגולים עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געשאַפן אין תל־אביב (רח׳ האר״י 9) אַ שול, וועלכע רופט זיך ביזן היינטיקן טאָג „בית הכנסת האדמו״ר מלוצק״. נאָך זיין פּטירה האָט ממשיך געווען זיין זון הרב ר׳ אברהם קאַצענעלבויגן, וועלכער איז שוין אויך נסתלק געוואָרן.

גבאים פונעם בית־הכנסת זענען איצט: דער זון פון לעצטן רבין ר׳ ברוך קאַצענעלבויגן (בעל־הבית און נישט רבי) און ה׳ שמואל קאצענעלסאָן. אין שול דאַוונט מען בלויז שבתים און ימים טובים אין דריי מנינים.

# די לויצקער תלמוד־תורה



דער בנין



תלמידים



די פאַרוואַלטונג



אַ שיעור



אַ כיתה פון דער תלמוד־תורה

מ. ש. גשורי

# הרב ר׳ יחיאל יצחק רפפורט

א.

ר׳ יחיאל יצחק רפפורט נולד בלודז בשנת תרנ״ו להורים עניים. עוד בשנות נעוריו נתפרסם לעילוי והוסמך לרבנות. הכול היו מתפעלים מבקיאותו וחריפותו בש״ס ופוסקים. בן י״ז השיאוהו אשה, והוא המשיך בהתמדה רבה ללמוד תורה וגם לימודים כלליים. הוא הצטרף לתנועת המזרחי ועזר הרבה להפצת הרעיון הציוני־דתי בקרב ההמונים הרחבים. היה נואם בחסד עליון. בנאומיו המלאים אהבה לציון הקסים את שומעיו ויצא לו שם כמטיף ברוך־כשרון היודע לכבוש לבבות.

כהונתו הראשונה כרב היתה בעיירה אנדז׳יוב בקרבת לודז. ממנה נתקבל לרב בעיר ז׳יבלין. משם היה נוסע על פני ערים ועיירות בכל רחבי פולין ומטיף לטובת הציונות הדתית ומייסד אגודות למזרחי במקומות מרובים. וזכורני יפה אותו ערב כשהגיע לעיירת מגורי בקרבת סוסנוביץ והרצה בבית־המדרש על שאיפות המזרחי ותפקידיו. הוא היה אברך במיטב שנותיו, בעל עינים פקחיות. ואני, שכבר התנסיתי בפעולה ארגונית ציונית, נמשכתי אף אני בקסם דבריו ונתתי את ידי למזרחי שנוסד באותו מעמד בעיר. מאז לא ראיתיו עוד. אבל צורתו ריחפה תמיד לנגד עיני בשנות עסקנותי גם אחרי עלותי לארץ. עקבתי אחרי פעולותיו ומסעיו בערי פולין בגליונות השבועון העברי „המזרחי״ שהופיע אז בוורשה, ועד היום אני רואה את עצמי כתלמיד ותיק של הרב רפפורט.



ר׳ יחיאל יצחק רפפורט

ב.

גם אחרי שנבחר כרב בעיר לוצק והגליל, בראשית שנת תרפ״ב, לא הסתפק בפעולה המקומית. הוא המשיך לפעול כנציג המזרחי, פירסם כמה מאמרים בעתונות התנועה והוכיח כנואם כשרון רב. נאומיו הצטיינו בבהירות מחשבה, בסגנון יפה ומלוטש ובכושר הבעה. היה פעיל גם כמארגן. תוך דפדוף בגליונות „המזרחי״ של השנה ההיא אנו מוצאים מודעת־ברכה להרב יחיאל־יצחק רפפורט ליום עלותו על כיסא הרבנות בעיר לוצק והגליל, כאב״ד בלוצק ורב כללי לכל מחוז לוצק, ובשם לוצק חתומים על הברכה: יו״ר הועד של המזרחי — יהושע ברזה, יעקב סימא, אריה פיש, ישראל ויסנברג, שרגא לויט. וכן באו ברכות מהועד המרכזי של הסתדרות המזרחי בפולין וההנהלה הראשית להסתדרות צעירי־מזרחי בפולין (המזרחי, ב׳ חשון תרפ״ב). מסתבר שהמזרחי החליט על בחירתו כרב בלוצק במטרה לעשות באמצעותו נפשות למזרחי בכל רחבי ווהלין. עם בחירתו כרב בלוצק קבע בעיר זו את המטה הראשי של הפעולה הציונית־דתית, ומשם היה נוסע בכל ערי הישוב של ווהלין ורוכש נפשות לרעיון המזרחי.

בנפת ווהלין היהודית מצא הרב רפפורט ישובים עתיקים עם רבנים שמצבם הכלכלי היה בכל רע, ולא היה מי שיטפל בהם וישתדל לשפר את מצבם. הרב רפפורט היה היחידי בין רבני ווהלין שהשתתף באורח פעיל בעבודת המזרחי. דרשותיו שבהן היה מופיע בעת מסעיו בערי ווהלין השונות בעניני המזרחי משכו אליו נער וזקן, ואף המתנגדים למזרחי הביעו לו הערכה. תוך עיון בגליונות „המזרחי״ אנו רואים את הרב רפפורט מופיע בנאומיו בבתי־כנסיות ובתי־מדרשות בקרמניץ, בדובנה, בלודמיר (וולדימיר־ווֹלינסק), בקובל, באוסטראה, ובנועם מדברותיו הפיח בכל מקום רוח חיים בשורות הזקנים והצעירים ונוסדו אגודות למזרחי וצעירי־מזרחי. יצאו לו מוניטין כרב ועסקן בעל שליחות מיוחדת ואפשרות גדולה לפעול, להשפיע ולהדריך. הוא מילא תפקידו זה בהתמסרות רבה, והקדיש מרץ רב לעבודה החינוכית במקום.

ראשי המזרחי בפולין ראו בו כוח עולה ופורה, ומשכו אותו להנהגת התנועה. חיש מהר נבחר לועד המרכזי של המזרחי בפולין, חתם על קול־קורא מטעם רבני המזרחי למען המזרחי, היה מועמד כציר לקונגרס הציוני הי״ג, ובשנת תרפ״ג הוצגה מועמדותו כציר לסיים הפולני מטעם ה„בלוק הלאומי״. הוא ניהל תעמולה גדולה בשעת הבחירות לסיים, ובכל פעולותיו למען התנועה היה תמיד רענן ותוסס. הוא בא אז במגע עם המנהיגים בזירה העולמית של התנועה, כהרב מאיר ברלין, הרב זאב גולד והרב י. ל. הכהן פישמן, ורבה היתה השפעתם האישית עליו. פגישות אלו והעידוד שקיבל מהאישים הדגולים של התנועה דירבנוהו להגביר את פעולותיו, ביחוד בין הנוער, שהיה מוכן להימצא במחיצתו שעות אין ספור. בהיותו איש חביב, נוח לבריות, ידידותי ואדיב, היה מקובל מאד על חברי התנועה. גם בהיותו להם מנהיג, מורה ומדריך, לא נתן להם להרגיש עליונותו, כי אם התנהג עם כל אחד כעם ידיד, כעם תלמיד־חבר. הוא קנה את לבם של הצעירים ונעשה חביב עליהם מאד, וכה חינך לאהבת הארץ חוגים רחבים בתוך התנועה. רבים מחבריו־תלמידיו עלו לארץ ויש מהם התופסים עמדות חשובות בישראל.

ג.

בלוצק, כמו בשאר המקומות בווהלין, מצא הרב רפפורט שהרוח היהודית נתקלת במכשולים חיצוניים ופנימיים החותרים תחת יסודי הדת. והיו שאחזו בכל מיני אמצעים לחתור נגד הקיים ועומד זה דורות, ובלב כל יהודי דתי נתעוררה השאלה: מה יהיה עם כנסת ישראל המוקפת מבית ומבחוץ אויבים האורבים לנשמתו ולנשמת ילדיו. וכתוצאה מהמצב הזה החל הרב רפפורט לפעול למען החינוך הדתי.

יוסף פינקלשטיין

# די הויכע נשמה פון דער שטאָט לויצק

(לעגענדע)

איינמאָל, ווען ר׳ לייב שרה׳ס איז געווען אין טיף רוסלאַנד, האָט ער פּלוצעם דערפילט, אַז אויף וואָלין, אין דער שטאָט לויצק, געפינט זיך אַ נשמה, וואָס וואַרט מ׳זאָל זי דערהייבן צו איר הויכער מדרגה...

נאָך הבדלה האָט ר׳ לייב געהייסן זיין אָנטרייבער שפּאַנען די פערד צו אַ ווייטער נסיעה. דער משרת האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען דער רבי האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „נסיעה״, און דערצו נאָך „ווייטע״, וועט געוויס זיין — „קפיצת הדרך״.

און אַזוי פלעגט זיך שוין ר׳ לייב שרה׳ס נוהג זיין: ווען ער פלעגט זיך אַריינזעצן אין וואָגן, האָט זיין אָנטרייבער געטריבן די פערד נאָר ביז הינטער דער שטאָט, און ווי נאָר זיי זענען געקומען מחוץ־לעיר, האָט ר׳ לייב אַליין גענומען די לייצעס אין זיינע הענט און דעם אָנטרייבער האָט ער באַפוילן זיך זעצן מיטן רוקן צו די פערד.

אָפטמאָל פלעגט דעם אָנטרייבער באַפאַלן אַ מוראדיקער שלאָף, אָדער ער פלעגט גאָר טויב ווערן... אַלץ האָט ער געזען מיט זיינע אויגן, אָבער גאָרנישט געהערט מיט די אויערן.

ר׳ לייב שרה׳ס האָט צוגעמאַכט זיינע אויגן, געצויגן די לייצעס און אַרויסגעזאָגט דעם „שם״ פון „קפיצת הדרך״ — און די פערד זענען געפלויגן פייל־אויס־בויגן. אָבער אין דער אמתן איז די ערד אַקעגנגעלאָפן די רעדער...

מ׳האָט געזען אַדורכשוועבן פעלדער, וועלדער, שטעט און דערפער, טייכן און ימים, סטעפּעס און מדבריות... אַזוי פלעגט עס זיין, ביז די פערד זענען געקומען צום געווונטשענעם אָרט און האָבן זיך אַליין אָפּגעשטעלט.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען מחוץ־לעיר. דאַן האָט ר׳ לייב שרה׳ס אויפגעוועקט זיין פורמאַן — אים איבערגעגעבן די לייצעס אין די הענט, באַפוילן זיך אומקערן מיטן פּנים צו די פערד און ווייטער טרייבן — גלייך ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געווען.

✶

געקומען זענען זיי אין דער שטאָט לויצק, וואָס אין וואָלין, אין דער פרי. באַלד נאָכן דאַווענען איז ר׳ לייב געגאַנגען שפּאַצירן, ביז ער איז געקומען מחוץ־לעיר. דאָרט האָט ער דערזען אַן אַכט־יאָריק ייִנגל, אָנגעטאָן אין שמאַטעס, האַלב נאַקעט — און ער פּאַשעט גענדז.

אָט דאָס איז געווען די הויכע נשמה וואָס ר׳ לייב האָט אַזוי ווייט דערפילט.

דאָס אָרעמע ייִנגל האָט אים דערציילט, אַז זיין מוטער איז אַן אלמנה און ער האָט ר׳ לייבן געזאָגט איר נאָמען.

באַלד איז ר׳ לייב געגאַנגען צו דער אלמנה און ביי איר געבעטן, זי זאָל אים געבן איר זון פאַר אַ משרת, און ער, דער סוחר, וועט פון אים מאַכן „אַ לייט״. אויך האָט ר׳ לייב געגעבן דער אלמנה אַ סכום געלט און זי איז מרוצה געוואָרן.

ר׳ לייב שרה׳ס האָט דאָס ייִנגל, מיט דער הילף פון „קפיצת הדרך״, אָפּגעפירט קיין ניקעלשבורג, צום צדיק ר׳ שמעלקע...

— אָט דאָס האָב איך צו אייך געבראַכט — האָט ר׳ לייב שמייכלענדיק געזאָגט צו ר׳ שמעלקען פון ניקעלשבורג — אַ הויכע נשמה, אַ הייליקע פון היכל השירה, פונעם הימלישן געזאַנג — פון די ווייטע געגנטן אין וואָלין. און איך גיב אייך אָט די נשמה איבער אין אייערע הענט, בתנאי — איר זאָלט זי דערהייבן צו איר מדרגה... ר׳ לייב שרה׳ס האָט זיך געזעגנט און באַלד אָפּגעפאָרן.

✶

איז געוואַקסן דער אָרעמער לויצקער פּאַסטעך ביים צדיק ר׳ שמעלקע אין ניקעלשבורג. מיט דער צייט איז ער מפורסם געוואָרן אַלס גרעסטער מנגן, דער באַוווסטער אייזיק פון לויצק, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט די טייערסטע ניגונים פון דער „קליפה״ און „סיטרא־אחרא״ און זיי אומגעקערט צו זייער הייליקן שטאַם, ווו זיי זענען געשאַפן געוואָרן מראשית יצירה...

אָט דער הייליקער צדיק, וואָס אַלע גדולי הדור האָבן אים

סתם גערופן „דער הייליקער פון לויצק", פלעגט זיך נוהג זיין כל ימיו צו גיין אַלע טאָג אין וואַלד אַריין, דאָרט זיך צוהערן צו די זיס־געשמאַקע געזאַנגען פון די פאַסטעכער, וואָס זיי פלעגן אויסשפּילן אויף זייערע פייפלען — און זיי אומקערן צום שטאַם פון דער הייליקער שירה און נגינה.

— ווייל אַלע ניגונים, — פלעגט ר׳ אייזיק לויצקער זאָגן — אַלע ניגונים שטאַמען פונעם „היכל־השירה". די טומאה איז דער קוואַל פון אומעט און טרויער. דורך איר איז אדם הראשון אַריינגעפאַלן אין דער נעץ פון זינד... דאָס מיינט מען די קליפּה און סיטרא אחרא...

אָבער גאָר אַנדערש זענען די הייליקע ניגונים, זיי זענען די „הייליקע פונקען". און צוזאַמען מיט זיי — אויך די פונקען פון געזאַנג.

די אויפגאַבע פון צדיק פון לויצק איז געווען אומצוקערן צו דער הייליקייט, צו זייער שורש, די נגינה מיט זייער שמחה און חדווה, פון וועלכע ס׳האָט געברויזט בלויז אייביקע פרייד... אומצוקערן די הייליקע פונקען, וואָס וואַנדערן אין עולם התוהו, וואָס ריכטן אָפּ גלות און בעטן אַ תיקון.

און נישט נאָר דאָס קול פון נגינה האָט ר׳ אייזיק לויצקער אומגעקערט צו זייער הייליקן שורש, נאָר אויך זייער שפּראַך...

איינמאָל האָט דער צדיק, דער הייליקער מנגן ר׳ אייזיק, זיך צוגעהערט, ווי אַ פאַסטעך אין פעלד האָט געשפּילט אויפן לאַנגן פייפל אַ נגינה און שפּעטער צוגעזונגען פאָלגנדיקע ווערטער:

וואַלד, וואַלד ווי לאַנג ביסטו!
רויז, רויז ווי ווייט ביסטו!
ווען דער וואַלד וואָלט קלענער זיין,
וואָלט די רויז נאָענט זיין...
וואָלט מען פונעם וואַלד אונדז אַרויסגענומען
וואָלטן מירביידע צונאַנד געקומען...

ר׳ אייזיק פון לויצק האָט זיך אָפּגעזונדערט אויף אַ שטיין הינטערן בוים, זיך אַוועקגעזעצט און אויסגעזונגען מיט אַ ביטער געוויין דעם זעלבן ניגון מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

גלות, גלות, ווי לאַנג ביסטו!
שכינה, שכינה, ווי ווייט ביסטו!
וואָלט דער גלות קלענער זיין,
וואָלט די שכינה נאָענט זיין,
וואָלט מען פונעם גלות אונדז אַרויסגענומען
וואָלטן מיר ביידע צונאַנד געקומען...

ווען דער צדיק און גאון פון ראָפּשיץ האָט צום ערשטן מאָל דאָס זיסע געזאַנג מיט דער געשמאַקער נגינה דערהערט — האָט ער פאַרחלומט געשלאָסן די אויגן און געזאָגט:

— אין דער שעה, ווען דער לויצקער זינגט אויס דעם ניגון מיט די ווערטער — ווערט אַ רעש אין די עולמות העליונים און ס׳עפנט זיך דער שער־הרחמים און גאַנצע מחנות מלאכים גייען מקבל פנים זיין דעם צדיק ר׳ לייב שרה׳ס אין הימלישן היכל און מיט געזאַנג לויבן זיי און זאָגן:

— געבענטשט זאָלסטו זיין, לייב שרה׳ס, וואָס דו האָסט אונדז אַזאַ טייערע, זינגענדיקע נשמה געגעבן...

לויצק, 1938



אַ פאַרשווונדענער דור

עס זיצן פון רעכטס: מאיר קראַנשטיין, חיה רעכל קראַנשטיין, יוסף קראַנשטיין, ליפּע דינער, יואל באַרזאַך, מאיר קופּערשטיין.
עס שטייען פון רעכטס: אברהם לענדער, לייב קראַנשטיין, שמאי וויינטרויב׳ מרדכי קאַצענעלבאָגען, שלום גאָלדבערג, ל. ליבערמאַן.

י. צ. גאַלפּערין

# מיינע מלמדים

(זכרונות פון די חדר־יאָרן)

אומעטיק איז געפלאָסן אונדזער קינדהייט. אַנשטאָט אין די שיינע רעסאָרן־וועגעלעך, האָבן מיר זיך געכאַוועט אין קויטיקע, שטרויענע הענג־וויגלעך; אַנשטאָט די שפּאַצירן אונטער זון און אויף דער לופט, זומער ווי ווינטער, האָט מען אונדז געהאַלטן אין פאַרמאַכטע שטיבער־קאַסטנס, געטוליעט אין שמאַטעס און קאַלדרעס. גאַנצע וואָכן נישט געלאָזט אונדז קומען אין באַרירונג מיטן דרויסן, צוליב מורא, אַז מ׳זאָל זיך נישט צוקילן. דאָס לערנען איז פאָרגעקומען אין ענגע, ס׳רוב שמוציקע חדרים, אָן אַ ברעקל זון און שפּור פון פרייהייט. שטענדיק האָט איבער אונדז געוואַכט דער שטרענגער בליק פון בייזן רבין, דער אומבאַגרענעצטער הערשער איבער אונדזער נשמה און גוף...

### ר׳ משה מלמד ז״ל

נישט אַלעמען איז באַקאַנט, אַז די מאַנטשנע־גאַס האָט אַמאָל געטראָגן דעם נאָמען — „מצרים־גאַס״.

צי האָט מען זי אַזוי גערופן דערפאַר, ווייל יעדן פרילינג פלעגן זיך צונויפגיסןביידע טייכן — דער גלושעץ מיטן סטיר — און פאַרטרינקען דאָס געסל ווי בשעתו דער נילוס אין מצרים, צי פשוט צוליב דער זעקסטער מצרים־מכה — חושך, וואָס האָט דאָרט כסדר געהערשט? — דאָס איז נישט באַקאַנט.

אויף דער דאָזיקער „מצרים־גאַס״, אין איינציקן געמויערטן הויז, וואָס שטייט נאָך ביז היינט, האָט דאַן „געקעניגט״ דער דרדקי־מלמד ר׳ משה ע״ה — אַ ייד אַן עלטערער, איינגעהויקערטער, מיט אַ בלאַס פאַרצאַרנט פּנים, אַ שרעקלעכער קפּדן, אַ שרייער און שלאָגער. ער פלעגט אויף אונדז, פּיצעלעך, אָנוואַרפן אַ מרה־שחורה מיטן בלויזן קוק זיינעם.

שוין גאַנץ פרי, ווען מיר פלעגן נאָך אין די בעטן שפּינען דעם גאָלדענעם חלום פון זאָרגלאָזע קינדערישע פרימאָרגנס, פלעגט זיך אַריינרייסן דער באַהעלפער, דעם רבינס פליגל־אַדיוטאַנט, און אָן שום צערעמאָניעס אָנהייבן טאַרמאָשען פון שלאָף, אַראָפּנעמען פון די בעטן, תיכף הייסן אָפּגיסן נעגל־וואַסער, אָפּזאָגן מיט אונדז מודה אני, כאַפּן דעם איבערבייס, וועלכער פלעגט מערסטנטייל שוין בלייבן ביי אים (מיר האָבן געמוזט מאַכן אַ שוויג), און אויף די אַקסלען — היידא, אין חדר אַריין.

אין דרויסן כישופט אַ פרילינגס־זון, אַ קיל מחיהדיק ווינטעלע גלעט און צערטלט, קיצלט די קינדערישע צעשפּילטע פאַנטאַזיע און רופט אַרויס דעם הייסן פאַרלאַנג צו בלייבן אַ ביסעלע אויפן גאַס, אַ שפּיל טאָן זיך אומגעשטערט אויפן זומערדיקן דרויסן. אָבער דער מגושמדיקער באַהעלפער טאַסקעט אַהין — אין חדר אַריין.

אין חדר איז ענג. ס׳געפינען זיך שוין דאָרטן ביי אַ דריי צענדליק קינדערלעך, וואָס אַ שטאָט מיט טאַטעס האָט איבערגעגעבן דעם מלמד צו לערנען אַ שיטל עברי און מדריך זיין. זיצט מען אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט, ווי געגנדז אין אַ שטייג. אַרום אונדז דרייט זיך אַרום דער רבי, אין זיינע הענט מיט די פאַרגעלטע פון טאַבאַק פינגער — דער קאַנטשיק, וואָס איז ביי יעדער קליינקייט גרייט זיך אַראָפּצולאָזן אויף דער פלייצע... אָבער משה מלמד האָט נישט געהאַלטן פון דער פלייצע, אים האָט געשמעקט אַן אַנדער „אָרט״... פלעגט ער, בכדי זיך איינצושפּאָרן צייט אין מאָמענט פון כעס־אויסברוך, וואָס פלעגט ביי אים זייער אָפט טרעפן, באַפאַלן די קינדער, ווי נאָר זיי זענען געקומען, אַראָפּלאָזן די תחתונימלעך. זאָלן זיי זיין גרייט, ווי ס׳מאַכט זיך...

און ס׳האָט זיך טאַקע געמאַכט. ער פלעגט זיך קיינמאָל נישט טועה זיין. „אַרבעט״ איז געווען אַ סך. דאָ האָט אַ קינד נישט נאָכגעזאָגט דעם „אַ״ צום קמץ־אלף אַזוי גיך; דאָ האָט זיך אַ קינד פלוצעם גאָר פאַרקוקט אויף דער זלידנער פליג, וואָס ווייל נישט אויפהערן קריכן איבערן פאַרפעטסטן סידור; דאָ האָט זיך עמעצן פאַרגלוסט סתם אַזוי אַרויסלאָזן אַ הויך וואָרט, אָדער גאָר אַ לאַך טאָן. זינדיק האָט מען שוין נישט געדאַרפט זיין. דער קאַנטשיק האָט געאַרבעט איבערן „גוטן אָרט״.

חוץ דעם קאַנטשיק האָט ר׳ משה מלמד, דעם ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, געהאַט נאָך אַ שטראָף־מיטל, וואָס האָט גאַנץ גוט געווירקט אויפן קליינוואַרג: „אָט גייט ער אויפבינדן דעם אינדיק מיטן קופּערנעם פּיסק, וואָס געפינט זיך אויפן בוידעם״... אַז מיר האָבן דערהערט „אינדיק מיטן קופּערנעם פּיסק״ — איז אין אונדז אָפּגעשטאָרבן יעדער אבר און מיר פלעגן בלייבן אויף אַ ווײַלע שטום און אָפּהענטיק.

אַזוי פלעגט זיך ציען, מאָנאָטאָן און גרוי, אַ זמן נאָך אַ זמן.

### ר׳ מאָטל וויזשעווער ז״ל

אין איינעם אַזאַ בין הזמנים — איך בין שוין אַ ביסעלע אונטערגעוואַקסן און געקענט דאָס שיטל עברי — האָבן טאַטע־מאַמע באַשלאָסן אַריינגעבן דעם „בחור״ צו מאָטל וויזשעווער, דעם גמרא־מלמד.

די גדולה איז געווען אָן לשער. אַ קלייניקייט: פּטור ווערן פונעם קאַנטשיק מיטן „אינדיק״ — אָבער ס׳זענען אַריבער נאָר עטלעכע טעג, ווי כ׳האָב פאַרזוכט דעם נייעם חדר — און ס׳איז געקומען אַ ביטערע אַנטוישונג. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פריערדיקער מלמד ר׳ משה איז אין הלכות „דערציונג״ (דאָס מיינט: קאַטעווען די קינדער) טאַקע ווי אַ דרדקי קעגן אַ גמרא־קענער. ר׳ מאָטל וויזשעווער, זאָל מיר מוחל זיין, איז געווען אַ ייד בטבע אַ בייזער און אַ כעסן, וואָס

האָט פּשוט געפּילט אַ באַדערפעניש מקיים פּסק צו זיין דאָס קליינוואַרג. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען: פראַנצוזקע קניפּן... דאָס זענען אַזעלכע דריבנע קניפּעלעך, וואָס מ׳געדענקט וואָכנ־לאַנג און מ׳קאָן זיך צום אָרט נישט צורירן. דערצו נאָך האָט ער געהאַט אַ ספּעציעלן רימען, מיט וועלכן ער פלעגט זיך „צעלאָזן", אַז פונקען זענען געפלויגן פון די אויגן.

מיר פלעגן פאַר אים ציטערן אימת מות, זיך היטן אַפילו מיט אַ שאָרך, אָבער גיי האַלט איין שנעקעס. איבעריקנס, האָט מען דען גענדאַרפט אַ סך אויף צו פאַרזינדיקן זיך? ס׳איז רעכט געווען, אַז איינער זאָל געבן אַ ניס, נישט אַזוי ווי דעם רבין געפעלט — און ס׳איז באַלד געקומען דער פסק.

עד היום קאָן איך נישט פאַרגעסן פאָלגנדיקע סצענע:

איינער פון די תלמידים איז איינגעשלאָפן ביים לערנען. צי איז ער געווען מיד פונעם שבתדיקן פרייען טאָג, צי סתם עפּעס נישט מיט אַלעמען. האָט דער רבי זיך אויפגעהויבן פון טיש און זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום תלמיד, שטיל, פּאָוואָלינקע, אויף די נעגל, ער זאָל זיך חלילה נישט אויפכאַפּן, דער קרבן. אַז ער האָט אים נישט געקאָנט דערגרייכן מיט דער האַנט, האָט ער זי אויסגעצויגן און אים דערלאַנגט אַזאַ זעץ איבערן פּנים, אַז יענער האָט אָנגעהויבן שרייען, ווי פון שלאָף, געוואַלד און געוואַלד. לכתחילה האָט זיך דער רבי אָפּגים דערשראָקן, וואָס איז געווען קענטיק פון זיין בלאַס ווערן, געמיינט, אפשר אים חלילה שלעכט דערלאַנגט, אָבער ווען ער האָט זיך אָריענטירט, אַז מיט אים איז קיין שלעכטס נישט געשען, האָט ער אים ערשט גענומען אויפן רעכטן אמת שלאָגן מכות רצח, שרייענדיק:

— וואָס רעוועסטו ווי אַ געקוילעטער אָקס?!...

דאָ איז נאָך אָנגעקומען פון קיך די רביצין. פון רחמנות אויף איר „האָרעווענדיקן" מאַן, וועלכער שטייט אַ שווער סאַ־פּענדיקער צוליב זיין אַסטמע און קאָן זיך גאָרנישט אָפּרייסן פון זיין „קרבן", איז זי אַרויס מיט איר מענה לשון:

— ווי אַזוי האָט עס אַ תלמיד נישט קיין רחמנות אויף אַזאַ שוואַכן ייד, ווי דער רבי? זעט ער דען נישט, דער אכזר, אַז דער רבי אָטעמט קוים? ווי אַזוי האָט מען עס אַזאַ האַרץ פון אַ טאַטער? ער האַלט זיך דאָך קוים אויף די פיס!

און צום רבין נעמט זי איינטענהן:

— מאָטל, האָב שוין אַמאָל רחמנות אויף דיין געזונט, מישטיינס געזאָגט. מילא, נחמהקע האָט שוין ביי דיר לגמרי קיין ווערט, אָבער צי ווייסטו דען נישט, אַז ווען אַפילו דו דערהרגעסט אים, דעם תכשיט, וועסטו אים שוין נישט איבער־מאַכן?

דער רבי דרייט זיך אויס און ענטפערט איר האַסטיק מיט רוגזה:

— ניין, דאָס וועסטו שוין ביי מיר נישט פועלן! איך וועל אים נישט לאָזן וואַקסן קיין פרא אדם... שפּעטער וועט זיין טאַטע זאָגן, אַז מאָטל גיט נישט אַכטונג אויף זיינע תלמידים... ניין, נחמהקע. איך מוז אים מאַכן פאַר אַ מענטש...

און מיט פרישע כוחות האָט ער זיך ווידער געוואָרפן אויף אים און געשלאָגן.

אַזאַ איז ער געווען, מאָטל וויזשעווער.

ס׳איז אָבער באַשערט געווען, אַז מיר קינדער זאָלן אויך אַמאָל דערלעבן אַ שטיקל נקמה אין אים. מאַכט זיך, אַז ביים לערנען רש״י, ווען ס׳איז געקומען צום זאַץ „דבר אחד לדור ולא שני דברים לדור", פאַרגלוסט זיך איינעם אַ תלמיד, דוד האָט ער געהייסן — אַ טייטש טאָן „דבר אחר לדור"... אומ־גערעכט איז אַפילו דודל נישט געווען מיט אַזאַ אויסטייטשן, ווייל צי געפינט זיך דען נישט אין אַ דור מער ווי איין דבר אחר?... אָבער דודל האָט נעבעך נישט געוווסט פון אַזעלכע חכמות, און דעם רבין איז ווידער, אַפּנים, דער „הויכער" פשט נישט איבעריק געפעלן. אַ סימן, אַז ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויף דודל, אים אַ פרעג געטאָן, ווו האָט ער עס געפּאַקט אַזאַ וואַזשנעם פשט, און — אָט אָט הויבט זיך עס שוין אָן... אָבער דאָ איז געשען עפּעס אומדערוואַרטס, אויסטערלישס: דער קליינער דוד האָט אַ רוק געטאָן דעם טיש מיט די חומשים, אַ כאַפּ געטאָן אַ ברענענדיקן לאָמפּ און אויסגעשריגן:

— רבי, אייער טויט אויפן אָרט, אויב איר דערנענטערט זיך צו מיר...

דער רבי איז בלאַס געוואָרן און אַרויס פון חדר, געוואָרן אַ האַז...

מילא, אונדזער שטימונג דעמאָלט איז נישט צום באַשרייבן. אַזאַ נקמה! און אַדאַנק אָט דעם קליינעם דודל... דער דרך־ארץ צו אים איז שטאַרק געוואַקסן. אין אונדזערע אויגן איז ער געווען ווי יענער דוד, וואָס האָט בייגעקומען גליתן. אויך דער רבי האָט פאַר אים אַ באַזונדער אָפּשיי געקריגן און אַפילו די איבעריקע קינדער אייניקע טעג נישט געטשעפּעט.

מיר האָבן שוין אָנגעהויבן זיך איינרעדן, אַז דער רבי האָט זיך געביטן, אַז מיר וועלן קאָנען אויפהויבן אַ ביסעלע דעם קאָפּ. די פּאַסירונג, וואָס איז אָבער באַלד געשען, האָט אונדז אַרויס־געפירט פון אָט דער איינרעדעניש.

אינמיטן לערנען האָט אַ תלמיד געזאָגט דעם רבין, אַז ער דאַרף אַרויסגיין אין דרויסן אויף אַ נאַטירלעכער באַדער־פעניש. אויפן גאַס שטויסט ער זיך אָבער אָן אויף אַן אומ־געריכטער מציאה: אויף אַ פאַרבלאָנדזשעט לאָשעקל, וואָס האָט זיך אַפּנים אָפּגעטשעפּעט פון דער מאַמען און פאַרבליבן עלנט אויפן פּלאַץ. אַ דערפרייטער פון דער ווילדער מציאה, פאַרגעסט ער, דער קונדס, דעם אייגנטלעכן ציל פון זיין קומען אין דרויסן, לויפט צו צום לאָשעקל און פירט עס אַראָפּ צום קאַמער. דאָרטן בינדט ער עס צו צום ווענטל און מיט דער בשורה — אַריין אין חדר צו די חברים. מיטאַמאָל מעלדן זיך עטלעכע תלמידים צום רבין, אַז זיי מוזן נייטיק אַרויס־גיין... דער רבי קוקט אויף זיינע תלמידים מיט פאַרדאַכט. עפּעס דערמאָנט ער זיך נישט, אַז אין משך פון זיין מלמדישער פּראַקטיק זאָל אויסברעכן אַן עפּידעמיע פון אַזוי פיל אַרויס־גייער... דאָך שאָקלט ער מיטן קאָפּ אויף יאָ, אָבער ווען אין אַ פּאָר מינוט אַרום מעלדעט זיך צו אים נאָך אַ גרופּע אַרויס־צוגיין, כאַפּט זיך דער רבי, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיק. ניין, די געשיכטע הייבט אים אָן נישט צו געפעלן. צי שטעקט דאָ נישט עפּעס אַ ניי שפּיצל פון תנא דוד?... ער גיט צו די תלמידים אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ און באַשליסט צו זיין אויף דער וואַך...

שוין באַלד אַ האַלבע שעה און קיינער פון די תלמידים באַוויזט זיך נישט אויף צוריק. אַזוי גאָר? — טראַכט זיך דער רבי, אַרויסזאָגנדיק אויפן קול וואָס ער מיינט — וויל מען שוין אויך מאָטלען פירן ביי דער נאָז? — און ער לאָזט

זיך אַרויס אין דרויסן אויפזוכן זיינע פאַרשוווּנדענע, כלומרשט אויפן מאָגן געכאַפּטע תלמידים. אין דרויסן האָבן זיך צו אים דערטראָגן פון דער קאַמער קולות און קוויטשערייען, און אויב ער האָט קיין טעות נישט, הערט ער אויך אַ הירזשען פון אַ לאָשעקל. ער בלייבט אַ ווײַלע שטיין און הערט זיך צו: יאָ דאָס זענען זיי, אָבער ווי האָט זיך עפּעס גענומען אַ לאָשעקל? דורך דער אָפענער טיר באַמערקט ער, דער רבי, ווי זיינע תלמידים שטייען פאַרזאַמלט אַרום דעם לאָשעקל און זיי האָדעוועוען אים פון אַרבל אַרויס...

די חברה, פאַרטיפּטע מיט זייער „ליבן גאַסט", וועלכער שמעקט זיי זיכער בעסער ווי דאָס חדר מיטן רבין צוזאַמען, באַמערקן גאָרנישט, ווער עס שטייט הינטער זיי. דער רבי, בבחינת רואה ואינו נראה, הערט אויס די אַלע פּראָיעקטן און פאָרשלאָגן ווי אַזוי זיינע תלמידים האָבן בדעה איינצואָרדענען דאָס לאָשעקל... ער שטייט און גלייבט נישט זיינע אייגענע אויגן. עפּעס פילט ער זיך, ווי ס'האָט זיך געדאַרפט פילן משה רבינו, ווען ער האָט דערזען ווי יידן טאַנצן אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב...

דער רבי האָט מער נישט אויסגעהאַלטן און אַ דונער געטאָן:

— ברוך הבא! איז שוין אַ לאָשעקל אויך דאָ! נו, קומט אַריין, תנאים אין חדר, וועלען מיר צוזאַמען זיך משמח זיין לכבוד דעם לאָשעקל...

דאָס פּלאַצן פון אַ באָמבע רופט נישט אַרויס ביי די אַרומיקע אַזאַ שרעק און פּאַניק, ווי די דונערדיקע שטים פון רבין. אַנגסטן האָבן באַגאָסן דאָס קליינוואַרג. ווי שווער פאַר־אורטיילטע, מיט הכנעה, איז דער עולם אַריין אין חדר, גרייטנ־דיק זיך צו אַלץ...

אַריינקומענדיק אין חדר, האָט דער רבי נישט גענומען זיך תיכף צו דער עקזעקוציע. לאַנגזאַם, בהדרגה האָט ער אַלץ געמאַכט ווי ער זאָל האָבן אַ ספּעציעלע הנאה דערפון. דער עולם זעצט זיך אויס אַרום טיש, ער אויך — און ס'פאַלט אַ באַפעל:

— חומש מיט רש"י.

מיר קינדער פילן, אַז ס'איז פאַר אַ שטורעם און וואַרטן אַז אָט אָט זאָל ער אויסברעכן. מ'עפנט אויף די חומשים, מ'נעמט לערנען. דער רבי גייט צו צום תלמיד, וואָס איז דער ערשטער געכאַפּט געוואָרן ביים לאָשעקל, און שטעלט אים אַ פראַגע:

— וואָס איז די באַדייטונג פון צהר תעשה לתיבה?

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, ענטפערט ער פאַרן תלמיד:

— מאַכט רש"י — אַ לאָשעקל... — און ער דערלאַנגט דעם תלמיד אַ פּראַסק, אַז ער דערזעט קראָקע מיט לעמבערג.

פון ערשטן שאָס צעוואַרעמט זיך דער רבי, לויפט איבער צו אַלע תלמידים, שניידט אויף רעכטס און אויף לינקס, שרייענ־דיק: „מאַכט רש"י — אַ לאָשעקל"... בלוט, נישט קיין טרערן, האָבן זיך געגאָסן פון די אויגן פון די צעמימתטע תלמידים...

אַ צוויי וואָכן האָט זיך געצויגן די „לאָשעקל־תקופה". אַז מיר זענען פון דאַן נישט געבליבן קיין קאַליקעס, דאַרפן מיר דאַנקבאַר זיין דעם, וואָס לעבט אייביק.

אָבער דאָס לאָשעקל וועלן מיר געדענקען אייף קינדס־קינדער...

## ר' שלמה טעפּער ז"ל

געוועזן נאָך אַ דריטער מלמד: ר' שלמה טעפּער, אָדער קאַרלינער, ווי מען האָט אים גערופן, הגם זיין פאַמיליע־נאָמען איז גאָר געוועזן פרידבוים.

זיין חדר איז שוין געוועזן פון אַ העכערער מדרגה. אַ מין „אוניווערסיטעט". אַריין צו שלמה טעפּער אין חדר אַריין, האָט געהייסן, אַז מ'איז אַ בחור מיט אַ „מאַטורע". האָט טאַקע ביי אים געלערנט די „סמעטענע" פון שטאָט. אָבער אפשר מיינט איר, אַז פאַר דער „סמעטענע" האָט דאָס חדר אַנדערש אויסגע־זען? אַ טעות! דער חדר איז געווען אין דער ווייבערישער אָפּטיי־לונג פון דער סטאָלינער שול. דאָרטן, ביי אַ לאַנגן טיש, מיט בענק אַרום, האָט ער געקנעלט מיט די שוין דערוואַקסענע תלמידים, וועלכע האָבן אויך נישט געהאַט קיין חשק צו לערנען. איך דערמאָן זיך, אַז אין מיין צייט האָט זיך איינער אַ תלמיד אויסגעצייכנט מיט געפינען מיטלען און אופנים ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון לערנען. אַזוי האָט ער געכאַפּט מייזלעך איבער די שטענדערס, געלעגן אויף דעם בוים, וואָס איז געווען בשכ־נות, אַפילו געצונדן פּאַפּיר אין בית־הכסא, אַבי נישט צו לערנען. און אַז דער דאָזיקער תלמיד איז אַמאָל אַריין מיטן גאַנצן פוס אין דער אומריינקייט פון בית־הכסא, אַז מ'האָט אים קוים אַרויסגעשלעפּט, האָבן זיך אַלע תלמידים מיטן רבין כמעט ווי אַ וואָך צייט פון אים אָפּגערוקט, ווייל מ'האָט נעבן אים נישט געקאָנט זיצן. ער אָבער איז גאָר געווען אויפן זיבעטן הימל, וואָס ר'איז פּטור פון לערנען...

ר' שלמה טעפּער האָט אָבער אויך געקאָנט אַמאָל שלאָגן, נישט ערגער פון פריערדיקע מלמדים, כאָטש ער איז געווען אַ ייד אַ חלוש.

מ'דאַרף אים אָבער נאָכזאָגן אַ שבח, אַז אין שלאָגן איז נישט שולדיק געווען אַזוי ער, ווי דאָס חינוך־סיסטעם, וואָס האָט אין יענער צייט געהערשט. דאָס באַווייזט דער פאַקט, אַז פאַרן טויט זיינעם האָט ר' שלמה טעפּער געשיקט רופן זיינעם אַ תלמיד, וועלכן ער האָט באַזונדערס שטאַרק געהאַלטן אין צ"ים און געבעטן ער זאָל אים מוחל זיין:

— זיי מיר מוחל, קינד מיינס, פאַר מיין שווערן באַהאַנדלען דיך. גאָט איז מיין עדות, אַז איך בין נישט דער שולדיקער. דער פאָטער דיינער האָט ביי מיר דורכויס געפאָדערט דיך באַזונדערס שטרענג מחנך צו זיין...

גבריאל ווייסמאַן

# לויצק

(געווידמעט די קדושים פון לויצק)

איבער ימען ליגט מיין שטעטל
לויצק, אַ, ליבע היים!
ס'איז מיין וויגל דאָרט געשטאַנען,
כ'קען דאָרט יעדן שטיין.
כ'זע די גרויסע שול מיט טורעמס
יאָר דריי הונדערט אַלט;
כ'זע די יוגנט גיין שפּאַצירן
צו דעם שלאָס ליובאַרט.

רעפריין:
כ'וועל געדענקען לויצק מיין שטעטל
אין חלום און אין וואָר;
קיינמאָל, קיינמאָל נישט פאַרגעסן
דיינע טעג און יאָר.

אויף די „גרעבליע" נאָך דעם שול־פּלאַץ,
יעדער וועג און שטעג,
רופט אַרויס ביי מיר אין דמיון
אַלע מיינע טעג:
זומער אויפן סטיר זיך שיפן
מיט אַזאַ געזאַנג;
יעדער וואָס געהערט דעם ניגון —
וועט געדענקען לאַנג.

רעפריין:
כ'וועל געדענקען לויצק מיין שטעטל...

איצטער זעסטו דאָרט קיין יידן —
ס'שטעטל וויסט און הויל;
מער נישטאָ קיין שוועסטער, ברידער —
כאַפּט אַרום אַ גרויל.
הינטער גנידעוו, אין פּאַלאַנקע —
איצט אַ הייליק אָרט;
אַכצן טויזנט לויצקער קדושים
אין דעם קבר דאָרט.

רעפריין:
כ'וועל געדענקען לויצק מיין שטעטל...

סילוויע באַרדיטש־גאָלדבערג / ניו־יאָרק

# איציק פּרצעס — דער דרדקי־מלמד

איציק פּרצעס, וואָס אין זיין חדר האָבן זיך געלערנט די קינדער פֿון די נגידישע און שיינע בעלי־בתים, איז געווען דער בעסטער דרדקי־מלמד אין לויצק. ער פֿלעגט אָנווענדן אַן אייגנאַרטיקע מעטאָדע פֿון דערציונג. זי איז נישט באַשטאַנען אין דעם, וואָס קיין קינדער זאָל מען נישט שמייסן, הגם אומעטום פֿלעגט מען עס יאָ טאָן. פֿונדעסטוועגן איז אויך ביי אים געהאָנגען דער קאַנטשיק, אַלס סטראַשידלע, קעגנאיבער דעם גרויסן טיש מיט די לאַנגע בענק, אַרום וועלכע די קינדער זענען געזעסן. ווי איינער רעדט: וועסטו לערנען — איז גוט, אויב נישט — איז דאָ דער קאַנטשיק!



סילוויע באַרדיטש־גאָלדבערג

ווען ס'האָט זיך אַמאָל געטראָפֿן, אַז אַ יינגל האָט זיך פֿאַרשפּילט מיט זיין נייעם קניפּעקל און געמאַכט אַנדערע יינגלעך אַרויסקוקן פֿון חומש, האָט דער רבי זיך אויפֿגעהויבן צום קאַנטשיק. אַ שרעק פֿלעגט דאַן באַפֿאַלן די יינגלעך. ס'איז געוואָרן שטיל. דאָ פֿלעגט זיך אַריינמישן די גוטע רביצין, חנה־ביילע, אַ הויכע יידענע, אַ דאַרע, מיט אַ שיינעם הויכן שטערן, קלוגע אויגן און אַ גוטמוטיקן שמייכל, און אַ זאָג טאָן צום יינגעלע: משהלע, אָדער לאַזערל, בעט דעם רבין, אַז ער זאָל דיר דאָס מאָל מוחל זיין. זאָג צו, אַז דו וועסט דאָס מער נישט טאָן, און, זיך ווענדנדיק צום מאַן: איציק, לאָז צורו ס'קינד, ער וועט מער אַזעלכע נאַרישקייטן נישט טאָן! וואָס זאָגסטו? — דאָס יינגעלע פֿלעגט מיט בעטנדיקע אויגן זאָגן: נישט מער, און דער רבי מיטן תלמיד פֿלעגן שלום מאַכן אַדאַנק דער גוטער רביצין.

איציק פּרצעס איז געווען געבענטשט מיט אַ שיינער לירישער שטימע, וועלכע ער פֿלעגט באַנוצן ביים מעביר־זיין די סדרה. באַזונדערס פֿלעגט ער זיך אויסצייכענען ביים לערנען שיר־השירים ערב פּסח. דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין, אַז שיר־השירים ווערט געהאַלטן פֿאַרן הייליקסטן געזאַנג ביי יידן פֿלעגט ער זיך דאַן אָנטאָן יום־טובֿדיקער ווי אַלע מאָל און מיט געפֿיל אויפֿזינגען: שיר־השירים — דאָס געזאַנג, וואָס שלמה המלך האָט געזונגען, איז געווען שענער און בעסער פֿון אַלע געזאַנגען. אַן אַנדער געזאַנג האָט געזונגען אַ חכם, און דאָס געזאַנג האָט געזונגען אַ חכם בן חכם; אַן אַנדער געזאַנג האָט געזונגען אַ נביא, און דאָס געזאַנג האָט געזונגען אַ נביא בן נביא; אַן אַנדער געזאַנג האָט געזונגען אַ מלך, און דאָס געזאַנג האָט געזונגען אַ מלך בן מלך. שיר־השירים איז בעסער און שענער פֿון אַלע געזאַנגען!

די קינדער פֿלעגן פֿאַרכאַפּט ווערן פֿון דער שיינעם, הייליקן און זיסן ניגון; פֿון דעם שיינעם ראָמאַנטישן אינהאַלט, און זייערע מעלאָדישע שטימעלעך פֿלעגן זיך צוזאַמענגיסן מיט די זיסע טענער פֿון דעם רבינס קול און אָנפֿילן דעם חדר מיט פֿרייד.

אַזוי אַרום האָט איציק פּרצעס איינגעפֿלאַנצט אין זייערע הערצער ליבע צו דעם תנ"ך, וועלכן די קינדער פֿלעגן חזרן מיט ספּעציעלע התמדה און התלהבות...

ביי איציק פּרצעס פֿלעגט אַרבעטן אַ באַהעלפֿער מיטן נאָמען ברוך. זיין אויפֿגאַבע איז געווען צו ברענגען קינדער פֿון די היימען אין חדר אַריין. ער פֿלעגט זיי אָנטאָן, אָפּגיסן די נעגל און זאָגן מיט זיי ברכה. אין חדר פֿלעגט ער אַרויסהעלפֿן דעם מלמד מיט לערנען די קינדער.

ערב־שבועות פֿלעגט ער לערנען מיט די קינדער אקדמות, אויסזינגענדיק אים מיט זיין זעלטן־שיינער לירישער שטימע. פֿיל מענטשן פֿלעגן זיך אָפּשטעלן ביי די אָפֿענע פֿענצטער און ווי פֿאַרכישופֿט זיך צוהערן.

איינמאָל איז געקומען אין זיין גאַס אַ סאַניטאַרע קאָמיסיע מיטן נאַדזיראַטעל אין דער שפּיץ. ס'זענען געשריבן געוואָרן פּראָטאָקאָלן. דערביי האָט מען אויך רב איציק פּרצעס מכבד געווען מיט אַ פּראָטאָקאָל. דער מלמד, אַ קנאַפּער רוסיש־קענער, האָט איבערגעלאָזט די קינדער זינגען דעם אקדמות און מאַכנדיק מיט די הענט און קראַצנדיק זיך די באָרד, זיך גענומען אויסטענהן:

ר' איציק פּרצעס

—ס'טייטש, ס'איז דען אינגאַנצן מיין מיסט? איר פֿאַרשטייט, יאַ סיפּו, אָן סיפּיט, טי סיפּיש, אָנאַ סיפּיט (איך שיט, ער שיט, דו שיטסט, זי שיט). פּאַניע, גלויב מיר, איך בין נישט שולדיק!

אַלע לאַכן. דער נאַדזיראַטעל טוט אַ פֿרעג: ווער זינגט דאָס ביי דיר אַזוי שיין? — דאָס זענען מיינע „אוטשעניקעס", פּאַניע נאַדזיראַטעל! — כאַראָשי יעווּרעי! — גיט אים דער נאַדזיראַטעל אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע — אַז דו קענסט אַזוי שיין אויסלערנען זינגען דיינע „אוטשעניקעס" — וועל איך דיר צערייסן דעם פּראָטאָקאָל.

אַדאַנק דעם שיינעם ניגון פֿון אקדמות איז טאַקע דער פּראָטאָקאָל בטל געוואָרן.

אין יאָר 1920 איז איציק פּרצעס מיט זיין פֿאַמיליע געקומען קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ברוקלין — ניו־יאָרק. פֿיל פֿון זיינע געוועזענע תלמידים, וועלכע האָבן שוין

געהאַט קינדער צו גיין אין חדר, זענען איצט געקומען זעןְ דעם באַליבטן רבין זייערן. איינער פון זיי איז געווען אַ רב — הרב לעווין, אַ זון פון שלום לעווין, אַ הורטאָווניק אין לויצק. דער רב לעווין איז געווען באַליבט ביי זיינע בעלי־בתים פאַר זיינע באַלערנדיקע רעדעס, פאַרן לערנען מיט די יידן פון שול, און ווי אַ מחבר פון אַ ספר. הרב לעווין האָט צוויסן געטאָן זיינע מענטשן פון שול, אַז זיין רבי איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט מען אים געבעטן איינצולאַדן אויף אַ שבת דעם רבין זיינעם. ווען איציק פּרצעס איז געקומען אין שול און געזען די ליבע און כבוד, וואָס מ׳ווייזט אַרויס זיין תלמיד און מיט וואָס פאַר אַ כבוד מ׳נעמט אים אַליין אויף, האָט ער שוין מורא געקריגן, אַז ער וועט דעם עקזאַמען נישט אויסהאַלטן.

ענדלעך ווערט דער רבי פאָרגעשטעלט פאַרן עולם. אַלע דריקן אויס אַ ווילן, אַז דער רבי זאָל עפּעס זאָגן. און דער רבי מיטן תלמיד זענען דאַן אַרויס פון דער שול שטאַרק צופרידענע.

אַזאַ מלמד איז געווען איציק פּרצעס !

סילוויע באַרדיטש־גאָלדבערג

# ערב שבת

שוין דאָנערשטיק אין דער פרי האָבן די ווייבער אָנגעהויבן אַריינברענגען דעם שבת אין שטוב אַריין.

קודם־כל האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט איבער די קלייטן באַטראַכטן דאָס מעל; זיי האָבן עס גענומען צווישן די פינגער, באַנעצט, געריבן און געוואָלט דערגיין וואָסער מעל איז דינער און ווייסער. און אַז עס איז שוין געפעלן, איז מען ערשט געגאַנגען אין אַנדערע קלייטן — אפשר איז דאָרט מיט אַ האַלבן גראָשן ביליקער.

עס שטייען מיר פאַר די אויגן אָט די אַלע מעל־פאַרקויפערינס. איינע פון זיי, חנה אברהם אַבושעס, מיין באָבעס אַ חברטע, איז געווען אַ קליינע, דאַרע פרוי, מיט אַ פאַרמעטן, צעקנייטשט פּנים. זי איז געווען ציכטיק אָנגעטאָן און רעדן האָט זי געקאָנט — ווי אַן אמתע סוחרטע.

אַ צווייטע איז געווען סאסע איצי יאילעכעס, מיט איר מאַן שמאי. ער האָט אויסגעזען ווי אייביק ברוגז. ער האָט נישט גערעדט קיין סך: קויפט יאָ, קויפט נישט. דערפאַר האָט סאסע, זיין ווייב — אַ הויכע, ברייטע, שיינע פרוי — זיך אָוועקגעשטעלט איינרעדן דעם קונה מיט אירע גוטע רייד און זיסן שמייכעלע.

נאָך איינע געדענק איך — אַסנה רויזעס, אַ שיינע פרוי. פאַר מיין צייט איז זי געווען אַן אלמנה. אויך זי האָט שיין צוגערעדט אַ קונה צו נעמען דאָס מעל: „איר וועט זען, ס׳וועט אויפגיין, ס׳וועט זיין שפּאָרעוודיק”.

חנה־סלאַווע אָבער האָט נישט געדאַרפט צורעדן. איר האָבן די פרויען אָן דעם געגלייבט. ערשטנס, האָט איר מאַן יענקל געאַרבעט ביי פינטשוקן אין מיל; צווייטנס, האָט זי זיך געהאַלטן מיט ווירדע. זי איז געווען אַ הויכע, אַ שטאָלצע. און אַלע האָבן צו איר אַרויפגעקוקט מיט גרויס רעספּעקט. ביי ווייבער איז איר וואָרט געווען גוט.

אין איין וועגס האָט מען שוין איינגעהאַנדלט פיש. ס׳איז נישט געווען אַזוי גרינג ביי יענקל זינדעלעס פיש צו 'קויפן. אַ הויכער מאַן מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס, איז ער געשטאַנען מיט זיינע בנים ביי די באַליעס פיש, און אויב אַ פרוי האָט זיך דערלויבט אַ פישל אָנרירן, האָט ער ביי איר אַרויסגעריסן דאָס פישל פון האַנט און איר געגעבן דערמיט איבערן פּנים.

דאַן האָט מען אויך איינגעקויפט הייוון און צימערינג, און



סלאַווע בידניק און חנה גייער

דאָס אַלץ, צוזאַמען מיטן מעל אין אַ זעקל, האָט מען געטראָגן אויפן בויך.

דאָס מעל האָט מען איבערגעזיפּט. אַלץ אַרום איז געוואָרן ווייס. דער מאַמעס פעך־שוואַרצע האָר זענען געוואָרן ווייס ווי שניי. מיר האָבן זיך געשטופּט נעענטער און אויך געוואָלט ווערן ווייס.

דערנאָך האָט מען דאָס מעל אָפּגעטיילט: אויף חלה, אויף פּלעצל־לאַטקעס, פּאַפּאַליקעס, קנישעס מיט קאַשע אָדער באַב־קעס, קיכלעך. אויף ברויט איז געווען קאָרענע מעל. מען האָט דאָס פאַרקנעטן אין אַ דייזשע און איבערגעדעקט מיט אַ קישן — עס זאָל בעסער אויפגיין. די חלה האָט מען פאַרקנאָטן אין אַ מילטער, דערנאָך אַרויסגענומען דאָס טייג און איינגעוויקלט אין אַ ווייס טישטעכל, האָט מען עס אַרונטערגערוקט אונטער דער פּערענע אין בעט. דאָרט, איז מען געווען זיכער, וועט זיין וואַרעם גענוג, אַז דאָס טייג זאָל אויפגיין.

פרייטיק זענען מאַמעס און באָבעס אויפגעשטאַנען פאַרטאָג. אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער. מען האָט געוואָלט אָפּ־באַקן נאָך איידער די קינדער שטייען אויף, כדי זיי זאָלן זיך נישט פּלאָנטערן הינטער די פיס און שטערן אין דער אַרבעט.

אויפגעשטאַנען, האָט מען צוערשט איינגעהייצט דעם אויוון. דערנאָך האָט מען גענומען חלה, געמאַכט אַ ברכה „להפריש חלה" און דאָס שטיקל טייג געוואָרפן אין פייער. אין הויז איז נאָך געווען שטאָק פינצטער, די לאָדנס — פאַרמאַכט; אַ קליין פאַר־קאָפּטשעט לעמפּל האָט געוואָרפן אַ שוואַכן שיין איבערן צימער.

ווען דאָס הויז־געזינד איז אויפגעשטאַנען, האָט מען שוין געפונען פאַרטיק אַ מולטער מיט חלות, קנישעס, פּלעצלעך, קיכלעך מיט ציבעלעס, געוויקלטע קיכלעך, אייער־קיכלעך, מאָן־קיכלעך, פּאַפּאַליקעס, אַ גרויסע שיסל מיט געפּרעגלטע רע־טשענע לאַטקעס.

עס איז נאָך איבערגעבליבן צו באַקן דאָס ברויט פאַר אונדזער גרויסער פאַמיליע. עס איז נישט געווען אַזוי גרינג אויסצומאַכן אַזויפיל ברויטן פאַר דער גאַנצער וואָך. עס איז אָבער געווען צום באַוווּנדערן ווי געשיקט די ווייבער האָבן די אַרבעט געטאָן, געשאַרט מיט דער לאַנגער קאָטשערע די קוילן איבערן אָנגעגליטן אויוון. אויך די לאָפּעטע האָט טריי געדינט ביי דער אַרבעט: מיט איר האָט מען געשטופּט אין אויוון די חלות און די ברויטן, דעם טשאָלנט מיט די פעטע קישקעס און קוגלען.

דער ריח פון די געשמאַקע שבתדיקע מאכלים האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן אויפגערוימטן ריינעם הויז. די מיידלעך האָבן זומער־צייט זיך אויסגעזעצט אין דרויסן רייבן די מעשענע לייכטער, די סאַמאָוואַרן, די מעשענע שיסלען, די קופּערנע קוואָרט צום וואַשן זיך פאַרן עסן. געריבן די כלים האָט מען מיט סאלעס — אַזאַ שטאַרקער עסיק, וואָס רייניקט אָפּ פון זשאַווער — מיט אַ וויעכעטש און מיט זאַמד. און פּלוצעם האָט פון חדר, נישט ווייט פון אונדז, זיך דערהערט דאָס מעביר זיין די סדרה פון די יינגלעך.

עס האָבן זיך באַוויזן די אָרעמעלייט, וואָס גייען איבער די הייזער. דער וואָס האָט געטראָגן אַ שענערע קאַפּאָטע — האָט באַקומען נישט ווייניקער ווי אַ גאַנצע קאָפּיקע; די וואָס זענען געווען אָרעמער געקליידט, האָבן גענומען ווייניקער — אַ גראָשן. אַנדערע האָבן גענומען אַ קיכל, אַ פּלעצל, אַ שטיקל חלה. פאַרן וואַסער־טרעגער האָט מען צוגעגרייט אַ שיינע, גרוי־סע חלה.

דער שבת־קודש האָט זיך דערנענטערט. שיע־משה, דער שמש פון דער גרויסער שול, האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין מאַרק מיט אַ שטעקן אין האַנט, געקלאַפּט אין די קלייטן־טירן און געשריגן: „באַלעבאַטים, אין באָד אַריין!".

בעת די מענער זענען געווען אין באָד, האָבן די ווייבער אויפגעזאָטן דעם סאַמאָוואַר, פאַרשפּרייט דעם טיש מיט אַ ריי־נעם ווייסן טישטעך, געשטעלט די לייכטער, איינגעשמאָלצן די ליכט און צוגעדעקט די חלות מיט אַ שיין ווייס טישטעכל. די געפילטע פיש זענען שוין געשטאַנען אויפן טיש, אויסגעלייגט מיט מייערלעך אויף יעדן שטיקל באַזונדער.

די באָבע איז שוין געווען אָנגעטאָן שבתדיק, אין איר זיידענער פאַטשיילע, פון וועלכער עס האָט אַרויסגעקוקט דאָס שיינע טשיפּעקל; די מאַמע — אין איר שבתדיק קלייד און ווייסן שאַל, גרייט צו בענטשן ליכט.

מיט מיין חברטע בין איך געלאָפן צו יחיאל פון די סעמעטשקעס, וועלכער איז געשטאַנען מיט גאַנצע זעק דינקעס, סעמעטשקעס, און באַניע־קערן. עס האָט פּשוט געהערט צום שבת דאָס קנאַקן קערלעך נאָכן עסן.

און אָט באַוויזן זיך שוין די יידן מיט די פאַרשוויצטע פּנימער. דאָס וואַסער רינט זיי נאָך פון די פּאות. פאַרסאָפּעטע לויפן זיי אַריין אין הויז, מען טוט זיך אָן הענדום־פּענדום אין די שבתדיקע בגדים און מען לויפט אין שול אַריין.

# אבא קליגער / מיין קראסנער פורים

ליבער פורים, קינדער־יום־טוב, מיט דיין זאָרג און מיט דיין נחת,
ווי דו טרייסט מיך און דערפרייסט מיך אַלע שונאים אויף להכעיס.

האָסט דעם כמורנעם בייזן ווינטער פון מיין טאַטנס שטוב פאַרטריבן — —
אויסער דיר איז פון מיין עבר גאָרניט מער אין לויצק געבליבן.

כ׳זע דיך הוליען ליבער פורים ביי דער קראַסנער שול אין בלאָטע
אין מיין טאַטנס אַלטע שטיוול, טלית־קטן און קאַפּאָטע.

הער מיט פרייד „שושנת יעקב״ און די מעשיות פון פאַרצייטן —
יידן זענען תמיד יידן, וואָס קען יידישקייט פאַרבייטן?

ייד איז ייד אַפילו דעמאָלט, ווען זיין עלנט איז דער גרעסטער...
איז אַ המן אויפגעשטאַנען, איז געווען אויך אַ אסתר;

איז געווען אויך אַ מרדכי מיט זיין גייסטיק־ריינער גבורה,
האָט געקענט אַ שונא ביישטיין און אים קוקן פריי אין צורה.

אַלץ געווען... דער „ויהי״ איז לאַנג צערויעט שוין פון ווערים — —
קראַסנע — פול מיט יידיש לעבן — איז אַ מאַרק איצט פאַר חזרים.

איי, דער פורים מיט זיין רעש׳ן: ברוך מרדכי, אָרור המן,
ניס, מאַראַנצן, האָמענטאַשן, מיט אַ שבח „זיין ליבן נאָמען״

פאַר די גראַגערס, שלח־מנות, זאַפּראַן קוילעטשן און פישן — —
ווער מיר המן, וואָס מיר המן — מרדכי קעניגט ביי די טישן.

ווער מיר גלות, וואָס מיר גלות, יידן זענען תמיד יידן — —
„ישנו עם ודתם שונים״ וואָס איז אַנדערש און פאַרשידן,

וואָס איז פרעמד זיי, די מוזשיקעס, די כאַכאָלן — זיינע שכנים,
ניט זיי ווייסן וואָס אַ ייד איז, ניט זיי ווילן גאָר פאַרשטיין אים.

יענע לויצקער ליבע יידן און בפרט די ליבע קינדער
לעבן איצט אין מיין זכרון, אַלע זע איך קלאָר אַצינדער.

איך, דעם חזנס בן־זקונים מיטן חסידישן קאַשקעטל —
נאָר געשפּילט זיך, נאָר געהבֿרט מיט די פרומסטע פונעם שטעטל.

מיטן טאַטן, מיט מלמדים איבער תורה בלויז געזעסן,
פורים אָבער, טאַטע זיסער, ווי איך האָב דאָס אַלץ פאַרגעסן!

מער קיין פרומער, שטילער יינגל, אָן אַ רבין, אָן אַ חדר,
בין אַ קונדעס ווי די קינדער פונעם שמש, פונעם בעדער.

בין אַ יינגל און מיט יינגלעך פאַר אַ „מרדכי״ זיך פאַרשטעלן,
ר׳ אפרים, ער אַפילו פלעג פון זינעלע אַנקווועלן.

אויך משפחה האָט געשמייכלט, פלעגן צערטלען מיך און טוליען —
פורים לעבן איז אַ מצווה אַז די קינדער זאָלן הוליען.

ס׳איז דאָך פורים, ליבער פרילינג און צו פסח ניט קיין סך איז,
לעב איך אייביק, האָף איך אייביק אַלע המנס אויף להכעיס.

ניו־יאָרק, 1955

סילוויע באַרדיטש־גאָלדבערג

# יידישע יום־טובים

## יום־כיפּור

מיין באָבע דבורה־האָדל איז אַרומגעגאַנגען אַ שטילע, אַ טרויעריקע. אַ גאַנצע וואָך פֿאַר יום־כיפּור זענען ווייבער פֿון דער גאַנצער שטאָט געקומען צו מיין באָבען מיט געלברוינעם וואַקס און פֿאָדעם. די ווייבער האָבן געוווסט, אַז מיין באָבע וועט פֿון דעם וואַקס און פֿאָדעם מאַכן די שענסטע ליכט פֿאַר די נשמות פֿון זייערע פֿאַרשטאָרבענע קרובים. מיין באָבע האָט געטאָן די אַרבעט אויף איר באַזונדערן אופֿן, פֿינקטלעך און געשיקט.

מיין באָבע ווייסט שוין יעדער פּרויס ביטער האַרץ. זי ציט אַרויס אַ פֿאָדעם און זאָגט דערביי: „דאָס קנייטל איז פֿאַר דיין זיידן אברהם, ער זאָל גיין און בעטן פֿאַר אַ גוטער פּרנסה, אַז דו זאָלסט דיך נישט דאַרפֿן אַזוי מאַטערן". זי ציט אַ צווייטן פֿאָדעם און זאָגט: „דאָס איז פֿאַר דיין באָבע חיה־דוואָשע, זי זאָל זיין אַ גוטע מליצה און אויסבעטן אַ רעכטן זיווג פֿאַר דיין עלטסטער טאָכטער שרה־טריינע". זי רעכנט אויס די נעמען פֿון אַלע פֿאַרשטאָרבענע פֿון דער פּרויס משפּחה, אַריינרעכנדיק די אבות, אַז אויך זייער זכות זאָל איר ביישטיין. די פּרוי זאָגט נאָך און וויינט אויפֿן קול.

פֿאַרטיק געוואָרן מיטן לייגן די קנייטלעך האָט מען אַלע טיכעלעך מיט וואַקס אַריבערגענומען אין דעם הויז פֿון מיין מומע חנה־ביילע (דער באָבעס טאָכטער). דאָרט זענען געווען אויסגעשטעלט לאַנגע בענק, און אויף זיי — טיפֿע שיסלען מיט הייס וואַסער. דאָרט אַהין האָט מען אַריינגעוואָרפֿן שטיקלעך וואַקס. צו יעדן טיכעלע מיט וואַקס איז געווען צוגעטשעפּעט אַ קוויטעלע מיטן נאָמען פֿון דער באַלעבאָסטע. דעם וואַקס האָבן מיר, די אייניקלעך, צעקוועטשט און די באָבע האָט קונציק אויסגעגלייכט דעם ווייכן וואַקס אויפֿן ברייטן טיש, אַריינפּאַסנדיק אין אים די קנויט. דער פֿעטער איציק און מיין טאַטע יחיאל פֿלעגן אויף די ליכט צוטשעפּן די קוויטלעך מיט די נעמען און שיקן די קינדער אָפּטראָגן די ליכט. יעדעס קינד איז אַוועק אין אַן אַנדער גאַס. מיין קוזינע העניע־רבקה און איך, שוין גרעסערע אייניקלעך, האָט מען איבערגעגעבן די ווייטערע געסלעך. פֿאַרן ברענגען די ליכט האָבן מיר באַקומען עטלעכע קאָפּיקעס. איין באַלעבאָסטע — אַזאַ געדענק איך באַזונדערס גוט — דאָס איז געווען אסתר־איטע פֿון גאָסטיניצע. ווען מיר זענען געקומען, פֿלעגט זי אַרויסרופֿן איר שיינע בלאָנדע טאָכטער חייקע. זי האָט עס פֿון אונדז אָפּגענומען די ליכט, און דערביי פֿלעגט זי ביי מיר נאָכפֿרעגן אויף מיין עלטערן ברודער אלטער.

געענדיקט דאָס ליכט־מאַכן, האָבן זיך די באָבע מיט דער מאַמען גענומען גרייטן צו כפּרות. אַ קלייניקייט, אַזוי פֿיל כפּרות! אַזוי לייכט איז צו קריגן ווייסע כפּרות פֿאַר די קינדער? נו, און שלאָגן כפּרות, זאָגן „בני־אדם" מיט די קינדער איז יאָ געווען לייכט? אַמאָל איז דאָס קינד אַנטלאָפֿן און אַמאָל איז דאָס עוף אַנטלאָפֿן — עס האָט זיך געווענדט ווער פֿון זיי עס האָט זיך פֿריער דערשראָקן. היינט וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען די פּרוי האָט פֿאַרביטן דעם האָן אויף אַ הון, און דער מאַן איז דערגאַנגען דעם טעות — דעמאָלט האָבן די געשרייען פֿון מאַן און דאָס קרייען פֿון די הענער אונטערן טיש זיך צוזאַמענגעמישט, אַז איר האָט נישט געוווסט אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט איר זענט.

דער טאַטע איז אַוועק אין שול, די באָבע האָט זיך אָנגעטאָן אין גאַנצן אין ווייסן. זי האָט געהייסן פֿאַרמאַכן די לאָדנס און זיך געשטעלט ביים טיש, אָנגעצונדן צוערשט דאָס גרויסע וואַקסענע ליכט. זי האָט מיט אַ טרויעריקער שטימע און געוויין אַ זאָג געטאָן: „רבונו של עולם! ווער בין איך, שוואַכע פּרוי"? און באַלד האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ שטאַרק געוויין. זי האָט אָנגעהויבן בעטן אַלע אירע עלטער־זיידעס, עלטער־באָבעס, פֿעטערס, מומעס, זיידעס, באָבעס, שווער און שוויגער, אַלע פֿאַרשטאָרבענע קרובים האָט זי אָנגערופֿן ביים נאָמען — און געבעטן זיי מיט רחמים, זיי זאָלן זיך צוזאַמענעמען, גיין צום כסא הכבוד און בעטן פֿאַרן לעבן פֿון אירע קינדער און קינדס־קינדער.

מיר, די עלף אייניקלעך, זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך און שטאַרק באַווירקט פֿון איר האַרציק געבעט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז מיר זענען שטאַרק פֿאַרזינדיקטע, שוין צום טויט פֿאַרמשפּטע, און בלויז איר האַרצרייסנדיק געבעט וועט אונדז אויסלייזן. מיר האָבן מיט איר מיטגעוויינט.

ווען די באָבע האָט געענדיקט דאָס ליכט־בענטשן, האָט זי אונדז צוגערופֿן. מיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט מיט געבויגענע קעפּ און זי האָט אירע ווייסע הענט אַוועקגעלייגט אויף אונדזערע קעפּ און אונדז געבענטשט. מיר האָבן כליפּענדיק געענטפֿערט אמן.

מיינע קוזינעס עני־רבקה און מנוחה, מיין שוועסטער שרה און איך זענען אויך אַוועק אין דער גרויסער שול. אַ ים פֿון מענטשן האָט געשטראָמט פֿון אַלע עקן שטאָט, כדי צו הערן דעם „כל נדרי" פֿון אונדזער לויצקער חזן ר' אהרעלע ראָזמאַרין. און אין שול איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקאָנט הערן דאָס קלאַפּן פֿון האַרצן. דער חזן האָט אָנגעהויבן זאָגן „כל נדרי" און די משוררימלעך האָבן אונטערגעהאַלטן מיט זייערע זיסע שטימען.

## חנוכה

ווען מיין מוטער האָט די דאָפּלטע פֿענצטער אַרונטערגענומען פֿון בוידעם און מ'האָט אַריינגעקאַטשעט דאָס פֿאַס מיט וואַסער אין קיך נעבן דער טיר — האָבן מיר קינדער זיך שוין אָנגעהויבן ריכטן אויף חנוכה־געלט.

די פֿרעסט זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער, און אין די פֿענצטער האָט מען אויסגעשפּרייט קאַלירטע וואַטע. מ'האָט צוגעפּאַסט די דאָפּלטע פֿענצטער, וועלכע האָבן זיך, טראָץ דעם, גאַנץ גוט פֿאַרפֿרוירן און באַבלימלט. מיר זענען געשטאַנען שעהנוויז

און צוגעלייגט צו די שויבן קאָפּיקעס, אַראָפּגענומען און ווידער צוגעלייגט — ביז די פענצטער זענען געווען פול מיט די קאָפּיקע־פּאָרמעס.

די שפּאַרעס אַרום טיר און שוועל האָט מען פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס, כדי קיין ווינטעלע, חלילה, זאָל זיך נישט אַריינגנבנען אין הויז. דערזען דעם ערשטן שניי, איז ביי אונדז געוואָרן ששון ושמחה. מיין באָבע האָט די מיידלעך אַרויסגעשיקט אָפּוואַשן די פּנימער מיטן ערשטן שניי — אַ סגולה צו זיין שיין. מיין שוועסטער, איך און די שכנישע מיידלעך זענען אַרויס אין דרויסן. מיר האָבן זיך באַוואָרפן מיט שניי, זיך געקייקלט אין אים, געוואַשן די פּנימער, און עס האָט זיך נישט געוואָלט אָפּרייסן. אָבער באַלד האָט מען אונדז גערופן אין שטוב. דאָרט האָט מען מורא געהאַט, אַז מיר זאָלן נישט צופיל געניסן פון דער קאַלטער לופט...

וואָס יינגער מ׳איז געווען, אַלץ מער האָט מען די קינדער געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין הויז, נישט געלאָזט אָנקוקן די ליכטיקע שיין. אָבער מיינט נישט, אַז זייענדיק פאַרשפּאַרט איז אונדז געווען לאַנגווייליק. דאָ האָט די באָבע געבראַכט רויטע עפּעלעך און געטיילט. דאָ האָט די מאַמע געבראַכט האַרטע צוקערקעס פון פאַרשידענע קאָלירן און מען האָט נישט געוווּסט וועלכן קאָליר פריער צו עסן. און אַז אַמאָל אין אַן אָוונט האָט דער טאַטע געבראַכט כאַלווע פון „וואַרקאָוויצקין דעם הורטאָווניק" — איז גאָר געווען אַ פרייד.

נאָך גרעסער איז געווען די פרייד, ווען מיר האָבן דערזען אַריינברענגען די גענדז, וועלכע האָבן געשריגן און געפּאַטשט מיט די פליגל. מיר האָבן געוווּסט, אַז פאַר אונדז קומען אָן גוטע טעג: מיר וועלן עסן גריוון, מאַכן פון די גענדזענע גערגעלעך פייפעלעך, וואָס פאַרהילכן דאָס הויז.

מיר פלעגן זיך אָפט קריגן צוליב אַ פּלאַץ ביי דער הרובעוואַנט. דאָרט פלעגט זיין זייער באַקוועם צו שטיין, אָדער זיצן אויף אַ שטול און זיך וואַרעמען די פּלייצע. איר האָט שוין געמעגט זען ווי די וואַנט האָט אויסגעקוקט!

עס דערמאָנט זיך מיר אַ שבת־צונאַכט, ווען מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען ביי אונדז אין הויז. מען האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ שיסל מיט געבראָטענע קאַרטאָפל און זויערקרויט, אָדער זויערע אוגערקעס, הייסע טיי. מען האָט דערציילט פאַרשידענע געשיכטעס פון אמתן לעבן, און פון נסים וואָס רביים האָבן באַוויזן. אין דרויסן איז דער פראָסט געווען שטאַרק, דער שניי — טיף. די לבנה און די שטערן האָבן העל געלויכטן. דעמאָלט פלעגן די גרויסע יינגלעך און מיידלעך זיך צוזאַמענקומען אויף דער פאָרשטאָט און געדונגען עטלעכע שליטעלעך. מען האָט זיך וואַרעם אָנגעטאָן, איינגעשלאָסן זיך איינער אין צווייטן און אַריינגעזעצט זיך אין די שליטעלעך. דער קוטשער האָט גוט איינגעדעקט די פּאַסאַזשירן, אַ נעם־געטאָן די לייצעס אין די הענט און אַ כוואַשטשע געטאָן אין דער לופט מיט דער בייטש. מיר, די קלענערע קינדער, האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט פון הינטן אויף די שליטנס. די פערד האָבן גאַלאָפּירט איבער ווייסן סקריפּעדיקן שניי, די גלעקלעך האָבן געקלונגען, יונגוואַרג האָט זיך צעזונגען. איבער די ווייסע פעלדער האָבן זיך געטראָגן די לידער „העי, דאַ טראָיקאַ", „יאַמשטשיק, ניע גאַני לאָשאַדעי"...

די יינגערע יינגלעך זענען נישט געווען אַזוי פריי ווי די מיידלעך. די קלענערע יינגלעך פלעגט דער באַהעלפער קומען אָנטאָן און געטראָגן זיי אויף זיינע פּלייצעס אין חדר אַריין, די גרעסערע יינגלעך פלעגן גיין אין חדר אין שניי, אין רעגן, אין די גרעסטע זאַווערוכעס. אַלע זענען געווען שטאַרק צופרידן אין אָוונט צו פאַרלאָזן די חדרים און גיין אַהיים מיט די לאַמטערנעס אין די הענט. אַז עס איז קיין ווינט נישט געווען האָט דאָס גראָשענע ליכטעלע זיך נישט פאַרלאָשן. מ׳האָט זיך באַוואָרפן מיט שניי, געמאַכט מענטשעלעך פון שניי, געלאַכט און געשטיפט.

אין טעג פון זאַווערוכעס פלעגט ביי אונדז אַלעמאָל אין הרובע שטיין אַ גרויסער קופּערנער טשייניק מיט טיי און אַ טאָפּ מיט פיש־קאַרטאָפליעס. איז אַן אָרעמאַן אַריינגעקומען צו אונדז אין הויז, האָט מען אים געהייסן זיך וואַשן, געגרייט צו טיש מיט ברויט, זאַלץ און מעסער און אַוועקגעשטעלט אַ שיסל מיט קאַרטאָפל. מען האָט אויך דערלאַנגט עטלעכע גלעזער זיסע טיי און אַ קאָפּיקע דערצו. דער אָרעמאַן איז אַוועק אַ צופרידענער און געהאַלטן אין איין ווינטשן און דאַנקען. אויך גבאיטעס פלעגן אין אַזעלכע טעג אַריינקומען — בעטן פאַר דער אָדער יענער אַ ביסל האָלץ, אַ ברויט. כאָטש כ׳האָב מורא געהאַט פאַרן בוידעם און קיינמאָל נישט געוואָלט אַרויפגיין אַהין, בין איך אין אַזאַ פאַל אַרויף אויפן בוידעם, אַראָפּגעוואָרפן האָלץ און גענומען פון שאַפע אַ ברויט.

מיר האָבן געהאַלטן אין איין ציילן די טעג צום ערשטן חנוכה־ליכטל.

ענדלעך איז געקומען דער אויסגעוואַרטער טאָג. די יינגלעך האָבן פריי פאַרלאָזט דעם חדר, יעדער מיט אַ דריידל אין קעשענע. מען איז אַריין אין הויז טומלדיק. דער טאַטע האָט פאַרמאַכט די קלייט פריער פון אַלע מאָל. ער איז אַריין אין הויז מיט אַ ברייטן גוט יום־טוב, זיך אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, די נייע קוטשמע, זיך אַרומגעגאַרטלט און גענומען מאַכן קנייטלעך פאַר דער חנוכה־לאָמפּ. פאַר דעם „שמש" האָט מען גענוצט אַ גראָשן־ליכטעלע, וואָס דער שמש פון שול פלעגט פאַרקויפן צו די באַלעבאַטים. מיר האָבן דעם טאַטן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און געוואַרט אומגעדולדיק אויפן בענטשן חנוכה־ליכט.

דער טאַטע האָט געהויבן אויסזינגען די ברכה „להדליק נר של חנוכה". מיר אַלע ענטפערן „אמן" און זינגען מיט דעם „הנרות הללו".

די באָבע און די מאַמע שטייען שיינענדיקע, פאַרפלאַמטע פון פּרעגלען די לאַטקעס. דער געשמאַקער ריח צעטראָגט זיך איבערן הויז און רייצט אַלעמענס אַפּעטיט.

עס האָט זיך געעפנט די טיר און די מומע חנה־ביילע, דער פעטער יצחק מיט די קינדער זענען אָנגעקומען. מען האָט זיך אויסגעזעצט ביים גרויסן טיש. דער בליך־לאָמפּ האָט יום־טובדיק באַלויכטן דאָס הויז, ווי ער וואָלט וועלן זיך פאַרמעסטן מיט די קליינינקע קנייטלעך, וואָס דערמאָנען אין די גרויסע העלדישקייטן פון די חשמונאים.

מען האָט אָנגעהויבן טיילן חנוכה־געלט. פריער די באָבע, און דערנאָך דער טאַטע און דער פעטער. די קינדערישע הערצלעך האָבן זיך דערפרייט. מען האָט געגעסן לאַטקעס, געשפּילט אין דאָמינע, אין קאָרטן. די מענער האָבן געשפּילט אין קוויטלעך, וואָס מען האָט אויף זיי אַליין אָנגעשריבן דעם אלף־בית. די יינגלעך האָבן געשפּילט אין דריידלעך. די פרויען זענען געזעסן ביי אַ גלעזל טיי מיט וואַרעניע און געשמועסט וועגן קאָכן און באַקן. נאָך דעם האָבן מיר, קינדער, זיך איינגעפּענטעט

אין די וואַרעמע פּאַלטנס, מיט באַשליקלעך אויף די קעפּ, און מיט לאַמטערנס אין די הענט האָט מען זיך ארויסגעלאָזט איבער די גאַסן, אויפן סקריפּנדיקן שניי — צו די פעטערס און מומעס נאָך חנוכה־געלט.

מיר זענען געגאַנגען פון איין אָרט צום אַנדערן. אומעטום האָט מען אונדז געגעבן גרויסע, שווערע צענערס, אָדער נייע, בליאסקענדיקע זעקסערס. מיר האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיטן חנוכה־געלט, נאָר אַ ביסל מורא געהאַט צו גיין איבער די צושטילע גאַסן. אַ ביסל איבערגעשראָקענע, פאַרפרוירענע, מיט פאַרטרערטע אויגן פלעגן מיר זיך אומקערן אַהיים. דאָרט האָט מען אונדז געכאַפּט שנעל אויסטאָן, געריבן די הענטלעך, געהויכט און אַלץ געטאָן אונדז צו דערוואַרעמען. עס האָט זיך אפילו געוואָלט וויינען צוליב די „שפּאַרעס" אין די פינגער, אָבער דערמאָנענדיק זיך אין דעם באַקומענעם חנוכה־געלט, האָט מען זיך געשטאַרקט און דערשטיקט אין זיך דאָס געוויין.

וואָכן־לאַנג זענען מיר נישט מיד געוואָרן צו ציילן דאָס חנוכה־געלט. יעדער יום־טוב האָט אונדז קינדער געברענגט אַ סך פרייד, אָבער די אַכט טעג חנוכה זענען פאַר אונדז געווען די טומלדיקסטע און די פריילעכסטע.

## פּורים

אָ, ווי מיר פלעגן זיך פרייען מיט דעם יום־טוב פּורים, ווי מען האָט דאָס געוואַרט אויף די שלח־מנותן — כאָטש פּורים איז כמעט אַלע מאָל געפאַלן אַ רעגנדל, אָדער אַ נאַסער שניי, און די בלאָטע איז געווען אַזוי טיף, אַז ווען מ'האָט אַריינגעשטעלט איין פוס, איז שוין דער צווייטער מיטגעגאַנגען... די אָרעמע קינדער, וואָס פלעגן צעטראָגן די שלח־מנותן אין די צעריסענע שיכלעך, האָבן קיין לייכטע אַרבעט נישט געהאַט.

ביי אונדז אין הויז האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן צו פּורים נאָך מיט וואָכן פריער. מיין באָבע, דעם פאָטערס מוטער, איז געווען די שטאָט־באָבע, די „אקושערקע". אין אַלע עקן פון לויצק האָט מען גוט געקענט „דבורה־האדל די באָבע". פלעגט זי דערפאַר דאַרפן יעדן שיקן שלח־מנות. האָט מען גענומען באַצייטנס באַקן לעקעכלעך, מאַנדל־בייגעלעך. מען האָט איינגעקויפט פאַרשידענע צוקערוואַרג־שפּילעכלעך און סתם שיינע צוקערקעס. די אַלע זאַכן פלעגט מען איינטיילן אין פּאַפּירענע זעקעלעך. אויף יעדן זעקעלע איז געווען אָנגעשריבן אַ נאָמען. לויטן נאָמען האָט די באָבע געוווסט וויפל און וואָס זי דאַרף אַריינלייגן.

אָרעמע מאַמעס מיט האַלב־באָרוועסע, האַלב־נאַקעטע קינדער זענען געקומען בעטן מיין באָבען, אַז זי זאָל רחמנות האָבן און געבן זיי צו טראָגן די שלח־מנותן.

די באָבע האָט שוין געוווסט ווי און ווו צו שיקן די קינדער. די שטאָט איז געווען צעטיילט אויף פאַרשידענע געגנטן: ווילקע, קראַסנע, נידעוו, פאָרשטאָט, דאָלינע, יאַרוויצע, שול־גאַס, קאַראימסקע־גאַס, קצבים־גאַס, באָלניטשנע־גאַס. אַז מען האָט שוין געהאַט באַשטעטיקט די שלח־מנות־טרעגער, האָט מען פרייער אָפּגעטעטמט.

מיר וואַרטן אויף דעם טאָג נאָך פון פאַר אסתר־תענית. מיר ווילן אויך פאַסטן ווי די גרויסע. אַז מען פאַסט, ווערט מען שוין באַטראַכט פאַר אַ מענטש און מען טראָגט אַנדערש אונטער דאָס עסן.

פּורים האָט זיך אָנגעהויבן מיטן מגילה־לייענען. מיר, מיידלעך און יינגלעך, פלעגן זיך מיט די גראַגערס אַוועקשטעלן ביי מיין פעטער יצחק פּרצעס אין הויז, ווען ער, מיין פעטער, מיט דער שיינער באָרד און מיטן זיסן שמייכל, האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים גרויסן טיש מיט דער אויסגעשפּרייטער מגילה. מיר האָבן געהיט זיין יעדע באַוועגונג, כדי חלילה נישט פאַרפעלן צו שלאָגן המנען מיט זיינע זין.

מיין פעטער פלעגט לייענען וואָרט ביי וואָרט. נישט כאַפּנדיק, ווי אַנדערע האָבן דאָס געטאָן. ה־מ־מ־ן האָט ער אויסגעצויגן, און מיר פלעגן אים מיט אַזאַ ענטוזיאַזם שלאָגן — ווער מיט אַ שטעקן, און ווער מיט אַ גראַגער. מיט יעדן קלאַפּ האָבן מיר גענומען נקמה אין המנען.

אויפצומאָרגנס איז מען אויפגעשטאַנען גאָר פרי. די מאַמע איז געווען פאַרנומען מיטן צוגרייטן די יום־טובדיקע געשמאַקע מאכלים. מער פון אַלץ האָב איך ליב געהאַט די קרעפּלעך. ווי נאָר די מאַמע האָט זיך פאַרקוקט, פלעג איך אַרויסכאַפּן אַ פולע האַנט מיט קרעפּלעך.

די באָבע ע"ה האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן ביים טיש, ווו עס האָבן זיך געפונען אַלע שלח־מנותן. מיין עלטערער ברודער האָט געפירט פאַר איר דאָס בוך: די שלח־מנותן וואָס מ'האָט אַרויסגעשיקט, און די וואָס זענען צוריקגעקומען.

איך האָב געהאַלטן אַן אויג אויף די צוריקגעקומענע שלח־מנותן. כ'פלעג אַרויסנעמען די בעסטע טייגלעך, די געשמאַקסטע מאַנדלען און המן־טאַשן — נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר מיינע פריינד. און פּורים האָב איך געהאַט מער פריינד ווי אַלע מאָל. אָבער ווער האָט דאַן צייט געהאַט אויף מיר זיך אומצוקוקן? עס האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. קינדער זענען אַרויס מיט פעק שלח־מנותן, און אַנדערע זענען צוריקגעקומען מיט שלח־מנותן. די טיר האָט זיך נישט צוגעמאַכט. קינדער אַרויס, קינדער אַריין. מיר האָט זיך געדוכט, אַז זיי גייען נישט, נאָר זיי פליען אין דער לופטן, פונקט ווי דער שניי. זיי האָבן, נעבעך, נישט געפילט די נעץ אין זייערע האַלב־אָפענע שיך, און די קעלט — דורך זייערע צעריסענע פאַלטנדלעך.

זיי זענען געלאָפן, ווי פייל־פון־בויגן, קנעטנדיק די געדיכטע בלאָטעס. די פנימער ביי זיי האָבן געשטראַלט פון פרייד. פון יעדער באַקומענער מטבע איז זיי אַ שטיק געזונט צוגעקומען. די אויגן האָבן ביי זיי אויפגעלויכטן יעדעס מאָל ווען זיי זענען געקומען און מען האָט זיי געשיקט מיט נייע שלח־מנותן.

און אַזוי האָט די טיר זיך נישט פאַרמאַכט פון אינדערפרי ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט.

אין אָוונט איז דער טאַטע געקומען פון שול מיט צוויי אורחים. די באָבע האָט אַוועקגעשטעלט אויפן שיינעם, מיט גוטן זילבער געדעקטן טיש, דעם גרויסן געפלאָכטענעם קוילעטש, די זילבערנע לייכטער מיט די גרויסע ליכט האָבן פאַרשענערט דעם יום־טוב.

די באָבע, די עלטערן, די שוועסטער און ברידער, די אורחים — אַלע האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום דעם שיינעם טיש מיט די גוטע מאכלים. אָרעמעלייט האָבן אָנגעהויבן קומען נאָך נדבות און פּורים־שפּילער האָבן זיך געפלייסט אונדז צו מאַכן לאַכן. און אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט פריילעך, זינגענדיק און לאַכנדיק. באַזונדערס האָט געשיינט מיין באָבע. אירע בעקעלעך האָבן זיך גערויטלט אין דער זיידענער פאַטשיילע,

פון וועלכער עס האָט זיך אַרויסגעזען איר שניי־ווייסער טשי־פּיק מיט דער שיינער קרוזשעווע.

## שבועות

די פרויען זענען געווען פאַרטאָן מיט באַקן גוטע געבעקסן: חלה מיט זאַפרען, פיינקוכנס, קנישעס מיט קעז, בלינצעס, לאַטקעס מיט זויער־מילך. באַזונדער האָבן זיי זיך געפּאַרעט ביי די מילכיקע פיש, וואָס זיי האָבן געדאַרפט זיין בעסער און געשמאַקער פון אַלע פיש פון אַ גאַנץ יאָר. זיי האָבן טאַקע געהאַט טעם גן־עדן.

מ׳האָט געוואַשן די פענצטער, אויפגעהאַנגען שיינע פאַר־הענגלעך, פאַרבעט די בעטן מיט זומערדיקע דעקן און אַרויפ־געלייגט גרויסע קישנס. די קישנס האָבן געהאַט שיינע ווסטאַוו־קעס און אויסגענייטע גרויסע איניציאַלן.

אָבער דאָס וויכטיקסטע איז געווען די פּאַדלאָגע. און דערפאַר טאַקע האָט מען מיט אַלע כוחות זי געריבן מיט אַ בעזעם, מיט שטרויענעם וויעכעטש, געוואַשן מיט עטלעכע וואַסערן — ביז זי איז אַרויסגעקומען געל, ווי ס׳געלעכל פון אַן איי.

יינגלעך און מיידלעך האָבן מיט באַרוועסע פיס זיך אַוועק־געלאָזט אויף דער פּאַשע, פאַרקאַטשעט די הויזן און קליידלעך און געשניטן לעפּעכע אויף צו פאַרשפּרייטן אויף דער פּאָד־לאָגע.

די פּאַשע איז געווען אַ זומפּ, אַ בלאָטע מיט גרין גראָז באַוואַקסן. אָפט, ווען מ׳איז אַריין אין איר מיט אַ פוס, איז אַ גרינע זשאַבע אַקעגנגעשפּרונגען. די מיידלעך פלעגן זיך צעקוויטשען הויך אויפן קול, אָנכאַפּן זיך אין אַ ייִנגל. ס׳פלעגט אַמאָל אויך טרעפן, אַזביידע זאָלן זיך אַ וואַקל טאָן און זיך איבערקערן.

האָט אַ ייִנגל געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט אַ מיידל, זי זאָל אים האָבן צו געדענקען, האָט ער זי איבערגעקערט אין דער גרינער בלאָטע מיט די קוואַקנדיקע זשאַבעס.

כאָטש מ׳האָט זיך צעשטאָכן די הענט ביי די קליינע ביימעלעך אין וואַסער און זיך צעבלוטיקט די פיס אין די שטיינדעלעך און גלאָז, וואָס איז דאָרט געווען, האָט מען באַ־וויזן אָפּצושניידן בינטלעך לעפּעכע. מען האָט זיי צונויפגעבונדן, גענומען אויף די פּלייצעס און געלאָזט זיך מיטן פּאַק איבער די גאַסן.

מיט דער לעפּעכע איז מען אַריין אין הויז צופרידענע און שיינענדיקע פון גליק, גלייך ווי מען וואָלט דעם גרעסטן אוצר געבראַכט.

ווען מ׳האָט די לעפּעכע צעוואָרפן איבער דער פּאָדלאָגע, האָט איר ריח, געמישט מיטן שטאַרקן אַראָמאַט פון דער שבועותדיקער ציקאָריע, זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער שטוב. דאָס האָט געגעבן ס׳געפיל, אַז מען איז אויפן באַרג סיני, נאָר אַנשטאָט די לוחות באַקומט מען גוטע און געשמאַקע מאכלים, וואָס האָבן טעם גן־עדן.

שכנים וואָס האָבן נישט געהאַט קיין לעפּעכע, האָט מען אַריינגעשיקט אַ ביסל, ווייל אָן איר האָט מען נישט געפילט דעם שיינעם יום־טוב שבועות.

די ייִנגלעך פלעגן אַרומגיין און האַלטן אין איין איבער־חזרן דעם „אקדמות״. די טאַטעס פלעגן זאָגן תיקון־שבועות.

איינמאָל האָב איך אונטערגעהערט אַ שמועס פון צוויי קליינע ייִנגלעך אין מיין עלטער. איינער האָט זיך באַרימט, אַז זיין טאַטע איז געזעסן זייער שפּעט און געזאָגט תיקון־שבועות. האָט ער פלוצעם דערזען ווי דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן, און עס זענען געפאַלן פון דאָרטן גוטע זאַכן, וואָס נאָר מ׳האָט געוואָלט. זאָגט דער צווייטער, אַז ער לויפט שוין צו זיין פאָטער אים בעטן, אַז ער זאָל אויך זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט, און ווען דער הימל וועט זיך שפּאַלטן, זאָל ער אויס־בעטן אַ פערדעלע אַזאַ ווי קאַרטשאַלקעס ייִנגעלע האָט.

דערהערנדיק דאָס בין איך אויך געווען אַ בעלן זיך איבער־צוציייגן דעריין. כ׳הב זיך אַוועקגעזעצט אין דרויסן אויף אַ טרעפּל, פאַרריסן דעם קאָפּ צום הימל.

ווי לאַנג כ׳בין אַזוי געזעסן — ווייס איך נישט. כ׳האָב דעם הימל נישט געזען זיך שפּאַלטן, אָבער דער קאָפּ האָט זיך מיר יאָ געשפּאָלטן און דער האַלדז האָט זיך נישט געקאָנט קיין דריי טאָן.

## תשעה באב

ווי מאָדנע האָט דער טאָג פון תשעה באב אויסגעזען ביי אונדז קינדער. איז עס יאָ, צי נישט קיין יום־טוב? קיין סך מאכלים האָט מען נישט געקאָכט ווי געוויינלעך אין אַנדערע יום־טובים, געבאַקן אויך נישט, דאָך זעט עס נישט אויס וואָכעדיק, און יום־טובדיק — אַוודאי נישט.

מיין באָבע דבורה־האָדל איז אַרומגעגאַנגען אַ שטילע, אַ פאַרכמורעטע און צו קיינעם אין שטוב נישט גערעדט. בלויז מיט דער מאַמען האָט זי זיך געעצהט ביים לאָקשן־ברעט, ווו זיי האָבן געגרייט די ברייטע לאָקשן צום פאַר־פאַסטן. מיר, קינדער, האָבן זיך געטומלט אין דרויסן. די מיידלעך פלעגן זיך אַריינכאַפּן פון צייט צו צייט איינע צו די אַנדערע, זען וועמענס מאַמע עס שניידט ברייטערע לאָקשן. די ייִנגלעך, זייענדיק פריי פון חדר, האָבן זיך צוזאַמענגענומען אויפן שול־הויף און אָנגעריסן פולע קעשענעס מיט באַזשעקעס, נישט קוקנדיק וואָס די קראַפּעווע אַרום האָט געבריט די הענט.

שטיל איז געווען ביי אונדזער שכן הערשל פּאַלישוק, דעם דאַמען־שניידער, ביי וועמען עס האָבן געאַרבעט אַ סך אַרבעטער. די מאַשינען פלעגן רוישן פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט און דאָס געזאַנג פון די אַרבעטער, ייִנגלעך און מיידלעך, האָט זיך געטראָגן איבער דער גאַס. אָבער איצט איז דאָרט געווען אַ טויטע שטילקייט.

די קלייטן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרמאַכן. פאַרנאַכט האָט מען זיך געזעצט צום טיש און אונדז קינדער אָנגעזאָגט, אַז מ׳זאָל זיך אָנעסן צו זאַט, ווייל מיר וועלן דאַרפן פאַסטן אַ גאַנצע נאַכט — אַפילו קיין טרונק נישט קריגן ביז אין דער פרי. קיין אַפּעטיט האָט אונדז קיינעם נישט געפעלט. מיר האָבן גרויס הנאה געהאַט פון די ברייטע לאָקשן: מ׳האָט זיי דאָך געגעסן איין מאָל בלויז, ערב תשעה באב.

נאָכן עסן זענען די טאַטעס מיט די ייִנגלעך אַוועק אין די שולן. דאָרט האָט מען זיך אויסגעטאָן די שיך, איבערגעקערט די שטענדערס. מיט חלבנע ליכט אין די הענט האָט מען מיט אַ טרויעריקן ניגון געזאָגט די קינות. אַלע האָבן געוויינט אויפן חורבן בית־המקדש.

עטלעכע פרויען, שכנות, האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין איין הויז און מ׳האָט געזאָגט קינות פֿון איין טייטש־חומש.

ביי אונדז אין שטוב האָט מיין באָבע, איינע פון די בעסטע זאָגערינס אין שול, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פאָדלאָגע אין ווייסע זאָקן. אַרום איר איז געזעסן איר טאָכטער, חנה־ביילע, מיט אירע צוויי מיידלעך, העניע־רבקה און מנוחה, און מיין מוטער, די שנור בתיה, מיט מיר און מיין יינגערער שוועסטער שרה. אין הויז איז געווען טונקל; די לאָדנס — פאַרמאַכט. די לאָמפּ האָט געוואָרפן אַ שוואַכע שיין איבערן צימער. זיפצנדיק האָט די באָבע אַן עפן געטאָן איר גרויסן טייטש־חומש און אויפגעמישט די קינות. אויף די בלעטלעך זענען נאָך געווען סימנים פון חלבנע ליכט און טרערן פון פריערדיקע יאָרן, און אפשר נאָך — פון איר באָבעס טרערן. איך בין געזעסן נעבן איר און געהאַלטן דאָס ליכטל איבערגעבויגן איבערן טייטש־חומש. זי האָט געזאָגט און שטאַרק געוויינט. ווען זי איז געקומען צום אָרט, ווו מ׳לייענט, אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן איבער קמצא און בר קמצא; צוליב אַ הון און אַ האָן איז חרוב געוואָרן די שטאָט טור מלכה, און צוליב אַן אַקס פון אַ וואָגן איז חרוב געוואָרן די שטאָט ביתר. נאָך גרעסער איז געוואָרן דאָס געוויין ביי דער געשיכטע מיט חנה׳ס זיבן זין, וואָס האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון יידישן גלויבן אוּן אַלע זענען אומגעבראַכט געוואָרן. מיר, די קינדער, האָבן זיך געביטן מיטן האַלטן דאָס ליכטל און געקוקט איינע אויף די אַנדערע צי מען וויינט.

ווען די באָבע האָט געענדיקט זאָגן קינות, האָבן די מיידלעך געכאַפּט פאַטשיילעס איבער די קעפּ און אַוועק צו מלכה־רחלס פריזבע. דאָרט איז שוין געווען פאַרזאַמלט דאָס יונגוואַרג. יינגלעך האָבן באַוואָרפן די מיידלעך מיט באַזשעקעס, געצילט צו טרעפן אין די האָר, ווו די באַזשעקעס האָבן זיך אַזוי אַריינגעפּלאָנטערט, אַז מ׳האָט עס געהאַט צו געדענקען ביזן אַנדערן תשעה־באב. אַמאָל האָט מען געמוזט אַרויסנעמען די באַזשעקעס צוזאַמען מיט די האָר. אויך די יידן מיט די בערד האָבן געהאַט אויסצושטיין צרות פון די באַזשעקעס, וואָס די יינגלעך האָבן געוואָרפן.

כאָטש די מיידלעך האָבן געליטן פון אויספּלאָנטערן די מיאוסע שטעכיקע באַזשעקעס איז אונדז דאָך דאָס אַלץ געווען ליב און טייער.

סילוויע באַרדיטש-גאָלדבערג

# „שלא עשני אשה"

ווען איך בין געווען אַ יונג מיידל, האָב איך מקנא געווען די יינגלעך און פלעג זיך אַפילו איבערטאָן פאַר אַ יינגל. נישט אומזיסט — האָב איך געטראַכט — מאַכן די מענער אַ ברכה „שלא עשני אשה" — „איך דאַנק דיר גאָט, וואָס איך בין נישט באַשאַפן געוואָרן קיין פרוי".

און וואָס איז דער חידוש? ווען מען וואָלט איצט געזען אַזאַ מין פרוי, ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק אין לויצק — און געוויס אויך אין אַנדערע שטעט — וואָלט מען אויף די מאַנסבילן נישט געדאַרפט האָבן קיין פאַראיבל.

אָט וועל איך אייך דאָ שילדערן איין פרוי אַזאַ: די האָר צעפּאַטלט, דעם בוזעם — צעכראַסטעט. איין קינד אין בויך; אויף דער האַנט אַ קינד; ביי ביידע זייטן פונעם קליידל האַלטן זיך צוויי באָרוועסע יינגעלעך, די העמדלעך אַרויסגעשטעקט פון די הייזלעך. פון פאָרנט פּלאָנטערט זיך אונטער די פיס אַ מיידעלע מיט אַ פאַרסמאַרקעט נעזל; פון הינטן — אַ צווייט מיידעלע מיט שוואַרצע שיכלעך און ווייסע בענדלעך. זי שלעפּט דער מאַמען ביי אַ פאָלע. ביי יעדן טראָט פון דער מוטער טוט זי אַ קוויטש, וואַרפט זיך אויף דער ערד און וויל נישט מיטגיין: זאָל מען זי אויך נעמען אויף די הענט...

דאָס איז געווען די פרוי אין גאַס.

און אין הויז?

זי שטייט אויף גאַנץ פרי, ווען אַלע שלאָפן נאָך. צוערשט „מאַכט זי פייער": נעמט אַראָפּ דאָס האָלץ פון בוידעם, לייגט אַריין אין אויוון שייטן האָלץ און קליינע שפּענדלעך; זי לייגט אונטער פּאַפּיר און באַגיסט עס מיט נאַפט. זי צינדט דאָס אונטער מיט אַ שוועבעלע און בלאָזט מיטן מויל און פאָכעט מיטן ברייטן פאַרטעך. און אַז גאָט האָט געהאָלפן און עס ברענט שוין דאָס פייער, דאַרף מען אָנגיסן דעם סאַמאָוואַר. בייגט זי זיך איבערן פאַס, שלעפּט אַ שווערע קופּערנע קוואָרט מיט וואַסער, איין קוואָרט נאָך דער אַנדערער, ביז דער סאַמאָוואַר ווערט פול. דעמאָלט טוט זי אַריין הייסע קוילן פון אויוון, נאָכדעם קאַלטע קוילן, און ערשט דעמאָלט נעמט זי דעם מאַנס אַ שטיוול און הויבט אָן פאָכען מיט דער כאָלעווע.

אַזוי הייבט זיך אָן אַ טאָג אַרבעט: אָנטאָן די קינדער, געבן זיי עסן, וואַשן די וועש אין די גרויסע באַליעס. אַלץ הייסט וואַשן! מען וואַרעמט טעפּ מיט וואַסער, מען גיסט אָן די באַליע, מען שלעפּט די טעפּ אַרויף, מען שלעפּט די טעפּ אַראָפּ. נאָכדעם — רייבן די וועש, קאָכן די וועש, טראָגן די וועש אויף דער פּלייצע צום טייך, ווו מען קלאַפּט די וועש מיטן „בראַטש" אויף אַ שטיין. צום סוף שווענקט מען דאָס דורך עטלעכע מאָל אין וואַסער. און אַז די וועש איז שוין טרוקן, קאַטשעט מען דאָס מיט אַ ריבליק. דערנאָך דאַרף מען צערעווען די זאָקן, די זעקעלעך, לאַטען די הייזלעך מיט די קליידעלעך, און אַמאָל — נאָך אויפנייען נייע זאַכן.

און ווו איז עפּעס ערב שבת? קנעטן די דייזשעס ברויט, קנעטן די מולטערס חלה, פלעכטן חלות, אויסמאַכן די ברויטן, אַריינזעצן אין אויוון, אַרויסנעמען דעם טשאָלנט, פאַררוקן די קיך, אויסשמירן די פאָדלאָגע מיט פרישן ליים.

אַזוי האָט אַמאָל אויסגעזען די פרוי. איז וואָס זשע דער וווּנדער, אַז איך פלעג מקנא זיין די יינגלעך?

**א. לוצקי**

# רובע טרובאטש אין לויצק

ווער איז רובע טרובע באס?
פון א שלעפערישן קלאס,
אומגעשלייכט פוסט און פאס,
ערגעץ אין „מצרים״ גאס.

נישט קיין „ייד״ און נישט קיין „לאט״
ווערט ביי פאניען א סאלדאט.

רייסט די מאמע זיך דאס העמד:
וויי, מיין זונדל אין דער פרעמד!

דינט ער יארן אין אירקוטסק
און ער קומט צוריק קיין לוצק —
רובע טרובאטש מוזיקאנט,
ווי די קלעצער יעדע האנט.

אויסגעוואקסן אוי, אוי, אוי,
קאנאנארע ווי א גוי.
מיט א פלייצע, מיט א קאפ,
טאקע ווי א פאלנער כלאפ.

טרומבא, אומבא, אומבא, בא!
נאר די מאמע, דיק אליין,
גלעט איר זונדל מיט געוויין:
ביסט געוועזן פון מיר אוועק,
אוי, מיין קינדעלע, מיין שנעק...

רובע טרובאטש רעדט קיין ווארט.
„סמירנא״ שטייט ער אויף אן ארט,
כאטש ער וויל איר זאגן: אוי,
איך צו דיר געבענקט אזוי.

רובע טרובאטש פון אירקוטסק
דינט ביי פאניען איצט אין לוצק.
זיצט געריטן אויף א פערד
און דער פערד גאלאפט די ערד.

דער ארקעסטער שפילט א שטיק,
רובע טרובאטש האצקעט גליק...
מוזיקאנט דראגונסקי פאלק,
גרויס ראסיא, רוסיש פאלק!

טרומבא, אומבא, אומבא, בא!

רובע טרובאטש טראגט דעם באס,
בליאסקעט־אויף די גאנצע גאס.

באס, — א בייגל אויף זיין האלדז,
האט אים רובע — האט ער אלץ.
בלאזט ער: טרומבא, אומבא, בא!
בילט זיך רובע: הו — ווא ווא!...

**סילוויע באַרדיטש־גאָלדבערג**

# עפּיזאָדן און טיפּן

**דער נס מיט פּנחס קאַזיאַל**

כ'בין נאָך דאַן געווען אַ יונג קינד. אַ קורצע צייט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין לויצק זענען געווען איינקוואַטירט רוסישע סאָלדאַטן. צוויי פּאָלקן, דער אַכאַטסקער און קאַמ־טשאַטסקער, האָבן סטאַציאָנירט אין די קאַזאַרמעס אויף יאַרוציע, נישט ווייט פון לויצקער וואָקזאַל. די דראַגונער סאָלדאַטן האָבן זיך אויפגעהאַלטן אויף קראַסנע, ווו ס'איז געווען דער מילי־טערישער שפּיטאָל.

אַלס קאָמערציעלע שטאָט האָט לויצק געהאַט אַ סך יידישע סוחרים. אייניקע פון זיי זענען געווען פּאָדריאַטשיקעס, וואָס האָבן דעם מיליטער צוגעשטעלט פּראָוויאַנט, ווי האָבער, היי, פלייש א.א. פּראָדוקטן. איינער פון אָט די פּאָדריאַדטשיקעס, וואָס האָט צוגעשטעלט דאָס פלייש צו דער ארמיי, איז געווען אַן אָנגעזעענער קצב אין לויצק. מען האָט אים גערופן פּנחס קאָזיאָל, פון ווילקע.

ויהי היום, קומט קיין לויצק אַראָפּ אויף אַן אינספּעקציע אַ מיליטערישער אינספּעקטאָר פון אַ הויכן ראַנג, אַ שונא ישראל, גענעראַל פּאָגאַווצאָוו.

האָט אָט דער דערמאָנטער גענעראַל אויסגעקלערט אַ בלבול, אַז דער קצב קאָזיאָל שטעלט צו דער רוסישער ארמיי פלייש פון געפּגרטע בהמות, וואָס קאָן שאָדענען דאָס געזונט פון צאַר־באַטיושקאַס סאָלדאַטן.

קאָזיאָל איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן און מ'האָט אים פאַרשפּאַרט אין דער גרויסער לויצקער טורמע, ביז די אויס־פאָרשונג וועט זיך פאַרענדיקן און אַלע נויטיקע דאָקומענטן וועלן צוגעשטעלט ווערן דעם מיליטערישן געריכט.

די שטאָט איז ווי איינגעהילט געוואָרן אין אַ שווערן טרויער. אַדוואָקאַטן און פאַרשידענע שתדלנים האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון אַרעסטירטן יידן. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן.

קאָזיאָל׳ס פרוי איז אַוועק צום סאַסעווער צדיק. אַריינקומענדיק צום רבין איז זי געפאַלן צו זיינע פיס און אויסגעבראָכן אין אַ האַרצרייסנדיק געוויין:

„רבי, ס׳איז געשען אַן אומגליק. מ׳האָט געמאַכט אַ בלבול אויף מיין מאַן! רבי, ער איז אומשולדיק! גאָט אין הימל איז אַן עדות„.”

דער צדיק איז געבליבן זיצן אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך און פאַרטראַכט. פּלוצעם האָט ער אויפגעוואַכט און מוטיק, מיט בטחון אין זיין קול, געהייסן דער פרוי אַהיימפאָרן, צוגעבנדיק:

„השם יתברך וועט העלפן, דער אמת וועט מנצח זיין! דער שונא וועט נישט דערלעבן צו באַווייזן דורכצופירן זיינע בייזע פּלענער. געדענקט און זאָגט עס אייער מאַן: בטחון”.

אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט מען דעם אַרעסטירטן פּנחס קאָזיאָל געפירט, אַ געשמידטן אין קייטן, איבער דער שטאָט, אויפן וועג קיין זשיטאָמיר, מיטן עטאַפּ צום משפּט.

די קלייטן זענען פאַרמאַכט געוואָרן. שניידערס, שוסטער, קאָוואַלעס א.א. האָבן פאַרלאָזט זייערע וואַרשטאַטן און אַ שטראָם מיט מענטשן איז נאָכגעגאַנגען דעם מיליטערישן קאָנוואָי מיט געבויגענע קעפּ. ווען מ׳האָט דערגרייכט דעם פּלאַץ ווו ס׳האָט זיך געפונען די „זשענסקע גימנאַזיע”, איז קאָזיאָלס ווייב מיט איר טאָכטער לאה אַלעמען אַנטקעגנגעקומען און זיך געריסן די האָר, שרייענדיק: מענטשן, וויינט אויף אונדזער בראָך! בעט גאָט פאַר אונדזער אומשולדיקן מאַן און פאָטער! — און אַלע האָבן מיט זיי מיטגעוויינט.

פּלוצעם איז געשען אַ נס. ס׳האָט זיך אָנגעיאָגט אַ שליח, אַ סאָלדאַט, רייטנדיק אויף אַ פערד און צווישן געגעבן דעם נאַטשעלניק פון מיליטערישן קאָנוואָי, אַז דער גענעראַל האָט באַקומען אַ האַרצשלאַק.

פּנחס קאָזיאָל איז ריינגעוואַשן געוואָרן פונעם בלבול.

## חיה רעכעלע קרוינשטיין

עס האָט געשמט אין לויצק די נגידיסטע חיה־רעכעלע. כמעט אַ פערטל שטאָט הייזער איז געווען איר אייגנטום. זי איז געווען אַ זייער שטרענגע בעל־הבית׳טע. פאַר נישט־צאָלן דירה־געלט צו דער צייט, פלעגן אירע אויפזעער אַרויסוואַרפן פון דער דירה. זי איז אָבער געווען איינע פון די גרעסטע פילאַנטראָפן אין שטאָט, האָט אויסגעהאַלטן די ישיבה, הכנסת־אורחים און נאָך אייניקע אינסטיטוציעס.

איז זי, די מיליאָנערשע, געווען אַ טאָג־טעגלעכע טעמע ביי יעדן לויצקער אין מויל. האָט מען איינעם געשאַצט אין גרויסן געלט, פלעגט מען אויסרופן: אויף חיה־רעכעלען געזאָגט געוואָרן! האָט איינער זיך באַקלאָגט אויף זיין אָרעמקייט: נישט מער זאָל חיה־רעכעלע פאַרמאָגן! א.א.וו.

האָט טאַקע חיה־רעכעלע ביי אַ געלעגנהייט, געזאָגט: איך האָב אַ סך פון די קליינע ביסעלעך, וואָס יעדער איינער ווינטשט מיר צו האָבן...

אַמאָל האָט פּאַסירט, אַז חיה־רעכעלע קרוינשטיין האָט צוגענומען אַ יונגן בחור פאַר אַ שיק־יינגל. זיין נאָמען איז געווען ביק — אַן אָנשטענדיקער און פון אַ פיינער פאַמיליע, געאַרבעט געטריי. ער האָט טאַקע, אין אַ קורצער צייט אַרום, געקראָגן איר פולסטן צוטרוי. איינמאָל, אין אַ יריד־טאָג, האָט זי אים געשיקט אויפן וואָקזאַל איבערצוגעבן אירס אַן אָנגעשטעלטן הונדערט רובל. אויפן יריד פלעגן זיך אַרומדרייען פיל קעשענע־גנבים, נישט נאָר לויצקער, נאָר אויך פון אַנדערע ערטער. און ס׳מאַכט זיך, אַז מ׳האָטביים שיק־יינגל אַרויסגעגנבעט דאָס געלט. ער האָט עס באַלד נישט באַמערקט, נאָר ווען ער איז צוגעקומען צום וואָקזאַל, האָט ער באַמערקט ווי די קעשענע איז איבערגעדרייט און דאָס געלט איז נישטאָ. דאָס יינגל איז געפאַלן אין חלשות. מ׳האָט אים דערמונטערט און געבראַכט צו חיה־רעכעלען מיט דער נייעס. זי האָט אים חושד געווען און בשום אופן נישט געוואָלט גלויבן, אַז מ׳האָט אים באַגנבעט. דער בחור האָט זיך ביי איר געבעטן און צוגעזאָגט אָפּצואַרבעטן פאַרן צוגעגנבעטן געלט. זי איז אָבער דורכאויס געשטאַנען דערויף, אַז ער זאָל אָפּגעבן אַ שבועה ביי אָנגעצונדענע שוואַרצע ליכט...

אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה. ווו מ׳איז געגאַנגען און ווו יידן האָבן זיך נאָר געטראָפן האָט מען אַלץ גערעדט וועגן דער שבועה מיט די שוואַרצע ליכט. חשובע בעלי־בתים האָבן זיך אַריינגעמישט אינעם ענין און געוואָלט חיה רעכעלען איבערצייגן, אַז זי זאָל נישט פאָדערן פון אַן אומשולדיקן בחור אַזאַ זאַך. דאָס נגידישע האַרץ איז אָבער געבליבן פאַרשטיינערט. דער טאָג פון דער שבועה איז געקומען. די שול האָט זיך אָנגעפילט מיט פרויען און מענער בייצווזיין דעם שרעקלעכן מאָמענט... אַלע פּנימער האָבן אויסגעדריקט שרעק. די הערצער האָבן האַסטיק געקלאַפּט, ווען מ׳האָט אויפן באַלעמער דערזען דעם רב, דעם דיין, דעם בעל־קורא, דעם שמש און אַנדערע חשובע בעלי־בתים און כלי־קודש. אין אַ זייט איז געזעסן חיה־רעכעלע רייך געקליידט. מ׳האָט געקוקט אויף איר און געוואַרט. די שוואַרצע ליכט האָבן שוין געברענט ביים עמוד. און אָט איז אָנגעקומען דער בחור. ער איז ערשט געווען אויפן קבר פון זיין פאָטער, ווו ער האָט יאָמערלעך געוויינט און געשריגן: טאַטע, כ׳בין אומשולדיק! דעם טאָג האָט ער געפאַסט און איז געווען זייער בלאַס. די אויגן רויט פון וויינען. מיט וואַקלדיקע טריט האָט ער זיך דערנענטערט צו די שוואַרצע ליכט, וועלכע האָבן מרה־שחורהדיק געוווּנקען.

דער עולם האָט אָנגעהויבן מורמלען קעגן דער נגידיסטע. אין לעצטן מאָמענט האָט זי זיך געבראָכן און רעזיגנירט פון איר פאָדערונג צו שווערן. ווען זי איז אַרויס פון שול, האָבן נאָך די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין דרויסן, דערפון נישט געוווּסט. מ׳האָט זי באַגלייט מיט קללות.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז זי קראַנק געוואָרן. די לויצקער דאָקטוירים האָבן איר געראָטן צו פאָרן קיין אויסלאַנד. נאָך אַ צייט קורירן זיך איז זי דאָרט געשטאָרבן. איר קערפּער איז געבראַכט געוואָרן קיין לויצק, אין אַ הילצערנעם קאַסטן, וואָס ס׳איז געווען דאַן אַ נייעס ביי יידן. אינעם הילצערנעם קאַסטן איז געווען אַ צווייטער, אַן אייזערנער, ווו איר קערפּער איז געלעגן.

זי איז באַגראָבן געוואָרן אין לויצק. איר לוויה איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. די גאַנצע שטאָט האָט זי באַגלייט. די



די לוויה פון חיה רעכעלע קראַנשטיין

גאַס פאַרן בית־עולם איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. אַלע קלייטן און וואַרשטאַטן זענען געווען געשלאָסן. דער ארון, באַדעקט מיט שוואַרצער קרעפּע, איז געטראָגן געוואָרן דורך חשובע מענטשן פון שטאָט. נאָך דער מיטה זענען נאָכגעגאַנגען דער שטאָט־חזן, רב אהרעלע מיטן כאָר און ישיבה־קינדער האָבן געזונגען קאַפּיטלעך תהילים.

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי איז געשטאָרבן די לויצקער נגידיסטע חיה־רעכעלע קרוינשטיין.

## די באַרימטע לויצקער „באָבע"

דבורה־האָדל איז באמת געווען אַ קינסטלערין אין איר פאַך. אַ פרוי מיט גאָלדענע הענט. זי האָט איבערגעשטיגן מיט איר פּראַקטיק אַלע געעגדיקטע דאָקטוירים און אַקושערקעס. אפילו דאָקטוירים פלעגן זי אָפט רופן צוהילף, ווען ס'האָט זיך געמאַכט אַ געוויסע קאָמפּליקאַציע ביי אַ געווינערן. ד"ר מילטשעווסקי האָט געהאַט דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר איר געשיקטער אַרבעט און זי זייער אָפט גערופן אויף באַראַטונגען.

איינמאָל איז דער גרעסטער דאָקטאָר אַבראַמסקי געקומען צו איר אויף זיין עקיפּאַזש: „דבורה־נודעל (אַזוי האָט ער זי, אין שפּאַס, גערופן), גיכער קום מיט מיר און באַוויז, וואָס דו קאָנסט"! ווי אַ פייל אויס בויגן איז זי אויף דער גיך אַריין אין עקיפּאַזש מיטן רענצעלע אין האַנט. אַריינגעקומען צו דער געווינערין איז זי צו איר שטיל צוגעגאַנגען. צערטלעך אָפּגעווישט מיט אַ נאַס טיכעלע דעם קאַלטן שוויס פון איר שטערן און די טרערן פון די אויגן. זי האָט איר צוגעזאָגט, אַז אויב זי וועט זיך שטאַרקן, וועט לאַנג נישט נעמען און זי וועט אויפגעבונדן ווערן. זי האָט גלייכצייטיק אָנגעהויבן שעפּטשען אין דער שטיל אַ תפילה. די געווינערין האָט איר נאָכגעזאָגט און דאָס האָט געהאָלפן דער פרוי זיך אַ ביסל צו באַרויקן. זי האָט שוין פרייער אָפּגעאָטעמט. די „באַבע" האָט מיט איר געשיקטקייט איבערגעדרייט אין בויך דאָס קינד, וואָס איז געגאַנגען אָנשטאָט מיטן קאָפּ — מיט די פיסלעך, און דער נס איז געשען. זי האָט דאָס קינד גיך און בשלום געבוירן. דער גרויסער דאָקטאָר איז געווען גענוג באַשיידן אַ זאָג צו טאָן: „דבורה־נודעל, כ'בין שטאָלץ מיט דיר"!

דבורה־האָדל איז דערצו געווען אַ האַרציקע פרוי. אַ קליינגעוויקסיקע, האָט זי אָבער געהאַט אַ גרויס האַרץ פול מיט רחמנות צו די באַעוולטע און אָרעמע. 52 יאָר האָט זי אָפּגענומען די ניי־געבוירענע קינדער ביי די געווינערינס. זי איז נישט געגאַנגען אין קיין שום אַקושערקע־שול. די תורה האָט זי באַקומען בירושה, אָנהאַלטנדיק די חזקה פון עטלעכע דורות נאָכאַנאַנד. איר נאָמען האָט געשמט. זי איז געווען אַ ציכטיקע מיט רויטע בעקעלעך, דינע ליפּן און אַ שיינער לענגלעכער נאָז. זי פלעגט גיין צו די קימפּעטאָרנס אין אַ ווייסן פאַרטעך און אַ זיידענער ווייסער פאַטשיילע, דורך וועלכער עס פלעגט אַרויסקוקן, ביים שטערן, אַ שיינע קרוזשיווקע פון טשיפּעקל, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן. זי פלעגט גיין מיט דראָבנע טריטעלעך און גראַציעז־שנעל זיך באַוועגן מיט איר רענצעלע אין האַנט.

אירע פּאַציענטן זענען געווען פרויען פון רייכערן קלאַס, וועלכע פלעגן שעצן איר אַרבעט און באַצאָלן אַן אָנגעזעענעם האָנאָראַר מיט גרויס כבוד.

מאַכט זיך אַמאָל אַ ווינטער־נאַכט. אויף דער גאַס — אַ שרעקלעכער פראָסט, אַ שניי, אַ זאַווערוכע. דער ווינט וואָיעט אין קוימען מיט משונהדיקע קולות. ס'דאַכט זיך, אַז פאַרבלאָנדזשעטע נשמות בעטן זיך אַ תיקון. אויפן מענטשן פאַלט אָן אַ מורא. פלוצעם דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין לאָדן און אַ פעסטע מענלעכע שטימע רופט: „דבורה־האָדל, מיין ווייב גייט צום קינד"! און אין אַ ווילע שפּעטער — אַ קלאַפּ אין טיר און אַ קוים־הערבאַרע שטים: „דבורה־האָדל, מיין ווייב"!



דבורה האָדל

ווען מ'עפנט די טיר באַווייזן זיך צוויי מענער אויף דער שוועל. איינער אַ ייד, אַ גביר, גלייכט זיך אויס אין זיין פולער הויך: „שנעלער דבורה־האָדל, איר ווייסט דאָך, מיין פרוי... ס'ערשטע קינד"...

דער צווייטער, אַ קבצן, נעבעך, קאָרטשעט זיך איין, לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ און זאָגט אַ פאַרשעמטער: „דבורה־האָדל, שוין ווידער... מיין ווייב, אַ רחמנות נעבעך"...

דבורה־האָדל איז אַ מינוט אין אַ פאַרלעגנהייט, אָבער באַלד טוט זי אַ זאָג צום גביר: „איר, זייט מוחל, גייט נאָך פאַניע די אַקושערקע. זאָגט איר, אַז איך האָב זי געהייסן גיין"! און אַ נעם־טוענדיק דעם אָרעמען יידן: „קומט". נאָך אין דער זעלבער נאַכט האָט זי אָפּגענומען דאָס קינד, און פאַרן אַוועקגיין, שוין אַ שטאַרק מידע, נאָך איבערגעלאָזט אונטערן קישן עטלעכע רובל פאַר דער אָרעמער פרוי איף צוצופילעווען זיך.

דבורה־האָדל איז אויך געווען אַן אשת־חיל. ס'זענען באַרימט געווען אירע געבעקסן אויף די בריתן: האָניק־לעקעך, פלאָדנס, שטראָדלס, מאַנדל־ברייטלעך און דער עיקר אירע מאַקאַראָנעס און פאַלטשיקלעך. ס'איז שווער צו וויסן וויפיל

שאָקן אייער זי האָט אין איר לעבן אויסגענוצט פאַר באַקן אויף די בריתן און קריאַת־שמע־לייענען.

דבורה־האָדל איז אויך געווען אין דער ווייבערישער שול אַ זאָגערקע. באַזונדערס פלעגט זי זיך אויסצייכענען אין די ימים־נוראים. זי פלעגט זיצן ביי דער מזרח־וואַנט אויף איר חזקה־שטאָט... די ווייבער פלעגן זי אַרומרינגלען פון אַלע זייטן און זיך צוהערן צו איר דאַווענען. זי האָט שוין געוווּסט ווען מ׳דאַרף וויינען און שרייען און זיך אויסטענהן מיטן רבונו של עולם וועגן די צרות און קריוודעס פונעם פאָלק ישראל. די ווייבער פלעגן דאַן פאַרגלאָצן די אויגן צו דער סטעליע, נאָכזאָגן און איר נאָכשרייען.

דבורה־האָדל איז געווען באַליבט און געשעצט ביי אַלעמען. און ווען זי האָט, אין יאָר 1921, געמוזט אָפּפאָרן קיין אַמעריקע מיט איר שנור און 5 אייניקלעך צו איר איינציקן זון, ווו ס׳איז שוין אויך געווען איר איינציקע טאָכטער מיט דער פאַמיליע — האָט איר די גאַנצע שטאָט באַגלייט צום וואָקזאַל. אַלע איזוואָשטשיקעס זענען דאַן געווען פאַרנומען. טייל מענטשן האָבן געוויינט: דבורה־האָדל, וואָס וועלן מיר טאָן אָן אייך!

ווען זי איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, האָט זיך די נייעס בליץ־שנעל צעטראָגן איבער פיל שטעט און שטעטלעך: די „באַבע" דבורה־האָדל איז געקומען!

אין יאָר 1928 איז דבורה־האָדל געשטאָרבן אין עלטער פון 86 יאָר. פיל זענען געקומען איר אַרויסבאַגלייטן צו דער אייביקער רו.

זי פלעגט אַלעמאָל זאָגן: „ווען איך שטאַרב אין לויצק — וואָלט די גאַנצע שטאָט מיך אַרויסבאַגלייט"! זי האָט שטאַרק געבענקט נאָך לויצק ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן.

## סענדערל קאַראַמאַנשטשיק

אין לויצק האָבן געשמט דריי קעשענע־גנבים. פריער זענען געווען צוויי: טייוועלע און מיכולציע. ביידע פון פיינע פאַמיליעס.

צו זיי איז צוגעקומען נאָך איינער אַ סענדערל. אַ יונגערמאַן אַ העלד, אַ שיינער, בראַווער יונג, שטענדיק נעט און מיט געשמאַק געקליידט, מיט פרעטענסיע אויף אַ בעסערן מענטש. סענדערל האָט אויך געהאַט אַ שיינע פרוי מיט קינדער האָט ער טאַקע פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער לויצקער האַלבער וועלט... אַלס אַ געוועזענער ישיבה־בחור האָט ער זיך געקענט האַלטן אין געזעלשאַפט און מאַכן אַ גוטן איינדרוק. האָבנדיק אַ געניט הענטל צום גנבענען, האָט ער ווי אַ גוטער כירורג גלענצנדיק געאַרבעט אויף די ירידים צווישן די רייכערע פּייערים־פּריצים וועלכע זענען געקומען מיט פערד, קי, קונציק אַרויסגעצויגן ביי זיי דאָס קניפּל מיטן געלט, און באַלד נישט געסטייעט.

אָבער סענדערל קאַראַמאַנשטשיק האָט זיך נישט באַנוגנט מיט בלויז גנבענען פון די קעשענעס. ער האָט געהאַט אַ באַנדע פריינד, וועלכע האָבן אויך געריייניקט גרויסע געשעפטן און געבראַכט צו אים, און ער מיט זיין ישיבה־קעפּעלע האָט שוין געוווּסט ווי אויפּרוימען די סחורה, אַזוי אַז מען זאָל זיי נישט כאַפּן.

נאָר ווי גייט דאָס ווערטל: דער וואָלף כאַפּט אַזוי לאַנג, ביז מען כאַפּט אים. עס איז געקומען אַ טאָג ווען מען האָט אים געכאַפּט אַרויסשמוגלען אַ גנבה. ער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַ לענגערער צייט אין אַ טורמע ווייט פון לויצק.

מען האָט שפּעטער דערציילט אַן אַנעקדאָט. אַז פאַר דער צייט וואָס ער איז געזעסן אין תפיסה האָבן זיינע חברים אָנגעהאַלטן די פריינדשאַפט מיט זיין שיינער פרוי און זיך געטיילט מיט איר מיט די פאַרדינסטן. אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט האָט זי אויך געבוירן אַ קרענקלעך קינד. אין דעם טאָג פון זיין באַפרייונג איז ער אַריין אין הויז און האָט געפונען אַלע זיינע פריינד און די פרוי זיצן שבעה נאָך דעם קינד. ער האָט גענומען אַ שנאַפּס און גערעדט פון זייערע געשעפטן. האָבן די פריינד אים געראָטן, אַז ער זאָל זיך זעצן שבעה. דאָך אַ קינד. האָט ער זיי געפאָלגט. נאָך עטלעכע איבערריקע כוסות, שוין זייענדיק גוט פאַרשניאָשקעט האָט ער זיך אָנגערופן: „הערט, רעביאַטאַ, איך בין שוין אין מיין לעבן נישט איין מאָל געזעסן אין חד־גדיא, אָבער אַזוי אומשולדיק ווי איך זיץ היינט (שבעה) בין איך נאָך קיינמאָל נישט געזעסן..."

איינמאָל יום־כיפור האָט אים דער גבאי געטראָפן אין שול דאַווענען, מיט כוונה זיך קלאַפּן אין האַרצן ביים על־חטא. האָט דער גבאי זיך צעשמייכלט און אים געפרעגט: „סענדערל בראַטקע, וואָס אַ שטייגער בעטסטו ביים השם־יתברך?" האָט סענדערל לאַנג נישט געטראַכט און באַלד געענטפערט: „איך בעט ביי גאָט, אַז טאָמער איז באַשערט איינעם באַגנבעט צו ווערן, זאָל איך זיין דער שליח."

## שלום־לייב גאַרבאַזש

שלום־לייב גאַרבאַזש איז געווען אַ הויכגעוויקסיקער מאַן מיט אַ גלייכער שטאָלענער פיגור. זיין שיין ליכטיק פּנים איז געווען באַדעקט מיט אַ שוואַרץ בערדל. פון אונטער די געדיכטע ברעמען האָבן אַרויסגעקוקט זיינע קלוגע אויגן. ער איז געווען תמיד עלעגאַנט געקליידט — געאַרבעט אַלס אויפזעער אין אַ ברויערײַ פון קראַסנע. אַ סאַדעגורער חסיד — איז ער דאָך געווען געניג וועלטלעך: געלייענט אַ צייטונג און געווען באַהאַוונט אין פּאָליטיק. גערעדט האָט ער ווייניק, אָבער געטאָן זייער פיל פאַר מענטשן. אָט די מעלות זיינע האָבן גורם געווען, אַז ער איז געוואָרן איינשטימיק אויסגעוויילט אין אַ ריי העכערע אַנשטאַלטן פון לויצק, ווי די „אופּראַווע", מאַגיסטראַט, פאָלקס־באַנק.

ביי זיך אין שטוב איז שלום לייב געווען אַ קנאַפּער רעדער. צום אָפטסטן איז ער געזעסן ביי אַ טישל פאַרטיפט אין אַ ספר. זיין פרוי פריידע איז געווען אַ פרייד פאַר אַלעמען אין שטוב און פאַר שלום־לייבן בפרט. זי איז געווען אַן אמתע אשת־חיל, געהאַלטן איר מאַן בכבוד און באַראַטן זיך מיט אים שטיל וועגן די קינדער, וועגן מסחר וואָס זי האָט געפירט.

עס זענען אָנגעקומען שטורמישע צייטן. אין תשעה באב פון 1914 איז אין שטאָט געוואָרן אַ טומל. די עסטרייכער האָבן מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט געיאָגט די רוסן. קאָזאַקן זענען אַריין מיט די פערד אין די קלייטן און געראַבעוועט. זיי האָבן געשניטן בערד מיטן פלייש צוזאַמען. די פרויען האָבן זיך באַהאַלטן אויף דיביידעמער און אין די קעלערס. שלום־לייב

האָט דעמאָלט געהייסן דעם עולם זיך צוזאַמענגעמען אין זיין מויער. די בעטן האָט מען אַוועקגעגעבן די קינדער און פאַר די עלטערע האָט מען אויסגעבעט אויפן דיל. פריידע איז אַרומגע־גאַנגען און אַלעמען באַרויקט.

שלום־לייב האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט, וואָס האָט צו־זאַמענגענומען ביי די קרעמער שטיוול, בראָנפן, ברויט, מאַ־כאַרקע און פּאַפּיראָסן. די אַלע זאַכן האָט מען פונאַנדערגעלייגט אויף לאַנגע טישן נעבן שלום־לייבס הויז. שלום־לייב, צוזאַמען מיט די אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט, זענען אַנטקעגנ־געקומען די צעיושעטע קאָזאַקן, געפרעגט וואָס זיי פאַרלאַנגען, און יעדן איינעם געגעבן וואָס ער האָט געפאָדערט. מערסטנס האָבן זיי פאַרלאַנגט בראָנפן און מאַכאָרקע. אַ סך פון זיי זענען געווען באָרוועס און געדאַנקט פאַר די באַקומענע שטיוול. דער קאָזאַקן־עלטסטער איז געווען איבעראַשט פון אַזאַ קבלת־פנים — ער האָט העפלעך געדאַנקט און אַ באַפעל־געטאָן: „אָטסטופּאַי ס' מיראָם"! (טרעט אָפּ רויק) און לויצק איז אַרויס אומ־באַשעדיקט...

נאָך דער רעוואָלוציע זענען יעדן טאָג אויפגעקומען נייע מאַכטן. אין לויצק, ווי אין אַנדערע ערטער, זענען די יידן אויסגעשטאַנען געבערענטע צרות פון פּעטליורען, פון קערענסקין, פון די באָלשעוויקעס און פון די פּאָליאַקן — יעדער פון זיי האָט געזוכט דעם ייד אַלס קרבן. אין יענער פאַרצווייפלטער צייט איז שלום־לייב געווען דער געוווּנטשענער מענטש מיט זיין באַהערשטקייט און מיט זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן. ווען אַנדערע האָבן זיך פאַרלוירן און אומפעיק געווען צו טראַכטן, איז שלום־לייב געווען דער, וואָס האָט געפונען די ריכטיקע עצה און דעם געלונגענעם איינפאַל. אַלע לויצקער וואָס האָבן אים געקענט וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

פּראָפ. יעקב ראָזמאַרין / מאָנטרעאַל

# זכרונות

אַלט זייענדיק 5 יאָר בין איך שוין אַליין געגאַנגען אין חדר אַריין צו יצחק משה דעם מלמד. די מאַמע (אסתר ע"ה) האָט מיר מיטגעגעבן אין חדר צוויי שטיקלעך ברויט, באַשמירט מיט שמאַלץ. ווי איך בין אַזוי געגאַנגען מיין וועג, האָט אַ חזיר דערשמעקט, אַז כ'טראָג מיט זיך אַ גוטע זאַך און האָט אַריינגע־כאַפּט אין זיין מויל מיין הענטל, אין וועלכן ס'איז געלעגן דאָס ברויט מיטן שמאַלץ. ער האָט מיך געשלעפּט אין די בלאָטעס, ביז מענטשן האָבן דאָס דערזען, גע־מאַכט אַ גוואַלד: אוי, אַ חזיר שלעפּט יענקל דעם חזנס! און מיך אַרויסגעראַטעוועט פון זיין מויל.


פּראָפ. יעקב ראָזמאַרין

## אַן אַנטוישונג

ברוך־לייב (דער אַלט) מאַכט איינמאָל שבת אַ טעות אין זיין סאָלאָ פון יהי רצון (אין ראש־חודש־בענטשן). מיין פאָטער האָט מיך שפּעטער ביים עסן איבערגעפרעגט, צי איך האָב זיך געכאַפּט אויפן דאָזיקן טעות — דערציילל איך אים דעם אמת, אַז אייגנטלעך בין איך נישט געווען ביים דאַווענען, ווייל אין דער זעלבער צייט בין איך געגאַנגען הערן אַ פאַריזער אָרגאַניסט, וועלכער האָט געשפּילט אין פּוילישן קאָשטשאָל. מיין טאַטע האָט דערויף גאַרנישט רעאַגירט, נאָר כ'האָב באַמערקט אַ בלאַסקייט אויף זיין הדרת־פּנימדיקן געזיכט...

## מיין איבערראַשונג

איינמאָל שבת־צונאַכטס נאָך דער הבדלה, ביי דער אַנ־וועזנהייט פון צוויי געהויבענע געסט: חזן ברוך קינסטלער און לעאָ קאָפּף (דיריגענט), האָב איך פאַרגעשלאָגן, אַז אַזוי ווי מיר האָבן 4 גוטע נאָטן־פּרעסער, זאָלן מיר לעזן פון מיין פאָטערס אַ פּאַרטיטורע — אַ קאָמפּאָזיציע (קוואַרטעט). אָבער אין דער זעלבער רגע האָט מיך לעאָ קאָפּף געגעבן אַ צי ביים רעקל, איינרוימענדיק מיר אַ סוד, אַז ר' ברוך קינסטלער איז טאַקע אַ גוטער חזן און קאָמפּאָזיטאָר, נאָר זייער אַ שוואַכער נאָטן־לעזער. דער סוף איז געווען, אַז מיר דריי האָבן געזונגען פון דער פּאַרטיטורע און ר' ברוך האָט זיך צוגעהערט צו אונדזער געזאַנג און דערפון הנאה געהאַט, אויסדריקנדיק דערביי זיין פאַרווּנדערונג, וואָס אַזאַ קליין יינגעלע, ווי איך, וועלכער איז דאַן אַלט געווען קוים עלף יאָר, קען שוין גוט לעזן נאָטן.

## צוויי זינגערלעך

שמואליק און אייזיק — צוויי סאָפּראַנען ביים טאַטן. שמואליק לייענט און שרייבט גוט נאָטן. אייזיק דאַקעגן האָט אַ שענערע שטימע פון שמואליקן. דערפאַר איז שמואליק דער פירער פון דער גאַנצער סאָפּראַנאָ־גרופּע און אייזיק איז דער סאָליסט פון די סאָפּראַנען... אַלץ איז גוט און וואויל ביז... ביז אייזיק און שמואליק פאַרליבן זיך ביידע אין חזנס טאָכטער. דער שלום צווישן זיי ווערט אַ ביסל צעשטערט...

### דער הונגעריקער פרייטיק, אָדער גדליהו וועווריק

געווען אין אונדזער כאָר אַ טענאָר און געהייסן האָט ער גדליהו. אַ בחור אַ געזונטער און אַ שיינער, מיט אַ גוטער שטימע און אַ גוטער נאָטן־לייענער. פון צייט צו צייט פלעגט ער ווערן אַזוי הונגעריק, אַז עס איז נישט געווען קיין האָפענונג אים אָנצוזעטיקן. דאָס פלעגט ביי אים געשען זייער אָפט פרייטיק. אין אַזאַ פאַל פלעגט ער אַריינקומען צו מיין מוטער ע״ה און אויסרופן: חזנטע, האָט רחמנות, איך האָב היינט דעם הונגעריקן פרייטיק! די מאַמע האָט שוין זעט אויס פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט. פלעגט זי אים באַלד געבן אַ פרישע בולקע, אַ פּוכיקע, פון ווייסן מעל געבאַקן, מיט אַ ביסל ראָסל־פלייש. ערשט דאַן פלעגט ער זיך אָנזעטיקן.

### אַ טויבער, וואָס הערט!

ר׳ יצחק מאמעט, דער הויפּט־פידלער פון דער לויצקער קאַפּעליע (אָרקעסטער בלע״ז), איז געווען טויב אויף ביידע אויערן. אַפילו ווען מען פלעגט אים אַריינשרייען אין די אויערן — איז אים אויך שווער געווען צו הערן. אָבער ווען ער האָט אָנגעפירט מיטן אָרקעסטער, אָדער ווען ער פלעגט אַליין שפּילן אַ וויעניאַווסקי־קאָנצערט, איז זיין געהער געווען אויסערגעוויינלעך גוט. ביזן היינטיקן טאָג קאָן איך נישט פאַרשטיין אַזאַ פענאָמענאַלע דערשיינונג. ווייל ווי אַזוי איז עס געמאָלט, אַז מ׳איז טויב און מ׳הערט נישט דאָס, וואָס מ׳רעדט צו מענטשן, און ביי דער מוזיק איז פונקט פאַרקערט: דאַן איז זיין געהער אויסערגעוויינלעך גוט!

1960

סילוויע באַרדיטש־גאָלדבערג

# אורטשיק טרעגער

ביים וואָקזאַל און אויף דער בירזשע אין לויצק, נעבן די הורטאָווניעס, זענען געשטאַנען די טרעגערס פון דער שטאָט אָנגעטאָן אין פאַרפּאַטשקעטע, פאַרשמאַלצעוועטע, פאַרמעליקטע און ברודנע בגדים. און באַצירט זענען זיי געווען מיט גראָבע געפלאָכטענע שטריק אַרום די לענדן, מיט וועלכע זיי פלעגן אַרומבינדן אַ שווערן קאַסטן קאַווע, אָדער זעקל מעל, אַ זעקל זאַלץ און אפילו אַ פאַס הערינג, גרינג פאַרוואַרפן אויפן רוקן און עס ברענגען צום באַשטימטן פּלאַץ, ווי ווייט עס זאָל נישט זיין.

זיי פלעגן פירן אַ שווער האָרעפּאַשנע אָרעם לעבן. די היים איז געווען קלאָגעדיק, קוים באַהייצט, די קינדער האַלב־נאַקעטע און גאַנץ־באָרוועסע. זיי פלעגן זיך באמת מוטשען און אין גאַס זיך קריגן אַמאָל איבער אַ פּעקל און דאָך האַלטן איינער פאַרן צווייטן.

צווישן די טרעגערס האָט זיך געפונען איינער מיטן נאָמען אורטשיק — דער באָרעץ. אַ ייד אַ בעל־גוף און הויך געבויט. אַ ברייטפּלייציקער, מיט די סאָלדאַטסקע הויזן, הויכע שטיוול און געפלאָכטענע שטריק, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קעניג פון די טרעגערס. אַלע קאָנפליקטן ביי די טרעגערס פלעגן אָנקומען צו אורטשיקן. אַלע טענות און מענות פלעגן דורכגיין דורך זיין האַנט. האָט ער אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, איז עס געווען אַ געזעץ. קיינער האָט נישט געוואַגט זיך אַקעגנשטעלן אורטשיקן.

אָט דער פּראָסטער טרעגער האָט פאַרמאָגט אַ וואַרעם יידיש האַרץ און אַ הויכע נשמה. ער איז שטענדיק גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר אַ יידיש קינד. ווען די „נאָוואָבראַנצעס" פלעגן קומען אין שטאָט אַריין זיך שטעלן צום פּריזיוו, פלעגן זיי זיך איזדיעקעווען איבער די יידן, ראַבעווען ביי די מאַרק־יידענעס, באַרויבן די אָרעמע קליטקעס. זיי פלעגן דאַן ברעכן שטאָכעטן, מאַכן פייערן אין מאַרק, אַוועקנעמען טרעפּ פון די טירן און אָנמאַכן צרות אויף לאַנג צו געדענקען.

ברענגט איינמאָל אורטשיק אַ פּעקל טאַראַניעס צו דער קלייט פון בתיה דבורה־האָדלס שנור, און זעט ווי די קלייט איז באַלאַגערט מיט שקצים. אורטשיק לאָזט אַרונטער דעם פּאַק און נעמט אַרבעטן מיטן גראָבן שטריק איבער דער באַנדע. שטעקט אַריין צוויי פינגער אין מויל, טוט אַ סווישטש, און באַלד באַווייזן זיך נאָך טרעגער און מען צעברעכט די שקצים די ביינער. כאָטש זיי זענען נאָך געווען עטלעכע וואָכן אין שטאָט, האָט מען מער אַזעלכע אָנפאַלן נישט געהאַט. דאָס האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען אורטשיקן דעם טרעגער.

### אורטשיק באַווייזט זיין גבורה און ראַטעוועט די ערע פון אַ יידישער טאָכטער

די פּאָליאַקן נעמען אָפּ לויצק. די צעבושעוועטע סאָלדאַטן גיבן זיך אַ לאָז איבער דער שטאָט, ראַבעווען, שענדן און שיפּן אויף יעדן איינעם אין גאַס, אָן אַ פאַרוואָס. די פּאַניק איז גרויס, אַלע באַהאַלטן זיך אין די הייזער, פאַרריגלען די טירן, פאַרמאַכן די לאָדנס. די פויערים פאַרזאַמלען זיך אויפן מאַרק מיט די

גרויסע זעק, גרייט צו עפענען די בודקעס. דאָס דערזעענדיק, האָט אורקע טרעגער אָרגאַניזירט שטאַרקע יונגען: שלאָסער, סטאָלאַרעס, קצבים, שניידערס, שוסטערס, יעדן פון זיי באַזאָרגט מיט שטיקער האָלץ, מיט קאָטשעלקעס, אייזנס — און זיי האָבן זיך פאַרשטעקט אין זייטיקע געסלעך, וואַרטנדיק צו נעמען נקמה.

ס׳בושעווען פון די סאָלדאַטן איבער די הייזער האָט נאָכנישט אויפגעהערט. אין איינעם אַ הויז האָט אַ מאַמע זיך געשטעלט פאַרטיידיקן אירע צוויי טעכטער און זי איז שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן. איינע פון די טעכטער איז דורך אַ הינטערטיר בליץ־שנעל אַרויס פון הויז רופן מענדל פעלדשער צו ראַטעווען איר ליבע מוטער. אין גאַס איז קיין מענטש נישטאָ. ס׳איז שטיל. זי הערט דאָס קלאַפּן פון איר האַרץ, איר פּנים ברענט, די באַקן פלאַמען. די פיס שלעפּן זיך קוים. זי איז שוין אין מאַרק — אָט־אָט, און זי איז שוין ביי מענדל פעלדשער אין הויז. פּלוצעם באַווייזט זיך אַ באַנדע שקצים. דערזעענדיק די ידישקע האָבן זיי ווילד אויסגערופן: „זשידוווּקאָ, סטוּי!״ און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר, רייסנדיק פון איר די קליידער. אירע געשרייען האָט מען נישט געקאָנט הערן. נאָר אורקע טרעגער, וועלכער איז געווען אויף דער וואַך, האָט איר יאָמערלעך קול יאָ דערהערט. זיין האַרץ האָט אַ טיאָכקע געטאָן. די אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט. ווי אַ ווילדער טיגער האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צום פּלאַץ.

דערזעענדיק די ידישע כשרע נשמה זיך ווערן קעגן די בויאַנעס, האָט ער אַ פייף געטאָן אַזוי שטאַרק, אַז ס׳האָט דורכגעשניטן די לופט... ער האָט מיטן שטעקן געפּאָכעט איבער זייערע קעפּ. דערזעענדיק, אַז מען קומט אויף זיין רוף, האָט ער קונציק פאַרוואָרפן איבער זיי דעם שטריק, ענלעך ווי אַ הונט־שלעגער פאַרציט אַ פּעטליע איבער הינט, און געהייסן די אָנגעקומענע, אַז זיי זאָלן מיטן שטריק אַרומנעמען די באַנדע. אַליין האָט ער מיט זיינע גראָבע הענט צוגעדריקט ס׳מיידל צום האַרצן און געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט געראַטעוועט אַ כשרע נשמה פון טמא ווערן.

ניסן פירער

# ווי אַזוי די באָבע ביילע האָט געקעמפט מיט די כאַפּונעס

דער ווישקאָווער זיידע ר׳ נחום ע״ה איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1826 און איז געווען דער מיטלסטער זון פון פאַרמעגלעכע און פרומע עלטערן. אַ נאָמען האָט מען אים געגעבן נישט נחום נאָר אליהו ברב מאיר. זיין מאַמע, די עלטערבאָבע ביילע, האָט שוין צו יענער צייט געהאַט אַן עלטערן זון, וועמען מיר געדענקען אַלס דעם פעטער יעקב טשאַק. נאָכדעם איז געבוירן געוואָרן אַ דריטער זון — דער פעטער וואָלף „יאַראָוויצער״ — ריוועץ.

דער עלטערזיידע מאיר ריוועץ איז יונג געשטאָרבן און איבערגעלאָזט די באָבע ביילע אַלס יונגע אלמנה, מיט דריי קליינע בחורימלעך און אַ מיידל.

דער באָבע ביילע איז נישט באַשערט געווען קיין רויק לעבן. זי איז געווען אין אַ שטענדיקע מורא, אַז די „כאַפּונעס״ וועלן איר צונעמען אירע ביידע גראָטענע עלטערע זין און אַוועקשיקן אין די ניקאָלאַיעווסקע קאַנטאָנען, ווו מ׳האָט געמוזט דינען פון קינדוויז אָן 25 יאָר. אַ סך מאָל האָט זי געמוזט, פאַר שווערע געלטער, אויסקויפן אירע זין פון די „כאַפּונעס״. אָבער דאָס איז געווען בלויז אויף אַ שטיקל צייט, און באַלד האָט זי ווידער געפילט די געפאַר איבער די קינדערס קעפּ. איינמאָל האָט זי באַשלאָסן צו פאָרן צום ניעסוויזשער רבין זיך באַראַטן, וואָס וויטער צו טאָן. ווי פאַר יענע צייטן, איז זי נישט געווען קיין צו הייסע אָנהענגערין פון די צדיקים, נאָר וואָס טוט מען נישט פאַר קינדער? נאָך דערצו אַן אלמנה, וואָס האָט נישט מיט וועמען זיך צו עצהן און געפינען אַן אויסוועג אין דער צרה.

זי האָט געמאַכט אַלע הכנות צו דער רייזע און וועגן דעם קיינעם נישט דערציילט. אין אַ ווינטערדיקן טאָג האָט זי געהייסן דעם אָנטרייבער איינשפּאַנען די פערד און אים אפילו נישט געזאָגט גענוי וווהין ער דאַרף פאָרן, נאָר אים געוויזן מיט רמזים. זי האָט די דריי ייִנגלעך מיטגענומען מיט זיך אויפן שליטן, עטלעכע מאָל אָפּגעזאָגט „שמע ישראל״ ווי עס פּאַסט פאַר אַ כשרער ידישער טאָכטער, אַ קוש געטאָן די מזוזה און געהייסן דעם אָנטרייבער פאָרן פאַר זיך. נאָך אַ לאַנגער נסיעה אין טיפע שנייען, ווו מ׳האָט נישט איינמאָל געמוזט אַוועקטרייבן פון זיך די הונגעריקע וועלף — איז זי אין אַ שפּעטן פרימאָרגן אָנגעקומען צום רבין אויפן הויף.

מיט ביטערע טרערן האָט זי פאַרן רבין אויסגעגאָסן איר האַרץ. זי האָט אים דערציילט וועגן דער שרעק, וואָס זי לעבט אַדורך, זינט איר מאַן, מאירל, האָט זי איבערגעלאָזט אַ פינצטערע אלמנה מיט קליינע קינדער, די אייביקע שרעק טאָמער וועט מען איר, חס וחלילה, אַוועקכאַפּן די קינדער און אַוועקשיקן צו די סאָלדאַטן, ווו זיי קענען נאָך ר״ל אָפּגעשמדט ווערן. זי האָט נישט קיין רו נישט בייטאָג, נישט ביינאַכט. דער ״כאַפּון״ זלמן „זשידיטשענער״ ווערט אַלץ מער און מער חוצפּהדיקער.

ער וויל זיך שוין נישט באַגנוגענען מיט געלט אַליין. זי האָט נישט מיט וועמען זיך צו ראַטן און ביי וועמען צו זוכן אַן אויסוועג אין איר לאַגע. דערפאַר ווענדעט זי זיך צום רבין מיט דער פראַגע: וואָס זאָל זי טאָן?

דער רבי האָט איר געזאָגט, אַז זי זאָל זיך באַרויקן, דערווייל צוריקגיין אין דער אכסניה און קומען צומאָרגנס נאָכן דאַווענען. זי איז אַרויס פונעם רבינס חדר און געהאַלטן אין איין וויינען, אָבער דאָס איז שוין געווען אַן אַנדער וויינען — זי האָט שוין געוויינט מיט אַ לייכטער געמיט.

אויפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, האָט זי אויפגעוועקט די קינדער, זיי אָפּגעוואַשן און אָנגעטאָן. די עלטערע צוויי זין האָבן זיך גענומען צו דער גמרא, און זי אַליין מיטן קלענסטן יינגל, וואָלף, האָבן זיך גענומען זאָגן תהילים... און ווי נאָר זי האָט באַמערקט, אַז חסידים גייען שוין פון דאַווענען, איז זי אַוועק צום רבין און מיטגענומען מיט זיך די צוויי עלטערע זין.

ביים רבין האָבן שוין געוואַרט ביי אַ מנין מענטשן. דער שמש האָט אַריינגערופן ביידע יינגלעך צום רבין, וועלכער האָט זיי רויק דערקלערט, אַז אין עטלעכע מינוט אַרום וועלן זיי שוין נישט זיין קיין ברידער; זיי וועלן פאַרשריבן ווערן אַלס געשטאָרבענע און זיין צעשיידט איינער פון צווייטן אַ לאַנגע צייט. ס׳הייסט אָבער נישט, אַז זיי וועלן שטאַרבן, ניין, חס וחלילה. זיי וועלן נאָך לאַנג־לאַנג לעבן. דאָס טוט מען נאָר דערפאַר, אַז ביי דער מוטער זאָל זיין פאַרשריבן בלויז איין זון, דער קלענסטער. באַלד איז דער מנין יידן אַריינגערופן געוואָרן אין רבינס חדר. די יינגלעך האָט מען איינגעוויקלט אין טליתים און יעדן איינעם געגעבן אַנדערע נעמען. דעם עלטערן האָט מען אַ נאָמען געגעבן „יעקב טשאַק“, נאָך אַ יינגל פון אַ דאָרף לעבן טראַוועץ, וועלכער איז געווען אַן איין־און־איינציקער זון ביי די עלטערן, נאָר ער איז, נעבעך, מיט אַ קורצער צייט צוריק געשטאָרבן. דעם יינגערן ברודער ד. ה. דעם זיידן, האָט מען אַ נאָמען געגעבן „נחום פירער“, אויך נאָך אַ יינגל, אַן איין־און־איינציקער ביי זיינע עלטערן, וואָס איז מיט אַ האַלב יאָר צוריק געשטאָרבן. אַזוי אַרום האָבן ביידע יינגלעך באַקומען די רעכט פון „פּיערוויעלגאָטי“ און זענען געווען באַפרייט פון מיליטער. זיי האָבן באַקומען אַ שטרענגן אָנזאָג צו פאַרגעסן זייערע אַלטע נעמען און פאַמיליע־נעמען און קיינעם וועגן דעם נישט דערציילן. דער באָבע ביילע האָט ער אָנגעזאָגט, אַז קומענדיק אַהיים זאָל זי מעלדן, אַז אירע ביידע עלטערע זין זענען אויפן וועג געשטאָרבן. וואָלף, דער קלענסטער, זאָל בלייבן ביי איר און ווי אַ בן יחיד וועט ער זיין פריי פון מיליטער.

און אין דער זעלבער צייט האָבן 2 בעלי עגלות צעפירט ביידע קינדער צו די באַשטימטע נייע היימען. די צוויי משפחות, צו וועלכע די קינדער זענען איבערגעפירט געוואָרן, זענען פשוט אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער באָבען מיט פרנסה.

די זין האָבן דאָרט אָפּגעלעבט זייערע יאָרן און אין טיפן עלטער דאָרט געשטאָרבן.

אַ געוויסע צייט האָט די באָבע ביילע געוווינט צוזאַמען מיט איר קלענסטן זון וואָלף. און ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט דער מיוחסת רחלע, דעם לויצקער רבינס טאָכטער, האָט זי איר מאַיאָנטעק אַוועקגעגעבן דעם פעטער וואָלף און אַליין זיך איבערגעטראָגן קיין טאָרטשין, צו דער טאָכטער חנה. ווען חנה איז געשטאָרבן אין עטלעכע יאָר אַרום איז די באָבע געקומען וווינען צום זון נחום, ווו זי איז געווען ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן.

לויט אונדזערע אויסרעכנונגען איז זי געבוירן געוואָרן אין יאָר 1798; געשטאָרבן איז זי אין יאָר 1904. ס׳הייסט, אַז זי האָט געלעבט 106 יאָר. ווען זי האָט שוין געהאַט זיך באַפרייט פונעם עול פרנסה און די קינדער אירע זענען שוין געווען זעלבשטענדיק, איז זי געווען ביי איר זון נחומטשע, דעם ווישקאָווער זיידן, וועלכער האָט זי ערלעך געהאַלטן און געשעצט. אין איר טיפן עלטער איז זי שוין גאַנצע טעג און נעכט געשלאָפן. אַרום מיטוואָך, אָדער דאָנערשטיק פלעגט זי זיך אויפכאַפּן און דאַן רופן איר זון: „נחומטשע, נחומטשע, ס׳איז שוין ערב שבת, מ׳דאַרף בענטשן ליכט“! אונדזער זיידע פלעגט זי דאַן נעמען אויף די הענט, זי צוטראָגן צום שבת־געדעקטן טיש, און זי האָט געצונדן די שבת־ליכט. זי פלעגט דאַן יעדן איינעם פון אונדז בענטשן און מיט הייסער ליבשאַפט אַלעמען זאָגן: גוט שבת.

**אהרון קאַרלין** / ניו־יאָרק

# א. לוצקי

באַלד ווי אהרון צוקער (שפּעטערדיקער א. לוצקי) האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ליד אין אַמאָליקן „טאָגבלאַט“, האָט ער זיך באַוויזן אין קאַפע־הויז, ווו יידישע שרייבער פלעגן זיך צוזאַמענגעקומען. דאָס איז געווען אין יאָר 1917. אברהם רייזען, וועלכער איז דאַן געזעסן אין קאָפע־הויז צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע שרייבער, האָט אים צוגערופן און באַקאַנט מיט זיינע חברים. ער האָט דערביי געלויבט זיין אָפּגעדרוקט ליד. זייט דאַן האָבן מיר געשלאָסן אַ באַקאַנטשאַפט, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן ביזן סוף פון זיין לעבן.



א. לוצקי

אהרון צוקער האָט דאַן געוווינט אַלס „באָרדער“ ביים דיכטער י. אַדלער, וועלכער האָט דאַן מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס“. אַלס בחור, האָב איך זיך אויך אַריינגעצויגן צו אַדלערן.

אויף דער געמיינזאַמער וווינונג פלעגט אהרון צוקער פאַרלייענען פאַר אונדז זיינע לידער. איינמאָל האָט אַדלער גענומען זיינע אייניקע לידער און זיי געוויזן דעם דעמאָלטדיקן רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס“ אב. קאַהאַן, וועלכער האָט, אַדורכלייענענדיק זיי, אויסגעדריקט דעם ווונטש צו זען פערזענלעך דעם מחבר פון די לידער.

פונעם ערשטן געשפּרעך צווישן זיי איז אַנטשטאַנען דער פּסעוודאָ: א. לוצקי, ווייל, ווי האָט געזאָגט אב. קאַהאַן, דער „פאָרווערטס“ דרוקט נישט קיין נאָמען פון אַ שרייבער, וואָס האָט זיך געדרוקט אין אַן אַנדער צייטונג. אַזוי אַרום איז געבוירן געוואָרן זיין נייער פּסעוודאָ.

יעדן שבת פלעגט אין „פאָרווערטס“ דערשיינען אַ ליד פון א. לוצקי און יעדן זונטיק — פון אברהם רייזען. זיי זענען, אָבער, חלילה, נישט געווען צווישן זיך קיין קאָנקורענטן. א. לוצקי איז געווען אַ צו גרויסער פאַרערער פון אברהם רייזען, בכדי צו זיין אייפערזיכטיק. פאַרקערט, זיי זענען געוואָרן צווישן זיך גוטע פריינד.

א. לוצקי האָט אָבער נישט געהאַט קיין גרויס נחת פון זיינע דעמאָלטדיקע לידער, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „פאָרווערטס“. בכלל גענומען האָט מען זיך נישט באַצויגן צו די „יונגע“ דיכטער מיט קיין איבעריק גרויסער סימפּאַטיע. מ'האָט אים, לוצקין, פאָרגעוואָרפן, אַז זיינע לידער זענען נאָכקאָפּירט פון אברהם רייזען, כאָטש דער לעצטער האָט זיך באַמיט אים צו פאַרטיידיקן און פאָרויסזאָגן אַ צוקונפט פון אַן אָריגינעלן דיכטער.

אין יאָר 1918 איז לוצקי מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. פאַרן אָפּפאָר פון ניו־יאָרק קיין אייראָפּע האָט לוצקי איבערגעגעבן זיין פריינד רייזענען אַ פּעקל לידער און אים געבעטן, אַז ער זאָל זיי אַרויסגעבן אין אַ בוך־פאָרם. דאָס איז אָבער קיינמאָל נישט געשען. אברהם רייזען האָט טאַקע געטאָן אַלץ, וואָס אין זיינע מעגלעכקייטן, בכדי זיי זאָלן דערשיינען אין בוך. ס'קאָן מעגלעך זיין, אַז דערין איז אויך שולדיק לוצקי אַליין, וועלכער האָט פון אייראָפּע געשריבן, אַז אין דער איצטיקער צייט דאַרף מען שרייבן אַנדערע לידער, ווי די, וואָס ער האָט געגעבן רייזענען צום דרוק. אַזוי, אַז צוריקקומענדיק פון אייראָפּע האָט ער זיי צוריקבאַקומען אין אַ האַלבאויסגעזעצטער פאָרם, אָבער נאָכנישט פאַרטיקע צום דערשיינען.

לוצקי האָט שוין דאַן אָנגעהויבן צו שרייבן גאָר אַנדערע לידער.

אין יאָר 1919 האָב איך, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע יונגע דיכטער, געגרינדעט דעם זשורנאַל „די פעדער“. איך בין געווען רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל. מיינע מיטאַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין גרויסע אַספּיראַציעס. זיי האָבן נאָר געוואָלט געפינען אַ טריבונע, ווו צו פאַרעפנטלעכן זייער ליטעראַרישע שאַפונגען. איך אָבער האָב געהאַט די אַמביציע צו פאַרוואַנדלען די אויסגאַבע אין אַ וויכטיקן ליטעראַרישן זשורנאַל. האָב איך דעריבער זיך באַמיט צוצוציען פיל שרייבער, עלטערע און יונגע. אויך לוצקין האָב איך איינגעלאַדן מיטצואַרבעטן. זיינע נייע לידער האָט דער „פאָרווערטס“ און אַנדערע צייטונגען נישט געוואָלט דרוקן, אָבער פאַר דער „פעדער“ זענען זיי געווען ווי צוגעפּאַסט. זיי האָבן טאַקע אַרויסגערופן באַוווּנדערונג ביי יידישע שרייבער און דיכטער. אויך פון די נייע לידער האָט ער נישט געהאַט

קיין גרויס נחת. די יונגע גרופּע דיכטער, וואָס האָט זיך אָנגערופן „אינזיכיסטן“, האָט אים נישט געוואָלט אָנערקענען. זייער רוגזה קעגן לוצקין איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אין קאַפע „יוראָפּ“ האָבן זיי אין טיש געקלאַפּט און געשריגן, אַז „מען טאָר אַזעלכע לידער, ווי זיינע, נישט דרוקן אין קיין ליטעראַרישן זשורנאַל“.

לוצקי האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת־נפש. אַן אָנדייטונג וועגן דעם האָב איך געפונען, ווען כ׳האָב זיך געגריבלט אין זיינע מאַטעריאַלן, ביים אַרויסגעבן זיין לעצט בוך לידער, איידער ער איז פון אונדז אַוועק. אין אַ נאָטיץ שרייבט לוצקי: „די יונגע פּאָעטן האָבן געהאַלטן מיינע לידער פון פאַר דער מלחמה פאַר צו אַלט און די לידער פון נאָך דער מלחמה פאַר צו יונג, צופיל ניי. עפּעס שרייב איך נישט ווי מ׳שרייבט — האָבן זיי געטענהט. וואָס הייסט, אַ בחור דערלויבט זיך אַזעלכע אַנדערשקייטן?“

אָבער טאַלאַנט ווערט דאָך, סוף־כל־סוף, אָנערקענט.

אונדזער זשורנאַל „די פעדער“, ווו ס׳האָבן זיך געדרוקט די לידער פון לוצקין, האָט באַקומען אַ בריוו פון בעל־מחשבות, אַדרעסירט צום י. ל. פּרץ ־פאַראיין אין ניו־יאָרק, אין וועלכן ער האָט, צווישן אַנדערן, אויך געשריבן:

„גיט איבער אַ גרוס דעם ווונדערלעכן דיכטער א. לוצקי, וועמען איך לייען אין „די פעדער“. דער דאָזיקער בריוו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַלע טעגלעכע צייטונגען פון ניו־יאָרק און געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און גלייכצייטיק איינגעשטילט די אַטאַקעס פון די „יונגע“ אויף לוצקין. דאָס האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך צו דרוקן אין פאַרשידענע זשורנאַלן, ווי „צוקונפט“, „שריפטן“ א. א. וו.

צום שבח פון לוצקין דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז טראָץ די ליבגעזאַנגען אויף זיין חשבון, האָט ער בכלל פון זיך נישט געבלאָזן, ווי ס׳האָבן געטאָן אַנדערע דיכטער, וועלכע האָבן דעביוטירט אין „די פעדער“. לוצקי האָט נישט איבערגעריסן מיט „די פעדער“ דעם אָנגעבונדענעם קאָנטאַקט און אין איר מיטגעאַרבעט זיין גאַנץ לעבן.

אין זיינע פאַרצייכענונגען האָב איך געפונען אַ זייער אינטערעסאַנטע נאָטיץ, לויט וועלכער מ׳קאָן זיך אָנשטויסן, אַז ער האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז עמעצער אַנדערש און נישט ער, וועט דאַרפן פאַרענדיקן צום דרוק זיין בוך לידער. און אָט וואָס ער שרייבט:

„צוצושטעלן צו אהרן קאַרלינס פּאָרטרעט אין סאַמע אָנהויב: אהרן קאַרלין איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געוואַגט אויף זיין אייגענע מבינות צו דרוקן מיינע נייע לידער, ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון די „טרענטשעס“ אַלס סאָלדאַט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי“.

נישט אַלע דיכטער האָבן געהאַט דעם מוט זיך אויסצודריקן וועגן זייערע ערשטע געדרוקטע לידער אין „די פעדער“, ווי דאָס האָט געטאָן א. לוצקי.

זייער ווייניק מענטשן האָבן געוווסט, אַז לוצקי איז געווען בלינד אויף איין אויג. און געשען איז עס ווען ער איז שוין אַהיימגעפאָרן אויף דער שיף, פון אייראָפּע. ער האָט, צוליב עפּעס, באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ פון זיין סערזשאַנט אין אויג, וואָס איז אינגאַנצן בלינד געוואָרן. ער האָט אַפילו וועגן דעם אָנגעשריבן אַ ליד, וואָס האָט זיך אָפּגעדרוקט אין „די פעדער“.

ער האָט זיך פאַר קיינעמען נישט פאַרקלאָגט און אפילו זיך נישט געוועןדעט צו דער רעגירונג וועגן אָנטשעדיקונג.

אין זיין ליד, צי אימפּראָוויזאַציע, וועגן די פּאַסאַליעס, וואָס קאָכן זיך אין טאָפּ, איז געשילדערט די מלחמה, ווי ער, לוצקי, האָט זי געזען. זיינע מלחמה־איבערלעבענישן האָבן אים באַוויגן צו שרייבן גאָר אַנדערע לידער, ווי די דיכטער, וועלכע האָבן די דאָזיקע מלחמה נישט אַדורכגעמאַכט. אויך דער אַמעריקאַנער דיכטער וואלט וויטמאן האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אַנדערע לידער נאָכדעם ווי ער האָט אַדורכגעמאַכט די מלחמה צווישן די פאַרשידענע שטאַטן. דאָס האָבן די קריטיקער פון לוצקי פון אויג אַדורכגעלאָזט. זיי האָבן אויך זיך נישט געוואָלט גריבלען אין לוצקיס אַרט לעבן און אין זיינע פרנסה־קוועלן א. א. וו.

נאָכן אומקערן זיך פון די „טרענטשעס“ איז לוצקי געווען אָן מיטלען צום לעבן. ער האָט קיין פאַך נישט פאַרמאָגט און נישט געוואָלט האָבן. האָט ער אָנגענומען אַן אַרבעט אין אַ פירמע, ווו ער האָט אָנגעפילט פלעשלעך מיט כשרן אייל און זיי פאַרקויפט אין די יידישע שפּייז־קראָמען. דערנאָך האָט ער אָנגענומען אַ שטעלע אין אַן אַרבעטער־רינג, ווו ער האָט מיט קינדער געלערנט שפּילן פידל.

נאָכדעם ווי לוצקי האָט זיך אָנגעפאַרטיקט מיט זיינע פּראָפעסיאָנעלע באַשעפטיקונגען פלעגט ער קומען אין קאַפע־הויז, ווו ס׳האָבן זיך טאָגטעגלעך געפונען די יידישע שרייבער און דיכטער. ער פלעגט זיך אַוועקזעצן ביים טיש נעבן אברהם רייזען און זיך נעמען מאָלן פאַרשידענע קרעאַציעס. רייזען פלעגט אים דערביי צוגעבן מוט אין זיין מאָלעריי. אַזוי זענען אומבאַמערקטערהייט געבוירן געוואָרן אַזעלכע קאָמפּאָזיציעס, ווי „ביים רבינס טיש“, „אַ חתונה אין שטעטל“ א. א. וו. מ׳האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען „אימפּראָוויזאַציעס“.

איינמאָל איז איינגעפאַלן אַ יידן, וואָס פלעגט ליב האָבן זיך צוצושפּאַרן צום טיש ווו לוצקי איז געזעסן און געפּראַוועט זיינע „שטיק“, אַז מ׳דאַרף לוצקיס טאַלאַנט מפרסם זיין. געזאָגט און געטאָן. מ׳איז אַוועק אין בראָדוויי סענטראַל־האָטעל, דאָרט געדונגען אַ גרויס צימער, איינגעלאַדן די פּרעסע־מענטשן, קינסטלער און מ׳האָט אַלעמען געוויזן זיינע צייכענונגען און בילדער.

אין דער פּרעסע זענען דערשינען פיל אָפּשאַצונגען, וועלכע האָבן געלויבט לוצקיס טאַלאַנט צו מאָלן טיפּן און סיטואַציעס. ד״ר מוקדוני האָט לוצקין, אין אַן אַרטיקל אין „מאָרגן־זשורנאַל“, באַצייכנט אַלס אימפּראָוויזאַטאָר. און ביי דעם נאָמען איז ער געבליבן. זיינע שאַפונגען זענען אָנגערופן געוואָרן אימפּראָוויזאַציעס.

אַ נאָך גרעסערן לויב האָט לוצקי פאַרדינט ביי די אָנגעזעענע אַרטיסטן, ווי רודאָלף שילדקרויט, גרעטאַ מייער, דזשעני וואליער, יעקב אַדלער, מאָריס שוואַרץ א. א. זיי האָבן אים פּשוט מקנא געווען פאַר זיינע אַרטיסטישע זשעסטיקולאַציעס. קיין אַקטיאָר איז אָבער לוצקי נישט געוואָרן, ווייל ער האָט נישט ליב געהאַט נאָכצורעדן עמעצן אַנדערשס ווערטער. ער האָט נאָר ליב געהאַט צו אימפּראָוויזירן זיינע אייגענע ווערטער.

ווען לוצקי פלעגט דאַרפן אויפטרעטן מיט זיינע אימפּראָוויזאַציעס, פלעגט ער אויסליידיקן זיינע קעשענעס פון אַלע גשמיותדיקע זאַכן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען ווי צ. ב. ש. דאָס ביסל קליינגעלט, ס׳זייגערל, די פעדער א.א.וו. — גלייך

ווי ער האָט זיך געוואָלט אויסטוען פון אַלע גשמיותדיקייטן און זיין ריין נאָר פאַר רוחניות. די אַלע זאַכן פלעגט ער איינ־וויקלען אין אַ טאַשנטיכל און עס איבערגעבן זיינס אַ ידיד, וועלכן ער פלעגט שטענדיק מיט זיך מיטנעמען צו יעדן אַרויס־טריט. יענעם פלעגט ער צאָלן פאַר דער רייזע־הוצאה מיט פולשטענדיקער אויסהאַלטונג. אַזוי האָט ער זיך געפירט ווען ער פלעגט דאַרפן אַרויסטרעטן אויף אַ קאָנצערט, אויף אַ שמחה ביי אַן אַרבעטער־רינג ברענטש, צי אַ צווייג פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. איבערהויפּט האָט לוצקי ליב געהאַט צו האָבן אַרום זיך פאַרערער, וואָס זאָלן מיט אים מיטגיין.

לוצקי האָט געהאַט פאַרערער נישט נאָר צוליב זיין טאַלאַנט, אַלס דיכטער און אימפּראָוויזאַטאָר, נאָר אויך אַלס מענטש. ער פלעגט שטענדיק ליב האָבן עמעצן אַרויסהעלפן אין אַ נויט. אין פיל פאַלן האָט ער יענעמס נויט אַרויסגעפילט בחוש. ער פלעגט דאַן שטילערהייט יענעם אַריינלייגן אין טאַש אַ פּאָר דאָלאַר. אַזוי אַרום האָט לוצקי צעטיילט צווישן פאַראָרעמטע שרייבער מער געלט ווי אַלע אַנדערע שרייבער, חוץ פאַרשטייט זיך, פון רייכענען.

לוצקי האָט זייער ליב געהאַט זיך איינצוקויפן פאַרשידענע צאַצקעלעך, זיך מיט זיי שפּילן. און אויב האָט ער באַמערקט, אַז עמעצער פון די שרייבער האָט אַ חשק צו אַזאַ צאַצקעלע, האָט ער עס אים גערנוויליק אַוועקגעגעבן. צו דעם צוועק פלעגט ער זייער אָפט באַזוכן די גרויסע „דעפּאַרטמענט־סטאָרס" און דאָרט איינקויפן פאַרשידענע אַדרעסן־ביכלעך, פעדערס, ביכעלעך אויף צו שרייבן נייע לידער, לעדערנע טאַשע־לעך א. א. וו.

לוצקי איז געווען אַן אמתער באָהעם־מענטש. ער פלעגט אין די קאַפע־הייזער, ווו ס׳פלעגן זיך פאַרזאַמלען שרייבער, אָפּזיצן טעג און נעכט. לוצקי איז שטענדיק געווען רויק און קאָרעקט, אַפילו ווען עמעצער פלעגט אויף אים, צוליב וואָס ס׳זאָל נישט זיין, אָנפאַלן. ער פלעגט אויך דאָ בלייבן רויק, גלייך ווי ער וואָלט זיך געוווּנדערט אויף יענעמס נאַרישקייטן.

געוויינלעך פלעגן זיך אַרום לוצקין פאַרזאַמלען פיל שריי־בער און סתם פאַרערער, בכדי צו הערן פון אים זיינע גייסט־רייכע געדאַנקען און זיך איינקוקן אין זיינע וווּנדערלעכע אימ־פּראָוויזאַציעס. ליידער איז שוין היינט דער קאָנצערט געבער לוצקי נישטאָ צווישן אונדז!

איבערגעדרוקט פון בוך: פון אַלדאָס גוטס, פון א. לוצקי. אַרויסגעגעבן פון א. לוצקי־בוך־קאָמיטעט, פאַרלאַג „די פעדער" 1958.

**א. לוצקי**

# כבוד דעם געוועזענעם

אַמאָל האָט ער געפירט.
אַמאָל האָט ער גערוישט.
אַמאָל.

אמת איז — ער איז נאָך דאָ.
נאָר ער פירט שוין נישט.
נאָר ער רוישט שוין נישט.

מיט אים איז שאַ.

אַזוי ווי איינמאָל נישט.
אַזוי ווי קיינמאָל נישט.

— רופט אים אויף!
דערמאָנט אים!
זעצט אים אויבנאָן!
זאַמלט זיך צוזאַמען!

בלעטערט אויף זיין יוגנט
מיט אַ ווערטער־פעכער
העכער העכער!

„אַמאָל האָט ער געפירט"!
„אַמאָל האָט ער געשפּילט"!
„אַמאָל האָט ער גערוישט"!

דער אַלטער וועט עס הערן,
וועט ער מיינען ס׳איז נאָך היינט...

זיין פּנים וועט אייך ווייזן
ווי די יוגנט אויף אים שיינט.

דאָס געשאַלן וועט אים שטראַלן,
ווי נביאות טיף אין זיך:
דער אַמאָל איז נישט פאַרפאַלן!
איך — בין נאָך איך!...

מ. שטערנפעלד / קאַנאַדע

# זכרונות פון דער אַלטער היים

ס׳טויכן אויף אין מיין זכרון טייערע בילדער פון אונדזער אומפאַרגעסלעכער היימשטאָט לוציק. ס׳שוועבן פאַרביי געשטאַלטן פון מענטשן וואָס לעבן שוין נישט ס׳רוקן זיך פאַרביי מיין פאַנטאַזיע גאַנצע גאַסן און געגנטן, וואָס זענען אַזוי טיף איינגעבאַקן אין מיין געמיט. אָט זע איך די גרויסע מסירות־נפש פון דער פאַרשידנאַרטיקער פלעיאַדע טוער אין כלערליי וווילטעטיקע אינסטיטוציעס, ווי לינת־הצדק, הכנסת־אורחים, בית־לחם א. א. דער פשוטער אַרבעטסמענטש, וועלכער איז אַליין נישט געווען איבעריק סיטואירט, האָט דאָך געהאַט אַ מאָראַלישע פליכט זיך צו זאָרגן וועגן די יעניקע שכנים און שטאָט־איינוווינער, וועמענס מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אין לשער און מ׳האָט זיי געמוזט אַרויסהעלפן אין אַן עת צרה. דאָס איז געווען אין די וואָכעדיקע טעג און, על אחת כמה וכמה אין די שבתדיקע טעג. וואָס קען זיין טייערער, ביי אַ יידן, ווי דער ענוג־שבת אין קרייז פון דער אייגענער משפחה? און דאָך, מיט וואָסער מסירות־נפש האָט מען זיך פאַרנומען מיט באַזאָרגן אָרעמע יידן מיט אַ שטיקל ברויט, אָדער פרישער חלה אויף שבת און יום־טוב? אָט גייען יידן אַהיים פון דאַווענען, יעדער איינער צו זיין משפחה, בכדי צו פאַרברענגען אין רו דעם הייליקן שבת. געווען אָבער יחידים, וואָס האָבן זיך נישט אומגעקערט אַהיים, נאָר אָנגעהויבן צונויפזאַמלען ביי יידן ברויט און חלה, בכדי עס איבערגעבן די, וועלכע זענען נישט געווען בכוח צו קויפן אויף שבת די דאָזיקע פראָדוקטן. זיי האָבן גענומען די אָנגעגרייטע קאָשיקעס אויף די פלייצעס און געזאַמלט ביי יידן, וואָס איינער איז נאָר געווען בכוח צו געבן. און יידישע פרויען האָבן פון זייערע שבת־ און יומטוב־געבעקסן ספּעציעל צוגעגרייט אַ געוויסע טייל פאַר אָרעמע לייט און מיט פרייד אַנטקעגנגעטראָגן די, וואָס זענען צו זיי געקומען צונויפצוזאַמלען די דאָזיקע נדבות. און ווען מ׳האָט שוין, ווי ס׳איז פאַרזאָרגט די אָרעמעלייט מיטן מינימאַלסטן — האָט מען שוין געקאָנט גיין אַהיים און אָפּעסן ביי זיך די שבתדיקע, אָדער יום־טובדיקע סעודה.


מ. שטערנפעלד

איז זיך געווען אין לוציק אַזאַ באַשיידענער ייד, ווי יחיאל איינבינדער ע״ה. פון פאַך אַ סטאָליער, אָבער מיט דער צייט האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט און צוגעקומען צו אַן אייגן מעבלגעשעפט אויף יאַגעלאָנסקע־גאַס. דער דאָזיקער ייד קאָן אונדז דינען ווי אַ מוסטער פון אַן עסקן העוסק בעניני ציבור שלא על מנת לקבל פרס. אַ לאַנגע צייט געווען דאָזאָר אין קהילה, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון סוחרים פאַראיין אין לוציק, מיטגעאַרבעט אין דער געזעלשאַפט „גמילת חסד כללי״. ער האָט זיך איינגעשאַפן אין לוציק, ספּעציעל צווישן די גבירים, פיל שונאים, ווייל אויב ס׳איז געשטאָרבן אַ ייד, אַ גביר, וועלכער האָט ביים לעבן נישט געוואָלט זיך לאָזן קאָסטן פאַר עניני ציבור, האָט ער שוין דערפאַר באַצאָלט, מיט אַ צולאָג, נאָך זיין טויט.

יחיאל איינבינדער פלעגט נישט איין מאָל פאַרנאַכלעסיקן זיינע אייגענע געשעפטן און זיך פאַרנעמען מיט קהלס ענינים. צוזאַמען מיט אברהם יידל שאַפּירא איז ער אַוועקגעפאָרן אין אַ דעלעגאַציע, בכדי אַראָפּצוברענגען קיין לוציק דעם לעצטן רב הכולל הרב זלמן סאָראָטשקין שליט״א.

ווילט זיך דערמאָנען די אַלע מיט וועלכע ס׳איז אויסגעקומען צוזאַמען צוצולייגן אַ שטיין נאָך אַ שטיין צום געזעלשאַפטלעכן בנין, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען יידיש לוציק. אַזאַ ייד איז געווען משה קיפּערמאַן, וועלכער איז געווען טעטיק אין פיל יידישע אינסטיטוציעס, ווי ער האָט אויסגעפירט זיין שליחות בשלימות און מיט דער גרעסטער עקשנות. דאָס איז געווען אין סוחרים־פאַראיין, אין „באַנק קופּיעצקי״ אין „לינת הצדק״, און אַלס איינער פון די איבערגעגעבנסטע טוער אין דער גרויסער שול פון לוציק.

דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן נחום קלעפּקע ע״ה, וואָס איז געווען אַן עוסק בתורה ימים ולילות און נאָך פיל, פיל ערלעכע און אויפריכטיקע יידן, ווי למשל: די „ליטוואַקעס״ — צוויי ברידער שמואל און נחמיה גאָלדבערג, יצחק קרוין, קלמן גאָלדבערג, משה גליקליך, מאיר קרוינשטיין, משה ביק, יצחק משה באטשאר א.א.וו. צוזאַמען האָבן מיר מיטגעאַרבעט אין דער שול־פאַרוואַלטונג. מיר האָבן דאַן צוגעגרייט אַן אינווענטאַר־בוך פונעם פאַרמעגן פון דער שול. 72 ספרי־תורה זענען דאַן געווען אינעם פאַרמעגן פון דער שול מיט זייערע 60 פּרוכתן, טייערע אַנטיקן, צווישן וועלכע אַ טייל איז געווען פון מיט העכער 100 יאָר צוריק. מיט אָט די פּרוכתן האָט מען הושענה רבה באַצירט די ווענט פון דער שול. דאָס איז געווען אַ באַשיינונג פאַר דער יידישער קהילה אין לוציק — ענלעך צו אַ צירונג, וואָס ווערט אויסגעפּאַקט לכבוד אַ גרויסער שמחה· און פונקט ווי צירונג, וואָס אַ יידישע פרוי האָט באַקומען בירושה פון אירע עלטערן און זיידע־באָבע, דערציילט וועגן דער רייכער און שיינער פאַרגאַנגענהייט פון אירע עלטערן און אורעלטערן — אַזוי אויך האָבן די באַצירטע פּרוכתן אונדז דערציילט וועגן אַ רייכער און הערלעכער פאַרגאַנגענהייט פון אַ יידישער קהילה אין פּוילן. זיי האָבן דערציילט פון זייער אָפּשטאַם און גרויסן יחוס.

געווען איז דאָס שוין לאַנג, ווען לוציק האָט געדינט ווי אַ רייכער האַנדלס־צענטער. די אַרומיקע פּריצים זענען געשטאַנען אין גוטע האַנדלס־באַציונגען מיט די אַרומיקע יידישע

תבואה־סוחרים. די אַטמאָספער איז נאָכנישט געווען אַזוי פאַרסמט מיט אַנטיסעמיטיזם, ווי אין די שפּעטערדיקע יאָרן און יידן האָבן געהאַט פּרנסה בשפע. אין יענער תקופה האָבן זיך אין פאָדערגרונט פון יידישן לעבן אין לויצק אַרויסגערוקט אַזעלכע עסקנים ווי קלמן פרישבערג, לאָזער דאַל, יוסף זשיטין. פרישבערג איז אַ לאַנגע צייט געווען פּרעזעס פון דער יידישער קהילה; זשיטין האָט זיינע טעג און נעכט געווידמעט דעם יידישן שפּיטאָל אין לויצק; וועגן לאָזער דאַל האָט מען געזאָגט, אַז „צאַלע מיאַסטאָ נאַ מאָיעי גלאָוויע" (די גאַנצע שטאָט איז אויף מיין קאָפּ).


ד"ר אליהו בראָנבערג

אין יענער צייט זענען פאָרגעקומען וואַלן צום סענאַט. ס'זענען געווען צוויי קאַנדידאַטן: דאל און ד"ר בראָנבערג. ווען דאַל איז נאָך אַ העפטיקן וואַל־קאַמף אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דער איינציקער סענאַטאָר פון וואָלין, האָט מען אין געוויסע קרייזן געטראַכט, אַז די דאָזיקע שליחות קומט אים, ער איז טאַקע — לויט מיר — געווען אַ ווירדיקער פאָרשטייער פון די וואָלינער יידן..

ווילט זיך מיט וואַרעמע ווערטער דערמאָנען דעם רעדאַקטאָר פון דער „וואָלינער פּרעסע" שמואל כאַזאַן ז"ל, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַלגעמיין־יידישע ענינים אין לויצק. אַדאַנק זיין אומדערמידלעכער ענערגיע האָט ער באַוויזן צונויפצוזאַמלען אַרום זיך אַ באַדייטנדיקע גרופּע יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן מיט ראַט און טאַט, מיט אַן עצה און ערלעכער קריטיק אויפגעשטעלט אַ טריבונע, פון וועלכער מ'האָט געהערט יעדע וואָך די שטימע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. האָט זיך טאַקע „די וואָלינער פּרעסע" פאַרוואַנדלט אין אַן אַדרעס פאַר די אַלע לויצקער, וואָס זענען געווען געצוווּנגען אויסצוואַנדערן פון דער היימשטאָט. די דאָזיקע צייטונג איז געוואָרן די בריק, וועלכע האָט פאַרבונדן די ברידער פון מעבר לים מיט דער אַלטער היים.

וועגן שמואל כאַזאַן האָט זיין אייגענער פאָטער, זעליק שוחט ע"ה, זיך געהאַט אויסגעדריקט — ווען מ'האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זיין זון לאָזט זיך נישט וואַקסן קיין באָרד — ס'שאַט נישט, אפילו אָן אַ באָרד וועט ער אויך זיין אַ גוטער ייד, ער שטאַמט פון אַ גוטער זרע!

ווען איך בין אין יאָר 1932 אָפּגעפאָרן פון לויצק קיין פּאָרטוגאַל, האָט כאַזאַן מיך געבעטן, אַז כ'זאָל שרייבן פון דער פרעמד. כ'האָב עס טאַקע געטאָן. מיינע רייזע־באַשרייבונגען און קאָרעספּאָנדענצן פון דער פרעמד זענען אָפטמאָל געדרוקט געוואָרן אין דער „וואָלינער פּרעסע". דערמיט האָב איך אַ לאַנגע צייט אָנגעהאַלטן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט דער אַלטער היים.

די אַלע, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן פריצייטיק, אָדער נאָרמאַל געשטאָרבן אין זייערע בעטן, אָבער וועלכע זענען שוין נישטאָ צווישן אונדז — זיי אַלע זענען נאָך ביים הייניטיקן טאָג אַ לעבעדיקער ביישפּיל פון אומדערשראָקענער און איבערגעגעבענער עקשנותדיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט לטובת הכלל.

# דער עברית־לערער חיים חלף


חיים חלף


חיים חלף אויף אַ לעקציע אין דער פּוילישער גימנאַזיע.
אין צענטער פון דער ערשטער ריי — פיניע קאַרטין (אנדזשיי שמידט)

**אבא קליגער**

# דער דור פון מיין טאטן

אפט בליצן אַן שעה׳ן געציילטע און ווייניק
וואָס גיבן מיין קיום אַ טעם און אַ סיבה,
אין זיי האָט דער עניו געלעבט ווי אַ קעניג —
דער ייד פון די יידן, דער ליבער פון ליבע.

איי, ווּ זענען איצט יענע פלאַמיקע יידן
מיט שטערנס פאַרקנייטשטע פון טיפע מחשבות,
וואָס וואָגלען אַרום איבער פרעמדע יאַרידן
און ריכטן אַפּ גלות אויפן וועג צו די אבות.

אויף שטויביקע שליאַכן, אין בלאָטעס פאַרזוּנקען,
די קרענקלעכע גופים מיט צער אָנגעגאָסן,
נאָר חסידיש באַפליגלט און אויגן וואָס טרינקען
דעם ווייטן חזיון פון שבת-שבתון.

אָט זע איך זיי קומען אויפגעלויכטן אין חלום —
קאַפּאָטעס פאַרגאַרטלט, מיט שטריימלעך, קאַשקעטן —
די שררות און פרינצן פון דובנערס משלים
אין חדר-מיוחד צום מלך פאַרבעטן.

געטובלט אין ריחות פון אַלטע מקורות,
זיי קומען דורך וועלדער וואָס דרימלען אויף דף׳ן
פון הייליקע כרכים וואָס קנעלן מיט דורות
ביי פלעמלעך וואָס קוקן פאַרחידושט און גאַפן...

געמיטער דערנערטע פון ליכטיקע בשורות,
צעוויגט אין די שאָטנס פון קלויז מיט התמדה.
אין שטילן געזאַנג פון די סוגיא׳ס און סברות
צעזינגען זיך עולמות ביז דער העכסטער נקודה.

פונוואַנען דאָס פייער אין בלודנע נפשות ?
די כוחות, יניקה אין נאַקעטע שטאַמען ?
באַהיט זאָל מען ווערן צו שטעלן די קשיות
אַ פלאַמיקן חסיד, אַ יידן — אַ מאמין.

נאָר שבת מיט יום טוב, קיין חול ניט פאַראַנען
אין קלויז סאַדעגערער מיט חסידים אַ מנין — — —
אַ זמר, ווי בוימל אויף גליאיקע פאַנען,
גיט תוך מיט נשמה פאַר אַ וויכטיקן ענין.

אַ רעיון, אַ מאַמר, אַ רמז פון רבין — — —
און שטאַרק איז דער ווייַן פונעם צדיק׳ס שיריים...
באַלד פליסטערט אַ ניגון לכבוד ,זאָל לעבן׳
און ס׳פאָכן פאַטשיילעס עד שערי שמים.

מיטן חמץ פאַרראַמט איז טאָגטעגלעכער אומעט,
קיין שמץ פון שרעק פאַר די פחדים אין לויער.
ווער דאגה׳ט אין אָנבליק אַנטקעגן נר-תמיד
וואָס פינקלט פאַרבאַרגן אויף יענער זייט טויער.

פרום-גלויביקע יידן, זיי זען און דאַכטן...
אָט שאַלן דאָרט פלייטן מיט ,ברוכים הבאים׳ !
און ווייט איז דאָס עצבות פון עולם התחתון
אין היכל וואָס שימערט מיט פלאי פלאים.

אין שפּאַן פון די יאָכן פאַרעקשנט, מגושם,
געשלעפּט האָבן בעטלער די טאָרבעס חיונה,
און הינטער די טראַנטעס, מיט גייסטיקע חושים,
געוויקלט די לייבער אין בגדי-כהוּנה.

אין שטילער התלהבות האָבן תפילות געכליפּעט,
געפלאַטערט ווּהין מיט צעלאָזטע כאַלאַטן,
און בליציק באַלויכטן וויאַזוי ס׳האָט געזיפּעט,
געלעבט און געטאַנצט דער דור פון מיין טאַטן.

ניו־יאָרק, 1955

**א. בן־אברהם**

# ר׳ זלמן סאראַטשקין – דער לעצטער לויצקער רב

הרב ר׳ זלמן סאָראַטשקין, דער לעצטער לויצקער רב, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרמ״א (1880) אין זאַכאַרינע, מאָהילעווער גובערניע (ווייסרוסלאַנד) און געווען דער זון פון אָרטיקן רב ר׳ ישראל יפה, מקובל און מחבר פון ספר „אור ישראל”. ער האָט געלערנט אין די ישיבות פון סלאָבאָדקע און וואָלאָזשין און שפּעטער באַקומען מאַטורע אַלס עקסטערן. ער איז געוואָרן איידעם פון רב הגאון ר׳ אליעזר גאָרדאָן, דעם גרינדער פון דער באַרימטער טעלזער ישיבה.

אין יאָר 1910 איז ר׳ זלמן סאָראַטשקין אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין וואָראָנאָווע, ווילנער גובערניע, און קורץ דערנאָך (1912) — אין זשעטל, גראָדנער גובערניע. אין 1915 קומט ער אַלס פּליכטלינג אין מינסק, וווּ ער ווערט באַקאַנט אַלס געזעלשאַפטלעך־רבנישער טוער. ער אַרבעט אין קאָמיטעט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די טויזנטער יידישע פּליטים אין מינסק און אומגעגנט; פּאָרט אָפּט קיין פּעטערבורג אין רבנישע דעלעגאַציעס צו דער צאַרישער, און שפּעטער — קערענסקי־רעגירונג, כדי אויסצופּועלן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידישע רבנים לגבי די גייסטלעכע פון אַנדערע אמונות בנוגע דעם באַפרייען זיי פון מיליטער־דינסט (דאָס איז סוף כל סוף דערגרייכט געוואָרן).


הרב זלמן סאָראַטשקין

נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע נעמט ער אַ פירנדיקן אָנטייל ביים אָרגאַניזירן די אָרטאָדאָקסישע יידן פון רוסלאַנד אין אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, וועלכע זאָל שטיין אויף דער וואַך פון די רעליגיעזע אינטערעסן און כאַראַקטער פון די פּלאַנירטע קהילות. אין נאָמען פון דער „אגודת ישראל” אין ווייסרוסלאַנד ווערט ער אויסגעקליבן אַלס דעלעגאַט אויפן אַלרוסלענדישן יידישן צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט געזאָלט אויסאַרבעטן די קאָנסטיטוציע פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין פרייען רוסלאַנד.

אין דער זעלבער צייט ווערט ער איינגעלאַדן אַלס רב הכולל פון סיביר מיטן זיצאָרט אין אירקוטסק. אָבער ער נעמט נישט אָן דעם פאָרשלאַג, און מיטן אויסברוך פון דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש — קערט ער זיך אום קיין זשעטל צו זיין פריערדיקער רבנות. צוזאַמען מיט דער זשעטלער קהילה מאַכט ער דורך די מלחמות און מהומות בעת די באָלשעוויקעס און פּאָליאַקן, ווען די שטאָט איז אַריבער מיד ליד.

נאָך דער מלחמה ברייטערט ער אויס זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין לאַנד־מאַסשטאַב. ער ווערט אויסגעוויילט אַלס מיטגליד אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, און אַלס פאָרזיצער פון אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי דער הויפּט־פאַרבאַנד פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג, סאַניטאַר־מעדיצינישע אָרגאַניזאַציע ביים דזשאָינט, פאַרבאַנד פון די קאָאָפּעראַטיווע בענק אויף די „קרעסן” (צפון־מזרח־טייל פון פוילן) א.ד.גל. ער ווערט אויסגעקליבן אין אַלע אינסטאַנצן פון די רבנישע אָרגאַניזאַציעס און פירנדיקע פּאָזיציעס און ווערט באַקאַנט אַלס פאַרטרויונגסמאַן פון די העכסטע רבנישע אויטאָריטעטן פון דור, ווי דער „חפץ חיים” און הגאון רבי חיים עוזר גראָדזענסקי.

אין יאָר 1928 קאַנדידירט ער צום פּוילישן סיים אויף דער ליסטע פון רעליגיעזן אגודיסטישן בלאָק, אָבער צוליב דער אַנטיסעמיטיש־צוגעשניטענער וואַל־אָרדינאַציע האָט קיין איין ייד פון די „קרעסן” נישט געקאָנט אַריין אין סיים.

אין יאָר 1929, בעת עס זענען געוויילט געוואָרן די ערשטע יידישע קהילות אויף די געוועזענע רוסישע געביטן אין פּוילן, האָט די לויצקער יידישע קהילה באַשלאָסן אויפצונעמען אַ הויפּט־רב. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון די רעליגיעזע קהילה־ראַטמענער האָט באַזוכט עטלעכע רבנישע פערזענלעכקייטן, כדי פון דער נאָענט זיך צו באַקענען מיט זייער אַרבעט און השפּעה. אין אָט דער דעלעגאַציע האָבן זיך באַטייליקט ישראל וויינטרויב, יחיאל איינבינדער און אברהם יידל שאַפּירא. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער קאַנדידאַטור פון זשעטלער רב ר׳ זלמן סאָראַטשקין, וועלכער האָט צו יענער צייט באַקומען אַ כתב רבנות אויך פון אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק. די דעלעגאַציע האָט זיך צוריקגעקערט קיין לויצק און נאָכן אָפּנעמען איר באַריכט, האָט די קהילה איינשטימיק אויסגעוויילט דעם הרב סאָראַטשקין אַלס לויצקער הויפּט־רב און אב בית־דין. דער רב איז געבעטן געוואָרן צו קומען אין שטאָט אויף אַ באַזוך, כדי צו באַקענען זיך קעגנזייטיק און פעסטשטעלן דעם טערמין פון איבערנעמען דאָס רבנות.

די שטאָט לויצק האָט איר נייעם רב איינגעאָרדנט אַ גרויס־אַרטיקן קבלת פנים. טויזנטער יידן האָבן אים אָפּגעוואַרט ביים וואָקזאַל. הרב סאָראַטשקין איז גלייך פאַרפאָרן אין דער גרויסער שול, וועלכע איז געווען איבערפולט מיט מענטשן. די דרשה פונעם רב, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס איינער פון די בעסטע רבנישע רעדנער, האָט איבערגעלאָזט אין שטאָט אַן אויסערגעוויינלעכן רושם. די קהילה האָט אויך געמאַכט אַ באַזונדערן פייערלעכן קבלת פנים פאַרן רב מיטן אָנטייל פון די חשובסטע בעלי־בתים, פאָרשטייער פון אַלע אָרגאַניזאַציעס. דאָרט האָט דער רב געהאַלטן זיין פּראָגראַמאַטישע רעדע און צום סוף האָט ער דערקלערט, אַז נאָך דעם ווי ער האָט פאָרגעלייגט זיין „אני מאמין”, איז די שטאָט פריי פון איר וואַל, וואָס זי האָט געמאַכט אויסקלויבנדיק אים אַלס רב. די פאַרזאַמלונג האָט אים איינשטימיק אויסגעדריקט צוטרוי און געווונטשן מזל־טוב.

אין עטלעכע חדשים אַרום איז דער רב געקומען קיין לויצק

און איבערגענומען דעם אַמט. פון די איינצלנע מורי הוראות און רבנים האָט ער געשאַפן אַ צענטראַלן ראַבינאַט, וואָס זאָל אַמטירן טעגלעך ביים מסדר זיין גיטין וקידושין, ביי דער השגחה איבער דער שחיטה און כשרות און אויספירן אַנדערע רעליגיעזע פונקציעס. ער האָט עקזאַמינירט אַלע שוחטים און יעדן איינעם פון זיי צוגעטיילט זיין פונקציע און אַרבעטס־געביט; רעאָרגאַניזירט די תלמוד־תורה און די ישיבה, געבראַכט נייע מלמדים און אויפגעהויבן דעם ניוואָ פון די לימודים; געשאַפן אַ „בלאַט גמרא" (אַ שיעור פאַר בעלי־בתים אויף לערנען טאָג־טעגלעך אַ בלאַט גמרא), אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט קרוב צו הונדערט צוהערער. זיין בית־דין־שטוב איז תמיד פול געווען מיט מענטשן, וועלכע זענען געקומען מיט זייערע סכסוכים אויף אַ דין־תורה צום רב און גערנוויליק אָנגענומען די פסקים — אָן יעדן צוואַנג. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אין שטאָט האָט מען דערפילט, אַז ס'איז דאָ אַן אַדרעס פאַר יעדן ענין וואָס שטייט אויפן סדר־היום.

לויצק ווערט אַ צענטער פאַר די רבנים און קהילות פון גאַנץ וואָלין און הרב סאַראַטשקין — דער אויטאָריטעט פאַר רעגולירן אַלע סיכסוכים און פראָבלעמען צווישן די קהילות פון וואָלין מיט זייערע פרנסים און רבנים. דער וואַקסנדיקער אַנטי־סעמיטיזם אין פוילן רופט אַרויס טאָג־טעגלעכע פראָבלעמען וועגן גזירות און שיקאַנעס, עקסצעסן און רדיפות אויף קהילות, גרופן און יחידים. מיט ווירדע און שטאָלץ, און דערביי מיט רבנישער פקחות און טאַקט, פאַרטיידיקט הרב סאַראַטשקין די יידישע אינטערעסן פאַר דער מאַכט אין לויצק, און ווען נייטיק — אויך פאַר דער צענטראַלער מאַכט אין וואַרשע. ער איז אַן אָפטער באַזוכער ביים וואָיעוואָדע און ביי אַנדערע הויכע באַאַמטע אין וואָיעוואָדשאַפט אין ענינים פון פאַרשידענע גזירות און אויף אינטערווענצן פאַרן כלל און פאַר יחידים. דאָ איז אַן ענין מיט „סטראַגאַנעס": די מאַכט וויל זיי אַראָפנעמען כדי כלומרשט צו פאַרשענערן די שטאָט — און אַזוי אַרום צונעמען די פרנסה ביי צענדליקער יידישע משפחות; דאָרט איז אַ „קליינער פאָגראָם": אין סענקעוויטשעווקע האָבן יידן מורא אַרויסצוגיין אין גאַס; דאָ וויל מען אַרויסשיקן אַ רב קיין סאָוויעט־רוסלאַנד צוליב אַ מסירה, אַז ער איז געבוירן אין רוסלאַנד; דאָ קאָנען נישט די קרובים פאָרן צו זייערע נאָענטסטע משפחה־מיטגלידער אין אויסלאַנד, ווייל זייערע דאָקומענטן זענען נישט אין אָרדענונג — אין די אַלע פאַלן לויפט הרב סאַראַטשקין, ער בעט און פאָדערט, און ווען נייטיק — דראָט ער, ביז סוף כל סוף שרייט ער אָפ די גזירה, אָדער עס געלונגט אים זי אָפצולייגן אויף שפעטער. דאָס געזעץ פאָדערט, אַז רבנים מוזן קענען די פוילישע שפראַך אין וואָרט און אין שריפט — אַנדערש, ווערן זיי נישט באַשטעטיקט אַלס קהילה־רבנים. עלטערע רבנים מוזן זיך „ברעכן די ציינער" און לערנען פויליש, הרב סאַראַטשקין ווערט עקזאַמינאַטאָר פון פויליש, צוזאַמען מיט צוויי באַאַמטע פון וואָיעוואָדשאַפט — און אין אַ קורצער צייט אַרום „קענען" אַלע רבנים פויליש. ווי אַזוי? דאָס איז זיין סוד... לויצק ווערט אַ צוזי־פונקט פאַר רבנים פון גאַנץ פוילן צו „עקזאַמינירן" זיך אויף פויליש...

אין אַ שיינעם פרימאָרגן באַשליסט דער מאַגיסטראַט — מיט דער הסכמה פון דער וואָיעוואָדשאַפט — דורכצופירן די שטאַטישע קאַנאַליזאַציע־רערן דורכן אַלטן יידישן בית־עולם, און אַזוי אַרום אים ליקווידירן און מחלל זיין די קברים פון דורות לויצקער יידן. די גאַנצע שטאָט איז געוואָרן אויפגערודערט. אַלע השתדלותן און באַמיונגען האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ וואַנט פון רשעות, טעמפקייט און שנאה צו יידן. עס האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פון אָנהייבן די אַרבעטן אויפן שטח פון בית־עולם און די לויצקער יידן האָבן באַשלאָסן זיך קעגנצושטעלן מיט כוח קעגן דער פאַרשוועכונג פון די קברים פון זייערע עלטערן און אורעלטערן. הרב סאַראַטשקין האָט אָנגעווענדעט אַלע זיינע איינפלוסן אין לויצק און אין וואַרשע, און אויך זיין פריינדשאַפט מיט די קאַטוילישע גייסטלעכע און מיטן לויצקער בישאָף. אין דער לעצטער מינוט איז די גזירה אָפגעשריגן געוואָרן און די אַרבעטן אויפן בית־עולם זענען נישט צושטאַנדגעקומען.

הרב סאַראַטשקין איז טעטיק אויך אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט. ער שאַפט אינסטיטוציעס צוהילף דעם אָרעמען סוחר און בעל־מלאכה. ער גרינדעט אַ „גמילות חסד כללי", אין וועלכן קליינהענדלער און האַנטווערקער באַקומען אַ אָנפראַצענטיקן קרעדיט, אַ „גמילות חסד" אויף אויסצוצאָלן אין קליינע ראַטעס און אין לאַנגע טערמינען. ווען די לויצקער קאָאָפעראַטיווע בענק ליקווידירן זיך צוליבן קריזיס און די שטאָט בלייבט אָן אַ יידישער קרעדיט־אינסטיטוציע, איז ער מסכים אויפן תנאי פון דער צענטראַלער יידישער קרעדיט־אָרגאַניזאַציע ביים פאַרבאַנד פון די יידישע קאָאָפעראַטיווע בענק אין פוילן איבערצונעמען די אויפזיכט און דעם פאָרזיץ פון דער נייער „ווירטשאַפט־באַנק", וואָס איז אַנטשטאַנען אין לויצק אויף די חורבות פון די אונטערגעגאַנגענע בענק.

הרב סאַראַטשקין אָרגאַניזירט די וואָלינער רבנים אין אַ „אגודת הרבנים בוואָלין" און שטייט בראש פון דער אָרגאַניזאַציע. ער באַטייליקט זיך אין פאַרשידענע רבנישע דעלעגאַציעס צו מיניסטאָרן, צוו. אַנד. — צוזאַמען מיטן „חפץ חיים" ביים פוילישן פרעמיער פראָפ. באַרטעל וועגן צענז פאַר מלמדים און וועגן רעגירונגס־פראָגראַם פאַר די תלמוד־תורהס. אין יאָר 1931 ווערט ער באַשטימט דורכן בילדונגס־מיניסטעריום — צוזאַמען מיט די סיים־דעפוטאַטן הרב ר' מאיר שפירא (לובלינער רב) און הרב ר' אהרן לעווין (ריישער רב) אַלס מיטגליד פון דער „רבנים־קאָלעגיע" (אַ קאָמיסיע פון 3 רבנים אויף צו קוואַליפיצירן די רבנים צום באַשטעטיקן זיי אַלס קהילה־רבנים דורכן רעליגיע־מיניסטעריום). נאָכן טויט פון הרב ר' מאיר שפירא ווערט הרב סאַראַטשקין באַשטימט אַלס פאָרזיצער פון דער „רבנים־קאָלעגיע".

אין יאָר 1934 ווערט הרב סאַראַטשקין אויסגעקליבן אַלס הויפט־רב אין שעדלעץ און ער נעמט אָן דעם אַמט. די ידיעה וועגן דעם רופט אַרויס אין שטאָט אַ שטאַרקע באַוועגונג. אַ דעלעגאַציע פון איבער 50 בעלי־בתים פון אַלע שולן באַזוכט דעם רב און די קהילה, און ענדלעך געלונגט זיי צו פועלן ביים רב, אַז ער זאָל בלייבן אין לויצק.

אַלס מיטגליד פון דער אַלוועלטלעכער „אגודת ישראל"־דעלעגאַציע באַזוכט הרב סאַראַטשקין אין יאָר 1935 ארץ־ישראל און טרעט אַרויס אויף גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין ירושלים און אין אַנדערע צענטערס. די דעלעגאַציע באַמיט זיך צו קאָאָרדינירן די אַרבעט פון די רעליגיעזע יידן אין ארץ־ישראל פאַרן אויפבוי פון לאַנד און אויף שאַפן מעגלעכקייטן פאַר אַ רעליגיעזער עליה פון פוילן. צוזאַמען מיט די אַנדערע מיטגלי־

דער פון דער דעלעגאַציע (הרב ר׳ יצחק מאיר לעווין, שפּעטער מיניסטער פאַר סאָציאַלע הילף אין דער ישראל־רעגירונג, און ד״ר יצחק ברויער, רעליגיעזער דענקער און פירער פון דער דייטשער אָרטאָדאָקסיע) ווערט ער אויפגענומען דורכן הויך־קאָמיסאַר גענעראַל אַרטור ווייקאָפּ. די דעלעגאַציע פאָדערט אין נאָמען פון דער אַלוועלטלעכער אָרטאָדאָקסיע אַ פרייע עליה קיין ארץ־ישראל. דער פּוילישער קאָנסול אין ירושלים אָרדנט איין פאַר דער דעלעגאַציע אַ פייערלעכע אויפנאַמע אין ירושלים. נאָכן אומקערן זיך קיין לויצק גיט דער רב אָפּ אַן עפנטלעכן באַריכט וועגן זיין נסיעה פאַר טויזנטער יידן אין דער גרויסער שול. ער שילדערט די מעגלעכקייטן פאַרן מיטלשטאַנד איינצואָרדענען זיך אין ארץ־ישראל און ער רופט די יידן עולה צו זיין.

אין יאָר 1937 נעמט הרב סאָראָטשקין אַ פירנדיקן אָנטייל אין 3־טן וועלט־קאָנגרעס (כנסיה גדולה) פון „אגודת ישראל״, וועלכער קומט פאָר אין מאַריענבאַד. פאַרן קאָנגרעס זענען געשטאַנען, צוו. אַנד., אויך די פראַגע וועגן דער שטעלונג פון „אגודת ישראל״ צום „פּיל פּראָיעקט״ פון שאַפן אַ יידישע מדינה אין אַ טייל פון ארץ־ישראל. דער קאָנגרעס האָט איבערגעגעבן דעם ענין צו דער „מועצת גדולי התורה״ — די העכסטע אינסטאַנץ פון „אגודת ישראל״, וועלכע איז צונויפגעשטעלט פון די גרעסטע רבנישע אויטאָריטעטן. הרב סאָראָטשקין, וועלכער איז אין מאַריענבאַד געוויילט געוואָרן אין דער דאָזיקער הויכער אינסטאַנץ און תיכף פאַרנומען אין איר אַ חשוב אָרט (ער איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן צו פאָרלייענען די רעזאָלוציעס פון „מועצת גדולי התורה״ פאַרן קאָנגרעס), האָט דעמאָלט צווישן אַנדערע געזאָגט:

„עס קאָן אפילו נישט קומען אויפן געדאַנק, אַז מיר זאָלן, חלילה, עטוואָס טאָן קעגן אַ יידישער מדינה. מיר קאָנען אַרויסזאָגן אונדזער קעגנערשאַפט קעגן דעם אָפּרייסן פון אַ גרויסן חלק פון אונדזער לאַנד... מיר דאַרפן אַלץ טאָן אַז ארץ־ישראל זאָל זיין רעליגיעז און נישט מורא האָבן, אַז דאָס וועט נישט געלונגען... אויב די יידישע מאַסן גייען קיין ארץ־ישראל דאַרפן מיר מיט זיי מיטגיין און ווירקן אויפן אָרט, און נישט פון וויטן.״

גרויס מסירת־נפש האָט אַרויסגעוויזן הרב סאָראָטשקין בעת דער באַוווסטער „שחיטה־קאַמפּאַניע״, ווען די טרויעריק באַרימטע דעפּוטאַטין פּריסטאָראָווא האָט אונטערן מאַנטל פון „צער בעלי חיים״ אַריינגעטראָגן אין סיים אַ געזעץ־פּראָיעקט וועגן פאַרבאָטן, אָדער לכל הפחות באַגרענעצן, די יידישע שחיטה אין פּוילן. מיט לייב און לעבן האָט הרב סאָראָטשקין זיך אַריינגעוואָרפן אין דער פאַרטיידיקונג־אַקציע פאַר דער יידישער שחיטה. ער איז געווען פאָרזיצער פון הויפּט־קאָמיטעט צו פאַרטיידיקן די יידישע שחיטה אין פּוילן און ער האָט אָרגאַניזירט די גאַנצע פאַרצווייגטע אַרבעט פון קאַמף אויפן פּאַרלאַמענטאַרישן געביט, אין דער פּרעסע און אין דער יידישער געזעלשאַפט — ביזן אָרגאַניזירן דעם באַרימטן שטרייק פון נישט עסן קיין פליש במשך פון 17 טעג דורך דער גאַנצער, העכער 3־מיליאָניקער, יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן.

נאָכן פונאַנדערפאַל פון דער פּוילישער מלוכה סוף 1939, ווען לויצק איז געוואָרן סאָוויעטיש, האָט לכתחילה זיך אויסגעדוכט, אַז אונטערן סאָוויעטישן רעזשים וועט מעגלעך זיין צו פירן אַ געוויסע טעטיקייט אויפן רעליגיעזן געביט און אין קהילה־לעבן. פון געוויסע רבנישע קרייזן איז אויסגעאיבט געוואָרן אַ דרוק אויף הרב סאָראָטשקין, אַז ער זאָל אין לויצק אָנפירן מיט דער רעליגיעזער אַרבעט פון דעם גאַנצן געביט וואָס איז געוואָרן פאַרנומען דורך די סאָוויעטן. עס האָט אָבער שנעל זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ געדאַנק איז נישט מער ווי אַן אילוזיע. די סאָוויעטישע מאַכט האָט אָנגעהויבן ליקווידירן אַלע יידישע אינסטיטוציעס און יעדע רעליגיעזע טעטיקייט. פון אַ גוטן פריינד האָט דער רב זיך דערוווסט, אַז ער געפינט זיך אויף אַ רשימה פון פּערזאָנען, וועלכע דאַרפן ווערן אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין רוסלאַנד. אין אַ פינצטערער נאַכט, באַגלייט פון עטלעכע פריינד, פאָרט ער פאַרשטעלטערהייט צו דער באַן. אויפן וועג אַהין ווערט די פינצטערניש באַלויכטן פון אַ שריפה, וועלכע איז גראָד אויסגעבראָכן אין שטאָט. די גוטע פריינד זאָגן צום רב: „לויצק ברענט. מיט אייער אַוועקגיין ברענט אונדזער שטאָט. ווער ווייסט וואָס פון אונדז וועט ווערן...״

הרב סאָראָטשקין קומט אָן קיין ווילנע, און נאָך אים — זיין פאַמיליע. נאָך לאַנגע גלגולים געלונגט אים אָנצוקומען, סוף 1940 קיין ארץ־ישראל. דאָרט שאַפט ער, לויטן מוסטער פון ווילנער „וועד הישיבות״ (וווּ ער איז געווען אַ פירנדיקער מיטגליד) אַ פאַרבאַנד פון אַלע ישיבות אין ארץ־ישראל, וועלכער טראָגט אויך דעם זעלבן נאָמען „וועד הישיבות בארץ־ישראל״, פון וועלכן ער שטייט בראש ביזן היינטיקן טאָג. דער פאַרבאַנד איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין אַן אינסטיטוציע, וועלכע פאַראייניקט אין זיך העכער הונדערט ישיבות מיט קרוב 9 טויזנט תלמידים און מיט אַ בודזשעט פון איבער אַ מיליאָן פונט אַ יאָר.

הרב סאָראָטשקין פאַרנעמט גיך אַ פירנדיקן אָרט אין רעליגיעזן און אין פּאָליטישן לעבן פון ארץ־ישראל. אַ געוויסע צייט איז ער פאָרזיצער פון „אגודת ישראל״ אין ארץ־ישראל. בעת דער באַלאַגערונג פון ירושלים אין יאָר 1948 פליט ער קיין ניו־יאָרק כדי צו אָרגאַניזירן שנעלע הילף פאַר די ישיבות אין ארץ־ישראל אין דעם שווערן מלחמה־פּעריאָד. ער רופט אַ רבנים־קאָנפערענץ און אָרגאַניזירט אַ גרויסע הילף־אַקציע פאַר די תורה־אינסטיטוציעס אין ישראל. ער באַטייליקט זיך אין דער זיצונג פון דער אַלוועלטלעכער עקזעקוטיווע פון „אגודת ישראל״, וועלכע באַשליסט, אַז די באַוועגונג זאָל אָנטיילנעמען אין דער ערשטער ישראל־רעגירונג. צוריקקומענדיק קיין ישראל ווערט ער אויסגעקליבן אַלס ממלא מקום פון פאָרזיצער פון דער „מועצת גדולי התורה״, און נאָכן טויט פון פאָרזיצער הגאון רבי איסר זלמן מעלצער, ווערט ער אויסגעוויילט אַלס פאָרזיצער פון אָט דער הויכער רבנישער אינסטיטוציע, וועמענס וואָרט עס איז הייליק פאַר אַ גרויסן טייל פון יידישן פאָלק אין ישראל און אין גלות. דעם דאָזיקן אַמט פאַרנעמט ער ביזן היינטיקן טאָג.

מיטן איינפירן דעם „חינוך ממלכתי״ באַשליסט די „מועצת גדולי התורה״ צו דערהאַלטן די זעלבשטענדיקייט פונעם אגודיסטישן שול־וועזן און עס ווערט געשאַפן דער „חינוך עצמאי״. הרב סאָראָטשקין נעמט אויף זיך דעם עול פון אויפשטעלן און דערהאַלטן די שול־נעץ. ער איז דער רוח החיים און פירט אָן מיט דער גאַנצער אַרבעט אַלס פאָרזיצער פון דירעקטאָריום פון „חינוך עצמאי״.

הרב סאָראָטשקין איז דער מחבר פון וויכטיקע רבנישע ספרים אין פון אַ פּירוש אויף דער תורה א.נ. „אזנים לתורה״, וועלכער איז אנערקענט אַלס אַ קלאַסישער ספר פונעם דאָזיקן געביט אין אונדזער דור. דאָס ערשטע ספר זיינס „הדעה והדיבור״

(געדרוקט פריער אין וואַרשע און שפּעטער איבערגעדרוקט אין לאָנדאָן) איז דערשינען אין יאָר 1937, בעת ער איז געווען רב אין לויצק. דער צווייטער חלק פון ספר „הדעה והדיבור" איז דערשינען אין ירושלים אין יאָר 1955. הרב סאָראָצקין פאַרענדיקט איצט דעם לעצטן באַנד פון זיין פירוש אויף דער תורה „אזנים לתורה", וועלכער האָט באַקומען דעם „פרס הרב קוק" (פריז אויפן נאָמען פון הרב קוק) פון תל־אביבער שטאָטראַט.

בן־יהודה

# דער קאַשיווקער רבי

צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע הייזקעס אין די ענגע שמאָלע געסלעך פון רימאַרסקע גאַס, איז זיך געשטאַנען אַ שטיבל ווו עס האָט געוווינט אַ גוטער ייד. מען האָט אים גערופן דער קאַשיקאַוזער רבי.

דעם וועג צו דעם שטיבל האָב איך קענענגעלערנט אין פאַרשידענע צייטן. אין טריבע, נאָגנדיקע, אסיענדיקע טעג, ווען דער מענטש האָט זיך נישט ווו אַהינצוטאָן; אין מאָנאָטאָנע, קורצע ווינטער־טעג, ווען די נאַכט פאַלט באַלד צו.

הינטערן הייזל לויפט דער טייך סטיר און ערגעץ נישט־ווייט הערט מען בייטאָג דאָס קלאַפּן אין אַ קוזשניע. ווילסטו — איז עס יאָושדיקע עק־וועלט, ווילסטו — שטייט עס אין סאַמע האַרץ פון דער יידישער גאַס. ס'איז אַפּהענגיק אין וואָסער שטימונג דו געפינסט זיך, ווען דו גייסט צום רבין.

וואָס האָט מיך געצויגן צו דעם שטיבל? נישט דאָס וואָס דאָרט וווינט אַ רבי. קאַרג רביים זענען פאַראַן? אָבער דער קאַשיווקער רבי איז אַ גאַנץ אַנדערער מין רבי. ער זוכט נישט דעם עפעקט — נישט אין יחוס, נישט אין מופתים. כאָטש זיין יחוס איז זייער אַ גרויסער און פיל מענטשן דערציילן וועגן אים מופתים.

ער אַליין אָבער איז דאָס, וואָס זיין פּנים זאָגט. אַ פּנים, אויף וועלכן ס'ליגט אויסגעקריצט: פּשטות און עניוות אין אַזאַ מאָס, ווי איך האָב עס נאָך נישט געזען ביי קיין שום מענטש. דערציילסטו אים דיינע פּערזענלעכע ליידן, הערט ער דיך אויס מיט אַ טיף־פרומער עניוות, אַז דו פילסט זיך נישט געפאַלן ביי דיר. און אויב ער גיט דיר צו מוט, גלויבן, איז עס נישט דערפאַר ווייל ער האַלט זיך פאַר אַ גרויסן בעל־מופת — ניין, נאָר ווייל ער גלויבט אַזוי שטאַרק אין גאָטס הילף, און זיין גלויבן גיט ער דיר מיט.

דאָס איז זיין כוח.

ער בעט דיך: קומט צו גיין. קומסטו אַהין צו מיטאָג, עסטו מיטאָג. אויב דו ביזט צעבראָכן, צעוואַרפן מיט זיך, מיט דער וועלט, היימלאָז — גיי אַהין צום רבין און טרינק אַ גלאָז טיי אין אַן אַלט יידישער שטוב, אין דער סביבה פון אַן אמת פרומען ייד — און וועסט ווערן שטאַרק, פעסט, געזונט.

איך דערמאָן זיך אַן אָוונט, איינעם פון די שווערסטע אין מיין לעבן. מיר איז געוואָרן שווער, נישט צום איבערטראָגן. בין איך אַריבערגעגאַנגען צום קאַשיווקער רבי, האָט ער מיר געהייסן דערלאַנגען אַ שטול און זיך זעצן לעבן אים. און וואָס האָט ער געטאָן? ער איז געזעסן און מיטן גאַנצן האַרצן זיך געפרייט און געשפּילט מיט אַ קליין קינד. אַ ליכטיקע היימלעכקייט האָט געשיינט אין אַלע ווינקעלעך און ס'איז פאַר מיר אויפגעגאַנגען ווי אַן אַנטפּלעקונג: אויף וואָס פאַר אַן איינפאַכן אופן מ'קאָן גליקלעך זיין?

קיין גרויסער רעדנער איז ער נישט, נישט קיין דערציילער, נישט קיין בעל־מנגן.

— וואָס דען זענט איר, רבי? — האָב איך אים אַמאָל געפרעגט.

— וואָס זאָל איך זיין? איך גלויב אין גאָט.

און דאָס איז אמת. מ'טרעפט גאָרנישט עפעקטפולס אין זיין סביבה און נישט אין אים.

אָבער דו טרעפסט דאָרט דאָס, וואָס ס'איז שווער צו געפינען: אַ מענטש, אַ טיף, טיף דורכגעדרונגענעם, אַ פרומען ביז אין אַלע אברים. פּשוט, עלעמענטאַר, געבויגן פאַר גאָט אין יעדער רגע פון זיין פירונג: אין זיין גיין און שטיין, זיין עסן, זיין רעדן מיט מענטשן. ווי ער קוקט אַ מענטש אין די אויגן; ווען ער שטייט אין אַ זייט אין דאַוונט; ווען ער בענטשט מזומן — אַן אומאויסדרוקבאַרע דאַנקבאַרקייט פאַרן פאָטער אין הימל, וואָס שפּייזט אַלעמען, ליגט פאַרכטיק אויף זיין פּנים. ווען ער נעמט אַ גלאָז טיי און ביידע הענט און איז אויך מחיה אַ צווייטן מענטש מיט אַ וואַרעם גלאָז טיי, פילסטו, אַז עס נעמט דיך אַרום זיין אויפשטראַלונג פון גאָטספאַרכטיקן אמת, פרומקייט און ליכטיקן בטחון. דאָס איז די עמאַנאַציע, וואָס שטראַלט פון אים, וואָס ער טיילט אַנדערע וואָס קומען אין זיין נאָענט.

דאָס איז זיין כוח.

לויצק, 1938

י. שטערנפעלד

# ר׳ זעליג שו״ב

(דעם פעטער — אַ מצבה)

ר׳ זעליק שוחט איז געווען פון דער טרייער כיתה טריסקער חסידים.

אַליין אַ ייד אַ למדן, אַ ירא שמים, אַ תמים, האָט ער איבער 70 יאָר ערלעך און געטריי געדינט די הצטרכותן פון דעם יידישן רעליגיעזן ציבור בדחילו ורחימא.

אין קהל האָט ער זיך נישט געשטופט, ער איז געווען אַ יושב אוהל און די פרייע צייט — פאַרבראַכט ביי דער גמרא, ביי פוסקים. אָבער דאָך, אַז ס׳זענען אָפטמאָל געקומען פון די נאָענטע שטעטלעך רבנים אָדער שוחטים מיט אַ דבר מצווה וועגן הכנסת כלה, אָדער פדיון שבוים, האָט זיך ר׳ זעליק שוחט אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע מיט דעם סאַמעטענעם היטל קאַשקעט און זיך געלאָזט איבער דער שטאָט צו די שבעה טובי העיר נאָך דער נייטיקער נדבה. ליידיק איז שוין דער אַלטער ר׳ זעליק קיינמאָל נישט געקומען. מיט זיין שבת־יומטובדיקן אויסזען, מילדע קלוגע אויגן און מיט זיין שיינער ווייסער פאַט־ריאַרכאַלישער באָרד, האָט ער שטענדיק אַרויסגערופן צו זיך אַ שטילן, הייליקן יראת־הכבוד.

פאַרטאָג, אַזוי שבת און אינדערוואָכן, איז שוין דער אַלטער ר׳ זעליק געווען אויף די פיס און געלערנט, טרויעריק און שטיל, ווי יענע טויב אויף די ווענט פון בית המקדש, ער זאָל חלילה קיינעם פון די בני בית נישט אויפוועקן. פון דאָרטן — אין בית המדרש צו די טריסקער אויף דער פאָרשטאָט. און עלף אַזייגער — נאָכאַמאָל אין בית־מדרש, ווו ער האָט זיך שוין געהאַט זיין באַזונדערן מנין פון ר׳ שמואל קלמן, ר׳ איציע עליעס, ר׳ אליה סליעפּ, ר׳ גרשון צוויטמאַן און אַנדערע — אַלע שוין אויפן עולם האמת.

ר׳ זעליק שוחט האָט איבערגעלאָזט זין, אייניקלעך און אור־אור־אייניקלעך, צעזייט און צעשפּרייט איבער שבעה ימים. אַלע געגעבן אַ חסידישע דערציונג, פאַר שוחטים געמאַכט. האָט אָבער דער גורל געוואָלט, אַז גראָד זיין מיזיניק, זיין ייִנגסטער זון, וואָס טראָגט זיין נאָמען נאָכן גרויסן קאַשיווקער רבי, שמואל, זאָל פון דעם וועג אַוועקגיין, זיך פאַרנעמען מיט ביכלעך און בילדונג און שפּעטער גאָר ווערן אַ שרייבער און דער רעדאַקטאָר פון דער „וואָלינער פּרעסע״. דער גוטער געטרייער טאַטע האָט אָבער שטאָלצירט מיט דעם, און פלעגט אויף אים, דעם זון, מלמד זכות זיין: „שמואל בדורו כיפתח בדורו״.

אָפט איז דער אַלטער טיף רעליגיעזער ר׳ זעליק נישט געווען איינשטימיק מיטן מיזיניק, אָבער ביינאַכט פלעגט דער אַלטער פאָטער אַראָפּגיין פון בעט, אַ קוק טאָן צי דער זון ליגט גוט איינגעדעקט און זיך צוגעהערט ווי אַזוי ער אָטעמט· און סוף כל סוף — שלום געמאַכט מיט אים.

ר׳ זעליק שוחט איז אויך געווען אַ בעל־תפילה. אָן פּרעטענזיעס און אָן שכירות.

אַזוי ראש השנה, יום כיפור, אַזוי אַ גאַנץ יאָר, פון דער פריסטער יוגנט, האָט ער דעם עמוד נישט פאַרלאָזט. די לעצטע יאָרן האָט ער שוין געהאַט זיין שטענדיקן בית המדרש ביי די „שומרים לבוקר״, ווו ער האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון חזן. דערצו האָט ער געהאַט אַ באַזונדערע הנאה, ווען ער פלעגט אויך בין מנחה למעריב לערנען מיט די דאָרטיקע עמך־יידן אַ פרק משניות.

# די ערשטע ראשי־הקהל


אברהם לענדער

## אברהם לענדער

פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לויצק. פּרעזעס פון דער ערשטער דעמאָקראַטיש־געוויילטער קהילה אין לויצק. פאָרזיצער פון געוועזענעם אַמעריקאַנער דזשוינט־קאָמי־טעט (ד.ד.ק.). אַלס פאָרזיצער פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט, פלעגט ער פּערזענלעך אָנטייל נעמען ביים אַרויסגעבן פּעקלעך די אָרעמעלייט. פון דער נאָענטער באַרירונג מיט זיי האָט ער זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס, פון וואָס ער איז געשטאָרבן אין 1921.


סען. אליעזר דאַל

## אליעזר דאל

געבוירן אין יאָר 1876. אוניווערסיטעט־בילדונג פאַרענדיקט אין קיעוו אין יאָר 1900. אין יאָר 1905 באַקומט ער די קאָנצע־סיע אויף זיין אַפּטייק, וועלכע האָט עקזיסטירט ביז 1939.

זיין טעטיקייט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן הייבט ער אָן פון יאָר 1910.

ער האָט פאַרנומען פאָלגנדיקע אַמטן: פּרעזעס פון סוחרים־פאַרבאַנד אויף וואָלין, פּרעזעס פון סוחרים־באַנק, דירעקטאָר פון דער שטאָטישער עלעקטראָווניע אין משך פון 6 יאָר, 3־טער פּרעזעס פון דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג, וויצע־פּרעזעס פון דער האַנדל־אינדוסטריי־קאַמער אין לובלין־לויצק. אין 1928 ווערט ער אויסגעוויילט אַלס סענאַטאָר פון דער פּוילישער רע־פּובליק. דעם אַמט דערפילט ער אין די יאָרן 30—1928. מיטגליד פון שטאָטראַט פון יאָר 1933 אָן. דערמאָרדעט דורך די דייטשן.


קלמן פרישבערג

## קלמן פרישבערג

געבוירן אין יאָר 1885 אין לויצק ביי אַן אַלטער סוחרישער פאַמיליע, וועלכע האָט זיך באַזעצט דאָ נאָך אין 13־טן יאָר־הונדערט. געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע אין לויצק און שפּע־טער שטודירט יורי אין קיעווער אוניווערסיטעט. קיין דיפּלאָם האָט ער אָבער נישט באַקומען צוליב זיין אָנטייל אין דער דעמאָלטדיקער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. ער פאַרנעמט פאָל־גנדיקע אַמטן: פּרעזעס פון דער יידישער קהילה. לאַנג־יאָריקער פּרעזעס פון סוחרים־פאַרבאַנד אין לויצק. מיטגליד אין דער אַדוואָלאַוועשע־קאָמיסיע ביי דער פינאַנץ־קאַמער, מיט־גליד פון וואָיעוואָדישן ראַט, מיטגליד פון שטאָטראַט אין אַלע קאַדענצן. פּרעזעס פון דער גימנאַזיע־געזעלשאַפט, פּרעזעס פון שפּיטאָל־קוראַטאָריום.

# יידישע ראטמענער אין לויצקער שטאטראט

## דוד בערגער

געבוירן אין יאָר 1894 אין האַליטש (קליין־פּוילן), דאָרט באַזוכט אַ מיטלשול, שפּעטער געענדיקט אין ווין אַ העכערע האַנדלסשול (2־יעריקע האַנדלס־אַקאַדעמיע). נאָכן ענדיקן די שול, געאַרבעט דאָרטן אין אַ דעפּאָזיטן־באַנק, שפּעטער — אין דער מינעראַלן־אינדוסטריע. געדינט אין מיליטער און דורכגעמאַכט די מלחמה. אין יאָר 1921 ווערט ער דורך דער זעלבער פירמע דעלעגירט קיין קאַטאָוויץ, ווו ער באַזעצט זיך. נעמט אָנטייל אין דאָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן און אַרבעט מיט אין דער באַקאַנטער פּלעביסציט־קאָמיסיע אין אויבערשלעזיע.

קיין לויצק קומט ער אין די צייטן פון וואָיעוואָדע מעד, האָט חתונה פאַר דער טאָכטער פון באַקאַנטן תבואה־סוחר יעקב באָוערמאַן און שטעלט דאָ אויף זיין פאַמיליע־נעסט. פון יאָר 1929 נעמט ער גאָר אַ טיכטיקן אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַרבעט אַלס אינסטרוקטאָר אין ל.אָ.פּ.פּ. אייניקע יאָר, אין ים־ליגע, אָרגאַניזירט און פירט אָן מיט דעם וואָלינער האַנטווערקער־פאַראיין, איז פּרעזעס פון קרייז קליינהענדלער־פאַראיין, פּרעזעס פון „לינת הצדק" און אַמבולאַטאָריום און אַ געזעלשאַפטלעכער אפּוטרופּוס. קאַנדידירנדיק אַלס ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט, באַקומט ער די גרעסטע צאָל שטימען. זיין נאָמען איז געווען פּאָפּולער אויסער לויצק אויך אין די אַנדערע שטעט פון וואָלין.

ער איז דריי מאָל אויסגעצייכנט געוואָרן מיט פּוילישע פאַרדינסט־קרייצן פאַר זיינע לייסטונגען אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט.

## דוד כאַיט



דוד כאַיט

פּראָוויזאָר. געבוירן אין לויצק אין יאָר 1882, ביים קאַזיאָנער רב איבערן באַצירק, דעם ערשטן בילדונגס־פּיאָנער אויף וואָלין. נאָכן פאַרענדיקן דעם מיטלען און העכערן שטודיום, פאַרלייגט ער אַן אַפּטייק אין קיווערצי. זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט הייבט ער אָן אין די גאָר פריע יאָרן, אַרויסווייזנדיק גרויס רירעוודיקייט. אַזוי האָט ער נאָך אין יאָר 1911 זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען אַ דערלויבעניש אויף איינצופירן אַ שטאָטישע אויטאָמאָבילן־קאָמוניקאַציע. אָבער איידער וואָס־ווען, איז אונטערגעקומען די מלחמה און ער ווערט פאַרוואָרפן אַלס „בעזשעניעץ" אַזש קיין ראָסטאָוו אויפן דאָן. אויך דאָרט איז ער אַקטיוו געזעלשאַפטלעך. פון דאָרטן ווערט ער מאָביליזירט אַלס פּראָוויזאָר אין דער רוסישער אַדמיי און אין דער ראַנגע פון קאַפּיטאַן מאַכט ער דורך די מלחמה. שפּעטער קומט ער קיין לויצק, ווו ער רוקט זיך אַרויס אויף איינעם פון די ערשטע ערטער אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער אָרגאַניזירט דעם וואָלינער הויזאייגנטימער־פאַרבאַנד, שטעלט אויף די אויפבוי־באַנק, אַרבעט אַלס ראַטמאַן אין אַמאָליקן שטאָטישן ווירטשאַפטלעכן קאָמיטעט און פון יאָר 1931 איז ער מיטגליד פון שטאָטראַט.

## צפורה האַוסמאַן

געבוירן אין פּלאָנסק, דערצויגן אין אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזער ספערע. געלערנט עקסטערן אין וואַרשע.

אויף וואָלין פון יאָר 1927. צוערשט אין ראָזשישטש און שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר אין לויצק.



צפורה האַוסמאַן

זי ווערט גלייך אַריינגעצויגן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אַלס ראַטמאַן אין ביידע קאַדענצן: אין יאָר 1931 און 1934.

איינצייטיק נעמט זי איבער די אָנפירונג אין דער לאָקאַלער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אַלס פאָרזיצערין פון הצה"ר, שפּעטער פאָרזיצערין פון דער וואָלינער צענטראַלע. דעם אַמט פון פאָרזיצערין פון לאָקאַלן הצה"ר פאַרנעמט זי ביזן אויסברוך פון קריג. נאָמינירט דורך די דייטשן אין לויצקער יודענראַט. אין אויגוסט 1942 ווערט זי גענומען אַלס ערובניק און ווערט דערמאָרדעט.

## ברוך שרייער

געבוירן אין יאָר 1892 אין לויצק. געענדיקט די 4־קלאַסיקע „גאָראָדסקאָיע אוטשילישטשע" און דערנאָך געלערנט עקסטערן.

פון יאָר 1928 פירט ער אָן מיט דעם קליינהענדלער־פאַראיין אַלס ביוראָ־לייטער. מיטגליד פון שטאָטראַט פון יאָר 1934.

## נפתלי גארטיבעל

געבוירן אין לויצק אין יאָר 1901. געלערנט אין חדר, דערנאָך עקסטערן, און שפּעטער געענדיקט דאָס גימנאַזיום אין לויצק.

פון דער פריסטער יוגנט — אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, פאַרנומען אַ פירנדיקן פּלאַץ אין דער „התאחדות"־באַוועגונג און אַ ריי יאָרן געווען אַ מיטגליד פון פּאַרטיי־ראַט פון „התאחדות" אין פּוילן.

אין די לעצטע צוויי קאַדענצן — שטאָט־ראַטמאַן פון דער ציוניסטישער ליסטע.

דערמאָרדעט דורך די דייטשע היטלעריסטן.

## רעד. שמואל כאַזאַן

געבוירן אין 1901 אין אַ פאַמיליע פון שוחטים. באַקומען אַ שטרענג רעליגיעזע דערציונג, גרייטנדיק זיך צו דער ירושה־דיקער מלאכת הקודש, אָבער — זיך אַרויסגעבראָכן „לתרבות רעה", און נאָך 9 יאָר לערנען אין די ישיבות — זיך איבערגעוואָרפן צו וועלטלעכער בילדונג, באַזוכנדיק גימנאַזיאַל־קורסן און לערנענדיק עקסטערן.

מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען זייער פרי, פון יאָר 1918, אַלס אָנפירער פון אַ יוגנטלעכן לעגאַליזירטן „הילפס־קאָמיטעט פאַר אַרטיקע קינדער און יתומים", שפּעטער אַלס לייטער און אינסטרוקטאָר פון דער האַנטווערקער־באַוועגונג אויף וואָלין.

איינצייטיק זיך פאַרנומען מיט זשורנאַליסטיק, פריער אַלס קאָרעספּאָנדענט פון דער טעגלעכער פרעסע, דערנאָך אַלס פּובליציסט אין די וואָלינער וואָכנבלעטער. געווען אויך איינער פון דער אָנפירנדער גרופּע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אין וואַרשע דעם ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל „שפּראַצונגען".

אין יאָר 1926 פאַרלייגט ער די ערשטע לאָקאַלע צייטונג „וואָלין", און פון יאָר 1928 — רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון „וואָלינער פרעסע", קאָרעספּאָנדענט פון „מאָמענט", „ראַדיאָ" און פון דער „פּ.אַ.ט.־אַגענטור.

פאַרנומען פאַלגנדיקע אַמטן:

פאַרוו.־מיטגליד פון וואָלינער אַלגעמיינעם זשורנאַליסטן־פאַרבאַנד, וויצע־פּרעזעס פון „חשמונאי", פּרעזעס פון אַמבולאַטאָריום־ראַט ביים „לינת הצדק", סעקרעטאַר פון „צענטאָס" און סעקרעטאַר פון „אָרט".

אין שטאָטראַט געוויילט אין יאָר 1934.

## שמחה שלייפשטיין

געבוירן אין יאָר 1888 אויף וואָלין אין שטעטעלע דראַזשנע ביי שטרענג־אָרטאָדאָקסישע עלטערן און באַקומען אַן אָרטאָדאָקסישע־נאַציאָנאַלע דערציונג. אין יאָר 1902 באַזעצט זיך די משפחה אין לויצק. אין יאָר 1906 לערנט ער אין אָדעס אַלס עקסטערן. גאַנץ יונג ווערט ער אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פאַרנעמענדיק כסדר אַן אָנגעזען אָרט. שרייבט אויך קאָרעספּאָנדענצן אין דעם רוסיש־ציוניסטישן זשורנאַל „ראַזסוויעט".

אין יאָר 1909 באַזעצט ער זיך אין וואַרשע, ווו ער באַטייליקט זיך אויך אין דער ציוניסטישער אַרבעט, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דעם לעגאַליזירטן לאָקאַל פון די „חובבי־שפת עבר". מיטן אויסברוך פון דער מלחמה קומט ער צוריק קיין לויצק. אין יאָר 1915 אַנטלויפט ער מיט דער פאַמיליע קיין לודמיר. אין 1919 באַזעצט ער זיך ווידער אין לויצק און ווידמעט זיך ווייטער דער ציוניסטישע און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער ווערט געוויילט אַלס מיטגליד פון ועד, אַרבעט אַקטיוו אין דער „פאָלקס־באַנק". סוף יאָר 1924 גרינדעט ער אין לויצק דעם ערשטן קליינהענדלער־פאַראיין, וועלכער ווערט דורך אים אָדער אונטער זיין השגחה אָנגעפירט.



שמחה שלייפשטיין

אין יאָר 1928 שטעלט ער זיך אין די רייען פון די רעוויזיאָניסטן. ער ווערט געוויילט אַלס מיטגליד פון פאַרטיי־ראַט און אַלס מפקד הגליל. ווערט נאָמינירט דורכן פּוילישן וואָיעוואָדע מעך אַלס ראַטמאַן אין דעם אַזוי גערופענעם „מיעיסקי ספּאָלעטשני קאָמיטעט גאָספּאָדאַרטשי" און ווערט געוויילט אין דעם ערשטן שטאָטראַט. אין יאָר 1929 לייגט ער זיין מאַנדאַט אַלס ראַטמאַן און ווערט נאָמינירט אַלס שטאָט־אינטענדענט, דעם אַמט פאַרנעמט ער ביז סוף 1933. אין יאָר 1933 ווערט ער ווידער געוויילט אין שטאָטראַט.

אָנהייבנדיק פון יאָר 1925 אַרבעט ער מיט כמעט אין אַלע צייטונגען, וואָס דערשיינען אויף וואָלין. באַזונדערס אַרבעט ער אַקטיוו אין „וואָלינער פרעסע", ווו ער איז אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע.

אומגעקומען אין לויצקער געטאָ.

יוסף ויץ

# דודי

לא דמעה תרד עיני, וקולי לא ישמיע נהי... חרש, חרש אשקע בתהום יגונות ושם אתיחד עם דמות־דיוקני הנאצלת...

מאימתי אזכרהו? עם הפצעת קרני־הכרתי הראשונות מדמדם קלסתר־פניו לפני... בזכרונות ילדותי, בחויות בחרותי ושחרותי הוא משזר, וצעד בצעד בכל דרכי־חיי, צמיחתי וגידולי, הוא מלווני.

...עודני תינוק אי־שם בכפר לא אדע עתה לכנותו בשם. על אזני ילחש. שעה אחת של ערוב יום ששי אזכורה. שבת מלכתא עומדת על מפתן הבית הנקי למשעי, וסבא בקפוטה של אטלס מתכונן לקבלה. והנה שב גם הוא, הדוד, מדרכו. הוא מחבקני; פתאום ראה כי צפרני אינן כשורה והוא ממהר לעשותן, בכוונה ובטיפוח, ואגב יספר משהו מלבב ומושך...


ח. ויץ

גדלתי, והנני בעיירה בורימיל. הדוד גר עתה בביתו הוא, אבל מדי שבת בשבתו הריני אורחו לשעה שאחרי צהרים. הוא בראש השולחן ואני לצדו, והספר „שיחות מני קדם" ליעב"ץ לפנינו. אנו קוראים בו. האח, מה מיטיב הדוד לקרוא ולהסביר! האגדות חיות בפיו המחייך, בעיניו הצוחקות ובקולו המרנן. אני מביט פעם אל הספר ופעם אליו, ואיני יודע מי קורא ממי — הדוד מהספר או הספר מהדוד? והשורות נחקקות בלבי, והתמונות מצטיירות בדמיוני, ועוד מעט וגם אני משיח...

ואהיה לבר־בצוה ויקחני הדוד אליו לעסקי־הריחיים. ריחיים היו על צוארו בליפא הכפר, ויושיבני שם להציב ציוני־מספרים לעגלות החיטים ולמוכריהן, לשקי־הקמח ולקוניהם. השכב גונח והרכב חורק והגלגלים מנסרים ותמרות אבק עולות ומכסות את החלונות ואת הסורגות, את הטוחן הפולני ואת עוזרו היהודי, שזקנו השחור היה מלבין שם בכל יום, וה„ערלים" מקשקשים ומפטפטים, ואף היהודי השותף, מין בעל־גוף, רוטן ומגמגם. הדוד שוקע כולו באבק של קמח, ואני במספרים, והכל מאובק ונאלח. אבל בחוץ נחל שט, מַזרים מימיו בלחש, מטפח על שתי גדות מוריקות קני־סוף מעלי־רשרוש, ודגי־כסף מרצדים בתוכו, וצפרים מקננות בסבך ענפי־הערבית המשתקפים בו בירק פז. ובהעיף הדוד עינו בעולם־יה זה — והנה פרח האבק הלבן, חדל הקשקוש המטריד, עיניו הוארו ובת־צחוקו ברוכת־הטוב והחסד משתפכת על פניו. ויוציא מצקלונו את חוברת „השלוח" האחרונה וישימנה לפני על הפנקס, גדוש המספרים המאובקים, והריהו מתהלך בחדר וקורא בקול ובהטעמה:

אֲנִי יוֹדֵעַ יַעַר, וּבַיַּעַר
אֲנִי יוֹדֵעַ בְּרֵכָה צְנוּעָה אַחַת:
בִּצְבֵי־הַחֹרֶשׁ, פְּרוּשָׁה מִן הָעוֹלָם,
בְּצֵל שֶׁל־אַלּוֹן רָם, בְּרוּךְ־אוֹר וּלְמוּד־סַעַר,
לְבַדָּהּ תַּחֲלֹם לָהּ חֲלוֹם עוֹלָם הָפוּךְ.
וְתַדְגֶּה לָהּ בְּחֲשַׁאי אֶת דְּגֵי־זְהָבָהּ
וְאֵין יוֹדֵעַ מַה־בִּלְבָבָהּ...

והתמונה מופיעה חיה, בכליל שלימותה. אני רואה את היער ואת הבריכה, ממש. אני מהלך בצל אילנותיו, ובריכה צנועה זו מתגלית לפני מתוך עיניו הבהירות של הדוד, ואת הגיגי היער אני מאזין מתוך קולו הרך של הדוד, והוא כולו עטור שכינת השירה, כאילו הוא הוא המשורר המדובב את היער ואת הברכה אשר —

לְבַדָּהּ תַּחֲלֹם לָהּ חֲלוֹם עוֹלָם הָפוּךְ...

ונדמה לי, שהוא מדובב גם אותי, כי הנה גם נפשי התחילה לומר שירה...

הנני בחור חולם חלום שיבת־ציון, וידו אינה זזה מידי; כי חלום זה הוא חלומו וממנו ינקתיו. נשמת המשורר שבו, שקיננה במעמקי־הוויתו ודרשה ממנו את ביטויה ואת ניבה, כאילו מצאה את תיקונה בחלום־ציון, בשאיפה לחיי שדה וכרם שטופי־אור ווזהר רב אשר יהיו בארץ־האבות. הוא ראה הכל בעיני הוזה, שהדמיון והמציאות משמשים אצלו בערבוביא, ומי שעמד במחיצתו לא יכול היה שלא לקבל ממנו השפעת הזיה, עד כדי לנסות להגשימה ולהפכה למציאות.

ואני נסיתי. וכשהדוד העניק לי ברכותיו לדרכי היו עיניו מבריקות בהוד נאצל. נשמתו, שטבלה במעין־השירה, צהלה מתוך חלום הזוהר — שאליו ערג... אבל הוא נשאר שם, בעולם המציאות העכורה...

מרחקי־ימים ושנים הפרידו בינינו, אבל מכתביו היו ספוגים הדי־לבבו הפועם מתוך הזיה ושירה. בהם מצאה לה ביטוי נשמת המשורר, החולם, העורג ונכסף כיסופי־יופי אל מרחבים, שדות פורחים ושמים תכולים. תחילה תכופים המכתבים, ואחר הויה בהם יד הזמן והם מתמעטים והולכים, אבל בלבי נשארת תמונת הדוד, המשורר, החולם, העורג ונכסף כיסופי־יופי, מרחבים, שדות פורחים ושמים תכולים.

אבל כשהבטתי בעיניו — ורווח. אותן העינים הצוחקות. וראה פלא: בבין־השפתים שוכנת בת־הצחוק ברוכת הטוב והחסד, הנדיבות והסליחה...

עוד העינים מדובבות חלום, אבל הוא שקע במ"ט שערי שטרות ועסקים, דאגות־בית וטרדות־חוץ. הגב שח מעול המעמסה, והעינים! אך העינים חולמות. מה? מהו החלום המשתקף עתה בהן?

באותם הימים הספורים שהתהלכתי שוב במחיצתו והקשבתי אל שיחתו והתבוננתי אל עיניו, נצנץ אלי פעם הפתרון: באחד הבקרים שמעתיו כאילו הוא מלחש לעצמו:

...וּבַיַּעַר
אֲנִי יוֹדֵעַ בְּרֵכָה צְנוּעָה אַחַת...
לְבַדָּהּ תַּחֲלֹם לָהּ חֲלוֹם עוֹלָם הָפוּךְ...
וְאֵין יוֹדֵעַ מַה־בְּלְבָבָהּ...

האם לא בבחינת הבריכה הצנועה הזאת — הדוד? חי הוא בעולם זה, עולם העסקים, הדאגות המכבידות, הטרדות המעיבות, בעולם חסר אור ומרחב, בעולם של מדמנה למטה ושמים טעונים חשרת־עבים למעלה, אבל לבדו יחלום לו חלום עולם הפוך...

וְאֵין יוֹדֵעַ מַה־בְּלְבָבוֹ...

לא זה העולם המוחש הוא עולמו, אלא העולם ההפוך ממנו, העולם שאליו תכמה נפשו, ועל כן כה עצוב הנהו — — —

— — — ושוב הגיעה שעת פרידה. בין עשרות אנשים קרובים שבאו ללוותי מתהלך הדוד לצדי. הוא שחוח. ואין פלא. תמיד השמים שם כה נמוכים, רובצים כה בקדרותם. גם בוקר זה סגריר הוא. הדוד מעונה ומדוכא. אני מביט בעיניו. ניצוץ החלום איננו. כבה. לוקח אני את ידו לפרידה ולוחש לו.

— דודי, דוד. אני רוצה לראותך עוד פעם, אבל שם, שם בעולם ההפוך, בעולם חלומותיך... הבריק הניצוץ, אך דוק לח כיסה עיניו, שנינו בכינו. האם ניבא הלב משהו רע?

וכעבור שנתים — ודודי איננו...

לא דמעה תרד עיני וקולי לא ישמיע נהי. חרש, חרש אני שוקע בתהום־יגונות, ושם אני מתיחד עם דמות־דיוקנו הנאצלה...

ירושלים, כסלו תרצ"ג



ח. ויץ בצעירותו

ושוב פגשתיו. אחרי שתי עשרות שנות פרידה. ולא כאן בארץ הזוהר ורקיע התכול, אלא שם בעירה הנאלחה והמדוכאה. בבוקר סגריר ונוטף קדרות, שעמום, וחוסר־ישע, נשקף אלי דרך חלון־הקרון — וראהו. נצבט הלב. הפנים — פניו קומטו,

# דער רב ר׳ מעכעלע

איינע פון די שענסטע און איידלסטע געשטאַלטן פון דער רבנישער וועלט בכלל און פון לויצק בפרט, איז, בלי ספק, געווען רב מעכעלע דער רב. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, יום ולילה געזעסן על התורה ועל העבודה, פאַרטיפט אין ספרים, קייענדיק די שפּיצן פון זיין זיידענער באָרד· ער האָט געלערנט מיט אַ זעלטענער שיינער שטימע און מיט התלהבות. פון אונטער זיינע דיקע ברעמען האָבן אַרויסגעקוקט צוויי קליינע אויגן, וואָס האָבן געשטראַלט מיט חכמה· ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע זיידענע קאַפּאָטע, איפן קאָפּ אַ שטריימל, קורצע שיך און ווייסע, לאַנגע זאָקן.

גייענדיק שבת אַהיים פון דער טריסקער שול, אין באַגלייטונג פון פיל חסידים, פלעגט ער וועקן אַכטונג ביי אַלע אַרום.

רב מעכעלע פלעגט זיצן אין זיין חדר ביז האַלבער נאַכט ביי זיין שרייב־טיש און שרייבן חידושי־תורה און דעמאָלט האָט ער באמת אויסגעזען ווי אַ מלאך. ער האָט מחבר געווען אַ ריי ספרים.

די רביצין, אַ הויכע שטאָלצע שיינע פרוי, מיט אַ ליבן שמייכל אויפן איידעלן געזיכט, פלעגט בנעימותדיק אויפנעמען די מענטשן, אָדער די קינדער, וועלכע פלעגן קומען מיט אַ שאלה צום רב, זי פלעגט יעדן אויספרעגן וועגן דער פאַמיליע און דערנאָך צ׳גיין צום רב און פאָרשטעלן: דעמס און דעמס קינד, אָדער אייניקל, איז געקומען מיט אַ שאלה. דער רב פלעגט דאַן זיינע אויגן פון ספר נישט אַרויסנעמען, זאָגן דער רביצין, זי זאָל איבערפרעגן ס׳קינד, וואָס און ווי אַזוי ס׳האָט פּאַסירט, און נאָך אַ צייט פלעגט ער, רעדנדיק צו דער רביצין, זאָגן: רביצין, ס׳איז כשר, אָדער: רביצין, ס׳איז טריפה.

ס באַרדיטש־גאָלדבערג

# יעקב גראָבשטיין

יעקב גראָבשטיין איז זייט יאָר 1924 געווען דער צווייטער חזן פון דער גרויסער שטאָט־שול. די לויצקער יידישע באַפעלרונג האָט אים זייער גוט געקענט אַלס ערלעכן און אָנשטענדיקן מענטשן. מענטשן פלעגן אָפט קומען צו אים נאָך אַן עצה. ער פלעגט זיך שטענדיק פאַרנעמען מיט העלפן די נויטבאַדערפטיקע. כמעט אַלע טאָג פלעגן קומען צו אים סוחרים, ער זאָל זיי אויסגלייכן אין זייערע סיכסוכים.

נישט געקוקט דערויף, וואָס זיין אייגענע פרנסה האָט נישט געהערט צו די איבעריק וואַזשנע, איז פאַר אים קיינמאָל נישט שווער געווען זיך אָפּצוגעבן מיט כלל־טוערײ פאַר נויטבאַדערפטיקע יידן.

ער איז געווען אַ ייד אַ פרומער, אַ למדן, אָבער נישט קיין פאַנאַטיקער. ער האָט געהאַט אַ געזונטן ח״ש פאַרן לעבן, איז שטענדיק געווען אַ פריילעכער לוסטיקער מענטש, אַ מענטש מיט אַ נישט־אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. זיין לעבנס־שטייגער האָט מיר געגעבן זייער פיל מוט אויסצוהאַלטן אַלע מיינע שווערע ליידן און איבערלעבונגען אין די היטלעריסטישע לאַגערן. סיי יונג און סיי אַלט האָבן גערן מיט אים געוואָלט זיצן און פירן אַ געשפּרעך. זיינע געשפּרעכן זענען געווען אינטערעסאַנטע, טיפע לויטן אינהאַלט. ער איז שטענדיק געווען פול מיט לעבן און הומאָר. ס׳איז באמת שווער צו געפינען ביים היינטיקן טאָג אַזעלכע מענטשן!

ליידער ווייס איך נישט ביזן היינטיקן טאָג אין וועלכן טאָג און חודש ער איז אומגעקומען פון די היטלער־מערדער.

משה גראָבשטיין

# יעקב סימאַ

צווישן די אָנגעזעענסטע געשטאַלטן פון ציוניסטיש־רעליגיעזן לאַגער אין לויצק האָט פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט יעקב סימאַ.


יעקב סימא

נאָך אין יאָר תרפ״א — 1921 איז ער געווען פון די איניציאַטאָרן און גרינדער פון דער מזרחי־באַוועגונג אין שטאָט. אין יאָר תרצ״ג — 1933 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּאָרזיצער פון „מזרחי״. אָט דעם אַמט האָט ער אויסגעפירט ביז דער ליקווידאַציע פון אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין 1939, ווען די סאָוויעטן זענען אַריין קיין לויצק.

יעקב סימאַ האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס בקיאות סיי אין די הייליקע ספרים און סיי אין דער נייער העברעישער ליטעראַטור. אויב זיין וויסן פון תלמוד האָט ער באַקומען אין חדר — האָט ער די וועלטלעכע העברעישע שאַפונגען און די ציוניסטישע ליטעראַטור געלערנט אַליין און בסוד — דאָס איז דאָך געווען טריף־פּסול ביי פרומע יידן. אויך צו די קענטענישן פון רוסיש און פויליש איז ער דערגאַנגען ווי אַן אויטאָדידאַקט. עס איז געווען באַוווסט זיין פּערפעקטע קענטעניש פון דער העברעישער שפּראַך.

דאָס בעסטע פון זיין צייט און פעיקייט האָט ער אָפּגעגעבן פאַר דער ציוניסטיש־רעליגיעזער באַוועגונג. ער האָט זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט אין אַ ריי לאַנד־קאָנפערענצן פון „מזרחי״. ער איז געווען אַ שטילער מענטש און אַן עניו און אויסגעמיטן כיבודים, אָבער ער איז תמיד גרייט געווען אָנצונעמען די אויפגאַבעס, וואָס זענען אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן דורך דער געזעלשאַפט.

ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין קאָמיטעט פון דער גמילת־חסדים־קאַסע, אין אויפזיכטס־ראַט ביי דער תלמוד־תורה א. א.

יעקב סימאַ האָט געהאַט אַ בכבודיקע און פעסטע פּאָזיציע

ביים כלל סוחרים אין שטאָט, נישט אַזוי צוליבן אומפאַנג פון זיינע געשעפטן, נאָר צוליבן אָפּהיטן די פּרינציפּן פון ערלעכ־קייט, פּינקטלעכקייט און צוטרוי. אין זיין מסחר־טעטיקייט האָט ער זיך נישט באַנוצט מיט געשריבענע אָפּמאַכן און וועקסלען, נאָר בלויז מיט זיין וואָרט, וואָס ער האָט תמיד פּינקטלעך אויס־געפירט. צוליב אָט דער אייגנשאַפט האָט ער געגאָסן אין שטאָט פון אַן אומבאַגרענעצטן קרעדיט.

זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן, וואָס האָט זיך גע־נייטיקט אין הילף אָדער אין אַן עצה. ער האָט בייגעשטייערט פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן און פאַר די פאַרשידענע הילפס־אינסטיטוציעס, און געטאָן האָט ער עס שטענדיק מיט אַ ברייטער האַנט.

זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין טראַדיציאָנעלן גייסט און אין דער שטרעבונג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אין משך פון יאָרן האָט ער זיך געגרייט עולה צו זיין מיט דער משפחה קיין ארץ־ישראל, אָבער דער חורבן איז געקומען פריער. צוזאַמען מיט זיין פרוי און עלטסטער טאָכטער איז ער אומ־געקומען אין לויצק.

זיין לויטערע געשטאַלט לעבט אין אָנדענק פון די לויצ־קער יידן.

# יונה פרידמאַן

יונה פרידמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1894 ביי רייזע און יעקב פרידמאַן. ווען זיינע עלטערן זענען געשטאָרבן אין פריען עלטער איז יונה געבליבן נישט בלויז פירער פון גע־שעפט, נאָר אויך דער יועץ און אַפּוטרופּוס פון דער גאַנצער משפחה.

זיין מאַטעריעלע מערכה האָט ער זיך דערוואָרבן נישט צוליב אַ מזלדיקן צופאַל, אָדער פאַרדעכטיקע טראַנזאַקציעס, נאָר דווקא צוליב זיין ערלעכקייט און ענערגיע. יונה פרידמאַן איז גע־ווען באַקאַנט ווי אַ מענטש, וואָס איז גרייט מקריב צו זיין זיינע פּערזענלעכע און מאַטעריעלע נוצן לטובת דעם פּרינציפּ פון יושר־דיקייט.


יונה פרידמאַן

צוליב אָט דער פּערזענלעכער מעלה זיינער איז יונה פרידמאַן געווען אָנגעזען און באַליבט נישט בלויז ביי דער יידישער באַפעל־קערונג, נאָר אויך ביי דער פּוילישער מאַכט אין שטאָט. אין יאָר 1933, ווען די פּוילישע רע־גירונג האָט אָנגעהויבן אַלץ שטאַרקער אַרונטערצורייסן די עקאָנאָמישע באַזע פון יידן און צו דערשטיקן זיי מיט דער הילף פון אומבאַגרינדעטע שטייערן, איז יונה פרידמאַן געווען איינער פון די געציילטע אָנערקענטע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן באַקומען די מעגלעכקייט צו פאַרטיידיקן יידן, באַדראָטע פון מאַטעריעלן חורבן. ער איז נישט געווען קיין שתדלן און תחנונים־בעטער, נאָר ער האָט אויפגעוויזן דער מאַכט, אַז זייער פּאָליטיק וועט ברענגען עקאָנאָמישן שאָדן דעם גאַנצן לאַנד און נישט בלויז דער יידישער מינדערהייט. און מיט זיין אייזער־נער לאָגיק איז אים נישט איין מאָל געלונגען איבערצוצייגן די פּוילישע מאַכטהאָבער.

אין יענע טעג פלעגן אָפט קומען צו אים פאַרדאגהטע און פאַרוויינטע יידן, זיי זענען אָבער אַוועקגעגאַנגען דערמונטערטע נאָך זיין אַרויסגעוויזענער הילף. זיינע אינטערווענצן פאַר יחידים האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ קאַמף פאַר דער אונטערדריקטער יידישער מינדערהייט אין פּוילן.

ער האָט נישט געדרשנט פאַר אַנדערע, נאָר אַליין געטאָן וואָס ער איז געווען ביכולת. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר אַלע צדקה־אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטלעכע פאָנדן און ער האָט באַקומען אַ שם אַלס נדבן מיט אַ ברייט האַרץ. אָט דער שטריך איז אויך געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע מיט־גלידער פון דער משפחה.

אָבער נישט בלויז מיט אַרויסוויזן מאַטעריעלע הילף האָט זיך אויסגעצייכנט יונה פרידמאַן. צו אים פלעגט מען קומען זיך באַראַטן אין פאַרשידענע ענינים און מיט בקשות אויס־צוגלייכן מחלוקתן.

ער איז געווען בטבע אַ באַשיידענער מענטש. אַ לאַנגע צייט האָט ער אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג צו ווערן דער ראש־הקהילה אין שטאָט. ערשט בעתן קריזיס אין די יאָרן 1933—1934 האָט ער בלית ברירה מסכים געווען צו שטעלן זיך בראש פון דער ציוניסטישער ליסטע. דער דערפאָלג איז געווען אַ גרוי־סער: די מערהייט יידן — ציוניסטן און נישט־ציוניסטן, רע־ליגיעזע און פריידענקער — האָבן געשטימט פאַר אים. אָבער צוליב די נישט ערלעכע מאַנעווורעס פון זיינע קעגנער אין די וואַלן, איז ער געצוווּנגען געווען צו רעזיגנירן.

זיין מאַטעריעלער וווילשטאַנד האָט אים קיינמאָל נישט פאַרבלענדט די אויגן און ער האָט תמיד געחלומט זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל, און דווקא אויפן דאָרף, כדי צו פאַר־נעמען זיך מיט פּראַצע פון די אייגענע הענט. ער האָט אָבער נישט פאַרויסגעזען באַצייטנס דעם אויסברוך פון דער מלחמה. זיין פרוי בעלאַ און די זין ישעיהו און יעקב געפינען זיך איצט אין ישראל, אָבער ער אַליין האָט דערצו נישט זוכה געווען. ער איז אומגעקומען ערגעץ־ווו אָן צו קומען צו קבר ישראל.

זיין אָנדענק וועט בלייבן טייער פאַר אַלע די, וואָס האָבן אים געקענט און פאַרערט.

# יהושע בערגער

די גרעסטע פאַרדינסטן אויפן פעלד פון העברעישן שול־וועזן אין לויצק דאַרפן פאַרשריבן ווערן אויפן חשבון פון דעם ציוניסטישן עסקן יהושע בערגער, וועלכער איז געווען דער פאַקטישער גרינדער פון דער תרבות־שול, נישט נאָר אין לויצק, נאָר אין פיל שטעט פון וואָלין.

נאָך וויט פאַר דער מלחמה, אין יאָר 1903, ווידמעט ער זיך שוין, לויטן אויפטראַג פון דער ארץ־ישראלדיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז באַקאַנט אַלס אָדעסער קאָמיטעט, דער געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלער אַרבעט. אין יענער צייט האָט ער געגרינדעט די עלעמענטאַרע העברעישע שול אין לובאַטשעווקע (וואָלין).

אין 1907 ווערט יהושע בערגער דעלעגירט, דורך דעם צענטראַלן ציוניסטישן קאָמיטעט אין ווילנע, אויף וואָלין אַלס איר פאַרטרוויונגס־מאַן און אין יאָר 1914 באַזעצט ער זיך אויף סטאַביל אין לויצק, ווו ער אַנטוויקלט אַן אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע און אינטענסיווע ציוניסטישע טעטיקייט. אין יאָר 1919 ווערט ער באַפולמעכטיקט דורך דער אוקראַאינישער מאַכט צו אָרגאַניזירן די יידישע קהילה אין לויצק. אין דער דאָזיקער קהילה פאַרנעמט ער דעם אַמט פון וויצע־פּרעזעס (ביז יאָר 1926).

אין יאָר 1918 גרינדעט י. בערגער די תרבות־שול, וואָס האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון קריג. דער שול־אַרבעט ווידמעט זיך י. בערגער מיטן גאַנצן ברען — און ווען ס'ווערט לעגאַליזירט אין פּוילן די „תרבות"־געזעלשאַפט, גרינדעט ער, צוזאַמען מיט נאָך איניקע טרייע עסקנים, די גאַנצע נעץ פון תרבות־שולן איבער פיל שטעט פון וואָלין.

י. בערגער האָט געהערט צו די טיכטיקסטע יידישע כלל־טוער אויף וואָלין. ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לויצק, פּרעזעס פון „תרבות", פּרעזידיום־מיטגליד פון קרן־קימת און קרן־היסוד אין לויצק, מיטגליד פון דער וואָלינער „צענטאָס"־צענטראַלע אויף וואָלין, מיטגליד פון ציוניסטישן פּאַרטיי־ראַט און פון הויפּט־ראַט פון דער „תרבות"־געזעלשאַפט אין פּוילן.

געבוירן איז ער אין יאָר 1888 אין שטעטל לובאַטשעווקע אייף וואָלין. זיין יודאַיסטישע און אַלגעמיינע בילדונג האָט ער באַקומען אין אָדעס.

יהושע בערגער, זיין פרוי דינה — אַ לערערין פון תרבות־שולע — און זיין יינגערער זון חנניה זענען אומגעקומען אין געטאָ לויצק.

# חיה רחל קרוינשטיין

געווען זייער טעטיק אויפן פילאַנטראָפּישן געביט און געהאָלפן פיל אָרעמעלייט. אַדאַנק איר איניציאַטיוו איז אויפגעבויט געוואָרן די תלמוד־תורה מיט מאָדערנע איינריכטונגען. זי האָט ספּעציעל געבראַכט שניצערס פון ווילנע אויף אויסצושניצן דעם ארון־קודש פאַר דער שול. ביי דער דערעפענונג פון דער תלמוד־תורה האָט זי געטיילט מתנות פאַר אַלע קינדער.

# אליעזר פטיץ (אבר"י)

אליעזר בן ר' יצחק פטיץ איז געווען דער מחבר פון „תולדות היהודים בלוצק", וואָס איז איינגעשריבן געוואָרן אין פנקס פון דער גרויסער שול אין יאָר 1886. ער איז פון אָנהייב געווען אַ משכיל פון מענדעלסאָנס שול, אַ לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון „המליץ", ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט זיינע אַרבעטן אונטערן נאָמען אבר"י (ראשי־תיבות פון אליעזר בן יצחק).


אליעזר פטיץ

מיט גרויסע שוועריקייטן אָבער מיט אַן אומגעהויערער עקשנות האָט אליעזר פטיץ דערוואָרבן זיין בילדונג און געזעלשאַפטלעכע מערכה. ער האָט זיך דערצויגן ביי זיין פרומען זיידן אין ראַדזשיוויל, וועלכער האָט נישט דערלאָזט אַז זיין איינינקל זאָל לייענען די אַפּיקורסישע וועלטלעכע ביכער. נישט געקוקט אויף די שטערונגען איז אליעזרן דאָך געלונגען צו באַקומען דאָס סאַמע נויטיקע וויסן און ער איז געוואָרן אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון משה מענדעלסאָנס פרייע אידעען. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער געווען אַ הייסער ציוניסט און העברעיסט.

באַקאַנט איז אליעזר פטיצס אויבנדערמאָנטע אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין לויצק. ווען אליעזר פטיץ איז אַלט געווען 18 יאָר זענען צו אים געקומען די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים פון שטאָט מיט דער בקשה, אַז ער זאָל אייגנהענטיק אַריינשרייבן אין פנקס פון דער גרויסער שול אַ גרעסערן פּראָגמענט פון זיין אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון לויצק און פון דאָרטיקן יידישן ישוב. צוליב דער מורא, אַז די ערשטע זייטלעך פונעם פנקס קאָנען פאַרניכטעט ווערן — האָט מען די אַרבעט פאַרשריבן אין מיטן פון פנקס. דאָרט איז זי געוואָרן פאַרהיט אין משך פון 53 יאָר, ביז דער פנקס איז אומגעקומען — צוזאַמען מיט דער שול — אין יאָר 1942. אין יאָר 1933, צו דער יאָרצייט פון אליעזר פטיצס טויט, איז די אַרבעט דערשינען אין אַ פּוילישער איבערזעצונג.

אַן אויספירלעך אַרטיקל וועגן דעם לעבן און דער טעטיקייט פון א. פטיץ, ווי אויך וועגן דער באַדייטונג פון זיין געשיכט־

לעכער אַרבעט — האָט אָנגעשריבן דער עטאַטאָווער רב פון דער שטאָט לויצק משה גליקליך. דער אַרטיקל איז געווען פּאַר־עפנטלעכט אין דער לויצקער ליטעראַרישער צייטשריפט „זניטש" און אויך אין אַנדערע וואַרשעווער ליטעראַרישע צייטשריפטן.

צוליב די פּאַרגרעסערטע דאגת פרנסה אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען אליעזר פּטיץ איז געוואָרן אַ מטופל פון אַ גרויסער משפחה — איז ער געוואָרן איינער פון די ערשטע אינדוסטריע־לער אין שטאָט. ער האָט אויסגעבויט אַ מיל ביי דער קראַסנער בריק און געווען אַ פּיאָנער פון מיל־וועזן אין לויצק.

ווי אַ מוסטערהאַפטער פאָטער האָט ער געזאָרגט, אַז אַלע זיינע קינדער זאָלן באַקומען אַ גוטע דערציִונג און הויכע ביל־דונג. פון אַלע קינדער איז געבליבן בלויז אַרכיטעקט מיכאל פּטיץ, וועלכער לעבט איצט אין ישראל. אַלע איבעריקע זענען אומגעקומען.

דער עלטסטער זון, סטאָמאַטאָלאָג ד"ר עמנואל פּטיץ אין פּראָג, דער צווייטער זון, רענטגענאָלאָג ד"ר דוד פּטיץ אין לויצק, דער דריטער זון יעקב און די איינציקע טאָכטער סאָניע — זענען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

# יעקב קאַטליאַר

יעקב בן ר' אלכסנדר קאַטליאַר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַקטיווער און איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער טעטי־קייט, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן אין יאָר 1916. דעמאָלט האָט ער צוזאַמען מיט י. גיטערמאַן אָרגאַ־ניזירט און אָנגעפירט אַלס וויצע־פאָרזיצער דעם הילפס־קאָמיטעט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געליטן פון די מל־חמה־געשעענישן. (די טעטיקייט פון דעם־אַ קאָמיטעט ווערט גע־נוי באַשריבן אויף אַן אַנדער אָרט אין דעם ספר). יעקב קאַטליאַר האָט זיין אויפגאַבע אויסגעפירט מיט אַ סך איבערגעגעבנקייט. כמ־עט אין יעדן פאַל האָט ער זיך פערזענלעך פאַרבונדן מיטן נצרך, וואָס האָט זיך געווענדט נאָך הילף צום קאָמיטעט. אַ סך צייט האָט ער אויך אָפּגעגעבן פאַר דעם יתומים־הויז, וואָס דער אויבנדערמאָנטער קאָמיטעט האָט געשאַפן.


יעקב קאַטליאַר

נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען ס'איז איבער־געריסן געוואָרן די הילף פון רוסישן יידנטום, האָט יעקב קאַטליאַר, צוזאַמען מיט אַ גרופּע מיטגלידער פונעם קאָמיטעט, געווענדט זיין טעטיקייט אין אַן אַנדערער געזעלשאַפטלעכער ריכטונג. ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון די גמילת־חסדים קאַסעס ביי די שולן און בתי־מדרשים. אָט די ג"ח־קאַסעס האָבן אַרויסגעגעבן אָנפּראָצענטיקע הלוואות צו די קליינהענדלער און האַנטווערקער. אין יענע עקאָנאָמיש שווערע צייטן איז דאָס געווען אַ באַדייטנדיקע הילף פאַר אָט דעם שיכט פון דער לויצקער יידישער באַפעל־קערונג. אויף דעם דאָזיקן געביט איז יעקב קאַטליאַר געווען טעטיק ביז ער איז נפטר געוואָרן — אין יאָר 1932.

יעקב קאַטליאַר ז"ל וועט אויף שטענדיק פאַררעכנט ווערן אַלס איינער פון די איידלסטע און שענסטע געשטאַלטן, וועלכע דאָס יידישע לויצק האָט אַרויסגעגעבן.

כבוד זיין אָנדענק!

# ד"ר פרידמאַן פעמאַוו

איינער פון די פּאָפּולערסטע דאָקטוירים און געזעלשאַפט־לעכע טוער אין לויצק. אָנגעהויבן צו פּראַקטיצירן אין קיעוו, ווו ער האָט געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. די ערשטע וועלט־מלחמה מאַכט ער דורך אַלס מיליטער־דאָקטאָר אין דער אַרמיי. אין יאָר 1916 קומט ער אָן מיט זיין מיליטערישער טייל קיין לויצק, ווו ער ווערט אַקטיוו אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער אַרבעט אַלס דאָקטאָר אין דאַן אַנטשטייענדיקן פרויען־פאַראיין און אין דער אַמבולאַטאָריע פון „אָזע". ווערט געוויילט אַלס וויצע־פרעזעס פון דער ערשטער דעמאָקראַטיש־געוויילטער קהילה, און שפּעטער — אַלס פרעזעס. ער איז אויך מיטגליד אין דעמאָלטדיקן אַמעריקאַנער קאָמיטעט אויף העלפן די יידישע נויטבאַדערפטיקע.


ד"ר פרידמאַן פעמאַוו

זינט דער גרינדונג פון יידישן שפּיטאָל אַרבעט ער דאָרט אַלס אָרדינאַטאָר, און פון יאָר 1929 ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען הויפּט־דאָקטאָר פון דעם שפּיטאָל.

ד"ר פעמאַוו איז אויסער דעם געווען שטענדיקער דאָקטאָר פון דער יתומים־געזעלשאַפט, אָנפירנ־דיקער מיטגליד אין דאָקטוירים־פאַרבאַנד, ראַט־מיטגליד פון דער לובלינער דאָקטוירים־קאַמער, פרעזעס פון דער צענטראַלער ליי־באַנק, ערשטער פאָרזיצער פון „אָרט", פרעזעס פון „צענטאָס" אין לויצק און מיטגליד פון דער וואָלינער צענטאָס־צענטראַלע.

# אברהם גליקליך

ר׳ אברהם בן שמעון גליקליך איז געווען אַ פאַרמעגלעכער אינדוסטריעלער און געווען זייער טעטיק לטובת דער יידישער באַפעלקערונג אין לויצק. געווען מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג ביי דער גרויסער שול, און שפעטער — איר פרעזעס. ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון באַנייען די שול. עס זענען געמאַכט געוואָרן נייע שיינע בענק און עס איז איינגעמויערט געוואָרן אויף דער וואַנט אַ מאַרמאָר־טאָוול מיט דער אויפשריפט, אַז די געביידע איז דער יידישער קהילה געשענקט געוואָרן אויף אַ שול דורך דעם קעניג זיגמונט דעם דריטן.

ר׳ אברהם גליקליך איז אויך געווען צווישן די גרינדער און אַקטיווער טוער פון יידישן שפיטאָל.



אברהם גליקליך

# ד״ר מ. ראפאלאווסקי

איינער פון די גרינדער פונעם יידישן שפיטאָל אין לויצק. געווען אויך צווישן די גרינדער פונעם ספאָרט־קלוב „חשמינאי״.

# משה גליקליך

ציוויל־ראַבינער. פיל יאָרן מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער גרויסער שול. איינער פון די גרינדער פון דער יידישער גימנאַזיע אין לויצק. אָפט פאָרטרעטן די יידישע באַפעלקערונג ביי דער מאַכט. געשריבן אַרטיקלען אין דער פרעסע.



משה גליקליך מיט זיינע קינדער אורי און ליובע

## משה קיפּערמאַן



עסקן. פיל יאָרן געווען פּרעזעס פון לינת־הצדק און פון הכנסת־אורחים אין לויצק. אָפּגעגעבן אַ סך צייט און מי פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

## וואָלף שניידער



אייגנטימער פון איינציקן יידישן בראָוואַר אין לויצק. נאָמינירטער מיטגליד אין שטאָטישן ווירטשאַפטלעכן קאָמיטעט, מיטגליד פון די וואַל־קאָמיסיעס צו די סיים־וואַלן.

מיטגליד פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, מיטגליד פון שפּיטאָל־קוראַטאָריום. געשטיצט אַ ריי יידישע אינסטיטוציעס אין שטאָט, אַרויסגעוויזן אינטערעס און געהאָלפן דער ספּאָרט־געזעלשאַפט „חשמונאי" און דער אָרטיקער פּרעסע.

## יעקב באַקשט



נאָכן ענדיקן דעם יורידישן פאַקולטעט פון קיעווער אוניווערסיטעט הייבט ער דאָרט אָן פּראַקטיצירן אַלס אַדוואָקאַט. קיין לויצק קומט ער אין יאָר 1921. פאַרנעמט די אַמטן פון וויצע־פּרעזעס אין דער קהילה, יוריסקאָנסולט פון הויזאייגנטימער־פאַראיין, ראַטמאַן אין שטאָטראַט און אַקטיווער מיטגליד אין אַ ריי אַנדערע אינסטיטוציעס פון לויצק.

געשטאָרבן אין יאָר 1937.

## אהרון מייזער



ער איז געווען אַ גוטער און האַרציקער מענטש, פריינדלעך ווי אַ ברודער צו יעדן איינעם, אַ פריילעכער מיט אַ שטיפעריש געמיט. ער האָט אומעטום געזען דאָס ליכטיקע און ער איז פול געווען מיט פּקחות און פאַרשטאַנד. ער האָט געוווסט ווי אַזוי צו אַנטפּלעקן דאָס לעכערלעכע און צו באַווייזן עס אויף אַ זייער געלונגענעם אופן. ער האָט פאַרמאָגט די וווּנדערלעכע פעיקייט צו פאַראייניקן ערנסטקייט און ישוב־הדעת מיט אומשולדיקער קינדערישער שטיפערישקייט.

ער איז געווען אַ מענטש פון געוואַגטער איניציאַטיוו, וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן אויך אין האַנדלס־ענינים. ווען ער האָט געהאַט מזל אין מסחר (ער איז געווען פון די גרויסע וואַלד־סוחרים אין דער געגנט) איז ער נישט געווען קיין איינרייסער, נאָר ער האָט צוגעצויגן צו זיינע געשעפטן נאָך אַנדערע מענטשן, אין וועלכע ער האָט אייגנטלעך זיך נישט געניייטיקט. ער האָט זיך באַצויגן מיט פריינדלעכער פשטות צו אַלע זיינע אָנגעשטעלטע און געווען ביי זיי זייער באַליבט. ער האָט אַ סך מענטשן געהאָלפן מאַטעריעל — מערסטנטייל אויף אַ באַהאַלטענעם, שטילן אופן.

## מרים באַרזאַך

מיין קוזינע מרים־ביילע איז געבוירן געוואָרן אין לובלין. אירע עלטערן, חיים־נחמן און שרה ליבערט, האָבן געהערט צו די מיוחסדיקע משפּחות פון דער שטאָט. זי האָט באַקומען אַ טיף רעליגיעזע דערציונג. אין זייער הויז האָט אויך געהערשט אַ ציוניסטישע אַטמאָספערע. די עלטערן פלעגן אַ סך שפּענדן פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן.

מרים־ביילע האָט געענדיקט אַ גימנאַזיע. אויסער דעם האָבן איר די עלטערן געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיפן אין דער יידישער טראַדיציע. זי האָט געהאַט אַ ספּעציעלן לערער אויף תנ"ך און עברית. שוין אין די יונגע יאָרן נעמט זי אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער געזעלשאַפטלעך־ציוניסטישער טעטיקייט. זי דערלערנט גרינטלעך די העברעישע שפּראַך און זי קען פריי אַרויסטרעטן אין עברית אויף פאַרזאַמלונגען.

זי פאָרט אַרויס אין דער שווייץ שטודירן אין אוניווערסיטעט, דאָרט באַקענט זי זיך מיט ד"ר בערעזאַק און צוזאַמען מיט אים אַנטוויקלט זי דאָרט אַ לעבהאַפטע ציוניסטישע טעטיקייט. נאָכן פאַרענדיקן די אוניווערסיטעט קומט זי צוריק קיין



יואל באַרזאַך און זיין פרוי גיטל

פוילן און נאָך איר חתונה מיט ד"ר בערעזאַק גייען זיי איבער וווינען אין לויצק.

צוזאַמען מיט איר מאַן איז זי טעטיק אין „וויצא". אין יאָר 1936 איז פאָרגעקומען אַ וועלט־קאָנפערענץ פון וויצא־אָרגאַני־זאַציעס אין ישראל. מרים־ביילע איז געקומען אויף דער קאָנ־פערענץ אַלס דעלעגאַטין. דאָס לאַנד איז איר שטאַרק געפעלן געוואָרן, זי האָט אויסגעדריקט איר ווילן צו קומען זיך צו באַזעצן. ליידער האָט דער קריג צונישט געמאַכט זייערע שטרע־בונגען צו קומען קיין ישראל. זיי האָבן וואַרשיינלעך געהאַט 2 קינדער. אַלע זענען זיי אומגעקומען. ליידער איז אונדז נישט איבערגעבליבן פון זיי קיין איין בילד, אויסער דער אַלגעמיינער פאָטאָגראַפיע פון דער גאַנצער משפחה — בעת איר זיין אין ישראל.

# צום אנדענק פון צוויי ארבעטער־טוער

אין פילפאַרביקן לעבן פון דער יידישער שטאָט לויצק, האָט זיך מיט אַ באַזונדערער בולטקייט אָנגעזען די טעטיקייט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. געבוירן אין די ערגסטע באַדינגונגען, נישט באַוויזן צו באַקומען קיין געהעריקע מענטש־לעכע דערציונג און פון פריסטע יאָרן אָן געצוווּנגען צו פאַר־דינען אויפן שטיקל ברויט — האָבן זיך פיל יחידים באַוויזן צו דערהויבן צו אַ גאָר הויכער מדרגה. די דאָזיקע יחידים־אידעאַליסטן, אַרויסגעוואַקסענע פון דער אָרעמער יידישער גע־דיכטעניש, זענען, ווי נאָר זיי זענען געקומען צום שכל, צוגע־פאַלן צום קוואַל פון וויסן, פון וועלכן זיי האָבן געשלונגען מיט אַ גיריקער דורשטיקייט.

ס'ווילט זיך דערמאָנען צום גוטן צוויי אַרבעטער־טוער פון אויבן־אָנגעצייכנטן טיפ

## יעקב בארנשטיין

ער און זיין שוועסטער זענען פון די פריסטע יאָרן געווען יתומים און זיך אויפגעהאָדעוועט אין גרעסטער נויט. ווי נאָר ער איז געקומען צום שכל, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין ברען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, געהערט צו דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פאַרטיי. דער לינקער פּראָפעסיאָנעלער פּאַראַייז יואָס האָט זיך געפונען אויף קאָנאַרסקע גאַס, איז געווען זיין אמתע היים און אים געגעבן די משפחה־וואַרעמקייט, וועלכע ער האָט נישט באַקומען אין זיינע קינדער־יאָרן.

צוליב זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט איז ער געפאַלן אויפן אויג פון דער לויצקער דע־פענסיווע (געהיים־פּאָליציי), פון וועלכער ס'איז געשטאַנען בראש דער טרויעריק באַרימטער זאַרעמ־באַ.

אין איינעם אַ אוונט, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון פּראָפּע־סיאָנעלן פּאַראַיין איז ער אַרעס־טירט געוואָרן און מער שוין נישט צוריקגעקומען. אויף צומאָרגנס איז ער נישט געקומען צו דער אַרבעט, דאָסזעלבע — אויף אי־בערמאָרגן. דאָס איז געוואָרן פּאַר די חברים אויפפאַלנדיק. זיי האָבן דאַן אָפּגעזוכט זיין איינציקע שווע־סטער, וועלכע האָט ערגעץ געאַר־בעט אַלס דינסטמיידל אין אַ יידישער היים און איר דערציילט, אַז איר ברודער איז פּלוצים פאַרשוווּנדן. זי איז דאַן אַריבער אין דער פּאָליציי, וועלכע האָט פאַררעגיסטרירט אירע טענות, גע־מאַכט אַ פּראָטאָקאָל, נישט מאַכנדיק זיך וויסן, אַז ער איז שוין דאַן נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. פּאַרמעל האָט די פּאָלי־ציי צוגעזאָגט דער שוועסטער אויפצוזוכן איר ברודער.


יעקב בארנשטיין

אין אייניקע טעג אַרום, אַ זייגער 4 פּאַרטאָג, האָט די פּאָ־ליציי אויפגעוועקט די שוועסטער און זי גערופן צו דערקענען

איר דערהרגעטן ברודער. מ׳האָט זי געבראַכט צום ברעג פון טייך, נישט ווייט פון דענעס „קאָפּאַלניעס״, ווו מ׳האָט איר געוויזן דעם קערפּער פון אַ געהרגעטן. אין אַ זאַק איז געלעגן דער צעקאַליעטשעטן קערפּער פון יעקבן. זיינע הענט און פיס זענען געווען צעבראָכן און צעפּלאָנטערט מיטאיינאַנדער און אַריינגעשטופּט אין אַ זאַק. דאָס האָט געדאַרפט הייסן, אַז ס׳איז איבער אים אויסגעפירט געוואָרן אַ מאָרד ביי געהיימנישפולע אומשטענדן און די פּאָליציי האָט דעם זאַק מיטן טויטן קערפּער געפונען ביים ברעג פון טייך. די זאַרעמבאַ־באַנדע האָט געוואָלט דערמיט פאַרטושן איר באַגאַנגענעם פאַרברעכן.

זיינע חברים האָבן אָבער גאַנץ גוט געוווסט, ווער ס׳האָט אָפּגעטאָן דאָס דאָזיקע מיאוסע און בלוטיקע שטיקל אַרבעט.

# שלמה צימרינג

אַ חבר פון יעקב. צוזאַמען מיט יעקבן האָט ער געאַרבעט ביי שלום קאַרעסניק אין קראסנע. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו פרעגן קלאָץ־קשיות און פירן אומאויפהערלעכע וויכוחים. ער האָט אויפריכטיק געגלייבט צו געפינען יושר און גערעכטיקייט אין זיין באַוועגונג. נאָכן מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך האָט ער געהאַט פיל טענות צו זיין פּאַרטיי. דעריבער האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ טראָצקיסט. ווען די רויטע ארמיי איז געקומען קיין לויצק איז ער אַרעסטירט געוואָרן און, זעט אויס, דערשאָסן געוואָרן דורך נ.ק.וו.ד. אַלס קאָנטררעוואָלוציאָנער.

# זלמן קאַניש

לויטן אויסזען זיינעם האָט זלמן קאַניש זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט. דאָס איז געווען אַ „ייד פון אַ גאַנץ יאָר״, אַ זייער באַשיידענער און שטילער מענטש.

צוזאַמען מיט זיין פרוי האָט ער געהאַט אַן אויפּס־קלייטל און דערפון געצויגן זיין באַשיידענע חיונה און דערצויגן קינדער. טראָץ זיין שווערער האָראָוואַניע פון די פריסטע שעהן ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער נישט געקאָנט צוק׳מען צו אַן אייגענער דירה. זיינע אַלע יאָרן האָט ער געוווינט ביי זיינע שווער און שוויגער (וויסאָצקיס). פון זיין שווערער אַרבעט האָבן זיך זיינע שוואַכע פּלייצעס איינגעבויגן, גלייך דער שווערער עול פון לעבן וואָלט זיי אומאויפהערלעך געדריקט.

זלמן קאַניש איז זיין גאַנץ לעבן אַדורך ווי אומבאַמערקט פאַר דער יידישער לויצקער געזעלשאַפטלעכקייט. ער איז קיין איין מאָל אין זיין לעבן נישט אַרויסגעטראָטן עפנטלעך מיט זיינס אַ מיינונג. אויך אין דער פּרעסע האָט ער נישט פאַרעפנטלעכט קיין איין געדאַנק. און דאָך איז אין זיין פּערזענלעכקייט געווען אַ גרויסע דאָזע פון ספּעציפישקייט.

זלמן קאַניש איז געווען אַ לינקער פּועלי־ציוניסט. ער איז געווען אַ שטאַרק באַלעזענער יונגערמאַן. זיינע אַרומיקע פלעגט ער נישט איין מאָל באַאיינפלוסן מיט זיין גרויסער איבערציי־גונגס־קראַפט. נישט געווען קיין איין געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג אין לויצק אויף וועלכער ער זאָל זיך נישט אָפּרופן. ער איז געווען דורכגענומען מיט אַ גרויסער פרייד, ווען אין לויצק איז אַנטשטאַנען דער ביוראָליסטן־פאַראיין. דאָס זעלבע איז נוגע אויך אַנדערע אינסטיטוציעס. ער פלעגט זיך אינטערעסירן מיט דער טעטיקייט פון דער „קולטור־ליגע״, אין וועלכער ער האָט אַרויסגעוויזן פיל בקיאות. אין זיין קלייטל פלעגן זיך אָפט פאַרזאַמלען אין די אָוונטן צענדליקער יוגנטלעכע מיט וועלכע ער האָט געפירט לעבהאַפטע געשפּרעכן אויף פאַרשיי־דענע געזעלשאַפטלעכע טעמעס און זיי גערופן צו זעלבסטבילדונג. ז. קאַניש איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן.

# סאַלאָמאָן פּינוס

סאָלאָמאָן, איינער פון די באַקאַנטסטע אין לויצק אויפן ספּאָרט געביט, איז געבוירן אין ראָוונע אין יאָר 1912. זיין פאָטער, משה פּינוס, אַ תבואה־סוחר און אַ יידי־שער געזעלשאַפטלעכער עסקן, האָט אים געגעבן אַ יידיש־נאַציאָנאַלע דערציונג. ער האָט געלערנט אין דער יידישער גימנאַזיע אויפן נאָמען פון מ. גליקליך. פון זיינע יינגסטע יאָרן אָן האָט סאָלאָמאָן זיך פאַראינטערעסירט מיט ספּאָרט. אַלט ווערנדיק 16 יאָר איז סאָלאָמאָן אַריינגעטראָטן אין ספּאָרט־



סאָלאָמאָן פּינוס

קלוב „חשמונאי״, ווו ער איז, אין אַ גאָר קורצער צייט, געוואָרן ליבלינג פונעם פּובליקום. ער האָט רעפּרעזענטירט די לויצקער פוטבאָל־מאַנשאַפט אויף אַלע צווישנשטאָטישע מעטשן. סאָלאָמאָן האָט אפילו געשפּילט אין טשעכאָסלאָוואַקיי בעת אַן אינטערנאַציאָנאַלן טורנעע.

ער האָט פאָרגעזעצט זיין ספּאָרט־טעטיקייט אינעם ספּאָרט־קלוב „חשמונאי״ ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאַן פאָרט ער אַריבער קיין לעמבערג, ווו ער פאַרבלייבט ביזן אָנהייב פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה. ער גנבעט זיך אַרויס פון געטאָ און האַלט זיך אויף מיט אַרישע פּאַפּירן. די געסטאַפּאָ האָט אים אָבער געפונען און אומגעבראַכט. די אינטערווענצן פון ד״ר ראזאווסקי (פונעם לעמבערגער יודענראַט) ביי דער געסטאַפּאָ, האָבן נישט געהאָלפן און ער האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע אונדזערע קדושים.

יואל פערעל

# צום אנדענק פון זלמן עלבירט (זעני)

אין סאַמע מיטן בלי,
ווי אַ בוים — פאַרשניטן.
דער גורל פון דיין פאָלק
האָט דיך נישט אויסגעמיטן.

ווי אַ העלד האָסט דו געקעמפט
אַקעגן גוואַלד און שקר —
מיט דיין וווּנדער־פען אין האַנט,
מיט געווער אַנטקעגן העקער.

אָן אויסערלעכן גלאַנץ —
דיין האַרץ און דיין געדאַנק,
האָסט דעם אַרבעטס־מענטש געשענקט,
ווי פייגל — זייער געזאַנג.

דו ביסט אַוועק פון פריינד ;
וווּהין, אין וועלכן אָרט ?
געבליבן איז דיין ליד,
דיין קלוג און ערלעך וואָרט :

— קינדער, וואָס שלאָפט איר ?
איינס, צוויי, דריי, פיר.
קינדער, וואָס שווייגט איר ?
איינס, צוויי, דריי, פיר.
ס'איז שוין צייט שחרית צו דאַווענען.
איינס, צוויי, דריי, פיר.

נישט קיין שחרית, נישט קיין מוסף,
נישט קיין מנחה, נישט קיין מעריב
מיט וואָס־זשע וועלן מיר קומען
אויף יענער וועלט...

# פיניע קארטין – אנדזשעי שמידט

## דער לעגענדארער פאראשוטיסט אין ווארשעווער געטא

אַנדזשעי שמידט, אָדער פיאָטר קאַרסקי, איז אין וואַרשעווער געטאָ געווען דער פסעוודאָנים פון פיניע קאַרטין געוווּסט האָט מען וועגן אים, אַז ער איז דער „לעגענדאַרער פאַראַשוטיסט פון מאָסקווע", און אין די אונטערערדישע קרייזן פון וואַרשע האָט מען זיך איבערגעגעבן פון מויל צו אויער וועגן דאָזיקן העלד.

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1912 אין לויצק. געלערנט צוערשט אין דער גימנאַזיע פון משה גליקליך, און שפּעטער — אין דער פּוילישער מלוכהשער גימנאַזיע, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט אין יאָר 1933. אין זיין יוגנט (1928־29) האָט ער געהערט צום השומר הצעיר אין קבוצת „יהודה". זייענדיק אין גימנאַזיע האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערע פאַראינטערעסירונגען פאַר געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ערשט נאָכן אַריבערפאָרן קיין וואַרשע, ווו ער



האָט שטודירט כעמיע, איז ער אַריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און דאָרט געוואָרן שטאַרק אַקטיוו.

מיטן אויסברוך פון דער שפּאַנישער קאָנטער־רעוואָלוציע באַשליסט פיניע צו מאָביליזירן זיך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע צום פאַרטיידיקן דאָס רעפּובליקאַנישע שפּאַניע קעגן גענ. פראַנקאָס אָנגריף. ער נעמט אָנטייל אין פיל קאַמפן און באַקומט אַ ראַנגע פון אַן אָפיציר אין דער בריגאַדע אויפן נאָמען פון יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי. נאָכן פאַלן פון דער שפּאַנישער רעפּובליק קומט קאַרטין קיין פראַנקרייך, ווו ער ווערט אינטערנירט אין אַ לאַגער פאַר שפּאַנישע פרייהייטס־קעמפער. ווען עס ברעכט אויס די מלחמה פין 1939, ווערט קאַרטין דורך דער סאָוויעטישער מאַכט געבראַכט קיין מאָסקווע, אויפן סמך פון אָפּמאַך וועגן אויסטויש פון קריגס־געפאַנגענע צווישן ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד.

נאָכן היטלעריסטישן אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד שטעלט זיך פיניע קאַרטין פרייוויליק צום קאַמף קעגן נאַצישן שונא. זיין געזונט־צושטאַנד איז דאַן ווייט נישט געווען קיין באַפרידיקנדיקער, אָבער פיניע טרעט אַריין אין אַ קורס פאַר פאַראַשוטיסטן און באַשליסט צו קעמפן קעגן שונא אין סאַמע האַרץ פון פוילן און פון פוילישן יידנטום — אין יידישן וואַרשע

ער מאַכט אין יענער צייט אַדורך אַ קורס פון ראַדיאָטעלעגראַפיסטן און נאָך אַנדערע.

סוף דעצעמבער 1941 ווערט ער אַראָפּגעוואָרפן דורך אַ סאָוויעטישן אַעראָפּלאַן אין די אָקופּירטע פּוילישע געביטן. נאָכן אַנטשטיין פון דער פּ.פּ.ר. (יאַנואַר 1942) ווערט פּ. קאַרטין באַשטימט אַלס אָרגאַניזאַטאָר און קאָמענדאַנט פון דער פאָלקס־גוואַרדיע (אונטערערדישע מיליטערישע איינהייטן פון דער פּויליש קאָמוניסטישער פּאַרטיי) אין וואַרשעווער געטאָ.

צום באַדויערן זענען כמעט נישט געבליבן קיין דאָקומענטן פון יענער תקופה. ווי עס גיט איבער בער מאַרק, דערציילן עדי ראיה וואָס פאַר אַ שטאַרקן איינדרוק עס האָט געמאַכט אין געטאָ דאָס באַוויזן זיך פון אַזאַ דערפאַרענעם מענטש. אַלע וואָס האָבן זיך געטראָפן מיט אים אין געטאָ באַצייכענען קאַרטינען ווי אַ טיף־אידעישן מענטש, וואָס איז געווען מסירות־נפשדיק ביזן העכסטן שטאַפּל. קאַרטין־שמידט האָט זיך אויסגעהאַלטן אין געטאָ פון געבן פּריוואַטע לעקציעס און געלעבט אין גרויס דחקות. ער האָט פאַרקויפט זיין איינציקן מאַנטל, כדי איינצוקויפן די נויטיקע זאַכן פאַר דער טעכניק פון דער אָרגאַניזאַציע.

ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויסער פּערזענלעכער צוציִונגס־קראַפט. קאַרטין־שמידט האָט באַוויזן במשך פון אַ קורצער צייט צו זאַמלען אַרום זיך אַ גאַנצע פּלעיאַדע איבערגעגעבענע מענטשן, קאָמוניסטן און אַנטיפאַשיסטן, און זיי דערציִען אין גייסט פון ווידערשטאַנד.

צום באַדויערן איז קאַרטין־שמידט נישט געלונגען זיין אַרבעט צו פאַרענדיקן. דעם 30־טן מאַי 1942 פאַלט ער אַריין — צוליב אַ מסירה פון אַ פּראָוואָקאַטאָר, אַ געוועזענעם ווייס־גוואַרדייער קיסיעליעוו — אין די הענט פון געסטאַפּאָ. צוזאַמען מיט אים פאַלן דאַן אַריין אַדאַם מערעטיק און דוד וולאַסקאָ. זיי ווערן אַרעסטירט אין מאָמענט ווען זיי דאַרפן איבערגעבן די חברים פון דער אַרישער זייט אַ פולשטענדיק איינגעאָרדנטע האַנט־דרוקעריי. ווען מען האָט געכאַפּט קאַרטינען אויף עקזאַמענהאָף און גענשע, אין מיטן העלן טאָג, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן דעם געסטאַפּאָ־אַגענט און גענומען לויפן. מען האָט אים אָבער געכאַפּט און צוזאַמען מיט די חברים אַוועקגעפירט אין דער פּאַוויאַק־תפיסה. דאָ איז שמידט אומגעקומען נאָך לאַנגע טאָרטורן. ער האָט נאָך באַוויזן איבערצוגעבן אַ „גריפס" די חברים אויף דער פריי.

דעם פּראָוואָקאַטאָר קיסיעליעוו האָט די פאָלקס־גוואַרדיע פאַרמשפט צום טויט און דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער וווינונג פון פּראָוואָקאַטאָר אויף דזשעלנע־גאַס.

פּיניע קאַרטין, דער העלד פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן דייטשן פאַשיזם, איז געווען ביז גאָר פאַרבונדן מיט לויצק און מיט זיין משפחה. זייענדיק אין מאָסקווע האָט ער איבערגעשיקט גרוסן דער משפחה אין לויצק און זיי פאַרזיכערט, אַז ער וועט זיך מיט זיי אין גיכן טרעפן. דער איבערפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויף ראַטנפאַרבאַנד אין יוני 1941 האָט אָבער אַ סוף געמאַכט צו די האָפענונגען פון פּיניען זיך צו טרעפן מיט זיין משפחה און מיט זיינע חברים אין דער היימשטאָט לויצק.

אין ישראל געפינען זיך פּיניעס אַ שוועסטער (פינקלשטיין) און זיין יינגערער ברודער בוזיע.

מ. ה.

# יוחנן קאַרנבליט

געבוירן אין 1908 אין ראָזשישטש אויף וואָלין. בעת דער וועלט־מלחמה אין יאָר 1918 קומט ער מיט זיינע עלטערן קיין לויצק, ווו ער בלייבט ביז 1927. צייכנט און האָט ליב צו מאָלן פון די פריסטע קינדער־יאָרן אָן. די ערשטע לערע אויפן געביט פון מאָלעריי קריגט קאָרנבליט ביי זיין לערער פון צייכענען אין דער לויצקער יידישער גימנאַזיע, וועלכע ער האָט דאַן באַזוכט. אין 1927 קומט קאָרנבליט קיין וואַרשע און טרעט אַריין אין דער וואַרשעווער מאָלער־שול, ווו ער אַרבעט עטלעכע יאָר אונטער דער אויפזיכט פון די פּראָפעסאָרן קאַוזיק און קאָוואַלעווסקי. פון 1931 נעמט ער אָנטייל אין אַ גאַנצער ריי עפנטלעכע קאָלעקטיווע אויסשטעלונגען און סאַלאָנען אין וואַרשע ביי דער קונסט־געזעלשאַפט און אויף דער פּראָווינץ. אין 1931 נעמט ער אויך אָנטייל אין דעם מלוכהשן אינסטיטוט פאַר קונסט־פּראָפּאַגאַנדע און אין אַ גרויסער אויסשטעלונג אין לויצק, איינגעאָרדנט דורך דער וואָלינער לאַנדקענטעניש־געזעלשאַפט אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון וואָיעוואָדע יוזעווסקי. דער דעמאָלט נאָך גאָר יונגער קאָרנבליט באַקומט דאַן די ערשטע אויסצייכענונג אין דער פאָרם פון אַן ערן־דיפּלאָם.

אין 1937 אָרדנט ער איין מיט דער מיטהילף פון באַקאַנטן עסקן נח פּרילוצקי די ערשטע אינדיווידועלע אויסשטעלונג אין וואַרשע. שפּעטער קומען די אויסשטעלונגען אין לויצק, ראָוונע. קאָרנבליט באַוויזט זיך פאַר זיין היימאָרט מיט זיין קונסט, אין וועלכער מ'זעט אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו וואָלין.

אין 1938 מאַכט קאָרנבליט אַ רייזע איבער אַ ריי אייראָפּעישע לענדער, בעיקר אָבער שטעלט ער זיך אָפּ אין איטאַליע און אין פראַנקרייך. באַקענענדיק זיך נענטער מיט די איטאַליענישע קלאַסיקער און מיטן פראַנצויזישן אימפּרעסיאָניזם, קומט ער אַן אויפגעמונטערטער צוריק קיין וואַרשע, ווו ער באַזעצט זיך אויף שטענדיק.

ד״ר טאַניאַ קוניצאַ־גאָלדשטיין

# יידישע דאָקטוירים

אין יאָר 1939 זענען אין דער שטאָט לוּיצק געווען טעטיק 60 דאָקטוירים. דערפון איז אַ העלפט געווען יידן און אַ העלפט פּאָליאַקן. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו אַן אָפּשטימונג, האָבן די יידן געהאַט מיט איין שטימע מער, און אַז מ׳האָט געדאַרפט אַדורכפירן עפּעס וויכטיקס פאַר יידן — האָט די איינע שטימע גע־ראַטעוועט. פּרעזעס פונעם אַלגע־מיינעם דאָקטוירים־פאַרבאַנד איז געווען דער אַלטער דאָקטאָר וווי־ניטש. פּרעזעס פונעם יידישן וווי־טוירים־פאַרבאַנד איז געווען דער כירורג ד״ר מינינזאָן — דער סעניאָר פון אונדזער פאַרבאַנד. איך בין געווען סעקרעטאַר־יוניאָר.



ד״ר ט. קוניצאַ־גאָלדשטיין

די מערהייט יידישע דאָקטוי־רים האָט געלעבט פון פּריוואַטער פּראַקטיק. אַלע מלוכהשע פּאָסטנס זענען געווען פאַרנומען דורך פּאָליאַקן. אויסנאַמען זענען געווען: ד״ר באַקשט, וועלכע האָט אַלס פאָרשטייערין פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג געאַרבעט אין געזונטהייט־צענטער („אָשראָדעק זדראָוויאַ״). איך האָב אַלס פאָר־שטייערין פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג געאַרבעט אַלס דאָקטאָרין פון די אַלגעמיינע שולן און פון דער געזעלשאַפטלעכער השגחה. ד״ר סעגאַל און ד״ר צוקערמאַן — אין דער קראַנקן־קאַסע, און ד״ר קאַטשקאַ — אַלס ראַיאָן־דאָקטער.

די מערהייט יידישע דאָקטוירים האָט געאַרבעט אומזיסט אין די יידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. אין יידישן שפּי־טאָל האָבן געאַרבעט די דאָקטוירים: פּעמאָוו, באַקשט, ראַפּאַ־לאָווסקי, ראָזענקראַנץ, גריפּעל, גאָלדבערג, טאַניאַ קוניצאַ; אין „לינת הצדק״ האָט געאַרבעט ד״ר גריפּעל; אין „טאָז״ האָבן געאַרבעט די דאָקטוירים: גאָלדבערג, קוניצאַ און דאַל; מיט די חלוצים פון קיבוץ־הכשרה האָבן זיך פאַרנומען די דאָקטוירים פּאַדענהעכט, גריפּעל און קוניצאַ; מיטן יתומים־הייז — ד״ר פּעמאָוו.

די יידישע דאָקטוירים האָבן מיט שטאָלץ אונטערגעשטראָכן זייער יידישקייט. ס׳איז נישט געווען קיין פאַל, אַז אַ יידישער דאָקטער פון לויצק זאָל אונטערשרייבן אַ דעקלאַראַציע וועגן נאַציאָנאַל־פּוילישער אָנגעהעריקייט. די יידישע דאָקטוירים זענען נישט געווען אַסימילירט, זייערע שטובן זענען געווען יידיש־טראַדיציאָנעלע. זייער געזעלשאַפטלעך לעבן האָט זיך קאָנצענ־טרירט אינעם קלוב פון דער יידישער אינטעליגענץ. זייער קולטור־ און וויסנשאַפטלעך לעבן — אין די פּריוואַטע שטובן פון די דאָקטוירים, צום אָפטסטן אין הויז פון ד״ר מינינזאָן.

אַן אויסדרוק פון זייער נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין איז געווען זייער אָנגעהעריקייט צו אַ גאַנצער ריי ציוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציעס, ווי צו פּועלי־ציון, אַלגעמיינע ציוניסטן און רעוויזיאָניסטן. זעלטן ווער פון די דאָקטוירים האָט אונטערגעשטיצט דעם לינקן פליגל און דעם „בונד״.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ אינצידענט, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1937. אין זאַל פון דאָקטוירים־פאַרבאַנד האָט מען אויפגעהאָנגען דעם פּאָרטרעט פון ד״ר ראַנץ — אין מונדיר פון אַ רוסישן גענעראַל — צו זיין 70־יאָריקן יובילייַ. אויף דער אַלגעמיינער דאָקטוירים־פאַרזאַמלונג האָט פּרעזעס ד״ר וווּיניטש אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל דעם פּאָר־טרעט באַזייטיקן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביסענער קאַמף. די יידישע דאָקטוירים האָבן געדראָט מיט אַרויסטרעטן פון פאַרבאַנד, אויב דער פּאָרטרעט וועט ווערן באַזייטיקט. מיר האָבן דעם קאַמף געוווּנען — דער פּאָרטרעט איז געבליבן.

ערגער, כמעט האָפענונגסלאָז, איז געווען די לאַגע פון די יונגע יידישע דאָקטוירים. אַריינבאַקומען זיך אויף אַן אוניווער־סיטעט אין פּוילן איז פאַר אַ ייד געווען כמעט אוממעגלעך. אויף 115 יידישע סטודענטן אין לויצק, אין די יאָרן 1931־32 האָבן אין פּוילן שטודירט מעדיצין 3 (ד״ר ראָסאָלאָווסקי אין ווילנע, ד״ר קאַטשקאַ און ד״ר שאַליט־פּעמאָוו אין וואַרשע) — ווייניקער פון 3 פּראָצענט. ערשט שפּעטער האָט מען אָנגענומען אויפן אוניווערסיטעט דעם זון פון ד״ר גריפּעל און ראַפּאָפּאָרטן. די מערהייט יידישע סטודענטן האָבן געלערנט אין טשעכאָ־סלאָוואַקייַ, פראַנקרייך און בעלגיע. אַ טייל פון זיי האָט שטודירט אויף די פרייע הויכשול (וואָלנאַ ווּשעכניצאַ) אין וואַרשע און אין גדאַנסק.

די לויצקער גימנאַזיע האָט ביזן יאָר 1928־29 נישט געהאַט קיין מלוכה־רעכט. כדי צו באַקומען מאַטורע האָט מען געדאַרפט פאָרן קיין ווילנע. דאָרט האָט מען נאָך אין די יידישע גימנאַזיעס אָנערקענט אונדזערע צייגענישן. צווישן די ערשטע לויצקער שילער, וועלכע האָבן באַקומען מאַטורע, זענען געווען: וו. שיר־זשיק, קאַטשקאַ, קוניצאַ און פיש.

נאָכן פאַרענדיקן די שטודיעס אין אויסלאַנד האָט מען גע־מוזט דעם דיפּלאָם נאָסטריפיקירן אין פּוילן. ביים אָפּגעבן אַ ביטע אויף נאָסטריפיקאַציע האָט מען געדאַרפט ביילייגן אַ מאַטורע־אַטעסטאַט. די מערהייט איז דעריבער געווען גע־צוווּנגען, שוין נאָכן באַקומען דעם דיפּלאָם אין אויסלאַנד, אַוועקזעצן זיך און מאַכן מאַטורע.

אָבער די באַגרענעצונגען פאַר יידן ביים אָננעמען אויף נאָסטריפיקאַציע זענען אויך געווען זייער גרויסע. אין יאָר 1934 האָט מען אָפּגעשטופּט די נאָסטריפיקאַציע פאַר יידן. צווישן די יונגע דאָקטוירים, וועלכע האָבן נאָך באַוויזן צו נאָסטריפיקירן דעם דיפּלאָם, זענען געווען ד״ר ס. מאַנעלזאָן, ד״ר פּערעל־דאַל און ד״ר קוניצאַ.

### רשימה פון יידישע דאָקטוירים אין לויצק ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

1. אַרנאָלד — אומגעקומען
2. פרוי באַקשט — „
3. פריילין באַקשט — „
4. בערענבלום — (ישראל)
5. צוקערמאַן — אומגעקומען
6. דאַל — (ישראל)
7. עלבירט — אומגעקומען
8. פאַדענהעכט — „
9. פעפער — „
10. גאָלדבערג ד. — „
11. גאָלדבערג — „
12. יונגפער — „
13. קאַטשקא — „
14. ט. קוניצאַ — (ישראל)
15. קאָנקעט — אומגעקומען
16. קלימבורד — (ישראל)
17. מינינזאָן ל. — אומגעקומען
18. מינינזאָן „
19. פעמאַוו „
20. פלאַן „
21. פטיץ „
22. פינוס י. — (אַמעריקע)
23. פינוס ר. — (ישראל)
24. פרוי פעמאַוו — (אַמעריקע)
25. ראָזענצווייג — אומגעקומען
26. ראַנץ — „
27. פרוי ראַנץ — נישט פּראַקטיקירט
28. ראַפּאַלאָווסקי
29. ראָזאָווסקי פ.
30. ראָזענשטראַם פ.
31. שטערן — (ישראל)
32. סעגאַל — (פּוילן)
33. זעלצער — (קאַנאַדע)
34. סאפּיאַן — (אַמעריקע)
35. וויסאָצקי י. — (ראַטן־פאַרבאַנד)
36. ווערניק
37. זשיטין
38. שאַץ
39. יוניטשמאַן — (ישראל)
40. דעסנער ט. — (אַמעריקע)
41. דעסנער — (ישראל)
42. גריפעל — (ישראל)

מען דאַרף נאָך אָפּמערקן די נעמען פון דריי יידישע דאָקטוירים, וועלכע זענען געשטאָרבן נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער זיי האָבן געאַרבעט לאַנגע יאָרן און געווען זייער פּאָפּולער אין לויצק. דאָס זענען: ד״ר ראַפּאַלאָווסקי — דער פאָטער, ד״ר אַבראַמסקי און ד״ר ביילין.

פון די 42 יידישע דאָקטוירים אין לויצק זענען 24 אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

## פיר פאַרדינסטפולע טוער פון יידישן שפיטאָל

פיר זענען זיי געווען, וואָס האָבן אויסגעטראָגן די גאַנצע שווערקייט פון יידישן שפיטאָל כמעט אויף זייערע פּלייצעס.

די ערשטע צוויי, פרישבערג און זשיטין, זענען געווען גוטע פאַרוואַלטער, וואָס האָבן געפירט די אַרבעט אַזוי, אַז אין די שווערסטע קריזיס־יאָרן האָבן זיי געוואָגט אויסצובויען אַ פּרעכטיקע געביידע פאַר געווינערינס, און דער שפיטאָל איז אַרויסגענומען פון דער ריי פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן, וואָס קלאַפּן אין די פּושקעס און לעבן אויסשליסלעך פון געשענקטן גראָשן.


ד״ר יוסף מינינזאָן

די אַנדערע צוויי — דאָס זענען געווען די דאָקטוירים פעמאַוו און מינינזאָן, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ צוגעבונדנקייט צום שפיטאָל, אַז אין דעם שפיטאָל זענען אויך גערן געגאַנגען קריסטלעכע קראַנקע.

★

15 יאָר זענען זיי געשטאַנען ביי דער אַרבעט. 15 יאָר טאָג־טעגלעך, און אין פאַל פון נויטווענדיקייט — אויך ביינאַכט.

די דערמאָנטע צוויי דאָקטוירים פעמאַוו און מינינזאָן האָבן געהאַט אַ גרויסע סאַטיספּאַקציע, ווען ליפּן פון געראַטעוועטע האָבן געשעפּטשעט דאַנקבאַרקייט־ווערטער פריער צו דעם, וואָס לעבט אייביק, און דערנאָך צו די דאָקטוירים.

די פאַרוואַלטער פרישבערג און זשיטין האָבן איבערגענומען די פירונג פון שפיטאָל אין יאָר 1923 נאָכן פאַרשטאָרבענעם עסקן אברהם גליקליך. זיי זענען געשטאַנען פאַר ריזיקע אויפגאַבן: מ׳האָט קודם געדאַרפט דעם אַלטן „ביקור חולים״, וואָס שמעקט מיט פילאַנטראָפּיע, פאַרוואַנדלען אין אַ שפיטאָל אין מאָדערנעם באַגריף פון וואָרט, צופּאַסן אים אַז ער זאָל קאָנען אויפנעמען אַ גרעסערע צאָל קראַנקע, א.א.וו. דאָס אַלץ האָבן זיי געמאַכט. באַזונדערס זענען ווערט אונטערצושטרייכן די פאַרדינסטן פון ה׳ יוסף זשיטין, וועלכער איז ראשו ורבו געווען אַריינגעטאָן אין שפיטאָל און ביז צום סוף האָט ער געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף אַלע שרייפלעך פון דער ווירטשאַפט און פון דער אַדמיניסטראַציע־מאַשין ביים שפיטאָל.

זייערע פאַרדינסטן זענען טאַקע אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דער קהילה־פאַרוואַלטונג און ס׳איז פייערלעך באַשלאָסן געוואָרן אַלס צייכן פון אַנערקענונג אויסצווויילן ה׳ קלמן פרישבערג אַלס ערן־פּרעזעס און ה׳ יוסף זשיטין אַלס וויצע ערן־פּרעזעס פון יידישן שפיטאָל, און דעם פייערלעכן באַשלוס צו פאַראייביקן אין פּראָטאָקאָל־בוך פון דער קהילה.

זה חלקם מכל עמלם.

י. שטערנפעלד

# ד״ר שבתאי אבראַמסקי

ד״ר אַבראַמסקי איז געווען טעטיק אין דער שטאָט לויצק כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט און האָט געהאַט פאַר איר אַ סך פאַרדינסטן.

געשטאָרבן איז ד״ר אַבראַמסקי אין טיפן עלטער פון 80 יאָר. כמעט ביז די לעצטע טעג האָט ער געאַרבעט און געלערנט. אויף זיין טיש האָט מען שטענדיק געקאָנט געפינען די לעצטע מעדיצינישע פאָרשונגען און דערפינדונגען. שטענדיק ערנסט, פאַרטראַכט, פלעגט זיין גרויער קאָפּ מיט די גרויסע געדיכטע ברעמען און זיין שטענדיק גלייכע פיגור אַרויסרופן דרך־ארץ צו זיך. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַטריאַרכאַלישער ייד, אַ תלמיד־חכם.



ד״ר שבתאי אַבראַמסקי

מ׳האָט געזאָגט אַז ד״ר אַבראַמסקי האָט בחורוויז געלערנט אין אַ ישיבה. איך ווייס נישט אויף וויפל דאָס איז ריכטיק. אָבער אַז אים איז נישט געווען פרעמד דער תלמוד, איז געווען קלאָר פאַר אַלע, וועלכע האָבן זיך מיט אים געטראָפן. זיינע שאַרפזיניקע טרעפלעכע גלייכווערטלעך האָבן אָפּט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג.

ס׳איז אַ גרויסער שאָד, וואָס ד״ר אַבראַמסקי האָט נישט געשריבן קיין מעמואַרן. וואָלטן אַזעלכע געווען, וואָלטן זיי געקאָנט געבן אַ געוויסע אָפּשאַצונג פון דער יידישער פּאַציענטור, וועלכע איז אַ גאַנץ באַזונדערע און מ׳טרעפט נישט אַזעלכע ביי קיין שום אומה. שלום עליכם האָט עס נאָך אָנגעוויזן אין איינעם פון זיינע ווערק. דאָרטן קלאָגט זיך אַ יידישער פּאַציענט אויף אַ דאָקטאָר: „וואָס קומט מיר אַרויס פון אייער טאַפּן, וואָס איר טאַפּט, פון קלאַפּן וואָס איר קלאַפּט? הערט מיך בעסער אויס.״ אַ יידישער פּאַציענט, אַז ער קומט צום דאָקטאָר, וויל ער אַז דער דאָקטאָר זאָל אים אויסהערן. ער, דער פּאַציענט, וויל זיך פאַרן דאָקטאָר סתם אויסרעדן דאָס האַרץ. און ד״ר אַבראַמסקי האָט מיט זיין גאַנץ וועזן געקעמפט קעגן דעם אַרט רעדן. ער האָט געקעמפט קעגן דער נישט געהעריקער אויפמערקזאַמקייט, קעגן די אָפט נאַרישע זאַבאַבאָנעס מצד די קראַנקע. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו די סתם פּלוידערייען. ס׳האָט געקאָנט טרעפן, אַז דער פּאַציענט זאָל איבערפרעגן: „וואָס הייסט עס — נישט עסן קיין שאַרפע זאַכן?״ און דער דאָקטאָר זאָל ענטפערן: „נישט קיין גלאָז, קיין מעסערס, טשוועקעס, בריטוועס״... אָדער אויף דער פראַגע: „דאָקטאָר, אויף וואָס זאָל איך נעמען די תרופות?״ — זאָל ער ענטפערן: „אויף אַ לאָפּעטע״... ווען דער פּאַציענט איז אַרויסגעגאַנגען פון דאָקטערס קאַבינעט, האָט ער ערשט זיך גענומען קלאָגן פאַר די היימישע: „ער לאָזט דען אַ וואָרט רעדן, לאָזט ער דען?״

ד״ר אַבראַמסקי איז בטבע געווען זייער אַ גוטער מענטש, טרערן האָבן אויף אים אָפּט געווירקט, אָבער נאָר אויפריכטיקע. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין פאַך, און דערפאַר האָט געקאָנט טרעפן, אַז ביי קאָמפּליצירטע קראַנקייטן זאָל ער קומען צום קראַנקן יעדן טאָג און דערביי נישט וועלן נעמען קיין געלט פאַרן וויזיט.

ד״ר אַבראַמסקי איז געווען שטאַרק עמפּינדלעך פאַר באַשיידנקייט, אינטעליגענץ. ער איז געווען אַ מבין אויף זיינע פּאַציענטן. און צו יעדן פון זיי האָט ער געהאַט אַ באַזונדערע שפּראַך. און אַז ס׳איז געקומען צו אים אַ ייד גלייך פונעם יריד מיט אַ פּאָר פאַרבלאָטיקטע שטיוול און אין אַ בורקע, אַריין אָן אַ גוט מאָרגן און גלייך אַ געשריי געטאָן:

— דאָקטער, איך וויל איר זאָלט מיר באַטראַכטן...

האָט ד״ר אַבראַמסקי אַ קוק געטאָן אויף אים מיט זיינע קלוגע אויגן פון אונטער די ברעמען און געענטפערט: באַטראַכטן? גייט אַרויף אויפן טיש...

יענער איז געבליבן שטיין געפּלעפט.

— נו, אַט האָט איר אַ בענקל, קריכט אַרויף אויפן טיש.

האָט זיך שוין דער ייד אינגאַנצן פאַרלוירן:

— מיינע שטיוול זענען דאָך מיט בלאָטע...

— אַזוי, מיט בלאָטע? טאָ גייט זשע אַהיים, וואַשט זיך פריער אָרום, און דערנאָך זאָלט איר קומען צו מיר.

✱

אַז ד״ר אַבראַמסקי איז געקומען צו אַ חולה אין שטוב אַריין, האָט ער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און מיט איין בליק אַרומגענומען דעם קראַנקן און די אַרומיקע. דערפילנדיק שוין גוט די שטימונג אין שטוב, האָט ער זיך באַמיט די שטימונג צו ענדערן. אויסצוגעפינען דערצו אַ מיטל, איז ער געווען אַ קינסטלער. באַלד האָבן שוין אַלע אָדער געלאַכט אָדער גערעדט. מען האָט זיך דערפילט מיט אים היימיש, געמיטלעך, ווי מיט אַ גאָר נאָענטן מענטשן. ערשט דעמאָלט האָט ער דעם חולה באַטראַכט. ער איז אויך געווען אַ קינסטלער צו ענדערן נישט נאָר די שטימונג ביים קראַנקן, נאָר אויך די פּסיכיק ביי די געזונטע, אויסרייסן מיטן וואָרצל זייערע יאָרן־לאַנגע איינרעדענישן און פאָראורטיילן. ער איז איינמאָל געקומען צו אַ קראַנקן און ווען ער האָט יענעם גענומען באַטראַכטן, האָט ער באַמערקט אויפן חולהס לייב אַ קאָמפּרעס און אונטערן קאָמפּרעס — אַ האַרט איי, האָט ער רויק געפרעגט:

— צו וואָס איז דאָס?

האָט מען אים געענטפערט, אַז דאָס איז אַזאַ סגולה, אַז אַ „גוטער ייד״ האָט אַזוי געהייסן טאָן... ד״ר אַבראַמסקי האָט געעפנט אַלע טירן און האָט דאָרט אויפגעשפּילט אַזאַ סצענקע, אַז אַלע אַרומיקע האָבן זיך געהאַלטן ביי די זייטן לאַכנדיק, און דער קראַנקער — אויך.

ד״ר אַבראַמסקי האָט שטאַרק באַקעמפט די פאַרשידענע סגולות, אָפּשפּרעכנונגען און אַנדערע באָבסקע רפואות. ווי ער האָט נאָר געקאָנט, פלעגט ער פון זיי אָפּשפּעטן און אָפּחוזקן.

ד״ר אַבראַמסקי איז אין זיין פּראַקטיק געווען אַ דרייסטער און אַ מוטיקער. ער האָט אָפט געשטעלט אויף זיך און טאַקע, אין רוב פאַלן, געווען אַ מוצלח. אַזוי למשל האָט זיך ביי עמעצן געטראָפן, אַז טועגדיק אַ שטאַרקן געגעץ האָט זיך נישט געקאָנט צומאַכן זיין מויל, איז מען געלאָפן נאָך ד״ר אַבראַמסקי. איז ער געקומען, באַטראַכט און נישט קלערנדיק לאַנג אַריינגעלאָפן אין קיך, אַרויסגעכאַפּט פון אויוון אַ ברענענדיק שטיק האָלץ און געלאָפן מיט דעם גלייך צום קראַנקנס אָפענעם מויל. יענער האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט תיכף צוגעמאַכט דאָס מויל. נאָך אַזאַ מין דרייסטקייט האָט ד״ר אַבראַמסקי באַוויזן ביי אַ יידענע, וואָס האָט זיך געקלאָגט אויפן האַרץ. קיין שום דאָקטער און קיין שום רעצעפּטן האָבן איר נישט געהאָלפן. זי האָט נישט געגעסן, נישט געשלאָפן און אַרויס פון די כוחות. האָט מען גערופן ד״ר אַבראַמסקי. ער האָט זי באַטראַכט, זיך אויסגעפרעגט, צוגערופן דעם מאַן און זיך געהייסן דערלאַנגען אַ שטעקן. ווען ער האָט עס באַקומען, איז ער צו צו דער קראַנקער פּרוי און זי ממש אַרויסגעטריבן פון בעט מיטן שטעקן. די יידענע איז טאַקע געזונט געוואָרן, פאַרגעסן אין איר האַרצווייטיק — און דערלעבט אַ טיפע עלטער.

ד״ר אַבראַמסקי האָט אויך נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז דער קראַנקער זאָל מיינען דאָס גראָד ביי אים איז אַזאַ מחלה אשר לא כתובה בתורה. ווען אַ יונגערמאַן האָט אים אַמאָל געפרעגט:

— דאָקטער, וואָס איז דאָס ביי מיר פאַר אַ קראַנקייט? איז דאָס כאָטש ביי מיר נישט קיין אויסערגעוויינלעכס?

האָט אים ד״ר אַבראַמסקי געענטפערט:

— אַן אויסערגעוויינלעכע קראַנקייט וואָלט געווען, למשל, ווען איר טראָגט... האָבן זיך די אַרומיקע שטאַרק צעלאַכט און דער קראַנקער האָט זיך באַרויקט.

ד״ר אַבראַמסקי האָט אויך געהאַט גרויסע פאַרדינסטן אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. ביז דער מלחמה האָט ער געאַרבעט אין דער יידישער „ליי־און שפּאָר־קאַסע" אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגליד. ער האָט אויך געווידמעט פיל צייט און ענערגיע דעם יידישן שפּיטאָל. די לעצטע יאָרן פלעגט ער אויפנעמען יעדן טאָג אומזיסט קראַנקע אין אַמבולאַטאָריע פון „לינת הצדק".

די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה האָט ער דורכגעמאַכט אין לויצק. אין ערשטן וועלט־קריג איז ער געווען גע ונד. נאָך דער מלחמה איז ער געקומען קיין לויצק.

ד״ר אסתר ביילין

# ד״ר בן־ציון ביילין

ד״ר בן־ציון ביילין איז געבוירן געוואָרן אין סלאָנים און געוווינט דאָרט ביז 13 יאָר. זיינע עלטערן, זייער אינטעליגענטע מענטשן, האָבן אים געגעבן אַלע מעגלעכקייטן צו פאַרענדיקן די בעסטע שולן. חוץ דעם האָבן זיי מיט אים, זינט זיין פערטן לעבנסיאָר, געלערנט תלמוד, און דאָס האָט געגעבן אַזעלכע רעזולטאַטן, אַז אַלס צוועלף־יאָריקער יינגל האָט ער אַריינגעבראַכט אין התפעלות די לומדים, צווישן זיי — דעם אין ליטע באַקאַנטן רב ר׳ בנימין ביאַלאָוס (ד״ר ביילינס זיידע), מיט זיין אויסערגעוויינלעכער בקיאות אין תלמוד און אין יידישקייט.

דאָס אַלץ האָט זיך געענדיקט מיטן אַרויספאָרן פון דער פאַמיליע קיין קורסק. דאָרט איז ער אַריינגעטראָטן אין דער מלוכהשע גימנאַזיע, ווו ער האָט דאָסגלייכן זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אינטעליגענץ. ער האָט געענדיקט די קורסקער גימנאַזיע מיט אַ „גאָלדענעם מעדאַל".

נאָכן באַקומען מאַטורע איז ער אַוועק אויף דעם קיעווער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט פאַרענדיקט מעדיצין. דאַן האָט ער זיך איינגעאָרדנט אין טאָרטשין, לויצקער פּאָוויאַט. דאָרט האָט ער זיך אָפּגעגעבן לטובת דער באַפעלקערונג נישט בלויז ווי אַ דאָקטאָר, נאָר אויך אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער. ד״ר ביילין איז געווען דערשטוינט פון דער שרעקלעכער מענטשלעכער נויט, וועלכע האָט דאָרט עקזיסטירט. טעג און נעכט האָט ער אַוועקגעגעבן אויף הייבן דעם היגיענע־מצב (דער עולם איז געווען זייער צוריקגעשטאַנען). ער האָט צוגעצויגן די בעסטע מענטשן אויף צו העלפן אים רעאַליזירן זיינע פּלענער — אַרויסרייסן די באַפעלקערונג פון די העסלעכע באַדינגונגען, אויפהייבן דעם געזונט־צושטאַנד פון די קינדער און דערוואַקסענע (ער האָט געבויט ברונעמער, ברוקירט גאַסן). זיין גרעסטער אויפטו איז געווען דאָס שאַפן און אָנפירן אַ שול, וועלכע איז געוואָרן אַ מוסטער פאַר גרעסערע שטעט. פון די קינדער אין דער שול זענען שפּעטער אַרויסגעקומען נישט איין דאָקטאָר אָדער אינזשיניער.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אַ תל געמאַכט פון די גרויסע דערגרייכונגען, אָבער די אַרבעט פון ד״ר ביילין האָט געגעבן פּרוכט. נאָך דער מלחמה, ווען ד״ר ביילין האָט זיך באַזעצט אין לויצק, האָט טאָרטשין שוין פאַרמאָגט גענוג באַוווסטזיניקע מענטשן, וועלכע האָבן קאָנטינוירט די אַרבעט פון פאַר דער מלחמה.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט שטאַרק חרוב געמאַכט די אַזוי־גערופענע מזרח־קרעסן, וועלכע זענען אין משך פון 3 יאָר כסדר איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. צום מייסטנס האָט, פאַרשטייט זיך, געליטן די יידישע באַפעלקערונג. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז לויצק געווען איין בילד פון נויט און פאַרצווייפלונג — די באַפעלקערונג האָט בוכשטערבלעך געהונגערט, דער פלעק־טיפוס האָט זיך פאַרשפּרייט מיט אַן אומגעוויינלעכער שנעלקייט און אָנגעמאַכט אַזאַ חורבן, אַז זייער אָפט איז פון אַ 7—8 פּערזאָניקער משפחה געבליבן נישט מער ווי איינער. די געפאַר פון אָנשטעקן זיך איז פאַר די דאָקטוירים געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקע. אָבער ד״ר ביילין האָט וועגן דעם אפילו נישט געטראַכט. ער האָט כסדר געזוכט וועגן, ווי אַזוי צו שאַפן אַנדערע, בעסערע מאַטעריעלע און וווינונגס־

באַדינגונגען, אַז מענטשן זאָלן נישט וווינען אין אַזאַ ענגשאַפט, וועלכע איז אַזוי גינסטיק פאַרן פאַרשפרייטן זיך פון דער עפידעמיע. ער האָט איזאָלירט די קראַנקע, גענומען זיי אין שפיטאָל אַריין, און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט (פאַר אַ ייד גיין אין שפיטאָל אַריין איז געווען אַ חרפה און ווי געזעגנט זיך מיטן לעבן).

וויפל אומאָנגענעמלעכקייטן, וויפל פאַרדרוסן, וויפל שלאָפלאָזע נעכט — אָבער ד״ר ביילין איז געווען אַנטשלאָסן. ער האָט נישט אָפגעטראָטן און אויפגעקלערט אַלעמען, אַז בלויז דאָס איז דער איינציקער וועג צו ראַטעווען דעם טייל פון דער באַפעלקערונג, וועלכע איז נאָך נישט אָנגעשטעקט. ער האָט געקעמפט ביז צום סוף, ביז די עפידעמיע איז געוואָרן ליקווידירט.

ס׳איז נישט געווען קיין געגנט אין שטאָט, וואָס ד״ר ביילין זאָל זי נישט קענען. ער האָט געפאָרשט דאָס לעבן פון דער באַפעלקערונג, באַזונדערס פון דער יידישער, און ער איז געקומען צום אויספיר, אַז לאָזן עס ווייטער אין אַזאַ מצב איז בשום אופן נישט מעגלעך ער האָט באַשלאָסן צו פאַרבינדן זיך מיט דער וועלט — ער האָט געשריבן, איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען, געווענדעט זיך צום אַמעריקאַנער, ענגלישן און פראַנצויזישן יידנטום, אַלאַרמירט נאָך הילף פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, כדי אַרויסצורייסן זי פון דער נויט און דערפירן זי צו אַ מצב, אַז זי זאָל קאָנען לעבן מיט אייגענע כוחות. דערביי דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז ד״ר ביילין איז געווען אַ קעגנער פון פילאַנטראָפיע און בלויז אין אויסנאַם־פאַלן האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר איר — אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז אויב מ׳וועט ליקווידירן די קראַנקייטן, וועלן מענטשן זיך קאָנען נעמען צו אַן אַרבעט. די יוגנט וועט קאָנען גיין לערנען זיך אין די האַנטווערקער־שולן (וועלכע ער האָט געשאַפן מיט גרויס מי און פאַר אייגן געלט). די עלטערע, וואָס קאָנען שוין נישט לערנען זיך אַ פאַך, דאַרף מען דערמעגלעכן איינאָרדענען זיך ביי האַנדל אָדער אַנדערע פרנסות. כדי דאָס אַדורכצופירן איז ער נישט איין מאָל געפאָרן קיין וואַרשע, ווו מען האָט זיך צוגעהערט צו יעדן איינעם וואָרט פון דעם מענטשן, וואָס האָט געוואָרפן זיין מעדיצינישע פראַקטיק, פאַרנאַכלעסיקט די אייגענע ענינים, אַלץ — כדי ראַטעווען די, וועלכע קאָנען זיך אַליין קיין עצה נישט געבן.

אין יענער צייט האָט ד״ר ביילין אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די דאָקטוירים און אָנשליסן זיי אין דאָקטוירים־פאַרבאַנד פון דער פוילישער מלוכה (ז.ל.פ.פ.), כדי איינצושטעלן מער־ווייניקער נאָרמאַלע אַרבעטס־באַדינגונגען פאַר די דאָקטוירים. ד״ר ביילין איז געוואָרן אויסגעוויילט אין דער וואַרשעווער הויפט־פאַרוואַלטונג, אין געריכט פון דאָקטוירים־פאַרבאַנד אין לובלין און אין פרעזידיום פון דער פאַרוואַלטונג אין לוציק. וויפל שלאָפלאָזע נעכט האָט ד״ר ביילין אָפגעגעבן פאַר אָט די אינסטיטוציעס, וויפל האָפענונג האָט ער אַריינגעלייגט אין דער אַרבעט, גלייבנדיק, אַז די פאַראייניקונג וועט הייבן די עטישע מדרגה פון די דאָקטוירים און גלייכצייטיק נאָרמאַליזירן די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן די דאָקטוירים און פאַציענטן.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן אַנטוישונג ד״ר ביילין האָט איבערגעלעבט אין יענעם מאָמענט, ווען די יידישע דאָקטוירים זענען געצוווּנגען, צוליב פאַרשידענע טעמים, אָפצוזונדערן זיך און אָרגאַניזירן אַ יידישן דאָקטוירים־פאַראיין.

דאָס געפיל פאַר אמת און גערעכטיקייט איז ביי אים געווען אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט, אַז צייטנווייז האָט אָט דער זייער קלוגער און אַלזייטיק־געבילדעטער מענטש אויסגעזען ווי אַ נאַיוו קינד, אין הינזיכט פון צופאַסן זיך צום טאָגטעגלעכן לעבן. ער איז נישט בכוח געווען צו פאַרטיידיקן זיינע פערזענלעכע ענינים — צופיל איז ער געווען קאָנצענטרירט אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

בעת דער אוקראַיניש־פוילישער מלחמה, ווען מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן אין די קעלערס, איז ד״ר ביילין נישט אַרויס פון שפיטאָל, ווו די קראַנקע און פאַרוווּנדעטע האָבן אויסגעפילט נישט בלויז די זאַלן, נאָר אויך אַלע קאָרידאָרן. ד״ר ביילין האָט אַזוי הויך געשעצט דאָס מענטשלעכע לעבן, אויסער זיין אייגן לעבן, אַז ער איז נישט אַראָפ אין שפיטאָל־קעלער אפילו דעמאָלט ווען אַ באָמבע איז אַריינגעפאַלן אין אָפעראַציע־זאַל, ווו ער האָט באַהאָפטן די צעבראָכענע ביינער פון די פאַרוווּנדעטע. צוויי שפיטאָל־צימערן זענען געוואָרן שטאַרק באַשעדיקט, אָבער ד״ר ביילין האָט געבעטן דעם שפיטאָל־פערסאָנאַל נישט צו פאַרלירן זיך און בלייבן אויף דער אַרבעט. און מ׳דאַרף מודה זיין, אַז ער האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקע סוגעסטיע־קראַפט. די מענטשן האָבן אים געפאָלגט, ווייל ער איז תמיד געגאַנגען דער ערשטער אין פייער.

וועגן ד״ר ביילין וואָלט מען נאָך געקאָנט זייער אַ סך שרייבן. דאָס איז געווען אַן אומגעוויינלעך־אינטערעסאַנטער מענטש און ווער ס׳האָט געהאַט דאָס גליק צו פאַרברענגען מיט אים לאַנגע יאָרן, קאָן בלויז זאָגן איינס: די וועלט וואָלט געווען אַ סך שענער און בעסער, ווען די מענטשן וואָלטן געהאַט כאָטש איין פראָצענט פון זיין גוטן ווילן, איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט.

אויף זיין מצבה, וועלכע איז טיילווייז צעשטערט געוואָרן דורך די נאַצישע מענטשן־פרעסער, זענען איבערגעבליבן די ווערטער: „קעמפער פאַר יושר״, דאָס איז די וועזנטלעכע באַצייכענונג פאַר ד״ר ביילינס פערזענלעכקייט.

# שמחה ליפין

שמחה ליפין איז געווען זייער פּאָפּולער אין אונדזער שטאָט. ער האָט תמיד קאָנצענטרירט אַרום זיך פיל מענטשן, יידן און קריסטן, וועלכע זענען געווען להוט נאָך זיינע וויצן און גלייכווערטלעך. נישט איין מאָל איז געשען, אַז ווען ער האָט זיך נאָר באַוויזן אויף דער יאַגעלאָנסקע־גאַס, האָט זיך באַלד אַרום אים פאַרזאַמלט אַן עולם פון קרעמער און סתם ליידיק־גייער, וועמען ער האָט געוויילט מיט זיין לעבעדיקן און פאָלקס־טימלעכן הומאָר.

ס׳איז דעם דאָזיקן מענטש געווען צו באַוואונדערן. נישט קוקנדיק אויף די שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, אין וועלכע ער מיט זיין גרויסער פאַמיליע האָט זיך געפונען, האָט ער אין זיך פאַרמאָגט אַ שפע לעבעדיקייט און פריילעכקייט, מיט וועלכער ער האָט אַלעמען אָנגעשטעקט.

כדאי צו דערמאָנען, אַז טראָץ זיין גרויסער אָרעמקייט האָט ער נישט איין מאָל אַרויסגעוויזן אַ טיפע מענטשלעכקייט און זיך געטיילט, אין פאַל פון אַ נויט, מיטן לעצטן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

נישט געווען קיין מאָמענט, אין וועלכן ער זאָל האָבן אָנ־געוווירן זיין לעבנס־הומאָר. שטענדיק האָט ער אַלץ פאַרגלעט מיט אַ גלייכווערטל און אַ וויץ.

אין דער צייט פונעם ערשטן וועלט־קריג האָט זיך „פּאַניען״ פאַרגלוסט אים צו מאָביליזירן אין דער רוסישער אַרמיי. זיין פרוי, רחלע, איז צוליב דעם געווען שטאַרק פאַרצווייפלט. מיר, זיינע נאָענטע פריינד און באַקאַנטע, האָבן געוואָלט אַלץ טאָן בכדי אָפּצושרייען די גזרה. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ער אַליין, שמחה, האָט דאַן געזאָגט צו זיין פרוי: ס׳שאַט נישט, רחלע, כ׳וועל נאָך צוריקקומען אַ לעבעדיקער און דערצו אַ פאָל־נער גענעראַל.

צוריקגעקומען איז ער טאַקע, נאָר אינעם אוניפאָרם פון אַ פּשוטן סאָלדאַט. אָבער דערפאַר האָבן מיר אַ לאַנגע צייט געהאַט פון אים צו הערן פאַרשידענע מעשיות וועגן זיינע זעלנערישע טעג. ספּעציעל האָט ער באַפּעפּערט מיט געהעריקע אויסדרוקן און טרעפלעכע באַצייכענונגען זיינע רעקרוטן־טעג אין דער שטאָט באַבראָוו, וואָראָניעזשער גובערניע, ווו ער האָט דורכגעמאַכט זיינע סאָלדאַטסקע איבונגען.

זיינע ביים לעבן געבליבענע צוויי זין האָבן רעכט צו זיין שטאָלץ אויף אַזאַ טאַטן, זכרונו לברכה.



שמחה ליפין

# איטשע מאיר בעספּריאַזניק

אויב וועט די דאָזיקע שורות איבערלייענען אַ סטאָלינער חסיד פון לויצק — וועט זיך אים זיכער דערמאָנען דער אַלטער איטשע מאיר. מיר איז פיל מאָל אויסגעקומען צו פאַרהאַלטן דעם אַלטן איטשע מאיר, ווען ער פלעגט גיין פון ראָוועגען פון דער סטאָלינער שול, בשכנות פון וועלכער מיין קלייט האָט זיך געפונען.

ער פלעגט ליב האָבן צו דערציילן פאַרשידענע מעשיות פון חסידישן און נישט־חסידישן לעבן. ס׳האָט זיך מיר איינמאָל פאַרגלוסט אים צו מאַכן אַ קאָמפּלימענט, זאָגנדיק: „ר׳ מאיר, זינט כ׳געדענק אייך זענט איר גאָרנישט עלטער געוואָרן!״ ער האָט מיר גלייך אויפן אָרט, נישט לאַנג טראַכטנדיק, גע־ענטפערט:

„הערסט, מיין קינד, היינט־צו־טאָג זענען קיין אַלטע בכלל נישט בנמצא, און אויב מ׳טרעפט אַזעלכע זענען זיי אַן איבער־בלייבעניש פון די אַמאָליקע צייטן״.

דער דאָזיקער טרעפלעכער ענטפער האָט זיך מיר איינגע־קריצט אין זכרון. ספּעציעל קאָן מען נישט פאַרגעסן דעם דאָזיקן יידן צוליבן פריילעכן פּורים, וואָס ער פלעגט יעדעס יאָר איינאָרדענען אין לויצק. פון דער סטאָלינער שול פלעגט ער, אין אַ פריילעכן צושטאַנד, אַרויסרייטן אויף אַ פערד, אַן אַ זאָטל, די קאַפּאָטע נישט צוגעקנעפּלט — און זיך אַוועקלאָזן אין אַ גאַלאָפּ איבער דער יאַגעלאָנסקע־גאַס. קיין בייטש האָט ער נישט באַנוצט, נאָר זיין שטעקן, מיט וועלכן ער פלעגט פריילעך פּאַכען איבערן קאָפּ פון פערד.

לייבוש קאָטליאַר

סילוויע באַרדיטש־גאָלדבערג

# געראַטעוועט יידן פון אַ פּאָגראָם

די דאָזיקע שילדערונג ווידמע איך מיין פֿאָטער

ס׳איז געווען אין יענע שווערע, פינצטערע צייטן פון בייליס־פּראָצעס, ווען אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד און אוקראַינע האָט געבושעוועט אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען. די גויים האָבן זיך אָרגאַניזירט אין פאַרשידענע „סאָיוזן" (פאַרבאַנדן), וועלכע זענען באַשטאַנען מערסטנס פון „טשאַרנאָסאָטניקעס" (שוואַרצמאהניקעס). אונטער דער פאָן פון כלומרשטן פּאַטריאָטיזם פאַרן פאָטערלאַנד, קעגן די זשידאָווסקע רעוואָלוציאָנערן, האָבן זיי געבושעוועט מיטן לאָזונג: שלאָג די יידן — ראַטעווע רוסלאַנד!

דאָס פייער האָט שנעל אַרומגעכאַפּט די שטעטלעך און די דערפער. און אָט איז געקומען די ריי אויף לויצק.

עס איז געווען נאָך שניט־צייט. די גערעטעניש איז געווען אַ מאָגערע און די פּויערים, צערייצט פון זייער שווערער דאָליע, האָבן זיך אָנגעכאַפּט, ווי אין אַ רעטונג, אין „סאָיוז", מיט וועלכן ס׳האָט אין דער לויצקער געגנט אָנגעפירט דער באַקאַנטער אוקראַאינישער „העלד" איוואַן באַראַטשוק, פון דאָרף ראַדעמישל.

ער האָט אָרגאַניזירט די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער ווי: לאַווראָוו, באקעוויץ, ראַדעמישל, מיליש א. א. צו זיי זענען צוגעשטאַנען ערדלאָזע און אָרעמע פּויערים. זיי האָבן זיך איינגעקויפט געווער: לאַנגע מעסערס, שפּיזן, שווערדן, און געוואַרט אויפן שוואַרצן טאָג פון רויב, בלוט און הפקרדיקע וואַקכאַנאַליע.

באַשטימט האָט מען די בלוטיקע הוליאַנקע אין אַ מאַרק־טאָג, ווען די סוחרים און הענדלער פון לויצק האָבן אין די געוועלבער סחורה פון כל המינים. פאַרנאַכט, נאָך אַ טאָג לייזעכץ וועלן זיי, לויט אַ געגעבענעם סיגנאַל, ווען די צערקווע וועט פּלוצעם אַ קלונג־טאָן, זיך צעטיילן איבערן מאַרק־פּלאַץ מיטן באַהאַלטענעם געווער אין די זעק און טאָרבעס. דערביי וועלן זיי פריער אַרויסשיקן פלינקע שקצימלעך, וואָס זאָלן איבערקערן עטלעכע ביידלעך מיט סחורות און ווען די קרעמער וועלן זיך אַקעגנשטעלן אָדער אַפילו גאָר אָנקלאַפּן איינעם פון זיי — דאַן וועלן די פּויערים אַרויס מיט אַ געוואַלד, אַז די יידן שלאָגן און מאָרדן זייערע קליינע קינדער און מ׳וועט אָנהייבן רויבן ס׳יידישע האָב און גוטס.

כדי זיך צו מאַכן שטימונג און מוט, זענען די אָרגאַניזירטע פּויערים, נאָכן פאַרקויפן זייערע געבראַכטע פּראָדוקטן, כאַפּטעס־ווייז אַריין אין די שענקן כאַפּן אַ טרונק בראָנפן, מיטן אויסרייד: אַ קאָזאַק טרינקט אויפן חשבון פון דעם, וואָס וועט קומען! דער עלטסטער, איוואַן באַראַטשוק, איז שוין געווען היפּש פאַרשנאָקעט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך נישט איינגעקויפט אַהיים קיין הערינג, מאַכאָרקע און סמאַראָווידלע. אַ וואַקלדיקער איז ער אַריין צו ר׳ יחיאל באַרדיטש אין דער באַקאַליינע קליטקע באַשטעלן די פּראָדוקטן. אָבער וואָס ביי אַ ניכטערן אויפן לינג — איז ביי אַ שיכורן אויפן צונג. אַ קלינג־טיענדיק מיטן באַהאַלטענעם מעסער אין זאַק, האָט ער זיך אָפּגערופן מיט גדלות: „יאָקעל (אַזוי האָבן די גויים גערופן ר׳ יחיאלן) אַליע בודע סעוואָדניאַ ריזניאַ, אי זשידאָווסקאַ קראָוו פּאָטעטשע" (אָבער וועט דאָס היינט זיין אַ שחיטה און יידיש בלוט וועט רינען).

ר׳ יחיאל באַרדיטש, אַ ייד אַ לערנער און אַ סטאָלינער חסיד, איז געווען אַ גאַנצער פּאַן־בראַט מיטן נאַדזיראַטעל און מיט די גאָראָדאָוואָיעס. ער פלעגט אָפט צונישט מאַכן די אַרעסטן פון בעלי־בתים, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּזיצן אין דער „כאַזייסקער טורמע" אויף ווילקע, פאַר פּראָטאָקאָלן צוליב אַ ביסל מיסט, אָדער דערפאַר, וואָס דאָס ווייב האָט די פּאָמיעניצע אַ גאָסגעטאָן צו אַן אַנדערער שכנה. יחיאל האָט דורך זיין פּראָטעקציע אויך אַרויסגעהאָלפן פריזיוניקעס, וועלכע מ׳האָט געשיקט אין „וואָיענני שפּיטאָל" אויף קראַסנע.

איצט האָט ער מיט זיין פלינקן חוש דערפילט די געפאַר, און נישט וואַרטנדיק קיין מינוט האָט ער געכאַפּט אַ קעסטל, אַריינגעלייגט אַהין 2 היטלעך צוקער, אַ פונט טיי, אַ פּאָר שאַכטלען סיגאַרעטן פון בעסטן סאָרט, און דער עיקר — אַ ליטער 90־ער בראָנפן, און שנעל אַריינגעטראָגן צום נאַדזיראַטעל, וועלכער האָט דאַן געוווינט ביי חנה־איטע דאַוו, מיט דער הבטחה, אַז דאָס איז בלויז אַ „פּאָטשאַטאָק" אויפן חשבון פון גרויסן „פּאָדאַראָק", וואָס וועט ערשט קומען, וואָס ער וועט צוזאַמענעמען פון די אַנדערע קרעמער. דערפאַר וויל ער, אַז דער נאַדזיראַטעל — מיט דער הילף פון די גאָראָדאָוואָיעס און זשאַנדאַרמען — זאָל דערשטיקן דעם פּויערים־אויפשטאַנד.

דעם נאַדזיראַטעל, ווי נאָר ער האָט דערזען די מתנה מיטן ליטער וואָדקע, האָט דאָס בלוט אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ, און אין געציילטע מינוטן אַרום איז שוין געווען מאָביליזירט די פּאָליציי, די זשאַנדאַרמען און די דראַגונער סאָלדאַטן, אויף זייערע פערד, באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן, שווערדן און שפּיזן.

ווי נאָר מען האָט אין צערקווע אַ צי־געטאָן די שטריק אין די גלאָקן האָבן זיך צעהיידעט, האָט די טייוולאָנישע שפּיל זיך אָנגעהויבן. באַלד האָבן זיך באַוויזן אויפן מאַרק קליינע באַנדעס יונגע שקצים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אומוואַרפן די שטעלעס און וואַרפן שטיינער אין פענצטער פון די שניט־קראָמען. ווען די יידן האָבן רעאַגירט מיט אַ פּאָר קלעפּ דעם קליינוואַרג, האָבן די שקצים אָנגעהויבן צו געוואַלדעווען אויף קול־קולות און ליאַרמען, אַז די זשידעס האָבן זיי געשלאָגן און געשלעפּט אין קעלער, כדי צו נעמען זייער בלוט אויף פּסח... אין די גאַסן האָבן זיך באַוויזן די „סאָיוזניקעס" מיט איוואַן באַדאַטשיק אין דער שפּיץ.

אָבער אין זעלבן אויגנבליק האָט דעם מאַרק, מיט בליץ־

שנעלקייט, פּאַרפּלייצט אַ כוואַליע פון פּאָליציי, זשאַנדאַרמען און דראַגונעס, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט די פּאָגראָמשטשי־קעס פון אַלע זייטן. ווען די פּויערים האָבן אַרויסגעכאַפּט זייערע לאַנגע מעסערס, שפּיזן און קאָסעס — האָט דער פּאָל־קאָווניק באַפוילן נוצן הייס געווער. דער מאַרק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַכט־פעלד אָן יידן...

אַ סך פון די „סאָיוזניקעס" זענען געוואָרן פאַרוואונדעט, אַנדערע האָט מען אַרעסטירט און צונויפגעשטעלט קעגן זיי אַ פּראָטאָקאָל פאַר אַ בונט קעגן צאַר און מ׳האָט זיי פאַרשפּאַרט אין דער לויצקער גרויסער טורמע.

אַזוי אַרום האָט ר׳ יחיאל באַרדיטש, דבורה־האָדלס זון געראַטעוועט די שטאָט פון אַ פּאָגראָם.

**א. וואַקסמאַן**

# נפתלי גארטיבעל

דער יונגער, אינטעליגענטער נפתלי גארטיבעל איז געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דער ציוניסטישער אידעע. ער האָט געהערט צו די ליכטיקסטע געשטאַלטן אין דער לויצקער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. רעדט און שרייבט פליסיק עברית. באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער חלוצישער באַוועגונג פון לויצק. אַ גרויסער בקי אין ציוניסטישער געשיכטע — געהערט ער צו די לאָגיש־דענקענדיקע טוער פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג אין לויצק. יעדעס וואָרט זיינס איז געוויגן און געמאָסטן. ער צייכנט זיך אויס מיט זיין גרויסן טאַקט בין אדם לחברו.

ס׳האָט זיך ביי מיר פאַרהיטן זיינער אַ בריוו, דאַטירט דעם 31־טן מאי 1927, אין וועלכן מיר לייענען אויס דעם פולן באַריכט פון דער „התאחדות"־קאָנפערענץ אין וואַרשע מיט דער באַטייליקונג פון אליעזר קאַפּלאַן ע״ה פון ארץ־ישראל (ערשטער פינאַנס־מיניסטער אין ישראל). ס׳איז צו שטוינען פון זיין פּינקטלעכער און געזונטער אויפפאַסונג, פון זיין אַלזייטיקער באַלויכטונג פון די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ. מיט גרויס ווייטיק שרייבט ער דאַן, נאָך מיט יאָרן צוריק, וועגן די שטרויכלונגען וואָס דווקא „גוטע ציוניסטן", פון פאַרשידענע פּאַרטיי־קלייזלעך, וואַרפן אויפן וועג פון די חלוצישע פּיאָנערן, וועלכע פאַרלאָזן זייערע גוט־סיטואירטע היימען און פאָרן אַוועק בויען דאָס לאַנד מיט זייער בלוט און שוויס. דאָס אַלץ איז געשריבן אין אַ פּערלדי־קער עברית־שפּראַך.

ער האָט מיט מיר צוזאַמען געאַרבעט אַ לאַנגע צייט אַלס סעקרעטאַר אין לויצקער פּאַלעסטינער־קרייז־אַמט. ער איז געווען אויך איינער פון די אַקטיווסטע אַנטיילנעמער אין אַלע ציוניס־טישע „קומזיצן", ווו מ׳האָט אין לידער אָן ווערטער אויס־געשעפּט די בענקשאַפט פון אַלע חלומות. אָפטמאָל, אין די בין־השמשותן, ווען ס׳איז שווער געווען אויפן האַרצן, האָט ער ליב געהאַט צו זיצן ביחידות אין אַ ווינקל און אונטערברומען ביאַליקס ליד:

„זריתי לרוח אנחתי וירווה החול דמעת עני".

אַ סך שווערע צייטן האָט ער דורכגעמאַכט במשך פון זיינע יונגע יאָרן. זיין חלום איז געווען, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווי נאָר ס׳וועט זיך שאַפן עפּעס אַ מעגלעכקייט פון אַ מינימאַלער עקזיסטענץ אין לאַנד, זאָל ער עולה זיין קיין ישראל.ליידער איז ער צום לאַנד פון זיין טרוים נישט דערגאַנגען!



שטח פון געטא לוצק
פון יולי 1941
די בריקען
די גרעניץ פון געטא
די גרויסע שיל
די קאטעדרע
די קאראימער קענאסע
די צערקווע
די קירכע
סטיר
סטיר
קראסנע

# קאלענדאר פון פיין, ווידערשטאנד און אומקום

צוזאַמענגעשטעלט פון **נ. שרון (שטראַכמאַן)**

1 סעפּטעמבער 1939.

אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. היטלערס אַרמייען באַפאַלן פּוילן.

3—17 סעפּטעמבער 1939.

לויצק ווערט באַמבאַרדירט דורך דער דייטשער אַוויאַציע. עס פאַלן אַ סך קרבנות, יידישע און נישט־יידישע.

10—17 סעפּטעמבער 1939.

מאַסן פּליטים פון די צענטראַלע פּוילישע געגנטן קומען קיין לויצק. לויצקער יידן אָרגאַניזירן הילף פאַר די אַנטלאָפענע. אַלע בתי־מדרשים זענען פאַרפולט מיט פּליטים. אין פיל יידישע הייזער ווערן זיי ברידערלעך אויפגענומען.

17 סעפּטעמבער 1939.

די רויטע אַרמיי טרעט אַריבער די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ. וואָלין ווערט איינגעשלאָסן אין דער אוקראַינישער סאָוויעטישער רעפּובליק. לויצק ווערט די הויפּט־שטאָט פון דער וואָלינער געגנט (אָבלאַסט) פון דער אוקראַינישער סאָוויע־טישער רעפּובליק.

אָקטאָבער—דעצעמבער 1939.

די סאָוויעטישע מאַכט נאַציאָנאַליזירט די פּריוואַטע אונ־טערנעמונגען. מיטן פאַרמלוכהשן דעם האַנדל, פאַרלירן פיל יידישע משפּחות זייערע געשעפטן און זייער מאַטעריעלע באַזע. עס ווערן ליקווידירט אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי — אויך די יידישע. אַלע שולן ווערן פאַרוואַנדלט אין סאָוויעטיש־מלוכהשע שולן מיט אוקראַיניש אַלס לערן־שפּראַך.

אין רעזולטאַט פון דער סאָוויעטישער פּאַספּאָרטיזאַציע, באַקומען הונדערטער יידישע משפּחות, דער עיקר געוועזענע סוחרים, אַ באַפעל צו פאַרלאָזן לויצק און אַריבערטראָגן זיך אין די קליינע שטעטלעך און אין די דערפער. אין זייערע פּאַספּאָרטן ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז זיי איז נישט דערלויבט צו וווינען אין קיין שום גרעסערער שטאָט.

עס ווערן אויפגעשטעלט סאָוויעטישע פּאָליטישע און גע־זעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. פון מזרח קומען קיין לויצק עטלעכע טויזנט באַאַמטע צום אָרגאַניזירן דאָס נייע לעבן, צווישן זיי פיל יידן. עס ווערט באַנייט דער קאָנטאַקט מיט די רוסישע יידן. די יידישע יוגנט ווערט אַריינגעצויגן אין די נייע עקאָ־נאָמישע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס.

נאָוועמבער 1939.

וואַלן צו דער אוקראַינישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין לוואָוו. לויצקער יידן שטימען פאַר די קאַנדידאַטן פון די סאָ־וויעטן. צווישן די אויסגעוויילטע דעלעגאַטן געפינען זיך אויך עטלעכע לויצקער יידישע קאָמוניסטן.

יאַנואַר 1940.

עס ווערן אַרויסגעפירט קיין סיביר משפּחות פון געוועזענע גבירים, צווישן זיי — פיל יידן.

ייִוני 1940.

אַרעסטן צווישן דער ציוניסטישער יוגנט; די סאָוויעטישע נ.ק.ג.ב. אַנטדעקט די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע פון „גור־דוניה" און אַרעסטירט אירע אָנפירער.

הונדערטער יידן אין מיליטער־עלטער ווערן מאָביליזירט איז דער רויטער אַרמיי — אין שייכות מיט דער מלחמה־שפּאַנונג.

23 יולי 1940.

עס ווערן דעפּאָרטירט אין די ווייטע געגנטן פון ראַטנפאַר־באַנד פּליטים, וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט צום אומקערן קיין צענטראַל־פּוילן. טויזנטער יידישע פאַמיליעס ווערן אַרעסטירט און מיט פראַכט־צוגן אַוועקגעפירט אויפן ווייטן סיביר.

אפריל—מאי 1941.
הונדערטער יידישע יוגנטלעכע אין מיליטער־עלטער ווערן מאביליזירט אין דער רויטער ארמיי און צו מיליטערישע בוי־ארבעטן.

22 יוני 1941.
היטלערס ארמייען באפאלן ראטנפארבאנד. לויצק ווערט מערדעריש באמבארדירט.

26 יוני 1941.
נאצי־ארמיי פארנעמט לויצק. יידן, פון 10 יאר אן, דארפן טראגן ווייסע ארעמבענדער.

29 יוני 1941 — מאנטיק.
די דייטשן ארגאניזירן אן אוקראינישע מיליץ. די אוקראינישע מיליציאנטן און די געסטאפא נעמען ארויס פון די הייזער קרוב צו 2.000 יידן, ס׳רוב מענער אין מיטעלן עלטער, און דערמארדן זיי אין אן אומבאקאנט ארט. די לויצקער האבן די ערשטע 2.000 קדושים גערופן — „די מאנטיקדיקע", ווייל די רציחה אין פארגעקומען מאנטיק.

2 יולי 1941 — דאנערשטיק.
עס ווערט פארעפנטלעכט א באפעל: יידן—מענער, אין עלטער פון 16 ביז 60, זאלן זיך שטעלן שבת, דעם 4־טן יולי, „צו ארבעט" אין ליובארט־שלאס.

4 יולי 1941.
קרוב 3.000 יידן, וואס האבן זיך געשטעלט אין ליובארט־שלאס זענען דארט אכזריותדיק דערמארדעט געווארן דורך א דייטשער מיליטערישער איינהייט. די גרופע קדושים איז שפעטער גערופן געווארן — „די דאנערשטיקע".
קרוב צו 5.000 יידישע פאמיליעס זענען פאריתומט געווארן פון זייערע פאטערס און ברידער. דער יידישער לויצקער קיבוץ האט פארלוירן זיינע באשיצער קעגן היטלעריסטישן שונא.

10 אויגוסט 1941.
עס ווערט פארעפנטלעכט א באפעל, אז אלע לויצקער יידן מוזן טראגן א שאנד־צייכן: א ווייסן באנד מיט אן אויסגענייטן בלויען מגן־דוד אויפן ארבל פון דער רעכטער האנט.

1 סעפטעמבער 1941 — ערב ראש־השנה.
נייע גזרות: יידן דארפן טראגן געלע לאטעס; יידן דארפן זיך נייגן פאר דייטש; יידן טארן נישט גיין אויפן טראטואר. פאר עובר זיין אויף די געזעצן דראט טויט־שטראף.

19 אקטאבער 1941.
די דייטשן גרינדן א לאגער פון יידישע פאכמענער. מיטן לאגער פירן אן די היטלעריסטן פייערטאג און היינקע.

11 דעצעמבער 1941.
טויזנטער יידן ווערן במשך פון געציילטע מינוטן אכזריותדיק ארויסגעטריבן פון זייערע היימען און ווערן געיאגט אין דער ריכטונג פון באזיליאנסקי־גאס. דארט ווערן זיי פארשלאסן אין יידישן געטא. זקנים און קראנקע וואס זענען געבליבן הינטערשטעליק אינעם טראגישן מארש צום געטא, זענען אויפן ארט דערמארדעט געווארן דורך די דייטשע און אוקראינישע באגלייטער.

12 דעצעמבער 1941.
די דייטשן טרייבן אין געטא די יידן פון קראסנע.

יאנואר—מאי 1942.
די דייטשן לייגן ארויף אויף דעם געטא פארשידענע קאנטריבוציעס. יידן מוזן אפגעבן גאלד, זילבער, מעש, פוטערס, מעבל, בעטגעוואנט א.א.וו. אלע יידן פון 6 יאר אן זענען געטריבן געווארן אויף צוואנגס־ארבעטן. די קראסנער יידן ווערן פארטריבן אין געטא נומער 1. אויפן וועג ווערן 28 דערשאסן.

15 מאי 1942.
די דייטשן באפעלן, אז אלע יידן זאלן זיך שטעלן אויפן באזיליאנסקער פלאץ, ווו זיי ווערן סארטירט לויטן עלטער, געשלעכט און באשעפטיקונג. ווי עס ווייזט אויס, איז דאס געווען די גענעראל־פראבע צו דער שפעטערדיקער ליקווידאציע פון געטא.

זומער 1941.
א גרופע יוגנטלעכע אנטלויפט פון געטא מיטן ציל צו ארגאניזירן זיך אין א פארטיזאנישער איינהייט. זיי ווערן דערמארדעט דורך אוקראינער. געציילטע פון זיי געלונגט צו פארבינדן זיך מיט סאוויעטישע פארטיזאנער פון גענעראל קאוופאקס ארמיי, ווו זיי קעמפן און נעמען נקמה.

7 יולי 1942.
די דייטשן לייגן ארויף אויפן געטא א גרויסע קאנטריבוציע און דערקלערן, אז אויב די יידן וועלן זי נישט אריינטראגן, וועט דאס געטא ליקווידירט ווערן.

13 יולי 1942
די היטלעריסטן ארעסטירן אלס זאקלאדניקעס (ערובניקעס) דעם פארזיצער פון יודנראט ד"ר קארטשעמני, די מיטגלידער פון יודנראט געבעט, ד"ר האפמאן און פרוי האוסמאן.

17 יולי 1942.
די היטלעריסטן באשטימען נאך איין קאנטריבוציע: 1.000 ק"ג זייף, 500 ק"ג ליכט, 200 קופאנען שטאף פאר דאמען־מאנטלען, הונדערטער קילאגראמען קנאבל. פאר די יידן ווערט קלאר, אז די לעצטע קאנטריבוציע איז נישט מער ווי א חוזק און אן אויסרייד צו ארגאניזירן די „אויסזידלונג".

19—23 יולי 1942 ז׳ אלול תש"ב
די דייטשע מערדער ליקווידירן דעם לויצקער געטא. במשך פון 2 טעג ווערן אין פאלאנקא־גורקי אויסגעמארדעט העכער 17 טויזנט יידן.

אויגוסט 1942
די מערדער יאָגן זיך נאָך באַהאַלטענע יידן. טייל ווערן אויפן אָרט דערשאָסן, אַנדערע ווערן קאָנצענטרירט אין געטאָ מיטן צוזאָג, אַז זיי וועט מען שוין נישט רירן מער.

ערב ראש־השנה תש״ג.
די דייטשן רינגלען אַרום די פּאָר הונדערט לעבן־געבלי־בענע יידן, פירן זיי אַרויס קיין פּאָלאַנקאַ, ווו זיי ווערן דער־שאָסן.

12 דעצמבער 1942.
די דייטשע מערדער ליקווידירן די לעצטע 500 לויצקער יידן, פאַרשפּאַרטע אין לאַגער פאַר „ספּעציאַליסטן" — אין בנין פון דער יידישער גימנאַזיע (געוועזענער בנין פון פּינטשוקס מיל).

אויפשטאַנד פון די פאַרשפּאַרטע. אומגלייכער קאַמף קעגן די דייטשע און אוקראַינישע באַוואָפנטע רוצחים. געצײילטע יידן ראַטעווען זיך פון טויט. אַלע איבעריקע קומען אום אין לעצטן העראָישן קאַמף.

4 פעברואַר 1944.
**די רויטע אַרמיי באַפרייט לויצק פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. פון די בונקערס און באַהעלטענישן קומען אַרויס ביי 150 יידן. דאָס אַלץ איז פאַרבליבן פון דעם 20 טויזנט־קעפּיקן יידישן ישוב אין לויצק.**

1960.
**אין לויצק לעבן 5 יידן — תושבים פון פאַרמלחמהדיקן ישוב.**

ד״ר מ. גריפעל / ישראל

# לויצקער איכה

יוני 1941. אַ שווערע קאַנאָנאַדע וועקט מיך אויף פון שלאָף. עס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו טאָגן. איך לויף אַרויס אויף דער גאַס און הער דאָס קראַכן פון איינגעפאַלענע הייזער. דאָס באָמבאַרדירן הערט נישט אויף. מלחמה!


ד״ר מ. גריפעל

מען דערציילט וועגן געהרגעטע און שווער פאַרוווּנדעטע אויף ווילקע. מען פירט שוין איינצלנע פאַרוווּנדעטע אין שפּיטאָל. עס ווערט אויף אַ שטיקל צייט רויק. אָבער באַלד קומען ווידער אָן גרופּעס עראָפּלאַנען און מען הערט ווידער דאָס קראַכן פון באָמבעס און איינגעפאַלענע הייזער. מענטשן לויפן אַראָפּ פון די העכערע היי־זער. מען לאָזט איבער האָב־און־גוטס, מען לויפט אין די קעלערס.

מען רופט מיך צו אַ פאַרוווּנדעטן אויף שענקעוויטשע־גאַס. איך גיב אים די ערשטע הילף און שיק אים אָפּ אין יידישן שפּיטאָל. גייענדיק צוריק, ווער איך פּלוצעם אַנידערגעשלײ־דערט פון דעם דרוק פון דער לופט. איך ליג אין מיטן גאַס. אַ פינצטערניש הילט מיך אַרום. איך הייב זיך אויף, אָבער זע נישט גאָרנישט. איך פיל נאָר אַ שטיקנדיקע לופט. דאָס דויערט נישט לאַנג. ס׳ווערט העלער, און פאָר מיינע אויגן — דאָס איינגעפאַלענע הויז נעבן געוועזענעם קינאָ „מאָדערן"; עפּעס אַ האָטעל אין דעם שמאָלן געסעלע; נאַקעטע מענטשן, אין די נאַכטהעמדער בלויז, לויפן אַרויס פון דעם איינגעפאַ־לענעם הויז, און איינער שרייט: „דאָרט ליגט מיין פרוי אונ־טער די בעלקעס... זי לעבט... מענטשן, ראַטעוועט!". מיט שווערער מי האָט מען זי אַפּערגעשלעפּט און אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל.

אַזוי דויערט עס עטלעכע טעג ביז שפּעט אין דער נאַכט. עס ברענט גאַנץ ווילקע, אָנהייבנדיק פון דער וואָיעוואָדזטווע, פון ביידע זייטן באַלעסלאַווע פּרוס ביז צום רוסישן בית־הקברות פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט כמעט ביז ענדע דער שטאָט. ביינאַכט שאַפט דאָס פייער אַ שרעקלעך בילד: דער הימל איז רויט, דאָס פייער פון די ברענענדיקע הילצערנע הייזער באַלייכט די וועגן אין דער ריכטונג פון פּאַרק. מען זעט לויפנדיקע מענטשן מיט קליינע קינדער אויף די הענט, יועלכע זוכן אַן אָרט ווו זיך צו באַהאַלטן.

אין אָוונט פאַלגט די קאַנאָנאַדע זיך איינשטילן. די לויצקער יידן ליגן אין די קעלערס. זעלטן ווער עס קערט זיך אום אין זיין הויז. מען וויל ראַטעווען דאָס לעבן. די צאָל פאַר־וווּנדעטע און טויטע מערט זיך פון טאָג צו טאָג. דער שפּיטאָל איז איבערפילט.

אין שרעק און צרות זענען אַוועק דריי־פיר טעג. נאָר איינצלנע איז געלונגען אין דער צייט צו פאַרלאָזן לויצק און אַנטלויפן אויף מזרח. מען זעט נישט קיין מיליטער. די גאַסן ווי יאַגעלאָנסקע ביי דאָלס אַפּטייק זענען דורכגעשניטן מיט

טיפע גריבער פון דער שווערער באָמבע — דער גרוב ציט זיך פון דאַל׳ס אַפּטייק ביז דער יידישער גימנאַזיע אויף דער צווייטער זייט גאַס אַ 8—10 מעטער טיף. אַזעלכע גריבער זענען אויך דאָ אויף ווילקע.

דער פיינט האָט מיט די באָמבעס געצילט אוממעגלעך צו מאַכן דאָס אַנטלויפן סיי פון דער באַפעלקערונג סיי פון דעם מיליטער.

ס׳איז מיטוואָך 4—5 אַ זייגער נאָכמיטאָג. מען הערט נאָך ווי די שווערע אַרטילעריע שיסט איבער דער שטאָט אויף קראַסנע, און שוין קומען אַריין אין די קעלערס דייטשע סאָל־דאַטן מיט אַ ווילד געשריי: מענער, הערויס!

מען שלעפּט פון זאַלעסקיס קעלער. צווישן אַנדערע — זיינוול לערער. איך באַגעגן ד״ר פּעמאָוו. ער דערציילט מיר, אַז מען האָט זיין זון אַוועקגעשלעפּט אין זאַמעק. גרופּעסווייז שלעפּט מען מענער און מען זאַמלט זיי אויף דעם פּלאַץ נעבן דער קהילה. אָן אַ טראָפּן וואַסער האַלט מען זיי לאַנגע שעהן און מען פירט זיי אָפּ שפּעטער אין טורמע. דאָרט האָבן זיי זייער לעבן פאַרענדיקט.

עס הייבן זיך אָן אָנפאַלן אויף די הייזער. דעם אַדוואָקאַט ד״ר פרעטשעפּ פירט אַ געסטאַפּאָ־אָפיציר, — מער האָבן מיר אים שוין נישט געזען. די פאַרבליבענע יידישע הייזער, ווי אויך מאַגאַזינען ווערן איינצלווייז אונטערגעצונדן דורך ספּע־ציעלע מיליטערישע פאַכלייט. זיי פרעגן דערביי, צי דאָס איז אַ יידיש הויז. אַזוי צינדן זיי אונטער פאַר מיינע אויגן באַקאָביעצקיס מאַגאַזין, אַ הויז אין דעם זייטן־געסל ביי ד״ר בראָנבערגס הויז.

שרעקלעך זעט אויס אונדזער אַמאָל שיינע שטאָט, די גאַסן מיט די איינגעפאַלענע הייזער. נאָר קוימענס סטאַרטשען אַרויס. די גאַסן — לער, מען זעט נישט קיין מענטש. ווי אַ פאַר־לאָזענער בית־הקברות.

די דייטשן פאַרנעמען די שטאָט. נאָך הערט מען אויף מזרח די אַרטילעריע־דונערן. אָבער לאַנגזאַם ווערט שטילער. מיט אַ טרויעריק געמיט קערן מיר זיך צוריק אין די פאַר־בליבענע גאַנצע הייזער. מען שלאָפט נישט. גאַנץ פרי גיי איך אַרויס אין גאַס. מענטשן לויפן אין דער ריכטונג פון דעם ליובאַרט־שלאָס. איך באַמערק אויף די ווענט און אויף די סלופּעס קליינע צעטעלעך מיט דער מעלדונג, אַז אַלע יידן פון 16—60 יאָר זאָלן מיטנעמען מיט זיך לאָפּעטעס און אויף אַ טאָג עסן און קומען אין זאַמעק. ווער ס׳וועט נישט קומען, ווערט דערשאָסן. די מעלדונג איז אין 2 שפּראַכן — דייטש און אוקראַיניש. אָבער מערקווירדיק — קיין שום אונטער־שריפט. דאָס איז מיר פאַרדעכטיק. איך באַשליס שוין אויף דער באַזיליאַנסקער בריק אָפּצושטעלן מערערע יידן, און דער־קלער זיי וואָס איך מיין: „גייט נישט. קערט זיך צוריק אַהיים״. אַ טייל פאָלגן מיר. איך לויף אַריין צו ד״ר שמוליק גאָלדבערג און פרעג אים צי ער ווייסט וועגן דעם. אויך ער וויל גיין מיט אַלע פון זיין הויז. אַלע זענען איבערגעשראָקן. ס׳איז מיר געלונגען צו איבערצייגן, אַז קיינער טראָגט נישט פאַר דער מעלדונג קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ס׳איז אַ פאַסטקע.

דעם זעלבן דאָנערשטיק, 5 אַזייגער אין אָוונט, אומקערנדיק זיך אַהיים פון יידישן שפּיטאָל, באַגעגן איך אַ גאַנצן צוג (100) דייטשע זעלנער אין שטאָל־העלמען און אין פולער באַוואָ־פענונג. ווי צו אַ שווערן קאַמף אויפן פראָנט מאַרשירן זיי אין דער ריכטונג פון דעם ליובאַרט־שלאָס. אַ האַלבע שעה שפּעטער הערט מען יעדע 8—10 מינוט פון דער ריכטונג פון דעם שלאָס אַ סאַלווע פון 25—30 ביקסן. עס ציטערט אויף מיין האַרץ: אַהין זענען געגאַנגען אונדזערע קינדער, אונדזערע ברידער. די סאַלוועס חזרן זיך איבער פּינקטלעך אַלע 10 מינוט. אַזוי דויערט עס ביז האַלב צען אַזייגער אין אָוונט. ווידער גייט אַריבער אַ שרעקלעכע נאַכט. אין דער פרי לויפן די מאַמעס און ווייבער פרעגן אין דער קהילה (דאָס אָרט פון דער דייטשער קאָמאַנדע) ווו עס זענען זייערע מענער און קינ־דער. „אויף אַרבעט האָט מען זיי געשיקט״ — איז דער ענטפער פון די פאַרברעכער.

מיט אַ טאָג שפּעטער באַגעגן איך אַ דייטשן זעלנער אויף דער לאָנקע הינטער דער שטאָט. ער מיינט, אַז איך בין אַ קריסט און רופט אויס מיט אַ צופרידענער שטימע: — געסטערן האָבן וויר דאָרט (ווייזט מיט דער האַנט צום זאַמעק) 3000 יודען ערלעדיגט.

די בעסטע און איידלסטע קינדער — די יוגנט פון אונדזער שטאָט איז אויף אַ שוידערלעכן אופן דערמאָרדעט געוואָרן. ווי ס׳האָבן דאַן קריסטן, וועלכע ווינעןביים זאַמעק, דערציילט, האָבן זיך די קינדער געוואָרפן צו די שטיוול פון די דייטשע באַרבאַרן און געשריגן: שענקט אונדז דאָס לעבן — מיר זענען נאָך יונג און אומשולדיק.

*

ס׳זענען קוים אַריבער עטלעכע טעג, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פייניקן די פאַרבליבענע יידן. די דייטשע אָקופּאַנטן שאַפן אַ יודענראַט. מען רופט אים צום אָבערשטאַבסלייטער, אַ געוויסער לינדנער (פון פאַך אַ פריזירער, ווי ס׳האָט שפּעטער דערציילט דער דייטשער אָבערשטאַבסאַרצט ד״ר רינגעל), און דאָרט האָט



זיך עס אָנגעהויבן מיט פאָלגנדיקע ווערטער: פאָלק ישראל, אללעס ווערט איהר מאַכען וואָס איך באַפעהלע, אַללעס האָבט איהר צו זאַמלען אונד הער צו ברענגען. דיע מינדעסטע פאַרוויגערונג ווירד מיט דעם טאָדט בעצאַהלט, אונד דאַמיט איהר אַללעס גענאַו דורכגעפירט, ווערדעט איהר יעצט געשמיססען...״

נעבן אים איז געשטאַנען איינער פון דער געסטאַפּאָ אין אַ שוואַרץ העמדל. אויף דעם טיש איז געלעגן אַ גומענע בייטש מיט אַן אייזערנעם דראָט. צו דער צייט איז אַריינגעקומען אין צימער פייערטאַג, אויך אַ געסטאַפּאָ־אָפיציר, און ביים אַרויסגיין ווינטשט ער דעם לייטער: — פיעל פאַרגניגען.

יעדער פון די אַנוועזנדיקע לויצקער יידן ווי: ד״ר פּטיק, ד״ר ראָזענקראַנץ, פרישבערג און אַזוי ווייטער (אַחוץ לייזער דאַלן און פרוי האוסמאַן) האָבן געמוזט זיך אַנידערלייגן אויף אַ טאַבורעטע און אויפהייבן דעם מאַנטל איבערן קאָפּ... דערביי האָט דער שוואַרצער שלעגער געפרעגט דעם דייטשן לייטער וויפל קלעפּ ער דאַרף געבן. מיט די פינגער האָט יענער אים געוויזן (3—4—5). איך מיין, אַז דער שוואַרצער שלעגער איז געווען אַן אַסימילירטער דייטשער אוקראַינער.

מיט דער גאַנצער קראַפט האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אייזערנע בייטש איבער דעם רוקן פון די לויצקער יידן און מיט „יודען הערויס״ פאַרענדיקט די שפּיל מיט די פאַרשטייער פון דער לויצקער יידישער באַפעלקערונג.

טאָג־טעגלעך גייען נייע גזירות:

א) יידן טאָרן נישט גיין אויף די טראָטואַרן;

ב) יידן מוזן אַראָפּנעמען פאַר יעדן דייטשן אָפיציר דאָס היטל.

ג) יידן טאָרן נישט קויפן אויפן מאַרק נאָר אין געוויסע שעהן — פון 10—12.

ד) יידן מוזן טראָגן אַ געלע לאַטע אויף דער ברוסט און דעם רוקן.

ה) יידן מוזן אָפּגעבן יעדעס געלט וואָס זיי האָבן.

ביי די פאַרמעגלעכע יידן האָט מען צוגענומען דאָס שענסטע מעבל, פּיאַנינעס, פוטערס און אַלע ווערטפולע זאַכן. מיט לאַסטאַויטאָס האָט מען די זאַכן אָפּגעפירט צו דער באַן.

יעדן טאָג האָט מען גערופן פרישבערגן אָדער אַן אַנדערן פון יודענראַט צום געביטסקאָמיסאַר, און דאָרט האָט מען אַרויסגעגעבן פאַרשידענע באַפעלן. צווישן אַנדערע: צושטעלן ווינטער־וועש, יעגער־העמדער, קאָלדרעס, פוטערס, זילבער, קופּער, מעשענע לייכטער און אַז. וו.

✶

ס׳איז געקומען אַ באַפעל, אַז עס ווערט געשאַפן אַ געטאָ. דעם 12־טן דעצעמבער 1941 האָט מען אַלע פאַרבליבענע יידן אַרויסגעטריבן פון זייערע הייזער. יעדער האָט מיטגענומען אַ קליין פּעקל, נאָר וואָס ער האָט געקאָנט טראָגן. אַ מאַמע, וואָס האָט געהאַט אַ קליין קינד, איז דאָס געווען דאָס פּעקל, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט אין געטאָ.

עס איז געווען אַ שטאַרקע בלאָטע, און אַלטע לייט, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַזוי גיך גיין האָט מען געשלאָגן איבערן רוקן און געפייניקט. קענענדיק די דייטשן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איך האָב אַלס עסטרייכישער אָפיציר האַנט ביי האַנט מיט זיי געקעמפט, האָב איך עס נישט געקאָנט



מען פירט די לייצקער יידן אין געטאָ

באַגרייפן. איז דאָס גאַנצע פאָלק זייערס די לעצטע יאָרן אַזוי פאַרדאָרבן געוואָרן? איך האָב צוזאַמען מיט זיי געלערנט אין בערלין. ווו זענען זייערע אידעלע? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט.

די גזירות האָבן אויף קיין איינציקן טאָג נישט אויפגעהערט. דאָס געטאָ איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן, מ׳האָט נישט געטאָרט פון דאָרט אַרויסגיין.

דער יודענראַט האָט געמוזט צושטעלן יעדן טאָג מענטשן צו פאַרשידענע אַרבעטן. גאַנץ פרי זענען זיי גרופּנווייז דורך יידישער פּאָליציי אַרויסגעפירט געוואָרן און אָוונטצייט זענען זיי צוריקגעקומען. מיט דעם שטיקל ברויט, פון דעם געטאָ אַרויסגעטראָגן, האָבן זיי שווער געאַרבעט דעם גאַנצן טאָג. אַ גרעסערע גרופּע פּאָליציי האָט מען אַוועקגעשיקט קיין מזרח. זיי האָבן זיך שוין נישט צוריקגעקערט. מען האָט געשאַפן אַ לאַגער אויף קראַסנע, פון וועלכע ס׳איז קיינער ביים לעבן נישט געבליבן.

דער הונגער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין געטאָ. אין אַן איינציק צימער זענען געלעגן צו 30—40 מענטשן אויסגעלייגט אויפן באָדן און צוזאַמענגעפרעסט ווי הערינג אין אַ פאַס. דער הונגער, די קעלט און די ענגשאַפט האָבן אַריינגעבראַכט דעם טיפוס. טאָג־טעגלעך פלעגט מען אַרויסלייגן עטלעכע אויסגעדאַרטע טויטע קערפּערס אויף אַ קליינעם וואָגן, וועלכן ס׳האָט געשלעפּט מיט לאַנגזאַמע טריט אַן אויסגעדייוועטע שקאַפּע איבער דער שטאָט צום בית־הקברות.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן אויך די אומגעקומענע רוסישע זעלנער, וועלכע מען פלעגט טאָג־טעגלעך, 9 אַזייגער אינדערפרי, אַרויספירן אויף 2־3 גרויסע מיליטער־וועגן, געשפּאַנט מיט אַ פּאָר געזונטע דייטשע פערד, פון דער טורמע אין דער ריכטונג אויף גנידעוו. ווי קלעצער האָלץ זענען זייערע נאַקעטע

אויסגעדאַרטע קערפּערס געלעגן איינער אויף דעם אַנדערן אין אַ צאָל פון 25—20 אויף איין וואָגן. חדשים־לאַנג, פון דעצעמ־בער 1941 ביז יאַנואַר־פעברואַר 1942, האָט מען געזען זיי פירן. זיי זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער, טיפוס און דיזענ־טעריע, — לויט ס'האָט מיר דערציילט אַ דאָקטאָר, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט.



סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע

אין די ערשטע טעג פון דעם געטאָ, האָבן מיר, לויצקער ייִדן, געגלייבט, אַז אין דעם פאַרמאַכטן, אָפּגעשלאָסענעם אָרט וועלן מיר געפינען רו. אָבער דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אילוזיע.

יעדן טאָג האָט מען פאַרלאַנגט פון דעם יודענראַט פרישע סומעס. אַלצדינג וואָס דער ייִד האָט פאַרמאָגט האָט מען צו־ביסלעכוויז אַרויסגעצויגן. ווען דער ייִד האָט נישט געגעבן, טענהנדיק אַז ער האָט שוין נישט מער, האָט מען אים אַריינ־געוואָרפן אין דעם קעלער פון קלמן גאָלדבערגס הויז, ווו עס איז געווען דער יודענראַט.

פון טאָג צו טאָג זענען די פּנימער פון די פאַרשפּאַרטע ייִדן געוואָרן בלאַסער. אַ געלקייט האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיי. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, הונגעריק, זענען זיי אַרומגעגאַנגען אין די געסלעך פון דעם געטאָ. די פון הונגער געשוואָלענע פיס האָבן מיט גרויסע שווערקייט קוים געטראָגן דעם געשוואָ־לענעם קערפּער. זיי פלעגן זיך אָפט אָפּשטעלן און אַנידערזעצן אויף די שטיינער.

דאָס לעבן איז מיט יעדן טאָג געוואָרן נמאס׳ער. פיל האָבן זיך געווונטשן דעם טויט. „דאָקטער, — האָבן זיי צו מיר געזאָגט — ווען וועט שוין נעמען אַן ענדע? מיר קאָנען שוין נישט מער...“

און דער טאָג איז געקומען: פון אַלע ערטער, ווו די ייִדן האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ, האָט מען זיי אַריינגעשיקט אין געטאָ און געזאַמלט. ביי זלאַצקיס אַפּטייק האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ציווילער דייטש, גערעכנט און געשריבן אויף אַ בלאָק. עפּעס האָט ער געוואָלט וויסן, וואָס עס לאָזט זיך דאָ אויפטאָן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער גרייט עפּעס צו. עס האָט זיך דאַן אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט מיט דייטשער פּינקטלעכקייט אויסגעמאָסטן מיט דעם פאַרברעכערישן אויג וויפל מענטשן מען קאָן אויף דעם פלאַץ פאַרזאַמלען.

דעם זעלבן אָוונט האָט מען אַרויסגעשלעפּט אַ 150 מענטשן הינטער פּאָלאַנקע, און זיי האָבן ביי דער ליכט פון שיינוואַרפער געגראָבן גריבער. „מאַכט גוטע טרעפּלעך אַראָפּצוגיין“ — האָט אויסגערופן דער ס.ס.־מאַן — „דאָס איז פאַר אייערע ווייבער און קינדער, זיי זאָלן קאָנען לייכט אַראָפּגיין“. און איינעם אַ פרימאָרגן, האָט מען אָנגעהויבן טרייבן די מענטשן פון אַלע געסלעך אויף דעם באַזיליאַנסקע פלאַץ ביי דעם יודענראַט. איך האָב זיך דורכגעשלאָגן דורך דער מענטשן־מאַסע און באַ־טראַכט דאָס בילד. די וועגן אויף יאַגעלאָנסקע און אַנדערע געסלעך זענען געווען אַרומגעשטעלט מיט בארוועסע אוקראַאינער אַלע פאַר מעטער מיט ביקסן אין די הענט, און צווישן עטלעכע אוקראַאינער, וועלכע זענען געווען ציוויל אָנגעטאָן, זענען גע־שטאַנען איינצלנע דייטשע עלטערע זעלנער ס.ס.־מענער. עס איז מיר געלונגען צוצוקומען אין דעם פאַרמאַכטן געסל ביים פּוילישן קלויסטער. דאָרט האָט איך געזען אַ 10—15 ס.ס.־אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט צו דער אַקציע, וואָס לינדנער, זייער געביטסלייטער, פירט דורך איבער די אומ־גליקלעכע יידישע פרויען, קינדער און עלטערע לייט. צווישן די ברוינגעקליידטע ס.ס.־אָפיצירן האָבן זיך געלאָזט באַמערקן איינצלנע פרויען.

אויף אַ ברוין שיין פערד איז געריטן דער געביטסלייטער לינדנער אַליין. ער איז שטיין געבליבן ביי דער ענדע פון דער בריק, וועלכע פירט אויף גנידעווו, און צוגעקוקט ווי מען טרייבט די אומגליקלעכע ייִדן. „ווו נעמט מען אַ ביקס — האָב איך אַ קלער געטאָן — זיין קאָפּ אַראָפּצונעמען... איך האָב דאָך אַמאָל באַקומען אַן אויסצייכענונג פאַר שיסן אין ציל“.

אויף בערקאַ־יאָסעלעוויטשאַ־גאַס האָבן צוויי יונגע שוועס־טער זיך געוואָרפן אויף די העלדזער און מיט אַ וויינענדיק קול געשריען: „שוועסטער מיינע, פאַרוואָס זאָלן מיר אַזוי יונג גיין צום טויט?“

עס האָט מיר פאַרשטעלט דעם וועג אַן אוקראַאינער מיט אַ ביקס אין דער האַנט. „קודאַ (וווהין)?“ — האָט ער געפרעגט. כ'האָב אים אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין די אויגן און בין אַריבערגעשפּרונגען איבער זיין פאַלנדיקן קערפּער צווישן דער מענטשן־מאַסע און אַרונטער אונטער דער בריק. איך בין אַריין צו דעם טשעך אַלברעכט אין הויז, ווו מיין פרוי איז געווען. מיין פרוי האָט מיר דערציילט, אַז ווען זי האָט געוואָלט אַריינגיין צו דעם אַלברעכט, האָט מען זי נישט געלאָזט, אָבער די קינדער האָבן געבעטן פאַר איר: ס'איז דאָך רינאַס מאַמע. דאַן האָט איר אַלברעכט אַ זאָג געטאָן: קריך אַרויף אויפן בוידעם.

פון דעם טשעכס בוידעם, ליגנדיק אין היי, האָב איך דורך אַ שפּאַרונע זיך צוגעקוקט וואָס עס קומט דאָ פאָר:

ס'איז געווען שטיל. ס'האָט אַזוי געדויערט אַ שטיקל צייט. פּלוצעם הערן מיר ווילדע געשרייען. דאָס זענען אוקראַאינער מיט דייטשן. שלאָגנדיק מיט די קאָלבעס איבער די קעפּ און רוקנס, האָבן זיי אַרויסגעטריבן די אומגליקלעכע ייִדן פון דעם קאַרטאָפל־פעלד, ווו זיי זענען געלעגן באַהאַלטן. אויף דער בריק זענען געשטאַנען עטלעכע דייטשן און אוקראַאינער. מיט אַ קינד אויף דער האַנט, צודריקנדיק עס צום קערפּער, איז

אַריינגעשפּרונגען אין סטיר וויסאָצקיס טאָכטער; מיט איין האַנט איז זי געשווומען. די דייטשן שיסן צו איר, און מען הערט איר קול: — באַנדיטן, איר וועט מיט אַן ערגערן טויט שטאַרבן!

די ערשטע קוילן טרעפן נישט. מען הערט איר ראַנגלען זיך אין וואַסער, און באַלד זינקט זי אין דער טיפעניש פון דעם סטיר, געטראָפן פון אַ קויל אין קאָפּ.

לאַסטוועגן, אָנגעפילט מיט מענטשן, פאָרן אַלע פּאָר מינוט אַריבער דער בריק אין דער ריכטונג פון פּאָלאָנקע.

עס קומען ווידער אַריין עטלעכע דייטשן און אוקראַינער צום טשעך אַלברעכט אין הויף, נישטערן און פרעגן אויף באַהאַלטענע יידן. דער שוואַרצער הונט, וועלכער איז צוגעבונדן אויף אַ לאַנגער קייט צום שטאַל, וואַרפט זיך אויף זיי און מיט אַ שרעקלעך בילעריי טרייבט ער זיי דורך, די גיבורים.

דעם גאַנצן טאָג פירט מען לאַסטוועגן אָנגעפילטע מיט יידן אויף פּאָלאָנקע צו די צוגעגרייטע גריבער, 150 מעטער לאַנג און 6 מעטער ברייט.

ווי עס האָבן איבערגעגעבן פויערן, האָט מען די יידן געהייסן זיך אויסטאָן, וואַרפן די קליידער אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ, אַראָפּגיין מיט די טרעפּלעך אין די גריבער און זיך אויסלייגן איינער נעבן אַנדערן, אין אַ ריי ווי האָלץ, מיטן פּנים צו דער ערד, און פון אַ האַנט־מאַשין־געווער האָט מען אין זיי אַריינגעשאָסן.

*

קומענדיק אין יאָר 1944 צוריק פון וואַלד, האָבן מיר, עטלעכע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט, אַרומגעגראָבן אַ ראָוו און די ערד אָנגעשיט אין מיטן בית־הקברות אַ 6—8 מעטער די הויך און אַ 12 מעטער די ברייט. שמואל וואַרקאָוויצקי האָט אָנגעשריבן אויף אַ טאָוול: „דאָ ליגן באַגראָבן 18 טויזנט יידן, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן".

*

צוריקקומענדיק פון די וועלדער, האָב איך געטראָפן די שטאָט אַ פאַרברענטע און ליידיקע פון יידן. דאָס איז געווען פרילינג 1944. פּלוצעם האָב איך אין מיטן גאַס באַמערקט די פרוי וואַרקאָוויצקי איינע אַליין. ס'האָט אַ ציטער געטאָן מיין האַרץ. דער פראָנט איז געווען ביי טאָרטשין, און דאָס דונערן פון קאַנאָנען האָט זיך פון צייט צו צייט געלאָזט הערן. זי האָט מיר דערציילט, אַז איין טאָכטער לעבט, און אַז עס זענען דאָ נאָך איינצלנע יידן, וועלכע זענען די טעג געקומען פון די דערפער. איך האָב זיי אויפגעזוכט, און מיר האָבן באַשלאָסן זיך איינצואָרדענען. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך געטראָפן ד"ר קוניצאַ־גאָלדשטיין מיט איר מאַן, שמואל וואַרקאָוויצקי. די ערשטע אַרבעט אונדזערע איז געווען — באַהאַלטן די טויטע, וועלכע זענען נאָך נישט געווען באַגראָבן. אַזוי האָבן מיר געפונען דעם קינדער־דאָקטער בלון, וועלכער איז געלעגן אין זיינע יומטובדיקע קליידער אונטער אַ הויפן מיסט אין אַ הויף אויף קראַסנע. מיר האָבן אים געטאָן זיין רעכט.

דאַן האָבן מיר פון די קעלערס און ביידעמער צונויפגעזאַמלט די ביינער פון די הונגער אויסגעגאַנגענע יידן, געמאַכט עטלעכע קאַסטנס, אין וועלכע מיר האָבן זיי אַריינגעלייגט, און מיט אַ מיליטער־לאַסט־אויטאָ אָפּגעפירט אויף דעם בית־החיים אויף ווילקע. שריט ביי שריט האָבן מיר, 16—17 געראַטעוועטע לויצקער יידן, מאַרשירט דורך דער יאַגעלאָנסקע־גאַס, פירנדיק אונדזערע טויטע צו אייביקער רו. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך צוגעקוקט מיט שטוינונג צו אונדזער מאַרש, וועלכער האָט זיי דערציילט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז נישט אונטערגעגאַנגען. מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן פּסח, און די פרויען ד"ר קוניצאַ־גאָלדשטיין, וואַרקאָוויצקי, שרה גריפעל און אַנדערע האָבן געקנעטן טייג און געבאַקן מצות.

נאָך אַ לענגערע צייט איז די שטאָט באָמבאַרדירט געוואָרן, עס זענען געפאַלן פיל קרבנות. איינע פון די באָמבעס איז אַריינגעפאַלן אין דער קאַטוילישער קאַטעדרע. אַ גרויסער עולם איז דאָרט געווען באַהאַלטן און אַ 60—70 מענטשן זענען געהרגעט געוואָרן.

מען האָט זיך לאַנגזאַם אויך צו דעם צוגעוווינט, אַזוי אַז מען פלעגט שוין נישט אַנטלויפן פון די שטיבער ביים באָמבאַרדירן. עטלעכע וואָכן האָט געדויערט דאָס לעבן אין שרעק. מען האָט געמיינט, אַז די דייטשן קומען ווידער אַריין אין שטאָט. אָבער אין איינעם אַ פרימאָרגן איז אָנגעקומען אַ גרעסערער טראַנספּאָרט מיליטער, מען האָט אָנגעהויבן ווייטער צו טרייבן די דייטשן, און מיר האָבן אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט.

דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן. פון רוסלאַנד זענען געקומען עטלעכע יידן ווי אויף אַ רפואה. עטלעכע אונדזערע משפחות, ווי וואַרקאָוויצקי, קוניצאַ און נאָך אַנדערע האָבן באַשלאָסן צו זוכן אַ וועג צו אַנטלויפן קיין ארץ־ישראל. נישט גרינג איז אונדז אָנגעקומען דער וועג. יאָרנלאַנג האָבן מיר זיך געוואַלגערט אין פרעמדע לענדער, אין פאַרשידענע לאַגערס, ליידנדיק צייטנווייז הונגער אפילו אין די יאָרן פון 1946 ביז 1948.

מיט איינער פון די ערשטע שיפן („מעדעקס", אַ גריכישע שיף) זענען מיר אין דעצעמבער 1948 אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל.

עין־כרם, 23.11.1959

דוד ספאַרד / וואַרשע

# כ׳שליס די אויגן צו

כ׳שליס די אויגן צו און טראַכט:
און אפשר איז עס פּאַרט אַ חלום בלויז,
אַ וויסטער חלום פון דער נאַכט,
און אויף דער וואָר איך שלאָף איצט אין מיין הויז,
די יונגע סאַסנעס וויגן שטיל זיך פאַר מיין טיר,
די אַקאַציעס דרימלען פויל,
און אַלע מיינע נאָענטע רוען נעבן מיר
און אָנען נישט דעם גרויל,
וואָס האָט מיין בייזער חלום צוגעטראַכט פאַר זיי.

איך האַלט די אויגן צו און זע:
ס׳איז פרי פאַרטאָג,
אין שטומער שטוינונג בלאָסן זיך די ווענט,
פון געלעגער גייט דער טאַטע קרעכצנדיק אַראָפּ,
קוקט אַ ווײַלע איין זיך אין מיין שלאָפנדיק געזיכט
און זיינע אויגן ווערן פול מיט ליכט.
אַ שמייכלענדיקער גייט ער צו דאַן צו דער שאַנק,
נעמט אַ ספר שטיל אַרויס —
און באַלד פאַרשפּינט דאָס גאַנצע הויז
זיין טרויעריק געזאַנג.

ערשט דעמאָלט ציטערן לייכט אויף דער מאַמעס ברעמען,
און האַלב אין חלום, האַלב אין וואָר,
זי מורמלט ווערטער אייגציקע נישט קלאָר,
רופט די קינדער אַלע ביי די נעמען,
די טרייע טאָכטער חנה,
וואָס וואָכן-לאַנג איז שוין קיין בריוו פון איר נישטאָ,
דעם זון דעם איינציקן, אַ וויי.
וואָס איז אַרויס לתרבות רעה
און ווערטער אַפּגעריסענע דערמאָנען
די ווייטע ברידער פון טשיקאַגאָ און ראָסיי,
די אייניקלעך די טייערע פון קיסעלין —
און אין אירע גרויע האָר
צינדן זיך די ערשטע שטראַלן פון באַגין.

איך האַלט די אויגן צו און טראַכט:
און אפשר איז עס פּאַרט אַ חלום נאָר,
אַ וויסטער חלום פון דער נאַכט?

שמואל שאַרגעל / פתח תקוה

# פון כעלם ביז לויצק

צום אָנדענק פון מיין יינגסטן ברודער אפרים און זיין פרוי מוסיע געלמאַן פון לויצק, וועלכע זענען אומגעקומען בעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

ווי אַן איוב־בשורה האָט זיך צעטראָגן די ידיעה, אַז לויטן אָפּמאַך ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו וועט די נייע גרענעץ צווישן נאַצי־דייטשלאַנד און די סאָוויעטן זיין די ביי די טייכן פּיזע, נאַרעוו, בוג.

די כעלעמער יידן און די יידן פון אַנדערע שטעט, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין כעלם, זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ שווערן פחד־געפיל פאַר דעם אומבאַוווּסטן און אומבאַשטימטן מאָרגן. אין די גאַסן האָבן זיך געזאַמלט הונדערטער יידן מיט אומרויקע פּנימער און פרעגנדיקע בליקן: צי איז עס אמת? און וואָס וועט ווייטער זיין? די שטאָט־אָנפירונג, וואָס איז דעמאָלט געווען אין די הענט פון יידישע קאָמוניסטן, האָט געפּרוווט באַרויקן; זיי האָבן איינגעאָרדנט אַ מיטינג ביים ראָטהויז און פאַרזיכערט, אַז די רויטע אַרמיי וועט שוין קיינמאָל כעלם נישט פאַרלאָזן. אָבער טראָץ די פאַרזיכערונגען, איז די אומרויקייט געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. צו דער העכסטער שפּאַנונג איז געקומען אין אַ שבת־צונאַכטס סוף סעפּטעמבער 1939. אַ לאַסט־אויטאָ מיט רויטאַרמייער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים צייטווייליקן דענקמאָל פאַר די סאָוויעטישע אָפיצירן, וועלכע זענען געפאַלן ביים אַריינמאַרשירן אין כעלם. די רויטאַרמייער האָבן פאַרטריבן די שטייענדיקע יידן און באַפוילן זיי אַהיימגיין שלאָפן.

אָבער קיינער איז שוין יענע נאַכט נישט געשלאָפן; מען איז געשטאַנען פאַרטייעט אין די הינטערגעסלעך און אין די הייף, און אָפּגעוואַרט ביז די רויטאַרמייער זענען אַוועקגעפאָרן, מיטנעמנדיק מיט זיך די אויסגעגראָבענע טויטע אָפיצירן.

אַלע האָבן זיך צוריק אַ לאָז־געטאָן צו דער הויפּטגאַס, אָבער שוין מיט אַ פעסטן באַוווּסטזיין, אַז מען דאַרף שוין אַהיימגיין — נישט שלאָפן — נאָר פּאַקן די פּעקלעך און זיך לאָזן אין וועג אַריין אויף מזרח — ווער קיין לובאָמל, ווער קיין קאָוועל און ווער קיין לויצק.

נאָך איידער ס׳האָט אָנגעהויבן גרויען אויף טאָג, האָט מען שוין געזען ווי טויזנטער מענטשן פאַרלאָזן די שטאָט, ווער צופוס און ווער אויף וועגעלעך. אַ סך האָבן געפירט מיט זיך די קליינע קינדער אין שפּאַציר־וועגעלעך. אַלץ האָט געצויגן אויף מזרח. זיי זענען אַרויסבאַגלייט געוואָרן פון טויזנטער בליקן און ווונטשן פון עלטערן און קרובים, וואָס האָבן קיין כוח און קיין מוט נישט געהאַט צו פאַרלאָזן די איינגעזעסענע היימען.

צווישן די טויזנטער, וואָס האָבן אין יענעם גרויען פאַרטאָג פאַרלאָזט די שטאָט, האָבן זיך אויך געפונען איך מיט מיין פרוי און אונדזערע טעכטערלעך, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע אייגענע און חברים. אין קעגנזאַץ צו אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן נישט געוווּסט וווּהין זיי גייען, האָבן מיר געהאַט אַ באַשטימטן אַדרעס — ל ו י צ ק. דאָרט האָט מיין ברודער אפרים, דינענדיק אין דער פּוילישער אַרמיי, זיך באַקאַנט מיט דער טאָכטער פון יצחק געלמאַן אויף זאולעק קרענטי 3.

דער וועג קיין לויצק האָט געפירט דורך סווערזש, לובאָמל, קאָוועל, די וועגן זענען פול געווען מיט אָפּטרעטנדיק סאָוויעטיש מיליטער, און מען האָט געמוזט פאָרן מיט אומוועגן און סטעזשקעס. דערצו האָט דעם גאַנצן נאָכמיטאָג געהאַלטן אין איין רעגענען און די בלאָטע איז געווען נישט צום באַשרייבן. אויסגעמאַטערטע זענען מיר אין אָט דעם רעגנדיקן פאַרנאַכט אַריבער דעם בוג און אַריין אין איינעם פון די דאָרפישע הייזלעך. פאַר אַ טייערן פּרייז האָבן מיר זיך קוים איינגעבעטן, אַז מען זאָל אונדז אַריינלאָזן כאָטש איבערנעכטיקן.

נאָך עטלעכע טעג וואַנדערונג זענען מיר אָנגעקומען קיין לובאָמל. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַלע בתי־מדרשים און שולן פאַרפולט מיט היימלאָזע; אַ סך האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און גערטנדלעך. עטלעכע נעכט זענען מיר, זעכצן פּערזאָן, געשלאָפן צוזאַמען אויף אַן ערדענער פּאָדלאָגע אין אַ קליין אַלקערל פון אַן אָרעמער יידישער שטוב.

אין קאָוועל איז נאָך ערגער געווען. דאָ האָט די גרויסע אונטערערדישע באַן־סטאַציע נישט געקאָנט שוין אויפנעמען די אַלע פּליטים. ס׳איז אפילו נישט געווען וווּ איבערצושטיין די נאַכט.

אין אַ פראָסטיקן האַרבסט־פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין לויצק. די באַן־סטאַציע אין די אַרומיקע גאַסן זענען געווען פיין אויפגערוימט און צוגעקערט. אין דער שטאָט האָט זיך אָנגעזען אַ גרעסערע באַוועגונג, אַ סימן, אַז ס׳זענען דאָ אַ סך פרעמדע. אָבער דער גרעסטער טייל מענטשן וואָס מיר האָבן באַגעגנט האָבן אויסגעזען אויסגערוטע, אָפּגעוואַשענע און מער ווייניק מענטשלעך אָנגעטאָן — אָן די פּעק און רוקזעק.

מיר האָבן זיך דערפרעגט צו דער פאַמיליע געלמאַן, וואָס האָט געוווינט אין אַ קליין נידעריק הייזל נעבן דער אַלטער לויצקער שול. האַרציקע פריינדלעכע מענטשן זענען פון דאָרט אַרויסגעקומען און אונדז אַריינגעפירט אין די ענגע קליינע צימערלעך, וועלכע האָבן אונדז אויסגעזען ווי די שענסטע און

גרעסטע פּאַלאַצן. די פֿרייד אונדזערע פֿון טרעפֿן דעם ברודער אַ צוריקגעקומענעם פֿון פּוילישן פֿראָנט אַ געזונטן און גאַנצן — איז געווען זייער גרויס. די וואַרעמע אויפֿנאַמע פֿון דער משפּחה געלמאַן, און זייער פֿאָרשלאַג אָפּצוגעבן איין צימערל מיט דעם גאַנצן מעבל צו אונדזער דיספּאָזיציע האָט אונדז ממש גערירט.

דאָ, אין דער שטוב פֿון לויצקער בעל־מלאכה און פֿאָלקסמענטש, האָט זיך געפֿילט אַ שלווהדיקע רויקייט און אַ טיפֿער גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן. דאָ האָט מען נישט געפֿיבערט און געציטערט איבער דער אָנקומענדיקער דעוואַלואַציע פֿון געלט — ווייל ס׳איז קיין געלט נישט געווען; דאָ האָט מען נישט שפּעקולירט מיט די אָנגעקויפֿטע סחורות פֿון די „אָטשערעדן" — דאָ האָט מען גערעדט וועגן זוכן אַרבעט, און דער ראש־המשפּחה איז געזעסן און געאַרבעט. אין אַזאַ אַטמאָספֿערע האָט מען זיך נישט געקאָנט פֿילן ווי אַ היימלאָזער, נאָר ווי אַ גלייכער מיט גלייכע, און כ׳האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן געפֿינען אַרבעט. באַלד צומאָרגנס איז דער גאַסטפֿריינדלעכער בעל־הבית אַוועק מיטן מעלדונגס־בוך אין שטאָטישן קאָמיסאַריאַט און אונדז איינגעמאָלדן.

דאָס האָט דערמעגלעכט אָנגענומען צו ווערן אויף אַרבעט. איך האָב גאַנץ שנעל געקריגן אַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ רעסטאָראַן. דער פֿאַרוואַלטער איז געווען אַ לויצקער ייִד, שמואל שיפּמאַן, אַ זייער סימפּאַטישער מענטש. עס זענען דאַן געווען טעטיק אַ 10 אָדער 11 אַזעלכע רעסטאָראַנען, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן פֿאַר די טויזנטער היימלאָזע מיטאָגן, פֿרישטיקן און אָוונט־ברויטן פֿאַר אַ גאַנץ ביליקן פּרייז.

אין שטאָט זענען געווען טעטיק אַלע פֿאָלקס־שולן, אָוונטשולן און קינדער־גערטנער, אין וועלכע עס זענען אויך אויפֿגענומען געוואָרן קינדער פֿון די פּליטים. אויך מיין טעכטערל איז אויפֿגענומען געוואָרן אין איינער פֿון די קינדער־היימען. אומעטום האָבן די קינדערלעך געקריגן אַ וואַרעמען פֿרישטיק.

די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען האָבן געפֿירט אַ לעבהאַפֿטע טעטיקייט; ביי דער אַרבעטערשאַפֿט און אָרעמקייט האָט געהערשט אַן אויפֿגעהייטערטע שטימונג. און הגם דער ווינטער איז צוגעפֿאַלן מיט שטאַרקע פֿרעסט און קעלטן, איז אין די אָרעמע נישט באַהייצטע שטיבער געווען וואַרעם פֿון גלויבן און האָפֿן, אַז מיט דער צייט וועט מען באַקומען באַהייצונג וויפֿיל מען וועט נאָר דאַרפֿן, אַז בכלל וועט מען באַקומען בעסערע וווינונגען — און ס׳וועט ווערן לייכטער צו לעבן.

אַ זייער געדריקטע שטימונג האָט געהערשט אין די הייזער פֿון די געוועזענע סוחרים און קרעמער. קודם זענען אַלע סוחרים אויפֿגעצוווּנגען געוואָרן אויסצופֿאַרקויפֿן זייערע סחורות ביזן לעצטן צענטימעטער; און דאַן האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע וועגן מאָרגן: צו וואָס וועט מען זיך נעמען? וווהין זאָל מען זיך אַהינטאָן? ווו זאָל מען אַנטרינען, איידער די מאַכט־אָרגאַנען וועלן זיך נעמען בודק־זיין יעדן איינעמס סאָציאַלע אָפּשטאַמונג? און אויב דער גורל וועט שוינען און מען וועט שוין בלייבן אין לויצק אין דער אייגענער דירה — איז פֿון וואָס וועט מען לעבן?

ווי שאָטנס האָבן די ייִדן זיך אַרומגעשלייכט אין זייערע פֿאַרשלאָסענע היימען מיט די פֿאַרהאָנגענע פֿענצטער. ביי יעדן קלאַפּ אין טיר האָט אויפֿגעציטערט דאָס האַרץ. עס איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז דער פּוילישער זלאָטע איז געוואָרן שטאַרק חשוב. אויפֿקויפֿערס האָבן געצאָלט פֿאַר 1 זלאָטע — 1 רובל מיט 40 קאָפּיקעס. מען האָט פֿאַרשפּרייט ידיעות, אַז די ענגלענדער זענען פֿאַראינטערעסירט אינעם אויפֿקויף פֿון די פּוילישע זלאָטעס, און אַז דער, וואָס וועט פֿאַרמאָגן אַ סך פּוילישע זלאָטעס, וועט אפֿשר אויך זוכה זיין אַרויסגעפֿאָדערט צו ווערן קיין ענגלאַנד. און אַזוי איז יעדן טאָג דער זלאָטע געשטיגן אַלץ העכער און העכער, ביז מען האָט שוין געצאָלט פֿאַר אים 1 רובל מיט 85 קאָפּיקעס. מענטשן האָבן אויסגעביטן זייער גאַנץ פֿאַרמעגן אויף פּוילישע זלאָטעס. אָבער אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן איז אין אַלע פּאָסטאַמטן, בענק און רעסטאָראַנען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אַ מעלדונג, אַז דער פּוילישער זלאָטע איז געוואָרן אומגילטיק! אַ סך לויצקער ייִדישע משפּחות זענען אינגאַנצן רויִנירט געוואָרן נישט געהאַט אפֿילו פֿאַר וואָס צו קויפֿן אַ ברויט. אָבער לויצקער ייִדן האָבן נישט פֿאַרצווייפֿלט. טייל האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף פּאָסטנס ביי מלוכהשע אַנשטאַלטן און אין שטאָטישע אונטערנעמונגען; אַנדערע האָבן געשאַפֿן אַרטעלן. ייִדן האָבן אויך פֿאַרנומען פּאָסטנס פֿון בוכהאַלטערס און דירעקטאָרן.

די שווערע אויפֿטרייסלונג האָט זיך אָנגעהויבן איינשטילן, אָבער נישט אויף לאַנג. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע פֿון אַרויסשיקן די געוועזענע רייכע ייִדן. נאָך האַלבער נאַכט, ווען די לויצקער גאַסן זענען שוין געווען אָפּגעליידיקט פֿון מענטשן, האָט זיך באַוויזן אַ לאַסט־אויטאָ וואָס איז גאַנץ שטיל אַרומגעפֿאָרן פֿון טיר צו טיר. צומאָרגנס האָט מען איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן אויפֿן אויער, אַז דעם און דעם האָט מען די נאַכט אַרויסגעפֿירט...

אַ ציטער און אַן אויפֿשוידער איז אַדורך איבער די לייבער פֿון אַ סך לויצקער ייִדן. איידער נאָך מ׳האָט באַוויזן זיך איינצושטילן און באַרויקן, האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע פֿון כאַפּן די איינצלנע מענטשן פֿון צווישן די היימלאָזע־פּליטים, די אַזוי־גערופֿענע „כאָלאָסטיאַקעס".

עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע פֿון ווערבירן אַרבעטער פֿאַר דער סאָוויעטישער אינדוסטריע און אויף וואַלד־אַרבעט. פֿיל פֿון די היימלאָזע האָבן זיך ווערבירט און אַוועקגעפֿאָרן פֿון לויצק. די איבעריקע באַמיִען זיך איינצוּאָרדענען אויף אַרבעט און אַרויסצובאַקומען סאָוויעטישע פּעסער. טייל פֿאָרן אפֿילו אַרויס פֿון לויצק אין אַנדערע שטעטלעך פֿון דער אומגעגענט, כדי לייכטער זיך איינצוּאָרדענען און צו באַקומען דעם פּאַס.

ס׳איז אַוועק דער שווערער ווינטער מיט די פֿרעסט און קעלטן, מיט דעם ציטער און פּחד. פֿרילינגס־ווינטלעך, זאָרגלאָזע און פֿריילעכע, האָבן אָפּגעפֿרישט די פֿאַרמרהשחורהטע פּנימער. די לויצקער ייִדן האָבן זיך ענערגיש גענומען צו אָרגאַניזירן די מצה־בעקערייען. מען קאָן מיט זיכערקייט פֿעסטשטעלן, אַז ס׳איז נישט געווען קיין איין ייִדישע שטוב אין לויצק, וואָס זאָל נישט האָבן איינגעלאַדן צו די סדר־נעכט געסט פֿון צווישן די ייִדישע פּליטים.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער 1־טער מאַי און די גאַסן פֿון לויצק זענען אויסגעצירט געוואָרן מיט אַ סך ליכט און פּלאַקאַטן. אויך די אָרעמע ייִדישע געסלעך האָבן, אפֿשר צום ערשטן מאָל, באַקומען אַ יומטובדיקן אויסזען. די רעסטאָראַנען האָבן באַקומען אַן אָפּיציעלן באַפֿעל צוצוגרייטן אַ סך פֿאַרשידנאַרטיקע יומטובדיקע מאכלים און געטראַנקען.

אין דער מאַי־דעמאָנסטראַציע האָבן זיך באַטייליקט אַ סך טויזנטער ייִדן, פּאָליאַקן, רוסן און אוקראַאינער. אַלע זענען גע־

גאַנגען האַנט ביי האַנט און געזונגען רעוואָלוציאָנערע און אַרבעטער־לידער.

אָבער גאָר שנעל זענען פאַרשוווּנדן די יומטובדיקע שטימונגען און ווידער האָבן די פּנימער זיך איבערגעצויגן מיט אַ גרויען וואָכעדיקן פראַגע־צייכן. עפּעס אַן אומרויִקייט האָט געשוועבט אין דער לופטן.

ס'איז אָנגעקומען דער באַרימטער יוני־טאָג פון יאָר 1940. די הערשער זענען אַרומגעלאָפן פון שטוב צו שטוב, פון גאַס צו גאַס, דורכגענישטערט יעדן פרייען פלאַץ כדי צו כאַפּן די פּליטים און אָפּשיקן זיי אין די שוין פון פריער פאַרגרייטע עשאַלאָנען — קיין סיביר. פיל לויצקער יידישע משפחות האָבן אויסבאַהאַלטן אין זייערע היימען די היימלאָזע יידן. גאַנץ לויצק, אַלט און יונג, האָט מיט טיפן מיטגעפיל און טרויעריק אַרויסבאַגלייט די געכאַפּטע היימלאָזע יידן. א סך לויצקער יידן האָבן די אַרויסגעשיקטע מיטגעגעבן פּעקלעך שפּייז און מלבושים.

אויך מיך האָט דער גורל נישט אויסגעמיטן. ווען איך בין אין יענעם פרימאָרגן אַריין צום נאַטשאַלניק פון דער שטאָטישער באַשפּייזונג־צענטראַלע צו זוכן ביי אים שוץ און הילף קעגן דער פאַרשיקונג — האָט ער מיך אַריינגעפירט צו זיך אין קאַבינעט, ווו עס האָבן זיך שוין געהאַט אויפגעזאַמלט נאָך יידן פון מיינס גלייכן, און דערקלערט, אַז אָט באַלד וועט ער מיט אונדז אַריבערגיין אין דער שטאָטישער מיליציע און אויספּועלן פאַר אונדז פּאַספּאָרטן, וואָס זאָלן זיין גילטיק אין לויצק. אָבער געטאָן האָט ער דאָס פאַרקערטע: ער האָט גערופן נ.ק.וו.ד. און אונדז אַלעמען געהייסן אַראָפּפירן צו דער באַן־סטאַציע. אַ סך זענען געווען דערשטוינט פון אַזאַ האַנדלונג. טייל האָבן זיך אפילו צעוויינט. ביי דער סטאַציע פאַרן אַריינלאָדן אונדז אין די וואַגאָנעס, האָב איך אינטערוועניִרט ביי אַ העכערן באַאַמטן פון נ.ק.וו.ד. און געפאָדערט, אַז ער זאָל אונדז, דער גרופּע באַאַמטע און בוכהאַלטערס, דערלויבן מיטצונעמען די משפחות און די זאַכן.

דער ענטפער איז געווען אַ פּאָזיטיווער. מען האָט אונדז צוריק אַרויפגעזעצט אויף דעם זעלבן לאַסט־אויטאָ און מיט אַ פאַרגרעסערטער וואַך זענען מיר צוריק געפאָרן אין שטאָט אויפצוקלויבן אונדזערע משפחות. ביי יעדער שטוב האָבן אונדז אַרומגערינגלט צענדליקער לויצקער יידן מיט זייערע משפחות, ווייבער און קינדער. יעדער האָט צוגעהאָלפן אַרויפדערלאַנגען אויף דעם לאַסט־אויטאָ. טייל זענען געלאָפן אין נאָענטסטן געוועלבל קויפן עסנוואַרג — מיטצוגעבן די געכאַפּטע היימלאָזע יידן. טייל האָבן געפרעגט צי מען נייטיקט זיך נישט אין עפּעס געלט אויפן וועג. איין עלטערער ייד האָט אונדז געטרייסט, אַז מיר זאָלן נישט זיין דערשלאָגן, און דערביי האָט ער צוגעגעבן: ווער ווייסט צי מיר וועלן אייך נישט דאַרפן מקנא זיין...

און ווען אין ווייטן סיביר זענען דערגאַנגען צו מיר די אָפּגעריסענע קלאַנגען וועגן שוידערלעכן לופט־אָנגריף, וואָס די היטלער־מערדער האָבן איינגעאָרדנט אויף דער גאַסטפריינדלעכער שטאָט לויצק — האָט דאָס מיך שטאַרק אויפגעטרייסלט. וואָכן־לאַנג האָב איך זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען און געטרויערט נאָך מיין צווייטער היימשטאָט — ל ו י צ ק.

1959

**וואָיעוואָדישע היסטאָרישע קאָמיסיע**
**ביאַליסטאָק, 27־טן יאַנואַר 1946**

# אַן אוקראַינער דערציילט

פּראָטאָקאָלירט דורך רפאל נאַכאָוויטש, געבוירן און געלעבט אין בריסק; פאַרן אָקופּירן בריסק דורך די דייטשן, אַריינגעטראָטן אין דער סאָוויעטישער אַרמיי. געקעמפט אויפן 3־טן ווייסרוסישן פראָנט, פאַרוווּנדעט געוואָרן ביי קעניגסבערג. אין שפּיטאָל אויף אוראַל, אין ניזשני־טאַגיל, זיך געטראָפן מיט אַן אוקראַינער פון לויצקער קאַנט, וועלכער האָט איבערגעגעבן אָט וואָס:

אין לויצקער קאַנט, ראַיאָן סענקעוויטשוווקאָ, אין אַ נאָענטן דאָרף, ווו עס האָט געוווינט וואַסיל פּיאָדאַראָוויטש קאָוואַלטשוק, האָבן די היטלעריסטן, אַריינקומענדיק, צוגענומען ביי די די יידן די פּי און אַוועקגעטריבן אין ראַיאָן, נאָר די יידן אַליין דערווייל נישט געטשעפּעט. די יידן האָבן געאַרבעט און געוווינט יעדער אויף זיין אָרט.

אין אַ צייט אַרום האָט מען גענומען זיי צונויפקלייבן פון די דערפער און פון אומעטום אין ראַיאָן אַריין. דאָרט האָט מען זיי אָנגעגנייט אַ געלע לאַטע מיט אַ „מגן־דוד” און איינגעאָרדנט פאַר זיי לאַגערן און אַ „געטאָ” — גאַסן אַרומגעצוימט מיט דראָט. אין די עקן גאַסן איז געשטאַנען אַ וואַך, וועלכע האָט קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט פון דאָרטן און קיין פּויערים נישט אַריינגעלאָזט אַהין. ס'איז געווען פאַרזאָגט, אַז קיינער זאָל נישט האָבן קיין פאַרקער מיט די יידן, נישט קויפן ביי זיי און נישט פאַרקויפן זיי, און נישט אַריינגעבן זיי קיין שפּייז.

זיי האָבן אַרויסגעגעבן פאַר די יידן צו 25 דעקאָ ברויט אויף אַ מענטשן. נאָר מיר און אַנדערע איינוווינער האָבן נישט געקוקט אויף דעם. און ביינאַכט פלעגן מיר פאַר זיי אַריינפירן אַלץ וואָס מיר האָבן געקאָנט: ברויט, מעל, גרויפּן און פאַרשידענע פּראָדוקטן. ביי אַ סך יידן איז געווען פאַרשידענע מאַנופאַקטור־סחורות און אַנדערע זאַכן, קליידער און פאַרשידענע ווערט־זאַכן, אַזוי, אַז די יידן האָבן נאָך געהאַט פאַר וואָס צו

קויפן, און אין די פאַרשלאָסענע גאַסן איז נאָך אויך נישט געווען אַזוי שלעכט.

אין אַ צייט אַרום האָבן די דייטשע היטלעריסטן אָנגעהויבן אַרויסצופירן די יידן פון די לאַגערן און פון די „געטאָ־גאַסן" און אַוועקגעפירט זיי ווייטער הינטער לויצק. דאָרט האָבן זיי אָנגעהויבן אומצוברענגען די יידן פון דער גאַנצער אומגעגנט, וועלכע זענען געווען אין די לאַגערן און אין די געטאָ־גאַסן אויף אַזאַ אופן: אָנגעזעצט פולע אויטאָ־מאַשינעס מיט די אומשולדיקע יידן נעבעך און זיי צוגעפירט צו דעם גרוב. ער איז געווען דריי מעטער די טיף און זייער לאַנג און ברייט. ביי דעם גרוב האָבן זיי אויסגעטאָן די יידן אינגאַנצן נאַקעט, אפילו אָן אונטערוועש, נאָכדעם אַריינגענומען די יידן אין גרוב אַריין און אויסגעלייגט מיטן פנים אַראָפּ. און אַז זי איז שוין געווען פול פאַרלייגט, האָט דער היטלעריסטישער תלין, וועלכער איז געשטאַנען אין גרוב אָנגעטאָן אין גומענע שטיוול, גומענע הענטשקעס און אַ גומענעם פאַרטעך, און האָט געטראָטן אויף די קערפּערס, געשאָסן פון אויטאָמאַט אין די ליגנדיקע יידן אין דער הינטערשטער טייל פון קאָפּ. אַז די גאַנצע ריי איז שוין געווען צעשאָסן, האָט ער גענומען פאַרלייגן אויף דער ריי נאָך אַ ריי יידן און אויפן זעלבן אופן זיי אומגעבראַכט. און אַזוי אַ דריטע און אַ פערטע ריי, ביז דער גאַנצער גרוב איז געוואָרן אָנגעפילט. דאַן האָבן זיי פאַרשאָטן דעם גרוב און אין עטלעכע טעג אַרום, אַז די ערד פון דעם גרוב האָט זיך אַראָפּגעזעצט, האָבן זיי דעם גרוב פאַרגאָסן מיט צעמענט און אָנגעשריבן אויף אַ ברעטל וויפל מענטשן אין אים געפינען זיך.

ביים אַריינגיין אין גרוב צו דער שחיטה האָט זיך יעדער מענטש אונטערגעשריבן זיין נאָמען און פאַמיליע, כדי זיי זאָלן וויסן וויפיל זיי האָבן שוין אומגעבראַכט און וויפיל עס געפינען זיך נאָך לעבעדיקע, כדי אויפצוזוכן זיי, אפשר איז עמעצער אַנטלאָפן אָדער זיך באַהאַלטן. זיי האָבן אומגעבראַכט אַלטע און יונגע, פרויען און קינדער, אַלע צוזאַמען אין דעם זעלבן גרוב. אַזוי ווי זיי האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, פריינד למשל, אָדער באַקאַנטע, אַזוי זענען זיי נעבעך אומשולדיקע אומגעקומען צוזאַמען.

גיין אַהין צוצוקוקן די סצענע איז קיינער נישט געגאַנגען, און צוגעזען די סצענע ווי אַזוי עס שפּילט זיך אָפּ, האָב איך און אַנדערע פאַרבייגייענדיק. איך בין געווען אַזוי צעטראָגן, אַז איך האָב טעג נישט געקאָנט עסן. און איך האָב נישט געקאָנט אַליין גלייבן מיינע אייגענע אויגן, וועלכע האָבן צוגעזען די טרויעריקע אומברחמנותדיקע סצענע, אַז אַזוינס קאָן פאָרקומען!

דאָרטן, הינטער לויצק — דערציילט ער — האָבן זיי אומגעבראַכט 17 טויזנט יידן אין עטלעכע גריבער אויף אַזאַ אופן.

דער זעלבער דערציילט:

אין דער צייט ווען מען האָט גענומען אַרויספירן די יידן פון די לאַגערן און די געטאָ־גאַסן, האָט זיך איינגעגעבן איינער אַ יידיש מיידל, גראָד פון מיינע באַקאַנטע יידן, צו אַנטלויפן פון לאַגער. זי איז אַנטלאָפן גייענדיק מיט די ביכער אונטערן האַנט. זי איז געווען אַ געלערנטע, אַ גימנאַזיסטקע, זייער אַ שיינע. נו, איך זאָג אייך אַ שיינהייט פון דער וועלט! ווען דער היטלעריסט האָט זי געזען דורכגייענדיק, האָט ער אַ געשריי געטאָן: „האַלט! קאָם היר". איז זי צו אים צוגעגאַנגען. ער האָט זי געפרעגט וווהין זי גייט. זי האָט אים געענטפערט, אַז אין שול. איז ער נישט פויל געווען צו גיין אין שול און פרעגן צי אַזעלכע לערנט דאָרט. ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי לערנט זיך נישט אין יענער שול, האָט ער זי פאַרנומען. דאָס מיידל האָט געשריגן און יאָמערלעך געוויינט. זי האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, און אַלע געבעטן אירע, ער זאָל זי אָפּלאָזן, האָבן נישט געהאָלפן. ער האָט זי אַרויפגעזעצט אויף אַן אויטאָ און מען האָט זי אויך אָפּגעפירט אַהין.

און נאָך פיל פאַלן זענען געווען מיט יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין סקירדעס היי, אין גריבער און אין אַנדערע ערטער, אויסגעדאַרטע, אויסגעמאָגערטע און אויסגעמאַטערטע, און ווען זיי זענען אַריינגעפאַלן אין די היטלעריסטישע הענט, זענען זיי זיך מיט זיי מערדערלעך באַגאַנגען און אויך אָפּגעשיקט אין די לאַגערן.

די יידן האָבן נישט געקאָנט זיך אויסבאַהאַלטן ביי די פויערים, ווייל עס איז געווען זייער שטרענג פאַרבאָטן, און עס איז געווען אַ באַפעל, אַז ביי וועמען עס וועט זיך געפינען אַ ייד, וועט יענער ליידן און אויך זייןווירטשאַפט. און אַזוי איז טאַקע געווען. ביי איינעם פון די פויערים האָט זיך געפונען אַ ייד, האָבן די היטלעריסטן אים אַרויסגעפירט און געשאָסן, און זיין גאַנצע ווירטשאַפט פאַרברענט.

ער דערציילט ווייטער:

ווען עמעצער פון זיינע באַקאַנטע יידן (ער האָט זיי אָנגערופן מיט די נעמען און פאַמיליעס), וועלכע זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער זיך אויסצובאַהאַלטן פון די היטלעריסטישע מערדערס, איז געקומען ביי נאַכט, ווייל ס'האָט זיי אויסגעפעלט פראָדוקטן צום עסן, האָט אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, האָט ער זיך באַלד נישט אָנגערופן, ווייל ער האָט געמיינט, אַז דאָס זענען היטלעריסטן אָדער פאָליאַקן. ערשט ווען דער ייד האָט זיך אָנגערופן: „וואַסיל, עפן", האָט ער אים דערקענט אין קול און אים באַלד געעפנט. אַריינקומענדיק אין שטוב בלייך און פאַרחושכט פון שרעק, האָט ער נישט געקאָנט רעדן. ווען ער האָט אים אַ פרעג געטאָן צי ער וויל עסן, האָט דער ייד קוים געענטפערט: „פרעג נישט, גיב וואָס דו האָסט". מיין פרוי האָט אים באַלד געגעבן צו עסן און אָנגעלייגט אין זעקל ברויט און פראָדוקטן, פאַר אים און פאַר די איבעריקע יידן, וועלכע זענען געווען אין די וועלדער אויסבאַהאַלטן.

דער ייד איז נאָכדעם אַוועק פון אים, ווייל ער האָט געזאָגט: „איך וויל נישט דו זאָלסט צוליב מיר ליידן, דעריבער גיי איך אַוועק פריער".

אויף מיין פראַגע, ווי אַזוי זענען די היטלעריסטן זיך באַגאַנגען מיט די נישט־יידישע איינוווינער, האָט ער מיר געענטפערט, אַז אויך שלעכט.

און ער האָט גענומען דערציילן:

ווען די דייטשן זענען אַריין צו אונדז און האָבן גענומען איינפירן זייערע אָרדענונגען, האָבן זיי דאָס מיליטער אָפּגעפירט צום פראָנט, און ביי אונדז אין די ראַיאָנען און אין די דערפער האָבן זיי גענומען מאַכן פּאָליציי פון די אייגענע איינוווינער. דאַן האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז יעדער ראַיאָן דאַרף געבן אַ געוויסע צאָל פּאָליציי. צום געגעבענעם טערמין, ווען די „פּאָליציאַנטן" האָבן זיך גענדאַרפט יאַווען אין ראַיאָן, איז קיינער נישט געקומען, ווייל מען האָט נישט געוואָלט גיין אין דער פּאָליציי. דאַן האָבן די דייטשן געגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז פון

יעדער פאַמיליע, ווו עס זענען דאָ דריי דערוואַקסענע מענער, מוז איינער גיין אין פּאָליציי. דאַן זענען זיי אַן חשק אַוועקגעגאַנגען אין ראַיאָן אין פּאָליציי און אין אַנדערע ערטער אויף פּאָסטנס.

נישט לאַנג האָבן אָבער די געצוווּנגענע דאָרפישע פּאָליציאַנטן געדינט דער דייטשער מאַכט, און אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען די דייטשן האָבן זיך אויפגעכאַפּט, האָבן זיי קיינעם פון די דאָרפישע פּאָליציאַנטן נישט געטראָפן אויף זייערע פּאָסטנס, זיי זענען אַנטלאָפן מיטן געווער אין וואַלד אַריין.

עדות און פּראָטאָקאָלאַנט — **רפאל נחוביץ** פאָרזיצער פון דער וואָיעוו. היסט. קאָמ אין ביאַליסטאָק. (פון „יד־ושם" אַרכיוו)

# מען לערנט גמרא

**יחזקאל גאַק**, איינער פון די וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם געטאָ, (היינט אין מאָנטרעאַל — קאַנאַדע) דערציילט:

איך בין אַמאָל אַריינגעקומען צו ר׳ זבולון פערקאַל (געוווינט האָט ער אין געטאָ ביי ר׳ אליהו שטיינדל) האָב איך געטראָפן איניקע יידן זיצן און לערנען גמרא, מסכתא „שבת". פרעג איך זיי — וואָס עפּעס גראָד מסכתא „שבת"? ענטפערט מיר ר׳ נחום קלעפּקאָ: היות מיר האָבן איצט תש״ב לבריאת העולם און אין גימטריא מאַכט דאָס „שבת", האָבן מיר באַשלאָסן צו לערנען די דאָזיקע גמרא.

געלערנט דאָרטן האָבן פאָלגנדיקע יידן: ר׳ נחום קלעפּקאָ, ר׳ זבולון פערקאַל, ר׳ ברוך יהודה, ר׳ ברוך ערלעכגערעכט, ר׳ ישראל בעראַש. אַלע זענען זיי פאַרן קריג געווען פאַרמעגלעכע בעלי־בתים איצט זענען זיי געווען געשוואָלן פון הונגער. טראָץ דעם, איז אויב ס׳איז נאָר געווען שטיל אין געטאָ, האָבן זיי דריי מאָל אַ וואָך געלערנט צוזאַמען גמרא.

היסטאָרישע קאָמיסיע באַד רייכענטאַל

# גביית־עדות פון לייזער צירולניק

אויפגענומען און באַאַרבעט פון צבי ראָזענבוים

...פיר טאָג נאָכן אויסברוך פון קריג צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד, איז לויצק אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. מיטוואָך דעם 26 יוני, 6 אַ זייגער אין אָוונט, האָבן אַריינמאַרשירט די ערשטע דייטשן. גלייך איז פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש אין יידישן לעבן. יידן זענען געזעסן אין די הייזער, מורא האָבנדיק אפילו צו אַ שכן אַריבערצוגיין.

דעם 30־טן יוני איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג: אַלע יידן מוזן דעם זעלבן טאָג זיך פאַרזאַמלען אויף אַרבעט (מיט לאָפּעטעס אין די הענט) ביים אַלטן היסטאָרישן שלאָס. „זאַמעק ליובאַרטא". דאָרט, אין דעם זאַמעק, האָבן שוין געוואַרט אַ גרופּע ס.ס.־לייט צוזאַמען מיט אוקראַאינער. זיי האָבן גלייך אָנגעהויבן סאָרטירן אַ קליינעם טייל פאַכלייט, ווי שוסטער, שניידער און סטאָליער, וועלכע זענען אָפּגעלאָזן געוואָרן אַהיים. אַריבער דריי טויזנט האָט מען פאַרהאַלטן און דעם זעלבן טאָג זענען זיי שוידערלעך אומגעקומען. גרופּנווייז האָט מען זיי צוגעפירט צו די אויסגעגראָבענע גריבער אין דעם זעלבן שלאָס, באַפוילן אַראָפּגיין אויף די טרעפּלעך, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן — און גלייך האָט זיך אויף זיי אַ שאָט געטאָן אַ האָגל קוילן פון ביקסן און אויטאָמאַטן. ווער ס׳איז געפאַלן טויט און וועמען די קוילן האָבן שלעכט געטראָפן, אַלע האָבן געהאַט דעם זעלבן גורל. דער היסטאָרישער שלאָס האָט איינגעשלונגען אַריבער דריי טויזנט אומשולדיקע יידישע לעבנס.

ס׳נעזען אַדורך עטלעכע טעג. דאָנערשטיק, דעם 2 יולי, איז אַרויס דער זעלבער באַפעל. דאָס מאָל האָבן זיך פאַרזאַמלט אַן ערך צוויי טויזנט יידן. דאָרט האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין איין ריי און אונטער אַ שטרענגער וואַך פון ס.ס. און אוקראַאינישע זשאַנדאַרמען האָבן זיי אָפּגעמאַרשירט צו דער שטאָטישער בוינע. דאָרט האָט מען אַלעמען אויסגעטאָן נאַקעט, צוגעפירט צו די צוגעגרייטע גריבער און גרופּנווייז אויסגעשאָסן. דאָרט איז צווישן די דערשאָסענע פאַרשיט געוואָרן אויך אַ גרויסער טייל לעבעדיקע.

נאָך די צוויי בלוטיקע אַקציעס איז דאָס גאַנצע יידישע לעבן איינגעהילט געוואָרן אין אַ גרויסן טרויער.

מיט אַ וואָך שפּעטער איז אַרויס אַ באַפעל, אַז יידן ווערט

פאַרבאָטן דאָס גיין אין די הויפּטגאַסן פון שטאָט, ווי שעווטשענקאָ און אַנד. גלייכצייטיק איז געזאָגט געוואָרן אין באַפעל, אַז פון דעם טאָג אָן מוזן יידן טראָגן אַ שאַנדצייכן: אַ בלויווייסן אַרעמבאַנד מיט אַ מגן־דוד אינדערמיט. יידן איז פאַרבאָטן צו גיין אויפן טראָטואַר, מעגן גיין נאָר אויפן שאָסיי. אָבער אין דער זעלבער צייט זענען יידן מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן פון דייטשע אָפיצירן פאַר גיין אויפן שאָסיי, ווייל זייערע פערד גייען דאָרט.

ס׳איז אַדורך אַ חודש צייט אָן שום פאַראַרדענונגען. אין אַכטן חודש איז אין הויז פון משה אובערניק געשאָפן געוואָרן אַ יודענראַט מיט סאַשאַ פינטשוק בראש.

גלייך פון ערשטן טאָג פון דער אַנטשטייונג פון יודענראַט האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע קאָנטריבוציעס. די ערשטע קאָנטריבוציע האָבן יידן געמוזט צושטעלן אין גאָלד, זילבער און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. די צווייטע איז באַשטימט געוואָרן פון פוטערס. ביי וועמען מען האָט שפּעטער באַמערקט אַ פוטער, דער איז גלייך דערשאָסן געוואָרן. גלייכצייטיק האָט דער יודענראַט געמוזט צושטעלן אַלע טאָג אַ נאַרמע מענטשן צו טאָן די שמוציקסטע אַרבעטן פון דער שטאָט. אויך האָבן יידן געאַרבעט אויף פאַרשידענע פּלאַצוווקעס, ביים געביטס־קאָמיסאַר, שוץ־פּאָליציי, ביים רייניקן די קאַשאַרן א.א. אַ גרופּע פון 75, בלויז געזונטע יוגנטלעכע, האָבן מיר געאַרבעט ביי שוואַרצע אַרבעט אין דער ראַדיאָ־סטאַציע, וואָס פּוילן האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן אין יאָר 1939. אין דער זעלבער צייט איז אין לויצק געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטס־לאַגער אונטער דער אָנפירונג פון ס.ס.־מאַן פייערטאַג.

דעם 20־טן אָקטאָבער האָט דער ס.ס.־מאַן פייערטאַג גענומען אַ גרופּע מיליטערלייט און אָרגאַניזירט אַ געיעג אויף די פּלאַצוווקעס, פאַרכאַפּנדיק אַלע יידן וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט גלייך אין לאַגער אַריין. אויך די ראַדיאָ־סטאַציע איז אַרומגענומען געוואָרן פון מיליטער. די דייטשן האָבן אונדז אָנגעהויבן טרייבן. דאַן האָבן מיר באַשלאָסן גלייך פון אָרט צו אַנטלויפן. מיר זענען געווען דריי חברים, וואָס האָבן זיך כסדר געהאַלטן צוזאַמען: איך, מיין ברודער משה און אַ געוויסער פריימאַן אליהו. גלייך ווי מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן שיסן אין דער לופטן. מיר האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד. די זעלבע דייטשן וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט ביי דער ראַדיאָ־סטאַציע האָבן אונדז געכאַפּט און פאַרשפּאַרט אין אַ קעלער מיטן ציל אונדז איבערצוגעבן אין די הענט פון ס.ס.־מאַן פייערטאַג. מיר האָבן זיך זיי געוואָרפן פאַר די פיס, און זיי האָבן אונדז אָפּגעלאָזן צוריק אַהיים.

אין דער זעלבער צייט איז קיין לויצק אָראָפּגעקומען דער רייכסמיניסטער פון אוקראַינע קאָך צוזאַמען מיטן געביטס־קאָמיסאַר גליק ספּעציעל צו שאַפן אַ געטאָ. ס׳איז באַשטימט געוואָרן דאָס אָרט פון געטאָ: פון דער בריק באַזיליאַנסקי ביז גנידאַווא און אַ טייל פון דער גאַס קראַסנאַיאַ. צוויי טעג פאַר חנוכה 1941 איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. גלייך ווי דער באַפעל איז אַרויס, איז אָנגעמערקט געווען אַז אין אַ באַשטימטער שעה מוזן די יידן פאַרזאַמלט זיין אין געטאָ. אַ גרויסע צאָל יידישע פאַמיליעס האָבן נישט באַוויזן צו דער באַשטימטער צייט זיך איבערציען, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַ גרופּע ס.ס.־מענער צוזאַמען מיט אוקראַאינישע פּאָליציי און געעפנט אַ פייער פון ביקסן און אויטאָמאַטן. מענטשן זענען דערשאָסן געוואָרן ביי זיך אין די הייזער. הונדערטער קרבנות האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. די קולות און געשרייען זענען דערגאַנגען עד לב השמים. יידן זענען אַנטלאָפן איבערלאָזנדיק אַלץ. אין איין העמד איז מען געקומען צו לויפן אין געטאָ אַריין, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער יודענראַט באַקומען אַ דערלויבעניש אַפּצורוימען די גאַסן פון די הרוגים. צווישן די הרוגים האָבן זיך געפונען פיל שוואַנגערע פרויען, קליינע קינדער. מען האָט זיי קובר געווען אויף דעם יידישן בית־עולם.

גלייך ביי דער אַנטשטייונג פון געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן פאַרשידענע עפּידעמיעס. דער סאַניטאַרער צושטאַנד איז געווען שרעקלעך. אין אַ קליין שטיבל האָבן געוווינט פינף אָדער זעקס פאַמיליעס. דער טיפוס האָט זיך יעדן טאָג אַריינגעכאַפּט אין אַ פריש הויז. די צאָל קראַנקע איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. פיל מענטשן זענען געשטאָרבן, ווייל קיין שום מעדיקאַמענט איז נישט געווען. די עקאָנאָמישע, ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען זענען געווען שרעקלעך. איינצלנע יידן האָבן געפּרוווט אויסטאָן דעם שאַנד־צייכן, זיך אַריינשמוגלען אין שטאָט, אָבער דאָס האָט באַלד דערשמעקט די אוקראַאינישע פּאָליציי, און צענדליקער יידן זענען דערשאָסן געוואָרן בעת זיי האָבן שוין געהאַט באַקומען דאָס שטיקל ברויט פאַר זייערע קינדער.

אַזוי האָט זיך דאָס לעבן געצויגן. איין טאָג איז געווען ענלעך צום צווייטן. דער יאוש און די פאַרצווייפלונג האָט אַלעמען אַרומגענומען. די יידן האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי שאָטנס. קיין סאָציאַלע געזעלשאַפטלעכע הילף האָט מען נישט באַקומען. אַלץ האָט געטרוקנט און געדאַרט. אַזוי האָט זיך דאָס לעבן געצויגן אַכט חדשים צייט. ביז ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען די בלוטדורשטיקע נאַצי־מערדער האָבן געמאַכט יודענריין די שטאָט לויצק.

דעם 18.8.42 גאַנץ פרי איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן פון ס.ס. און אוקראַאינער, און מיטאַמאָל האָט מען גענומען אַרויסטרייבן די יידן צום פּלאַץ באַזיליאַנסקי. דאָס האָט געזאָלט הייסן, אַז אַלע די מענטשן ווערן איבערגעזידלט אויף אַרבעט. איינצלנע האָבן געפּרוווט בלייבן, אָבער נאָכן ערשטן קרבן, וואָווע טינע, איז דאָס גאַנצע געטאָ ריין געבליבן. אויפן פּלאַץ האָבן זיך פאַרזאַמלט אַן ערך 14 טויזנט יידן. אַלע זאַכן וואָס מען האָט מיטגענומען, האָט מען געהייסן צונויפזאַמלען אויף איין אָרט. דאַן איז פאַרגעקומען אַ סאָרטירונג — פאַכמענער באַזונדער, סתם יונגע מענטשן באַזונדער און עלטערע אויך באַזונדער.

דעם 20־טן האָט מען אָנגעהויבן פירן אויף גרויסע לאַסטאויטאָס צום וועלדל גורקע־פּאָלאָנקע, דריי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט. מיט אַ פּאָר טעג פריער האָבן יידן דאָרט געגראָבן גריבער פון פאַרשידענע מאָסן, לאַנגע און שמאָלע, קורצע און טיפע — פאַר עלטערע און יינגערע. דערביי האָבן די דייטשן צו זיי געשריגן: אַרבעט שנעלער, דאָ דאַרפן ליגן אייערע ברידער. דעם זעלבן טאָג, דעם 20־טן אויגוסט, איז פאַרגעקומען די גרעסטע בלוטיקע אַקציע. גרופּנווייז האָט מען

צוגעפירט צו די גריבער און באפוילן אראפגיין אויף די טרעפ־לעך און געשאסן מיט ביקסן און איטאמאטן. די מענטשן זענען געפאלן טויט אין גרוב. קינדער ביז פינף יאר האבן די מוטערס געמוזט טראגן אויף די הענט. נאך פינף יאר — איז געווען א באזונדערע גרופע, וועלכע מען האט געווארפן לעבעדיקער־הייט אין גרוב.



ביים ברודער־קבר אין פאלאנקע

אין דער זעלבער צייט האבן זיך געקאכט גרויסע קעסלען סמאלע און ס.ס.־לייט זענען ארומגעגאנגען און געגאסן קאכיקע סמאלע אויף די מענטשן, וואס די קוילן האבן זיי שלעכט געטראפן און זיי האבן זיך געווארפן אין די גריבער. אויך די קינדער זענען באגאסן געווארן מיט דער סמאלע, ווייל פאר זיי איז א שאד געווען קוילן.

דערנאך איז ארויס א באפעל: אלע יידן, וועלכע באהאלטן זיך אויס, זאלן ארויס אויף דער פריי; מיט זיי וועט קיין שלעכטס גאר נישט פאסירן. דאן האבן זיך צוזאמענגעקליבן פון די קעלערס און פון די בונקערס אן ערך צוויי טויזנט יידן. זיי האבן באקומען די אויפגאבע צונויפצוזאמלען אלע זאכן וואס זענען געבליבן אין געטא, אוועקפירן אין פארשידענע זאמלערטער. אין דער זעלבער צייט איז געשאפן געווארן דאס קליינע געטא, אויף דער דאמבא־גנידאווסקא. אבער עס האט לאנג נישט געדויערט.

דעם 3.9.1942 האט מען זיי צוניפגענומען, אפגעפירט אין דער זעלבער ריכטונג און צעשאסן.

נאך די אלע אקציעס איז לויצק נאך אלץ נישט געווען „יודענריין". ס'האבן זיך נאך געפונען הונדערטער יידן אין די ארבעטס־לאגערן. טאג־טעגלעך זענען זיי געגאנגען אויף ארבעט אונטער א שטרענגער וואך פון שוץ־פאליציי. אבער דער טראגישער גורל האט זיי נישט איסגעמיטן. נישט געקוקט דערויף וואס יידן האבן זיך געמאטערט ביי די שווערסטע באדינגונגען, ארבעטנדיק צוועלף שעה ביי דער באשפייזונג פון 100 גר. ברויט א טאג מיט א ביסל וואסער, האט דאס אלץ זיי נישט געראטעוועט פון טויט. דעם 14־טן סעפטעמבער, ווען זיי זענען געגאנגען אויף ארבעט, זענען זיי פלוצעם ארומגערינגלט געווארן פון ס.ס.־לייט און מען האט זיי אוועקגעפירט אויף גורקע־פאלאנקע, ווו מען האט זיי אויף דעם זעלבן אופן אומגעבראכט.

א צווייטער לאגער, ווו יידן האבן געארבעט, איז געווען ווילקע, אין פינטשוקס אפגעברענטער מיל. דעם 12.12.42 איז געקומען דער טראגישער גורל אויף זיי. אבער דא האבן די יידן פארשטאנען, אז דאס דארף זיין זייער לעצ־טער וועג, און זיי האבן געענטפערט מיט א העפטיקן ווידערשטאנד. א געוויסער בראנשטיין פון דאלינע האט ארויסגעכאפט א רעוואלווער און אנגעהויבן שיסן.ליידער האבן די קוילן קיינעם נישט דערגרייכט. ס'איז געווארן א גרויסער פאניק. די יידן האבן גענומען ווארפן מיט פארשידענע ארבעטסגעצייגן. די ס.ס.־לייט האבן גע־עפנט א ווילד פייער. א גרויסער טייל יידן איז געפאלן אויפן ארט, און א טייל האט מען אוועקגעפירט אין דער זעלבער ריכטונג, אין דארט האט מען זיי אויפן שווידערלעכסטן אופן פארמאטערט.

★

דער בלינדער גורל האט געוואלט, אז אויך לויצק זאל האבן לעבעדיקע עדות פון איר נאצי־גהינום. דעם 18־טן מערץ 1942 האט מען אינדז, אן ערך 2000 יידן, אפגעטראנספארטירט אויף דער רוסישער אקופירטער זאנע. דער וועג איז געווען שרעקלעך. מען האט אונדז ארייינגעפאקט אין לאסטוואגאנען. מיר זענען געפארן דריי טעג. קיין עסן האבן מיר נישט באקו־מען. דער צוג האט זיך געשלעפט זייער לאנגזאם און גאר פלוצעם איז ער שטיין געבליבן. מיר האבן באמערקט, אז מיר געפינען זיך אויף דער סטאציע קאזאטין. דארט זענען מיר געשטאנען דריי שעה צייט. מיטאמאל האבן מיר דערהערט, ווי מען הייבט אן אויפבלאמבירן די פארדראטעוועטע וואגאנען. מיר זענען געווען זיכער, אז מיר וועלן דא באקומען עסן, אדער מען וועט אונדז אויף דער סטאציע אראפנעמען. באלד זענען אריין צו אונדז א גרופע ס.ס.־לייט מיט אוקראינישע שוץ־פאליציי און האבן אונדז באפוילן מיר זאלן זיך גרופירן אלע אין איין ווינקל פון וואגאן. זיי האבן זיך צעשטעלט אויף צוויי זייטן און יעדער פון אונדז האט געמוזט צווישן זיי אדורכגיין. יעדער פון אונדז האט געקריגן פון זיי געקיילט מיט קאלבעס און פאליאנעס האלץ און איז געווארן צעבלוטיקט. דער גאנצער וואגאן האט זיך געטונקען אין בלוט. און פלוצעם האט דער צוג אנגעהויבן רירן פון ארט, און מיר זענען ווייטער געפארן.

דעם 21־טן מערץ זענען מיר אנגעקומען קיין ווויניצע. דעם זעלבן טאג האט מען אונדז איבערגעפירט אין א לאגער פון קריגס־געפאנגענע. דארט איז פארגעקומען א סארטירונג. מענטשן פון אלע נאציעס, א חוץ יידן, זענען אפגעשיקט געווארן אויף ארבעט. די יידן האט מען ארויסגענומען אויפן פעלד און דער־שאסן. מיר האבן פארשטאנען, אז אונדזער גורל איז געחתמעט.

אָבער אַנטלויפן איז געווען אוממעגלעך, ווייל דאָרט איז געווען דער זאַמלפונקט פאַר קריגס־געפאַנגענע און דער גאַנצער אַרום איז באַוואַכט געווען פון ס.ס. וווהין צו לויפן איז אויך נישט געווען, די גאַנצע געגנט איז אונדז געווען פרעמד. זענען מיר געזעסן אין די שטאַלן און דערוואַרט דעם טויט. אָבער פּלוצעם איז געקומען אַ באַפעל פון דער אָרגאַניזאַציע „טאָט", זי ברויכט דרינגענדיק אַרבעטער. האָט מען אונדז איבערגעפירט מיט אַ שטרענגער וואַך אין אַזעלכע קריגס־קאַשאַרן, ווו ס'איז געווען אַן אַרבעטסלאַגער אונטער דער אָנפירונג פון ברעסטעל. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט, באַקומענדיק 100 גר. ברויט מיט אַ ביסל שיטערע זופּ אויף אַ גאַנצן טאָג. די אַרבעט איז געווען אומדערטרעגלעך שווער. מיר האָבן געפילט, אַז לאַנג אויסהאַלטן וועלן מיר נישט. דער הונגער האָט געפּייניקט. מיר פלעגן פּרווון גיין צו דער דייטשער קיך צונויפקלויבן עטלעכע ביינער, אָבער דאָס איז אויך נישט דערלויבט געווען. האָט מען וועמען געכאַפּט, איז דער געשלאָגן געוואָרן מכות־רצח. דורך אַ קורצער צייט זענען מיר אַלע געשוואָלן געוואָרן פאַר הונגער. אויף דער אַרבעט האָט מען געמוזט אַרויסגיין יעדן טאָג. ווער ס'איז קראַנק געוואָרן און געבליבן אין באַראַק, איז גלייך אַראָפּגעפירט געוואָרן אין אַ ספּעציעלן קעלער, און ווען ס'האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרופּע מענטשן, האָט מען זיי אַרויסגעפירט אויפן פעלד און דערשאָסן.

דעם 18.8.42 גאַנץ פרי איז פּלוצעם אַרומגענומען געוואָרן דאָס אָרט ווו מיר האָבן זיך געפונען דורך אַ גרופּע ס.ס. זיי האָבן אונדז צונויפגענומען אויף איין אָרט. דעם גרעסטן טייל האָבן זיי אַוועקגענומען, איבערלאָזנדיק בלויז 25 מענטשן. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז מען פירט זיי אויף אַ צווייטער בוי־שטעלע אין אַ צווייטן לאַגער. און מיר זענען געבליבן אַרבעטן ווייטער ביז ענדע 1942.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אין דער אומגעגנט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנער־גרופּן אונטער דער אָנפירונג פון אוקראַינער קאַלאָשניקאָוו. ערשט האָט זיך אָנגעהויבן פאַרבעסערן אונדזער לאַגע. די אוקראַינער פלעגן זיך אָפּט אַריינגנבענען און באַזאָרגן אונדז מיט אַרישע דאָקומענטן (אין גרעסטן טייל פון קאַראַימער). זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז מיט אַ צייט צוריק האָט מען אויסגעשאָסן אַ גרופּע יידן אין נאָענטן וועלדל טיבראָוו; דאָס זענען געווען די יידן וואָס מען האָט געזאָלט איבערפירן אין צווייטן לאַגער. די ידיעה האָט אויף אונדז שטאַרק געווירקט, און מיר האָבן כסדר געלעבט אונטער דעם איינדרוק, אַז אָט־אָט קומט דער זעלבער גורל אויף אונדז. אָבער אַנטלויפן איז אוממעגלעך געווען. אַזוי האָבן מיר געהאָרעוועט כמעט אַ גאַנץ יאָר.

עטלעכע טעג פאַר ניי־יאָר 1943, ס'איז געווען מאָנטיק פאַרנאַכט, אין דרויסן האָט געברענט אַ פראָסט מיט אַ ווינט, און מיר זענען געזעסן אין אַן עס־זאַל. פּלוצעם איז געוואָרן אַ גערודער און מען האָט אונדז אָנגעהויבן כאַפּן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף זיין אונדזער לעצטער וועג. אין דעם זאַל האָט זיך געפונען אַ פאַרקלאַפּט פענצטער, דורך וועלכן מען פלעגט אַרויסגעבן דאָס עסן. האָב איך מיט נאָך דריי חברים (סאַמועל קלאָץ, ישראל דאָמב און פּנחס גאָלדשטיין) מיטן לעצטן כוח עס אויפגעבראָכן און זענען אַרויס אויף דער גאַס. מיר זענען אַריין צו אַן אַלטער אוקראַינקע, און זי האָט אונדז אויסבאַהאַלטן אַכט טעג אויף אַ בוידעם. נאָך די אַכט טעג האָט די אוקראַינקע צווויסן געגעבן אַ געוויסן אוקראַינישן איוואַן. ער האָט אונדז אַוועקגעפירט קיין רומעניע און דערקלערט, אַז די דייטשן האָבן אָפּגעגעבן איינצלנע שטעט צו פאַרוואַלטן די רומענער און דאָרט לעבן יידן אויך. (דאָס זענען געווען די שטעט טיווראָוו, מאַראַפּאַ, שאַרגאַראַד). מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל מאַראַפּאַ. מיר זענען גלייך אַוועק צום יודענראַט. מען האָט אונדז וואַרעם אויפגענומען, אויספרעגנדיק פון וואַנען מיר קומען.

אָפּזייענדיק 8 טעג, זענען מיר דורך דער רומענישער זשאַנדאַרמעריע אַוועקגעפירט געוואָרן אויף אַרבעט אין לאַגער טאָלצין. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט אין טאָרף־גרובן. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געשטאַנען אין אַ וואַסער און געגראָבן דעם טאָרף; עסן האָט מען באַקומען זייער ווייניק. נאָך אַ קורצער צייט זענען מיר אַלע געשוואָלן געוואָרן. מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן — 6 יידן (דריי רומענישע, איין רוסישער און איך מיטן חבר קלאָץ). דעם זעלבן טאָג נאָך זענען מיר אַנטלאָפן, אָבער צום אומגליק געכאַפּט געוואָרן אין אַ וואַלד. מען האָט פון אונדז אַראָפּגענומען די פּאַסקעס פון די הויזן, פאַרבונדן די הענט און געבראַכט צופירן צוריק אין לאַגער. יעדער פון אונדז האָט באַקומען 25 שמיץ פאַר נישט וועלן אויסזאָגן ווער ס'האָט אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפן. מען האָט אונדז דערקלערט, אַז ביי אַ צווייט מאָל פּרוון אַנטלויפן וועט מען דערשאָסן ווערן. אין זעקס טעג אַרום האָבן מיר ווידער באַשלאָסן אַנטלויפן (די זעלבע זעקס). דאָס מאָל איז אונדז געלונגען און מיר זענען געקומען אין דעם שטעטל מאַראַפּאַ. דאָרט האָט אונדז אויסבאַהאַלטן אַ יידישע פרוי, וועלכע האָט געלעבט אויף אַ קריסטלעכן נאָמען מאַנקאַ מאַטאַסיעוויטש. נאָך צוויי וואָכן האָבן מיר געמוזט גיין אויף אַרבעט צו די פּויערן — שניידן האָלץ, טראָגן וואַסער א. א.וו.

אָנפאַנג 1944 איז אונדזער לאַגע געוואָרן ערנסטער. די רויטע אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן און באַפרייען רומעניע. האָט מען דאַן אָנגעהויבן שטאַרק קאָנטראָלירן יעדע פּערזאָן. איך בין אַוועק צו אַ געוויסן בוכהאַלטער טראַכאַנטשו, וועלכער האָט מיך איסבאַהאַלטן אין אַ קעלער. אין דעם קעלער בין איך געלעגן ביזן אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי, דעם 19־טן מערץ 1944. דעם זעלבן טאָג בין איך באַפרייט געוואָרן.

(פון „יד־ושם"־אַרכיוו)

היסטאָרישע קאָמיסיע אין האָפּגייסמאַר

# גבֿיית־עדות פון פאַניע פּאַשט

אין געטאָ האָבן אַלע געמוזט אַרבעטן, סיי מענער סיי פרויען. די מענער זענען געטריבן געוואָרן צו פאַרשידענע שווערע אַרבעטן און די פרויען האָט מען געשיקט צו באַדינען די דייטשן און צו אַנדערע פאַרשידענע אַרבעטן. יעטווועדן פרימאָרגן פלעגן זיך אַלע מוזן פאַרזאַמלען אין הויף פון יודענראַט און פון דאָרט פלעגט די יידישע פּאָליציי זיי פירן צו דער אַרבעט. יעדער אַרבעטנדיקער האָט באַקומען אַ שיין, מיטן נאָמען, פאַמיליע, ווו ער אַרבעט, און וועלכער צייט ער דאַרף גיין און צוריקקומען פון דער אַרבעט. אָבער גיין אַליין האָט ער סייווי נישט געטאָרט, ווייל ווען מען פלעגט טרעפן אין גאַס, פלעגט ער גלייך דערשאָסן ווערן. צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט פלעגט מען פירן דורך די לאַנקעס, ווייל דורך די גאַסן איז פאַר יידן געווען פאַרבאָטן דורכצוגיין.

די מאַטעריעלע לאַגע איז געוואָרן זייער אַ שווערע. די „ראַציאָנען”, וואָס מיר האָבן באַקומען איז געווען אַזאַ: פאַר אַרבעטנדיקע 150 גר. ברויט אַ טאָג, פאַר נישט־אַרבעטנדיקע 75 גר., פאַר קינדער 30 גר. דערצו זעלטן אַ זופּ אָדער אַ ביסל קאַשע. פון הונגער, נויט, שמוץ, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ טיפוס־עפּידעמיע און פיל מענטשן זענען אויסגעשטאָרבן.

אין געטאָ איז אויך געווען אַ שפּיטאָל, אַ קיך ביים יודענראַט, וועלכע פלעגט אַמאָל העלפן מיט אַ זופּ, אָבער דאָס האָט זיך אָנגעזעען ווי אַ טראָפּן אין ים, ווייל דער הונגער איז געווען זייער גרויס.

קיין ספּעציעלע אַקציעס זענען אין געטאָ נישט פאָרגעקומען, נאָר ס'האָט פּאַסירט ווען די בריגאַדעס פלעגן קומען פון דער אַרבעט, פלעגט זיי שוין אָפּוואַרטן די זשאַנדאַרמעריע און יעטווועדן רעווידירן. פאַר געפינען עפּעס ביי וועמען פלעגן זיי שיסן אויפן אָרט. אַפילו צוליב אַ שטיקל האָלץ אַריינברענגען זענען געווען קרבנות.

דעם 19־טן אויגוסט 1942 איז געקומען אין געטאָ אונדזערער אַ באַקאַנטער פויער מיט אַ פורל, בכדי אונדז אַרויסצופירן פון געטאָ אין שטאָט, ווו מיר זאָלן קענען זיך אויסבאַהאַלטן. נישט וועלנדיק ריזיקירן אַלע מיט איין מאָל, האָב איך באַשלאָסן פאָרלויפיק אַליין צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ און אויספאָרשן די מעגלעכקייטן אויפן אָרט. איך האָב אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די לאַטעס, אָנגעטאָן אַ פויערישע פאַטשיילע אויפן קאָפּ און בין אַרויף אויף דער פור, איבערלאָזנדיק די מוטער, צוויי ברידער און אַנדערע משפחה־מיטגלידער. אַרויספאָרנדיק אין אָוונט פון געטאָ, האָב איך באַמערקט פיל אוקראַאינישע פּאָליציי, דייטשע זשאַנדאַרמעריע, עס־עס און געסטאַפּאָ. ס'איז מיר אָבער נישט איינגעפאַלן ספּעציעלס צו טראַכטן וועגן דעם. אויף מאָרגן אין דער פרי בין איך מיטן זעלבן פויער צוריקגעקומען צום געטאָ. די אוקראַאינישע פּאָליציי מיינענדיק, אַז איך בין אַן אוקראַאינקע, האָבן מיר געמאָלדן אַז אין געטאָ אַריינפאָרן קאָן מען נישט, ווייל ס'דאַרף דאָרט עפּעס פאָרקומען.

ווי איך האָב זיך טאַקע גלייך דערוווּסט, האָט מען דעם זעלבן פרימאָרגן באַפוילן, אַז אַלע יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אין הויף פון יודענראַט. אַ גאַנצן מעת־לעת זענען די יידן געשטאַנען אין הויף, נישט וויסנדיק וואָס עס דערוואַרט זיי. אַפילו די מיטגלידער פון יודענראַט האָבן אויך נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. ערשט פרייטיק אין דער פרי, ד. ה. דעם 21.8, זענען אָנגעקומען מאַשינען אין געטאָ, און לויט אַ באַפעל האָט מען גרופּנווייז אויפגעלאָדן די יידן אויף די מאַשינען און אַוועקגעפירט אין וואַלד, 3 קלמ. הינטער דער שטאָט צו די גריבער, וועלכע די יידן פון לאַגער האָבן די גאַנצע צייט צוגעגרייט.

צוויי טאָג צייט האָט געדויערט דאָס אויסמאָרדן 18.000 יידן פון אונדזער שטאָט, צוויי טעג צייט האָט מען לעבעדיקערהייט געוואָרפן יידן אין די גריבער און דערנאָך מיט מאַשינענגעווער דערשאָסן. קיינער האָט זיך נישט געראַטעוועט פון דעם מבול, אַלץ איז אומגעקומען, אַפילו דער יודענראַט און די יידישע פּאָליציי.

האָבנדיק אַלץ פאַרלוירן און נישט וויסנדיק וואָס מיט מיר וועט געשען, בין איך שוין געבליבן ביים פויער. זיין נאָמען איז געווען לאַווראָוו. זייער אַן אָרעמער פויער איז דאָס געווען, קיין קינדער האָט ער נישט געהאַט, האָט געוווינט אויף אַ כוטאָר ווו קיינער אַרום האָט נישט געוווינט. איך בין געווען באַהאַלטן ביי אים אויפן פּיעקעליק.

דעם 24־טן דעצעמבער 1942, אַרום 3 ביינאַכט, איז דער פויער צו מיר אַרויף און מיך געהייסן גלייך פאַרלאָזן זיין שטוב. „גענוג, זאָגט ער, איך וויל מער נישט ריזיקירן מיט אונדזער לעבן צוליב דיר.” ס'האָט נישט געהאָלפן קיין בעטן, קיין וויינען. אַלץ איז, הייסט עס, פאַרלוירן. איך מוז טיילן דעם גורל פון מיינע עלטערן, ברידער און נאָענטע.

אַ פאַרצווייפלטע און שוין גלייכגילטיק צו אַלעם בין איך, אַ פאַרשמוציקטע, האַלב אָפּגעריסן, אַוועק זיך איבערגעבן דער אוקראַאינישער פּאָליציי, זייענדיק איבערצייגט, אַז סיי ווי בין איך פאַרלוירן. נאָר נישט וויסנדיק גענוי ווו דער פּאָליציאַנט וווינט, האָב איך זיך אַרומגעבלאָנקעט פון פאַרטאָג ביז אָוונט. ווען איך בין צוגעקומען צום הויף פון שוצמאַן איז שוין געווען 8 אָוונט, ווינטערצייט. די הינט זיינע זענען מיך באַפאַלן, האָבן מיך צעביסן און אָפּגעריסן פון מיר דאָס אַזוי אויך שוין צעריסענע קליידל. דאַן איז אַרויס דער אוקראַאינער און מיך געפרעגט, וואָס איך וויל. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיך אַריינלאָזן אין שטוב. דאַן האָב איך אים אַלץ דערציילט און געבעטן ער זאָל מיך שיסן, ווייל סייווי האָב איך שוין נישט קיין אַנדערן אויסוועג.

„שיסן וועל איך דיר נישט, אָבער האַלטן קאָן איך דיך אויך נישט ביי מיר. איך וועל דיך אָבער איבערפירן אין שטאָט, ווו דו וועסט געפינען גוטע מענטשן, וועלכע וועלן דיך אויסבאַהאַלטן”.

ער האָט מיר געגעבן וואַסער אַרומצוואַשן זיך, ריינע פויערישע קליידער איבערצוטאָן זיך און אויך צו דער זאַט עסן. אויף צו מאָרגנס אין דער פרי האָב איך שפּאַצירט מיט אים ווי אַן אוקראַינקע ביז דער שטאָט. פאַרבייגייענדיק דאָס וועלדל, האָט ער מיר געוויזן די גריבער פון אונדזערע אומגעקומענע קדושים. געקומען אין שטאָט, האָבן מיר זיך געזעגנט, איך האָב אים האַרציק געדאַנקט פאַר זיין מענטשלעכער האַנדלונג. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער הייסט טימאַנישין. נאָך דער באַפרייונג האָבן מיר זיך געטראָפן.

אַ באַקאַנטע רוסישע פאַמיליע האָט מיך אויפגענומען און אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין שטוב דריי מאָנאַטן. אין מערץ 1943 האָב איך געמוזט פון דאָרט אַוועק, ווייל שכנים האָבן מיך באַמערקט. מיינע באַלעבאַטים האָבן מיך אַוועקגעפירט צו אַן אוקראַאינער אַן עוואַנגעליסט. ביי אים בין איך געווען באַהאַלטן אין קעלער. ביי אים אין שטוב איז אויך געווען אויסבאַהאַלטן אַ ייִדיש ייִנגעלע פון אַכט יאָר.

אין יוני מאָנאַט האָב איך פּלוצעם דערהערט אַ שיסעריי אין הויז. דער פויער איז גלייך אַראָפּ צו מיר און געזאָגט, אַז איך מוז שוין אַנטלויפן, ווייל זשאַנדאַרמעריע איז געקומען זוכן ביי אים תבואה, האָבן זיי גאָר געטראָפן אַ ייִדיש פאַרפאַלק אויפן בוידעם... וואָס מיר האָבן בכלל נישט געוווּסט איינער פון צווייטן.

דורך אַ פענצטערל איז מיר געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון קעלער אויף דער גאַס. אין שטאָט האָט אַ פוילישע פרוי דערקענט, אַז איך בין אַ ייִדישע, און מיר געזאָגט, איך זאָל זיך נישט אַרומדרייען אין שטאָט, ווייל די געסטאַפּאָ פירט אַדורך גרויסע אַבלאַוועס. זי האָט מיך אַריינגענומען צו זיך און באַהאַלטן אין אַ שטייג פון הינער, וואָס איז געשטאַנען אין פעדערהייזל. דער מאַן אָבער האָט מיר פּראָפּאָנירט, איך זאָל זיך שמדן; לויט זיין מיינונג וועל איך פּטור ווערן פון אַלע רדיפות. ווילנדיק־נישט־ווילנדיק האָב איך געמוזט מסכים זיין. ער האָט זיך פאַרשטענדיקט מיטן גלח פון שטאָט און ער האָט אים באַפולמעכטיקט אַליין צו שמדן, כדי עס זאָל זיך קיינער נישט דערוויסן.

אין אָנהייב יולי 1943, אין אַ געוויסן פרימאָרגן, האָט מיך דער קריסט אַריינגערופן אין שטוב, צוגעפירט צום בילד פון דער הייליקער מאַריאַ, מיך געבענטשט און אַ נאָמען געגעבן מאַריאַ טערעסאַ. נאָך דער צערעמאָניע בין איך צוריק אַריין אין שטייג.

נאָך דריי מאָנאַטן האָט מיך ווידער באַמערקט אַ שכן, און איך האָב ווידער געמוזט אַנטלויפן. דער פאָליאַק האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס פון אַ פוילישער פאַמיליע, ווו עס געפינען זיך נאָך ייִדן באַהאַלטן. איך בין צו זיי אַוועק, זיי האָבן מיך אויפגענומען און באַהאַלטן צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ייִדישער משפחה. דאָרט האָב איך זיך אויך דערוווּסט, אַז דעם 12־טן דעצעמבער 1942 האָט מען אויסגעשאָסן אַלע ייִדן פון לאַגער.

דעם 4־טן פעברואַר 1944 האָט די זיגרייכע רויטע אַרמיי פאַרנומען אונדזער שטאָט און מיר זענען אַרויס פון די באַהעלטענישן.

גלייך נאָך דער באַפרייונג האָבן מיר געשטעלט אַ דענקמאָל פאַר אונדזערע קדושים. אין שטאָט איז געבליבן אַן ערך 20 מענטשן.

(פון „יד־ושם"־אַרכיוו)

ז. אשרר / ישראל

# דער בוים פון גבורה

(אין דעם גניזה־פנקס אויפן הר־ציון איז די זאַך פאַרשריבן אין נאָמען פון אַן אומבאַקאַנטן ייִד, וועלכער שטעלט זיך פאַר פאַר אַ מענטש, וואָס גיט זיך אָפּ מיט פאַראייביקן דעם אומקום און די קהילות)

אום י' טבת, וואָס איז דער אַלגעמיינער קדיש־טאָג, גייען טויזנטער מענטשן אַרויף אויפן הר־ציון צו דעם קעלער פון אומקום, וואָס איז דער אומבאַקאַנטער קבר, זיך מתיחד צו זיין מיטן זכר פון די קדושים און באַזוכן די אַלע ערטער, וואָס זענען מיט די קדושים פאַרבונדן. פאַר צוויי־יאָרן י' טבת בין איך אַרויפגעגאַנגען אויפן הר־ציון און אַנטייל גענומען אין דעם גאַנג פון די באַזוכער. בעתן שמועסן האָב איך געהערט מענטשן רעדן וועגן אַ „בוים פון גבורה", וואָס זאָל זיך געפינען אויפן באַרג.

פון נאַטור אַ נייגעריקער, האָב איך אָנגעהויבן זיך נאָכפרעגן ביי די מענטשן פון באַרג וועגן יענעם בוים און ווי מען גייט צו אים. אָבער זיי האָבן זיך געקווענקלט און געשטאַמלט, נישט געענטפערט קיין קלאָרע דיבורים, גערעדט מיט האַלבע ווערטער וועגן עפּעס אַ בוים, וואָס איז אַהער געבראַכט געוואָרן פון לויצק — אַ בוים, אויף וועלכן מען האָט אויפגעהאַנגען ייִדן.

צי זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט, אָדער נישט געוואָלט מיר ענטפערן? זיי האָבן זיך אַרויסגעדרייט און מיך געפירט צום משגיח.

אויך דער משגיח האָט אונטערגעשוויגן. ער איז נישט זיכער — האָט ער געזאָגט — צי ס'איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אַזאַ בוים, אָדער נישט. ער האָט בלויז געהערט וועגן דעם, גלייך ווי אַנדערע, נישט מער. איך האָב געזען, אַז עפּעס־וואָס

ווייסט ער, נאָר וויל נישט דערציילן און רעדן וועגן דעם.

לויט מיין נאַטור האָב איך פון דעם ענין נישט אָפּגעלאָזט און בין געוואָרן אַ מין אויסשפּירער צו דערגיין די זאַך. און איך בין געוואָר געוואָרן אַ מעשה־נורא, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אויפן הר־ציון און וואָס דער משגיח וויל זי פאַרהוילן פונעם ציבור.

ס׳איז אַ מעשה מיט אַ בוים פון גבורה, וואָס איז פאַרפלאַנצט געוואָרן דורך צוויי לוצקער לעבנגעבליבענע יידן אויף זייער אייגענער אחריות.

און די מעשה, ווי ס׳האָט דערציילט דער ייד, וואָס איז ניצול געוואָרן פונעם לוצקער געטאָ, האָט פּאַסירט אַזוי:

איינער אַ רב לייזער, פון בראַצלאַווער חסידים מובהקים אין דעם קאַנט, איז בעתן אויסברוך פון דער מלחמה אַנטלאָפן פון פוילן, וואָס איז איינגענומען געוואָרן פון די נאַצי־רשעים, קיין ראָוונע, וואָס איז איינגענומען געוואָרן פון די רוסן. רב לייזערן איז קיין נפקא־מינה נישט געווען — צי די נאַציס, צי די רוסן. די השגחה פּרטית געפינט זיך אומעטום. נאָר ער איז אַנטלאָפן קיין ראָוונע און פון דאָרט קיין לוצק, וואָס איז אויך געווען אין די הענט פון די רוסן, אין דער האָפענונג, אַזויאַרום זיך צו דערשלאָגן קיין אומאַן — צום קבר פון דעם רבין רב נחמן בראַצלאַווער, זכרון צדיק לברכה.

רב לייזער האָט געוואָלט געניסן, ווי מען זאָגט, פון דעם בייזן.

אין צווישנצייט איז געוואָרן אַ צעמישעניש אין די מדינות, און די נאַצי־רשעים זענען אָנגעפאַלן אויפן קאַנט פון ראָוונע און לוצק, האָבן אים איינגענומען מיט גרויליקן שטורעם און אויסגעגאָסן זייער צאָרן אויפן קאָפּ פונעם הייליקן פאָלק: געהרגעט, גערויבט, געפּלינדערט און אויפגעשטעלט געטאָס און טויט־לאַגערן.

רב לייזער איז פאַר אַ קורצער צייט באַקאַנט געוואָרן אין לוצקער געטאָ ווי אַ וווּנדערלעכער צדיק. ער פלעגט טאָן חסדים, האָט דערמונטערט, געהאָלפן און נישט איין מאָל זיך געשטעלט אין סכנה. ער האָט בכלל נישט געטראַכט וועגן זיך, נאָר זיך איבערגעגעבן אינגאַנצן זיינע ברידער.

זיין נאָמען איז געוואָרן מפורסם ווי פון אַ צדיק און הייליקן. אָבער די רשעים, וואָס קאָנען נישט סובל זיין קיין ליכט, האָבן זיך צו אים צוגעטשעפּעט. זיי האָבן אים איינמאָל געכאַפּט בעת ער איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין טלית־און־תפילין און געדאַוונט, האָבן אויסגעבראָכן מיט אַ גרויס געלעכטער און אים מכבד געווען מיט שרעקלעכע קלעפּ. און היות זיי האָבן געפונען ביי אים אַ ביסל עסנוואַרג, וואָס ער האָט פאַרגרייט פאַר קראַנקע, האָבן זיי אים געשלעפּט, אין אָנהייב מיט געלעכטער און דערנאָך מיט ערנסט קלאָמפערשט, צו אַ „משפּט". און די אייגענע רשעים האָבן אויך דורכגעפירט דעם „משפּט" און אַרויסגעטראָגן אויף אים, קייכנדיק פון געלעכטער, אַ גרויליקן פּסק־דין: תליה.

מ׳האָט געכאַפּט יידן אין די גאַסן, זיי זאָלן אים שלעפּן אויף אַ שטריק צו אַ בוים, ווו מען וועט אים אויפהענגען. אין אָנהייב האָבן די יידן זיך אָפּגעזאָגט און זיך געוואָלט אַרויסדרייען, אָבער די רשעים האָבן גענומען זיי שלאָגן און דראָען מיט זייערע רעוואָלווערן. פאַרווונדעטע און אָפּגייענדיק מיט בלוט, האָבן זיי זיך נאָך אַלץ אָפּגעזאָגט, ביז רב לייזער איז צו זיי צוגעשטאַנען און זיי געבעטן, געחלשט פאַר זיי, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן דעם באַפעל פון די רשעים.

באין־ברירה האָבן זיי אים געפאָלגט און געשלעפּט מיט שטריק, אונטער דעם געלעכטער פון די רשעים, און איבערגעגעבן אין די הענט פון די שטענדיקע תלינים פון דער געסטאַפּאָ. און יענע האָבן אים גענומען אויפהענגען אויף דעם בוים וואָס ביי דער זייט גאַס, וועלכע האָט אַמאָל געהייסן „דריטער מאַי". די רשעים האָבן געלאַכט, און די יידן, להבדיל, געוויינט. דאָס געלעכטער האָט זיך אויסגעמישט מיטן געוויין. ווען רב לייזער האָט צוגעזען דעם צער פון די יידן, האָט ער זיי דערמוטיקט און געשטאַרקט, און געזאָגט אַזוי:

„אונדזער הייליקער רבי, רב נחמן, זכרון צדיק לברכה, האָט מבטיח געווען יעדן יידן, וואָס וועט קומען אויף זיין קבר, אַז ער וועט אים פאַר זיינע פּאות אַרויסציען פון גיהנום. און איך הקטן בין אייך מבטיח, אייך משמח צו זיין צוליב צער, וואָס איך האָב אייך גורם געווען".

ער האָט אויסגעשריגן: „שמע ישראל!" און איז נסתלק געוואָרן אין די הימלען אַריין.

פון דעמאָלט אָן — האָט דער לוצקער דערציילט — פלעגט מען קומען צו דעם תליה־בוים און שעפּן דערמונטערונג. ווען ער איז אַוועק פון לוצק, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, און ער האָט מיט זיך גענומען אַ וואָרצל מיט אַ פלאַנצל פון דאָזיקן בוים לזכרון.

די גאַנצע צייט פון זיינע וואַנדערונגען האָט ער אָפּגעהיט דאָס פלאַנצל עס זאָל נישט איינטריקענען, זיך באַראַטן מיט גערטנער און פאַכלייט און דערויף אַכטונג געגעבן. ווען ער איז סוף־כל־סוף, מיט גאָטס הילף, געקומען קיין ישראל און געהערט וועגן דעם קעלער פון דעם אומקום אויפן הר־ציון, וועלכער איז דער אומבאַקאַנטער קבר פון די זעקס מיליאָן, האָט ער באַשלאָסן צו פאַרפלאַנצן דאָס פלאַנצל נעבן דעם קבר אויפן הר־ציון.

ער איז אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג און גערעדט מיטן משגיח, אַ זון פון וואַרשעווער רב, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאַראייביקן דעם אומקום. יודעי־דבר האָבן אים געהאַט געזאָגט, אַז דער משגיח וועט זיך אָנכאַפּן דעריך, ווייל ער שעצט דאָס סימבאָלישע און דערהויבענע, אָבער דאָס מאָל האָבן זיי אַ טעות געהאַט. דער משגיח האָט זיך גאָר דערשראָקן פאַר דעם געדאַנק. ער האָט באַוווּנדערט זיין דרייסטע און דערהויבענע האַנדלונג, אָבער זיך געקווענקלט ממלא צו זיין זיין פאַרלאַנג. ס׳איז אַ חשש פון פאַרגעטערן דעם בוים, פון מעשה „אשרה". ער האָט אים געזאָגט, אַז אַרום די הייליקע ערטער זענען תמיד געוואַקסןביימער, וועגן וועלכע ס׳זענען דערציילט געוואָרן אַ סך אגדות און מעשיות, און פונדעסטוועגן האָט מען קיין איינעם פון זיי נישט אויפגעהיט. מען האָט נישט געהאַלטן אין חשיבות קיין ביימער. נאָר אַזויווי אין אונדזערע צייטן איז נישטאָ קיין חשש־„אשרה", האָט ער אים געגעבן אייגענע טעמים אין אַן אגדה־נוסח, דערציילט אַ מעשה, וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט אברהם אבינוס בוים „אלוני ממרא", וואָס איז געשטאַנען נעבן חברון.

דער דאָזיקער בוים — האָט דער משגיח געזאָגט — איז געשטאַנען אַ׳ סך יאָרן. מען האָט אים תמיד געהאַלטן אין

שטאַרקער חשיבות, ווייל אונטער אים איז געזעסן און געגעסן אברהם אבינו מיט די מלאכים. און וואָס דאַרף מען שוין מער דערפון? פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט אָנגענומען אין נישט איינגעהיט, דער דאָזיקער בוים.

אמת, די גויים האָבן אים באַוואַכט און אָפּגעריכט אַרום אים תפילות און אזכרות, אָבער די יידן — נישט. און דער טעם דערפון איז — ער ווערט געבראַכט אין ספרים — ווייל אויפן דאָזיקן פּלאַץ, וואָס האָט אַמאָל געדינט פאַר אַ יאַריד־פּלאַץ אין חברון, האָט מען אין דער צייט פון חורבן בית־שני פאַרקויפט עפנטלעך די געפאַנגענע יידן פאַר שקלאַפן און, לויטן מנהג פונעם אָרט, זיי צוגעבונדן ווי פּי צו דעם בוים. און פון דעמאָלט אָן איז זיין חשיבות געמינערט געוואָרן. אַ בוים, וואָס האָט מסכים געווען, מען זאָל צו אים צובינדן יידן, איז אַ בוים ווי אַלע ביימער און פאַרמאָגט נישט קיין גרעסערע חשיבות.

„און וואָס איז דאָס חשיבות פון דעם בוים, — האָט געפרעגט דער משגיח, — וועלכער האָט מסכים געווען, אַז רב לייזער זאָל אויף אים אויפגעהאָנגען ווערן?"

דער משגיח האָט זיך געקווענקלט און נישט געגעבן דערויף זיין הסכמה. אָבער רב יצחק, וועלכער האָט דאָס פלאַנצל געבראַכט, האָט מיט אים נישט מסכים געווען, איז געבליבן ביי זיין דעה און, נישט אָנפרעגנדיק זיך, אַרויפגעגאַנגען אין איינעם אַ פאַרנאַכט מיט זיינעם אַ חבר, און זיי האָבן פאַרפלאַנצט דאָס פלאַנצל.

די מעשה איז באַוווּסט געוואָרן ערשט שפּעטער בלויז דורך אַ צופאַל.

ד"ר ט. קוניצאַ־גאָלדשטיין / ירושלים

# אקופּאציע, געטא, אומקום

(זכרונות)

ס'איז זייער שווער זיך אומצוקערן צו יענע צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, פון געטאָ און ליקווידאַציע. עס ווילט זיך אַזוי דערין פאַרגעסן. דאָס איז אָבער אַ חוב פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט דעם חורבן איבערגעלעבט, אַ פליכט לגבי די אַלע אומגעקומענע, וועמענס לעצטער ווונטש פאַרן טויט איז געווען, אַז די געבליבענע זאָלן גאָרנישט באַהאַלטן. וועל איך פּרוּוון שילדערן אָט די טרויעריקע צייט, הגם ס'איז שווער צו געפינען אין דער מענטשלעכער שפּראַך די ווערטער אויף צו שילדערן דאָס דורכגעלעבטע.

### די דייטש־סאָוויעטישע מלחמה

די נאַכט פון 21־טן אויפן 22־טן יוני 1942 איז געווען אַ הייסע און אַ דעמפּיקע. עפּעס אַ מאָדנער אומרו איז געהאָנגען אין דער לופט. ווען 12 אַזייגער ביינאַכט איז געקומען צו מיר ה' ק. כדי צו באַזוכן זיין קראַנק קינד און מיר זענען אַדורכגעגאַנגען דעם שטאָטישן פּאַרק — זענען מיר אויפמערקזאַם געוואָרן אויף אָט דער שווערער שטילקייט, אַ שטילקייט פאַר אַ שטורעם.

אין די לעצטע טעג האָט מען אַ סך גערעדט וועגן אַ קאָנצענטראַציע פון דייטש מיליטער אויף דער מזרח־גרענעץ און הגם מיין מאַן האָט כסדר געטענהט, אַז דייטשלאַנד קאָנצענטרירט איר מיליטער נישט אומזיסט — האָט מען דאָס באַטראַכט ווי בייזע, נישט באַגרינדעטע נביאותן. די אָפּטימיסטן האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז בלויז אַ טאַקטישער מאַנעווער מצד די דייטשן, כדי נאָך עפּעס אויסצודינגען ביי די סאָוויעטן. אָבער ווען פינף פאַרטאָג האָבן אונדז אויפגעוועקט די דעטאָנאַציעס פון דער באָמבאַרדירונג, האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן מיר שוין געזען דורכן פענצטער אַ דראָזשקע מיט פאַרוווּנדעטע, וועלכע מען האָט אָפּגעפירט אין פּאָוויאַט־שפּיטאָל. אַפילו ווען די ערשטע באָמבעס זענען שוין געפאַלן, האָבן זיך נאָך געפונען אַזעלכע, און צווישן זיי — אַ הויכער סאָוויעטישער אָפיציר, וואָס האָט געוווינט ביי אונדז אין הויז, וועלכע האָבן געגלייבט, אַז דאָס זענען בלויז מאַנעוורעס. אָבער אָט די אילוזיעס זענען געוואָרן צעשטרייט בעת מאָלאָטאָוו האָט אָפּגעגעבן זיין דערקלערונג, אַז דייטשע אַעראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט די אָפענע שוצלאָזע שטעט פון ראַטנפאַרבאַנד.

אַלזאָ — מלחמה! מלחמה מיט דייטשלאַנד! אַ שרעק און אַ פּאַניק האָט אַרומגעכאַפּט די שטאָט. דאָס איז שוין נישט געווען יענע שטימונג פון יאָר 1939, ווען די מערהייט האָט דערוואַרט, אַז די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן. איצט האָט מען שוין גוט געוווּסט צו וואָס די דייטשן זענען פעיק, מען האָט שוין געהערט וועגן זייערע מעשים.

אין דער ערשטער ריי האָט די פּאַניק אַרומגעכאַפּט די מענער. אין יענער צייט האָט מען נאָך געגלייבט, אַז די פרויען געפינען זיך אין אַ קלענערער געפאַר. דאָ און דאָרט האָט מען געזען מענער מיט רוקזעק, וועלכע זענען אַוועק אויף מזרח, באַגלייט פון מאַמעס, פרויען און קרובים. די, וואָס האָבן גע־

אַרבעט אין רעגירונגס־אַמטן האָבן געהאַפּט, אַז מען וועט זיי אין דער געהעריקער צייט עוואַקוירן צוזאַמען מיט די אינ־סטיטוציעס.

איך מיט מיין מאַן, ביידע דאָקטוירים, האָבן דערוואַרט, אַז מען וועט אונדז מאָביליזירן אין דער אַרמיי. מיר האָבן צוגעגרייט צוויי קליינע וואַליזקעס מיט די פּערזענלעכע זאַכן און יעדער פון אונדז איז אַוועק אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ. מיר האָבן אָפּגעשמועסט, אַז מיר וועלן זיך טרעפן 5 אַזייגער אין אונדזער נייער וווינונג אויף באַלעסלאַוו כראָברי־גאַס.

אָבער צו דער באַגעגעניש איז שוין קיינמאָל נישט גע־קומען! פאַר 5 אַזייגער האָב איך פאַרלאָזט מיין מוטערס הויז, וואָס האָט זיך געפונען נעבן „באַנק פּאָלסקי" און איז דערפאַר געווען אויסגעשטעלט אויף אַ גרעסערער געפאַר באָמבאַרדירט צו ווערן, איידער מיין וווינונג אויף באַלעסלאַוו כראָברי. איך בין געגאַנגען דורך דער לאַנקע כדי צו באַווייזן קומען ביז 5 אַזייגער אַהיים, ווו איך האָב זיך געדאַרפט טרעפן מיט מיין מאַן. אויפן וועג האָב איך געטראָפן ה' קאַרטין מיט וועמען איך האָב אַ ווײַלע געשמועסט און דאָס האָט דעצידירט וועגן מיין לעבן.

מער־ווייניקער אין אַ צען מינוט אַרום (אַזויפיל האָט געדאַרפט דויערן, אַז איך זאָל באַווייזן אַהיים צו קומען) האָט דער הימל זיך באַדעקט מיט אַ ריזיקער צאָל דייטשע אַעראָפּלאַנען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די שטאָט. דער הימל איז געוואָרן שוואַרץ. מיר זענען געלאָפן אויף דער לאַנקע אין דער ריכטונג צום טייך. אין דער זעלבער ריכטונג האָבן אויך מאַסנווייז אָנגעהויבן אַנטלויפן די מענטשן פון די הייזער. די דייטשע אַעראָפּלאַנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק און גענומען באַשיסן די אַנטלויפנדיקע באַפעלקערונג. די לאַנקע איז געוואָרן באַדעקט מיט פאַרוווּנדעטע און גע־הרגעטע. מיטן וואַסער־קאַנאַל צווישן די געוויקסן האָב איך זיך דערשלאָגן צום טייך. דאָרט האָב איך זיך באַהאַלטן צווישן טשערעט ביז די באָמבאַרדירונג האָט זיך אָפּגעשטעלט.

געדויערט האָט דאָס אַ שעה־צוויי. מיר האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז דאָס איז אַן אייביקייט. ווען איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָב איך דערזען פון דער ווייט, ווי די גאַנצע באַלעסלאַוו כראָברי־גאַס איז אין פלאַמען, דאַקעגן מיין מוטערס הויז ביים „באַנק פּאָלסקי" שטייט גאַנץ. איך בין שנעל אַרויס־געקראָכן פון מיין באַהעלטעניש און איך האָב דערהערט ווי מען רופט: טאַניאַ, טאַניאַ... דאָס האָבן מיך געזוכט מיין מאַן און אַנדערע משפחה־מענטשן. זיי זענען געווען זיכער, אַז צו דער באַשטימטער צייט בין איך געווען אין שטוב. און היות אונדזער הויז איז געוואָרן באָמבאַרדירט און אַלע איינוווי־נער זענען אומגעקומען, בין איך דאָך אויך געווים צווישן זיי. זיי האָבן מיר געזוכט צווישן די הרוגים אין הויז און ווען זיי האָבן מיך נישט געפונען, האָבן זיי זיך משער געווען, אַז אפשר בין איך אַנטלאָפן אויף דער לאַנקע.

די ערשטע ווערטער פון מיין מאַן זענען געווען: „טאַניאַ, מיר האָבן שוין נישט קיין וווינונג, נישטאָ מער וווהין זיך אומצוקערן". ס'איז אָבער נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן וועגן זיך. מיר האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דאָס צונויפנעמען די פאַרוווּנדעטע און אָפּפירן זיי אין שפּיטאָל. דאָס שפּיטאָל איז געווען איבערפולט.

איך נאַכט זענען מיר אַוועק אין שפּיטאָל. אין שטאָט איז געווען פינצטער. אויפן וועג האָבן זיך געוואַלגערט איבער־געריסענע טעלעפאָן־דראָטן, אומגעוואָרפענע טעלעפאָן־סלופּעס, שטיינער און ציגל. אין דער לופט האָט זיך געפילט דער ריח פון אָפּגעברענטס און פון בלוט. אין שפּיטאָל האָבן מיר גע־אַרבעט אָן אַן אָטעם־פּויזע. יעדער פאַרוווּנדעטער איז דאָך געווען אַ באַקאַנטער, אַ סך זענען דאָך געווען אויך נאָענטע פריינד. ביים ליכט פון אַ נאַפט־לאָמפּ און פון שטיקלעך וואַטע געטונקענע אין אַלקאָהאָל — האָבן מיר אָפּערירט, געגייט, אַמפּוטירט. ס'איז נישט וויכטיק, וואָס מיר זענען נישט קיין קוואַליפיצירטע כירורגן. מיר מאָביליזירן אין זיך דאָס גאַנצע וויסן, וואָס מיר האָבן זיינער צייט באַקומען אויפן אוניווער־סיטעט, כדי צו ראַטעווען מענטשן פון טויט און צו לינדערן דעם ווייטיק.

און די באָמבאַרדירונג דויערט ווייטער. מיר האָבן דאָס געפיל, אַז אַ ליאַדע מינוט וועט דאָס גאַנצע שפּיטאָל איינפאַלן. אָבער מיר אַרבעטן ווייטער. און פאַרוווּנדעטע ברענגט מען אַלץ נייע און נייע. אָט האָט מען געבראַכט דעם ה' י. רויטער, וועלכער האָט באַקומען אַ קויל אין בויך בעת ער איז גע־שטאַנען אין אַ ריי נאָך ברויט. מען מוז אים תיכף אָפּערירן, הגם קיין גרויסע האָפענונג אים צו ראַטעווען איז נישטאָ.

דערווייל ליידיקט זיך אויס די שטאָט. די סאָוויעטן עוואַ־קוירן זיך, און צוזאַמען מיט זיי — יענע גליקלעכע, וועלכע זענען זוכה צו קריגן אַן אָרט אין זייערס אַן אויטאָ. די דירעקטאָרקע פון אונדזער שפּיטאָל, אַ סאָוויעטישע, איז מסכים צו נעמען מיט זיך עטלעכע דאָקטוירים, אָבער די, וואָס האָבן דערווייל באַקומען מאָביליזיר־צעטלען עצהט זי צו מעלדן זיך אין דער הויפּט־קאָמענדע. טיף אין האַרצן בין איך צופרידן, וואָס איך פאָר נישט מיט זיי, ווארים ווען די קראַנקע האָבן דערזען, אַז די דאָקטוירים פאַרלאָזן זיי, זענען זיי אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. פון אַלע זייטן האָב איך געהערט שטימעס: „טאַניע, דו וועסט אונדז נישט איבערלאָזן!". איך האָב זיי נישט איבערגעלאָזט. איך בין געבליבן מיט מיין מאַן און מיט נאָך אַ יידישן דאָקטער פּ. — אַ גינעקאָלאָג. אויפן גאַנצן שפּיטאָל־פּערסאָנאַל זענען מיר געווען בלויז דריי יידן. די אַטמאָספער איז געוואָרן אַ געדיכטע און אַן אומאָנגענעמע.

אַ פּלוצעמדיקע שטילקייט האָט אונדז אויפגעוועקט פון אָט דעם געשפּאַנטן צושטאַנד, אַ שטילקייט, וואָס אַנשטאָט צו באַרויקן, האָט זי אונדז אָנגעפילט מיט פחד. די דייטשן האָבן אויפגעהערט באָמבאַרדירן. די סאָוויעטן זענען אַנטלאָפן. די שטאָט שטעלט נישט מער קיין ווידערשטאַנד.

ס'איז איינס אַזייגער אין דער נאַכט פון דינסטיק אויף מיטוואָך, דעם 24־טן יוני 1941. די קראַנקע שלאָפן נאָכן נאַרקאָז. צוזאַמען מיט מיין מאַן גיי איך אַרויס פון שפּיטאָל, כדי זיך צו דערוויסן, וואָס עס הערט זיך ביי די עלטערן און וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. מיר האָבן פריער געהערט, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט מערסטנס זיך באַהאַלטן אין דער קאַטעדרע און אין סאָבאָר. גייען מיר אין דער ריכטונג פון דער קאַטעדרע. דאָס בילד, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז, לאָזט זיך נישט באַשרייבן. די שטאָט ברענט. מיר מוזן גיין אינמיטן ברוק, ווייל פון ביידע זייטן שטרעקן זיך די פייערדיקע צונגען. מען זעט נישט קיין לעבעדיקן. פון דאָ און דאָרט הערט

זיך דאָס וואָיען פון היימלאָזע און די אויפרייסן פון די פאַר־לאָזטע ברענענדיקע סאָוויעטישע טאַנקען.

נאָך אַ סך מי דערשלאָגן מיר זיך צו דער קאַטעדרע. דער סכראָן (בונקער) פון דער קאַטעדרע איז פאַרגאָסן מיט וואַסער. אויף די איבערגעוואָרפענע ברעטלעך שטופן זיך מענטשן מיט קינדער אויף די הענט און אויף די פּעק. די קינדער וויינען און די זקנים קרעכצן. מען נעמט אונדז אויף זייער וואָרעם. אַלע פרייען זיך, וואָס מיר זענען נישט אַוועק־געפאָרן, נאָר געבליבן מיט זיי. דער לייגט אונדז פאָר אַ ביסל הייסע טיי פון טערמאָס, אַן אַנדערער טרעט אונדז אָפּ אַ שטיקל אָרט, ווו זיך אַוועקצוזעצן און אָפּרוען. מען פילט זיך ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון אָט דער מענטשן־מאַסע. איך פריי זיך וואָס איך בין נישט אַוועקגעפאָרן, וואָס איך בין מיט זיי.

ליידער האָב איך דאָ די עלטערן נישט געטראָפן. מסתמא זענען זיי אין סאָבאָר. איך קלייב זיך אַהין, הגם אַלע וואָרענען, אַז איך זאָל עס נישט טאָן. איך מוז דאָך פאַרטאָג אומקערן זיך אין שפּיטאָל, און דאָס איז דאָך אוממעגלעך, איידער כ'וועל זיך זען מיט דער משפחה, וועלכע ווייסט נישט וואָס מיט מיר איז געשען.

אין סאָבאָר האָבן מיר אָנגעטראָפן אויפן זעלבן בילד פון פּיין און פאַרצווייפלונג. איך האָב דאָרט געפונען אונדזער משפחה, וועלכע איז צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע געלעגן אין אַ ווינקל אויפן דיל, אין איין שרעק, אַז איידער נאָך די דייטשן וועלן זיי געפינען, וועלן די אוקראַאינער זיי אויסשעכטן. די אַטמאָספער איז אַ געשפּאַנטע און אַן אומזיכערע. שעפּטשענדיק שטיל צווישן זיך כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד ביי די אוקראַאינער, דעצידירן די מערהייט יידן צו פאַרלאָזן די באַ־העלטעניש. קודם כל האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן די יונגע מענער, וועלכע זענען מער באַדראָט ווען די דייטשן וועלן זיי דאָ געפינען. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי פּשוט אַדורכ־צופירן. ביי די הויפּט־איינגאַנג זענען געשטאַנען אוקראַאינישע באַנדעס, וועלכע האָבן קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט פון סאָבאָר. אָבער אונדז האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצובאַקומען זיך דורכן הינטערשטן אַריינגאַנג. שטילערהייט, טאַפּנדיק אין דער פינצ־טער, זענען מיר אָנגעקומען צו מיין מאַמעס שטוב, וועלכע איז געווען נאָענט פונעם סאָבאָר.

אַלץ איז דאָרט געווען איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ. מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע אין דער פינצטערניש, און אַזוי זענען מיר געבליבן ביז ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן. פאַרטאָג זענען די דייטשן שוין געווען אין לויצק. זינט יענעם טאָג האָט זיך אָנגעהויבן די בהדרגהדיקע ליקווידאַציע און דער חורבן פון אונדזער לעבן אין לויצק.

## דאָס אַנטשטיין פון געטאָ אין לויצק

דעם 11־טן דעצעמבער 1941 האָבן די דייטשן געשאַפן אַ געטאָ אין לויצק. דאָס געטאָ איז געוואָרן ליקווידירט דעם 20־טן אויגוסט 1942. צו וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעשלעפּט אַכט חדשים כדי צו ליקווידירן די 12 טויזנט יידן — וועלן מיר זיך קיינמאָל נישט דערוויסן. איך האָב געהערט, אַז שוין אין 1941 איז געווען פאַרטיק דער פּלאַן פון ליקווידירן די לויצקער יידן, און דער פּרימיטיווער אופן מיט וועלכן זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין גורקע־פּאָלאָנקע האָט דאָך זיכער נישט געגייטיקט זיך אין אַן 8־חדשימדיקער צוגריי־טונג.

אַ געוויסע צייט נאָך פאַרן אַנטשטיין פון געטאָ האָבן

**FACHARBEITERAUSWEIS Nr. 1738**

Der [illegible] geb 1914

Familienstand: [illegible] Kinderzahl: — wohnhaft Luzk

ist von Beruf: Arzt gehoert als Solcher zum Facharbeiterstamm des Arbeitsamtes Luzk und darf nicht ohne Zustimmung des Arbeitsamtes anderweitig angesetzt werden.




Der Deutsche Leiter

אַ דאָקטאָר־באַשטעטיקונג

אָנגעהויבן אַרומגיין קלאַנגען, אַז די דייטשן גרייטן צו שאַפן אַ געטאָ אין לויצק. פון באַקאַנטע פּאָליאַקן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס געטאָ דאַרף וואַרשיינלעך זיך געפינען נאָך דער באַזיליאַנישער בריק. אַנדערע ווידער האָבן געהאַלטן, אַז דאָס געטאָ וועט זיין אויף ווילקע — זיי האָבן שוין אַפילו געזען ווי מען האָט אַדורכגעפירט די אויסמעסטונגען. די יידן האָט מען באַרויקט, אַז דאָס מאַכט מען פאַר זייער טובה וועגן — די פּאָליאַקן און יידן וועלן זיי מער נישט קאָנען מאָרדן, ווי זיי האָבן דאָס ביז איצט געטאָן. די פּאָליאַקן און אוקראַאינער ווידער האָט מען געזאָגט, אַז דאָס איז לטובת זיי — אַז די יידן זענען פאַרלייזיקט, אַז מצד זיי דראָט די סכנה פון אַ טיפוס־עפּידעמיע. דערפאַר איז בעסער צו איזאָלירן זיך פון זיי.

צווישן די יידן איז געווען אַ פּאַניק. אַ סך האָבן באַקומען וווינונגען אויף גנידעווו, אַנדערע נאָך דער באַזיליאַנער בריק. ווילקע האָט באַשלאָסן צו וואַרטן אויף מער זיכערע ידיעות. אָבער כאָטש מיר האָבן געוווינט אויף ווילקע, האָב איך זיך דעצידירט אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג פון אַ באַקאַנטער פאַ־מיליע אויף גנידעווו — אַז איך וועל באַקומען ביי זיי אַ צימער אַלס לוין פאַר דער הילף וואָס איך וועל זיי געבן — אויב מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה — ביים אויספּועלן אַ פּלאַס־טישע אָפּעראַציע פאַר אַ טאָכטער (זי האָט געהאַט אַ רויטן פלעק אויפן פּנים). ווי ווייט זענען מיר דעמאָלט געווען מיטן געדאַנק דערפון וואָס ס'איז שפּעטער געשען! איך האָב שוין אַפילו איבערגעשיקט דער פאַמיליע צוויי זעק קוילן אויף באַהייצונג (אַ קאָלאָסאַלע דערגרייכונג פאַר יענע צייטן) און אין די נאָענטסטע טעג האָבן מיר געדאַרפט אַהין זיך אַריינקלייבן.

דאָס איז געווען דעם 11־טן דעצעמבער 1941. ס'איז געווען אַ פראָסט. 6 אין דער פרי האָט מען מיך גערופן צו אַ קראַנק קינד אין אַ פּוילישער פאַמיליע און ווי אַ צוגאָב צום האָנאָראַר האָב איך באַקומען אַ האַלבן קילאָגראַם חזיר־פעטס. גליקלעך

מיט דער וויכטיקער מתנה האָב איך געאײַלט אַהיים, כדי אויפסנייַ זיך צו דערוואַרעמען אונטער דער פּערענע. אין דעם איז אַרײַנגעפאַלן ה׳ גאַמזאָן — דער באַלעבאָס פונעם הויז, ווו איך האָב געוווינט נאָכן באַמבאַרדירן מיין וווינונג — און געזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך שנעל אָנטאָן, ווייל אין גאַס איז זייער אומרויק. מיר האָבן אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען, אַז יידן מיט פעק און מיט קינדער אויף די הענט ווערן געטריבן דורך דייטשן אויף פערד אין דער ריכטינג פון שטאָט. ווייזט זיך אַרויס, אַז אָנהייבנדיק פון „נאָווע סטראָיעניע" זענען די דייטשן אַרײַן אין יעדער יידישער שטוב, אַרויסגעטריבן פון דאָרט די איינוווינער און שפּעטער זיי געיאָגט פאָרויס. די דירות נאָך זיי האָט מען פאַרחתמעט.



מיר האָבן אָנגעהויבן שנעל זיך אָנטאָן. די רוקזעק מיט די וויכטיקסטע זאַכן זענען שטענדיק געווען גרייט. ווידער איז אַרײַנגעקומען גאַמזאָן און איבערגעגעבן, אַז אים איז געלונגען צו באַקומען אַ פור מיט אַ פערד. מיר קאָנען דאָס אויך אויסנוצן און אפשר וועט זיך אונדז איינגעבן צו אַנטלויפן נאָך איידער די דייטשן וועלן קומען אַהער. אָבער ווען מיר האָבן שוין געדאַרפט רירן פון אָרט, איז אַרײַנגעפאַלן אַ גרופּע דייטשן. זיי האָבן פאַרהאַלטן די פור און אָנגעהויבן שלאָגן די מענער מיט נאַהייקעס. אונדז האָט זיך דאָך איינגעגעבן אַרויסצורייסן זיך פון זייערע הענט, און איבערלאָזנדיק אַלץ וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, זענען מיר דורכן הויף אַנטלאָפן אין פעלד אַרײַן. דאָרט האָבן מיר אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די געלע לאַטעס און די ווייסע אָרעם־בענדער מיטן מגן־דוד און מיר זענען אַוועק צו דער באַאַמטן־קאָלאָניע, וואָס איז געווען באַוווינט דורכאויס פון פּאָליאַקן.

מיין מאַן האָט זיך דערמאָנט, אַז ערגעץ אין דער געגנט וווינט זיינער אַ פּאַציענט, וועלכן ער האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק אויסגעהיילט פון אַ שווערן טיפוס. מיר זענען אַהין אַרײַן.

די פרוי פון דעם פּאַציענט, ווי נאָר זי האָט אונדז דערזען, איז זי בלייך געוואָרן. זי האָט שנעל פאַרקלאַפּט טיר און פענצטער און די ערשטע פראַגע אירע איז געווען, צי קיינער האָט אינדז נישט באַמערקט אַהער אַרײַנגיין. מיר האָבן זי באַרויקט, אַז מיר וועלן דאָ לאַנג נישט זיין. מיר בעטן בלויז, אַז זי זאָל אַרויסגיין אין שטאָט און זיך דערוויסן וואָס די דייטשן טוען מיט די יידן און וווהין זיי טרייבן זיי. צי האַנדלט זיך טאַקע אין אַ געטאָ, אָדער זיי טוען מיט די לויצקער יידן דאָס זעלבע, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט עטלעכע חדשים צוריק אין ראָוונע, ווו זיי האָבן אויסגעמאָרדעט טויזנטער יידן.

זי האָט אונדז פאַרמאַכט אויפן שלאָס און אַוועק. אינגיכן איז זי צוריקגעקומען מיט אַ ידיעה, אַז וואַרשיינלעך טרייבט מען די אַלע יידן אין דער ריכטונג פון דער באַזיליאַנער בריק. וואָס עס קומט ווייטער פאָר — ווייסט קיינער נישט. זי האָט אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן וואָס שנעלער פאַרלאָזן איר וווינונג. מיר זענען אַוועק.

וווהין זאָלן מיר איצט גיין? מיר זענען צו פּאָפּולער אין לויצק און יעדע מינוט דראָט אונדז דער טויט פאַר אַרומגיין אָן דער געלער לאַטע. מיר זענען אַרײַן צו אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, דעם ד״ר י. מיט אַ צייט צוריק האָבן מיר אים איבערגעגעבן צום באַהאַלטן געוויסע חפצים, וועלכע זענען געווען פאַרבאָטן פאַר יידן צו באַזיצן נאָך איידער דאָס געטאָ איז אַנטשטאַנען. זיין פרוי, אויך אַ דאָקטאָרין, וועלכע איז פון פאַר דער מלחמה באַקאַנט געווען מיט אירע ליבעראַלע אָנשויונגען, האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט פון שרעק, אַז מיר זאָלן, גאָט באַהיט, צו לאַנג ביי איר נישט בלייבן. זי האָט אונדז געעצהט, אַז מיר זאָלן זיך אַרײַנבאַקומען אין פּריוואַט־שפּיטאָל, ווו איך האָב פריער געאַרבעט.

דאָס איז אויך נישט געווען קיין פשוטער ענין. דורך אַ פאַרפרוירן טייכל, דורך פעלדער, און אין דער כסדרדיקער געפאַר, אַז מען זאָל אונדז נישט דערקענען, זענען מיר אָנגעקומען אין שפּיטאָל. דירעקטאָר פון שפּיטאָל איז דאַן געווען ד״ר זאַלעסקי, אַן אוקראַאינער, געוועזענער דאָקטאָר פון קראַנקן־קאַסע. פאַר דער מלחמה איז ער געווען זייער פּאָפּולער ביי יידן. איך האָב אים אָפן געזאָגט, אַז מיר אַנטלויפן פון די דייטשן און מיר ווייסן נישט וואָס ווייטער צו טאָן. צוליב דעם וואָס דער דירעקטאָר האָט נישט באַקומען קיין שום אָפיציעלע פאַראָרדענונג וועגן אַרויסגעבן די יידן — האָט ער מיר דערלויבט צו בלייבן צייטווייליק אין שפּיטאָל, אָבער דעם מאַן מיינעם קאָן ער בשום אופן נישט דערלויבן דאָ צו זיין. ער דאַרף אַוועק אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ ביי דער באַן, ווו ער האָט געאַרבעט אין דער באַן־אַמבולאַטאָריע אַלס דאָקטער. און אַזוי אַרום בין איך געבליבן אין שפּיטאָל אַליין, אָפּגעשניטן פון מאַן, פון דער פאַמיליע און פון יידן.

איינע פון די שפּיטאָל־שוועסטער האָט מסכים געווען צו גיין אין שטאָט געוואָר ווערן וואָס עס הערט זיך, און אויב דאָס וועט מעגלעך זיין — פאַרשטענדיקן זיך מיט מיין פאַמיליע, וועלכע האָט געוווינט נעבן „באַנק פּאָלסקי". זי איז צוריקגעקומען מיט טרויעריקע ידיעות. מיין מוטערס שטוב

איז געווען פוסט. צוזאַמען מיט די אַנדערע יידן זענען מיינע נאָענטע געטריבן געוואָרן אין דער ריכטונג פון דער באַזיליאַנער בריק.

פאַרוואָס בין איך אַנטלאָפן? פאַרוואָס האָב איך זיך אָפּגעריסן פון מיין פאַמיליע? וואָס איז געשען מיט זיי? וואָס איז מיטן מאַן, מיט דער מאַמע? און וואָס וועט זיין מיט מיר ווען די דייטשן וועלן אַריין אַהער אין שפּיטאָל? — אין אַזאַ געמיט־צושטאַנד האָב איך געמוזט אַרבעטן און מאַכן אַן אָנשטעל, אַז כ׳בין רויק. דאָס שפּיטאָל איז געווען פול מיט אוקראַינער און איך האָב געמוזט אויספירן די פונקציעס פון רוב פּוילישע און אוקראַינישע דאָקטוירים, וועלכע זענען אַוועק אין שטאָט זיך צוקוקן צום ספּעקטאַקל. עפּעס אַזוינס קאָן מען דאָך זען בלויז איין מאָל אין אַ יאָרהונדערט!

און מיטאַמאָל דערזע איך דורכן פענצטער ווי די דייטשן גייען אין דער ריכטונג צום שפּיטאָל. עס גייען אַהער די געסטאַפּאָ־לייט מיט די הינט און מיט נאַהייקעס אין די הענט. ס׳איז פיר אַזייגער נאָכמיטאָג. אין שפּיטאָל איז נישטאָ קיין איין פּוילישער דאָקטאָר. די הויפּט־שוועסטער, אַן אוקראַאינערין, האָט זיך פאַרלוירן און שנעל מיך באַהאַלטן אונטערן ליילעך, מיט וועלכן ס׳איז געווען איבערגעדעקט די גינעקאָלאָגישע שטול. אויף דער פראַגע: „האַבען זי היער יודען?" האָט זי געענטפערט בעגאַטיוו. אַלזאָ, ס׳איז געשען. די פאַסטקע האָט זיך פאַרקלאַפּט. איצט בין איך אין זייערע הענט; אָפּהענגיק פון זייער גוטן ווילן. צו וואָס האָב איך דאָס געטאָן? וואָס וועט זיין מיט מיין מאַן, מיט מיין משפחה? וואָסער גורל דערוואַרט די געטריבענע יידן?

אָבער מען מוז בלייבן רויק, מען טאָר נישט וויינען, מען דאַרף שפּילן. די קראַנקע פויערן פון די שכנותדיקע דערפער האָבן נישט קיין אַנונג וועגן מיין יידישקייט. מען דאַרף רויק און מיט ווירדע אויספירן די פליכטן פון אַ דאָקטער.

עס פאַלט צו די נאַכט. אַ שטילקייט. מען הערט נישט פון ערגעץ קיין שיסעריי. דאָס איז גוט. די פּוילישע דאָקטוירים זענען נאָכן אָוונט־וויזיט אַוועק אַהיים. ווי גוט איז דאָס, וואָס אַ יידישער דאָקטאָר קאָן פאַר זיי אויספירן דעם נאַכט־דיזשור. פּלוצעם דערהער איך אַ קלונג און עס קומט אַריין מיין מאַן, אַ בלייכער און אַ באַגאָסענער מיט שווייס, הגם אין דרויסן איז אַ שטאַרקער פראָסט. זיין נאַטשאַלניק, אַ פּאָליאַק, האָט אים נישט דערלויבט בלייבן אין דער אַמבולאַטאָריע און אינמיטן נאַכט האָט ער אים באַפוילן פאַרלאָזן דעם בנין, אין וועלכן עס געפינט זיך די אַמבולאַטאָריע. כדי נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט ביי די קראַנקע און ביי די סאַניטאַרן האָב איך אַוועקגעלייגט מיין מאַן אין דער אָפּטיילונג אַלס קראַנקן אויף אַ שווערן אַפּענדיציט.

אין דער פרי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אויף יענער זייט באַזיליאַנער בריק האָט מען געמאַכט אַ געטאָ, וואָס ווערט באַוואַכט פון אוקראַינער און דייטשן. די יידן איז נישט דערלויבט אַרויסצוגיין פון געטאָ. בלויז די פּאָליאַקן, וועלכע וווינען נאָך דאָרט, האָבן באַוועגונג־פרייהייט. זיי שטעלן מיט זיך אויך פאָר דעם איינציקן קאָנטאַקט פון די יידן מיט די אַנדערע טיילן שטאָט. אַז דאָ און דאָרט איז עמיצער אומגעקומען, אַז מען האָט ווער מען דערוויל דערשאָסן — דאָס רעכנט זיך נישט. דער קאָמיסאַר לינדער — אַ געוועזענער קאַסירער פון ביעדלין, איז אין אַ גוטער שטימונג צוליב די זעקעלעך מיט גאָלדענע פינגערלעך, וועלכע זענען פאַר אים צונויפגעקליבן געוואָרן אין געטאָ דורכן יודענראַט מיטן אַדוואָקאַט העניג בראש.

10 אַזייגער אין דער פרי איז געקומען ד"ר זאַלעסקי. ער וויל אונדז, חס וחלילה, נישט אַרויסטרייבן, אָבער ער קאָן אויך נישט אונדז דאָ איבערלאָזן. מען דאַרף אַוועק אין געטאָ, אָבער ווי אַזוי?

פון דעם מאָמענט אָן האָט עקזיסטירט פאַר מיר בלויז איין פאַרלאַנג: פאַרלאָזן וואָס שנעלער דעם שפּיטאָל און אַריינבאַקומען זיך אין געטאָ, זיין מיט אַלע צוזאַמען און טיילן זייער גורל. קיין שום זאַך האָט אונדז נישט אָפּגעשראָקן. די ערגסטע ידיעות זענען געווען בלייך לגבי דער אומגעהויערער בענקשאַפט צו זיין ווידער צווישן אייגענע — צווישן יידן.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז מיר וועלן זיך קאָנען אָנשליסן צו אַ גרופּע יידישע אַרבעטער, וועלכע קערן זיך אום אין געטאָ אונטער דער וואַך פון יידישע פּאָליציאַנטן. אויף אַזאַ אופן זענען מיר אין איינעם אַן אָוונט אַריבער די באַזיליאַנער בריק, וועלכע איז געווען באַוואַכט דורך דייטשן.

ביים אַריינקומען אין דעם אַזוי גערופענעם געטאָ האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ מאַסע מענטשן אין גאַס. אַ טייל פון זיי האָט דערוואַרט דעם אומקער פון די משפחה־מיטגלידער, וועלכע איז אין דער פרי אַוועק אויף אַרבעט אויסערן געטאָ. נישט וויכטיק, וואָס זיי האָבן זיך אומגעקערט הונגעריקע, פאַרמאַטערטע און שמוציקע — דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס זיי זענען צוריקגעקומען, וואָס זיי לעבן. אַנדערע ווידער זענען אַרויס פון די שטיבער, פּשוט ווייל דאָרט איז געווען דושנע, ענג און שמוציק.

אין משך פון נישט קיין גאַנצן טאָג האָט מען איבערגעוואָרפן אין צוויי שטאָט־קוואַרטאַלן אַ מאַסע פון 18 טויזנט פערזאָן! נישט אַלעמען איז געלונגען צו באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ. די היימלאָזע זענען איינלאָקירט געוואָרן אין שולן, אין געוועזענע געווועלבער און סקלאַדעס. דאָרט זענען זיי אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט.

די יידן זענען געווען אָפּגעטיילט פון דער שטאָט מיט אַ מויער פון אוקראַינער און דייטשן. זיי זענען געווען אָן שפּייז־מיטלען (הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג האָט מען צוגעטיילט אויף איין פערזאָן), אָן זייף. זיי זענען כסדר פול געווען מיט פחד, צי דער משפחה־מיטגליד, וואָס איז אַרויס אויף אַרבעט, וועט צוריקקומען. זיי זענען געווען אויסערן געזעץ. פאַר דער קלענסטער איבערשרייטונג פון געזעץ, פאַר דער מינדסטער עבירה — טויט. איבעריקנס, האָט דער טויט געדראָט יעדן איינעם אַפילו אָן דער מינדסטער שולד.

ס׳איז אפשר שווער צו גלייבן, אָבער איך האָב זיך געפרייט וואָס איך בין מיט זיי צוזאַמען, וואָס איך מוז נישט מער זען די פּנימער פון די אוקראַינישע און פּוילישע „פריינד". מיין פאַמיליע האָב איך אָפּגעפינען אין אַ האַלב־איינגעפאַלן הויז, וואָס איז שוין פון לאַנג נישט געווען באַוווינט. בערך 10 פערזאָן האָבן געוווינט אין איין צימער. אַלע האָבן געוויינט, אָבער גלייכצייטיק האָט מען זיך געטרייסט. דער עיקר, אַז מיר זענען דאָ, אַז מיר לעבן. קאָלעגן דאָקטוירים זענען געקומען אונדז באַזוכן. איך געדענק נאָך ווי ד"ר ראָזענשטראָם האָט

מיך געטרייסט, אַז איך זאָל זיך נישט איבערנעמען דערמיט, וואָס כ׳האָב אַלץ פאַרלוירן; אַז ער האָט עפּעס מיטגעבראַכט אין געטאָ און ער וועט זיך טיילן מיט אונדז.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטל פון לעבן אין לויצקער געטאָ, אַ קאַפּיטל, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט צוזאַמען מיט דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

## בילדלעך פון לעבן אין לויצקער געטאָ

דעם גרעסטן טייל פון טאָג האָבן די מענטשן פאַרברענגט אין גאַס. אַז מ׳האָט געוואָלט עמעצן זען, איז גענוג געווען אַרויסצוגיין אויפן קאַטעדרע־פּלאַץ. דאָרט האָט מען געטראָפן אַלעמען — חוץ יענע, וואָס מען האָט גענומען אין דער פרי אויף אַרבעט אויסערן געטאָ.

אָבער ווי נאָר ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט איז דאָס לעבן אין גאַס אָפּגעשטאָרבן. פּאָליציי־שעה. די יידן איז נישט דערלויבט, אַפילו אין געטאָ, צו פאַרלאָזן זייערע וווינונגען, זייערע לעכער. ס׳איז שטיל און פּוסט. מען הערט בלויז דאָס טופּען פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע פּאַטראָלירט פּאָרנווייז איבער די גאַסן.

אין די הײַזער איז דאָס לעבן נישט אָפּגעשטאָרבן. צווישן איין הויז און דעם צווייטן עקזיסטירט ווײַטער אַ קאָנטאַקט דורך די הייף, דורכגענג, מיט דער הילף פון ספּעציעלע צייכנס. יעדע ידיעה וועגן אַ סכנה פאַרן געטאָ ווערט בליצשנעל פונאַנדערגעטראָגן. נישט איין מאָל ווערט אַזאַ ידיעה פאַרשפּרייט מיט סכנות נפשות.

אין איינעם אַ ווינטערדיקן אָוונט איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען אַ ידיעה, וועלכע איז געבראַכט געוואָרן דורך דער יידישער מיליץ — אַז עס גרייט זיך עפּעס אויף דער אַרישער זײַט. מ׳האָט, ווײַזט אויס, מאָביליזירט די אוקראַינישע מיליץ און נעבן דער דייטשער זשאַנדאַמעריע איז קאָנצענטרירט אַ גרויסע צאָל אויטאָמאָבילן.

אין יענער נאַכט איז קיינער נישט געשלאָפן. אַלע זענען געווען אָנגעטאָן, געשפּאַנט, דענערווירט און איבערגעשראָקן. אויף צו מאָרגנס איז געווען אַ בלאָטע. ס׳איז געפאַלן אַ שניי מיט אַ רעגן. די גאַנצע יידישע מיליץ איז געווען מאָביליזירט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער טייל געטאָ וואָס געפינט זיך אויף קראַסנע, דאַרף ווערן תיכף ליקווידירט. אַלע יידן פון דאָרט דאַרפן, ווי זיי שטייען און גייען, תיכף אַוועק אין געטאָ פון גנידעוו. קיין וועג צווישן קראַסנע און גנידעוו איז נישטאָ און די יידן מוזן גיין דורך די פעלדער, וועלכע זענען נאָכן רעגן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין זומפּ. און דורך אָט די בלאָטעס דאַרפן זיי גיין פעסט צוזאַמען. יעדער איינער וואָס פאַרהאַלט זיך, פאַרטשעפּעט זיך אָדער פאַלט — ווערט דערשאָסן אויפן אָרט. אַ סך קראַנקע, זקנים און שוואַכע זענען דעמאָלט אומגעקומען.

די אוקראַינישע מיליציע איז געשטאַנען אויפן בערגל און אַכטונג געגעבן, אַז מען זאָל, חלילה, נישט שוינען קיין איינעם וואָס האָט נישט קיין כוח צו גיין. זיי האָבן זיך געמאַכט דערפון אַ פאַרוויילונג. יעדער איינער פון זיי האָט זיך גערימט, אַז די צאָל פון די יידן וואָס ער האָט דערהרגעט איז גרעסער ווי בײַ אַ צווייטן. דאָ איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די יידישע מיליציאַנטן האָבן צוגענומען די קינדער פון די זקנים און פרויען און אַזוי אַרום פאַרלייכטערט זיי דאָס גיין. זיי האָבן דערבײַ אײַנגעשטעלט דאָס אייגענע לעבן. איך געדענק די גליקלעכע פּנימער פון אָט די מיליציאַנטן, וואָס זיי האָט זיך אײַנגעגעבן צו ראַטעווען אַזויפיל און אַזויפיל קינדער, זקנים און פרויען; וואָס אַדאַנק זיי זענען אָט די אומבאַהאָלפענע מענטשן אָנגעקומען לעבעדיק. מען האָט דעמאָלט נישט געטראַכט וואָס עס וועט מאָרגן מיט זיי זײַן, פון וואָס זיי וועלן לעבן, ווו זיי וועלן שלאָפן; אַז אויב זיי זענען נישט איצט אומגעקומען פון די רוצחישע הענט, וועלן זיי אומקומען פון הונגער, קעלט און טיפוס. וועגן דעם האָט מען איצט נישט געדאַרפט טראַכטן. איצט האָט מען געדאַרפט ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. און מאָרגן? גאָט מײַנער! קיין מאָרגן איז סײַ ווי נישטאָ...

אין פרילינג 1942 האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ ידיעה, אַז אין שטאָט מחוץ דעם געטאָ ווערט מאָביליזירט די אוקראַינישע מיליץ, און אַז עס זאַמלען זיך ווידער אַ סך אויטאָס בײַ דער דייטשער זשאַנדאַמעריע. זייער שנעל האָבן אַלע אין געטאָ פאַרשטאַנען, אַז עפּעס גרייט זיך. ווידער איז מען נישט געשלאָפן בײַנאַכט, נאָר אָנגעטוענע געוואַרט אויף דעם וואָס דאַרף קומען. משפחות און פרײַנד האָבן זיך צונויפגעזאַמלט און אָפּגעוואַרט דעם פרימאָרגן. אין דער פרי האָט אין געטאָ אַרײַנמאַרשירט די זשאַנדאַרמעריע און אַרויסגעגעבן דורכן יודענראַט אַ באַפעל, אַז אַלע מענער זאָלן זיך צונויפזאַמלען אויפן קאַטעדרע־פּלאַץ בײַם בנין פון יודענראַט.

וואָס טאָן? נישט גיין? באַהאַלטן זיך? אַנטלויפן? וווהין? יעדער האָט געוווּסט וועגן דער קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס די דייטשן האָבן אָנגעווענדט. יעדער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב ער וועט נישט זײַן אויפן פּלאַץ, וועט דערפאַר זײַן פאַראַנטוואָרטלעך די גאַנצע משפחה — די פרוי, די קינדער, די עלטערן. דערפאַר האָט מען זיך דעצידירט אַהין צו גיין. קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס אים דערוואַרט. צי זיי וועלן דערהרגענען אויפן אָרט, צי זיי וועלן אַרויספירן, אָדער דורכפירן אַ סעגרעגאַציע. און יעדער האָט זיך געזעגנט מיט זײַן משפחה אַזוי, ווי ער וואָלט זי שוין קיינמאָל מער נישט געדאַרפט זען.

איך בין נישט אַרויס פון שטוב. ס׳איז שווער צו באַשרײַבן דאָס געפיל פון אַ מענטשן וואָס איז דעמאָלט געבליבן אין שטוב. ער איז געווען אַזוי שרעקלעך אויסגעמאַטערט, אַז ער האָט אַפילו נישט פאַרצווייפלט. דאָס קאָן מען אַפילו נישט אָנרופן אַפּאַטיע. ער האָט פּשוט נישט געלעבט — ער האָט געאָטעמט, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, אָבער אַלדאָס איבעריקע איז געווען אָפּגעטויט. איך ווייס נישט ווי לאַנג דער צושטאַנד האָט געדויערט, אַ שעה־צוויי, אָדער אַן אייביקייט. ענדלעך האָט די טיר זיך געעפנט און עס זענען אַרײַן מײַן מאַן, די ברידער, די שכנים און באַקאַנטע — אַלע געזונטע און גאַנצע. מען האָט נישט סעגרעגירט, מען האָט נישט געשלאָגן. מען האָט פּשוט אַלעמען צונויפגענומען, איבערגעציילט, קאָנטראָלירט די אָנוועזנהייט און געהייסן זיך פונאַנדערגיין.

דאָס איז געווען די דייטשע פּערפידיע! זיי האָבן קיינמאָל נישט ׳איבערגעחזרט דעם זעלבן אופן צוויי מאָל. זיי האָבן

געהאַלטן, אַז דער גייסט אין געטאָ איז נאָך נישט איינגאַנצן געבראָכן. עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז דאָרט שטעקט נאָך אַ געוויסער ווידערשטאַנד, אַ געוויסע קראַפט. אין דער לעצטער מינוט האָבן זיי דעצידירט אַדורכצופירן אַזאַ שפּיל כדי צו דעזאָריענטירן די יידן. און דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן.


Abschrift

Luck, den 24.12.1941



אין אָנהייב אויגוסט 1942 איז ווידער אויסגעבראָכן אַ פּאַניק אין געטאָ. מען האָט אָנגעהויבן שמועסן, אַז די דייטשן גרייטן עפּעס. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס געטאָ דאַרף ווערן פונאַנ־דערגעטיילט אויף „א" און „ב" — ווי אין קאָוועל. אין געטאָ „א" דאַרפן ווערן קאָנצענטרירט די יונגע און געזונטע מענטשן, וועלכע באַזיצן אַ „באַשעפטיקונגס־אויסווייז", און די איבעריקע וועלן זיך געפינען אין געטאָ „ב". ס'איז געווען נאָך אַ ווערסיע, אַז דאָס געטאָ לויצק וועט בכלל נישט ווערן ליקווידירט. אין אַלע שטעטלעך אַרום ליקווידירט מען טאַקע סיסטעמאַטיש די געטאָס, אָבער געטאָ לויצק וועט בלייבן, ווייל דאָ אַרבעט מען גוט, די דייטשן זענען צופרידן. אָט די ווערסיע האָבן פאַר־שפּרייט די דייטשן גופא. ס'איז אָבער אויך געווען אַ סברה, אַז אין לויצק וועלן די דייטשן טאָן דאָס זעלבע וואָס אין ראָוונע, און יעדער איינער דאַרף זיך ראַטעווען ווי אַזוי ער קאָן. יעדן טאָג איז געקומען אַן אַנדער ידיעה פון אַ „זיכערן קוואַל". אָט די קלאַנגען זענען מיט אַ כיוון פאַרשפּרייט געוואָרן דורך די דייטשן כדי אַרויסצורופן אַ כאַאָס און אַ פּאַניק. אויך די פּאָליאַקן האָבן נישט פאַרזוימט צוויסן צו טאָן זייערע פריינד־יידן, אַז זיי זאָלן זיך ראַטעווען, ווייל עס גרייט זיך עפּעס שלעכטס.

דערווייל האָבן די דייטשן צוגעשיקט אין יודענראַט אַ באַ־גרענעצטע רשימה פון פאַרשידענע פאַכלייט, וועלכע זענען זיי נייטיק. דער יודענראַט גופא האָט געדאַרפט אויסקלייבן די מענטשן אין געטאָ. דערמיט האָבן די דייטשן געצילט אַרויס־צורופן אַן אינערלעכע מלחמה צווישן די יידן אין געטאָ פאַרן רעכט אַריינצוגיין אין דער רשימה. און דאָס איז זיי געלונגען. מענטשן האָבן אָנגעהויבן קעמפן מיט אַלע מיטלען כדי זיך אַריינצובאַקומען אין דער רשימה. מען האָט זיך באַנוצט מיט פּראָטעקציע, באַקאַנטשאַפט און שוחד, אַבי צו באַקומען דאָס פּאַפּירל.

איך האָב דעמאָלט באַגעגנט סאָניע פּטיץ, וועלכע האָט שוין געהאַט צוגעגרייט אַרישע פּאַפּירן. אויך זי האָט אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע גאָלדענע זייגערל כדי מען זאָל זי אַריינעמען אין דער רשימה פון אינזשעניערן. זי איז געווען אַזוי גליקלעך דערמיט. מעגלעך, אַז ווען דאָס וואָלט זיך איר נישט איינ־געגעבן, וואָלט זי אַרויס פון געטאָ אויף אירע אַרישע פּאַפּירן און זי וואָלט געבליבן לעבן. אָבער ווער האָט דעמאָלט געקאָנט וויסן וואָס איז גוט און וואָס — שלעכט.

אַ גרופּע יוגנטלעכע האָט געפּרוווט זיך פאַראייניקן מיט די פּאַרטיזאַנער, אָבער יעטוועדער אַזאַ פּרווו אָנצובינדן מיט זיי אַ קאָנטאַקט האָט זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרנישט. דער, וואָס האָט זיך אַרויסבאַקומען אין די וועלדער, איז שוין מער נישט צוריקגעקומען, איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די אוקראַאינישע באַנדעראָווצעס. אַ ריי מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום אויסזיכטן אַריינצוגיין אין דער רשימה פון די „גליקלעכע" און האָבן אויך נישט געהאַט גענוג געלט אויף קויפן זיך אַרישע פּאַפּירן אָדער אַ מקום מקלט ביי פּאָליאַקן — האָבן זיך אויסגעגראָבן בונקערס און באַהעלטענישן אין געטאָ גופא — אין די אונטערערדישע קאַנאַלן. די מענטשן זענען געווען אַנטשלאָסן צו פאַרטיידיקן זיך ביזן סוף. אָבער דאָס איינציקע געווער זייערס איז געווען אָדער אַ האַק, אָדער אַ פלאַש שוועבל־זויער. און דאָס צו באַקומען איז אויך געווען זייער שווער, עס האָט געקאָסט אַ מאַסע געלט.

דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גייעג נאָך פאַלשע אַרישע פּאַפּירן. זיי האָבן געקאָסט זייער טייער און צאָלן האָט מען געמוזט בלויז מיט גאָלדענע פינפערובלס. דערביי זענען די דאָקומענטן אויך נישט געווען איינגאַנצן זיכערע. זייער וויכטיק איז געווען אַ „גוטער אויסזען" — די ענלעכקייט צו אַן אַרישן טיפּ. פרויען האָבן געפאַרבט און טלענירט די האָר כדי ענלעך צו זיין צו אַריערינס. מענער האָבן זיך פאַרלאָזט וואָנצעס, געביטן די פריזורן, געקויפט זיך יעגער־קאַפּעלושן — אַזעלכע, וואָס די פּוילישע שליאַכטע האָט געטראָגן. עלטערע גרויע פרויען האָבן זיך געפאַרבט די האָר, כדי אויסצוזען יינגער.

איך האָב געקוקט אויף דעם אַלעם און מיר האָט זיך געוואָלט וויינען. איך האָב דאָך זיי נישט געקאָנט זאָגן, אַז מיט זייער שוואַרצע געפאַרבטע האָר זעען זיי אויס נאָך עלטער, אָדער אַז די יידישע פּנימער האָבן אויך מיט די טלענירטע האָר נישט פאַרלוירן פון זייער סעמיטישן אויסזען. דאָס איז דאָך געווען דער לעצטער פונק פון האָפענונג און מען האָט אים נישט געטאָרט דערשטיקן.

פאַר אַ דאָזע ציאַנקאַלי האָט מען גענומען נאָר גאָלד. מען האָט געזוכט קריסטן, וואָס זאָלן גרייט זיין פאַר געלט אויסבאַהאַלטן יידן. דאָס איז געווען ריזיקאַליש, אָבער צוליבן פעלן פון אַן אַנדער אויסוועג האָט מען ריזיקירט. מענטשן האָבן אָפּגעגעבן דאָס לעצטע ביסל פאַרמעגן. די קריסטן האָבן אָפט אַלץ צוגענומען און שפּעטער האָבן זיי אויסגעגעבן די יידן צו די דייטשן. זייער ווייניק יידן האָבן זיך אויף דעם וועג אָפּגעראַטעוועט.

אין אָט דעם כאַאָס, אין דעם גיהנום פון געראַנגל פאַרן לעבן, איז פּלוצעם אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די דייטשן האָבן אַרעסטירט פיר פאָרשטייער פון יודענראַט, צווישן זיי ד״ר קאָרטשעמני, געכט, פּרוי האוסמאַן, געוועזענער ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט. די דייטשן האָבן דערקלערט, אַז די יידן וועלן בלייבן ווי ערובניקעס ביז מען וועט געבן אויסקויף־געלט, וואָס האָט געדאַרפט ווערן צוגעשטעלט אין משך פון אַ קורצער צייט. דאָס איז געווען די פּאָליטיק פון די דייטשן אַרויסצוציען וואָס מער פון געטאָ ערב זיין ענדגילטיקער ליקווידאַציע. אָבער די יידן האָבן דעמאָלט וועגן דעם אַלעם נישט געוווּסט. ס׳איז אַפילו קיין צייט נישט געווען צו טראַכטן — 4 אָנגעזעענע יידן דראָט אַ געפאַר און מען דאַרף זיי ראַטעווען פאַר יעדן פּרייז.

די מערהייט האָט פאַרגעסן וועגן די דאָקומענטן און באַהעלטענישן און מיטן ביסל געבליבענע ענערגיע געוואָרפן זיך צונויפזאַמלען די געפאָדערטע קאָנטריבוציע. אַ סך האָבן פרייוויליק געבראַכט זייער פאַרמעגן, ביי אַנדערע האָט מען גענומען מיט כוח. איך געדענק אַ פרוי פון גנידעוו, וועלכע איז געקומען אין יודענראַט אַ פאַרשוויצטע און פאַרמאַטערטע און אַרויסגענומען פון בוזים אַ פּאָר זיידענע זאָקן. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען איר לעצטע מעגלעכקייט צו באַקומען אַ ביסל שפּייז, אָבער זי האָט דאָס אַוועקגעגעבן די זאַמלער פון אויסקויף־געלט ביים יודענראַט.

אָבער פון אָט דעם גאַנצן אָנשטרענג איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. די דייטשן האָבן דערהרגעט די ערובניקעס באַלד אין ערשטן טאָג פון זייער אַרעסט. זיי האָבן בכלל נישט געוואַרט אויף אויסקויף־געלט. אָבער מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט שוין נאָך אַלעמען. ערשט דעמאָלט האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז עס קומט דער סוף. די דייטשן האָבן געעפנט די קאָרטן, אויפגעהערט מאַכן אָנשטעלן, ווייל אַלץ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, האָבן זיי שוין אויסגעקוועטשט פון געטאָ. די מענטשן איז באַפאַלן אַ שרעקלעכע פּאַניק. מען האָט זיך געכאַפּט פאַר יעדער מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען. יעדע ווײַלע איז אַן אַנדערער פאַרשווּנדן פון געטאָ. מען האָט אויך געהערט וועגן פאַלן פון זעלבסטמאָרדן.

די באַהעלטענישן זענען געוואָרן באַזאָרגט מיט וואַסער און אויך מיט העק און זאַלצזויער. צו מיר האָט זיך געווענדט סאַשע פינטשוק — אין שליחות פון יודענראַט פלעגט ער צושטעלן יידן אויף אַרבעט אויסערן געטאָ. ער האָט מיר דערקלערט, אַז היות איך מיטן מאַן פיגורירן נישט אויף דער „גליקלעכער" קאַנדידאַטן־ליסטע פאַרן געטאָ „א", דאַרפן מיר זיך באַמיען כאָטש אויף עטלעכע טעג זיך באַהאַלטן ביי פּאָליאַקן אויסערן געטאָ. ער ווייסט פון זיכערע קוואַלן, אַז עס וועט פאָרקומען אַ סעגרעגאַציע. ווען עס וועט שוין עקזיסטירן דאָס געטאָ „א" וועט ער זיך באַמיען אונדז אַהין אַריינצופירן.

ער האָט קיין איין מינוט נישט געצווייפלט, אַז ער וועט בלייבן לעבן, די דייטשן האָבן אים דאָך צוגעזאָגט! און אומגעקומען איז ער צוזאַמען מיטן גאַנצן יודענראַט און מיט דער יידישער מיליץ באַלד אין ערשטן טאָג פון דער ליקווידאַציע פון לויצקער געטאָ — דעם 20־טן אויגוסט 1942.

אויגוסט, 1959

ד״ר ראובן פינוס / ישראל

# מיין קאמף פארן לעבן


ד״ר ראובן פינוס

שוין אין עטלעכע טעג נאָכן אויסברוך פון דער סאָוויעטיש־דייטשער מלחמה אין יוני 1941, איז לויצק געשטאַנען אין פלאַמען. די דייטשע אַעראָפּלאַנען האָבן נידעריק געקרייזט איבער די הייזער און זיי באַוואָרפן מיט אויפרייס־ און צינד־באָמבעס. דאָס הילכן פון די קראַכנדיקע הייזער האָט געריסן די אויערן, וואָלקנס רויך און שטויב האָבן זיך געטראָגן איבער די גאַסן. מען האָט שוין געזען געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע — די ערשטע קרבנות פון די אָנפאַלן.

צום מיינסטן האָט פון די באָמבאַרדירונגען געליטן די באָ־לעסלאַוו כראָברי־גאַס, וועלכע איז געווען געדיכט באַווינט פון יידן. דער יידישער שפּיטאָל, אין וועלכן איך האָב דאַן געאַרבעט אַלס דאָקטאָר, איז באַלד אינעם ערשטן טאָג פון די אָנפאַלן געוואָרן איבערפולט מיט פאַרוווּנדעטע.

די ידיעות וועגן די דייטשע רציחות האָבן געוועקט אַ גרויל אין יידישע הערצער. מען איז געלאָפן ווו מען האָט געקאָנט. דורך דער גנידעווער בריק, איבערן סטיר, זענען געלאָפן מאַסן יידן, וועלכע זענען באַשאָסן געוואָרן דורך די נידעריק־פליענדיקע דייטשע אַעראָפּלאַנען. די יידן זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון ראַטנפאַרבאַנד. אַבי שנעלער, אַבי ווייטער פון די דייטשן. אין די דירות האָט עס אויסגעזען ווי אויף אַ וואָקזאַל: אומעטום זענען געלעגן אָנגעוואָרפן זעקלעך און פעקלעך, ווו־הין מען האָט שנעל אַריינגעשטופּט די סאַמע נייטיקסטע זאַכן. די מענטשן זענען געווען אַרומגענומען פון פיבער און אויפרעגונג.

בעת אַנדערע האָבן זיך געגרייט צום אַנטלויפן האָב איך מיט ווייטיק און ביטערניש געקוקט אויף מיינע קוליעס. פון מיין קינדהייט אָן האָב איך געליטן אויף אַ מאַכטלאָזיקייט פון רעכטן פוס. ביז איצט האָבן די קוליעס מיך דרייסט געטראָגן דורכן לעבן, אָבער איצט זענען זיי פאַר מיר געווען אַ שטערונג. „גייט — האָב איך געזאָגט צו מיינע ברידער גזשעגאָזש און

מאיר — איך וועל דאָ בלייבן מיטן פאָטער און מיט דער פרוי".

גזשעגאָזשן האָט זיך איינגעגעבן צו דערשלאָגן זיך קיין רוסלאַנד. מאירן האָט מען אומגעקערט פון וועג און שפּעטער איז ער אומגעקומען פון די היטלעריסטישע הענט. אויף מיינע אויגן האָט מען אים אַוועקגעפירט צום טויט. ער איז געווען צווישן אַ גרופּע יידן, וואָס מ'האָט געכאַפּט אין גאַס נעבן דער גרויסער שול. אונטער דער וואַך פון געסטאַפּאָ־לייט האָט מען זיי געפירט איבער דער שטאָט און געבראַכט אין קעלער פון דער געביידע פון געוו. באַנק פּאָלסקי — קעגנאיבער דאַלס אַפּטייק. אויפן וועג האָט מען די געכאַפּטע יידן געשלאָגן מיט שטעקנס, אין וועלכע ס'האָבן געשטעקט טשעוועקעס. דאָס איז געווען אַ שרעקלעך בילד. איך האָב מיינע אויגן נישט געגלייבט. בלויז דאָס זייגערל, וואָס מיין ברודער מאיר האָט מיר געוואָרפן איבערן פּלויט נעבן דער שול, איז געבליבן דער איינציקער אָנדענק נאָך אים. — — —

אויך אין יידישן שפּיטאָל האָט געהערשט אַ דערדריקנדיקע שטימונג ערב דעם אַריינקום פון די דייטשן. צו יענער צייט זענען אין לויצק געווען אַ סך דאָקטוירים־יידן. צו די אָרטיקע זענען צוגעקומען נאָך יידישע דאָקטוירים, וועלכע זענען געהאַט אַנטלאָפן פון צענטראַל־פּוילן. געוויסע פון זיי האָבן געאַרבעט אין שפּיטאָל.

אַזוי האָט אויסגעזען לויצק ווען עטלעכע טעג נאָכן אויסברוך פון דער סאָוויעטיש־דייטשער מלחמה זענען אַריין אין שטאָט די ערשטע מאָטאָריזירטע אָפּטיילונגען פון דער היטלעריסטישער אַרמיי.

די ווערמאַכט־זעלנער האָבן באַלד זיך גענומען צו דער אַרבעט — און אָנגעהויבן ראַבעווען יידיש האָב און גוטס. אָן דער דערפאַרונג, וואָס אונדז האָט שפּעטער דערוואַרט — האָבן מיר געפּרוּווט באַקלאָגן זיך קעגן די רויבערייען פאַר די דייטשע אָפיצירן, האָבן זיי גלייכגילטיק געענטפערט: „יידן זענען אויסערן געזעץ."

דאָס איז געווען פאַר אונדז די ערשטע לעקציע וואָס אַזוינס עס שטעלן מיט זיך פאָר די היטלעריסטן.

אָבער נישט מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט. שוין אין ערשטן זונטיק נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין לויצק, האָבן זיי פאַרנומען עטלעכע טויזנט מענער, וועלכע זענען שוין קיינמאָל מער נישט צוריקגעקומען צו זייערע משפחות. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות און אכזריותן איבער דער יידישער באַפעלקערונג.

אונדזער שפּיטאָל איז פון אָנהייב געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ „קריגסגעפאַנגענלאַזאַרעט". דאָס אָרט פון די ביז איצטיקע פּאַציענטן איז געוואָרן פאַרנומען דורך פאַרוואונדעטע סאָוויעטישע געפאַנגענע. בלויז אַ קליינע אָפּטיילונג האָט מען איבערגעלאָזט פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג. אָט זענען די נעמען פון צווישן דעם מעדיצינישן פּערסאָנאַל, וועלכע זענען מיר געבליבן אין זכרון: ד"ר פּעמאָוו, ד"ר באַקשט, ד"ר ראָזענקראַנץ, ד"ר ראַפּאָפּאָרט, ד"ר פּעפּער, ד"ר ראָזענשטראָם, דר קאַמיעניעצקי, ד"ר גאָלדשטיין פון וואַרשע, די אַפּטייקערין מאַניע מאַידאַן, די שוועסטער: לערנער, שולץ, קאַגאַן. די אַלע — מיטן אויסנאַם פון ד"ר גאָלדשטיין — זענען אומגעקומען.

מעדיקאַמענטן זענען געווען זייער ווייניק, שפּייז פאַר די קראַנקע און דעם שפּיטאָל־פּערסאָנאַל — גאָר קאַרג. די פּאַציענטן האָבן געליטן הונגער. די שטערבלעכקייט צווישן זיי איז דערגאַנגען ביז 90 פּראָצענט.

דער געזונט־מצב פון די מענטשן אין געטאָ איז געווען אַ שרעקלעכער. עס האָבן געבושעוועט עפּידעמיעס פון פלעקטיפוס און דיזענטעריע, וועלכע זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן צוליב דער ענגשאַפט און דעם הונגער. די קרבנות פון הונגערטויט זענען געשוואָלענע געלעגן אויף זייערע נעבעכדיקע געלעגערס און געגוססט. אום ווינטער זענען די דירות געבליבן נישט באַהייצט. אַ געביידע נעבן יידישן שפּיטאָל איז געוואָרן צוגעפּאַסט פאַר די אָנשטעקנדיקע קראַנקע. אָבער דאָס האָט ווייניק וואָס געהאָלפן — ס'איז נישט געווען קיין מעדיקאַמענטן, דערנערונג, באַהייצונג.

אין אויגוסט 1942, בעת דער ליקווידאַציע־אַקציע אין געטאָ, בין איך צוזאַמען מיט מיין פרוי אַנטלאָפן אין שפּיטאָל אַריין. ווען מיר האָבן נאָך אומגעהויערע שוועריקייטן דערשלאָגן זיך צום שפּיטאָל־בנין, האָבן מיר דערזען אַ שרעקלעך בילד: אויפן גראָז איז געלעגן דער יונגער שפּיטאָל־דאָקטאָר קאַלעצקי, און נעבן אים — זיין מוטער. ביי ביידן זענען די אָדערן אויף די הענט געווען איבערגעשניטן. די מוטער איז שוין געווען באַוווסטלאָז. דאָס בלוט איז גערונען פון זייערע ווונדן און האָט איינגעזאַפּט אין דער ערד. איך האָב זיך דערנענטערט צו זיי. „גיב אַ פּאַפּיראָס" — האָט ער געזאָגט. איך האָב אים אַריינגעשטעלט אַ פּאַפּיראָס אין מויל... צוזאַמען מיט דער פרוי האָבן מיר זיך דורכגעגליטשט אין קעלער אַריין. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיר באַמערקט עפּעס אַ געשטאַלט ביים אַריינגאַנג צו אונדזער באַהעלטעניש. דאָס איז געווען ד"ר ראַפּאָפּאָרט. „וואָס קומט דאָ פאָר" האָבן מיר אים געפרעגט דערשיטערטע. „די דאָקטוירים זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד — האָט ער געענטפערט — די געסטאַפּאָ־לייט האָבן צוגענומען עטלעכע דאָקטוירים און סאַניטאַרן און זיי אַוועקגעפירט אויף גורקע־פּאָלאָנקע. דאָרט האָבן זיי געזאָלט גראָבן גריבער. און ס'איז דאָך זיכער, אַז דאָרט וועט מען זיי דערשיסן. דערפאַר האָבן מיר אַלע באַשלאָסן נישט צו וואַרטן ביז די תלינים וועלן אונדז דערהרגענען. ד"ר ראָזענשטראָם האָט צום ערשט אָפּגעסמט זיין מוטער און דערנאָך האָט ער זיך אַריינגעשפּריצט מאָרפיום. עס האָבן זיך אויך פאַרסמט ד"ר באַקשט, די געוועזענע דירעקטאָרין פון שפּיטאָל, די אַפּטייקערין מאַניע מאַידאַן. דער בוכהאַלטער פון שפּיטאָל האָט אָפּגעסמט זיין פרוי און זון און איצט גרייט ער דעם אַריינשפּריצער פאַר זיך גופא."

אָט די שרעקלעכע רשימה האָט ד"ר ראַפּאָפּאָרט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „איך האָב מיין פרוי געמאַכט אַן איינשפּריצונג פון מאָרפיום. איצט גיי איך עס מאַכן זיך אַליין." ד"ר ראַפּאָפּאָרט האָט אָבער נישט באַוויזן צו באַגיין זעלבסטמאָרד. אין אַ ווייל אַרום איז ד"ר ראָזענקראַנץ געקומען צו לויפן מיט אַ ידיעה, אַז עס זענען צוריקגעקומען די דאָקטוירים פון גורקע־פּאָלאָנקע און דערווייל דראָט זיי נישט דער טויט. מיר האָבן אָנגעהויבן ראַטעווען די זעלבסטמערדער. עטלעכע פון זיי האָבן נאָך געלעבט. — — —

דער שפּיטאָל איז געוואָרן אַרומגערינגלט מיט וואַכן און מען האָט קיינעמען נישט דערלויבט אַרויסצוגיין פון דאָרט. אין משך פון עטלעכע טעג האָבן מיר געזען ווי מען פירט מענטשן דורך דער בריק איבערן סטיר צו די פון פריער צו־

געגרייטער גריבער — צום אומקום. מען האָט זיי געפירט אויף לאַסט־אויטאָס, וועלכע זענען געווען אָנגעפּאַקט און איבערגעפּולט, אַרומגערינגלט פון אוקראַאינישע פּאָליציי. געסטאַפּאָ־לייט זענען געקומען צו פאָרן צום יתומים־הויז, וועלכער האָט זיך געפונען נעבן שפּיטאָל, כדי אַוועקצופירן די קינדער צום טויט. אַ סך פונעם קליינוואַרג זענען אין דער מהומה אַרויסגעלאָפן אויפן הויף. זיי האָבן געכאַפּט דרענגלעך וואָס זענען זיי געקומען אונטער דער האַנט און אָנגעהויבן גראָבן גריבלעך — ווי זיי וואָלטן פאַרגעפילט וואָס זיי דערוואַרט.

נאָך דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ, האָט מען אויך אין שפּיטאָל אָנגעהויבן אַדורכפירן אַ סעלעקציע פון די דאָקטוירים און פון גאַנצן פּערסאָנאַל. מיין גורל האָט אויסגעזען צו זיין געחתמעט. געזונטערע און שטאַרקערע פון מיר האָט מען געשיקט צום טויט. וואָס זשע האָב איך, אַ מענטש וואָס גייט אויף קוליעס, געקאָנט דערוואַרטן ?

געפינענדיק זיך אַ שטיקל צייט אומלעגאַל אויפן געביט פון שפּיטאָל, האָב איך געמוזט אָנשטרענגען אַלע כוחות פון געדאַנק און פון ווילן, כדי צו זיגן אין קאַמף פאַר מיין לעבן און פאַרן לעבן פון מיין טייערער פרוי. אַלע מיינע חושים זענען געוואָרן מאָביליזירט. מיין בליק און געהער זענען ווי פאַרפילפאַכט געוואָרן. די מוסקולן האָבן זיך אָנגעצויגן. איך האָב אויפגעכאַפּט דעם מינדסטן גערויש. מיינע פאַרשאַרפטע געפילן האָבן, ווי אַ סייסמאָגראַף, באַצייטנס אַלאַרמירט וועגן אָנקום פון די פאַרפאָלגער. איך האָב זיך אַריינבאַקומען אין באַהעלטענישן, וועלכע זענען בכלל נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר מיין קערפּער — ער האָט זיך ווי צוזאַמענגעשרומפּן. און געטאָן האָב איך דאָס מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט. איך האָב געקעמפט, כסדר געקעמפט, מיט דעם איינציקן געדאַנק : נישט אונטערגעבן זיך !

די אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע יידן, וואָס מען האָט געכאַפּט אין די קעלערס און אין די אונטערערדישע באַהעלטענישן, האָט מען, נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אַריינגעיאָגט אינעם אַזוי־גערופענעם „קליינעם געטאָ” הינטער דער גנידעוועער בריק. אַ געוויסע צייט בין איך מיט מיין פרוי געווען דאָרט צוזאַמען מיט די רעשטלעך יידן, וועלכע זענען געבליבן נאָך דער פאַרניכטונג.

סוף סעפּטעמבער 1942 איז פאָרגעקומען די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונעם שפּיטאָל. מען האָט צוגענומען דעם גאַנצן פּערסאָנאַל. ד״ר פּעמאָוו האָט זיך איינגעשפּריצט מאָרפין און געשטאָרבן. ד״ר ראָזענקראַנץ האָט מען דערקענט אויף דער אַרישער זייט און דערשאָסן.

צו יענער צייט בין איך שוין נישט געווען אין שפּיטאָל. איך האָב זיך געפונען אין „קליינעם געטאָ”.

אין יענעם סעפּטעמבער פון יאָר 1942, אין אַ פאַרטאָג, האָבן מיר דערהערט דאָס טופּען פון מאַרשירנדיקע טריט. עס האָט זיך אָנגעהויבן די „אַקציע”. איך בין אַרויס אויפן הויף און גענומען זוכן אַ וועג צום אַנטלויפן. איך האָב אָבער דערזען אַן אוקראַאינישן פּאָליציאַנט און כ׳בין שנעל אַריינגעלאָפן צוריק אין שטיבל. אונדזער אומקום האָט שוין אויסגעזען צו זיין אומפאַרמיידלעך. אָבער דער געדאַנק האָט פיבערהאַפט געזוכט אַן אויסוועג אויף זיך צו ראַטעווען. דאָס הייזל איז שוין געווען אַרומגערינגלט — דאָס איז געווען דאָס הייזל פון די קירשאָנס, באַלד הינטער דער גנידעוועער בריק, קעגנאיבער דעם שפּיטאָל.
ווי אַזוי באַקומט מען זיך אַרויס פון דער פּאַסטקע ?

לויפנדיק דורכן קאָרידאָר צו אונדזער צימער, האָב איך פּלוצעם באַמערקט אַ קליין טירל אין דער הויך, אונטערן סופיט. איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז אָט דאָס טירל פירט מסתמא צום בוידעם. איך האָב אָנגעשפּאַרט די קוליעס אין דער קלאַמקע פון דער טיר, איבער וועלכער עס איז געווען דער אַריינגאַנג צום בוידעם. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט אין דער אויבערשטער ראַם פון דער טיר, און אַ שטופּ געטאָן דאָס קליינע טירל אין סופיט. איך בין אַריין אין בוידעם און גענומען רופן מיין פרוי.

אין דעם מאָמענט טאַקע האָבן די זשאַנדאַרן צוריקגעטריבן מיין פרוי פון הויף. זי האָט דערהערט מיין רופן. זי איז אַריינגעלאָפן אין קאָרידאָר און האָט מיך דערזען אין דער עפענונג פונעם בוידעם. זי האָט מיר שנעל דערלאַנגט די קוליעס, נאָך שנעלער האָב איך זי אַרויפגעצויגן אין דער הויך. און באַלד נאָך איר — די פרוי פון ד״ר מינינזאָן, דעם אינזשיניער מלמד, די פרוי קירשאָן מיט איר טאָכטער לוסיע (ביידע געפינען זיך איצט אין ישראל). עפּעס אַן איבערנאַטירלעכע קראַפט איז געלעגן אין מיינע הענט, בעת איך האָב דאָס אַלץ שנעל און פלינק אַדורכגעפירט.

די „אַקציע” האָט געדויערט. דורך די שפּאַרונעס אין דאַך האָבן מיר געזען די איבערגעפּולטע לאַסט־אויטאָס, וועלכע זענען געפאָרן אין דער ריכטונג פון גורקע־פּאָלאָנקע.

אַכט טעג זענען מיר געווען אויף דעם בוידעם. מיר האָבן געליטן פון הונגער און נאָך מער — פון דורשט. דער הונגער האָט געמאַטערט בלויז אין די ערשטע עטלעכע טעג, אָבער דער דורשט האָט כסדר געפּייניקט. מיט אַ מעסערל, וואָס איך האָב געפונען אויפן בוידעם, האָב איך געמאַכט אַן עפענונג אינעם בלעכענעם דאַך, כדי אויפצוכאַפּן עטלעכע טראָפּנס ווען ס׳וועט רעגענען. אָבער הגם ס׳איז געווען האַרבסט, האָבן די הימלען אונדז אָפּגעזאָגט דעם פאַרגעניגן. דאָס איז געווען אַן אמתע מאַטערניש. אויפן אַכטן טאָג האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם בוידעם. איך און מיין פרוי האָבן באַשלאָסן אַוועקצוגיין צו מיינעם אַ געוועזענעם פּאַציענט, דעם אוקראַאינער וולאַס גאַרבאַטש אויף קראַסנע. דער אוקראַאינער האָט, צוליב דאַנקבאַרקייט פאַרן אָפּראַטעווען אים פון אַ פוס־אַמפּוטוציע, אַמאָל מיר צוגעזאָגט, אַז אין פאַל פון אַ נויט וועט ער מיך ראַטעווען. עטלעכע קילאָמעטער האָט זיך געצויגן דער זייטיקער וועג צו גאַרבאַטשס וווינונג, און דער גאַנג אַהין איז געווען זייער אַ שווערער.

פאַרנאַכט בין איך מיט דער פרוי אַוועק אַהין. די קוליעס מיינע האָבן זיך געגליטשט איבערן זומפּיקן באָדן. אין געוויסע ערטער האָב איך געמוזט איבערגעבן דער פרוי די קוליעס און אַריבערקריכן אויפן בויך, ווייל די קוליעס זענען אַריינגעזונקען אין דער בלאָטע. מיר זענען אָנגעקומען אין דער כאַטע פון וולאַס גאַרבאַטש.

נאָך עטלעכע טעג האָט גאַרבאַטש דערקלערט, אַז בלויז מיך קאָן ער לאָזן ביי זיך. מיין פרוי האָט געמוזט מיך פאַרלאָזן. נאָך גרויסע שוועריקייטן און אַ סך געפאַרן האָט זיך איר איינגעגעבן אַריינצובאַקומען אין לאַגער אויף קראַסנע, ווו מען האָט קאָנצענטרירט יידן — פאַכלייט, אַ קליין הייפל איבערגע־

בליבענע נאָך די אויסראַטונג־אַקציעס. פון אָנהייב איז מיין פרוי געווען דאָרט אומלעגאַל — יידן האָבן זי אויסבאַהאַלטן. שפּעטער איז זי געוואָרן לעגאַל און געאַרבעט אַלס שניידערין אין איינעם פון די לאַגער־וואַרשטאַטן.

פאַרן אויסבאַהאַלטן יידן האָט געדראָט ט״יט־שטראָף. דערפאַר האָב איך, נאָך אַ קורצער צייט, געמוזט פאַרלאָזן גאַרבאַטשעס וווינונג. איך בין ווידער געבליבן היימלאָז. ס׳איז געווען האַרבסט, און אין לייכטע מלבושים, כמעט אָן שיך, האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט. בייטאָג האָב איך זיך באַהאַלטן און ביינאַכט — זיך אַרומגעדרייט איבער די פעלדער. די קאַלטע נעכט האָב איך פאַרבראַכט אַ מאָל אין אַ סטויג היי און אַ מאָל אויפן פעלד. מיר איז אויסגעקומען צו נעכטיקן אין פאַרשידענע הייף — אין חזירים־שטאַלן, אין שייערס. לסוף האָב איך זיך דערשלאָגן צו גליקליכס צעגעלניע און דאָרט זיך באַהאַלטן אין פאַרשידענע פלעצער. איינמאָל האָט מיך דאָרט דערזען אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געוווינט אין יענער געגנט, און אַ געוויסע צייט מיך באַזאָרגט מיט שפּייז. אַזוי זענען אַדורך די קאַלטע טעג און נעכט.

ענדלעך איז מיר געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אויף אַן אָפּענעם בוידעם נעבן אויוון פון דער צעגעלניע. אָבער נישט לאַנג איז מיר אויסגעקומען דאָרט אָנצוואַרעמען זיך. מיין איינציקער פריינד דאָרט איז געווען אַ קליין מייזל, וואָס פלעגט קומען יעדן אינדערפרי און נישט אַנטלויפן. אין איינעם אַ טאָג זענען געקומען די דייטשן אויף אַ רעוויזיע. מיט אַ בליצשנעלקייט האָב איך זיך אַרונטערגעגליטשט אונטערן קוימען, וואָס איז געלעגן אויפן בוידעם. איך האָב איינגעהאַלטן דעם אָטעם. איך האָב געהערט פאַרבייגיין די שטיוול פון די געסטאַפּאָ־לייט און דערנאָך בין איך אַרויס פון באַהעלטעניש.

פאַרנאַכט האָב איך באַשלאָסן אַריבערצוגיין די יאַגעלאָנסקע גאַס. איך בין געגאַנגען אַ באַוואַקסענער, אַן אָפּגעריסענער און אַן איינגעהויקערטער. אויפן ראָג טשעטשעגאָ מאַיאַ און יאַגעלאָנסקע איז צו מיר צוגעקומען עפּעס אַ פרוי און געזאָגט: „דאָקטאָר, גייט אין דער ריכטונג פון דער לאָנקע.״ איך האָב געפאָלגט. טאַקע דורך דער לאָנקע בין איך דערגאַנגען צום לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אין פּינטשוקס געביידעס. דאָ האָט ווידער געלויערט אויף מיר אַ געפאַר: אַן אוקראַינישער וועכטער האָט מיך געוואָלט איבערגעבן אין די הענט פון געסטאַפּאָ.

אין דעם לאַגער האָט געאַרבעט מיין ברודער. צוזאַמען מיט אַנדערע האָט ער געפּועלט, אַז מען זאָל מיך אַריינגעמען אין לאַגער אַלס באַרשטן־אַרבעטער. דער געוועזענער באַרשטן־פאַבריקאַנט מילמאַן האָט מיך אויסגעלערנט די מלאכה.

די דייטשן האָבן נישט געוווּסט, אַז כ׳בין אַ קאַליקע. ווען אַ דייטש פלעגט קומען אויף אַן אינספּעקציע, זענען די קוליעס געלעגן באַהאַלטן אונטערן טיש. מען האָט אַרויסגעזען בלויז דעם אויבערשטן טייל פון מיין קערפּער און די הענט, וועלכע האָבן בעת זיין אָנוועזנהייט פלינק אויסגעפירט די אַרבעט. אויף די אַפּעלן האָבן די חברים מיך פאַרשטעלט פון ביידע זייטן.

די ליקווידאַציע פון לאַגער איז פאָרגעקומען דעם 12־טן דעצעמבער 1942. אַ געוויסע צייט פריער האָבן מיר געפילט, אַז עפּעס גרייט זיך און יעדער איינער האָט גענומען טראַכטן וועגן אַ באַהעלטעניש.

וועגן מיין מצב האָט זיך דערוווּסט מיינע אַ געוועזענע פּאַציענטקע און אַ שכנטע. זי איז געווען אַ בלינדע, פון טשעכישער אָפּשטאַמונג. איר נאָמען איז געווען מאַריאַ וואָלאָוניק. זי האָט מיר געוואָלט אָפּדאַנקען דערפאַר, וואָס איך האָב זי אַמאָל אומזיסט געהיילט, און באַשלאָסן מיך צו ראַטעווען. אַ בלינדע, געפירט דורך דער 6־יעריקער טערעזקע (אַ טאָכטער פון אַ פּאָלקס־דייטשקע און אַ פּאָליאַק), איז זי געקומען אין לאַגער און מיר געזאָגט, אַז זי האָט אין קעלער פון איר וווינונג געמאַכט פאַר מיר אַ באַהעלטעניש אין אויוון.

אַכצן טעג פאַר דער ליקווידאַציע פון לאַגער, אין אַ ווינטער־טאָג מיטאָג־צייט, האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט פונעם בערגל, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אייז. ערטערווייז האָב איך געמוזט קריכן. פאַר דער קרולאָווע יאַדוויגע־גאַס, נישט ווייט פון דער בריק, איז געווען אַן אייז־בערגל. עטלעכע מנישקעס, וועלכע זענען פאַרבייגעגאַנגען, האָבן מיך אונטערגעשטופּט און געהאָלפן מיר אַרויפקריכן אויפן בערגל. עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. דורך געדרייטע געסלעך האָב איך זיך דערשלאָגן צו דער דאָמיניקאַנסקע־גאַס, אין קעלער פון מאַריאַ וואָלאָוניק, נעבן קלימבורדס הויז. מיין פרוי און די שוועגערין — יצחקס פרוי — זענען געקומען דעם זעלבן אָוונט.

אין אָט דער נייער „דירה״ אונדזערער, ווו מיר האָבן פאַרבראַכט אין משך פון פופצן חדשים, זענען אַרויסגעשווומען נייע פּראָבלעמען. קודם כל האָבן מיר געמוזט אַזוי דערציען די קליינע טערעזקע, אַז ווייסנדיק וועגן אונדזער יידישקייט, זאָל זי קיינעם נישט דערציילן, און אויך, אַז זי זאָל זיין פאָרזיכטיק ביים עפענען די טיר. די פרוי וואָלאָוניק, וועלכע איז געווען, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, אַבסאָלוט בלינד, האָט דאָס געטאָן זייער געשיקט, אַז קיינער זאָל אונדז נישט כאַפּן אומגעריכט. דאָס אויסלערנען טערעזקען ווי אַזוי זיך צו פירן, האָט פאַרלאַנגט אַ סך אָנשטרענגונג און געדולד, און איך האָב עס אויף זיך גענומען.

פאַר מיר איז געשטאַנען איין ציל: אַז מיר זאָלן איבערלעבן. איך האָב געציטערט פאַר אַלע. פאַר פרוי וואָלאָוניק — אַז עס זאָל איר גאָרנישט געשען, ווען טערעזקע פירט זי אַרויס; פאַר טערעזקע, וועלכע פלעגט פון צייט צו צייט מוזן גיין צו די עלטערן — אַז זי זאָל זיך דאָרט נישט מיט עפּעס אַרויסכאַפּן. צו דעם אַלעמען האָט מען געמוזט האָבן שטאָלענע נערוון. און איך האָב זיי געהאַט — ווייל כ׳האָב זיי געמוזט האָבן.

אין קעלער ביי דער פרוי וואָלאָוניק, אין אויוון אונטערן דעכל איז געווען אַ לאָך. דאָרט האָב איך אַ צונויפגעקורטשעטער און צונויפגעדרייטער איבערגעלעבט 15 חדשים, וועלכע האָבן אויסגעזען אומענדלעך לאַנג. אָבער אָט די כלומרשטע רויקע טעג זענען אויך געוואָרן געשטערט דורך שווערע אויפטרייסלונגען.

אַזוי, למשל, זענען איינמאָל אין אָוונט געקומען טערעזקעס עלטערן און געבליבן נעכטיקן. מיר, יעדער אין זיין באַהעלטעניש — די פרוי, די שוועגערין און דער ברודער אין גרויסן אוקראַינישן אויוון אין דער הייך, און איך אין מיין באַהעלטעניש אין קעלער — האָבן געמוזט במשך פון כמעט אַ מעת־לעת ווי אָפּשטאַרבן. דאָס הייסט, אַז מיר האָבן נישט געטאָרט הויך אָטעמען און באַגיין זיך אָן טרינקען און עסן. גראָד האָבן זיך באַוויזן מייז אין מיין אויוון און איך האָב זיי געמוזט דערשטיקן

מיט די הענט. דערביי האָב איך נישט געטאָרט אַרויסגעבן קיין לעבעדיקן קלאַנג.

אַן אַנדער מאָל איז אַריינגעקומען אַ שיכורלעכער פּאָליציאַנט און גענומען זוכן יידן ביי פּריי וואָלאָווניק. דאָס זענען געווען איבערלעבונגען, וועלכע האָבן פּאַראַליזירט יעדע פיזיאָלאָגישע טעטיקייט פון אַ לעבעדיקן ווען. מיר זענען פּשוט אָפּגעשטאָרבן אויף דעם מאָמענט.

אַ צווייט פּראָבלעם איז געווען מיט באַשפּייזונג. אָבער אויך דערמיט זענען מיר שנעל געקומען צו אַ גלייכגעוויכט. דהיינו — מיר האָבן פּשוט זיך אָפּגעוויינט פון עסן.

אין פעברואַר 1944 זענען מיר געוואָרן באַפרייט דורך די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. צוליב דער פאַרשטייפונג פון די געלענקען האָט מען מיך גלייך אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. ליידער האָבן צו דער באַפרייונג נישט דערלעבט, נישט מיין פאָטער משה פּיניס, און נישט מיינע ברידער אליהו, מאיר און אויך דער יינגסטער כאַלאָמאָן — אַ באַקאַנטער פוטבאָליסט פון פאַר דער מלחמה, אָנטיילגענומען אין ספּאָרט־אָלימפּיאַדעס. זיי אַלע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים. סאַלאָמאָן יז"ז אומגעקומען אין לעמבערג, וווהין ער איז אַנטלאָפן פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט אַלס סאָוויעטישער סאָלדאַט.

נישט לאַנג האָב איך געקאָנט בלייבן אין שפּיטאָל. אין זעלבן חודש פעברואַר 1944 האָב איך געמוזט פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל בעת אַ קעגנאָנגריף פון היטלעריסטישן מיליטער. צוזאַמען מיט אַ קליינער גרופּע אָפּגעראַטעוועטע יידן זענען מיר אַוועק קיין ראָוונע. נישט לייכט איז אונדז אָנגעקומען אָט דאָס לעצטע מאָל צו אַנטלויפן פון די דייטשן. אונטער קוילן־האָגל פון די דייטשע אַעראָפּלאַנען און אין שרעק פאַר די בושעווענדיקע באַנדעראָווצעס זענען מיר אָנגעקומען קיין ראָוונע.

אסתר בוידמאַן־עטינגער / וואַרשע

# פון געטאָ ביז דער פּאַרטיזאַנקע

## די דייטשן אין די ערשטע טעג

אַ הילך פון נאָענט־אויפרייסנדיקע באָמבעס האָט מיך אַרויסגעריסן פון שלאָף. דאָס איז געווען באַגינען דעם 22־טן יוני 1941. כ'בין אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער. מיין ערשטער געדאַנק איז געווען: אפשר איבונגען?... אָבער ניין. איינע נאָך דער אַנדערער זענען געפאַלן באָמבעס אַרום, טראָגנדיק מיט זיך טויט און צעשטערונג, צינדנדיק שרפות. הייסט עס — מלחמה. מאָנטיק האָב איך זיך ווי עס איז דערשלאָגן דורך דער בריק צו דער אַרבעט, אויסנוצנדיק אַ קורצן איבעררייס אין דער באָמבאַרדירונג. די גאַנצע נאַכט פון דינסטיק אויף מיטוואָך האָבן מיר געפּאַקט ווערטזאַכן (כ'האָב געאַרבעט אין


אסתר בוידמאַן־עטינגער

אַ באַנק). ידיעות האָבן זיך באַקומען וואָס שפּעטער אַלץ ערגערע. די דייטשן האָבן זיך געפונען הינטער דער שטאָט. מיר האָבן געקריגן אַ באַפעל צו עוואַקוירן זיך תיכף קיין ראָוונע. מיר זענען שוין אָבער אַהין נישט דערפאָרן. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ דייטשישן דעסאַנט, וועלכער האָט זיך פון דער ריכטונג פון ראָוונע געלאָזט צו פאַראייניקן זיך מיט דער רעגולערער אַרמיי, וועלכע געפינט זיך שוין אין לויצק. אַרומגערינגלטע פון אַלע זייטן זענען מיר זיך אַלע צעלאָפן, יעדער צו זיך אַהיים.

די ערשטע וואָך פון דער דייטשער הערשאַפט אין לויצק קאָן מען דרייסט אָנרופן — די בלוטיקע וואָך. שוין מיט אַ טאָג פריער האָבן זיך איבער דער גאַנצער שטאָט באַוויזן אַפישן, וועלכע רופן די גאַנצע דערוואַקסענע יידישע באַפעלקערונג צו שטעלן זיך צו דער אַרבעט, מיט גראָבאייזנס און קילאָפן, אויף ליובאַרטס הויף. יענע, וועלכע וועלן זיך צו דער אַרבעט נישט שטעלן, דראָט אַ האַרבע שטראָף. פונדעסטוועגן האָבן איך אין מיינע עלטערן נישט געפאָלגט און אָפּגעוואַרט, וואָס וועט ווייטער זיין. אין עטלעכע שעה אַרום האָט מען געקאָנט זען אויף די פּוסט געוואָרענע יידישע גאַסן איינצלנע סילועטן מיט איבערגעשראָקענע פּנימער, לויפנדיקע אין דער ריכטונג צו זייערע היימען. דאָס זענען געווען געציילטע זקנים, אָדער מענטשן, וואָס האָבן צופעליק געהאַט ביי זיך פאַך־שיינען. בלויז זיי זענען פריי געלאָזט געוואָרן פון ליובאַרטס הויף. די איבעררוויגנדיקע מערהייט מענטשן איז שוין קיינמאָל פון דאָרט נישט אַרויסגעגאַנגען. אַלע זענען צעשאָסן געוואָרן.

## די אוקראַאינער

שוין אין די ערשטע שעהן נאָכן אַריינקום פון די דייטשן האָבן זיך אויף די גאַסן אַרויסגעשיט כמעט אַלע אוקראַאינער, לויצקער איינוווינער (זענען געווען אַ היפּשער פּראָצענט פון דער שטאָט־באַפעלקערונג), מאַניפעסטירנדיק זייער פרייד צוליב די דייטשע נצחונות און רופנדיק צו שלאָגן יידן. שוין פון ערשטן מאָמענט אָן זענען זיי געוואָרן די שרעק פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין דער סאַמע ערגסטער לאַגע האָבן זיך

געפונען מיר — די יידישע יוגנט. אונדזערע נעכטיקע בני־גיל פון איין שולבאַנק, פון איין גאַס, נישט איין מאָל פון איין הויז, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אונדזערע פאַרביסנסטע שונאים. ס׳איז נישט געווען דער טאָג, אַז באַנדעס אוקראַאינישע אונטערוואַקסנדיקע יונגען זאָלן נישט אַריינפאַלן אין אונדזערע הייזער און אונדז אַרויסטרייבן אין דרויסן. מ׳האָט געשלאָגן און זיך איזדיעקעוועט איבער זקנים און קינדער. מיר האָבן געמוזט כסדר זיך אויסבאַהאַלטן.

אין איינעם אַ טאָג באַגינען האָט די באַנדע יוגנטלעכע אוקראַאינער, באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און שטעקנס, מיט מיין גוטן באַקאַנטן פון פאַר דער מלחמה דראָביטקאַן בראש (האָט געוווינט אויף שעווטשענקאַ־גאַס), אָפּגעשלאָסן פון ביידע זייטן די אולאַנסקע־גאַס, אַוועקשטעלנדיק אויף ביידע זייטן מיט שטעקנס באַוואָפנטע יינגלעך. דערנאָך זענען זיי מיט אַ גרויליקן ליאַרעם „אַ טויט די יידן!״ אַריין אין אַ הויז נאָך אַ הויז, האָבן אַרויסגעטריבן די גאַנצע יידישע יוגנט אויף דער גאַס, ווו זיי האָבן אַלעמען געצוווּנגען זיך אַנידערצולייגן אין דער ריזיקער באַיורע, וואָס ציט זיך איבער דער ברייט פון דער גאַנצער נישט־ברוקירטער גאַס, אין דער באַגלייטונג פון די ערגסטע זידלערייען און שלאָגן מיט די קאָלבעס. די בחורים האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן. זענען געפאַלן שאָסן. מיט ברעטער, אייליק אַרויסגעריסענע פון די פּלויטן און מיטן לויפן, האָבן אונדזערע בחורים גענומען אָפּענטפערן אויף די קלעפּ פון די צעיושעטע אוקראַאינער. איינער פון די אַנטלויפנדיקע איז געווען מיין גוטער קאָלעגע און פריינד — שמעיה גאָלדבערג. מיט אַ היפּשן שטעקן אין האַנט האָט ער אין אַ געוויסן מאָמענט גערופן די בחורים און מיידלעך, וואָס ליגן פּאַסיווע אין דער באַיורע, זיך אַרויסצורייסן פון דער אַרומרינגלונג. דערלאַנגענדיק קלעפּ אויף רעכטס און לינקס די אין דער ערשטער רגע מבולבלע באַנדיטן, האָט זיך אַ גרופּקעלע יוגנטלעכע מיט שמעיהן בראש אַרויסגעריסן אויף דער קאָשטשושקע־גאַס און זיך צעלאָפן אויף אַלע זייטן. אָבער די באַנדיטן זענען שנעל צו זיך געקומען און האָבן אָנגעהויבן נאָכיאָגן די אַנטלויפנדיקע.

איך האָב דעמאָלט געוווינט צוזאַמען מיט די עלטערן אויף קאָשטשושקאָ־גאַס נומער 66. דערהערנדיק די געשרייען פון די אוקראַאינער און די שאָסן פון דער נאָענטער אולאַנסקע־גאַס, האָב איך זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם. דורך אַ שמאָלער שפּאַרונע האָב איך אָבסערווירט מיין גאַס. מיטאַמאָל האָב איך דערזען אַ סילועט פון אַ בחור, וועלכער אַנטלויפט אין דער ריכטונג פון אונדזער הויז. אין אַ געוויסן מאָמענט זענען פון אַ ווינקל אַרויסגעשפּרונגען צו אים עטלעכע באַנדיטן, האָבן אים פאַרדרייט די הענט און גענומען שלאָגן מיט די קאָלבעס. ס׳איז געוואָרן אַ צוזאַמענלויף. אַלץ מער באַנדיטן האָבן אַרומגערינגלט שמעיהן. ס׳זענען צוגעקומען צוויי דייטשן, און איך האָב מיט גרויסן אומרו אָפּגעוואַרט אין מיין באַהעלטעניש, וואָס וועט זיין ווייטער. נישט לאַנג איז מיר, צום באַדויערן, אויסגעקומען צו וואַרטן אויפן ווייטערדיקן לויף פון די געשעענישן. פאַר מיין הויז איז געשטאַנען די געביידע פון דער אַלטער וואַסער־פּאָמפּע. אין דער געביידע האָבן זיך געפונען די מאַשינען וואָס שטויסן דאָס וואַסער. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך באַמערקט, אַז די תלינים שלעפּן שמעיהן, פון וועלכן ס׳רינט דאָס בלוט, אין דער ריכטונג פון דער וואַסער־פּאָמפּע.

שמעיה האָט זיך מיט די לעצטע כוחות געוואָלט אַרויסרייסן פון די תלינים, אָבער אומזיסט. זיי האָבן אים אַהין אַריינגעשטופּט. ס׳האָט זיך דערהערט אַ גרויליקער געשריי. דאָס האָבן די ציין־רעדער פון דער מאַשין צעמורשט שמעיהן. אָט אויף אַזאַ אופן האָבן זיך די נעכטיקע חברים אָפּגערעכנט מיט שמעיהן בלויז דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ ייד. די דאָזיקע פּאַסירונג האָט מיך אינגאַנצן צעבראָכן. אין משך פון עטלעכע טעג נאָך דעם האָבן מיר בכלל מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון די הייזער.

## כאַפּונגען, צעשיסונגען און געטאָ

דאָס איז געשען אין איינעם פון די לעצטע טעג אין חודש יוני 1941. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס כאַפּן יידן, וועלכע מ׳האָט געצוווּנגען אויסצופירן די ערגסטע און שווערסטע אַרבעטן אין שטאָט, אין די דייטשע קאַזאַרמעס. דאָס שלאָגן יידן אין די גאַסן איז געוואָרן אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג. ס׳האָבן געשלאָגן די דייטשן, ס׳האָבן געשלאָגן די אוקראַאינער, צוטראַכטנדיק אַלץ נייערע שיקאַנעס. מ׳האָט געשלאָגן, ווען מען האָט באַגעגנט אַ יידן אויפן טראָטואַר, ווען מען האָט זיך נישט געבוקט ביז אין דער העלפט פאַר אַ פאַרבייגייענדיקן אוקראַאינער אָדער דייטש, ווען דאָס אָרעמבענדל מיטן מגן־דוד האָט נישט געהאַט די געהעריקע מאָס. די כאַפּונגען זענען געוואָרן אַלץ אָפטערע. די געכאַפּטע יידן האָט מען אַריינגעפּאַקט אין אויטאָס און אַוועקגעפירט הינטער דער שטאָט און דאָרט צעשאָסן. מיט די כאַפּונגען האָבן זיך צום אַקטיווסטן אָפּגעגעבן די אוקראַאינער, וועלכע זענען צוליב זייער אויסגעצייכנט קענען די געגנט געוואָרן דער גרויל פון דער לוצקער יידישער באַפעלקערונג.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט ביזן פריען האַרבסט. אין איינעם פון די־אַ טעג באַגינען האָבן אונדז אויפגעוועקט פון שלאָף ריטשענדיקע געשרייען פון דייטשן און אוקראַאינער: „ראַוס!״ און אַ קלאַפּן מיט קאָלבעס אין טירן־פענצטער. אין גרעסטן פחד האָבן מיר באַוויזן זיך אָנצוטאָן. מ׳האָט אונדז געגעבן עטלעכע מינוט אויף מיטצונעמען מיט זיך אַזויפיל חפצים, וויפל יעדער פון אונדז איז אימשטאַנד צו טראָגן, און מ׳האָט אַלע יידן פון אונדזער קוואַרטאַל „קראַסנע״ געטריבן אויף לוואָווסקע־גאַס. ס׳איז שווער צו באַשרייבן די אַנטשטאַנענע פּאַניק און בהלה. דער יאָמער פון די אַרויסגעטריבענע האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן קוואַרטאַל. אין אומבאַהאָלפענער פאַרצווייפלונג האָב איך גענומען פאַרטיליקן די סאַמע ווערטפולסטע זאַכן אין שטוב. דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבן נאָר טיילוויז, ווייל די תלינים האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטוב און אונדז אַרויסגעטריבן.

האָבן מיר זיך אַזויאַרום געפונען אין אַ געטאָ אויף דער לוואָווסקע־גאַס, צונויפגעשטיקט צו צוואַנציק, דרייסיק פאַרשוין אין אַ צימער (פריער איז די גאַס באַוווינט געווען פון דער יידישער אָרעמקייט).

דער זעלבער גורל וואָס אויף אונדזער קוואַרטאַל, איז אויסגעפאַלן אויף אַלע לוצקער קוואַרטאַלן. דעם זעלבן טאָג האָט מען די יידן פון די אַנדערע קוואַרטאַלן אַריינגעטריבן אין אַ געטאָ הינטער דער באַזיליאַנער־בריק. אויף אַזאַ אופן

זענען אַנטשטאַנען גלייכצייטיק צוויי געטאָס, וועלכע ס׳האָבן פאַרבונדן די ליים־פּלעצער פון דער ציגעלניע.

דער יודענראַט, וועלכן די דייטשן האָבן געשאַפן אַלס דעם פאָרשטייער פון די לויצקער יידן, וואָס זיין ציל איז צו שיצן די יידישע אינטערעסן, איז געווען אַ געמיש פון פאַרשידענע עלעמענטן, וואָס זיין איבערוועגנדיקער טייל האָט קיין שום געמיינזאַמס מיט לויצק נישט געהאַט. קלמן פרישבערג, ווי אַ מיטגליד פון יודענראַט, האָט נישט קיין סך געהאַט צו זאָגן. דערפאַר אָבער האָבן סאַשאַ פינטשוק צוזאַמען מיט אַ גאַנצער כאָפּטע פליטים (מענטשן פון צענטראַל־פּוילן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון פּוילן און האָבן זיך צופעליק געפונען אין לויצק; צווישן אַנדערע — נאַטאַן, דער שעף פון דער יידישער פּאָליציי) געהאַנדלט, עפנטלעך צי באַהאַלטן, אויסשליסלעך אין זייערע אייגענע אינטערעסן. די יידישע פּאָליציאַנטן, וווערבירטע מיינסטנטייל פון דעם פּסולת פון דער געזעלשאַפט, האָבן זיך קעגנזייטיק איבערגעיאָגט אין פייניקן די באַפעלקערונג.

אונדזער סיטואַציע איז געוואָרן אַ פאַרצווייפלטע. די דייטשן האָבן געפאָדערט וואָס ווייטער אַלץ גרעסערע קאָנטריבוציעס (גאָלד, זילבער, מאַנופאַקטור, פעל א.א.וו.). נאָכן אַרויפלייגן איינע פון די קאָנטריבוציעס לויט דער ריי, אין וועלכער זיי האָבן געפאָדערט אַ ריזיקע סומע באַרעס געלט און פוטערוואַרג, האָבן די דייטשן גענומען ערובניקעס, דראָענדיק, אַז אויב דאָס געטאָ וועט נישט אויספילן דעם באַפעל, וועלן זיי דערמאָרדעט ווערן. אַזוי איז אויך געשען.

## פון צוויי געטאָס — איינער

אין שפּעטן האַרבסט 1941 איז אין אַ געוויסן פרימאָרגן דאָס געטאָ אויף לוואָווסקע־גאַס אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשן און אוקראַינער. מ׳האָט אונדז אַרויסגעיאָגט, אָט אַזוי ווי מיר גייען און שטייען, אויף דער גאַס און געטריבן אין דער ריכטונג פון דער ציגעלניע. ס׳איז געווען זייער קאַלט. ס׳האָט געגאָסן אַ פּלייצרעגן. דאָס ליים און די בלאָטע האָבן דערגרייכט ביז די קני, און די תלינים האָבן געיאָגט, נישט לאָזנדיק איבערכאַפּן דעם אָטעם. ווער ס׳האָט זיך געשטרויכלט, איז מאָמענטאַל אומגעקומען פונעם שונאס אַ קויל. ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער הרעבליע, האָבן די אוקראַינער אַריינגעשטופּט מענטשן לאַוועסווייז אין סטיר. אינמיטן שיסערייען, אָנגערייצטע הינט און ווילדן געוואָי פון די באַנדיטן זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען צו דער גנידאָוו־בריק, הינטער וועלכער ס׳האָט זיך געפונען דאָס צווייטע געטאָ. בעת דעם דאָזיקן גאַנג זענען אין די בלאָטעס פון דער ציגעלניע פאַרבליבן כמעט אַלע זקנים פון אונדזער קוואַרטאַל. מיר זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין איין געטאָ, וועלכער גרענעצט פון איין זייט מיטן סטיר און פון דער צווייטער מיט די מויערן פון אַלטשטאָט. דער אַריינגאַנג אין געטאָ איז געווען די באַזיליאַנער־בריק. איבער איר גאַנצער ברייט האָט זיך געצייגן אַן אויפשריפט, געמאַכט דורך די דייטשן: „אַכטונג — פלעקטיפוס!״.

אין געטאָ האָבן דער הונגער און די קעלט אָנגעמאַכט אַ חורבן צווישן די מענטשן. פון וואָך צו וואָך זענען אַלץ קלענער געוואָרן די שפּייז־פּאָרציעס. אַרויסגעטריבן אויף די שווערסטע אַרבעטן, געשלאָגן און געפייניקט בעת דער אַרבעט, זענען מענטשן וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער געוואָרן. פון ערשטן מאָמענט אָן געלאָזן אויף אייגענעם באַראָט, פולשטענדיק אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, זענען מענטשן מאַסנווייז אויסגעשטאָרבן. די מיינסטנס קרבנות זענען געווען צווישן עלטערע מענטשן און קינדער.

גייענדיק צוריק פון דער אַרבעט, פלעגט מען דורכגיין אויף דער בריק אַ שטרענגע קאָנטראָל. ווען מ׳האָט ביי עמעצן געפונען אַ ביסל שפּייז, האָט מען אים אין בעסטן פאַל באַפוילן אַריינצוואַרפן עס מיט די אייגענע הענט אין וואַסער. דערביי האָט מען אומברחמנותדיק געשלאָגן. אַלץ מער מתים האָט מען טאָגטעגלעך געקאָנט זען אויף די גאַסן אין געטאָ. דער הונגער האָט אַוועקגענומען די כּוחות, דעם חשק צו ווידערשטאַנד אַפילו ביי די סאַמע שטאַרקסטע. ברויט איז געוואָרן אַ נאַשעריי פאַר געציילטע. פאַר בוראַקעס, קאַרטאָפל־שאָלעכץ פלעגט מען זיך שלאָגן.

ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין געטאָ ידיעות פון אַנדערע וואָלינער שטעט וועגן שרעקלעכע רציחות, וואָס ווערן אויסגעפירט דורך די דייטשן אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

די היטלעריסטן, וועלנדיק דערפירן די לויצקער יידישע באַפעלקערונג צו פולשטענדיקער אויסצערונג און מאָראַלישן צוזאַמענברוך, כדי שפּעטער מיט איר לייכטער צו פאַרענדיקן, האָבן אָנגעווענדט זייער באַקאַנטע סטראַטעגיע, וואָס איז באַשטאַנען אין אַריינפירן אין אַ טעות דעם יודענראַט, ער זאָל נישט גלייבן די ידיעות, אַז די אַכצן טויזנט איבערגעבליבענע יידן דראָט אַ טויט־געפאַר. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן ענדגילטיק דעמאָביליזירט אפילו די וויניקע, וואָס האָבן געטראַכט וועגן ווידערשטאַנד. דערצו נאָך איז אין די לויצקער באַדינגונגען, ביי פולשטענדיקער אוממעגלעכקייט איינצושאַפן זיך געווער, דאָס אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד געווען אויסערגעוויינלעך באַשווערט.

## ארויסגעריסן זיך פון געטאָ

אָנהייב אויגוסט 1942 האָט זיך אין געטאָ אומגעקערט אַ בחור׳ל מיט אַ ידיעה, אַז אין לאַוראָוו און קאָשטשושקאָ אַרבעטן לויצקער יידן (דאָס איז געווען איינע פון די פיל גרופּעס, וואָס די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג; די איבעריקע גרופּעס, דער עיקר פון מאַנסלייט, זענען ליקווידירט געוואָרן).

כ׳האָב זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער דאָזיקער ידיעה, האַלטנדיק, אַז פאַר יעדן פּרייז דאַרף מען זיך אַרויסרייסן פון געטאָ. איבערגעטועענע האָבן מיר זיך, איך און עטלעכע מיינע נאָענטסטע, אַרויסגעגנבעט פאַרטאָג פון געטאָ, יעדע ווײַלע דערוואַרטנדיק אַ קויל פון אַ שוצמאַן. דאָס וויכטיקסטע איז דעמאָלט געווען פאַר אונדז — נישט בלייבן פּאַסיוו! אומקומען, אָבער בעתן אַנטלויפן. ס׳האָט זיך אונדז איינגעגעבן. אויפן צווייטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין לאַוראָוו (אַ 20 קילאָמעטער פון לויצק).

דאָס איז געווען אַ גרויסער מאַיאָנטעק, וועלכער נעמט

אַרום אַ ריי דערפער. ס׳האָט אין אים געבאַלעבאַטעוועט אומבאַגרענעצט לייטנאַנט באַסנער — אַ יונגער עסעסמאַן, אַ דעגענעראַט, פאַר וועלכן איזדיעקעווען זיך איבער מענטשן איז געווען אַ מחיהדיקע פאַרוויילונג. אַ שיכורער פון אינדערפריאָן, האָט ער נישט באַמערקט, אַז די צאָל פון זיינע שקלאַפן האָט זיך פאַרגרעסערט מיט אונדז, און אויף אַזאַ אופן זענען מיר שוין פאַרבליבן דאָרט אויפן פאָלוואַרק. מיר זענען געווען אַ דרייסיק יידן, געטריבן צו דער אַרבעט שוין באַגינען. דאָס גערעטעניש איז דאָס יאָר געווען אַ פּרעכטיקס. ס׳האָבן אויסגעפעלט הענט צו דער אַרבעט. אַזש ביזן אָוונט פלעגן מיר האָרעווען אויפן פעלד פאַר אַ שטיקל ברויט און אַ גלעזעלע אייל (נישט אַלע טאָג), נאָך וועלכן ס׳פלעגט זיך שרעקלעך גלוסטן טרינקען.

ווען מיר האָבן איינמאָל איינגעבעטן דעם אַדמיניסטראַטאָר, אַ פּאָליאַק, ער זאָל אונדז דערלויבן ברענגען אַן עמער וואַסער אויפן פעלד, האָט זיך געיאַוועט באַסנער אויפן פעלד און באַפוילן אויסגיסן דאָס וואַסער פאַר אונדז אין די אויגן.

מיר פלעגן נעכטיקן אין אַ האַלב חרובער שאָפּע. איז איינער פון באַסנערס פאַרגעניגנס געווען אַריינצושיסן פון פאַרוויילונגס וועגן אין אירע פענצטער־לעכער.

ווען מיר זענען ווי דערהרגעטע פון דער גאַנצטאָגיקער האָרעוואַניע איינגעשלאָפן זענען אונדז עטלעכע מאָל באַפאַלן די אוקראַינער און האָבן פון אונדז אַראָפּגעצויגן אונדזער אָנטועכץ.

די דאָרפישע באַפעלקערונג האָט אונדז באַהאַנדלט אין אַלגעמיין פיינטלעך. כל־זמן ווער פון אונדז האָט נאָך געהאַט וועלכע ס׳איז ווערטפולע קלייניקייטן, וועלכע מיר פלעגן אַוועקגעבן פאַר ברויט, פלעגט מען אונדז ביינאַכט אַריינלאָזן בגנבה אין די שטיבער. ווען דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט, פלעגט מען פשוט אָנרייצן אויף אונדז די הינט.

דער געדאַנק, אַז איך האָב איבערגעלאָזן מיין גאַנצע פאַמיליע אין געטאָ, האָט מיר קיין רו נישט געגעבן. דעם 19־טן אויגוסט האָט זיך מיר איינגעגעבן איבערצורעדן דעם שאָפער פון אַ לאַסטאויטאָ, וועלכער האָט געפירט תבואה קיין לויצק, ער זאָל מיך מיטנעמען. כ׳האָב באַשלאָסן אַרויסצורייסן פאַר יעדן פרייז די נאָענטסטע פון געטאָ. דער צופאַל האָט געפירט, אַז דער לאַסטאויטאָ איז פאַרבייגעפאָרן דעם געטאָ, ווו איך בין געבליבן. פאַר מיינע אויגן האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ שרעקלעך בילד. דאָס געטאָ האָט אויסגעזען ווי געשטאָרבן. אין די גאַסן האָט מען קיינעם נישט געזען. ווען כ׳בין אַריינגעקומען אין שטוב, ווו ס׳האָבן געוווינט מיינע עלטערן, האָב איך פון גערירטקייט נישט געקאָנט רעדן.

מיינע בקשות און געוויין, זיי זאָלן איינשטעלן צו אַנטלויפן מיט מיר קיין לאַוראָוו, האָבן לײדער נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן. אויסגעצערטע פון הונגער און קראַנקע, האָבן זיי פאַרלאַנגט איך זאָל תיכף־ומיד פאַרלאָזן די שטוב. ס׳האָבן נישט געהאָלפן מיינע בקשות זיי זאָלן מיר דערלויבן בלייבן מיט זיי. מיין מאַמע האָט מיך פשוט פון שטוב אַרויסגעטריבן. מיט איר ברכה אין די אויערן בין איך אַוועקגעגאַנגען האַלב ביים באַוווסטזיין אויפן אָרט, ווו איך האָב געהאַט פריער אָפּגערעדט מיטן שאָפער זיך צו טרעפן. דעם זעלבן טאָג בין איך ווידער געווען אין לאַוראָוו.

דאָס איז געווען מיין לעצטע באַגעגעניש מיט די עלטערן און גלייכצייטיק די לעצטע שעהן פון דעם געטאָ.

## דער אומקום פון געטאָ

די אייגענע נאַכט האָט אַ געדיכטער שפּאַלער שוצלייט אַרומגערינגלט דאָס געטאָ. די דייטשן מיט דער הילף פון אוקראַינער זענען צוגעטראָטן צו ליקווידירן די 18 טויזנט ביים לעבן איבערגעבליבענע יידן אין לויצק.

פון אַ באַריכט פון אַן עד־ראיה ווערט קלאָר: די באַפעלקערונג פון געטאָ איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אויפן באַזיליאַנסקע־פלאַץ, ווו מען האָט דעם גאַנצן טאָג סעגרעגירט די מענטשן. באַזונדער פאַכלייט און באַזונדער די איבעריקע טייל באַפעלקערונג. אויפן פלאַץ האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז לעבן בלייבן וועלן נאָר די פאַכלייט. דאַנטישע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַרום. מען האָט זיך באַמיט צו באַקומען אויף אַלע מעגלעכע אופנים פאַך־שיינען — לעבן־שיינען. אַ סך מענטשן זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד פאַר אַלעמען אין די אויגן, איינגעמענדיק סם, אָדער איבערשניידנדיק זיך די אָדערן. דעם גאַנצן טאָג האָט מען אויפן פלאַץ צוגעפירט מענטשן, וועלכע האָבן געפרוווט זיך אויסבאַהאַלטן. אַ שענדלעכע ראָל ביים אַרויסקריגן מענטשן פון באַהעלטענישן האָט געשפּילט די יידישע פּאָליציי.

די פאַכלייט מיט זייערע פאַמיליעס האָט מען פאַרשפּאַרט אין ליובאַרטס שלאָס.

דעם 21־טן אויגוסט באַגינען זענען אויפן פלאַץ אַרויפגעפאָרן לאַסטאויטאָס, אויף וועלכע מען האָט בגוואַלד אַרויפגעפאַקט די מענטשן און אָפּגעפירט אין דער געגנט גורקע פּאָלאָנקע. דאָרט אין אַ וועלדל, זיבן קילאָמעטער פון לויצק, האָבן געוואַרט פריש־געגראָבענע ריזיקע ראָוועס, אין וועלכע מ׳האָט געצוווּנגען זיך אַריינלייגן די פולשטענדיק נאַקעטע מענטשן. די ביי דעם גרוב שטייענדיקע דייטשן און שוצלייט האָבן מיט אַ סעריע פון אויטאָמאַטן דערמאָרדעט די ליגנדיקע, אויף וועלכע ס׳האָבן זיך געמוזט אַנידערלייגן די שפּעטער געקומענע פּאַרטיע מענטשן, כדי אויפן זעלבן אופן דערמאָרדעט צו ווערן.

אויף אַזאַ אופן זענען ליקווידירט געוואָרן די לעצטע 18 טויזנט יידן אין לויצק.

## די ליקווידאַציע אין לאַוראָוו

ס׳האָט זיך פאַרענדיקט די שניטצייט. מיר האָבן געאַרבעט אין לאַוראָוו ביים דרעשן. אין דער שאָפּע אָן פענצטער־טירן איז געוואָרן אַלעמאָל קעלטער. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט האַלב ביים באַוווסטזיין. דער באַריכט וועגן די געשעענישן אין לויצק, געהערט פון אַן עד־ראיה, אַן אַכטיעריק מיידעלע, וועלכע האָט זיך דורך אַ נס אַרויסבאַקומען פון דעם גרוב, האָט אונדז קיין רו נישט געגעבן.

מיר זענען אָן איבעררייס געשטאַנען פאַר די אויגן מיינע נאָענטסטע, וועגן וועלכע כ׳האָב געוווּסט, אַז זיי לעבן שוין נישט, אַז כ׳וועל זיי שוין קיינמאָל נישט זען...

**BESCHLAGNAHMT DURCH DEN GEBIETSKOMMISSAR—ZUTRITT VERBOTEN!**

**ZUWIDERHANDELNDE WERDEN mit dem TODE BESTRAFT!**

**Зареквізоване п. ГЕБІТСКОМІСАРОМ—ДОСТУП ЗАБОРОНЕНИЙ!**

**ХТО ЙТИМЕ ПРОТИ ЦЬОГО, БУДЕ ПОКАРАНИЙ СМЕРТЮ!**

איף די הייזער, פון וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבן די יידן, זענען אויפגעקלעפּט געוואָרן צעטלען אין דייטש און אין אוקראַיניש: „רעקוויזירט דורכן געביטס־קאָמיסאַר — צוטריט פאַרבאָטן. ווער עס וועט עובר זיין — וועט ווערן באַשטראָפט מיט טויט".

אַזוי האָבן מיר דערצויגן ביז נאָוועמבער. אין איינעם אַ גרויען פרימאָרגן, אַרבעטנדיק ביים דרעשן, האָבן מיר פלוצעם באַמערקט אַ פרעמדן לאַסטאויטאָ אַריינפאָרן דורכן טויער פון פאָלוואַרק. ס׳איז געוואָרן אַ באַוועגונג און פונעם אויטאָ האָבן גענומען אַרויסשפּרינגען געסטאַפּאָווצעס. מיר האָבן אויפגעשוידערט פון שרעק. דער אינסטינקט האָט אונטערגעזאָגט, אַז דאָס זאָגט זיכער נישט אָן קיין גוטס. איך בין מאָמענטאַל אַרויסגעלאָפן דורך אַ זייטיקן טויער און זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט פנחס פאַטש אין אַ סטויג היי. דער אינסטינקט האָט אונדז טאַקע נישט פאַרפירט. די וואָס זענען זיך נישט צעלאָפן, זענען אונטערן אויסרייד פון דורכפירן אַ קאָנטראָל אַריינגענאַרט געוואָרן אין אַ מאַגאַזין, ווו זיי האָבן געמוזט זיך אויסטאָן נאַקעט, אַרויסגיין אַזוי אויפן הויף, בכדי צו באַקומען אַ קויל אין דער פאַטילניצע, איבער אַ פריש־געגראָבענעם גרוב.

דריי מעת־לעת זענען מיר איבערגעזעסן אינעם סטויג היי. ס׳איז געווען שרעקלעך קאַלט. צום שטאַרקסטן האָבן מיר דערקוטשעט די פיס, וועלכע זענען מיר פולשטענדיק פאַרשטאַרט געוואָרן. די דריטע נאַכט, נישט קאָנענדיק לענגער אויסהאַלטן דעם דורשט און די קעלט, זענען מיר אַרויסגעקראָכן פונעם סטויג און האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין דער שטוב פון איינעם פון די פאָרנאַלן, וועלכע זענען געווען אַ סך מענטשלעכער פון די אַנדערע.

פון אָט דעם פאָרנאַל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז איף יעדער כאַטע אין דאָרף האָבן די שוצלייט אויפגעהאָנגען קוויטלעך מיט אַן אויפשריפט: „ווער ס׳וועט אַריינלאָזן צו זיך אַ ייד, וועט דערשאָסן ווערן צוזאַמען מיט דער פאַמיליע". ער האָט אונדז אויך געזאָגט, אַז אַ הייפל יידן, וועלכע האָבן אויסגעמיטן דעם טויט פון די הענט פון די געסטאַפּאָווצעס, האָט באַסנער צוריקגענומען אויפן פאָלוואַרק, גאַראַנטירנדיק זיי דאָס לעבן.

פאַר דער גאַנצער צייט פון אונדזער זיין אין לאַוראָוו האָבן מיר זיך באַמיט ווי ווייט מיר האָבן געקאָנט צו באַקומען אַ וועלכן קאָנטאַקט מיטן וואַלד. ס׳האָט זיך אונדז אָבער נישט איינגעגעבן. אויף אַ שטרעקע פון עטלעכע צענדליק קילאָמעטער אַרום אונדז זענען בכלל קיין גרויסע וועלדער נישט געווען. ווייטער זיך לאָזן איז געווען געפערלעך צוליב דער אוקראַאינישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אַקטיוו געהאָלפן די היטלעריסטן.

אויפן פאָלוואַרק האָט זיך אויפסניי איינגעשטעלט אַ פאַרהעלטנישמעסיקע רו. כ׳האָב זיך געסטאַרעט אויף וויפל כ׳בין אימשטאַנד געווען אונטערצוהאַלטן מיינע אָפּגעפרוירענע פיס. ס׳האָט מיך דערין געהאָלפן אַ פאָרנאַלס אַ ווייב, אַ פאָלקע, יאַדוויגאַ גאַווראָנסקאַ, דערלויבנדיק מיך זיך אָנצוואַרעמען ביי איר אין שטוב און צולייגנדיק פריש חזיר־פעטס צו מיינע פוס־זוילן.

אין איינעם פון אַזעלכע קריר־הדיקע אָוונטן זענען מיר, איך און פיניע, פאַרבליבן ביי די גאַוראָנסקיס איבערצונעכטיקן. אָט אַזוי ווי מיר גייען און שטייען האָבן מיר זיך געלייגט נעבן אויוון שלאָפן (דאָס אָנטועכץ און די שיך האָבן מיר בכלל נישט אַראָפּגענומען פון זיך פון זינט די עסעסלייט זענען געקומען צו פאָרן קיין לאַוראָוו). באַגינען האָב איך פלוצעם דערהערט אַן עכאָ פון אָנפאָרנדיקע אויטאָס. מיר זענען אַלע מאָמענטאַל אויפגעשפּרונגען. גאַווראָנסקאַ איז אַרויסגעלאָפן אויפן וועג און אין אַ רגע אַרום צוריק אַריינגעפאַלן אין כאַטע מיט אַ שרעקלעך געשריי: „אַנטלויפט, שוצלייט זענען אָנגעפאָרן!"

### פאַרפאָלגט ווי אַ חיה

אין ערשטן מאָמענט האָבן מיר זיך לגמרי פאַרלוירן. וואַרטן ביז מען וועט אונדז אַרויסשלעפּן פון כאַטע האָבן מיר נישט געוואָלט. זענען מיר אַרויסגעלאָפן דורך דער הינטערשטער טיר פון דער כאַטע און אָנגעהויבן לויפן פאָרויס, איבערשניידנדיק דאָס פעלד. מען האָט אונדז באַמערקט. ס׳האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אין אונדזער ריכטונג שאָסן... כ׳האָב זיך אויסגעגליטשט און בין אַריינגעפאַלן אין אַ ראָוו. די שוצלייט, מיינענדיק משמעות, אַז כ׳בין געטראָפן געוואָרן, זענען מיר פאַרבייגעלאָפן און האָבן זיך געיאָגט נאָך פנחסן.

ווי לאַנג כ׳בין געלעגן אָן באַוווּסטזיין אין ראָוו קאָן איך נישט זאָגן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון חלשות און זיך אויפגעהויבן אויף די הענט. אַרום מיר האָט געהערשט פּילשטענדיקע שטילקייט. כ׳האָב געפּרוווט זיך אויפשטעלן, אָבער די פיס האָבן מיר נישט געוואָלט פאָלגן. דער אינסטינקט האָט מיך דאָך געשטויסן פאָרויס. אויף אַלע

פיר, אינמיטן העלן טאָג, האָב איך אָנגעהויבן זיך רוקן פאָרויס דורכן פוסטן פעלד אין דער ריכטונג פון דער נאָענטסטער כאַטע. נישט באַמערקט פון קיינעם, בין איך אַריינגעקראָכן דורך אַ פוסטן פאָדוויר אין אַ פאָדערהייזל. דורך אַ לייטער, אָנגעשפאַרט אויף אַ וואַנט, האָב איך זיך אַרויפגעראַטשקעוועט אויפן בוידעם. געפירט בלויז דורכן אינסטינקט, בין איך אַריינגעקראָכן אין אַ סעפעט פון תבואה, און כ'האָב וואַרשיינלעך פאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין.

פון חלשות האָט מיך אַרויסגעריסן אַ פעסטע מענערשע שטים, וועלכע איז געקומען פון אונטן: „דאָ מוז זיין אַ זשידיוועקע. די סליאַדעס פירן צו אייער כאַטע. מיר האָבן געמיינט, אַז זי איז דערהרגעט" — האָט עמעצער געשריגן אין דער כאַטע. מיין האַרץ האָט אויף אַ רגע אויפגעהערט צו קלאַפן. דאָס האָבן דאָך די תליינים געזוכט מיך. ווי אַן ענטפער אויף די געשרייען פון די שוצלייט האָב איך דערהערט אַ זקנישע פרויען־שטים: „ווי קאָן ביי מיר זיין אַ זשידיוועקע, אַז מיין זון איז אַ שוצמאַן". נאָך די־אַ ווערטער זענען די תליינים אַוועקגעגאַנגען — און איך האָב פולשטענדיק קלאָר באַזיניקט, ווו איך געפין זיך. דער ווינטערטאָג האָט זיך שוין דערנענטערט צו זיין ענדע. דער אינסטינקט האָט מיר געזאָגט, אַז לענגער דאָ פאַרבלייבן טאָר איך נישט קיין איינציקע מינוט. ס'האָט זיך מיר איינגעגעבן זיך שטעלן אויף די פיס. דער זעלביקער אַלמעכטיקער אינסטינקט האָט געמאַכט, אַז איך זאָל אין דער שוין פולשטענדיקער פינצטערניש, רוקנדיק זיך אויף אַלע פיר, געפינען עפּעס אַן עפענונג אין דאַך, אָנטאַפּן אַ לייטער און זיך אַראָפּלאָזן אין פאָדערהייזל. ווידער — פינצטערניש און שטילקייט. כ'האָב אָנגעטאַפּט עטלעכע טירן. כ'האָב זיך קלאָר אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז בלויז איין טיר פירט צום לעבן, די איבעריקע — צום טויט. אין שרעקלעכער געשפּאַנטקייט האָב איך אַ דריק געטאָן אויף איינער פון די קליאַמקעס. די טיר האָט זיך אָפּגעלענט, און כ'האָב דערזען פאַר זיך דעם הימל...

די פראָסטיקע לופט האָט מיך אַ ביסל דערפרישט. מיט אַ הויפן שניי האָב איך געלאָשן דעם דורשט און זיך געלאָזט גיין פאָרויס. די געגנט האָב איך בכלל נישט געקענט. פונוויטנס האָט געשוואַרצט אַ וואַלד. איך בין געגאַנגען שנעל, פאָרויס, מיטן געדאַנק זיך וואָס שנעלער צו דערווייטערן פון דאָזיקן אָרט. די נאַכט־שטילקייט האָט איבערגעריסן דאָס וואָיען פון הינט און איינציקע שאָסן אָנגעלאָפענע פון לאַוראָוו.

מיטאַמאָל האָב איך דערזען, אַז פאַר מיר אויפן וועג ליגט עפּעס. צוקומענדיק אַלץ נעענטער צום אָרט, האָב איך דערקענט אַ סילועט פון אַ מענטשן, אַ פאַרפרישעטן מיט שניי. כ'האָב געשטעלט שנעלערע טריט און — אַך, סאַראַ גרויל! — ס'איז פנחס. ער איז דאָ אַרום אַנטלאָפן, מ'האָט אים נאָכגעיאָגט, און אַ קויל האָט אים געטראָפן פון הינטן. זיין ווונטש אין די לעצטע רגעס פון זיין לעבן איז דערפילט געוואָרן. ער האָט זיך נישט געלאָזט פירן פרייוויליק צום גרוב, נישט אָפּגעגעבן זיין לעבן פרייוויליק דעם שונא. ער איז אומגעקומען אַנטלויפנדיק...

לאַנג, לאַנג בין איך געשטאַנען פאַר אים אויף די קני. דער הימל האָט אָנגעהויבן בלייכן. פלוצעם האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך הער דייטלעך פיניעס שטים: „שנעלער, שנעלער לויף, אסתרקע. האָב קיין מורא נישט. דער וואַלד איז נאָענט". כ'האָב זיך אויפגעשטעלט. עפּעס נייע כוחות זענען אין מיר אויפגעקומען, און כ'האָב אָנגעהויבן לויפן פאָרויס.

דער באַגערטער וואַלד פאַר מיר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ קליין וועלדל. דורך די ביימער האָבן זיך דורכגעשיינט כאַטעס פון אַ נאָענט דאָרף. וועגן באַהאַלטן זיך דאָ האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. ס'האָט זיך געשטעלט אַ פריער ווינטערפרימאָרגן. כ'האָב געמוזט זיך ערגעץ באַהאַלטן. כ'האָב זיך אָפּגעוואַשן דאָס פנים מיט שניי, פאַרריכט דאָס טיכל אויפן קאָפּ און בין אַריינגעגאַנגען אין דער נאָענטסטער כאַטע.

## ערגעץ רעדט נאָך דאָס מענטשלעכע געוויסן

אין שטוב האָבן זיך געשפּילט עטלעכע קינדער און אַן אַלטע פרוי איז געשטאַנען ביים פייער. ווען זי האָט מיך דערזען, האָט זי זיך איבערגעצלמט, אויף מיין בקשה דערלאַנגט מיר אַ טעפּעלע הייס וואַסער און מיך אַריינגעשטופּט אין אַ קעמערל.

אָן קיינע שום געדאַנקען, אַ פולשטענדיק אָפּגעטעמפּטע בין איך דאָרט אָפּגעלעגן ביזן אָוונט. ווען ס'איז אינגאַנצן פינצטער געוואָרן, איז אין קעמערל אַריינגעקומען די זעלבע אַלטע פרוי, האָט מיך געהייסן אַרויסגיין אויפן פאָדווירל און מיט די ווערטער „כ'וויל נישט מער קיין בלוט" מיך אַ צי געטאָן נאָך זיך אויפן וועג אַרויף. די נאַכט איז געווען אַ שטאָק פינצטערע. ס'איז געווען זייער קאַלט. ס'איז געגאַנגען אַ דריבנער רעגן מיט אַ שניי, אַ ווינט האָט געצויגן פון אַלע זייטן. כ'האָב זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. אין די אויערן האָבן מיר געקלונגען די ווערטער פון דער פרוי, וועלכע איז שווייגנדיק געגאַנגען נעבן מיר. כ'האָב נישט געוווּסט וווּהין זי פירט מיך. נאָך אַ לאַנג שווייגן, אויפהייבנדיק זיך שוין צום צווועלפטן מאָל פון אַ פאַל, ווייל מיר האָבן געהאַלטן אין כסדרדיקן אויסגליטשן זיך, האָט מיך די פרוי פלוצעם אַ פרעג געטאָן, צי איך האָב געקענט די פאַמיליע קרוק פון לויצק. אויף מיין באַשטעטיקנדיקן ענטפער האָט זי מיר געזאָגט, אַז ערשט נעכטן האָבן עסעסלייט אַרויסגעשלעפּט די גאַנצע פאַמיליע קרוק פון איר שטוב (זיי האָבן זיך ביי איר אויסבאַהאַלטן) און פאַר אירע אויגן צעשאָסן. זי האָט געטראַכט, אַז ס'האָט דערצו מיטגעהאָלפן איר עלטערער זון, האָט זי דערפאַר באַשלאָסן מיר צו העלפן.

מיר זענען געשטאַנען פאַר עפּעס אַ גרויסן בנין. די פרוי האָט אָנגעקלאַפּט. נאָך אַ לענגערער ווייל האָט אונדז אַ צעקנייטשטע זקנה געעפנט, און מיר זענען אַריינגעגאַנגען. דאָס איז געווען אַ פוסטער שול־בנין, אויף אַ העלפט אַן אָפּגעברענטער. די ווייבער האָבן אַ לענגערע ווייל זיך געשושקעט צווישן זיך, דערנאָך האָט די זקנה געהייסן מיך אויסטאָן די שיך און זיך באַהאַלטן אונטער דער פּערענע.

אַזוי האָב איך פאַרבראַכט די נאַכט. אינדערפרי האָט מיך די זקנה אַריינגעפירט אין איינעם פון די פון דער שרפה גאַנץ געבליבענעם קלאַס און מיך באַפוילן זיך פון אָרט נישט צו רירן ביז זי וועט קומען. דער פרויס מילדע אויגן האָבן מיך אַ ביסל באַרויקט. כ'האָב געפילט, אַז כ'מוז קומען אַ ביסל

צו זיך, און וואָס ווייטער — ווועלן מיר זען. צום באַדויערן, סך־הכל עטלעכע שעה נאָך דער זקנהס אַוועקגיין, בין איך געווען געצוווּנגען פון דאָרטן אין מיטן העלן טאָג צו אַנטלויפן. כ׳האָב פלוצעם דערהערט אויפן הויף קינדערישע קולות. אַ באַ־אומרויקטע האָב איך זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און אָפגעוואַרט ווייטערע געשעענישן. זיי האָבן נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן. כ׳האָב דערזען אַ פאָר קינדערישע אויגן אַריינקוקן דורך די ברעטער, מיט וועלכע ס׳זענען פאַרקלאַפט געווען די פענצטער, און גלייך נאָך דעם אַ רופן: „קומט, קומט, דאָ איז עמעצער פאַראַן״. אויך דאָס מאָל האָט מיר דאָס מזל צוגעדינט. די קינדער, פאַרנומען משמעות מיט זייער שפּילן, האָבן נישט דערהערט דאָס רופן און זענען אַפילו אָפּגעגאַנגען ווייטער. איך האָב שוין אָבער נישט געקאָנט פאַרבלייבן דאָרט לענגער קיין איין מינוט. דער אַלמעכטיקער לעבנס־אינסטינקט האָט מיך באַוויגן, כ׳זאָל זיך אַ וואָרף טאָן צום פענצטער, און נישט זעענדיק קיינעם אַרום, בין איך אַרויסגעלאָפן פון שול און זיך אַ טראָג געטאָן פאָרויס.

כ׳בין אָפּגעזעסן ביז אין אָוונט אין אַ נאָענט וועלדל. נאָך דעם געגוג וואַרעמען טאָג האָט ווידער געכאַפּט אַ פראָסט. געשטויסן פון עפּעס אַן אינערלעכער שטים, האָב איך באַשלאָסן גיין פאָרויס, כדי נישט דערפרוירן צו ווערן, כל־זמן די כוחות וועלן מיר קלעקן, און דערנאָך אַריינגיין צו מענטשן, און אַזוי טאַקע האָב איך געטאָן.

ווי לאַנג איך בין געגאַנגען געדענק איך נישט. ווען ס׳האָט פונוויטנס אַ בלינצל געטאָן אַ פייערל (זיי זענען געווען צעװאָרפן איבער די כוטאָרעס), האָב איך, נישט באַדענקנדיק זיך, גענומען שטעלן שנעלערע טריט און אינגיכן זיך געפונען אין אַ כאַטע.

ווייבער האָבן דאָ גראָד געבאַקן ברויט. דערזען מיך, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון שרעק. איינע האָט אָנגעהויבן שרייען איך זאָל זיך שוין די רגע אָפּטראָגן, אַ צווייטע האָט גענומען איר איבערחזרן, דערפאַר אָבער די איבעריקע האָבן זיי געהייסן זיך איינשטילן און זעענדיק מיין צושטאַנד (כ׳האָב זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן; נישט געקוקט אויף דער וואַרעמקייט וואָס האָט געשלאָגן פון אָפענעם אויוון האָב איך זיך אינגאַנצן געטרייסלט), האָבן זיי מיר געהייסן זיך אַנידער־זעצן און געגעבן צו טרינקען. אין שטוב איז שטיל געוואָרן. און אָט האָט זיך איינע פון די ווייבער אָנגערופן צו מיר: „קום מיט מיר, וועסט ביי מיר איבערנעכטיקן. ווער ווייסט, צי מיין טאָכטער, וועלכע מ׳האָט אַוועקגעטריבן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, געפינט זיך נישט אין דער אייגענער לאַגע״.

כ׳בין אַריבערגעגאַנגען אין דער צווייטער שטוב, ווו איך בין איבערגעזעסן דעם קומענדיקן טאָג. וועגן בלייבן דאָרט לענגער האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, ווייל אין דערנעבנ־דיקן הויז האָבן סטאַציאָנירט שוצלייט. אין איצטיקן מאָמענט זענען זיי נישט געווען, האָבן אָבער געקאָנט אין יעדער רגע זיך יאַווען.

## כ׳בין ווידער אין לויצק

פון דער פרוי, וועלכע האָט מיך צוגעטוליעט, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די קומענדיקע וואָך וועלן די מענער פון זייער דאָרף פאָרן קיין לויצק אויף „סטויקע״ (דאָס איז געווען צוואַנג־אַרבעט פאַר די דייטשן; מ׳האָט מיט זיך גענומען די פורן מיט פערד). האָב איך באַשלאָסן צו דערלאַנגען זיך קיין לויצק.

די כלאָפּעס זענען אַרויסגעפאָרן אין אָוונט, כדי גאַנץ פרי זיך צוצושטעלן קיין לויצק. סטאַרענדיק זיך, קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן, האָב איך זיך בעטן אַרויספאָר פשוט אָנגע־טשעפּעט פאַר אַ פור פון הינטן (געוווּסט וועגן מיר האָט בלויז דער פרויס שוואָגער). ס׳איז געווען אַן אָדליגע. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך דערשפּירט אַ גערוך פון זיך צעלייגנדיקע גופים. די כלאָפּעס האָבן געשמועסט צווישן זיך, אַז דאָס איז פון די גריבער, אין וועלכע ס׳ליגן די לויצקער יידן. מיר זענען פאַרבייגעפאָרן גורקע־פּאָלאָנקע, דאָס אָרט, ווו ערשט נישט לאַנג צוריק זענען דערמאָרדעט געוואָרן פון באַנדיטן־הענט אַלע מיינע נאָענטסטע... אין דער רגע האָט מיך באַהערשט איין באַצווינגנדיקער געדאַנק: „נישט לאָזן זיך, קעמפן פאַרן לעבן ווייטער, וואָרן עמעצער מוז דאָך איבערלעבן, כדי נקמה צו נעמען פאַר אַלע אכזריותן פונעם שונא, כדי צו קענען דערציילן וועגן די גרויליקע איבערלעבענישן, יסורים...״

ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן. כ׳האָב דערקענט אַ פאָרשטאָט פון לויצק; דאָס אָרט ווו די „סטויקע״ פלעגט זיך זאַמלען איז געווען די קאָמענדע פון דער גראַנאַטענער פּאָליציי אויף קראַסנע. כ׳בין אַראָפּגעקראָכן ווי נאָר די פורן זענען אַריינ־געפאָרן אין דער לוואָווסקע־גאַס.

דעם גאַנצן וועג האָב איך געהאַט אָנגעשטרענגט מיין זכרון, באַמיענדיק זיך צו דערמאָנען, ווער פון מיינע אַמאָליקע שול־חברטעס האָט געוווינט אין דער געגנט. די איבערמענטש־לעכע איבערגעמאַטערטקייט, די איבערלעבענישן פון דער לעצ־טער צייט האָבן גורם געווען, אַז כ׳האָב זיך גאָרנישט געקאָנט דערמאָנען. איך האָב זיך אַרומגעקוקט. מיטאַמאָל האָט צוגע־שמידט צו זיך מיין אויפמערקזאַמקייט אַן אַלטער, צעצווייגטער בוים, פון וועלכן אַ וועגל האָט געפירט אין דער טיף פון אַ ליקל. כ׳האָב שוין געוווּסט, אַז נעבן דעם בוים האָב איך געמוזט אַ סך מאָל פאַרבייגיין, אָבער — וווּהין, צו וועמען? צום גליק האָב איך זיך דערמאָנט. ערגעץ־ווו דאָ אין דעם ליקל האָט דאָך געוווינט מיינע אַ חברטע פון די קינדעריאָרן, מאַרוסיע.

ס׳איז געוואָרן אַלץ ליכטיקער. לענגער האָב איך אויפן שאָסיי נישט געקאָנט בלייבן. כ׳האָב זיך דעצידירט אויפצוזוכן מאַרוסיעס שטוב און זיך געלאָזט גיין.

כ׳האָב די שטוב באַלד דערקענט. נישט פאַרטראַכטנדיק זיך האָב איך געעפנט די טיר... און בין אַריינגעגאַנגען אין פאָדערהויז. אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען אַן איינגעבויגענע פרוי. ווען זי האָט אויפגעהויבן אויף מיר די אויגן, האָט זי פון שרעק אויסגעשריגן און זיך אַ צי געטאָן אויף צוריק אין צימער אַריין.

כ׳בין געשטאַנען אויג אויף אויג מיט מאַרוסיען. זי האָט מיך גלייך דערקענט. מיט איר אייגנטימלעכער ענערגיע האָט זי מיך אַריינגעשטופּט אין אַ צימער און פאַרקייטלט די טיר. מיין אויסזען איז געווען אַ גרויליקס. באַוואָקסן מיט שמוץ און אומפלייט. כ׳האָב זיך געשאָקלט אויף די פיס. אָבער די ווירק־לעכע גרענעץ פון מיין אויסגעהאַלטנקייט איז געקומען נאָך דעם ווי כ׳האָב זיך אויסגעטאָן, אַרומגעוואַשן זיך צום ערשטן

מאָל נאָך אַ ריי חדשים, און מאַרוסיע האָט מיר אָפּגעשוירן די האָר ביז צו דער הויט. כ'האָב דעמאָלט פּלוצעם פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין, וואָס האָט געדויערט (לויט מאַרוסיע האָט געזאָגט) איבער אַ מעת־לעת.

איך געדענק בלויז, ווי אויפוואַכנדיק זיך פון דעם לעטאַר־גישן שלאָף, האָב איך דערהערט איבער זיך אַ שעפּטש: „מאַמוניע, זי לעבט, זאָרג זיך נישט".

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די סאַמע גרעסטע זאָרג פון מיינע רעטער איז געווען, ווו מיך צו באַערדיקן, אַז קיינער זאָל נישט זען.

כ'בין פאַרבליבן ביי זיי. די איינציקע שפּייזערין פון אונדז דריי איז געווען מאַרוסיע, וועלכע האָט געאַרבעט ווי אַ סאַני־טאַרין אין אַ שפּיטאָל און האָט פאַרדינט גאָר ווייניק. מיר זענען שטענדיק געווען הונגעריק, פונדעסטוועגן האָב איך קיין איין מאָל נישט געהערט קיין שום פאָרהאַלטן.

דעם גאַנצן טאָג פלעג איך זיצן אין דעם אייזקאַלטן קעלער, אויף ביינאַכט אַריינגיין אין שטוב. דער ווינטער איז געווען זייער אַ שאַרפער. דער פראָסט האָט דערגרייכט ביז דרייסיק גראַד. קיין האָלץ האָבן מיר נישט געהאַט, און מיר האָבן אַלע געפרוירן.

## ווידערשטאַנד

איינמאָל אין אַ דעצעמבער־באַגינען האָט מיך אַרויסגעריסן פון שלאָף אַ שיסעריי, וואָס קומט פון דער ריכטונג באָלעסלאַוו־כראָברי־גאַס. מאַרוסיע איז דעמאָלט אין דער היים נישט געווען, ווייל זי האָט געהאַט אַ נאַכט־דיזשור. באַרויקנדיק ווי כ'האָב געקענט די אַלטע מאַמע, האָב איך מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט מאַרוסיעס צוריקקומען פונעם דיזשור. דאָס שיסעריי, וואָס האָט געדויערט עטלעכע שעה, האָט מיר קיין רו נישט געגעבן. ענדלעך האָט זיך באַוויזן מאַרוסיע. לויט איר געענדערט אויס־זען און פאַרשאַרפטע שטריכן האָב איך דערקאָנט, אַז ס'האָט געמוזט געשען עפּעס שלעכטס. נאָכן באַרויקן זיך האָט מיר מאַרוסיע דערציילט וועגן דער ליקווידאַציע פון אַ יידישן לאַגער, וועלכער האָט זיך געפונען אין בנין פון דער יידישער גימנאַזיע אויף דער באָלעסלאַוו־כראָברי־גאַס. דאָס באַוווסטזיין, אַז ביז היינט איז אין שטאָט געווען אַ הייפל יידן, וועגן וועלכע איך האָב בכלל נישט געוווסט, האָט אַרויסגערופן ביי מיר אַ שאָק. מאַרוסיע האָט זיך פאַרענטפערט דערמיט, ווייל ווי מען האָט געשמועסט אין שטאָט, איז דער גורל פון דעם לאַגער שוין אַ סך פריער געווען אַ פאָרויסבאַשטימטער, — דעריבער האָט זי עס מיר נישט דערציילט.

פון איר באַריכט באַקומט זיך דאָס קומענדיקע: ווען די דייטשן צוזאַמען מיט די שוצלייט האָבן אַרומגערינגלט דעם לאַגער, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַן אָרגאַניזירטן ווידער־שטאַנד פון די יידן, זענען באַוואָרפן געוואָרן מיט אַ האָגל שטיינער, וועלכע זענען פאַר דעם צוועק פון פריער צוגעגרייט געוואָרן. פון די פענצטער האָט זיך אַ גאָס געטאָן אויף די קעפּ פון די שונאים זודיקע זייערס. די צוליבן ווידערשטאַנד ווילדגעוואָרענע דייטשן האָבן צוגעפירט פאַרשטאַרקונגען און זיך אַריינגעריסן אין בנין. ס'איז אויסגעבראָכן אַ פויסטן־קאַמף.

די יידן האָבן זיך פאַרטיידיקט מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט. אָפּגעבנדיק זיך אַ קלאָרן חשבון, אַז זיי האָבן פאַרשפּילט, האָבן זיי באַשלאָסן צו שטאַרבן מיט כבוד אין קאַמף. זיי האָבן דעריבער דערלאַנגט קלעפּ מיט העק, מיט שאַרפע אינסטרו־מענטן און אויך מיט שטיקער פון צעבראָכענעם מעבל. זיי האָבן זיך געשלאָגן ביזן לעצטן.

די פלאַמען, וועלכע האָבן זיך געטראָגן איבערן לאַגער, האָבן אָפּגעשלאָסן דעם לעצטן אַקט פון דער טראַגעדיע פון די לויצקער יידן.

## געטריבן פון באַהעלטעניש צו באַהעלטעניש

אַרום די ערשטע טעג פעברואַר 1943 האָט מאַרוסיעס מאַמע פּלוצעם באַקומען הויכע טעמפּעראַטור. מ'האָט זי גענומען אין שפּיטאָל אַריין. לויט מאַרוסיעס אויסזען האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ס'איז עפּעס וואָס ערנסט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך אויך מאַרוסיע דערפילט נישט גוט, זי איז פונדעסטוועגן גע־גאַנגען צו דער אַרבעט און זיך שוין נישט אומגעקערט. כ'בין פאַרבליבן איינע אַליין אין דער אָפּגעשלאָסענער וווינונג, אָן קיין שום ידיעה וועגן זיי. ווי אַ צולאָג צו די צרות האָב איך איינמאָל, וועקנדיק זיך באַגינען פון שלאָף, באַמערקט, אַז דורך די שפּאַרונעס פון אַ לאָדן קוקט עמעצער אַריין צו מיר. מיין לאַגע איז געווען אַ גרויליקע. ס'האָט מיך עמעצער בפירוש נאָכגעשפּירט.

דעם זעלבן טאָג האָב איך דערהערט הינטער דער טיר אַ געשפּרעך צווישן שכנים, וועלכער האָט מיך פולשטענדיק צעבראָכן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מאַרוסיעס מאַמע איז אין שפּיטאָל געשטאָרבן פון אַ טיפוס און אַז מאַרוסיע אַליין, אויך אַ קראַנקע, ליגט אין שפּיטאָל אין אַ שווערן צושטאַנד. די ווייבער האָבן זיך אָפּגערעדט צו עפנען אויפן צווייטן טאָג די וווינונג, כדי צו נעמען זאַכן אויף צו באַערדיקן די גע־שטאָרבענע.

לענגער האָב איך שוין דאָרט נישט געקאָנט פאַרבלייבן. אָבער וווהין גייט מען? ווו זוכט מען אַ באַהעלטעניש? און וויאַזוי ענדלעך באַקומט מען זיך אַרויס אַן אומבאַמערקטע פון אַ פאַרשלאָסענער וווינונג? פון געשפּרעכן מיט מאַרוסיען האָב איך פאַרגעדענקט, אַז נישט ווייט וווינט יאַבלאָנסקאַ, אויך אַ שול־חברטע. נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, האָב איך באַשלאָסן אַריבערצוכאַפּן זיך צו איר.

דעם זעלבן אָוונט האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויסצוקריגן זיך דורך אַ פענצטער און גיין צו יאַבלאָנסקאַן. אָפּקילנדיק זיך פון ערשטן איינדרוק, וואָס איך האָב אויף איר געמאַכט, האָט מיין חברטע מיך אַריינגעפירט אין אַ סטאָדאָלע, איך זאָל דאָרט איבערשלאָפן. קיין עסן האָט זי מיר בכלל נישט פאַר־געלייגט. דער אינסטינקט האָט מיך געוואָרנט, אַז איך געפין זיך צווישן שונאים. צום באַדויערן איז עס אַזוי טאַקע געווען. אַ צונויפגעקאָרטשעטע ביי דער שוועל פון דער סטאָדאָלע, האָב איך פּלוצעם דערהערט אַ געשפּרעך, וואַרשיינלעך פון פאָדערהויז. עפּעס אַ מאַנצבילשע שטים איז באַשטאַנען מען זאָל שוין גיין מעלדן וועגן מיר אין דער פּאָליציי, אַ צווייטע שטים האָט שוואַך אָפּאָנירט. כ'האָב נישט געהאַט וואָס צו

וואַרטן. ווען דאָס געשפּרעך איז שטיל געוואָרן, בין איך אַרויסגעלאָפן פון דער סטאָדאָלע און אַנטלאָפן דורכן גאָרטן אויפן פעלד. לכתחילה האָב איך געטראַכט צו באַהאַלטן זיך אין אַ סטויג, וואָס כ׳האָב דערזען פונווייטנס, אָבער אָריענטירנ־דיק זיך, אַז איך לויף אין דער ריכטונג פון מאַלי אַמעליאַניק, האָב איך געענדערט מיין פריערדיקע כוונה. כ׳האָב זיך באַ־שלאָסן אָפּצוזוכן דאָס הויז פון דער פאַמיליע מאלאק, מיינע עלטערנס גוטע באַקאַנטע.

די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע. אַ שטאַרקער ווינט מיט שניי האָט באַשווערט דאָס באַוועגן זיך. כ׳בין געקראָכן ביז איבער די קני אין שניי. ס׳איז מיר אַלץ שווערער געוואָרן אַרויסצושלעפּן די פיס פון די שניי־הורבעס און בין דאָך געגאַנגען פאָרויס. כ׳האָב זיך באַמיט אַרומצוגיין וואָס ווייטער פון הייזער, מורא האָבנדיק הינט זאָלן זיך נישט צעבילן.

ווי לאַנג בין איך געגאַנגען? כ׳ווייס בלויז, אַז ווען כ׳בין שוין געווען ביי די לעצטע כוחות, האָט פונווייטנס אַ שווינדל געטאָן פאַר מיר דער באַקאַנטער סילועט פון די מאלאקס הויז. אין אַ שטיקל צייט אַרום, וואָס האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַן אייביקייט, בין איך געשטאַנען פאַר זייער טיר און האָב אָנגעקלאַפּט. ס׳האָט זיך דערהערט אַ בילן פון אַ הונט פון אינעווייניק. אין אַ רגע אַרום האָב איך דערזען פאַר זיך דאָס דערשראָקענע געזיכט פון ה. מאלאק. נישט תיכף דער־קענט מיך, האָט ער זיך צוריקגעצויגן אין שטוב אַריין, און אָט האָב איך זיך געפונען, אַ שוידערנדיקע פון קעלט, אַ האַלב לעבעדיקע, אין אַ וואַרעמער קיך.

ס׳איז געווען פעברואַר 1943.

## אין דראַנג נאָך נקמה

באַמיענדיק זיך צו זיין וואָס נוצלעכער, פלעג איך העלפן אין דער ווירטשאַפט, אין דער לערע פון מאלאקס קינדער. עס האָט מיר אָבער אָן אויפהער נישט געגעבן קיין רו דער געדאַנק צו דערשלאָגן זיך צו וועלכן ס׳איז פאַרטיזאַנער־אָפּטייל, כדי צו קאָנען נקמה נעמען פונעם שונא פאַר אַלע זיינע גרוילטאַטן. כ׳האָב מיט טרערן געבעטן דעם אַלטן מאלאק, ער זאָל פאַר מיר באַקומען ווו נאָר ס׳לאָזט זיך ידיעות. מיט אומרו און אומגעדולד פלעג איך אָפּוואַרטן יעדעס מאָל זיין צוריקקומען סיי פון לויצק, סיי פון וואַלד, וווהין ער פלעגט פאָרן נאָך האָלץ. אָבער בחינם. די ווייניקע וועלדער אַרום זענען פול געווען מיט אוקראַאינישע באַנדיטן פון אַלערליי מינים. אָנהייבנדיק פון די באַנדעראָווצעס, בולבאָווצעס ביז די מעלניקאָווצעס, זענען די דאָזיקע באַנדעס, זיך קעגנזייטיק באַ־קעמפנדיק, געהעצט פונעם הויפּט־שונא — די דייטשן, געווען די שרעק פון דער גאַנצער פּוילישער באַפעלקערונג אויף וואָלין. די באַנדיטן פלעגן אויספירן גרויליקע שחיטות, פאַר־ברענען פוילישע דערפער צוזאַמען מיט די מענטשן. רויטע העגער פלעגן יעדע נאַכט באַלייכטן דעם הימל אויף אַ מרחק פון צענדליקער קילאָמעטערס.

מיין סיטואַציע ביי די מאלאקס האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ פאַרערגערט. ווי נייטראַלע טשעכן, באַקאַנטע אין דער גאַנצער סביבה מיט זייער ערלעכקייט, אויפריכטיקייט, האָבן זיך אַלע באַצויגן צו זיי מיט צוטרוי. צוליב די אַלץ גרעסערע בעסטיאַלישקייטן פון די אוקראַאינישע באַנדיטן, געשטיצטע דורך עסעסלייט, האָט די אַרומיקע פּוילישע באַפעלקערונג אָנגעהויבן טראָגן איר גאַנץ האָב און גוטס צו די מאלאקס. נאָך ווייניק, וואָס כ׳האָב נישט געהאַט קיין שום האָפענונג אויפן וואַלד, האָב איך נאָך געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן אין הויז גופא.

אין אָנהייב בין איך געזעסן אין דער סטאָדאָלע, און ווען אויך דאָרט איז געוואָרן אומזיכער — אין אַ באַהעלטעניש אונטער דעם חזיר־שטאַל, ווו ס׳איז, אמת, נישט געווען קאַלט, אָבער ענג, אַז כ׳בין געזעסן איינגעבויגן ווי אַ דוהע און די צואה פון די חיות האָט זיך מיר געגאָסן אויפן קאָפּ.

נישט געקוקט דערויף וואָס כ׳בין געזעסן אין פולשטענ־דיקער פינצטערניש, פלעג איך יעדן טאָג אָפּוואַרטן מיט אומ־געדולד די נאַכט, ווייל נאָר דעמאָלט האָט געקאָנט קומען צו מיר עמעצער פון די מאלאקס מיט ידיעות פונעם פראָנט. בלויז די דאָזיקע ידיעות, אַלע מאָל בעסערע, האָבן מיך דער־האַלטן ביים מוט.

מיין לאַגע איז געוואָרן אַלץ אומזיכערער. חוץ דעם אַלע־מען איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז נאָך אַלץ דעם וואָס די מאלאקס האָבן פאַר מיר געטאָן, האָב איך נישט קיין רעכט אויסצושטעלן זייער לעבן אויף געפאַר, אין פאַל ווען מ׳וועט מיך דערקענען. איך מוז אַוועק!

אין די ערשטע טעג מאַי 1943 האָט דער אַלטער מאלאק געבראַכט אַ ידיעה, אַז וואַרשיינלעך, לויט מענטשן שמועסן, האָבן זיך אין די קיוורעצער וועלדער געיאַוועט סאָוויעטישע פאַרטיזאַנער. איך האָב באַשלאָסן צו דערשלאָגן זיך צו די קיוורעצער וועלדער. ס׳איז מיר פאָרגעשטאַנען אַ וועג פון דרייסיק קילאָמעטער, וועלכן איך מוז ווי־עס־איז דורכמאַכן. צום ערגסטן איז געווען דאָס, וואָס דער וועג פירט דורך לויצק, דורך די גאַסן, אויף וועלכע איך האָב געוווינט.

נישט פאַרטראַכטנדיק זיך לענגער, האָב איך דעם צווייטן טאָג באַגינען פאַרלאָזט די מאלאקס.

## אין גאַנג צו די פאַרטיזאַנער

גלייך ווי איך בין אַרויסגעגאַנגען פון די מאלאקס זעקס אינדערפרי (פריער האָב איך נישט געקאָנט צוליב דער פּאָליציי־שעה) איז מיך באַפאַלן אַ שכנהס אַ הונט, וועלכער איז צו מיין אומגליק נישט געווען אויף דער קייט. מיטן הונט, אַ פאַרטשעפּעטן מיט די ציין אין מיין פוס, בין איך געלאָפן דורכן פעלד מיט אַלע כוחות וואָס כ׳האָב נאָר פאַרמאָגט. ס׳איז מיר געגאַנגען בלויז דערין: זיין וואָס ווייטער פונעם הויז פון די מאלאקס, כ׳זאָל זיי נישט אויסשטעלן אויף געפאַר. ענדלעך האָט זיך מיר איינגעגעבן אָפּצוטשעפּען זיך פונעם הונט. דעם צעבלוטיקטן פוס האָב איך איבערגעבונדן מיט אַ טיכל און בין אַרויס אויפן שאָסיי וואָס פירט דירעקט קיין לויצק.

אין קאָפּ האָב איך שוין געהאַט אַ צונויפגעשטעלטן פּלאַן. כ׳האָב זיך דעצידירט דורכצומאַכן דעם וועג אין צוויי עטאַפּן. דער ערשטער איז באַשטאַנען אין דערגיין צו קאַראַימסקאַ־גאַס (דאָס געביט פון געוועזענעם געטאָ), ווו ס׳האָט געוווינט מיינע

אַ חברטע פון די שוליאָרן. ביי איר האָב איך בדעה געהאַט זיך צו פאַרהאַלטן ביזן אָוונט, כדי נישט דורכצוגיין אינמיטן טאָג דורך די הויפּטגאַסן פון שטאָט, ווו כ׳וואָלט געקאָנט צום לייכטסטן דערקענט ווערן, און אין אָוונט — ווייטער.

וואָס כ׳האָב געפילט דורכגנבענענדיק זיך דורך די גאַסן פון מיין געבוירנשטאָט, ווו ס׳האָט געוווינט מיין באָבע, ווו כ׳האָב געוווינט מיט מיינע עלטערן, וועל איך נישט אימשטאַנד זיין אויסצודריקן מיט ווערטער. מיט פאַרביסענע ליפּן, סטאַרנדיק זיך וואָס מער זיך אינערלעך באַהערשן, בין איך אַריבערגעגאַנגען די קראַסנער בריק און האָב זיך באַלד געפונען פאַר דעם הויז, צו וועלכן כ׳האָב זיך געלאָזט. די טיר האָט מיר געעפנט די באָבע, וועלכע האָט מיך נישט דערקענט. און אָט בין איך געשטאַנען אין צימער פון מיין חברטע האַנקאַ זשולקאָסיוונאַ. ס׳איז דאָ געווען אַ שרעקלעכע אומאָרדענונג. די פאַרגאַנגענע נאַכט האָט געסטאַפּאָ דורכגעפירט ביי זיי אַ רעוויזיע.

נישט געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן זיך געפונען אין קריטישע מאַטעריעלע באַדינגונגען האָבן זיי מיר געגעבן אָפּצועסן. ס׳האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווו מיך באַהאַלטן. און ס׳איז באמת נישט געווען ווו. דאָס נידעריקע פּאַרטערהייזל אָן שום צובויונגען האָט פאַר אַזאַ צוועק נישט געטויגט. ווייל מיר איז געגאַנגען בלויז וועגן איבערקומען דעם טאָג, האָב איך זיך פשוט געלייגט אונטערן בעט, איבערגעדעקט מיט אַ לאַנגער קאָלדרע.

אַרום האַלבן טאָג איז אין שטוב אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג. כ׳בין פאַרשטייפט געוואָרן פון פחד: זאָל דאָ פאַרקומען נאָכאַמאָל אַ רעוויזיע? האָב איך אַ רעכט צו שטעלן אין געפאַר די גאַנצע פאַמיליע? נאָך אַ לענגערע ווײַלע האָב איך זיך באַרויקט. כ׳האָב דערהערט אין שטוב האַנקעס און דער באָבעס שטימען. עפּעס אַ יונגע פרוי האָט דורך געכליפּעריי באַמיט זיך עפּעס צו דערציילן.

דאָס איז געווען יאַשיאַ אָרלאָווסקאַ, אויך מיינע אַ חברטע פון גימנאַזיע, וועלכע האָט לעצטנס געוווינט אין יאַנאָוואַ דאָלינאַ. פון אירע רייד, וועלכע איך האָב אויסגעהערט מיט שטאַרקער געריירטקייט, האָט זיך באַקומען, אַז פאָריקע נאַכט זענען אוקראַינישע באַנדעס אַריין קיין יאַנאָוואַ דאָלינאַ, ווו זיי האָבן אויסגעמאָרדעט די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג, פאַרברענט זייערע הייזער. יאַשיאַ אַליין האָט זיך דורך אַ נס געראַטעוועט און דערגרייכט קיין לויצק.

פון איר דערציילן איז אויך אויסגעקומען, אַז אַלע וועלדער אַרום זענען פאַרנומען דורך אוקראַינישע באַנדיטן, און איך האָב זיך דאָך געקליבן צו גיין אין יענע קאַנטן...

ס׳איז געקומען דער אָוונט און מיין צייט אַוועקצוגיין. געזעגנט האַרציק פון אַלע, מיט אַ פּאַפּירל, אַן אָפּשריפט פון אַ מעטריקע אויפן נאָמען פון גענאָוועפאַ באַביצקאַ, וואָס האַנעטשקאַ האָט מיר געגעבן, האָב איך זיך געלאָזט אין ווייטערן וועג. (די דאָזיקע מעטריקע האָט צום באַדויערן נישט געקאָנט פאַרטרעטן די פאַרפליכטנדיקע קען־קאַרטע). די שטאָט בין איך פאַרבייגעגאַנגען גליקלעך, פון קיינעם נישט באַמערקט, און אַרויפגעקומען אויפן קיוורעצער שאָסיי. כ׳האָב געמוזט גיין פאַרביי דעם בנין פון דער אַמאָליקער רעמ־באַזע, ווו ס׳האָבן סטאַציאָנירט דייטשן און אוקראַינער. איך האָב זיך פאַר דעם זייער געשראָקן.

## אין די בלוטיקע ציין פון די וועלף

מיינע פחדים האָבן זיך צום באַדויערן פאַרווירקלעכט. גייענדיק פאַרביי דער רעמ־באַזע האָט מען מיך פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אויפן פּאָליציי־פּאָסטן. בעת איך בין געגאַנגען מיט דער לופּע אויף די פּלייצעס איז מיר געקומען אַ געדאַנק אויפן זינען, איך זאָל זיך אָנגעבן פאַר אַ פליטה פון יאַנאָוואַ דאָלינאַ. די אוקראַינער האָבן מיר אָבער נישט געגלייבט, הגם איך האָב גענוי געוווּסט די גאַנצע געשיכטע יאַשיאַס, וואָס איך האָב געהערט אונטערן בעט.

דריי טעג האָט מען מיך כסדר שרעקלעך געשלאָגן, אָננעמענדיק מיך פאַר אַ שפּיאָן. אויפן פערטן טאָג גאַנץ פרי האָט מען מיך אַרויסגעפירט אומצוברענגען. כ׳בין געווען זיכער, אַז דאָס מאָל איז שוין דער סוף. פונדעסטוועגן האָב איך, גייענדיק מיטן לעצטן וועג, געהאַלטן אין איין שרייען, אַז איך בין אומשולדיק.

מיטאַמאָל איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ דייטשער אָפיצער, האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ פרעג געטאָן די אוקראַינער, ווער איך בין. ווען ער האָט דערהערט וועגן יאַנאָוואַ דאָלינאַ, האָט ער מיך געפרעגט, צי איך פאַרשטיי דייטש. כ׳האָב נאַטירלעך געענטפערט אַז נישט. דעמאָלט האָט דער דייטש באַפוילן אַן אוקראַינער ער זאָל אים איבערזעצן מיינע דערקלערונגען. ווען יענער האָט פאַרענדיקט, האָט ער מיך באַפוילן גיין נאָך זיך. אַ פאַרטעמפּטע, האָב איך נישט באַנומען וואָס מיט מיר קומט פאָר. און אָט האָב איך זיך געפונען פאַר אַן איינפאָר־טויער. דער דייטש, וועלכער איז געגאַנגען פאָרויס, האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר, אַ ריטש געטאָן: „לאַוס!" און מיך אַזוי שטאַרק אַ בריקע געטאָן אַז כ׳האָב זיך מיטאַמאָל געפונען אויף דער צווייטער זייט שאָסיי אין ראָוו.

איך האָב מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שרעקלעך בילד. אינגאַנצן אין בלויע סיניאַקעס פון די קלעפּ, אַ צעווייטיקטע, מיט אָפּגעפרוירענע פיס, בין איך נישט געווען אימשטאַנד זיך צו האַלטן אויף די פיס. בין איך געזעסן אין ראָוו, סטאַרענדיק זיך צו באַרויקן זיך נאָך די איבערלעבענישן פון די לעצטע שעהן. כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז מיין לעבן האָבן דאָס מאָל אָפּגעראַטעוועט די געשעענישן, וועלכע כ׳האָב געהערט ליגנדיק ביי האַנקען אונטערן בעט. (וואָרשיינלעך איז דאָס געווען איינער פון יענע דייטשן, וועלכע זענען געווען אין יאַנאָוואַ דאָלינאַ. לויט יאַשיאַס דערציילן האָבן די דאָזיקע דייטשן דערלויבט די אוקראַינער די גאַנצע נאַכט צו מאָרדן אויף אַ בעסטיאַלן אופן די פּוילישע באַפעלקערונג. ערשט אינדערפרי האָבן זיי באַפוילן די באַנדיטן זיך צוריק צו ציען).

## איך בין גענאָוועפאַ באַביצקאַ פון יאַנאָוואַ דאָלינאַ

מיטן שאָסיי זענען אָנגעקומען פורן. ווילנדיק וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן פון דער דאָזיקער באַנדיטן־נעסט, האָב איך זיך אויפגעשטעלט און געבעטן, מען זאָל מיך מיטנעמען קיין קיוורעצע. עטלעכע פורמאַנעס, זעענדיק מיין אויסזען, האָבן

זיך בכלל נישט פאַרהאַלטן. אין אַ שטיקל צייט שפּעטער איז ווידער אָנגעפאָרן אַ פור, וועלכע האָט זיך אויף מיין בקשה פאַרהאַלטן און מיך מיטגענומען. פון דעם מאָמענט אָן האָב איך באַשלאָסן צו זיין גענעאָוועפאַ באַביצקאַ פון יאַנאָוואַ דאָלינאַ.

אין קיווערצע האָב איך לפּנים געבעטן די מענטשן, וואָס האָבן מיך געבראַכט, זיי זאָלן אויפזוכן מיינע כלומרשטע קרובים, וואָס טראָגן די זעלבע פאַמיליע. אַזעלכע האָבן זיך צום גליק נישט אָפּגעזוכט, און זיי האָבן מיך דעריבער איבערגעלאָזט ביי זיך, איך זאָל אַ ביסל צו זיך קומען.

דאָס זענען געווען פּשוטע, אָרנטלעכע מענטשן. איך בין פונדעסטוועגן געווען זייער אומרויִק. אַ סך פון די קיווערצער האָבן געלערנט צוזאַמען מיט מיר אין גימנאַזיע. כ׳האָב געקאָנט יעדע ווייל דערקענט ווערן, און רירן זיך פון אָרט האָב איך נישט געקאָנט. די פּיס־זוילן, פריער שוין פאַרהיילטע, האָבן מיר ווידער פאַרשאַפט יסורים, אַז כ׳האָב נישט געקאָנט גיין. צום שטאַרקסטן פלעג איך זיך שרעקן פאַר די נעכט. איך פלעג זיך שרעקלעך וואַרפן אין שלאָף, שרייען און בין נאָכאַנאַנד געווען אין פּחד, צי וועל איך זיך נישט מיט עפּעס פאַרראַטן.

אַרום אונדז האָט געברויזט. פון דער גאַנצער געגנט האָבן קיין קיווערצע געצויגן פּאָליאַקן, אַנטלויפנדיק פאַר די באַנדעס באַנדעראָווצעס און אַנדערע גאָרגל־שניידערס. צו די מענטשן, וועלכע האָבן מיך צוגענומען, איז געקומען צו פאָרן אַ גרויסע משפחה. ס׳איז געוואָרן ענג. כ׳האָב געמוזט עפּעס טאָן מיט זיך. וועגן גיין אין וואַלד האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. אַרום האָבן גראַסירט אוקראַאינישע באַנדעס, איבערשטייגנדיק מיט זייערע באַרבאַרישע מעשים זייערע אָפּעקונעס די דייטשן. כדי זיך צו דערווייטערן פאַר יעדן פּרייז פון קיווערצע, האָב איך באַשלאָסן צו גיין אויפן פּונקט, וווּ מען ווערבירט אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. ס׳איז מיר קודם־כל געגאַנגען אין באַקומען אַ וועלכן־עס־איז פּאַפּירל, וואָס זאָל מיר געבן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַוועגן. און אַזוי האָב איך טאַקע געגאַנגען אויפן רעגיסטריר־פּונקט.


מאַריאַ רעצעפּטאָר
געפאַלן אין שלאַכט קעגן
די אוקראַאינישע באַנדיטן

צו מיין גליק איז די רעגיסטראַציע פאָרגעקומען אין אַ פּאַרטער־בנין. די ביזאַיצטיקע פּאַסירונגען האָבן מיך אויסגעלערנט צו זיין פאָרזיכטיק. פאַרן אַריינגיין אינעווייניק האָב איך אַריינגעקוקט דורך אַ שויב. ביים רעגיסטריר־טיש איז געזעסן מיינע אַ באַקאַנטע מיידל, וועלכער כ׳האָב אַמאָל געגעבן לעקציעס. כ׳האָב זיך גלייך צוריקגעכאַפּט. אין שטוב האָב איך געזאָגט, אַז מ׳האָט מיך אויסגעבראַקירט צוליב די פּיס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען מיר פאָרגעלייגט אַרבעט ביי מענטשן, וועלכע האָבן געוווינט אין עק שטאָט. כ׳האָב דערויף גלייך מסכים געווען.

כ׳האָב געאַרבעט זייער שווער. די פאַמיליע, ביי וועלכער כ׳בין געווען, האָט געציילט פערצן פּערזאָן. די ווירטשאַפט איז געווען אַ גרויסע. אַ גאָרטן, קי, חזירים, אַ סך עופות. דאָס אַלץ האָב איך געדאַרפט כמעט אַליין באַאַרבעטן, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז כ׳פאַרשטיי זיך אויף דעם אַלץ. ס׳זענען מיר זייערע צונויץ געקומען די ווירטשאַפטלעכע קענטעניש, וואָס כ׳האָב זיך דערוואָרבן ביי די מאַלאַקס. וואָס אַן אמת, בין איך די ערשטע צייט אַרומגעגאַנגען מיט אויסגעסיניאַקעטע פּיס, ווייל אויף אַזאַ אופן האָבן די קי אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט מיט מיין מעלקן. כ׳האָב זיך אָבער זייער שנעל אַלץ אויסגעלערנט. זייענדיק אויפן געביט פון דער ווירטשאַפט, האָב איך זיך געפילט פאַרהעלטנישמעסיק זיכער. כ׳האָב אָבער געמוזט טאָגטעגלעך אַוועקטראָגן די מילך אויפן אָפּנעם־פּונקט. דאָס איז געווען פאַר מיר געפערלעך. נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג, פלעג איך זיך באַמיען צו קומען די ערשטע.

כ׳האָב זיך דעמאָלט געפילט שוין פיזיש געזונט. מוט אויסצוהאַלטן האָבן מיר געגעבן די אַלץ בעסערע ידיעות פון פראָנט. אפילו די ידיעות פון די דייטשע צייטונגען, וועלכע כ׳פלעג בגנבה אַרויסטראָגן פון שטוב און לייענען, האָבן דערציילט וועגן דעם, אַז די סיטואַציע אויפן פראָנט איז אַלעמאָל ערגער. די האָפענונג אויף דער באַפרייונג איז געוואָרן אַלץ רעאַלער. די דייטשן, צעיושעטע צוליב די אומדערפאָלגן אויפן פראָנט, האָבן חרוב געמאַכט און אויסגעמאָרדעט גאַנצע דערפער. ס׳האָבן אָנגעהויבן דערגיין צו אונדז ידיעות, אַז אין די וועלדער מאָרדעוועט מען שוין אויך דייטשן. ס׳האָבן אויפגעלעבט מיינע האָפענונגען אָנצוטרעפן אויף אַ וועלכן „אייגענעם" פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל.

אין צווישנצייט איז דער טעראָר פון די דייטשן געוואַקסן מיט יעדן טאָג. צום קאַמף מיט די פּאַרטיזאַנער זענען געבראַכט געוואָרן ספּעציעלע אונגאַרישע אָפּטיילן.

קיין קיווערצע איז געקומען צו פאָרן די הויפּט־שטראָף־עקספּעדיציע פון די עסעסלייט, וועלכע האָבן אָפּגענומען פאַר זיך דעם שול־בנין אַנטקעגן דעם הויז, ווו איך האָב זיך געפונען. דאָס געשריי און די קרעכצן פון די געפייניקטע און געמאָרדעטע מענטשן, וואָס האָט זיך געטראָגן פון קעגנאיבער, האָט קיין רו נישט געגעבן.

נישט געקוקט דערויף פלעגן די שטראָף־עקספּעדיציעס זיך אומקערן פון די וועלדער צעשאַטקעוועטע. דער וואַלד האָט זיך דערשראָקן פאַר די רעפּרעסיעס פון דעם מערדערישן שונא.

אין איינעם פון יענע טעג האָב איך, ברענגענדיק מילך אויפן פּונקט, דערשפּירט, אַז עמעץ קוקט זיך צו צו מיר אויפמערקזאַם. כ׳האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זיך באַגעגנט מיטן בליק פון אַ מיר באַקאַנטער שילערין פון אונדזער גימנאַזיע, די טאָכטער פונעם דייטשן בירגערמייסטער אין קיווערצע. בין איך הייסט עס דערקענט געוואָרן. כ׳בין גלייך אַוועק פונעם פּונקט. כ׳האָב געמוזט אַנטלויפן. מיט דער מילך־באַנקע, אָט אַזוי ווי כ׳בין געשטאַנען, האָב איך, אַנשטאָט צו גיין אין שטאָט, זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון נאָענטן וואַלד.

## אויף אַ פייִדישן קאַמפּספּונקט

דעם גאַנצן טאָג בין איך, נישט פאַרהאַלטנדיק זיך אין ערגעץ, געגאַנגען פאָרויס, כדי וואָס ווייטער אַוועקצוגיין פון קיווערצע. כ׳האָב באַשלאָסן דערגיין צו אַן אָרט, ווו ס׳האָט

זיך ווארשיינלעך געדארפט געפינען א פוילישער קאמפס־פונקט (דאס איז געווען א זעלבשוץ קעגן די באנדעס; כ׳האב וועגן דעם געהערט פון מיינע באלעבאטים). נישט קענענדיק דעם וועג, בין איך ביז אין שפעטן אוונט געגאנגען פארויס. ווען כ׳האב שוין ענדלעך א טראכט געטאן זיך צוצוזעצן און אפ־אטעמען א ביסל, האב איך דערזען פאר זיך בלינצלדיקע פייער־לעך פון עפעס א דארף. ס׳איז שוין געווען שפעטער הארבסט. הונגער און קעלט האבן מיך אנגעהויבן פייניקן. כ׳האב בא־שלאסן אריינצוגיין אין דארף.

ווען כ׳בין אריינגעקומען אין דער ערשטער כאטע און געבעטן א טרונק, האט מען מיך א פרעג געטאן, צי בין איך נישט צופעליק פון דעם „קאמפספונקט". פון די אויגן פון די מענטשן, וועלכע האבן מיר געשטעלט די פראגע, האט ארויס־געקוקט מילדקייט, האב איך דעריבער געענטפערט באשטע־טיקנדיק. דעמאלט האט מען מיר געגעבן אפצועסן און א שפייז־פעקל אויפן וועג, און ווען איך האב זיך אינדערפרי געקליבן אוועקצוגיין, האט מען מיך צוריקגערופן פון דער טיר און בסוד געהייסן איבערגעבן אויפן „קאמפספונקט" א ידיעה.

פון א שמועס, וואס זיי האבן אונטערגעהערט, האט ארויס־געדרונגען, אז די אוקראינער גרייטן זיך צו א לעצטן אפ־רעכענונג מיט דעם „קאמפספונקט", ווייל דער „קאמפספונקט" העלפט די רויטע פארטיזאנער.

באמיענדיק זיך וואס שטארקער צו באהאלטן מיין פרייד צוליב דער ידיעה וועגן די „אייגענע", האב איך געדאנקט פאר דער ידיעה.

מען האט מיר נאך געגעבן אונטער מיין השגחה א צענ־יעריק מיידעלע, וואס איר טאטע האט זיך געפונען אויף דעם „קאמפספונקט", זי זאל אים אוועקטראגן פראוויאנט. דאס מיידעלע האט געקענט דעם וועג אויסגעצייכנט און, פארשטייט זיך, אז נישט איך זי, נאר זי מיך האט געבראכט אויפן „קאמפספונקט".

כ׳האב דארט געטראפן א גרויסע אויפרודערונג. ס׳האט עמעצער שוין פאר מיר איבערגעגעבן וועגן דעם איבערפאל, וואס ווערט צוגעגרייט. איך האב באשטעטיקט די ידיעה. מיט מיר זיך פארנעמען האט קיינער קיין צייט נישט געהאט. ס׳איז געווארן נאכט. דער „קאמפספונקט" האט ארויסגעשטעלט וואך־פאסטנס.

כ׳בין פארבליבן אויפן „קאמפספונקט", ווי א פליטה פון יאנאווא. פונדעסטוועגן האב איך נאך אלץ געטרוימט וועגן דערגרייכן וואס שנעלער צו דער פארטיזאנקע. כ׳האב געלעבט אויסשליסלעך מיט את דעם געדאנק, מיין אומטעטיקייט האט מיר קיין רו נישט געגעבן. סטייטש, איך לעב, און ביז היינט בין איך נישט אינשטאנד כאטש א קליין ביסעלע נקמה צו נעמען פונעם שונא פאר דעם אומשולדיקן בלוט און דעם בארבאריזם, פאר די בעסטאלישקייטן און די קריוודעס. פאר דער דאזיקער צייט האב איך קיין איין רגע נישט געטראכט, אז כ׳וועל איבער־לעבן די שרעקלעכע צייט. כ׳האב נאר הייס באגערט צו שטארבן מיט כבוד, מיטן באוווסטזיין, אז כאטש אין א מינימאלער מאס האב איך אפגעצאלט דעם שונא.

און דערווייל איז אוועק א טאג נאך א טאג. אויפן „קאמפס־פונקט" קומען פאר כסדר אלארמען. אוקראינישע באנדעס האבן אן אויפהער באראבעט די געגנטן, צוגענומען די לעצטע שפייז ביי דער פרידלעכער באפעלקערונג. קיינער איז שוין נישט זיכער געווען מיטן לעבן.

וועגן דער סאוויעטישער פארטיזאנקע זענען געווען פאר־שידענע ידיעות. טייל האבן געזאגט, אז זיי זענען טעטיק אין די סארנער קאנטן, אנדערע — אז זיי זענען נענטער צו אונדז. כ׳האב געלעבט אין כסדרדיקן דערווארטונג.

מיין באגערטע מינוט איז געקומען. נאך דעם ווי דער „קאמפספונקט" האט זיך עטלעכע טעג אפגעשאסן פון די אוקראינישע באנדעס, באנדערעווצעס; ווען אלע האבן גע־טראכט, אז דאס מאל וועלן מיר שוין אומקומען פון די הענט פון די באנדיטן, וועלכע האבן געהאט גרויסע זאפאסן אמו־ניציע, איז פלוצעם שטיל געווארן. די באנדיטן, ווי פלוצעם זיי זענען געקומען, זענען זיי אויך פארשווונדן פון די וועלדער.

מיט א טאג פריער איז איבער דער געגנט אריבער א שטור־רעם. די נאכט איז געווען א פינצטערע, דער שטארקער רעגן האט נאך געגאסן. מיטאמאל האב איך אין מיטן רוישן פון רעגן דערהערט א טויב קלאפן פון פורן, וואס איז אלץ שטאר־קער געווארן. אין א שטיקל צייט ארום זענען פון דער ריכ־טונג פון וואלד מיט א שטארקער שנעלקייט אריינגעפארן אין דארף עטלעכע פורן. די איינצלנע שאסן פון אונדזער וואך זענען פלוצעם אנטשוויגן געווארן. כ׳בין ארויסגעלאפן צוזאמען מיט די שטוביקע אויף דער גאס. אין דער פינצטער איז נישט מעגלעך געווען די מענטשן צו דערקענען. פון א נישט ווייטער כאטע האט זיך געהערט א הויך געשפרעך, עמעצנס א געוויין. מיר זענען געווען פולשטענדיק דעזאריענטירט. פארוואס שיסן זיי נישט? אויף וואס פאר אן אופן געפינען זיי זיך צווישן אונדז? מיר זענען געלאפן אין יענער ריכטונג און אט איז פאר מיינע אויגן געשטאנען אזא בילד: עטלעכע באוואפנטע לייט מיט רויטע שטערן אויף די היטלען האבן ארויסגעטראגן פון א כאטע א פולן זאק מעל. אין דער נאענט זענען געשטא־נען עטלעכע פורן, געהיט פון א צוויי צענדליק מענטשן. כ׳בין געווען אזוי מבולבל, אז כ׳האב נישט געקאנט ארויסברענגען פון זיך קיין וואָרט. זאלן דאס ווירקלעך זיין רויטע פארטי־זאנער? כ׳בין צוגעפאלן צו איינעם פון די באוואפנטע. כ׳האב אים אנגעהויבן בעטן, ער זאל מיר דערלויבן גיין מיט זיי. כ׳האב געזאגט, אז שוין א יאר צייט ווי איך האב געטרוימט זיך צו באגעגענען מיט זיי. צום באדויערן, ער האט מיך בלויז אויסגעהערט און געענטפערט: „כ׳וועל מעלדן ווו מען דארף". אויף די פראגעס פון מענטשן, ווו זיי געפינען זיך? ווי ווייט איז דער פראנט? האבן זיי געענטפערט, אז אונדזער בא־פרייונג וועט קומען גיכער ווי מיר דערווארטן.

נאך א קורצער צייט זענען די פורן פון די פארטיזאנער געווען אנגעפאקט מיט פראוויאנט און היי פאר די פערד, און די לייט זענען מיט די ווערטער „איר וועט שוין לאנג נישט ווארטן" אפגעפארן.

אויפן „קאמפספונקט" האט עס גענומען קאכן. דער פאקט וואס די סאוויעטישע פארטיזאנקע געפינט זיך שוין אויף אונ־דזער געביט האט אלעמען צוגעגעבן כוחות צו ווייטערדיקן אויסדויער. ס׳איז אויפגעקומען אין מיר א נייע האפענונג.

דער פראנט האט אינצווישנצייט זיך אלץ מער דערנענ־טערט. אין די שלאפלאזע נעכט פלעג איך זיך איינהארכן אין דעם טויבן ברום פון די הארמאטן, וואס האבן געטראגן פאר

מיר די פרייהייט. מיין אומטעטיקייט אין יענע טעג איז פאַר מיר געוואָרן נישט איבערצוטראָגן. ס׳האָט מיך נישט באַרויקט אַפילו די שווערע פיזישע אַרבעט אין דער ווירטשאַפט ביי די מענטשן, וואָס האָבן מיך צוגענומען. כ׳האָב געלעבט מיט איין געדאַנק: „ווען וועלן זיי קומען נאָכאַמאָל?" יעדער טאָג איז געווען פאַר מיר אַן אייביקייט. וועגן רירן זיך פון „קאַמפּספּונקט" האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. אַרום האָבן גראַסירט באַנדעס באַנדעראָווצעס, צעיושעטע צוליבן אומדערפאָלג פון זייער הויפּט־פאַרבינדעטן, היטלערן, פון וועלכן זיי האָבן אַזויפיל דערוואַרט... די פאַרביטערונג צוליב די פאַרלוירענע האָפענונגען האָבן זיי אויסגעלאַדעוועט אין גוואַלדטאַטן איבער דער פרידלעכער באַפעלקערונג.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען, אויסנוצנדיק די נאַכטפינצטערניש, אַריינגעפאַלן אין דאָרף עטלעכע באַוואָפנטע רייטער. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן ביי אַ וואַך, וועלכע האָט זיי פאַרבייגעלאָזט, אָנגעטרונקען ביי אַ ברונעם די פערד. אַרום זיי האָבן זיך גענומען זאַמלען מענטשן. און אָט האָט איינער פון זיי אַ פרעג געטאָן, צי איז צופעליק נישטאָ אין דאָרף אַ מענטש, וועלכער קען גוט לויצק. כ׳בין געבליבן טויט פונעם איינדרוק. זיך סטאַרענדיק צו באַהערשן, בין איך צוגעגאַנגען און געזאָגט, אַז איך קען גוט לויצק. מען האָט מיר געשטעלט עטלעכע פראַגעס וועגן דער טאָפּאָגראַפיע פון לויצק, און ווייל מיינע ענטפערס זענען געווען ריכטיקע, האָבן די פאַרטיזאַנער געהייסן מיר זיך געזעגענען מיט דער שטוב, ווייל — ווי זיי האָבן געזאָגט — זיי פאַרנעמען מיך אויף עטלעכע טעג. ווי גרויס איז געווען זייער פאַרוווּנדערונג, אַז אָנשטאָט אַ ווידערשטאַנד האָב איך גאָר אַרויסגעוויזן צוליב דעם גרויסע פרייד. אויף אויפקלערונגען איז קיין צייט נישט געווען. אָט אַזוי ווי כ׳בין געשטאַנען, בין איך אַוועק מיט זיי.

## מיט די פאַרטיזאַנער אין באַפרייטן לויצק

הינטערן דאָרף האָט אויף די פאַרטיזאַנער געוואַרט אַ פור. ווען כ׳האָב זיך אַריינגעזעצט אין איר, האָט מען מיר פאַרבונדן די אויגן, און די פערד האָבן גערירט. מיר זענען געפאָרן זייער לאַנג. ווען מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן און מען האָט מיר אויפגעבונדן די אויגן, איז שוין געווען פולשטענדיק ליכטיק. איך האָב זיך געפונען אין אַ וואַלד־געדיכטעניש. דאָ און דאָרט האָט זיך פון אונטער דער ערד אַרויסבאַקומען שמאָלע פאַסמעלעך רויך, אַ סימן, אַז אונטער דער ערד געפינען זיך מענטשן.

מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַן אונטערערדישן בונקער. הינטער אַ פּראָוויזאָרישן טיש זענען געזעסן עטלעכע פאַרשוין. איינער פון זיי איז צו מיר צוגעגאַנגען, האָט מיך געפרעגט פון וואַנען איך בין. מיינע אין אָנהייב קאַרגע תשובות האָבן זיך אין קורצן פאַרוואַנדלט אין אַ שטראָם פון ווערטער. די בייזייטיקע האָבן מיך אויסגעהערט אויפמערקזאַם.

מיין איינציקער באַגער פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין וואָגל איז דאָך געווען — נישט אונטערגעבן זיך דעם שונא, און אויב אומקומען, איז אין קאַמף. האָב איך דעריבער געבעטן די מענטשן אין בונקער, זיי זאָלן מיר דערלויבן צו בלייבן מיט זיי. נאָכן אויסהערן מיך האָט מען מיך געהייסן אַרויסגיין.

כ׳האָב באַקומען די ערשטע פאַרטיזאַנישע זופּ. די דאָזיקע רגעס וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ס׳האָט זיך דאָך געוויגן דער גורל פון מיין לעבן. אָדער זיי וועלן מיר גלייבן און כ׳וועל בלייבן מיט זיי, אָדער... זיי וועלן מיר ווידער פאַרבינדן די אויגן און צוריק צושטעלן אויפן „קאַמפּספּונקט". אָט דאָס לעצטע איז געווען פאַר מיר דאָס שרעקלעכסטע. אָפּוואַרטן פּאַסיוו, כדי פריער אָדער שפּעטער אומקומען פון אַ צופעליקער קויל פון אַ באַנדיט — דער געדאַנק איז געווען פאַר מיר אומדערטרעגלעך.

נאָך גוטע עטלעכע שעה האָט מען מיך ווידער אַריינגערופן אין בונקער און אָן דער מינדסטער הקדמה געפרעגט, צי וואָלט איך ריזיקירט זיך צו שטעלן אויף דער לויצקער באַן־סטאַציע אָבסערווירן געוויסע זאַכן. כ׳האָב מסכים געווען, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך. מער האָט מען מיר גאָרנישט נישט געזאָגט...

די אויפגאַבע, וואָס מען האָט פאַרגעבן מיר צוזאַמען מיט עטלעכע מיך באַגלייטנדיקע מיידלעך, האָבן מיר אויסגעפירט אין משך פון די קומענדיקע דריי טעג. דערנאָך האָב איך זיך אומגעקערט אויף דעם אָרט אין וואַלד, וואָס איז געווען פריער אָפּגערעדט, נישט ווייט פון יוליאַנע, פון וואַנען מיר זענען געפאָרן צום אָפּטייל (איך — מיט פאַרבונדענע אויגן).

פון דעם מאָמענט אָן האָב איך אָנגעהויבן לעבן. כ׳האָב זיך געפונען אין איינער פון די גרופּעס פונעם אָפּטייל, מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט דער באַרימטער דימיטרי מעדוועדיעוו. דאָס באַוווּסטזיין, אַז ענדלעך האָב איך פאַרענדיקט מיטן פּאַסיוון צוקוקן זיך צום שונאס גרוילטאַטן, האָט פאַרגרעסערט מיינע כוחות. איך האָב איינע פון נישט קיין סך אויסגעמיטן דעם טיפוס, וועלכער האָט זיך אונדז שטאַרק געגעבן צו פילן.

מאָראַליש איז מיר פונדעסטוועגן נישט לייכט געווען. ס׳האָבן זיך געפונען אין דער גרופּע אַזעלכע, וועלכע פלעגן מיר זאָגן: „יידן קאָנען נישט זיין קיין אמתע פאַרטיזאַנער". זיי האָבן געגעבן אָנצוגעהערן, אַז איך בין נאָר דערפאַר דאָ, ווייל זיי זענען שטאַרקע, אָבער איך האָב מורא פאַר דער אייגענער פעל אא״וו.

איך האָב צוליב דעם זייער געליטן. דאָס גליק האָט מיר אָבער צוגעשפּילט. דער סאָוויעטישער פראָנט, דאָס רעגולערע מיליטער האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער דערנענטערט. דער אָפּטייל האָט באַקומען אַלץ מער אויפגאַבעס פון דער „גרויסער ערד". מיין קענען דעם געביט און די שפּראַך און דאָס „גוטע אויסזען" זענען צונוץ געקומען. נאָך יעדנמאָליקן אויספירן די מיר אָנגעטרויטע אויפגאַבע, בין איך געווען אַלעמאָל אַ גליקלעכערע. כ׳האָב געהאַט צוליב וואָס צו לעבן.

אַזוי זענען אַריבער די טעג. ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אויסשפּיר־גרופּע פון דער רעגולערער סאָוויעטישער אַרמיי. מיט אָט דער אויסשפּיר־גרופּע האָבן מיר פאַרנומען קיווערעצע, דאָס זעלבע קיווערעצע, פון וועלכן כ׳בין אַנטלאָפן.

איך האָב געאַרבעט ווי אַ סאַניטאַרין אין „מעדסאַנבאַט". פאַרן „סאַנבאַט" האָבן מיר אָפּגעגעבן דעם בנין, אין וועלכן ס׳האָט פריער סטאַציאָנירט אַן עסעס־איינהייט. דערנאָך די

אונגאַרן (די פאַררעטער פון האַרטיס חדר, וועלכע האָבן זיך צוגעדינט די דייטשן; די דייטשן האָבן זיי געשיקט די ערשטע צו ליקווידירן די פאַרטיזאַנער אין די וועלדער, פון וועלכע זיי פלעגן זיך אומקערן בוכשטעבלעך צעשאַטקעוועטע).

ס'זענען געגאַנגען די שלאַכטן פאַר לויצק.

דעם 2־טן פעברואַר 1944 בין איך מיטן סאַניטאַר־וואָגן אַריינגעפאָרן צום ערשטן מאָל אין דעם שוין באַפרייטן לויצק.

✶

פּאָסט סקריפּטום: דער אין אָנהייב דערמאָנטער דראָביטקאָ, איינער פון די אָנפירער פון די אוקראַיִנישע באַנדיטן, וועלכע האָבן געמאָרדעט די לויצקער יידן, איז נאָך דער מלחמה דערקענט געוואָרן, און אַ סאָוויעטיש מיליטער־געריכט אין לויצק האָט אים פאַראורטיילט אויף 25 יאָר תפיסה. אין דאָזיקן פּראָצעס האָב איך זיך באַטייליקט אַלס עדות.

1960

**א. לוצקי**

# מענטש און חיה

פאַרטיליקט אַ טיגער אַ טיגער?
ניין.
פאַרצוקט אַ לעמפּערט אַ לעמפּערט?
ניין.
צערייסט אַ לייב אַ לייב?
ניין.
טוט דאָס אַ מענטש? — יאָ.

יאָגן זיך צונויף מיליאָנען לייבן,
און טויטן אויס מיליאָנען לייבן?
ניין.
טוען דאָס מענטשן?
יאָ.

מיליאָנען מענטשן יאָגן זיך צוזאַמען
און טויטן אויס מיליאָנען מענטשן.
אַ פאָלק צעשיסט זיין אייגן פאָלק.
אַ פאָלק פאַרוויסט זיין אייגן לאַנד.

מענטש און חיה,
ווער פון זיי,
די ביידע צוויי,
איז ווילדער?...

ווער פון זיי,
די ביידע צוויי,
דאַרף הייסן מענטש?

# דויטשע ווערקשטעטע אין לוצק

גבית־עדות פון מאיר רויטמאַן

...דעם 19.10.1941 איז דורך דעם אויבערשאַרפירער ס.ס.־מאַן פייערטאַג און שאַרפירער הינקע געשאַפן געוואָרן אַ יידישער לאַגער, פון פאַרשידענע פאַכלייט, מיטן נאָמען דויטשע ווערקשטעטע אין לוצק עס האָבן געאַרבעט ביי אַ 450 מאַן פון פאַרשידענע פאַכן, ביי שלעכטע און נידעריקע לעבנסבאַדינגונגען, ווי: אַרבעטן אונטער קלעפּ פון אוקראַאינער און דייטשן, שלאָפן אין נאַסע קאַלטע באַראַקן, שלעכטע באַשפּייזונג. אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר האָט מען געשאַפן אַ געטאָ, וואָס האָט זיך געצויגן פון באַזיליאַנסקע־בריק ביז נידעוווער בריק. די יידן, סיי מענער סיי פרויען, אָנהייבנדיק פון 10 יאָר, האָבן געמוזט גיין צו אַלע שווערסטע אַרבעטן. פאַר מיטנעמען פון דער אַרבעט עפּעס מיט זיך אין געטאָ אַריין, אַ ביסל האָלץ־אָפּפאַל, עפּעס אָפּצוקאָכן, האָט מען 9 יידן דערשאָסן. אַלע האָבן געמוזט טראָגן געלע לאַטעס. פאַר נישט טראָגן די געלע לאַטע אין גאַס האָט מען באַצאָלט מיטן לעבן.

דעם 19.8.1942 איז דאָס געטאָ באַלאַגערט געוואָרן דורך אוקראַאינער מערדער און דייטשן. די יידן האָט מען אָנגעהויבן פונאַנדערטיילן אין צוויי טיילן — אַרבעטנדיקע און נישט־אַרבעטנדיקע. נאָכהער האָבן זיי די מענטשן געטריבן אין לאַסט־אויטאָס, פאָרויס די אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געפונען באַזונדער אין שלאָס, נאָכהער אַלע איבעריקע יידן. די יידן האָט מען אַוועקגעפירט 6 קלמ. הינטער דער שטאָט אין אַ וועלדל, ביים דאָרף גורקע־פּאָלאָנקע, צו פאָראויס צוגעגרייטע גריבער, ווו מען האָט פון זיי אַראָפּגעצויגן דאָס אָנטאָן (מלבושים) און פּלאַנמעסיק דערשאָסן — מענער אין באַזונדערע גריבער און פרויען מיט קינדער אין באַזונדערע גריבער.

די ערשטע צוויי טעג פון דער שחיטה האָט מען דערמאָרדעט איבער 14,000 יידן.

אין משך פון אַ קנאַפּן מאָנאַט האָט מען נאָך אויפגעזוכט ביז 4,000 יידן, וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין בונקערס, אָדער אַנטלאָפן פון דער שטאָט, און זיי דערמאָרדעט.

נאָכהער האָט מען די לאַגער־יידן געטריבן אין געטאָ אַריין, זיי זאָלן צונויפזאַמלען דאָס האָב־און־גוטס פון די יידישע וווינונגען.

קומענדיק אין געטאָ האָבן די לאַגער־יידן געפונען אין אַ בונקער 100 יידן, מענער און פרויען, מער טויט ווי לעבעדיק, אויסגעשעפּט פון הונגער, דורשט און שרעק. מען האָט די יידן מיטגענומען בגנבה אין לאַגער און זיי נאָכהער לעגאַליזירט אַלס לאַגער־אַרבעטער. לאַנג האָט עס נישט געדויערט. דער געביטס־קאָמיסאַר לינדנער און זיין געהילף־פאַרטרעטער גלוק האָבן געמאַכט אַ רעגיסטראַציע אין לאַגער, און ביי אַ 100 מאַן, צוזאַמען מיט אַ גרופּע דאָקטוירים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין שפּיטאָל־פּערסאָנאַל, דערשאָסן.

אין לאַגער זענען פאַרבליבן 400 יידן שטאַרק פאַרצווייפלט, וועלכע האָבן געזוכט אַ וועג צום אַנטלויפן, כאָטש דער לאַגער־פירער ווייבער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז אונדז וועט גאָרנישט געשען.

די אַטמאָספערע איז געווען זייער אַ שלעכטע פאַר אונדז. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט מיט גאָרנישט געוואָלט אונדז העלפן צו ראַטעווען אַ יידן.

דעם 12.12.1942 ביינאַכט איז דער לאַגער אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ גרויסער צאָל רוצחים אוקראַאינער און געסטאַפּאָ. בייטאָג האָבן זיי געוואָלט נעמען די אַלע יידן און אַוועקפירן אויף דעם געוויסן אָרט. דאַן האָבן די יידן פאַרבאַריקאַדירט די טירן און נישט אַריינגעלאָזט קיינעם פון די מערדער אין בלאָק. איינער אַ סטאָלער, אַ געוויסער ברוינשטיין, האָט אַרויסגעשאָסן מיט אַ רעוואָלווער, כדי צו דערשיסן דעם אָנפירער פון די אַלע שחיטות, דעם ס.א.־מאַן גלוק. דאַן האָבן די מערדער געעפנט אַ פייער פון מאַשין־געווער און געוואָרפן גראַנאַטן אין די פענצטער און טירן. נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, האָבן די יידן אַליין אונטערגעצונדן דעם בלאָק און דורך פאַרשידענע וועגן געלאָזט זיך לויפן דורך פענצטער, טירן, שטיגן צו די פאַרצוימונגען. אָבער צום באַדויערן איז נישט געלונגען דורך דעם האָגל קוילן און גראַנאַטן צו אַנטלויפן. אַ גרויסער טייל אָבער איז געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט.

(פון „יד־ושם״־אַרכיוו)

באַסיע גאָטמאַן־פּיטליקאָוואַ / ווראָצלאַוו

# אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע

דעם 25.4.41 איז די שטאָט לוציק פֿאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשע פֿאַשיסטן. גלייך פֿון די ערשטע טעג איז זייער הויפּטציל געווען אויסצוראָטן די יידישע באַפעלקערונג. זיי האָבן געשאַפֿן אַ יודענראַט, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע צוצושטעלן אַלץ אויף דער פֿאָדערונג פֿונעם געביטקאָמיסאַר. יידן האָבן געמוזט טראָגן אַ שאַנד־אָרעמבאַנד. דורך די הויפּט־גאַסן איז זיי נישט דערלויבט געווען צו גיין. אַלע האָבן געמוזט אַרבעטן פיזיש.

דעם 3.7.41 איז געווען אַ מעלדונג, אַז אַלע מענער פֿון 14 ביז 60 יאָר דאַרפֿן זיך שטעלן אין ליובאַרט־שלאָס, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ לאָפּעטע און עסן אויף איין טאָג. דעם טאָג זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דער אַרבעט 3000 מאַן, דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, וואָס די שטאָט האָט פֿאַרמאָגט. קיינער האָט זיך פֿון דער „אַרבעט" נישט אומגעקערט. מען האָט אַלע דערמאָרדעט. צווישן זיי זענען געווען: אַדוואָקאַט פּרעטשעפּ, הערש־לייב גוראַלניק, משה שאַפּיר, חיים־איטשע וועוריק און פֿיל אַנדערע, וואָס זייערע פֿאַמיליעס קאָן איך זיך נישט דערמאָנען.

דאָס לעבן פֿון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען הפקר. ס'איז גענוג געווען, אַז אַ ייד אין גאַס זאָל נישט געפֿעלן ווערן אַן אַדורכגייענדיקן דייטש, ער זאָל גלייך אויפֿן אָרט ווערן דערשאָסן. אַזעלכע פֿאַלן זענען געווען פֿיל, ווייל פֿאַר שיסן אַ יידן איז נישט געקומען קיין שטראָף. האָט דער טויט געשוועבט פֿאַר די אויגן פֿון יעדן ייד. נישט געקוקט דערויף וואָס דער יודענראַט פֿלעגט צושטעלן פֿאַר די דייטשן אַלץ, פֿלעגן כסדר פֿאָרקומען רויבערייען, מען פֿלעגט זיך אַריינכאַפּן אין אַ יידיש הויז און עס פֿולשטענדיק אויסרוימען.

פֿאַר דעם קלענסטן ווידערשטאַנד פֿלעגט מען דערמאָרדן אויפֿן אָרט, אָדער פֿאַרנעמען אין „געסטאַפּאָ" און אומברחמנותדיק פּייניקן.

אָבער דאָס אַלץ איז נישט קיין פֿאַרגלייך מיט דעם שרעקלעכן טאָג, דעם 10.7.41. פֿון 6 פֿרי האָט מען פֿון אַלע עקן שטאָט גענומען טרייבן די יידן פֿון די הייזער, נישט דערלויבנדיק צו נעמען מיט זיך מער ווי דאָס וואָס מען קאָן טראָגן אין די הענט. מיר זענען אַלע געווען זיכער, אַז מען יאָגט אונדז שוין צום טויט. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אויף באַזיליאַנסקער פּלאַץ און געמאָלדן: יידן דאַרפֿן וווינען באַזונדער.

פֿאַר די יידן איז אַזוי אַרום געשאַפֿן געוואָרן דאָס „געטאָ", וואָס האָט זיך געצויגן פֿון באַזיליאַנסקער בריק ביז גנידעווו איינשליסלעך. די צום טויט דערשראָקענע יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אַ ביסל באַרויקט. דער טויט־אורטייל איז דערווייל אָפּגעלייגט געוואָרן, אָבער דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען פֿיל שרעקלעכער. די שוידערלעכע וווינונגס־באַדינגונגען זענען נישט צום באַשרייבן. עס האָבן געוווינט פֿון 20 ביז 30 מענטשן אין אַ קליין צימערל. קיין באַהייצונג איז נישט געווען, און קיין מעגלעכקייט צו קויפֿן האָט מען אויך נישט געהאַט.

מיר זענען געווען אָפּגעשניטן פֿון דער לעבעדיקער וועלט. אַלץ איז געווען פֿאַר יידן פֿאַרבאָטן. צום אומגליק איז דער ווינטער געווען זייער אַ קאַלטער. עס זענען געווען פֿאַלן, ווען מען פֿלעגט טרעפֿן פֿאַרפֿרוירענע מאַמעס מיט זויג־קינדער ביי דער ברוסט, צווישן יענע, וועלכע האָבן געוווינט אין די קלייטן צוליב דער ענגשאַפֿט אין די וווינונגען. צוליב די שלעכטע היגיענישע באַדינגונגען איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע עפּידעמיע פֿון פֿלעק־טיפֿוס, וועלכע האָט איינגעשלונגען פֿיל קרבנות.

אין געטאָ איז דער שאַנד־אָרעמבאַנד פֿאַרביטן געוואָרן אויף דער געלער לאַטע, וועלכע מען האָט געטראָגן אויף דעם האַרץ און אויף דער פּלייצע. פֿאַר נישט טראָגן די געלע לאַטע איז געקומען טויט־שטראָף. אַזעלכע פֿאַלן זענען געווען פֿיל.

מיט דעם גאַנצן לעבן אין געטאָ האָט אָנגעפֿירט דער יודענראַט, וועלכער האָט זיך צו הילף געשאַפֿן אַ יידישע פּאָליציי. די אויפגאַבע פֿון יודענראַט מיט דער פּאָליציי איז געווען צו האַלטן אָרדענונג, צושטעלן טאָג־טעגלעך אַרבעטסהענט, נישט דערלאָזן אַז יידן זאָלן נישט אַרבעטן, אָדער שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשע פֿאַראָרדענונגען.

אין שטענדיקער שרעק האָט מען אונדז געהאַלטן די גאַנצע צייט. יעדער איבערגעלעבטער טאָג איז געווען אַ געשענקטער, פֿאַר וועלכן מען האָט געמוזט צאָלן מיט פֿאַרשידענע פּרייזן. יעדע עטלעכע טאָג איז געקומען אַ פֿאַראָרדענונג צוצושטעלן פֿאַרשידענע קאָנטריבוציעס: גאָלד, מאַנופֿאַקטור, לעדער, עסנוואַרג, מעבל, פּוטערס; דערביי איז געקומען אַ דראָונג, אַז פֿאַר נישט צושטעלן דאָס געפֿאָדערטע צום באַשטימטן טערמין אין יודענראַט וועט דורכגעפֿירט ווערן אַ נייע אַקציע, ד. ה. עס וועלן ווערן אַרויסגעפֿירט און צעשאָסן אַזאַ און אַזאַ צאָל מענער, פֿרויען און קינדער. מען קאָן זיך פֿאָרשטעלן דעם יאָמער, ווען דאָס געפֿאָדערטע האָט מען נישט געקאָנט צושטעלן...

כדי נאָך מער צו טעראָריזירן די באַפעלקערונג, פֿלעגט מען נעמען „זאַקלאַדניקעס" און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס יעדע קאָנטריבוציע פֿלעגט אויסגעפֿירט ווערן פּינקטלעך, האָט מען די זאַקלאַדניקעס געשאָסן.

די ערשטע טעג פֿון מאָנאַט אויגוסט 1942 זענען די קאָנטריבוציעס געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט זיך שוין געפֿילט אַז דאָס מיינט מען נישט אונדזער האָב־און־גוטס, נישט די איינציקע זאַקלאַדניקעס, נאָר דאָס לעבן פֿון די גאַנצע איבערגעבליבענע אויסגעמאַטערטע 18.000 יידן.

די פּאַניק אין געטאָ איז געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג גרעסער. די שרעק איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די מענטשן זענען נישט פֿעיק געווען אָנצונעמען אַ וועלכן־עס־איז באַשלוס. נישט

זעענדיק קיין אויסוועג זיך צו ראַטעווען, איז מען געוואָרן צו אַלעם גלייכגילטיק. מען האָט זיך פאַרלאָזט אויף נסים. נאָר אָנשטאָט אַ נס איז געקומען דאָס גרויסע אומגליק.

דעם 20.8.42 האָט דייטשע און אוקראַאינישע פּאָליציי אַרומגערינגלט דאָס געטאָ אַזוי געשלאָסן, אַז קיין איין מענטש האָט נישט געקאָנט דורכגיין. אַלע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן באַזיליאַנער פּלאַץ. אַ גאַנצן טאָג איז געגאַנגען די סעגרעגאַציע: מענער — באַזונדער, פרויען און קינדער — באַזונדער.

פאַכלייט זענען אויסגעקליבן און אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן שלאָס. יעדער האָט געשטרעבט אַריינצופאַלן אין דער צאָל גליקלעכע, מיינענדיק: אפשר... מען האָט געטאָן וואָס נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט. אויפן אָרט זענען נאָכגעמאַכט געוואָרן שיינען מיט שטעמפּלען; פאַר אַזאַ צעטל האָט מען געצאָלט אין טאָג אַריין.

די געשרייען און גערוואַלדן האָבן געגרייכט ביזן הימל. מאַמעס האָבן פאַרלאָזן זייערע קינדער אין די קעלערס און בוידעמס, כדי זיי מיט די אייגענע הענט נישט צו טראָגן אין גרוב אַריין. אַ סך האָבן זיך געסמט. ווער ס׳האָט קיין סם נישט געהאַט האָט זיך מיט ראַזיר־מעסערלעך אויפגעשניטן די אָדערן (אַדוואָקאַט העלפמאַן מיט דער פרוי זענען אויסגעגאַנגען אויפן פּלאַץ). מען האָט זיך געזעגנט באַצייטנס, האָפנדיק אַז אפשר וועט עמעצן געלונגען זיך ראַטעווען. אַ גאַנצן טאָג דאָנערשטיק און אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט די פאָרשפּיל. גאַנץ פרי פרייטיק האָבן זיך באַוויזן לאַסט־אויטאָס, קאָנוואָירטע דורך אוקראַאינער פּאָליציי.

די אויטאָס זענען געוואָרן ענג אָנגעפּאַקט און אַוועקגעפירט קיין פּאָלאָנקע — 7 קילאָמעטער פון שטאָט, ווו עס זענען שוין געווען אויסגעגראָבן גריבער — אויסגעגראָבן דורך די פאַכלייט. מען האָט באַפוילן לייגן זיך אין די גריבער נאַקעט.

אַראָפּגעגאַנגען איז מען מיט טרעפּ. אַ תלין אַ דייטש האָט געשאָסן פון אַן אויטאָמאַט. די הרוגים זענען צוגעדעקט געוואָרן מיט אַ שיכט ערד און וואַפנע. און דערווייל האָט שוין אַ נייע פּאַרטיע געוואַרט אויפן טויט.

די רעזיגנאַציע איז געווען אַזוי גרויס, אַז מענטשן האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן טויט. אַנדערע האָבן זיך געוואָרפן פון די אויטאָס. אייניקע זענען מיט פרייד און געזאַנג געגאַנגען צום טויט.

צוויי טעג, פרייטיק און שבת, האָט געדויערט די הריגה אָן איבעררייס. שבת האָבן די מערדער זיך פאַרנומען מיטן אַרויסשלעפּן פון די לעכער די אומגליקלעכע, וועלכע האָבן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן.

קינדער האָט מען געטויט אויפן אָרט דורך צערייסן אויף צווייען, צעהאַקנדיק די קעפּלעך ביי די סלופּעס.

ווען קיין לעבעדיקער נפש איז שוין אין געטאָ נישט געווען, האָט מען זיך פאַרנומען מיט אויסרייניקן די יידישע הייזער. די אַרבעט האָבן אויסגעפירט די איבערגעבליבענע פאַכלייט, פאַר וועלכע עס איז געשאַפן געוואָרן אַ לאַגער.

אין די הייזער האָט מען געפונען פאַרהונגערטע אויף טויט און האַלב־לעבעדיקע. די לעבעדיקע האָט מען פאַרזאַמלט אויף איין אָרט און ווען עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרעסערע צאָל, אָפּגעפירט קיין פּאָלאָנקע.

די זאַכן האָט מען אָנגעזאַמלט אין דער יידישער שול. די איבערגעבליבענע פאַכלייט אין לאַגער האָט מען אויסגענוצט צו די שווערסטע אַרבעטן. נישט געקוקט דערויף וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען נויטיקט זיך אין זייער אַרבעט און דערפאַר וועט מען זיי שענקען דאָס לעבן, איז לסוף געקומען דער באַפעל אויך זיי צו פאַרניכטן.

דאָנערשטיק, דעם 11.12.1942, האָט מען אויסגעמאָרדעט דאָס ביסל איבערגעבליבענע אין לאַגער. (צוערשט האָט זיך דער לאַגער געפונען אין סעמינאַר אויף קראַסנע, שפּעטער — אין דעם בנין פון דער יידישער גימנאַזיע, הינטער פינטשוקס מיל).

די באַציונג פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג איז אין איר גרעסטן טייל געווען אינדיפערענט; זי איז געשטאַנען אין אַ זייט, נישט געמישט זיך. אַ טייל האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין רויבערייען און מאָרדן.

עס איז אויך געווען אַ קליינער טייל, וועלכער האָט זיך מוסר־נפש געווען פאַר באַקאַנטע יידן. פאַר האַלטן אַ ייד איז געקומען טויט־שטראָף דער גאַנצער פאַמיליע. נישט געקוקט דערויף האָבן קריסטן אויסבאַהאַלטן אַ סך יידן. עס זענען געווען פאַלן ווען מיט די אַנטדעקטע יידן איז געגאַנגען צום טויט אויך דער קריסט, צ.ב. אינזשיניער בעלאָוו.

ס׳זענען געווען אַזעלכע צענדליקער פאַלן. אָפט האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי איין קריסט אַ גרעסערע צאָל יידן, צ.ב. ביי דער פּוילישער פרוי אַננאַ סיגאַ, ראָגאָווע 13, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן 9 יידן, צווישן זיי אַ קליין קינד פון צוויי מאָנאַטן: הענריק גאַטמאַן; טשעסלאַוואַ גאַטמאַן־קוראַטשיק; באַסיע גאַטמאַן־פּיטליק; אידאַ האַנדעלסמאַן — אַ קינד פון 2 מאָנאַטן; פאַניע פּאַשט־גרינבערג, וועלכע געפינט זיך איצט אין קאַנאַדע, אין מאָנטרעאַל; שמערוק — אַ געשמדטער ייד, און נאָך אַ סטאָליער — זיין פאַמיליע־נאָמען האָב איך פאַרגעסן.

דאָס זענען געווען מוטיקע, איידעלע מענטשן. אַ סך קריסטן האָבן אונטערגעהאַלטן יידן אין געטאָ. געשמוגלט שפּייז פאַר זיי.

גערעטעוועט האָבן מערסטנטייל פּאָליאַקן און טשעכן.

ווען די אוקראַאינישע באַנדיטן האָבן געמאָרדעט די פּאָליאַקן אויף וואָלין זענען מיט זיי צוזאַמען אומגעקומען זייער אַ סך יידן.

גלחים האָבן געהאָלפן יידן, גערעטעוועט קינדער (רויטערס אייניקלעך).

בלומע פאָגעל־וויידמאַן

# אין לויצקער געטא

דער טאָג פון 20־טן אויגוסט 1942 וועט אויף אייביק בלייבן פריש אין מיין זכרון. ווען כ׳בין אויפגעשטאַנען אין דער פרי צו גיין ווי געווייגלעך צו דער אַרבעט אין יידישן שפּיטאָל (פון פאַך בין איך אַ קראַנקן־שוועסטער), האָב איך געטראָפן ס׳געטאָ אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן דורך אוקראַינישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן קיינעמען פון געטאָ נישט אַרויסגעלאָזט. זיי האָבן מיך נישט געלאָזט ווייטער גיין און כ׳בין געווען געצוווּנגען זיך אומצוקערן אַהיים. מיט אַ שווער און ביטער געמיט האָב איך דערציילט מיין מוטער און שוועסטער, אַז אייגנטלעך האָב איך געטאָן אַ פעלער, ווייל כ׳האָב געדאַרפט היינט אויפשטיין פריער — וואָלט זיך מיר איינגעגעבן אַריינצוגיין אין געטאָ און זיך שטעלן צו דער אַרבעט, ווי דאָס האָט געטאָן מיין חברטע, קלאַראַ גאָלדהאַבער, וועלכע האָט צוזאַמען מיט מיר געאַרבעט אין שפּיטאָל. זי האָט זיך יאָ אַריינבאַקומען אין געטאָ און זיך געשטעלט צו דער אַרבעט.

אין מיין נאַיוויטעט האָב איך זיך דאַן נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון, אַז ווען ס׳גיט זיך מיר יאָ איין אַריינצוגיין אין געטאָ, וואָלט דאָס געווען מיין לעצטער גאַנג, וואָס וואָלט מיך פאַראורטיילט צום טויט. פון געטאָ איז קיינער שוין דאַן נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. אויב האָט עמעצער נישט געוואָלט פאַלן פון די באַנדיטישע הענט און זיך צוקוקן, ווי די באַנדיטן זייען טויט צווישן דער פאַרשלאָסענער יידישער באַפעלקערונג אין לויצקער געטאָ — איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

דעם זעלבן טאָג האָט מען אונדז אַלע, מיינע עלטערן, שוועסטער און קינדער אַרויסגעטריבן פון די הייזער און אויפגעזאַמלט, צוזאַמען מיט אַלע לעבנגעבליבענע יידן אין לויצק, אויפן באַזיליאַנסקי־פּלאַץ, ווו מ׳האָט אַלע אויפגעלאָדן, צו 50 פּערזאָן, אויף לאַסט־אויטאָס און אָפּגעפירט אין די וועלדער פון פּאָלאָנקע, דאָרט זענען שוין געווען צוגעגרייט גריבער, וועלכע יידן האָבן מיט אַ טאָג פריער געמוזט אויסגראָבן פאַר זייערע פאַמיליעס.

ווי שוין דערמאָנט, בין איך אויך געווען צווישן די, וועלכע מ׳האָט געדאַרפט אָפּטראַנספּאָרטירן צום טויט. מיר זענען אין דער היים געווען פינף שוועסטערן. איך בין געווען די יינגסטע. אין דער לעצטער מינוט האָט מיין עלטערע שוועסטער געהאַלטן, אַז איך דאַרף זיך ראַטעווען. איך בין דאָך נאָך אַזוי יונג און ס׳איז נאָך פרי צו שטאַרבן.

די, וואָס געדענקען דעם באַזיליאַנסקי־פּלאַץ, ווייסן, אַז דאָרט האָבן זיך געפונען געוועלבער מיט אייזערנע טירן, וועלכע האָבן זיך פאַרמאַכט פון אויסנווייניק. איז מיין שוועסטער איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז איך זאָל זיך ראַטעווען אין איינעם פון די דאָרטיקע געוועלבער. צווישן אַנדערע האָט זיך דאָרט געפונען דאָס געשעפט פון איינעם מיטן נאָמען בערעגאָוואָי. האָט מיין שוועסטער אויפגעריגלט די טיר און מיך מיט כוח אַהין אַריינגעשטופּט און נאָך מיר פאַרמאַכט די טיר. איך האָב אָנגעהויבן וויינען און ליאַרמען, אַז כ׳וועל נישט בלייבן איינע אַליין, אַז כ׳וויל לעבן בלייבן צוזאַמען מיט אַלע — אָדער צוזאַמען אומקומען.

איך בין אָבער שוין געווען פון אויסנווייניק פאַרשלאָסן און נישט געהאַט צו וועמען צו רעדן. מיט די פויסטן האָב איך אָנגעהויבן קלאַפּן אין די טירן און געוואַלדעווען. פּלוצעם האָב איך הינטער מיינע פּלייצעס דערהערט שטילע שטימען: שרייט נישט, איר וועט אונדז אַלע אומברענגען. מיר זענען דאָ מיט קליינע קינדער!

כ׳האָב זיך אומגעקוקט און דערזען פיל דערשראָקענע אויגן, וועלכע האָבן צו מיר אַרויסגעקוקט פון אונטער די פּעק פעדערן, וועלכע זענען געווען אָנגעזאַמלט אין מאַגאַזין. די דייטשן האָבן אַהין אַריינגעבראַכט אַלע בעטגעוואַנטן, וואָס זיי האָבן צוגענומען פון די יידן, געזוכט אין זיי גאָלד און בריליאַנטן. אין אָט די פּעק האָבן זיך איצט באַהאַלטן צענדליקער יידן — אַלטע, יונגע און קינדער. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָ וועט זיך זיי איינגעבן צו באַהאַלטן און איבערקומען די אַקציע.

די געבעטן פון די מוטערס האָבן אויף מיר געווירקט און כ׳האָב זיך באַרויקט. צוזאַמען מיט אַלע האָב איך זיך אויך איינגעגראָבן אין די פּעק פעדערן און געוואַרט אויף דער מינוט, אַז די טירן זאָלן זיך עפענען און כ׳זאָל קאָנען אַרויסגיין אויף דער פרייער לופט צו מיין מוטער און אייגענע. איך האָב זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן צו קאָנען בלייבן איינע אַליין אויף דער וועלט צווישן ווילד־פרעמדע מענטשן.

צוזאַמען מיט אַלע בין איך געלעגן און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט זיך אַרויסצובאַקומען פון פאַרשאָלטענעם געוועלב. ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט — ווייס איך שוין נישט. פון דרויסן האָבן זיך דערטראָגן האַרצרייסנדיקע געשרייען. מיט געוואַלט האָט מען קינדער אָפּגעריסן פון זייערע עלטערן. כ׳האָב שוין נישט געוויינט, נאָר זיך איינגעהאָרכט אין די געשרייען פון דרויסן. די חושים זענען געוואָרן ווי פאַרטעמפּט. ס׳קאָן מעגלעך זיין, אַז צווישן אַנדערע האָבן זיך אויך דערטראָגן די געשרייען פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, וועלכע מ׳האָט אויף אייביק צעשיידט. כ׳האָב זיך געפילט אין אַ צושטאַנד פון אַ טיפער מעלאַנכאָליע, אין וועלכער מיין מוח האָט שוין גאָרנישט רעאַגירט אויף די אַרומיקע געשעענישן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך די טיר אויפגעריגלט און מיין שוועסטער, מיט איר 4־יאָריק יינגעלע, איז אַריינגעשטופּט געוואָרן אינעווייניק. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף און אַרויסגעשריגן: אוי, ייטעלע, שוועסטער מיינע, פאַרוואָס האָסטו נישט אַריינגענומען די מאַמע מיט אַלע איבעריקע צוזאַמען? אָבער די מענטשן, וואָס זענען געלעגן אין די פעדערן, האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן בעטן ביי מיר, אַז כ׳זאָל זיך פאַרהאַלטן שטיל און רויק און מ׳זאָל נישט רעדן, ווייל אין דרויסן האָבן אַרומגעשפּרייזט די מערדער, וועלכע האָבן נאָך געקאָנט דערהערן, אַז מיר זענען דאָ געבליבן.

אָוונט־צו איז אויפן פּלאַץ געוואָרן טויט־שטיל און מ׳האָט שוין נישט געהערט קיין שום רייד און נישט קיין געשרייען און געוואַלדן. כ׳האָב זיך דאַן אָפּגעגעבן אַ קלאָרן רעכענונג, אַז אויסער מיין שוועסטער מיט איר קינד האָב איך שוין קיינעמען נישט אויף דער וועלט.

מיר זענען אַזוי אַלע אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין דער שטיל און נישט אויסגערעדט מיט קיינעם קיין וואָרט.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן צו טאָגן האָבן מיר פּלוצעם באַמערקט ווי אויפן סופיט עפנט זיך אויף אַ טירעלע פון וואַנען ס׳האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן גראָבע דראָט־לינעס און עפּעס אַ מענטשלעכע שטימע רעדט צו אונדז: ווער ס׳וויל זיך ראַטעווען — וועלן מיר אים העלפן. אין די פּעדערן וועט איר אַזוי לאַנג נישט קאָנען בלייבן. מיר וועלן יעדן איינעם אַרויפציען אויפן בוידעם, פון וואַנען מ׳וועט קאָנען זיך אַרויסבאַקומען אויף דער פרישער לופט.

דער סופיט איז געווען גאַנץ הויך. מ׳האָט נישט געקאָנט אַזוי לייכט זיך אַרויפבאַקומען. מיר האָבן אין די פּעדערן אויפגעזוכט פאַרשידענע פּעסלעך און קעסטלעך, אויפגעשטעלט אַזאַ מין טורעם און איינציקווייז, מיט דער הילף פון די לינעס, זיך אַרויפבאַקומען אויפן בוידעם פון געוועלב. צווישן די העכער 50 פּערזאָן, וועלכע מ׳האָט אַרויפגעצויגן אויפן בוידעם, האָב איך געפונען צווישן אַנדערע פייגע און יעקב סימאַ, וואָס ז׳האָבן געהאַט אויף דער יאַגעלאָנסקע־גאָס אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט, זייער טאָכטער מיט אַ זויגעדיק קינד. איר מאַן האָט שוין דאַן נישט געלעבט. דאָס איז געווען אַ געוויסער פרישער, וואָס האָט געהאַט אַ סקלאַד פון האָלץ און בוי־מאַטעריאַלן.

אויפן בוידעם האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן אַ וועג ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען אויף דער גאָס. ליידער האָט מען שוין נישט געקענט אויפהאַלטן די שטילקייט. די קליינע קינדער האָבן אָנגעהויבן צו שרייען, אַז זיי זענען דורשטיק און הונגעריק און די רוצחים אין דרויסן האָבן באמת געדאַרפט זיין טויב, כדי די דאָזיקע געשרייען נישט צו דערהערן. צום אומגליק איז דער חודש אויגוסט געווען אומדערטרעגלעך הייס און ס׳איז טאַקע געווען אוממעגלעך אויסצוהאַלטן פון די היצן. די עלטערן האָבן געגעבן זייער אורין די קינדער צום טרינקען, נישט קאָנענדיק צוזען די ליידן פון זייערע אייגענע.

צוזאַמען מיט אונדז האָט זיך אויך געפונען דער זון פון פונעם אייגנטימער פונעם געוועלב, האָט ער אונדז געגעבן אַן עצה, אַז אַזוי ווי די דייטשן האָבן אין זייערע קעלערס קאָנסערווירט אייער, איז דאָרט פאַראַן אויך קאַלך־וואַסער. דאַרף מען די מוטערס מיט די קינדער אַרונטערלאָזן אין קעלער, ווו זיי וועלן קאָנען טרינקען וואַסער און אויך זיין אויסגעהיט פון די היצן. די מענער, דאַקעגן, וועלן קאָנען בלייבן אויף די בוידעמער. צום קעלער האָט ער פאַרמאָגט אַ שליסל. מיר האָבן זיך אַלע אַראָפּגעלאָזט אין קעלער אַריין און זיך אָנגעטרונקען מיט קאַלך־וואַסער. ס׳איז נישט געווען קיין ברירה, ווייל דער דורשט איז געווען אין לשער. אויך מיין שוועסטער מיט איר קינד האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער. ס׳קינד האָט זיך, נאָכן טרינקען, שוין געפילט אַ ביסל בעסער. מ׳האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז ס׳איז נישט געזונט צו טרינקען אַזאַ וואָסער, נאָר ס׳איז דאָך נישט געווען קיין ברירה. מיר, די עלטערע, האָבן זיך צוריקגעקערט אויפן בוידעם און די מוטערס מיט די קינדער זענען געבליבן אין קעלער, וועלכן בערעגאָוואָי האָט פאַרמאַכט צוריק אויפן שלאָס. אויף דער טיר איז געווען אַן אויפשריפט: ווערמאַכט! איינטריט פאַרבאָטן.

אַ צופרידענע האָב איך זיך צוריק אַרויפגעדראַפּעט אויפן בוידעם. כ׳בין שוין געווען זיכער, אַז מיין שוועסטער מיט איר קינד איז געראַטעוועט.

די דאָזיקע זיכערקייט האָט לאַנג נישט געדויערט, ווייל אויך אין קעלער זענען די קינדער נישט געבליבן רויק, און ווען ס׳איז צוגעפאַלן די צווייטע נאַכט פון אונדזער באַהאַלטן זיך, איז די שטילקייט געווען נאָך מער שטאַרקער און מ׳האָט דעריבער געהערט יעדן שאָרך, שוין אָפּגערעדט פון געוויינען און געשרייען פון די קינדער. דאָס האָט ווי צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די באַנדיטן, און ווען ס׳איז געוואָרן טאָג האָבן מיר אויפן בוידעם דערהערט, ווי מ׳שליסט אויף דעם קעלער און באַלד דערנאָך — די האַרצרייסנדיקע געשרייען פון די מוטערס מיט זייערע קינדער, וועלכע מ׳האָט אָפּגעריסן איינע פון די אַנדערע און אַלע אַרויסגעטריבן פון קעלער, בכדי אַ סוף צו מאַכן צו זייערע יונגע לעבנס. צווישן אַנדערע זענען צו מיר דערגאַנגען די געשרייען פון מיין שוועסטער מיט איר קינד. כ׳בין געבליבן אויפן בוידעם און זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דער עדה יידן, וועלכע מ׳האָט געפירט צו דער שחיטה.

נאָכן דערליידיקן זיך מיט די, וואָס זענען געווען אין קעלער, זענען די באַנדיטן אַרויף אויפן בוידעם. מורא־האָבנדיק, אַז זיי וועלן זיך אָנטרעפן מיט אַ ווידערשטאַנד, זענען זיי צו אונדז אַרויף מיט אַנטבלויזטע שווערדן. מיר האָבן אָבער קיין שום ווידערשטאַנד נישט געשטעלט און זיך געלאָזט אַראָפּפירן צו דער שחיטה, גלייך דאָס וואָלט געווען אַ נאַטירלעכע זאַך. פון די העכער 50 פּערזאָן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון דער לעצטער אַקציע, בין איך אַליין געבליבן ביים לעבן. אין דער לעצטער מינוט, ווען די באַנדיטן זענען שוין געווען אויפן בוידעם, האָב איך זיך באַהאַלטן אונטער דעם שטרויענעם דאַך, זיך צוגעדעקט מיט מיסט און כלערליי שמאַטעס, וואָס האָבן אויפן בוידעם נישט געפעלט און זיך אַזוי איינגעגראָבן דערין, מ׳האָט מיך נישט באַמערקט. צו אָוונט צו זענען נאָך צוויי געסטאַפּאָוצעס אַרויף אויפן בוידעם און מיט נאַכט־לעמפּלעך אַדורכגענישטערט אַלץ, טאָמער געפינט זיך נאָך עמעצער. צום גליק האָבן זיי מיך נישט באַמערקט, און אַזוי אַרום בין איך, שוין צום ווייפלטן מאָל, געראַטעוועט געוואָרן פון זיכערן טויט.

כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון, אַז אין דעם מאָמענט בין איך שוין געבליבן איינע אַליין פון מיין גאַנצער פאַמיליע. און מערקווירדיק ווי דער דאָזיקער באַוווסטזיין האָט מיך געשטויסן צו וועלן בלייבן לעבן, בכדי כ׳זאָל נאָך קאָנען נקמה־נעמען פאַרן טויט פון מיינע נאָענטסטע און ליבסטע, וועלכע זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען אין די לעצטע טעג.

צוויי טעג בין איך געווען אָן ברויט און אָן וואַסער, אָבער קיין הונגער האָב איך נישט געפילט. אין מיין קערפּער האָב איך געשפּירט אַ שוואַכקייט און ליידיקייט. אַזוי בין איך דאָרט איבערגעבליבן איינע אַליין די דריטע נאַכט. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָב איך באַשלאָסן אַראָפּצוגיין פון בוידעם

און זוכן עפּעס־וואָס צום עסן און טרינקען. באַזונדערס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט טרינקען, די צונג האָט זיך פּשוט נישט געקאָנט אָפּרייסן פון גומען — אַזוי פאַרטריקנט איז זי געווען.

כ׳האָב אָנגעשטרענגט אַלע מיינע חושים, זיך איינגעהאָרכט אין דער אַרומיקער שטילקייט און געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מ׳הערט טאַקע נישט קיין מענטשלעכע שטימע. שטיל, אַפילו מיינע טריט נישט צו הערן, האָב איך זיך אַריינגעשלייכט אין אונדזער שטוב און אָנגעהויבן צו זוכן עפּעס־וואָס צו טרינקען. ליידער האָב איך גאָרנישט געפונען. אויף דער פּאָדלאָגע האָב איך געפונען עטלעכע קערנדלעך פון קאַרשן. כ׳האָב זיי צעקנאַקט און זיך גענומען צו דער „סעודה" — געגעסן די יאָדערן, האָפנדיק אַרויסצובאַקומען אַ ביסל סלינע בכדי דעם גומען איינצונעצן. כ׳בין געזעסן אַזוי אויף דער פּאָדלאָגע און זיך פאַרנומען מיט דער אכילה. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך דערהערט אַ שטילן שאָרך. דאָס בלוט אין די אָדערן איז מיר פאַרגליווערט געוואָרן. כ׳האָב זיך נישט גערירט פון אָרט. אין דער זעלבער רגע האָב איך דערהערט אַ מענטשלעכע שטימע אין יידיש: האָט נישט קיין מורא. כ׳בין אַנטלאָפן פון גרוב און וויל זיך דאָ אויסבאַהאַלטן! כ׳האָב זיך באַרויקט און צוגעגאַנגען צום ווינקל, ווו ס׳איז געלעגן אַ יונגער בחור פון ווילקע מיטן נאָמען קופּערשטיין. פון פאַך איז ער געווען אַ בוכהאַלטער.

אין ווינקל פון צימער זענען געווען פיל הייליקע ספרים. ער האָט זיך איינגעגראָבן אין זיי. ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אין שטוב געפינט זיך נאָך אַזאַ אומגליקלעך נפש, ווי ער, האָט ער מיר פאָרגעלייגט, אַז אויך איך זאָל זיך אַריינרוקן אין די שמות און צוזאַמען זיך אויסבאַהאַלטן.

נישט לאַנג האָט געדויערט און מיר האָבן ווידער דערהערט אוקראַאינישע שטימען. דאַן האָט דער בחור מיר געזאָגט, אַז פאַרביידן וועט אויפן פּיעקעליק זיין צו ענג. איינער פון אונדז מוז זיך פון דאַנען אָפּטראָגן. דער איינער בין איך געווען. כ׳האָב זיך אַראָפּגעלאָזט און זיך אַרונטערגערוקט אונטערן בעט, אַרויסגערוקט אַ קאַפּעטשקע אַ ברעטל, בכדי צו האָבן אַ ביסל לופט און אַזוי זיך איינגעגראָבן אין מיין נייער „אכסניה". ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און ס׳האָבן זיך דערהערט שווערע טריט אין דער וווינונג. די מערדער האָבן גערעדט אוקראַאיניש. איינער האָט געזאָגט צום צווייטן: דאָ מוז ער זיין. ער איז אַוועק פון אונטער דער האַנט! זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן און נישטערן אין יעדן ווינקעלע. איינער האָט מיט דער קאָלבע געזוכט אויך אונטערן בעט און אָנגערירט דאָס ברעט און אויך מיך. מיין האַרץ האָט אַזוי שטאַרק געקלאַפּט, אַז כ׳האָב געמיינט, אַז דער מערדער וועט עס דערהערן. אין געדאַנק האָב איך שוין שלום געמאַכט, אַז מיין לעצטע מינוט איז אָנגעקומען. אָבער אויך דאַן איז געשען אַ נס — ער האָט מיך נישט באַמערקט.

אין דער זעלבער צייט האָבן אַנדערע געזוכט אין די ווינקלען און זיך אָנגעטראָפן אויפן פּיעקעליק אויף מיין חבר, וועלכן זיי האָבן אַראָפּגעשלעפּט און שטאַרק געשלאָגן. ער האָט געוואָלט אָנטאָן די שיך, האָבן אים די מערדער געזאָגט אויף אוקראַאיניש: דאַרפסט נישט קיין שיך. ס׳איז נישט ווייט צום טויט. אָט דאָ אויפן הויף וועלן מיר מיט דיר מאַכן אַ סוף!

זיי האָבן אַרויסגעפירט דעם אומגליקלעכן בחור אויפן הויף און באַלד האָבן זיך דערהערט איניקע ביקסן־שאָסן. דערנאָך איז ווידער געוואָרן שטיל.

און ווידער האָב איך אָנגעהויבן פּלאַנירן ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען פון געטאָ. ווי לאַנג כ׳בין אַזוי געלעגן — געדענק איך שוין נישט. איין זאַך האָב איך דעמאָלט געפילט: אַ שטאַרקן דורשט. ס׳האָבן זיך ווידער דערהערט טריט און מענטשלעכע שטימעס, דאָס מאָל — אין דער דייטשער שפּראַך. דאָס זענען געווען צוויי געסטאַפּאָוצעס, וועלכע זענען געקומען זוכן געלט נאָך די אַרויסגעיאָגטע יידן. זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן צו נישטערן אין אַלע ווינקעלעך און ספּעציעל — אין בעטגעוואַנט. זיי זענען צוגעקומען אויך צום בעט, אונטער וועלכן איך בין געלעגן און אָנגעהויבן אַראָפּצונעמען די קישנס. היות איך האָב אַפּגערוקט איין ברעט פון בעט, האָבן די דייטשן, ווען זיי האָבן אַראָפּגענומען ס׳איבערבעט, מיך אויפגעדעקט. זיי האָבן מיך דערזען. אין זעלבן אויגנבליק איז ביי מיר ס׳רעכטע אויג ווי פאַרגליווערט געוואָרן. כ׳האָב אויף זיי געקוקט, נישט פינטלדיק מיטן לינקן אויג. זיי האָבן זיך אַ גוטע ווײַלע איינגעקוקט אין מיר. איך האַרצן בין איך שוין געווען גרייט צו הערן דעם באַפעל אויפצושטיין. זעט אויס, אַז מיין אויסזען מיטן פאַרגליווערטן אויג האָט אויף זיי געמאַכט דעם איינדרוק, אַז כ׳בין שוין טויט, און איינער האָט געזאָגט צום צווייטן: נו, זעסט דאָך, זי איז שוין קאַפּוט! מ׳האָט אָפּגעשלעפּט פון אונטער מיין קאָפּ די טעקע מיט אַ ביסל זאַכן, וואָס כ׳האָב אין דער לעצטער מינוט, פאַרן אָנהייב פון דער אַקציע, מיטגענומען מיט זיך. ביים אָפּנעמען די טעקע האָב איך געלאָזט מיין קאָפּ פאַלן מאַכטלאָז, גלייך ווי אַ טויטע. ווען זיי זענען אַוועק, האָב איך זיך אָנגעהויבן ערנסט צו פאַרטראַכטן וועגן אָננעמען מיטלען, כדי זיך וואָס שנעלער אַרויסבאַקומען פון געטאָ. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז ביי זלאָצקין אין הויף איז געווען אַ דורכגאַנג פון דער דאָמיניקאַנסקע־גאַס אויף דער קראָלאָוואַיאַדוויגאַ־גאַס. אויף דער לעצטער האָט געוווינט מיינט אַ קליענטין, איינע מיטן נאָמען טקאַטשוק, וועלכער כ׳האָב נישט־איינמאָל געמאַכט איינשפּריצונגען. זי פלעגט מיר דערפאַר געבן ברויט און אויך צום ברויט. זי פלעגט מיר שטענדיק פאַרזיכערן, אַז אין פאַל פון אַ געפאַר, איז איר שטוב שטענדיק פאַר מיר אָפן.

צום אומגליק איז די דאָזיקע נאַכט געווען זייער אַ ליכטיקע. די לבנה האָט ווי אויף להכעיס געשיינט מיט איר גאַנצן גלאַנץ. אין גאָרטן פון קלויסטער אויף באַזיליאַנסקי־פּלאַץ האָבן זיך אָן אויפהער געדרייט מענטשן ביז שפּעט אין דער נאַכט. כ׳האָב זיך איניקע מאָל געמוזט צוריקקערן, ווייל ס׳איז געווען צו ליכטיק און צופיל מענטשן האָבן זיך געפונען דערנעבן. זיי וואָלטן מיך זיכער געווען באַמערקט. לאַנגע שעהן בין איך געלעגן איינגעגראָבן אין דער ערד און אָבסערווירט וואָס ס׳טוט זיך אויפן פּלאַץ. כ׳האָב אַזוי לאַנג אויפגעפּאַסט אויף אַ ריכטיקן מאָמענט ביז כ׳האָב זיך דערוואַרט, אַז אין קלויסטער זענען שוין נישט געווען קיין מענטשן. אויפן פּלאַץ האָבן זיך געדרייט אַהין און צוריק צוויי באַוואָפנטע אוקראַאינער, וועלכע האָבן געהיטן די בערג קליידער נאָך די אויסגעהרגעטע יידן פון לוצק. כ׳האָב אויסגענוצט אַ געהעריקן מאָמענט, ווען די וועכטער זענען געווען אַ ביסל ווייט פון מיין אָרט און אויס־

געדרייט צו מיר מיט די פּלייצעס — און אַזוי קריכנדיק אויפן בויך צווישן די בערג קליידער, צווישן וועלכע ס׳זענען דאָך געווען די מלבושים פון מיינע נאָענטע און טייערע, אַריין אין שמאָלן געסעלע, דורך וועלכן כ׳בין צוגעקומען צום הויף ווו ס׳האָט געוווינט מיין דערמאָנטע קליענטין.

זייענדיק שוין נאָענט פון מיין ציל, האָב איך פּלוצעם דערזען האַרט ביים טויער, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער קרולאָוואַ־יאַדוויגאַ־גאַס, אַן אוקראַאינישן וועכטער. כ׳האָב ווידער אַדורכגעלעבט טויט־שרעק. אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז איין אויגנבליק, ווייל, זעט אויס, אַז דער וועכטער האָט מיך נישט באַמערקט — ער האָט זיך געדרייט אַהין און צוריק. כ׳בין שנעל אַריין אין הויז און אַראָפּ צו דער טיר פון קעלער און אין אים אַריין. דאָרט האָב איך אָנגעטאַפּט שטרוי, אויף וועלכן כ׳האָב זיך אַנידערגעלייגט. כ׳בין איינגעשלאָפן. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט און כ׳האָב דערפילט ווי ס׳ראָיעט אַרום מיר. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט און דערפילט, אַז דאָס קרייזן אַרום מיר די שטשורעס. כ׳בין אַרויס פון קעלער, בכדי ווי ס׳איז צוווּיסן צו געבן מיין קליענטין, אַז כ׳געפין זיך נעבן איר. כ׳האָב שטיל אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. ס׳איז צוגעקומען זייער דינסט. ווי נאָר זי האָט מיך דערזען, האָט זי מיר געגעבן אַ ווונק, אַז כ׳זאָל אַראָפּ אין קעלער. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן ביי זיי געוווינט דייטשן. כ׳בין צוריק אַראָפּ אין קעלער און זיך אַנידערגעזעצט און געוואַרט. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און מיין פּאַציענטין מיט דער דינסט זענען אויך אַריינגעקומען. זיי האָבן מיט זיך גענומען אַ קויש אויף קוילן. ס׳האָט געהייסן, אַז זיי גייען אין קעלער אַריין נעמען קוילן צום הייצן. אינעם קויש איז געווען פאַר מיר צו עסן און טרינקען. עסן האָב איך נישט געוואָלט — נאָכן אַדורכלעבן 6 טעג אָן אַ ביסן אין מויל, קאָן מיר ס׳עסן שאָדן, מ׳קאָן באַקומען אַ דיזענטעריע, אָדער אַ קישקע־קורטש. אַזעלכע דערשיינונגען האָב איך אָבסערווירט זייער פיל אין משך פון מיין אַרבעט אין שפּיטאָל אין געטאָ. כ׳האָב גענומען בלויז טיי מיט אַ סוכאַר. צום מיטאָג האָט זי מיר געבראַכט געקאָכטע מאַננע־קאַשע, ווי וואַסער. אַזוי אַרום בין איך געווען ביי איר 2 טעג ביז כ׳האָב זיך שוין דערפילט פיל בעסער און אונטערגעקרעפּטיקט. ליידער האָב איך דאָרט לאַנג נישט געקאָנט בלייבן. אין זעלבן הויז זענען געווען פיל שכנים און אויך דייטשן. איז טאַקע געווען אַ געפאַר, אַז עמעצער קאָן מיך באַמערקן.

כ׳האָב זיך דעריבער אַ ביסעלע אויסגעפּוצט, אָנגעטאָן אַ פּאָר ברילן אויף די אויגן, בכדי מ׳זאָל מיך נישט דערקענען און זיך געלאָזט צו באַקאַנטע פּאָליאַקן זוכן אַ מקום־מקלט און אויך אויפזוכן מיין שוועסטער מיט אירע קינדער, וועלכע האָט אונדז פאַרלאָזט איין טאָג פאַרן אָנהויב פון דער אַקציע. צו מיין גרויסן ווייטיק האָבן זיך פאַר מיר אַלע טירן פאַרמאַכט, ווי נאָר מ׳האָט מיך דערזען. כ׳האָב זיך אַזוי אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג און ס׳האָט זיך דערנענטערט די פּאָליציי־שעה, ווען מ׳האָט נישט געטאָרט זיין אויף דער גאַס. אויב מ׳האָט עמעצן געטראָפן, האָט מען אים גלייך דערשאָסן. כ׳האָב באַשלאָסן צו גיין צו אַ באַקאַנטן אוקראַאינער, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער שוץ־פּאָליציי, און זיין פרוי, אויך אַן אוקראַאינערין, האָט זיך אונטערגענומען צו ראַטעווען מיין שוועסטערס איידעם, ד. ה. בתיה גוטמאַנס מאַן און מיין שוועסטערס ייִנגסטן זון. ליידער האָט מען זיי געכאַפּט און דערשאָסן אויפן ייִדישן בית־עולם.

ווען כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר, האָט דער מאַן מיר געעפנט. אָבער אין שטוב זענען דאָן געווען אַ סך דייטשן און אוקראַאינער, וועלכע האָבן געשיכורט. ער האָט מיר באַלד געגעבן אַ ווונק, אַז כ׳זאָל זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגן פון דאַנען, איידער די שיכורע חברה וועט זיך אָריענטירן ווער איך בין. אַזוי האָב איך זיך שנעל אָפּגעטראָגן און אַריבער אין אַ שכנותדיק הויז, ווו כ׳בין אַ גאַנצע נאַכט איבערגעזעסן אין פינצטערן קאָרידאָר אויף די טרעפּ.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבן צו טאָגן בין איך אַרויס און געזען, אַז מ׳גייט שוין צו דער אַרבעט. כ׳האָב מיך געלאָזט גיין צו מיין פּאַציענטין אויף קרולאָוואַ־יאַדוויגאַ־גאַס. אָבער דורכצוגיין אַזאַ שטיקל וועג, פון דער פּילסודסקי־גאַס ביז צו דער באַקאַנטער קריסטין, איז געווען גאַנץ געפערלעך. איך האָב יעדן איינעם געקענט און יעדער איינער האָט מיך אויך געקענט.

כ׳בין צוגעקומען ביז דער באַזיליאַנסקי־בריק, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער טויער פון געטאָ, אויף וועלכן ס׳איז געווען די אויפשריפט אין דער דייטשער שפּראַך: יודען־געטאָ. פלעק־טיפוס. איינטריט פאַרבאָטן. אויפן שילד איז געווען אויסגעמאָלט אַ ייִד מיט אַ לאַנגער באָרד. אין זעלבן מאָמענט האָט מען אַדורכגעפירט אַ גרופּע ייִדן, וועלכע מ׳האָט אויסגעזוכט אין די פאַרשידענע באַהעלטענישן. צוזאַמען מיט אַלע פאַרבייגייער האָב איך אויך געמוזט מאַכן אַ שמייכלענדיקע מינע און מיט שטאָלץ, זיך נישט אומקוקנדיק אויף די באַנדיטן, בכדי זיי זאָלן נישט דערקענען, אַז אויך איך געהער צום סאָרט פון די מענטשן, וועלכע זיי פירן אין דער גרופּע. דורך מיינע שוואַרצע ברילן האָב איך דערקענט טילע שוואַלב. זעט אויס, אַז זי האָט זיך באַהאַלטן אין אַ קלאָזעט־גרוב, ווייל פון אירע קליידער האָט גערינען די מענטשן־צואה און דער געשטאַנק האָט זיך געלאָזט פילן פונדערווייטנס.

שוין זייענדיק נאָענט פון זלאָצקיס הויז האָט מיך באַמערקט אַ באַקאַנטער פּאָליאַק, וועלכער האָט געהאַט אַ מאַגעל אויף צו מאַגלעווען וועש. מיר פלעגן ביי אים שטענדיק מאַגלעווען אונדזער וועש. ווי נאָר ער האָט מיך באַמערקט, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און נאָכגעוואָרפן אַ וואָרט: דריי זיך נישט איצט אויף דער גאַס, ווייל ס׳איז איצט אַ גרויסע סכנה. כ׳בין צוריק אַריין אין קעלער צו מיין פּאַציענטין און פון דאָרט איר געגעבן אַ צייכן, אַז איך געפין זיך דאָ. צו מיטאָג־צייט איז זי געקומען אין קעלער אַריין מיט אַ קויש אויף קוילן און אַ ליכט אין האַנט, גלייך ווי זי וואָלט געגאַנגען נעמען קוילן. זי האָט מיר געבראַכט עפּעס צום עסן. זי האָט מיר צוגעזאָגט אויפצוזוכן מיין שוועסטער גיטל מיט אירע קינדער. כ׳האָב איר געזאָגט, אַז זיי האַלטן זיך אויף ביי אַ קריסטין, געזאָגט איר דעם נאָמען, זי וווינט נאָך דער קראַסנער בריק, נאָר גענוי האָב איך נישט געוווּסט. זי איז אַרויס נאָכמיטאָג און ערשט פאַרנאַכט איז זי צוריקגעקומען. זי האָט מיר איבערגעגעבן דעם פּלאַן און אָנגעצייכנט ווו די שוועסטער מיט אירע קינדער געפינען זיך. דעם פּלאַץ האָב איך איינגעשטודירט אין זכרון און אים שפּעטער פאַרניכטעט, ווייל אין פאַל ווען איך פאַל אַריין קען איך נאָך דערמיט אויסגעבן

די רעטערין מיט די קרבנות. כ׳האָב זיך געלאָזט אין וועג נאָך איידער ס׳דערנענטערט זיך די פּאָליציי־שעה. ס׳איז מיר אויסגעקומען דורכצוגיין די קראַסנער בריק, אויף וועלכער ס׳איז געשטאַנען פּאָליציי. מיין באַקאַנטע האָט מיך שיין אויסגעפּוצט, באַשמינקט אַ ביסל מיין בלאַס פּנים און מיטגעגעבן אַ בוקעט בלומען אין האַנט. זי האָט מיר נאָכגעשיקט איר דינסט, בכדי צו וויסן צי כ׳בין איבערגעקומען דעם לעצטן געפערלעכן וועג, וועלכער האָט געדאַרפט דעצידירן, צי איך בלייב ביים לעבן, אָדער איך פאַל אַריין אין די באַנדיטישע הענט.

לויצק האָט פאַרמאָגט שיין־ברוקירטע גאַסן. אָבער אין מיין דעמאָלטדיקן גאַנג האָב איך בכלל נישט געפילט די האַרטקייט פון באָדן אונטער מיינע פיס. כ׳בין געווען אַזוי שוואַך, אַז יעדע מינוט האָב איך געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז אָט־אָט פאַל איך אין חלשות. ס׳פּעציעל איז מיך באַפאַלן אַ מורא ווען כ׳בין אַרויף אויף דער בריק, ווו ס׳איז געשטאַנען פּאָליציי. אין פאַל ווען מ׳שטעלט מיך אָפּ און פאָדערט פון מיר אַ דאָקומענט, וועלכן כ׳האָב נאַטירלעך נישט געהאַט, וואָלט מען מיך באַלד אויפן אָרט דערשאָסן און מיין קערפּער אַריינגעוואָרפן אין סטיר. דאָס אַלץ האָט זיך מיר דאַן קלאָר פאָרגעשטעלט פאַר מיינע אויגן. נאָך ביים היינטיקן טאָג, אַז כ׳דערמאָן זיך יענעם מאָמענט, פיל איך ווידער די דעמאָלטדיקע שרעק.

זעט אויס, אַז די פּאַטרולן זענען דאַן פונקט געווען שיכור און האָבן מיך נישט לעגיטימירט. אַריבערגייענדיק די בריק האָב איך געדאַרפט, אין איינקלאַנג מיטן אָנגעצייכנטן פּלאַן, אַראָפּגיין אַ ביסל לינקס אויף טרעפּלעך, צו צו בנימין מילערס הויז, ווו נישט ווייט פון דאָרט איז געווען אַ ברונעם. נאָענט פון יענעם אָרט איז געשטאַנען ביי אַ בוים צוגעבונדן אַ געלער הונט, וועלכער וועט אָנהייבן צו בילן. איך דאַרף זיך דערפון גאָרנישט מאַכן, ווייל אין דער זעלבער רגע וועט אַרויס צו מיר אויפן בערגל די רעטערין, וועלכע וועט מיך שוין צוזאַמענפירן מיט מיין איינציקער לעבנגעבליבענער שוועסטער.

ס׳איז שווער צו באַשרייבן די סצענע פון אונדזער צוזאַמענטרעף. מיין שוועסטער האָט נישט געגלייבט אירע אייגענע אויגן, ווען זי האָט מיך דערזען אַ לעבעדיקע. זי האָט דאָך גוט געוווסט, אַז אין טאָג פון דער אַקציע האָט מען מיך גענומען צוזאַמען מיט אַלע. זי האָט מיך לאַנג געדריקט און געקושט, אָן אויפהער באַגיסנדיק מיך מיט טרערן. זי איז געווען אין אַן אויפגערודערטן צושטאַנד. אָט האָט זי געוויינט און אָט האָט זי זיך אַליין באַרויקט. זי האָט געהאַלטן אין איין אָבסערווירן מיך. זעט אויס, אַז מיין אויסזען, נאָך די 6 טעג הונגער איז נישט געווען פון די פריילעכע.

נאָך 6 טעג און 6 נעכט נישט שלאָפן ווי אַ מענטש, ווען כ׳האָב זיך אָן אויפהער אַרומגעבלאָנקעט ווי אַ חיה, וועלכע מ׳האַלט אין איין יאָגן, בין איך דאַן די ערשטע נאַכט געשלאָפן מיט אַ פעסטן און נאָרמאַלן שלאָף. כ׳האָב געוווסט, אַז מיר געפינען זיך אין זיכערע הענט, וועלכע האַלטן אין איין וואַכן פאַר אונדזער זיכערקייט. ס׳האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ ניי לעבן צוזאַמען מיט די לעצטע פון מיין פאַמיליע. צוזאַמען מיט אונדז איז אויך געווען מיין שוועסטערס אייניקל, סאָניעס טאָכטער, וואָס איז ערשט אַלט געווען קוים צוויי מאָנאַטן. איר מאַן, דער פאָטער פון דער קליינער טאָכטער, איז שוין נישט געווען ביים לעבן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן זאָרגן וועגן לעבן פון קליינעם באַשעפעניש. ס׳האָט נעבעך נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז בכדי צו לעבן דאַרף עס זיין שטיל. דאָס קינד האָבן מיר איינגעאָרדנט ביי דער אוקראַינערין, ביי דער זעלבער, וועלכע האָט זיך אונטערגענומען ראַטעווען איר פאָטער, נאָר לײדער איז ער אויפן וועג געכאַפּט געוואָרן און מ׳האָט אים אומגעבראַכט. דאָס קליינע מיידעלע איז טאַקע געווען ביי דער אוקראַינערין, וועלכע האָט זי דערצויגן. היינט צו טאָג איז זי שוין אַן 18־יעריקע סטודענטין אין וראָצלאַווער אוניווערסיטעט. זי איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי דער אוקראַינערין העכער 2 יאָר.

דאָס איז איין טייל פון מיינע איבערלעבונגען אין לויצקער געטאָ.

ש. רויטער / חיפה

# בריחתי מגיטו לוצק

הזמן — קיץ 1941. הקמה בשלה — עונת הקציר מתקרבת. פגרת בתי־הספר מורגשת היטב, אלפי בני נוער נראים בחוצות שטופים במעשי קונדס ושובבות.

ובתוך השלווה הזו, לפתע, כרעם ביום בהיר — פרצה המלחמה. כולנו המומים מההפצצות הבלתי פוסקות. האווירה מחושמלת, אין ידיעות על הנעשה בחזית. הכל מעורפל, עד אשר ביום רביעי, היינו שלושה ימים בלבד לפרוץ המלחמה, נכנסו הגרמנים לעיר. המאורעות נתרחשו במהירות מדהימה. קשה היה להשלים עם העובדות, אך זו היתה המציאות ואט־אט התחלנו להסתגל אליה.

בשבועות הראשונים, כאשר היחידות הקרביות שלטו בעיר, לא התעוררה הבעיה היהודית, אך עם העברת העיר לידי הממונים על השלטון האזרחי, החלו ההטרדות והן הלכו והחמירו מיום ליום.

הדבר התחיל בחטיפת יהודים ברחובות, שנלקחו כביכול לעבודה. המעשה בוצע פעמיים, ואלפי הגברים שנחטפו לא חזרו עוד לעולם לבתיהם. לאחר מכן הוטלה עבודת כפיה, ללא כל תשלום או תמורה, על כל הגברים ואף על נערים צעירים.

וגם תורו של הטלאי הצהוב הגיע, ואתו איסור על יהודים ללכת במדרכות. עם פגישת גרמני כלשהו חייבים להוריד בפניו את הכובע, ועוד עשרות השפלות כאלה.

חשנו כי הקרקע הולכת ונשמטת מתחת רגלינו — אולם

בכל זאת לא אבדה התקווה אף לרגע. תמיד האמינו באיזה גואל דמיוני, באיזו ישועה שתבוא בדרך בלתי ידועה.

חיי היהודים ורכושם נעשו הפקר — כל שוטר אוקראיני או גויים סתם היו פורצים לדירותיהם, עורכים חיפושים ונוטלים כל חפץ שמצא חן בעיניהם. ומה אפשר היה לעשות? בפני מי להתלונן?

וכמובן, גם המצב הכלכלי הורע מאוד. אך בכל זאת עדיין אפשר היה להשיג כל דבר על ידי החלפת מטלטלים במצרכי מזון אצל האיכרים. בינתיים גדלה מאוד האוכלוסיה היהודית בעיר, לאחר שהועברו אליה כל יהודי הסביבה — תושבי הערים הקטנות והכפרים.

שמענו על הקמת גיטו ברובנו. כן הגיעה הידיעה על הטבח שנערך שם. אבל משום מה לא רצו היהודים להאמין שדבר כזה עלול לקרות גם בעירנו. כל דבר יכלו להעלות בדעתם, אבל השמדה המונית — לא. והנה בא תורו של הגיטו — כמדומני שהיינו מוכנים לו כי ידענו שסופו לבוא.

שיטת הביצוע היתה פשוטה למדי: בוקר אחד באו והכריזו כי כל היהודים יכולים לגור רק בשטח שבין „גשר בזילנסקי" לבין „גשר גנידבה", וכי עד שעה מסוימת חייבים כל היהודים לעבור לשם. בתנאים כאלה ברור ששום אדם לא היה יכול לקחת עמו אלא אותם חפצים שהיה מסוגל לשאת על גבו, שכן למן הרגע שנכנסו לשטח הגיטו שוב לא היתה לאיש אפשרות לצאת, כי על מקומות היציאה היתה מופקדת שמירה מעולה. רק הילדים הצליחו להסתנן החוצה, לחזור לדירותיהם וליטול שנית חבילה, אם אך לא שדדו בינתיים השכנים הנוצרים את כל מה שנשאר בבית. הכליאה בגיטו היתה בעצם ראשית הקץ.

מחמת הצפיפות הקשה והמחסור במצרכי מזון (אי אפשר היה עוד לעסוק בהחלפה, אף לא היה עוד מה להחליף), גברה בצורה מבהילה התמותה בגיטו. עשרות מתים הוצאו כל יום, והטיפוס הפיל חללים — בעיקר ילדים וקשישים. מחירי המצרכים בשוק השחור האמירו מעלה־מעלה והמזון היחידי היה לחם ותפוחי אדמה.

כבר החלו להיראות ברחובות אנשים מוכי רעב שהלכו ודעכו לאיטם ולא היה בכוח איש להושיעם.

גם המגע עם החוץ נעשה קשה ביותר והיה כרוך בסכנת נפשות. פורסם צו האוסר הליכת יהודים בודדים מחוץ לגיטו. ההליכה לעבודה נעשית בשלשות על הכביש בבוקר, וחזרה בצוותא בערב לאחר העבודה. כל יהודי שנתפס לבדו — נורה בו במקום.

הגרמנים מחלקים — לעובדים בלבד — מנת לחם בת 120 גרם ליום. המנה ניתנה כשהלחם חם — וזה במיוחד לשם גירוי התיאבון בולעים מנה שבועית בסעודה אחת.

מדי פעם בפעם הם מטילים על תושבי הגיטו „קונטריבוציות". מתפרסם צו המחייב מסירת פרוות לשלטונות. נעשים חיפושים לגילוי הפרוות, וכל הנתפס ב„עבירה" — נורה. וכך חולף הזמן בשרשרת אין סופית של איסורים ומספרם של יושבי הגיטו הולך ופוחת מיום ליום.

מוצא צו האוסר לידה אצל יהודים.

אין כל אפשרות לתאר את תקופת האימים הזאת של החיים בגיטו. כל הגזירות וההתעללויות הללו, מטרתן היתה, כידוע להשמיד את היהודים בצורה עקיפה, ליטול מהם את כוח הרצון, להביאם לידי ניוון, יאוש ומיאוס החיים.

עד אשר באה שעת החיסול ההמונית.

הדבר נמשך שבעה ימים בלבד, ועד כמה שאני זוכר התחיל ב־20.9.42 שחל ביום חמישי בשבוע. הכריזו על ריכוז כל היהודים במגרש ליד „היודנרט", מקום שם היה לפנים השוק, אחרי הגשר.

הורגש כאילו באוויר שמשהו מאוים עומד להתרחש.

הגיטו הוקף בטבעת של שוטרים מזוינים. באותו יום הופיע מושל המחוז בעצמו. מתוך רשימה הוקראו שמותיהם של בעלי־מלאכה שהיו נחוצים עדיין לשרות הגרמנים והללו הוצאו עם משפחותיהם. אף זאת עשו הגרמנים בכוונת זדון, שכן ידעו כי ראשי המשפחות לא יתיצבו לבדם. בצאתם אל מחוץ לגיטו הפרידו בינם לבין משפחותיהם והנשים והילדים הושמדו.

לאחר המיפקד התפזרו היהודים, וכל אחד היה מוכן להסתתר במקום כלשהו עד יעבור זעם.

למחרת בבוקר נכנסו שוטרים גרמנים ואוקראינים לגיטו והחלו להוציא את האנשים שוב לאותו מגרש.

אנו הסתדרנו בעליית גג — אך המחבוא לא עמד לנו באותו יום. השוטרים טיפסו ועלו אלינו, וגרמני, עם אקדח שלוף בידו, הוריד אותנו למטה באומרו „גם אתם יכולים לעבוד".

על המגרש הופרדו מיד הטף והנשים מן הגברים והנערים. פקדו על כולם לשבת. באיסור חמור נאסר לקום, ובאופן כזה יכול היה גרמני אחד עומד לפקח על שטח נרחב.

„מלאכה" זו בוצעה בשתי זרועות: מצד אחד הובאו אנשים נוספים למגרש, ומצד שני הוסעו אנשים במכוניות — אל המוות.

הרגשתי כי חייב אני לפעול ללא היסוס. — אינני יודע כיצד להסביר זאת, אבל איזה דחף פנימי הניעני לבריחה. בשלב ראשון להגיע אל קצה המגרש הגובל עם בתים, ואחר כך להתקדם יותר לאט, בזחילה, תוך כדי ישיבה התחלתי לנוע לכיוון הרצוי, כל פעם שהשוטר הפנה ראשו הצידה — ביצעתי אני תזוזה אחת.

משהגעתי לקרבת בית, מצאתי שם עוד אנשים אחדים. החלטנו לפרוץ יחד דלת של מחסן. וכך, כשאנו מנצלים את רגע התרחקותו של השוטר, פרצנו את הדלת בצוותא. לרוע המזל הורגש הדבר והשוטרים התחילו לרדוף אחרינו.

מכאן נפרדנו כולנו — כל אחד נפשו בידו.

אני טיפסתי לעליית גג, כששוטר אוקראיני מוסיף לרדוף אחרי ומאבדני מתחום ראייתו.

בעליה מצאתי משפחה שלמה עם תינוק. עדיין לא הגיעו לבית הזה. בלילה נערכים חיפושים בסביבה. התינוק הרעב בוכה. האם, מתוך פחד שבכי התינוק יגלה את מקום מחבואנו, סותמת את פיו של הפעוט. הוא נחנק, אך הקול הגיע לאזני השוטרים. כהרף עין הם פורצים למעלה ומורידים אותנו. — מספרנו למעלה מעשרה.

ושוב אני מצליח להתחמק, כשאני מסתתר מאחרי דלת ברגע שמיציאים אותנו מהבית החוצה, ועוזרת לי בכך חשכת הלילה. וכך נמשך משחק המחבואים ביני ובינם שבוע תמים. הרעב מציק לי. תוך סכנת נפשות אני יוצא לחפש מזון בבתים הריקים שתושביהם הובלו למוות.

רק כעבור שבוע אני מצליח לצאת מהגיטו בסביבת בית החולים היהודי ובית הכנסת.

מכאן רבות הדרכים — אך באיזו לבחור? אט־אט אני מתרגל לרעיון שאין רודפים אחרי ברגע זה. העיקר — שלא להיתפס. מאין ברירה אני פונה לשומר הבית שלנו מחוץ לגיטו.

בהיכנסי פנימה, מתחילה אשתו לצעוק: „הסתלק! אתה רוצה שיהרגו גם אותנו?" היא תוחבת פת־לחם לידי — ואני בחוץ. אצל השכן השני, בביתה של סבתא, אני זוכה לקבלת פנים אחרת — הלה פולני ולא אוקראיני. מאכילים אותי, נותנים לי להתרחץ ומחליפים לי את בגדי.

על שאלתם, מה יש בדעתי לעשות, אני משיב, כי אני רוצה לעבור את קו החזית — דבר פנטסטי לגבי נער בן 12 בשעה שהחזית בסטלינגרד. אך מה היה בידי לעשות? ידעתי שאין באפשרותי להישאר אצלם, אף לא רציתי לבקש זאת מהם כל עוד לא הציעו לי הם עצמם.

מכאן מתחילה פרשת נדודים ברגל עד טוצ׳ין, עיירה יהודית בסביבת רובנו. שם לא הוקם עדיין הגיטו, והיהודים היו בטוחים שלא יקרה להם דבר. הם שיחדו יפה את ראש המשטרה. אך לי אין אשליות. אני יודע שהדבר יבוא. מתוך כך אני ממשיך בדרכי עד לכפר הסמוך ומציע עצמי לעבודה אצל איכר אחד — לרעות את פרותיו בזמן שבניו ילכו לבית־הספר. אך גם כאן לא נמשך הדבר הרבה. — כעבור שלושה שבועות מחסלים את העיירה והאיכר משלחני מביתו.

אני ממשיך לנדוד עד נובוגרד־וולינסק. מכאן אני קופץ ועולה מפעם לפעם על רכבת — דבר מקובל מאוד — ונוסע אל פני ז׳יטומיר—פסטוב—קייב—ניז׳ני־צ׳רינגוב, כשאני מתערב בין פליטי הסביבה ומעמיד פנים של אחד מהם.

מכאן אין אפשרות לנוע קדימה — הגרמנים מפנים את סביבת החזית מאזרחים ואני חוזר באותה דרך, צמוד למפונים כאחד מהם, לקייב—פסטוב—קזטין—ויניצה, ומכאן נודע לי שמעבר לבוג שולטים רומנים ושם נמצאים יהודים מרומניה — אני חוצה את הנהר ומגיע אליהם.

מצבם שונה בזה שאין משמידים אותם בידים ממש, אף־על־פי שהמוות קוצר כאן את קצירו בדרכים אחרות — בטיפוס וברעב. אולם כל מי שמסוגל לדאוג לעצמו — נשאר בחיים.

כאן חייתי כשנה, כשאני משחק משחק־מחבואים עם המוות — לפעמים מתקרב אליו, לפעמים מתרחק ממנו... לא אוכל להעלות על הנייר את התקופה הזאת, שגם היא היתה תקופת גסיסה בדומה לחיים בגיטו לוצק.

כעבור שנה אני מציג עצמי כיתום מבסרביה ונוסע לרומניה עם כמה מאות ילדים יתומים שהממשלה הרומנית החליטה להחזירם.

כאן עולם שונה לגמרי. מצב היהודים כמעט כלפני המלחמה. ואני מפחד להביט לאחור. כל מה שעבר עלי נראה לי כחלום בלהות. — אולם רק כאן אני תופס כראוי מה עוללו לנו המרצחים העמלקים.

# גביית־עדות פון יעקב פּאַליעשוק

שוין דעם 22־טן יוני 1941 האָבן די דייטשן שטאַרק באָמבאַרדירט לויצק. די באַפעלקערונג איז געלאָפן זיך באַהאַלטן ווו ווער עס האָט נאָר געקאָנט. זייער פיל האָבן זיך באַהאַלטן אין עק שטאָט ביים פעלדשער מאַקאַריעוויטש אין סאָד. פאַרנאַכט האָט מען געוואַרט אויף נאָך אַ שטאַרקערע באָמבאַרדירונג, און מען איז זיך צעלאָפן אין די דערפער.

פיל יידן פון לויצק זענען געלאָפן קיין ראַטן־פאַרבאַנד, נאָר אַ טייל פון זיי זענען געווען געצוווּנגען זיך אומצוקערן. דער דייטש האָט זיי אַריבערגעיאָגט. די סאָוויעטישע אַמטן האָבן זיך צוזאַמען מיט די טיילן פון דער רויטער אַרמיי געצויגן צום מזרח, און די פּאַניק איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען אין לויצק אַריין די דייטשן. ביים אַריינקומען האָבן זיי געטיילט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אָנגערויבט ברויט. שוין אין די ערשטע טעג האָבן די דייטשן אָנגעהויבן כאַפּן יידן אויף אַרבעט: אויף צו באַגראָבן די געהרגעטע, צו פאַרריכטן די וועגן א.א. שפּעטער האָבן זיך באַוויזן אין די גאַסן מעלדונגען, אַז די יידן זאָלן קומען אין שלאָס ביים סטיר אויף אַרבעט. מער האָבן זיי זיך שוין נישט אומגעקערט פון דאָרט.

באַלד קומען די באַוווּסטע באַגרענעצונגען: יידן טאָרן נישט גיין אויפן טראָטואַר; מען טאָר זיך נישט טרעפן מיט קיין קריסטן; נישט באַנוצן קיין מילך, פעטס, פלייש, פרוכטן א.א. אַז זיי פלעגן באַגעגענען אַ ייד מיט אַ באָרד פלעגן זיי אים אָפּשערן אַ האַלבע. מיט יעדן טאָג האָבן זיך די צרות פאַרגרעסערט.

די דייטשן פלעגן כאַפּן די יידן אין די גאַסן און טרייבן אויף פאַרשידענע אַרבעטן: באַגראָבן פערד, רייניקן די שטאָט פון די גרוזן, באַדינען די דייטשן.

זיי האָבן תיכף נאָך זייער קומען אָרגאַניזירט אַ אוקראַאינישע פּאָליציי, וועלכע האָט געהאָלפן די דייטשן אין זייער אַרבעט.

✶

האַרבסט־צייט האָט מען פאַר די יידן געשאַפן אַ געטאָ, וועלכע האָט אַרומגענומען ביים עק שטאָט עטלעכע געסלעך. די יידן האָבן נישט געטאָרט אַרויסגיין מחוץ לגעטאָ. אַז מען פלעגט וועמען כאַפּן, פלעגט מען דערשיסן, אָדער לכל הפּחות פּייניקן.

אין געטאָ האָט געהערשט אַ גרויסער הונגער. די יידן פלעגן די לעצטע זייערע זאַכן אַוועקטראָגן צו באַקאַנטע קריסטן

אויסצובייטן אויף עסנוואַרג. אָבער דאָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, און צוליב דעם זענען געווען אַ סך קרבנות.

מיטן אָנקומען פון האַרבסט און שפּעטער פון ווינטער איז די לאַגע געוואָרן נאָך ערנסטער. די קעלט האָט געפּייניקט און קיין באַהייצונג איז נישט געווען. די יידן פלעגן ברעכן די פּאַרקאַנעס, פאַנאַנדערנעמען שטאַלן, קלייטן, אָבער דאָס האָט זייער ווייניק פאַרלייכטערט. מיט דעם האָט מען נישט געקאָנט באַהייצן עס זאָל זיין וואַרעם. אין געטאָ איז געווען שרעקלעך אומריין. עס זענען אויסגעבראָכן פאַרשידענע עפּידע־מישע קראַנקייטן, און פיל זענען אויסגעשטאָרבן. אַ סך זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער.

✶

אין לויצק איז אויך געווען אַ לאַגער פון קריגס־געפאַנגענע, וועלכע די דייטשן האָבן געפּייניקט אוממענטשלעך. די געפאַנ־גענע פלעגן אויסשטאַרבן מאַסנווייז פון הונגער. ווען זיי זענען געווען אויסגעשטעלט אין רייען מיט די כלים צום עסן, פלעגט אָפט אַ דייטש מיט אַן אויטאָמאַט זיי אויסשיסן. גייענדיק צו דער אַרבעט, פלעגן זיי מיט די אויגן בעטן ביי די פאַרבייגייער ברויט, קאַרטאָפל אָדער אַנדערש וואָס. העלפן זיי מיט וואָס־עס־איז איז געווען פאַרבאָטן אונטער טויט־שטראָף. פיל פון זיי זענען אומגעקומען, נישט קאָנענדיק איבערטראָגן דעם הונגער. די דייטשן פלעגן זיי צוואַרפן אַ שטיקל ברויט, קרויט, קאַר־טאָפל אָדער אַנדערש וואָס.

✶

דער יודענראַט פלעגט זען צו פאַרהיטן פון טויט וועמען עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אונטערקויפנדיק די דייטשן און דער פּאָליציי. אָבער עס האָט זעלטן געלאָזן זיך וואָס אויפצוטאָן, און קרבנות זענען געווען אויף יעדן שריט, ווייל אויף יעדן שריט זענען געווען „פאַרברעכער". „חטאים" זענען געווען פאַר נישט טראָגן גוט די לאַטעס, פאַרן האַנדלען מיט קריסטן, נישט קוקענדיק אויף דער גרויסער פאָרזיכטיקייט, האָבן די פּאָליציאַנטן, אָדער זייערע פריינד דאָך עס באַמערקט. פאַר־ברעכנס זענען געווען פאַר נישט אַזוי שטיין אָדער גיין. אויב עס האָבן געפעלט פאָרמעלע חטאים האָט מען אויסגענוצט „עפּעס וואָס". קרבנות, וועלכע נאָר אין איניקע פאַלן האָט זיך איינגעגעבן אויסצוקויפן מיט געלט, ווערטזאַכן א.א. פלעגן זיין אין געטאָ אויף יעדן טריט און שריט.

דער יודענראַט האָט אין געטאָ געפירט אַ „געזעלשאַפט־לעכע" טעטיקייט. עס איז געווען איינגעאָרדנט אַ יתומים־הויז פאַר יינגערע און אויך פאַר עלטערע קינדער. עס איז אויך געווען אַ מין „מושב־זקנים" פאַר אַלטע מענער און פרויען. די שטערבלעכקייט ביי די אַלטע איז געווען זייער אַ גרויסע, ווייל די דחקות און נויט איז געווען זייער גרויס.

אָבער נישט געקוקט אויף אַלע באַמיונגען פון איניקע מיטגלידער פון יודענראַט, איז די לאַגע געווען צו שרעקלעך. אין ווינטער פון 1941־1942 זענען פיל אין געטאָ אויסגעשטאָרבן פון הונגער, פון קראַנקייטן (בויך־טיפוס, פלעק־טיפוס א.א.) און פיל פון קעלט זענען פשוט פאַרפרוירן געוואָרן. פּאָליעשוק דערציילט, אַז זיין 4־יאָריק שוועסטערל בינע איז דערפראָרן געוואָרן איןביידל, ווו זיי זענען געווען. אַזוי איז אויך געווען מיט זיין 7־יעריקן ברודערל מאָטל. אין אַ וואָך אַרום איז דאָס זעלבע געשען אויך מיט זיין 35־יעריקער מוטער, בוניע, צוויי וואָכן שפּעטער. עס איז געשטאָרבן פון הונגער די פרוי קאָצובע צביה, און די צאָל יתומים אין יתומים־הויז איז געוואָרן גרעסער. און פון דער צווייטער זייט האָט דער מלאך־המות זיך געמיט — עס זענען געשטאָרבן פיל קינדער.

די דייטשן האָבן נישט געקוקט אויף קיין שום זאַך און געטריבן אויף אַרבעט. די אַרבעט איז געווען אויף דער באַן, אויפן וועג, רייניקן אין שטאָט, אין פאַרשידענע זייערע אַנשטאַלטן, ווי אויך אין די פּריוואַטע וווינונגען פון די דייטשן און פּאָליציי. זיי האָבן אויך געטריבן אויף אַרבעט די קליינע קינדער פון די יתומים־הייזער. פּאָליעשוק האָט געאַרבעט מיט קינדער. ער האָט געדאַרפט פיטערן די קי, וועלכע מען פלעגט ברענגען צו טרייבן אויף צו טראַנספּאָרטירן קיין דייטשלאַנד, און רייניקן דעם שטאַל.

אַזוי האָט געדויערט די לאַגע ביז זומער 1942. איינמאָל האָבן די זשאַנדאַרמעריע און אוקראַאינישע פּאָליציי אַרומגע־רינגלט דאָס געטאָ, און אַלע יידן, וואָס האָבן געאַרבעט מחוץ דעם געטאָ — אַריינגעטריבן אין געטאָ אַריין. דערנאָך האָבן זיי אויסגעטיילט די פאַכמענער און זיי פאַרשפּאַרט מיט זייערע משפחות אין שלאָס (פעסטונג)ביים טייך סטיר. אויף מאָרגן פרי האָט מען אַלע פאַרבליבענע אין געטאָ אַרויסגעטריבן אויפן פּלאַץ, געשלאָגן, געלאָדן אין מאַשינעס און געפירט אין „גורקע פּאָלאָנקע" — אַ דאָרף 7 קילאָמעטער פון לויצק. אין אַ קליין וועלדל דאָרט זענען געווען צוגעגרייטע גריבער. די מערדער האָבן געצווונגען די אומגליקלעכע יידן זיך אויסצוטאָן, צו 5 האָט מען זיי אַריינגעטריבן אין גרוב און זיי דערשאָסן. אַזוי דעם גאַנצן טאָג, ביז זיי האָבן אַלעמען אויסגעשאָסן.

אַזוי ווי אַ סך יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס און אין אַנדערע באַהעלטענישן, האָבן די דייטשן מיט די אוקראַאינער אַרומגעזוכט אין שטאָט, האָבן פיל געפונען און געטריבן אין „גורקע פּאָלאָנקע" צום שיסן. פיל זענען פאַר־בליבן באַהאַלטן, און נישט געקוקט אויף די גרינטלעכע זוכע־נישן, האָבן די רוצחים זיי נישט געקענט געפינען.

די תלינים האָבן נישט פאַרגעסן אויך די קינדער פון יתומים־הויז. עס זענען אַריין זשאַנדאַרמען, האָבן זיי אַרויס־געטריבן אויפן פּלאַץ, געלאָדן אויף מאַשינעס און געפירט צו די גריבער. אַ 4־יעריק מיידעלע איז פאַרן אַריינקומען פון די זשאַנדאַרמען קראַנק געוואָרן און די דערציערין האָט געהייסן אַן עלטערן יינגל, פּאָליעשוק, אַוועקצולייגן עס אויף אַ בעטל און עס צודעקן. ער האָט אַזוי געטאָן. די זשאַנדאַרמען האָבן דאָס מיידעלע נישט באַמערקט און עס איז פאַרבליבן אונטערן קישן.

✶

עס זענען פון די קינדער פאַרבליבן אויך דער 15־יאָריקער יעקב פּאָליעשוק מיט זיין 10־יעריקער שוועסטערל ליובע. די דייטשן האָבן זיי אַרויסגעטריבן צוזאַמען מיט אַלעמען, נאָר זיי האָבן זיך צוריק אַהין אַריינגעגנבעט, אַרויפגעקלעטערט אויפן בוידעם און פון דאָרט — אונטערן דעכל פון גאַניק. ס'איז דאָרט געווען אַזוי ענג, אַז זיי האָבן געמוזט ליגן אויסגעצויגן, נישט קאָנענדיק זיך אַ קער טאָן. זיי האָבן מיט זיך גענומען אַ ביסל וואַסער אין אַ צעבראָכענער פלאַש און רויע בוריקעס און זענען דאָרט געלעגן.

אויפן בוידעם זענען געלעגן אָנגעוואָרפן וועש, קינדערשע

זאַכן. ליגנדיק אונטערן דעכל האָבן זיי געהערט וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס. זיי האָבן אויך געהערט, ווי די זשאַנדאַרמעריע און די פּאָליציי זוכן קינדער אין דעם יתומים־הויז. זיי האָבן געזוכט, גענישטערט, געווען אויפן בוידעם, איבערגעוואָרפן די זאַכן און נישט געפונען. נישט איינמאָל זענען די דייטשן געווען נעבן די באַהאַלטענע פּאָליעשוקס, געטראָטן אַפילו אויפן בוידעמל, ווו זיי זענען געלעגן ד.ה. אַרומגעגאַנגען אויף די ברעטער איבער זיי און זיי נישט באַמערקט.

זיי האָבן אויך געהערט אין אַ טאָג אַרום, ווי אַ קינד איז אַרויס אויפן הויף, צוריק אַריין אין שטוב און ווידער אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף, שפּעטער צוריק אַריין אין שטוב, אין אַ ביסל צייט אַרום ווידער אומגעגאַנגען אויפן הויף. זיי האָבן אויך געהערט ווי אויפן 3־טן טאָג האָבן די דייטשן געפונען דאָס קינד, געשריען אויף דעם: „יודין". זי האָט געוויינט, און זיי האָבן זי אַרויסגעטראָגן פון שטוב.

די קינדער פּאָליעשוק זענען געלעגן 7 טעג, ביז עס האָט זיך איינגעשטילט דאָס שיסעריי און עס האָט אויפגעהערט דאָס אומגיין זוכן איבערן יתומים־הויז. אויפן 7־טן טאָג איז יעקב פּאָליעשוק אַרויסגעגאַנגען פון דעם באַהעלטעניש, דורכגעקליבן זיך דורכן צוים פון געטאָ, וועלכער איז געווען ביים יתומים־הויז בשכנות פון בישאָף. דאָס איז געווען אין אַ זונטיק און ער האָט עס געוואָלט אויסנוצן, ווי אַ צייט, ווען די פּאָליציי איז פּאַרטאָן מיטן גיין אין קאָשטשאָל. בכלל איז אין שטאָט דאָ פיל מענטשן, און אַלע זענען מער פאַרנומען מיט זיך.

ער איז אַרויס פון יתומים־הויז. נישט געגאַנגען איז ער, נאָר געקראָכן אויף אַלע פיר. ער האָט געזען, ווי ביי דער גרויסער שול, אויפן הויף, זענען אָנגעוואָרפן פאַרשידענע מעבל, געשיר און גאַנצע קופּעס, און דייטשן שטייען און סאָרטירן זאַכן.

די גרויסע שול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סקלאַד פון יידישע זאַכן. אַהין פלעגט מען ברענגען די זאַכן נאָך די שחיטות, און איצט איז געווען זייער פיל אַרבעט.

פּאָליעשוק איז נאָכן אַריבערקלייבן זיך דורכן צוים געגאַנגען אַ ביסל אויפן וועג און דערזען, אַז אַרום איז רויק. האָט ער אָפּגעשלאָגן אַ ברעט און איז אַרויף אויפן בוידעם. ער האָט גענומען זיין שוועסטערל, איבערגעטאָן זיך פון די קינדערשע זאַכן אין בעסערע. האָט אָפּגעוואַשן זיין פּנים מיט זופּ פון די איבערגעלאָזענע „באָרשטש" (דאָס וואַסער איז אַרויף אויבן), האָט מיטגענומען אַ „ראָגאַטקע" און איז מיט דער שוועסטער אַרויס דורך דער אָפּגעשלאָגענער ברעט הינטערן פּאַרקן. זיי זענען געשטאַנען אויפן וועג, וועלכער פירט צום טייך סטיר, ביי אַ 50 מעטער פון טייך.

צוערשט האָבן זיי געוואָלט לאָזן זיך צום טייך, נאָר דאָס שוועסטערל וואָלט נישט געקאָנט אַריבערשווימען, האָבן זיי זיך געמוזט אומקערן צו גיין דורך דער שטאָט. אויפן וועג זענען געשטאַנען צוויי פּאָליציאַנטן. ער האָט זיך נישט פאַרלוירן. בכדי אָפּצוציען פון זיך די אויפמערקזאַמקייט, האָט ער גענומען די „ראָגאַטקע", אויפגעהויבן אַ שטיינדל און גענומען צילן זיך אויף אַ פויגל, אָפּקערנדיק זיך, אַז זיי זאָלן אים נישט באַמערקן. דאָס שוועסטערל האָט אויף זיך אַזוי נישט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט. זיי זענען געגאַנגען פאַרביי דעם קאָשטשאָל. דאָרט האָט זיי אָנגעיאָגט אַ קריסטין און דערקענט. זי האָט זיי דערציילט, אַז אין שטאָט זוכט מען נאָך אַרום יידן אין די בונקערס און באַהעלטענישן; אַז מען געפינט זיי — פאַרניכטעט מען זיי. זי האָט זיי געראָטן צו גיין אין דאָרף (דעם נאָמען פון דעם דאָרף געדענקט דער עדות נישט), ביי אַ 14 ק"מ פון לויצק. זי האָט זיי געוויזן דעם וועג, און זיי זענען אַוועק.

אין דאָרף האָבן זיי געבעטן ברויט, און די פּויערים האָבן זיי געגעבן. דורכן דאָרף איז דורכגעפאָרן אַ דייטש אויף אַ מאָטאָציקל, האָבן זיי זיך באַהאַלטן. דערנאָך האָבן זיי אין עק דאָרף געבעטן מען זאָל זיי לאָזן נעכטיקן. זיי האָבן גענעכטיקט אין אַ שטאַל. די קינדער האָבן געגעבן דעם באַלעבאָס אַ העמד, און זענען דאָ געווען ביי אַ וואָך. שפּעטער האָט זיי דער באַלעבאָס געמאָלדן, אַז ער האָט מורא זיי צו האַלטן לענגער, ווייל קעגנאיבער זיין שטוב וווינט אַ פּרוי, וואָס אירע זין זענען פּאָליציאַנטן. זיי האָבן געמוזט אַוועקגיין.

זיי האָבן זיך באַזעצט אין קוסטעס ביי אַ ריטשקע, ביינאַכט פלעגן זיי אַריינגיין שלאָפן אין אַ נאָענטן שייער. דאָס מיידעלע פלעגט גיין אין די נאָענטע דערפער בעטלען ברויט. אין אַ 5 טעג אַרום האָט זי אין אַ דאָרף באַגעגנט באַקאַנטע — צוויי בחורים פון לויצק: פּיניע שיפער און זלמן (די פאַמיליע פון דעם צווייטן געדענקט נישט מער דער עדות). זיי האָבן זיי דערציילט, אַז זיי אַרבעטן אין אַ געוועזענעם סאָווכאָז אויף לאַנד, ביי 11 קילאָמעטער פון לויצק, און זיי זענען אַוועק אַהין. ס'האָבן דאָרט געאַרבעט ביי 20 יידן.

דאָ פאַרבלייבן האָבן זיי נישט געקענט, ווייל אָפט פלעגן קומען דייטשן קאָנטראָלירן די יידן. זיי זענען אַוועק צוזאַמען מיט אַ מיידעלע, וואָס האָט געזוכט אירס אַ ברודערל קיין אָסטראָוויעץ, אַ 17 ק"מ פון לויצק.

אין אָסטראָוויעץ איז נאָך געווען דאָס געטאָ. דאָרט זענען אויך געווען קינדער פון לויצק. זיי האָבן געלעבט אין געטאָ און געשלאָפן אויף אַ בוידעם. פון דאָרט זענען זיי אַוועק מיט נאָך אַ יתומהלע פון לויצק, לאהלע, אין אַ טשעכיש דאָרף לימאַנאָווקע, 22 קילאָמעטער פון לויצק. דאָס יתומהלע פון לויצק האָט דאָ געהאַט אַ באַקאַנטן טשעך, ביי וועלכן איר פאָטער פלעגט אַרענדירן סעדער. די קינדער זענען פאַרבליבן אין דאָרף ביי באַזונדערע קריסטן ווי פּאַסטעכער. זיי האָבן זיי געגעבן קריסטלעכע נעמען. יעקב פּאָליעשוקן האָבן זיי גערופן „יאַנעק". אין אַ וואָך אַרום האָבן זיי געהערט, אַז אין אָסטראָוויעץ האָט מען ליקווידירט די יידן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז געקומען אוקראַאינישע פּאָליציי פון מלינאָוו, ביי 27 ק"מ פון לויצק, אַ 12 ק"מ פון דאָרף, זוכן „סאַמאָהאָנקע", וואָס מען האָט געטריבן אין דאָרף. דערווייל האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז קאָלט (יעקב פּאָליעשוקס באַלעבאָס) האַלט אויס אַ יידיש ייִנגל. זיי האָבן אים געהייסן ברענגען דאָס ייִנגל, דראָענדיק, אַז אויב נישט וועלן זיי אים שיסן. די קינדער זענען אַנטלאָפן. זיי זענען דאָך אָבער געווען זייער אָפּגעשוואַכט, האָט קאָלט אָנגעיאָגט דעם ייִנגל און אים געבראַכט. קאָלטן האָט זיך אָבער איינגעגעבן אָנצושיכורן די פּאָליציאַנטן, און זיי האָבן פּאָליעשוקן אָפּגעלאָזן. אַ פּאָליציאַנט האָט אים געשראָקן, געצילט צו אים מיט דער ביקס, אויפגעהויבן דעם קין, זאָגנדיק: „באָישסיאַ סמיערצי, אַ?"

פּאָליעשוק האָט מורא געהאַט צו פאַרבלייבן מיט די שיכורע פּאָליציאַנטן, האָט ער אַוועקגעיאָגט די קי אויף דער לאָנקע,

און איז, כלומרשט לויפנדיק נאָך זיי, אַנטלאָפן צום וואַלד.

פון דאָרף ליובאַנאָווקע פלעגן די אָרטיקע קריסטן דאַרפן צושטעלן מילך פאַר די דייטשן אין מלינאָוו. יעדן טאָג פלעגט אַן אַנדער קריסט, לויט דער ריי, פירן די צוזאַמענגענומענע מילך קיין מלינאָוו. איז איין טאָג געפאָרן קיין מלינאָוו אויך קאָלט. צוריקגעקומען, האָט ער דערציילט די קינדער, אַז דאָס געטאָ אין מלינאָוו שטייט און אַז דאָרט זענען דאָ יידן. און אַזוי ווי די קינדער זענען הוילע (אין שלעכטע מלבושים) האָט ער זיי געראָטן גיין קיין מלינאָוו צו די יידן, און זיי וועלן זיי אָנטאָן.

זענען אַוועק דאָס מיידעלע ליובע פאָליעשוק און דאָס יתומהלע לאה פון לויצק קיין מלינאָוו. זיי האָבן דאָרט גענעכטיקט. די יידן האָבן זיי זייער גוט אויפגענומען, געגעבן עסן, שיך און קליידער, און זיי זענען אַוועק צוריק אין ליובאַנאָווקע. אין אַ פאָר טעג אַרום זענען קיין מלינאָוו אָנגעפאָרן דייטשן און פאָליציאַנטן און האָבן ליקווידירט די יידן. קאָלט האָט געהייסן די קינדער אַוועקגיין פון דאָרף, ווייל נאָך דער ליקווידאַציע פונעם נאָענטן מלינאָוו וועלן מן־הסתם די מחבלים אַרומלויפן אין די נאָענטע דערפער זוכן באַהאַלטענע יידן.

זענען זיי אַוועק אין אַ נאָענטן וואַלד. בייטאָג פלעגן זיי דאָ פאַרברענגען און אויף נאַכט גיין אין אַ שייער, אָדער אין היי דורכשלאָפן. ליובע פאָליעשוק פלעגט אין די אָוונטן גיין איבער די דערפער בעטן ברויט ביי די קריסטן.

אין אַ פאָר וואָכן אַרום איז ליובע פאָליעשוק אָנגעקומען פאַר אַ פאַסטושקע צו איינעם אַ טשעך פון דאָרף ברישצי, ביזשאָווסקי. ביי אים האָט זיך אויפגעהאַלטן נאָך אַ לויצקער יינגעלע, חיים פרידמאַן.

ביזשאָווסקיס שטוב האָט זיך געפונען ביים שאָסיי לויצק—דובנע, אַ 22 ק״מ פון לויצק. אין איינעם אַ חגא־טאָג זענען אין שטאַל געזעסן פאָליעשוק מיט נאָך אַ ייד פון ראָזשישטש, 25 ק״מ פון לויצק. אין דעם זענען אָנגעפאָרן דייטשן אויף צוויי פורן. זיי האָבן צוגעבונדן זייערע פערד, אַליין אַריין אין שטוב און אין עטלעכע מינוט אַרום אַריין אין שטאַל.

פאָליעשוק האָט קוים באַוויזן אַרויפצוכאַפן זיך אויפן בוידעם, דורכקלאַפן אַ ברעט און אַרויפשלעפן דעם צווייטן ייד. אין שטאַל האָבן זיי נישט שטאַרק געזוכט, נאָכדעם זענען זיי אַריין אין שייער, דורכגעזוכט און אַוועקגעפאָרן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען געווען זשאַנדאַרמען פון אָסטראָוויעץ, ווו מען האָט געמסרט, אַז ביזשאָווסקי באַהאַלט אויס אַ יידיש יינגל (חיימען) און מען איז אים געקומען זוכן. חיים איז בעת מעשה געווען אַוועקגעפאָרן איבערן שאָסיי, און זיי האָבן אים נישט דערקענט, דעם „פאַרברעכער״, וועלכן זיי האָבן אַזוי געזוכט.

✶

בעת דער ליקווידאַציע פון לויצקער געטאָ האָבן די דייטשן איבערגעלאָזן ביים לעבן ביי אַ 200 פאַכלייט: שוסטער, שניידער, סטאָלער, שלאָסער א. א. זיי האָבן זיי געהאַלטן אין בנין פון דער יידישער גימנאַזיע און אַנטקעגן אין אַ מויער. די בנינים זענען געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראָט און אין די בנינים זענען געווען די וואַרשטאַטן, ווו זיי האָבן געאַרבעט. זומער 1942, ווען די דייטשן האָבן באַשלאָסן צו ליקווידירן דעם יידישן אַרבעטס־לאַגער און זענען געקומען נעמען די יידן, זענען די יידן געווען באַוואָפנט מיט גראַנאַטן א. א. זיי האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט מיט בענק, האָלץ א. א. אָנגעוואָרפן עס אויף די טרעפ, און ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַריינצוגיין, האָבן זיי אויף זיי גענומען וואַרפן גראַנאַטן, העק, שטיינער, פאַרשידענע מכשירים, אויך געגאָסן שוועבל־זויער, וואָס ביי זיי איז געווען, און האָבן אייניקע דייטשן דערהרגעט.

באַלד זענען אָנגעקומען פייערלעשער, האָבן אָנגעהויבן גיסן וואַסער אין די פענצטער און שיסן. דערנאָך האָבן זיי צוגעשיקט אוקראַינישע פאָליציאַנטן זיי זאָלן נעמען די יידן לעבעדיקערהייט. ווי די אוקראַינער האָבן זיך דערנענטערט, האָבן די יידן געלאָזן אויף זיי העק, שטיינער, שוועבל־זויער און פיל פון זיי געהרגעט און פאַרוווּנדעט. צווישן די העלדן זענען געווען פיניע שיפער, זלמן פרידמאַן, שמחה צאַם א. א. ווען די לאַגע איז געוואָרן אַזאַ, אַז זיי האָבן געמוזט אַריינפאַלן לעבעדיקערהייט, האָבן זיך פיל געסמט, געהאָנגען און אונטערגעצונדן די בנינים. געראַטעוועט האָבן זיך זייער ווייניק. פאָליעשוק האָט געטראָפן בלויז צוויי: פיניע און שמחה פון לויצק.

יעקב פאָליעשוק האָט זיך ווייטער געהאַלטן אין וואַלד מיט זיינע ביידע חברים פיניע שיפער און שמחה צאַם, נאָענט ביים דאָרף לאָבאַנאָווקע. שפּעטער טיילן זיך פאַנאַנדער די יינגלעך, שטעלן זיך אַרבעטן ביי טשעכן־פויערים אין דאָרף.

אין האַרבסט 1942 איז געוואָרן זייער שטרענג. האָט מען געפונען ביי וועמען פון די קריסטן אַ ייד — האָט מען פאַרניכטעט די גאַנצע משפחה. פאָליעשוק האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס דאָרף. ער פלעגט זיך באַהאַלטן אין וואַלד, שלאָפן אין די ע׳טאַלן, שייערס מיט שטרוי און היי — ווו איין נאַכט, און ווו אַ צווייטע. שפּייזן פלעגט ער זיך מיט ברוטשקע, מערן א. א., וואָס ער פלעגט אויסגראָבן בגנבה אין גאָרטן.

ווען זיין באַלעבאָסטע פלעגט אים שוין נישט נאָר נישט געבן קיין עסן, נאָר שטאַרק נישט ליידן ער זאָל צו איר אַריינגיין, איז פאָליעשוק אַוועק אין דאָרף פאַנסקאַ דאָלינאַ. דאָרט זענען געווען אַ פאָר הייזער ביים וואַלד. די איינוווינער, פאָליאַקן, האָבן מורא געהאַט דאָרט צו זיין צוליב די „באַנדעראָוועצעס״ און אוקראַינסקאַיאַ פאָווסטאַנסקאַיאַ אַרמיאַ, וועלכע האָבן פאַרפאָלגט די פאָליאַקן. די דאָזיקע הייזער האָבן געהאַט פאַרנומען די אָנגעלאָפענע יידן פון לויצק, דובנע א. א. פאָליעשוק איז געבליבן ביי די יידן און געווען מיט זיי צוזאַמען.

אין פאַנסקאַ דאָלינאַ איז געווען אַ פוילישע פלאַצווּוקע, אַ זעלבשוץ, וואָס די דייטשן האָבן געשטיצט קעגן די באַנדעראָוועצעס, קעגן די או. פּ. א. זיי פלעגן זיי באַזאָרגן מיט געווער, און די פאָליאַקן פון פאַנסקאַ דאָלינאַ פלעגן שטיצן די יידן.

די יידן האָבן געהאַט געווער. נישט איינמאָל איז אויסגעקומען זיך צו פאַרטיידיקן. זיי זענען געווען ביי 18 יידן. אין וואַלד זענען געווען „זיעמליאַנקעס״, ווו אין זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן די יידן פון לויצק, דובנאָ, אָסטראָוויעץ א. א.

אַזוי זענען זיי געווען ביז אָנהייב ווינטער 1944. דעמאָלט איז פאָליעשוק אַוועק אין דאָרף מאַליאָוואַניע, נישט ווייט פון פאַנסקאַ דאָלינאַ. דאָרט איז געווען אַ פאַרטיזאַנקע פון אַ מאַן 70—100. ער איז אויך אָנגעקומען אַהין, געקעמפט מיט די שונאים. אין פאַרטיזאַנקע איז ער געווען ביז דער באַפרייונג דורך דער רויטער אַרמיי.

ווי מען האָט שפּעטער דערציילט, זענען די דייטשן נאָך דער ליקווידאַציע פון דעם געטאָ עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער, געזוכט פאַרשידענע בונקערס און באַהעלטענישן. פלעגן געפינען יידן און זיי שרעקלעך פּייניקן ביז צום טויט.

פיל האָבן זיי געהאָלפן אין דער בלוטיקער אַרבעט די לויצקער איינוואוינער גרינעס — אינהאַבער פון ביר־געשעפט, און אַ מיידל. די דייטשן האָבן זיי געפּירט, און זיי פלעגן אויף יידיש רופן די יידן, נאַרן זיי, אַז זיי האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן. פיל יידן, דערהערנדיק יידיש רעדן, האָבן זיך געלאָזן אויף דער ווענדקע און זענען אַריינגעפאַלן צו די מערדער אין די הענט.

(אַרכיוו פון ייד היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע)

ש. שילה

# קינדער אין געטאָ

אין איינעם פון די פרילינג־טעג פון יאָר 1944, ווען דאָס סאָוויעטישע מיליטער האָט מאַרשירט פאָרויס אין דער ריכטונג צו דער ווייסל, בין איך געגאַנגען באַטראַכטן לויצק; אירע הייזער, גאַסן, גערטנער, וועלכע זענען פאַר מיר געוואָרן אַ בית־הקברות. צווישן אַנדערע האָב איך אויך באַזוכט די ווענט פון מיין שול, אויפן ברעג פון דעם סטיר. דאָס איז געווען אין די שפּעטע פרימאָרגן־שעהן. כ׳בין געשטאַנען קעגן דעם בנין, און אין מיינע אויערן האָט אויפגעקלונגען דאָס לאַכן און פריילעכע שרייען פון מיינע חברים. אָט הער איך מוסיקן, לעאָנען, אברהמען, מאָשקען, יידלען, שיינדלען, אסתרקען, הינדען, ברכהן, פנינהן...


ש. שילה

איך האָרך זיך צו צו זיי און זע יעדן איינעם באַזונדער, נישט קלאָר, נאָר מטושטש, ווי דורך אַ פאַררעגנטער שויב; מיט אויגן פאַרצויגענע פון טרערן.

כ׳וועל אייביק געדענקען יענעם יסורימדיקן טאָג. כ׳בין אַריינגעגאַנגען אין קלאַס. ס׳זענען נאָך געשטאַנען שורותווייז די טישן און בענק. אויף די פיס פונעם טיש זענען געווען די נעמען וואָס מיר האָבן אויסגעקריצט מיט אַ טשוואָק. אָט לייענט זיך: שלמה סופר, חיים מוסיק, אברהם לעסלער, און נאָך און נאָך.

כ׳בין געגאַנגען פון באַנק צו באַנק, זיי אַ גלעט געטאָן און אַרויסגעבראַכט אין זכרון די פיזיאָנאָמיעס און נעמען פון אַלע קינדער. כ׳האָב זיך געזעצט אויפן אָרט ווו כ׳פלעג אַמאָל זיצן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געוויינט, גלאַט אַזוי, כדי זיך לייכטער צו מאַכן אויפן האַרצן. כ׳האָב געוויינט... און נישט געוווּסט, צי אויף מיינע חברים וואָס זענען געווען און מער נישטאָ, צי אויף מיין גרויליקער איינזאַמקייט.

✶

נישט מיט אַלע פלעג איך זיך באַגעגענען אין געטאָ. מיר זענען געווען פאַנאַנדערגעוואָרפן און דערווייטערט איינער פונעם אַנדערן. איינער האָט פאַרלוירן טאַטע־מאַמע און איז אַ יתום אויפן באַראָט פון דעם אכזריותדיקן הימל. דער צווייטער האָט נאָך זיין טאַטנס טויט גענומען אויף זיך דעם יאָך פון שפּייזן די פאַמיליע. דער דריטער איז דערשאָסן געוואָרן, ווען ער האָט געפּרוּווט אַריבערטרעטן די גרענעץ פון דעם געטאָ. און אַזוי יעדער איינער מיט זיין גרויליקן גורל. און בסך־הכל זענען מיר געווען קינדער אין עלטער פון 12—13 פרילינגען.

✶

ליאָווקע — כ׳געדענק נישט זיין פאַמיליענאָמען. אין שול האָבן מיר אים גערופן ליאָווקע און אין גאַס — וועלוועלע. זיי זענען געווען צוויי ברידער אין דער פאַמיליע: ליאָווקע און יאָסעלע.

יאָסעלע — אַ פעט ייִנגעלע, אַ צוריקגעשטאַנענס און אַ זאַהיקע. ליאָווקע — אַ ייִנגל אַ פּיקח, אַ פלייסיקער און וווּנדערלעך פעיקער. מען פלעגט זאָגן, אַז דערוואַקסענע מענטשן האָבן ליב צו שמועסן מיט אים, און מיר, זיינע חברים, פלעגן אים מקנא זיין.

און אָט, איינמאָל אין אַ פאַרוואָלקנטן האַרבסטיקן טאָג האָבן זשאַנדאַרן, נישט מעלדנדיק פריער, אָנגעקלאַפּט אין די יידישע טירן אין שטאָט און אונדז אַלע באַפוילן מיר זאָלן אין משך פון אַ האַלבער שעה אויסליידיקן די הייזער און אַוועקגיין אין דעם קוואַרטאַל וואָס זיי האָבן באַשטימט ספּעציעל פאַר יידן. יעדער ווער ס׳וועט זיך געפינען נאָך דער־און־דער צייט אויסער די גרענעצן פון דעם געטאָ — וועט געטייט ווערן. דער דרייצניעריקער ליאָווקע, דער לעבעדיקער גייסט און ליבלינג פון דער פאַמיליע, כאַפּט אַלץ וואָס נייטיק פאַר דער עקזיסטענץ, לאָדעוועט אָן דאָס שווערסטע אויף די פלייצעס און טראָגט אַריבער אין דעם געטאָ. איידער זיינע צעטומלטע עלטערן באַוויזן פון אָרט זיך צו רירן, איז ער שוין דאָ אַ צווייט מאָל אין שטוב און כאַפּט ווידעראַמאָל וואָס עס פאַלט אים אין די הענט אַריין. יאָ, אַריינכאַפּן וואָס מער — פון דעם וועלן מיר דאָך דאַרפן עקזיסטירן. ליאָווקע לויפט נאָך אַ דריט מאָל צו זיך אַהיים, כאַפּט אַ גרויסן פּאַק און לאָזט

זיך צום געטאָ. ער גייט און ווייסט נישט, אַז ער האָט שוין פאַרשפּעטיקט דעם טערמין. נאָענט ביי דעם געטאָ, ממש אויף דער צווייטער זייט גאַס, אין דעם בייזיין פון יידן און נישט־יידן פון ביידע זייטן גאַס, האָט מען אים באַפוילן שטיינבלייבן און אַוועקלייגן דעם פּאַק. אַן אוקראַאינער פּאָליציאַנט שטעלט אָן אויף אים זיין ביקס. ליאָווקע שטייט רויק און קוקט אין דעם לעכל פון דער ביקס. און מיטאַמאָל טראַך! ליאָווקע האָט אַפילו קיין איין טראָט נישט געמאַכט און קיין קלאַנג נישט אַרויסגעלאָזט. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אויסגעצויגן.

מיר, זיינע חברים, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן צווייטן טאָג אויף דער גאַס — זענען געזעסן און געשוויגן. יאָ, אין משך פון אַ טאָג זענען מיר געוואָרן דערוואָקסענע. אויך אונדז, די 12 און 13 יעריקע, הרגענען זיי! טיף אין האַרצן האָבן מיר שטאָלצירט דערמיט.

✶

מוסיק חיים — דער בעסטער שילער אויף מאַטעמאַטיק אין דער גאַנצער שול. זיין טאַטע איז געווען אונדזער לערער פון העברעיש. מיר האָבן געוווינט אין איין גאַס אין געטאָ. מיר פלעגן זיך באַגעגענען כמעט טאָגטעגלעך. זיין מאַמע איז געווען די איינציקע שפּייזערין, און אין שטוב האָט געהערשט הונגער. יאָ, נישט איין מאָל האָב איך געגעסן אין זיין בייזיין און געזען דעם הונגער אַרויסקוקן פון זיינע אויגן. אָבער ער איז געווען צו שטאָלץ. „ניין״, פלעגט ער אַ זאָג טאָן, „כ׳האָב נאָר־וואָס געגעסן״.

איינמאָל האָט זיך מוסיק איינגעבראָכן: אַ כאַפּ געטאָן פון מיר אַ פּענעץ ברויט און אים אָנגעהויבן פאַרצערן, און טרערן זענען אים גערונען אויף די באַקן. מיר זענען דעמאָלט געזעסן אויפן בוידעם און צוזאַמענגעשטעלט די „ציטונג״ פון דעם „יידישן לעגיאָן״, וואָס מיר, קינדער, האָבן אַרויסגעגעבן. און דעמאָלט, דורך טרערן וואָס שטיקן אים אין האַלדז, דורך אַן אויסברוך פון צאָרן, האָט ער פון זיך אַרויסגעריסן דאָס וואָס האָט אים געדריקט אויפן האַרצן:

„מיין טאַטע... אַזאַ שלימזל! אויך פאַר דער מלחמה האָט ער קוים פאַרדינט אויף ברויט... איז תמיד שולדיק געווען געלט... אַלע צרות אין שטוב זענען צוליב אים! אַפילו אַן איינציק שטיקל ברויט איז ער נישט מסוגל צו ברענגען אין שטוב אַריין... פאַרוואָס האָט ער מיך געבראַכט אויף דער וועלט, דער דאָזיקער צעקראָכענער?!... זאָל ער... זאָל ער... זאָל ער שטאַרבן!...״

כ׳בין געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענער און האָב פאַרלוירן דאָס לשון.

מוסיק איז, ווי אַנדערע הונדערטער קינדער, געווען הונגעריק ביז פאַרטויבונג פון די חושים. ערשט דער טויט, פאַר וועלכן ער האָט זיך געשראָקן, האָט אים באַפרייט פון זיינע פּיינען.

✶

ראובן — זיין טאַטע איז געווען אַן אָרעמער סטאָליער, אין

איינעם אַ טאָג בין איך מיר געגאַנגען גלאַט אַזוי אין גאַס אין געטאָ. און אָט דערזע איך ווי די עגלה פון דער חברה־קדישא, אַ באַגלייטע מיט מתים, פאַרהאַלט זיך קעגן זייער וווינונג. צוויי יידן האָבן אַרויסגעטראָגן פון שטוב דעם קערפּער פון ראובנס טאַטן און אים אַריינגעוואָרפן אין דער עגלה מיט די הויכע ווענט. די עגלה האָט גערירט פון אָרט און אין גאַס זענען שטיינגעבליבן ראובן, זיינע צוויי קלענערע ברידער און די יאָמערדיקע מאַמע. די קינדער האָבן נישט געוויינט, זייערע פּנימער — אָנגעשוואָלן און שטרענג, קוקן נאָך די עגלה וואָס דערווייטערט זיך. און ער, דער דרייצניעריקער ראובן, איז איצט דער ראש־המשפחה און וועט שלעפּן דעם יאָך. כ׳בין נישט צוגעגאַנגען צו אים. כ׳בין געשטאַנען מן־הצד און זיך צוגעקוקט ווי ער נעמט אָן די מאַמע פאַר דער האַנט און פירט זי צו זייער שטוב, און נאָך זיי שלייכן זיך נאָך זיינע צוויי קליינע ברידער, באָרוועסע און געשוואָלענע.

✶

שיינדעלע שוואַרצבערג — די בעסטע און שענסטע שילערין אין קלאַס. אַלע ייִנגלעך האָבן זי ליב געהאַט, און נישט איין מאָל פלעגן מיר נישט רעדן צווישן זיך צוליב איר. איינמאָל איז מען מיר דערגאַנגען די יאָרן אין משך פון גאַנצע וואָכן, ווייל איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיצן נעבן איר און זי האַלטן פאַר דער האַנט.

איינמאָל, דאָס איז געווען אין די לעצטע חדשים פונעם געטאָ, האָט איך פלוצעם באַמערקט צוויי קליינע געשטאַלטן אָנקומען מיר אַנטקעגן, מיט גרויסע קערבלעך ברויט אין די הענט. אַ שוידער איז מיר דורך דורכן לייב: דאָס זענען געווען אסתר גאָלדבערג און שיינדעלע, וועלכע איך האָב שוין נישט געזען זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה. מיר האָבן זיך אַריינגעקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן, די אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט פון טרערן און... מיר זענען זיך ווייטער געגאַנגען יעדער אין זיין ריכטונג. אַפילו קיין וואָרט נישט! גאָרנישט! דאָס האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט, און די אויגן האָבן געפינטלט פאַרטרערטע: יאָ, דאָס איז שיינדעלע, מיין געליבטע — אַ קליינע, אַן איינגעשרומפּענע, אָרעם געקליידט און שלעפּט אַ קערבל ברויט.

פון דעמאָלט אָן פלעג איך זי זען טאָגטעגלעך פאַרבייגיין אין גאַס איין אָדער צוויי מאָל און שלעפּן ברויט. כ׳האָב זיך נישט דערוועגט צוצוגיין צו איר. יאָ, דאָס דאָזיקע מיידעלע האָט געשפּייזט איר פאַמיליע. אויף יעדע 15—20 ברויט וואָס זי האָט אַריבערגעבראַכט פון גנידעוו אין צענטער פלעגט זי פאַרדינען איין ברויט.

אין אַ צייט אַרום, ווען מיר זענען אַרויס פון בונקער צו זוכן עפּעס עסנוואַרג אין די אויפגעבראָכענע און וויסטע הייזער, האָב איך אָנגעטראָפן צו איר אין שטוב. אויף דער פּאָדלאָגע האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט פאָטאָגראַפיעס, פון איינע פון זיי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַ שיין פּנימל מיט בלויע אויגן, — דאָס פּנים פון שיינדעלען, וועלכע איז שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע.

✶

אברהם טעסלער — אים און זיין ייִנגערן ברודער האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוגליטשן זיך דורך דער קייט פּאָליציי־לייט און אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. מיר פלעגן זיך זייער אָפּט באַגעגענען אין געטאָ כדי „אויסצואַרבעטן" פּלענער נקמה צו נעמען אין די דייטשן. איינמאָל האָבן מיר געמאַכט אַ פּלאַן און זיך געגרייט צו אים מיט פולן ערנסט: אויב ס'וועט זיך מאַכן אַן „אַקציע" אין אונדזער געטאָ, וועלן מיר צונויפזאַמלען אונדזער גאַנצע קאָמענדע („יידישער לעגיאָן") און מיר וועלן אַלע קינדער גיין פון שטוב צו שטוב מודיע צו זיין צו פאַר־ברענגען די הייזער אויפן באָפעל פון דעם יודענראַט.

מיר האָבן אויך „אויספּלאַנירט" ווי צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין און שאַפן אַ פּאַרטיזאַנקע. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס זענען געווען בלויז חלומות, וואָס צוליב דעם יונגן עלטער פון די טרוימער — איז גאָרנישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

די צוויי ברידער האָט זיך איינגעגעבן זיך אויסצובאַהאַלטן אין וועלדער און דערפער ביז פאַר דער באַפרייונג פון דעם קאַנט דורך דער רויטער אַרמיי. זיי האָבן זיך מייסטנטייל אויסגעהאַלטן פון „גנבות" אין נישט־יידישע הייזער.

צוויי וואָכן פאַר דער באַפרייונג זענען זיי געכאַפּט געוואָרן דורך פּויערים און דורך זיי דערמאָרדעט געוואָרן.

✶

אַן אומבאַקאַנט מיידעלע פון אַ יאָר 4—5.

גלייך נאָכן אומקום פון צווייטן געטאָ און מיין אַנטלויפן פון דעם ליובאַרט־שלאָס האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פערדשטאַל, וואָס האָט געהערט צו מיין טאַטנס אַ באַקאַנטן קריסט, אין דעם היי אויפן בוידעם. פאַרשטייט זיך, אַז דער קריסט האָט נישט געוווּסט וועגן דעם. אויפן צווייטן טאָג נאָך מיין אַריינבאַקומען זיך אַהין, האָב איך דערהערט אַ רויש פון גאַס. כ'בין געווען זיכער, אַז דאָס זוכט מען עס יידן. כ'האָב זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער וואַנט און געזען דורך אַ שפּאַרונע ווי אַ צען ווייבער גייען שנעל אין איין ריכטונג, טראָגנדיק אין די הענט עסנוואַרג. מיטאַמאָל האָט זיך פון דער צווייטער זייט וועג באַוויזן אַן אוקראַאינישער פּאָליציאַנט אויף אַ ראָווער. די ווייבער זענען פאַרהאַלטן געוואָרן, און דער פּאָליציאַנט איז אַראָפּ פונעם ראָווער. ערשט דעמאָלט האָב איך באַמערקט אַ מיידעלע פון אַ יאָר 4 מיט צעשויבערטע האָר, האַלטנדיק עפּעס אַ זאַך איינגעהילט אין אַ פאַטשיילע, — רוקט זיך אויף צוריק און מורמלט עפּעס. אירע אייגעלעך זענען אַרומגעשפּרונגען, ווי זיי וואָלטן געזוכט הילף. דער פּאָליציאַנט האָט זי גענומען אויפן ראָווער און איז אַוועק־געפאָרן מיט איר אין דער ריכטונג פון דער הויפּטגאַס.

אויף מאָרגן, נאָכדעם ווי כ'האָב זיך געלאָזט דערקענען צו די קריסטן, האָט מיר די באַלעבאָסטע דערציילט: ווען דאָס מיידעלע האָט דערזען דעם פּאָליציאַנט, האָט עס גענומען זיך פאַרענטפערן — „ניע יעסטעם זשידוווקאָן" — כ'בין נישט קיין יידישקע... אָבער דער פּאָליציאַנט האָט געלאַכט.

✶

שרהלע — מיין מומעס מיידעלע, אַ קינד פון אַ יאָר. די איראָניע פונעם גורל: אַלע קינדער אין געטאָ זענען געווען וווּנדערלעך שיין און קלוג. אויך שרהלע איז שיין געווען, זייער שיין. ווי איך פלעג ליב האָבן זיך צו שפּילן מיט איר. מיר האָבן געוווינט צוזאַמען אין איין צימער. זי האָט געהאַט נאָר אַ מאַמע, זלאַטע האָט זי געהייסן, מיין טאַטנס אַ שוועסטער. איר טאַטן האָט שרהלע נישט געקאָנט, ער איז גענומען געוואָרן אין רויטן מיליטער, און קיינער האָט נישט געוווּסט וועגן זיין גורל. (ער לעבט היינט אין איינער אַ שטאָט אין אַרגענטינע אָדער בראַזיל).

שרהלע האָט זייער ליב געהאַט צו שפּאַצירן. די געדיכטע לופט אין שטוב פלעגט זי שטיקן. און איך פלעג זייער ליב האָבן זיך צו שפּילן מיט איר אין דרויסן. איך פלעג זי אָננעמען ביי די פיסלעך און שטעלן אויפן קעפּל, צודעקן מיט אַ קאָל־דערע און אויפדעקן, וואַרפן זי אויף אַלע זייטן ווי זי וואָלט זיין פון גומע. און זי... פלעגט יעדעס מאָל באַווייזן אירע צוויי קליינע ציינדלעך, און אַן אָפּגעהאַקט גלעקלדיק געלעכטערל פלעגט זיך אַרויסרייסן פון איר ברוסטל. און ווי ליב איך האָב געהאַט איר געלעכטער! ווי ליב איך האָב זי געהאַט, שרהלען! זי איז געווען דאָס גליק פון אַלע שטוביקע. זי פלעגט תמיד לאַכן. און איר לאַכן פלעגט אונדז אַלע ברענגען צו געלעכטער.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך זי געזען אין טאָג פון דער „אַקציע". מיר זענען אַלע געגאַנגען צוזאַמען צום צענטער פונעם געטאָ. שרהלע — אויף דער מאַמעס הענט. די פּנימער זענען ביי אונדז אַלע טרויעריק און זע... אויך שרהלעס פּנימל איז טרויעריק. זי קוקט אויף אונדז מיט אירע שיינע אויגן און איז אינגאַנצן — רחמים, ווי זי וואָלט פאַרשטיין וווּהין מיר גייען. דאָס איידעלע האַרץ פון דעם קינד האָט געפילט אַלץ. אָבער זי האָט נישט געוויינט, איז געווען שטיל. געוויינט האָט דער פעטער מרדכי, בעת ער האָט באַשאָטן מיט געזעגן־קושן אירע צאַרטע הענטלעך און דאָס פּנימל. מיר האָבן זיך צע־שיידט... יעדער אין אַן אַנדער באַהעלטעניש, און זי, שרהלע, אויף דער מאַמעס הענט קוקט אונדז נאָך טרויעריק, מיט אַן אומשולדיק פּנימל, ווי ס'וואָלט פרעגן: פאַרוואָס גייט איר אַוועק פון מיר?

יאָ, מיר זענען פון איר אַוועקגעגאַנגען, נישט אויסדרייענ־דיק דעם קאָפּ.

און די דייטשן האָבן זי געהרגעט, געהרגעט אויף דער מאַמעס הענט.

אך, דו אל־נקמות!

צאלים, 1960

ש. שילה

# ילדים בגיטו

באחד מימי האביב של שנת 1944, עת הצבא האדום התקדם לעבר הויסלה, הלכתי לראות את לוצק — את בתיה, רחובותיה וגניה, שנהפכו לי לבית־קברות. בין היתר ביקרתי גם בין כותלי בית־ספרי העומד על גדות הסטיר.

היה זה בשעות המאוחרות של הבוקר. עמדתי מול הבנין ובאוזני נצטלצל קול צחוקם וצריחותיהם העליזים של חברי. הנה שומע אני את מוסיק, את ליאון, את אברהם, מושקה, איצל, שיינדלה, אסתרקה, ינדה, ברכה, פנינה, ועוד ועוד... אני מאזין להם ורואה אותם אחד־אחד — לא בבירור, אלא במטושטש, כמו מבעד זגוגית־חלון שנתלחלחה בגשם; כמבעד דוק דמעה... היה זה יום אביבי — אותו יום מר אזכור לעולם — עת איוויתי לי לטייל בין חורבות וקברים: נכנסתי לחדר הכיתה. עדיין עמדו השולחנות והספסלים שורות־שורות. על רגלי השולחנות חרותים היו השמות שחרתנו יחדיו במסמר. הנה כתוב: שלמה סופר. חיים מוסיק. אברהם טסלר ועוד ועוד. עברתי מספסל לספסל, נגעתי בהם, והעליתי בזכרוני את דיוקנם ושמותיהם של כל הילדים. ישבתי על אחד הספסלים שהיה פעם מקומי. השפלתי את ראשי ובכיתי, בכי־סתם, כדי להקל מעל הלב. בכיתי... ולא ידעתי אם על חברי שהיו ואינם עוד אני בוכה, אם על בדידותי האיומה.

✶

לא עם כולם נפגשתי בגיטו. מפוזרים היינו ומרוחקים איש מאחיו. אחד — איבד את אביו ואמו, והוא יתום נתון לחסדי השמים הקשוחים. שני — לאחר מות אביו נטל על עצמו את פרנסת המשפחה. שלישי — נורה בשעה שניסה לחצות את קו הגיטו. וכך כל אחד ואחד וגורלו האיום עמו, ובסך־הכל אין אנו אלא בני 12—13 אביבים בלבד.

✶

ליובקה — איני זוכר את שם משפחתו. בבית־הספר קראנו לו ליובקה וברחוב — וֶלֶולה. הם שני אחים היו במשפחה: ליובקה ויוסלה. יוסלה — ילד שמן, מפגר וקשה־דיבור. ליובקה — ילד פיקח, חרוץ ומוכשר להפליא. היו מספרים, שהמבוגרים אוהבים לשוחח עמו, ואנו, חבריו, קינאנו בו.

והנה, ביום סתיו מעונן, בלא כל אזהרה מראש, דפקו הז׳נדרמים על דלתות היהודים שבעיר וציוו על כולנו, תוך מחצית השעה, לפנות את הבתים ולצאת לרובע שקבעו במיוחד ליהודים. כל מי שיימצא לאחר השעה הזאת מחוץ לגבולות הגיטו — יומת. ליובקה בן ה־13, הרוח החיה במשפחתו ואהוב־לבם, חוטף את כל הנחוץ לקיום, מעמיס על שכמו את הכבד ביותר ומעביר לגיטו. ולפני שהספיקו הוריו ההמומים לזוז מהמקום, והוא כבר שנית בבית וחוטף שוב מכל הבא ליד. כן, לקחת כמה שאפשר יותר — שהרי על זה יהיה קיומנו. גם בפעם השלישית רץ ליובקה לביתו — העמיס חבילה גדולה והלך לגיטו, הולך ואינו יודע שכבר איחר את השעה: סמוך לגיטו, ממש מעבר לרחוב ולעיני יהודים וגויים הניצבים משני עברי הרחוב, ציוו עליו לעמוד ולהניח את החבילה. שוטר א־קראיני מכוון אליו את רובהו. ליובקה עומד בשקט ומביט לתוך לוע הרובה. ופתאום: טרך!! ליובקה לא צעד אפילו צעד, ולא הוציא הגה. הוא הניד בראשו והתמוטט. אנחנו, חבריו ברחוב, התאספנו למחרת היום — ישבנו ושתקנו. כן, בין־יום נעשינו מבוגרים, גם אותנו, בני ה־12—13 הורגים! בסתר לבנו התגאינו בכך.

✶

חיים מוסיק — התלמיד הטוב ביותר בחשבון בכל בית־הספר. אביו היה לנו מורה לעברית. גרנו ברחוב אחד בגיטו. כמעט יום־יום היינו נפגשים. אמו היתה המפרנסת היחידה והרעב שרר בבית. כן, לא פעם אכלתי בנוכחותו וראיתי את הרעב המשתקף מעיניו. אך הוא היה גאה מדי. „לא", היה אומר, „רק כרגע סעדתי". יום אחד נשבר מוסיק: חטף ממני פרוסת לחם והחל לנגוס ממנה נגיסות טרופות, כשדמעות מתגלגלות על לחיו. ישבנו אז בעליית הגג וחיברנו את ה„עתון" של „הלגיון היהודי" שאנו הילדים הוצאנו. ואז, כשהדמעות חונקות את גרונו, ותוך התפרצות זעם הוציא את המעיק על לבו: „אתה תראה... יום אחד אני אקום ואהרוג את אבא שלי!... מין... לא יוצלח! גם לפני המלחמה בקושי הרוויח את לחמו... תמיד חייב היה כסף... ואף פעם הבית לא היה שלנו! כל הצרות במשפחה בגללו! אפילו פרוסת־לחם אחת אין הוא מסוגל להביא לבית. אני שונא את אבא שלי! שילך לעזאזל! למה הביא אותי לעולם — הטינופת הזאת! שילך... שילך... שילך... וישאיר אותנו לבד. הלואי שימות!!!" ישבתי המום והדיבור ניטל מפי.

לאחר זמן סיפר לי אחיו הגדול, כי באחד הלילות התנפל מוסיק על אביו והחל לחנוק אותו ורק בזכות בכיה ותחנוניה של אמו, הרפה ממנו. מוסיק, כמאות ילדים אחרים, היה רעב בגיטו עד להמהום החושים, עד לטירוף הדעת, ורק המוות, שכל כך לא רצה בו, גאל אותו מסבלותיו.

✶

ראובן — אביו היה נגר עני ורכוש לא היה להם. יום אחד הלכתי לתומי ברחוב בגיטו והנה אני רואה את העגלה של חברה־קדישא עמוסת המתים עוצרת ממול לדירתם. שני יהודים הוציאו מהבית את גווית אביו של ראובן, הפכוה לתוך העגלה גבוהת הדפנות. העגלה עקרה ממקומה וברחוב נשארו עומדים ראובן, שני אחיו הקטנים ואמו המתיפחת. הילדים לא בכו. פניהם נפוחים וקשוחים, עמדו והביטו אחרי העגלה המת־רחקת. והיא, רא״בן, בן ה־13 — מעתה ראש המשפחה ומושך

בעול. לא נגשתי אליו. עמדתי מן הצד וראיתי היאך הוא נוטל את יד אמו ומוליכה אל דירתם, כשאחריהם נשרכים שני אחיו הקטנים, יחפים ונפוחי־רעב.

✶

שיינדלה שוורצ.ברג — התלמידה הטובה ביותר בכיתה. אנו, הבנים כולם, אהבנו אותה, ולא פעם חדלנו מלדבר איש אל רעהו בגללה. פעם הציקו לי חברי קשה במשך שבועות תמימים, על כי היה לי האושר לשבת סמוך לה ולהחזיק בידה.

יום אחד — היה זה בחודשים האחרונים של הגיטו — הבחנתי פתאום בשתי דמויות קטנות הצועדות לקראתי, כש־בידיהן סלים גדולים עם לחם. צמרמורת עברה בגופי: היתה זו אסתר גולדברג ושיינדלה, שלא ראיתיה מאז פרוץ המלחמה. הבטנו זה בעיני זו. העינים הבריקו מדמעות ו...המשכנו ללכת, כל אחד לדרכו. אף לא הגה! כלום! הלב פעם בחוזקה והעינים נתכסו דוק לח. כן, זאת שיינדלה אהובתי, קטנה, צמוקה, לבושת בלואים וסוחבת סל לחם. מאז ראיתיה יום־יום עוברת ברחוב, פעם או פעמיים, וסוחבת לחם.

לא העזתי לגשת אליה. כן, על כתפי הילדה הענוגה הזאת נפל עול פרנסת משפחתה. על כל 15—20 כיכרות־לחם שהעבירה מגנידאָבה למרכז הגיטו היתה משתכרת לחם אחד.

לימים, כשיצאנו מהמרתף לתור אחרי דברי מאכל בין הבתים השוממים והפרוצים, נקלעתי לביתה. על הרצפה התגלגלו תמונות, מאחת התמונות הביטו אלי פנים יפות בעלות עיני תכלת — פני שיינדלה שלא היתה כבר בחיים.

✶

אברהם טסלר — הוא ואחיו הצעיר ממנו הצליחו לחמוק בעד שרשרת השוטרים ולברוח ליער. בגיטו נפגשנו לעתים קרובות ביותר לצורך „עיבוד" תוכניות־נקם בגרמנים. פעם העלינו תוכנית, והתכוננו לה במלוא הרצינות: אם תבוא „אַקציה" על הגיטו שלנו, נאסוף את כל הקומנדו („לגיון יהודי") ונלך, כל הילדים, מבית לבית להודיע — בפקודת היודנראט, כביכול, — על שריפת הבתים. כן „תיכננו" בריחה ליער והקמת פרטיזנקה. כמובן, שאלה היו חלומות, שמפאת גילם הצעיר של החולמים לא יכלו כלל להתגשם.

שני האחים הצליחו להסתתר ביערות ובכפרים עד סמוך לשיחרור האיזור ע"י הצבא האדום. על פי רוב הם התקיימו על „גנבות" בחצרות הגויים. שבועיים לפני השיחרור נתפסו ע"י האיכרים ונרצחו.

✶

אלמונית בת 4—5 שנים. — לאחר השמדת הגיטו השני ובריחתי ממבצר „לוברטה" התחבאתי באורווה, השייכת לגוי אחד ממכרי אבי — בתוך החציר שבעליה. כמובן שהוא לא ידע על כך. למחרת היום שהסתננתי לשם, קלטו אזני רחש מן הרחוב. הייתי בטוח שאלה הם חיפושים אחרי יהודים. זינקתי אל הקיר ומבעד לסדק ראיתי כמנין נשים פוסעות במהירות לכיוון אחד, כשידיהן אוחזות דברי אוכל. פתאום הופיע מעברה השני של הדרך שוטר אוקראיני רכוב על אופניים. הנשים נעצרו, והשוטר ירד מאופניו. רק אז הבחנתי בדמות ילדה כבת ארבע עם שערות מתולתלות, המחזיקה בידה איזה חפץ עטוף במטפחת, — כשהיא נסוגה לאחוריה וממלמלת דבר־מה. עיניה ריצדו מסביב כמבקשת עזרה. השוטר נטל אותה, הושיבה על אופניו ונסע עמה לעבר הרחוב הראשי. למחרת לאחר שהתגליתי למכרי, סיפרה לי בעלת הבית כי בשעה שראתה הילדה את השוטר החלה להצטדק; „ניע יעסטעם ז'ידובקה" — אינני יהודיה... אינני יהודיה... אך השוטר צחק ולקחה עמו...

✶

שרה'לה — בת דודתי. תינוקת בת שנה. אך לעג הגורל היה זה: כל התינוקות בגיטו היו יפים להפליא ופיקחים. גם שרה'לה היתה יפה, יפה מאוד. כמה אהבתי לשחק עמה! גרנו יחדיו בחדר אחד. רק אֵם היתה לה; זלאטה קראו לה והיא אחות אבי. שרה'לה את אביה שלה כבר לא הכירה. הוא גויס לצבא האדום ואיש לא ידע על גורלו. כיום הוא חי באחת מערי ארגנטינה או ברזיל.

שרה'לה אהבה מאוד לטייל. האוויר הדחוס של הבית היה מחניק אותה. ואני, כאמור, מאוד אהבתי לשחק עמה. הייתי תופס אותה ברגליה ומעמידה על הראש, מכסה אותה בשמי־כה — ומגלה; מטלטל אותה לכל הצדדים כאילו היתה כדור־משחק. והיא... כל פעם היתה חושפת שתי שיניה הקטנות וצחוק פעמונים שובה־לב היה מתפרץ מפיה. כמה אהבתי את צחוקה! כמה אהבתי אותה, את שרה'לה הפעוטה! היא היתה אושרם של כל דיירי הבית. היא תמיד צחקה! וצחוקה הדביק את כולנו!

בפעם האחרונה ראיתיה ביום ה„אַקציה". כולנו יחדיו צעדנו למרכז הגיטו. שרה'לה בזרועות אמה. כולנו, פנינו עצובות. וראה — גם פני שרה'לה עצובות הפעם... היא מביטה בנו בעיניה היפות וכולה רחמים; כאילו ידעה לאן אנו צועדים. לב התינוקת הרך חש את הכל... רק לא בכתה, שקטה היתה. אהרון דודי הוא אשר בכה עת העתיר נשיקות־פרידה על ידיה ועל פניה הרכות. אנחנו נפרדנו... כל אחד למקום מחבוא אחר, והיא, שרה'לה, בזרועות אמה, מביטה אחרינו בעצב, בפנים תמימות, כאילו היו שואלות: למה אתם הולכים ממני?

כן, הלכנו ממנה בלי להפנות את ראשנו. והגרמנים רצחו אותה, רצחו אותה בזרועות אמה! אל נקמות, אֵיכה?

צאלים, 1960

יחיאל אַבשטיין

# קינדער־קרבנות

ס'איז צוויי בייטאַכט,
איך שלאָף נישט איין.
איך ליג און טראַכט:
ווי קאָן עס זיין?

מיין זון מיין איינציקער
אַלט קוים צוועלף יאָר.
געווען אַ געראָטענער,
קלוג און שיין ביז גאָר.

איך האָב אים ליב געהאַט,
מיין טרייסט איז ער געווען.
כּונעם האַרץ דער ווייטיק
וועט קיינמאָל נישט פאַרגיין.

איך האָב געהאָפט: אויף דער עלטער,
אין אַ צייט פון נויט
וועט ער מיר העלפן זיכער,
אויך זאָגן קדיש נאָך מיין טויט.

אָבער די נאַצישע מערדער,
וואָס האָבן אים געטויט,
זענען פון חיות ערגער,
ווייל אַ חיה נישט פאַרשטייט.

און איך, זיין אַלטער פאָטער –
ווײי איז מיר און ווינד! —
ווייס נישט ווו זיין קבר
און זאָג קדיש נאָך מיין קינד.

יתגדל ויתקדש שמיה רבא!

פראַנקאַ גוראַלניק־שיינהערץ / ישראל

# איך בין געשפּרונגען פון צוג

נאָוועמבער, יאָר 1942. כ'בין אין לעמבערג מיט אַ פאַלשן סאָוויעטישן פּאַספּאָרט אויפן נאָמען פון בראָניסלאַוואַ ק. מיר זענען אַהער געקומען גלייך פון די וואָלינער וועלדער מיט אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט אַן אויסגעצייכנט אַריש אויסזען, מיט אַנטעקן. איצט שטייט דאָס פּראָבלעם פון איינמעלדן זיך.

אַך, ס'אַראַ נאַיוויטעט. כ'בין געגאַנגען זיך איינמעלדן פערזענלעך, אויספילנדיק די אַנטשפּרעכנדיקע פאָרמוליאַרן. די ריי צום איינמעלדן זיך איז געווען אַ גרויסע. כ'שטיי געדולדיק און וואַרט. ווען כ'בין צוגעגאַנגען צום פענצטערל, דערלאַנגענדיק מיינע פּאַפּירן, האָט אַ צווייטע באַאַמטין דערנעבן זיך אָנגערופן צו איר קאָלעגע, וועלכער באַדינט מיך: „דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ זשידיווקע", — אויף אוקראַיִניש. איך ענטפער פולשטענדיק נישט איבערראַשט, אַז אַלע מענטשן קאָנען נישט האָבן די זעלבע שיינקייט. מיין באַאַמטער פרעגט מיך וועגן אַ מעטריקע — איך ענטפער אים, יאָ, איך האָב, נאָר אין דער היים. ער דערלויבט מיך אַוועקגיין און כ'זאָל מאָרגן קומען מיט דער מעטריקע.

כ'קער זיך אום צו מיינע באַקאַנטע אויף דער אַרישער זייט, גאָרנישט דערציילנדיק זיי. כ'האַלט זיך אַן עצה מיט אַנטעקן — גיין, אָדער נישט גיין. אינדערפרי בין איך געגאַנגען. כ'האָב זיך באַדאַרפט איינמעלדן אויף פּיעקאַרסקאַ 1. כ'גיי און זוך און קאָן נישט געפינען די אַנטשפּרעכנדיקע טיר. מיר גייען אַרויס פון דאָזיקן בנין. אויף דער גאַס, ביי סאָביעסקיס דענקמאָל טו איך אַ וואָרף אַ מטבע — אָדלער, צי ציפער — גיין, אָדער נישט גיין? ס'איז געפאַלן אויף גיין. בין איך געגאַנגען. די ערשטע טיר וואָס כ'עפן — די דירעקציע. ס'זיצט שוין דאָרט אַ קאָנפידענט. ס'הייבן זיך אָן פראַגעס און ענטפערס. כ'בין אַריינגעפאַלן ביי אַ פראַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין עדוקאַציע, ווייל כ'האָב נישט געוווסט, ווו ס'האָט זיך געפונען מיין שול, ווו איך האָב כלומרשט געזאָלט לערנען. כ'בין אַוועק צוזאַמען מיטן געהיימאַגענט אין קאָמיסאַריאַט, ווו ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל, און פון דאָרט אין תּפיסה.

פון קאָמיסאַריאַט האָט מען צוזאַמען מיט מיר אַוועקגעפירט אַ מאַמע מיט אַ זון — אַריער, וועלכע מ'האָט באַשולדיקט אין הרגענען דעם טאַטן.

וועגן דער תּפיסה אויף לענצקי האָב איך געהערט, אַז פון דאָרט פירט איין וועג — קיין פּיאַסקי, דער פאַרניכטונגס־

פלאַץ אין לעמבערג. אין תפיסה האָט מען אונדז געגעבן זייף און אַ האַנטעך (איז דאָס נישט קיין פּאַראַדיז ?) און געפירט אין באָד. נאָך דער באָד האָט אונדז אונטערזוכט אַ דאָקטאָר. ערשט דאָ האָב איך דערזען, אַז כ׳בין נישט אַליין. די דייטשן האָבן אַהער צונויפגעפירט אויב נישט די גאַנצע שענסטע יידישע יוגנט. ס׳זענען געווען שיינע און פּראַקטיקע מיידלעך, די מער־הייט מיט אַ גוטן אַרישן אויסזען. נאָך דער באָד און אַ דעזינ־פעקציע פון דעם אָנטאָן האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין אַ קליינער צעלע אַ 40—50 נפשות. בייטאָג איז געווען ווי־עס־איז, ווייל מיר פלעגן אַרויסגיין אויף אַרבעט אין דער סביבה פון דער תפיסה. די נאַכט אָבער איז געווען איין קאָשמאַר.

אין תפיסה בין איך געזעסן אַ 2־3 וואָכן.

אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן איז געקומען אַ דייטש, האָט אונדז באַפוילן זיך אויסשטעלן פּאָרוויז אין רייען און אַרויסגעפירט אויפן תפיסה־פּלאַץ. דאָ האָט מען אונדז אַריינ־געזעצט אין אָפענע וואַגאָנעס, צוגעטשעפּעט צו אַ טראַמוויי. מיר זענען געפאָרן צום קלעפּעראָווסקער וואָקזאַל. ס׳האָט אונדז געהיט אויך יידישע מיליץ.

אין סאַמע צענטער שטאָט האָט איינע אַ פרוי אַן עפּן געטאָן אַ טיר און אַ זאָג געטאָן: „קינדער, ראַטעוועט זיך!״ עטלעכע מיידלעך זענען אַרויסגעשפּרונגען, אָבער מען האָט זיי אַלע געכאַפּט און זיי האָבן נאָך באַקומען מיט די קאָלבעס איבער די פּלייצעס, און מען האָט זיי צוריק אַריינגעשטופּט. מ׳האָט אונדז געבראַכט אויפן וואָקזאַל. פון דאָרט איז געווען צוצוגיין עטלעכע הונדערט מעטער צו (פי״) וואַגאָנעס.

אונדז האָט מען נישט אויסגעטאָן. די מאַנסלייט פון געטאָ האָט מען אויסגעטאָן.

אויפן וועג האָט איינע אַ געוויסע פרוי דרעזנעראָוואַ אַ זאָג געטאָן צו אַלע, מען זאָל אויפהייבן פון דער ערד אַ וועלכע שטיקלעך גלאָז, שטיינער, שפּיציקע זאַכן. מ׳האָט אונדז אַריינ־געשטופּט אין די וואַגאָנעס. אין דעם וואַגאָן האָבן זיך געפונען דורכויס אַרעסטירטע פרויען. אויפגעלאַדעוועט האָט מען אונדז בייטאָג, אָבער דער צוג האָט גערירט פון אָרט ערשט ביינאַכט. מ׳האָט אונדז גאָרנישט געגעבן, נישט צו טרינקען, נישט צו עסן.

פאַר דער גאַנצער צייט וואָס מיר זענען געזעסן האָבן מיר אויסגעקריצט שטריכן אין די ברעטער פון די וואַגאָנעס, אין אַ זייטיקער וואַנט. אַ יידישער פּאָליציאַנט האָט פון דרויסן פאַר־קלאַפּט דאָס פענצטער מיט שטעכלדראָט. מיר האָבן געשמועסט צווישן זיך, אַז ווען מען וועט דאַרפן אַראָפּנעמען די דאָזיקע דראָטן, איז סיידן מיט שערן.

ביינאַכט האָט דער צוג גערירט. ס׳איז געפאַלן אַ שניי. ס׳איז געווען שיין אויף דער וועלט. מיר האָבן געוווּסט, אַז מען פירט אונדז אומברענגען — צו מאַכן פון אונדז זייף. מ׳האָט אונדז געפירט קיין בעלזשעץ — דאָס איז געווען אויס־שליסלעך אַ טויט־לאַגער. דער צוג איז געגאַנגען. מיר האָבן גענומען דריקן די ברעטער, וועלכע זענען געווען באַצייכנט מיט די שטריכן. זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן. ס׳איז געוואָרן אַ געגוג אַנזעעווודיקע עפענונג. די דראָטן, מיט וועלכע דאָס פענצטער איז געווען פאַרקלאַפּט, זענען אַראָפּגעפאַלן. זענען שוין געווען אין וואַגאָן צוויי ערטער אַרויסצושפּרינגען. מיר האָבן געבענטשט דעם פּאָליציאַנט, וועלכער האָט די דראָטן צוגע־קלאַפּט, ווייל מיטן האַרץ איז ער זיכער געווען מיט אונדז.

איך בין אַרויסגעשפּרונגען די דריטע לויט דער ריי. כ׳בין געווען אַזויפיל ביים געדאַנק, אַז כ׳האָב געקוקט, צי דאָס אָרט איז אַ פּאַסיקער צום שפּרינגען און צי מיין מאַנטל וועט זיך נישט ביי עפּעס פאַרטשעפּען. איבער זיך האָב איך קיין ביקס נישט געזען, — בין איך געשפּרונגען. כ׳בין גוט געשפּרונגען. ביים סוף צוג איז געווען אַ בודקע מיט אַ באַוואָפנטע זשאַנדאַר־מעריע, און זיי האָבן געשאָסן. זיי האָבן מיר געטראָפן. די האַנט איז מיר געווען דורכגעשאָסן. נאָך גרויסע מאַטערנישן האָט זיך מיר איינגעגעבן צו קומען צוריק אין געטאָ.

1960



אַנדענק־טאַוול פאַר די קדושים אין לויצקער הויז אין בוענאָס־איירעס

א. פרידבוים־פּאַמיענקאָ / אשקלון

# וויטאַלד פּאַמיענקא

וויטאַלד פּאַמיענקאָ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1905 אין וואַרשע, ווי אַ זון פון אַנטאָנינאַ און דמיטר פּאַמיענקאָ. אַלס יינגל פּאָרט ער אַריבער מיט זיינע עלטערן קיין כעלם, ווו ער וואַקסט צווישן יידישע קינדער, חברט זיך מיט חדר־יינגלעך, רעדט און שרייבט יידיש, קען אַלע יידישע מנהגים.



וויטאַלד פּאַמיענקאָ

צו 17 יאָר פּאַרלאָזט ער דעם לערער־סעמיטאַר, נאָכן פּאַרענדיקן דריי קורסן, און הייבט אָן צוהעלפן זיינע עלטערן אין דער פּרנסה. גיט קאָרעפּעטיציעס און לעקציעס אין מוזיק, נאָכדעם ווי ער האָט ביי זיין פּאָטער געלערנט שפּילן אויף בלאָז־אינסטרומענטן.

אין יאָר 1924 קומט ער קיין לויצק צוזאַמען מיט זיין פּאָטער, ווו זיי שפּילן ביידע אין מיליטערישן אָרקעסטער פון 24־טן פּיעכאָטע־פּולק. זיין פרייע צייט פּאַרברענגט ער אין יידישער געזעלשאַפט, מיט יידישע מוזיקער, צווישן זיי — קאַפּע, קוזניעץ, מלמד און אַנדערע. ער גיט אויך לעקציעס פון מוזיק. אויך מיין ברודער, וועלכער געפינט זיך איצט אין רוסלאַנד, האָט געלערנט ביי פּאַמיענקאָ שפּילן סאַקסאָפאָן. דורך מיין פּאָטער, משה, אַ סטאָלינער חסיד, באַקענט זיך פּאַמיענקאָ מיטן סטאָלינער רבין, רבי יוחנן פּערלאָוו ז״ל, און לייגט פאַר דעם רבין אָנצושרייבן פאַר אים אַ פּאָר חסידישע ניגונים פון זיין אייגענער קאָמפּאָזיציע. דער רבי נעמט אָן זיין פּאָרשלאַג, און פּאַמיענקאָס ניגונים ווערן געזונגען דורך די סטאָלינער חסידים.

פון דאַן ווערט פּאַמיענקאָ פון צייט צו צייט פאַרבעטן צום רבין. ווי וויטאָלד גיט איבער, האָט דער רבי געשפּילט פידל, און זיי פלעגן בייאַנאַנד שפּילן פאַרשידענע ניגונים.

איניקע יאָר פאַרן מלחמה־אויסברוך מוז פּאַמיענקאָ, לויט אַ פאַראָרדענונג פון דאָקטאָר, איבעררייסן דאָס שפּילן. תלמידים צו לערנען מוזיק זענען אויך נישטאָ. פּאַמיענקאָ זוכט פּרנסה און געפינט זי אין אַ ניי פאַך. נחום סופר, אַליין אַ סאַקסאָפאָניסט און אַ שערער, נעמט אַריין צו זיך אין ראַזיר־אַנשטאַלט פּאַמיענקאָן און לערנט אים אויס דאָס פאַך, וואָס ווערט זיין הויפּט־פּרנסה.

פּאַמיענקאָ ווערט דאַן נאָך מער נאָענט דער יידישער געזעלשאַפט. ער אינטערעסירט זיך באַזונדער מיט דער באַוועגונג פון בית״ר, ווו ס'זענען טעטיק זיינע חברים, ראַפּאָפּאָרט און שפּיצמאַן (ביידע — היינט אין ישראל).

אין יאָר 1941, ווען די דייטשן פאַרנעמען לויצק, פילט דאָס פּאַמיענקאָ אָפּ נישט ווייניקער ווי די יידן. ס'הייבן זיך אָן די רויבערייען פון יידישן האָב־און־גוטס. מענטשן בלייבן אָן ברויט. פּאַמיענקאָ פילט, אַז ער דאַרף מיט וואָס עס איז מעגלעך העלפן זיינע יידישע פריינד. ער פאַרלייגט אַ גרעסערן ראַזיר־אַנשטאַלט. דאָס געשעפט פּראָספּערירט גוט, און ער באַשעפטיקט 6 אַרבעטער. זיינע קליענטן: דייטשע זעלנער, זשאַנדאַרמען, די באַוווסטע ס.ס.־לייט, אוקראַינישע פּאָליציאַנטן, זיין „שיין קלינגענדיקער" אוקראַינישער נאָמען ציט צו די קליענטעלע פון דייטשע און אוקראַינישע מערדער. פּאַמיענקאָ באַשעפטיקט איניקע יידישע שערער און אָרדנט איין יידן אויך ביי אַנדערע קריסטלעכע פריזירער. אויף זייער אַ קורצער צייט באַפרייט דאָס די דאָזיקע יידן פון אַנדערע נישט־לוינבאַרע אַרבעטן. עס דויערט אָבער נישט קיין סך צייט.

אין איינעם אַ טרויעריקן טאָג זעט פּאַמיענקאָ דעם טראַגישן גאַנג פון טויזנטער יידן, זקנים און קינדער, געטריבענע מיט זייערע פּעקלעך אין געטאָ אַריין. דאָס בילד פון די גערודפטע מאַכט אויף אים אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. ער באַשליסט ביי זיך צו קעמפן קעגן דער נאַצישער און ראַסיסטישער בעסטיע מיט אַלע מיטלען.

דאָס געטאָ ווערט ביי פּאַמיענקאָן די צווייטע היים, און אפשר ריכטיקער — די ערשטע היים. אַלץ וואָס ער פאַרדינט, גיט ער אויס אויף ברויט, האָלץ און רפואות פאַר די ליידנדיקע. דער אַריינפאָר אין געטאָ איז פאַרבאָטן, און פאַר עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט דראָט טויט־שטראָף. פּאַמיענקאָ באַקומט אַ ידיעה, אַז די אַלגעמיינע קיך, וועלכע קאָכט מיטאָגן פאַר די אָרעמסטע, דאַרף האָבן האָלץ. פּאַמיענקאָ קויפט אויפן מאַרק אַ פורל האָלץ, זעצט זיך אַליין אַרויף אויף דעם, נעמט די לייצעס פון דעם פויער און פאָרט אַריין אין געטאָ. ער לאַדעוועט אָפּ דאָס האָלץ און פאָרט צוריק. איינמאָל טרעפן אים די דייטשן, אָבער ער באַגעגנט זיי מיט אַ „הייל היטלער" און פאָרט זיך געלאַסן ווייטער דורך דער באַזיליאַנער בריק. ער נוצט אויס די באַקאַנטשאַפטן מיט זיינע קליענטן פון ראַזיר־אַנשטאַלט און שמוגלט ווייטער אַריין פאַרשידענע פּראָדוקטן אין געטאָ.

די יידן אין געטאָ האָבן געוווסט, אַז ווען פּאַמיענקאָ ברענגט קאַרטאָפל, האָלץ, רפואות און אַנדערע זאַכן, טאָר מען אים נישט באַצאָלן, אַפילו נישט דאַנקען. אין געטאָ זענען אויך געווען יידן, וועלכע האָבן נאָך נישט געדאַרפט אָנקומען צו פּאַמיענקאָס מאַטעריעלער הילף, אָבער געהאַט צו אים אַנדערע בקשות. איניקע פון זיי האָבן געהאַט אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן אין שטאָט פאַרשידענע סחורות, האָבן זיי אים געבעטן ער זאָל די סחורות אָפּנעמען. פּאַמיענקאָ פלעגט דאַן נעמען די דאָזיקע סחורות, אויסטוישן זיי אויף עסנוואַרג און אַריינפירן עס אין געטאָ.

יידן אין געטאָ האָבן געוווסט, ווען פּאַמיענקאָ דאַרף קומען, פלעגן זיי שוין וואַרטן אויף אים אויפן געהעריקן אָרט, ווער צו הערן פּאָליטישע נייעס, ווער מיט עפּעס אַ ביטע. פּאַמיענקאָ פלעגט אַלעמען באַפרידיקן. דערציילן לעצטע נייעס פון פראָנט און מוטיקן אַלעמען. ער פלעגט אפילו נישט איינמאָל אַליין שאַפן יידישע לידלעך, וועלכע מען האָט אין געטאָ געזונגען.

וו. פּאָמיענקאָס יידיש

נישט אַלץ געדענק איך, אָבער אַט זענען פיר פערזן פון אַ לידל, וואָס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון:

דער בייזער דייטש האָט אָנגעהויבן אַ ווילדע בליץ־מלחמה,
ער האָט פאַרברענט אַ האַלבע וועלט און נעמט פון יידן נקמה,
ער האָט געמאַכט גרויסע געטאָס די אַמעריקאַנער אויף להכעיס,
אָבער די יידן, כאָטש אין געטאָ, האָבן אים אין ט...

און אָט איז אַ צווייט לידל:

פריילעך יידן, נישט געזאָרגט, די ישועה וועט דאָך קומען,
דער ממזר, דער ימח־שמוניק, וועט איינגעמען אַ מיתה־משונה.
ער האָט פאַרפירט אַ קריג מיט רוסלאַנד, כדי צו ווערן
אַ גרויסער מלך,
אָבער נעבן מאַסקווע שטייט ער, און ס׳איז אים גאָרנישט פריילעך...

אַן אַנדערס מאָל האָט פּאָמיענקאָ געבראַכט אין געטאָ דעם פאָלגנדיקן וויץ: פאַרוואָס ראַבעווען די דייטשן יידישע פּאַטעלן און שטולן? — ווייל זיי שטייען שוין נעבן מאַסקווע צו לאַנג און מוזן זיך אַ ביסל צוזעצן...

דאָס לידל, דער וויץ, די פּאָליטישע ידיעות, וועלכע פּאָ־מיענקאָ פלעגט ברענגען, האָבן געהויבן דעם מוט און די מאָראַל פון די אין געטאָ פאַרשפּאַרטע יידן.

אין געטאָ האָט זיך געפונען אַ פרוי מיטן נאָמען פריידע קאַנטאָר, וועלכע פלעגט פּאָמיענקאָן אָנווייזן, וועלכע יידן נייטיקן זיך אַממערסטן אין זיין הילף. די זעלבע פרוי האָט צוויי טאָג פאַר איר דערמאָרדונג, האָבנדיק אַ פאָרגעפיל וואָס עס דער־וואַרט די יידן, געשריבן אַ בריוו צו אירע קרובים אין אַמעריקע (פאַמיליע בתיה פּאָליאַק), אין וועלכן זי האָט געבראַכט צום אויסדרוק דיליידן און געפילן פון די יידן עטלעכע טעג פאַר דער שחיטה. דער בריוו איז זיינערצייט געדרוקט געוואָרן אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע.

פּאָמיענקאָ האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט אַריינברענגען עסנוואַרג און רפואות אין געטאָ. ער האָט אויך באַשלאָסן צו ראַטעווען יידן דורך אַרויספירן זיי פון געטאָ און איינאָרדענען אויף דער אַרישער זייט.

אין לויצק זענען אין יענער צייט געווען אַ סך פּליטים פון קאָנגרעס־פּוילן, געקומענע מיטן גרויסן פּליטים־שטראָם פון סעפּטעמבער 1939. צווישן זיי פיל מיט אַרישן אויסזען און אויסשפּראַך, אָפט אַפילו מיט „אַרישע" נעמען. פּאָמיענקאָ באַקומט אַ ניי פעלד פון אַרבעט. ער מאַכט פאַר זיי, וויפל ער קאָן נאָר, פאַלשע פּאַפּירן. פון זיינעם אַ פריינד, אַ פּאָליאַק, באַקומט ער אָריגינעלע בלאַנקן א. נ. „פּאַסווידקע אוקראַאינסקע". איצט פעלט נאָר דער שטעמפּל און דער אונטערשריפט פונעם שטאָט־פּרעזידענט. דאָ קומען אים צוהילף די ברידער ראָפּאָ־פּאָרט, וועלכע קענען דאָס פאַך און מאַכן אין געטאָ פאַלשע שטעמפּלען און פעלשן אויך דעם אונטערשריפט פון דעם שטאָט־פּרעזידענט טיראַווסקי. פאַר אַזאַ דאָקומענט צאָלט פּאָמיענקאָ 2500 קאַרבאָוואַנצעס. אַ טייל פּליטים פאַרלאָזן אַדאַנק דעם געפעלשטן פּאַספּאָרט דעם געטאָ און לאָזן זיך אויף דער „פרייער וועלט" אַלס „אַריער".

וועלנדיק איינשפּאָרן געלט פאַר פאַלשע דאָקומענטן, זוכט פּאָמיענקאָ אַ וועג צו מאַכן אָפיציעל, אין מאַגיסטראַט, אמתע דאָקומענטן. אין מאַגיסטראַט אַרבעט פּאָמיענקאָס אַ פריינד מיטן נאָמען בזשעזינסקי. דער לעצטער איז מסכים אויף פּאָמיענקאָס ווענדונג אָנצונעמען פאַלשע עדות, און גיט אַרויס די קליענטן אַרישע דאָקומענטן. נישט שטענדיק אָבער איז די זאַך אָפּגעגאַנגען גלאַטיק.

צווישן אַנדערע האָט פּאָמיענקאָ באַשלאָסן צו מאַכן אויף דעם אופן דאָקומענטן פאַר אסתר־קע מילנער. שטייענדיק ביים פענצטער פונעם דערמאָנטן באַאַמטן בזשעזינסקי, דערקענט אסתרן אַן אוקראַאינער אָרלאָוו, אַן אַרטיסט, און מעלדעט דעם אַרויסגעבער, אַז דאָס איז אַ יידיש מיידל. בזשעזינסקי פּרוווט זי אומזיסט פאַרטיידיקן. אסתר ווערט אַרעסטירט און די פעדעם פון דעם ענין פירן צו פּאָמיענקאָ. אויך ער און זיין פּאָטער ווערן געפּייניקט. זיי פאַרענטפערן זיך, אַז זיי קענען דאָס מיידל, וועלכע האָט אַ געוויסע צייט געוווינט ביי דער משפחה פּאָמיענקאָ אַלס אוקראַאינערין. צום גליק מישט זיך אַריין דער דייטשער קאָמענדאַנט, וואָרשיינלעך אויך אַ קליענט פון פּאָמיענקאָס ראַזיר־אַנשטאַלט און ער מיטן פּאָטער ווערן באַפרייט. אסתר מילנער ווערט אָפּגעשיקט קיין ראָוונע אין דער קאָמענדע פון געסטאַפּאָ, ווו זי ווערט פאַרפּייניקט צום טויט. פּאָמיענקאָ בלייבט אומדערשראָקן און זעצט פאָר זיין

אַרבעט פון אַריבערפירן יידן פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט.

אין אויגוסט 1942 רינגלען די דייטשן אַרום דעם געטאָ און דערמאָרדן במשך פון אייניקע טעג העכער 17 טויזנט יידן. אין יענער צייט זענען באַשעפטיקט געווען ביי פאַרשידענע אַרבעטן אויסערן געטאָ אייניקע הונדערט יידן. אויך איך האָב געאַרבעט אין אַ דאָרף, פּאָדהייעץ, מיט אַ גרופּע מענער און פרויען. מיין יינגערע שוועסטער פלעגט קומען צו מיר יעדע וואָך. מיר פלעגן צוזאַמענעמען, ווי עס האָט זיך געלאָזט, קרויט, קאַרטאָפל און אַנדערע גרינס, און זי פלעגט דאָס צוריקפירן אין געטאָ. איינמאָל איז זי צוריקגעקומען צו מיר און דערציילט מיט געוויין, אַז מענטשן האָבן אויפן וועג גערעדט וועגן דעם, אַז די נאַכט איז דאָס געטאָ ליקווידירט געוואָרן.

אין דער גרופּע איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. יעדער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי זיך צו ראַטעווען, אָבער אַלע האָבן געוווסט, אַז דער גורל איז געחתמעט. ווער עס האָט געהאַט געלד, האָט געפונען פאַר זיך אַ צייטווייליק לאָך זיך אויסצובאַהאַלטן. מיין שוועסטער האָט פאָרגעשלאָגן זיך צו פאַרבונדן מיט פּאָמיענקאָ, ער זאָל אונדז צוגרייטן אַרישע פּאַפּירן, און מיר וועלן זיך קאָנען לאָזן זיך אין וועג אַריין אַהין, ווו מען וועט אונדז נישט דערקענען. מיר האָבן צווויסן געטאָן פּאָמיענקאָן און ער איז גלייך געקומען. ער האָט אונדז געפונען הונגעריקע און קרעציקע. ער אַנטוויקלט אַ נייע הילפס־אַרבעט. מיר באַקומען פון אים פּראָדוקטן און רפואות קעגן הויטקראַנקייטן. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ביי אים אין שטוב באַהאַלטן זיך אויס אייניקע יידן. ער ברענגט זיי קיין פּאָדהייעץ, וויסנדיק, אַז כל־זמן עס דויערט דער שניט, וועט מען די יידן דאָרט דערווייל לעבן לאָזן. אייניקע יידן, וועלכע האָבן געהאַט אַ „גוטן" אויסזען און געקענט גוט די שפּראַך, באַקומען דורך פּאָמיענקאָ פּאַפּירן, און דורך אים געדונגענע אוקראַאינישע שאָפערן פון „אוקראַאינאַ־פילם" פירן זיי אַריבער אין אַנדערע געגנטן. פאַר מיר און מיין שוועסטער האָט ער קיין פּאַפּירן נישט געוואָלט מאַכן: מיר האָבן געהאַט טונקעלע האָר, און פון אונדזערע אויגן האָט מען געלייענט פּאַנישע שרעק. מיט אַזעלכע צוויי סימנים פלעגט מען אָפט אַריינפּאַלן. מיר האָבן אים געבעטן, פאַררופנדיק זיך אויף דער פריינדשאַפט מיט אונדזער פאָטער און אונדזער שטוב בכלל, ער זאָל פאַר אונדז עפּעס אויפטאָן, מיר זאָלן קאָנען זיך אויסבאַהאַלטן. ביי זיך אין שטוב האָט ער דערווייל גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. זיי האָבן געוווינט מיט אַ שכן און געהאַט אַ בשותפותדיקע קיך. ביי זיינער אַ באַקאַנטער טשעכין זענען שוין געווען פּאַליאַ קרוין און מיטעק ראַדזיק, דער איידעם פון סופרן. פּאָמיענקאָ האָט געצאָלט דער טשעכין פאַר אויסהאַלטןביידע יידן און געפּרוווט איר פאָרלייגן, זי זאָל אויך אונדז נעמען צו זיך. נאָך אַ געוויסער וואַקלונג האָט די טשעכין מסכים געווען, און מיר זענען אַהין אַריבערגעגאַנגען. כדי צו צאַפּן פון אונדז מער געלט, האָט די טשעכין דערציילט, אַז איר מאַן ווייסט נישט, אַז עס געפינען זיך ביי איר יידן. דערנאָך האָט זי חרטה געהאַט און געפאָדערט פון פּאָמיענקאָן, ער זאָל אונדז צונעמען.

אין יענער צייט פלעגט פּאָמיענקאָ גיין אין רואינירטן געטאָ, ווו עס האָבן זיך געוואַלגערט פאַרשידענע זאַכן, און צווישן זיי פּאָטאָגראַפיעס. פּאָמיענקאָ פלעגט זאַמלען פּאָטאָגראַפיעס פון אומגעקומענע יידן און אויף דער אַנדערער זייט אָנשרייבן וואָס דאָס בילד באַדייט... איינמאָל, בעת אַזאַ באַזוך אין געטאָ, האָט ער באַמערקט נישט ווייט פון דער גרויסער שול אַ הויז, וואָס האָט געהערט צו אַ געוויסער קריסטין און איז שטיין געבליבן גאַנץ נאָך דעם חורבן. ער באַקוקט דאָס הויז און באַשליסט, אַז דאָס איז טאַקע דאָס וואָס ער זוכט: אַ דירה, אין אַ זייטיק אָרט, ווו מען קאָן זיך אויסבאַהאַלטן פון נישט־געוווּנטשענע, נייגעריקע אויגן. ער דינגט די דירה און פירט אַהין אַריבער זיינע עלטערן, מיך און מיין שוועסטער.

אין דער זעלבער צייט האָט ער צופעליק געטראָפן אין גאַס אַ מיידעלע פון 11 יאָר. באַלד דערקענט ער, אַז דאָס איז אַ יידיש קינד, באַשליסט ער אויך זי צו ראַטעווען. ער ברענגט דאָס קינד, רייזעלע גרינשפּאַן, אַהיים צו זיין מאַמען, און איבערצייגט זי, אַז ראַטעווענדיק דאָס קינד, וועט זי עס דערציען אין קריסטלעכן גייסט. רייזעלע גייט מיט פּאָמיענקאָס מוטער אין קלויסטער און פירט זיך אויף, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ געהאָרכזאַם קריסטלעך קינד.

זייענדיק באַהאַלטן ביי פּאָמיענקאָן, האָבן מיר נאָכנישט געוווּסט, אַז אויך אונדזער ברודער, ישראל, איז געלונגען צו ראַטעווען זיך. ער האָט זיך ערגעץ־ווו אויסבאַהאַלטן. מוזנדיק ענדערן דאָס אָרט, האָט ער זיך געווענדעט צו פּאָמיענקאָן, און איז אַריבערגעפירט געוואָרן צו אונדז.

אין יענער צייט האָט פּאָמיענקאָ געהאַט אויסבאַהאַלטן צוויי יידן ביי דער טשעכין, פיר ביי זיך אין דער היים, און רחלע זאַפּראַן ביי זיין שוועסטער. די לעצטע האָט אָבער מער נישט געקאָנט האַלטן רחלען. אויסנוצנדיק דעם פאַקט וואָס די דייטשן מאָביליזירן גראָד קריסטינס אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, באַקומט פּאָמיענקאָ פאַר רחלען אַ טויף־מעטריקע און שיקט זי אַלס „אַריערין" קיין דייטשלאַנד.

ענלעכע דאָקומענטן האָבן אַדאַנק פּאָמיענקאָן באַקומען אויך נעכע סאַנדלער, עטל געלער און בן־ציון בערנהאָלץ. היות די קאַנדידאַטן צו פאָרן קיין דייטשלאַנד האָבן געדאַרפט פערזענלעך זיך צושטעלן צו דער קאָמיסיע, און בערנהאָלץ האָט דאָס צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות נישט געקאָנט טאָן, האָט פּאָמיענקאָ איבערגעקויפט דעם ד"ר זאַלעווסקי און מיט זיין וויסן זיך אַליין צוגעשטעלט צו דער קאָמיסיע אָנשטאָט בערנהאָלצן.

שוין נאָכן ליקווידירן דעם געטאָ האָבן די דייטשן געהאַט איבערגעלאָזט אַזוי גערופענע פּאַכלייט אין צוויי לאַגערן. פּאָמיענקאָ פלעגט זיך דערנענטערן צו די לאַגערן און מיט אויספייפן די מעלאָדיע פון „התקוה" געבן צו וויסן, אַז ער איז געקומען זיי באַזוכן. אברהם זיגעלבוים, דודקע ליבובער, די ברידער גאַלמיץ האָבן אים אָפט איבערגעגעבן אַדרעסן פון קריסטן, ביי וועלכע עס זענען געווען אויסבאַהאַלטן יידישע זאַכן. ער פלעגט אָפּנעמען די זאַכן, סחורה, אויסטוישן דאָס אויף עסנוואַרג און ברענגען אין לאַגער אַריין. דאָס האָט געדויערט ביזן 12־טן דעצעמבער 1942, ווען מען האָט אויך די יידישע פּאַכלייט אויסגעמאָרדעט.

מיט פּאָמיענקאָס הילף איז אייניקע יידן פון דאָזיקן לאַגער געלונגען צו אַנטלויפן.

לויצק איז געבליבן „יידן־ריין". אָבער פּאָמיענקאָ האָט געוווּסט מער ווי די היטלער־לייט וועגן די לויצקער יידן.

ער האָט אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט אַלע קעמערלעך. ער האָט אַלעמען געהאָלפן. ווו ער אַליין האָט נישט געקאָנט גיין, האָט ער געשיקט זיין אַלטן פאָטער מיט טאַבאַק און ברויט. אָבער שערן פלעגט ער אַלעמען אַליין. דאָס איז געווען זייער וויכטיק, ווייל אין פאַל פון אַ געפאַר, ווען מען האָט געדאַרפט לויפן פון דער באַהעלטעניש, איז דאָס זיין פאַרוואָקסן געווען אַ קענצייכן פון די גערודפטע יידן. דערביי פלעגט פאָמיענקאָ אַלעמען צוגעבן מוט און טרייסטן, אַז „עס וועט נאָך אַמאָל גוט זיין".

צוויי אומדערשראָקענע יידישע בחורים, אָשר גאָלדבערג און עמיל עלבירט, זייענדיק אַליין אויסבאַהאַלטן, האָבן מיטגעאַרבעט מיט פאָמיענקאָן. ער פלעגט זיי איבערגעבן די אַדרעסן פון יענע קריסטן, ביי וועלכע עס איז געווען אויסבאַהאַלטן יידיש גוטס. שפּעט ביינאַכט פלעגן גאָלדבערג און עלבירט באַזוכן די קריסטן און פאָדערן פון זיי צוריקגעבן די זאַכן. מיט גוטנס אָדער מיט בייזנס, פאָרשטעלנדיק זיך פאַר פאַרטיזאַנער, האָבן זיי געצווונגען די קריסטן אָפּצוגעבן דאָס וואָס יידן האָבן ביי זיי איבערגעלאָזט. צווישן אַנדערן האָבן זיי אָפּגענומען ביי דעם אינזשיניער ליפּינסקי אַ קאַראַקולן מאַנטל. זייער באַלעבאָסטע האָט עס פאַרקויפט און מיטן געלט אויסגעהאַלטן די באַהאַלטענע יידן. בעת אַזעלכע „באַזוכן" ביי די קריסטן פלעגט פאָמיענקאָ געוויינלעך שטיין אויף דער וואַך, אָפּנעמען באַלד די זאַכן און אויפּפּאַסן זיי זאָלן קאָנען אומגעשטערט אַנטרינען.

צום באַדויערן איז נישט שטענדיק אַלץ געלונגען. צווישן אַנדערע האָבן גאָלדבערג און עלבירט באַזוכט אין איינער אַ נאַכט דעם ד"ר ליפּינסקי, ביי וועלכן עס זענען אויך געווען יידישע זאַכן. דער דאָקטאָר האָט זיי זייער העפלעך אויפגענומען און געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז די זאַכן געפונען זיך נישט ביי אים, דעריבער בעט ער זיי קומען אַ צווייט מאָל — אין דריי טעג אַרום. פאָמיענקאָ האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס גראָבט ליפּינסקי אַ גרוב אונטער די יידישע בחורים. ער האָט זיי נישט דערלויבט צו גיין נאָכאַמאָל צו ליפּינסקין. עלבירט האָט אים אָבער נישט געהערט און איז געגאַנגען אויף אייגענער האַנט. פאָמיענקאָ איז צום באַדויערן גערעכט געווען. ביי ליפּינסקין האָט שוין אויף עלבירטן געוואַרט די געסטאַפּאָ. ער איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן און, ווי מען האָט איבערגעגעבן, האָט מען אים שטאַרק געפּייניקט, ער זאָל אויסגעבן די באַהעלטעניש פון די אַנדערע יידן. ער האָט זיך אָבער נישט איינגעבראָכן. וויסנדיק וואָס עס דערוואַרט אים, האָט עלבירט באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד און זיך אויפגעהאָנגען אין דער תפיסה־קאַמער, נישט אויסגעבנדיק קיינעם.

אָשר גאָלדבערג האָט דורכגעלעבט דעם קריג און געפינט זיך איצט אין ישראל. צוזאַמען מיט עלבירטן און מאָטל שטערנבוים האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסטלעכער פאַמיליע מיטן נאָמען ביטאָמסקי. מען האָט זיי אָבער געמסרט. צוויי זענען אַנטלאָפן באַצייטנס און מאָטל שטערנבוים איז געכאַפּט געוואָרן. ער און די קריסטלעכע פרוי ביטאָמסקאַ זענען דערשאָסן געוואָרן.

אַן אַנדער באַהעלטעניש איז געווען אויף זאַמקאָווע גאַס. דאָרט האָבן זיך געפינען ניין יידן: דאַל (פון דער אַפּטייק) מיט זיין פרוי, פרוי בורשטאָק (געשטאָרבן אין ישראל אין מערץ 1959), שלום פאַבריקאַנט, מאַניע וורצעל, אברהם זיגלבוים, מאַניע גערניס — איצט די פרוי פון א. זיגלבוים, אָשר גאָלדבערג און זוסמאַן. אויך די דאָזיקע יידן האָבן טיילווייז באַקומען הילף דורך פאָמיענקאָ. זיין פאָטער פלעגט זיי ברענגען עסנוואַרג, און גאָלדבערג מיט זוסמאַנען האָבן די אָפּגענומענע זאַכן (נאָך עלבירטס אומקום) ווייטער אויסגעטוישט דורך פאָמיענקאָן אויף פּראָדוקטן.

איינמאָל, ערב־ווייינאַכט, האָט פאָמיענקאָ געבראַכט צו זיך אין שטוב אויף יום־טוב אַלע באַהאַלטענע יידן. אמת, זיינע עלטערן האָבן שטאַרק געציטערט און מיט רעכט, אָבער פאַר אונדז לעבנגעבליבענע יידן איז דאָס געווען אַ גרויס געשעעניש. מיר זענען דערמוטיקט געוואָרן שוין דורך דעם פאַקט אַליין, אַז עס זענען נאָך פאַראַן קריסטן, וואָס האָבן מוט צו זיצן אין אַזעלכע פינצטערע צייטן מיט יידן אין דער הייליקער ניטל־נאַכט.

דאָס באַהעלטעניש אויף זאַמקאָווע איז אָבער אין קורצן געמסרט געוואָרן. איינער, אַן אוקראַאינער אַדמיניסטראַטאָר האָט באַקומען דעם פאַרדאַכט, אַז אין דעם אָפּגעשלאָסענעם צימער געפינען זיך יידן. ווען די באַלעבאָסטע האָט אים נישט געוואָלט געבן דעם שליסל פון צימער, האָט דער אוקראַאינער גערופן די דייטשע פּאָליציי. די יידן האָבן געמוזט לויפן. אָבער נישט אַלע זענען געלאָפן — פאַבריקאַנט און מאַניע וורצעל האָבן באַשלאָסן צו בלייבן און זענען פאַרנומען געוואָרן צוזאַמען מיט דער באַלעבאָסטעס אַלטער מוטער. די אַנטלאָפענע זענען, פאַרשטענדלעך, געקומען צו פאָמיענקאָן. ער האָט אַ טייל פון די יידן איינגעאָרדנט אין דער געגנט. ביי אים איז געבליבן בלויז די יונגע באַלעבאָסטע, ביי וועלכער די יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. היות די פּאָליציי האָט זי אַרומגעזוכט. האָט ער זי באַזאָרגט מיט דאָקומענטן און געלט און אָפּגעשיקט קיין פּינסק. איצט האָט ער זיך גענומען צו באַפרייען די מוטער אירע. ער איז אַליין אַוועק אין דער פּאָליציי און האָט פאַרגעלייגט, אַז ער וועט אויסגעפינען די טאָכטער, וועלכע איז די שולדיקע אינעם „פאַרברעכן" און די זקנה זאָל מען באַפרייען. דאָס פאָרטל איז אים געלונגען. מען האָט די מוטער באַפרייט. אָבער אין קורצן האָט די אַלטע באַלעבאָסטע באַשלאָסן צו שאַנטאַזשירן פאָמיענקאָן. זי האָט ביי אים געפּרעסט געלט און געדראָט, אַז זי וועט אַלץ דערציילן. פאָמיענקאָ האָט זיך אָבער נישט דערשראָקן און איר געזאָגט, אַז ער איז נישט אַליין, מיט אים אַרבעט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, און אויב עס וועט מיט אים עפּעס געשען, וועט איר גאַנצע משפחה אומקומען. פון דאַן אָן האָט זי אים צורו געלאָזט.

אויך אַ צווייטע אוקראַאינקע האָט אים אַמאָל געפּרווט שאַנטאַזשירן. זי האָט געוווּסט אַז ער העלפט יידן, ווייל ער האָט אויך זי געבעטן אויסבאַהאַלטן מ. שטערנבוים. זי האָט אָפּגעזאָגט און שפּעטער אים מיט דעם געדראָט. ער האָט אויף דעם זעלבן אופן ווי מיט דער דערמאָנטער מוטער זיך באַפרייט אויך פון דער צווייטער. איר נאָמען איז געווען נאַדיאַ סודניק.

אַן אוקראַאינישער פּאָליציאַנט האָט פאָמיענקאָן אַמאָל איבערגעגעבן, אַז ער איז פאַרדעכטיקט אין אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט באַהאַלטענע יידן. האָט ער אויף אַ געוויסער צייט זיך שטאַרקער געהיט, און ווען מען האָט אים אויפגעהערט נאָכצושפּירן, האָט ער ווידער מיט אמתער מסירת־נפש געהאָלפן די באַהאַלטענע יידן. און אַזוי שוין ביז דער באַפרייונג.

ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט זיך מיר דער אומקום פון פאַליע קרוין. זי האָט געהאַט צוטרוי צו איר אַרישן אויסזען און איז גאַנץ אָפּט געקומען פון דאָרף אין שטאָט. איינמאָל האָט מען זי אויף דער גאַס דערקענט און אַרעסטירט. מען האָט זי געפּייניקט, זי האָט אָבער קיינעם נישט אויסגעגעבן. דער ייד, וועלכער איז געווען מיט איר צוזאַמען, געפינט זיך איצט אין קאַנאַדע. ליידער האָבן מיר נישט קיין קאָנטאַקט מיט אים.

רייזעלע זאַפראַן איז צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד און האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידישן דאָקטאָר פון ראַטנפאַרבאַנד. רייזעלע געפינט זיך אין קאַנאַדע און מיר שטייען מיט איר אין פאַרבינדונג. צום באַדויערן אָבער, געדענקען אונדז נישט אַלע. אַ טייל דערציילן וועגן זייער העלדישקייט ווי פאַרטיזאַנער, קאָנען זיי שוין במילא נישט דערציילן וועגן פאָמיענקאָן און זיין הילף.

ווען פאָמיענקאָ האָט געראַטעוועט יידן, האָט ער קיינמאָל נישט געטראַכט קיין רגע אַפילו וועגן דאַנקבאַרקייט. ווער האָט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז ער וועט פאַראַליזירט ווערן? נאָך היינט, ווען ער דערמאָנט זיך פאַרשידענע עפּיזאָדן פון יענע צייטן, וויינט ער ווי אַ קליין קינד. עס איז נאָך מער ווייטיקלעך, וואָס ער אַליין קאָן נישט אויסדריקן זיינע געפילן און דערציילן דאָס אַלץ וואָס ער ווייסט.

נאָך דער באַפרייונג האָב איך חתונה געהאַט פאַר פאָמיענקאָ און מיר האָבן אַ פערצן יעריקן זון — מאַרעק, וועלכן מיר האָבן געבראַכט קיין ישראל, ער זאָל וואַקסן אַ ייד. מאַרעק דערציט זיך איצט אין איינעם פון די קיבוצים אין די געגנטן פון אשקלון.

יאַנואַר 1959, אשקלון, ישראל.

# DZIENNIK WITOLDA FOMIENKI

**26.VI.1941 r.** Niemcy zajęli Łuck.

**Niedziela 29.VI.1941 r.** Na sobotę łapano.

**W czwartek 2.VII.1941 r.** Rozklejono ogłoszenia z rozkazem stawienia się z łopatami na sobotę od 16-tu do 50-ciu lat, mężczyznom.

**10.VII.1941 r.**

Wszystkim Żydom kazano nałożyć białe opaski ze znakiem Dawida, wyszytym niebieskimi nićmi.

**1.IX.** — Każdemu Niemcowi kazano kłaniać się.

**Łuck, X.1941 r.**

Stworzono łager dla fachowców na Krasnem w byłym Seminar. Duch. Pierwszy naczelnik obozu ober wach. Fajertag. Jego zast. Zajfeit. Później Ebert i ostatni Weber.

Wartość człowieka stanowią jego czyny i zachowanie się w życiu społecznym, nigdy pochodzenie. **Łuck, 26.X.1941 r.**

Prawdziwymi filantropami są ci, którzy nie wiedzą że nimi są. **Łuck, 26.X.1941 r.**

Nieszczęśliwymi ludźmi są ci, którzy nie mają ojczyzny. **26.X.1941 r.**

Największym skarbem człowieka, który ma ojczyznę — jest ojczyzna. **26.X.1941 r.**

Ilekroć razy mówi mi ktoś, że jestem sprawiedliwy, wydaje mi się, że ze mnie szydzi. **10.XI1941 r.**

Największą potęgą duchową każdego człowieka jest jego wiara w lepsze jutro. **18.XI.1941 r.**

Gdym poraz pierwszy jako dziecię na drogę życia wkroczył, wszystko com na niej spotkał napajało mnie radością. I idąc dalej jako chłopiec widziałem słońce, kwiaty. A gdy mężczyzną po niej stąpałem, ujrzałem nędzę i groby. **18.XI.1941 r.**

Najohydniejszym uczuciem człowieka jest zemsta. **20.XI.1941 r.**

Istotną szczerością jest na nieszczerosc odpowiedzieć szczerością. **25.XI.1941 r.**

**11.XII.1941 r.** Czwartek o godz. 7 rano. Stworzono „Ghetto".

**Sierpień 1942.** Strzelało dwóch ludzi S. S. Na miejscu kaźni stał stolik z zakąskami i piwem i wódką. Miałem sposobność rozmawiać z osobą, która przypadkowo uratowała się. Kiedy zapytałem, jak wyglądali kaci, odpowiedziała: „Muszę panu powiedzieć prawdę. Bardzo przystojni i sympatyczni ludzie".

**1942 r. Sierpień.**

**7.VII.** piątek, I-sze ultimatum.

**10.VIII.** Frejda — list i obrączkę, płakała.

**13.VIII.** Czwartek, zakładnicy: prezes Korczemny, Fejga Hausmanowa Gecht, Hoffman.

**17.VIII.** 2-a kontrybucja: 1000 kg. mydła, 500 kg. świec, 210 pakietów damskich kuponów.

**19.VIII. Środa.** Otoczyli. Zaczęli wozić od 20.VIII do 23 w niedzielę.

**23.VIII.** Niedziela była poświęcona specjalnie dla wyłapania ukrywających się w lochach. W dniu tym widziałem dwie grupy Żydów wylękłych, okrwa-

wionych, pędzonych z Ghetta na zamek Lubarta.

**Sierpień 1942 r. Od 20.VIII do 23.VIIII stracono 17,500 Żydów.** Sposób kaźni: **każdy skazaniec, bez względu na płeć i wiek, musiał się rozbierać do naga. Doły 150 m. długie, 5 szerokie, 2,5 głębokie. Wkładano w nie po 3 warstwy i każdą z osobna siano z automatu.**

W Boremlu rozstrzelano Żydów z czwartku na piątek 7 październik (sob.).

**Sierpień 1942 r.**

**26.VIII.** — We wtorek wykryto rodzinę Sojferów i w tym dniu stracono.

**23.VIII.** — W niedzielę widziałem trupy małych dzieci pływające w Stryrze. Jedną małą dziewczynkę z czerwoną wstążeczką na główce.

**29.VIII.** — Trupy ojca, matki i dziecka na ulicy Chlebnej.

**Sienkiewiczówka. Sobota 15 października 1942 r.**

Z reszty pozostałych fachowców utworzono obóz t. zw. łager. Komendantem obozu naznaczono Żabinowskiego. 16.XI.1942 r. we środę odwiedziłem poraz pierwszy łager. 18.X. Żabinowski, Fajntuch i Łucki przy spotkaniu pocałowali się ze mną w twarz.

**Listopad 1942 r.** 18.XI, 25.XI we wtorek Żabinowski.

**12.XII.1942 r. Sobota.** Rozstrzelano ostatni łager z piątku na sobotę.

**Łuck, 31.I.1943 r.** Irka podawała do stołu p. Kranzemu i Bernerowi.

**1943 r.** 1.V aresztowano żonę I. Mameta. 2.V w niedzielę żona Bąby wyszła odbić ją, co nie udało się. Obje aresztowano. W sobotę 6.VI.43 r. rozstrzelali Bąbowę i wszystkich innych co trzymali. 18.XI.42, niedziela, przed frontem zebranego łagru za rzekomy nieporządek w łagrze — Glik zastrzelił z rewolweru komendanta łagru Żabinowskiego. 24.VI.43 r. Spotkałem na szosie rowieńskiej Pryncentala. Jechał na furmance w charakterze furmana. Z radości objął mnie i pocałował.

**2.VII.1943 r.** Szterenbojm Motel, gos. Betomska.

**27.II.1942.** Fabrykant. Mania Wurcel.

**23.VI.1943.** Piątek. Dalowie. żon. z Bowermanów.

**1.VIII.1943.** Emil Elbert u Lipińskiego.

**Sobota 25.XII.1943 r. Boże Narodzenie.** Oglądałem na przedmieściu Hnielawa wymordowane przez Ukraińców 3 rodziny polskie. Morderstwo wykonane było siekierami. Małe dzieci miały porozbijane głowy w ohydny sposób, poprzecinane ręce. Widok mroził krew w żyłach swoim pełnym bestjalstwa i zwyrodnienia charakterem mordu.

Sierpień 1942 r.
Od 20.VIII. do 23.VIII. stracono 17500 żydów. Sposób kaźni. Każdy skazaniec, bez względu na płeć i wiek musiał się rozbierać do naga. Doły 150 m długie. 5 szerokie (2½ głębokie. Układano w nie po 3 warstwy i każdą z osobna siano z automatu.

# טאָג־בוך פון וויטאָלד פּאַמיענקאַ

26 יוני 1941. די דייטשן האָבן פאַרנומען לויצק.

זונטיק, דעם 29־טן יוני 1941. שבת זענען פאָרגעקומען כאַפּונגען.

מיטוואָך, דעם 2־טן יולי 1941. עס זענען פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן מעלדונגען מיטן באַפעל, אַז מענער פון 16 יאָר ביז 50 זאָלן זיך שבת צושטעלן מיט לאָפּאַטעס.

10 יולי 1941. אַלע יידן איז באַפוילן געוואָרן אָנצוטאָן ווייסע אָרעמבענדער מיט אַ מגן־דוד, אויסגענייט מיט בלויע פעדעם.

1 סעפּטעמבער. אַ באַפעל זיך צו בוקן פאַר יעדן דייטש.

לויצק, אָקטאָבער 1941

ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ לאַגער פאַר פאַכלייט אויף קראַסנע אין דעם געוועזענעם סעמינאַר פאַר גייסטלעכע. דער ערשטער נאַטשאַלניק פון לאַגער — פייערטאַג. זיין פאַרטרעטער — זאַיפּייט. שפּעטער — עבערט, און דער לעצטער — וועבער.

די ווערט פון דעם מענטשן באַשטייט אין זיינע האַנדלונגען און אויפפירונג אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, קיינמאָל נישט אין זיין אָפּשטאַמונג. לויצק, דעם 26־טן 10, יאָר 1941

אמתע פילאַנטראָפּן זענען יענע, וועלכע ווייסן נישט, אַז זיי זענען אַזעלכע. לויצק, 26־טן 10, יאָר 1941

אומגליקלעכע זענען יענע מענטשן, וועלכע האָבן נישט קיין היימלאַנד. 26־טן 10, 1941

דער גרעסטער פאַרמעג פון אַ מענטשן, וואָס פאַרמאָגט אַ היימלאַנד איז — דאָס היימלאַנד.

לויצק, דעם 10.26, 1941

וויפל מאָל ס׳זאָל מיר ווער נישט זאָגן, אַז איך בין אַן ערלעכער, דאַכט זיך מיר, אַז ער מאַכט פון מיר חוזק.

לויצק, 11.10, 1941

דער גרעסטער גייסטיקער כוח פון יעדן מענטשן איז זיין גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן. לויצק, 11.18, 1941

ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל ווי אַ קינד נאָך באַטראַכט דעם לעבנסוועג, האָט מיך אַלץ וואָס איך האָב אויף אים באַגעגנט אָנגעפילט מיט פרייד. און גייענדיק ווייטער ווי אַ יינגל האָב איך געזען זון, בלומען. אָבער ווען איך האָב אויף אים ווי אַ מאַן געשפּרייזט, האָב איך דערזען נויט און קברים.

לויצק, 11.18, 1941

דאָס העסלעכסטע געפיל פון אַ מענטשן איז נקמה.

לויצק, 11.20, 1941

אמתע אויפריכטיקייט איז — ענטפערן אויף אומאויפריכטיקייט מיט אויפריכטיקייט. לויצק, 11.25, 1941

1941.12.1. מיטוואָך זיבן אַזייגער אין דער פרי איז געשאָפן געוואָרן דאָס געטאָ.

אויגוסט 1942. ס.ס. האָט געשאָסן צוויי מענטשן. אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ איז געשטאַנען אַ טישל מיט צובייסעכץ, ביר און בראָנפן. כ׳האָב געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן מיט אַ פּערזאָן, וועלכע האָט זיך צופעליק געראַטעוועט. אויף מיין פראַגע, ווי ס׳האָבן אויסגעזען די תלינים, האָט זי געענטפערט: „איך מוז אייך זאָגן דעם אמת — זייער אַנשטענדיקע און סימפּאַטישע מענטשן״.

8.7. פרייטיק. דער ערשטער אולטימאַטום.

8.10. פריידע — אַ בריוו מיט אַ רינגל, זי האָט געוויינט.

8.13. מיטוואָך. ערבות־לייט: פּרעזעס קאָרטשעמני, פייגע האַוסמאַנאָווא, געכט, האָפמאַן.

8.17. צווייטע קאָנטריבוציע: 1000 קילאָ זייף, 500 קילאָ ליכט, 210 פּאַקעטן פּרויען־קופּאָנען.

8.19. מיטוואָך. מען האָט אַרומגערינגלט. מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויספירן פונעם 10־טן אויגוסט ביזן 23־טן אום זונטיק.

8.23. דער זונטיק איז באַשטימט געוואָרן ספּעציעל אויף אויפצוכאַפּן די וואָס באַהאַלטן זיך אויס אין קעלערן. אין יענעם טאָג האָב איך געזען צוויי גרופּעס יידן צעשראָקענע, צעבלוטיקטע, געטריבן פון געטאָ צום ליובאַרט־שלאָס.

פון 20־טן ביזן 23־טן אויגוסט זענען אומגעבראַכט געוואָרן 17,500 יידן. דער אופן פון דער עקזעקוציע: יעדער פּאַרמשפּטער, אָן אונטערשייד פון געשלעכט און עלטער, האָט געמוזט זיך אויסטאָן נאַקעט. די גריבער 150 מעטער די לענג, 5 די ברייט, 2 מיט אַ האַלבן די טיף. מ׳האָט אין זיי אַריינגעלייגט דריי שיכטן, און יעדער איז באַזונדער צעשאָסן געוואָרן פון אַן אויטאָמאַט.

אויגוסט 1942.

8.26. דינסטיק איז אַנטדעקט און אומגעבראַכט געוואָרן די פאַמיליע סופר.

8.23. זונטיק האָב איך געזען קערפּער פון טויטע קליינע קינדער שווימען אויפן סטיר. איין קליין מיידעלע מיט אַ רויט סטענגעלע אויפן קעפּל.

8.29. טויטע קערפּערס פון אַ טאַטן, אַ מאַמען און אַ קינד אויף כליעבנע־גאַס.

אין בערעמליע האָט מען די יידן צעשאָסן פון מיטוואָך ב׳ז פרייטיק דעם 7־טן אויגוסט; אין שענקיעוויטשוווקא — שבת דעם 15טן אויגוסט 1942.

פון דעם רעשט איבערגעבליבענע פאַכלייט האָט מען געשאַפן אַן אַזוי גערופענעם לאַגער. פאַר קאָמענדאַנט פון לאַגער איז באַשטימט געוואָרן זשאַבינאָווסקי. דעם 16־טן נאָוועמבער, יאָר 1942, מיטוואָך האָב איך צום ערשטן מאָל באַזוכט דעם לאַגער.

10.18. זשאַבינאָווסקי, פיינטוך און לוצקי האָבן זיך ביים באַגעגענען צעקושט מיט מיר אין פּנים.

11.18; 11.25. דינסטיק, זשאַבינאָווסקי.

12.12, שבת. מען האָט צעשאָסן דעם לאַגער, פון פרייטיק אויף שבת.

לויצק, דעם 1943.1.31. אירקע האָט דערלאַנג צום טיש דעם הער קראַנץ און בערנערן.

5.1.1943. ס׳איז אַרעסטירט געוואָרן י. מאַמעטס ווייב. דעם 2־טן מאַי 1943, אום זונטיק, איז באַמבעס ווייב געגאַנגען זי אָפּשלאָגן, וואָס עס האָט זיך נישט איינגעגעבן. ביידע זענען אַרעסטירט געוואָרן. שבת דעם 6־טן יוני, יאָר 1943 צעשאָסן באַמבאָוון אין אַלע איבעריקע אַרעסטירטע. דעם 18.11.42, זונטיק

פאַר דעם פראָנט פון פאַרזאַמלטן לאַגער, פאַר כלומרשטער אומאָרדענונג אין לאַגער — האָט גליק דערשאָסן פון אַ רעוואָל־ווער דעם לאַגער־קאָמענדאַנט זשאַבינאַוואָסקין.

24.6.43. כ'האָב באַגעגנט אויפן ראַוונער שאָסיי פרינצענ־טאַלן. ער איז געפאָרן אויף אַ פורל אַלס דער פורמאַן. פון פרייד האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט און אַ קוש געטאָן.

2.7.1943. שטערנבוים מאָטל. בעל הביתטע — בעטאָמסקא.

27־טן פעברואַר 1943. פאַבריקאַנט. מאַניע וווּרצעל.

23.6.1943. פרייטיק. די דאַלס. דאָס ווייב פון די באַוועורמאַנס.

זונטיק, דעם 1־טן אויגוסט 1943. עמיל עלבירט. ביי ד"ר ליפינסקי.

שבת, 25 דעצעמבער 1943. באַזשע נאַראָדזעניע. אויף דער פאַרשטאָט הניעלאַווע האָב איך געזען דריי פוילישע פאַמיליעס, דערמאָרדעטע דורך אוקראַינער. די רציחה איז געמאַכט געוואָרן מיט העק. ביי די קליינע קינדער זענען די קעפּלעך געווען צעהאַקט אויף אַ העסלעכן אופן, די הענטלעך צעשניטן. די סצענע האָט געמאַכט פרירן דאָס בלוט אין די אָדערן צוליב דעם פולשטענדיקן בעסטיאַלישן און דעגענערירטן כאַראַקטער פון דעם מאָרד.

יצחק נימצוביץ / ישראל

# אחד מחסידי אומות העולם

בעוד עשרות שנים, כשיבוא ההיסטוריון, יחטט בארכיונים של „יד ושם" ויחפש חומר על השואה שירדה על העם היהודי במחצית הראשונה של המאה העשרים, יעמוד, בוודאי, משתאה ונדהם מול חומת השתיקה שהקיפה את כל העולם הנאור בשנות הרצח ההמוני.

תוך דפדוף בספר העקוב־מדם של היסטוריה זו, יגלה המעיין קומץ דפי־זוהר המאירים את חשכת הימים ההם. הוא יקרא פרשיות מרטיטות־לב אודות יחידי־סגולה, חסידי־אומות־העולם, שחרפו נפשם להצלת יהודים. גויים אלה זכאים לתואר קדושים בהיסטוריה היהודית — ואחד מאלה נקרה לפני בימים אלה.

ויטולד פומינקו אינו נמנה עם השמות הידועים־ברבים, אולם שרידי גיטו לוצק מתלהבים לשמע שם זה. „אה", אומרים הם, „כוונתך לאבא של יהודי לוצק?"

קשה היה לשער על פי ראשיתו של ויטולד, כיצד תתפתח אישיותו. הוא היה „שייגץ" יפה־תואר, שנקלע לרחוב היהודים בעירו, ווארשה, והתידד עם הילדים היהודים שם. כשעבר אביו, מנצח התזמורת הצבאית, לעיר לוצק, עבר עמו גם ויטולד, והעביר למקום מושבו החדש אותה התעלמות מן המחיצות שבין יהודי ובין „גוי".

בלוצק היה ויטולד, כאביו, מנצח תזמורת (של הכבאים), וכן נתן שיעורי נגינה, בעיקר לתלמידים יהודים. בני־הנוער היהודי בלוצק ראו בויטולד „אחד משלהם" והזמינוהו לכל שמ־חותיהם. הוא דיבר יידיש רהוטה, ורק במראהו נבדל מן היהודים.

הוא הרגיש במחיצתם כבביתו, ועד־מהרה ידע אף לחבר לחנים בסגנון יהודי־עממי. פעם הציגוהו בפני הרבי מסטולין, ר' יואל פרלוב, ובהזדמנות זו הגיש ויטולד לרב יצירה יהודית חסידית משלו. יצירה זו הפכה במהרה ל„שלאגר" ב„חצרות הרביים" של פולין.

כיוון שהתעסקותו המוזיקאלית לא תפשה את כל שעות יומו, פתח מספרה בשיתוף עם הספר היהודי־לוצקאי סופר. בדרך זו השתלב ויטולד השתלבות סופית בחיי יהודי העיר.

והנה פרצה המלחמה. כל עוד שלטו הרוסים בלוצק, היה הכל כשורה, אולם ברגע שמגפיו המסומרות של הקלגס הגרמני דרכו בעיר, נעו אמות־הספים ונתערערו יסודות החיים היום־יומיים. היהודים רוכזו בגיטו ותהליך ההשמדה החל.

ויטולד פומינקו ראה כל זאת, החל מטפח שנאה עזה לגרמ־



ו. פומיינקו עם אחד מידידיו היהודים

נים, וגמר אומר להציל מספר רב של יהודים ככל שיוכל. באשר לאלה שלא יוכל להצילם, ינסה לפחות להקל את מנת־סבלם.

ויטולד המשיך לנהל את המספרה שלו, בה ביקרו חיילים גרמניים. הלקוחות רחשו לו אמון והוא ניצל את קשריו עמם לטובת היהודים שאומצו על־ידו. הוא קיבל רשיון מיוחד להיכנס ולצאת בגיטו, והיה מבריח פנימה תרופות ומזון.

בהדרגה, ותוך סכנת נפשות, הצליח להבריח מהגיטו שמונה יהודים ולהסתירם בביתו. בין־השאר, הציל את חיי שתי הנערות אוגניה ומרים פרידבוים ואת אחיהן ישראל. לאחר המלחמה, נישאה אוגניה לויטולד, ואילו אחותה הקימה לעצמה משפחה והשתקעה בירושלים. גם האח עלה ארצה ומתגורר במגדל־אשקלון. כן ניצלו בעזרת ויטולד, הנערה רייזלה גרישפון, הגרה בקנדה ונוהגת לשלוח לויטולד חבילות ומכתבים, מיציסלב רדניק, אף הוא תושב קנדה, וויטולד גולדנברג (כיום שוטר בחיפה), בילק קרוין ורחל זפרן.

ב־22 באוגוסט 1942 חוסל גיטו לוצק על 22,500 יהודיו. העיר לוצק היתה „יודנריין". מכיוון שנבצר מויטולד להציל נפשות נוספות, התמסר לקיום הנפשות שבביתו. הוא עבד יומם־ולילה על־מנת שיוכל לכלכלם. לאמו, האדוקה בנצרות, סיפר כי הוא עושה זאת מכיוון שהניצולים הבטיחו לו להתנצר. הבטחתו זו הניעה את אמו לסייע בידו בהסוואת יהדותן של הנערות, שהיו הולכות עמה לכנסיה ונושאות על צוארן צלבים גדולים.

לא אחת עורר אורח־חייו הקדחתני את חשד הגרמנים וחייו הועמדו בסכנה. פעמים אחדות נלקח לחקירה בגיסטאפו, אך הוא עמד במיבחנים אלה והיה מעביר את ניצוליו מכתובת לכתובת, בגייסו למיבצעיו ידידים ומכרים. כדי לרומם את רוח הניצולים, היה יושב עמם בלילות, שר להם שירים יהודיים שחיבר ושתוכנם סיפר על האושר הצפוי לכולם אחרי המלחמה.

המלחמה תמה. החיים באירופה חזרו למסלולם, אך לא כן חיי ויטולד וניצוליו. הקבוצה כולה החליטה לעזוב את לוצק, עיר־הטבח, ועברה לוורוצלב, בה נקבצו שרידי יהדות פולין.

ויטולד נשא לאשה את אוגניה ופתח מספרה בוורוצלב, שם נולד בנם־יחידם, מריק. לפני שנתיים, עם פתיחת שערי פולין בפני יהודיה, החליטו גם ויטולד ואשתו לעלות לישראל — והתישבו במגדל־אשקלון.

ברם, בזאת לא תמה פרשת ויטולד פומינקו. מיום הגיעו ארצה התאכזר אליו הגורל מאוד. הוא קיבל דירה בת שני חדרים קטנים — ב„שיכון הרכבת" — בלי חשמל ובלי נוחיות (הנוחיות נמצאות בחצר).

חודשים־מספר לאחר בואו ארצה, לקה ויטולד בשיתוק ולשונו נאלמה. למעלה משנה־וחצי מרותק ויטולד למטתו וחרף כל מאמצי הרופאים — טרם החלים.

ישבתי ליד מטתו וחשתי כיצד רוצה הוא לדבר עמי, לשפוך את לבו לפני, לספר לי מחוויותיו — אך רק עיניו דוברות, ואילו אשתו היתה לו לפה. אוגניה היתה לו לעוגן המקשר בינו ובין החיים, וקשה לתאר במלים את מסירותה והקרבתה.

מריק, בנם־יחידם, סודר בעזרת עלית־הנוער בקיבוץ יד־מרדכי. הוא מצטיין בלימודיו ומרווה את הוריו נחת. „אנו גאים על החינוך שהוא מקבל בקיבוץ", אומרת אוגניה, „אך ויטולד ואני כה מתגעגעים אליו".

בעת שהותו בלוצק, ניהל ויטולד פומינקו יומן חשאי, שנמסר, אחר המלחמה, לועד יוצאי־העיר. היה זה מפעל לא פחות חשוב מאשר הצלת יהודים. ראוי לציין, שועד יוצאי לוצק, בראשותו של אלכסנדר קוטלר, מכיר ומוקיר את מפעלו האנושי הגדול של ויטולד פומינקו. מר קוטלר לא ידע מנוח במאבקו לשיפור תנאי חייו של ויטולד בארץ, ועתה הוא דואג שיקבל מקופת־האירגון של יוצאי לוצק גימלה בשיעור 75 ל"י בחודש.

ראש עיריית מגדל־אשקלון, מר תג'ר, אישר לו רשיון לחנות במקום מרכזי באפרידר, והסוכנות היהודית, יחד עם מלב"ן, התאחדות עולי פולין ומשרד הסעד, משתפים פעולה לבניית החנות ורכישת הסחורה.

דא־עקא, שהעניינים אינם מתקדמים במהירות הנאותה. רצוי להחיש את פעולת הסעד, לפי שמשפחת פומינקו חיה עתה בתנאים קשים־מנשוא. תקוותם היא, שהמחר יהא טוב יותר.

שושנה יאַקובאָוויטש / קאַנאַדע

# וויטאלד פאמיענקא – מיין רעטער

איך האָב שוין פיל מאָל גענומען די פען אין האַנט, געוואָלט אַנשרייבן וועגן דעם באַליבטן און האַרציקן וויטיע פאָמיענקאָ. די נעמען פון די מענטשן, וועמען ער האָט אַזוי פיל געהאָלפן געדענק איך ליידער נישט, נאָר די פנימער פון די יידן וועלכע ער האָט געראַטעוועט שטייען מיר נאָך היינט פאַר די אויגן.


שושנה יאַקובאָוויטש

איך האָב וו. פאָמיענקאָ געזען דאָס ערשטע מאָל נאָכדעם ווי מען האָט שוין אומגעבראַכט אַלע אונדזערע פאַמיליעס אין לויצקער געטאָ. איך בין דעמאָלט דורך אַ צופאַל געבליבן לעבן און אַנטלאָפן אין אַ דאָרף וואָס האָט געהייסן פאַדהייעץ. דאָרטן האָבן זיך געפונען פיל יידישע יינגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער. וו. פאָמיענקאָ פלעגט אָפט קומען צו זיי. ער האָט זיי געהאָלפן מיט דערליידיקן פאַר זיי דאָקומענטן און מעדיקאַמענטן. צווישן אַנדערן האָט ער געבראַכט פאַר די יידישע מיידלעך זויערשטאָף־וואַסער צום פאַרבן די האָר אויף בלאָנד, זיי זאָלן זיך קאָנען ראַטעווען, אַנטלויפנדיק פון דאָרף.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען 11 יאָר און האָב אויסגעזען ווי אַ בלאָנד שיקסל, האָט מיר וויטיעס מאַמע, לויט וויטיעס פאָרשלאַג, גענומען צו זיך, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט שוין געהאַלטן ביי זיך אין הויז פאַרבאַהאַלטן דריי יידן.

זייענדיק ביי זיי, האָב איך געזען ווי יעדן אָוונט פלעגן אַריינקומען יידן פון פאַרשידענעם עלטער און דאָרט גענעכטיקט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ האָטעל. מיטן אונטערשיד וואָס אין האָטעל מוז מען באַצאָלן און דאָ האָט די משפחה פאָמיענקאָ ריזיקירט צו באַצאָלן מיטן לעבן פאַר איר גאַסטפריינדלעכקייט. ער האָט פאַר די צעשראָקענע און גערודפטע געפונען באַהעלטע־נישן ביי פאַרשידענע קריסטן. נישט איינמאָל האָט וויטיע געצאָלט פאַר זיי פון דער אייגענער קעשענע. די קריסטן האָט ער צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן, ווי נאָר דער קריג וועט זיך ענדיקן, פאַרן אויסבאַהאַלטן די יידן. ליידער האָט דער קריג אָנגעהאַלטן מער ווי מען האָט זיך געריכט און די שכנים פון די גוטע קריסטן האָבן אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז עס ווערן דורך זיי אויסבאַהאַלטן יידן, האָבן זיי דאָס דערטראָגן צו דער פאָליציי. גאָר אָפט האָט זיך דאָס פאַרענדיקט מיט אויסגעבן די יידן און מיט זייער דערמאָרדונג. דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות פאַר וו. פאָמיענקאָ און זיין משפחה. ער פלעגט אַרומגיין גאַנצע טעג און נעכט און נאָר אַרויסקוקן דורך די שפּאַרונעס אויב מען קומט נישט צו אים אין שטוב זוכן יידן. צום גליק האָט מען אים נישט געמסרט. עס האָבן אָבער אָנגעהויבן צו קומען דערשראָקענע קריסטן, וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן פון דער פּאָליציי און געבעטן שוץ ביי וויטיען, ווייל ער האָט זיי דאָך געבעטן אויסבאַהאַלטן די יידן. און וויטיע האָט געמוזט זאָרגן וועגן די באַהאַלטענע, זיי זאָלן קאָנען אַוועקפאָרן אין אַנדערע שטעט.

נישט איינמאָל איז געלונגען אַ ייד אַרויסצודרייען זיך פון די דייטשע לאַפּעס און צוריקקומען צו וויטיען, וועלכער פלעגט מיט נייער ענערגיע נעמען זיך זאָרגן פאַר איינאָרדענען זיי אין זיכערע ערטער.

אויך וויטיעס מוטער איז געווען זייער אַ פיינע און גוטע פרוי. זיין פאָטער איז געווען אַ פיינער און איידעלער מענטש. איך האָב זיי זייער שטאַרק ליב געהאַט. איך אַליין האָב פון פאָמיענקאָס פאַמיליע געהאַט פון שענסטן און פון בעסטן, סיי צום עסן און סיי צום אָנטאָן. מיין לעבן האָב איך זיי צו פאַרדאַנקען.


וו. פאָמיענקאָ אין קרייז פון אַ יידישער פאַמיליע

און 25 ק״ג גאָלד. דאָס איז געווען אַ חוזק און אַ פּרעטעקסט זיי צו קאָנען אומברענגען. דעם 28.8 האָט מען אַרומגערינגלט דאָס געטאָ, אַלע צוזאַמענגעטריבן, אַרויסגענומען אַרום 18.000 יידן, אַוועקגעפירט 6 קילאָמעטער קיין גורקע־פּאָלאָנקע, דערשאָסן און באַגאָסן מיט סמאָלע. דער ד״ר בילאבראן איז געשטאַנען אין שפּיץ פון די ליקווידאַטאָרן. נאָך דער יידנפאַרניכטונג איז ביי בילאבראן פאָרגעקומען אַ באַנקעט, 3 טעג געפראַוועט מיט גרויס שמחה, ביי דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן געסטאַפּאָ־שטאַב.

4) דאָס האָב איך אַליין געזען און איבערגעלעבט. מיר איז באַקאַנט נאָך פיל פּרטים, אין פאַל דאָס וועט נייטיק זיין פאַר אַ געריכט, בעט איך מיך אַרויסרופן אַלס עדות.

מיין אונטערשריפט : **בערעזאַ מיכאַל**

פּראָטאָקולאַנט : **קוויאַט דוד**

פּ.ס.: די דאָזיקע עדות־דערקלערונג איז אויסגעשטעלט געוואָרן פון דער: JEWISH HISTORIKAL DOKUMENTATION IN LINC אין 2 עקזעמפּליאַרן.

(פון „יד־ושם״־אַרכיוו)

**יחזקאל גאָק / קאַנאַדע**

# שבעה מדורי גיהנום

דעם 25־טן יוני 1941 איז דער דייטש געווען אין קראַסנע און דעם 26־טן — אין לויצק. זונטיק דעם 29־טן איז דורך לויצק דורכגעפאָרן די פעלד־געסטאַפּאָ. האָט מען געמאַכט אַ שטיקל אויפנאַמע פאַר די געסט און אַרויסגענומען פון די שטיבער אַן ערך 2700 יונגע און אַלטע מענער, בתוכם דעם אָליקער רב ז״ל, יעקב וואַפּניאַרסקי ע״ה און דעם חזן פון דער אָליקער שול. ווי זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן ווייסט מען נישט. דאָס זענען געווען די ערשטע קדושים פון לויצקער יידן.

די אוקראַינער האָבן שוין אין די ערשטע טעג אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן זייערע מערדערישע כוונות. עס איז דערשינען — מיט דייטשער דערלויבעניש — אַ פּלאַקאַט: „הייל היטלער — סלאַוואַ אוקראַינאַ!״ די אוקראַינער פייניקן יידן סיי אין גאַס, סיי אין שטוב. זיי האָבן אָנגעטאָן לענטעס אויף די אַרבל מיטן צייכן .O.D, וואָס באַדייט — „אָרדענונגס־פּאָליציי״. באַלד קומט אַ באַפעל, אַז יידן דאַרפן טראָגן ווייסע אָרעמבענדער מיט אַ מגן־דוד. תחילת פּרוּוון די יידן נישט אָנטאָן דעם שאַנד־צייכן. די אוקראַינער זאָרגן אָבער דערפאַר, אַז דער דייטשער באַפעל זאָל אויסגעפילט ווערן און זיי שלאָגן מכות־רצח. זיי שלעפּן יונגע מיידלעך, עלטערע פרויען און בפרט מענער אויף אַרבעט און דערביי שלאָגט מען אומרחמנותדיק אַלעמען.

דער מאַגיסטראַט איז באַזעצט דורך לויטער אוקראַינער, מיט סקאָראָבאָגאַטאָוון ימח־שמו בראש. דאָרט ווערן אין דער שטיל צוגעגרייט פאַרשידענע גזרות. אָט ווערט די שטאָט צעטיילט אין פיר טיילן און די פאַרבינדונג צווישן יידן פון איין טייל און צווישן דער צווייטער איז שטרענג פאַרבאָטן. גייט מען אַרויס אין גאַס — ווערט מען פאַרכאַפּט אויף אַרבעט אָדער צום קבר. די שפּאַנונג האַלט אין איין וואַקסן.

דאָנערשטיק, דעם 3־טן יולי 1941, באַווייזט זיך אַן אויפרוף געשריבן בלויז אין דער אוקראַינישער שפּראַך, אַז אַלע יידן אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָר דאַרפן דעם זעלבן טאָג קומען זיך רעגיסטרירן אויף פּלאַץ־קאַטעדראַלני. זיי ווערן גערופן מיטצונעמען אַ לאָפּעטע, אַ קירקע אָדער אַן אַנדער אַרבעטסגעצייג.

דער טאָג איז אַ שיינער, אַ זוניקער. יידן שטראָמען פון אַלע זייטן צום פּלאַץ. ווער עס קומט צום פּלאַץ, ווערט גלייך אַריינגעפירט אין דעם באַוווסטן לויצקער „ליובאַרט־שלאָס״. קיינער איז שוין פון דאָרט נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. כמעט 3.000 יידן זענען דעם טאָג דאָרט געפאַלן. דאָס רוב פון מיטל־קלאַס. די דערמאָרדונג איז פאָרגעקומען אונטער דער טורמע און אויף דער קאָלאָניע. אַ ניצול געוואָרענער, וועלכער איז אַרויסגעקראָכן פון גרוב אַ נישט דערשאָסענער, האָט איבערגעגעבן די דאָזיקע פּרטים. זיין נאָמען איז קאָזיאָל, אַ זון פון פּראַטשעשניק (נעבן נחמיה וויינשטיינס מויער אין געסל). ער איז פון דאַן אָן געבליבן אַ קאַליקע.

ס׳איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג. די ווייבער פון די מענער, די מוטערס פון די קינדער לויפן צו די דייטשן, צו דער אָרטסקאָמענדאַטור, פעלד־קאָמענדאַטור און פרעגן וואָס איז מיט זייערע קרובים — גאָרנישט. ווי זיי וואָלטן פאַרזונקען אין אַ פינצטערער נאַכט.

די דייטשן באַפעלן די אוקראַינער פון מאַגיסטראַט צו שיקן רופן די פּראָמינענטע יידן און שאַפן אַ יודענראַט. ס׳ווערן גערופן: געוועזענער פּוילישער סענאַטאָר לאַזאַר דאל, דער דענטיסט ד״ר קאַרטשעמני, סאַשע פינטשוק. זיי באַקומען אינסטרוקציעס און ס׳ווערט געבילדעט אַ יודענראַט פון 10 פּערזאָן. אויסער די דריי שוין דערמאָנטע גייען אַריין אין יודענראַט דער באַנק־דירעקטאָר אברהם האָפמאַן, משה געכט, דער געוועזענער פּרעזעס פון דער יידישער קהלה קלמן פרישבערג, ליטערין פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע פרוי ה. האוסמאַן און יהושע בערגער — דירעקטאָר פון דער „תרבות״ שולע.

אַלס באַאַמטע זענען אין יודענראַט געווען באַשעפטיקט: יצחק דרוקער, שמעון באָקאָוויעצקי, היינאָך (אברהם־יידל שפּיראָס אײדעם), מאיר סאָראָקע, אביגדור ערלעכגערעכט, צאַליע בערגער, יצחק בערגער, דוד שפּייטער, אברהם שיינער, דוד קיגעל, אַדוואָקאַט ריטווע (פון ווילנע), באָרענשטיין (פון כעלם),

בעריש דאוו, הערשל ברײנשטײן, דוד גאָטמאַן (פון ראַדאָם) און אײניקע װעמענס נעמען איך געדענק נישט.

אין דער יידישער פּאָליצײ זענען געװען אָנגעשטעלט: גרינבערג — קאָמענדאַנט (אַ פּליט פון גאַליציע), טיקטינערס זון, חיים קלימבורדס זון, מאַקס קיפּערמאַן, דער אײדעם פון ברײנדל באָקאָװיעצקי (זײן נאָמען איז מיר נישט באַקאַנט), מישע װאַקס, יוסקע פּערעלמאַן, יהודה יוניטשמאַן, הערשעלע קליניצקי און נאָך אַנדערע, מערסטנס פּליטים פון מערב־פּוילן.

תחילה איז דאָס ביוראָ פון יודענראַט געװען בײ משה הובערניק אין מױער. דער ערשטער אַקט פון יודענראַט איז געװען — דורכפירן אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יידן. די רעגי־סטראַציע איז געװען פאַרבונדן מיט צוטײלן ברויט־קאַרטלען. בײם רעגיסטרירן זיך באַקומט מען אויך אַ צעטל אויף אַרבעט.

✶

די שטאָט הונגערט. די פּויערן שפּײען די יידן אין פּנים. דאָס רוסישע געלט װילן זײ נישט נעמען. זײ פאָדערן פאַר זײער סחורה דורכויס פּױלישן בילאָן, זילבער. קײן מאַרק האָבן נישט די יידן. די קלײנע זאַפּאַסן האָבן זיך גיך אויסגעלאָזט. שױן אין די ערשטע טעג פון דער דײטשער הערשאַפט פילט זיך דער הונגער.

באַלד קומט אַ מעלדונג: יידן האָבן רעכט צו קומען אויפן מאַרק בלויז פון 10 ביז 11 אינדערפרי. גײען יידן צו דער אַרבעט, קלײן און גרויס, אַבי נישט צו לײדן קײן הונגער. װער עס קריגט עפּעס עסן, װער — גיט געשלאָגן, װי אײנעמס מזל.

מיט יעדן טאָג קומען אין שטאָט אַרײן אַלץ מער דײטשע אָפיצירן. דער פראָנט רוקט זיך צו קיעװ. דער יודענראַט באַקומט יעדן טאָג, אָדער אַפילו אײניקע מאָל אין טאָג באַפעלן צוצושטעלן קישנס, בעטן, װעש און אַנדערע זאַכן. מען קומט פון יודענראַט אין די יידישע הײזער און מען נעמט פון טויט און פון לעבעדיק. אין שטאָט שמועסט מען, אַז בקרוב דאַרף קומען די „ציװילע מאַכט" און טײל יידן גלױבן, אַז מיט ציװילע װעט לײכטער װערן דאָס לעבן.

איך האָב דאַן געאַרבעט מיט זבולון פּערקאַלס בײדע זין, מרדכי און הערשל, אַלס טרעגערס אין דער אַפּטײקער־פאַרװאַל־טונג. אונדזער פאַרדינסט איז געװען — 500 גראַם ברויט אַ טאָג, אַ חוץ קלעפּ. אין דער זעלבער צײט קומט אָן אין לויצק די ציװיל־מאַכט. באַלד קומט אויך די אַנטױשונג. אויפן צװײטן טאָג נאָך זײער אָנקום פאַרעפנטלעכט די נײע מאַכט אַ פאַר־אָרדענונג, אַז יידן דאַרפן באַלד אַרײנטראָגן צום געביטס־קאָמיסאַר גאָלד, זילבער, פּלאַטינע, ברילױאַנטן און אַנדערע טײערע חפצים. די זאַכן האָט מען געבראַכט אין יודענראַט און מען האָט דאַן געשמועסט אין געטאָ, אַז מען האָט פון יודענראַט נישט אַלץ אָפּגעטראָגן צו די דײטשן. ס׳זענען געװען קלאַנגען, אַז אויך דער יודענראַט האָט דערבײ געהאָט פּרנסה.

צו דער זאַמלונג פון צירונג װערט אין יודענראַט געשאַפן אַ קאָמיסיע, מיט פּרײ האוסמאַן בראש. אין דער קאָמיסיע זענען אויך אַרײן צאַליע בערגער און אברהם קלימבורד. מען נעמט צוזאַמען גאָלד־זאַכן פון אָרעם און פון רײך.

אין יולי 1941 קומט אָן קײן לויצק די געסטאַפּאָ, װעלכע אָרדנט זיך אײן אין בנין פון „באַנק פּאָלסקי". די קעלערס פון באַנק װערן פאַרװאַנדלט אין אינקװיזיציע־צימערן. װען געסטאַפּאָ־לײט באַגעגענען אין גאַס אַ ייד, פאַרהאַלטן זײ אים און פירן אָפּ אין די קעלערס. זײ רײסן זיך אַרײן אין יידישע הײזער, ראַבירן, שלאָגן און צום סוף — װער ס׳געפעלט זײ, נעמען זײ אים מיט אין די קעלערס. פון דאָרט איז שױן נישטאָ קײן װעג אויף צוריק. אין די קעלערס פון „באַנק פּאָלסקי" זענען אומגעקומען צענדליקער יידן, צעשלאָגענע און צעביסענע דורך װילדע הינט. צװישן די הרוגים אין די קעלערס האָבן זיך געפונען מאיר סטאָליער מיט זײן זון, מאיר פּינוס, זינדל אקס (דער גרינדער פון „השומר הצעיר"), יוסף אײזנבערג א. א. די דערמאָרדעטע פלעגן אַרויסגעפירט װערן 5 אַ זײגער פאַרטאָג אויף די פעלדער אונטער דער בוינע. די געסטאַפּאָ װאַרפט אָן אַ פּחד אויף אַלעמען. יידן זיצן נישט אין די הײזער. יעדער אײנער פלײסט זיך צו באַקומען עפּעס אַן אַרבעט. מען אַרבעט פאַרשטײט זיך אומזיסט. אין בעסטן פאַל באַקומט מען אַ שטיקל ברויט אָדער אַ טעלער זופּ. אין יענער צײט האָבן מיט מיר געאַרבעט אין דער אַפּטײק־פאַרװאַלטונג, אויס־סער די ברידער פּערקאַל, אבשלום שטשערבאַ, מאיר בוידמאַן און אַנדערע. אונדזער געהאַלט איז געװען אַ האַלבער קילאָ־גראַם ברויט. דאָס איז געװען דאָס בעסטע פאַרדינסט. דערצו האָבן מיר געהאַט אַן אויסװײז פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע. מיר האָבן געאַרבעט ביז סעפּטעמבער. דאַן בלײבן מיר אָן אַרבעט.

נישט געקוקט דערויף, װאָס יעדער אײנער האָט געזוכט אַ װעלכע עס איז אַרבעט, די הענט צו פאַרטשעפּען, װײל דער יודענראַט באַװײזן, אַז די פלענער פונעם אַרבעטס־אַמט װערן דערפילט. עס װערן געשיקט יידישע פּאָליצײ־לײט אין די שטיבער און זײ שלעפּן פון די בעטן קלײן און גרויס, געזונטע און קראַנקע. די צעשראָקענע יידן װײסן גאָרנישט װעלכע טראַנזאַקציעס עס װערן געמאַכט אויף זײערע צעבראָכענע בײ־נער. דער אַרבעטס־אַמט פירט אַ ליסטע. גלײכצײטיק פירט דער יודענראַט אַ ליסטע, װיפל יידן און אויף װעלכע ערטער זײ אַרבעטן. דער יודענראַט האָט צװײ אינקאַסענטן. אויף יעדן אָרט װוּ דער יודענראַט שיקט אַרבעטער, מאָנט ער אײן דעם לוין, זאָגנדיק, אַז ער אַלײן צאָלט אויס דעם לוין די אַרבע־טער.

אַזוי גײט אַ טאָג נאָך אַ טאָג, ביז ס׳דערנענטערן זיך די ימים נוראים. פונקט ערב ראש־השנה 1941 שענקען אונדז די דײטשן אַ מתנה: אַ פאַראָרדענונג צו טראָגן אַ געלע לאַטע, אײנע אויפן האַרצן און אײנע אין דער מיט פּלײצע. אויפן האַרצן האָט זי נישט אַזוי געאַרט, אויף דער פּלײצע האָט זי אָבער געברענט. אונדזערע שונאים, די אוקראַינער פרײען זיך. מען קוקט און מען לאַכט. ערשט נעכטן איז דער לאַכער געװען אַ הײמישע כּפּרה און הײנט דערקענט ער דיך נישט. און טאָמער איז נאָך װײניק די לאַטע, איז נאָך דאָ אַ באַפעל צו באַגריסן יעדן דײטשן זעלנער דורך אַראָפּנעמען ס׳היטל. די האַנט טוט װײ פון הײבן דאָס היטל אָן אויפהער. גײט אײנער אָן אַ היטל — כאַפּט ער פּעטש פון די דײטשן: „יודע, װאָ איזט דײנע מיטצע?" װיפל פּעטש האָב איך געכאַפּט פאַר דער „מיטצע"! אַפילו גײענדיק מיט אַ דײטשן סאָלדאַט און טראָגנ־

דיק אין ביידע הענט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט האָט מען געפּאָדערט פון מיר איך זאָל אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַר די באַגעגנטע דייטשן.

אַ געוויסע צייט האָב איך געאַרבעט אין די קאַזאַרמעס, ביי די פערד. שפּעטער בין איך געווען דאָרט באַשעפטיקט אַלס עלעקטריקער. מיין געהילף איז געווען אברהם טשיזשיק (אַ סוחר פון פאַרטיקע מלבושים). מיר האָבן עלעקטריפיצירט 2 גרויסע פערד־שטאַלן. אין איינעם אַ טאָג ווער איך צעשלאָגן ביז בלוט דורך אַ דייטשן אָפיציר. דאַן אַנטלויף איך פון לויצק אין די אַרומיקע דערפער.

✶

דעם 11־טן דעצעמבער 1941 טרייבט מען אַלע יידן אין געטאָ. פון אַלע עקן שטאָט שטראָמען מחנות מענטשן, יונג און אַלט, ווער ס׳גייט אַליין, וועמען מען פירט אין קינדער־וועגעלעך. דאָס וועטער האָט צום גרויסן אומגליק ווייט נישט צוגעשפּילט. ס׳רעגנט און דער גאַנצער אָנגעלאָפענער עולם, וועלכער טרעט אַריין אין דעם ענגן שטאָט־קוואַרטל האָט זיך ממש נישט ווו אַהינצוטאָן. מען וואַלגערט זיך אין מיטן גאַס, ממש אין דער בלאָטע. די יידישע פאַרלאָזטע הייזער ווערן גלייך פאַרחתמעט דורך דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע און עס ווערט אויפגעקלעבט אַן אויפשריפט — „בעשלאַגנאַרט״. פאַר אַראָפּ־רייסן דאָס קוויטל קומט טויט־שטראָף. צוויי יידן זענען דער־שאָסן געוואָרן ביי אַזאַ מעשה. אין דער ערשטער מינוט האָבן די תושבים פון באַזיליאַנסקי־פּלאַץ און פון די אַנדערע יידישע גאַסן פאַרמאַכט די טירן און נישט אַריינגעלאָזט די אַריינגעטריבענע אין געטאָ.

דער יודענראַט איז באַלאַגערט פון טויזנטער יידן, וואָס וויל אַן ענטפער פון די אָנפירערס פון די יידן. עס שפּילן זיך אָפּ האַרצרייסנדיקע סצענעס: קליינע קינדער און עלטערע מענטשן ליגן אין די גאַסן און דער רעגן ווייקט זיי. דער יודענראַט גיט צו וויסן, אַז ווו איינער קאָן מעג ער זיך דער־וויל אַריינציען. די צייט שטייט אָבער נישט. ס׳קומט דער ווינטער. די קעלט האָט מיט איינמאָל אַ קלאַפּ געטאָן. אַמ־שטאַרקסטן האָט דאָס געטראָפן די מענטשן וועלכע האָבן זיך געפונען אין די געשעפטן און אין די סטראַגאַנעס. מענטשן האָבן זיך פאַרקילט און זענען קראַנק געוואָרן. קיין מעדיצינישע הילף איז כמעט נישט געווען. פיל מענטשן זענען געשטאָרבן. ווען דער געביטס־קאָמיסאַר פלעגט אין יענע טעג באַזוכן דעם יודענראַט און געהערט וועגן דער שטערבלעכקייט, האָט ער באַמערקט: „צו ווייניק!״ יעדן מעת־לעת פלעגן שטאַרבן 40—50 מענטשן.

נאָכן אַריינטרייבן דאָנערשטיק די יידן פון דער שטאָט אין באַזיליאַנסקער געטאָ זענען די דייטשן אַריבערגעגאַנגען פרייטיק קיין קראַסנע. אָנהויבנדיק פון קראַסנער בריק ביז דעם ראזשישטשער בריקל און ביזן טאַרטשינער שאָסיי האָבן אַלע יידן געמוזט זיך אַריבערציען אין דער לינקער זייט פון וועג וואָס פירט קיין האָראָכאָוו. דאָרט זענען געווען סצענעס, אַז ס׳איז נישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי מענטשן האָבן דאָס אויס־געהאַלטן. זיי האָבן זיך געוואַלגערט מיט בהמות אין די שטאַלן.

נישט לאַנג אָבער האָט מען זיי געלאָזט רוען אין די שיינע „וווינונגען״. יעדן טאָג זענען געקומען נייע צרות און גזרות. ווי נאָר מען האָט זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט (צו 30 מענטשן אין איין צימער), האָבן זיך אָנגעהויבן אַ שיט טאָן קאָנטרי־בוציעס. אַלע טאָג האָט דער יודענראַט געדאַרפט צושטעלן בעטגעוואַנט, קופּאָנעס פון מאַניפאַקטור, לעדער, וואַלוטע א.א.וו. אין פעברואַר איז אַרויס אַ געזעץ, אַז יידן דאַרפן אַריינטראָגן זייערע פוטערס. מיט ציניזם האָבן די דייטשן צוגעגעבן, אַז נאָר קינדער ביז 10 יאָר קאָנען טראָגן פוטערס...

ביי דער „פוטער־אַקציע״ זענען געפאַלן פיר קדושים: צוויי ברידער עפּלבוים קלמן און נוסיע, פרוי לערנער און וואָוטשע מלמדס אַ שוואָגער, וועלכער האָט אויף זיין גאַנץ לעבן קיין פוטער נישט פאַרמאָגט. ווען ס׳האָט זיך געענדיקט מיט די פוטערס האָט זיך אָנגעהויבן מיט מעש און קופּער. פאַרשטענד־לעך, אַז 70 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט ביידע זאַכן נישט געהאַט, ווייל אַלץ איז געבליבן אין די וווינונגען פון וועלכע זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן. די איינציקע וועלכע מען האָט נישט געטשעפּעט זענען געווען די מענטשן פון יודענראַט און זייערע באַאַמטע. אָבער צום סוף האָט די קויל פון דייטשן מערדער אויך זיי געטראָפן.

עס קומען אָן ידיעות פון ראָוונע. נאָך דער ערשטער שחיטה איז דאָרט שטיל. דערווייל ווייזט נאָך נישט אַרויס די גובערניע פון באַנדיט קאָך אירע אַלע כוונות. אַלץ אָבער זאָגט, אַז דער קומענדיקער זומער וועט ברענגען נייעס — ווער ווייסט וועלכע גזרות.

ס׳דערנענטערט זיך פּסח. ווער עס קאָן קריגט אַ ביסל מעל און באַקט מצות. דעם דייטש אויף צו להכעיס געלונגט עמעצן אַריינפירן אין געטאָ אַ קו און מען שעכט עס אויף כשר. אויפן אָרט פון יין צימוקים טרינקט מען טרערן. אין דעם איז קיין מאַנגל נישטאָ. אויך אין יום־טוב פּסח גרייט דער דייטש צו אַ „סיורפּריז״. אַזוי איז שוין זיין שטייגער: פאַרשטערן יעדן יידישן יום־טוב. דעם דריטן טאָג חול־המועד טרייבט מען אַרויס אַלע יידן פון קראָסנער געטאָ אין געטאָ נומער 1. צווישן די שאָפּעס פון גליקליכס ציגעלניע, ווו עס זענען אויסגעשטעלט ציגל געפינען זיך אין יענער צייט ס.ס.־לייט באַוואָפנטע מיט מאַשינגעווער. זיי שיסן אין די געטרי־בענע יידן. עס פאַלן 28 קרבנות. דער יודענראַט האָט זיך געדאַרפט משתדל זיין, מען זאָל לאָזן די הרוגים צונויפנעמען, ווייל זיי זענען געפאַלן אויסער דעם געטאָ־תחום.

דאָס אַרויסגעטריבענע ביסל יידן האָט נישט ווו צו זיין. די לאַגע איז אַ קאַטאַסטראָפאַלע און פאַר די אויגן שטייט שוין דער אמת וועגן דעם וואָס עס דערוואַרט די יידן. די וואָס האָבן פריער די טיר פאַרמאַכט האָבן שוין נישט וואָס צו פאַרמאַכן.

✶

אַזוי האַלט אָן די לאַגע ביזן 15־טן מאַי 1942. יענעם פרימאָרגן האָט זיך קיין איין ילוד־אישה נישט געפונען אין שטוב. אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען. אַרבעטנ־דיקע מענער און אַרבעטנדיקע פרויען. ספּעציאַליססטן באַזונ־דער, אַלע פרויען באַזונדער, אַלע מענער באַזונדער. פאַר יעדער

ריי איז געשטאַנען אַ טאַבעלע מיט אַן אַנטשפּרעכנדיקער איבערשריפט. די דייטשע געסט, וועלכע האָבן לוסטרירט די „מאָביליזאַציע” פון די געטאָ־יידן לויטן עלטער, געשלעכט און באַשעפטיקונג, זענען געווען צופרידן פון דער אָרדענונג. אַלץ האָט גוט געקלאַפּט...

שוין אויפצומאָרגנס האָט די יידישע באַפעלקערונג באַדאַרפט פאַר דער שיינער דעמאָנסטראַציע באַצאָלן מיט אַ נייער קאָנטריבוציע. אין דער גרויסער שול, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַגער פון רעקווירירטן יידישן מעבל, ווערט דורכגעפירט אַ ליציטאַציע. אַריער קאָנען פאַר גראָשנס קויפן יידיש האָב און גוטס.ביים אויסלאָדן דאָס מעבל פאַלט אַ קרבן דער 32־יעריקער בן־ציון קרוק. פאַר נישט געהעריק אָפּרוקן אַ שאַפע ווערט ער דערשאָסן.

דאָס געטאָ לעבט איבער שרעקלעכע נויט, הונגער און שלאַפקייטן. די מעדיצינישע הילף איז אַ נישטיקע. וואָס די דאָקטוירים פאַרשרייבן איז במילא נישטאָ. אין גאַנצן געטאָ האָט זיך געפונען איין אַפּטייק — זלאַצקיס. זי איז אָבער ליידיק.

עס קומען די שיינע זומער־טעג מיט זייערע היצן. יעדער טאָג מיט זיין צרה. יידן איז פאַרבאָטן צו גיין צום טייך סטיר עפּעס אויסצוואַשן אָדער זיך באָדן. אַ חוץ די פּורעניות מצד די דייטשן האָבן מיר נאָך געהאַט אויסצושטיין צרות מצד דער אייגענער יידישער פּאָליציי. יעדער פון זיי האָט געהאַט אויף זיין געוויסן דאָס אויספירן די באַפעלן פון זייערע קאָמענדאַנטן. די פּאָליציי האָט געהאַט אין געטאָ אַ טורמע מיט אַ קאַרצער. די טורמע האָט זיך געפונען אין הויז פון קלמן גאָלדבערג. דאָרט איז אויך געווען דער יודענראַט.

✶

אין אָנהויב חודש אויגוסט הויבן זיך אָן נייע גזרות. מען האַלט אָפּ אין געסטאַפּאָ 8 טעג א. האָפמאַן, ד״ר קאַרטשעמני, ראַוויטש, געכט און פרוי האוסמאַן. אומגעקערט זיך פון דאָרטן האָבן זיך נאָר ד״ר קאַרטשעמני אין ראַוויטש. די אַנדערע ווערן דערשאָסן.

גלייך ווי זיי זענען געקומען האָבן זיי מיטגעבראַכט אַ ידיעה פון אַ נייער קאָנטריבוציע: הונדערטער מעטער לייוונט, טויזנטער קלעצלעך פאָדעם, טויזנט קילאָגראַם זייף (אין דער צייט ווען אין געטאָ איז מען געשטאָרבן פאַר אַ שטיקל זייף), 300 קילאָגראַם ליכט א.א.וו. פונדעסטוועגן זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געגלייבט אַז אויך דאָס מאָל וועט מען זיך קאָנען אויסקויפן. מ׳קריגט אַ סך זאַכן אויסער דעם געטאָ. אָבער נאָכן איבערשיקן די ערשטע טייל זאַכן צום געביטס־קאָמיסאַר, ווערט באַוווּסט, אַז מיר האַלטן שלעכט.

דעם 18־טן אויגוסט 1942, 4 אַזייגער פאַרטאָג, האָט זיך אין געטאָ באַוויזן אַ פור מיט בעבעכעס מיט אַ דייטשן באַגלייטער, וועלכער האָט אויפגעפאָדערט פון יודענראַט גלייך איינאָרדענען די יידן וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער פור. דאָס זענען געווען אייניקע יידישע ספּעציאַליסטן, בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן אויסערן געטאָ. אַלע האָבן געזען אין דעם אַ שלעכטן סימן. די צווייטע נאַכט, דעם 19־טן אויגוסט איז דאָס געטאָ געוואָרן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן דורך אוקראַינער און דייטשן. אַרום 10 אַזייגער אין דער פרי האָט מען געמאָלדן, אַז די וועלכע באַזיצן „פּאַך־קאַרטן” זאָלן גלייך קומען צום יודענראַט קאָנטראָלירן, צי זיי געפינען זיך אויף דער ליסטע וואָס געהערט צום לאַגער. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך געפין זיך אויף דער ליסטע און איך האָב דעם זעלבן טאָג פאַרלאָזט מיין משפחה און בין אַוועק צום באַוווּסטן זאַמעק ליובאַרטא. מען האָט אונדז גלייך געשטעלט אין די רייען און אויף אויטאָס אַוועקגעשיקט קיין גורקע־פּאָלאַנקע. דאָרט האָבן מיר געטראָפן פויערים וואָס האָבן געגראָבן קברים פאַר די יידן. לויט אָנווייזונגען פון אַ דייטשן אינזשיניער איז מיט דייטשער פּינקטלעכקייט אויסגעמאָסטן געוואָרן דער פּלאַץ. יעדער פון אונדז, יידישע פאַכמענער, האָט באַקומען צוגעטיילט אויסצוגראָבן צוויי מעטער. עס זענען צוגעגרייט געוואָרן 3 גריבער: איינער 220 מעטער און 2 — צו 160 מעטער די לענג. די ברייט 6 מעטער און די הויך 2,5 מעטער (אויסער דער ערד וואָס איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן). ביי דער אַרבעט פון צוגרייטן די קברים זענען אָנוועזנדיק געווען 492 יידן פון די, וועלכע האָבן געהערט צום לאַגער.

דער טאָג איז נישט געווען ווי קיין אלול־טאָג. די זון האָט געברענט ווי פייער. וואַסער איז נישט געווען דערלויבט צו טרינקען. פאַר וועלן טרינקען האָט מען באַקומען געשלאָגן. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט קיילעכיקע 24 שעה. דערנאָך האָט מען אונדז געהייסן פאַרלאָזן די גריבער, זיך אויסשטעלן אין שערענגעס — אָנגעלאָדן אויף אויטאָס און צוריק אָפּגעפירט אין זאַמעק ליובאַרטא. מיר זענען געווען פולקאָם אָפּגעשניטן פון דער אויסערלעכער וועלט. דאָך האָבן מיר דורך שפּאַרונעס באַקומען ידיעות, אַז דאָס פייער האָט זיך שוין אָנגעהויבן. עס זענען מאָביליזירט געוואָרן 40 לאַסט־אויטאָס, אויף וועלכע מ׳האָט די יידן פון לויצק געפירט צו דער שחיטה. אין די ערשטע צוויי טעג — פרייטיק ט׳ און שבת י׳ באלול — האָט מען אויסגעשאָכטן קנאַפּע 14.000 יידן.

האָבנדיק אַ צוזאָג פון די דייטשן, אַז די א.ג. לאַגערניקעס האָבן רעכט צו נעמען מיט זיך זייערע משפחות, האָבן זיך אין זאַמעק געפונען אַלע פרויען און קינדער און זייערע זאַכן. דער ליגן האָט אָבער לאַנג נישט אויסגעהאַלטן. מ׳האָט אונדז ווידער אויסגעשטעלט אין רייען, צוזאַמען מיט די משפחות און געפירט צו דער באַזיליאַנער בריק. ווי נאָר אָבער מיר זענען אַהין געקומען האָט דער קאָמיסאַר פון ס.ד., דער מערדער גליק, פאַרקערעוועט אַלע צוריק. ער האָט פאַראָרדנט, אַז די מענער זאָלן ווידער אַרויסגיין צו דער אַרבעט און צוגעזאָגט אַז זיי וועלן זיך אומקערן אין אָוונט צוריק. האָבנדיק דעם ביישפּיל פון נעכטן, האָבן אַ סך געגלייבט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אונדז האָט מען אָפּגעפירט אין בנין פון קראַסנער שפּיטאָל, וווּ עס איז געווען דער לאַגער. דער פּלאַץ אַרום שפּיטאָל איז שוין געווען באַוואַכט מיט מאַסן זעלנער באַוואָפנטע מיט שווער געווער, גלייך ווי מען וואָלט מיט אונדז געפירט אַ קריג. באַלד איז אָנגעקומען דער רוצח גליק און האָט אין אַ רעדע צו אונדז געפאָדערט אָפּגעבן אַלע ווערטפולע זאַכן: געלט, גאָלד, זייגערס א.א.וו. נאָכן באַראַבעווען האָט מען אונדז געהייסן זיך לייגן אויף דער הוילער ערד, וווּ מיר זענען פאַרבליבן ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן. דערנאָך האָט מען אונדז דערלויבט זיך אויפהייבן. יעדער האָט געזוכט אַ ווינקל, וווּ זיך אַהינצוטאָן אין דער פינצטערער נאַכט.

דער אַנדערער טאָג, שבת, איז גרויס געווען ווי דער יידישער גלות. דער לאַגער איז געווען אַזוי באַשטעלט, אַז אַפילו אַ פויגל איז געווען שווער זיך אַריינבאַקומען. דאָך האָבן מיר זיך דערוווסט פון דעם וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ און אין זאַמעק. אַלע יידן, אויך די משפחות, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זאַמעק, האָט מען דעם זעלבן שבת געפירט צו די גריבער. געזאָגט האָט מען זיי, אַז די מענער האָט מען געהרגעט נאָך נעכטן. הערנדיק דאָס האָבן זיך די פרויען נישט קעגנגעשטעלט און זענען גלייכגילטיק געגאַנגען צו דער שחיטה.

דעם זעלבן שבת פאַרנאַכט האָבן מיר, די יידן אין קראַסנער שפּיטאָל, זיך פאַרזאַמלט אין אַ קאָרידאָר. וואַגנער, לאַגער־קאָמענדאַנט פון דער טעכנישער אָפּטיילונג (געוועזענער סעקרעטאַר פון האַנטווערקער־פאַראיין) האָט געזאָגט אַ הספד נאָך די דערמאָרדעטע. אַ געשריי פון 498 מענער האָט זיך אויסגעמישט מיט קדיש־זאָגן און מיט היסטערישע געוויינען. ווער קאָן שילדערן דאָס דאָזיקע בילד?

אין עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מען דעם לאַגער אַריבערגעפירט אין בנין פון דער געוועזענער יידישער גימנאַזיע. דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישער גיהנום. דעם 21־טן סעפּטעמבער 1942 בין איך פון לאַגער אַנטלאָפן. מיט אַ דריי מאָנאַטן שפּעטער (21 דעצעמבער, ו׳ חנוכה) איז דער לאַגער, נאָך אַ שווערן קאַמף, ליקווידירט געוואָרן. פון די וואָס זענען געווען אין לאַגער זענען לעבנגעבליבן פאָלגנדיקע לויצקער: אברהם זיגלבוים, מאַניע גערגיס, יצחק שטיינבערג, מאיר איינבינדער, פאַניע איינבינדער, לייזער פונט, זעליק טייטעלבוים און נאָך צוויי מענטשן.

ש. שילה

# א יידיש יינגל צווישן לעבן און טויט

ראש־השנה תשי״ט. כ׳האָב זיך געזעצט שרייבן מיין טרויעריקע דערציילונג. די דערציילונג פון אַן עד־ראיה, וואָס האָט אַליין דורכגעלעבט די גרוילן פון דער קאַטאַסטראָפע. דאָס מאָל וועל איך דערציילן בלויז אַ טייל, ווייל אויף צו דערציילן אַלץ וועלן מיר די כוחות נישט קלעקן.

מיר דאַכט זיך, אַז דורות זענען שוין פאָריבער זינט איך האָב געהאַלטן אין האַנט צום לעצטן מאָל אַ סידור. דאָס איז געווען אום ראש־השנה 1942, ווען אַ מנין יידן זענען זיך צונויפגעקומען אין דעם צווייטן געטאָ, וואָס איז אַלט געווען דריי וואָכן. ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו דערקענען יענע, וואָס זענען ערשט נעכטן אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן. יעדער האָט זיך אָנגעטאָן אַ שיין מלבוש, און יעדע פרוי האָט זיך פאַרהילט מיט אַ פרעמד קאָפּטיכל. אָן אַ שיער זאַכן האָבן זיך דאָך געוואַלגערט אין דעם פאַרלאָזטן געטאָ.

די יידן האָבן זיך געשפּילט אין „ס׳דאַכט זיך מיר״. אָבער טיף אין דער נשמה האָבן זיי געשפּירט, אַז דאָס איז זייער לעצטער יום־טוב.

פאַרן עמוד איז געשטאַנען אַ באַיאָרטער ייד מיט אַ ווייסער באָרד. זיין שטים איז נישט געווען קיין געבראָכענע, ווי ס׳אַנטשפּרעכט דער מצב. אויך איז דער רוים נישט פול געווען מיט געוויין. מען וויינט נישט לאחר־יאוש. אָדער אפשר האָט יעדער פון אונדז געהאַט דעם ספק, צי איז דאָ פאַר וועמען צו וויינען? אַפילו בעת „ונתנה תוקף״ האָט קיינער נישט אָפּגעווישט קיין טרער פון די אויגן. עס שטייט דאָך: „נישט די מתים וועלן דיך לויבן״ — און די „יום־טוב־פראַווער״ זענען געווען ווי מתים.

איניקע געשטאַלטן פון דאָזיקן מנין זענען נאָך איינגע־קריצט אין מיין זכרון, און איניקע זע איך מטושטש, ווי דורך אַ שווערן נעפּל:

דער וואָס שטייט פאַרן עמוד, אַ גרייזער ייד, נאָר אַ געזונטער און פעסטער — איז אפשר צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אַ בעל־תפילה. ניבן אים שטייט אַ הינקעדיקער ייד, אָנגעלענט אויף קוליעס. אויך ער איז אַ הויכער און פעסטער — אַ ברונעטער מיט שוואַרצע יידישע אויגן. זיין לינקן פוס האָט ער פאַרלוירן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. פון מאָל צו מאָל שטעקט ער אַריין דעם בליק אין סידור און טייטלט מיטן פינגער אויפן אָרט ווו ער האַלט אין דער רגע. אַ דריטער ייד, וואָס כ׳האָב אים געקענט ביים נאָמען — מיר האָבן זיך צוזאַמען באַהאַלטן אין אַ קעלער — איז געזעסן אין אַ ווינקל מיט זיין זון, געבויגן איבער איין סידור, און איך וואַרף אַלעמאָל אין זייער זייט, אָדער ריכטיקער — אין דעם זונס זייט, א קנאהדיקן בליק. כ׳בין אַלט דרייצן יאָר און שוין אַ יתום נאָכן טאַטן. אמת, אין יענער צייט איז דאָס נישט געווען קיין זעלטנקייט, אבער מיר איז שווער געווען צו מאַכן שלום מיטן מיין גורל. פון קנאה צו אַ זון וואָס טוליעט זיך צום טאַטן האָב איך זיך נישט באַפרייט ביזן היינטיקן טאָג.

דאָס צימער איז אָנגעפּראַפּט געווען מיט מאַנסבילן און ווייבער.

מיין מאַמע, דבורה ז״ל, איז געשטאַנען צווישן איינער אַ פרוי מיט איר טאָכטער און האָט זיי געהאָלפן אָריענטירן זיך אין סידור. משמעות, זיי זענען נישט באַהאַוונט געווען אינעם דאַווענען. די טאָכטער איז געווען אַ ברונעטע און זייער אַ שיינע. פון אַ יאָר זעכצן־זיבעצן. אירע אויגן — צוויי פּערל, וואָס מילדקייט און האָפענונג דורך יאוש האָבן פון זיי אַרויס־

געבליקט. איר טאַטע האָט זיך צוזאַמען מיט זיי באַהאַלטן איף אַ בוידעם־שטיבל און אין איינעם אַן אָוונט אַרויסגעגאַנגען זוכן עסן און — געכאַפּט געוואָרן. ביידע, די מאַמע און די טאָכטער, האָבן אויסגעזען זייער אומגליקלעך. כ׳האָב כמעט נישט געהערט זיי זאָלן אַ וואָרט פון מויל אַפּערברענגען. זיי פלעגן גיין אויפן שאָסיי פאַרזיכטיק און צעשראָקן, טאָמער וועט זיי די ערד איינשלינגען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען די איינציקע וואָס פאַרמאָגן נישט קיין איניציאַטיוו. זיי האָבן נישט געוווּסט איף וואָסער אופן זענען זיי מגולגל געוואָרן אין דעם־אָ געטאָ און ווי זיי זענען בכלל לעבן געבליבן. זייער גורל איז געלעגן אין די הענט פון זייערע כאַפּער. נאָר די טאָכטער פלעגט אַלעמאָל אַרויסלאָזן אַ זיפץ און אַ וואָרף טאָן דעם שוואַרצן צאָפּ פון די אַקסל. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז טיף אין איר געמיט האָט זי געשטעלט אַ ווידערשטאַנד איר ביטערן מזל.

הינטער מיין מאַמען זענען געזעסן צוויי מאָגערע שוועסטער, איינע ענלעך צו דער אַנדערער, איבערגעדעקט מיט איין טוך, און זייערע אויגן זענען גלעזערנע. זיי פּרוּוון וויינען און קאָנען נישט. דער טרערן־קוואַל איז פאַרשטאָפּט געוואָרן. יעדע איינע איז געשטאַנען איינזאַם, און כ׳ווייס נישט, צי זיי האָרכן זיך איין צום חזן, אָדער צו זייער אינעווייניקסטער שטים פון טרויער.

„לשנה טיבה תיכתב ותיחתם לאלתר לחיים טובים״ — האָט איינער געווונטשן דעם אַנדערן. וואָס פאַר אַ איראָניע! וואָס פאַר אַ חוזק!

ס׳האָט אויך נישט אויסגעפעלט דער מנהג צו פאַרבעטן געסט. איין שטוב האָט פאַרבעטן די אַנדערע אויף דער סעודה. איך זאָג „שטוב״, ווייל קיין משפחות זענען נישט געווען. אויפן טיש זענען אַרויפדערלאַנגט געוואָרן געריכטן, ווי אין פּיל־סודסקיס צייטן. מיר האָבן געגעסן מיט אַ באַזונדערער תאווה. ווייל ווער ווייסט, צי דאָס איז נישט אונדזער לעצטע סעודה. אויך אַ לאַכן און אַ יום־טובדיק זמרל האָט זיך געלאָזט הערן פון דאָ און דאָרטן. דייטשע זשאַנדאַרמען און אוקראַאינישע כוליגאַנעס האָבן לאַנגזאַם געשפּאַנט איבער דעם שאָסיי און געקוקט מיט שפּאָט אויף דער משונהדיקער און מטורפער טשערעדע. מיר האָבן נישט געוווּסט... אָבער זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז אויף מאָרגן נאָכן יום־טוב וועלן די אַלע געפירט ווערן צו די גריבער.

באמת, אַ שיינער יום־טוב! נאָך די סעודית האָבן זיך אַלע געלייגט אויף די שיינע און אין אָרדענונג־געבראַכטע בעטן. אַ זיסער שלאָף, אָן זאָרגן, אָן צער איבער די טויזנטער יידן, ברידער, עלטערן און קרובים, וועלכע זענען ערשט מיט אַ וואָך, צוויי צוריק אויסגעקוילעט געוואָרן ווי די שעפּסן. וואָרן וואָס? צי באַקלאָגט דען אַ מת זיין מת? און ציריק געשמועסט, ס׳האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען, אַז ענגלאַנד און אַמעריקע האָבן זיך אַריינגעמישט, און די דייטשן זענען געצווּנגען געוואָרן אויפצוהערן מאָרדן. און אַ וועלכער ייד וועט עס נישט גלייבן? און פאַרוואָס זאָל ער זיך נישט אָנכאַפּן דערין צו גלייבן? ס׳איז דען געווען אין עפּעס אַנדערש צו גלייבן? האָט זיך דאָך אויך די אמונה אין דעם גרויסן גאָט דעם אַלמעכטיקן אויסגעלאָזט און איז פאַרשוווּנדן. און אויב די יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט צו דאַווענען,

האָבן זיי דאָך עס געטאָן מחמת דער משונהדיקער געוווינהייט, אָדער מחמת אַן אילוזיע, ווי איינער זאָגט: „אפשר פאָרט?״

*

ווי זענען מיר געקומען אין דאָזיקן געטאָ?

ס׳איז געווען אַ לויטערער, זוניקער טאָג, ווען מיין ברודער מיקא האָט אָנגעקלאַפּט אין דער אייזערנער טיר, וואָס פירט אין קעלער אַריין און מיטגעטיילט מיט אַ ציטעריקער שטים: „יידן, מיר זענען געראַטעוועט! די אַקציע איז אָפּגעשטעלט! און יעדער קאָן אַרויס אין גאַס!״ ווי שרצים זענען מיר געקראָכן אין דער ריכטונג פון דער שיין, וואָס איז אַריין דורך דער אָפענער טיר. קיינער האָט קיין כוח נישט געהאַט צו שטיין אויף די פיס. יעדער האָט זיך אַרויסגעהאָלפן מיט אַ צווייטן. ווען מיר זענען אַרויף אויבן — האָבן מיר פאַרמאַכט די אויגן און זיך אָנגעהאַלטן פאַר די ווענט נישט אומצופאַלן. דער קאָפּ האָט זיך אונדז אַלעמען פאַרדרייט. מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף די צעוואָרפענע זאַכן איבערן צימער און מיט געוואַלד אַראָפּגעשלונגען דאָס עסן, וואָס ס׳האָבן אונדז דערלאַנגט דער ברודער און נאָך צוויי־דריי יידן פונעם אַרבעטס־לאַגער, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים אויפזאַמלען דאָס יידישע פאַרמעגן פאַר די דייטשן. אַרום איז שטיל. יעדער קייט זיין פּאָרציע, וואָס ער האָט באַקומען. אַ דייטש שפּאַנט אין מיטן גאַס און קיקט אפילו נישט צו אונדז — און מיר שרעקן זיך נישט.

דאָס געטאָ האָט זיך אויסגעליידיקט. פאַר דריי וואָכן, ווען מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער, האָט דער פּלאַץ געטומלט פון טויזנטער מאַנסביל, ווייבער און קינדער, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אַהין און אַהער און געזוכט אַ שפּאַרונע אין אַ וואַנט, אָדער אַ מייזן־לאָך, וווּהין דעם קאָפּ צו פאַרשטעקן. איצטער — גאָרנישט. דער גאַנצער עולם לעבט שוין נישט מער.

שפּורן פון דער שחיטה זעען זיך אָן אין יעדן ווינקל און הייז. אַ מאָגערער קאָטער רייבט זיך חניפהדיק ביי אונדזערע פיס, אויך ער איז איינזאַם און פאַרוואָרלאָזט. די הייזער זענען אויפגעבראָכן, און טויזנטער מעבלשטיקער און שטוב־כלים וואַלגערן זיך איבערגעקערט און צעבראָכן אין גאַס. און ווער ס׳גייט אַריין אין אַ וועלכער שטוב, מוז ער טרעטן אויף מענטשלעכע בגדים, אויף קינדערישע שיכלעך און אויף פעדערן. פעדערן, פעדערן אָן אַ סוף! נישט נאָר מענטשלעכע בייכער, אויך קישנס אין פּערענעס האָבן די מערדער צעטרענט. און אפשר האָבן זיי געזוכט גאָלד צווישן די פעדערן?

מיר האָבן געטרעטן אויף פאָטאָגראַפיעס. אַ שלל פאָטאָגראַפיעס: פון משפחות אין פון איינצלנע. פון די פאָטאָגראַפיעס האָבן געקוקט אויף אונדז גליקלעכע פנימער, יום־טובדיקע. אָט איז אַ טאַטע מיט צוויי מיידלעך אויף די אָרעמס, אָנגעטוענע יום־טובדיק — שמייכלענדיקע. אָט זענען צוויי גרויסע פאָטאָגראַפיעס. איינע — פון אַ יידן מיט אַ שיינער באָרד, מיט אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ, און אַ באָבע מיט אַ פּאַרוק, אָנגעטאָן אין אַ שיין קלייד. אָט ליגט אַ פאָטאָגראַפיע פון יוגנטלעכע אין באָדקאָסטיומען אויפן ברעג פונעם סטיר. אַ קלאַס גימנאַזיסטן מיט זייערע לערער זענען צוזאַמען פאָטאָגראַפירט, און איבער זיי איז אָנגעשריבן דער דאַטום 1938. אַ דיקלעך קינד מיט אַ גרויסן קאָפּ און צעעפנט מייל קוקט

אויף אונדז מיט זיינע שיינע אויגן און לאַכט. וויפל גליק האָט דאָס דאָזיקע קינד פאַרשאַפט זיינע עלטערן!

מיר זענען אַרומגעגאַנגען איבער די הויפן, צו זוכן עסנוואַרג און קליידונג. די טירן זענען אויפגעבראָכן, און טויטשרעק קוקט אַרויס דורך די אָפענע פענצטער. שטיל. מיר הערן נישט גאָרנישט חוץ אונדזערע טריט און... דעם גערויש פון די פענצטער אויף זייערע זאַוויאַסעס. אומעטום, אין יעדן ווינקל האָט אונדז באַגלייט דער אימה־דיקער גערויש פון פענצטער וואָס וויגן זיך אויפן ווינט. ביז היינט הער איך דאָס דאָזיקע גרילצעניש. און ביז היינט קאָן איך נישט פאַרטראָגן אַ פענצטער וואָס רוישט אויפן ווינט. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער איז דאָס רוישן פון אַ פענצטער געוואָרן פאַר מיר — אַ סימבאָל פון דער קאַטאַסטראָפע, אַ גרילצעניש פון טויט.

מיר האָבן געפונען שיינע און שטאַרקע בגדים, וואָס גייען אונדז צו. מיר האָבן שנעל אויסגעטאָן אונדזערע די פאַרבלאָטיקטע, כדי אָנצוטאָן די ריינע. און דעמאָלט, אוי־ווי וואָס פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט! כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָט דאָס בילד, ווי בערעלע, מיין צווייטער ברודער, עלטער פון מיר מיט דריי יאָר — האַלט אין די הענט די אַלטע בגדים און קוקט אויף די מיליאָנען כנים: די הויזן זענען באַדעקט געווען מיט אַ גאַנצן כנים־שיכט, און מיר האָבן עס אפילו נישט געשפּירט ביז היינט. ערשט דעמאָלט האָט איך צום ערשטן מאָל געזען מיין ברודער וויינען, אַ שטיל געוויין. „זע שמוליק, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — קוק זיך גוט צו, גוט, און אויב וועסט בלייבן לעבן, זאָלסטו עס נישט פאַרגעסן”.

שוין גלייך דעם אייגענעם טאָג, ווען מיר זענען אַרויס אויף דער „פרייער לופט”, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרומיאָגעניש נאָך ווערטפולע זאַכן. מיין עלטערער ברודער האָט זיך געכעסט און דענערווירט וואָס מיר איילן זיך נישט. ער האָט זיך געשראָקן, טאָמער וועלן די יידן וואָס זענען פאַרבליבן אין געטאָ און אין לאַגער געפינען דאָס גאַנצע רייכטום, און אונדז וועט גאָרנישט איבערבלייבן. און מיר וועלן זיך דאָך נייטיקן אין יעדער ווערטפולער זאַך. אָן דעם קאָן מען אפילו נישט חלומען, אַז אַ וועלכער קריסט זאָל אונדז געבן אַ שטיקל ברויט, ווען מיר וועלן אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. בערעלע און איך האָבן געקריגן אַפילו אַ ביסל געשלאָגן פון אים — פאַרוואָס מיר באַמיען זיך נישט.

אַן עקל האָט אין אונדז דערוועקט אָט די גאַנצע שפּיל. פשוט — דאָס לעבן האָט אונדז דערעסן.

מיין עלטערער און טייערער ברודער מיקא! כ׳בין נישט אין כעס געווען פאַר די קלעפּ, ווייל כ׳האָב געוווּסט, אַז דו מיינסט אונדזער טובה. אַליין לעבן בלייבן און אונדז ביים לעבן דערהאַלטן איז געווען דיין ווילן. אַ שווערן יאָך האָסטו גענומען אויף דיינע פּלייצעס, בעת דער טאַטע לעבט נישט און די מאַמע איז שוואַך און מבולבל צוליב דעם גרויסן יאוש.

צי האָבן מיר זיך געפרייט וואָס מיר זענען לעבן געבליבן? ניין. מיין ברודער בערעלען איז עס בכלל נישט אָנגעגאַנגען, ער איז גרייט געווען יעדע רגע צו שטאַרבן. ווייל פאַרוואָס קומט אונדז צו לעבן, בעת אַלע זענען טויט?

מיין מאַמע האָט בלויז איין זאַך פאַרלאַנגט: מיר זאָלן זי איבערלאָזן, און מיר, די קינדער, זאָלן אַנטלויפן. ווירקלעך, אַזוי פלעגט זי אונדז זאָגן, אָבער איך ווייס, אַז זי האָט געוואָלט לעבן, האָט זייער געוואָלט לעבן.

מיקא און בערעלע, די צוויי עלטערע ברידער זענען צוגעשטאַנען צו אַן אַרבעטער־פּאַרטיע. די מאַמע און איך האָבן גענומען אונדזערע זאַכן און זענען געגאַנגען מיט אַלע איבעריקע אין צווייטן געטאָ. דאָרט, אין דער שמאָלער גאַס, צווישן די צוויי בריקן וואָס פירן קיין גנידעווע, ווו רעכטס פליסט דער טייך און לינקס שפּרייטן זיך זומפּן. די דייטשן האָבן פאַרשטאַנען ווו אונדז צו באַזעצן. און מיר, ווי מיר וואָלטן אפילו נישט אָפּגעפילט די לאַגע. מיר זענען געגאַנגען, ווייל זיי האָבן אונדז נישט געטשעפּעט, ווייל זיי האָבן אונדז געגעבן צו עסן.

צוויי אָדער דריי וואָכן, כ׳געדענק נישט גענוי, זענען מיר געזעסן אין דאָזיקן געטאָ, און זיין לעצטער טאָג איז געווען אַ יום־טוב־טאָג, ווי געשילדערט אין ערשטן קאַפּיטל.

✶

ביינאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון אַ גערויש פון אַ מאָטאָר. אַרויסגעקוקט אין דרויסן, האָב איך דערזען, אַ שטאַרקער פּראָזשעקטאָר באַלייכט דעם קליינעם געטאָ. כ׳האָב מאָמענטאַל אויפגעוועקט די מאַמע און איר איבערגעגעבן, וואָס מיינע אויגן זען. נאָר מיין מאַמע שמייכלט און באַרויקט: „ס׳וועט גאָרנישט געשען, ס׳וועט גאָרנישט זיין. כ׳האָב נאָרוואָס געזען מיין מאַמע אין חלום, און זי האָט מיר געבראַכט גוטע זאַכן אויף יום־טוב און געהייסן זיי צעטיילן צווישן די קינדער. שלאָף, שלאָף... ס׳וועט, אם ירצה השם, אַלץ גוט זיין, — די מאַמע האָט זיך דאָך צו מיר באַוויזן”. נישט גערן און מיט פלאַטער האָב איך געהערט דער מאַמעס שטים. כ׳האָב אַנידערגעלייגט דעם קאָפּ אויף איר וואַרעמער דלאָניע און בין פרום איינגעשלאָפן.

„עפנט גלייך אויף!” — האָט זיך דערהערט אַ באַפעל. מען קלאַפּט אין דער טיר! מיר זענען שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. דורך די פענצטער האָט זיך אַריינגעזייעט דאָס טאָגליכט.

„עפנט גלייך אויף די טיר!” — האָט זיך ווידעראַמאָל דערהערט דער באַפעל. די מאַמע, מבולבל פון איבעראַשונג און פחד, איז צוגעלאָפן צו דער טיר און געעפנט. פאַר אונדז איז געשטאַנען אַן אוקראַינישער פּאָליציאַנט מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און האָט באַפוילן אַרויסגיין אין דרויסן. מיר האָבן גענומען זיך אָנטאָן, און בעת־מעשה האָט די מאַמע געפּרוווט אונטערהאַנדלען מיטן פּאָליציאַנט, ער זאָל אונדז לאָזן אַנטלויפן. נאָר ער איז געשטאַנען רויק, האָט געשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף — ניין!

סאַראַ מזל מיר האָבן געהאַט. ס׳איז געווען אַ מענטשלעכער פּאָליציאַנט. ער האָט אונדז נישט אַרויסגעטריבן פון שטוב אינעם בלויזן העמד אויפן לייב, ווי אַנדערע האָבן עס געטאָן. האָט זיך אויך צוגעהערט צו אונדזער בקשה און געבעטן מיר זאָלן זיך אָנטאָן שנעלער. ס׳האָט אונדז אַרומגעכאַפּט דער פיבער־דראַנג צום לעבן. די מאַמע איז גרייט געווען אים די הענט צו קושן, אַבי ער זאָל אונדז צורו לאָזן. מיר האָבן געוווּסט, אויב מירן אַרויסגיין פון שטוב — זענען מיר פאַרלוירן. די טיר האָט זיך ווידער געטאָן אַ רייס אויף, און מיט אַ ווילד געשריי האָט זיך אויף אונדז אַ לאָז געטאָן אַ צווייטער פּאָליציאַנט. ביידע האָבן אונדז אַרויסגעשטופּט אין דרויסן.

אויפן שאָסיי זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט עטלעכע צענדליק יידן. איך האָב בשום־אופן נישט געוואָלט צושטיין צ׳ זיי. כ׳האָב אָנגעכאַפּט דער מאַמען פאַר דער האַנט און זי געשלעפּט אויף צוריק. דער פּאָליציאַנט האָט אויפגעהויבן דעם רעוואָלווער, אַ קלעפּל געטאָן מיטן פאַרריגלער און געצילט זיך אין אונדז. און זעט אַ וווּנדער! מיר האָבן זיך נישט דערשראָקן, קיין טראָפּעלע פחד האָב איך נישט געשפּירט. די אויסגעשטעלטע יידן אויפן שאָסיי האָבן אונדז איינגערעדט, מיר זאָלן זיך נישט איינעקשנען: „קומט, קומט, ס׳איז נישטאָ וווּהין צו אַנטלויפן — אַלץ איז פאַרפאַלן“. מיר זענען צוגעשטאַנען צו זיי, און דאָס געפיל פון אומקום האָט מיך דורכגענומען אינגאַנצן. ווירקלעך, אַלץ איז געענדיקט. נאָך אַ שעה, נאָך צוויי, און מיר וועלן שוין נישט לעבן.

צום ערשטן מאָל האָב איך ערשט געפרעגט זיך אַליין: וואָס איז דאָס אַזוינס דער טויט? וויאַזוי שטאַרבט מען עס?

כ׳האָב אַריינגעשטעקט די האַנט אונטער דער מאַמעס אָרעם, און מיר האָבן שטיל געשפּרייזט מיט אַלע, אונטער־טעניקע און שווייגנדיקע. ביי יעדער שטוב איז פאָרגעקומען די זעלבע סצענע, ווי ס׳איז געשען מיט אונדז. מבולבלע אין דערשלאָגענע מענטשן פּרווון אַנטלויפן אין אַלע זייטן און פאַראייניקן זיך לסוף רויק צו דער טויט־פּראָצעסיע.

אָט זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען אַ געוויס הויז, און פון דאָרט איז נישט אַרויסגעקומען קיינער. האָבן מיר זיך געפרייט, וואָס עטלעכע יידן האָט זיך איינגעגעבן אָפּצונאַרן די דייטשן. און ווען דער טאָג וועט קומען, וועלן זיי דערציילן וועגן אונדז, די לעצטע פונעם געטאָ.

מיר זענען אַרויס פון געטאָ. מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס קרולאָווע יאַדוויגע און האָבן נישט געוווּסט וווּהין מען פירט אונדז און אויף וועלכן פּלאַץ מען וועט אונדז דער־מאָרדן. פונווייטנס האָט געשוואַרצט אַ שטיק ערד, האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס איז עס דאָס אָרט, אין מיטן שטאָט, און דאָ וועט מען אונדז אומברענגען.

ס׳איז געווען זונטיק. די אוקראַינער האָבן אונדז דעם גאַנצן וועג געשלאָגן, מיר זאָלן גיין גיכער, און מיר האָבן געשוויגן און זענען ווייטער געגאַנגען מיטן זעלבן טריט. אויף די זייטן און זענען געשטאַנען מענער, ווייבער און קינדער און געקוקט אויף אונדז. קיינער פון זיי האָט קיין שמייכל נישט געטאָן און קיין וואָרט נישט אַפּערגעבראַכט. זיי זענען געווען אָנגעטאָן יום־טובדיק, אויפן וועג אין קלויסטער אַריין.

כ׳וועל נישט פאַרגעסן דאָס געשטאַלט פון אַ קריסטין, וועלכע איז אַרויסגעקומען פון איר שטוב, האָט אונדז דערזען, זיך געטאָן אַ צי אויף צוריק און צוגעדריקט צו דער וואַנט פון איר שטוב. ווי אָנגענעם ס׳איז געווען צו פילן דעם מיטגעפיל כאָטש פון איין מענטשן, בעת חיות. רוצחים לויפן אַרום דיר, שרייען, שטופּן און... לאַכן.

אַ שיינעם טאָג האָט אונדז דער אייבערשטער געשענקט, אַ פּנים כדי עס זאָל אונדז שווערער זיין דאָס שיידן זיך מיט דער וועלט. די זון האָט געשיינט, געוואַרעמט אונדזערע גלידער; און אַלע ביימער, הייזער און מענטשן — האָבן זיך באַקליידט יום־טובדיק. כ׳בין געגאַנגען און האָב אַלע ווײַלע געוואָרפן קנאהדיקע בליקן אויף די קריסטלעכע קינדער, וואָס לויפן אונדז נאָך. דאָס וואָרט „פאַרוואָס?“ רייסט זיך אַרויס פון מיין מויל אויף אַ קול. די מאַמע טוט אַ קוק אויף מיר און דרייט שנעל אַוועק די אויגן. זי שעמט זיך וואָס זי איז נישט אימשטאַנד מיר צוהעלפן. איך קוק אױפן הימל און רעד צו דער זון: „אוי, אויך מאָרגן וועט זי שיינען, נאָר איך וועל זי נישט זען. און אַלע קריסטן אַרום וועלן לעבן, סיי מאָרגן, סיי איבערמאָרגן און הנאה האָבן פון איר גלאַנץ“.

פּלוצעם האָט מיך דורכגענומען אַ חשק צו זינגען די התקווה. כ׳האָב געוואָלט אויפהייבן מיין שטים צו זינגען מיטן גאַנצן מויל, נאָר דערזעענדיק די דייטשן, בין איך שטיל געבליבן. בלויז שטילינקערהייט, ווי מען זאָגט ווידוי, האָב איך מיט די ליפּן געמורמלט דאָס גאַנצע ליד התקווה. קיינער פון די גייער נעבן מיר האָבן דאָס מויל נישט געעפנט. זיי האָבן נישט געזאָגט, הער אויף זינגען, נאָר זענען אויך נישט צוגעשטאַנען צו מיר.

בלויז מיין מאַמע האָט אַלע ווײַלע אַוועקגענומען איר האַנט פון מיינער און אַ זאָג געטאָן: „האַלט זיך נישט אין מיר. פּרוּוו אַנטלויפן“. און איך, אַ צעמישטער אינגאַנצן, האָב געהאַלטן דער מאַמען פאַר דער האַנט און זי נישט אָפּגעלאָזט. כ׳האָב נישט געגלייבט, איך זאָל קאָנען אַנטלויפן, און גיין צום טויט אַליין — האָב איך זיך געשראָקן, שרעקלעך זיך געשראָקן; דער עצם געדאַנק צו שטאַרבן אַליין האָט געמאַכט אויפציטערן מיין גוף.

נעבן אונדז האָט געשפּרייזט יענער קרומער ייד, וואָס ערשט נעכטן האָט ער געדאַוונט מיט מיר אין בית־המדרש. דער איינציקער וואָס האָט דעם גאַנצן וועג נישט געשוויגן. ניין, ער האָט זיך נישט געקלאָגט, נישט געשאָלטן, נישט מענטשן, נישט גאָט. ער האָט אונדז פּשוט געטרייסט מיט זיין שטילער שטים. „אַלץ וועט אַריבערגיין — האָט ער געזאָגט — דאָס איז גאָרנישט, יידן. נאָר איין מאָל שטאַרבט מען. מילא, ס׳איז אַזוי נגזר געוואָרן“. אָפּגעשוויגן אַ ביסל, האָט ער אָפּגעזיפצט און אַ מאַך געטאָן:

„מען גייט שטאַרבן, פונדעסטוועגן האָב איך חשק צו פאַר־רייכערן אַ ציגאַר“.

פון אונדזער רעכטער זייט שפּרייזט איינע אַ מיידל אינעם נאַכטהעמד אויפן לייב און שעפּטשעט: „כ׳האָב געמיינט, אַז דו גייסט שטאַרבן, אַרט דיך שוין נישט וואָס ס׳איז דיר קאַלט, און מיך אַרט פונדעסטוועגן יאָ“.

„איך בין מקנא מיין מאַן, ער איז שוין אַלץ איבערגעקו־מען“ — האָט זיך דערהערט ווי אַ מין זיפץ פון יענער מאַמען, וואָס מיין מאַמע האָט זיך מיט איר און איר טאָכטער פאַרנומען אין בית־מדרש. „אָבער איך וויל לעבן — האָט איר די טאָכטער געענטפערט — כ׳בין אַלט זעכצן יאָר, כ׳האָב נאָך בכלל נישט געלעבט. מאַמע, איך וויל לעבן!“ און פון אירע שיינע אויגן זענען גערונען טרערן.

בעת איך האָב געהערט דער טאָכטערס דורכנעמענדיקע שטים, בין איך אינגאַנצן אויפגערודערט געוואָרן. מיינע אויגן האָבן גענישטערט אין אַלע זייטן, זוכנדיק אַנטרינונג: „לעבן, לעבן!“ — האָבן מיינע ליפּן געמורמלט. דער באַגער צו לעבן האָט מיך דורכגענומען מיט זיין גאַנצער קראַפט. מיך נישט אָפּגעלאָזט. „ניין! כ׳וועל נישט שטאַרבן! איך מוז לעבן אויף יעדן פאַל!“

מען האָט אונדז געבראַכט צו דער פעסטונג „ליובאַרטאַ“ און אַריינגעפירט אין דעם שול־בנין דאָרט. ווי פאַרפאַלגטע

חיות האָבן זיך אַלע אַרומגעיאָגט איבער די ליידיקע צימערן. יעדער איינער האָט געזוכט אַן אַרויסגאַנג צום אַנטלויפן. אָבער אויף יעדן אָרט איז געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט. מיידלעך האָבן זיך געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן זיי לאָזן אַרויסקריכן דורך אַ פענצטער, און זיי האָבן צוריקגעשטויסן מיט די רעוואָלווערן און — געלאַכט.

איך דערמאָן זיך צוויי ייִנגלעך, עלטערע פון מיר, שטאַלטנע און שיינע. זיי זענען געשטאַנען נעבן זייער מאַמען און זיך געבעטן ביי איר, זי זאָל זיי דערלויבן טאָן זייער ווילן: קעמפן, קעמפן מיט אַלץ וואָס קומט אונטער דער האַנט, שטאַרבן מיט כבוד — דאָס איז זייער לעצטער ווילן.

ווי אַנדערע ייִדן, האָב אויך איך אָנגעהויבן אַרומלויפן פון צימער אין צימער, און די מאַמע לויפט מיר נאָך. מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט עטלעכע מענטשן אַרויפגיין מיט שטיגן. כ'האָב געבעטן די מאַמע, זי זאָל בלייבן אין דעם צימער, ווו מיר זענען געשטאַנען, זיך פון אָרט נישט רירן, און איך וועל אַרויפשטייגן זעען, וואָס דאָרטן טוט זיך. כ'האָב זיך געשראָקן, טאָמער קער איך זיך אום און טרעף זי נישט, און כ'וועל מוזן גיין צו די גריבער אַליין. פאַרלאָזן און איינזאַם איז די מאַמע געבליבן אין צימער צווישן די צענדליקער אַרומלויפנדיקע און פאַרצווייפלטע מענטשן.

דער לעבנסדראַנג האָט מיך געשטופּט אַלץ העכער, העכער. כ'בין אַרויפגעשטיגן אויף די טרעפּ, נישט טוענדיק קיין קוק אויף צוריק, נישט וואַרפנדיק קיין בליק צו דער מאַמען. כ'האָב געגלייבט מיטן גאַנצן האַרצן, אַז כ'וועל געפינען אַ וועלכע לאָך זיך צו באַהאַלטן און גיין צוריק זי רופן.

אויפן צווייטן אָדער דריטן שטאָק בין איך פאַרבייגעגאַנגען אַ פענצטער, וואָס האָט געפירט צו אַ משונהדיק בוידעם־צימער. ווען מיר זענען אַריינגעקומען אַהינצו, האָבן מיר געזען ווי עטלעכע יונגעלייט עפענען טירן אין דעם הילצערנעם דיל. מיט גרויס איילעניש האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אין די דאָזיקע לעכער. דער דיל איז געווען אַ דאָפּלטער, אונטער אונדז האָט ער געדינט פאַר א סטעליע, און איבער אונדז פאַר אַ דיל פון אַ גרויסן זאַל.

ערשט דעמאָלט, ווען איך בין שוין געלעגן באַהאַלטן, האָב איך זיך דערמאָנט אין דער מאַמען, וואָס וואַרט אויף מיר אונטן. כ'בין געלעגן נישט ווייט פון דער טיר, און ס'איז מיר גרינג געווען אַרויסצוקריכן. איך האָב זיך געבעטן ביי עטלעכע ייִדן וואָס זענען געלעגן פאַר מיר, זיי זאָלן מיר לאָזן פאַרבייקריכן. ענדלעך, נאָך שעפּטשערייען און נערוועזע באַוועגונגען, האָבן זיי מיך געלאָזן, כ'בין שנעל געלאָפן אין דער ריכטונג צום פענצטער... און אויוויי צו מיינע אויגן! אַן אוקראַיִנישער פּאָליציאַנט, אַ נידעריקער און דיקער, שטייט ביים פענצטער און שלאָגט יעדן וואָס פרוווט פאַרבייגיין. כ'האָב זיך שנעל אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק און בין מיט אַלע כוחות אַרונטער־געקראָכן אונטערן דיל.

מער האָב איך שוין נישט געפּרוווט אַרויסקריכן. ס'איז מיר דאָרט גוט געווען.

אויפן צווייטן טאָג, מאָנטיק, זענען אָנגעפאָרן אויטאָס, און די דייטשן האָבן גענומען אַרויספירן די ייִדן פונעם הויז. געיאָמער און געכליפּעריי, און פון דעם געיאָמער אַרויס האָט צו מיר דערגרייכט איין געשריי — דאָס געשריי פון מיין מאַמען. כ'האָב זיך איינגעביסן די ליפּן. זיך אָנגעכאַפּט פאַרן דיל, נישט אַרויס־צושפּרינגען אין דרויסן. מיין מאַמע איז דאָך דאָרט אונטן, אַן איינזאַמע און פאַרלאָזענע, ווי אַזוי זשע דערוועג איך זיך דאָ צו באַהאַלטן? כ'האָב זיך קיין ריר נישט געטאָן. די תאווה צום לעבן האָט גובר געווען די ליבע צו דער מאַמען. ווי אַ זינדיקער האָב איך זיך אויסגעזען אין די אייגענע אויגן. וואָס וועל איך זאָגן מיין שוועסטער, וועלכע געפינט זיך אין אַ זיכערער אָרט, ווען כ'וועל זי באַגעגענען? ווי וועל איך קאָנען קוקן זיך אין די אייגענע אויגן אַריין?... קום, שמואל, און קריך אַרויס! לאָז נישט דער מאַמען גיין אַליין צום טויט! — די דאָזיקע מחשבות האָבן אויפגעבליצט און געהילכט איבער מיין קאָפּ ווי דונערן אָבער כ'האָב זיך נישט קיין ריר געטאָן. מיט קיין אבר נישט באַוועגט.

די מאַמען האָב איך מפקיר געווען. באמת, איך בין דיר אַ געטריי קינד געווען, מאַמע מיינע! ביז היינט צו טאָג איז מיר אַ שאַנד און אַ בזיון! אפשר וועל איך געפינען אַ טרייסט דערין, וואָס אַ סך וועלן לייענען מיין דערציילונג און וויסן, אַז איך, שמואל שולמאַן, האָב איבערגעלאָזט מיין מאַמע, דבורה שולמאַן — כדי צו ראַטעווען מיין אייגענע פעל.

✶

די דייטשן און אוקראַיִנער זענען געקומען אויך צו אונדז די פאַרשטעקטע אין די לעכער. אין אָנהייב האָבן זיי אַריינגעשריגן אין דער טיר אַריין, און ביז היינט הילכט מיר נאָך אין די אויערן: „ראוס, פערפלוכטע יודע! ראוס!" ווען קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן, האָבן זיי געפּרוווט מיט גוטן. „צו וואָס זאָלט איר דאָ אויסגיין פון הונגער? איר פאָרט אַלע אין אַן אַרבעטס־לאַגער אויף קראַסנע. מיר נייטיקן זיך אין אייער אַרבעט". און ס'האָבן זיך ווירקלעך געפונען עטלעכע „לאָגיש־דענקענדיקע" ייִדן — און זענען אַרויסגעקראָכן. די איבעריקע זענען געבליבן. די אוקראַיִנער האָבן אַריינגעשטעקט לאַנגע שטעקנס און געשלאָגן איבער די קעפּ פון די ליגנדיקע. אַלע ווילע האָבן זיי אָנגעשטעלט אויף אונדז די רעוואָלווערן און זיך געשפּילט מיט די פאַרריקלעך. „אויב איר גייט נישט אַרויס, הרגענען מיר אייך אויפן אָרט!" — האָבן געשריגן די דייטשן

איך האָב באַשלאָסן געהרגעט צו ווערן אויפן אָרט, און נישט אַרויסגיין. כ'האָב זיך געטראַכט, בעסער שטאַרבן דאָ, ליגנדיק אין דער פינצטער, נישט אָנקוקנדיק זייערע פרצופים, איידער גיין צו די גריבער, קוקן אין זייערע גזלנישע אויגן, זיך אויסטאָן און לייגן אין אַ טיפן גרוב צווישן אַנדערע מתים. כ'האָב יעדע רגע געוואַרט אַ קויל זאָל דורכשניידן מיין קערפּער. איך האָב נישט געשפּירט ווי די וואָס זענען געלעגן פאַר מיר זענען איינציקווייז אַרויסגעקראָכן. כ'בין געבליבן אַליין. די ריטשערייען פון די דייטשן און דאָס קלעפּלען פון די פאַרריגלערס האָבן מיך נישט אָפּגעשראָקן, ווייל מיין באַשלוס איז געווען אייזן־פעסט... שטאַרבן אויפן אָרט.

דאָס שטיקל צוקער, וואָס איז געווען מיין שפּייז די גאַנצע צייט, האָב איך שוין לאַנג אויפגענאָגט. כ'האָב אַריינגעשטעקט אַ פינגער אין מויל און געזויגן מיט אַלע מיינע כוחות. צו די דראָונגען האָב איך זיך נישט צוגעהאָרכט. כ'האָב זיך אינגאַנצן נישט ווויסנדיק געמאַכט, אַז די דייטשן זענען דאָ פאַראַן. כ'בין אַנטשלאָפן געוואָרן און אָפּגעשלאָפן, משמעות, אַ היפּשע צייט.

פלוצעם האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון שטאַרקע קלעפּ אין דעם דיל. מען צענעמט דעם דיל איבער מיר. מען זוכט מיך. די דייטשן האָבן זיך איינגעעקשנט, און אויך איך האָב זיך איינגעעקשנט. אָט־אָ... זיי דערנענטערן זיך צו מיר... אָט־אָ וועלן זיי מיך געפינען... כ׳האָב שוין געזען מיט מיינע אויגן זייערע גרויליקע פּרצופים, געשפּירט זייערע רוצחישע קלעפּ. אַ רגע האָב איך געהאַט דאָס געפיל אויסצוברעכן, צו וויינען, מתפּלל צו זיין צו גאָט. „שמע ישראל!" האָב איך געשעפּטשעט די גאַנצע צייט. כ׳בין אויף אַלץ גרייט געווען, אַבי נישט אַריינצופאַלן קיין לעבעדיקער אין זייערע הענט.

ס׳האָט אויפגעהערט דאָס קלאַפּן פון דער האַק, זיי האָבן דאָס אָרט פון מיין באַהעלטעניש נישט אָפּגעפונען, און דעם גאַנצן דיל צעברעכן האָבן זיי, משמעות, נישט געוואָלט. ווידער אַ געשריי ביי דער טיר פון דעם דיל, אַ קלאַפּן פונעם רעוואָלווער, דראָונגען, איינבעטונגען — אַלץ האָבן זיי געפּרווּוט. און איך בין געבליבן ביי מיינעם: קיין ריר זיך נישט געטאָן.

ס׳זענען אַריבער שעהן, און דער איינציקער ליכטשטראַל, וואָס האָט אַריינגעדרונגען דורך דער טיר — פאַרשווּנדן. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אינדרויסן הערשט שוין די נאַכט. שטיל. מען הערט נישט דעם יאָמער פון די צ׳ים טויט פאַרמשפּטע. אַלע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן. פון מאָל צו מאָל דערגרייכט צו מיין אויער געלעכטער און געשרייען פון די פּאָליציאַנטן. כ׳האָב באַשלאָסן עפּעס צו טאָן.

פּאַמעלעכן, פּאַמעלעכן, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און אינגאַנצן אַ געשפּאַנטער, האָב איך גענומען אַרויסקריכן. כ׳בין געקראָכן אויפן רוקן, אַרויסהעלפנדיק זיך מיט די עלנבויגנס און די פיסזיילן. איבערדרייען זיך אויף אַ זייט איז נישט מעגלעך געווען, ווייל דאָס אָרט איז זייער שמאָל געווען. אין דרויסן, אינעם דאַכשטיבל, האָב איך צונויפגעשאַרט שטיקלעך טרוקענעם טינק, שטיינער, גרוז און מיט גרויס געדולד עס אַריינגעשטופּט אין באַהעלטעניש. צוליב דעם וואָס כ׳האָב זיך נישט געקאָנט איבערדרייען, האָב איך דאָס גרוז געשטופּט מיט איין האַנט בלויז אינעווייניק אַריין, אינעווייניק אַריין.

די דאָזיקע אַרבעט איז געווען אַ גרויליקע. מיין גוף איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און אַנגסטן האָבן אים באַדעקט דורכויס. כ׳האָב אַלע ווײַלע געוואָלט איבעררייסן די מוראַשקעס־אַרבעט, אָבער די תאווה צום לעבן און די לעצטע האָפענונג האָבן מיך דערמוטיקט. לאַנגע שעהן האָב איך געפּראַצעוועט אומדערמידלעך, ביז כ׳האָב געפילט, אַז דער מאַטעריאַל וועט שוין קלעקן. כ׳בין געקראָכן אינעווייניק ביז צום עק, און מיט אַקראָבאַטישע מיטלען, וואָס אַנטפּלעקן זיך אין אַזאַ קריטישן מאָמענט, האָב איך פון גאַנצן גרוז, וואָס כ׳האָב צונויפגענומען, אויפגעשטעלט — אַ וואַנט. אַזוי, אַז אייב אַ פּאָליציאַנט וועט אַריינקוקן אינעווייניק, וועט ער מיך נישט זען און מיינען, אַז דאָס איז דער עק פון דער ענגער הייל.

דאָס פאָרטל האָט זיך איינגעגעבן.

ווען די פּאָליציאַנטן זענען אויף מאָרגן אינדערפרי געקומען, זענען זיי איבערגעראַשט געוואָרן, דערזעענדיק אַ ליידיקע הייל. אין אָנהייב האָבן זיי באַלויכטן מיט אַ לעמפּל. און דער ליכטשטראַל, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך אַ שפּאַרונע אין דער וואַנט וואָס איך האָב אויפגעשטעלט — האָט פאַרהאַלטן מיין אָטעם. ס׳איז מיר געוואָרן הייס. בלויז איין סעקונדע האָב איך זיך געזען ליגן אַנטבלויזט קעגן דעם שטנס אויגן. דאָס לעמפּל איז פאַרלאָשן געוואָרן, און דאָס דערלייזנדיקע, זיסע וואָרט האָט זיך דערהערט אין חלל: „ניעמאַ" (נישטאָ). סאַראַ פּרעכטיק וואָרט! וויפל גליק עס פאַרשאַפט אַזאַ פּשוט וואָרט, ווי: „ניעמאַ". כ׳האָב פריי אָפּגעאָטעמט. אַ שווערער שטיין האָט זיך מיר אַראָפּגעקייקלט פון האַרצן. כ׳האָב באַשלאָסן צו וואַרטן ביז נאַכט.

אָבער דאָס לעבן גיט זיך נישט לייכט:

דער סטרוזש פון דער שול האָט באַשלאָסן, אַז אונטערן דיל באַהאַלטן זיך אויס צום ווינציקסטן אַ הונדערט יידן. אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט ער זיך אומגעקערט אין דער באַגלייטונג פון די פּאָליציאַנטן און אַ פּויליש ייִנגל. זיי האָבן געגעבן דעם ייִנגל אַ ליכט אין באַפוילן אַראָפּקריכן אינעווייניק און זיך איבערצייגן צי זענען דאָרט באמת נישטאָ קיין יידן.

ווידער אַ פאַרשפּאַרעניש אין האַרץ. דער חלום וועגן לעבן בלייבן איז שנעל פאַרשווּנדן. אַ היץ איז זיך צעגאַנגען איבער מיין גאַנצן קערפּער. דער אָטעם האָט זיך אָפּגעשטעלט. כ׳האָב געעפנט דאָס מויל, צו פאַרלייכטערן זיך דאָס אָטעמען.

די שיין פונעם ליכט שווינדלט דורך דער שפּאַרונע. אָט־אָ זעט ער מיך — איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק דורך די געהירן. פּאַמעלעכן האָב איך אַראָפּגענומען די הענט פון קאָפּ, צו שאַפן מיט זיי אַ ווידערשטאַנד, אין פאַל דאָס ייִנגל וועט וועלן אַ שטויס טאָן אינעם גרוז. און ס׳איז אַזוי טאַקע געשען; די שיין האָט זיך געשטאַרקט, און דעם ייִנגלס אָטעמען האָט דערגרייכט צו מיר. זיין יעדע באַוועגונג און שורשע האָט געדונערט אין מיינע אויערן, ווי מעכטיקע אויפרייסן. אַ קלאַפּ מיטן פוס, נאָך אַ קלאַפּ... און איך אָטעם נישט און ריר זיך נישט. אויך מיין וואַנט האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן.

„צו אַלדי טייוול! וואָס הערט זיך דאָרט?!" — האָט דער פּאָליציאַנט אַ הילך געטאָן אויפן ייִנגל. „ניעמאַ" — האָט זיך ווידעראַמאָל, צום צווייטן און לעצטן מאָל דערהערט דאָס דערלייזנדיקע וואָרט.

דאָס פּוילישע ייִנגל איז אַרויסגעקראָכן, און איך — כ׳ווייס נישט ביז היינט, צי האָט ער מיך געזען, צי נישט.

ביינאַכט, ווען אַלץ איז שטיל געווען, און נאָר די טריט פון די וועכטער האָבן דערציילט וועגן זייער עקזיסטענץ — האָב איך זיך אַרויסגערוקט פון מיין באַהעלטעניש, און נאָך אומצייליקע פּאַסירונגען אין משך פון צוויי שעה האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויסצובאַקומען פון דער פעסטונג.

כ׳בין אַרויס אויף דער „פרייער" וועלט, ווו יעדעס קריסטלעך ייִנגל קאָן מיך אַוועקפירן אין דער געסטאַפּאָ, אָדער הרגענען מיט די אייגענע הענט.

הינטער מיר ליגט שטיל די פעסטונג. די יידן, וואָס ערשט נעכטן האָבן זיי פיל געמאַכט איר רוים מיט יללות פון בראָך, לעבן שיין נישט מער.

צאַלים, 1959

ש. שילה

# ימים נוראים בגיטו לוצק

ראש השנה תשי״ט. התיישבתי להעלות על הכתב את סיפורי האומלל. סיפורו של עד־ראיה אשר חזה על בשרו את זוועות השואה. רק על חלק אחד אספר הפעם, כי לספר הכול לא יעמוד לי כוחי.

נדמה לי, כי דורות עברו מאז החזקתי בפעם האחרונה ספר־תפילה בידי. היה זה בראש־השנה 1942, עת התאסף מניין יהודים בגיטו השני, בעל שלושת השבועות. אי־אפשר היה להכיר את אלה שרק אתמול יצאו ממחבואיהם. כל איש לבש בגד נאה, וכל אשה התעטפה במטפחת־ראש לא שלה. — הרי חפצים למכביר התגלגלו בגיטו העזוב. היהודים שיחקו ב„נדמה לי״. אולי בעומק נפשם הרגישו שזהו חגם האחרון? על־יד התיבה עמד איש בגיל העמידה, עטור זקן לבן. קולו לא היה שבור, כפי שהמצב מחייב. גם בכי קורע־לב לא מילא את החלל. אין בוכים לאחר ייאוש. או, אולי הרגיש כל אחד מאתנו את הספק אם יש בפני מי לבכות? אפילו ב„ונתנה תוקף״ לא מחה איש דמעה מעיניו. הרי נאמר, „לא המתים יהללו־יה״ — וה„חוגגים״ למתים נחשבו.

כמה דמויות מאותו מניין עדיין חרותות בזכרוני, וכמה דמויות אראן במטושטש כבעד ערפל כבד: העומד לפני התיבה, איש שיבה, אך בריא וחסון — אולי זו הפעם הראשונה שהינו משמש בעל־תפילה. על־ידי עומד יהודי פיסח, נשען על קביים. גם הוא גבה־קומה וחסון — שחרחר ובעל עיני יהודי שחורות. את רגלו השמאלית איבד במלחמת העולם הראשונה. מדי פעם נועץ הוא מבט בספר התפילה שלי ומראה באצבעו על מקום התפילה באותו רגע. כי אני, לא הבנתי מה דובבו שפתי והתפללתי בעצלתיים. יהודי שלישי, שאת שמו ידעתי פעם — הסתתרנו יחד במרתף, — ישב בפינה עם בנו, רכונים על סידור אחד, ואני שולח לעברם, או יותר נכון — לעבר בנו — מבטי קנאה מפעם לפעם. ילד בן שלוש־עשרה אני וכבר יתום מאבי. אומנם אז לא היה זה מצב יוצא־דופן, אך לי קשה היה להשלים עם גורלי. מקנאה בבן המתרפק על אביו לא השתחררתי עד עצם היום הזה. החדר היה גדוש אנשים ונשים. אמי, דבורה ז״ל, עמדה בין אשה אחת לבתה, ועזרה להן להתמצא בסידור. כנראה לא היו מורגלות בתפילה. הבת היתה שחרחורת ויפה מאוד. כבת 16—17 שנה. עיניה — שתי פנינים, שחמלה ותקוות יאוש נשקפו מבעדן. אביה התחבא יחד עמן בעליית־גג ובערב אחד ירד לחפש מזון — ונתפס. שתיהן, האם והבת, נראו אומללות ביותר. כמעט ולא שמעתי שהוציאו הגה מפיהן. הן דרכו על הכביש בזהירות ובפחד, פן תבלע אותן האדמה. נדמה לי, שהן היו היחידות — חסרות יוזמה. הן לא ידעו איך התגלגלו לגיטו הזה, ובכלל איך נותרו בחיים. גורלן נמסר ברצון בידי שוביהן. רק הבת היתה מדי פעם נאנחת וזורקת את צמתה השחורה מעל הכתף. נראה היה שבעומק נפשה התקוממה על מר גורלה. מאחורי אמי, ישבו שתי אחיות צנומות, דומות אשה לרעותה, מכוסות מטפחת אחת ועיניהן עיני זכוכית. מנסות לבכות ואינן יכולות. נסתם מעיין הדמעה. עוד שתיים או שלוש נשים מרוכזות היו בתפילתן. כל אחת עמדה בצד ואיני יודע אם הן נוטות אוזן לחזן או מקשיבות לקול היגון הפנימי. כך נראה היה חג ראש־השנה בעיר לוצק 1942. היה זה המניין היחידי והאחרון.

„לשנה טובה תיכתב ותיחתם לאלתר לחיים טובים״ — איחל אחד לשני. איזו אירוניה! איזה לעג! גם המנהג של הזמנת אורחים לא נעדר. בית אחד הזמין את הבית השני לסעודה. אני אומר „בית״ כי משפחות לא היו. מאכלים כמו בימי פילסודסקי הועלו על השולחן. אכלנו בתאווה יתירה. כי מי יודע אם אין זאת סעודתנו האחרונה. גם חיוך וזמר חגיגי נשמע מאי פה אי שם. ז׳נדרמים גרמניים וחוליגנים אוקראינים פסעו לעתים בכביש, והביטו בלעג על העדר המשונה והמטורף. אנחנו לא ידענו... אך הם ידעו היטב כי למחרת, עם תום החג יובלו כולם לבורות. אכן חג נאה! לאחר הסעודות השתטחו הכול על המיטות היפות והמסודרות לקיים את מצוות השינה. שינה מתוקה, ללא דאגה, ללא צער על אלפי היהודים, אחים והורים ובני־משפחה, שרק לפני שבוע־שבועיים נשחטו כצאן. כי מה? היספיד מת את מתו?! אומנם, רחפו שמועות שאנגליה ואמריקה התערבו והגרמנים נאלצו לחדול מהרצח. ומי יהודי שלא יאמין? ומדוע לא ייאחז באמונה הזאת? ההיתה אמונה אחרת? הרי גם האמונה באל הגדול הכל־יכול פסה ונעלמה. ואם יהודים התאספו לתפילה הרי עשו זאת מתוך הרגל משונה, או אולי מתוך השלייה כמי שאומר: „אולי בכל זאת?״

✶

איך הגענו לגיטו הזה?

היה יום בהיר, יום־שמש נאה, כשאחי מיקו דפק על דלת־הברזל המובילה למרתף והודיע בקול רועד: „יהודים, ניצלנו! האקציה נפסקה! וכל אחד יכול לצאת החוצה!״ כמו שרצים זחלנו לעבר האור שחדר בעד הפתח הפתוח. לאיש לא היה כוח לעמוד על רגליו. כל אחד נעזר ברעהו. כשעלינו למעלה ואור־השמש פגע בנו — עצמנו את עינינו ונאחזנו בקירות כדי שלא ניפול. סחרחורת תקפה את כולנו. התיישבנו על החפצים הפזורים על־פני החדר ובלענו בכוח את המזון שהגיש לנו אחי ועוד שניים־שלושה יהודים ממחנה־העבודה שעבד באיסוף הרכוש היהודי למען הגרמנים. שקט מסביב. כל אחד לועס את מנתו שקיבל. גרמני צועד באמצע הרחוב ואפילו אינו מביט בנו — ואנו לא פוחדים. הגיטו התרוקן: לפני שלושה שבועות, כשירדנו למרתף, המתה הכיכר מאלפי אנשים, נשים וטף שהתרוצצו אנה ואנה וחיפשו נקיק בקיר או חור־עכברים, כדי להסתיר בו את הראש. עתה — כלום. כל ההמון אינו חי עוד. עקבות השחיטה נראים בכל פינה ובית. חתול רזה מילל ומתחכך בחנופה ברגלינו, גם הוא בודד ועזוב. הבתים פרוצים ואלפי רהיטים וחפצי־בית מתגלגלים הפוכים ושבורים ברחוב. ומי שייכנס לבית כלשהו, עליו לדרוך על בגדי אנשים, על נעלי ילדים ועל נוצות. נוצות, נוצות בלי סוף! לא רק בטני בני־אדם, כי אם כרים וכסתות ריטשו

הרוצחים. ואולי חיפשו זהב בין הניצות? דרכנו על תמונות, המון תמונות: משפחתיות ובודדות. מן התמונות נשקפו אלינו פנים מאושרים, חגיגיים. הנה אב ושתי ילדות בזרועותיו, לבושות חגיגית — מחייכות. הנה שתי תמונות גדולות, אחת של סבא עטור זקן יפה וכיפה על ראשו וסבתה עם פאה נוכרית לראשה ולבושה שמלה נאה. הנה מונחת תמונה של צעירים בבגדי־רחצה על שפת הנהר סטיר. כיתה של גימנזיסטים ומוריהם מצולמים יחדיו ומעליהם חקוק התאריך 1938. תינוק שמן עם ראש גדול ופה פעור מביט אלינו בעיניו היפות וצוחק. כמה אושר הסב התינוק הזה להוריו! היכן אתם כולכם?! היכן?! דמם עוד רותח בבור הגדול בחורשה בגנידבה.

סובבנו בחצרות לתור אחר אוכל ובגדים. הדלתות פרוצות ואימת־המוות נשקפת מבעד לחלונות הפתוחים. דומיה. אין אנו שומעים דבר חוץ מצעדינו ו... רעש החלונות על ציריהם. בכל מקום, בכל פינה ליווה אותנו הרעש האיום של חלונות מתנודדים ברוח. עד היום אני שומע את החריקה הזאת. ועד היום איני יכול לסבול חלון מרשרש ברוח. ברבות הימים נהפך אצלי רשרוש החלון — לסמל השואה, לצרימת המוות.

מצאנו בגדים יפים וחזקים מותאמים לנו. חיש מהר פשטנו את בגדינו המרופשים כדי ללבוש בגדים נקיים. ואז, אבוי מה נגלה לעינינו! לא אשכח לעולם את אותה התמונה כשברלה, אחי השני הגדול ממני בשלוש שנים — מחזיק בידיו את הבגדים הישנים ומביט על מיליונים הכינים: המכנסיים מכוסים היו שכבת כינים, ואנו לא חשנו בדבר עד עתה. רק אז, ראיתי בפעם הראשונה את אחי בוכה, בכי חרישי. „הבט, שמואליק" — פתח ואמר לי — „הבט טוב, טוב, ואם תישאר בחיים שלא תשכח זאת." — לא, אחי היקר והאהוב! לא שכחתי ולעולם לא אשכח את אותה התמונה ואת אותו המשפט שאמרת לי.

כבר באותו יום, כשיצאנו ל„אוויר העולם" החלה התרוצצות אחר דברי־ערך. אחי הבכור, מיקו, רגז והתעצבן על שאין אנו נחפזים ומחפשים חפצים בעלי־ערך. הוא פחד פן ימצאו היהודים שנשארו בגיטו ובמחנה את כל העושר ולנו לא יישאר מאומה. הרי נהיה זקוקים לכל חפץ יקר. בלי זה אין לחלום שאיזה שהוא גוי יתן לנו פרוסת לחם ברגע שנברח ליער. ברלה ואני גם ספגנו קצת מכות ממנו — כי לא התאמצנו. גועל־נפש עורר בנו כל המשחק הזה. פשוט — לא רצינו לחיות. — אחי הגדול והיקר מיקו! — לא רגזתי על מכותיך, כי ידעתי שלטובתנו אתה מתכוון. לחיות ולהחיות אותנו רצית. עול כבד נטלת על שכמך באין אבא בחיים ואמא חלושה ומבולבלת מרוב ייאוש. האם שמחנו שנשארנו בחיים? לא! לאחי ברלה, בכלל לא היה איכפת, הוא מוכן היה למית כל רגע. כי למה מגיע דווקא לנו לחיות בשעה שכולם מתו? אמי רק דבר אחד ביקשה: שנעזוב אותה לנפשה ושאנו הילדים נברח. כך אומנם אמרה לנו. אך, יודע אני כי רצתה לחיות, מאוד רצתה לחיות.

שני האחים הגדולים מיקי וברלה הצטרפו למחנה־העבודה. אמי ואני — נטלנו את חפצינו והלכנו עם כל הנותרים לגיטו השני. שם, ברחוב הצר בין שני הגשרים המובילים לגנידבה, כשמימין זורם נהר ומשמאל מתפשטות ביצות. ידעו הגרמנים היכן לשכן אותנו. ואנו כאילו לא חשנו במצב. הלכנו, כי לא נגעו בנו, כי נתנו לנו לאכול. שבועיים עד שלושה, אינני זוכר בדיוק, ישבנו באותו גיטו, ויומו האחרון היה יום חג, כמתואר למעלה.

*

בלילה הקיצותי לקול רעש של מנוע. הבטתי החוצה והנה סילון אור חזק מאיר את גבולות הגיטו הקטן. כהרף־עין העירותי את אמי ומסרתי לה את אשר רואות עיני. אך אמי, מחייכת ומנחמת: „כלום לא יקרה, כלום לא יהיה. רק כרגע ראיתי את אמי בחלומי והיא הביאה לי דברים טובים לחג, ואמרה לי לחלק זאת לילדים. תישן, תישן... אם ירצה השם הכול יהיה בסדר, — הן אמי נגלתה לפני." באי־רצון ובחרדה שמעתי בקול אמי. שמתי את ראשי על כף ידה החמה וישנתי שנת־ישרים. „פיתחו מייד!" — נשמעה פקודה. דופקים בדלת! קפצנו חיש מהר מהמיטה. אור היום הגיח מהחלונות. „פיתחו מייד את הדלת!!" נשמעת שוב הפקודה. אמי מוכת תמהון ופחד רצה לדלת ופתחה. לפנינו עמד שוטר אוקראיני עם רובה ביד, ופקד לצאת החוצה. החילונו להתלבש, ובזמן הזה ניסתה אמי לבוא בדברים עם השוטר שיניח לנו לברוח. אך הוא עמד בשקט, חייך ונד בראשו לאות — לא! איזה מזל היה לנו. היה זה שוטר אנושי. הוא לא גירש אותנו מהבית בכותנות על בשרנו, כפי שעשו אחרים. גם הקשיב לבקשתנו וביקש שנתלבש יותר מהר. קדחת החיים אחזה בנו. אמי מוכנה לנשק את ידו. רק שירפה מאתנו. ידענו שאם נצא מהבית — אבדנו. הדלת נפרצה שוב ובשאגת פרא זנק עלינו שוטר שני. שניהם דחפו אותנו החוצה. על הכביש עמדו מסודרים כמה עשרות יהודים. אני בשום אופן לא רציתי להצטרף אליהם. החזקתי ביד אמי ומשכתיה הצידה. השוטר הרים את רובהו, קשקש בבריח, וכיוון אלינו. וראה זה פלא! לא פחדנו, אף שמץ של פחד לא חשתי. היהודים שעמדו מסודרים על הכביש, דיברו על ליבנו שלא נתעקש: „בואו, בואו, אין לאן לברוח — אבוד הכול." הצטרפנו אליהם והרגשת האבדון אפפה את כולי. אכן, הכל נגמר. עוד שעה, עוד שעתיים ולא נהיה בחיים עוד. זו הפעם הראשונה ששאלתי את עצמי מה זה מוות? איך זה מתים? הכנסתי את ידי בזרוע אמי וחרש צעדנו עם כולם, נכנעים ושותקים. ליד כל בית שעברנו התרחשה אותה תמונה, כפי שקרה אתנו. אנשים מבוהלים והמומים מנסים לברוח לכל צד, ובסוף מצטרפים בשקט לתהלוכת־המוות. הנה עברנו ליד בית אחד ומשם לא יצא איש. שמחנו שכמה יהודים הצליחו להערים על הגרמנים ובבוא היום יספרו עלינו, על אחרוני הגיטו.

יצאנו מהגיטו. עלינו על רחוב „קרולובה יאַדביגה" ולא ידענו לאן מובילים אותנו ואיה המקום שבו יוציאונו להורג. מרחוק נזדקר גוש אדמה, ואז חשבנו כי הנה זהו המקום, באמצע העיר, וכי כאן ימיתונו. היה זה יום ראשון בשבוע. האוקראינים חבטו בנו כל הדרך שנזדרז — ואנו שתקנו והמשכנו ללכת באותו קצב. בצידי הרחוב נעמדו אנשים, נשים וילדים והביטו בנו. איש מהם לא חייך ולא הוציא הגה. לבושים היו חגיגית, היו בדרכם לכנסיה. לא אשכח תמונה של גייה אשר יצאה אל פתח ביתה, והנה ראתה אותנו ונסוגה אחור, נלחצת לקיר ביתה. כמה טוב היה לחוש השתתפות בצער מאדם אחד לפחות, כשמסביבך מתרוצצים חיות, רוצחים; שואגים, דוחפים ו... צוחקים.

יום יפה נתן לנו האלוהים. כנראה, כדי להקשות על פרידתנו מהעולם. השמש זרחה, חיממה את אברינו, וכל העצים, הבתים והאנשים — לבשו חג. צעדתי, ומדי פעם זרקתי מבטי־קנאה לעבר ילדי הגויים המאושרים, הרצים מאחורינו. המלה

„למה?" פורצת מפי בקול רם. אמי מביטה בי ומהר מסבה את עיניה ממני. היא מתביישת שאינה יכולה להושיעני. מסתכל אני בשמים ומדבר לשמש: „הה, גם מחר תזרח ואני לא אראנה! וכל הגויים מסביב — יחיו, גם מחר, גם מחרתיים והם ייהנו מזיו החמה". פתאום תקף אותי חשק לשיר את התקווה. רציתי להרים את קולי, לשיר בפה מלא, אך בראותי את הגרמנים השתתקתי. רק בלחש כמו בתפילת וידוי, העליתי על שפתי את כל שירת התקווה. איש מההולכים לצידי לא פצה פה. לא אמרו, הפסק לשיר וגם לא הצטרפו אלי. רק אמי מדי פעם היתה מנתקת את ידה ממני ואומרת: „אל תהיה קשור בי, תנסה לברוח". ואני מבוהל כולי תפסתי את יד אמי ולא הרפיתי ממנה. לא האמנתי שאוכל לברוח וללכת לבדי למות — פחדתי, נורא פחדתי; עצם הרעיון שאמות לבדי, היה בו כדי להרעיד את כל גופי. על ידנו צעד אותו היהודי החיגר שרק אתמול התפלל עמי בבית־הכנסת. היחידי שלא שתק כל הדרך. לא, הוא לא התלונן, לא קילל לא אדם ולא אלוהים. פשוט ניחם אותנו בקולו השקט. „הכול יעבור", היה אומר. „זה שום דבר, יהודים, רק פעם אחת מתים. מילא, כך נגזר". אחרי שתיקת מה נאנח ופלט: „הולכים למות, ובכל זאת יש לי חשק לעשן סיגריה". מימיננו צועדת בחורה אחת בכותונת לילה לבשרה ולוחשת: „חשבתי שאם הולכים למות, אז כבר לא איכפת שקר לך. ולי בכל זאת איכפת". „אני מקנאה בבעלי, הוא כבר עבר את הכול" — נשמעת מין פליטת־אנחה מאותה האם שאמי טיפלה בה ובבתה בבית־הכנסת. „אבל אני רוצה לחיות", ענתה לה בתה. — „אני בת 16, עוד לא חייתי בכלל. אמא, אני רוצה לחיות!" ומעיניה היפות נשרו דמעות. ברגע ששמעתי את קולה הנוקב של הבת, התעוררתי כולי. עיני גיששו בכל מקום, בחפשי מפלט. „לחיות, לחיות!" דובבו שפתי. ייצר־החיים דבק בי בכל עוזו. הוא לא הרפה ממני. „לא! לא אמות. אני חייב לחיות ויהי מה!" הביאו אותנו למיבצר „לוברטה" והכניסו אותנו לבניין בית־הספר שם. כמו חיות נרדפות התרוצצו כולם בחדרים הריקים. כל אחד חיפש מוצא לברוח. אך בכל מקום ניצב שוטר. בחורות התחננו לפניהם, לתת להן לצאת דרך החלון, והם הדפו אותן ברוביהם — וצחקו. זוכר אני שני בחורים גדולים ממני בשנים, תמירים ויפים. הם עמדו ליד אמם והתחננו לפניה שהיא תתן להם לעשות את רצונם: ללחום, ללחום בכל הבא ליד, למות בכבוד — זהו רצונם האחרון.

כמוני, כשאר היהודים, החילותי להתרוצץ מחדר לחדר, כשאחרי דולקת אמי. לפתע הבחנתי בכמה אנשים העולים במדרגות למעלה. ביקשתי מאמי שתישאר בחדר שבו עמדנו ושלא תזוז ממקומה, ואני אטפס לראות מה המצב שם. פחדתי פן אחזור ולא אמצאנה, ולבדי אלך לבורות. זאת היתה הפעם האחרונה שראיתי את אמי. עזובה וגלמודה נשארה היא בחדר בין עשרות אנשים מתרוצצים ונואשים. יצר החיים דחפני למעלה למעלה; טיפסתי על המדרגות בלי להביט לאחור, בלי לזרוק מבט אחד באמי. האמנתי בכל לבי שאמצא איזה חור להסתתר ואחזור לקרוא לה. מסביב לבית, בקומה השניה או השלישית עברתי חלון שהוביל לעליה משונה שהקיפה את הבית. כשחדרנו לשם הבחנו בכמה צעירים שפתחו פתחים מתחת לרצפת העץ. חיש מהר שילשלנו את עצמנו לאותם החורים. הרצפה היתה כפולה, מתחתנו שימשה כתקרה ומעלינו כרצפה לאולם גדול.

רק בזמן שמצאתי את עצמי חבוי, נזכרתי באמי המחכה לי למטה. שכבתי לא רחוק מהפתח וקל היה לי לצאת. התחננתי לפני כמה יהודים ששכבו לפני כי יתנו לי לעבור. לבסוף, תוך מילמול ותנועות עצבניות נתנו לי לצאת. מהר רצתי לכיוון החלון... ואבוי לעיני! שוטר אוקראיני, נמוך קומה ושמן, עומד על־יד החלון ומרביץ לכל איש המנסה לעבור. מייד זנקתי אחורה ובכל כוחותי זחלתי מתחת לרצפה. יותר לא נסיתי לצאת. טוב היה לי שם. את אמי הפקרתי. לא מוכן הייתי לסכן את מחבואי, כדי להציל את אמא שלי... אכן, בן נאמן הייתי לך אמי! עד היום אבוש ואכלם. אולי אמצא נחמה זעירה בזאת שכולם יקראו את סיפורי ויידעו שאני, שמואל שולמן, זנחתי את אמי דבורה שולמן — כדי להציל את עורי. 4 ימים ו־4 לילות שכבתי במאורת־הנחשים הזאת. הפעם הייתי רחוק מהפתח, בקצה לגמרי, כשלפני רובצים עוד כ־10 או 15 איש. למחרת, ביום שני לשבוע, הגיעו מכוניות והגרמנים החלו להוציא את היהודים מהבית. קול זעקה והתייפחות ומבעד הזעקות הגיעה אלי רק זעקה אחת — זעקת אמי. נשכתי בשפתי. אחזתי את עצמי בעצים כדי לא לקפוץ החוצה. הן אמא שלי שם למטה, גלמודה ועזובה. ואיך אני מעיז להסתתר כאן? לא זזתי. ייצר החיים גבר על אהבת אמי. כפושע נראיתי בעיני. מה אומר לאחותי הנמצאת במקום־מבטחים, לכשאפגש עמה? איך אוכל להביט בעיני עצמי? — קום, שמואל, וצא! אל תתן לאמך ללכת לבדה למות! המחשבות הבריקו והלמו בראשי כרעמים. אך לא זזתי, אבר לא הנעתי.

*

הגרמנים והאוקראינים הגיעו גם אלינו, שוכבי החורים. בתחילה שאגו לתוך הפתח, ועד היום הזה מהדהד באוזני — „ראַוס! פאַרפלוכטער יודע! ראַוס!" כשאיש לא זז, ניסו את כוחם בטוב. „למה לכם למות כאן מרעב? אתם עוברים כולכם למחנה־העבודה בקראַסנה. אנחנו זקוקים לעבודה שלכם". ובאמת נמצאו כמה יהודים „הגיוניים" — ויצאו. היתר נשארו. האוקראינים דחפו מקלות ארוכים, והרביצו בראשי השוכבים. מדי פעם כיוונו אלינו את הרובים ושיחקו בבריח. „אם לא תצאו, נמית אתכם במקום", צרחו הגרמנים. אני החלטתי למות במקום ולא לצאת. מוטב, אמרתי בלבי, למות כאן בשכיבה בחושך, כשאיני רואה את פרצופם, מאשר ללכת לבורות, להביט בעיניים הרצחניות שלהם, להתפשט ולשכב בבור עמוק בין מתים אחרים. כל רגע חכיתי לכדור שיפלח את גופי. כי אלה ששכבו לפני, יצאו אחד אחד בלי שארגיש בזה. נשארתי יחידי. קולות הגרמנים ושיקשוקי הבריחים לא הפחידו אותי, כי החלטתי היתה נחושה... למות במקום. את חתיכת הסוכר שהיתה כל מזוני, גמרתי כבר מזמן. שמתי אצבע בפה ומצצתי בכל כוחי. לאיומים לא הקשבתי. התעלמתי לגמרי מנוכחותם של הגרמנים, נרדמתי וישנתי כנראה הרבה שעות. כשלפתע התעוררתי מדפיקות חזקות ברצפה. הורסים את הרצפה מעלי. מחפשים אותי. הגרמנים התעקשו וגם אני התעקשתי. הנה... הם מתקרבים אלי... הנה ימצאוני... כבר חזיתי בעיני את פרצופם האיום, כבר חשתי את מכות הרצח שינחיתו עלי. לרגע היה לי חשק להקיא, לבכות, להתפלל לאלוהים. „שמע ישראל!" לחשתי כל הזמן. לכל אני מוכן, רק לא ליפול חי בידיהם. נפסקו מכות הגרזן, לא מצאו את מקום מחבואי ואת הרצפה

כולה לא רצו כנראה להרוס. שוב שאגה ליד פתח הרצפה. דריכת רובה, איומים, שידולים — הכול ניסו עלי ואני בשלי: לא זז.

עברו שעות וקרן־האור היחידה שהבקיעה מבעד הפתח — נעלמה. ידעתי כי לילה שורר בחוץ. שקט. אין שומעים את בכיים של הנידונים למוות. כולם הוצאו. מדי פעם מגיע לאוזני צחוקם וצעקותיהם של השוטרים. החלטתי לעשות איזה דבר. לאט, לאט כשאוזני קשובות וכולי דרוך, זחלתי החוצה. הזחילה היתה על הגב ובעזרת המרפקים וכפות הרגלים. להסתובב על הצד אי־אפשר היה, כי המקום היה צר מאוד. מבחוץ, בעליית הגג, אספתי חתיכות טיח יבש, אבנים, אשפה ובסבלנות רבה דחפתי לתוך המחבוא. כיוון שלא יכולתי להסתובב הייתי דוחף את האשפה ביד אחת פנימה. פנימה. העבודה הזאת היתה איומה. גופי נחלש וזיעה כיסתה את כל גופי. מדי פעם רציתי להפסיק את עבודת הנמלים, אך ייצר החיים והתקווה האחרונה המריצוני לעבודה. שעות עבדתי בלי לאות, עד שהרגשתי שהחומר מספיק. זחלתי פנימה עד הסוף ובאמצעים אקרובטיים שמתגלים רק ברגע קריטי כזה, סידרתי לי מכל האשפה שאספתי — קיר מלפני ראשי. כך, שאם יציץ שוטר פנימה לא יראה אותי ויחשוב שזה סוף הכוך.

התחבולה הצליחה. כשהשוטרים הופיעו למחרת בביקר הופתעו לראות כוך ריק. תחילה האירו בפנס, וסילון האור שעבר מבעד סדק הקיר שהקימותי — עצר את נשמתי. נעשה לי חם, רק רגע ראיתי את עצמי שוכב גלוי לעיני השטן. אך הפנס כבה והמלה הגואלת המתוקה נשמעה בחלל: „נימה". (אין). איזו מלה נהדרת! כמה אושר גורמת מלה פשוטה כזאת, כמו: „נימה". נשמתי לרווחה. אבן כבדה נגולה מעל לבי. החלטתי לחכות עד הלילה. אבל, החיים לא ניתנים בקלות: חצרן בית־הספר החליט שמתחת לרצפה מסתתרים לפחות מאה יהודים. אחרי שעה קלה חזר בלוויית השוטרים וילד פולני. לילד מסרו נר וציוו עליו להזדחל פנימה ולהיווכח אם באמת אין שם יהודים. שוב מועקה בלב. חלום החיים נגוז חיש מהר. החום התפשט בכל גופי. הנשימה נעצרה, פתחתי את הפה כדי להקל על הנשימה הכבדה. אור הנר מבליח מבעד הסדק. הנה הוא רואה אותי — עברה במוחי מחשבה. לאט לאט שמתי את ידי מעל הראש על־מנת ליצור התנגדות במקרה שהילד ינסה לדחוף את האשפה. וכך היה, האור גבר ונשימתו של הילד הגיעה אלי. כל תזוזה שלו וכל רשרוש רעם באוזני כפצצות כבירות. מכה אחת ברגל, עוד מכה... ואני לא נושם ולא זז. גם הקיר שלי לא זז. „לכל הרוחות! מה נשמע שם?!" — הרעים על הילד השוטר. „נימה" (אין). נשמעה שוב, בפעם השניה והאחרונה המלה הגואלת. הילד הפולני יצא. ואני, עד היום איני יודע אם הוא ראה אותי ואם לאו.

בלילה, כשהכול שרוי היה בשקט ורק צעדי השומרים העידו על קיומם — קמתי ממחבואי ותוך הרפתקאות לאין־ספור שהתרחשו בגבולות של שתי שעות — הצלחתי להתחמק מהמבצר. יצאתי לאוויר העולם ה„חופשי", שבו כל ילד גוי יוכל להובילני לגיסטאפו, או להורגני במו ידיו. מאחורי רובץ דומם המבצר. היהודים שרק תמול שלשום מילאו את חללו באנקת שבר, שוב אינם בחיים.

# אַ בריוו פון אַן אומבאַקאַנטער פרוי

(איבערגעגעבן דורך וו. פּאָמיענקאָ)

לויצק, דעם 10־טן אויגוסט 1942.

טייערע מומע בעסיע פּאַלאַך,

איך נעם דיר יעצט שרייבן אַ בריוו, און דאָס וועט זיין אַ מין ווידוי פאַר דעם טויט. ווען דו וועסט לייענען דעם בריוו, וועל איך שוין זיין לאַנג טויט. נאָר וואָס קאָן מען טאָן.

טייערע מומע, דעם לעטער לאָז איך איבער ביי אַ קריסט, און אַז די שרעקלעכע בלוטבאָד וועט זיך ענדיקן, און דער איידעלער קריסט וועט דערלעבן, וועסטו דעם בריוו דערהאַלטן, און דאַן וועסטו ערשט וויסן פון דער יידישער טראַגעדיע דאָ אין דער פאַרשאָלטענער בלוטיקער אוקראַינע.

טייערע מומע, דער קריסט, וואָס איך לאָז אים איבער דעם בריוו, איז זייער אַן איידעלער און ער איז ווערט באַשריבן צו ווערן אין דער היסטאָריע, ווייל דאָס וואָס דער קריסט טוט אויף פאַר יידן אין געטאָ איז נישט צו באַשרייבן. זיינע ערלעכע פאַרדינסטן, וואָס ער פאַרדינט, שענקט ער אַוועק פאַר אָרעמע יידישע קינדער, און אַליין לעבט זיך דער מענטש זייער געוויינלעך. אָבער,ליידער, קאָן ער ראַטעווען מענטשן נאָר פון הונגערטויט, אָבער נישט פון קיין בייזע חיות.

טייערע מיינע, מומע און קוזינס און בכלל אַמעריקאַנער יידן, ווער פון אייך קאָן זיך פאָרשטעלן די טראַגעדיע פון די יידן אין אוקראַינע? — קיינער נישט! דער מענטשלעכער געדאַנק קאָן דאָס גאָרנישט פאַרנעמען. וואָס הייסט? מען נעמט מענטשן, יונגע, געזונטע און פעיקע צו לעבן און אַרבעטן, און מען באַגראָבט זיי לעבעדיקערהייט. אָדער, עווענטועל, מען שיסט זיי. פאַרוואָס? ווייל זיי זענען יידן.

אַלזאָ, מיין טייערע מומע, איך וועל דיר דערציילן אין קורצן פון דעם אָנהייב. איך געפין זיך שוין צען יאָר אין לויצק. פּלוצלינג איז אויסגעבראָכן די מלחמה. אין פיר טעג אַרום זענען אַריין די דייטשן. און באַלד האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן יידן. האָט מען דאָ אין לויצק, ווי אויך אין אַלע אַנדערע שטעט אָנגעהויבן אויסצורוימען צוביסלעכווייז די יידן. מען האָט זיי פאַרכאַפּט אין די טויזנטער, און מען ווייסט נישט ביז היינטיקן טאָג ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. ס'איז שוין פערצן מאָנאַטן אין דעם. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן אויסצוהרגענען דאָ ביסלעכווייז די יידן.

טייערע מומע, דער ערשטער קרבן איז געווען מיין טאַטע, מיין מאַן, חיקעס מאַן מענדל, און מיין חנהס מאַן, און חיקעס צוויי קינדער. מען האָט זיי פאַרכאַפּט, און מען ווייסט נישט ביז היינטיקן טאָג ווו זיי זענען.

יעצט האָט מען אָנגעהויבן אויסצוהרגענען אין די שטעט און שטעטלעך אַלע יידן, און דער מענטשלעכער געדאַנק קאָן דאָס גאָרנישט פאַרנעמען: וואָס הייסט, מען נעמט צונויף עטלעכע טויזנט מענטשן, פרויען, מענער און קינדער, מען פירט זיי אַרויס אין פעלד, מען שניידט זיי אויס, ווי מען שניידט קאָרן.

שטעל זיך פאָר, מומע: עלטערן דאַרפן צוקוקן ווי מען שיסט זייערע קינדער. גאָט, גאָט! ווו איז דער יידישער גאָט? וואָס זענען שולדיק די פּיצלעך קינדער?

מומע טייערע, איך האָב שוין נישט קיינעם. איין ברודער איז מיר געבליבן.

יענע וואָך איז געווען די שחיטה אין קאָלק, און די מערדער האָבן דערהרגעט מיין טייערע מאַמע און מיין שוועסטער חנה מיט ביידע קינדער, חיה ריבהן מיט דריי קינדער, חיימען מיט דעם ווייב און קינד, מאירס ווייב און חיקען מיט די קינדער, מענדלס ווייב מיט די קינדער, מיין טאַטנס ברודערס שוועסטער און קינדער.

וויי, ווי קאָן מען דאָס אויסהאַלטן הערנדיק — פון אַזאַ גרויסער פאַמיליע איז מיר געבליבן איין ברודער. נאָר מיין טייערע ברודער מאיר איז מיר געבליבן.

איך האָב יעצט פון מאירן דערהאַלטן אַ בריוו, שרייבט ער מיר, אַז ער וויל לעבן נאָר צוליב נקמה. גאָט ווייסט, צי ער וועט דאָס דערלעבן.

איצט, טייערע מומע, ווייסן מיר דאָ אין לויצק, אַז מיר זענען פאַראורטיילט צום טויט, מיר ווייסן נאָר נישט, ווען דער אורטייל וועט אויסגעפירט ווערן. היינט שרייב איך דעם בריוו, און איך ווייס נישט, צי וועל איך מאָרגן אין דער צייט לעבן, ווייל זיי פאַלן אַריין אין מיטן דער נאַכט, מען נעמט אַרויס די יידן פון די שטיבער און מען שעכט זיי אויס ווי די עופות.

ליבע מומע און טייערע אַמעריקאַנער יידן, אייער גורל איז אַ בעסערער פון אונדזערן, פאַרזאָמט זשע נישט צו נעמען נקמה פאַר אונדז. עס ליגט אויף אייך דער חוב, ווייל אַמעריקאַנער יידן האָבן געהאָלפן בויען דעם היטלעריזם, און יעצט פאַרניכטעט ער די יידן פון אייראָפּע.

איך שרייב נישט מער.

עס איז מיר נאָר אַ שאָד מיין יונג קינד, אַזאַ שיין קינד, אַזאַ טייער קינד דאַרף גיין צו דער שחיטה. זי וויל נעבעך לעבן. נאָר, ליידער, גאָט ווייסט.

טייערע מומע, אויב דו לעבסט און דיינע קינדער לעבן, וועט איר געוויס אַמאָל לייענען דעם בריוו, און איר וועט זיך ערשט דערוויסן פון אונדזער טראַגעדיע.

דער קריסט וועט אייך געוויס שרייבן פון אַלעס, ווייל ער רעדט יידיש ווי איך און שרייבט יידיש.

אויך פון אים וועט איר זיך אַלעס דערוויסן.

בלייבט אַלע געזונט. גליקלעך זענט איר, ווייל איר זענט אין אַמעריקע.

דיין פּלימעניצע פריידע מירל

## אַ בריוו פון שמעון באקאוויעצקי צו באַסיע גאַטמאַן

טייערע באַסיע,

שטעל זיך פאָר ווי שטאַרק איך האָב זיך דערפרייט, ווען מען האָט מיר אָפּגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון דיר. דו פאַר־שטייסט זיכער וואָס פאַר אַ גרייסע פרייד און טרייסט דאָס איז אין אונדזער גרענעצלאָזער טראַגעדיע צו באַגעגענען אַ נאָענט לעבעדיק וועזן. און איך בין דאָך אַזוי שרעקלעך איינזאַם. די בענקשאַפט — אַנשטאָט זיך צו פאַרקלענערן, נאָגט אויס מיט יעדן טאָג אַלץ מערער די נשמה. איך קאָן זיך נישט באַרויקן. איך קאָן אויף קיין רגע נישט פאַרגעסן אַז כ'האָב פאַרלוירן אַלץ דאָס טייערסטע וואָס כ'האָב פאַרמאָגט. איך קאָן אַפילו נישט געפינען קיין טראָפּן פאַרלייכטערונג דערין אין וועלכן אַלע געפינען, וואָס דאָס איז די אַלגעמיינע טראַגעדיע פון אונדז אַלע. איך קאָן ביז היינט צו טאָג נישט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק.

דערפאַר טאַקע האָט אַ באַזונדערע פרייד אַרומגעכאַפּט מיין האַרץ, ווען כ'האָב באַקומען די ידיעה, אַז איר לעבט, איר, וועלכע דערמאָנען מיר אַזוי שטאַרק מיין מאַמע, מיין הייליקע מאַמע, וועלכע איז זיכער, אָן אַ מינדסטער טענה, מיטן לעצטן געדאַנק וועגן אירע קינדער וועלכע זי האָט אַוועקגעשענקט איר גאַנץ לעבן, געגאַנגען אַקעגן דעם בעסטיאַלישן מאַרטירערישן טויט.

אַך, ווי גרויליק דאָס איז, באַסיע. דאָס האַרץ שטאַרבט־אָפּ פאַר ווייטיק. צי וועט אַמאָל עמעצער אין דער צוקונפט גלייבן, אַז דאָס איז ווירקלעך פאָרגעקומען, אויב מיר אַליין, אַן עד־ראיה, דאַכט זיך אָפּטער, אַז דאָס איז בלויז אַן אימהדיקער קאָשמאַר, און ווען כ'וועל זיך אויפכאַפּן, וועל איך ווידער זיין צווישן די אייגענע, צווישן נאָענטע.

צום גרויסן ווייי אָבער איז דאָס די אומברחמנותדיקע, פחדים־וועקנדיקע ווירקלעכקייט, וואָס איז גורם אַז איך ווער איף אַלץ אַפּאַטיש און אומפעיק צו דענקען וועגן מיין אייגענער לאַגע, וועלכע איז, ווי ס'איז דיר מסתם באַקאַנט, נישט מקנא צו זיין, ווייל יעדער טאָג קאָן ברענגען אַ טראַגישע לייזונג.

ערשט די ידיעה וועגן אייך האָט מיך ווי עלעקטעריזירט. אַזוי, טייערע באַסיע, כ'וואָלט זייער וועלן זיין מיט אייך: דאָס וואָלט מיר געגעבן גרעסערע שאַנסן געראַטעוועט צו ווערן, צווייטנס, וואָלט איך געווען מיט אייך. איך וואָלט דיר פאַר־שטענדלעך געווען אויסערגעוויינלעך דאַנקבאַר הגם ווי שיקט זיך דאָ צו רעדן וועגן דאַנקבאַרקייט, און ווי קאָן מען בכלל פאַר אַזעלכע זאַכן אָפּדאַנקען?

איך מיין, אַז שוין היינט האָסטו זיכער עפּעס קאָנקרעטס אין דעם ענין. גיב מיר שריפטלעך צו וויסן דורך דעם מוכ"ז, אָנגעבנדיק גלייכצייטיק דעם אַדרעס און אָנווייזונגען ווען און וויאַזוי איך דאַרף האַנדלען. איך ווייס, באַסיע, אַז דו ביסט זייער אַ טיכטיקע, און כ'לייג אויף דיר גרויסע האָפענונגען.

אויב ס'וואָלט אַנטשטאַנען אַ געלט־פראַגע, געפינט זיך דאָ נאָך איינער (וו. שירזשיק — דו קענסט אים זייער גוט), וועלכער וואָלט זיך אונטערגענומען צו פינאַנסירן סיי זיך, סיי מיך.

וועגן די פּערזאָנען, אין וועלכע דו ביסט פאַראינטערעסירט, וועט דיר אינפאָרמירן דער איבערגעבער.

ס'זענען דאָ אויך פאַראַן מיין שוועגערין מיטן מאַן, באַריאַן. ווען ס'וואָלט מעגלעך זיין, זאָלסט אויך פאַר זיי עפּעס אויס־קאָמבינירן, וואָלט עס געווען זייער געוווּנטשן. פאַרשטענדלעך, א־יב דאָס איז מעגלעך.

איך האָב געוואָלט גיין מיטן איבערגעבער, צו זען זיך מיט דיר פּערזענלעך און זיך צוזאַמענרעדן, אָבער ער האָט דערויף נישט מסכים געווען צוליב דיסקרעציע־טעמים. האָב איך דעריבער באַשלאָסן צו שרייבן דיר, הגם דאָס איז נישט קיין גענוגנדיקער אופן זיך צו פאַרשטענדיקן.

שרייב אויספירלעך וועגן אַלץ, וואָסערע זענען די מאַטע־ריעלע באַדינגונגען, די טעכנישע (די באַשפּייזונג, דאָס אָרט, דער אופן פון קומען אַהין, צי אין אַ צימער, אָדער ערגעץ אַנדערש אא"וו).

אויפן יעדן אופן פאַרלאָז איך זיך אויף דיין ענערגיע און איניציאַטיוו.

נאָכן איבערלייענען דעם בריוו, פאַרטיליק אים.

זיי געזונט און אויף ווידערזען

דיין

**שימעק**

## בריוו פון לערער חיים פרינצענטאַל

טייערער זון,

היינט, דעם 3.10.1942, פונקט 2 וואָכן נאָך אונדזער שרעק־לעכער שחיטה אין לויצק און אַרום לויצק, 2 שרעקלעכע וואָכן וואַנדערן מיר עטלעכע יידן, וועלכע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון לויצק אין די לעצטע מינוטן. ווו מיר טאָגן דאָרט נעכטיקן מיר נישט, יעדער מינוט לאָקערט אויף אונדז דער טויט. פון דעם וואַלד אַרויס אין צווייטן אַריין. מיר זענען געוואָרן וואַלד־מענטשן. צו 2—3 טעג זעען מיר נישט קיין פיצל ברויט פאַר די אויגן און קיין טראָפּן וואַסער. די אויגן זענען אינגאַנצן אויס־געטריקנט פון טרערן, אין האַרצן אַ פייערדיקער ווייטאָג און ס'קלעמט ביז צום אויסגיין אין קיין עצה איז נישטאָ. מיר זענען אַלע פאַרמשפּט צום טויט. מיין טייערער זון, גאָט ווייסט, צי אונדזער דוד לעבט נאָך. די מאַמע דיינע איז ווי אַ טויב צו דער שחיטה געפירט געוואָרן. געזען מיט מיינע אויגן האָב איך נישט. צו מיין גרויסן ווייטאָג און צער האָט דער צופאַל געוואָלט, אַז איך זאָל איבערלאָזן מיין טייערע פרוי און זון און אַליין אַוועק ווי אַ פחדן. נאָר זיי איז שוין בעסער פאַר מיר — זיי זענען שוין זייערס איבערגעקומען און איך וואַרט יעדער מינוט איך זאָל געכאַפּט ווערן. איך זיץ אין אַ גרוב אין וואַלד, אין וועלכן דיין זיידע האָט געוווינט און שרייב צו דיר, צו אייך אַ געזעגנונגס־בריוו. אפשר וועט דער גורל דאָך נישט זיין אַזוי גרויזאַם און ווען די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן וועסטו דאָס דערהאַלטן דורך דער פּאָסט מיט דער הילף פון אַ לייטישן קריסט.

אַלזאָ, איך דריק דיך און דיין פרוי צו מיין האַרצן און איך שיק אייך מיין פאָטערלעכע ברכה פאַרן טויט.

פון אומגליקלעכן פאָטער  **ח. פ.**

ליבע, טייערע קינדער מיינע יעקב און הערנא,

און ווידער זענען אַריבער נאָך פיר שרעקלעכע וואָכן. פונקט היינט ווערט זעקס וואָכן זינט דער שרעקלעכער גזירה ביי אונדז אין לויצק און אין דער גאַנצער געגנט. מען האָט שוין אין דער צייט געכאַפּט טויזנטער אַנטלאָפענע יידן און דערשאָסן. מיך האָט מיין ביטערער גורל פאָרלויפיק אויסגעהיט, איך זאָל מיך נאָך אַ ביסל פייניקן.

יאָ, גליקלעכער פון אונדזער גאַנצער משפחה זענען די מאַמע און דוד, וואָס זיי זענען זייערס שוין איבערגעקומען, און אַזעלכע מאָראַלישע שרעקלעכע ליידן, ווי איך, דער איבערגעבליבענער ביים לעבן, לייד, האָבן זיי געוויס נישט געליטן. ווייל דאָס זענען שרעקלעכע 42 טעג. שרעקלעך איז דער טויט פאַר די לעבעדיקע, פאַר די טויטע אָבער איז ער נאָר אַ דערלייזונג.

אַלזאָ, מיינע קינדער, מאָלט זיך אָפּ אַזאַ בילדל: איך זיץ אין אַזאַ געדיכט וועלדל — און דער גורל וויל, עס זאָל זיין דווקא אין דעם וועלדל ווו די מאַמע איז געבוירן געוואָרן — און אויף דער ערד זיצט אַן אַלטער גרויער מאַן (אויפן קוק וועט מען אים געבן ביי די 70), דאָס לייב צעריסן, צעביסן און אָן אַ העמד אויפן לייב. איך האָב עס געמוזט אַוועקוואַרפן. איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען די שרעקלעכע מכה פון כנים, מיט וועלכער משה האָט געשטראָפט פרעהן. און אַז דער חומש זאָגט „ולא יכלו החכמים לעמוד לפני פרעה״ הייסט דאָס פשוט: די לייז האָבן זיי אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט. אַזוי פאַרשטיי איך עס איצט. און דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע. ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען איך קאָן נעמען אַ שיסל מיט הייסע וואַסער און זיך אַ ביסל אַרומוואַשן און אָנטאָן אַ ריין העמד און אַ פּאָר אונטערהויזן און — דערנאָך זאָל שוין קומען דער טויט.

אַזוי, מיינע טייערע קינדער, פאַרפאַלן. איך זאָל שוין האָבן אָפּגעקומען פאַר אייך אויך, אַבי איר, דאָס שארית־הפליטה, דאָס איינציקע געבליבענע און אונדזער משפחה זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן.

איך בין היינט געבליבן אין מיין אומגליק איינער אַליין. דעם אח־לצרה מיינעם האָבן די מערדער געכאַפּט דעם צווייטן טאָג ראש־השנה ביי טאָג — ער איז נישט געווען גענוג פאָרזיכטיק. און זיי האָבן אים פאַרפייניקט און נאָכהער דערשאָסן. זיי האָבן מיך אויך געזוכט און אפילו געטרעטן אויף מיר אין דער קופּע שטרוי, ווו איך בין געלעגן פאַרשטעקט. נאָר עס האָט זיך זיי דערווייל נישט איינגעגעבן.

פון דעמאָלט אָן וואַנדער איך איינער אַליין אין מיטן דער נאַכט פון דאָרף צו דאָרף, פון בלאָטע צו בלאָטע, פון וואַלד צו וואַלד. יאָ, דער וואַלד הייבט אָן, צום באַדויערן, נאַקעט צו ווערן, און איך בין נאַקעט און באָרוועס, הונגעריק און שלעפעריק. גיי ווי אַ לונאַטיק, דעם אייגענעם שאָטן נישט צו זען, וואַנדער וווּהין איך ווייס אַליין נישט. צי וועט זיך מיר איינגעבן צו ראַטעווען דאָס לעבן? דאָס איז אַ גרויסע פראַגע. אויף זיכער נישט. מען קאָן זיך נאָך אַ ביסל בריהן.

זייט געזונט

אייער אומגליקלעכער פאָטער

חייב

דוד פריטל

# קורות שני מכתבים

עירנו לוצק שוחררה מידי הנאצים בחודש פברואר 1944.

תיכף אחרי כניסת הצבא האדום ללוצק יצאו שרידי היהודים ממחבואיהם בעיר ובסביבה הקרובה. ביום השחרור נמצא אתי איגנאץ שאַץ, בנו של פסח שאַץ, שעבר עמי בכל הנדודים והתלאות של ימי ערב השחרור.

שבועיים־שלושה לפני היום המיוחל גברה המתיחות — שבלאו הכי היתה גדולה — לאין שעור. נוסף לסכנת הגילוי ובעקבותיו ההשמדה ע״י הנאצים, גברה פעילות ה„באנדרובצים״ שחיטטו עתה במשנה מרץ וחיפשו יהודים מתחבאים על מנת להשמידם... ומצד שני החלו באות ידיעות על התקדמות מזורזת של הצבא האדום לאזורנו, ובלבבות נדלק זיק של תקווה...

כשבועיים לפני השחרור היינו אצל משפחת ינסה, צ׳כים בכפר לישצ׳ה, מזרחית ללוצק בדרך לרובנה. בערבים היינו נוהגים לצאת מהבית ולבקר אצל שכנים שרובם היו צ׳כים. וכך, בחזרנו ערב אחד מביקור כזה, שוב למשפחת ינסה, עצר אותנו איכר צ׳כי אחד והודיענו שרק לפני כמה דקות חיפשה אותנו אצל ינסה קבוצת בנדרובצים. בלי שהיות הסתלקנו מהכפר והחלטנו להגיע לעיר ולהתקשר עם הכומר הפולני בוקובינסקי, שהיה ידוע כידיד היהודים הנרדפים. הגענו בערב העירה והצלחנו להיכנס לקתדרה (הכנסיה ליד הזאַמק). הכומר בוקובינסקי קיבל אותנו בלבביות. סיפרנו לו את מצבנו וביקשנו מקלט למספר שבועות. הכומר הסביר שהענין הוא רציני והנהו זקוק לשהות של ימים מספר כדי להתקשר עם אחד מידידיו בסביבה. אנו, איגנאַץ ואני, החלטנו לעבור בינתיים לכפר צ׳כי אחר הנמצא צפונית ללוצק והשוכן על הגדה המזרחית של הנהר סטיר. כן הציע לנו הכומר בוקובינסקי עזרה כספית, אך אנו סרבנו לקבלה מכיוון שבאותה שעה לא היתה ממילא עשויה לעזור לנו. ואכן, אחרי תלאות מרובות הגענו לכפר. לאחד התושבים שבכפר מסרנו דרישת שלום מקרוביו שבלישצ׳ה, כמובן בלא שנתבקשנו לכך. ה„פטנט״ הזה איפשר לנו בעבר לא פעם לקבל מקלט למספר ימים. ואכן, גם הפעם זכינו לאכסניה הודות לדרישת־שלום זו.

למחרת בלילה התרחשו בסביבה דברים מוזרים. נשמעו הדי התפוצצויות משדה התעופה בלוצק. מה קרה? לפי כל האינפורמציה שנמסרה לנו, נמצאים הרוסים בסביבות ז׳יטומיר, ומה איפוא פשר הפעולות באיזור זה? האם פועלים הפרטיזנים, או שזו פעולה של צבא סדיר? למחרת היום, עם כניסת החיילים הראשונים של הצבא האדום לכפר, נפתרה התעלומה. נתברר, שדיביזיה של חיל־הפרשים מהצבא האדום חדרה דרך ביצות פולסיה במפתיע וכבשה את לוצק ורובנה ביום אחד.

באותו יום חזרנו העירה ברגשות מעורבים. בכניסתנו העירה הופתענו לא מעט כשמצאנו פתאום את עצמנו אסורים על־ידי

הרוסים. הסיבה — חיסר ניירות. אחרי שהסברנו יסיפרנו להם על מה שעבר עלינו — שוחררנו.

לאט־לאט החלו להגיע שרידי היהודים. בתחילה התרכזו כשתי עשרות יהודים בברובר (מבשלת שיכר) של זמן. מיבן, שהפגישות בין קומץ היהודים ששרדו היו מלאי תוגה וכאב. והנה, באחת הפגישות עם אשה יהודיה תושבת אחת העיירות



משפחת פרינצנטל

מסביבות לוצק, כשנודע לה שם משפחתי, מסרה לי את שני מכתביו של אבי חיים פרינצנטל ז״ל, שנכתבו על־ידו לאחי יעקב פריטל (פרינצנטל), שעלה ארצה עיד לפני המלחמה. את המכתבים האלה קיבלה — כפי שסיפרה — מידי איכר צ׳כי. לדבריה — סיפר לה הצ׳כי כי אבי ביקש ממנו, שלאחר שהמלחמה תיגמר יעשה עמו את החסד האחרון ויעביר את המכתבים לפי הכתובת (מעלה החמישה, ארץ־ישראל).

הצ׳כי מילא את חיבתו בפגישה הראשונה עם יהודים ניצולים, תיכף אחרי שחרור העיר.

כמה הערות לתוכן המכתב.

בקטע מסוים במכתבו של אבי ז״ל לאחי הנהו מבכה את אמי ואותי. הוא לא ידע כי הצלחתי ברגע האחרון להימלט מן האקציה של הנאצים. על אבי ותלאותיו בכפרים נודע לי מפי יהודי, קבלן לכבישים, שחזר ממקום מחבואו והגיע למחנה העבודה שבסמינריון התיאולוגי. הנ״ל סיפר לי, שראה את אבי נכנס לבית בכפר בדרך לרוזישצ׳ה, שבו הוא עצמו הסתתר, ומבקש מזון. בעלת הבית, מטעמי זהירות, לא איפשרה לקבלן להתקשר עם אבי אבל ממקום מחבואו היה עד לשיחה בין אבי לבעלת הבית. היהידי נאלץ היה בגלל כל מיני סיבות לעזוב את מקום מחבואו ולחזור למחנה העבודה שבעיר. קיבלתי פרטים מדייקים על הבית שבו ביקש אבי מזון ובאחד הערבים הגעתי שמה עם חבילת בגדים. בעל הבית הודיע לי, שלפני יומיים היה אבי שוב פעם ולפי מה שאמר נראה שעבר לאיזור יותר רחיק. השארתי את החבילה וצירפתי מכתב שבו הודעתי לאבי על מצבי. באותו לילה הגעתי לשדה שבו נערמו הרבה ערימות קש. מצאתי מחבוא בתוך אחת הערימות והרגשתי שמחבוא זה שימש ודאי גם כמחבוא לאבי. כעבור שבוע ימים חזרתי שיב אל אותו איכר ושוב שאלתיו אם ידוע לו משהו על אבי. מתוך תשובתו התברר לי, כי באותו ערב לפני שבוע, עת חיפשתיו אצלו, היה אבי אצל שכנו (הודעת אבי על הליכתו לאיזור מרוחק נאמרה מתוך כוונת הטעיה). החבילה והמכתב נמסרו לאבי. מרוב התרגשות על אשר אני חי עדיין, החליט אבי לחפשני בעיר. וכאן בדרך נתפס על־ידי הנאצים.

בהיוודע לי הדבר עשיתי נסיון להצילו. באותם הימים שלאחר חיסול הגיטו נהגו הגרמנים, בשעה שתפסו יהודים בודדים, לרכזם באחת החנויות לשעבר בגיטו עד השמדתם. הצלחתי להצטרף אל קבוצת הפועלים ממחנה העבודה שעבדו בשטח הגיטו לשעבר. התקרבתי לחנות והתקשרתי עם היהודים הכלואים בתוכה. זכורני, שבתוך החנות נמצאו כל בני משפחת גולדנברג (בתם חיה גולדנברג־זילברברג נמצאת בארץ בראשון־לציון, ובנם אשר גולדנברג נמצא בחיפה), שנתפסו לפני ימים ספורים במחבוא. לא הצלחתי לקבל תשובה ברורה על גורל אבי.

אחרי זמן־מה הועבר מחנה העבודה לתחנת הקמח של פינצ׳וק ושם פגשתי ביהודי שהיה כלוא יחד עם אבי במשרד הגיסטפו שנמצא בביתו של גליקליך (לשעבר תחנת המשטרה הפולנית), ומשם — כפי שסיפר היהודי — הוצא אבי להורג.

תהא נשמתו צרורה בצרור החיים.

# המורה חיים פרינצנטל

מכתבים שניים אלה, הם אגרות ריוויות אימים, אך הן יקרות לנו, לשני בניו ולמשפחותיהם. אהבה למשפחה וזעקת היהודי והאדם כאחת בוקעות מבין שורות אלה.

כמורה חש כי אפילו שורות כתובות על נייר בלה יש בכוחן לחדור אל מעבר לאימים ולתקופה וכי הדן יישמע והן תשארנה חרותות לעד. ואכן תחושתי נתאמתה.

★

אבי חיים פרינצנטל היה ידוע בעירנו בכינויו „חיים דער לערער״. מהשעות המוקדמות של הבוקר החל בהוראת תלמידיו. וכך היה מתרוצץ במשך היום מתלמיד לתלמיד בכל פינות העיר ומלמד את השפה העברית, היסטוריה עברית ותנ״ך. שנים על שנים עסק בהוראה. עשרות ואולי מאות מתלמידיו חיים אתנו כיום בארץ ובחו״ל. מלבד אהבת השפה העברית נטע בתלמידיו גם את הכמיהה לארץ כהמשך טבעי להוראתו.

זוכרני, עת הייתי ילד, היה מושיבני על ברכיו ואגדות נפלאות קלחו מפיו על קבר המלך דוד, ועל בנו שלמה המלך על המכבים ועוד כהנה וכהנה אגדות לאין ספור, וכמיהה עזה לארץ נתעוררה בלבי. ציוני היה לא רק מתוך הכרה, כי אם יותר נכון — מתוך עימק רגשותיו. וכל זאת הנחיל לבניו ולתלמידיו.

בניו ובני בניו — ובתוכם נכד הקרוי על שמו חיים — יושבים ופועלים בארץ חלומותיו ומדברים בשפה שאותה לימד. צר, צר מאוד שלא זכה היא עצמו לחיות כאן ולראות זאת במו עיניו. אך זכה, זכה שדמותו ותורתו נחרתו עמוק בלבות בני משפחתו ותלמידיו־מוקיריו הפזורים על פני רחבי הארץ.

**יעקב פריטל** (פרינצנטל)

# די איבערלעבענישן פון יעקב עלבירט

די גבית־עדות איז אויפגענומען געוואָרן דורך י. שמולעוויטש,
אין ניו־יאָרק, דעם 11־טן יאַנואַר 1955.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אין סעפּטעמבער 1939, בין איך געווען אין לויצק. מיין פאָטער האָט דאָ געהאַט סקלאַדעס פון האָלץ און קוילן; אויך אינוועסטיציעס אין מילן.

דעם 17־טן סעפּטעמבער 1939 זענען צו אונדז אריין די סאָוויעטן. זיי האָבן גלייך נאַציאָנאַליזירט די גרעסערע פּריוואַטע פאַרמעגנס. סיי יידישע, סיי נישט־יידישע. אַלע פּאָליטישע און אויך געוויסע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, יידישע ווי נישט־יידישע, זענען דערקלערט געוואָרן פאַר אומלעגאַלע. זיי האָבן אויך נאַציאָנאַליזירט מיין פאָטערס סקלאַדעס. און מיינע עלטערן האָבן געקריגן פּאַספּאָרטן מיטן 11־טן פּאַראַגראַף, לויט וועלכן מען טאָר נישט וווינען אין קיין שום אָבלאַסט־שטאָט, ממילא האָבן זיי נישט געקענט בלייבן וווינען אין לויצק. זיי האָבן זיך מיט מיינער אַ יינגערער שוועסטער אַריבערגע־צויגן קיין דובנע.

די ציוניסטישע יוגנט אין לויצק האָט דאַן אָנגעהויבן פירן אַן אומלעגאַלע עליה. אָנגעפירט דערמיט האָט דוד פרינצנטאַל פון „גורדוניה", ווי אויך מאַקס יוז, יונה ביבערמאַן, אַלעקס לעשנער און אַנדערע. דוד פרינצנטאַל געפינט זיך איצט אין ישראל. ער האָט די יוגנט געבראַכט קיין סניאַטין, דאָרט האָט מען באַצאָלט גרויסע געלטער צו רומענישע מאַטראָזן, וועלכע האָט זיי געפירט קיין ארץ־ישראל. אָבער בלויז אַ קליינע צאָל פון דער לויצקער יוגנט איז די זאַך געלונגען. די מערסטע טייל יוגנטלעכע זענען אין בעסעראַביע אַרעסטירט געוואָרן דורך די סאָוויעטן. מען האָט די פאַרהאַלטענע אַריינגעזעצט אין טורמע, און די נ.ק.וו.ד. האָט זיך פון זיי דערוווּסט ווער אין לויצק פירט אָן מיט דער אומלעגאַלער עליה. די לעצטע זענען אַרעס־טירט געוואָרן אין לויצק.

אין חודש מאי 1941 האָב איך פּערזענלעך בייגעוווינט דעם אַרעסט פון דוד פרינצנטאַל און מאַקס יוז, ווייל מיר האָבן אַלע דריי געאַרבעט אויף איין פּלאַץ. מען האָט כסדר געפּאָרשט, אָבער קיין פּראָצעס איז נישט פאָרגעקומען, ווייל גאָר אין גיכן איז אויסגעבראָכן די דייטש־סאָוויעטישע מלחמה.

✶

ווען די סאָוויעטן זענען אַריין קיין לויצק, האָבן די יידישע קאָמוניסטן גלייך מיט זיי מיטגעאַרבעט. אויך די פּאָלקיסטן און בונדיסטן זענען גלייך געוואָרן שטאַרקע אָנהענגער פון די נייע באַלעבאַטים. שפּעטער אָבער האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין לאַגערן.

אויך איך האָב באַקומען אַ פּאַספּאָרט מיטן 11־טן פּאַראַגראַף און צוליב דעם נישט געקאָנט ווייטער שטודירן אין לעמבערג. איך האָב דאַן געאַרבעט אין לויצק אַלס בוכהאַלטער אין דעם אָפּטייל פון וווּרשטן־פּאַרקויף. צוזאַמען מיט מיר — אויך דוד פרינצנטאַל און מאַקס יוז. איך בין געווען „גלאַוו־בוך", פרינ־צנטאַל — בוכהאַלטער און מאַקס יוז — קאַסירער „שטשאָטאָוואָד". כאָטש איך האָב געהאַט דעם 11־טן פּאַראַגראַף און נישט געטאָרט וווינען אין לויצק, האָט מען מיך דערווייל געלאָזן בלייבן.

ניי־יאָר 1941 האָט די נ.ק.וו.ד. מיך אַרעסטירט. אַ יידישער מיליציאָנער ביי די סאָוויעטן, יאַנקל קנעפּעל, געוווינט אויף קאָפּערניקאַ־גאַס נומער 12, האָט ביי מיר געוואָלט צונעמען דעם פּאַספּאָרט. איך האָב אים נישט געוואָלט אַוועקגעבן, מיר האָבן זיך געאַמפּערט ביז דער פּאַספּאָרט איז צעריסן געוואָרן. בין איך געוואָרן אַרעסטירט פאַר צערייסן אַ סאָוויעטישן פּאַס־פּאָרט. די נ.ק.וו.ד. האָט מיר פאָרגעוואָרפן, אַז איך בין אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער, אַ בורזשואַזער זון. מיין ברודער, אַ דאָקטאָר אין לויצק, האָט געמאַכט גרויסע אינטערווענצן, און מען האָט מיך באַפרייט אַדאַנק דעם סעקרעטאַר פון דער שטאָ־טישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, גערשאָנאָוויטש, אַ ייד פון קיעוו. שפּעטער האָט מען מיר אויך געגעבן אַ גוטן פּאַספּאָרט, כ'בין ווייטער געזעסן אויף מיין פריערדיקער אַרבעט און מען האָט מיך שוין מער נישט געטשעפּעט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די דייטש־סאָוויעטישע מלחמה, דעם 22־טן יוני 1941, זענען צוזאַמען מיט די סאָוויעטן אַוועק אויך אַ סך יידן.

די היטלעריסטן זענען אַריין קיין לויצק דעם 26־טן יוני, 1941, פאַרטאָג.

אין דריי טעג אַרום נאָך דעם ווי די היטלעריסטן זענען אַריין אין שטאָט, דעם 29־טן יוני 1941, האָט מען אויף די גאַסן געכאַפּט ביי אַן ערך 2,000 יידן. בלויז מענער. די דאָזיקע אַרבעט האָבן דורכגעפירט אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטן, וואָס זענען בעת דער סאָוויעטישער הערשאַפט אַנטלאָפן קיין צענט־ראַל־פּוילן און שפּעטער צוריקגעקומען קיין לויצק. זיי האָבן געהערט צו די באַנדעס פון די „באַנדעראָווצעס", „בולבאָווצעס" און „מאַכנאָווצעס". געטאָן האָבן זיי דאָס לויט דער אָנווייזונג און אונטער דער אָנפירונג פון די היטלעריסטן. די צוויי טויזנט יידן האָט מען געבראַכט אויף דעם פּלאַץ פון דער קהילה, און זיי דאָרט געשלאָגן און שטאַרק געפּייניקט. די אָנפירער פון די אוקראַאינער זענען געווען די צוויי ברידער טישקעוויטש, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה געוווינט אין לויצק, אויף דער שעווטשענקע־גאַס. צווישן די יידן האָט זיך אויך געפונען דער יידישער סענאַטאָר לאַזאַר דאַל. די אוקראַאינישע ברידער האָבן פון אים חוזק געמאַכט, און ער האָט זיי פאַר אַלעמען אין די אויגן געמוזט פּוצן די שיך. צווישן די יידן האָט זיך אויך געפונען דער זון פון דאָקטאָר מינינזאָן. זיי ביידע, סענאַטאָר דאַל און ד"ר מינינזאָנס זון, זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון דער גרופּע יידן אַדאַנק דער אינטערווענץ פון אוקראַאינישן דאָקטאָר בילאַבראַן.

די יידן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין ליובאַרט־שלאָס און מען האָט זיי אַלעמען צעשאָסן מיט מאַשינגעווער. די טויטע קערפּערס זענען באַגראָבן געוואָרן אויף דעם באַרג נעבן שלאָס. דאָס האָבן געזען יידישע עדות, וואָס האָבן וועגן דעם שפּעטער

דערציילט. איינע, סאָניע לערנער, האָט געוווינט נישט ווייט פון שלאָס און געזען דורך אַ פענצטער פון איר שטוב ווי מען האָט די דערשאָסענע יידן באַגראָבן (סאָניע לערנער זאָל זיך איצט געפינען אין ישראל).

ווען עס איז פאָרגעקומען די דאָזיקע שחיטה בין איך געווען אין יידישן שפּיטאָל. פון אָנהויב בין איך דאָרט געלעגן ווי אַ קראַנקער און שפּעטער האָב איך געאַרבעט אין טעכנישן פּערסאָנאַל.

צומאָרגנס נאָך דער שחיטה זענען אין שטאָט געהאָנגען אַפישן, אין דייטש און אין אוקראַיניש, אַז דאָנערשטיק, (די דאַטע געדענק איך נישט גענוי) 1941, אַזייגער 6 פאַרטאָגס, זאָלן אַלע יידן־מענער, פון 16 ביז 60 יאָר זיך צושטעלן מיט לאָפּעטעס און האַמערס און איין פּאָרל וועש אויפן זעלבן ליובאַרט־שלאָס אויף אַרבעט. פאַר נישט צושטעלן זיך דראָט טויט־שטראָף. די אַלע, וואָס האבן זיך צ׳געשטעלט, האָבן געהאַט דעם זעלבן סוף, וואָס די פריערדיקע יידן. מען האָט געשמועסט, אַז עס האָבן זיך צוגעשטעלט 3,000 יידן.

✶

אַרום סוף יולי 1941 האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די יידן זאָלן שאַפן אַ „יודענראַט". די דאָזיקע פאַראָרדענונג איז איבערגעגעבן געוואָרן דורכן שוין דערמאָנטן אוקראַינישן דאָקטאָר בילאבראַן. ער האָט זי איבערגעגעבן דעם יידישן דאָקטאָר קאַרטשעמני און אים גלייכצייטיק געזאָגט, אַז ער, קאַרטשעמני, זאָל ווערן דער עלטסטער פון „יודענראַט" און צונעמען צו זיך נאָך יידן. ד״ר קאַרטשעמני האָט אָנגענומען דעם אַמט און געשאַפן אַ „יודענראַט", צו וועלכן עס האָבן געהערט: ד״ר יצחק פינוס (געפינט זיך איצט אין אַמעריקע), פרוי ד״ר ראָזענקראַנץ, פירערין פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע, פרוי האוסמאַן, דירעקטאָר פון דער יידישער באַנק, האָפמאַן, סאַשאַ פינטשוק א. א.

דער „יודענראַט" האָט דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יידן, אַרויסגעגעבן ברויט־קאַרטלעך, צוגעשטעלט די געפאָדערטע צאָל יידן אויף אַרבעט פאַר די דייטשן א.ד.ג. ער האָט אויך גענומען ביי די יידן קאָנטריבוציע פאַר די דייטשן. דער „יודענראַט" האָט נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט מיט דער היטלעריסטישער אַדמיניסטראַציע. זיי האָבן נישט געוואָלט קומען אין קיין שום באַרירונג מיט די יידן. דער פאַרמיטלער צווישן דעם „יודענראַט" און די דייטשן איז געווען דער שוין דערמאָנטער אוקראַינישער ד״ר בילאבראַן (נאָך דער מלחמה איז ער געווען אין דייטשלאַנד, זיין טאָכטער האָט אין דער מלחמה־צייט חתונה געהאַט מיט אַ געסטאַפּאָוניק).

עס זענען כסדר פאָרגעקומען אָנפאַלן פון היטלעריסטישע אָפיצירן און געסטאַפּאָ־לייט אויף יידן. די ערשטע זענען געווען די פירער פון „יודענראַט". ווייל זיי האָבן געמוזט בלייבן אויפן אָרט און נישט געקאָנט אַנטלויפן ווי דאָס האָבן געטאָן פיל אַנדערע יידן. עס איז דאַן אויך געשאַפן געוואָרן אַ יידישע מיליץ. קיין געטאָ איז נאָך נישט אַלץ געשאַפן געוואָרן. דאָס איז געשען צוליב די קאַראַימער, וואָס האָבן געוווינט אין דער געגנט, וואָס האָט געהייסן „די אַלטע שטאָט", ווו עס האָבן געוווינט די מערסטע טייל יידן. די דייטשן איז געווען באַקוועם צו מאַכן דאָס געטאָ נאָר אויף דעם אינדזל, און די קאַראַימער האָבן נישט געוואָלט אַרויס פון דער געגנט, ווייל זיי האָבן דאָרט געהאַט זייער שיינע וווינונגען. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אין דעם היטלעריסטישן „געביטס־קאָמיסאַריאַט", ווייל פיל פון זייערע מענטשן האָבן דאָרט געאַרבעט אַלס איבערזעצער אָדער סעקרעטאַרן. זיי האָבן דעריבער כסדר אָפּגעשלעפּט מיטן איינאָרדענען דאָס געטאָ, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן אַרויס פון זייערע רייכע און גוט־איינגעאָרדנטע וווינונגען. זיי האָבן גערעכנט, אַז מען וועט סיי־ווי־סיי איינציקווייז אַרויספירן די יידן פון לויצק, וועלן זיי בלייבן אין זייערע איינגעפונדעוועטע הייזער. דאָס האָט זיך אַזוי געשלעפּט ביז ניי־יאָר 1941.

דאַן איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן מוזן אין משך פון 15 מינ׳ט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען אין די פאַרשידענע ערטער און זיך אַריבערציען אין דער „אַלטער שטאָט". די יידן האָבן זיך אויף דער גיך אַריבערגעטראָגן אַהין. אויסער אויף דער קאַראַימסקאַ־אוליצאַ, ביים טייך, ווו עס האָבן געוווינט די קאַראַימער. ווידער די יידן, וואָס האָבן געוווינט אויף דער גאַס, האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען און זיך איבערטראָגן אויף די יידישע גאַסן. אויך דער „יודענראַט" איז אַהין אַוועק, אין דער זעלבער יידישער געגנט. פיל אַלטע און קראַנקע יידן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן אין משך פון די 15 מינוט אויסצופילן די פאַראָרדענונג, זענען דערשאָסן געוואָרן.

אין געטאָ איז גלייך געשאַפן געוואָרן אַ יידישע פּאָליציי. דער פירער איז געווען אַ פּליט פון לובלין, ליבער גאַל די יידישע פּאָליציי האָט זיך נישט אויפגעפירט שלעכט לגבי די יידן אין געטאָ. אָבער דער פירער גופא, ליבער גאַל האָט זיך אויפגעפירט שרעקלעך.

יעדעס מאָל ווען די געסטאַפּאָ־לייט פלעגן קומען אין געטאָ, האָט זיך ליבער גאַל געוואָלט פאַר זיי אויספיינען און פלעגט פאַר זיי אין די אויגן שלאָגן יידן. איינמאָל איז צו אים צוגעגאַנגען דער שאָפער פון אויטאָ, וואָס האָט געבראַכט די געסטאַפּאָ־לייט און אים אַ זאָג געטאָן: „אַ קאָנצעסיע צו שלאָגן יידן האָבן מיר, און נישט די יודע!" און דערביי אים געשלאָגן.

דעם זעלבן אָוונט איז דער שאָפער געקומען אין געטאָ. ער האָט אַרויסגערופן ליבער גאַל און אים אַוועקגעפירט. גאַל איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. מען האָט אים מסתמא דערשאָסן. דער דאָזיקער שאָפער איז געווען אַ דייטש, ער פלעגט זייער אָפט קומען אין ביוראָ פון „יודענראַט" און איבערגעבן סודות.

נאָך דעם איז דער פירער פון דער יידישער פּאָליציי געווען אַ געוויסער וויעזשבאָווסקי, אויך אַ פּליט פון סאָסנאָוויעץ, וואָס האָט זיך גוט באַצויגן צו די יידן פון געטאָ.

יעדן טאָג האָבן די יידן געמוזט צושטעלן קאָנטריבוציע פאַר די דייטשן. מען האָט אויך כסדר גענומען יידן אויף פאַרשידענע אַרבעטן; מען פלעגט אויף די דאָזיקע אַרבעטן נעמען קינדער פון 5 יאָר אָן ביז 70, מענער און פרויען. מערסטנס האָבן די יידן געאַרבעט אויף דעם אַעראָדראָם.

די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע זענען געבראַכט געוואָרן אין דער לייצקער טורמע. די קראַנקע געפאַנגענע האָבן די דייטשן געבראַכט אין געטאָ אין יידישן שפּיטאָל, וואָס איז געווען אַ מין קאָנטריביציע מצד די יידן; אין זעלבן שפּיטאָל האָב איך געאַרבעט. דער אָנפירער פון שפּיטאָל איז געווען ד״ר אַדאַם, גאָלדשטיין, אַ פּליט פון וואַרשע, באַקאַנט אונטערן

נאָמען „זלאָטאַ ראָנטשקאַ". אויך ביי די סאָוויעטן איז ער געווען דאָקטאָר, און ער האָט באַקומען דעם טיטול פּאָלקאָווניק. ער איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל אויף אַ פלעק־טיפוס, דעם 14־טן יאַנואַר 1942. די דייטשן האָבן דערלויבט אַרויסצופירן זיין טויטן קערפּער פון געטאָ אויף דעם יידישן בית־עלמין.

די קראַנקע סאָוויעטישע געפאַנגענע פלעגט ברענגען פון טורמע אין שפּיטאָל אַריין אַ דייטשער אויבערלויטענאַנט, האַנס גרים פון קעלן. ער פלעגט טאָן גרויסע טובות די יידן, וואָס זענען באַשעפטיקט געווען אין שפּיטאָל. ער פלעגט איבערשיקן גאַנצע טראַנספּאָרטן עסנוואַרג פון דער טורמע אין שפּיטאָל אַריין, כלומרשט פאַר די קראַנקע געפאַנגענע, אָבער אין דער אמתן פאַר דעם יידישן פּערסאָנאַל און אויך פאַר די יידישע קראַנקע. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן „אויסווייזן" דעם גאַנצן יידישן פּערסאָנאַל אַז מען איז באַשעפטיקט אין דער דייטשער ווערמאַכט, וואָס האָט ביי פאַרשידענע פאַלן זייער פיל פאַרלייכטערט די שווערע לאַגע.

*

דעם 20־טן אויגוסט 1942 האָט זיך אין לויצקער געטאָ אָנגעהויבן די גרויסע שחיטה. מען האָט צונויפגענומען אַלע יידן אויפן מיטן מאַרק, אויפגעלאָדנט זיי אויף אויטאָס, אַוועקגעפירט קיין גורקע־פּאָלאָנקע, צוויי קילאָמעטער פון שטאָט, און זיי אַלע דאָרט דערשאָסן. די דאָזיקע „אַקציע" האָט געדויערט 13 טעג. אין משך פון דער צייט זענען אומגעבראַכט געוואָרן ביי 22.000 יידן. די ברידער־קברים האָט פריער צוגעגרייט דער יידישער פּערסאָנאַל פון דעם שפּיטאָל אין געטאָ.

איידער די דאָזיקע „אַקציע" האָט זיך אָנגעהויבן האָבן די דייטשן געפאָדערט אַ קאָנטריבוציע פון: 10.000 רובל אין גאָלד, אַ האַלבן מיליאַרד דייטשע מאַרק, 500 קופּאָנען סחורה פאַר מענער און 500 פאַר פרויען — אויף אויפצונייען קליידער, אַנצוגן, פּאַלטנס א.ד.גל. 1.000 קילאָגראַם פּאָדעשוועלעדער; און צוליב חוזק האָט מען אויך געפאָדערט 50 קילאָגראַם ציבעלעס מיט קנאָבל, ווי אויך 50 לעבעדיקע יידישע קאָמוניסטן. אין „יודענראַט" האָבן זיך דאַן געשאַפן צוויי שיטות: איין גרופּע האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף צושטעלן די געפאָדערטע קאָנטריבוציע, אַ חוץ די 50 יידישע קאָמוניסטן, כדי צו ראַטעווען די יידן פון געטאָ; די אַנדערע גרופּע איז געווען דערפאַר, אַז מען זאָל גאָרנישט געבן, נאָר צוגרייטן אַ ווידערשטאַנד. צו דער צווייטער גרופּע האָבן געהערט: ד"ר קאַרטשעמני און סאַשאַ פּינטשוק.

איך האָב די אינפאָרמאַציעס באַקומען אין שפּיטאָל דורך מיין ברודער דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט זיי גענומען אין ביוראָ פון יודענראַט.

געזיגט האָט די ערשטע גרופּע, און מען האָט אָנגעהויבן זאַמלען די קאָנטריבוציע. די פאָרשטייער פון יודענראַט און די יידישע פּאָליציי האָבן צוגענומען אַלץ, ביז דעם לעצטן, אַפילו זאַכן, וואָס די דייטשן האָבן גאָרנישט געפאָדערט. מען האָט די זאַכן אַרויסגעפירט פון געטאָ, פאַרקויפט פאַר געלט און געקויפט גאָלד, לעדער א.ד.גל.

די דייטשן פון „געביטס־קאָמיסאַריאַט" האָבן נישט געוואָלט רעדן מיט די פירער פון יודענראַט, אַפילו ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער שוין־דערמאָנטער קאָנטריבוציע. די פאַרמיטלער זענען געווען צוויי קאַראַימער, שוואָגערס, שפּאַקאָווסקי און נאָוויצקי. אָפיציעל האָט דאַן דער יודענראַט נישט געוווסט וויפל די דייטשן פאָדערן. די צוויי קאַראַימער זענען געקומען און האָבן דאָס אויסגערעכנט די קאָנטריבוציע וואָס די יידן דאַרפן געבן. שפּעטער איז באַוווסט געוואָרן, אַז די דייטשן האָבן פאַרלאַנגט פיל ווינציקער. שפּאַקאָווסקי און נאָוויצקי האָבן אָפּגעגעבן די דייטשן בלויז אַ טייל און דאָס איבעריקע צוגענומען פאַר זיך.

דעם 20־טן אויגוסט 1942, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די „אַקציע" אין געטאָ, איז אין יידישן שפּיטאָל געקומען סאַשאַ פּינטשוק פון יודענראַט און געזאָגט, אַז די דאָקטוירים מיט די קראַנקנשוועסטער זאָלן נעמען זייערע „אויסווייזן" און אַוועקגיין צום זאַמעק. זענען זיי אַהין אַוועק. מיין ברודער איז געווען אויסערן געטאָ, האָט געלעבט אויף קאַראַימישע פּאַפּירן. אויך איך האָב שוין דאַן געהאַט אַ דאָקומענט אַלס אַ קאַראַימער, אויפן נאָמען פון יאַן נאָוויצקי. איך בין נישט געגאַנגען מיט די דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטער צום זאַמעק, ווייל איך האָב געאַרבעט אין טעכנישן פּערסאָנאַל. איך האָב שוין דאַן אויך געהאַט גענומען צו זיך אין שפּיטאָל אַריין מיינע עלטערן מיט מיין שוועסטער, ווייל — וואָס עס האָט צו פּאַסירן, זאָלן מיר כאָטש זיין צוזאַמען.

ווען די דאָקטוירים מיט די קראַנקנשוועסטער זענען געקומען צום זאַמעק, האָט מען זיי געהייסן אויסגראָבן אַ גרויסן גרוב, אין וועלכן מען האָט שפּעטער באַגראָבן די צעשאָסענע יידן פון געטאָ. די גרויס פון גרוב איז געווען 60 אויף 300 מעטער די לענג און ברייט, און דריי מעטער די טיף; עס איז אויך אויסגעגראָבן געוואָרן אַ צווייטער, באַזונדערער גרוב פאַר קינדער, וואָס איז געווען 20 אויף 50 מעטער די לענג און ברייט און דריי מעטער די טיף.

דעם זעלבן טאָג אין אָוונט, ווען איך האָב געזען, אַז מען פירט כסדר אַרויס די יידן פון געטאָ צום זאַמעק און עס איז שלעכט, האָב איך געגעבן 50 רובל אין גאָלד אַ דייטשן וועכטער און אים געבעטן, אַז ווען ער וועט זיך טוישן מיט דער וואַך, זאָל ער מיט זיך מיטנעמען אַ צעטל פון מיר צום דייטשן אויבערלויטענאַנט, האַנס גרים, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערציילט. ער האָט דאָס צעטל פון מיר מיטגענומען. אין צעטל האָב איך געשריבן כלומרשט ווי עס שרייבט מיין ברודער דער דאָקטאָר, וועמען ער, האַנס גרים, האָט געקענט. „היות, האָב איך געשריבן, ווי איך האָב פאַרשפּעטיקט צו גיין צום שלאָס מיט אַלע דאָקטוירים, זאָל ער מיך נעמען אַהין". איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די דאָקטוירים מיט די קראַנקנשוועסטער ווערן געראַטעוועט, מען פירט זיי אַרויס אין אַ זיכערן אָרט. איך האָב געוווסט, אַז ווען ער וועט מיך זען, וועט ער זיך גלייך איבערצייגן, אַז איך בין נישט מיין ברודער, ווייל ער האָט גוט געקענט אַלע דאָקטוירים פון שפּיטאָל. איך האָב אָבער געוואָלט זיך דערשלאָגן צו אים און מיט אים רעדן. איך האָב געטראַכט, אַז ווען איך וועל זיך באַגעגענען מיט אים, וועל איך אים פאָרשלאָגן אַ סך געלט, ער זאָל אונדז פאָרשטעלן פאַר דייטשע וועכטער און אַזוי אַרום אונדז העלפן זיך אַרויסצובאַקומען פון געטאָ. האַנס גרים האָט זיך אויף מיין צעטל אָפּגערופן, איז געקומען אין שפּיטאָל זיך זען מיט מיין ברודער. איך האָב אים גלייך געגעבן 50 פינפערלעך גאָלד־רובלס און געזאָגט, אַז ממילא וועלן מיר אַלע אומקומען,

וויל איך נישט, אַז דאָס געלט זאָל אַריינפאַלן צו די נאַציס, זאָל ער דאָס בעסער האָבן, ווייל ער איז אַ יידן־פריינד. דערנאָך האָב איך אים געזאָגט מיין פּלאַן ווי אַזוי ער קאָן מיך און מיינע עלטערן ראַטעווען. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער וועט דעם פּלאַן באַטראַכטן. ער וויל דאָס נישט טאָן ביינאַכט, ווען מען היט פון אַלע זייטן, אפשר — בייטאָג.

5 פאַרטאָג, דעם 21־טן אויגוסט 1942, האָט מיר אַ געוויסער מאָטל זילבערשטיין (געפינט זיך היינט אין טשעכיע) געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז אין געטאָ אַריין גייט אַ קאָלאָנע מענטשן און זיי דערנענטערן זיך צו אונדזער שפּיטאָל. ווען איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז עס גייען דייטשן. בין איך אַרויס פון שפּיטאָל, אַריבערגעשפּרונגען די מויער פון געטאָ און צו צום וואַסער, וועלדניק אַהין אַריינשפּרינגען. די דייטשע וועכטער, וועלכע האָבן באַוואַכט דעם שפּיטאָל, האָבן גענומען שיסן נאָך מיר. אַ קויל האָט מיר געטראָפן אין רעכטן פוס, און איך בין געפאַלן אַ פאַרוווּנדעטער. אין עטלעכע מינוט אַרום איז די קאָלאָנע מענטשן אַריינגעקומען אין געטאָ, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען גאָר די יידישע דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטער, וואָס זענען געהאַט אַרויסגעפירט געוואָרן צום שלאָס. פאָרויס דער געפירטער גרופּע איז געגאַנגען דער אויבערלויטענאַנט האַנס גרים מיט נאָך דריי דייטשע וועכטער. דער אויבערלויטענאַנט האַנס גרים האָט געוואָלט ראַטעווען מיך מיט מיין פאַמיליע און נאָך יידן אין געטאָ. האָט ער דערפאַר צוריקגעבראַכט די דאָקטוירים מיט די קראַנקנשוועסטער, אַז דער שפּיטאָל פאַר קראַנקע זאָל ווייטער אויפגעהאַלטן ווערן, און עס זאָלן זיך דאָרט ממילא קענען אויסבאַהאַלטן אויך נישט־קראַנקע יידן. מיך האָט מען דאַן צוריק אַריינגענומען אין שפּיטאָל, אַרויסגענומען די קויל פון פוס, און איך בין שפּעטער צוריק געקומען צום געזונט.

אין משך פון די 13 טעג וואָס עס האָט געדויערט אין געטאָ די „אַקציע", זענען אין שפּיטאָל געקומען געסטאַפּאָ־לייט און געוואָלט אַרויספירן פון דאָרט די קראַנקע, די דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטער, און געוואָלט בכלל ליקווידירן דעם שפּיטאָל. וואָס שייך די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע וואָס זענען געלעגן אין שפּיטאָל, האָבן די געסטאַפּאָ־לייט דערקלערט, אַז זיי ווילן אויך זיי מיטנעמען מיט די יידן. אָבער דער אויבערלויטענאַנט האַנס גרים האָט נישט דערלאָזט צום ליקווידירן דעם שפּיטאָל. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיינע זעקס דייטשע וועכטער ביים שפּיטאָל זיי זאָלן נישט אַריינלאָזן די געסטאַפּאָ־לייט, און אויב זיי וועלן נישט אָפּטרעטן, זאָלן זיי שיסן אויף זיי. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן נישט געוואָלט דערפירן צו קיין שיסעריי און זענען אַוועק. וויפל מאָל די געסטאַפּאָ־לייט זענען נישט געקומען אין שפּיטאָל און האָבן פּראָבירט אַרויסנעמען די יידן, האָבן די וועכטער אויסגעצויגן זייערע ביקסן און געוואָרנט.

*

ווי איך האָב דאַן געהערט, האָט האַנס גרים איבערגעגעבן מיינע פופציק פינפערלעך גאָלד־רובל צו ד״ר ראָזענקראַנץ, וואָס האָט דאַן איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון שפּיטאָל. ביז צום אָנהויב פון דער „אַקציע" איז די אָנפירערין פון שפּיטאָל געווען פרוי ד״ר סימע באַקשט.

ד״ר ראָזענקראַנץ האָט געהאַט אַ טאָכטער, אין וועלכער עס איז פאַראינטערעסירט געווען האַנס גרים. מען האָט געשמועסט, אַז ער ליבט זיך אין איר. האַנס גרים איז געשלאָפן אין יידישן שפּיטאָל די גאַנצע צייט פון דער גרויסער שחיטה. די פופציק גאָלדשטיקלעך האָט ער, לויט זיינע אייגענע רייד, אָפּגעגעבן צו ד״ר ראָזענקראַנץ, בכדי ער מיט זיין טאָכטער זאָלן אַרויס פון געטאָ און געפינען ערגעץ אַן אָרט ביי קריסטן זיך אויסצובאַהאַלטן. האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט אַן אוקראַינער, איז געקומען אין שפּיטאָל אַריין, האָט דערשאָסן ראָזענקראַנצן מיט זיין טאָכטער, אויפגעזוכט דאָס גאָלד און עס צוגענומען.

*

ווען די דאָזיקע געשיכטע האָט פּאַסירט, בין איך שוין געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ „מאַלינע", אין דאָרף ליפּיני, זיבן קילאָמעטער פון לויצק, ביי אַ פויער אַ טשעך מיטן נאָמען קאָזאַק (געפינט זיך איצט אין טשעכיע), וועלכער פלעגט פאַר דער מלחמה האַנדלען מיט מיין פאָטער. אויסער מיך האָט דער זעלבער פויער אויסבאַהאַלטן נאָך 33 לויצקער יידן, פון וועלכע עס לעבן היינט 29 אין פאַרשידענע לענדער.

אָט זענען עטלעכע פון זיי: חיים זוסמאַן, געפינט זיך איצט אין ישראל; פישל לייבאָוויטש מיט דער פרוי און דריי קינדער, געפינען זיך אין אַרגענטינע; שיע קלוגער, געפינט זיך אין ניו־יאָרק; בעני גערטל, געפינט זיך אין ניו־יאָרק. איינער, מאָטל זילבערשטיין, האָט זיך נאָך דער מלחמה געשמדט און איז צוזאַמען מיטן פויער אַוועקגעפאָרן קיין טשעכיע און לעבט דאָרט אַלס טשעך.

דער פויער האָט אונדז אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע ערטער אין דאָרף ליפּיני, ביי זיין משפחה און ביי גוטע באַקאַנטע. האָט אונדז געגעבן גוט צו עסן און אויך געזאָרגט, אַז אויך די יידן, אויסבאַהאַלטענע אין די אַנדערע ערטער, זאָלן האָבן גוט צו עסן. ער האָט ממש איינגעשטעלט זיין לעבן ביים ראַטעווען די יידן, געמוזט כסדר פירן אַ קאַמף מיט זיין שווער און שוויגער, וועלכע זענען גראָד געווען אַנטיסעמיטן; דער שווער און די שוויגער האָבן געהייסן פּראָקופּעק. אין דאָרף ליפּיני זענען מיר געווען אויסבאַהאַלטן ביז דעם 4־טן פעברואַר 1944.

מיין טאַטע־מאַמע און מיין שוועסטער זענען געבליבן אין לויצק. מען האָט זיי אַרויסגעפירט מיט אַנדערע יידן און דערשאָסן. מיין ברודער דער דאָקטאָר איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ טשעכישן פויער נעבן גורקע־פּאָלאָנקע. איינמאָל זענען אַהין געקומען „באַנדעראָווצעס", האָבן גענומען מיין ברודער מיט זיך אין די וועלדער אַריין, ער זאָל זיין זייער דאָקטאָר. ווען די סאָוויעטן האָבן זיך דערנענטערט, און די „באַנדעראָווצעס" האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די סאָוויעטן, האָבן זיי אים דערשאָסן.

דעם 4־טן פעברואַר 1944 זענען אין דער געגנט, ווו מיר זענען געווען אויסבאַהאַלטן, אַריין די סאָוויעטן, געווען דריי טעג און אָפּגעטרעטן, און גלייך זענען צוריק אַריין די היטלעריסטן. זענען זיי אַרומגעגאַנגען זוכן אויסבאַהאַלטענע יידן. אַ סך פון די יידן וואָס זענען געווען מיט אונדז אויסבאַהאַלטן זענען נאָך פריער אַנטלאָפן קיין ראָוונע. מיך מיט

מיין פרוי און אַ שוועסטער האָט מען צוזאַמען מיט דער גאַנ־צער פויערישער באַפעלקערונג, טשעכן, עוואַקוירט אין דער ריכטונג פון בוג. כדי עס זאָל נישט אַנטדעקט ווערן, אַז מיר זענען יידן, האָט אַ קרוב פון דעם טשעך קאָזאַק, מיטן נאָמען רוס, מיר געגעבן זיין דאָקומענט, און מיין פרוי און שוועס־טער — די דאָקומענטן פון זיין ווייב און אַ טאָכטער. מיר האָבן דאַן געלעבט מיט אַלע פויערים אַלס טשעכן, אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן. פאָרנדיק אין טראַנספּאָרט, האָבן איניקע פויערים אויף אונדז אָנגעוויזן, ווי אויף פאַרדעכטיקטע. מען האָט אונדז דאַן אַרויסגענומען פון טראַנספּאָרט. מיך האָבן די דייטשן געשיקט קיין שטוטהאָף, און מיין פרוי מיט מיין שוועסטער זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין לאַגער, לאָנגפורט, נעבן דאַנציק.

אין לאַגער שטוטהאָף בין איך געווען 10 טעג. מען פלעגט אַרויספירן די העפטלינגע אויף שיפלעך אין מיטן וואַסער, ווו מיר האָבן ביי די ברעגעס גערייניקט דאָס זאַמד, געלייגט שטיינער און געמאַכט פאַרפעסטיקונגען. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, צו עסן האָט מען געגעבן ווייניק. אַ סך אסירים זענען ביי דער דאָזיקער אַרבעט געשטאָרבן. געווען פאַלן ווען מען האָט פשוט געגעסן געשטאָרבענע מענטשן.

דעם 1־טן מאַי 1945 בין איך באַפרייט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַנדערע העפטלינגע דורך די אַלאירטע אַרמייען. איך בין געפאָרן קיין לובלין, ווו איך האָב באַגעגנט מיין פרוי און די שוועסטער. קיין לויצק, אונדזער היים־שטאָט, האָבן מיר שוין נישט געוואָלט פאָרן. אין לובלין זענען מיר געווען ביי צוויי חדשים און אַוועקגעפאָרן קיין דאַנציק. פון דאָרט זענען מיר נאָך אַ צוויי חדשים אַוועקגעפאָרן קיין שטשעטשין. אין אָנהויב סעפּטעמבער 1945 — קיין בערלין. פון בערלין האָט די „אונראַ" אונדז איבערגעשיקט קיין פראַנקפורט אין דעם לאַגער פון באַפרייטע יידן אין זאַלמהיים. איך האָב דאָרט געאַרבעט אין ביוראָ אַלס בוכהאַלטער. פון דאָרטן זענען מיר געפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

האַנקע גאָרענשטיין־פּיטערמאַן

# ניין טעג אין בוידעם־שטיבל

דאָס געטאָ איז געווען אומרויק. ס'האָבן אַרומגעקרייזט פאַרשידענערליי קלאַנגען וועגן ביינאַכטיקע צעשיסונגען, איבער־זידלונגען ווי אויך וועגן דער מעגלעכקייט פון אונדזער פול־שטענדיקן אומקום. מיר האָבן נישט געוואָלט דערין גלייבן, האָבן אַוועקגעשטופּט פון זיך דעם געדאַנק פון אַ נאָענטן סוף, נאַרנ־דיק זיך מיט פאַרשידענע, אומ־רעאַלע פאַנטאַזיעס. דערביי האָט מען אונדז באַרויקט מצד דעם יודענראַט, אַז די דייטשן דאַרפן האָבן אונדזער געטאָ, ווייל מיר אַרבעטן, און דערצו נאָך געבן מיר זיי אָן ווידערשטאַנד אַלץ אין וואָס זיי נייטיקן זיך, ד. ה. פוטערס, גאָלד, זיידנס, וואָל און אַזוי ווייטער יעדע זאַך, וואָס האָט עפּעס אַ ווערט פאַר דעם „הערנ־פאָלק".


האַנקע גאָרענשטיין־פּיטערמאַן

שוין אַ וואָך צייט ווי מען לייגט זיך שלאָפן מיט דער מורא פאַרן אָנקומענדיקן באַגינען, און גאָט צו דאַנקען, ס'איז גאָר־נישט נישט פאָרגעקומען.

די נאַכט פונעם 22־טן סעפּטעמבער איז געווען די נאַכט, וואָס איר באַגינען איז געווען די התחלה פון דעם אומקום פון די יידן אין לויצק.

אַרום דריי אַזייגער פאַרטאָג האָט אין אונדזער וווינונג אין געטאָ, אויף דער בערעק־יאָסעלעוויטש־גאַס נומער 23, שטאַרק אָנגעקלאַפּט אין פענצטער אונדזער לאַנגיאָריקע שכנה, פרוי דאַל, מיט די ווערטער: „פרוי פּיטערמאַן, דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט". די מאַמע, דער טאַטע זענען אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס, וועלכע איז אין איין אויגנבליק פול געווען מיט אומגליקלעכע מענטשן, אַרומגעכאַפּטע פון מטורפער שרעק. וואָס טוט מען? איז דאָס מעגלעך? ווי באַקומט מען זיך אַרויס? די מאַמע האָט אונדז געהייסן זיך אָנטאָן, ד. ה. מיר, דעם שוועסטערל ריוועלע און דעם ברודערל איזי.

ס'איז שוין געווען פרימאָרגן. אָן אַ שיער מענטשן מיט פעקלעך, מיט קינדער אויף די הענט. אַלץ האָט זיך געשטויסן פאַר דעם יודענראַט, נאַרנדיק זיך, אַז ס'איז אַן איבערזידלונג, טוענדיק תפילה מען זאָל ניצול ווערן.

מיר אַלע האָבן ביז דער לעצטער מינוט נישט געוואָלט זען דעם נאַקעטן אמת. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. די מיטגלידער פונעם יודענראַט זענען אַרויסגעקומען, צע־שפּרייטנדיק אומבאַהאָלפן די הענט. מיר זענען פאַרמשפּט. בלויז געציילטע, וועלכע באַזיצן ספּעציעלע „אויסווייזן" פון זיכערע פאַכלייט, האָבן געקאָנט אַוועקגיין אין סעמינאַר אויף קראַסנע. (מיט זיי האָבן זיך פאַראייניקט אַ סך מיטגלידער פון דעם יודענראַט ווי אויך אונדזערע ווױלבאַרימטע יידישע פּאָליציאַנטן). די איבעריקע זענען פאַרבליבן אויף אומצוקומען. אונדז האָט מיין גימנאַזיע־קאָלעגע זוזיק דרוטמאַן באַזאָרגט מיט אַ שיין, וואָס גיט דאָס רעכט אַרויסצוגיין פון געטאָ אין סעמינאַריום. נאָר אין דער לעצטער מינוט האָט די מאַמע זיך צוריקגעצויגן: „כ'ווייס נישט, ווו דער גורל וואַרט אויף

אונדז. לאָמיר בלײַבן מיט אַלע". זענען מיר געבליבן. ערשט ווען די אויסגעקליבענע זענען אַוועק, האָט, נאָך אַ צײַטווײַליקער פאַרשטײנערונג, אַלעמען באַוועלטיקט דער יאוש.

די דאָזיקע סצענעס זענען מיר אײביק פאַרקריצט געוואָרן אין זכרון. ס'איז שווער זײ צו שילדערן. געוויין, געזעגענונג, תפילות, היסטעריע און קללות. אַ המון מענטשן צעקאָכטע, מטורפֿע פֿון שרעק, אָן אײַסוועג, אָן אַ פֿונק האָפֿענונג. אויף די שטײנער האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט פּעקלעך, דאָלאַרן, גאָלד — דאָס אומנוצלעכע פֿאַרמעגן פֿון מענטשן וואָס גײען צום אומקום.

איך האָב זיך געזעגנט מיט צעשע קאַמיעניעצקי, מיט פרוי שטײנשנײד און פֿײגע פּאָדאָלסקי. ליאָליע איז געבליבן מיט דער קראַנקער מאַמען... כ'בין געווען ווי נישט אין זיך, נאָר נעבן זיך. כ'האָב געוווּסט וואָס מיך דערוואַרט, אָבער דאָך נישט געהאַט דעם אײַנדרוק פֿון מײַן נאָענטן סוף. ס'איז געווען ווי אין אַ קאָשמאַר־חלום, וואָס אַרויסרײַסן זיך פֿון אים ביסטו נישט אימשטאַנד, אָבער אין דער טיף פֿון דײַן באַוווּסטזײַן גיסטו זיך אָפּ אַ חשבון, אַז ס'איז נישט קײן ווירקלעכקײט.

מיר האָבן זיך געלאָזט צוריק צו אונדזער הויז אויף דער בערעק־יאָסעלעוויטש־גאַס. אויף די גאַסן, פֿאַר די הײַזער זענען געזעסן די אײַנוווינער פֿון געטאָ, אָפּגעטעמפּטע, רעזיגנירטע, אָפּוואַרטנדיקע אַפּאַטיש דעם טויט. די הײַזער, טירן, פֿענצטער — אַלץ ברייט צעעפֿנט. אַ סך אָרעמע, הונגעריקע, זיך אַרומשלעפּנדיקע הײמלאָזע האָבן ערשט געהאַט אַ געלעגנהײט אָנצועסן זיך צו דער זעט אין לעצטן מאָמענט פֿון זײער אומגליקלעכער עקזיסטענץ.

אין שטוב האָט אונדז די מאַמע געגעבן די לעצטע סעודה, און נאָך אַ קורצער באַראַטונג זענען מיר אַרויף אויפֿן בוידעם, וווּ ס'האָט זיך געפֿונען אַן אויבערשטיבל, וואָס האָט אונדז געזאָלט דינען פֿאַר אַ באַהעלטעניש אין משך פֿון נײַן טעג. נײַן טעג און נײַן נעכט. אַ גיהנום פֿאַר דעם לעבן, אַ גיהנום פֿאַרן קערפּער און אַ גיהנום פֿאַר דער נשמה. אַ דאַך, וואָס גליט מיט סעפּטעמבער־זון איבער מײַן רוקן. שמוץ, שווייס, כנים און אוממענטשלעכער דורשט.

נאָך הײַנט, נאָך אַזויפֿיל יאָרן, שפּיר איך אָט יענעם חלום וועגן אַ זילבערן וואַסער־שטראָמעלע פֿאַר דעם דורכגעברענטן האַלדז. נעבן מיר, אַ קערפּער נעבן אַ קערפּער — מײַנע אַלע ברידער און שוועסטער און נאָך קינדער. די צעניעריקע רבקהלע און דער זיבניעריקער איזי. שטילע, הכנעהדיקע, אַלצװעענדיקע אײגן. אַ ביסל ווײַטער — די עלטערן. בײַנאַכט פֿלעגן מיר אַרויסקריכן פֿון באַהעלטעניש און עפּעס־וואָס עסן. קײן וואַסער איז נישט געווען. אַרײַסגײן האָבן מיר מורא געהאַט, ווײַל איבער די גאַסן האָבן זיך געדרײט פּאַטרולן.

איך געדענק אַ זונטיק — סאַראַ שפּאָט — דורך אַ שפּאַרונע אין דאַך האָב איך אַרויסגעקוקט אויף דער שכנותדיקער גאַס וואָס געהער נישט צום געטאָ און פֿירט צו דער קאַטעדרע, די אַזוי גערופֿענע באַזיליאַנסקע־גאַס. אַ שײנער זומערדיקער טאָג. און פֿאַרפּוצטע פּוילישע מײדלעך מיט געבעטביכער אין די הענט גײען צום צעזונגען־צעקלינגענעם קאָשטשאָל. און מיר דערנעבן — אונטער אַ דאַך, צענויפֿגעשטיקטע, דערוואַרטנדיק יעדע רגע דעם שענדלעכן טויט.

אַ קאָנטראַסט — אַ תהום צווישן צוויי גאַסן, צווישן צוויי וועלטן; קײן שום זאַך וועט דעם דאָזיקן תהום אין מײַן נשמה נישט קאָנען פֿאַרשיטן. זײער לעבן — אין גלאַנץ, אין מײַנס — אין שאָטנס.

די דאָזיקע נײַן טעג און נעכט האָבן בײַ מיר צוגערויבט אַלץ — די אילוזיעס און יוגנטלעכע אויפֿברויזן. זײ האָבן צוגענומען דאָס פֿרישקײט פֿון געפֿילן און די אומשולד פֿון געדאַנק. אַראָפּגעריסן דעם מענטשן און איבערגעלאָזן אַ חיהלע, וואָס זוכט אַרום מיט די אויגן אַ באַהעלטעניש, אַ מויזן־לעכל.

אַרום שטײט דעם גאַנצן טאָג אַ כסדרדיקע קלאַפּערײַ פֿון לאַסטמאַשינען, אָנגעלאַדעוועטע מיט מענטשן געפֿירטע אויף צעשיסונג, רעשטלעך, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אין פֿאַרשידענע לעכער. כסדר — פּאַטרולן פֿון שיכורע צעיושעטע אוקראַינישע פּאָליציאַנטן און קאַלטע, פֿאַראַכטנדיקע ס.ס.־סאָלדאַטן, וועלכע גײען אויף געיעג — אויף ייִדן.

אין די נעכט — אַ כסדרדיק שיסערײַ אויף די וואָס פּרוּוון אויסנוצן די פֿינצטערניש, אויף די ריזיקאַנטן, וואָס אַנטלויפֿן איבער די פּאַרקנס.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַ טאָג נאָך אַ נאַכט, אַ נאַכט נאָך אַ טאָג דער געשפּענסטיקער צײַט־קאָשמאַר. דעמאָלט האָט זיך מײַן טאַטן געחלומט, אַז דער זײדע טוליעט אַלעמען צו צו זיך און נאָר מיך שטויסט ער אָפּ: „חנה וועט לעבן בלײַבן. טראָג, חנה, אַ טיכל אויפֿן קאָפּ. נעם עס נישט אַראָפּ נישט בײַטאָג, נישט בײַנאַכט, כדי עס זאָלן זיך נישט אַרויסזען די שמוציקע, פֿאַרקאָלטנטע האָר". האָב איך דעריבער געטראָגן אַ טיכל און חוץ דעם אַ ספּודניצע אין אַ בלוזקע אָן קײן שום אונטערוועש, ווײַל ס'איז געווען גיהנומדיק הײס.

אויפֿן נײַנטן טאָג האָט זיך דער טאַטע דערפֿילט שלעכט. מײַן אומגליקלעכער, געליבטער טאַטעלע, אין אַ גראַנאַטן העמד, מיט אַ גרויען אָנוווּקס אויפֿן פֿאַרשפּיצטן פּנים, איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון בוידעם, און פּלוצעם זענען אָנגעקומען עטלעכע אוקראַינער — די יאַגד־הינט — און האָבן אים אַרומגערינגלט. די מאַמע, מײַן העלדישע מאַמע, איז אַרויס פֿון באַהעלטעניש, אים צו באַגלײטן אויף זײַן לעצטן לעבנסוועג. ס'איז איבערגעבליבן אַ דרײַלינג יתומים, אומבאַהאָלפֿענע, פֿאַרלאָזטע אײנזאַמע צווישן בלוטיקע רויבער, וואָס טשאַטעווען אויף זײער לעבן.

יואל פערעל

# אייגן בלוט

איך בין געפאָרן קיין לויצק אין יאָר 1945, ווי מען פאָרט אויף קבר־אבות, מיט טיפן אומעט אין די אויגן, מיט אַ גלייכגילטיקן בליק אויף אַלץ און אויף אַלעמען, מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ...

כ׳האָב אַרומגעוואַנדערט איבער דער הויפטגאַס, די יאַגעלאָנסקע, און געזוכט אַ היימיש פנים, אַ באַקאַנטן. פאַר מיין פאַרנעפלטן בליק איז נאָך אַלץ געשטאַנען דער אויפשריפט מיט די בלוטיקע ווערטער אויף דער מצבה — אַ געפאַרבטע, גראָבע בלעך אויף צוויי שטאָלענע רעלסן אויפן אָנגעשאָטענעם באַרג אין פּאָלאָנקע:

„שמונה עשר אלף איש עבריים יושבי עיר לוצק שנרצחו בידי רוצחי היטלר" — אכצן טויזנט! צווישן זיי מיין מאַמע, מיינע פיר ברידער און דריי שוועסטער! צי איז שוין טאַקע קיינער נישט פאַרבליבן?!

אַריבערגייענדיק די באַזיליאַנער בריק, האָב איך באַמערקט נאָכן קלויסטער עטלעכע קריסטלעכע פאַרקויפערינס, וואָס האָבן צעלייגט אויף די שטעלן זייערע סחורות. צווישן זיי — איינע גאָר אַ באַקאַנטע: אַ שלאַנקע פרוי מיט אַ מאַטאָוון פנים, מיט טיפע שוואַרצע אויגן אָן שום אויסדרוק, מיט דינע ברעמען און געדיכטע ווּיעס, שוואַרצע געדיכטע האָר, דורכגעוועבטע מיט אַ ברייטן פאַס גרויע, כמעט ווייסע. האָב איך זיך געוואָלט דערמאָנען, ווער איז זי? ווו האָב איך זי געזען? זי האָט באַמערקט ווי איך קוק אויף איר. זי האָט זיך ווי אַ ריס געטאָן צו מיר, נאָר זיך דערמאָנט אין עפּעס און צוריקגעהאַלטן, אַראָפּלאָזנדיק שעמעוודיק די ווּיעס. נאָר איך האָב זיך שוין דערמאָנט. בין איך צוגעגאַנגען צו איר און גאָר שטיל געטאָן אַ שעפּטשע:

— איר האָט מיך נישט דערקענט, באַסקע?

— דערקענט, האָט זי נאָך שטילער געענטפערט. נאָר באַמערקט, ווי די אַרומיקע פאַרקויפערינס קוקן זיך נייגעריק איבער, האָט זי אויסגעלאָזט:

— איר קאָנט אַרויפקומען צו אונדז אין אָוונט... איך וווין...

זי האָט אָנגעגעבן איר אַדרעס.

איך האָב שפּאַצירט ווייטער. דער פּאַקראָווער קלויסטער שטייט גאַנץ, אַנטקעגנאיבער — די חורבות פון דעם צענומענעם הויז פון מיינע עלטערן, ווו איך האָב פאַרבראַכט מיין קינדהייט און יוגנט. די שטוב ביים סאַמע שאָסיי, ווו ס׳האָבן געוווינט מיינע שוועסטער פריידע און רייזל, אויך מיין ברודער בנציון, שטייט נאָך, נאָר די אונטערשטע וואַנט, די בראַנדוואַנט איז איינגעפאַלן און די קיכן שטייען אָפן. (ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער נאַכט פון מיין אָנקומען קיין לויצק איז די וואַנט איינגעפאַלן). אין די וווינונגען הענגען מיין ברודערס טעפּיכער, שטייט זיין מעבל און ניי־מאַשין, אַפילו דער



לויצקער ביים מאַסן קבר אין פּאָלאָנקע

ראַדיאָ. איך האָב דערזען די שרעקעוודיקע און דאָך עזותדיקע בליקן פון די אוקראַינער, וואָס באַלעבאַטעווען אין די וווינונגען, און זיך גיך אָפּגעטראָגן.

אויך די קאַראַאימישע שול, די הילצערנע מיט די הויכע גאַנץ. כמעט אַלע יידישע שטיבער אַרום ליגן אין חורבות. די שמאָלע געסלעך זענען פאַרשיט מיט מיסט, מיט שטיקלעך גלאָז, וואָס שפּיגלען אין זיך די זון־שטראַלן. אַרום איז פּוסט ווי אין אַ מדבר.

אויך די קאַראַימישע שול, די האָלצערנע מיט די הייכע פענצטער, שטייט גאַנץ. אין דער גרויסער שול שטייען נאָר די ווענט, דער דאַך איז צענומען. אויך די שניידער־שול, די „בוקר שול” זענען רויִנירט.

אין מיין געמיט ברומט דער ניגון פון „איכה ישבה”. עס דערמאָנען זיך די שורות פון ביאַליקס „עיר ההריגה” : „די זון האָט געלויכטן און דער שוחט האָט געשאָכטן...”

צוריקוועגס בין איך געגאַנגען מיטן ברעג פון טייך סטיר. פּלוצעם איז מיר אַקעגן געקומען אַ יונגער מענטש, יאָשקע ליבערמאַן, שמולקעס אַ ייִנגערער ברודער. מיר האָבן זיך צעקושט. ער האָט מיר אַריינגעפירט צו זיך אין שטוב און באַקענט מיט זיין פרוי — אַ בלאָנדע דייטשקע, אַ סך עלטער פון אים, און מיט זייער קליין טעכטערל. דאָס ווייב איז אַמאָל זיין ניאַניע געווען, האָט געראַטעוועט זיין לעבן. זי האָט מיך אויפגענומען וואַרעם, גערעדט אַ נישקשהדיקן יידיש און דערציילט אַ סך, אַ סך, וואָס האָט מיך אינטערעסירט פון געטאָלעבן.

מיין מאַמע, דערציילט זי, האָט נישט געוואָלט אַוועקגיין מיט די קינדער. איז געבליבן אין שטוב. דאָ, האָט זי געטענהט, האָט זי אירע פערצן קינדער געבוירן, און דאָ וועט זי שטאַרבן. דעם טויט האָט זי מקבל־פּנים געווען אין איר שוואַרץ סאַמעטן קלייד.

אַדורכגייענדיק דורך קרישטאַלקעס מויער, וועלכן ער האָט מיט אַזויפיל מי און מאַטערניש געבויט פאַר זיין טאָכטער, האָב איך זיך דערמאָנט אין דער פרוי, וואָס איך האָב דערקענט — באַסיע, „באַסקע די משומדת”. איך געדענק זי נאָך פאַר אָט אַזאַ־אָ, אַ חנוודיק מיידעלע מיט לאַנגע צעפּעלעך. פינף שוועסטער זענען זיי געווען. צוויי בלאָנדע און דריי שוואַרצע. מיט דער עלטסטער שוועסטער, חנה מיט לאַנגע בלאָנדע צעפּ און בלויע אויגן, האָב איך זיך געחברט. אַלע שוועסטער האָבן געשפּילט אויף מאַנדאָלינעס און גיטאַרעס. ביי זיי איז שטענדיק פול געווען די שטוב מיט יונגוואַרג, ווי אין אַ קלוב. איין עלטערן ברודער האָבן זיי געהאַט — יחיאל — אַ שוואַרצער, מיט גראָבע מענלעכע נעגער־שטריכן, מיט אַ האַרטן באַסאָווען קול ; ער האָט געזונגען אין שול ביים חזן ראָזמאַרין.



באַסיע קרישטאַלקאָ

באַסיע איז די ייִנגסטע געווען. אויף איר האָבן די יינגלעך נאָך קיין אַכט נישט געלייגט — זי איז נאָך אַ קינד. אָבער אומבאַמערקט איז זי אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ שיין, רייף מיידל, אַ שילערין פונעם 7־טן קלאַס פון דער „פּאָווּשעכנע” שול.

מען פלעגט שעפּטשען, אַז זי שפּאַצירט אַרום ביי ליובאַרטשלאָס מיט קריסטלעכע יינגלעך.



העניע קרישטאַלקאָ

זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ פּוילישן בחור, אַ מוזיקער, וואָס שפּילט אויף אַ סאַקסאָפאָן. אירע עלטערן און שוועסטער האָבן געמאַכט פּרוּוון זי צו באַווירקן, זי זאָל איבעררייסן מיטן „שגץ”, נישט פאַרשעמען די משפּחה. ווייניק זענען פאַראַן יידישע פיינע בחורים ?... ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. דער טאַטע פלעגט זי זידלען, האָט געפּרוּווט זי שלאָגן אויך. די מאַמע איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן און קיין אָרט זיך נישט געפונען. די שטוב איז געוואָרן פאַר באַסקען ווי אַ גיהנום. איינמאָל איז זי נישט געקומען אַהיים נעכטיקן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מאָנאַשקעס פון מאָנאַסטיר באַהאַלטן זי אויס. זיי גרייטן זי צום שמד. מען לערנט זי די קאַטוילישע תּפילות. זי גייט מיט זיי אין קאָשטשיאָל און „מאָדליעט זיך”.

די עלטערע שוועסטער האָבן זיך צוגעאיילט חתונה האָבן. דער טאַטע מיט דער מאַמע האָבן זיך געזעצט שבעה נאָך דער לעבעדיקער טאָכטער, ווי נאָך אַ געשטאָרבענער. אין שטוב איז געווען שטרענג פאַרווערט צו דערמאָנען איר נאָמען.

אַזוי איז אַוועק דער טאָג.

אָוונט, איך קלינג פאַרזיכטיק אָן. הינטער דער טיר דערהערן זיך אייליקע טריט. ס׳עפנט אַ יונגערמאַן — אַ בלאָנדער מיט העלע קעצישע אויגן. לויט דעם, ווי ער באַגעגנט מיך, שטויס איך זיך אָן, אַז ער איז באַסיעס מאַן, אַז זי האָט אים שוין דערציילט וועגן אונדזער באַגעגעניש.

באַסיע האָט זיך אויפגעשטעלט, אַוועקגעלייגט דאָס לעפּעלע, מיט וועלכן זי האָט געהאָדעוועט איר טעכטערל, געמאַכט אַ פּאָר טריט מיר אַנטקעגן און אויסגעשטרעקט די האַנט. זי האָט אַ ביסל לענגער געהאַלטן איר האַנט אין מיינער, ווי זי וואָלט וועלן אויסדריקן איר פריינדלעכע באַציִונג צו מיר. איך האָב באַמערקט : זי איז גענוג בלאַס, די אויגן פול מיט טרויער, די באַוועגונגען ווי געמאָסטענע, פּאַמעלעכע.

— זייט באַקאַנט מיט מיין מאַן און טעכטערל — האָט זי אַ זאָג געטאָן אויף פּויליש.

— זייער אָנגענעם — האָב איך דערלאַנגט איר מאַן די האַנט.

— ווי רופט מען דיך, מיידעלע ? — האָב איך זיך אַ ווענד געטאָן צום העל־בלאָנדן קינד מיט בלויע אייגעלעך, מיט אַ פאַרריסן פּויליש נעזל, וואָס איז שטאַרק געראָטן אין איר טאַטן.

— זאָסיענקאַ, זאָסיענקאַ שטשערבינסקאַ — האָט זי געענטפערט מיט אַ האַרציקן קינדערשן שמייכל.

— ווי הייסט דיין טאַטע, זאָג מיר, זאָסיענקע ?

— מיין טאַטע ? וולאַדיסלאַוו. און די מאַמע — בראָניסלאַוואַ שטשערבינסקאַ — האָט זי געענטפערט מיט שטאָלץ, זייענדיק

צופרידן, וואָס זי האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען.

— וולאַדיסלאַוו, זיי אַזויפיל גוט און לייג דאָס קינד שלאָפן,

— האָט באַסיע אַ בעט געטאָן דעם מאַן — שוין צייט.

דער יונגערמאַן האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט:

— נו, זאָג אַלעמען „דאָבראַנאָץ".

— דאָבראַנאָץ, מאַמושו! — האָט דאָס קינד זיך געזעגנט און אַ שטאַרקן קוש געטאָן דער מאַמען. דער מאַן איז שנעל אַרויס מיטן קינד, האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען, אַז דאָס ווייב וויל בלייבן מיט מיר אַליין.

— הייסט איר גאָר בראָניסלאַוואַ?...

— דאָס איז מיין פוילישער נאָמען. אַזוי האָט מיך אַ נאָמען געגעבן דער קשאָנדז, האָט זי גאָר פּשוט געענטפערט.

— ער איז אייך געוויס צונוץ געקומען דער נאָמען, איר זענט אַדאַנק אים לעבן געבליבן.

— נישט דער נאָמען האָט מיך געראַטעוועט, נישט דאָס וואָס כ'בין אַ פּאָלקע, נאָר מיין שוועסטער הענע.

— כ'פאַרשטיי נישט. ווי קומט אייער שוועסטער אייך צו ראַטעווען? — בין איך געווען פאַרווּנדערט.

— ס'איז געשען אַזוי — האָט זי אָנגעהויבן דערציילן — ס'איז אומגלויבלעך, נאָר אַ פאַקט. אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָב איך מיט מיין מאַן און טעכטערל געוווינט, געוויינלעך, אויסער דעם געטאָ, ווי קריסטן. „געלעבט", אויב מען קאָן דאָס אָנרופן לעבן. מיין מאַן פלעגט פאַרוויילן מיט זיין שפּילן די שיכורע דייטשע אָפיצירן אין רעסטאָראַנען, האָט פאַרדינט און צוגעשטעלט אַלץ וואָס מען דאַרף צום עסן. ס'איז מיר אָבער גאָרנישט אָנגעגאַנגען. אַ גרויס בענקעניש נאָך מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער, וואָס מאַטערן זיך הינטער די ווענט פון געטאָ, האָט גענאָגט מיין האַרץ ווי אַ פּיאַווקע און נישט געלאָזט רוען. די גאַנצע זעקס יאָר, וואָס איך בין געווען אַוועק פון די מייניקע, האָב איך כמעט נאָך זיי נישט געבענקט. מיין מאַן, מיין קינד האָבן מיר געמאַכט פאַרגעסן אין זיי. איך האָב געהאַט אַן אַנדערע סביבה. כ'בין געוואָרן אַ הייסע קאַטאָליטשקע, פון אָנהייב געצוווּנגענערהייט, דערנאָך מיטן גאַנצן האַרצן. אין מיינע תפילות פלעג איך גוט בעטן אויף פאַר זיי, ער זאָל זיי מוחל זיין, וואָס זיי האָבן מיך פאַרטריבן. ס'האָבן זיך פון מיר דערווייטערט אַלע מיינע פריערדיקע באַקאַנטע און קרובים. יעדער מענטש האָט זיך זיין שטאָלץ. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז נישט נאָר איך בין געשטאָרבן פאַר זיי, נאָר אויך זיי — פאַר מיר. נישטאָ שוין קיין וועג צוריק צום פאַרגאַנגענעם... אָבער איצט, ווען זיי ליידן אַזוי שווער און אויסזיכטלאָז, האָב איך נאָך זיי געבענקט. פאַרלוירן מיין רו, נישט געקענט שלאָפן, נישט עסן. איר וועט מיר גלויבן, כ'האָב רחמנות געהאַט אויף אַלע יידן, וואָס בעטן אויף זיך דעם טויט הינטער די ווענט פון געטאָ... כ'פלעג אַלע טאָג גיין אין קאָשטשאָל גאָט בעטן פאַר זיי, נאָר אויך מיינע תפילות האָבן מיר נישט גרינגער געמאַכט. איך האָב געזען ווי די מערדער פירן אַלע טאָג אַרויס פול־געפּאַקטע מאַשינען מיט מענטשן — האַלבע סקעלעטן, מיט גלעזערנע אויגן, ערגעץ ווייט צו פאַרניכטן, און מיין האַרץ האָט שיער נישט געפּלאַצט פאַר ווייטיק. איינמאָל, נאָך אַ גאַנצער נאַכט מאַטערן זיך און איבערטראַכטן, האָב איך פאַרלאָזט מיין שטוב, מאַן און קינד און... אַוועק אין געטאָ אַריין צו מיינע עלטערן. אויב אומקומען איז — מיט זיי צוזאַמען... די עלטערן האָבן מיך אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, ווי כ'וואָלט געקומען פון ערגעץ, פון אַ ווייט לאַנד. מיר האָבן זיך געקושט מיט טרערן אין די אויגן און געשוויגן... נאָר די שוועסטער זענען געווען ברוגז, הלמאי, כ'האָב פאַרלאָזט מיין מאַן און קינד. אָבער זיי האָבן אַזויפיל וואַרעמע געפילן מיר אַרויסגעוויזן, אַזויפיל זאָרג און האַרציקייט, אַז ס'איז מיר שווער געווען אַריבערצוטראָגן.

— ס'איז זיי שווער געווען צו דערקענען, אַזוי מאָגער און אויסגעטריקנט זענען זיי געווען.

— אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען אויך אונדזער ריי. מיינע עלטערן, די שוועסטער, זייערע מענער און קינדער האָבן אָנגעפולט די מאַשין.

— אין דער לעצטער מינוט האָט מיין שוועסטער הענע מיך אַ כאַפּ געטאָן און אַרויפגעשלעפּט אויפן בוידעם. דאָרטן האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע טעג. די אוקראַינישע פּאָליציי האָט גענישטערט אומעטום, ביז זיי האָבן אונדז געפונען און אַריינגעוואָרפן אין אַ פּוסט געוועלב פון ווייסמאַנס מויער, נעבן קלויסטערל. מען האָט אַהין אַריינגעשליידערט נאָך אַ סך מענטשן. דריי מעת לעת — אָן ברויט, אָן אַ טראָפּן וואַסער, אָן פרישער לופט. מיר האָבן געבעטן אויף זיך דעם טויט און מקנא געווען די, וואָס האָבן שוין זייערס איבערגעקומען. אויפן פערטן טאָג האָט מען אונדז אַוועקגעפירט צום אַלגעמיינעם ברידער־קבר. מען האָט באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט און אַרויפלייגן זיך אין אַ ריי אויף די הרוגים, וועלכע זענען קוים פאַרשיט געווען. איך בין געלעגן נעבן מיין שוועסטער הענע אַ האַלב־טויטע, אַ גלייכגילטיקע און דורשטיקע נאָכן טויט, וואָס האָט צו לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן. פּלוצעם האָט זיך מיין הענע אַ הייב געטאָן און ווי נישט מיט אירע כוחות אַ געשריי געטאָן:

— וועמען ווילט איר אומברענגען? דאָ ליגט אַ פּאָלקע, אַ קאַטאָליטשקע. ס'איז געשען אַ טעות. פאַרוואָס קומט איר אומצוקומען?

אויף איר געשריי האָבן די מערדער אָפּגעענטפערט מיט אַ שיכור געלעכטער:

— נו, אַרויס, דו פּאָלקע. מיט דיר וועלן מיר זיך באַזונדער אַ שפּיל טאָן...

— איך בין געבליבן און נישט געוואָלט אַרויסגיין, נאָר הענע האָט מיך מיט די לעצטע כוחות אַרויסגעשטופּט פון גרוב.

— באַלד האָב איך, ווי אין חלום, דערהערט אַ הילכיקן זאַלפּ... מער האָב איך שוין גאָרנישט געזען און געהערט...

זיי האָבן מיך דערמינטערט, מען האָט מיר דערלאַנגט אַ קליידל אָנצוטאָן. איך האָב מעכאַניש געענטפערט אויף די פראַגן, ווער איז מיין מאַן און ווו ער וווינט. ווי לאַנג ס'האָט געדויערט, געדענק איך נישט. איך האָב פאַרלוירן דאָס געפיל פון אָרט און צייט. ווען מיין מאַן מיטן קינד אויף דער האַנט איז שפּעטער געקומען צו לויפן, האָב איך געקוקט אויף זיי, ווי אויף פרעמדע, מיט פולער רעזיגנאַציע און גלייכגילטיקייט...

— ס'זענען שוין אַריבער יאָרן פון דעמאָלט אָן, איך לעב, עס און טרינק, נאָר... כ'האָב פאַרלוירן די לוסט צום לעבן, פאַרלוירן דעם מענטשלעכן שמייכל... פאַרלוירן מיין גלויבן...

רוד פריטל

# בית־החולים היהודי בזמן החיסול הגדול

קשה היה לשער שבית־החולים היהודי שליד בית־הכנסת הגדול ישמש מקלט ליהודים בזמן האקציה הגדולה של הנאצים. בזמן המלחמה הפכו הגרמנים חלק מבית־החולים היהודי לבית־חולים לשבויי המלחמה הרוסים. הרופאים, וכן כל צוות העובדים, היו יהודים. עם היהפכו לבית־חולים לשבויים הועמד האיזור מסביבו תחת פיקוחו ופיקודו הישיר של הצבא הגרמני. לעובדה זאת נהיתה משמעית יוצאת מגדר הרגיל.

ביום שבו החל חיסול הגיטו היהודי בלוצק היה בית־החולים כעין אי סגור ומוגן בים הפורענות. רצה המקרה ואני עם אמי הצלחנו להסתנן לתוך האיזור של בית־החולים הודות לחברתי שיינדלה גלרנטר, פליטה מקונגרס פולין, שעבדה שם כאחות. אין לתאר את הרגשות האנשים שהיו בפנים וראו במו עיניהם איך עשרות מכוניות־משא מלאות גברים, נשים וטף עברו בדרכם האחרונה בקטע שבין בית־הכנסת הגדול לבין הגשר הנידאוי. המכוניות, בחזרן מגיא ההריגה, הובילו בגדים, מזוודות וחבילות של המוצאים להורג. את כל המטלטלים האלה ריכזו הנאצים בערימה גדולה ליד בית־הכנסת. עודני זוכר כיום את הזעקה הגדולה שזעק ד״ר רוזנקראנץ, מנהל בית־החולים היהודי, בהכירו את המזוודות של אשתו. כנראה ניתנה לו הבטחה שכאשת רופא בית־החולים היא תישאר בחיים.

החיסול נמשך והאימה שהשתררה בין היהודים בבית־החולים הלכה וגברה: מי יודע כמה זמן עוד ירפו מאתנו הגרמנים? מחשבה זאת ניקרה במוחם של כל פליטי בית־החולים. שמיעה רדפה שמועה ועצבנות מורטת עצבים השתלטה על כולם. מספר אנשים שהתמיטטו בלעו רעל או הזריקו לעצמם סם מוות. הראשונה ששמה קץ לחייה בדרך זו היתה גברת ד״ר בקשט. אחרי עשותה את המעשה עברה בין כל אלה שהיו שם כשהיא לבושה בגדים חדשים, כאילו לחתונה, נפרדה מכל אחד לחוד בלחיצת יד יבחיבוק. כתום הפרידה נכנסה לאחד הגוף והנפש.

מעשה זה נסך אומץ בלב רבים ללכת בעקבותיה. נסיון של התאבדות עשה גם ד״ר רפפירט ימניה מידן מבית־המרקחת. עוד כיום זוכר אני את פניה — פני אדם שמח שנפטר מעינויי החדרים, שכבה על מיטה, והרעל שפיעפע בגופה שם קץ לחייה. לזמן קצר הצילו אותה, אבל בסופו של דבר מתה ביסורים גדולים (עדותם של ד״ר פינוס ואשתו).

כן זוכר אני, שלפי בקשתה הנמרצת של אמו הזריק ד״ר רוזנשטרום מוולקה, זריקת חסד לאמו על מנת לגאלה. כן עשה זאת מנהל העסקים של קרינשטין (פסח). אחיות אחדות מבית־החולים שנמצאו ברשותן זריקות מורפיום, הלכו גם הן בדרך זו. היו גם גרמנים „טובים״ שבעד כסף רב היו מיכנים לספק ציאן קלי. בשיחות עם אנשי בית־החולים הם עודדו את מעשה ההתאבדות, בציינם שזה הוא הפתרון „ההגיוני״ במצב זה. הם אפילו הבטיחו להקים אחרי המלחמה אנדרטה לזכרם... (מי יכול לבטא את גאוניותו של הגזע הגרמני!).

המחזה היה מחריד. באולם הגדול שכבו על המיטות אנשים וחיכו למוות הגואל. אך לא לכולם שיחק המזל למות מוות שקט. בפרוזדורים התהלכו אחיות ורופאים עם זריקות ביד — מוכנים למעשה המכריע — ואחד שואל את השני: מה בחוץ? האם קיימת עוד תקווה?

פתאום עברה שמועה: ניצלנו!

השמועה המעודדת באה בעקבות תקרית מוזרה באותם ימים. אוקראינים, משרתיהם ועוזריהם של הנאצים בהשמדת היהודים, התקרבו לבית־החולים כדי להוציא את היהודים ולהובילם להשמדה. והנה נתקלו בסירוב מצד החיילים הגרמנים, שלא נתנום להיכנס לשטח בית־החולים, שהוא שטח צבאי מובהק. הרב־סמל הגרמני הצהיר שלא יתן להיכנס לאיש בלי אישור הממונים הצבאיים עליו. היתה זו תופעה גרמנית טיפוסית. מלבד זאת היו כאן גם מניעים אישיים שאותם אסביר בהמשך הדברים.

אור קלוש של תקווה חדר אל היהודים שנמצאו בבית־החולים. המחשבות הופנו בראש וראשונה אל אלה שרק לפני דקות מספר התאבדו. החלה עבודת־הצלה קדחתנית באלה שהרעל עדיין לא הכריע אותם למוות. את ילדיו של האיש שעבד אצל קרונשטין ששתו רעל הצליחו להחזיר לחיים. עוד תקופה ארוכה אחרי זה נתייסרו בעינויים קשים. היה מקרה שמבין שתי האחיות שולץ, התעוררה אחת (הצעירה לאה) עקב פעולת ההצלה. השניה, בוזיה, מתה. בפעולת ההצלה של שתי האחיות לקחו חלק שני ההורים הזקנים שהיו בשטח של בית־החולים. הורים אלה היו גם עדים לפני כן להתאבדותן של בנותיהם. אין לתאר את מחזה מבצע־ההצלה, שהצליח רק בחלקו ואשר יצר מצבים משפחתיים מחרידים.

כפי שאמרתי למעלה, היו לרב־סמל הגרמני נימוקים אישיים ברצונו לשמור על המקום. ידוע לי, שלהנ״ל היתה ידידה יהודיה שעבדה בבית־החולים והיא שהשפיעה עליו להשהות את כניסת האוקראינים והנאצים, כמיבן בהסתמך על נוהגים פורמליים. אבל יש להניח, שסמכותו היתה בכל זאת מוגבלת. לפי דבריו של שפיבק (האדמיניסטרטור של בית־החולים שנשאר בחיים), קיבל הסמל עידוד ממפקד מחנה השבויים (ינבסט שמו), איש בעל רגשות אנישיים ורצון כן לעזור ליהודים. היא שנענה, עוד בתקופת הגיטו, להצעתם של עובדי בית־החולים היהודי לפתוח אגף לשבויי־מלחמה — חולים,

יהוא שעשה את כל המאמצים לשמור על צוות העובדים היהודים במשך כל הזמן (מפי שפיבק).

היה גם מקרה שחיל גרמני הגיע בסירה לתוך שטח בית־החולים והוציא נערה צעירה, פליטה מקונגרס פולין. (רצה הגורל ונפגשתי לפני זמן לא רב עם אשה זאת, שהיא נשואה כיום לבעל יהודי ובנים לה). לפי סיפורה, החזיק אותה החייל הגרמני, מתוך מסירות, עם אחותה בכנסיה הצבאית שבקסרקטין בלוצק עד שנסעו כפולניות לעבודה לגרמניה.

ידוע לי גם על מקרה אחד של בריחה. היה זה שלמה רויטר, שעבר את הגדר והוא אז נער כבן 12. ליווינו אותו עד לגדר בברכות מקרב לב להצלחת המעשה. ופלא בעיני, איך הצליח הנער היהודי הזה להגיע לרומניה ומשם לארץ. פגשתיו בגרעין ההכשרה במעלה־החמישה כשעליתי ארצה. אכן, היה זה פרס לאומץ־לב ולעוז נפש.

עברו כמה ימים, ימי חרדה, תקווה וצפיה לבאות. מחוץ לכותלי בית־החולים השתוללו המרצחים ונמשכה ההשמדה המוחלטת של יהודי לוצק. ואנו בפנים — מלאי צער ודכאון לגורל יקירינו אשר הובלו למוות בידי התליינים.

ואני, עם אמי גיטל מבית אידלמן ז"ל, נתון בתוך גיהנום זה. לא אפריז אם אגיד במלוא האחריות, שבכל התקופה הזו היתה אמי שקטה מתוך רצון והחלטה למות.

„בעולם כזה לא כדאי לחיות. האם אני יותר טובה מאלפי יהודים שנפלו אתמול ונופלים היום?" — אלה היו דבריה ומכאן נבעו שלוותה וקור־רוחה.

אלה הדנים וחוקרים את ההתנהגות הפסיבית של היהודים נוכח מכונת ההשמדה הנאצית ימצאו בהשקפה זו, שנאמרה על־ידי אם יהודיה בעיר ההולכת ומושמדת, את האמת העמוקה המבטאת בלי ספק את הלך רוחם של אלפי אמהות ובנים יהודים.

אחרי כמה ימים שקטה היד המרצחת ודומית מוות השתררה בגיטו. הגרמנים ריכזו את השרידים בגיטו הקטן, בשטח שהשתרע בין גשר הנידאוי הראשון והשני.

לפי דבריו של שפיבק, נשארו בבית־החולים אחרי החיסול הגדול 60 איש. במשך הסתיו נערכו 3 סלקציות. כל הזמן לחצו הנאצים על מפקד מחנה השבויים יובסט להקטין את רשימת האנשים הנחוצים לו לקיים את השירותים, אולם הוא עשה הכל כדי להשהות את חיסולם של עובדיו.

לפי עדותו של שפיבק, התנפל באחת הסלקציות יהודי לוצקאי, קצב לפי מקצועו, על קצין־המשטרה בוך, בזמן שעבר בחדרי בית־החולים כדי לבדוק אם אין מסתתרים שם יהודים, וריסק את ראשו של הגרמני בגרזן.

אחרונים נשארו ד"ר רוזנקרנץ והאחות סימה, שפיבק ואשתו וידידתו של הסמל ואחותה. ד"ר רוזנקרנץ ניסה לברוח יחד עם סימה, אבל למחרת נתפסו במקום מחבואם. כן חוסלו שתי האחיות. שפיבק ואשתו הצליחו להימלט בעוד מועד.

מעלה החמישה, 1960

אשר גולדנברג / ישראל

# שני בחורים מארגנים פרטיזנקה

שנת 1941. גמר שנת־הלימודים האחרונה שלי ופרוץ מלחמת גרמניה־רוסיה. מלוצק בורחים הרבה אנשים לגבול המזרחי יחד עם הרוסים. כעבור יממיים־שלושה של ויכוחים ערים בין הורי ז״ל, מגיעים לידי החלטה — לפי השמיעות שהגיעו אלינו מהחלק השני של פולין שנכבש ע״י הגרמנים, על יחסם אל היהודים ואל הגברים בפרט, — כי על אבא ועלי לברוח עם הרוסים. לרשותנו שני זוגות אופניים, אולם החלטה גורלית כזאת אינה מתבצעת על פי המוסכם מראש. הפרידה קשה, וכך עוברים עוד יום יומיים — ואיחרנו את המועד. הגרמנים נמצאים כבר הרחק מזרחה מלוצק. דרך הבריחה סגורה. הגרמנים כובשים את החלק המזרחי של פולין, וכעבור זמן קצר לאחר כניסתם ללוצק נכלאים יהודי העיר בגיטו. בריכוז כזה יש לגרמנים כוח לפעול. הם עושים בגיטו כבתוך שלהם בידיעה ברורה כי גורל האוכלוסיה, לחיים ולמוות, נתון בידיהם. סימני שליטה זאת ניכרים מיד. לפי פקודתם נוצר „יודנראט״, שמתפקידו לשמש ספק של כוח־עבודה יהודי חינם, מכשיר לסחיטת כספים, ובבוא העת — גם ממציא קרבנות לסיפוק האינסטינקטים השפלים של ה„גזע העליון״.

מדי פעם מופיעים אנשי ס.ס., תופסים יהודים מכל הבא ליד — בעיקר גברים — משלחים אותם למקומות שמהם אין חוזרים עוד. כעבור זמן קצר מופיע קצין ס.ס. בדרגת אובר־שרפיהרר בשם פיירטג, וגם הוא תופס גברים — אולם בוחר במיוחד את הגיל הצעיר, ומייסד את מחנה הריכוז בלוצק, בסמינר הקתולי הפולני לשעבר. משפחות רבות נשארות ללא אבות ואחים כבר בחדש הראשון לכיבוש. הבהלה והפחד שוררים בכל הגיטו.

הייתי בין ראשוני העצורים במחנה הריכוז.

גדלתי בבית שהיה חדור רוח ציונית עמוקה ובפי כל בני הבית, חמישה ילדים וההורים, היתה העברית שגורה. אבי ז״ל היה ציוני פעיל, וזכורני ששנים מעטות לפני פרוץ המלחמה התחיל לחסל את עסקיו בפולין על מנת לעלות ארצה. אולם מתוך סיבות בלתי ידועות לי נתבטלה עלייתנו.

כמשפחתנו — היו משפחות רבות בלוצק.

והצעירים היהודים — במצב אחר היו בוודאי יכולים לעמוד על נפשם וכבודם, כפי שקרה לא פעם בפולין שלפני המלחמה. אולם לא היתה כל אפשרות כזאת בימי הגרמנים, ומסיבות שונות. ראשית כל — פעולות הדיכוי התכופות שבאו על הגיטו היהודי: דלדול מספר הגברים ע״י הוצאתם ושליחתם למקומות בלתי ידועים, ובמיוחד האוכלוסיה העויינת שמסביב לגיטו. בתנאים אלה לא היתה כל אפשרות לדבר על התארגנות כלשהי. ומלבד זאת, אי הוודאות ביחס לכוונת הגרמנים אל היהודים, ובפרט שאי אפשר היה להעלות על הדעת חיסול טוטאלי, דבר שכמוהו לא נשמע מעולם. כל אלה היו גורם לא מבוטל למה שקרה בהמשך הזמן.

כשנלקחתי למחנה הייתי בן 17 שנה. אתי יחד היו שני חברי מביה״ס — אברהם חזן ויאשה גלמיץ. גרנו יחד במחנה — עבדנו יחד ופעלנו יד אחת. העבודה היתה מחוץ למחנה. תעשיה לא היתה בלוצק, ובמידה שהיתה, כגון בי״ח לנרות, עבדו שם פועלים מקצועיים בלבד. לנו, עובדי עבודות־חוץ שונות, הזדמן מדי פעם לפעם להסתנן לתוך הגיטו לשעות מספר, להכניס כמויות מצומצמות של מזון שאפשר היה להשיגו ביתר קלות מחוץ לגיטו. ובכך גם קיימנו את הקשר בין הגיטו למחנה.

במחנה התנהלו החיים בפחד מתמיד החל משעות הבוקר המוקדמות, שבהן נערך המיסדר הכללי שלפני היציאה לעבודה שנמשך כשעתיים בכל מזג אוויר שהוא. האוברשרפיהרר עם עוזריו היו יוצאים לבקורת לחצי שעה — זמן קצר באופן יחסי, אולם מספיק בהחלט בשביל להפיל חיתתם הלכה למעשה ע״י מכות אכזריות בכל הבא ליד ללא כל אבחנה. זכורני גם שני מקרים שבהם הוצאו מהמיסדר אנשים, נצטוו לחפור בורות סמוך לגדר המחנה, ולאחר מכן נורו והושלכו לבורות לעיני כל המחנה. גם במשך היום, במחנה, לא חסרו תקריות ופעולות דיכוי. כך נמשכו החיים במחנה עד אביב 1942. באותו זמן הועברה הנהגת המחנה לידי איש ס.ד., אוברלויטננט, ופיירטג ועוזריו עזבו. הורגשה הקלה מסויימת בחיי המחנה, אולם תקופה זו לא ארכה והמחנה הוחזר לידי הס.ס., לקצין בדרגת אובר־שטורמפיהרר, והלויטננט עם קבוצה של כמאתיים איש, ביניהם גלמיץ, חזן ואני, עברנו לכפר אוקראיני, לברוב, במרחק כ־20 ק״מ מלוצק. במקום זה מצאנו מחנה מגודר גדר־תיל עם צריפי מגורים בשביל קבוצתנו. השמירה עלינו בלברוב היתה רפויה יותר וזה מתוך הסתמכותם של הגרמנים על האוכלוסיה האוקראינית הטהורה ויחסם העוין כלפינו. למרות זאת קרו מקרי בריחה בודדים חזרה לגיטו.

באחד הימים, בשעות בין הערביים, עמדתי ביחד עם חזן על יד הלויטננט שהורה לנו להסביר איך לבצע עבודה מס.יימת למחרת היום. בעמדנו כך הבחנו בשתי דמויות רצות מעבר השני של המחנה, במרחק של כ־15 מטרים מאתנו. גם הלויטננט הבחין בכך. הוציא אקדחו וכיוונו לעבר הבורחים. בהיותי קרוב אליו הסטתי ידו בחזקה בעת שלחץ על ההדק, והיריה נורתה ללא כיוון. עשיתי זאת מתוך דחף פנימי חזק שלא יכולתי להתגבר עליו, ורק לאחר המעשה עמדתי על הסכנה שבדבר. ברור שכל תשומת לבו של הגרמני הופנתה אלי. מבלי שיתפוס כנראה ברגע הראשון מה קרה ואיך זה העזתי, עמד שניות ספורות נדהם. חושבני שלא הרגני במקום רק משום שנדהם ברגע הראשון, ואח״כ החליט כנראה לעשות מענין הוצאתי להורג הצגת־ראווה גדולה. הוא ציווה עלי להיכנס לצריף ולחכות לו. נכנסתי לצריף, אולם לא חכיתי לו אלא הסתלקתי מיד. התרחקתי מתחום המחנה והתרחקתי ממנו קילומטרים מספר. אותו לילה לנתי בשדות ולפנות בוקר המשכתי ללוצק וחזרתי לגיטו. עוד תקופה ארוכה חיפשו אחרי גם בתחומי הגיטו.

המצב היה בכי רע. התהלכו שמועות כי הגרמנים עומדים לחסל את הגיטו (ואמנם שמועות אלה נתאמתו לאחר זמן קצר),

לישן אופן, מ'האָט פון זיי אַראָפּגעריסן דאָס אָנטאָן ביז נאַקעט און באַגראָבן אין דעם ראָוו ביים וועג.

איך האָב נישט געוווסט פון גאָרנישט. אויפן צווייטן טאָג אין אָוונט האָב איך באַקומען דאָס געלט (די פאָנדן זענען גע־קומען פון ראָזשישטש, ווו ס'האָט אָרגאַניזירט דאָס פינאַנסירן די דאָזיקע פּאַרטיזאַנקע — קאָלעקטיוו מיט אוקראַינער ביכאַ — אַ געוויסער ד"ר פריט, אַ טשעכישער ייִד, וועלכער האָט געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן) און זיך געלאָזן צום באַשטימטן דאָרף, דאָרט האָב איך אויסגעפּילט דעם באַפעל. נאָך דריי וואָכן בין איך „פאַרשיט" געוואָרן און מ'האָט מיך געפירט צום טויט. בעת אַן אַפּרו האָט זיך מיר איינגעגעבן צו אַנטלויפן. כ'האָב זיך אומגעקערט צו מיין באַהעלטעניש, גענומען דאָרט מיין נאַגאַן און זיך אומגעקערט קיין וואַראַטנאַוו, צו אַ פּאַרנאַל ביים הויף. יענער האָט מיך אַרויסגעפירט אונטער היי אויף אַ פור קיין קיווערצע, אין וואַלד אַריין, צו דער אַזוי גערופענער סמאַליאַרנע, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר כאַטעס, פּאַרלאָזענע פון פּאָליאַקן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פאַר באַנדעראָווצעס. אויפן דריטן טאָג האָט מיר דער זעלבער פּאַרנאַל געבראַכט לעבנס־מיטל. אין דעם באַשטימטן טאָג האָב איך אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און דערזען אים אין דער באַגלייטונג פון אַ צווייטן מאַנספּאַרשוין. דערזעענדיק מיך, האָבן זיי מיר אָנגעהויבן געבן עפּעס צייכנס, איך האָב אָבער נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן און בין אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. דעמאָלט האָב איך דערזען אָנקומען פון דער צווייטער זייט אַ פּוילישן מיליציאַנט, ער האָט געהייסן ליעשניעווסקי. ער איז צוגעקומען צו מיר, זיך געפרעגט ווער איך בין און וואָס איך טו דאָ. כ'האָב געזאָגט, אַז איך בין אַ פּוילישער לערער, אַז איך אַנטלויף פאַר די באַנדעראָווצעס און אַז כ'האָב אַ ביסל סאַכאַרין, וואָס איך וויל טאַקע פאַרקויפן אָט די מענטשן. ער האָט מיר געגלייבט און איז אַוועק ווייטער. אָבער אַ ביסל שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט און מיך געהייסן זיך אויסלעגיטימירן. מיטן אויסרייד, אַז איך האָב די לעגיטימאַציע אין שטוב בין איך אַריינגעגאַנגען און דורך איינעם פון די הינטערשטע פענצטער אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין.

כ'האָב באַשלאָסן לאָזן זיך קיין לויצק. אין וועג האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ פּאַרטיע האָלצהעקער, געהיטע פון דייטשן, וועלכע האָבן גענומען מיר נאָכשיסן. זיי זענען מיר נאָכגעלאָפן גענוג לאַנג, אָבער סוף־כל־סוף האָט זיך מיר איינגעגעבן אַנט־רינען. איך האָב זיך אַרויפבאַקומען אויפן שאָסיי. בין דערגאַנגען ביז צום דאָרף זשאַבקי, וואָס איז באַוווינט פון פּאָליאַקן. דאָרט האָב איך ביים באַלעבאָס מאַלינאָווסקי איבערגעלאָזט מיינע זאַכן און געבעטן ביי אים אַלטע לאַכעס מיטן אויסרייד, אַז איך האָב אויסצופירן ווי אַ פּאָליאַק אַ געוויסע אויפגאַבע, צוליב וועלכער איך מוז אַזוי זיין אָנגעטאָן. אָן איבערגעטוענער פאַר אַ בעטלער בין איך געקומען צום לויצקער שלאַבאַן פון דער באַן. אָבער דאָרט האָט מען אַלע לעגיטימירט. האָב איך דעריבער באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין וואַראַטנאַוו און ווידער אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער. אין דאָרף האָבן מיך געפּאַקט וולאַסאָווצעס. זיי האָבן אַראָפּגעשלעפּט פון מיר די שיך און מיך אַוועקגעפירט אין הויף אַריין.

קיין ייִדן זענען דאָרט שוין נישט געווען. אַלע זענען שוין געווען אומגעבראַכט. איצט האָט מען די ייִדן, וועלכע מען האָט געכאַפּט, צוגעשטעלט אין הויף אַריין, ווו מען האָט זיי ליקווי־דירט. איך האָב איינגעזען, אַז איך ריזיקיר שוין נישט מיט גאָרנישט, איז ווען מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דורך אַ וועלדל, בערך 300—400 מעטער פון הויף, בין איך פּלוצעם אַריינגע־שפּרונגען אין דאָזיקן וועלדל. דאָס איז געווען פאַר זיי אומדער־וואַרט. איידער זיי האָבן זיך אָריענטירט און גענומען שיסן, האָט זיך מיר איינגעגעבן אַנטלויפן.

ביינאַכט בין איך אַרויס פון וואַלד און דראָענדיק מיט געווער האָב איך ביי איינעם אַ פּויער צוגענומען אַ פּאָר שטיוול. כ'האָב זיך ווידער געלאָזט קיין לויצק. דאָס מאָל האָט זיך עס מיר איינגעגעבן. כ'בין געגאַנגען צו אַ באַקאַנטער סאַניטאַרין און זי געבעטן, זי זאָל צו וויסן געבן ד"ר פריטן, אַז אין אַ געוויסן אָפּגערעדטן אָרט וועל איך וואַרטן אויף ידיעות. דערנאָך בין איך אַוועק אויף אַ פאַרשטאָט. דאָרט האָב איך זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם פון איינער אַ כאַטע, וואָס איך האָב מיר שוין געהאַט אַמאָל אויסגעקוקט. אַרויסגיין פלעג איך בלויז אין מאָל דורך עטלעכע טעג און זיך איינשאַפן לעבנסמיטלען מיט געווער אין האַנט.

ערשט אין דריי וואָכן אַרום האָב איך אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט ד"ר פריט. כ'האָב זיך צוגעשטעלט אויפן אָפּגערעדטן אָרט ביי אַ געוויסן גערטנער מיטן נאָמען קאַראַליק, אויפן קיווערצער שאָסיי. דאָרט האָב איך זיך אויסגעבאָדן, איבערגעטאָן, עפּעס אָפּגעגעסן און איבערגענעכטיקט. אויף מאָרגן האָב איך זיך געלאָזט גיין מיט ביכאַן און קאַראַליקס טאָכטער צו אַ פּויער, ווו כ'האָב זיך באַגעגנט מיט ד"ר פריט. ער האָט מיך אַוועק־געפירט אין אַ וועלדל, צו אונדזערן אַ פאַרבינדלער. אַהין איז צו מיר געקומען אַ גרופּע פון 20 פּאַרטיזאַנער, צווישן זיי פינף ייִדן (מישקא עדעקשטיין איז שפּעטער אומגעקומען ווי אַ העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, באַערדיקט אויף אַ חשובן אָרט אין שטאָטישן פּאַרק אין ראָוונע; דעם צווייטן קען איך נאָר לויט זיין פּסעוו־דאָנים „וויערני", שפּעטער פינף מאָל אויסגעצייכנט; ראַבינאָ־וויטש, פיר מאָל אויסגעצייכנט, איז אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל; כוצעליעווסקי, וועלכער איז אַריבער דעם בוג אין די לובלינער וועלדער; און יצחק הימלפאַרב, דער אייגנטימער פון אַ טאַרטאַק אין כעלם). מיט אונדזער גרופּע האָט אָנגעפירט אַ טאָטער, פּראָפּאַרשטשיק איבראַהימאָוו.

שוין אויף דער צווייטער נאַכט האָבן מיר אויפגעריסן אַ צוג נאָענט צו ראָזשישטש. אין דריי נעכט שפּעטער האָבן מיר אויפגעריסן אַ צווייטן צוג אויף דער ליניע קאָוועל—סאַרנע. די רעזולטאַטן: ביים ערשטן אויפרייס — דער לאָקאָמאָטיוו און זעקס וואַגאָנען פולשטענדיק צעשעדיקט; ביים צווייטן — דריי וואַגאָנען מיט לעבנסמיטל.

נאָך דעם האָבן מיר זיך אומגעקערט אין וואַלד. וואָס שייך מיר, האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געפונען אויף אַ פּאַרטיזאַ־נישער טעריטאָריע. דאָס איז געווען אַ דרייסיק קילאָמעטער פון שטעטל מאַניעוויטש. איך האָב דעמאָלט אויסגעזען אַזוי, אַז ווען מיר האָבן אין דאָרף באַראַזשניצא איבערגענעכטיקט ביים פּויער פּאַלאַשוק, האָט ער פאַר אַלע אויסגעבעט אויף דער ערד, און מיר געגעבן אַ בעט. ווען מ'האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער טיילט מיך אַזוי אויס, האָט ער געענטפערט, אַז אַ מענטש נאָך די זעכציקער דאַרף נישט שלאָפן אויף דער ערד, און איך בין דעמאָלט אַלט געווען נישט קיין פולע זיבן און דרייסיק יאָר.

אין וואַלד, אין וועלכן ס'איז געווען דער לאַגער פון מיין

פּאַרטיזאַנקע (אַ פּאַראייניקונג פון העלדן פון ראַטנפּאַרבאַנד פון דעם פּאָלקאָווניק ברינסקי, וואַרשיינלעך אויך אַ ייד), בין איך גלייך דעם ערשטן טאָג געוואָרן איפּמערקזאַם אויף אַ פּרעכטיק איינגעאָרדנטן צווינטער. דאָס איז געווען דער צווינטער פון די געפאַלענע פּאַרטיזאַנער. מער ווי אַ העלפט פון די נעמען זענען געווען יידישע.

איך האָב געאַרבעט ווי אַ דאָקטאָר פון אַ בריגאַדע. אויסער מיר זענען אויף אַ נישט גרויסן אָפּשניט געווען עטלעכע יידישע דאָקטוירים: ד״ר מעלכיאר פון הינטער ראַדאָם, ד״ר קורץ פון טאָרטשין (נעבן לויצק), ד״ר מערמעלשטיין פון קאָוועל. אַ ביסל ווייטער, אין אַנדערע פּאַראייניקונגען (שפּעטער האָבן זיי זיך פּאַראייניקט מיט אונדז), זענען אויך געווען יידישע דאָקטוירים: ד״ר ערליך פון האָראָכאָוו אויף וואָלין, ד״ר מאַריאַן פּאָזנאַנסקי מיט דער פרוי — אַן אַפּטייקערין פון לאָדזש, ד״ר איסלער העגריק פון מזרח־גאַליציע מיט דער פרוי אַ סאַניטאַרין און פּראָפ. ד״ר יוזעף פּאַרנאַס, היינט פּראָפעסאָר מיקראָביאָלאָגיע אויפן אוניווערסיטעט אין לובלין.

אין וואַלד איז אויף יעדע דריי קילאָמעטער מער־ווייניקער געשטאַנען אַן אָפּטייל פון 250—530 פּערזאָן. צוויי אַזעלכע אָפּטיילן, וואָס זענען מיט זיך אין שכנות, האָבן געבילדעט אַ בריגאַדע, וועלכע איז באַזאָרגט צום ווייניקסטן מיט איין אַרויסשיק־ און אויפנעם־אַנטענע. ס׳איז געווען אַ באָד, אַ בעקעריי, אַ קיך, פערדשטאַלן, קישטאַלן, חזיר־שטאַלן, מאַגאַזינען ביי יעדן אָפּטייל. מיר האָבן געוווינט אין ערדשטיבלעך. דער שטאַב האָט געהאַט זיין באַזונדערע שטוב. חוץ דעם איז געווען אַ שפּיטאָלעכל. ס׳זענען אויך געווען פלי־פּלעצער, ווו ס׳האָבן געלאַנדעט סאָוויעטישע אַעראָפּלאַנען, וועלכע האָבן אונדז געבראַכט פאַרשידענע נייטיקע זאַכן, און נישט איין מאָל האָבן זיי פאַרנומען מיט זיך שווער פאַרוווּנדעטע.

דאָרט, ווו ס׳זענען נישט געווען קיין פלי־פּלעצער, פלעגן מיט פּאַראַשוטן אַראָפּגעוואָרפן ווערן סיי פּעקלעך, סיי מענטשן.

ווי איך האָב שוין געזאָגט, בין איך געווען אַ דאָקטאָר פון אַ בריגאַדע, נאָר חוץ דעם פלעג איך גיין אויף דיווערסיעס. כ׳פלעג אויך רייטנדיק באַזוכן די דערפער, ווו ס׳האָבן פּאַטרולירט אונדזערע וואַכפּאָסטנס. מיר האָבן כסדר געפירט קאַמפן מיט די באַנדעס באַנדעראָווצעס, וואָס פלעגן אונדז איבערפאַלן.

איינמאָל, הינטער סערכאָוו, בין איך צוזאַמען מיט זעקס חברים באַפאַלן געוואָרן פון אַ פיל שטאַרקערן אָפּטייל באַנדעראָווצעס. מיר האָבן געקעמפט פאַרביסן און לסוף זענען יענע אָפּגעטראָטן. אָבער איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן.

דעמאָלט זענען געווען מיט מיר נאָך צוויי יידן (פידלער און בוך).

אַזוי האָבן מיר געקעמפט מיט דיווערסיע ביז דער העלפט נאָוועמבער 1943. צו דער צייט האָט זיך גענומען דערנענטערן די רויטע אַרמיי. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל אָנצוגרייפן אין רוקן פון דער דייטשער אַרמיי. מיר האָבן באַזיצט אַלע מינים וואָפן, חוץ טאַנקען און עראָפּלאַנען. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע תקופה. דעם שטאַרקסטן קאַמף האָבן מיר געפירט מיט די דייטשן הינטער צומאַן. איך, ווי אַ קאָמאַנדיר פון 600 מענטשן, האָב געהאַט די אויפגאַבע צו היטן דעם וועג פון צומאַן קיין דראָזשנע און נישט דערלאָזן, אַז פון דאָרט זאָל קומען הילף פאַר די דייטשן. די דייטשן האָבן אונדז באַמערקט און געעפנט אַ גיהנומדיק פייער. פונדעסטוועגן האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו צווינגען זיי אַנטשוויגן צו ווערן. די דייטשן האָבן פאַרלאָזט צומאַן אין בהלה.

אין דאָזיקן קאַמף האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אַ ייד מיטן נאָמען „מאַמציע״ און אַ צווייטער „מאַלינקי״. מיר האָבן אַזוי געקעמפט ביזן 2־טן פעברואַר 1944, ווען די רויטע אַרמיי איז אַריין קיין ראָוונע, און אין עטלעכע שעה אַרום האָבן מיר זיך דאָרטן געפונען. צוויי טעג שפּעטער האָט די רויטע אַרמיי באַפרייט לויצק.

(אַרכיוו פון וואַרשעווער יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט)

יוסף ראָזענפעלד

# יידישע פּאַרטיזאַנער אין לויצקער געגנט

די גרויסע שול־וואַקאַציעס האָב איך פאַרבראַכט ביי מיין טאַטן אין דעם שטעטל קאָלק, נישט ווייט פון לויצק. מיין טאַטע האָט געאַרבעט אין אַן אַפּטייק. אין יאָר 1939 איז ער געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן אונדזער אַפּטייק אין טאָרטשין און זיך באַזעצן, לויט אַ באַפעל פון דער סאָוויעטישער מאַכט, אין קאָלק.

מיין משפּחה איז פאַרבליבן אין טאָרטשין.

אין איינעם אַ שיינעם יוני־פרימאָרגן האָט אונדז אַרויסגעריסן פון די בעטן אַ כוואַליע אויפרייסן. מיר זענען אַרויס אין גאַס. ס׳איז געווען 5 אַזייגער. די גאַסן זענען פול געווען מיט מענטשן. באַלד איז אונדז קלאָר געוואָרן: אַנטלויפנדיק סאָוויעטיש מיליטער איז אָנגעקומען קיין קאָלק. הייסט עס — מלחמה!

די געשעענישן האָבן זיך אויפגעוויקלט מיט אַ שווינדלענדיקער שנעלקייט. די ערשטע מאָטאָציקלען פונעם „רייכס״־מיליטער זענען אַהער אַריין, עס הייבן אָן ווילדעווען די אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטן. דאָ און דאָרט דערציילט מען וועגן ערשטע יידישע קרבנות.

דער אוקראַאינישער פּאָרזיצער פון שטאָטראַט האָט באַפוילן מיין טאַטן פאָרצוזעצן זיין אַרבעט און אים אַפילו צוגעזאָגט זיין שוץ.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר אָנגעהויבן זיך באַמיען

וועגן אומקערן זיך קיין טאַרטשין. ס׳זענען אַריבער דריי וואָכן און אונדזער בקשה איז באַגיטיקט געוואָרן מצד דעם פאַר־וואַלטער פון די אַפּטייקן — אַ קריסט, וואָס האָט געקענט מיין טאַטן שוין פון לאַנגע יאָרן.

נאָך אַ סך וואָגלענישן זענען מיר אָנגעקומען קיין טאַרטשין. אַ שטילשווייגעניש, ווי אויף אַ בית־עלמין. דאָס איז אונדזער ערשטע שפּירונג. דאָ און דאָרטן זעט מען אַ באַקאַנטן שנעל פאַרביילויפן די גאַס. די גאַסן פּאַטרולירן אוקראַאינישע פּאָלי־ציאַנטן, צווישן זיי אַ סך יונגע, וואָס האָבן געלערנט מיט מיר צוזאַמען, — פאַרשטייט זיך, אַז איצט דערקענען זיי מיך נישט.

לויפנדיק ממש קומען מיר צו אונדזער שטוב. שומי באַ־געגנט אונדז מיט טרערן: מיין ברודער לייב איז נישטאָ — מען האָט אים פאַרנומען מיט אַ סך יוגנטלעכע — זיי האָבן זיך שוין נישט אומגעקערט.

אויפן צווייטן טאָג האָט זיך דער טאַטע צוריק גענומען צו דער אַרבעט אין אַפּטייק, און איך בין אַוועק אַרבעטן ביים שאָסיי מיט נאָך עטלעכע טאַרטשינער יוגנטלעכע.

דאָס זענען געווען די טעג פון די גרויסע דייטשע נצחו־נות. די אוקראַאינער ווילדעווען אין שטאָט. ס׳איז נישטאָ כמעט קיין טאָג, אין וועלכן ס׳זאָלן נישט פאַלן קיין קרבנות.

ס׳דערגרייכן אונדז קלאַנגען פון לויצק, אַז מען האָט די יידן פאַרשפּאַרט אין אַ געטאָ. אין דער זעלבער צייט קומט צו אונדז די מומע טאַניע (די פרוי פון דעם פאָטאָגראַף אקס) מיט די קינדער פון לויצק. יאָ, די קלאַנגען זענען געווען ריכטיקע.

וואָס ס׳איז געשען אין לויצק, האָט נישט פאַרשפּעטיקט צו קומען אויך אין טאַרטשין.

מיט דער טרייער הילף פון די אוקראַאינער האָט זיך די דייטשן איינגעגעבן אין משך פון דריי שעה אויפצושטעלן דאָס געטאָ אין טאַרטשין. אין יענעם טאָג זענען געפאַלן 11 קרבנות.

ביי אונדז אין שטוב, וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ, האָבן געוווינט דריי משפחות: מיין מומע טאַניע מיט די קינ־דער, די משפחה קאַץ און מיר. אונדזער געטאָ האָט זיך נישט אונטערגעשיידט פון אַנדערע געטאָס — אַ יודענראַט מיט יידישע פּאָליציאַנטן, הונגער, נויט און קראַנקייטן, אַן מינדעסטן שאָטן פון האָפענונג.

אויף דער שוועל פון יאוש האָבן אַ סך יוגנטלעכע אָנגע־הויבן צוטראַכטן די פאַרשידנסטע פּלענער.

ס׳האָבן גענומען אָנקומען צו אונדז ידיעות וועגן דער אַלגעמיינער אויסראָטונג פון די יידן. ס׳איז שווער געווען דערין צו גלייבן, פונדעסטוועגן האָבן מיר עטלעכע יוגנטלעכע באַ־שלאָסן אָנצוהייבן גאָר אינגיכן עפּעס צו טאָן.

מען האָט זיך פאַרבונדן מיט איינעם אַ קריסט פון טאַרטשין, וועלכער האָט איינגעשטימט אונדז צו העלפן אין אַ סך זאַכן. דאָ שטרייך איך אונטער: פאַר קיין שום באַלוינונג. דער דאָזיקער מענטש לעבט נאָך ביז היינט אין טאַרטשין, און צוליב פאַרשידענע סיבות פאַרעפנטלעך איך נישט זיין נאָמען.

מיר האָבן געגראָבן זיך אַ בונקער אויסערן געטאָ (די גאַנצע אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן אַ 150 מעטער פון דער פּאָליציי). מיט גרויס מי האָבן מיר זיך איינגעשאַפן די ערשטע צוויי רעוואָלווערן און אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן.

מיר זענען געווען עטלעכע יוגנטלעכע, וועלכע זענען אַלע געבליבן לעבן. דאָס זענען: יצחק אַליייניק, אהרון קאַטקו, שיקע ראָזנגאַרטן, יעקב קאַלאַניצקי, שמעון טרעגער — אַלע אין די פאַראייניקטע שטאַטן; בעליק קאַטקו און יוסף ראָזנפעלד, וועלכע געפינען זיך אין ישראל.

דעם בונקער האָבן מיר געמאַכט אויפן פּלאַץ, ווו ס׳איז אַמאָל געשטאַנען אַ ריי געוועלבער, און פאַר דער צייט פון די סאָוויעטן איז אין זיי געווען אַרטעלן פון אַלע מינים באַלע־מלאָכעס. פאַר דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן די דאָזיקע געוועלבער מיט די יידישע פאַכלייט צוגעשטעלט די דייטשן און אוקראַאינער אַלערליי אַרטיקלען. אין איינעם פון די געוועלבער איז געווען אַ שוסטער־וואַרשטאַט, אין וועלכן ס׳האָבן געאַרבעט אהרן קאַטקו און נאָך עטלעכע בחורים. זיי פלעגן זאָרגן, אַז דער פוראַזש פאַר דעם „קאָמענדאַנטס" האַלבן טוץ פערד זאָל זיין אין אָרדענונג. דאָס איז אויך געווען די סיבה, וואָס קאַטקו פלעגט נישט איינמאָל „עולה" זיין צום זאָנדערפירער.

ווען ס׳האָבן זיך פאַרמערט די קלאַנגען וועגן דער ליקווי־דאַציע פון די געטאָס אין דער געגנט, האָבן מיר אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ באַהעלטעניש פאַר אונדז. אונדז איז צום בעסטן געפעלן דווקא דער פּלאַץ פון די געוועלבער אויסערן געטאָ. ס׳האָט אונדז אויך געלאָקט דער קליינער אָפּשטאַנד פון דער פּאָליציי: מיר האָבן געוווּסט, אַז אַרום דער פּאָליציי וועט מען שטאַרק נישט זוכן.

צווישן אונדז איז געווען אַ „מומחה" אויף בונקערס — שיקע ראָזנגאַרטן.

דעמאָלט האָט מען עס נישט גערופן בונקער, נאָר גרובן.

מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן אונטער דעם שוסטער־וואַר־שטאַט אין דער ריכטונג פונעם הויף. ס׳איז איבעריק צו דער־ציילן מיט וויפל כוחות און מי מיר האָבן געגראָבן אונדזער בונקער. מיר האָבן געמוזט צעשפּרייטן די אויסגעגראָבענע ערד אַזוי, אַז קיינער זאָל עס נישט באַמערקן. כ׳האָב אַריינ־געצויגן אַן עלעקטרישע ליניע אין דעם גרובן, אַזוי אַז מיר האָבן נישט איבערגעריסן די אַרבעט אַפילו ביינאַכט. יעדער איינער פון אונדז האָט געאַרבעט עטלעכע מינוט און איז גע־צוווּנגען געווען אַרויפצוגיין איבערכאַפּן דעם אָטעם. מיר זענען געגאַנגען פאָרויס, אַ צענטימעטער נאָך אַ צענטימעטער, ביז ענדלעך האָט זיך אונדז איינגעגעבן ענדיקן די אַרבעט.

דער גרובן איז געווען פאַרטיק. ערשט האָט געפעלט דער עיקר — דער אַרויסגאַנג. דאָס אָרט, פון וואַנען מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן, האָבן מיר צוריק פאַרמאַכט, אָן שום שפּורן. די אַרויסגאַנג־טיר איז געווען עטלעכע מעטער פונעם געוועלב אויפן הויף. לויט שיקעס פאַרשלאָג האָבן מיר אַוועקגעשטעלט פּינקטלעך איבער דער אַרויסגאַנג־טיר אַ קלאָזעט מיט פאַר־באַרגענע טירן, אַזוי, אַז מען האָט געקאָנט אַרויסגיין פון בונקער און אַריינגיין, אַפילו ווען דער קלאָזעט וועט זיין אין באַנוץ.

נאָכדעם ווי מיר אַלע זענען אַריין אין בונקער, ווען דאָס געטאָ איז שוין געווען גענצלעך ליקווידירט, האָבן דאָס אָרט אין די געוועלבער פאַרנומען עטלעכע אוקראַאינישע באַלמעלאָ־כעס. מיר זענען געזעסן אינעווייניק, און זיי פלעגן אַריינגיין אין קלאָזעט און אַרויסגיין. ס׳איז זיי גאָרנישט איינגעפאַלן.

מיר האָבן אָבער כסדר געלעבט אין פּחד, טאָמער וועט דער גרובן אַנטדעקט ווערן. אין די נעכט פלעגט אונדזער פריינד מיט זיינע זין ברענגען אונדז פּראָוויאַנט. מיר האָבן געשפּירט, אַז די דאָזיקע „שפּיל" קאָן לאַנג נישט דויערן. האָבן מיר באַשלאָסן אַוועק פון דאַנען צו אונדזערן אַ פריינד, וועלכער האָט געוווינט אַקוראַט ביים וואַלד.

אין איינעם אַן אָוונט זענען מיר אַרויף אויבן. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אונדזער פריינד און זיין משפּחה. מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי אונדז געוווּנטשן אַ גליקלעכן וועג.

דעם צווייטן בונקער האָבן מיר אויסגעגראָבן פאַרהעלטנישמעסיק גענוג שנעל. אויף דער אַרויסגאַנג־טיר האָבן מיר אַנידערגעשטעלט דאָס ביידל פונעם הונט. דער בונקער איז געווען ממש אונטער אונדזער פריינדס שטוב, און דעם הונטס („זאַגרא") ביידל איז געווען ביי דער טיר פון דער שטוב ווען מיר פלעגן דאַרפן אַרויסגיין, פלעגן מיר „שיין אַ בעט טאָן" ביי „זאגרא", ער זאָל אַרויס פון ביידל, און מיר — נאָך אים.

אַזוי האָבן מיר זיך גוט „איינגעאָרדנט". אונדזער פריינד פלעגט אונדז צושטעלן עסן מיט מער פרייקייט, ווייל זיין שטוב איז געשטאַנען אַליין, און מ'האָט זיך נישט געדאַרפט שרעקן פאַר שכנים. צייטנווייז פלעגן מיר אַרויסגיין פון אונדזער „לאָך" צו אָטעמען אַ ביסל פרישע לופט און אויך זיך אַ ביסל אַרומוואַשן, ווען ס'איז נייטיק.

געווער האָבן מיר אָנגעהויבן זיך איינשאַפן נאָך אין טאַרטשין אויף אַלערליי אופנים, אָבער דער עיקר פאַר געלט און קליידונג, וואָס ס'האָט זיך אונדז איינגעגעבן עס איינצוהיטן. מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז מיר האָבן באַקומען אַ ביסל געווער פון פּאָליאַקן אומזיסט.

אויף די ערשטע אַקציעס פלעגן מיר אַרויסגיין מיט צוויי־דריי כלים אונדזערע, וועלכע זענען געווען מער־ווייניקער אין אָרדענונג. די איבעריקע בחורים זענען געווען באַוואָפנט מיט הילצערנע ביקסן.

ווי גליקלעך האָבן מיר זיך געפילט ווען ס'איז געקומען דער טאָג, ווען יעדער פון אונדז האָט שוין געהאַט אַן אמתע כלי. איך מיין, אַז היינט איז שווער צו געפינען אין מוזייען אַזעלכע ביקסן ווי מיר האָבן געהאַט. פאַר אונדז זענען זיי געווען די טייערסטע.

נאָך דעם ווי מיר האָבן געמיינט, אַז מיר באַהערשן שוין גענוג די כלים, זענען מיר אַרויס אויף אַקציעס. אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר באַשלאָסן, אַז ס'איז שוין געקומען די צייט צו „ליקווידירן" עטלעכע אוקראַאינישע פּאָליציייליט, באַזונדערס איינעם פון זיי, וועלכער האָט זיך שטאַרק „אויסגעצייכנט" ביי די דייטשן. איינמאָל פאַרנאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיר האָבן געדאַרפט גיין עטלעכע קילאָמעטער. אין אַ פּאָר שעה אַרום זענען מיר געקומען אויפן אָרט. מיר האָבן אַרומגערינגלט זיין שטוב און אים אָנגעגריפן מיטן פייער פון אַלע אונדזערע ביקסן, אַריינגעריסן זיך אינעווייניק און גענומען נקמה.

אויפן צווייטן טאָג האָבן זיך אַלע טאַרטשינער חשובע קריסטן באַטייליקט אין דער לוויה. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז ס'האָט זיי אַרומגעכאַפּט אַ שרעק פאַר די יידישע „באַנדיטן".

מיר האָבן דורכגעפירט נאָך אַקציעס מיט מער אָדער ווייניקער הצלחה. אָבער דעם עיקר האָבן מיר דערגרייכט — די קלאַנגען וועגן יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער געגנט, צייטנווייז אַפילו היפּש גוזמאדיקע.

יוסף טייטעלבוים

# נקמה



יוסף טייטעלבוים

קיין לויצק האָב איך זיך אומגעקערט דעם 28־טן סעפּטעמבער 1944, אַלס מלחמה־אינוואַליד. די רעכטע האַנט איז נאָך געווען אין גיפּס, ווייל געקומען בין איך פון מיליטערישן שפּיטאָל. דער ערשטער וועלכן איך האָב געטראָפן נאָכן אַראָפּגיין פון צוג איז געווען חיים ברוך טשעקין — אַ דאָראָשקאַזש פאַרן קריג. אויך ער איז געווען אַ זעלנער אין דער סאָוויעטישער אַרמיי און געקומען איז ער פאַר מיר קיין לוצק א־יף אורלויב. שוין אין די ערשטע מינוטן פון געשפּרעך האָט ער מיר דערציילט, אַז צוויי טעג ווי ער זוכט אַ ייד אָן רעזולטאַטן. אויך מיין שטוב איז פאַרברענט און די משפּחה — אויסגעמאָרדעט.

מיר האָבן זיך ביידע געלאָזט גיין לענגאויס דער געוועזענער יאַגעלאָנסקע גאַס און זענען געווען דערשיטערט פון דער באַגעגניש מיט דער שטאָט. איבערגעלאָזט האָבן מיר אַ שטאָט מיט יידן און איצט — אַ בית־עולם. צופעליק האָבן מיר געטראָפן אַ פּוילישע פרוי, וועלכע האָט געוווינט אין שכנות מיט מיינע עלטערן: יוזעפינאַ טשופּרינסקאַ. זי האָט אונדז באַלד דערקענט, פריינדלעך איינגעלאַדן צו זיך און אונדז געגעבן אָפּצועסן. מיר זענען געבליבן ביי איר אייניקע טעג.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָט טשופּרינסקאַ — ווי איך האָב באַמערקט — אָנגעהויבן זיך אויפפירן נערוועז. אויף מיין פראַגע וואָס איז די סיבה פון איר שטימונג, האָט זי מיר

אין גרויס שפּאַנונג דערציילט, אַז מיין שוועסטער רבקה איז געפאַלן מיט איניקע חדשים פריער, קורץ פאַר דער באַפרייונג פון לויצק. זי איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַן אוקראַאינישן פּאָליציאַנט רעדקאָ. ביז יענעם טאָג האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַן אינזשיניער, אויך אַן אוקראַאינער מיטן נאָמען ביעלי. מיט איר צוזאַמען האָבן ביי דער משפחה ביעלי זיך אויסבאַהאַלטן נאָך 6־7 יידן. אויסגעגעבן האָט מיין שוועסטער אַ געוויסע פּוילישע פרוי שטאַשינסקאַ.

די דאָזיקע שטאַשינסקאַ האָט במשך פון 24 יאָר געאַרבעט ביי מיינע עלטערן אין דער בעקעריי אַלס פאַרקויפערין. ביי דער שטאַשינסקאַ האָט מיין שוועסטער געהאַט אויסבאַהאַלטן איניקע זאַכן. איינמאָל ווען זי איז געקומען פון איר באַהעל־טעניש צו דער שטאַשינסקאַ און געבעטן אירע קליידער, האָט די לעצטע איר געבעטן זי זאָל קומען אַ צווייט מאָל. ווען מיין שוועסטער איז צו איר געקומען אינעם באַשטימטן טאָג, האָבן שוין דאָרט געוואַרט אויף איר דייטשן און דער אוקראַאיני־שער פּאָליציאַנט רעדקאָ. זי האָט נאָך באַוויזן צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן אין די קאַרטאָפל־פעלדער ביי „בענעס" בריק. קריסטלעכע קינדער האָבן באַמערקט דאָס אָרט פון איר באַ־העלטעניש און האָבן אָנגעוויזן די רוצחים, וועלכע האָבן זי געכאַפּט און דער פּאָליציאַנט רעדקאָ האָט איר אויפן אָרט דערשאָסן.

רעדקאָן האָב איך געדענקט. ער איז געווען אַ גימנאַזיסט פון דער אוקראַאינישער גימנאַזיע. ער איז אַנטלאָפן מיט די דייטשן. נאָכן אויסהערן די געשיכטע, האָב איך געפרעגט: „ווו וווינט שטאַשינסקאַ?" „אויף סלאָוואַצקע 13" — האָט טשופּרינסקאַ געענטפערט. האָב איך מיט דער לינקער האַנט (די רעכטע איז געווען באַנדאַזשירט) אָנגעלאָדן דעם רעוואָל־ווער און אַרויס פון שטוב.

פאַר אַלעמען בין איך אַרויפגעגאַנגען אין גאָרקאָם (שטאָט־קאָמיטעט) פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איך האָב זיך דער־שלאָגן צום סעקרעטאַר מאַלוגאַ און אים געמאָלדן, אַז איך גיי איצט אויף סלאָוואַצקע 13 און אויב איך וועל דאָרט טרעפן די שטאַשינסקאַ (איך האָב אין קורצן דערציילט די געשיכטע פון מיין שוועסטערס טויט), וועל איך זי אויפן אָרט הרגענען. צוערשט האָט מיר מאַלוגאַ געפּרוווט איבערצייגן, אַז איך זאָל זיך ווענדן צום געריכט און נישט אַרויסטראָגן אַליין קיין אורטייל. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן. ווען מאַלוגאַ האָט גענומען אַלאַרמירן די מיליץ, בין איך אַרויסגעלאָפן פון זיין קאַבינעט און זיך געלאָזט לויפן דורך שענקעוויטשע — און דורכן פעלד אַרום דער געוו. יידישער קהילה — אויף סלאָ־וואַצקע.

צוקומענדיק צו איר שטוב האָב איך פון דער ווייטנס דערזען ווי עס לויפן צוויי סאָוויעטישע מיליציאַנטן. איך האָב נישט געלייגט אויף זיי קיין אַכט און געגאַנגען שנעל צו שטאַשינסקאַס דירה. ווי איך האָב נאָר געעפנט די טיר איז מיר אַנטקעגנגעקומען די פרוי שטאַשינסקאַ. זי האָט ברייט געעפנט די אָרעמס און אויסגעשריגן: „אוי פּאַניע טייטעלבוים!" איך האָב איר גאָרנישט געענטפערט. מיט דער לינקער האַנט האָב איך גענומען דעם פּיסטאָלעט, דריי מאָל אויסגעשאָסן און זי איז געפאַלן.

אין דעם מאָמענט זענען אין שטוב אַריין די צוויי מילי־ציאַנטן. שטאַשינסקאַ איז געלעגן טויט. איך האָב גענומען נקמה. די מיליציאַנטן האָבן מיר נישט געזאָגט קיין וואָרט. איך האָב זיי אָפּגעגעבן דעם רעוואָלווער און געזאָגט: איר קאָנט מיך פירן ווו מען דאַרף. זיי האָבן מיך געפירט צוריק אין גאָרקאָם פון דער פּאַרטיי. דעם רעוואָלווער האָט מען דאָרט איבערגעלאָזט. איך האָב ביי זיי געבעטן נאָר איין זאַך — פירט מיך ווו איר ווילט, אָבער לאָזט מיר זיך באַרויקן.

זיי האָבן מיך פרייגעלאָזט און געהייסן קומען אויף צו־מאָרגנס. אויפן אַנדערן טאָג האָט מען מיר גערופן אין נ.ק.וו.ד. איך האָב זיי דערציילט די גאַנצע געשיכטע, פאַרוואָס איך האָב דערשאָסן די שטאַשינסקאַ. מען האָט אויך גערופן די טשופּרינסקאַ, וועלכע האָט באַשטעטיקט אַלץ וואָס איך האָב דערציילט און זיי האָבן מיך צוריק אָפּגעלאָזט.

15 מאָל האָט מען מיך גערופן. צום סוף בין איך געגאַנגען צום קאָמענדאַנט פון דער נ.ק.וו.ד. אין לויצק, פּולקאָווניק יאַקאָווענקאָ, און אים געזאָגט: „אויב איך בין אַ פאַרברע־כער — אַרעסטירט מיך און מאַכט מיר אַ געריכט; אויב נישט — הערט מיך אויף צו פאָרשן. איך האָב אייך אַלץ איבערגעגעבן און איך האָב נישט מער וואָס צוצוגעבן."

פון יענעם טאָג אָן האָט מען מיך מער נישט גערופן און נישט געפרעגט.



די לעצטע יידן אין לויצק (1955)

**פסח שמש** / ישראל

# צווישן פּאַרטיזאַנער

איך שטאַם פון וויקלע. ווען די מלחמה פון 1941 האָט זיך אָנגעהויבן בין איך געווען אַ זעלנער פון דער רויטער אַרמיי אין פּיאַטיגאָרסק. צוזאַמען מיט מיר האָט מען אין יענע יאָרן מאָביליזירט פיל יידישע יוגנטלעכע פון לויצק. איך דערמאָן זיך לייבעלע ליבובער, טרויביטש, שמחה פאַליק דעם סטעלמאַכס, אפעון און נאָך אַנדערע.

שוין דעם ערשטן טאָג פון קריג האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אויפן פראָנט קיין ווייסרוסלאַנד. איך האָב אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן פון סמאָלענסק, וויאַזמע, וויעליקיע לוקי. בעת איינער פון די שלאַכטן זענען אונדזערע איינהייטן אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די דייטשן און מיר זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. פון טויזנטער געפאַנגענע האָבן די דייטשן אויסגעקליבן די שטאַרקסטע בחורים און זיי גענומען צום לאַדעווען געווער פון באַנען אויף אויטאָס. בעת אַ געלעגנהייט בין איך צוזאַמען מיט נאָך אַ רוסישן געפאַנגענעם אַנטלאָפן. איך האָב באַשלאָסן זיך אומקערן קיין לויצק.

דעם גאַנצן וועג האָב איך דורכגעמאַכט שפּילנדיק די ראָל פון אַ רוס: איך האָב געהאַט פאַלשע דאָקומענטן אויפן נאָמען פּאַפּאַזאָוו פּיאָטר מאַקסימאָוויטש. די פּויערים אויפן וועג האָבן זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו די געפאַנגענע, וועלכע זענען אַנטלאָפן און אַדאַנק זייער הילף איז מיר געלונגען אָנצוקומען קיין אָליק.

געווען איז דאָס ווינטער 1942־1941. אַ ייד האָט מיר דאָרט געזאָגט, אַז אין לויצק זענען די יידן פאַרשלאָסן אין אַ געטאָ און אַז אין טראַכנבראָד איז ארץ־ישראל. היות איך האָב דאָרט געהאַט קרובים, האָב איך באַשלאָסן אַהין צו גיין. געטראָפן האָב איך דאָרט ביי אַ צוויי טויזנט יידן. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט גאַרבעריי. אייניקע יידן פלעגן טאָג־טעגלעך פירן קיין לויצק די פעל פון דער אָרטיקער גאַרבאַרניע. מיט זייער הילף האָב איך מודיע געווען קיין לויצק וועגן מיין צוריקקער פון פראָנט. מיין מוטער איז געקומען מיך באַזוכן און זי איז שוין דאָרט פאַרבליבן ביזן אומקום.

אין טראַכנבראָד האָב איך זיך באַפריינדט מיט אייניקע יידן און אוקראַינער, וועלכע האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז אין וואַלד איז באַגראָבן געווער, וואָס די רוסן האָבן בעת זייער אָפּטרעטן פאַרבאַהאַלטן. אין די פינצטערע נעכט פלעגן מיר זאַלבעדריט גיין אין וואַלד און זוכן דאָס געווער. איינמאָל האָבן מיר געפונען אַ דיסק פון אַ קוילנוואַרפער. דערנאָך האָבן מיר געפונען דריי ביקסן. דאָס געווער איז געווען פאַרזשאַווערט. די אוקראַינער זענען נישט געווען קיין מיליטער־לייט און זיי האָבן נישט געוווסט ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט דעם. אַלס געוועזענער זעלנער בין איך געוואָרן זייער אינסטרוקטאָר און זיי געלערנט ווי אַזוי צו צענעמען און צוזאַמענלייגן דאָס געווער.

ווען אין שטעטל האָט מען זיך דערוווסט, אַז איך פאַרנעם זיך מיט אַזעלכע געפערלעכע ענינים, האָט מיר מיין קוזינע אַוועקגערופן אין אַ זייט און מיך געוואָרנט, אַז צוליב מיר וועט נאָך די גאַנצע עדה יידן ליידן. קורץ נאָך דעם איז אין טראַכנבראָד פאָרגעקומען די ערשטע אַקציע. ווייסנדיק אַז עפּעס גרייט זיך, בין איך אַנטלאָפן פון טראַכנבראָד אין וואַלד אַריין. מיין מוטער האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון דעם. זי האָט מיר געזאָגט: וואָס וועט שוין אַרויסקומען, אַז דו וועסט איינער אַליין בלייבן לעבן? אין יענע צייטן האָב איך שטענדיק געהאַט ביי זיך געווער מיט 25 קוילן. איך האָב נישט געפאָלגט דער מוטער און בין אַוועק אין וואַלד.

פון יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן מיין פאַרטיזאַנישע



לייצקער פאַרטיזאַנער — ערשטער פון רעכטס: פסח שמש

טעטיקייט. די ערשטע „פּאַרטיזאַנער" מיט וועלכע איך האָב מיטגעאַרבעט זענען געווען צווײ אוקראַינער. זיי האָבן נישט געהאַט קיין קלאָרע אַנונג וועגן דעם אופן פון דורכפירן אַקציעס קעגן די דייטשן. איינער פון זיי האָט פאַרגעלייגט צו באַראַבעווען דעם פּאָפּ פון זשוראַוויץ און דאָס פּאַרמעגן צו באַהאַלטן אין היי. איך דאַקעגן האָב פאַרגעלייגט צו אַנטוואָפענען דעם וואַלד־וועכטער און צו פאַרגרעסערן די גרופּע פון פּאַרטיזאַנער. אין יענע טעג האָב איך זיך באַמיט צו אָרגאַניזירן די יוגנט פון טראַכנבראָדער געטאָ. דאָס איז מיר אָבער נישט געלונגען. אַרויסגעוויזן האָט זיך שפּעטער, אַז אַ קליינע גרופּע יידישע יוגנטלעכע פון טראַכנבראָד האָט זיך יאָ אַרויסבאַקומען אין וואַלד. דעם דאָזיקן קאַפּיטל האָט באַשריבן אין זיין בוך גד ראָזנבלאַט („גאַוויני טשעסקיע").

פון טראַכנבראָד בין איך אַוועק אין אַ טשעכיש דאָרף נעבן מלינאָוו, ווו איך האָב זיך פאַרדונגען צו שניט־אַרבעט ביי אַ פּויער. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דאָזיקן דאָרף זענען געווען אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטן, וועלכע האָבן געפּרוּווט אונדז אַריינציען אין זייער פּאַרטיזאַנער אַרמײ. אין דער לעצטער מינוט ממש בין איך אַנטלאָפן פון זייערע הענט. זייערע קוילן האָבן מיר נישט געטראָפן נאָר דורך אַ נס. איך בין אַנטלאָפן אין די וועלדער און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון ראָוונע. אויך דאָרט האָב איך זיך איינגעאָרדנט אין אַ טשעכיש דאָרף (יאַנוווקאַ טשעסקאַ). צופעליק האָט זיך דאָרט געפונען אַ רוס, קאַלקאַ סאַכאַראָוו, אויך אַן אַנטלאָפענער פון געפאַנגענשאַפט. יענער האָט מיר בסוד דערציילט, אַז ער האָט אַ קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פון פּולקאָווניק מעדוויעדיעוו. געווען איז דאָס ווינטער 1943.

איך דערמאָן זיך, אַז אין יענער צייט זענען מיר איינמאָל געגאַנגען צוגרייטן האָלץ אין וואַלד. אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן מיר באַמערקט אַ גרופּע דערמאָרדעטע מלינאָווער יידן, וועלכע האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער. אויסגעגעבן האָבן זיי אוקראַאינער. די טשעכן זענען געווען שטאַרק צערודערט פון דעם וואָס זייערע אויגן האָבן געזען.

אין יענעם דאָרף האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון 30 יוגנטלעכע קריסטן, וועלכע האָבן באַשלאָסן זיך אָנשליסן אין די פּאַרטיזאַנער. אויך איך בין געווען מיט זיי. מיר זענען אַוועק קיין ראָוונע, פון וואַנען מען האָט אונדז באַדאַרפט אַוועקפירן צום „מאַיאַק". צופעליק האָט זיך דאָן אין ראָוונע איינגעגעבן אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל צו כאַפּן אַ וויכטיקן דייטשן אָפיציר און די דייטשן האָבן דורכגעפירט אַן אַבלאַווע. ווידער איז דער טויט מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. די דייטשן זענען געשטאַנען ממש נעבן דעם אָרט ווו איך בין געווען באַהאַלטן. מיט אייניקע טעג שפּעטער זענען מיר אַרויס פון ראָוונע און אָנגעקומען אין פּאַרטיזאַנער־לאַגער.

אָנקומענדיק אין אָטריאַד האָב איך באַשלאָסן צו פאַרענדיקן שפּילן די ראָל פון פּאַפּאַזאָוו. איך האָב זיך געווענדעט צום פּאָליטרוק און אים דערציילט, אַז איך בין אַ ייד. ער האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט און געזאָגט: „מיינט נישט, אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן וועט מען אייך יידן טראָגן אויף די הענט. היטלער האָט נישט נאָר אָנגערייצט דאָס דייטשע פאָלק קעגן יידן. אויך אַנדערע פעלקער זענען אָנגעשטעקט געוואָרן מיט אַנטיסעמיטיזם. בלייבט שוין ביי דער פאַמיליע פון פּאַפּאַזאָוו און זייט מצליח, פּיאָטר מאַקסימאָוויטש".

**משה שולדינער** / הרצליה

# לויצקער יידן אין סאָוויעטישן מיליטער

איינע פון אונדזערע וויכטיקסטע אויפגאַבעס איז צו באַווייזן דעם יידישן אָנטייל אינעם באַוואָפנטן קאַמף קעגן אונדזער גרעסטן שונא — דעם היטלעריזם. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן אַ סך יידן געדינט אין דער רויטער אַרמײ. אויך איך געהער צו זיי.



משה שולדינער

נאָכדעם ווי די רויטע אַרמײ האָט אין סעפּטעמבער 1939 פאַרנומען מערב־אוקראַינע, איז אויך לויצק אַרונטער אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט. אין 1940 יאָר זענען די איינוווינער פון לויצק געוואָרן פולבאַרעכטיקטע סאָוויעטישע בירגער.

דעם 20־טן מאַי 1941 זענען אַ סך יונגעלייט פון לויצק גערופן געוואָרן אין דער רויטער אַרמײ אויף זעקס־וואָכיקע איבונגען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די ווייט גרעסטע טייל יונגעלייט איז באַשטאַנען פון יידן, ווייל אין לויצק איז די מערהייט באַפעלקערונג געווען אַ יידישע. אויך איך האָב זיך געפונען אין דער דאָזיקער גרופּע. מ'האָט אונדז אָפּגעשיקט קיין העלענוווקע, נישט ווייט פון קיווערצע. אין יענע וועלדער האָבן זיך געפונען די זומער־לאַגערן פון דער רויטער אַרמײ. צוזאַמען מיט נאָך אַ 30 לויצקער יידישע יונגעלייט בין איך אויך צוגעטיילט געוואָרן צום באַטאַליאָן פון טעלעפאָן־פאַרבינדלער.

אָבער איידער נאָך מיר האָבן באַוויזן צו פאַרענדיקן אונדזער זעקס־וואָכיקן מיליטערישן קורס, איז אויסגעבראָכן דער דייטש־סאָוויעטישער קריג. האַרט פאַרן מלחמה־אויסברוך האָט מען אונדזער באַטאַליאָן איבערגעוואָרפן נענטער צו דער דייטש־סאָוויעטישער גרענעץ, אין דער געגנט פון לודמיר. מיר האָבן זיך געפונען בלויז עטלעכע קילאָמעטער פון דער גרענעץ, און

שוין אינעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה זענען מיר געווען אונטערן פייער פון די דייטשע „מעסערשמידטן". אין יענע פיינלעכע מינוטן זענען אונדזערע מחשבות געווען געווענדט צום גורל פון אונדזערע פאַמיליעס, וואָס זענען איבערגעבליבן אין לויצק.

ווען זענען זיך מיט זיי — האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. אונדזערע אָפּטיילונגען האָבן זיך געפונען אין אומאויפהערלעכע קאַמפן מיט דער אָנגרייפנדיקער היטלערישער אַרמיי. מיר זענען צוריקגעטרעטן. דעם 30־טן יוני 1941 זענען מיר צוגעקומען ביז הינטער זשיטאָמיר. ביינאַכט האָבן מיר ביי דער באַן־סטאַנציע מאַלען געהאַט אַ שווערע און פאַרביטערטע שלאַכט מיטן שונא. אין אָט דעם קאַמף זענען געפאַלן עטלעכע לויצקער יידישע יונגעלייט, אַנדערע זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן. אויך איך האָב זיך געפונען צווישן די פאַרוווּנדעטע. מ'האָט מיך אַראָפּגענומען פון שלאַכטפעלד און איבערגעפירט אין שפּיטאָל. אַזוי אַרום האָב איך זיך צעשיידט מיט מיינע באַקאַנטע שטאָטישע.

אין יאָר 1943 האָב איך אין סווערדלאָווסק זיך באַגעגנט מיט אַ לויצקער יונגנמאַן, אברהמטשע דינער, וועלכע האָט געשטאַמט פון קראַסנע. אַ געוויסע צייט האָבן מיר צוזאַמען געוווינט אין איין דירה. נאָך פילצאָליקע וואַנדונגען, אַז מ'זאָל אים אָננעמען אין דער אַרמיי, איז זיין ביטע, אין יאָר 1944, ענדלעך אָנגענומען געוואָרן. יעדע וואָך פלעג איך פון אים דערהאַלטן בריוו פון פראָנט, ווו ס'זענען פאָרגעקומען שטאַרקע קאַמפן. נישט ווייט פון ווילנע איז ער געפאַלן אויפן פראָנט.

כ'וועל דאָ אויסרעכענען די נעמען פון די לויצקער יידן, וואָס האָבן מיט געווער אין האַנט געקעמפט קעגן דער היטלעריסטישער אַרמיי — אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי. אייניקע פון זיי זענען געבליבן לעבן, אַנדערע זענען געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד. אָט איז אַ קליינע רשימה פון די נעמען, וועלכע כ'געדענק נאָך.

1. ישעיהו גאַניק, געפינט זיך איצט אין ישראל.
2. חיים שפּיץ, זון פון יהודה משה פון קראַסנע, אומגעקומען אויפן פראָנט.
3. אליהו מאטאק, אַ קצב פון קראַסנע, איצט אין ישראל.
4. ווישניעוויעצקי, געוווינט אין לויצק, שטאַמט פון אסטרע, איצט אין ישראל.
5. ווינאקור משה, אַ פריזירער, אומגעקומען אויפן פראָנט.
6. לייביש פידעלקרייז פון קראַסנע, נאָכן קריג אַרויסגעפאָרן פון פוילן קיין אַמעריקע און דאָרט געשטאָרבן.
7. קאָס בערגער פון נאָוואָסטראָיעניע, אַ סטאָליער־אַרבעטער, אומגעקומען אויפן פראָנט. זיין ברודער משה וווינט אין ישראל.
8. אברהמל פערדמאַן, שטאַמט פון דאָרף טשעריקאָוו, נעבן טארטשין, פון פאַך אַ שניידער, געזונגען אין כאָר פון דער גרויסער שול אַלס אַלט. אויך ער איז אומגעקומען אויפן פראָנט.
9. חיים גאמער, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער, געשפּילט אין דראַמאַטישן קרייז פון לויצקער „לינת־הצדק", אומגעקומען אויפן פראָנט.
10. שמעון איינבינדער, זון פון יחיאל — אַ מעבל־סוחר, געזעלשאַפטלעכער עסקן אין לויצק — אומגעקומען אויפן פראָנט.
11. לייבל צוקער, געוווינט אויף דער 3־טער מאַי־גאַס, אַ ציין־טעכניקער, אומגעקומען אויפן פראָנט.
12. דוד צונקער, זון פונעם שניידער צונקער, אומגעקומען אויפן פראָנט.
13. קאראטקע, געווען קאַסירער אין קינאָ „אַפּאָלאָ". לויט דעם ווי מ'האָט מיר איבערגעגעבן, דאַרף ער זיך געפינען צווישן די לעבן־געבליבענע. ווו ער געפינט זיך איצט — ווייס איך נישט.
14. אברהמל וואַקס, אַ מוליער־אַרבעטער פון קראַסנע, אומגעקומען אויפן פראָנט.
15. צוויי ברידער באַווערמאַן פון ווילקע, תבואה־סוחרים. ביידע אומגעקומען אויפן פראָנט.
16. מעלאַמעד, געוווינט אויף דער 3־טער מאַי־גאַס, אַ פוטבאָליסט פון לויצקער „חשמונאי". אומגעקומען אויפן פראָנט.

דאָס זענען בלויז געציילטע פון די הונדערטער יידישע יונגעלייט פון לויצק, וועלכע האָבן געקעמפט אַקטיוו קעגן די היטלעריסטן. זאָל דער אָנדענק פון די געפאַלענע בלייבן טיף איינגעקריצט אין אונדזער זכרון.

ישראל, 1959

גד רוזנבלט / ישראל

# יואל שצ׳רבטו, הי״ד

סתומים ממני ימי ילדותו של יואל שצ׳רבטו ז״ל. יכולני רק להתחיל לספר על פרק חייו וקורותיו מיום הופעתו אצלנו בפלוגה, אבל סבורני שמותר לי למשוך חוט מקשר גם אל פרק קודם של חייו, וזאת על סמך השיחות המרובות ששוחחתי עמו בלילות הגשמים והכפור על יד המדורות הבוערות ביערות אוקראינה ורוסיה הלבנה.

סיפורים רבים על חייו שמלפני המלחמה סיפר לי האיש. חייו היו מלאים פרטים תוססים של עלם צעיר ונמרץ, חיים מלאי תוכן, הן בזמן הפולנים עד פרוץ המלחמה הגרמנית־פולנית, והן בזמן היותו כבר חייל בצבא האדום, ולאחר זאת בפלוגות הפרשים של הפרטיזנים. זכורני שבאותו יום גשום של הסתיו המאוחר 1942 בא בריצה למחננו הפרטיזן יוסף בלוז והודיע על מציאותה של קבוצת צנחנים בסביבה. אמנם זה כמה לילות לא נפסק זמזום האוירונים והיה ברור למביני סוד שבהצנחת צנחנים רוסיים מדובר, אבל לא יכולנו להעלות על דעתנו כי הם נמצאים בסביבתנו ממש, ולכן הופתענו מעצם הידיעה הזו ומן העובדה שאכן עינינו רואות קבוצה של צנחנים מזוינים היטב בנשק אוטומטי ובמשדר רדיו.

בין אנשי הקבוצה היה גבר צעיר שאת שמו הפכנו אחר כך לשצ׳רבטו. כבר בפגישתנו הראשונה הזו התבלט העלם הצעיר, שנקרא על ידי הצנחנים „ואַני״, כאחד היודע את התורה הצבאית על בוריה, תורת השימוש בנשק וכל הכרוך בו. למחרתו ראינו שואַני שצ׳רבטו מנקה את הנשק האוטומטי של הצנחנים, הנקרא „פינקים״, בצורה של ידיעה יסודית בפירוקו ובהרכבתו מחדש. הפינקים יצאו מתחת ידיו מצוחצחים ומבריקים כחדשים.

ואַנקה שצ׳רבטו היה בהתחלה מופתע ממציאות קבוצתנו, קבוצה יהודית לוחמת, בסביבה זו, דבר שמעולם לא חלם עליו, והנה הוא רואה אותו בעיניו ממש.

מקרה זה נתן אותותיו בו ובהלך מחשבתו, בכל זמן היותו בפרטיזנקה. לפי דבריו נמלט מלוצק לרוזישצ׳ה בהתחלת שנת 1942. בעונה זו הכניסו אותו לגיטו יחד עם בני משפחתו והוא נמצא בגיטו עד יום הטבח. באותו יום נשאר שצ׳רבטו אחד ממשפחתו בדרך נס, ובחשכת הלילה הסתלק ליערות שבסביבה. כיתר פליטי השחיטה הסתובב ביערות ובכפרים, בנה מקלטים במקומות סתר שביער ואגר בהם מזון לחורף.

באחד הימים פגש בקבוצת הצנחנים שהסתתרו בעומק היער, בין סבכי העצים והשיחים שביער האורן הצעיר. הצנחנים החליטו לקבלו אליהם, כנראה בתור אדם המכיר את הדרכים והשבילים בסביבה. הואיל ושטח הפעולה של הצנחנים נמצא בסביבת מסילת הברזל קובל—קיברצ׳ה, החליטה הקבוצה לפנות דרומה, ליערות צומאן, בואכה יערות לאפאטין. במסע זה הוכיח שצ׳רבטו את עצמו מבחינת ידיעתו בטופוגרפיה והתמצאות בשטח. עוד באמצע המסע מינה אותו מפקד הצנחנים אליושה כמקלען הקבוצה.

הופעתו אצלנו בבגדיו המרופטים, מגפיו הקרועים, זקנו ושפמו המגודל־פרא דחה לכתחילה במקצת את אנשינו ממנו, אבל כעבור מספר ימים נתגלה מתחת לקליפה — הלוחם היהודי והחבר יואל שצ׳רבטו.

בזמן מיזוג קבוצת הצנחנים עם קבוצתנו נשמר לשצ׳רבטו מקומו כמקלען הפלוגה המאוחדת. יתר על כן: הוא קיבל תפקיד נוסף כמדריך בשימוש בנשק קל וכמקלען. ידיעותיו הצבאיות שצבר בזמן שירותו בצבא עזרו לשצ׳רבטו להטביע את חותמו על מרבית אנשי הפלוגה: מתארגנים על ידו סיורי קרב ליליים, תרגילי קרב אחרים, וכן הוא מלמד החזקה נכונה של נשק אוטומטי אחר, במיוחד מקלע־דיכטירוב.

ב־23 לנובמבר 1942, בקרב ביערות צומאן, ניצל שצ׳רבטו הלכה למעשה את כוח האש של מקלעו ושימש גורם משמיד ומכריע בקרב זה נגד הגרמנים והשוצמנים המתקיפים בשרשרת. קבוצתנו יחד עם שצ׳רבטו הוכיחה שישנה אפשרות לנצל נשק אוטומטי עד קצה יכולתו ולגרום נזק רב למתקיפים. חלק הארי של נצחוננו בקרב זה מגיע לשצ׳רבטו. בדצמבר 1942, בזמן איחוד קבוצתנו עם חטיבתו של קופפק, נשאר שצ׳רבטו על יד המקלע שלא מש מידו כל זמן היותו בחטיבה.

דרך החזקת מקלעו היתה שם דבר בחטיבה בכלל, ובפלוגה התשיעית בפרט. והמקלע לא איכזב אותו בשום קרב. חלקו באש בקרב היה מובטח.

בקיץ 1943, במסע החטיבה להרי הקרפטים, בשחרור יהודי סקאלאט ממחנה הריכוז שבעיר ובארגון חלק מהם כפלוגה השביעית — היה זה שצ׳רבטו שקיבל את המשימה ממפקדת החטיבה. שצ׳רבטו בא מיד להתיעץ עם פטי ואתי. ביחד תיכננו קווי פעולה, אשר העבירים לידיעת מפקדת החטיבה.

בימי ארגון הפלוגה השביעית אפשר היה לראות את ההתלהבות הרבה שנדבקה בו בביצוע התפקיד הזה. רצינותו הגמורה, יזמתו ומרצו תרמו רבות למימוש הארגון.

ורק אז ראינו ביתר בהירות את דמותו הגאה של יהודי לוחם וזקוף־קומה. וכיחיד במינו היה שצ׳רבטו המפקד הראשון של הפלוגה השביעית היהודית בחטיבתו של קופפק. בהפצצת הפלוגה במבואות הקרפטים נפצע שצ׳רבטו פצעים אנושים, אך למרות זאת המשיך להתענין בנעשה. חברינו מהתשיעית, פלוגת האם שלנו, הזמינו אותו לחזור אליהם ועזרו לו לשוב לאיתנו. יחד אתם חזר שצ׳רבטו מהקרפטים לרוסיה הלבנה. בסתיו 1943, בסביבת אליבסק שברוסיה הלבנה, מבריא סוף סוף שצ׳רבטו. ואף על פי שניכרים עוד היטב סימני צליעה בהליכתו, אין דבר זה מפריע לו בתפקידו שהוא חוזר אליו לאחר הפסקה של 3 חדשים — זמן מחלתו־פציעתו.

בסיכום פעולות הקרפטים ע״י מפקדת החטיבה נמצא שמו של שצ׳רבטו ברשימת האנשים המקבלים אותות הצטיינות. בינואר 1944, במסע החטיבה מערבה למרחב פולין שמעבר לגבול וורשיגורה, שוב נמצא שצ׳רבטו בין הפרטיזנים הראשונים המתקדמים בדרכי הבוץ והחול של פולין הכבושה מתחת למגף הנאצים.

בסער הקרבות עובר שצ׳רבטו עם החטיבה עשרות ומאות כפרים וישובים וזורע הרס, חורבן ופחד בין הנאצים ועוזריהם מבין תושבי הארץ. במסע זה משתתף שצ׳רבטו בעשרות קרבות וחבלות עקובים מדם.

במחצית השניה של מרץ 1944, במעבר גשר הבוג המערבי, במסע החטיבה חזרה לאדמות איקראינה המערבית, נמצא שצ׳ר־בטו בין פורצי הגשר. מקלעו זורע אש וכליון על הנאצים שהתחפרו במשלטים שעל יד הגשר.

פלוגות אחדות של החטיבה הספיקו כבר להשתיק את מרבית הבונקרים והמשלטים שמצד הגשר. רק אחד שמצד השמאלי ממשיך עוד להמטיר אש קטלנית על הפרטיזנים החו־צים בריצה את הגשר הארוך.

שצ׳רבטו מחליט על דעת עצמו לזחול למשלט הארור הזה ולחסלו. בין רגע מתפתח קרב אכזרי בין מקלען יהודי השוכב על קרשי הגשר ובין נאצים מתחפרים שבמשלט. האוויר רועד מקול ההתפוצצויות והרימונים שנזרקו ע״י שצ׳רבטו למשלט, אבל כנראה שהנאצים נשארו עדיין בחיים. צרור כדורי זרחן פוגע בראשו של שצ׳רבטו, והוא נופל חלל על מעקה העץ של הגשר. חבריו הפרטיזנים מסתערים בזעם על המשלט ומחסלים איתו. אלה שמצאו אותו מת אחר כך מספרים כי חיוך של סיפוק היה טבוע על שפתיו, בידעו כי במותו איפשר לחסל את הנאצים שבמשלט ושיחרר את מעבר הגשר. ראשו היה מוצמד אל מקלעו וזרועו השמאלית החזיקה בקנה ואצבע מהיד הימנית היתה על ההדק של המקלע. כזה היה שצ׳רבטו במותו.

שצ׳רבטו נקבר בכבוד פרטיזני בכפר הקרוב שעל יד הגבול.

**גד רוזנבלט** / ישראל

# אברהם בוסליק, הי״ד

זוכרני את בוסליק מאותו יום שהופיע אצלנו בחבורתם של 3 פרטיזנים קולקאים במנהיגותו של רב־סרן רוסי. באותם הימים התמקמנו בסביבת יערות קלופוצ׳ין העבותים. איש הקשר ברנבלום מקולקי הפנה את החבורה למחננו.

יום סתיו מאוחר היה אז. הגשמים משום מה אחרו לרדת, והאדמה היתה חרוכה מהשמש הלוהטת. הימים היפים והבהירים ללא ענן וגשם כאילו ניתנו לנו מהשמים כפיצוי מעט על ההרג הרב באוקראינה. לכל הפחות אדמה ללא בוץ ומים, אדמה יבשה. באותו היום הופיע בוסליק בלויתם של עוד שני פרטיזנים וקצין רוסי. לבוש היה במדים של קצין רוסי. מזוין באקדח תופי, מצוחצח במגפיו, מגולח למשעי, ניכר היה בו הביטחון הרב, קול דיבורו היה יציב ומשכנע.

בוסליק שמח להזדמנות שניתנה לו להשתתף באופן אישי בפעולות הפיצוץ הראשונות של קו הרכבת רובנה—סרנו.

החבורה השתכנה בתוכנו. הרב־סרן הרוסי הסכים להתחיל להדריך את אנשינו בתרגילי קרב ושדאות. והנה קרה מקרה ובאחד התרגילים נפלט כדור מרובה, היריה פילחה את האוויר והטילה פחד על אנשינו. נדמה לי שזו היתה היריה הראשונה שלנו שנשמעה במרחב יערות קלופוצ׳ין...

מובן שלאחר זאת היינו נאלצים לעזוב את השטח הזה של היער. הקמנו את מחננו בסביבת לאפאטון — יער שכן. מאידך, אנשי הקבוצה הקולקאית זזו דרומה, לכיוון קיברצי, למקום פיצוץ פסי הרכבת.

באשמורת האחרונה של הלילה הבא שמענו קול פיצוץ אדיר ממרחקים והשמים האדימו מלהבות של לשונות אש. ידענו שזה מעשה ידיהם של הקבוצה החבלנית של בוסליק, שמחנו מעומק לבנו על הצלחת הפעולה הזו.

בפעם השניה פגשתי את ביסליק בהצטרפו אלינו בסביבת צ׳רמין שבאיזור ויסוצ׳ק, בזמן מסענו מזרחה, לחטיבתו של גנרל מאיור קופפק.

היה זה בהתחלת דצמבר 1942. יום חורף בהיר עמד בחוץ. הקור חדר לעצמות ו„חבריה״ התחממה ע״י התנורים בבקתות של האיכרים. בחוץ עמד משמר על־יד דרך הגישה לבית. לפתע הבחנתי באחד מאנשי המשמר הרץ אלינו בבהלה: אנשי המקום באו והזהירו אותנו שלא הרחק מביתנו, בחורשה קטנה בגורן, הסתתרה קבוצה מזוינת בלתי ידועה להם. מיד העמדתי את אנשי על רגליהם ויצאנו החוצה, התחלנו להתקדם מאחורי עצים לגורן שבחורשה. לבסוף נתברר שהקבוצה המס־תורית אינה אלא הקבוצה הקולקאית שעזבה את סביבתה וכמונו עשתה דרכה מזרחה. בלילה זה הגיעה עד הכפר ועשתה חניה יומית בגורן. התברר שהקולקאים התקדמו גם הם מזרחה כדי לחפש יחידות פרטיזניות גדולות. ביניהם מצאתי שוב את הלוחם הפרטיזן בוסליק.

בשלישית מצאתי אותו בכפר בוקצ׳י, במשטח תעלת המים החוצה את הכפר ממול לבית הספר הכפרי. באותו היום, 21 בדצמבר 1942, התקיפו מספר פלוגות מחטיבת קופפק את המוצבים הגרמניים שבשטח חצר בית הספר הכפרי. החטיבה החליטה לחסל את המוצבים וכמה פלוגות מובחרות נשלחו לפעולה זו. הקרב התנהל באכזריות רבה, וכוחו ההרסני וההרג הרב התגבר מרגע לרגע. לנקודת השיא הגיע באשמורת הבוקר, שעת התפזרות החושך ודמדומי זריחת השמש באופק. הנאצים הפעילו את כל המרגמות והתחילו לזרוע אש באופן שיטתי בסביבת התעלה. מרבית אנשינו שהיו בסביבת התעלה נהרגו. גם בתעלה עצמה התחילו ליפול פגזים וכמה פרטיזנים נהרגו במקום. כעביר שעה קלה כוונה כל האש לתעלה בלבד, וזו נהפכה בין רגע לגיהנום. זעקות הפצועים נשמעו למרחקים. איברים קטועים בערבוביה עם בוץ קרח ושביבי עץ ניתזו אל־על. מרבית אנשינו נהרגו ברגעים ספורים. אלה שנשארו עדיין שלמים, זרקו את עצמם בתעלת המים שהפשירה בינתיים בקרום הקרח הדק. כדורי הנאצים מהמקלעים שהוצבו על

הגגות של בית הספר השיגו גם את הבודדים. כמשתתף בקרב זה מצאתי את עצמי ברגעים האיומים האלה מתחת לשיח. שכבתי ויריתי והסתכלתי על ריקוד המוות בינינו. פתאום נפל מבט עיני על פרטיזן יחיד ובודד ששכב מתחת לרגב אדמה על יד שיח גוץ — אורן ננס — והמשיך להמטיר במקלעו צרורות כדורים לחלונות הבנין של בית הספר שממנו נראו הגרמנים היורים. הסתכלתי בו ולא האמנתי למראה עיני: לתמהוני הרב הכרתי בו את חברי בוסליק, הוא המקלען היחיד שהמשיך ללחום...

הגרמנים לא איפשרו לו ללחום זמן רב. כנראה שתמונה זו הפתיעה גם אותם, כל השטח שמסביבו כוסה פגזי מרגמות, ומאחד מהם נמחץ ראשו של הלוחם הגיבור. באותם הרגעים האיומים של הקרב והחרדה לבאות, הרגשתי לחות דביקה משונה שנדבקה באופן פתאומי אל פני. הושטתי את ידי לנגבה, הסתכלתי על ידי וראיתי עליה תערובת מוח אנוש ובוץ דביק — שניהם ביחד היו מבוסליק — מהשוחה שבה שכב, לחם ונפל מות גיבורים.

בוסליק נקבר כגיבור פרטיזני בסביבת בית הקברות בבוקצ׳י אשר ברוסיה הלבנה.




רחוב ע״ש קדושי לוצק בבת־ים, ישראל



יואל פינקעל 1959-1881

# יואל פינקעל

געבוירן אין בערימלע, לויצקער געגנט, אין יאָר 1881. זיינע עלטערן, דער פאָטער אהרן ז״ל און די מאַמע מאַליע ע״ה, האָבן געטרוימט, אַז זייער זון זאָל לערנען און ווערן אַ גרויסער מענטש. אין זיינע קינדער־יאָרן ווייזט ער אַרויס גרויסע פעיקייטן אין אַריטמעטיק און לשון־קודש. היות אין קליינעם שטעטעלע זענען נישט פאַראַן קיין גוטע לערער, פאָרט ער אַריבער קיין קאָוועל און ראָוונע זיך לערנען. די באַדינגונגען פאַרן לערנען זענען אָבער נישט געווען פאַר אים קיין גינסטיקע און ער קאָן נישט מאַכן קיין פאָרשריט אין דער לערע. די פאַמיליע קלייבט זיך אַריבער קיין לויצק, אָבער אויך דאָ זענען נישט פאַראַן די געהעריקע באַדינגונגען, און יואלס חלום צו ווערן אַ העברעישער לערער ווערט צעשוומען.

די שווערע מאַטעריעלע לאַגע פון זיין היים צווינגט אים גיין פאַרדינען, בכדי צו קאָנען העלפן די עלטערן. ער ווערט אַ שיק־ייִנגל ביי אַ קרוב. אַלט ווערנדיק 17 יאָר, שטאַרבט זיין פאָטער. צו 21 יאָר פאַרלאָזט ער זיין מוטער מיט אירע קינדער און פאָרט אַריבער קיין אַמעריקע.

צוגלייך מיט אַלע „גרינע״ טוט ער אַלע עבודות פרך. ער אַרבעט אַלס געפעס־וואַשער אין רעסטאָראַן, קערט דילן אין געשעפטן, שטופט אַ טאַטשקע, ווערט אַ פערד־אַנטרייבער און טוט נאָך פאַרשידענע שוואַרצע אַרבעטן. לסוף ווערט ער אַ קליינהענדלער. ער איז אַריין אין נייעם צווייג פון עלעק־טראָניק און מצליח געווען. ער ווערט גאָר שנעל אַ פאַבריקאַנט מיט אַ גרויס אָנזען, אייגנטימער פון דער פירמע „J. 7 D.״ אין ברוקלין.

יואל פינקעל איז שטענדיק דער אייביקער אומצופרידענער מיט זיך זעלבסט. ער מוז אויסשעפן זיין ענערגיע אין אַקטיווער טעטיקייט צווישן פריינד און חברים. פון דער נאַטור געבענטשט מיט אַ וואַרעמער נשמה און טיפפילנדיק יידיש האַרץ, מיט אַ שטאַרקן דראַנג צו יידישער קולטור און יידיש לעבן — נעמט ער אָנטייל אין זיין „לויצקער ברענטש אַרבעטער־רינג״, ווו ער פילט זיך צום בעסטן. ער קען יעדן איינעם מיט זיינע אינטימע ענינים — פריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע. ער נעמט אַ טעטיקן אָנטייל אין די ברענטש־ענינים. אַלס לאַנגיעריקער ציוניסט נעמט ער אויך אָנטייל אינעם נאַציאָנאַלן געווערקשאַפטס־קאַמפיין (הסתדרות) און איז אַן אַקטיווער מיטגליד אין „יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד״.

יואל פינקעל איז געווען אַ גרויסער גביר און אַ גרויסער פאַבריקאַנט און איז דאָך, ביזן לעצטן טאָג פון זיין אינטערע־סאַנט לעבן, געווען אַ מיטגליד אין אַט די אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס. ערשט מיט 3 יאָר צוריק האָט ער געגעבן אַ מתנה דעם אַרבעטער־ברענטש אין דער פאָרם פון 2000 דאָלאַר, און אין דער צוואה לאָזט ער אים איבער נאָך 500 דאָלאַר. זיינע קינדער באַקומען אַ יידישע דערציִונג. ער העלפט אָפקויפן דעם בנין פאַר דער „שלום־עליכם פאָלקס־שול 34 אין ברוקלין״, ווו זיינע קינדער לערנען זיך. ער איז אויך דאָרט אַקטיוו.

אין דער אַלטער היים האָט יואל, צוזאַמען מיט זיין ברודער יצחק, זיך פאַרנומען מיט מסחר פון צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער. די ליבע צום יידישן בוך האָט ער אין זיך איינגעזאַפט פון זיינע פריסטע קינדער־יאָרן. ער האָט ליב דעם שרייבער און פאָעט. אויף אַ באַשיידענעם אופן העלפט ער פיל מאָל דעם שרייבער אַרויסגעבן זיין בוך. אין אָוונט, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט האָט ער זיין אָפרו געפונען אין לייענען אַ יידיש בוך. אויך זיין פרוי, בתיה, געהערט צו דעם זעלבן שניט מענטש, וואָס ער.

די לעצטע יאָרן איז ער אויך טעטיק אין שול און תלמוד־תורה, אין „יונייטעד דזשואיש אַפּיל״ און „באָנדס פאַר ישראל״. גרויס איז זיין אָנטייל אינעם פראָיעקט צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דער לויצקער יידישער קהילה און אַרויסגעבן דעם „ספר לוצק״. ער האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן האַרציקייט אין זיין זאָרג פאַר דער לויצקער שארית־הפליטה און פאַר די נייע עולים — לויצקער לאַנדסלייט — אין ישראל. גרויס און וויכטיק איז זיין אָנטייל אינעם אויפשטעלן די „קופת גמילת־חסדים ע״ש קדושי לוצק״ אין ישראל.

זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו פאַרברענגען אין דער געזעלשאַפט פון זיינע לויצקער לאַנדסלייט אין דער אַרבעטער־ברענטש. שוין זייענדיק קראַנק איז ער נאָך געקומען צו דער לעצטער טעאַטער־פאָרשטעלונג פאַרן בענעפיט פון פומענקוס. דערמיט האָט ער זיך געזעגנט מיט זיינע פריינד און חברים. ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה ערב פורים 1959 יאָר. זיינע קינדער האָבן באַשטימט זיך צו באַשטייערן מיט אַ דריטל פון די אויסגאַבן אויפן „ספר לוצק״, בכדי דערמיט צו פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון זייער גרויסן פאָטער.

יצחק פינקעל

# לויצקער לאנסמאנשאפט־ארגאניזאציעס אין די פאראייניקטע שטאטן

דריי סיבות האָבן געשאַפן די דאָזיקע ספּעציפיש־אַמעריקאַנער אינסטיטוציעס, דאָס זענען: ערשטנס די עלנטקייט, וואָס יעדער ניי־געקומענער עמיגראַנט האָט געפילט ווען ער איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ גאָר אַנדערער וועלט מיט אַנדערע מנהגים. פאַרלאָזנדיק די אַלטע היים, ווו מ׳איז געווען אַריינגעפּאַסט אין געוויסע געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע ראַמען, האָט מען זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן אויף וואָס פאַר אַ וועלט עס וועט דעם עמיגראַנט אויסקומען צו לעבן. דער אַמעריקאַנער קאָכקעסל האָט דעם ניי־אָנגעקומענעם געמאַכט נעבעכדיק אין אָנבליק פון דער גרויסער מענטשן־מאַסע, אין וועלכער ער איז אַריינגעפאַלן.

צווייטנס, די פרעמדקייט פון די נייע לעבנס־באַדינגונגען האָבן ווי אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויפן ניי־אָנגעקומענעם, וועלכער האָט זיך געפילט ווי אויפן וואַסער. די שרעק פאַרן מאָרגן, פאַרן מענטשלעכן און יידישן קיום איז געווען אַן אומגעהויערע.

און דריטנס — די עקאָנאָמישע אומזיכערקייט אין די נייע באַדינגונגען איז געווען גענוג גרויס. עפּעס האָט מען זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון די אַלטע געוווינהייטן פון דער היימשטאָט, ווו דער לעבנס־סדר איז זיך געגאַנגען מיט זינט יאָרן אויסגעטראָטענע וועגן און ווו יעדער איינער האָט זיך געהאַט זיין איינגעזעסענעם פּלאַץ.

בכלל גענומען האָט מען געהאַט אַ זייער מאָדנעם באַגריף וועגן די באַדינגונגען אין אַמעריקע. אָט, למשל, האָט מען אין דער אַלטער היים געהאַלטן, אַז אויב עמעצער שטאַרבט אין אַמעריקע, ווערט דער טויטער קערפּער זיינער אַריינגעוואָרפן אין אַן אַלגעמיינעם גרוב, אָן שום זכר און אָן אַ קדיש... צווייטנס איז טאַקע די שרעק פאַרן מאָרגן געווען גענוג גרויס. די אומזיכערקייט פונעם אייגענעם קיום אינעם גרויסן מענטשלעכן ים, די אָפטע אַרבעטסלאָזיקייט, וועלכע האָט דעם נייעם אימיגראַנט, אין זיינע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע, אָפט געטראָפן — די מאָמענטן האָבן באַווירקט, אַז יעדער איינער האָט געזוכט אַן אייגענעם, אַ באַקאַנטן, מיט וועלכן מ׳זאָל קאָנען אויסרעדן אַן אינטים וואָרט, זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן, אין אַן עת צרה האָבן צו וועמען זיך ווענדן אויף באַ־

דאָס איבערגעבן ה׳ יוסף בורשטיין פון דער הסתדרות אין ישראל די ערשטע ראַטע אויפן פאָנד פאַר אַ בית־תרבות אין בת־ים אין ישראל.



אין דער ערשטער ריי פון רעכטס: פרוי פאָרער, בעני פאָרער, משה באַס, יוסף בורשטיין, טעמע באַס ע״ה, ראָוז אייזענגאַרט, פרוי גריינישטש, סאָוף שעף. אין דער צווייטער ריי. פון רעכטס: א באַראַן, פרוי באַראַן, ניסן פירער, פריי פירער, ראָוז פינקעל, יצחק פינקעל.

קומען אַ געוויסע מאַטעריעלע שטיצע א.א.וו.

ס'איז אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז די אַלע ספקות, וועלכע האָבן געגאַגט דעם נייעם אימיגראַנט, האָט מען געוואָלט אויס־רעדן אין דער געזעלשאַפט פון אַלטע באַקאַנטע, נאָך פון דער אַלטער היים. אין די ערשטע צייטן זענען נישט געווען קיין סך אַזעלכע פון איין און דער זעלבער שטאָט. האָט מען געזוכט מענטשן פון איין געגנט, פון איין לאַנד, אַבי צו געפינען אַן אָנשפּאַר אין די זכרונות און אַ מעגלעכקייט זיך צו טוליען איינער צום צווייטן אין פאַל פון אַ נויט.

האָט מען זיך, אין די ערשטע יאָרן, גרופּירט אַרום קליינע חברות, וועלכע האָבן געטראָגן דעם נאָמען: אַנשי, ד.ה. אַנשי ביאַליסטאָק, אַנשי בערדיטשעוו א.א.וו. מ'האָט געדונגען אַ לאָ־קאַל, אויפגעשטעלט אַ מנין, אין די אָוונטן געדאַוונט בציבור און נאָכן דאַווענען זיך אַריינגעלאָזט אין שמועסן אויפן אייגע־נעם מאַמע־לשון. דערביי האָט שוין די דאָזיקע קליינע חברה גענומען אויף זיך אַזעלכע אויפגאַבן, ווי באַזאָרגן די מיטגלידער מיט קרקע, אַ קדיש זאָגן אויפן קבר — נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר א.א.וו.




די גרינדער פון לויצקער ברענטש אין יאָר 1910

אַזוי איז געווען ביז סוף 19־טן יאָרהונדערט. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אין מזרח־אייראָפּע פאַרשטאַרקט די יידן־רדיפות און צוזאַמען מיט זיי — אַ נייער און מאַסנהאַפטער עמיגראַציע־שטראָם קיין אַמעריקע. ס'זענען אַנטשטאַנען גאָר נייע פּראָבלעמען ווי הכנסות אורחים, שאַפן אַרבעט פאַר די ניי־אָנגעקומענע, געבן פון צייט צו צייט אַ גמילת־חסד פאַר דעם אָדער יענעם, ווי אויך קראַנקן־שטיצע א.א.וו.

אין יענע יאָרן איז דער אימיגראַנטן־שטראָם באַשטאַנען פון אַן עלעמענט, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ נידעריקער גע־זעלשאַפטלעכער שטופע. דאָס זענען געווען מענטשן, וועלכע זענען אָנגעקומען אין נייעם לאַנד אַריין מיט גרויסע שוועריקייטן. זיי האָבן אין דער אַלטער היים קוים צונויפגעשטיקעוועט אויף רייזע־הוצאות, און געפאָרן אויף אַלטע און שטאַרק־אָפּגענוצטע שיפן, וועלכע האָבן זיי נאָך פיל וואָנדלונגען אויפן צעשטורעמטן ים, אַרויסגעוואָרפן אויף די ברעגעס פון נייעם לאַנד. דאָס זענען געווען אָרעמע בעלי־מלאכה, קליינהענדלער און סתם־מענטשן אָן באַשטימטער באַשעפטיקונג, וועלכע האָבן, אין דער אַלטער היים, נישט געהאַט קיין שום מגע ומשא מיט געזעלשאַפטלעכע ענינים.

איז דעריבער, אין די ערשטע צייטן פון זייער אָנקומען קיין אַמעריקע, אַנטשטאַנען אַ געוויסער אַרט קעגנזאַץ צווישן די אַלט־איינגעזעסענע אימיגראַנטן, וואָס זענען באַשטאַנען פון אַ מער געזעלשאַפטלעך אַנטוויקלטן עלעמענט און די ניי־אָנגעקומענע, וועלכע האָבן נישט געהאַט הינטער זיך קיין שום פּראַקטיק פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. צווישן אַנדערע האָט זיך דאָס אויסגעדריקט דערין, וואָס מ'האָט די לעצטע בדרך כלל נישט צוגעלאָזט צו דערפילן אַ וואָסער ס'זאָל נישט זיין גע־זעלשאַפטלעכע פונקציע.

אין אַלגעמיין גענומען איז די פאָרם פון אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע נישט געווען אַ קלאָר אויסגעאַרבעטע. מ'האָט נאָך אויף דעם געביט נישט געהאַט הינטער זיך קיין שום פּראַקטיק. האָט מען זיך אין דער ערשטער צייט געלערנט קאָפּירן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם פון די חברות פון די מזרח־אייראָפּעישע יידן לויטן מוסטער פון די געזעלשאַפטן, וואָס האָבן שוין פון לאַנג עקזיסטירט ביי די שפּאַנישע יידן, ביי די דייטשע א.א.וו. די דאָזיקע פאַראיינען זענען דורך די ערשטע יידישע אימיגראַנטן פון מערב־אייראָפּע און פון ספרדישע יידן געגרינדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1805. די דייטש־יאַהודישע „בני־ברית" איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1843.

זענען די סטאַטוטן פון יענע פאַראיינען געווען קאָפּירט לויט די כללים פון די אַלטע פאַראיינען און מיט אַזאַ דייטש־מערישער שפּראַך, וואָס גרילצט אין די אויערן דעם יידישן עלעמענט פון מזרח־אייראָפּע. דאָס זעלבע איז אויך נוגע די פאָרמאַליטעטן ביים אָננעמען נייע מיטגלידער, וועלכע זענען געווען געצוווּנגען אָפּצוגעבן אַ ספּעציעלע „שבועה" מיט אַזאַ אינהאַלט:

> איך פערשפרעכע פייערליכסט אין דער געגענווארט פון אלע היער אנוועזענדע מיטגליעדער פאן ערשטער לוצקער אונטערשטיצונגס פעראיין, דאס איך ווערדע דיא געזעצע ווי אויך אללע בעשליסע פאן דיעזעס פעראיין פינקטליך אויספאלגען, וויא אויך פון אלע פערהאנדלונגען

ביי די מיטינגען קיין אויסערען ניט איבערגעבען, און אויך שווערע איך, דאס איך זאָל ניע איינעם ברודער שלעכטעס טהאָן אונד וועל אויך אַרבייטען פיר דען וואָהל און בעסטען פון דיזען פעראיין, דארוף שווערע איך ביי מיין עהרע, זאָ העלפע מיר גאָטט אמן.

די פאַרפאַסער זענען געווען אַדורכגענומען מיט זייער פּראַקטיק פון געהיימע אָרגאַניזאַציעס, ווי מ׳האָט געדאַרפט אָפּהיטן געוויסע סודות. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס אַלץ האָט זיכער נישט געהאַט צו טאָן מיט די דערפאַרונגען פון די אָרעמע אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע, וועלכע האָבן דאָ אַזוי געהאַט צו טאָן מיט קאָנספּיראַציע און געהיימענישן, ווי אין דער אַלטער היים, פון וועלכער זיי זענען אַרויסגעפאָרן אין פולשטענדיקער אומוויסנהייט וועגן דער עקזיסטענץ פון געהיימע אָרגאַניזאַציעס בכלל.

פאַרשטענדלעך, אַז קוקנדיק פון דער היינטיקער פּערספּעקטיוו אויף די פאַרשידענע פאָרשריפטן און צערעמאָניעס, טיטולן און מעדאַלן, וואָס האָבן באַגלייט די טעטיקייט פון די אַמאָליקע פאַראיינען מיט זייערע אָנפירנדיקע פּני, זעט עס אונדז אויס

ביטטע געפעלליגסט דיזע נאָטיץ מיט צו ברענגען.

## ערשטע לויצקער אונטערשטיצונג פעראיין



נויארק, דען———טען — — — — — — — — — — 190

## ווערטהער ברודער:

זיא זינד היערמיט ערזוכט אם————דען————טען ד. מ., אום———אוהר אבענדס, אין אונזער פערזאמלונגס לאָקאלע 125 ריווינגטאָן סטריט, 2טען פלאָר, אום איינער — — — — — — — — — — — — פערזאמלונג בייצוואהנען.

צוועק: — — — — — — — — — — — — — — — —

**NATHAN SOROKO, Fin. Sec'y.**

| זיא שולדען אן | סענט | דאל. |
| --- | --- | --- |
| ריקשטענדען — — — — — — — — | | |
| קוואַרטאל בייטראַגע — — — — — — — | | |
| קרקע טעקס — — — — — — — | | |
| טאָדעס פאללע — — — — — — — | | |
| דאָקטאר אונד מעדיצין — — — — — — | | |
| עקסטרא אויפלאגען — — — — — — | | |
| שטראַפען — — — — — — — — — | | |
| סוממע — — — — — | | |

זיא ווערדען היערמיט עראינערט דאס אם — — — — — — — — — — — — — — — שטרייך אבענד איזט אונד וואללען געפעליגסט נעבענשטעהענדען בעטראג אין פאלל אם אבענגענאנטען דאטום בעצאהלען, ווידריגענפאלס זיא פאָן דער מיטגליעדער ליסטע געשטריכען ווערדען אונד פערלירען יעדען אנשפרוך אן דען גענוסען דעם פעראיינס.



זייער אין זייער קאַמיש. אָבער זיינערצייט זענען זיי געווען אַ גאַנץ וויכטיקערביישטייער אינעם גרויען און אַלטעגלעכן לעבן פון די אָרעמע יידישע אימיגראַנטן און צוגעגעבן אַ געוויסע חשיבות די אויסדערוויילטע.

אַ גרויסע ראָל האָט דאַן געשפּילט דער יערלעכער באַל, וואָס די דעמאָלטדיקע געזעלשאַפטן האָבן איינגעאָרדנט. געוויינלעך זענען דאָס געווען בעלער פון אַ געגנט, אָדער לאַנד, ווו מענטשן האָבן זיך געטראָפן און גוט פאַרבראַכט. צו די דאָזיקע בעלער האָט מען זיך געגרייט מיט דער גרעסטער פּאָמפּע. יעדער איינער האָט זיך באַמיט צו דערשיינען אין שענסטן און בעסטן, ווייל דאָס איז געווען די מאָס, לויט וועלכער מען האָט געמאָסטן יעדן איינעמס מאַטעריעלן מצב. די אויפגאַבע פון אַזעלכע יערלעכע בעלער איז געווען אַ דאָפּלטע. קודם כל האָבן זיי אַריינגעבראַכט אין די פאַראיינען אַ געוויסע הכנסה. צווייטנס, און דאָס איז געווען צום וויכטיקסטן, האָט מען זיך דאַן געטראָפן מיט משפחה, באַקאַנטע און פריינד. מ׳האָט זיך דאַן געקענט אַראָפּרעדן פון האַרצן, זיך דערמאָנען אין דער אַלטער היים און זיך טיילן מיט די פריידן און ליידן אין דער נייער היים. ס׳זענען אויף בעלער, נישט זעלטן, געשלאָסן געוואָרן שידוכים.

האָבן די דעמאָלטדיקע געזעלשאַפטן געהאַט פאַר זיך אַן אויפגאַבע צו שאַפן פאַר אירע מיטגלידער אַ געוויסע וואַרעמע אַטמאָספער פון אַ געזעלשאַפטלעך סאָציאַלער אויפלעבונג און אויך דערטיילן געוויסע הילף דעם נישט פאַרמעגלעכן אימיגראַנט אין אַ נויט־פאַל.

די בייגעלייגטע איינלאַדונג אויף אַ יערלעכן באַל פון די לויצקער לאַנדסלייט, אָנגעשריבן נישט דורך אַ פּראָפעסיאָנעלן פּאָעט, נאָר דורך אַ פּשוטן סטאָליער י. בלושטיין, באַווייזט מיט וואָס פאַראַפייערלעכקייט מ׳האָט זיך געגרייט צו אַזאַ וויכטיק געשעעניש.

## צו אונדזער באָל

ווידער קומען מיר צוזאַמען
מעמבערס, לאַנדסלייט, גוטע פריינד,
צו פייערן אַ גרויסן יום־טוב,
די אינדעפּענדענט לוצקער ווערט בר־מצוה היינט.

שטראָמען כוואַליעס מחנות מענטשן,
אין דעם שיינעם האפּקינסאָן האָל;
פריילעך, מינטער גלאַנצן אויגן,
היינט איז דער גרויסער לוצקער באַנקעט און באָל.

פאַרפּיינט אַ ווײַלע אַלע זאָרגן,
ניט געדאַגהט, ניט געטראַכט!
הוליעט, הוליעט, פריילעך חברה,
היינט איז די גרויסע לוצקער נאַכט.

און לאָמיר זיך ווינטשן אַז אין דער צוקונפט,
ווען מיר וועלן אונדזער 25־יעריקן יובילעום דערלעבן,
דעמאָלט, דעמאָלט, ניט געזאָרגט זיך,
וועלן מיר נאָך אַ טענצל געבן...

פון די אינדעפּ. לוצקער אייד סאָסייעטי

אין דער אונטערשטער שורה קאָן מען מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט פעסטשטעלן, אַז די געשאַפענע פאַראיינען פון די א.ג. אָסט־יידן זענען געווען אַ מוסטער פון דעמאָקראַטיע און קעגנזייטיקער זאָרג פון דער געזעלשאַפט פאַרן יחיד. זיי זענען אַנטשטאַנען אין דראַנג פון לעבן און האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ העכערע פאָרם פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. די אָנפירערשאַפט אין די פאַראיינען, וועלכע איז אין די ערשטע צייטן געלעגן אין די הענט פון די רייכערע עלעמענטן, איז ביסלעכוויז אַריבער אין די הענט פון עמך, וועלכע האָבן זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון צו זיין „פרעזידענטן" און „וויס־פרעזידענטן" און די דאָזיקע פליכטן אויספילן אויפן בעסטן אופן. ספּעציעל קאָן דאָס געזאָגט ווערן וועגן די אימיגראַנטן, וואָס זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און וועלכע זענען שוין געשטאַנען אויף אַ הויכן קולטורעלן ניוואָ. דאָס זענען געווען מענטשן מיט אַ רייכן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן סטאַזש. פיל פון זיי זענען דאָך געווען פּאָליטישע פּליטים, אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד און רומעניע צוליב די רדיפות פון דער רעאַקציאָנערער פּאָליציי. זיי זענען עס געוואָרן די שפּעטערדיקע אָרגאַניזאַטאָרן און פירער פון די פאַרשידענע „אַרבעטער־היימען", „יידישער אַרבעטער־פאַרבאַנד", „אַרבעטער־רינג" א.א. און אַריינגעטראָגן אין זיי זייער געזעלשאַפטלעכן אימפּעט. אַזוי, צום ביישפּיל, איז דורך זייער איניציאַטיוו אויסגעברייטערט געוואָרן די טעטיקייט פון די פאַרשידענע פאַראיינען און זי האָט אָנגענומען אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אין די צייטן פון ערשטן וועלט־קריג — 1914—1918 — האָבן זיי געשאַפן פון די אַלע אָרגאַניזאַציעס די „פּיפּל רעליף", וועלכע האָט געטראָגן הילף די קרבנות פון דער מלחמה. ס'זענען דאַן געזאַמלט געוואָרן מיליאָנען דאָלאַרן, וואָס זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין דער אַלטער היים. אַפילו דעם כאַראַקטער פון „דזשאָינט", וועלכער איז דאָך געגרינדעט געוואָרן דורך די דייטשע יאַהודים, האָבן די נייע אימיגראַנטן פון פריער דערמאָנטן טיפּ, אויך געענדערט, און פון אַ רייך־פילאַנטראָפּישער געזעלשאַפט פאַרוואַנדלט אים אין אַ גרויסער נאַציאָנאַל־וויכטיקער אינסטיטוציע, וועלכע האָט זיך אַזוי פּאָפּולער געמאַכט צווישן וועלט־יידנטום און געבראַכט כבוד די אַמעריקאַנער יידן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די טעטיקייט פון די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס אויסגעברייטערט געוואָרן און פון אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געדאַרפט דערטיילן שטיצע זייערע אייגענע מיטגלידער, ווי גמילת חסדים, קראַנקן־שטיצע, באַזאָרגן די מיטגלידער מיט אַ קרקע א.א.וו. זיך פאַרוואַנדלט אין אינסטיטוציעס, וועמענס אויפגאַבע איז שוין באַשטאַנען אין טאָגטעגלעכער זאָרג פאַר די נויטן פון דער אַלטער היים, וועלכע איז, צוליב די מלחמה־אָפּעראַציעס און אַנדערע באַגלייט־דערשיינונגען, פולשטענדיק רויִנירט געוואָרן. זייער ראָל האָט זיך, דעריבער, ראַדיקאַל געענדערט און פון אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נאָר געזאָרגט וועגן אייגענע מיטגלידער, זיך פאַרוואַנדלט אין אינסטיטוציעס פון אַ מער ברייטערן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער.


י. פּאַפּיר

די לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן אפילו באַוויזן צו שיקן ספּעציעלע שליחים אין דער אַלטער היים, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט דער „פאַראייניקטער לויצקער רעליף סאָסייטי" (לחם עניים) אין אַמעריקע, וועלכע האָט אַרויסגעשיקט איר דעלעגאַט י. פּאַפּיר פון וואַשינגטאָן, וועלכער האָט באַזוכט לויצק און אין נאָמען פון די לויצקער לאַנדסלייט אויפגעשטעלט פאַרשידענע וווילטעטיקע יידישע אינסטיטוציעס אין לויצק, ווי ביקור־חולים, בית־יתומים, לחם־עניים א.א.וו. און אויך דערטיילט אַ באַדייטנדיקע הילף אַנדערע יידישע אַנשטאַלטן אין לויצק.

דאָס זעלבע איז געשען אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג, ווען דאָס אייראָפּעישע יידנטום איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און איבערגעלעבט איינע פון די גרעסטע קאַטאַסטראָפעס, וואָס האָט אַמאָל געטראָפן דאָס יידישע פאָלק. מ'קאָן דרייסט פעסטשטעלן, אַז ווען נישט די לאַנדסמאַנשאַפטן וואָלט נישט מעגלעך געווען די גרויסע הילפס־טעטיקייט פון אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווי „יונייטעד דזשואיש אַפּיל", „דזשאָינט", „האַיאַס", „אָרט" א.א.וו. אַדאַנק די לאַנדסמאַנשאַפטן האָט מען לייכטער געקאָנט צוקומען צו די מיליאָנען יידן אין אַמעריקע.

און אויך אין יאָר 1948, נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינת־ישראל, איז די גרויסע נאַציאָנאַלע טעטיקייט פאַר ישראל פאַרלייכטערט געוואָרן אַדאַנק דער הילף פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף צוויי געביטן: אויפן פּאָליטישן, דורך אויסאיבן אַ שטאַרקן דרוק אויף דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט, און אין זאַמלען די הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן פאַר די צוועקן פון מדינת־ישראל.

אין די לאַנדסמאַנשאַפטס־געזעלשאַפטן זענען אויפגעשטעלט געוואָרן ספּעציעלע פרויען־קאָמיטעטן (ליידיס עקזילער בלע"ז), וועלכע אַנטוויקלען אַ ברייט פאַרצווייגטע פילאַנטראָפּישע טע־


פרויען אַקטיוויסטינס אין די יאָרן 20—1910

טיקייט. זיי זענען עס געווען די, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיטן זאַמלען קליידער, זיי רייניקן און איבערשיקן אין דער אַלטער היים, בכדי די נויטבאַדערפטיקע אָנצוטאָן אין אַ ריין בגד. זיי האָבן דערויף אַוועקגעגעבן אַ סך ענערגיע, בכדי צי דערפילן זייער יידישע און נאַציאָנאַלע פליכט. אַדאַנק זייער איניציאַטיוו איז געזאַמלט געוואָרן וועש און בעטצייג פאַר די שפּיטעלער און ביקור־חולים.

אין די לעצטע יאָרן איז צוגעקומען נאָך אַן אויפגאַבע פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטן: זיך זאָרגן, אַז דער אָנדענק פון דער אַלטער היימשטאָט זאָל נישט גיין פאַרלוירן; אַז דער זכרון פון דער צייט זאָל נישט אַרויסלאָזן די פאַרגאַנגענהייט פון די רייכע יידישע קהילות, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן פיל הערלעכע קאַפּיטלעך אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק אויף זיין דערנערפולן גלות־וועג אין די יידישע תפוצות.

זיכער האָבן זיך די ערשטע אָרעמע אימיגראַנטן פון לויצק פון מיט 60 יאָר צוריק נישט געקאָנט פאָרשטעלן אין זייער רייכסטער פאַנטאַזיע צו וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן כוח ס'וועט אויסוואַקסן די דעמאָלט־אָרגאַניזירטע חברה „אַנשי", וועלכע שפּילט היינט אַזאַ באַדייטנדיקע ראָל אין לעבן פון אַמעריקאַנער יידנטום און איז אויך אַ וויכטיקער טייל פונעם אָרגאַניזירטן וועלט־יידנטום.

און איצט צו דער כראָנאָלאָגישער זייט פון דער געשיכטע פון אונדזער לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט.

## ערשטער לויצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין, געגרינדעט דעם 5־טן מאַי 1902

די ערשטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין הויז פון סאָלאָמאָן באַראַש, ניו־יאָרק 86 לודלאָוו גאַס. די איניציאַטאָרן פון דער פאַרזאַמלונג זענען געווען: העריס קאָהן, דוד אייזן, דוד נוסבוים, סאָלאָמאָן באַראַש, העריס שניידער, די ברידער סעם, העריס און היימאַן בלעקמאַן, ישראל שעכטער, יעקב מאלין, יוסף ראָט (רויטער). אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז אָנגענומען געוואָרן דער אויבנדערמאָנטער נאָמען און די צילן פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע, אין איינקלאַנג מיטן נאָמען, ד. ה. אַז איר אויפגאַבע וועט זיין: דערטיילן שטיצע די, וואָס נייטיקן זיך אין איר. יעדער מיטגליד איז באַשטייערט געוואָרן מיט 10 סענט וועכנטלעך. אויפן אָרט איז באַלד געשאַפן געוואָרן די „גוואַלדיקע" סומע פון 7 מיט אַ האַלבן דאָלאַר.

קיין גרויסע זאַכן האָט די דעמאָלטדיקע סאָסייטי נישט אויפגעטאָן, ווייל אין דער מערהייט פאַלן זענען דאָס געווען מענטשן, וועלכע זענען נישט געווען קיין גרויסע בקיאים אין הלכת געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אויסער צוויי פון די אַנוועזנדיקע, דוד אייזן, וועלכער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט און דוד נוסבוים, וועלכער איז געווען אַן אַדוואָקאַט, האָבן די איבעריקע נישט געהאַט קיין אַנונג פון אַ וואָסער ס'זאָל נישט זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. די דאָזיקע צוויי טוער האָבן זיך, זעט אויס, שנעל אַנטיישט אינעם מענטשן־מאַטעריאַל, מיט וועלכן ס'איז זיי אויסגעקומען מיטצואַרבעטן און האָבן דעריבער פאַרנאַכלעסיקט זייער טעטיקייט.

זי איז ווידער באַנייט געוואָרן מיטן אָנקומען פון אַ נייעם אימיגראַנטן־שטראָם אין יאָר 1903. דעם 13־טן סעפּטעמבער 1903 איז אין הויז פון העריס קאָהן אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייער פּרעזידענט ל. גיטלמאַן. די פּראָטאָקאָלן פון יאָר 1902 זענען פאַרלוירן געגאַנגען. פון די זכרונות, וואָס אייניקע גיבן איבער, זעט זיך אַרויס, אַז דאָס פעלן פון אַ גרויסער טעטיקייט אין יענעם יאָר איז אַ רעזולטאַט פון מאַנגל אין אַן אינטעליגענטן עלעמענט. זיי זענען דאַן געווען געצוווּנגען אַריינצונעמען אין דער אָרגאַניזאַציע אייניקע נישט־לויצקער, בכדי זיך פון זיי לערנען ווי אַזוי אָנצופירן מיט אַן אָרגאַניזאַציע. ס'איז דאַן אַנטשטאַנען אַ געוויסער שטרייט אַרום דער פּראָפּאָזיציע וועגן אָנשליסן זיך אין אַן אָרדן, אָבער ס'איז דערצו נישט געקומען, ווייל זיי האָבן געוואָלט זיין אַן אומאָפּהענגיקע אָרגאַניזאַציע. מ'האָט זיך דעמאָלט איינגעקויפט אַן אייגענעם בית־עולם. אַלע מיטגלידער מיט זייערע פרויען און קינדער, אין דער צאָל פון קנאַפּע פופציק פּערזאָן, זענען אַרויסגעפאָרן זיך באַקענען מיט זייער נחלה... פון יענעם פּעריאָד, לויט די פּראָטאָקאָלן, וואָס זענען איבערגעבליבן, זעען מיר, אַז דער פּרעזידענט, דער לאַנדסמאַן גיטלמאַן, וועלכער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו פירן אַ פאַרזאַמלונג, איז געווען געצוווּנגען צו דעסיגנירן אַן אַנדערן פּאָרזיצער, וועלכער זאָל אָנפירן מיט די פאַרזאַמלונגען פון דער געזעלשאַפט. דאָס איז געווען אַ געוויסער א. לימאַן, וועלכער איז, אגב, אַליין נישט געווען קיין לויצקער, אָבער זיך אויסגעקענט אויף די „קליינע אותיות" און געוווּסט ווי אַזוי זיך אָרגאַניזאַציאָנעל צו אָריענטירן. אַזוי איז עס געווען עטלעכע יאָר, ביז אין יאָר 1906, ווען עמך־מענטשן האָבן באַקומען אַ ביסל דערפאַרונג און זענען שוין געווען אַליין פעיק אויסצופירן די שווערע אויפגאַבן פון אַ פּרעזידענט אָן שום זייטיקער, נישט־לויצקער, הילף.

אין יענע ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטירנדיקער אָרגאַניזאַציע, האָט מען נאָך נישט פאַרמאָגט קיין אייגענעם לאָקאַל. מ'פלעגט זיך פאַרזאַמלען אין פּריוואַטע וווינונגען. ווען ס'האָט געדאַרפט פאָרקומען עפּעס אַ יום־טוב, האָט מען אַזאַ לאָקאַל געדונגען. אין אַלגעמיין זענען אויף די פאַרזאַמלונגען באַהאַנדלט



סעם זינגער מיט די בילדער פון זיינע צוויי זין, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אַלס אַמעריקאַנער זעלנער אין דער מלחמה קעגן היטלער־דייטשלאַנד.

געוואָרן פאָלגנדיקע פּראַגן: אָננעמען נייע מיטגלידער, זוכן קוועלן אויף איינקונפטן, אויסטיילן געוויסע אינסטאַנצן, וואָס זאָלן זיך פאַרנעמען מיט ביקור־חולים און איינשטעלן באַשטימטע נאָרמעס, וואָס רעגולירן דאָס אָרגאַניזאַציאָנעלע לעבן פון דער מיטגלידערשאַפט.

אַלס אַקטיווע טוער פון יענער צייט האָבן זיך אַרויסגערוקט די „ברידער": גיטעלמאַן, קאָהן, יוסף ראָט (רויטער), די ברידער בלעקמאַן, קאַץ, באַראַש, שניידער, כאַיט, סעם זינגער (שייקע צוקער) און שטראַכער.

אַ געוויסע ענדערונג איז אַריינגעטראָטן אין יאָר 1909, ווען פּרעזידענט איז געוואָרן יאָנטל־מאָריס צוריף (אַ זון פון מלמד מאיר דעם קרומענס), וועלכער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט זיך אויסצוצירן אין פאַרשידענע מעדאַלן און לענטעס ווען ער האָט געפירט דעם פאָרזיץ אויף די פאַרזאַמלונגען. זעט אויס, אַז דאָס האָט ער זיך אויסגעלערנט פון אַנדערע געהיימע מאַסאָנען־לאָזשעס, ווו ס'זענען געווען אָנגענומען די אַלע צערעמאָניעס... פון וואַנען ער האָט זיך איינגעשאַפט די פאַרשידענע מעדאַלן, וועלכע ער האָט זיך געלאָזט אָנהענגען, בעת ער איז געזעסן אויף דער טריבונע און אָנגעפירט מיט דער פאַרזאַמלונג — ווייסט קיינער נישט. ספּעציעל האָט אים אימפּאָנירט

LUTZKER BRANCH No. 583 W. C.

Ch. Pollack, Fin. Sec'y
1819 Clinton Avenue
Bronx, N. Y.

A. Pugan, Br. Hospitaler
751 E. 181st Street, Bx.
Apt. 4-A -- PO 4-8080

LUTZKER
WOMEN'S CLUB BR. 583-B. W. C.
לוצקער

די פּרעזידענטן־לענטע, וועלכע איז געווען אַריבערגעוואָרפן איבער דער ברוסט. מיט דער שיינער מעלאָדישער טענאָר־שטימע און מיט די אָראַטאָרישע פעיקייטן האָט ער געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף זיינע לאַנדסלייט און אַריינגעבראַכט אינעם גרויען לעבן פון די לויצקער אַ געוויסע יום־טובדיקייט. ער האָט אַ סך געטאָן פאַרן פאַראיין, אַריינגעצויגן פיל נייע מיטגלידער און זיך באַמיט צו פאַרגרעסערן די הכנסות פון דער אָרגאַניזאַציע. אָבער נאָך אַ שטיקל צייט האָט מען אים באַזייטיקט פון פּרעזידענטן־אַמט און אָנפאַרטרויט צווייטראַנגיקע אַמטן. שפּעטער האָט ער זיך פולשטענדיק צוריקגעצויגן פון דער אַקטיווער מיטאַרבעט אין פאַראיין.

אין דער תקופה צווישן יאָר 1910 און 1945 האָבן זיך פיל לויצקער לאַנדסלייט אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון זייער אַקטיווער טעטיקייט פון אונדזער פאַראיין. צווישן זיי זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן זייער גאַנצע ענערגיע אַריינגעלייגט אין דער פאַרגרעסערונג פון מאַטעריעלן צושטאַנד פון פאַראיין און געהויבן זיין פּרעסטיזש.

## ערשטע לויצקער
### אונטערשטיצונגס פעראיין

### בעאמטע פון פעראיין

| | |
|---|---|
| נייטען ראָזענטהאל | עקס־פּרעזידענט |
| יוסף ראָטה | פּרעזידענט |
| היימי שטומאקאף | וויס־פּרעזידענט |
| מאריס בלעקמאן | רעקאָרדינג סעק. |
| אייזיק אינגערמאן | פינאנס סעק. |
| סעם בלעקמאן | טרעזשורער |
| מאקס גרעסס | טראָסטי |
| סעם סינגער | " |
| קאָס וויטאס | " |
| זעליג מאטארין | אינערוואכע |
| מייער קאוורוק | האָספּיטעלער |

### גמילות חסדים בעאמטע

| | |
|---|---|
| סעם סינגער | טשערמאן |
| מאקס גרעסס | סעקרעטער |
| היימי בלעקמאן | טרעזשורער |

היינט־צו־טאָג איז שוין די לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט נישט קיין צאָלרייכע. פון דער אַלטער גוואַרדיע איז שוין ווייניק געבליבן. נייע קומען נישט צו. נאָר אַדאַנק אייניקע אַקטיווע מיטגלידער ווערט זי אויפגעהאַלטן. צווישן זיי זענען נאָך טעטיק די ברידער בלעקמאַן, קאָס וויטעס, בראַון און דער איבערגעגעבענער סעקרעטאַר יוסף בערעזאָווסקי (אַליין נישט קיין לויצקער, נאָר אַ חתונה־געהאַטער מיט אַ לויצקער פרוי).

דערמיט שליסן מיר די שילדערונג פון דער רייכער און רומפולער טעטיקייט פון דעם „ערשטן לויצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין". די ווייטערדיקע באַשרייבונגען, וואָס וועלן אַרומנעמען אַנדערע צווייגן פון דער טעטיקייט פון אונדזערע לויצקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וועלן נאָר זיין אַן אָפּגלאַנץ פון דער טעטיקייט פונעם „ערשטן לויצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין". ער האָט אויף אַלע אַנדערע אונדזערע לויצקער אינסטיטוציעס אויף אַזויפיל געווירקט, אויסגעשפּרייט זיין מאָראַלישע השפּעה, אַז זיי אַלע דאַרפן פאַררעכנט ווערן ווי פאַרשידענע אָפּצווייגונגען פון דער מוטער־אינסטיטוציע, וועלכע האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט מיט איר פרוכטבאַרער טעטיקייט, אַז זי איז געוואָרן אַ מוסטער פון אויפריכטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט לטובת הכלל. איר טעטיקייט האָט זיכער מיט זיך געבראַכט פיל גלאַנץ דעם אַמעריקאַנער יידישן ישוב.

## אינדעפּענדענט לויצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין (בראָנזוויל)

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז אייגנטלעך געווען אַן אָפּשפּאַלטונג פון דער אַלטער לאַנדסמאַנשאַפט און איז אַנטשטאַנען צוליב אייניקע סיבות. קודם כל האָבן פיל לויצקער געוווינט זייער ווייט פונעם יידישן צענטער, ווו ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט דער רוב לויצקער, וועלכע פלעגן אָפּהאַלטן זייערע פאַרזאַמלונ־

גען אין יידישן צענטער פון ניו־יאָרק, אין דער „איסט־סייד". איז פאַר די, וואָס האָבן געוווינט אויף די פעריפעריעס פון ניו־יאָרק, געווען גאַנץ שווער צו קומען אויף די דאָזיקע פאַר־זאַמלונגען. צווייטנס, איז אויך צוגעקומען דער אַלטער יידישער ברוגז, רייסערייען מיט דער אָנפירערשאַפט פונעם אַלטן פאַראיין. האָבן זיך די ליוצקער, וואָס האָבן געוווינט אין „בראַנזוויל", מיט יוסף בלושטיין אין דער שפּיץ, פאַרשטענדיקט און אָרגאַני־זירט אַ באַזונדערן פאַראיין. דער דאָזיקער בלושטיין, וועלכער איז, דרך אגב, נישט קיין ליוצקער, נאָר זיין פרוי שטאַמט פון ליוצק, האָט זיך געשטעלט בראש פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע און איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס איר ערשטער סעקרעטאַר. דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1914. בלושטיין, אַלס סטאָליער, האָט זיך געטראָפן מיט נאָך ליוצקער און נישט־ליוצקער סטאָליאַרעס אויף דער סטאָליער־בירזשע, ווו זיי האָבן זיך פאַרשטענדיקט וועגן גרינדן אַן אומאָפּהענגיקן (אינדעפּענ־דענט בלע"ז) פאַראיין פון זייער געגנט. די הויפּט־סיבה פון די קריגערייען אין דער אַלטער אָרגאַניזאַציע איז געווען די נישט צופרידנשטעלנדיקע האַנדלונג פון דער אָנפירערשאַפט פונעם אַלטן פאַראיין.

צוליב דער אומאָנגענעמער פּראַקטיק פונעם אַלטן פאַראיין האָט מען אינעם נייעם פאַראיין באַשלאָסן נישט צו וויילן קיין פּרעזידענטן, נאָר אַ סעקרעטאַר. אַ פאָרזיצער האָט מען געוויילט אויף יעדער פאַרזאַמלונג באַזונדער· די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער זענען אויסגעקליבן געוואָרן נאָר אויף אַ תקופה פון דריי מאָ־נאַטן. אַזוי האָבן זיי זיך געפירט ביז אָנהייב יאָר 1916, ווען זיי האָבן ווידער באַשלאָסן יאָ אויסצוויילן אַ פּרעזידענט מיט אַנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אויף אַ גאַנץ יאָר. דערביי האָט מען צוגעגעבן אַ תנאי צום נייעם באַשלוס, אַז אויב אין מיטן טערמין וועט עמעצער זיך נישט האַלטן אין די ראַמען פון די אָנגענומענע דעמאָקראַטישע באַשלוסן — וועט מען אים קאָנען דעמיסיאָנירן. אַזוי איז געשען אייניקע מאָל, ווען מ'האָט אָט די קלאַוזולע אָנגעווענדעט אין לעבן.

דער דאָזיקער פאַראיין איז אַנטשטאַנען אין סאַמע ברען פונעם ערשטן וועלט־קריג. שוין אין נאָוועמבער 1914 ווערט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער מיטגלידערשאַפט באַשלאָסן אויס־צוויילן אַ קאָמיטעט — אין באַשטאַנדטייל פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: יוסף גאָלדשטיין, סעם קירזשנער, אברהם מענדעל־סאָן און יוסף גאָלדבערג — וועלכער האָט זיך געווענדעט צום אַלטן „ערשטן ליוצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין" וועגן אונ־טערנעמען געמיינזאַמע שריט, בכדי צו העלפן די מלחמה־קרבנות פון דער אַלטער היים.

דאָס באַווייזט די הומאַניטאַרע איינשטעלונג פון דער נייער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט נאָך נישט באַוויזן ווי געהעריק איינצואָרדענען אירע אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן — און שוין זיך אָפּגעבן דעם געדאַנק וועגן דערטיילן הילף די נויטבאַדערפטיקע. אין אַקטיוו פון נייעם פאַראיין האָבן זיך אויסגעצייכנט: יוסף בלושטיין, סעם קירזשנער, נייטן לעמפּערט, הערי דאגאַוויטש, יעקב סאָלניק, טשאַרלז גראַבער, אייב ניעמעץ און ירחמיאל בערמאַן. אין דער שפּעטערדיקער תקופה זענען נאָך צוגעקומען די „ברידער": מאיר גאָלדבלאַט, הערי סיגאַל און מאַקס לעווין. די אַלע אויסגערעכנטע פּערזאָנען האָבן אין פאַרשידענע צייטן פאַרנומען אין נייעם פאַראיין אַמטן פון פּרעזידענטן, סעקרעטאַרן, קאַסירער א.א.וו.

דער דאָזיקער פאַראיין איז געווען אָנגעשלאָסן אין „לחם־עניים" קאָמיטעט און דערנאָך אין דער „פאַראייניקטער ליוצקער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע" און האָט אַרויסגעוויזן אַ לעבהאַפטע טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. ביים נייעם פאַראיין האָט אויך עקזיסטירט אַ פרויען־סעקציע. היינט־צו־טאָג, נאָך 46 יאָר אַקטיווער אַרבעט, ווייזט נאָך דער דאָזיקער פאַראיין אַרויס אַ לעבהאַפטע טעטיקייט, אין וועלכער ס'צייכענען זיך אויס פיל אַלטע מיטגלידער.

לאָמיר האָפן, אַז זיי וועלן עס פאָרזעצן נאָך לאַנגע־לאַנגע יאָרן.

## „פאַראייניקטער ליוצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין"

אין יאָר 1930 האָבן זיך אייניקע מיטגלידער פונעם אַלטן פאַראיין אָפּגעטיילט און צוזאַמען מיט נאָך אייניקע נישט־ליוצקער געגרינדעט דעם אויבנדערמאָנטן פאַראיין. די אַקטיווע טוער זענען געווען: יוסף ראָט (רויטער), מאָריס סאָסנע, יוסף פינקעלשטיין, ספּעקטאָר, פערשטאט און נ. גרין.

וואָס אַן אמת האָבן זיי בכלל נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויסע אַקטיווקייט, אין די יאָרן 1935—1940 זענען זיי געווען אָנגע־שלאָסן אין „לחם עניים" און זיך באַטייליקט אין אירע אַרבעטן. דאָס לעצטע איז צושטאַנדגעקומען אַדאַנק יוסף ראָט, וועלכער איז דאַן געווען דער פּרעזידענט פון נייעם פאַראיין. אין אַלגעמיין גענומען האָבן זיי זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין ספּעציעלס און ס'איז צווייפלהאַפט צי זיי האַלטן ביים היינטיקן טאָג אָפּ זייערע פאַרזאַמלונגען.

## ליוצקער ברענטש 583 אַרבעטער־רינג

דעם שרייבער פון די שורות וועט זיין גאַנץ שווער אָביעק־טיוו צו שרייבן וועגן דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער אָרגאַ־ניזאַציע, ווייל ער געהערט צו די ערשטע אַקטיווע טוער אירע און ווערט, דעריבער, פאַר־רעכנט אַלס פאָטער פון ברענטש, ווו ער האָט אַ סך יאָרן פאַרנומען דעם אַמט פון איר פאָרזיצער. און אַזוי ווי אַ פאָטער פאַרזעט פיל עוולות פון זיין אייגן קינד, אַזוי אויך וועט דער שרייבער פון די דאָזיקע זכרונות נישט קאָנען אויסמיידן אָט דעם פעלער. וועלן אים די לעזער מוחל זיין אויב ער וועט, אין אַ געוויסער מאָס, מגזים זיין אין דער שילדערונג וועגן דער טעטיקייט פון ברענטש.



פערל מאַראַנץ

פיר מיטגלידער־חברים זענען מיר געווען: יצחק פינקעל, אברהם פאגאן, יעקב גרינשטיין און יואל בארנבוים. אין יאָר 1916 פלעגן מיר זיך גאַנץ אָפט טרעפן אין הויז פון דער „מאַמען" פון די ליוצקער, פערל מאַראַנץ. איר הויז האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אינעם לעבן פון די אַלטע, ווי אויך

ניי־אָנגעקומענע לויצקער לאַנדסלייט. וועגן דאָזיקן הויז, איר אייגנטימערין מיט ז ירע 5 שיינע טעכטער האָב איך ·געווידמעט אַ ספּעציעל אַרטיקל וואָס איז, זיינערצייט, אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ ספּעציעלן זשו ·נאַל אַרויסגעגעבן צום 75־יעריקן געבוירנטאָג פון פּערלען. ז אָס דאָזיקע אַרטיקל געפינט זיך אין מוזיי פון בת־ים אין יש׳ראל. די אויסגערעכנטע 4 חברים האָבן זיך עפּעס נישט געקאָ.ט אַריינפּאַסן אין די ראַמען פון דער אַלטער לויצקער סאָסייטי· ס׳איז זיי נישט געווען צום האַרצן די גאַנצע פירונג פון דער לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט מיט זייערע קענצייכנס, ספּעציפישע פאַרזאַמלונגען און דייטשמעריש לשון, און זייענדיק מענטשן פון אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטער־ריכטונג, האָבן זיי באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אַלס אַ צווייג פון גרויסן אַרבעטער־אָרדן „אַרבעטער־רינג“, ווו זיי האָבן אויסגעלאָדן זייער געזעלשאַפטלעכע ענערגיע· דער דאָזיקער „אַרבעטער־רינג“ איז פאַקטיש געווען אַ פאָרזעצונג פון פּוילישן „בונד“ און געדינט ווי אַ „רויטער קרייץ“ פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און פון דעם רוב מיטגלידער, וועלכע זענען געווען פּאָליטישע פּליטים. מ׳האָט זיך נישט געקענט אַריינפּאָסן אין די אידעאָלאָגישע ראַמען פון אַלטן אונטערשטיצונגס־פאַראיין, וועלכער פלעגט דערטיילן הילף אין דער פאָרם פון אַ צדקה... דאַקעגן אין „אַרבעטער־רינג“ איז יעדער מיטגליד געווען פאַרפליכטעט צו נאָרמאַלע וועכנטלעכע צאָלונגען, וועלכע האָבן אים געגעבן אַ רעכט צו באַקומען, אין פאַל פון אַ נויט, נאָרמאַלע פעסטגעשטעלטע אויסצאָלונגען. אין צייט פון פאַרשטאַרקטע עקאָנאָמישע קאַמפן, וואָס די „יוניאָנס“ האָבן געפירט פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער מאַטעריעלער לאַגע פון זייערע מיטגלידער, האָט דער „אַרבעטער־רינג“ געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו דערטיילן די עקאָנאָמישע הילף פאַר די שטרייקנדיקע מיטגלידער און זייערע פאַמיליעס; אין פאַל פון קראַנקייט — געבן מעדיצינישע הילף; אין פאַל פון אַרבעטסלאָזיקייט — געבן די געהעריקע שטיצע א. א. וו.

ווי ס׳איז צו זען, זענען די אויפגאַבן געווען ריין עקאָנאָמישע, פון קעגנזייטיקער שטיצע און פון אַ העכסט דעמאָקראַטישן כאַראַקטער.

מיר האָבן זיך ענערגיש גענומען צו דער אַרבעט און געשאַפן די נויטיקע 25 מיטגלידער, בכדי אַרויסצובאַקומען דעם געהעריקן „טשאַרטער“ אַלס ברענטש פון „אַרבעטער־רינג“.

און היות ווי דער צענטער פון אונדזער נייער טעטיקייט איז געווען ס׳הויז פון פּערל מאַראַנץ — איז נאַטירלעך, אַז די ערשטע רעקרוטן פון אונדזער פאַראיין זענען געווען אירע דריי איידעמס: איזידאָר מיללער, יואל פּאַפּיר און איזידאָר העלמאַן. דער נייער אימיגראַנטן־עלעמענט איז באַשטאַנען פון מענטשן מיט אַ פיל העכערער אינטעליגענץ, ווי דער אימיגראַנטן־עלעמענט פון די יאָרן 1900—1890. דאָס זענען געווען, ווי שוין דערמאָנט, אַנטלאָפענע צוליב פּאָליטישע רדיפות, פון די פּאָגראָמען א. א. וו. און זיי האָבן געהאַט הינטער זיך, אין דער אַלטער היים, אַ לאַנגיאָריקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן געשאַפן די נייטיקע 25 מיטגלידער. אַ חוץ די פריער דערמאָנטע 4 חברים און דריי איידעמס, זענען נאָך צוגעקומען: חיים בלעק מיט זיין שוועסטער, איזידאָר קעללער (דווקא אַ קאָוולער, נאָר אַ חתונה געהאַטער מיט דאַוו׳ס טאָכטער פון לויצק), בעני נאַדעל, חוה מענדעלעס, העררי דיכטער, אַבוש אייזנגאַרט, א. זינגער, מעק מאַיערס, די שוועסטער האַמיש, יעקב גרינשטיין און פיל אַנדערע, וועמענס נעמען כ׳האָב שוין פאַרגעסן.

וואָס אַן אמת האָט נאָך פריער עקזיסטירט אַ לויצקער ברענטש, נאָר צוזאַמען מיט עטלעכע קאָוולער, וועלכע האָבן געמיינזאַם אָרגאַניזירט דעם קאָוולער־לויצקער ברענטש. מיטן מאָמענט אָבער ווען ס׳איז אַנטשטאַנען דער נייער לויצקער ברענטש, האָבן זיך עטלעכע לויצקער פון קאָוולער־לויצקער ברענטש אָנגעשלאָסן אינעם נייעם ברענטש.

די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען דעם 17־טן מערץ 1917 אין אַ לאָקאַל אויף גרענד־סטריט און איז געווען אַ זייער אימפּאָזאַנטע. ס׳זענען דערהאַלטן געוואָרן באַגריסונגען פונעם אַלגעמיינעם „אַרבעטער־רינג“, ווי אויך פון אַנדערע איינגעלאַדענע געסט פון דער ליטעראַרישער און קינסטלער־וועלט. נאָך דער פאַרזאַמלונג האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ באַנקעט, טאַקע ביי פּערל מאַראַנץ אין הויז, ווו מיר האָבן פאַרבראַכט אין אַ היימישער און פריילעכער אַטמאָספערע ביזן ווייסן טאָג אַריין. דאַן האָבן מיר זי טאַקע געקרוינט מיטן טיטל „מאַמע פון די לויצקער“, וועלכן זי טראָגט מיט שטאָלץ ביזן היינטיקן טאָג — הלוואי צו לאַנגע־לאַנגע יאָר.

אַזוי ווי פאַרשידענע בענעפיטן און עקאָנאָמישע הצטרכותן ווי אויך די פראַגע פון קרקע איז געלעגן אין דער קאָמפּעטענץ פון אָרדן, האָט שוין דער ניי־געגרינדעטער ברענטש נישט געדאַרפט זיך זאָרגן וועגן די דאָזיקע ענינים און האָט געקאָנט גאַנץ פריי זיך אָפּגעבן מיט דער פּראַקטישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט צווישן די לויצקער לאַנדסלייט· ספּעציעל האָט ער זיך געווידמעט דער ספּעציפיש־יידישער טעטיקייט לויטן מוסטער פון דער אַלטער היים... אין יענע טעג האָט דער ברענטש אָרגאַניזירט דעם „פאַראייניקטן לויצקער רעליף“, וועלכער האָט אָנגעהויבן זאַמלען קליידער און מעדיצינישע הילף, וואָס זענען איבערגעשיקט געוואָרן קיין לויצק און פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די מלחמה־קרבנות. נאָך דער מלחמה איז אַ מיטגליד פון ברענטש געשיקט געוואָרן קיין לויצק אַלס דעלעגאַט, אין דער פּערזאָן פון יואל פּאַפּיר, וועלכער האָט מיטגענומען אַ גרויסע סומע געלט פאַר די לויצקער תושבים. דאָס איז געווען אין יאָר 1919.

אין יאָר 1934 איז ווידער באַנייט געוואָרן די הילפסאַרבעט פאַר לויצק און די ברענטש־מיטגלידער, די גרינשטיינס, באַרענבוים א. א. האָבן ווידער אָרגאַניזירט דעם „לחם־עניים“־קאָמיטעט, וועלכער האָט אין די יאָרן פון צווישן די לעצטע צוויי וועלט־מלחמות איבערגעשיקט טויזנטער דאָלאַרן יערלעך פאַר פאַרשידענע לויצקער אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן.

אין יאָר 1942, ווען ס׳האָט זיך אָנגערוקט אויפן פּוילישן יידנטום די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, איז לויט דער איניציאַטיוו פון די ברענטש־מיטגלידער פינקעל און פירער צושטאַנדגעקומען די פאַראייניקונג פון אַלע לויצקער לאַנדסמאַנשאַפטס־אָרגאַניזאַציעס אין איין פאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע, בכדי צו קאָנען ווירקזאַמער טראָגן די מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף די געליטענע ברידער פון מעבר לים.

נאָכן אַנטשטיין פון מדינת ישראל האָט זיך דער ברענטש

פאַראייניגטע

# לוצקער רעליעף

קאמיטע

לחם עניים

ווערטהע פריינד און לאנדסלייט:

פיר די לעצטע 6 יאָהר זינד עס עקזיסטירט די לחם עניים (לוצקער רעליעף קאָמיטע) זענען די פריינדע דארא גרינשטיין, רעק. סעק. און דזש. בלושטיין, פינ. סעק. געשטאַנען אויף זייערע פאסטענס מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט און געטריישאַפט ביי דער ארבייט צו זאַמלען שטיצע פיר די נויטליידענדע אין לוצק.

אויף דעם אַלגעמיינעם פערלאַנג פון די מיטגלידער איז באַשלאָסען געוואָרען צו אַראַנדזשירען אַן אָבענד צו אויסדריקען אונזער אַלעמענס אַנערקענונג פאַר זייער גוטער אַרבייט.

דער עהרע אָבענד וועט פאָרקומען זונטאג אום 5 אַזייגער 14טען מאַרטש 1937, אין ארעלס רומעניען אינן, 301 ברום סט. (ניער פאָרסייטה סט.) נ. י. וואו מיר וועלען זיך אַלע צו זאַמען קומען און אויס דריקען אונזער אַנערקענונג צו די בעאַמטע דארא גרינשטיין און דזש. בלושטיין.

די פרייז איז צוגיינגליך, ניט מעהר ווי 1.52 $ פער פערזאָן. אַ פיינעם סאפער און אינטערטיינמענט.

מיט גרוס,

די אראנדזשמענט קאָמיטע.

באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין הילף פאַר איר. און כאָטש די ווייט גרעסטע מערהייט פון די ברענטש־מיטגלידער איז נישט ציוניסטיש געשטימט, נאָר שטאַמט פון בונדישע און אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען — דאָך האָבן אַלע פאַר־שטאַנען, אַז מדינת ישראל איז די איינציקע לייזונג פאַר די, וואָס זענען אַרויס פון די וועלדער, קעלערס און היטלעריסטישע לאַגערן.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען צוליב געוויסע סיבות האָט די לויצקער הילפּס־אָרגאַניזאַציע געהאַלטן ביים צעפאַלן זיך, זענען טאַקע די לויצקער ברענטש־מיטגלידער געווען די, וואָס האָבן איבערגענומען פאַרשידענע אַגענדן און אויף אייגענער האַנט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט און געשאַפן די געהעריקע געלט־מיטלען פאַרן בית־תרבות אין בת־ים אין ישראל, פאַר דער גמילת־חסד־קאַסע אין ישראל א.א.וו.

די ברענטש־מיטגלידער ווייזן אַרויס אַ זייער לעבעדיקן אינטערעס צו דעם, וואָס ס'קומט פאָר אין ישראל. זיי האָבן איינגעשטעלט אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט די לויצקער אין ישראל. אין די יאָרן 1955 און 1958 זענען קיין ישראל אַרויס־געשיקט געוואָרן ספּעציעלע דעלעגאַציעס, וועלכע האָבן זיך באַקאָנט מיט די באַדינגונגען אין ישראל און זיך געטראָפן מיט פיל עולים פון לויצק אין מדינת ישראל. דעם זעלבן אינטערעס ווייזן זיי אַרויס פאַר אַלע לויצקער פּליטים, אָן אונטערשיד ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען.

היינט־צו־טאָג זענען מיר שוין אין אַ פיל פאַרקלענערטער צאָל מיטגלידער. די אַלטע שטאַרבן אויס. קיין נייע אימיגראַנטן קומען נישט. אָבער דאָך, נישט קוקנדיק אויף דער פאַרקלענער־טער צאָל מיטגלידער (קוים 65) איז אונדזער טעטיקייט בכלל נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. פאַרקערט, זי איז נאָך היינט־צו־טאָג פיל שטאַרקער, ווי זי איז געווען מיט 44 יאָר צוריק, ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן.

## לויצקער פרויען־ברענטש ביים 583 אַרבעטער־רינג

אויף דער איניציאַטיוו פון עטלעכע מענער־ברענטש־מיטגלידער איז אין יאָר 1935 געגרינדעט געוואָרן דער פרויען־ברענטש. די פרויען האָבן זיך ספּעציעל געווידמעט דער אַקציע פאַר פאַרשידענע וווילטעטיקע צוועקן און אין זייער הומאַניטאַרער אַרבעט געזאַמלט יערלעך טויזנטער דאָלאַרן פאַר פאַרשידענע אַנשטאַלטן. דער פרויען־ברענטש איז טאַקע געווען די טיר, דורך וועלכער גרעסער הילפס־געזעלשאַפטן האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צוצוקומען צו דער הויז־פרוי. דער פרויען־ברענטש האָט אַריינ־געשריבן אַ הערלעך קאַפּיטל אין דער פינאַנסיעלער טעטיקייט פון פיל אָנגעזעענע אינסטיטוציעס. אין אָנהייב איז, ווי געוויינ־לעך, געגאַנגען די אַרבעט אַ ביסל שווערלעך, אָבער ביסלעכווייז האָבן אונדזערע פרויען אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די וויכטיקייט פון טראָגן הילף און האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט דער געהעריקער התלהבות. זיי פאַרנעמען אַ זייער שיינע פּאָזיציע אין דער טעטיקייט פון אַזעלכע אונטערנעמונגען ווי „יונייטעד דזשואיש אַפּיל", „דזשאָינט", „האַיאַס", „הסתדרות" „אָרט", פאַרשידענע קינדער־שולן, קינדערהיימען, היימען פאַר אַלטע לייט, פאַר קראַנקע, סאַנאַטאָריעס א.א.וו. ענלעך צום מענער־ברענטש, ווייזט נאָך היינט־צו־טאָג דער פרויען־ברענטש אַרויס אַן ענערגישע טעטיקייט לטובת דעם אָרעמען און נויט־באַדערפטיקן.

ביים הייַנטיקן טאָג זענען טעטיק אינעם פרויען־ברענטש פאָלגנדיקע פרויען: אסתר נאגלער — פאָרזיצערין (אַ שוועס־טער פון די פינקעלס), פעני שניידער — פינאַנס־סעקרעטאַרין, ראָוז אייזענגאַרד — רעקאָרדינג־סעקרעטאַרין, אסתר פירער — קאַסירערין, און פאַרוואַלטונגס־מיטגלידערינס: מרס. באַראָן, מרס. ראוז פינקעל, מרס. באסי פינקעל, מרס. מאַנדעל, מרס. לערנער, מרס. סילקע גאָלדבערג און מרס. מאַיאַ דאָלינער.

זיינערצייט איז אויך געווען טעטיק די שוין פאַרשטאָרבענע טעמע באָס ע"ה, וועלכע איז געווען לאַנגע יאָרן רעקאָרדינגס־סעקרעטאַרין.

זאָלן די לעבעדיקע זיין אָפּגעשיידט פון די טויטע אויף לאַנגע־לאַנגע יאָרן!

## דער ערשטער „לויצקער רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק"

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1916 און האָט, אונטערן דאָזיקן נאָמען, עקזיסטירט ביי אַ 5 יאָר. ס'האָבן זיך דאַן פאַראייניקט אַלע לויצקער פאַראיינען פון ניו־יאָרק, ווער מיט גרעסערע און ווער מיט קלענערע

כוחות. דאָס זענען געווען יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג, ווען מ׳האָט נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט מיט דער אַלטער היימשטאָט. איז דעריבער די הילף דערטיילט געוואָרן דורך דער פאַרמיטלונג פונעם „פּיפּל רעליף״, וואָס איז געווען אַ הילפס־אָרגאַן פונעם אַמעריקאַנער יידנטום, וועלכער האָט איבערגעשיקט פיל געלט־מיטלען פאַר די מלחמה־קרבנות אין אייראָפּע. טיילווייז האָט מען זיך אויך באַנוצט מיטן „דזשאָינט״.

אין די יאָרן 1922—1931 איז דער דאָזיקער הילפס־קאָמיטעט נישט געווען טעטיק.

אין יאָר 1931 איז אין אַ געוויסער אַמעריקאַנער צייטונג דערשינען אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער שרעקלעכער מאַטעריעלער לאַגע פון דער לויצקער יידישער קהילה און דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג. איז טאַקע דאַן אַנטשטאַנען דער „לחם־עניים״־קאָמיטעט, וועמענס איניציאַטאָרן ס׳זענען געווען: יעקב און דאָראַ גרינשטיין, מאָטיע דימענט, ס. זינגער, ב. פידעל א. א.

די דאָזיקע גרופּע איז זיך שנעל צעוואַקסן און אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות זענען איבערגעשיקט געוואָרן יערלעך ביי אַ טויזנט דאָלאַר, וועלכע זענען צעטיילט געוואָרן אין לויצק צווישן פאָלגנדיקע יידישע אינסטיטוציעס: „וווילטעטיקע געזעלשאַפט בית־לחם לויצק״, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט צעטיילן ברויט צווישן דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. די שטיצע פון אַמעריקע האָט באַטראָפן 12% פון זייער בודזשעט.

„בית יתומים פאַר פאַרוואָרלאָזטע קינדער אין לויצק״, וועמענס יערלעכער בודזשעט האָט אויסגעמאַכט ביי אַ 15 טויזנט זלאָטעס. אונדזער אָנטייל איז געווען: 10%.

„ביקור חולים״, וועמענס אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין דערטיילן מעדיצינישע הילף דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג אין לויצק. אויך דאָ האָט אונדזער שטיצע באַטראָפן ביי אַ 10% פון זייער יערלעכן בודזשעט.

„גמילת חסד כללי״, ווו אונדזער הילף האָט באַטראָפן 10% פון זייער בודזשעט.

„טאָז״, וועלכער האָט אויסגעהאַלטן אַ קינדער־היים, אין וועלכן ס׳זענען געווען 55 קינדער. ער האָט אויך אויסגעהאַלטן אַן אַמבולאַטאָריע און אַ זומער־קאָלאָניע פאַר קינדער. דער אַמעריקאַנער אָנטייל אין זייער בודזשעט האָט באַטראָפן 15%.

פון דריי קוואַלן האָט דער „לחם עניים״ באַקומען זיין הכנסה און נעמלעך:

1. פון יערלעכן אָפּצאָל פון דער מיטגלידערשאַפט.
2. שטיצע פון די פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען, ווי: דער ערשטער לויצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין, „אינדעפּענדענט לויצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין״ אין בראַנזוויל, „יאָנג מעיס פּראָגרעסיוו סאָסייטי״, „לויצקער ברענטש 583 אַרבעטער־רינג״ און זייערע פרויען־אַנשטאַלטן.
3. יערלעכע בעלער, וואָס מ׳האָט איינגעאָרדנט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן און וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט באַדייטנדיקע סומעס. אַזאַ אָוונט איז געווען געווידמעט דער פרוכטבאַרער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון די פריינד דאָראַ גרינשטיין און יוסף בלושטיין.

אויסער די צוויי דערמאָנטע פריינד האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט: באַרנבוים, בנימין פידעל, סעם זינגער, יצחק פינקעל, ב. פארער, מאטע דימאנט א.א.

## וועגן דער טעטיקייט פון די לויצקער אין אַנדערע שטעט

לויצקער לאַנדסלייט געפינען זיך אויך אין אַנדערע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אויך דאָרט געפינען זיך אָרגאַניזירטע לאַנדסמאַנשאַפטס־אָרגאַניזאַציעס. דאָס זענען די שטעט ווי באַלטימאָר, אלעבאנו, פּיטסבורג, דעטרויט, טשיקאַגאָ. אויסער דער באַלטימאָרער אָרגאַניזאַציע, ווייזן די רעשט נישט אַרויס קיין ספּעציעלע טיכטיקע אַרבעט. מיר וועלן זיך אויף איניקע פון זיי אָפּשטעלן און זייער טעטיקייט כאַראַקטעריזירן.

אַזוי ווי דער באַלטימאָרער פאַראיין וועט געוויס באַקומען זיין געהעריקן אויסדרוק אינעם „ספר לויצק״, וועלן מיר זיך ברייטער נישט אָפּשטעלן אויף זיין טעטיקייט. אין אַלגעמיין גענומען געפינען מיר זיך מיט אונדזערע באַלטימאָרער לאַנדסלייט אין זייער גוטע באַציונגען. געמיינזאַם אַרבעטן מיר לטובת ישראל און אונדזערע לאַנדסלייט.

אלעבאנו: דער דאָרטיקער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1930. די איניציאַטאָרן זענען געווען: הערי גרינשטיין, יצחק שערמאַן, סעם שניידער, מאיר הונגערמאַן, מ. בורקמאַן א. א. אין דער ערשטער צייט האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט דערטיילן קעגנזייטיקע הילף זייערע אייגענע מיטגלידער. אין יאָר 1940 האָבן מיר מיט זיי אָנגעבונדן אַן ענגערן קאָנטאַקט און דאַן האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אַנגאַזשירן אין דער הילפס־טעטיקייט לטובת די מלחמה־קרבנות און, זייט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, דער הילפס־אַקציע לטובת ישראל.

J. Needle, Ex-President
S. Bibergal, President
A. Arbiter, Vice-President

LUTSKER RAYONER SOCIETY
ORGANIZED MAY 6th, 1936
לוצקער ראַיאָנער פאראיין
CHICAGO, ILL.

J. Cohen Treasurer
D. Bardige, Fin. and Cor. Sec'y, 1213 S. Avers Avenue, Tel. Crawford 3749
Sister T. Cohen, Rec. Secretary

טשיקאַגאָ: אַ סאָסייטי האָט דאָרט עקזיסטירט זייט יאָר 1933. פון די אַקטיוויסטן איז כדאַי אויסצורעכענען פאָלגנדיקע פּערזאָנען: יוסף נאַדלער, א. באַרדיטש, דזש. קאהן, אב. קאהן, סעם ביבערזאל, וויקטאָר בערגער א. א. ענלעך צו אַנדערע אַזעלכע קליינע אינסטיטוציעס, האָבן זיי זיך הויפּטזעכלעך געווידמעט דער דערטיילונג פון אַ קעגנזייטיקער שטיצע די אייגענע מיטגלידער, באַזאָרגן זיי מיט אַ קרקע א. א. וו. אין פאַרלויף פון איניקע יאָרן האָבן זיי באַוויזן צו שיקן געוויסע קליינע סומעס צו פאַרשידענע לויצקער אַנשטאַלטן.

ווען דער פאַראייניקטער לויצקער רעליף־קאָמיטעט איז צוגעטראָטן צו שאַפן מיטלען פאַרן „ספר לוצק״, האָט דער שרייבער פון די שורות זיי באַזוכט. אויפן דאָזיקן צוועק איז געזאַמלט געוואָרן אַ סומע פון צוויי טויזנט דאָלאַר. ווען דער פּראָיעקט איז אויפגעגעבן געוואָרן איז דאָס געלט צוריקגעפאָדערט געוואָרן. ס׳שיינט, אַז, נאָכן איבערווייזן עס צוריק,

איז עס צ׳ריקגעגעבן געוואָרן די געבערס. זייט דאַן האָבן מיר אָנגעוווירן מיט זיי דעם קאָנטאַקט. אַלע אונדזערע באַמיונגען זיי צו באַוועגן אַרבעטן לטובת ישראל, אָדער „ספר לוצק״, האָבן זיך אָנגעשראָפן אויף טייבע אויערן.

פיטסבורג: צוליבן מאַנגל אין לויצקער איז דאָרט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „וואָלינער רעליף סאָסייטי״, אין וועלכער ס׳האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע וואָלינער לאַנדסלייט. ס׳שיינט, אַז די טעטיקסטע מיטגלידער זענען דאָרט טאַקע די לויצקער, ווי צ.ב.: רחל שעכטער — פרעזידענטין, מאָריס לינדער, ל. רודו, ל. בלושטיין און יעקב ווײַנשטיין. אין יאָר 1949 האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אין די „פאַראייניקטע לויצקער אָרגאַניזאַציעס״. מיר האָבן פון זיי שוין לאַנג נישט קיין שום ידיעה. פון די באַריכטן פון דער גמילת־חסדים־קאסע אין ישראל זעען מיר, אַז זיי האָבן בייגעטראָגן אַ געוויסע סומע געלט צו דער דאָזיקער נוצלעכער אינסטיטוציע.

לאָס אַנדזשעלעס: אין יאָר 1949 איז ביי דער איניציאַטיוו פון אברהם אַרביטער און יוסף טייטעלבוים אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרופּע פון די לויצקער לאַנדסלייט, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל מיטצואַרבעטן ביים אַרויסגעבן דעם געפּלאַנטן „ספר לוצק״. זיי האָבן געזאַמלט אַ געוויסע סומע געלט. קיין סך האָבן זיי נישט באַוויזן אויפצוטאָן.

אַ באַדייטנדיקע ענדערונג איז אַריינגעטראָטן זינט ס׳איז קיין לאָס אַנדזשעלעס געקומען די פרוי אסתר ביילין מיט איר טאָכטער (דאָס איז די פרוי פון ד״ר ביילין פון לויצק). מיט איר ענערגיע האָט זי אַריינגעבראַכט אַ געוויסע אויפלעבונג צווישן די דאָרטיקע לויצקער לאַנדסלייט.

דער איינדרוק איז, אַז צווישן זיי געפינען זיך זייער ווערטפולע מענטשן. אין משך פון דער קורצער צייט פון זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט האָבן זיי שוין באַוויזן איבערצושיקן קיין ישראל עטלעכע הונדערט דאָלאַר. צווישן דער דאָזיקער גרופּע צייכענען זיך אויס מיט זייער אַקטיוויטעט: פרוי ד״ר ביילין, אברהם אַרביטער, יוסף טייטעלבוים, רובין, ב. באָקסער, א. דיקשטיין, מעקס אָפּינאָוו (אַליין נישט קיין לויצקער, נאָר אַ חתונה געהאַט מיט אַ לויצקער פרוי), ס. ליבהאַבער, שניידער און נאָך אַנדערע.

קאַנאַדע: מיר ווייסן וועגן דער עקזיסטענץ פון צוויי גרופּן אין קאַנאַדע. איינע אין ווינפּעג און די צווייטע אין מאָנטרעאַל. ס׳עקזיסטירט אויך אַ גרופּע אין טאָראָנטאָ, אָבער פון אַ זייער קליינעם באַדייט.

אין ווינפּעג האָט אין די יאָרן 1938—1940 די גרופּע לויצקער אָרגאַניזירט מאַטעריעלע הילף דורך דער פאַרמיטלונג פון „לויצקער הילפס־קאָמיטעט״ פאַר די יידישע אַנשטאַלטן אין לויצק. זיי האָבן אויך איבערגעשיקט אַ סומע געלט פאַר דער גמילת־חסדים־קאַסע אין ישראל. אין דער לעצטער צייט הערן מי ־ון זיי גאָרנישט.

צווי־שן זיי זענען אַ געוויסע צייט געווען גאַנץ אַקטיוו פאָלגנדיקע פערזאָנען: ציפּע גלעזער (פאָרזיצערין), חנה מאמעט, חנה קעטי, די ברידער חיים, שמעין און שמואל לעווי, יעקב פריזאמענט, שלמה פערלמוטער א. א.

לעצטנס האָבן מיר אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט אַן אָרגאַניזאַציע אין מאָנטרעאַל אונטערן נאָמען: „ראָוונער־לויצקער פאַראיין״. צווישן זיי זענען אַקטיוו: מ. שטערנפעלד, סאַלאָמאָן גאמער, ד. קאַשקעט א.א. מער ידיעות וועגן זייער טעטיקייט האָבן מיר נישט.

מיט אַזאַ טעמפּאָ האָבן מיר געאַרבעט ביזן אײַסברוך פון צווייטן וועלט־קריג. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר נישט באַקומען קיין שום ידיעה וועגן דעם, וואָס ס׳קומט פאָר אין אונדזער אַלטער היים, אויף וועלכער ס׳האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שוואַרצער פאָרהאַנג פון אַ מיסטעריעזן שווייגן. ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען ידיעות, וועלכע האָבן ממש פאַרגליווערט ס׳בלוט אין די אָדערן. אַרום יאָר 1942־43 איז שוין געוואָרן פאַר דער וועלט־עפנטלעכקייט קלאָר ס׳בילד וועגן דער גרויס פונעם אימגליק, וואָס האָט געטראָפן דעם אייראָפּעישן יידנטום. דאָס וועלט־יידנטום, און אין דער ערשטער ריי ס׳אַמעריקאַנער, איז געבליבן ווי געפּלעפּט און, אין גרויס פאַרלעגנהייט, נישט געוווסט וואָס צו טאָן. ס׳זענען דורכן „דזשאָינט״ געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו לינדערן די ליידן פון די קרבנות. ליידער האָט ער נישט געקאָנט דערגרייכן צו אַ סך פון די געליטענע.

אין יענער צייט איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק ביי איניקע לויצקער זיך צוצוגרייטן מיט אַ געהעריקער מאַטעריעלער שטיצע, אין פאַל ווען ס׳וועט שוין דערמעגלעכט ווערן צוצוקימען צו די, וואָס וועלן באַוויזן זיך צו ראַטעווען פון דער שריפה.

ס׳איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אויפרוף צו אַלע לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס. אין אויפרוף ווערט פאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַ געמיינזאַמע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיך פאַרנעמען מיט זאַמלען הילף פאַר די געליטענע. אויפן רוף האָבן זיך אָפּגערופן די אַלטע טוער פונעם „לחם עניים״ און דעלעגאַציעס פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, און ס׳איז געשאַפן געוואָרן די „פאַראייניקטע לויצקער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע״. אַלס פאָרזיצער פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז אויסגעוויילט געוואָרן ה׳ ניסן פירער. ס׳זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אָפּטיילונגען אין ניו־יאָרק, אלעבאנו, טשיקאַגאָ, באַלטימאָר, פּיטסבורג, לאָס אַנדזשעלעס. ס׳זענען אָנגעקניפּט געוואָרן קאָנטאַקטן מיט קאַנאַדע, אַרגענטינע א. א. לענדער.

די טעטיקסטע גרופּע איז געווען אין ניו־יאָרק. אין גאָר אַ קורצער צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ גרעסערע סומע געלט. איז געשטאַנען די פראַגע, וואָס צו טאָן מיטן געלט? ס׳איז פון ערגעץ־ווו אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז מ׳קאָן עפּעס שיקן דורכן רויטן קרייץ פון ראַטנפאַרבאַנד הילף קיין לויצק, וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אונטער דער ממשלה פון די סאָוויעטן. מיר האָבן דאַן איינגעצאָלט געלט פאַר 500 שפּייז־פּאַקעטן. אין דער האָפענונג, אַז עפּעס וואָס וועט דאָך אָנקומען צו יידן אין לויצק.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט אונדז אַ לויצקער, וועלכער איז געווען אין לויצק פאַרן קריג פון 1941, דערציילט, אַז ער האָט עפּעס יאָ געהערט וועגן אַזעלכע פּאַקעטן, אָבער צי האָט עמעצער פון די לויצקער יידן דערפון גענאָסן — ווייסט נישט...

אין אַלגעמיין גענומען האָבן מיר זיך צוגעגרייט צו דעם מאָמענט, ווען מ׳וועט שוין קענען צוקומען צו די, וועמען ס׳האָט זיך איינגעגעבן אָפּצוראַטעווען פונעם היטלעריסטישן גיהנום. דעם „דזשאָינט״ האָט זיך דעם ערשטן איינגעגעבן צוצוקומען צו די נאַצי־קרבנות. מיר האָבן דעריבער געהאַלטן פאַר אונדזער

פליכט בייצוטראָגן אונדזער ביישטייער דעם „דזשאָינט", זייענ־דיק זיכער, אַז צווישן די געראַטעוועטע, וועמען ער דערטיילט הילף, געפינען זיך אויך לוצקער יידן. מיר האָבן איבערגעוויזן אַ סומע פון זיבן טויזנט דאָלאַר.

ערשט אין יאָר 1946 האָבן מיר אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט אַ גרופּע געראַטעוועטע לוצקער יידן, וועלכע האָבן זיך דאַן געהאַט גרופּירט אין ווראָצלאַוו. אויסער דירעקטער הילף צו אייניקע לאַנדסלייט האָבן מיר אויך איבערגעשיקט טויזנט דאָלאַר פאַר דער דאָרטיקער גמילת־חסדים־קאַסע אין ווראָצלאַוו. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַקומען ווענדונגען נאָך הילף פון לוצקער פּליטים אין פּוילן, עסטרייך, דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיי, איטאַליע א. א. לענדער פון איי־ראָפּע, וווהין ס'האָט דערגרייכט אונדזער רוף זיך צו ווענדן נאָך הילף. מיר האָבן צוויסן געגעבן די לוצקער לאַנדסלייט דורכן „דזשאָינט", „האיאַס" און מעלדונגען אין דער פּרעסע. יעדן איינעם, אָפּהענגיק פון דער גרויס פון זיין פאַמיליע, האָבן מיר איבערגעשיקט קליידער, שפּייז־פּאַקעטן און געלט.

אין דער זאַמל־אַקציע האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אונדזערע פרויען מיט דער „מאַמען" פון די לוצקער, פּערל מאַראַנץ, וועלכע האָט זיך מיט לייב און לעבן אָפּגעגעבן דער זאַמל־אַקציע פון קליידער, שפּייז א. א. און דאָס איבערגעשיקט די נויטבאַדערפטיקע, ווו זיי זאָלן זיך נישט האָבן געפונען.

געלט האָבן מיר געזאַמלט אויף פאַרשידענע אופנים. ס'זענען איינגעאָרדנט געוואָרן א. ג. „הונגער־באַנקעטן", פאַרזאַמלונגען, אזכרות, בענטשן חנוכה־ליכט, פורים שלח־מנות א. א. וו.

דער ערשטער פאָרזיצער פון דער ניו־יאָרקער אָפּטיילונג איז געווען דער פריצייטיק פאַרשטאָרבענער סעם גוז ע"ה, נאָך וועלכן מ'האָט אויסגעוויילט יוסף ראַט, און נאָך אים יואל פינקעל.

אין דער זעלבער צייט זענען קיין ניו־יאָרק אָנגעקומען אייניקע לוצקער לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון היטלעריסטישן גיהנום. מיר האָבן זיי געהאָלפן מיט געלט־אונטערשטיצונגען, הלוואות און זיי דערמעגלעכט זיך צו שטעלן אויף די פיס און ווערן זעלבשטענדיק.

אינטענסיווער האָט זיך אונדזער אַרבעט אַנטוויקלט נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל. ס'איז פאַר אונדז אַלע, ציוניסטן און נישט־ציוניסטן, קלאָר געוואָרן, אַז די ריכטיקע לייזונג פונעם פּליטים־פּראָבלעם קען געפינען ווערן נאָר אין ישראל, וווהין ס'דאַרפן געווענדט ווערן די אָנשטרענגונגען פון דער יידישער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט.

ס'איז געבוירן געוואָרן אַן אָריגינעלער פּלאַן אויפצושטעלן אין ישראל אַ „כפר לוצק" און אויפבויען אַ צאָל הייזער פאַר די לוצקער יידן אין אַ געוויסער געגנט. נאָך אַ יאָר אָנגע־שטרענגטער זוכעניש זיך צו פאַרבינדן מיט אַ פאַראַנטוואָרט־לעכער אינסטאַנץ אין ישראל פון די לוצקער יידן, ווערט דער דאָזיקער פּלאַן אויפגעגעבן און אָנשטאָט דעם ווערט באַשלאָסן אויפצושטעלן אין ישראל אַ קולטור־הויז אין אַ געגנט, ווו ס'קאָנצענטרירן זיך לוצקער נייע עולים, אַ בית התרבות מיט אַ מוזיי, ווו מ'זאָל אויפזאַמלען אַלע אַלטערטימלעכקייטן, וואָס זענען איבערגעבליבן נאָך אונדזער באַליבטער היימשטאָט לוצק.

ס'איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אַ לויזער קאָנטאַקט מיט אייניקע לוצקער אין ישראל, ווי למשל: אליעזר גאָלענדבערג, בענ־דערסקי, סערליק א. א. ס'האָט זיך אָבער געפילט, אַז מ'וועט נישט קענען אָרגאַניזירן אַ גרעסערע הילף אָן אַ פאַראַנטוואָרט־לעכן קאָמיטעט אין ישראל. איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַ פאָרשטייער פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע זאָלן באַזוכן ישראל און אויפן אָרט פּרובירן אויפצוקלערן דעם דאָזיקן ענין.



די פאַרוואַלטונג פון יאָר 1951

אין דער ערשטער ריי, פון רעכטס: יואל פינקעל ע"ה, ש. שעוו, יצחק פינקעל, בעני פּאָרער, אַלעקס בעראַן. אין דער צווייטער ריי, פון רעכטס: מאַקס נאַגלער, מאַקס שניידער, ניסן פּירער, סעם גרייניטש, מאָריס באַס, א. לוצקי, אהרן קאַרלין.

די ערשטע דעלעגאַציע, וועלכע האָט צוליבן אויבנדערמאָנטן צוועק באַזוכט ישראל, איז באַשטאַנען פון: ה' יואל פינקעל און פרוי, ה' מאָריס באַס און פרוי, ה' ניסן פירער און פרוי, יצחק פינקעל און פרוי און ד"ר לעשנער. זיי זענען קיין ישראל אָנגעקומען ערב פסח 1955 יאָר. ס'זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אייניקע פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען מיט לוצקער לאַנדסלייט, ס'איז א׳יסגעוויילט געוואָרן אַ פאַראַנטוואָרטלעכער קאָמיטעט, וועלכער זאָל זיך פאַרנעמען מיט די ענינים פון די לוצקער עולים אין ישראל. ספּעציעל האָט מען געלייגט אַן אַכט אויף דער אָרגאַניזירונג פון אַ גמילת־חסדים־קאַסע אין ישראל, וועל־כע זאָל באַדינען די לוצקער לאַנדסלייט. די שטיצע פאַר דער דאָזיקער קאַסע איז טאַקע באַלד אָנגעקומען, אין דער פאָרם פון 10.000 דאָלאַר. די דאָזיקע סומע האָט געשיקט די ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע. מ'האָט באַוויזן אויך אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן נאָכצוטאָן דעם דאָזיקן ביישפּיל. אַזוי האָבן די לאַנדסמאַנשאַפטן פון באַלטימאָר, אַלבאַנו און אַנדערע לענדער אַרויסגעשיקט אַ געלט־שטיצע. אַזוי אַרום איז די סומע אויסגעוואַקסן צו 15.000 דאָלאַר.

אין יאָר 1958 זענען די פאָרלעך: פּירער, פינקעל און באַס צום צווייטן מאָל געקומען קיין ישראל בכדי אָנצובינדן אַ ווייטערדיקן קאָנטאַקט מיט דער לוצקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל און אָנטיילצונעמען אין חנוכת הבית פון דער קינדער־היים, וואָס מאָריס באַס האָט געהאָלפן בויען אויפן נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי טעמע באַס ע"ה, אין בת־ים אין ישראל.

אין דער אונטערשטער שורה זעען מיר ווי אַזיי אָרעמע יידישע אימיגראַנטן, וואָס זענען אָנגעקומען מיט 60 יאָר צוריק קיין אַמעריקע, זענען אויסגעוואַקסן צו אַ וויכטיקן פאַקטאָר אין אונדזער יידיש לעבן. מיר ווילן נאָך האָפן, אַז מער וועט אונדז שוין נישט אויסקומען זיך צו פאַרנעמען מיט טראָגן הילף די נויטבאַדערפטיקע. אינדזער ווונטש איז: מיר זאָלן זיך קאָנען ווידמען מיט לייב און לעבן דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.



נ יו ־ י אָ ר ק ע ר ק אָ מ י ט ע ט פ אַ ר ן „ס פ ר ל ו צ ק"

פון רעכטס, אין דער ערשטער ריי: ד"ר סאָפיאַן י. צינקער, נ. פירער, יצחק פינקעל (פאָרזיצער), מ. באַס, ד"ר לעשנער, מ. באַראַן; אין דער צווייטער ריי: ס. גרעניץ, סילוויא באַרדיטש־גאָלדבערג, ב. פירער, א. אייזענגארטן, י. לערנער, מ. נאַגלער

ניסן פירער / ניו־יאָרק

# לויצקער לאַנסמאַנשאַפטן אין ניו־יאָרק אין די יאָרן 1948–60

די שילדערונגען פון יצחק פינקעל וועגן דער טעטיקייט פון די לויצקער אין די פאַראייניקטע שטאַטן וועט נישט זיין פול אויב מ׳וועט נישט צוגעבן נאָך אייניקע פּרטים זייט דעם מאָמענט, ווען פינקעל האָט זיך, צוליב געזונטהייטס־טעמים, געמוזט אָפּזאָגן טיילווייז פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

דאָס איז געווען אין יאָר 1948, נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינת ישראל. פיל לויצקער אַקטיוויסטן, טעטיקע אויפן געביט פון טראָגן הילף די נויטבאַדערפטיקע לויצקער לאַנדסלייט, אָן אונטערשיד ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, האָבן געהאַלטן, אַז אייגנטלעך איז שוין זייער אויפגאַבע געענדיקט. ס׳עקזיסטירט שוין אַ מדינת ישראל, וועלכע וועט זיך שוין זאָרגן פאַר די, וואָס נויטיקן זיך אין הילף. ס׳איז פאַראַן אַ „דזשאָינט״, וועלכער וועט זיכער אויף ווייטער נישט פאַרנאַכלעסיקן זיינע פליכטן. איז דעריבער שוין גאָרנישט געבליבן פאַר דער א. ג. געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו וואָס צו טאָן אויף דעם געביט. האָט מען אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן יעטוועדע טעטיקייט. די מיטגלידערשאַפט איז נישט געקומען אויף די באַראַטונגען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. צום גליק האָבן אָבער די חברים פון „לויצקער ברענטש 583 אַרבעטער־רינג״ אין ניו־יאָרק געהאַלטן, אַז די דאָזיקע מיינונג איז נישט קיין באַרעכטיקטע. צוזאַמען מיטן דעמאָלטדיקן פאָרזיצער שלמה גוז ע״ה — פון אַן אַנדער לויצקער אָרגאַניזאַציע — און נאָך אייניקע חברים־לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, האָט מען אָנגעהויבן אַן אַקציע צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזער אַלטער היימשטאָט. די דאָזיקע אַקטיוויסטן האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז נאָכנישט געקומען די צייט זיך אָוועקצוזעצן מיט פאַרלייגטע הענט.

ס׳איז דעריבער אויפגעלעבט געוואָרן דער לויצקער הילפס־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו שאַפן אַ פאָנד אויפצושטעלן אַ דענקמאָל דער לויצקער יידישער קהילה, אירע אַלטערטימלעכקייטן, אירע אומגעקומענע יידן און דער גלאָררייכער העכער 600 יאָר געשיכטע פון יידן אין לויצק. אַזאַ דענקמאָל, וועלכער וועט אויפגעשטעלט ווערן אין ישראל, וועט דינען ווי אַ לעבעדיקער עדות פון דעם וואָס איז געווען און איז שוין נישטאָ.

צווישן די אויפגאַבן, וועלכע דער באַנייטער הילפס־קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט, איז געווען אויך די אויפגאַבע צו העלפן די נייע עולים, לויצקער יידן, ביים איינאָרדענען זיך אין ישראל.

דאָס האָט געפאָדערט פיל געלט און אַרבעט. לכתחילה איז טאַקע די אַרבעט געגאַנגען נישט אַזוי גרינג. מענטשן זענען שוין געווען מיד פון דער לאַנגיאָריקער אומאויפהערלעכער פילאַנטראָפּישער וואַכזאַמקייט.

לשבח דער קליינער גרופּע אַקטיוויסטן דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז נאָך אַ געוויסער צייט האָט זיך זיי איינגעגעבן ווידער אויפוועקן די יידישע הערצער צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

מ׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן פאַרבינדן מיט די לויצקער לאַנדסלייט אין פאַרשידענע שטעט און לענדער. ס׳זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן הונדערטער בריוו צו די לויצקער לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציעס אין קאַנאַדע, בראַזיל, אַרגענטינע, פּאַריז א. א. וו., אין וועלכע די לאַנדסלייט זענען גערופן געוואָרן צו פאַראייביקן די „קדושי לוצק״ דורכן אויפשטעלן אַ געהעריקן מאָנומענט פאַר דער אומגעקומענער קהילה.

אין גאַנג פונעם אינטענסיוון בריוו־אויסטויש איז אויפגעשווומען אַ פּראָיעקט אויפצושטעלן אַ צענטראַלע לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע זאָל אָנפירן מיט אָט דער געפּלאַנטער אַקציע. צו דעם צוועק איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, אין דיפּלאָמאַט־האָטעל, מאַי 1949. ס׳זענען געווען דעלעגאַטן פון באַלטימאָר, אלעבאַנו, ניו־יאָרק. באַגריסונגען זענען דערהאַלטן געוואָרן פון טשיקאַגאָ, לאָס־אַנדזשעלעס, פּיטסבורג און קאַנאַדע. אין דער קאָנפערענץ האָט אויך אָנטיילגענומען הרב זלמן סאָראָטשקין, לעצטער רב הכולל פון לויצק, וועלכער האָט דאַן געוווילט אין ניו־יאָרק אין שליחות פון „ועד הישיבות״ אין ישראל.

די דיסקוסיע אויף דער קאָנפערענץ האָט זיך געפירט אַרום דעם פּראָיעקט צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים. קיין שום קאָנקרעטס פון ישראל האָט מען נישט געהאַט. ס׳זענען נישט געווען קיין שום פאַרבינדונגען מיט אַ וואָסער ס׳זאָל נישט זיין אינסטאַנץ פון די לויצקער אין ישראל. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו שאַפן אַ פאָנד פון 50.000 דאָלאַר, בכדי דערמיט צו העלפן אויפבויען אַ שטאָט, שטעטל, אדער דערפל, וואָס זאָל טראָגן דעם נאָמען פון אונדזער שטאָט לויצק. דער באַשלוס וועגן רופן די דאָזיקע אָרטשאַפט „כפר לוצק״ איז געוואָרן באַצייכנט דורכן הרב סאָראָטשקין מיט די ווערטער: „כפר לוצק״ וועט זיין ווי בלומען אויף די קברים פון די לויצקער קדושים״.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות מיטן סעקרעטאַר וויינטראַוב אַרבעטן אויס אַ גענויעם פּלאַן ווי אַזוי זיך צו פאַרבינדן מיט לאַנדסלייט אין ישראל. וויינטראַוב נעמט זיך אונטער אַרויסצוגעבן יעדן חודש אַ ביולעטין. די פאַרבינדונג מיט די לייצקער לאַנדסלייט אין ישראל ווערט פאַר אונדז אַ פּראָבלעם. מיר גיבן זיך אָפּ אַ גענויעם דין־וחשבון, אַז אָן דער מיטאַרבעט אויפן אָרט, אין ישראל, קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן רעאַליזירן אונדזער פּראָיעקט. מיר פאַרבינדן זיך מיט אליעזר גאָלענדבערג אין ישראל, וועלכער ווייזט אַרויס אַ גרויסע איניציאַטיוו און באַמיט זיך אויפצושטעלן אַ געוויסע פאַראַנטוואָרטלעכע אינסטאַנץ פון די לויצקער אין ישראל. ס׳גייט אַדורך אַ לענגערע צייט פון זומאויפהערלעכן בריוו־אויסטויש מיט אייניקע לאַנדס־

לייט אין ישראל. ווינטראַוב האָט ליידער נישט קיין סך צו אינפאָרמירן אין זיינע ביולעטינען, וועלכע ער גיט אַרויס, ווייל די גאַנצע אַרבעט דרייט זיך אַרום וועקן און רופן די לויצקער אין ישראל אויפצושטעלן אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אינסטאַנץ, וועל־כע זאָל רעאַליזירן דעם באַשלוס פון דער קאָנפערענץ.

ס׳האָט זיך געהאַנדלט, אַז מ׳זאָל דעם געהעריקן מאָמענט נישט פאַרשלאָפן. ס׳קומט פאָר אַ גאַנצע סדרה פון פאַרשידענע קאָנפערענצן און באַראַטונגען, נאָך יעדער באַראַטונג ווערט די לאַגע אַלץ ערגער.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביי אַ צוויי יאָר. נישט קוקנדיק אויף די אַלע שטערונגען און שוועריקייטן, איז דאָך די קליינע גרופע, מיטגלידער פון לויצקער ברענטש צוזאַמען מיט נאָך אייניקע חברים פון לויצקער הילפס־קאָמיטעט, נישט אָפגעשטאַנען אין זייער אַרבעט. מיט די אייגענע כוחות איז אויפגעזאַמלט געוואָרן אַ סומע פון 7,000 דאָלאַר. מיט אָט דער קליינער סומע ווילן זיי און שטרעבן מיט אַלע כוחות צו רעאַליזירן זייער טרוים: אויפשטעלן אַ ווירדיקע מצבה די דערמאָרדעטע קדושי לוצק. ס׳זענען פאַראַן 3 פראָיעקטן.

1. איבערווייזן דאָס געלט די לויצקער אין ישראל, אַז זיי זאָלן דאָרט אויפשטעלן אַ קלוב, אָדער בית־לוצק אין תל־אביב.
2. זיך פאַרשטענדיקן מיטן „דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטע" וועגן אויפבויען אַ בשותפותדיקן צענטער.
3. בשותפות מיט דער הסתדרות אין ישראל אויפבויען אַ צענטער אויפן נאָמען פון די „קדושי־לוצק".

אויף אַ פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן צוזאַמען מיט דער הסתדרות אַ בית־התרבות ע״ש „קדושי לוצק" אין ישראל. די סומע פון 7,000 דאָלאַר איז איינגעצאָלט געוואָרן און מ׳האָט זיך פאַרפליכטעט נאָך צוצוגעבן אַ סומע פון 3,000 דאָלאַר. נישט אַלע אין ישראל זענען דערמיט געווען צופרידן, אָבער דאָך גייען זיי סוף־כל־סוף איין אויפן דאָזיקן פראָיעקט און גיבן צו זייער ווונטש, אַז דער דאָזיקער צענטער דאַרף זיך געפינען נישט אין תל־אביב גופא, נאָר נישט ווייט פון תל־אביב. מיר פון אונדזער זייט פאַרלאַנגען פון דער הסתדרות אַ התחייבות אַז נעבן דעם דאָזיקן קולטור־צענטער זאָל זיך אויך געפינען אַ צימער, וואָס זאָל דינען אַלס מוזיי פאַר די אַלטערטימלעכקייטן פון לויצק און זאָל טראָגן דעם נאָמען „מוזעאום לוצק ע״ש קדושי לוצק". דער דאָזיקער באַדינג ווערט אָנגענומען.

דינסטיק, דעם 17־טן פעברואַר 1953, איז אין בת־ים געלייגט געוואָרן דער ווינקל־שטיין פאַרן בית־תרבות ע״ש קדושי לוצק. מיטוואָך, דעם 28טן אַפריל 1954, איז פאַרגעקומען דאָס חנוכת הבית פונעם בית־התרבות.

קיין ישראל פאָרט אַרויס אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון יואל פינקעל ז״ל, זיין פריי בתיה פינקעל, יצחק און ראוז פינקעל, ניסן און אסתר פירער, משה באַס און טעמע באַס ע״ה, מענדל איידלשטיין מיט זיין פרוי און ד״ר לעשנער. פאַרן אַרויספאָר ווערט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעל בוך געווידמעט דער אויסגעשאָכטענער לויצקער קהילה, אויסגעפירט דורכן קינסטלער יעקב זעלדין. אינעם דאָזיקן בוך דערשיינען זכרונות און באַשרייבונגען פון צענדליקער לויצקער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק וועלכע ווילן דערמיט פאַראייביקן זייערע דערמאָרדעטע קרובים

משפחות און באַקאַנטע. ס׳ווערט אויפגעזאַמלט אַ גרויסער אוצר פון פאַרשידענע בילדער און דאָקומענטן, וועלכע זאָלן אַריינגיין אינעם געפלאַנטן „ספר לוצק" און וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ יקר המציאות. אין דאָזיקן אוסף געפינען זיך בילדער און דאָקומענטן פון גרויסער היסטאָרישער באַדייטונג. די קאָמיסיע נעמט מיט זיך מיט אַ גרויס בילד פון די לויצקער אינסטיטוציעס, עסקנים, גרויסע שול א.א.וו., וואָס איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אין מוזיי אין בת־ים.


קבלת פנים פאַר די געסט פון אַמעריקע

צוזאַמען מיט אליעזר גאָלדענבערג און ישעיהו פרידמאַן פון ישראל באַשטעלט די ניו־יאָרקער קאָמיסיע אַלץ וואָס מ׳דאַרף אויף אויסצושטאַטן דעם מוזיי און אים פאַרוואַנדלען אין אַן אינסטיטוציע, אין וועלכער ס׳זאָלן אויפגעזאַמלט ווערן אַלע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן נאָר אַ שייכות צו אונדזער היימשטאָט לויצק.

זונטיק, דעם 24־טן אַפּריל 1955, קומט פאָר, מיטן אָנטייל פון דער קאָמיסיע און אַ גרויסן עולם לויצקער אין ישראל, די פייערלעכע דערעפענונג פונעם מוזיי.

די קאָמיסיע האָט אָפּגעהאַלטן פיל באַראַטונגען מיט די לויצקער אין ישראל. ס׳האָבן זיך שוין געמאָלדן פיל נייע חברים. ס׳זענען צוגעקומען דער יונגער פרידמאַן, דער פאַרשטאָרבענער א. לאַנדסבערג ז״ל, ד״ר מ. גריפעל, שמואל וואַרקאַוויצקי, יעקב שאַמפּאַניער, מענדל בן־יצחק, קלאַראַ רויטער, משה גינדעל, סאָניע צוקערמאַן, בעלאַ פרידמאַן, ד״ר קוניצאַ, שייקע קרוין, דוד בענדערסקי און נאָך אַנדערע אַקטיווע מיטאַרבעטער.

זינט דעמאָלט האָבן מיר זיך באַקאַנט מיט די ספּעציפישע פּראָבלעמען, פון די ישראלים, מיט זייערע געזעלשאַפטלעכע אָנגעלעגנהייטן, זייער לעבנס־שטייגער. ס׳אַנטשטייט אַ פּראָיעקט וועגן שאַפן אַ ליי־קאַסע פאַר די לויצקער אין ישראל. דעם דאָזיקן פּראָיעקט באַהאַנדלט מען אויף פיל זיצונגען און פאַרזאַמלונגען.

פאַר דער אָפּרייזע פון דער קאָמיסיע קומט פאָר אַ זיצונג, וווּ ס׳ווערט באַשלאָסן מיט אַלע כוחות העלפן שאַפן געלט־מיטלען פאַר דער פּראָיעקטירטער ליי־קאַסע. ס׳ווערט אויך באַשלאָסן אַריינצוציען אין אָט דער אַקציע נישט נאָר די לאַנדסלייט פון ניו־יאָרק, נאָר אויך פון אַנדערע שטעט. מ׳שטעלט זיי

אָבער איין באַדינג: אַז זיי זאָלן האָבן אַן אויפריכטיקע אויפזיכט איבערן „מוזיי לוצק" אין בת־ים.

נאָכן טויט פון אונדזער טייערער חברה טעמע באַס ז"ל איז אין ניו־יאָרק געשאפן געוואָרן צו פאַראייביקן איר נאָמען אַ „טעמע באַס סאָציאַלער פאָנד" אין ישראל. גלייכצייטיק האָט משה באַס אויפגעבויט אין ישראל אַ היים פאַר דער אַרבעטנדיקער מוטער, וועלכע געפינט זיך נישט ווייט פונעם לויצקער מוזיי אין בת־ים.



אין דער קינדערהיים א. נ. פון טעמע באַס
אין צענטער — מאָריס באַס

צוזאַמען מיט יצחק פינקעל זענען מיר געווען אַרומגענומען מיט אַ געפיל פון באַומרויקונג, אַז ס'וועט, חס וחלילה, נישט איבערבלייבן נאָך אונדזער דור קיין שום זכר. דער אַלטער דור ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ קלענער און עס וועט נישט בלייבן אַפילו איינער, וועלכער זאָל קענען דערמאָנען ס'אַמאָליקע שטעטל לויצק. אין געוויסע מאָמענטן האָבן מיר שוין אויך אָנגעהויבן פילן אַ מידקייט, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט לטובת אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע עקן וועלט. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן נישט צו רוען און דערפירן ס'דערשיינען פונעם געפּלאַנטן „ספר לוצק" ביז צום גליקלעכן סוף. צו דעם צוועק האָבן מיר זיך געקליבן נאָכאַמאָל אַרויסצופאָרן אין אַ דעלעגאַציע קיין ישראל. פאַר דער געפּלאַנטער רייזע האָבן מיר ווידער זיך גענומען צו אַן אינטענסיוון בריוו־אויסטויש מיט די לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין ביידע אַמעריקעס. מיר האָבן באַזוכט באַלטימאָר וועגן „ספר לוצק".

דער אָפּרוף, אין דעם פאַל, פון אונדזערע לאַנדסלייט, איז שוין געווען אַ פּאָזיטיווער. מיר האָבן באַשלאָסן צו רופן אַ קאָנפערענץ קיין ישראל, וווהין ס'זאָלן קומען די לאַנדסלייט פון פאַרשידענע לענדער בכדי זיך באַראַטן וועגן געפּלאַנטן ענין. ערב פסח 1958 איז טאַקע אַזאַ באַראַטונג פאָרגעקומען אין בת־ים. ס'זענען פון אויסלאַנד אָנוועזנדיק געווען פירער און פינקעל מיט זייערע פרויען, די סיאמא ליבערמאַנס און דיקשטיינס פון בראַזיל, פרוי געלין פון אַרגענטינע, אַ משפחה פון קאַנאַדע און אַ גרויסע דעלעגאַציע פון די לויצקער אין ישראל. ס'זענען אויך בייגעווען איינגעלאַדענע געסט.

צו דער באַראַטונג זענען געקומען פיל נייע עולים פון פוילן, וועלכע האָבן נישט לאַנג צוריק באַזוכט לויצק. דער באַריכט, וואָס זיי גיבן איבער וועגן דער טייערער היימשטאָט איז זייער אַ טרויעריקער און מאַכט אויף אַלעמען אַ שווערן איינדרוק.

ח' שמואל וואַרקאָוויצקי האָט געעפנט די זיצונג און אָפּגעגעבן אַ קורצן באַריכט וועגן דער לאַגע אין ישראל ביי די נייע עולים און וועגן די אויסזיכטן פאַרן „ספר לוצק". ניסן פירער פון ניו־יאָרק גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט און אירע באַמיונגען פאַרן דערמאָנטן ספר. ער דערציילט וועגן די באַזוכן אין פראַנקרייך, ווו די דאָרטיקע לויצקער זענען באַגייסטערט פאַר דער אידעע פונעם בוך. יצחק פינקעל רעדט באריכות וועגן דער אויפגאַבע פון אונדזער דור ביים פאַראייביקן די פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער היימשטאָט. ער רופט די לאַנדסלייט אין ישראל נישט נאָר אָנטיילצונעמען אין דער מיטאַרבעט פונעם „ספר לוצק", נאָר בכלל איבערנעמען די גאַנצע אחריות פאַר דער דערשיינונג פונעם ספר. אין דער דיסקוסיע ווערט אויסגעדריקט די באַגייסטערונג פאַרן ריכטיקן געדאַנק. מען האָט אויסגעוויילט אַן אָנפירערשאַפט. אַלס פאָרזיצער פון קאָמיטעט פאַרן „ספר לוצק" איז אויסגעוויילט געוואָרן נחום שטראַכמאַן.

ווילט זיך גלויבן, אַז ס'וועט נישט פאַרלוירן גיין דער הייליקער אָנדענק פון אונדזערע קדושים וטהורים, וואָס זענען געפאַלן על קידוש השם אין די קעלערן פון ליובאַרט־שלאָס און אין לויצקער געטאָ. מיט זייער בלוט האָבן זיי אונדז אויפגעפאָדערט קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן אין די געפאַלענע.

**א. לוצקי**

# א מיטינג ביי די לויצקער

צו דער געלעגנהייט פון דער יובל־פייערונג
30 יאָר לויצקער ברענטש 583

**ווער איז דער טשערמאַן?**
**בעני פאַרער.**
**ער זיצט אויבנאָן מיט אַ יום־טובדיק פנים,**
**און בעט צו רעדן — קורץ און קלאָרער.**

**ווער שרייבט די בריוו**
**מיט אַ וואַזשנעם באַטרעף?**
**דער איידעלער, שטרענגער,**
**סעקרעטאַר שעוו.**

**באַסס, דער דיקער,**
**פירט זיך ברייטלעך,**
**געלט צו געבן —**
**תמיד גרייטלעך.**

**און גראַניין דער גראַבער —**
**וואַכט מיט צאָרן.**
**ער היט די קאַסע —**
**מיר דאַרפן שפּאָרן.**

**פּראָטאָקאָל נאַגלער,**
**אינמיטן פאַרשרייב —**
**באַטראַכט די פאַניענקע,**
**זיין אייגן ווייב.**

**דער ספּריטנער פירער,**
**וויל זיין סטאַטיש.**
**פירט ער אַ רעדע —**
**דיפּלאָמאַטיש.**

**סאַל דאַלינער —**
**האַלט זיך באַשיידן,**
**אים ליבער צו הערן —**
**איידער צו ריידן.**

**ווער האַלט די גראַנדע?**
**יצחק פינקעל.**

ווער האַלט די דרשות?
יצחק פינקעל.

ווער איז דער גבאי?
יואל פינקעל.
ווער דעקט מיט געלטער?
יואל פינקעל.

ער פילט זיך באַהאַוונט,
פאַרטיפט ווי אַ זיידע.
לערנט ער חכמה —
דער לויצקער עדה.

ביי לויצקער אַ מיטינג — אַ וואַזשנע הוליאַנקע,
אַלע פאַרפּוצטע אין עסיק און האָניק.
גלייך פון ראַזירער באַשפּריצטע מיט טאָניק,
אַ שטאַרקער „לחיים" מיט הערינג און חלה,
דערמאָנט זיי די יאָרן פון חתן און כלה.

ביי אונדזערע לויצקער בליען די פרויען,
אַלעמאָל מונטער, אַלעמאָל טעטיק
ראָשען רעליף, און הילף תל־אביב,
זיי פלירטן און הנדלען און פירן זיך עטיק.

די ווייבערלעך מיידלען,
די מענערלעך יינגלען,
די אייגעלעך בלישטשען,
די צינגעלעך קלינגען.

גייט מען אַ טענצל אין סאַמע מיטן,
פלינקערע מענער די ווייבער פאַרביטן.
הוליעט די חברה ביז שפּעט ביינאַכט,
דערנאָך הערט דער דרויסן
אַ גוטע נאַכט!
מיט הילכיקע ווונטשן:
צום קומענדן מיטינג —
נאָך בעסער פאַרבראַכט.

אלתר באַרדיטש / באַלטימאָר

# לויצקער רעליף־סאָסייטי אין באַלטימאָר

אין יאָר 1931, ווען מיר אין אַמעריקע האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט, באַפרייענדיק זיך פון די נעגל פון דער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע, זענען צו אונדז דערגאַנגען זייער נישט קיין פריילעכע ידיעות פון דער אַלטער היים, פון לויצק. די דאָזיקע ידיעות האָבן אונדז דערציילט וועגן שרעקלעכן עקאָנאָמישן קריזיס, וועגן אַנטיסעמיטישע פאַרפאָלגונגען און באַיקאָטן קעגן אונדזערע ברידער און שוועסטער.

די דערהאַלטענע ידיעות פון פוילן האָבן אונדז געצוווּנגען זיך ערנסטער צו פאַרנעמען מיט די ענינים פון אונדזער אַלטער היים, און סוף יאָר 1931 איז אין הויז פון יהושע גילדען פאַרגעקומען די ערשטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון אונדזער לויצקער „רעליף סאָסייטי אָף באַלטימאָר". די געגרינדעטע לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו טראָגן הילף די איבערגעבליבענע קרובים און נאָענטסטע אין דער אַלטער היימשטאָט לויצק און, צווייטנס — שאַפן פאַר די לויצקער אין באַלטימאָר אַ היימישע חברישע סביבה.

אין דער אויסגעוויילטער צייטווייליקער קאָמיסיע זענען אַריין: פאָרזיצער — סעם פאָללאַק ע"ה, קאַסירער — פרענק וויינבערג ע"ה, און אלתר באַרדיטש אַלס פינאַנס־סעקרעטאַר און באַפולמעכטיקטער אָנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט צווישן די באַלטימאָרער לאַנדסלייט און דער היימשטאָט לויצק.

די געשאַפענע סאָסייטי האָט צוזאַמענגעשמידט די לויצקער אין באַלטימאָר. ביז דאַן זענען מיר געווען אָפּגעריסן איינער פון צווייטן. אַדאַנק איניקע טיכטיקע און ענערגישע לויצקער לאַנדסלייט, ווי בענע און סאָניע גרינבלאַט, יהושע גילדען, סעם און ראָזע פאָללאַק, זשעק נודעל א.א., איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ לעבעדיקער און חברישער קאָנטאַקט צווישן די לויצקער אין באַלטימאָר.

אויף דער ערשטער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זענען, אויסער די אויבנאויסגערעכנטע פערזאָנען, אויך אָנוועזנדיק געווען: משה פערעמיל און פרוי ברכה, אייזיק סעגאַל און פרוי קלאַראַ, דוד טיימאַן און פרוי לובאַ, אַדאָלף טיימאַן און פרוי דאָראַ, מענדל וויינשטיין און פרוי זעלדע, משה בערמאַן און פרוי יעטאַ, הערי און פרוי ציליע, בן־ציון ראָזענבלאַט און פרוי מינאַ.

פאַרשטענדלעך, אַז נישט אַלע לויצקער אין באַלטימאָר זענען געוואָרן מיטגלידער פון דער געשאַפענער סאָסייטי. פאַראַן צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זענען נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט צוגעשטאַנען צו אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט. אָבער די ווייט גרעסטע טייל האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער געשאַפענער לאַנדסמאַנשאַפט און איז טעטיק אויף פיל געביטן פון איר אַרבעט.

זשעק נודעל, וועלכער איז דער איצטיקער פאָרזיצער פון אונדזער פאַראיין, מיט זיין פרוי; לואיס פערמיל אַלס קאַסירער און זיין פרוי בעטי אַלס האָספּיטאַלערין; סעם וויינטרויב, געוועזענער פאָרזיצער פון דער סאָסייטי און פון הילפס־פאָנד אין יאָר 1945, צוזאַמען מיט זיין פרוי סאָניע; זייערע חשובע עלטערן דוד און חוה וויינטרויב; מאָריס שניידער און פרוי ע"ה; טויבה שניידער און פרוי; זשעק שניידער און פרוי שוירלי — עקס־קאַסירער; אייב פיין און פרוי, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר אין משך פון אַ סך יאָרן; זיין מוטער סאָסיע זשעק. אָט די אַלע אויסגערעכנטע האָבן אויף אַ פאַרשידנאַרטיקן אופן אַרויסגעוויזן אַן אַקטיווע טעטיקייט אין אונדזער סאָסייטי. אַפילו שוירלי גאָדל, וועלכער איז אַליין אַ סווינירער, בלויז געלערנט אין דער לויצקער ישיבה, האָט זיך אויך אַריינגעצויגן אין דער אַקטיווער אַרבעט לטובת אונדזער פאַראיין און געווען איניקע יאָר וויצע־פאָרזיצער.

אין עטלעכע יאָר אַרום זענען צוגעקומען נאָך אַנדערע לויצקער לאַנדסלייט און זיך אַקטיוויזירט אין אונדזער פאַראיין. דאָס זענען: ברוך און שרה קעטש — ברוך איז היינט רעקאָרדינגס־סעקרעטאַר; זייער מוטער לאה מאַרליס; זשיו און סיליע פייט — איצט וויצע־פרעזידענט פון דער סאָסייטי; הערי און בעקי פאָקס — קאָמיטעט־מיטגליד פאַרן שולבלאַט אין דער נ—ר ישיבה לזכר קדושי לוצק.

אין יאָר 1932 האָט מען לעגאַליזירט אונדזער פאַראיין און דער פינאַנס־סעקרעטאַר (דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות) האָט דורך דער פאַרמיטלונג פון זיין שווער און שוואָגער, שלום־לייב און זיינוול גאַרבאַטש ע"ה, זיך פאַרבונדן מיטן רעדאַקטאָר פון דער „וואָלינער פרעסע" שמואל כאַזאַן ע"ה, און דורך זיין פאַרמיטלונג — מיט אַלע אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס אין לויצק. זינט דאַן איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ נאָרמאַלער קאָנטאַקט צווישן די לויצקער פון ביידע זייטן אָקעאַן.

אויף צו שאַפן אַ רעליף־פאָנד איז אין יאָר 1932 אָרגאַניזירט געוואָרן אַ שפּאַציר אויף אַ דאַמפער איבער די בלויע וואַסערן פון מערילאַנדס טשעסאָפּיל בעי. ס'זענען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן לאָטעריע־שפּילן, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט געלט פאַרן פאָנד.

אויף אונדזערע ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען און יערלעכע בעלער האָבן אונדז באַזוכט פון צייט צו צייט איניקע ניו־יאָרקער לאַנדסלייט, ווי פערל מאַראַנץ, ניסן פירער מאַטי דימענט ע"ה, און מיין פאָטער יחיאל באַרדיטש; פון וואַשינגטאָן פלעגט צו אונדז קומען מיין קוזין הרב יהודה יואל, חייקע פאַפיר, יעקב און דבורה גרינשטיין א.א. ביי זיין ערשטן באַזוך האָט אונדז מאַטי דימענט באַקאַנט געמאַכט מיט דער טעטיקייט פון בית־לחם און בית־יתומים אין לויצק. מיר האָבן דאַן גלייך איבערגעשיקט פאַר די דערמאָנטע אינסטיטוציעס אַ באַשיידענע סומע, וועלכע מיר האָבן דאַן באַוויזן צו שאַפן.

דעם 26־טן פעברואַר 1933 איז פאָרגעקומען ביי אונדז




דער ערשטער לויצקער רעליף־באַל אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אייזיק סעגאַל. אין באַל האָבן אָנטיילגענומען אַלע לויצקער לאַנדסלייט אין באַלטימאָר. דער דאָזיקער באַל איז אַדורך מיט אַ גרויסן מאָראַלישן און פינאַנסיעלן דערפאָלג. אַ באַריכט וועגן דעם איז איבערגעגעבן געוואָרן דער אָרטיקער פרעסע ווי אויך דער „וואָלינער פרעסע" דורך איר דעמאָלטיקן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט. די געזאַמלטע סומע איז גלייך איבערגעוויזן געוואָרן צו זעקס יידישע אַנשטאַלטן אין לויצק.

אויפן זעלבן אופן זענען פאָרגעקומען אַלע יאָר־בעלער, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט די מיטלען, וואָס האָבן אונדז דערמעגלעכט צו דערטיילן נאָרמאַלע פינאַנסיעלע הילף פאָלגנדיקע אינסטיטוציעס אין לויצק:

בית־לחם, בית־יתומים, קוראַטאָריום פון יידישן שפּיטאָל, תלמוד־תורה, לינת הצדק, „טאָז", ביקור־חולים, גמילת חסדים, האַנטווערקער־פאַראיין און פרויען־פאַראיין נאָוואָסטראָיעניע — אויסער נאָרמאַלע באַשטייערונגען פאַר די נאַציאָנאַלע און אַנדערע קאָמפּיינס אין באַלטימאָר.

די צוגרייטונגען צו יעדן יערלעכן רעליעף־באַל האָבן פאַרנומען ביי אַ דריי חדשים צייט. מ'האָט געדאַרפט זיך פאַרבינדן מיט די לאַנדסלייט און זייערע פרויען, זיי אַריינציען אין אַקטי־ ווער מיטאַרבעט ביי די הכנות צום באַל. ס'איז אויך נייטיק געוועזן צוצוגרייטן דאָס געהעריקע מאַטעריאַל פאַרן זשורנאַל, וועלכן מ'האָט ארויסגעגעבן צו דער געלעגנהייט. שאַפן פאַר אים אַנאָנסן און באַגריסונגען — אפילו פון קריסטלעכע אינסטיטוציעס, מיט וועלכע אייניקע לויצקער לאַנדסלייט זענען געשטאַנען אין האַנדלס־באַציונגען; דינגען אַ פאַסיקן זאַל מיט טאַנץ־מוזיק; זיך פאַרבינדן מיט דער יידישער פרעסע און מיט די ראַדיאָ־אוידיציעס; צוגרייטן אַ געהעריקן בופעט אויפן אָוונט — אונדזערע פרויען האָבן אַליין צוגעגרייט פאַרשידענע מעדנים און אויפן אָוונט זענען זיי געוועזן די פאַרקויפערינס. די אַלע, וועלכע לייגן אַריין זייערע באַמיונגען אין די יאָר־בעלער זענען פון זייער טעטיקייט צופרידן. זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער יערלעכער באַל איז אַ געשעעניש פאַר די באַלטימאָרער יידן. די בעלער זענען שוין געוואָרן אַ טראַדיציע.

אין יאָר 1935, ווען דאָס קוראַטאָריום פון לויצקער יידישן שפּיטאָל האָט זיך צו אונדז געווענדעט נאָך דרינגענדיקער הילף אויפצושטעלן אין שפּיטאָל אַן אָפּטיילונג פאַר געווינערינס — איז גלייך געשאַפן געוואָרן די געהעריקע סומע. די דאָזיקע אָפּטיילונג איז טאַקע אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן נאָמען פון

אונדזער סאָסייטי, וועלכע האָט אויסגעשטאַט אַ גאַנץ צימער מיט בעטן. ס׳איז אויך אַדורכגעפירט געוואָרן אַ זאַמל־אַקציע פון אַלטע קליידער. אין אָט דער אַקציע האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט די פרויען ראָזע פּאָללאַק, סאבער, סאָניע גרינבלאַט א. א. די געזאַמלטע קליידער זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין דער רעדאַקציע פון דער „וואָלינער פּרעסע" און זיי זענען דורך איר רעדאַקטאָר שמואל כאַזאַן ע"ה צעטיילט געוואָרן צווישן די לויצקער יידישע נויטבאַדערפטיקע.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען איבערגעריסן געוואָרן אַלע קאָנטאַקטן צווישן אונדז און דער היימשטאָט לויצק. אַמעריקע איז אַריינגעטראָטן אין אַ תקופה פון צוגרייטונג צו דער מלחמה. אונדזערע קינדער זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. אַלע עקאָנאָמישע רעסורסן זענען געשטעלט געוואָרן אין רשות פון דער הילף פאַר די אַלאירטע. דערפאַר איז אויך אונדזער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט צייטווייליק אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

מיר, די לויצקער לאַנדסלייט אין באַלטימאָר, פלעגן זיך פון צייט צו צייט פאַרזאַמלען אין אונדזערע פּריוואַטע הייזער און ווי אָנגעהעריקע צו איין משפּחה — זיך געטיילט מיט די שרעקלעכע ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען פון יענער זייט ים, ווו ס׳זענען איבערגעבליבן אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע. מיר האָבן געלעבט מיט דער איינציקער האָפענונג צו דערלעבן היטלערס מפּלה.

נאָכן נצחון איבער היטלערן איז אונטערן פאָרזיץ פון אונדזער אומדערמידלעכן געזעלשאַפטלעכן טוער סעם ווײַנטרויב געשאַפן געוואָרן אַן אמערדזשענסי הילפס־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך דורך דער אמעריקאַנער יידישער פּרעסע געווענדעט צו אַלע לעבנגעבליבענע לויצקער יידן, אַז זיי זאָלן זיך וואָס שנעלער מיט אים שטעלן אין פאַרבינדונג.

אין גאָר אַ קורצער צייט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען הונדערטער בריוו פון געראַטעוועטע יידן פון לויצק. די בריוו זענען אַדורכגעלייענט געוואָרן אויף די קאָמיטעט־זיצונגען און באַגאָסן געוואָרן מיט הייסע טרערן צוליבן שרעקלעכן גורל, וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק און אויך אונדזער אַלטע היימשטאָט לויצק. מיט אַ יידישן אימפּעט איז אָרגאַניזירט געוואָרן א שנעלע הילפס־אַקציע, אין וועלכער ס׳האָבן זיך אַקטיוו אויסגעצייכנט אונדזערע אַקטיווע מיטאַרבעטער פון דער לויצקער סאָסייטי: סעם ווײַנטרויב, זשעק נודעל, סעם פּאָללאַק ע"ה, אַדאָלף טיימאַן, זשעק שניידער, לואיס פּערעמיל, טוביה שניידער, ברוך קעטש, זשיו פּייט, זשעק גאָלד ע"ה, דער שרייבער פון די שורות — מיט אַקטיוון אָנטייל פון אַלע לויצקער לאַנדסלייט



אין זייערע פּרויען. קיין אייראָפּע זענען איבערגעשיקט געוואָרן שפּייז־פּאַקעטן, קליידער, געלט און מעדיקאַמענטן. מיר האָבן זיך אויך פאַרנומען מיטן אויפזיכן קרובים.

די טראַדיציאָנעלע בעלער זענען ווידער באַנייט געוואָרן. זיי זענען געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון אונדזערע באַמיונגען צו פאַרגרעסערן אונדזער הילפּס־פאָנד. הילף איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין פאָלגנדיקע לענדער: פראַנקרייך, איטאַליע, יאַפּאַן, שוועדן, דייטשלאַנד, עסטרייך און פּוילן. פאַר די לעצטע 11 יאָר ווערט אינדזער הילף געשיקט קיין ישראל צו פריוואַטע לאַנדסלייט אין דער פאָרם פון געלט, שפּייז־פּאַקעטן און מעדיקאַמענטן.

אין יאָר 1954 האָבן מיר, אין פאַרבינדונג מיט דער ניו־יאָרקער סאָסייטי, אַריבערגעבראַכט פון ישראל קיין אַמעריקע אונדזערע חשובע לאַנדסלייט, די אָנערקענטע קינסטלער חיים און שרה פּערשקאָ מיט זייער פריינדין עליזא. זיי זענען אויפגעטראָטן פאַר מיליאָנען צושויער אין טעלעוויזיע און אויף פאַרשידענע קאָנצערטן. זיי האָבן באַוויזן זיך איינצושאַפן אָנער־קענונג אין די קינסטלערישע קרייזן אויך אין קאַנאַדע און אין מעקסיקע.

מיר זענען שטאָלץ צו זיין פאַרבונדן מיט דער געשאַפענער דירכן ארגון יוצאי ליצק אין ישראל — קופּת גמילת חסדים ע"ש קדושי ליצק. מיר ווילן האָפן, אַז דער אָנגעבינדענער קאָנטאַקט וועט פיל העלפן ממשיך צו זיין אונדזער איבערגע־געבענע אַרבעט לטובת הכלל.

מיר דאָ, אין באַלטימאָר, האָבן באַשלאָסן צו פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע קדושים דורך אַריינמויערן אַ בראָנדזענעם טאָוול אין דער ישיבה נר ישראל ראַביניקל, וועלכע געהערט צו איינע פון די בארימטסטע ישיבות אין אַמעריקע און קאַנאַדע. אויף אָט דעם אָנדענק־טאָוול וועלן זיך אויך געפינען די נעמען פון די פאַרשטאָרבענע לאַנדסלייט, די בויער און שאַפער פון אונדזער סאָסייטי. יעדעס יאָר וועט אין דער דערמאָנטער ישיבה אָפּגעהאַלטן ווערן אַן אזכרה מיטן אָנטייל פון באַוווּסטע רבנים.

לײדער ווערט אונדזער סאָסייטי נישט פאַרגרעסערט, נאָר, פאַרקערט, פאַרקלענערט. קיין יונגע כוחות קומען נישט צו. אָבער דאָס קליינע הייפעלע איבערגעבליבענע לאַנדסלייט וועט זיכער נישט אָפּשטיין אין איר אַרבעט און ווייטער פאָרזעצן איר וויכטיקע טעטיקייט.

1960

מ. שטערנפעלד / קאַנאַדע

# לויצקער יידן אין פּאָרטוגאַל

אין יאָר 1932 האָב איך פאַרלאָזט מיין היימשטאָט לויצק און זיך געלאָזט אין פרעמדע לענדער, מיט אַנדערע זיטן, מנהגים, שפּראַך און קלימאַט. דאָרט האָב איך זיך אויך צוזאַמענ־געטראָפן מיט נאָך לויצקער יידן עמיגראַנטן און צוזאַמען גע־טיילט די ליידן און פריידן אין די נייע באַדינגונגען.

אין פּאָרטוגאַל האָט זיך געפילט די אַנדערשקייט אומעטום. אין רעסטאָראַן האָט מען זיך אַנדערש, ווי ביי אונדז אין לויצק, געמוזט ווענדן צום קעלנער. דאָס זעלבע — אין דער באַציונג כלפּי פרויען, וועלכע מ'האָט בכלל נישט געטראָפן אין גאַס אָן אַ באַגלייטער. אָט די משונהדיקע מנהגים האָבן זיך אַ ניי־אָנגעקומענעם שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. אָבער אַדאַנק דער קליינער דאָרטיקער יידישער קאָלאָניע — און אין דער ערשטער ריי אייניקע לויצקער יידן, וועלכע זענען געקומען מיך אויפנעמען — איז מיר ווי עס איז דערלייכטערט געוואָרן זיך צו אַקלימאַטיזירן.

די ערשטע לאַנדסלייט, וועלכע זענען געקומען מיך באַזוכן אויף דער אויפנאַמע, וואָס מיין ברודער האָט פאַר מיר איינ־געאָרדנט, זענען געווען אַזעלכע באַקאַנטע ווי י. מ. שטשערבאַטע, חיים וואַלדמאַן, זיין זון יוסף, אלתר צימערמאַן, יוסף שטודען, מאָטל קאַרדאַש, כּאַסקל זינדליים, דוד קיט, יוסף קאַפּייקע, ברוך מינדעלעס, זיין זון אשר, לייב עקבער, מעכל בוימל, גערטנער און דיקשטיין. דער דאָזיקער אָוונט איז געווען פאַר מיר אַן אָנגענעמע איבערראַשונג, ווייל טרעפנדיק זיך מיט אַזויפיל היימישע מענטשן, האָב איך זיך ווידער ווי דערפילט אין לויצק אויף מצרים־גאַס, וווּ מ'האָט יעדע רגע זיך געטראָפן מיט אַן אַנדער פריינד, אָדער באַקאַנטן.

ליסאַבאָן איז אַ שיינע און מאָדערנע שטאָט. דער ייד אין אונדז האָט אָבער נישט געלאָזט פאַרגעסן, אַז אין דער זעלבער שטאָט האָט די אינקוויזיציע איבער די יידן געפייערט אירע גרעסטע נצחונות. אָט פונקט אין צענטער פון שטאָט, אויף דער ראָקיאָ־גאַס, ווו ס'געפינט זיך היינט דאָס נאַציאָנאַלע טעאַטער, איז נישט איינמאָל איינגעשטעלט געוואָרן אַן „אויטאָ־דאַ־פע", אויף וועלכן מ'האָט פאַרפייניקט פיל יידישע אנוסים, באַשולדיקטע אינעם שרעקלעכן „פאַרברעכן", אַז זיי היטן אָפּ די יידישע מנהגים. מען שפּאַצירט איבער די גאַסן פון ליסאַבאָן, ווו מ'באַגעגנט מענטשן, ענלעכע צו אונדזערע יידן אין בערדיטשעוו, אָדער אין וואַרשע, מוז מען אַ טראַכט טאָן, אַז דאָס זענען אפשר די אָפּשטאַמיקע פון די אַמאָליקע מאַראַנען.

לאַנג טראַכטן וועגן דעם איז נישטאָ קיין צייט. די טאָג־

טעגלעכע זאָרגן פאַרשלינגען דעם ניי־אָנגעקומענעם. „ביסלעכווייז האָב איך אויפגעשטעלט פאַר מיר אַ נייע היים, וועלכע האָט זיך, אין די צייטן פון דער פאַרשטאַרקטער היטלעריסטישער אַגרעסיע און יידנפאַרניכטונג, אַרויסגעוויזן אַלס אַ גן־עדן התחתון. פּאָרטוגאַל האָט זיך נישט געלאָזט אַריינשלעפּן אין היטלערס אַוואַנטוריסטישע פּלענער און געבליבן נייטראַל. זענען דעריבער דאָרט ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט טויזנטער יידן, אַנטלאָפענע פון פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד.

צוליב דעם, וואָס גאַנץ אייראָפּע איז געווען אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס זענען פאַרניכטעט געוואָרן — האָט דער „דזשאָינט", וואָס זיין פריערדיקער זיץ־אָרט איז געווען אין פּאַריז, זיך איבערגעטראָגן קיין ליסאַבאָן, און אַזוי אַרום ווייטער געקאָנט פאָרזעצן זיין הילפס־טעטיקייט לטובת די געקומענע פּליטים. מיט דער הילף פון אונדזערע אַלט־איינגעזעסענע תוש־בים, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ כשרע קיך, ווו די ניי־געקומענע האָבן באַקומען אומזיסטע מיטאָגן.

די וועלכע זענען געקומען קיין פּאָרטוגאַל מיט עטלעכע יאָר פריער, האָבן זיך שוין געהאַט עקאָנאָמיש פאַרפעסטיקט. זיי זענען אַריין אין האַנדל, פאַבריקס־וועזן, אָדער זיך פאַרנומען מיט עקספּאָרט־אימפּאָרט ענינים. האָט מען זיך שוין אויך אָנ־געהויבן זאָרגן וועגן רוחניות. ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אַכשנזישע שול אינעם קוואַרטאַל ווו יידן האָבן זיך באַזעצט. די ספרדישע יידן האָבן פאַרמאָגט אַ שיינע סינאַגאָגע, אָבער זי האָט זיך געפונען אין אַ ווייטער געגנט און זייערע תפילות זענען נישט געווען ענלעך צו אונדזערע. ס׳איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ קלוב פאַר דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „חבר". אַ געוויסער הער קאַנטאָר האָט פּרובירט צו אָרגאַניזירן אַ ברית־ציון אָרגאַניזאַציע, אָבער מ׳האָט דערשמעקט, אַז ער איז אַ רעוויזיאָניסט און זיין אויפ־גאַבע איז נישט דערפילט געוואָרן.

לויט מיין איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידיש־פּוילישער פאַרבאַנד, וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט אָנגעפירט מיט דער קולטורעלער טעטיקייט צווישן יידן אין ליסאַבאָן. מיר האָבן געשאַפן די ערשטע יידישע ביבליאָטעק אין ליסאַבאָן. די ערשטע 200 יידישע ביכער האָבן מיר איינגעקויפט אין אַמעריקע. מיר האָבן איינגעאָרדנט פאַרשידענע רעפעראַטן און אויך אָרגאַניזירט פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע אונטערנעמונגען. אונדזער פאַרבאַנד איז אַ לאַנגע צייט געווען דער אַדרעס פאַר פאַרשידענע יידישע שליחים פון אַמעריקע, ישראל א. א. וו. דער פּרעזידענט פונעם פאַרבאַנד, ה׳ משה ריטען, איז געווען אַ לויצ־קער. אַ געטרייער ציוניסט. מיר האָבן אַדורכגעפירט פאַרשידענע הילפס־אַקציעס פאַר ישראל און אויך געשיקט קיין פּאַריז מלבו־שים פאַר יידישע אָפּגעראַטעוועטע קינדער, און שיך קיין אי־טאַליע — אין די דאָרטיקע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווו יידן זענען געווען.

מיט איין וואָרט: יידן זענען, אין אַן עת צרה, נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און געהאָלפן מיט אַלעם מעגלעכן זייערע ברידער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין היטלעריסטישן קלעם. באַזונדערס האָבן זיך אויף דעם דאָזיקן געביט אויסגעצייכנט לויצקער לאַנדסלייט. די ערשטע גבאים אין דער אשכנזער שול זענען געווען די לויצקער לאַנדסלייט חיים וואַלדמאַן און ברוך מינדעלעס.

אין דער מלחמה־צייט האָב איך באַקומען פון שאַנכיי אַ בריוו פון עטלעכע לויצקער יונגעלייט, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען די צוויי זין פון הרב סאָראָטשקין, יעקב עדערמאַן און אַ זון פון זבולון פּערקאַל. זיי האָבן דאַן געבעטן הילף. מיר האָבן באַלד אָרגאַניזירט אַ הילפס־אַקציע, זיי אַרויסגעשיקט אייניקע מאָל געלט. לויט דעם, וואָס זיי האָבן מיר דאַן גע־שריבן, איז די מאַטעריעלע הילף, וואָס זיי האָבן באַקומען פון זייערע לויצקער לאַנדסלייט געווען נישט אַזוי פון מאַטעריעלן שטאַנדפּונקט וויכטיק, ווי פון מאָראַלישן. זיי האָבן זיך ווידער דערפילט, אַז זיי זענען נישט פאַרבליבן פאַראייניזאַמט.

באַקומענדיק די ערשטע ידיעות וועגן די געטאָס, היטלער־לאַגערן און גאַז־קאַמערן האָבן מיר ווי נישט געגלויבט אין דעם אַלעמען. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ באַרבאַריזם איז אויסגעפירט געוואָרן אין אונדזער צייט. ליידער האָט זיך אַלץ באַשטעטיקט. ס׳איז אונדז באַפאַלן אַ שרעק, ווען מיר זענען געוואָר געוואָרן, אַז די דייטשן בויען אין ליסאַבאָן אַזעלכע כעמישע לאַבאָראַטאָריעס, וואָס זייער ציל איז גאַז־קאַמערן. די פּאַניק צווישן דער יידישער קאָלאָניע אין ליסאַבאָן איז דאַן געוואָרן גרויס. האָט דעריבער יעדער געוואָלט פאָרן וווהין ער האָט געקאָנט. מ׳האָט זיך באַמיט וואָס שנעלער אַרויסצובאַקומען אַ פּאַספּאָרט מיט אַ וויזע און זיך אָפּטראָגן פון דער פאַרפעסטעטער אייראָפּע. זעט אויס, אַז ס׳איז געשען אַ נס און די דייטשן האָבן נישט באַוויזן אַריינצומאַרשירן קיין פּאָרטוגאַל און אַזוי אַרום זענען די יידן אין פּאָרטוגאַל ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

מיטן סוף פון קריג האָט זיך די יידישע קאָלאָניע אין ליסאַבאָן אָנגעהויבן שטאַרק פאַרקלענערן. יידן האָבן אָנגעהויבן אויסוואַנדערן פון פּאָרטוגאַל — ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין ישראל און ווער קיין לאַטיין־אַמעריקע. האָבן אויך אייניקע לויצקער עמיגרירט. די דאָזיקע עמיגראַציע האָט שוין נישט געטראָגן קיין פּאַנישן כאַראַקטער, ווי אין די מלחמה־טעג, ווען מ׳האָט נאָר אין זינען געהאַט צו ראַטעווען די נשמה פון די היטלעריסטישע נעגל.

דער יידישער ישוב אין ליסאַבאָן בעת דער מלחמה איז געווען זייער אַ קליינער — ער האָט נישט געציילט מען ווי טויזנט נפשות. אָבער פּליטים זענען געווען מען ווי 10 טויזנט. און אַלע זענען דאַן געראַטעוועט געוואָרן פון די היטלעריסטישע נעגל און פון הונגער־טויט.

1960

# לויצקער אין די פאראייניקטע שטאטן

## פערל מאראנץ

פערל מאַראַנץ איז איינע פון די פּאָפּולערסטע און איידלסטע געשטאַלטן פון לויצקער יידישן ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זי ווערט מיט רעכט אָנגערופן „די מוטער פון די לויצקער אין ניו־יאָרק". זי קאָן אויך מיט רעכט אָנגערופן ווערן איינע פון די פּיאָנערן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון די לויצקער לאַנדסמאַנשאַפטן אין ניו־יאָרק.

געבוירן אין קאָוועל, איז זי געקומען קיין לויצק נאָך אַלס קינד. דאָרט האָט זי געהייראַט מיט אלעזר מאַראַנץ, אַ זון פון אַן אַלטער און פאַרצווייגטער משפחה. נאָך אַ געוויסער צייט עמיגרירט אלעזר קיין אַמעריקע, אַ קורצע צייט נאָך דעם פאָרן אויך אַוועק די 2 עלטערע טעכטער.

אין 1910 פאַרלירט זי פריצייטיק די טאָכטער ליזאַ אין לויצק און דעם מאַן אלעזר אין אַמעריקע.

פערל נעמט זיך אָן מיט מוט, און מיט אייגענע מיטלען לאָזט זי זיך אַוועק קיין אַמעריקע מיט אירע 4 קינדער און 2 אייניקלעך יתומים. זי מאַכט דאָרט דורך אַן אומגעהויער שווערע צייט; זי ווייזט אָבער אַרויס ממש מעשים פון גבורה. אַליין, מיט אירע אייגענע כוחות, באַווייזט זי נישט בלויז צו דערנערן אירע 6 קינדער, נאָר אויך זיי געבן בילדונג — אַ זאַך, וואָס אין יענע יאָרן איז עס געווען נישט אַזוי לייכט. אָבער נאָך מער איז כדאי אונטערצושטרייכן, וואָס שוין אַפילו דאַן געפינט זי צייט און כוח זיך אָפּצוגעבן מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט צווישן די לויצקער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק. כמעט יעדער לויצקער אימיגראַנט האָט ביי פערל מאַראַנץ געפונען אַ היים, אַ טרייסט, הילף, דערמוטיקונג — ביז יענער האָט זיך געשטעלט אויף אייגענע פיס.

איר הויז ווערט אַ צענטער פון דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג פון די לויצקער אין ניו־יאָרק. אין איר הויז ווערן אָרגאַניזירט און געפירט אין משך פון אַ לענגערער צייט די פאַרשידענע לויצקער אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, ווי צום ביישפּיל: די „סאָסייטעס", דער „לוצקער ברענטש אַרבעטער־רינג", דער „רעליף־קאָמיטעט" א. א. וו. אירע קינדער זענען איר בייהילפיק אין דער אַרבעט און איבערגעגעבן די לויצקער ענינים.

נאָך איר צוריקקער אין יאָר 1935 פון אַ באַזוך אין לויצק פאַרשטאַרקט זי נאָך מער איר טעטיקייט צווישן די לאַנדסלייט אין אַמעריקע לטובת די נויטליידנדיקע אין דער אַלטער היים.

אין דער אַרבעט פון שיקן פעקלעך אין פאַרשידענע לאַ־גערן, און אויך קיין ישראל, העלפט איר דער זון יוסף. אָבער אַלע קינדער העלפן איר זאַמלען קליידער, שפּייז און געלט. צום מערסטן ציכנט זיך אויס די גאָר גערעאַטענע טאָכטער ראַזלין. זי העלפט מיט גרעסערע סומען געלט פאַר דער קאַסע און אויך פאַר דעם בוך.

אָט די איבערגעגעבענע טעטיקייט פון פערל מאַראַנץ דויערט שוין איבער 50 יאָר.

## סעם (שלמה מאיר) גוז ע"ה

געבוירן אין לויצק אין יאָר 1897. געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. אַ קורצע צייט נאָך זיין קומען ווערט ער אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער ערשטער לויצקער סאָסייטי, וווּ ער ווערט אויסגעטיילט אַלס איר פּאָרזיצער אין משך פון דריי קאַ־דענצן. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה ווערט ער אַקטיוו, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע לויצקער לאַנדסלייט, אינעם אויפ־געלעבטן רעליף־קאָמיטעט. ער העלפט שאַפן גרעסערע פאָנדן, אַדאַנק וועלכע ס'איז געוואָרן מעגלעך אַרויסצושיקן אַ באַדייטנ־דיקע הילף דער גערעאַטעוועטער שארית־הפליטה פון לויצק. ער העלפט שיקן הילף אין די ד.פּ. לאַגערן און קיין פּוילן. ס'ווערן געשיקט פיל קליי־דער־פּאַקעטן, עסנוואַרג און אַפילו תשמישי־קודש. אין סאַמע מיטן ברען פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטי־קייט ווערט ער אין יאָר 1951 פון אונדז אַוועקגעריסן.

דער פאַרשטאָרבענער האָט אַריינגעשריבן אַ הערלעך בלעטל אין דער געשיכטע פון די לויצקער כלל־טוער אין אַמעריקע.

## יעקב גרינשטיין ע"ה

געבוירן אין לויצק אין יאָר 1885. באַקומט אַ יידישע טראַ־דיציאָנעלע דערציונג און לערנט זיך אויס אַ פאַך, טיפּאָגראַף. האַרט פאַרן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג פאָרט יעקב אָפּ קיין אַמעריקע, אין זיין פרוי, דבורה, מיט די צוויי קינדער בלייבן איבער אין לויצק. אין יאָר 1920 געלינגט אים זיי אַראָפּ־צוברענגען קיין אַמעריקע. אין יאָר 1932 ווערן יעקב מיט זיין פרוי טעטיק אין „לויצקער לחם־עניים־קאָמיטעט", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין זייער וווינונג. דבורה ווערט די פּראָטאָ־קאָל־סעקרעטאַרין, און ער ווערט אויסגעוויילט אַלס קאַסירער. יעקב איז'אַ מיטגליד פונעם לויצקער פינפטלינג: ב. פּאָרער, ס. זינגער, י. גרינשטיין, י. באַרענבוים און נ. פּירער, וועלכע פאָרן אַרום יעדן זונטיק, יאָר־איין, יאָר־אויס, באַזוכן די לויצקער לאַנדסלייט און זאַמלען געלט פאַרן רעליף ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

יעקב גרינשטיין איז געשטאָרבן אין יאָר 1955, ווינטערצייט.

## בנימין פידעל ע"ה

אַ לויצקער געבוירענער פון אַ באַלעבאַטישער היים. קומט אין די לעצטע יאָרן פאַרן ערשטן וועלט־קריג קיין אַמעריקע. לערנט זיך אויס אַ פאַך ביים נייען קינדער־קליידער. ווערט קראַנק און מוז פאַרלאָזן זיין פאַך. ער ווערט דאַן אַ פאַרזיכע־רונגס־אַגענט. אין יאָר 1932 ווערט ער טעטיק אין דער „לויצקער לחם־עניים־סאָסייטי". פאַרנאַכלעסיקט דערביי זיינע אייגענע ביזנעס און גיט זיך אָפּ דער אידעע פון שאַפן הילף פאַר זיינע אומגליקלעכע לויצקער לאַנדס־לייט אין לויצק.

ער ווערט שטאַרק קראַנק און שטאַרבט אין יאָר 1951. די סאָסייטי שטעלט אים אויף אַ מצבה.

## יוסף (דזשאָי) ראַט ע"ה

געבוירן אין לויצק אַרום יאָר 1872. אַ זון פון דעם לעגענ־דאַרן שלמהלע רויטער, דעם „ניקאָלאַיעווער" סאָלדאַט (פאַר־שלעפּט געוואָרן אַלס קינד ערגעץ קיין טיף רוסלאַנד און צוריק־געקומען נאָך 25 יאָר אָפּדינען דעם צאַר; נישט קענענדיק קיין יידיש, דאָך אויפגעהאַלטן זיין יידישקייט). יוסף ראַט קומט קיין אַמעריקע אין די יאָרן 4־1903. לערנט זיך אויס אַ פאַך: שטובן־מאַלעריי. אַ מענטש מיט אינטעליגענץ, בקי אין די „קליינע אותיות", מיט אָראַטאָרישע פעיקייטן, ווערט ער גאָר שנעל אַ פירנדיקע קראַפט צווישן די לויצקער אין ניו־יאָרק. איז אַקטיוו לטובת זיינע לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין אַמעריקע, שטענ־דיק גרייט צו העלפן אַ פריינד אין נויט. איז ספּעציעל טעטיק געווען נאָכן צווייטן וועלט־קריג און געוואָרן פאַרזיצער פון צוריק אויפגעלעבטן לויצקער רעליף־קאָמיטעט. די 50 יאָר טעטיקייט צווישן זיינע לויצקער לאַנדסלייט, מאַכן אים שטאַרק פּאָפּולער און באַליבט.

געשטאָרבן אין יאָר 1952.

## מאָטי (מרדכי) דימענט ע"ה

געקומען פון לויצק קיין אַמעריקע אין יאָר 1932. נישט צוליב נויט, נאָר אין שליחות פון זיינע הונגעריקע ברידער און שוועסטער, וואָס זענען איבערגעבליבן אין לויצק. פון פאַך — אַ זייגערמאַכער. באַלד דעם צווייטן טאָג נאָך זיין אָנקומען זוכט ער אָפּ עטלעכע לויצקער ווי: שיקע זינגער, יוסף בלושטיין, דבורה און יענקל גרינשטיין, בנימין פידעל א.א. און גייט צוזאַ־מען מיט זיי פון טיר צו טיר זוכן לויצקער און שאַפן באַלדיקע הילף פאַר די וואָס נייטיקן זיך אין איר. נאָך לאַנגע באַמיונגען איז דער איניציאַטיוו־גרופּע געלונגען צו רופן די ערשטע גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג און שאַפן די „לויצקער לחם־עניים־סאָסייטי", וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו שיקן הילף דעם „בית־לחם" אין לויצק. אַ יאָר צייט דויערן זיינע מיפּולע לייסטונגען, כדי צו קאָנצענטרירן די הילפס־אַרבעט אין איין גוט אָרגאַניזירטער הילפס־אָרגאַניזאַציע. דאָס געלינגט אים סוף כל סוף און צוזאַמען מיט דער הילף פון דעם „לויצקער אַרבע־טער־ברענטש" ווערט טאַקע די דאָזיקע טעטיקייט פיל אויס־געברייטערט.

אין יאָר 1938 קומט ער אויף אַ באַזוך קיין לויצק. ער ווערט דאָ שטאַרק באַאיינדרוקט פון די צרות און דער הערשנדיקער נויט אין דער אַלטער היים און באַמיט זיך, צוריקקומענדיק קיין אַמעריקע, צו באַווירקן זיינע לאַנדסלייט.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער צווייטער וועלט־קריג, האָט ער זיך שטאַרק איבערגענומען מיט די צרות, וואָס האָבן זיך אָנגע־הויבן שיטן אויף די קעפּ פון זיינע איבערגעבליבענע ברידער און שוועסטער אין דער אַלטער היים. ער איז זייער קראַנק גע־וואָרן. ווען כ'האָב אים באַזוכט אין שטאַטישן שפּיטאָל, אין ברוקלין, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרויסע זאָרג וועגן די יידן אין לויצק.

— ווער ווייסט — האָט ער געזאָגט — צי ס'איז נאָך עמע־צער איבערגעבליבן ביים לעבן נאָכן היטלעריסטישן גיהנום? און צי וועט מיך נאָך עמעצער געדענקען?

יאָ, מיר וועלן אַזאַ טייערן חבר און פריינד נישט פאַרגעסן!

## סעם (שיקע) זינגער ע"ה

סעם זינגער ע"ה איז געבוירן אין לויצק אין יאָר 1879. איז געקומען קיין אַמעריקע מיט דער פאַמיליע אין יאָר 1903. זיינע קינדער האָבן ביי אים באַקומען אַ יידישע דערציונג. שיקע איז אַלע יאָרן געווען אַקטיוו אין לויצקער געזעלשאַפטלעכן לעבן. געווען אַ מיטגליד אין „ערשטער לויצקער סאָסייטי" זיינע אַלע 48 יאָר, וואָס ער האָט אָפּגעלעבט אין אַמעריקע. אין יאָר 1932 זייער טעטיק אין דער „לחם־עניים־סאָסייטי פאַר לויצק". פון דערמאָנטן יאָר און ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג איז ער דער שטענדיקער פאַרזיצער פון דער דאָזיקער סאָסייטי. נאָכן קריג ווערט ער ווידער טעטיק אינעם אויפגעלעבטן רעליף־קאָמיטעט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. זייער פיל צייט ווידמעט ער דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אַרום דער הילפס־אַרבעט פאַר די לויצקער, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

מ. גייער / בראַזיל

# לויצקער אין סאַן־פּאולאָ

אין די יאָרן פון צווייטן און דריטן יאָרצענדליק פון היינטיקן יאָרהונדערט, האָט זיך פאַרשאַרפט דער עקאָנאָמישער קריזיס צווישן די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן אויף די פוילישע קרעסן. צווישן אַנדערע איז עס אויך געווען אַ רעזולטאַט פון דער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק פון דער פּוילישער סאַנאַציע־רעגירונג, וועלכע האָט זיך באַמיט, מיט אַלע מיטלען, וואָס זענען געשטאַנען צו איר דיספּאָזיציע, אַרויסצושטויסן די יידן פון די פאַרנומענע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, נישט געבנדיק די אַרויסגעשטויסענע קיין מעגלעכקייט איבערצוגיין צו אַנדערע פּרנסה־קוועלן. יידן אין וואָלין זענען געווען שטאַרק פאַרטראָטן אינעם תבואה־מסחר. מ'האָט ביי די אָרטיקע פּויערים אויפגעקויפט זייער תבואה, בכדי זי דערנאָך צו שיקן מעבר לים. צוליב די אומגעהויערע גרויסע שטייערן, וועלכע האָבן זיך, מיט זייער שווערקייט, געלייגט אויף די שוואַכע פּלייצעס פונעם קליינהענדלער און דערמיט אים אוממעגלעך געמאַכט די ווייטערדיקע עקזיסטענץ, זענען יידן געווען געצוווּנגען ווידער צו נעמען דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט און אויסוואַנדערן פון דער אַלטער היים אין די פרעמדע לענדער, ווו זיי האָבן געהאָפט צו באַקומען אַ מעגלעכקייט אויפצושטעלן אַ דערטרעגלעך לעבן פאַר זיך און דער משפּחה.

אין יענע יאָרן איז געווען נישט שווער צו באַקומען אַ וויזע קיין בראַזיל, האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג פון קליינהענדלער קיין בראַזיל. אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן האָט זיך אין בראַזיל אָנגעהויבן באַוויזן אַ גאָר נייער איינוואַנדערער: ס'זענען קיין בראַזיל געקומען פיל געזעלשאַפטלעכע טוער פון לויצק און אומגעגנט, וועלכע זענען געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרלאָזן זייער היימשטאָט צוליב פּאָליטישע טעמ־ים די פּאָליטישע רדיפות פון די סאַנאַטאָרישע מאַכט־אָרגאַנען כלפּי אַנדערש־דענקענדיקע מענטשן האָבן זיך פאַרשטאַרקט אין צוזאַמען דערמיט האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע פון דאָזיקן געזעלשאַפטלעך־אַקטיוון עלעמענט.

מיט איין וואָרט: די אַנטיסעמיטישע כוואַליע, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו פאַרכאַפּן גאַנץ סאַנאַציע־פּוילן, האָט זיך נאָכמער פאַרשטאַרקט מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט. ספּעציעל האָט זיך אָט די כוואַליע אויסגעגאָסן אויף די א. ג. פּוילישע קרעסן, ווו די געזעלשאַפטלעכע מאַסן־באַזע פאַר דער הערשנדיקער סאַנאַציע איז געווען זייער אַ שמאָלע, ווייל די ווייט־גרעסטע טייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע איז דאָך באַשטאַנען פון די אוקראַינער און ווייסרוסן, איז געווען פיינטלעך געשטימט כלפּי די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען. האָט די הערשנדיקע קליקע געהאָפט מיט דער אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע צוצוציען אויף איר זייט פיל אַנטיסעמיטיש־געשטימטע עלעמענטן, בכדי זיי איינצושפּאַנען אין איר מלוכה־רייטוואָגן און מאַכן פון זיי אַ געווער פאַר אירע אינטערעסן. דאָס איז איינס. צווייטנס, האָט זיך דער פּאָליטישער טעראָר ספּעציעל פאַרשטאַרקט אויף די קרעסן און אָנגענומען מאַקאַברישע פאָרמען, וועלכע האָבן ממש געשטיקט די לופט און נישט דערמעגלעכט דעם געזעלשאַפטלעך־אַקטיוון עלעמענט נאָרמאַל צו אָטעמען.

זענען דעריבער יידן, פון אַלע שיכטן אין לויצק, מאַסנוויז געלאָפן פון זייערע היימען. אין די בראַזיליאַנער שטעט האָבן זיי נישט אָנגעטראָפן אויף קיין איבעריק גוטע באַדינגונגען. דער אַרבעטס־לוין איז געווען אַ זייער נידעריקער און האָט נישט געקלעקט פאַר אַ געהעריקן לעבנס־ניוואָ. דער נידעריקער לוין איז געווען צוגעפּאַסט צו די מינימאַלע באַדערפענישן פונעם אָרטיקן בראַזיליאַנער אַרבעטער, אָבער נישט פאַרן עלעמענט, וועלכער איז אָנגעקומען קיין בראַזיל מיט אַ גענוג גרויסן באַגאַזש פון קולטורעלע און פּריוואַטע באַדערפענישן. פאַכלייט האָבן זיך טאַקע נישט געקאָנט איינאָרדענען ביי זייערע פאַכן. זענען דעריבער יידן געווען געצוווּנגען זיך צו נעמען צו פּעדלעריי — אַ צווייג, ווו ס'זענען נאָך געווען געוויסע מעגלעכקייטן צו פאַרדינען, זיך איינאָרדענען און אויך בייהילפיק זיין דער איבערגעבליבענער פאַמיליע אין דער אַלטער היים.

אין דער גרויסער שטאָט זענען די נייע אימיגראַנטן געווען געצוווּנגען צו וואַנדערן יעדן טאָג פון טיר צו טיר און אָנקלאַפּן און אָנבאָטן זייער סחורה די אָרטיקע איינוווינער. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, ממש אַ קאַטאָרזשנע, ווייל די סחורה האָט מען געמוזט טראָגן מיט זיך, אויף די אַקסל און אין די הענט. די סחורה האָט מען געגעבן אויסצוצאָלן אויף לאַנג־טערמיניקע ראַטעס.

האָבן פיל פון די נייע פּעדלערס פאַרשאָלטן זייער באַשלוס צו קומען קיין בראַזיל. ווען זיי וואָלטן געוווּסט, אַז זיי וועלן זיך אָנטרעפן אויף אַזעלכע שוועריקייטן, וואָלטן זיי זיך זיכער געווען אָפּגעהאַלטן פון עמיגרירן. פיל האָבן דעריבער פאַרלאָזט די גרויסע שטאָט און זיך איבערגעטראָגן אויף דער פּראָווינץ אין די קליינע שטעט און שטעטלעך, ווו זיי האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אינעם מסחר, אויף בעסערע באַדינגונגען, ווי אין סאַן־פּאולאָ. דאָרט האָבן זיי געהאַט אַ מעגלעכקייט אויפצועפענען זיך געשעפטן און האַנדלען. זיי האָבן געבראַכט סחורה פון ריאָ־דע־זשאַנעיראָ, אָדער סאַן־פּאולאָ און מיט דער צייט זיך עקאָנאָמיש נישקשהדיק פאַרפעסטיקט. אויך דאָרט, אויף דער פּראָווינץ, איז דער האַנדל געווען באַזירט אויף באָרג, און דאָס — אויף לאַנגטערמיניקע ראַטעס. די לעבנס־באַדינגונגען אויף דער פּראָווינץ זענען געווען זייער אָפּ־

געשטאַנענע. נישט געווען קיין עלעקטרישע באַלייכטונג און נישט קיין וואַסער־לייטונג. מ׳האָט אָבער די דאָזיקע שוועריקייטן אָנגענומען פאַר ליב צוליב איין און איינציקן טעם: די פּרנסה־קוואַלן זענען געווען פיל לייכטערע ווי אין דער גרויסער שטאָט און האָבן דערנענטערט דעם מאָמענט, אַז מ׳זאָל קאָנען אַראָפּנעמען די אייגענע פאַמיליעס, נאָך וועלכע מ׳האָט שטאַרק געבענקט און וועלכע האָבן זיך שטאַרק גענייטיקט אין זייער באַשפּייזער, וואָס האָבן זיי פאַרלאָזט.

און אַז מ׳האָט שוין יאָ אַראָפּגעבראַכט די פאַמיליעס אין די בראַזיליאַנער קליינע שטעט און שטעטלעך, ווו ס׳זענען נישט געווען נישט קיין ברוקירטע גאַסן און אַלץ איז געווען אַזוי נישט־צוגעפּאַסט צו די נאָרמאַלע באַדערפענישן פון אַן אייראָפּעישן מענטשן, זענען אַנטשטאַנען נאָך אַנדערע שוועריקייטן. די פאַמיליעס האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ פרעמדער פאַר זיי סביבה, מיט וועלכער מ׳האָט אַפילו זיך נישט געקאָנט פאַרשטענדיקן. אין די דאָזיקע שטעטלעך זענען ביז דאַן נישט געווען קיין יידן. די נייע אימיגראַנטן האָבן נישט געקענט די אָרטיקע פּאָרטוגעזישע שפּראַך און זיי זענען געווען צעוואָרפן איבערן גרויסן בראַזיליאַנער שטח צו צוויי־דריי משפחות אויף אַן אָרט, פיל מאָל אויך צו איין יידישער משפחה אין אַ שטעטל. איז אויב מיט דער פּרנסה־פראַגע איז שוין געווען מער־ווייניק אין אָרדענונג, איז מיט דער מענטשלעך־געזעלשאַפטלעכער זייט געווען זייער און זייער טראַגיש. ס׳איז פּשוט נישט געווען מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן.

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט באַלד נאָך מיין אָנקומען קיין בראַזיל, אין סאַן־פּאַולאָ. אָפּזייענדיק עטלעכע טעג אין שטאָט, בין איך מיט מיין פעטער ז״ל אַרויסגעפאָרן צו אים אין זיין שטעטל, וואָס איז געווען ביי אַ 400 קילאָמעטער ווייט פון סאַן־פּאַולאָ. געפאָרן זענען מיר מיט דער באַן 15 שעה. אָנגעקומען צום פעטער, זיך אַ ביסל אויסגערוט און דאַן באַשלאָסן צו באַזוכן דאָס שטעטל, וואָס האָט פאַרמאָגט נישט מער ווי אַ קנאַפּע 3000 איינוווינער. ווען כ׳בין זיך אַדורכגעגאַנגען ס׳שטעטל און צוריקגעקומען אין געשעפט פון פעטער האָב איך געפרעגט: און ווו טרעפט מען עפּעס אַ יידן? דערויף האָב איך באַקומען אַן ענטפער: נישט ווייט פון דאַנען, אין אַן אַנדער שטעטל, ביי אַ 20 קילאָמעטער פון אונדזער שטעטל, געפינט זיך דער און דער, און אַ ביסל ווייטער — וווינען שוין דריי יידישע משפחות. פאַרוואָס זענען יידן אַזוי צעוואָרפן? דערויף האָט ער מיר געענטפערט: ווען אַ ייד באַשליסט זיך צו באַזעצן אויף דער פּראָווינץ, ווערט ער פריער געוווייער צי ס׳וווינט דאָרט אַ ייד. ווען ס׳רוקט זיך אים אונטער אַזאַ שטעטל, ווו ס׳איז נישט בנמצא קיין איין ייד, באַשליסט ער טאַקע זיך דאָרט צו באַזעצן. מען האָט מורא, אַז מער ווי פאַר איין יידישער משפּחה וועט נישט זיין קיין פּרנסה!...

ביסלעכוויז האָט מען זיך צוגעוווינט צו די נייע קליינשטעטלדיקע באַדינגונגען. די דאָזיקע ישובים זענען אויך נישט געשטאַנען אויף אַן אָרט. זיי האָבן זיך אַדמיניסטראַטיוו אַנטוויקלט, ווי געהעריק פונאַנדערגעוואַקסן, דער פּראָגרעס האָט אָנגעהויבן אַריינצושיינען אין זיי. צוזאַמען דערמיט האָט זיך געהויבן דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון דער יידישער משפּחה, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו פּראָספּערירן. ביסלעכוויז האָט מען דערלערנט די פּאָרטוגעזישע שפּראַך. מ׳האָט זיך אויסגעבויט שיינע און באַקוועמע וווינונגען, פאַרגרעסערט און פאַרשענערט די געשעפטן, זיי מאָדערניזירט.

מיט דער צייט זענען צוגעקומען נייע זאָרגן און דאגות. אָט וואַקסן אונטער די אייגענע קינדער. זיי געפינען זיך אין אַ פרעמדער קריסטלעכער סביבה. איז פאַראַן אַ סכנה, אַז די אונטערוואַקסנדיקע וועלן אינגאַנצן פאַרפרעמדט ווערן פון יידישן גייסט. אין דער זעלבער צייט איז זיך דער יידישער ישוב אין סאַן־פּאַולאָ פונאַנדערגעוואַקסן. ס׳זענען דאָרט אַנטשטאַנען פיל יידישע אינסטיטוציעס און יידישע שולן, ווו יידישע קינדער באַקומען אַ נאָרמאַל־יידישע דערציונג. ס׳האָרץ האָט אָנגעהויבן צו ווייטיקן צוקוקנדיק ווי די סכנה פון אַ פאַרפרעמדונג לויערט אויפן יידישן קינד אין דער פאַרוואָרפענער און אָפּגעזונדערטער בראַזיליאַנער פּראָווינץ. און דווקא ווען מ׳האָט שוין באַוויזן זיך עקאָנאָמיש צו פאַרפעסטיקן און ס׳לעבן איז שוין געוואָרן פיל לייכטער — דאַרף מען דאָס אַלץ ווידער ליקווידירן, פאַרלאָזן די איינגעזעסענע פּלעצער און זיך אַריבערפּעקלען קיין סאַן־פּאַולאָ.

אין די פערציקער יאָרן זענען טאַקע פיל לוצקער ביסלעכוויז אַריבערגעפאָרן קיין סאַן־פּאַולאָ. אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג האָט זיך אין סאַן־פּאַולאָ קאָנצענטרירט אַ היפּשע צאָל לוצקער און ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאַרבאַנד פון די וואָלינער, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו העלפן די פאַרפייניקטע ברידער און שוועסטער אין דער אַלטער היים. אין יאָר 1945 איז דער פאַרבאַנד געווען זייער טעטיק. יידן האָבן דאָך געהאָפט צו געפינען צווישן די געראַטעוועטע זייערע אייגענע. מ׳האָט געשיקט פיל הילף קיין פּוילן, אין די ד.פּ.־לאַגערן אין עסטרייך, דייטשלאַנד און איטאַליע. מ׳האָט געהאָפט און זיך איבערגעגעבן דער אילוזיע, אַז מ׳וועט דאָך אויסגעפינען עמעצן פון די קרובים, באַקאַנטע און פריינד. צום גרעסטן טייל האָבן זיך די אַלע האָפענונגען געענדיקט מיט אַן אַנטוישונג, זייער ווייניק זענען איבערגעבליבן פון די וואָלינער נאָכן גרויסן חורבן. איז דעריבער געפאַלן די פאַראינטערעסירונג פון די וואָלינער מיט זייער פאַרבאַנד, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו גוססן ביז ער האָט זיך אינגאַנצן ליקווידירט.



וואָלינער פאַרבאַנד אין סאַן־פּאַולאָ שיקט אַרויס פּעקלעך קיין פּוילן

די ליצקער קאָלאָניע אין סאַן־פּאַולאָ האָט געהאַלטן זיך אין איין פאַרגרעסערן. פון דער פּראָווינץ זענען אָנגעקומען אַלץ נייע ליצקער און זיך באַזעצט אין דער גרויסער שטאָט. איז דעריבער אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ וואָלינער, און ספּעציעל אַ ליצקער פאַרבאַנד, וועלכער זאָל קאָנען אין אַן עת־צרה ברענגען מאַטעריעלע הילף די נויטבאַדערפטיקע. מיר זענען ספּעציעל אויפגעפאָדערט געוואָרן דערצו דורך אונדזער פריינד ניסן פירער פון צפון־אַמעריקע, וועלכער האָט דאַן, אין יאָר 1956, געמאַכט אַ רייזע קיין ישראל און אויפן אָרט זיך באַקענט מיט די נויטן פון די ניי־אָנגעקומענע ליצקער עולים. מיר האָבן זיך דאַן פאַרבונדן מיט אונדזער לאַנדסמאַן אין ישראל א. לאַנדסבערג ז״ל, וועלכער איז געווען פון די אַקטיווסטע טוער צווישן די ליצקער לאַנדסלייט. מיר האָבן פון אים דערהאַלטן פיל בריוו, פון וועלכע ס׳האָט זיך אַרויסגעפילט אַ גרויסע פאָטערלעכע זאָרג פאַר די נייע עולים און זייערע ספּעציפישע פּראָבלעמען.

אויף דער באַראַטונג וועגן גרינדן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנד אין סאַן־פּאַולאָ, האָט אויף אונדז צום מייסטן געווירקט די ווענדונג פון א. לאַנדסבערג ז״ל. ער האָט צו אונדז אין זיינע בריוו גערעדט מיט אַ זייער פאַרשטענדלעכער שפּראַך. ס׳זענען דאַן אַנטשטאַנען פיל מיינונגס־פאַרשידנהייטן. געהאַנדלט האָט זיך אין דעם, צי מ׳זאָל אָרגאַניזירן אַ וואָלינער פאַרבאַנד אָדער נאָר אַ ליצקער. אַ גאָר גרויסע אַקטיוויטעט האָט דאַן אַרויסגעוויזן גוטע פירער, וועלכע האָט דאַן געוווינט אין סאַן־פּאַולאָ און אַנטיילגענומען אין אַלע אונדזערע באַראַטונגען. אַזעלכע ווי ר׳ מאָטל שענקער, חיים־הערש שוואַרץ, משה זילבערבערג, שלמה גורמאַן, מעכל פלעקס, פּסח זאַטאָרקאַ און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָבן געהאַלטן, אַז ביי די געענדערטע באַדינגונגען, ווען אין ישראל זענען אַנטשטאַנען לאַנדסמאַנשאַפטן פון יעדער שטאָט און שטעטל און נישט פון געגנטן, איז טאַקע געוווּנטשן, צוליב דער נויטווענדיקייט צו קומען קאָנקרעט צוהילף, אויפצושטעלן אַ ליצקער פאַרבאַנד. ענדלעך איז מען געקומען צום געמיינזאַמען באַשלוס צו גרינדן אַ פאַרבאַנד און אים אַ נאָמען געבן: לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנד פון ליצקער און אומגעגנט אין סאַן־פּאַולאָ.


מאָטל שענקער

דעם 20־טן פעברואַר 1957 איז פאָרגעקומען די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון 22 פּערזאָן אין דער וווינונג פון אונדזער חשובן לאַנדסמאַן פּסח זאַטאָרקאַ. גוטע פירער גיט איבער אַ באַריכט פון דער טעטיקייט פון אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל און צפון־אַמעריקע; דער שרייבער פון די שורות האָט רעפערירט וועגן די אויפגאַבן פון פאַרבאַנד. נאָך אַ לעבהאַפטן וויכוח ווערט אויסגעוויילט די ערשטע פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד אין די פּערזאָנען: ר׳ מאָטל שענקער אַלס ערן־פּאָרזיצער, מאָטיע גייער — סעקרעטאַר, משה זילבערבערג אַלס קאַסירער, חיים־הערש שוואַרץ, פּסח זאַטאָרקאַ, שלמה גירמאַן, מעכל פלעקס און מאָטל דייטש — אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. ס׳איז אונטערגענומען געוואָרן אַן אַקציע צו שאַפן מיטגלידער פאַר דער נייער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע.

אין אַפּריל ווערט טאַקע אַרויסגעשיקט די ערשטע סומע פון 500 דאָלאַר קיין ישראל פאַר דער גמילות־חסדים קאַסע ע״ש קדושי ליצק. ס׳זענען צוגעקאָאָפּטירט געוואָרן נאָך 2 מיטגלידער צו דער פאַרוואַלטונג אין די פּערזאָנען יידל לוצקי און לייב בילדער. דעם 7־טן אלול האָבן מיר איינגעאָרדנט אַן אַזכרה נאָך די קדושי ליצק. ביזן סוף 1957 זענען שוין געווען 90 מיטגלידער אינעם פאַרבאַנד.

אין יאָר 1958 האָט אונדזער לאַנדסמאַן אברהם דיקשטיין באַזוכט ישראל און זיך נענטער באַקאַנט מיט די לעבנסבאַדינגונגען פון אונדזערע לאַנדסלייט. ער האָט, נאָכן צוריקקערן זיך פון דער רייזע, אָפּגעבן אַ באַריכט און איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַקטיווער מיטאַרבעט אין אונדזער פאַרבאַנד.

אונדזער טעטיקייט באַקומט אַן אַלץ גרעסערן אָנזען ביי אונדזערע לאַנדסלייט. דעם 7־טן אלול 1958 איז שוין די אַזכרה פאָרגעקומען אין זאַל פון דער יידישער קהילה, וווּ ס׳זענען אָנוועזנדיק געווען צוויי הונדערט ליצקער לאַנדסלייט. דעם 17 מערץ 1959 קומט פאָר די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער מ׳האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון פאַרבאַנד און ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג אין באַשטאַנדטייל פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: ר׳ מאָטל שענקער, שלמה גורמאַן, אברהם דיקשטיין, מאָטיע גייער, פּסח זאַטאָרקאַ, חיים־הערש שוואַרץ, יידל לוצקי, יוסף קעפּעלמאַן, לייבוש קאָטליאַר, מאָטל דייטש, לייבל ביסקער, משה זילבערבערג, מעכל פלעקס און לייב בילדער. די פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויפן פאָלגנדיקן אופן: ערן־פּאָרזיצער: ר׳ מאָטל שענקער, פּאָרזיצער: אברהם דיקשטיין, וויצע־פּאָרזיצער: פּסח זאַטאָרקאַ, קאַסירער: ר׳ מאָטל שענקער און מאָטל דייטש, סעקרעטאַר: מאָטיע גייער, וויצע־סעקרעטאַר: משה זילבערבערג.


פאַרוואַלטונג פון ליצקער פאַרבאַנד
אין סאַן־פּאַולאָ אין 60—1959
פון רעכטס, ערשטע ריי: מ. פליקס, א. דיקשטיין, מ. שענקער, מ. גייער, ח. זאטערקע, מ. דייטש; צווייטע ריי: ש. גורמאַן, מ. אַלטערמאַן, ג. ליפשיץ, י. לוצקי, ל. ביסקער; דריטע ריי: ל. קאָטליאַר, מ. זילבערבערג, י. סוקעניק, י. קאָפּעלמאַן

דעם 7־טן אלול 1959 איז פאַרגעקומען די יערלעכע אזכרה אין זאַל פון דער אשכנזער קהילה. דער באַקאַנטער רעציטאַטאָר אברהם גרין האָט רעציטירט אייניקע שאַפונגען, צוגעפּאַסטע צו דער טעמע פון טאָג. די זינגערין ראָזאַ פּאַראַזאָווסקי האָט געזונגען צוגעפּאַסטע לידער. נאָכן רעליגיעזן טייל פון אָוונט האָבן ר׳ מאָטל שענקער, אברהם דיקשטיין און מאָטיע גייער גערעדט וועגן די אויפגאַבן צו פאַראייביקן דעם אנדענק פון אונדזערע קדושים. אויפן אָוונט איז אויך באַשלאָסן געוואָרן זיך צו אַנגאַזשירן לטובת דעם „ספר־לוצק" און אַבאָנירן 100 עקזעמפּליאַרן.

פיל לאָזט זיך דערציילן וועגן דער אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון לויצקער אין סאַן־פּאַולאָ. מיר זענען דאָ טעטיק אין דער עזרת לינת־הצדק, אין שול־וועזן, אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע באַוועגונגען. פיל לויצקער זענען אַקטיוו טעטיק אין דער קרן־קימת אַקציע. ספּעציעל דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די אַקטיווע טעטיקייט פון אונדזער חשובן לאַנדסמאַן דעם סעניאָר פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט, ר׳ מאָטל שענקער, וואָס איז, טראָץ זיין טיפן עלטער, טעטיק אויף פיל געביטן פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער טוט עס מיט גרויס ליבע און איבערגעגעבנקייט. ער איז טעטיק אין קרן־קימת, האָט אָרגאַניזירט אַ גמילות־חסדים קאַסע אין זיין בית־המדרש און ווידמעט זייער פיל צייט און ענערגיע אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנד.

פונקט ווי אין דער אַלטער היים, אַזוי אויך דאָ, אין סאַן־פּאַולאָ, זענען מיר אַ רירעוודיק־געזעלשאַפטלעכער עלעמענט און רוקן זיך אַרויס אין פאָדערגרונט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך שוין דערוואָרבן ביי דער סאַן־פּאַולאָער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אַ גרויסן אָנזען און ווערט פאַררעכנט אלס איינע פון די בעסטע לאַנדסמאַנשאַפטן אין שטאָט.

ד"ר י. שאַמפּאַניער

# לויצקער שארית הפליטה

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן צוריק אויפצוזאַמלען די צעשפּליטערטע טיילן פון די יידישע קיבוצים. דאָס זענען געווען נישטיקע רעשטלעך פון אַמאָליקע גרויסע יידישע צענטערס. אַזוי איז אויך געשען מיט די איבערגעבליבענע לויצקער יידן. פון טיף רוסלאַנד, פון די וועלדער, פון די בונקערס און אַנדערע באַהעלטענישן, האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפצוקומען די שארית־הפליטה פון דער לויצקער יידישער קהילה. דאָס זענען געווען יחידים, וועמען ס׳איז געלונגען דורך אַ נס זיך אַרויסצורייסן פון די טויט־נעגל. אַ סך יוגנטלעכע האָבן מיט זייער אויסזען דערמאָנט אין זקנים. מענטשן אין פאַרשידענעם עלטער האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן באַווייזן אין זייער היימשטאָט לויצק. די צוריקגעקומענע האָבן זיך באַמיט צו האַלטן צוזאַמען, זיך טוליען איינער צום צווייטן.

די אַטמאָספער אין לויצק איז געווען שטאַרק פאַרסמט. דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַזוי איינגעוואָרצלט ביי דער אָרטיקער באַפעלקערונג און איבערהויפּט ביים פּויערטום, אַז ס׳איז געווען געפערלעך צו בלייבן אַליין אין דער דאָזיקער סביבה. יעדער פּויער, וועלכן מ׳האָט געטראָפן, האָט געזען אין יידן אַ שונא.

האָבן טאַקע אַ סך פון די צוריקגעקומענע געהאַלטן, אַז אויפשטעלן אַ ניי יידיש לעבן אין לויצק איז שוין אוממעגלעך. יעדער איינער פון די געראַטעוועטע האָט נאָך געהאַט אַן אילוזיע, אַז אפשר איז דאָך עמעצער פון זיינע נאָענטסטע געבליבן ביים לעבן. מ׳האָט פריער געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז טראָץ אַלעמען האָט זיך עמעצער פון די נאָענטע און טייערע זיך געראַטעוועט. געקומען איז מען אָבער און געטראָפן די היימשטאָט יידנריין. זעלטן ווער פון די אייגענע איז געבליבן לעבן.

האָט מען זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו געזעגענען מיט די דערינערונגען פון דער אַמאָליקער היימשטאָט. שטילערהייט האָט מען זיך געשיידט מיט די קברים, און איינציקווייז, אָדער אין אַ גרופּע, זיך איבערגעטראָגן קיין פּוילן.

אין פּוילן זענען אַנטשטאַנען יידישע קאָמיטעטן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפזוכן קרובים און אויסטיילן מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף די לעבנגעבליבענע. אויף די ווענט פון די יידישע קאָמיטעטן זענען געווען אויסגעהאָנגען זוכצעטלען און אויך מעלדונגען פון לעבנגעבליבענע. נישט איין מאָל איז געשען, אַז דער זוכער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַן ענלעכן נאָמען און פאַמיליע־נאָמען, אָבער פון אַן אַנדער שטאָט און פון אַן אַנדערן פאָטער. אויף אַ ווילע פלעגן אויפפלאַמען האָפענונגען וועגן געפינען אַ נאָענטן און אייגענעם, אָבער גאָר שנעל האָבן זיך די האָפענונגען אויסגעלאָשן.

מ׳וואַנדערט אויס קיין עסטרייך און נאָכער קיין דייטשלאַנד. פאַרשטענדלעך, אַז קיינער קלערט נישט דאָרט צו בלייבן, מ׳שטרעבט צו עמיגרירן ווייטער. דאָס איז אָבער נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. קאָנצענטרירט מען זיך דערווייל אין די ד.פּ.־לאַגערן, וואָס זענען געווען צעוואָרפן איבער אַלע עקן פון דייטשלאַנד. יעדער איינער גייט ווייטער אָן מיט זיינע קרובים־זוכענישן. ווו נישט ווו טרעפט מען אַ לויצקער לאַנדסמאַן. דערווייל ווערט מען געוואָר, אַז אויך אין אַנדערע לאַגערן געפינען זיך לויצקער יידן.

לויצקער יידן, מיט דער איניציאַטיוו פון צוויי שכנישע לאַגערן, פאַרשטענדיקן זיך, קלויבן אויס פון זיך אַ צייטווייליקן קאָמיטעט אין באַשטאַנדטייל פון פאָלגנדיקע חברים: צונקער, שאַמפּאַניער, ברידער צירולניק, בערעזע, קאַבריץ און דרינשפּאַן. דער קאָמיטעט באַשליסט צו שטעלן זיך אין קאָנטאַקט מיט אַלע לעבנגעבליבענע לויצקער יידן, בכדי זיי צו קאָנצענטרירן אין איין אָרגאַניזירטער מחנה. די אויפגאַבע איז געווען נישט קיין לייכטע. צו אונדזער דיספּאָזיציע זענען נישט גע־



לויצקער אין וורּאָצלאַוו (1948)

שטאַנען קיין ספּעציעלע געלט־מיטלען. מיר האָבן גיבר געווען אַלע שוועריקייטן און אויפגעזוכט אַלע לויצקער יידן. מיר האָבן עס געטאָן דורך מעלדונגען אין דער פּרעסע, דורך אויפרופן און פּריוואַטע ווענדונגען — ווו נאר א ייד האָט זיך געפונען. מיט דרוקזאַכן איז אייך נישט געווען אַזוי לייכט. קיין יידישע שריפט איז נישט געווען, האָט מען געמוזט זיך באַנוצן מיט לאַטייניש. ווי אַזוי דאָס האָט אויסגעזען — קאָן מען זיך פאָר־שטעלן. און דאָס איז אויך אָנגעקומען מיט גאָר גרויסער מי. די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן גאַנץ אומלעגאַל און איז באַצאָלט געוואָרן מיט לעבנסמיטל, ציגאַרעטן א.א.

ס'איז אַריינגעלייגט געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט און ס'איז צונויפגערופן געוואָרן אין באַד־רייכענהאַל דער ערשטער צוזאַ־מענפאָר פון דער לויצקער שארית־הפליטה אין דייטשלאַנד. צום ערשטן מאָל זינט דעם צווייטן וועלט־קריג איז דאָן אָפּגעריכט געוואָרן אַן אזכרה נאָך די קדושי לויצק. צום ערשטן מאָל האָבן יידן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זאָגן קדיש בציבור. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן די האַרצרייסנדיקע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּ־געשפּילט ביים ערשטן קדיש. אלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך דאָן דערמאָנט אין זייערע אייגענע, וואָס זענען אַזוי גרויזאַם אַוועק־געשניטן געוואָרן. פיל פרויען האָבן דאָן געחלשט און זיך צוזאַ־מענגעבראָכן.

דער צוזאַמענפאָר האָט געדויערט צוויי טעג און ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ לאַנדסמאַנשאַפטס־קאָמיטעט אין באַ־שטאַנדטייל פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: צונקער — פאָרזיצער לייזער צירולניק — סעקרעטאַר, שאַמפּאַניער — קאַסירער.

דער אויסגעוויילטער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אַלע לויצקער לאַנדסמאַנשאַפטס־אָרגאַניזאַציעס אין גאָר דער וועלט. דער דאָזיקער קאָמיטעט איז געווען לעגאַל־אנערקענט דורך דער אָקופּאַציע־מאַכט.

ביסלעכווייז האָט יעדער איינער פון אונדז פאַרלאָזט די פאַרשאָלטענע דייטשע ערד און יעדער איינער האָט זיך אויס־געקליבן זיין נייע היים אין איינקלאַנג מיט זיינע שטרעבונגען און איבערצייגונגען.



לייצקער אין דייטשלאַנד

ישעיהו פרידמאַן / לאָנדאָן

# „ארגון יוצאי לוצק בישראל"

דער דאָזיקער מאמר איז געהייליקט דעם אָנדענק פון מיין פאָטער ר׳ יונה. די כוונה צו דערמאָנען און באַערן זיין נאָמען איז געווען איינע פון די באַוועג־כוחות פאַר מיין טעטיקייט אין ארגון.

„לאַנדסמאַנשאַפט" און „מיזוג הגלויות" — זענען אַ מין תרתי דסתרי. די ערשטע באַמיט זיך צו פאַרשטאַרקן די געזעלשאַפטלעכע באַציונגען צווישן די אָפּשטאַמיקע פון דעם זעלבן לאַנד אָדער דער זעלבער שטאָט אין דעם נייעם אימיגראַציע־לאַנד, צוליב דעם באַזונדערן סענטימענטאַלן פאָדעם, וואָס פאַרבינדט זיי מיט דער געמיינזאַמער פאַרגאַנגענהייט. דאַקעגן דער אידעאַל פון „מיזוג הגלויות" איז צו פאַרטושן די אונטערשיידן, מבטל מאַכן די אָפּזונדערונג צווישן די אָפּשטאַמיקע פון פאַרשידענע לענדער און אָנשטאָט דעם צו שאַפן אַ מער ברייטע נאַציאָנאַלע באַזע. פונקט ווי די פאַראייניקטע שטאַטן אַמאָל, שטייט איצט ישראל פאַר אָט דעם פּראָבלעם און ס׳איז נאַטירלעך, אַז דער מלוכה־אינטערעס איז מחייב די צווייטע לייזונג. די איינציקע מסקנה פאַר יעדן בירגער מיט אַ נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין דאַרף זיין, אַז אין ישראל איז היינט נישטאָ קיין אָרט פאַר סעפּעראַטע אָרגאַניזאַציעס אויפן יסוד פון עדה־אָנגעהעריקייט, אויפן יסוד פון בשותפותדיקער אָפּשטאַמיקייט — די פאַרשידענע „לאַנדסמאַנשאַפטן".

אָבער די דערפאַרונג פון די לעצטע יאָרן וואָס שייך אַ ריי לאַנדסמאַנשאַפטן, און אין אונדזער פאַל מיטן ארגון יוצאי לוצק — באַווייזט אונדז, אַז עס איז פאַקטיש נישטאָ קיין סתירה צווישן די ביידע טענדענצן. אַזוי, למשל, זענען די אָפּשטאַמיקע פון לויצק אין ישראל, צעשפּרייטע איבערן גאַנצן לאַנד, איינגעגלידערט אינעם לעבן פון דער מדינה און באַטייליקן זיך אין איר בוי און אַנטוויקלונג, יעדער איינער לויט זיין אויפגאַבע, נישט דווקא אַלס לויצקער, נאָר ווי בירגער פון ישראל. פון דער צווייטער זייט, באַמיט זיך דער ארגון יוצאי לוצק צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די קדושים, צו העלפן די נייע עולים, אָפּגעראַטעוועטע פונעם חורבן, און צו פעסטיקן די געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען צווישן פאָלק אינעם לאַנד. ער ווייזט נישט אַרויס קיין שום באַזונדערע עקסקלוסיוויקייט און פאַרנעמט זיך נישט מיט יענע געביטן, וווהין די מדינה קאָן נאַטירלעך גרייכן בלויז אויף אַן אַלגעמיינעם אופן. די טעטיקייטן פון די־אָ פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס קאָן בלויז דערגענצן די מלוכהשע טעטיקייט.

קיינער קאָן נישט אָפּלייקענען דעם גרויסן דערציערישן ווערט פון די אַלגעמיינע אָנדענק־טעג צום חורבן פון אייראָפּעישן יידנטום בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. אָבער אין דער צייט, ווען אין די מלוכהשע אָנדענק־טעג קומט צום אויסדרוק דאָס דעמאָנסטרירן די קאָלעקטיוו־נאַציאָנאַלע געפילן — על פּי רוב אויף אַן אַלגעמיינעם שטייגער — איז אָבער אין די ספּעציעלע אָנדענק־טעג פון די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פאַראַן עפּעס מער אינטימס, מער רירנדיקס און טיפערס. נישט געקוקט אויף דער אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע געפילן, איז על פּי רוב דער „לאָקאַל־פּאַטריאָטיזם" קאָנקרעטער און שטאַרקער, און אויב ער איז נישט אין סתירה צום נאַציאָנאַלן געפיל — דאַרף מען אים נאָר באַגריסן.

דער צווייטער ביישפּיל ווי אַזוי די לאַנדסמאַנשאַפטן דערגענצן די טעטיקייט פון דער מדינה, זעען מיר אויפן געביט פון אַבסאָרבירן די עליה. עס קאָנען זיך געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן טענהן, אַז די לאַנדסמאַנשאַפט איז געווען אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט בלויז אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט פון אַמעריקע. ווי באַוווסט, האָט די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן זיך נישט פאַרנומען מיטן איינאָרדענען די מאַסן אימיגראַנטן, און דערפאַר איז אומבאַדינגט נייטיק געווען די מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף פון די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס. די לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן געדינט אַלס טריבונע פאַר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן און אויך אַלס דאַמבע קעגן דער אַסימילאַציע אינעם נייעם לאַנד. אָבער וואָס פאַראַ באַרעכטיקונג קאָן זיין פאַר זייער עקזיסטענץ אין ישראל? די ישראל־רעגירונג האָט דאָך אויף זיך אַליין גענומען דעם עול און די שווערע אויפגאַבע צו אַבסאָרבירן די עליה און צו פאַרנעמען זיך מיטן איינאָרדענען אַלע עולים אָן אונטערשייד פון וועלכן אָרט זיי קומען. ס׳איז אָבער נישט שווער צו געבן אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע. ווער עס האָט אַנאַליזירט און נאָכגעפאָלגט די טעטיקייט פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל, דער ווייסט, אַז זיי האָבן נישט בדעה און זענען אַפילו נישט בכוח צו פאַרטרעטן די מלוכהשע טעטיקייט, נאָר זי צו דערגענצן. אין די ראַמען פון דער מאַסן־אַבסאָרבציע האָט דער אַמטן־אַפּאַראַט נישט שטענדיק די מעגלעכקייט אויסצופאָרשן און צו לייגן אַ פערזענלעכע אויפמערקזאַמקייט אויף יעדן פאַל, און נישט ווילנדיק איז „אַ טעות אַ מענטשלעכע זאַך". אַנדערש איז אָבער מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע קענען דעם מענטשן, זיין פאַרגאַנגענהייט און חשיבות, און דעריבער קאָנען זיי באַשטימען די פּאַסיקע פאָרם פון באַהאַנדלונג. פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט איז די אינטערוועניץ און די עצה פון דער פאַראינטערעסירטער אָרגאַניזאַציע לגבי די אַבסאָרבציע־אינסטיטוציעס נישט איין מאָל לטובה סיי פאַרן עולה, סיי פאַרן ענין גופא. אין אַ סך אָרגאַניזאַציעס עקזיסטירן פאָנדן פאַר הלוואות און שטיצע, וועלכע

האָבן אַ מאַטעריעלע און מאָראַלישע באַדייטונג ביים העלפן די נייע עולים. מען דאַרף אויך נישט גרינגשעצן די אויסלענדישע וואַלוטע, וועלכע פליסט אַריין אין לאַנד דורך זייער טעטיקייט.

און איבער אַלץ דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז דער פּראָצעס פון איינאָרדענען און איינוואָרצלען זיך אין לאַנד איז נישט קיין מעכאַנישער פּראָצעס. דער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט איז איינער פון די דעציזירנדיקע פאַקטאָרן, וואָס האָט אַ סוביעקטיוון באַ־דייט ביים אויספאָרמירן דעם ווילן פון יחיד זיך איינצואָרדענען. פון אָט דעם שטאַנדפּונקט ווערן די זאָרגן און שוועריקייטן פון די עולים זייער אַ סך פאַרלייכטערט דורך דער פריינדלעכער אַטמאָספערע פון די שטאָט־אָפּשטאַמיקע. די מדינה־פאָרשטייער שטרייכן נישט איינמאָל אונטער די באַדערפעניש אין חלוציזם פון די אַלטגעזעסענע לטובת די נייע עולים, ווי אַ נאַציאָנאַל־חלוצישע פליכט. מען האָט נאָך ביז איצט נישט ווי געהעריק געשריבן און אָפּגעשאַצט, וואָס עס האָבן אויף דעם געביט אויפ־געטאָן די פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע זענען זייער לוין שוין אין דעם דערפילן דעם דאָזיקן געבאָט.

✶

די מערהייט לאַנדסמאַנשאַפטן איז אַנטשטאַנען בעת און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָט זיך געשאַפן די ווייטיקלעכע נויטוועדיקייט צו אָרגאַניזירן די געמיינזאַמע אזכרות און די באַדערפעניש צו געבן הילף די ערשטע עולים פון צווישן די פּליטים. די לוצקער זענען נישט געווען די לעצטע אויפן דאָזיקן געביט. עס זענען געשאַפן געוואָרן קאָמיטעטן, געוויילטע אָדער ספּאָנטאַנע, אין תל־אביב, חיפה, ירושלים א״א. אין תל־אביב זענען די זיצונגען פאָרגעקומען על פּי רוב אין דער וווינונג פון בנימין גרושעווסקי, אַ באַקאַנטע שטוב פון תמיד אָן פאַר די לוצקער. אין חיפה — אין דער וווינונג פון משה גינדעל. אין רחובות און אין ירושלים זענען י. קרוין און צונק געווען די עיקרדיקע אַקטיוויסטן אויף דעם געביט. מען דאַרף אויך דערמאָנען אליעזר גאָלענדבערגן, וועלכער האָט יאָר־יערלעך געזאָרגט פאַרן איינאָרדענען די אזכרות. אָט די יערלעכע טרויער־פאַרזאַמלונגען זענען געוואָרן מאַסנווייז באַזוכט און מען האָט דאָרט געקאָנט זען אויך אַ סך לוצקער פון די ווייטע ווינקעלעך אין לאַנד. אַ טיפער טרויער האָט איינגעהילט די באַטייליקטע און אָפט האָט זיך געהערט אַ ביטער געוויין. דער פאַרשטאָרבענער ד״ר רבקאי און זיי צו לאַנגע יאָרן — הרב הגאון זלמן סאָראָטשקין, ד״ר גריפעל, ד״ר קוניצאַ און אַנדערע רעדנער, גרעאַטעוועטע פון אומקום, האָבן אויפגעבראַכט דעם זכר פון דער לוצקער קהילה, פון אַלע קדושים און דעם אָנדענק פון די אָנגעזעענע יידישע פערזענלעכקייטן אין לוצק.

אין דער זעלבער צייט האָט די לוצקער לאַנדסמאַנשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכע איז אַנטשטאַנען אַ סך יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זייער פיל אויפגעטאָן ביים זאַמלען געלט אויף די צילן פון פאַראייביקונג און פון הילף.*

דעם 18־טן יאַנואַר 1955 איז אין תל־אביב, אין בנין פון קק״ל, גערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע לויצ־

געווען חברים פון ירושלים און פון חיפה, וועלכע האָבן זיך פריער איזאָלירט אין באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. ד״ר מ. גריפעל, וועלכער האָט געפירט די פאַרזאַמלונג, האָט אונטערגעשטראָכן די נויטוועדיקייט פון אייניקייט ביי אַלע לוצקער אין ישראל און די באַדערפעניש צו אָרגאַניזירן אַ געמיינזאַמען פאַרבאַנד. דער שרייבער פון די שורות האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון דער אָפּטרעטנדיקער פאַרוואַלטונג און האָט זיך באַזונדער אָפּגעשטעלט אויף דער באַטייליקונג אין „יער הקדושים", וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווירדיקן מאָנומענט נאָך די אומגעקומענע קדושים. אָבער בעיקר האָט ער געווידמעט זיין אַרויסטריט דער נויטווענדיקייט פון פאַראייניקן און רע־אָרגאַניזירן די לויצקער ערב דעם נאָענטן באַזוך פון די לאַנדס־לייט פון אַמעריקע און, אין שייכות דערמיט, די מעגלעכקייטן צו אָרגאַניזירן וויכטיקע אונטערנעמונגען.



פאַרוואַלטונג פון „ארגון יוצאי לוצק בישראל"

קער אין ישראל. די צאָל פון די באַטייליקטע אין דער פאַר־זאַמלונג איז געווען אַ גרויסע און עס זענען אויך אָנוועזנדיק

די אַנדערע חברים, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער דיסקוסיע — א. לאַנדסבערג ז״ל, און זיי צו לאַנגע יאָר; ש. וואַרקאָוויצקי, שטערנבוים, גרושעווסקי, גינדעל א״א — האָבן אַריינגעטראָגן פּאָזיטיווע און פּראַקטישע פאָרשלאָגן. מיטן אויס־ווילן אַ בשותפותדיקע פאַרוואַלטונג איז דער „ארגון יוצאי לוצק בישראל" אין לאַנד־מאָסשטאַב געוואָרן אַ פאַקט. אין דער פאַר־וואַלטונג זענען אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע פּערזאָנען: ד״ר מ. גריפעל (ירושלים) — פּאָרזיצער, י. קרוין (רחובות, שפּעטער איז ער געוואָרן וויצע־פּאָרזיצער), י. פרידמאַן (תל־אביב) — סעקרעטאַר, א. גאָלענדבערג (תל־אביב) און י. שאַמ־פּאַניער (חיפה). אין ראַט זענען געוויילט געוואָרן: מ. גינדעל (חיפה), ד. בענדערסקי (תל־אביב), בעלאַ פרידמאַן (תל־אביב), מ. בן־יצחק (חיפה), א. לאַנדסבערג (ראשון־לציון) און ב. גרו־שעווסקי (תל־אביב), וועלכער האָט אין אַ צייט אַרום רעזיגנירט און אויף זיין אָרט איז אויסגעוויילט געוואָרן ש. וואַרקאָוויצקי (תל־אביב). אין רעווידיר־קאָמיטעט זענען אַריין נחמה דאַוו

* וועגן דער טעטיקייט פון דער לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז פאַראַן אין דעם ספר אַ ספּעציעלער אַרטיקל פון י. פינקעל.



דאָס פלאַנצן ביימער אין „יער הקדושים"

(תל־אביב), א. לאַנדסבערג און מ. גינדעל.*

די נייע פאַרוואַלטונג האָט זיך גענומען ענערגיש צו דער אַרבעט. עס איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אַ צירקולאַר צו די מיטגלידער אין ישראל און עס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די קאָרעספּאָנדענץ־פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד, בעיקר מיט דער אַמעריקאַנער פאָרשטייערשאַפט. עס איז געזאַמלט געוואָרן אַ גע־העריקע סומע צו פלאַנצן אַ וואַלד א.נ. פון די קדושי לוצק אין די ראַמען פונעם „יער הקדושים" אין די הרי יהודה. פאָר־שטייער פון דער פאַרוואַלטונג האָבן זיך באַטייליקט אין דער פייערלעכקייט. מען האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און אויסמעבלירן דעם מוזיי א.נ. פון די קדושי לוצק אין בת־ים, עפענען אַ גמילת־חסדים קאַסע, אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט אינסטיטוציעס און צוגרייטן דעם קבלת־פּנים פאַר די געסט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן. נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאַפט פון אַ סך חברים, האָט דער שרייבער פון די שורות ממשיך געווען די פּאַקטישע צוגרייטונגען צום אָרגאַניזירן דעם מוזיי אין בת־ים: עס איז באַשטעלט געוואָרן אַ מאַרמאָרענע מצבה מיט אַ נר־תמיד צום זכר פון די קדושים, מען האָט רעפּראָדוצירט פראַג־מענטן פון דער גרויסער שול און פון ברידער־קבר אין לויצק, מען האָט באַשטעלט פּאַסיק מעבל א. אַז. וו., כדי דער מוזיי זאָל זיין פאַרטיק צו דער עפענונג.

דאָס אָרגאַניזירן די גמילת־חסדים קאַסע האָט פון אָנהייב נישט געהאַט קיין דערפאָלג. נישט געקוקט אויפן צירקולאַר (500 עקז.), וועלכער איז צעשיקט געוואָרן דורך א. לאַנדסבערג ז"ל — איז געזאַמלט געוואָרן נישט מער ווי 324 ל"י. מיט אַזאַ סומע איז אוממעגלעך געווען צו עפענען די גמילת־חסדים קאַסע. די אינסטיטוציע, וועגן וועלכער מ'האָט אַזוי פיל גערעדט און וועלכע האָט אין דער צוקונפט אַזוי פיל אויפגעטאָן — איז אַריין אין אַ טעמפּן ווינקל און איז געווען באַדראָט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ מפּלינג — ווען נישט די צוזאַמענאַרבעט מיט די לאַנדסלייט מעבר לים.

אין אָנהייב אַפּריל 1955 איז געקומען קיין ישראל ה' נ. פירער אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי. אויף דער ערשטער געמיינזאַמער זיצונג, אין דער וווינונג פון ד. בענדער־סקי, איז פאָרגעקומען אַ מיינונגס־אויסטויש וועגן דער פאָרם פון צוזאַמענאַרבעט אין דער צוקונפט. נאָך אַן איבערבליק וועגן דער טעטיקייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, אָנהייבנ־דיק פון יאָר 1917, האָט נ. פירער אויסגעדריקט זיין אַנטוישונג צוליב דער שוואַכער טעטיקייט פון די לויצקער אין ישראל. די גראַנדיעזע פּלענער וועגן אַ „כפר לוצק", אַ „שכון לוצק" און אַפילו אַ „בית לוצק" האָבן נישט אַרויסגערופן קיין צוטרוי, ווייל הינטער זיי איז נישט געשטאַנען קיין אָרגאַניזירטער צבור און די בריוו פון אַמעריקע זענען געבליבן אָן ענטפער. צוליב דעם האָבן די אַמעריקאַנער געזוכט אַ צוזאַמענאַרבעט מיטן הסתדרות. די לויצקער אין אַמעריקע — האָט געטענהט נ. פירער — זענען איבערצייגט, אַז אַ קולטור־הויז אין אַזאַ אָרט ווי בת־ים, וואָס וועט העלפן דער קולטור־געזעלשאַפטלע־

דער קולטור צענטער „בית תרבות על שם קדושי לוצק" איז אויפגעבויט דורך דער קאאפעראציע פון די לוצקער יידן אין דער שטאט ניו־יארק, אמעריקע, פון דער הסתדרות העובדים, און פון די לוצקער אין ישראל.



פאלגנדע ארגאניזאציעס האבן זיך באטייליקט:

**„די ערשטע לוצקער אונטערשטיצונגס פאריין"**
**„די יונייטעד לוצקער יאנג־מענס לײדיס סאסייעטי"**
**„לוצקער ברענטש 583 ארבעטער־רינג"**
**„לוצקער פרויען קלוב, בר. 583-בי ארבעטער־רינג"**



אקטיווע טוער ביים אויפבוי פון „בית תרבות על שם קדושי לוצק" אין בת־ים:

| | |
|---|---|
| משה און טעמי באס | אלעקס און מרת באראן |
| ניסן און אסתר פירער | בעני פארער |
| יצחק און ראוז פינקעל | מעקס און אסתר נאגלער |
| יואל און בעסי פינקעל | קאס און מרת וויטער |
| אביש און ראוז אייזענגארט | אליעזר וויטס |
| סאל און מרת שעף | יצחק נייווער |
| שמואל און פעסי גראניץ | ירחמיאל בערמאן |
| וויקטאר און מרת מאנדעלס | מאקס און פעני שניידער |
| פערל מאראנץ | סאל און מייע דאלינער |

ד"ר טעאדאר און מרת לעשנער



בלעטער פונעם פנקס הזכרון

* אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין בת־ים, דעם 14־טן אויגוסט 1956, זענען אַריינגעפירט געוואָרן געוויסע ענדערונגען אין באַשטאַנד פון די אינסטאַנצן. אט איז זייער צוזאַמענשטעל:

מיטגלידער פון ראַט: א. גאָלענדבערג, ד. בענדערסקי, ש. וואַר־קאָוויצקי, בעלאַ פרידמאַן, סאָניאַ פרידמאַן, סאָניאַ צוקערמאַן, קלאַראַ רויטער, ר. ראָזמאַרין, מלכה שטיין.

מיטגלידער פון רעווידיר־קאָמיטעט: נחמה ראָטשטיין־צונגער (דאַף), ד. בענדערסקי, אַדוו. בן־אמיתי, ד"ר קוניצאַ־גאָלדשטיין.

מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: ד"ר מ. גריפעל, י. קרוין, י. פרידמאַן, מ. בן־יצחק, א. גאָלוב, מלכה מאַרמור, י. שאַמפּאַניער.

אָנפירונג פון דער גמילת־חסדים קאַסע: א. לאַנדסבערג, י. שאַמ־פּאַניער, ש. וואַרקאָוויצקי, ד"ר מ. גריפעל, י. קרוין.

כער קליטה פון די נייע עולים — וועט זיין אַ מער פּאַסיקער פּאַראייביקונגס־ווערק, ווי אַ קלוב פאַר לויצקער אין תל־אביב. אדרבא, דערוואַקסענע און קינדער, אָפּשטאַמיקע פון פאַרשידענע גלותן, מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל וועגן לויצק נישט גע־הערט — וועלן באַערן זייער אָנדענק טאָג־טעגלעך. די לויצקער פון ישראל האָבן נישט לייכט מסכים געווען מיטן גאַסט און זיי האָבן ווייטער אויסגעדריקט זייער ווונטש וועגן אַ „צענטער אין תל־אביב”, אָבער סוף כל סוף האָט אויסגעזען, אַז עס וועלן זיגן די רעאַליטעט און דער פאַרנונפט.

מיטן אָנקום פון די אַנדערע ניו־יאָרקער חברים: יואל פינקעל ז״ל מיט זיין פרוי, זיין ברודער יצחק פינקעל מיט דער פרוי, משה בעס מיט זיין פאַרשטאָרבענער פרוי טעמע ע״ה און ד״ר לעשנער — האָבן די חילוקי דעות זיך פאַרשאַרפט. און סוף כל סוף איז געקומען צו אַן ענדגילטיקער דעציזיע אויף דער זיצונג דעם 10־טן אַפּריל 1955, אין דער וווינונג פון ד״ר גריפעל. נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע איז מען געקומען צו אַ פשרה, אַז די לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל איז מסכים אויף דעם אָרגאַניזירן דאָס קולטור־הויז אין בת־ים און פון דער צווייטער זייט פאַרפליכטן זיך די אַמעריקאַנער צו העלפן דער אַנטוויקלונג פון דער גמילת־חסדים קאַסע ביים ארגון.



דער לויצקער בית־תרבות אין בת־ים

אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג דעם 24־טן אַפּריל אין קולטור־הויז א. נ. פון די קדושי לוצק אין בת־ים, וועלכע איז גלייכצייטיק געווען אַ פייערלעכער קבלת־פּנים פאַר די געסט — איז געקומען צום אויסדרוק דער אָנהייב פון דער צוזאַמענ־אַרבעט צווישן די לויצקער פון ישראל און פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אין דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך באַטייליקט אַ סך מענטשן, דער זאַל איז געווען באַצירט און די פייערלעכע אַטמאָספערע האָט איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק אויף די אַנ־וועזנדיקע. נאָך אַ קורצן אַריינפיר־וואָרט פון פאָרזיצער און נאָך די באַגריסונגען מצד די פאָרשטייער פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, האָט דער שרייבער פון די שורות, אַלס סעקרע־טאַר פון ארגון, אָפּגעגעבן אַ באַריכט איבער דער טעטיקייט פון דער פאַרוואַלטונג און וועגן דעם הסכם מיט די געסט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט געלייענט די פאָרשלאַג־




לויצקער קאָמיטעט ביים בית־תרבות אין בת־ים

פון רעכטס: ב. ערליכגעריכט, י. סערליק, מ. בורשטין, ראש העיר בן־ארי, טאַלער, א. גאָלענדבערג, ב. שטערענבוים, כאַסקין, אַ פאָרשטייער פון הסתדרות, י. פרידמאַן, ד. בענדורסקי, אַ פאָרשטייער פון הסתדרות.

רעזאָלוציעס, וועלכע זענען איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן דורך דער פאַרזאַמלונג. אין דעם פאָרשלאַג איז אויסגעדריקט געוואָרן די אָנערקענונג פאַר דער פרוכטבאַרער טעטיקייט פון די לויצ־קער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און אויך די התחייבות מצד די לויצקער אין ישראל צו נעמען אויף זיך די אחריות פאַר דער אויפזיכט איבערן מוזיי א. נ. פון די קדושי לוצק. עס איז אויך באַשטעטיקט געוואָרן דער „פנקס לוצק”, וועלכער געפינט זיך אין מוזיי אַלס ספר פאַרן פערזענלעכן פאַרשרייבן די לויצקער קדושים דורך זייערע משפחות אין ישראל. לסוף איז באַשטעטיקט געוואָרן די ווענדונג בייצושטייערן פאַר דער גמילת־חסדים קאַסע, אַלס דעם מכשיר פאַר קאָנסטרוקטיווער הילף די נייע עולים און די באַדערפטיקע. נאָכן אָננעמען די באַשלוסן איז דערקלערט געוואָרן די פייערלעכע דערעפענונג פון מוזיי א. נ. פון די קדושי לוצק. די פאַרזאַמלטע האָבן אין שטילשווייגן זיך מתיחד געווען מיטן זכר פון די אומגעקומענע.



די עפענונג פון בית־תרבות — ער רעדט דער ראש העיר בן־ארי

אין דעם בית־תרבות אין בת־ים ווערן אָפּגעריכט די יער־לעכע אזכרות* און די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג. דער מוזיי אין אָפן פאַר באַזוכער איין מאָל אין וואָך. אָבער צוגאָב־לעכער מאַטעריאַל קומט אָן קנאַפּ (אפשר ווייל ער איז נישט בנמצא?); אין „פּנקס לוצק" ווערן איינגעשריבן די קדושים דורך די קרובים; עס זענען געמאַכט געוואָרן דערגענצונגען אין „יער הקדושים"; מיט דער הסכמה פון שטאָטראַט אין בת־ים איז אַ גאַס אין קוואַרטאַל „עמידר" אָנגערופן געוואָרן א. נ. פון די קדושי לוצק. די פייערלעכקייט איז פאָרגעקומען ביי דער אָנוועזנדיקייט פון ה' בן־ארי און פון אַ סך לויצקער.

די פאַרוואַלטונג איז געשטאַנען אין אַ סטאַבילער פאַרבינ־דונג מיט די לויצקער דורך אינפאַרמאַטיווע צירקולאַרן און יערלעכע פאַרזאַמלונגען. מיט אַ סך ענערגיע האָט זי געהאָלפן מאַטעריעל און מאָראַליש די נייע עולים — לויצקער. אויסער די הלוואות פון דער גמילת־חסדים קאַסע האָבן די עולים נישט איין מאָל באַקומען הילף אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס (איז שטאָטראַט פון בת־ים, יידישע אַגענץ, „עמידר" א"א) אדאנק דער אינטערווענץ און רעקאָמענדאַציע פון דער ארגון־פאַרוואַל־טונג. דער סעקרעטאַריאַט איז געווען אין אַן ענגער בריוולעכער פאַרבינדונג מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן אין ניו־יאָרק, באַלטימאָר און אַנדערע ערטער, און אַלס רעזולטאַט דערפון איז געשטאַרקט געוואָרן די פריינדשאַפט און צוזאַמענאַרבעט און עס זענען מאָביליזירט געוואָרן גרויסע סומעס לטובת דער גמילת־חסדים קאַסע. צוויי צירקולאַרן אין יאָר, איינער ערב דער אזכרה, און דער אַנדערע ערב פּסח, זענען סיסטעמאַטיש געשיקט געוואָרן צו צענדליקער לאַנדסלייט און לויצקער אָרגאַניזאַציעס אין אויס־לאַנד. זיי האָבן אַרויסגערופן אַ באַדייטנדיקן אָפּקלאַנג, אַן אינ־טערעס צו דער טעטיקייט אין ישראל און גרייטקייט צו הילף. דער „ארגון יוצאי לוצק בישראל" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין צענטער פון אַלע לויצקער פון גאָר דער וועלט.

עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער ארגון זאָל זיך פאַרנעמען נישט בלויז מיט אַקציעס פון פאַראייביקונג און פון הילף, נאָר אויך מיט אַנטוויקלען געזעלשאַפטלעכע באַציונגען אינערהאַלב דעם לעבן פון אונדזערע לאַנדסלייט. פאַרן דאָזיקן ציל האָבן געדינט די חנוכה־ און פּורים־אָוונטן, וועלכע האָבן צו־געצויגן אַ גרויסן עולם. (די הכנסות פון די אָוונטן זענען באַ־שטימט געוואָרן טיילווייז פאַר דער גמילת־חסדים קאַסע און פאַרן ארגון, וואָרעם די באַשטייערונגען ביים איינגאַנג צו דער אזכרה האָבן על פּי רוב נישט געדעקט די אַדמיניסטראַטיווע אויסגאַבן). פון צייט צו צייט, בעת אַ גאַסט פון אויסלאַנד האָט באַזוכט ישראל, איז לכבוד אים אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קבלת־פּנים. מען קאָן זאָגן, אַז בלויז געציילטע לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל זענען געווען אַזוי אַקטיוו, ווי דער „ארגון יוצאי לוצק בישראל".

* דער טאָג פון דער יערלעכער אזכרה איז באַשטימט אויף די טעג ז—ח אלול.



# פּנקס
## קהלת לוצק והגליל



# Chronicle
## of the Jewish Community of Lutzk & Vicinity

WEINER ART STUDIO

אַ בלאַט פונעם פּנקס הזכרון אין מוזיי פון בת־ים

## די קהלה קדושה לוצק

דאס יידישע לעבן האט געבליט במשך פון זיבן יארהונדערטער איז פארניכטעט געווארן פון די נאציס ימח שמם — צוזאמען מיט די זעקס מיליאן קדושים פון אונזער פאלק

## כי דורש דמים אותם זכר
## כבוד זייער אנדענק

◇

## לזכרון עולם

די נעמען פון די אומגעקומענע על קדוש השם, פון די פארשניטענע לעבנס און פון די וואס האבן אויסגעלעבט זייערע יארן אין לוצק און אומגעגנט פון לאנדס-לייט וואס זיינען געשטארבן אין ישראל און אין די לענדער פון צפון, דרום אמעריקע און אין אנדערע לענדער, זיינען פארצייכנט אויף די בלעטער פון דאזיקן בוך דורך זייערע משפחות און פריינד, יבדלו לחיים.

◇

תשי"ד ◇ 1954

וויינער ארט סטודיא

אָבער צום רעקאָרד פון זיינע דערגרייכ׳נגען איז דער ארגון דערגאַנגען אין דער טעטיקייט פון דער גמילת־חסדים קאַסע אינטער דער אָנפירונג פון אברהם לאַנדסבערג ז״ל, וועלכער איז געווען איבערגעגעבן זיין אַרבעט מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים, מיט זיין גאַנצער נשמה־וואַרעמקייט. אין זיין טעטיקייט איז נישט געווען קיין שמץ פון ענגער כלל־טוערײ, נאָר דער באַוווסטזיין פון אַ שליחות און די פרייד פון העלפן יידן, אַלץ איינס צי ער האָט זיי פּערזענלעך געקענט אָדער נישט — אָבער לויצקער יידן. הונדערטער חברים האָבן באַקומען הילף פון דער גמילת־חסדים קאַסע. דער סכום פון דער הלוואה, וואָס אַ יחיד האָט באַקומען איז טאַקע נישט געווען קיין גרויסער, אָבער די באַדינגונגען זענען געווען פרעצעדענסלאָז לייכטע און אויף אַן אופן, וואָס האָט נישט אָנגערירט דעם כבוד פון פּע־טענט.

בשעתו איז געוואָרן באַשטימט די קוואָטע פון 200 ל״י אַלס הלוואה פאַר אַ יחיד, אויב ער איז שוין אַ לענגערע צייט אין לאַנד, און 300 ל״י פאַר אַ נייעם עולה, ביי דער מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן די סומע ביז 600 ל״י, אויבביידע משפּחה־עלטסטע זענען לויצקער. די ראַטעס זענען באַשטימט געוואָרן אויף 5—10 ל״י אַ חודש אין אָן פּראָצענט. די אָנפירונג האָט אויסגעפירט איר אויפגאַבע מיט אחריות און ערלעכקייט נישט בלויז לגבי די באַדערפטיקע, נאָר אויך לגבי דער קאַסע גופא. יעדע ווענדונג נאָך הילף איז פריער געוואָרן פּעדאַנטיש קאָנ־טראָלירט דורכן פאָרשטייער פון דער קאַסע אויפן אָרט (אין חיפה — שאַמפּאַניער, אין דרום־טייל פון לאַנד — קרוין א.אַז.וו.) און נאָך אַ קאָנקרעטער באַהאַנדלונג אויף אַ געשלאָסענער זיצונג איז די ווענדונג געוואָרן באַשטעטיקט, אויב זי איז געווען פאַר־זען מיט געהעריקע זשיראַנטן. אין באַזונדערע פאַלן זענען עולים אָדער ווייניק באַמיטלטע געצווונגען אָנצוקומען צו איינמאָליקער הילף. צו דעם צוועק האָט געדינט דער הילפס־פאָנד א.נ. פון טעמע באַס ע״ה, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן דורך איר מאַן ש. באַס פון ניו־יאָרק.

אַ גרויסע אבידה האָבן די גמילת־חסדים קאַסע, דער ארגון און אַלע לויצקער אין ישראל בכלל געליטן מיטן טויט פון א. לאַנדסבערג ז״ל. אָבער די אָנפירונג פון דער גמילת־חסדים קאַסע האָט זיך נישט אויפגעלייזט און ווייטער פאָרגעזעצט איר טעטיקייט. עס זענען צוגעקאָאָפּטירט געוואָרן נייע חברים: י. פרידמאַן און סאָניאַ צוקערמאַן. פאַר פאָרזיצער פון דער קאַסע איז אויסגעוויילט געוואָרן י. שאַמפּאַניער; שמואל וואַרקאָוויצקי איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאַסירער.

אין אָקטאָבער 1957 איז דער שרייבער פון די שורות געווען געצווונגען צו פאַרלאָזן זיין אַרבעט אין ארגון צוליב זיין נסיעה קיין אויסלאַנד אויף פאָרשונג־צוועקן. אָבער ערב דער נסיעה האָט ער געזאָרגט פאַרן מאָביליזירן נייע חברים צו דער אַרבעט. מען דאַרף מיט צופרידנהייט אונטערשטרייכן, אַז די אַרבעט ווערט ווייטער בדרך כלל געפירט מיט דערפאָלג. אין חבר נחום שטראַכמאַן (שרון) האָט זיך געפונען די פּערזאָן, וועלכע האָט מיט דער הילף פון אַנדערע רעדאַקציע־מיטגלידער פאַר־ווירקלעכט דעם פּלאַן, וואָס איז נישט אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג זינט דעם אַנטשטיין פון ארגון, און דאָס איז דער „ספר לוצק״, וועלכע איז די פיינע אכסניה פאַר אָט דעם מאמר.

אַדוו. אַלעקסאַנדער קאָטליאַר, וועלכער האָט פריער אויס־געפירט דעם אַמט פון סעקרעטאַר און דערנאָך איז ער געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער אויפן אָרט פון ד״ר מ. גריפּעל — איז ממשיך מיט זיין איבערגעגעבענער און פיינער טעטיקייט. די אַרבעט גיט שוין אירע רעזולטאַטן. אָבער וועגן דעם וועט ווערן דערציילט אין אַן אַנדער מאמר.

אדוו. אַלעקסאַנדער קאָטליאַר / תל־אביב

# דער „ארגון יוצאי לוצק״ אין די יאָרן 1958–61

מיטן טויט פון אברהם לאַנדסבערג ז״ל האָט דער ארגון געליטן אַ שווערע אבידה. די אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, באַזונדערס נאָך דעם ווי איינער פון אירע טיכטיקסטע מיטגלידער, ישעיהו פרידמאַן, איז אויף אַ גע־וויסער צייט אַוועקגעפאָרן פון ישראל צוליב פאָרשונג־צוועקן.

דער דאָזיקער פּעריאָד האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. אין מאַי 1958 האָבן באַזוכט ישראל צוויי איבערגעגעבענע פריינד פון די לויצקער אין ישראל — יצחק פינקעל און ניסן פּירער פון ניו־יאָרק. אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט אַ גרופּע פאָרשטייער פון די לויצקער אין ישראל, האָבן די געסט פאָרגעשלאָגן, אַז דער ארגון זאָל אָרגאַניזירט ווערן פון דאָס ניי אין דער פאָרם פון אַ יורידישער קערפּערשאַפט, צו וועלכער אַלע לויצקער יידן אין ישראל זאָלן, פאַר אַ מינימאַלן מאָנאַטלעכן אָפּצאָל, האָבן דאָס רעכט צו געהערן.

דער דאָזיקער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן און עס איז גערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די לויצקער לאַנדסלייט. אויף דער פאַרזאַמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ איניציאַטיוו־קאָמיטעט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו רעאָרגאַניזירן דעם ארגון. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון 17 מיטגלידער. אויף זיין ערשטער זיצונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צייטווייליקע פאַרוואַלטונג מיט אַדוו. אַלעקסאַנדער קאָטליאַר אַלס פאָרזיצער, שמואל וואַרקאָוויצקי און יעקב שאַמ־פּאַניער אַלס וויצעפאָרזיצער.

די צייטווייליקע פאַרוואַלטונג איז תיכף צוגעטרעטן צו דער

טעטיקייט. עס איז באַאַרבעט געוואָרן דער סטאַטוט, אין וועלכן עס זענען פּרעציזירט געוואָרן די אויפגאַבעס און צילן פונעם ארגון. דער סטאַטוט איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער מאַכט און דער ארגון איז פאַררעגיסטרירט געוואָרן אַלס יורידישע קערפּערשאַפט אין הסכם מיט די געזעצן פון לאַנד.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע פון ווערבירן מיטגלידער. ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ צירקולאַר מיט די הויפּטפּונקטן פונעם סטאַטוט און דער צירקולאַר איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן אַלע לויצקער אין ישראל צוזאַמען מיט אַן אויפרוף זיך צו פאַרשרייבן אַלס מיטגלידער פונעם ארגון. אָט די אַקציע האָט געבראַכט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. עס האָבן אָנגעהויבן אַריינפליסן אונטערגעשריבענע דעקלאַראַציעס און מיטגליד־אָפּצאָל. ביים היינטיקן טאָג ציילט דער ארגון קנאַפּע 200 מיטגלידער (נישט אַלע לויצקער האָבן אויסגעפירט דעם דאָזיקן חוב).

נאָך דער אויבנדערמאָנטער אַקציע האָט דער ארגון זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די לויצקער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַנדערע לענדער. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן בערך 100 בריוו צו לאַנדסמאַנשאַפטן און יחידים אין פאַרשידענע לענדער. אין די בריוו איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן אויף די צילן און אויפגאַבעס, וואָס דער פאַרבאַנד האָט פאַר זיך געשטעלט. אין די בריוו איז געווען אַ ווענדונג אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דעם ארגון אין ישראל און העלפן אים אין דער רעאַליזאַציע פון זיינע אויפגאַבעס.

דער „ארגון יוצאי לוצק בישראל" איז אַריינגעטראָטן אַלס מיטגליד אין „פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן אין ישראל" און באַקומען אַ געהעריקע רעפּרעזענטאַנץ אין דער פאַרוואַלטונג. דער פאַרבאַנד האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אַלס אַקציאָנער און מיטגליד אין דער הלוואה־קאַסע ביים „פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן" — אַ זאַך, וואָס דערמעגלעכט צו באַקומען הלוואות פאַר די לויצקער לאַנדסלייט אין פאַל ווען די לויצקער גמילת־חסדים קאַסע איז נישט אימשטאַנד אַזאַ הלוואה צו דערטיילן. ביים היינטיקן טאָג געניסט דער ארגון פון אַזעלכע הלוואות אויף אַ סכום פון 4000 ל"י בערך.

דער ארגון דערלאַנגט אויך די ערשטע מאַטעריעלע הילף פאַר די נייע עולים, וועלכע קומען אַהער אָפּט ממש אָן אַ גראָשן געלט. צוזאַמען מיטן פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן העלפט מען זיי אויך צו באַקומען אַ דירה און הלוואות, וועלכע זענען דערצו נייטיק. אויף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך העלפט מען אויך די נייע עולים איינאָרדענען זיך מיט פּרנסה.

די קאָמיסיע פאַר סאָציאַלער הילף א. נ. פון טעמע באַס ע"ה העלפט אויך מאַטעריעל די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט, בעיקר פאַר די יום־טובים.

אין „פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן" ווערט דער „ארגון יוצאי לוצק" פאַררעכנט פאַר איינעם פון די טיכטיקסטע אָרגאַניזאַציעס פון דעם מין. לאָמיר האָפן און לאָמיר זיך ווינטשן, אַז די פאַרצווייגטע טעטיקייט פונעם „ארגון יוצאי לוצק בישראל" וועט אויף להבא ווערן נאָך רייכער און ווירקזאַמער, כדי מיר זאָלן קאָנען דינען אַלס מוסטער און ביישפּיל פאַר אַנדערע.



די רעדאַקציע פון „ספר לוצק" אין ישראל

עס זיצן פון רעכטס: אינזש. מיכאל פטיץ, אדוו. אַלעקסאַנדער קאָטליאַר, נחום שרון (שטראַכמאַן) — הויפּט־רעדאַקטאָר, ישראל סערליק. עס שטייען: משה ראַפּאָפּאָרט, מנחם בן־יצחק (גענזיוק), גוטאַ פירער, יואל פּערעל, יעקב שאַמפּאַניער.

ש. וואַרקאָוויצקי, ד״ר י. שאַמפּאַניער

# די גמילת־חסדים־קאַסע א. נ. פון די לויצקער קדושים

אין ישראל האָט זיך קאָנצענטרירט אַ באַדייטנדיקע גרופּע לויצקער, וועלכע האָבן עמיגרירט קיין ארץ־ישראל נאָך פאַר דעם שרעקלעכן חורבן. נאָך היטלערס מפּלה, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון די אומגעבראַכטע לויצקער יידן, זענען זייערע אויגן געווענדט געווען מערסטנטייל קיין ישראל, ווו זיי האָבן געזען פאַר זיך די איינציקע מעגלעכקייט אויסצולעבן זיך פיזיש, גייסטיק און נאַציאָנאַל.

קיין ישראל האָבן אָנגעהויבן שטראָמען כוואַליעס נייע עולים, און צווישן זיי אויך לויצקער יידן. צוזאַמען מיט די ניי־אָנגעקומענע עולים זענען געוואַקסן די פּראָבלעמען פון שנעלער און ווירקזאַמער הילף פאַר זיי.

די געזעלשאַפטלעכע טוער צווישן די לויצקער האָבן געמוזט נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו אָט די שנעלע און ווירקזאַמע הילף צו אָרגאַניזירן.

לכתחילה איז די אַרבעט געווען נישט קאָאָרדינירט. סיי אין תל־אביב, סיי אין חיפה, אין רחובות און אין אַנדערע פּלעצער זענען געשאַפן געוואָרן גרופּעס, וועלכע פלעגן אין נייטיקע פאַלן שאַפן קלענערע און גרעסערע סכומים.

אָבער די צאָל פון נייע עולים איז אומאויפהערלעך געוואַקסן. איינצלנע פּערזאָנען און קלענערע גרופּעס האָבן נישט געקאָנט לייזן און פאַרענטפערן די פּראָבלעמען פון געזעלשאַפטלעכער און סאָציאַלער הילף.

דער געדאַנק צו שאַפן אַ צענטראַלן הילפס־אָרגאַן פאַר לויצקער יידן איז געוואָרן אַלץ דרינגענדיקער.

דעם 21.8.1954 איז אין חיפה פאָרגעקומען אַ אזכרה נאָך די לויצקער קדושים מיט דער באַטייליקונג פון גאַסט פון אַמעריקע, חזן יעקב עדערמאַן, דעם וואָלקער רבס אַ זון. אויף דער אזכרה האָבן די חיפהער חברים געבעטן דעם ח׳ עדערמאַן פאַרמיטלען צווישן די חיפהער און תל־אביבער חברים וועגן פאַראייניקן די אַרבעט און שאַפן אַ גמילת־חסדים־קאַסע פאַר לויצקער.

אויף מאָרגן, דעם 22.8, איז פאָרגעקומען די אזכרה נאָך די לויצקער קדושים אין תל־אביב — אויך מיט דער באַטייליקונג פון חזן י. עדערמאַן. נאָך דער אזכרה האָט י. עדערמאַן אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג צו שאַפן אַ גמילת־חסדים־קאַסע און ער האָט אויף דעם צוועק געשפּענדעט די ערשטע 25 פונט. אויפן אָרט איז צווישן די אָנוועזנדיקע געזאַמלט געוואָרן נאָך 25 פונט.

דאָס געזאַמלטע געלט איז דורכן פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איבערגעגעבן געוואָרן דעם ח׳ ש. וואַרקאָוויצקי, אויף וועלכן ס׳איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע צוזאַמען מיטן ח׳ א. גאָלענדבערג רופן די ערשטע פאַראייניקטע אָרגאַניזירזיצונג פון אַקטיוויסטן פון תל־אביב, חיפה און ירושלים, כדי אויסוויילן די אָנפיר־אָרגאַנען פון דער ג״ח־קאַסע און אויך פאַרשטאַרקן די טעטיקייט פונעם ארגון יוצאי לויצק אין ישראל.

דעם 9.11.54 איז גערופן געוואָרן די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע זיצונג פון דער ג״ח־קאַסע אין תל־אביב. די זיצונג איז פאָרגעקומען אין דער אָנוועזנהייט פון פאָלגנדיקע חברים: ד״ר מ. גריפּעל — ירושלים, א. קרוין — רחובות, א. לאַנדסבערג ז״ל — ראשון־לציון, מ. גינדעל — חיפה, ד״ר י. שאַמפּאַניער — חיפה, מ. בן־יצחק — חיפה, ג. מירסקי — תל־אביב, ב. גרושעווסקי — ת״א, ש. וואַרקאָוויצקי — ת״א, א. איינבינדער — ת״א, נחמה ראָטשטיין־דאַוו — ת״א, א. גאָלענדבערג — ת״א, דוד בענדערסקי — ת״א.

אויף דער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן אָנרופן די ג״ח־קאַסע אויפן נאָמען פון די לויצקער קדושים. ס׳איז געוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פון 5 פּערזאָן: פאָרזיצער — א. לאַנדסבערג ז״ל, סעקרעטאַר — ד״ר י. שאַמפּאַניער, קאַסיר — ש. וואַרקאָוויצקי. מיטגלידער פון פאַרוואַלטונג — ד״ר מ. גריפּעל און א. קרוין.

אין אויפזיכטס־ראט זענען געוויילט געוואָרן נ. דאַוו — פאָרזיצער, סעקרעטאַר — י. פרידמאַן, מיטגלידער — ד. בענ־




פאַרוואַלטונג פון דער ג״ח־קאַסע
ערשטע ר׳יי, פון רעכטס: א. גאָלענדבערג, ס. צוקערמאַן (קולינער), בעלאַ פרידמאַן, א. לאַנדסבערג ז״ל, נ. דאוו, ש. וואַרקאָוויצקי, צווייטע ריי, פון רעכטס: ד. בן־צבי, גינדעל, ד״ר י. שאַמפּאַניער, ד. בענדערסקי, מ. בן־יצחק (גענזיוק), י. פרידמאַן.

דערסקי, מ. בן־יצחק, א. איינבינדער און א. גאלענדבערג. אין דער רעווידיר־קאָמיסיע: מ. גינדעל, נ. דאַוו און ב. גרושעווסקי.

די פאַרוואַלטונג מיטן ראַט זענען באַפולמעכטיקט געוואָרן אויסצואַרבעטן אַ סטאַטוט פון דער ג״ח־קאַסע, רעגיסטרירן אים ביי די מאַכט־אָרגאַנען און אָנהייבן אַ זאַמל־אַקציע פאַר דער ג״ח־קאַסע צווישן די לויצקער אין ישראל.

די ניי־אויסגעוויילטע פאַרוואַלטונג איז גלייך געשטעלט געוואָרן פאַר גרעסערע שוועריקייטן. די נייע עולים און די נויטבאַדערפטיקע האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער אַנטשטייונג פון דער ג״ח־קאַסע, דאַן ווען זי האָט נאָך צו איר דיספּאָזיציע נישט געהאַט קיין שום מיטלען.

נישט איין מאָל זענען די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג געווען געצוווּנגען נעמען צו זיך אַהיים די אָנגעקומענע נייע עולים, שאַפן פאַר זיי פּלעצער אין האָטעלן, אַרויסגעבן הילף אויף ערשטע קליינע הוצאות א. א. וו.

די געשאַפענע 50 פונט האָבן נישט געסטייעט אַפילו אויף פּאָסט־הוצאות און דרוק־קאָסטן פאַר די ערשטע צירקולאַרן און אויפרופן, וועלכע זענען צעשיקט געוואָרן צו פיל הונדערטער לויצקער אין ישראל. אין תל־אביב און חיפה זענען אַדורכגעפירט געוואָרן זאַמלונגען פאַר דער ג״ח־קאַסע. די זאַמלונגען זענען אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן, ווייל די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע אין ישראל איז נאָך נישט געווען סטאַביליזירט און ס׳איז געווען שווער אַרויסצונעמען יעדן פונט. דאָך האָט מען געקאָנט און אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט פאַרצייכענען באַדייטנדיקע רעזולטאַטן.

אין יולי 1955 האָט שוין די ג״ח־קאַסע געהאַט געזאַמלט אויסשליסלעך אין לאַנד 1330 פונט. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן די ערשטע הלוואות פון 50 ביז 100 פונט. אין יענער צייט זענען דאָס געווען סכומים, מיט וועלכע מ׳האָט געקאָנט עפּעס אויפטאָן. דאַן זענען אויך באַשטעטיקט געוואָרן איינמאָליקע שטיצעס פאַר נייע עולים, וועלכע נייטיקן זיך אין דעם, צו 30 פונט אויף אַ משפחה.

די זאַמל־אַקציע אין לאַנד איז געגאַנגען ווייטער. זי האָט געפאָדערט פון דער פאַרוואַלטונג אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט. די קאַסע איז געוואַקסן, ס׳זענען געזאַמלט געוואָרן באַשטייערונגען פון הונדערטער לויצקער. מ׳האָט געשיקט צירקולאַרן, גערופן זיצונגען, פאַרזאַמלונגען, צוזאַמענקונפטן, מ׳האָט באַזוכט לויצקער און אָנגעהויבן אויך פאַרבינדן זיך מיט לויצקער לאַנדסמאַנשאַפטן אויף דער גאָרער וועלט.

מ׳האָט געמוזט איינפירן אַ ביוראָ און אַ בוכפירונג. דער צענטער איז געוואָרן ראשון־לציון, ווו דער טייערער חבר אברהם לאַנדסבערג ז״ל האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט מיט לייב און לעבן. ער האָט אַ סך געטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ג״ח־קאַסע, פאַר אַ האַרציקער און וואַרעמער באַציִונג און פאַר אַ נאָענטן חברישן קאָנטאַקט מיט די ניי־אָנגעקומענע און נויטבאַדערפטיקע. ער איז געווען דער וואָס האָט געשריבן די בריוו צו די לויצקער אין דער גאָרער וועלט, געוועקט און געמאָנט זייער מיטאַרבעט און הילף. ער האָט געאַרבעט גאַנצע טעג ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, געשריבן אויפרופן, געדרוקט זיי, אַליין געשריבן די אַדרעסן, אַליין אָפּגעשיקט. ער האָט איינגעפירט אַ בוכהאַל־

טעריע, געעפנט קאָנטעס אין בענק און פערזענלעך באַזוכט די נויטבאַדערפטיקע און די נייע עולים. ער איז געווען דער אָנפירער אויף אַלע פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענקונפטן און מיט זיין אומדערמידלעכער טעטיקייט, שטענדיקן הומאָר און ליבעסווירדיקן שמייכל אינספּירירט צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

און די אַרבעט האָט אָנגעהויבן געבן גרעסערע רעזולטאַטן. ס׳האָבן אָנגעהויבן אַריינפליסן אין דער ג״ח־קאַסע אונטערשטיצונגען פון אויסלאַנד.

די לויצקער אין דער וועלט האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט אונדזער אינסטיטוציע. די גרעסטע פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער הילפס־טעטיקייט האָט אַרויסגעוויזן דער ניו־יאָרקער לויצקער לאַנדסמאַנשאַפט־רעליף, ווו אַ ריי איבערגעגעבענע לאַנדסלייט, בראש מיט די חברים יצחק פינקעל און ניסן פירער, האָבן אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע איבערגעגעבנקייט און פאַראינטערעסירונג מיט אונדזער אַרבעט. אויף זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק די רעזולטאַטן פון אונדזער זעלבסטטעטיקייט און זיי האָבן אָנגעהויבן שיקן הילף פאַר דער ג״ח־קאַסע מיט אַ ברייטער האַנט.

די פריינד יצחק פינקעל, יואל פינקעל, ניסן פירער און ש. באַס מיט זייערע פרויען האָבן באַזוכט ישראל אין 1955 יאָר, אָנגעקניפּט אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער אָנפירונג פון דער ג״ח־קאַסע. זיי האָבן דאַן אויך צוגעזאָגט, און שפּעטער מקיים געווען, ווייטערדיקע באַדייטנדיקע הילף פאַר דער ג״ח־קאַסע אויפן נאָמען פון די לויצקער קדושים.

די ג״ח־קאַסע איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט. אין אויגוסט 1956 האָט די ג״ח־קאַסע שוין געהאַט געזאַמלט אין ישראל פון 201 תורמים דעם סכום פון 1500 פונט. פון אויסלאַנד איז צו יענער צייט איינגעפלאָסן אַ סכום פון 7685 פונט. די קאַסע האָט אַרויסגעגעבן 39 הלוואות אויף אַ סכום פון 5965 פונט.

אין לויף פון דער אַרבעט זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אַרום דער קאַסע אַלע טעטיקע געזעלשאַפטלעכע כוחות פון די לויצקער אין ישראל. אַזוי אַרום איז די ג״ח־קאַסע געוואָרן אויך אַ פאַקטישער צענטער פון די לויצקער אין ישראל.

די פאַרוואַלטונג און ראַט פון דער ג״ח־קאַסע האָבן געאַרבעט אינטענסיוו און נישט געקאַרגט קיין צייט, קיין מי און קיין אויסגאַבן, יעדן מאָנאַט זענען פאָרגעקומען רעגולערע זיצונגען, אויף וועלכע ס׳פלעגן קומען ח״ח פון ירושלים, חיפה, רחובות, ראשון־לציון א. א. וו.

אַ גרויסן פאַרלוסט האָט די קאַסע געהאַט אין מאַי 1957 מיטן פלוצעמדיקן טויט פונעם אומפאַרגעסלעכן, פון אַלעמען באַליבטן, איבערגעגעבענעם טייערן חבר אברהם לאַנדסבערג ז״ל.

זיין טרייע אַרבעט, ברויזנדיקע ענערגיע, ליבע צו מענטשן און אויסערגעוויינלעכע איבערגעגעבנקייט פאַר דער וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט וועלן מיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ער וועט פאַר אונדז תמיד בלייבן אַן אידעאַלער מוסטער פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער.

אַלס פאָרזיצער פון דער ג״ח־קאַסע איז דאַן אויסגעוויילט געוואָרן דער ח׳ י. שאַמפּאַניער און אַלס סעקרעטאַר דער ח׳ י. פרידמאַן.

די פאַקטישע פאַכמענישע אָנפירונג מיט דער קאַסע האָט איבערגענומען ח׳ שמואל וואַרקאָוויצקי. צו דער פאַרוואַלטונג

זענען צוקאָאָפּטירט געוואָרן די ח״ח סאָניע צוקערמאַן און דוד בענדערסקי.

די ג״ח־קאַסע האָט פאַרגעזעצט איר טעטיקייט און נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרברייטערט אירע פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד.

אין דער צייט איז געשטאָרבן אין אַמעריקע די איבערגעגעבענע חברטע טעמע באַס ז״ל. אויף צו פאַראייביקן איר אָנדענק איז ביי דער ג״ח־קאַסע געשאַפן געוואָרן אויף איר נאָמען אַ פאָנד פאַר סאָציאַלער הילף. אויף דעם פאָנד האָט דער ח׳ ש. באַס געשפּענדעט אַ סכום פון 1800 פונט. די ניו־יאָרקער חברים האָבן זיך פאַרפליכטעט צו דערגאַנצן דעם פאָנד אַלע יאָר מיט נייע באַשטייערונגען. דער פאָנד אויפן נאָמען פון טעמע באַס ז״ל איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר פון דער סאָציאַלער אַרבעט צווישן די לויצקער.

אין 1957 איז געפייערט געוואָרן אין ניו־יאָרק דער יובילייפון יואל פינקעל, וועלכער איז אַלט געוואָרן 70 יאָר. אויף דער פייערונג איז געשאַפן געוואָרן פאַר דער ג״ח־קאַסע אויפן נאָמען פון די לויצקער קדושים אַן אָנגעזעענער סכום פון 5000 דאָלאַר, וועלכער האָט באַדייטנדיק פאַרפעסטיקט די אייגענע קאַפּיטאַלן פון דער קאַסע.

צום סוף פון 1957 האָבן די אייגענע קאַפּיטאַלן פון דער ג״ח־קאַסע באַטראָפן 27,000 פונט. צו יענער צייט האָט מען אַרויסגעגעבן 107 הלוואות אויף אַ סומע פון 20,515 פונט.

די גרעסטע הילף פון אויסלאַנד האָט די ג״ח־קאַסע באַקומען פון דער ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט, און אין איר האָבן זיך אויסגעטיילט די פאָנדן אויפן נאָמען פון יואל פינקעל, פערל מאַראַנץ און טעמע באַס ז״ל. דערנאָך זענען געגאַנגען די לאַנדסמאַנשאַפטן פון בראַזיל, באַלטימאָר, אַרגענטינע, אַלעבאַנו, פּיטסבורג און קאַנאַדע.

אין די יאָרן 1958—60 פירט די ג״ח־קאַסע אַ ברייטע טעטיקייט צווישן די לויצקער. ס׳זענען פאַר דער צייט אַרויסגעגעבן געוואָרן הונדערטער הלוואות. די נייע עולים, וועלכע זענען אין דער צייט אָנגעקומען פון פּוילן האָבן געהאַט זיך אויף וועמען אָנצושפּאַרן. מ׳האָט זיי וואַרעם באַגעגנט, געהאָלפן מיט פאַרגרעסערטע הלוואות און אין פאַל פון נויטווענדיקייט — מיט אונטערשטיצונגען.

אין דער צייט איז דער ח׳ ישעיהו פרידמאַן, אַ זייער טעטיקער און טיכטיקער חבר סיי אין ג״ח־קאַסע, סיי אין אירגון יוצאי לוצק, אַרויסגעפאָרן קיין לאָנדאָן. אויף זיין אָרט איז אויסגעוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ג״ח־קאַסע דער דאָקטאָר זאב קלימבורד, וועלכער איז געוואָרן אַן אַקטיווער און איבערגעגעבענער מיטגליד און העלפט דער קאַסע מיט וואָס נאָר ער קאָן.

די ביוראָ פון דער ג״ח־קאַסע האָט זיך איבערגעטראָגן צום ח׳ דוד בענדערסקי, וועלכער האָט אָפּגעגעבן דערויף אַ צימער ביי זיך אין הויז. ער איז דער פאָרשטייער פון דער ג״ח־קאַסע, וואָס איז שטענדיק אויפן פּלאַץ און צו וועלכן עס ווענדן זיך דירעקט אַלע לויצקער נויטבאַדערפטיקע. די קאַסע איז אָפן צוויי מאָל אין דער וואָך און ס׳אַרבעטן אין ביוראָ אַ בוכהאַלטער און אַ סעקרעטאַר.

די הלוואות ווערן, אין זייער גרעסטער טייל, געצאָלט רעגולער. דער פּראָצענט פון די פאַרלעגענע הלוואות איז פּראָפּאָרציאָנעל קלענער, ווי אין די תל־אביבער בענק.

דער פאָרזיצער פון ארגון יוצאי לוצק, דער אַדוו. אַלעקסאַנדער קאָטליאַר, האָט אין די יאָרן 1959/60 זיך באַטייליקט אין די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג פון דער ג״ח־קאַסע און פיל געטאָן ביים אָרגאַניזירן דאָס אויפמאָנען די פאַרלעגענע הלוואות.

די אייגענע קאַפּיטאַלן פון דער ג״ח־קאַסע האָבן איבערגעשטיגן די סומע פון 30.000 פונט.

די לעצטע צוויי יאָר זענען די קאַפּיטאַלן פון דער ג״ח־קאַסע נישט פאַרגרעסערט געוואָרן, ווייל דאָס געלט וואָס איז אין דער צייט געזאַמלט געוואָרן אין לאַנד און אין אויסלאַנד אין גאַנץ גרויסע סכומים, איז געגאַנגען אויף אַרויסגעבן דעם „ספר לוצק״, וועלכער איז דער מצבה־אָנדענק נאָך אונדזערע טייערע אומפאַרגעסלעכע לויצקער קדושים און נאָך דעם פאַרשוואונדענעם יידישן לויצק.

פאַר דער ג״ח־קאַסע שטייען נאָך גרויסע אויפגאַבן און אויפטוען לטובת די לויצקער יידן. מיר האָפן און גלויבן אין איר וווקס און אַנטוויקלונג, אַז זי וועט ווייטער באַדינען די לויצקער אין ישראל און מיט כבוד טראָגן דעם נאָמען פון די לויצקער קדושים.

**א. וואַקסמאַן**

# אברהם לאַנדסבערג

אין די יאָרן 1914—16, בעת די צעווילדעוועטע רוסישע סאָלדאַטן זענען אָפּגעטראָטן פון דייטש־רוסישן פראָנט, האָבן זיי פּאָגראָמירט, ראַבירט און פאַרברענט גאַנצע שטעטלעך און דערפער איף ביידע זייטן פונעם טייך סטיר. קודם כל האָט עס געטראָפן די יידן, וועלכע זענען געטריבן געוואָרן פון אָרט צו אָרט. זיי האָבן טאַקע באַקומען דעם ניי־געשאַפענעם נאָמען: „בעזשענצעס" (פּליטים).

מיטן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין יאָר 1917 האָבן קיין לויצק אָנגעהויבן זיך אומקערן די אַנטלאָפענע און אויך די מאָביליזירטע יידן. איינער פון די ערשטע צוריקגעקומענע קיין לויצק איז געווען דער אונדז אַלעמען באַקאַנטער און טייערער אברהם לאַנדסבערג מיט זיין פרוי און פאַמיליע.

איך אַליין האָב אברהם לאַנדסבערגן באַקענט אין די מלחמה־יאָרן, ווען די פלאַמען פון מיין פאַרברענט שטעטעלע ראַזשישטש האָבן מיך פאַרטריבן אין דער שטאָט לויצק.

אין יענער צייט האָבן זיך געשאַפן קרייזן פאַר ציוניסטישער אַרבעט, ציוניסטישע פאָנדן, גרופּעס פאַר העברעישער קולטור־אַרבעט, פאַר נאַציאָנאַלער געזעלשאַפטלעכער גלות־אַרבעט און פאַר דער טעטיקייט אין די קהילות און שטאָט־פאַרוואַלטונגען. עס האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט גרופּעס פאַר פילאַנטראָפּישער טעטיקייט. צווישן די אַקטיווע פון אָט די איבערגעגעבענע יידן איז געווען אברהם לאַנדסבערג.

טאָג און נאַכט האָט א. לאַנדסבערג געטראַכט, ווי אַזוי צו ברענגען נוצן יידן. געטאָן האָט ער דאָס אויף פאַרשידענע אופנים. צי איז דאָס געווען דורך דערהאַלטן אָרעמע מענטשן ביים לעבן דורך דער חברה „בית־לחם", וואָס ער האָט געשאַפן, צי דורך שיקן עמעצן פון „לינת הצדק" נעכטיקן צו אַן אָרעמען חולה, אָדער באַזאָרגן רפואות פאַר אָרעמע קענדער. ער האָט אויך געשאַפן די גמילת־חסד קאַסע, וואָס האָט געהאָלפן מענטשן שטעלן זיך צוריק אויף די פיס.

א. לאַנדסבערג איז תמיד געווען אַריינגעטאָן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — סיי אַלס מיטגליד פון דער יידישער קהילה אין לויצק, סיי אַלס חבר אין די ציוניסטישע, קולטורעלע און פינאַנסיעלע אינסטיטוציעס. זיין טעטיקייט האָט ער תמיד אויסגעפירט מיט טאַקט, איידלקייט און מיט דער בעסטער באַציונג פון בין אדם לחברו.

אויב ער איז געווען אַ גבאי אין דער גרויסער שול, איז עס געווען דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַט אַ שטאַרק געפיל פאַר חזנישער און אויך וועלטלעכער מוזיק. דאָס לעצטע האָט אים אויך באַוויגן צו שאַפן דעם הזמיר־כאָר אין לויצק.

איך גופא האָב אים קיינמאָל נישט געהערט שפּילן, אָבער ס'איז געווען באַקאַנט, אַז ער האָט זייער פיין געשפּילט פידל, זיינע איידעלע פינגער זענען ווי באַשאַפן געווען דערצו.



אברהם לאַנדסבערג

פון די אַלע יאָרן, וואָס איך געדענק אים, איז ער געווען אַ באַאַמטער — אַן ערשטקלאַסיקער בוכהאַלטער און קאַסירער אין באַנק. ער האָט שטענדיק געשלעפּט דעם שווערן עול פרנסה, אָבער אָן פּרעטענזיעס, ער איז תמיד געווען אַ שמח בחלקו, שטענדיק מיט אַ ליבן שמייכל אויפן פּנים.

עס איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה מיט אַלע אירע פּורעניות. א. לאַנדסבערג איז ווידער געוואָרן אַ „בעזשעניעץ״. דורך וועלדער און פעלדער איז ער געלאָפן אין טיף־רוסלאַנד, געגאַנגען צופוס און געשלעפּט זיך מיט עשאַלאָנען. שוין ביים אָנהייב פון דער וואָגלעניש טרעפט אים אַ גרויס אומגליק — ער האָט פאַרלוירן דעם עלטסטן זון, וועלכן ער האָט אפילו נישט געקאָנט געפינען, כדי אים צו ברענגען צו קבר ישראל. ער איז ווייטער געלאָפן ביז סיביר כדי צו ראַטעווען זיך מיט די צוויי פאַרבליבענע קינדער. אָבער ער האָט פאַרלוירן אויך דעם צווייטן זון.

דערווייל האָט די מלחמה זיך געענדיקט. א. לאַנדסבערג איז געקומען צוריק פון רוסלאַנד, געזוכט זיין היים, און געפונען קברים. אין לויצק איז כמעט קיין מנין יידן נישט געווען. ער האָט קדיש געזאָגט, אַ מצבה געשטעלט אויפן גרויסן ברודער־קבר פון די לויצקער קדושים, אַ דערשיטערטער איז ער ווידער געלאָפן ווו די אויגן טראָגן. דורך פוילן איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד, געווען דאָרט אַ שטיקל צייט, און באַלד נאָכן אַנט־שטיין פון מדינת ישראל האָט ער פאַרפּאַקט די אָרעמע פעקלעך און געקומען אַהער — צו זיין לעצטער סטאַנציע.

ווען איך האָב זיך דערוווּסט אַז א. לאַנדסבערג, איינער פון די בעסטע חברים און פריינד געפינט זיך אין ישראל, האָב איך קודם כל אים אַרויסגענומען פון דער „מעברה״ און דורך דער אינטערווענץ פון העניע וואָקסמאַן באַקומען פאַר אים, ווי פאַר אַ „ציוני ותיק״, אַ שיכון. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן פאַר אים אַ קאַסירער־פּאָסטן, כדי ער זאָל האָבן די ערשטע מעגלעכקייט פאַר אַ בכבודיקער עקזיסטענץ.

שפּעטער איז אים געלונגען אַראָפּצוברענגען קיין ישראל זיינע קינדער: דער זון (אַ ציין־דאָקטאָר) מיט דער שנור און אייניקל. ביסלעכווייז איז ער צוריק אַריין אין נאָרמאַלן לויף פון לעבן.

באַלד ביי דער ערשטער געלעגנהייט ווידמעט ער זיין פרייע צייט פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט: ער פאַרלייגט די גמילות־חסדים קאַסע פון די לויצקער יידן אין ישראל. אַדאַנק זיין פערזענלעכן איינפלוס און זיינע האַרציקע ווענדונגען צו די לויצקער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און אין אַנדערע ער־טער — הייבן זיי אָן צו שיקן פאָנדן פאַר דער לויצקער ג״ח־קאַסע. אָט דער דערפאָלג אין זיין אַרבעט האָט אים דערמוטיקט און ער איז געקומען צו זיך נאָך די שווערע איבערלעבונגען אין די מלחמה־יאָרן.

אָבער גראָד דאַן הייבן אָן קומען אויף אים יסורים און צרות איינע נאָך די אַנדערע. פּלוצעם איז אים אָפּגעשטאָרבן זיין איבערגעבליבענע פרוי. ער בלייבט עלנט און אַליין אין דער ליידיקער דירה. ער ווערט דערשלאָגן און קאָן שוין מער צו זיך נישט קומען.

ער ווערט אַליין שווער קראַנק. די קינדער טוען אַלץ כדי אים צו ראַטעווען. ער אַליין, מיט זיין שטאַרקן חשק צום לעבן איז גובר די שוואַכקייט און קומט צו זיך. ער גייט אַיבער צו די קינדער און אייניקלעך כדי צו האָבן פון זיי אַ ביסל נחת אויף דער עלטער.

אָבער פּלוצעם, ל״ג בעומר תשי״ח (19.5.57), איז געקומען די טרויעריקע ידיעה: אברהם לאַנדסבערג איז מער נישטאָ.

אַ נאַכט פריער האָט ער נאָך באַוויזן אָנצושרייבן אַ וואַרעמען בריוו צו די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט. ער האָט אָנגעקלעפּט אַ פּאָסט־מאַרקע און פאַרשריבן אין בוך פון דער קאַסע זיין לעצטע שורה: „הוצאות בול לאמריקה — 15 גרוש״. ער האָט געלאָזן דעם בריוו אויפן טיש כדי אים אין דער פרי אַוועקצושיקן. אין דער פרי איז ער אויפגעשטאַנען, זיך אָרומגעוואַשן און געזאָגט, אַז ער פילט זיך נישט גוט. ער האָט זיך צוגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע און אויסגעגאַנגען בקדושה ובטהרה.

יהי זכרו ברוך!

**א. הברו־אבטיחי**

# ר׳ בנימין גרושעווסקי

צו די אָנגעזעענסטע יידישע עסקנים און איבערגעגעבנסטע ציוניסטישע טוער, וואָס לויצק האָט אַרויסגעגעבן, געהער ר׳ בנימין גרושעווסקי, וועלכער געפינט זיך איצט אין תל־אביב. ער איז געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אָנהייבנדיק פון זיין פריער יוגנט אָן אין זיין געבורט־שטאָט פּרוזשאַני און שפּעטער, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין לויצק אין יאָר 1905.



בנימין גרושעווסקי

נאָך אין די צאַרישע צייטן, בעת די ציוניסטישע טעטיקייט, ווי יעדע אַנדערע, האָט געמוזט גע־פירט ווערן אונטער אַ מאַסקע און די עיקרדיקע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן אין נאָמען פון אָדעסער וועד פון די חובבי ציון — איז ב. גרושעווסקי אַריינ־געצויגן געוואָרן אין דער טאָגטעגלעכער ציוניסטישער טעטי־קייט פון לויצק ביז ער איז געוואָרן איינער פון די באַפולמעכ־טיקטע פון אויבנדערמאָנטן וועד. אין דער זעלבער צייט האָט גרושעווסקי איינגעזאַפּט דעם חסידישן גייסט און זיך דערנעענטערט צום סטאָלינער הויף — צום רבין ר׳ יוחנן בר׳ ישראל, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין לויצק. דער ציוניסטישער ענטוזיאַזם האָט זיך אין אים נאַטירלעך צונויפגעגאָסן מיט דער חסידישער התלהבות.

בעתן טוישן זיך פון דער מאַכט — פון די אוקראַינער, און שפּעטער פון די פּאָליאַקן — ווען עס האָט זיך אָרגאַניזירט די יידישע קהילה, און עס זענען געוויילט געוואָרן אַ שטאָט־פאַר־וואַלטונג און אַנדערע אַלגעמיינע און יידישע אינסטיטוציעס — איז גרושעווסקי דערשינען אויף די קאַנדידאַטן־ליסטעס אין

נאָמען פון דער יידישער געזעלשאַפט און פון די ציוניסטן.

ב. גרושעווסקי האָט זיך באַטייליקט אין דעם שאַפן אַ גימנאַזיע פאַר יידישע קינדער, אין דעם גרינדן דעם חבר־מתוקן, וועלכער איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויכטיקער העברעישער שול. ער איז געווען צווישן די גרינדער פון דער געזעלשאַפט פאַר באַזעצן זיך אויף ערד אין ארץ־ישראל, צווישן די שעפער פון אַ יידישער פאָלקס־באַנק און פון אַ ציוניסטישער באַנק אין שטאָט.

בעת דער פּוילישער הערשאַפט האָט ער געקעמפט פאַר דער נאַציאָנאַל־ציוניסטישער ליסטע צו די וואַלן, און דערפאַר איז ער בעת די וואַלן געוואָרן אַרעסטירט. ער האָט פאַרשפּרייט די אַקציעס פון ארץ־ישראלדיקע געזעלשאַפטן און באַנקן און געהאָלפן די חלוצים, וועלכע זענען געקומען פון יענער זייט גרענעץ, אַז זיי זאָלן קאָנען עולה זיין קיין ארץ־ישראל. ב. גרושעווסקי איז אויך געווען צווישן די גרינדער פון געברויכס־קאָאָפּעראַטיוו און סעקרעטאַר פון ציוניסטישן שטאָט־קאָמיטעט.

נאָך דעם ווי ב. גרושעווסקי האָט באַגלייט צענדליקער משפחות און הונדערטער חלוצים קיין ארץ־ישראל איז ער אויך אַליין עולה. צוזאַמען מיט אַנדערע איז ער געווען אין דער ריי נאָך אַ סערטיפיקאַט. געקומען קיין ארץ־ישראל איז ער ערב פסח תרצ״ג (1933).

קומענדיק אין לאַנד איז ב. גרושעווסקי ווייטער טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער איז ווייטער געבליבן אין אַ ענגער פאַרבינדונג מיט זיינע בני־עיר און גערופן זיי עולה צו זיין. מיט פרייד האָט ער באַגעגנט יעדן נייעם עולה און איז אַרויסגעוויזן די מעגלעכע הילף.

אין די פערציקער יאָרן ווען די לויצקער קהילה איז אומגעקומען און אַ סך פון די לויצקער יידן זענען מגולגל געוואָרן אין רוסלאַנד — האָט ב. גרושעווסקי, אַלס מיטגליד פון קאָמיטעט פון ארגון יוצאי ווהלין בישראל, געזאָרגט פאַר שיקן זיי שפּייז און מלבושים־פּעקלעך און גלייכצייטיק האָט ער זיך באַמיט צו באַקומען פאַר זיי דערלויבענישן עולה צו זיין אין לאַנד. נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַקומען אריינפאַר־דערלויבענישן פאַר אַ ריי לויצקער יידן, און צווישן זיי — פאַרן רבין ר׳ יוחנן פערלאָוו זצ״ל, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיין טאָכטער געקומען אין לאַנד. די לויצקער עולים פון נאָכן חורבן ווייסן אַ סך צו דערציילן וועגן דער הילף פון גרושעווסקין און זיין פרוי. אין זייער איינאָרדענען זיך אין לאַנד, אין לעבן א.א.וו.

איצטער געפינט זיך צווישן אונדז ר׳ בנימין גרושעווסקי און ער טראַכט נאָך אַלץ וועגן טוען גוטס פאַר חברים און פאַרן פאָלק און זיין מדינה.

ברוך קצנלבוגן (בר תקוה)

# בית הרבי מלוצק

בין ארבעים אלף בתי־אב יהודיים שמנתה לוצק, העיר על גדות הסטיר אשר בפולין לפני חורבן אירופה, התנוסס בית אחד, יחיד במינו ובאופיו, שנשא את השם „בית־יהודי־טוב" („אַ גוט־יידישע־שטוב").

אכן, לא מן ההפקר זכה הבית לתואר כזה, שכן משפחת הרבי קצנלבוגן היתה נצר מגזע צדיקים בעלי־שם ומעשה — נכדי הבעש״ט, מחולל החסידות מזה, ונכדי „בעל־התניא" יוצר חב״ד — מזה. אבות התנועה החסידית בעם — היו אבותיה.

עם שושלת היוחסין במשפחה זו, של האדמו״ר הזקן ובנו יחידו האדמו״ר הצעיר, הנמשכת זה דורות על דורות, עברו אליהם „בירושה" אותן הסגולות התרומיות שבהן נתברכו אבותיהם. ביחוד הצטיין הבית הזה באהבת ישראל, באהבת האדם, באשר הוא אדם שנברא בצלם...

✶

הרבי ר׳ יוסף דוד, זכר צדיק לברכה, סבו של כותב הטורים האלה, בבואו ללוצק בנה בית משלו וכן בית כנסת גדול על ידו ברחוב קאראימסקי. עשרות חסידים, לומדים, „יושבים" וסתם „יהודים מכל ימות השנה", היו מבאי הבית הזה, אכלו את לחמו וישנו על ספסלי בית הכנסת...

סבא ואבא זצ״ל, אף הם היו מבלים את הימים לרבות הלילות בין כותלי בית המדרש, יושבים ועוסקים בתורה, כל אחד לפי דרכו. אבא ז״ל השקיע את מלוא חריפות מוחו ב„נגלה", ואילו סבא ז״ל — עסק ב„נסתרות"... בזוהר ובספרי קבלה. אמרו עליו, כי ה„נסתר" היה לו ל„נגלה"...

✶

בשנת 1914, עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה, עזבו בני משפחת קצנלבוגן בעל כורחם את לוצק וברחו לרוסיה כפליטי־חרב. סבא ז״ל — לאודיסה, ואילו אבא ז״ל עם המשפחה נתגלגלו לצפון רוסיה ומשם, כעבור שנים מספר, אף הם באו לאודיסה.

ברם, רצה הגורל ושמם של סבא ואבי מורי ז״ל נשאר קשור עד היום קשר הדוק עם זכר העיר לוצק; בכל דרכי נדודיהם „לא שינו את שמם" — בכל מקום שהופיעו, שמם הלך לפניהם: „הרבי מלוצק!" כבחוץ לארץ כן גם בארץ.

✶

בשנת תרפ״ח עלה סבא מאודיסה לארץ־ישראל. התיישב בתל־אביב. ברחוב האר״י מס׳ 9 בנה את ביתו ובתוכו בית־כנסת, שבו התרכזו רבים מבין יוצאי לוצק, השייכים לחוגים אלה.

חסידיו־מעריציו יודעים לספר, כי בבניית ביתו עזרו לו הרבה „גדולי חכמי אודיסה", בני־עירו, שממנה עלה ארצה. הם התפעלו מאומץ לבו ומרוח החלוציות הפועמת בו, שכן עזב את בנו, יחידו, אשר אהב, אותו ואת ביתו, ועלה לארץ, על קידוש השם! על כן, עזרו לו בכל אשר ביקש.

מספרים, כי פעם אחת בא סבא ז"ל לפני חיים נחמן ביאליק ז"ל וסיפר לו, כי ר' מאיר דיזנגוף ז"ל נתן הוראה להקציב לבנים לבניין ביתו, אבל השאלה היא איך להעביר את החומר למקום הבנייה, באין לו תחבורה משלו. על כך אמר



בית הכנסת ע"ש הרבי מלוצק בתל־אביב

לו המשורר הלאומי הדגול: „אל דאגה, רבי ומורי, יהיה טוב!" ואכן למחרת היום באה שיירה גדולה של תלמידי הגימנסיה „הרצליה" וכל אחד מהם מכסת לבנים על שכמו...

ושוב מספרים אותם החסידים, כי בטקס הנחת אבן הפינה לבנין בית הכנסת הזה היו נוכחים אישים דגולים מהישוב וביניהם: אחד־העם, ביאליק, דיזנגוף ואחרים. סבא ז"ל נתבקש על ידם לאמר דברי תורה. על כך אמר מפרשת השבוע לאמור: „ועל טפכם אשר אמרתם לבז יהיו, הם יבואו וירשו את הארץ" והוסיף: „הדור הצעיר, על אף החסר הגדול אשר יש בו, הוא יזכה לבנות את הארץ."

הדברים מצאו מאוד חן בעיני הנוכחים, כי נהנו לשמוע דברי־ציונות מפי אדמו"ר זקן. והיה לזה הד רחב גם בישוב כולו. הרב הראשי מרן קוק זצ"ל קירב את סבי וכיבדהו. לפי דרישת הרב קוק זצ"ל באו בשנת תרצ"ה גם הורי לארץ־ישראל.

אהבת־ציון היתה גדולה גם אצל ההורים. זכורני, פעם אחת, לפני צאתם לארץ, אמר לאבא ז"ל אחד מחסידיו, מזקני העדה, לאמור: הרי אנו מאמינים בביאת המשיח, ומה טעם לעלות לארץ לפני ביאת הגואל? על כך ענה לו אבא ז"ל בחכמה: „במקום ללוות את המשיח לארץ, מוטב לצאת לקראתו"...

✶

בשנת תרצ"ה נפטר סבא זצ"ל זקן ושבע ימים וזכה שבנו יחידו ילווה אותו בדרכו האחרונה. קהל רב של חסידים־מעריצים ליוו אותו למנוחת עולמים על הר הזיתים אשר בירושלים.

אבא ז"ל, אשר חונך וגדל על ברכי סבא, הלך בדרך אבותיו. רבים היו שהסתופפו בצלו, כולם כאחד כיבדוהו אף אהבוהו, על חכמתו הרבה וטוב לבו, שהיה בו ממידת החסד של אברהם אבינו...

במידות נעלות מלוא חפנים נחנה גם אמי מורתי, זכרונה לברכה, הרבנית של בית הרבי מלוצק, מרת אסתר־פייגה ע"ה, ומידת הכנסת־אורחים — כנגד כולן! הבית היה תמיד פתוח לרווחה, בחינת „כל דיכפין". בני ישיבות ירושלים, אלה המזדמנים עוד כיום לבית הזה, מספרים על הימים ההם, כאשר בחור־ישיבה היה צריך לנסוע לתל־אביב, לא היתה לו כל דאגה „איפה אלון?", כי ידע שישנה כתובת... ברחוב האר"י 9, אצל הרבי והרבנית מלוצק, הם ימצאו אוכל, לינה ובעיקר — יחס אבהי ואמהי חם ולבבי...

✶

בשנות תש"ג—תש"ד, בזה אחד זו, נפטרו הורי, הרבי והרבנית (כ' באדר ב', י"ז בתשרי) — האחרונים בשושלת האדמו"ר מלוצק. קהל רב של חסידים, מעריצים וידידים בא ללוות אותם למנוחת עולמים בהר הזיתים אשר בירושלים, על יד קברותיהם של סבא וסבתא ז"ל.

הרב לוי הלוי גרוסמן, ידידו הנאמן של אבי מורי ז"ל, אמר בדברי הספדו בין השאר: „ישנם שני סוגים של חלוצים במסורת היהודית ושניהם מנוגדים ושונים בתכלית לפי תוכנם ומהותם: יש חלוץ, שאינו רוצה להקים לאחיו שם בישראל. ע"י זה הוא נחלץ מהמחנה ונקרא בלשון המקרא: ,בית חלוץ הנעל'. ויש חלוץ ,העובר לפני המחנה', המוסר את נפשו ואת כל אשר לו על קידוש השם, האומה והארץ, כבני גד וראובן, שאף־על־פי שהתבססו במקום מגוריהם, בעבר־הירדן, והיה להם מקנה רב ורכוש גדול, בכל זאת הפקירו את נשיהם וטפם ויצאו בראש המחנה ללחום את מלחמת השם ולכבוש את הארץ בשביל אחיהם. המנוח, היה מהסוג השני של החלוץ. כדרך אבותיו עזב בניכר, בגו־גלותא, את בניו ואת בתו היחידה, אשר נפשו היתה קשורה בנפשם, ועלה לארץ הקודש!"

בספר „אנשי־שם" (לקסיקון־תורני־עולמי), שיצא בארץ בשנת ת"ש — נתפרסמו פרטים על אבי מורי ז"ל בלווית תמונתו.

✶

אחרי פטירתו של הרבי מלוצק, רבי אברהם זצ"ל, קיבלו עליהם קבוצת ידידיו־מעריציו, מנאמני בית הרבי מלוצק, ובראשם הרב הגאון ר' לוי הלוי גרוסמן והרב הגאון ר' מרדכי שרייבמן — לשמור על הגחלת „הלוצקאית" שלא תכבה.

ואכן, הבית הוסיף להיות במשך כל השנים מקום תפילה ותורה על שם הרבי מלוצק, זכר צדיק לברכה.

בשנת 1947, הצליח הבן הצעיר של האדמו"ר מלוצק, כותב הטורים האלה, להגיע לארץ, כשדרכו לציון עוברת במחנות הסגר, בערבות סיביר ומדבריות קזכסטאן במשך עשר שנים ומעלה — כאסיר ציון.

לצערו הרב, לא מצא את אבותיו בחיים, אלא הספיק עוד להשתטח על קברותיהם בהר הזיתים אשר בירושלים.

הבן התיישב בבית הוריו והוא שומר על הירושה הרוחנית שנשארה לו מאבותיו — בית כנסת על שם הרבי מלוצק זצ"ל.

וכך קיימת במדינת ישראל, בעיר תל־אביב רבתי, ברחוב האר"י 9 מצבה חיה לזכר העיר לוצק.

שלום רוזנפלד / ישראל

# שלמה בן־יוסף – איש לוצק

זכתה לוצק, עיר ואם בישראל, ומבין בניה יצא היהודי הראשון אשר הועלה לגרדום על־ידי הבריטים בארץ־ישראל ונעשה בכך סמל לדור לוחם.

זכתה לוצק, עיר ואם בישראל, ואחד ממבניה — איש־עמל אשר משחר נעוריו העביד עצמו בפרך למען פרנס את משפחתו המרודה, איש־חלומות אשר גם בעניו הקשה לא חדל אף לו ע מלהאמין בעתיד מזהיר למען עמו, איש־פעולה אשר עבר באהבה רבה את כל דרך־היסורים של צעיר ציוני בגולה, מעפיל לארץ־ישראל וחלוץ בגליל העליון — זכתה לוצק ואחד מבניה היה למבשרו הראשון של המרד במלכות זרה.



20 שנה חלפו מאז הידק התליין את החבל על צווארו של שלום טבצ׳ניק (שלמה בן־יוסף) בכלא עכו.

בימים ההם מפולג היה העם — לעתים עד כדי שנאה הדדית עזה — בהערכת הארועים הפוליטיים והבטחוניים שעל רקעם התרחשה כל פרשת שלמה בן־יוסף, החל ב„הרפתקה" הרומנטית־הנועזת בהרי ראש־פינה וכלה באפופיאת הגבורה בצל הגרדום.

היום, כשכולנו עומדים מעל ומעבר לשנאות האמתיות והמדומות של הימים ההם, היום כשיש לכולנו הפרספקטיבה ההיסטורית הנכונה לראיית מאורעות העבר, משתכחים מלב דברי פולמוס חריפים והתנצחויות קטנוניות ומבעד למסך העבר מזדקרת דמותו הזוהרת של הנער היהודי מליצק שהלך למות בעד האידיאלים שלו בגבורה רבה ושירה על שפתיו.

*

הזוכרים אתם עוד את רחוב פילסודסקי בלוצק, רחוב הדלות היהודית? הזוכרים אתם עיד את הצריפים הדלים, את בתי העץ השחוחים והמעוקמים מזוקן?

שם, באחד הבתים האלה ברחוב פילסודסקי 54, נולד ב־7 במאי 1913 שלום לאביו יעקב יוסף ולאמו רחל טבצ׳ניק. לשוא נחפש בקורות חייו הקצרים של שלום הרפתקאות מיוחדות או מאורעות בלתי רגילים. מבחינה זו היה הוא נציג טיפוסי של דלת־העם היהודית, אחד מרבבות ומאות האלפים הצעירים היהודים, השתקנים והמצניעים־לכת, שחיי העוני לא עיקמו את נפשם ולא הנמיכו את קומתם הלאומית.

אביו של שלום טבצ׳ניק, ר׳ יעקב יוסף, התפרנס בדוחק מעבודתו הקשה כשומר לילה בטחנת הקמח. היה יהודי ירא שמים, צנוע, שקיבל את יסוריו באהבה. אשתו רחל, אשה פקחית ושקדנית — בת אותו דור שלעיניו עברו זוועות מלחמה ופוגרומים, קשורה היתה בכל נימי נפשה למסורת ישראל ולעם ישראל וה„אידישקייט" היתה המטרה העליונה של חייה.

הנבוא לספר את הביוגרפיה של שלמה בן יוסף?

לא. עד לאותו מעשה נועז בראש־פנה — כאשר יצא יחד עם שני צעירים אחרים מפלוגת הגיוס של בית"ר, אברהם שיין ושלום ז׳ורבין, להתקיף אוטובוס ערבי, כתגובה על רצח ברברי של ששה יהודים בכביש עכו—צפת — לא היתה לשלום טבצ׳ניק שום „ביוגרפיה" שתבדילו לטובה או לרעה מרבבות צעירים ציוניים אחרים בלוצק או בערי ווהלין האחרות. „חדר מתוקן", השכלה חילונית דלה, תנועת נוער ציונית (חבר בבית"ר), הכשרה, צפיה של שנים ל„סרטיפיקט", לילות של חלומות בהקיץ על ארץ־ישראל ב„קן" ולבסוף ההעפלה לארץ־ישראל.

אך גם אם לא נבדל מאלפים אחרים, הרי בכל זאת אי אפשר שלא לציין את קו האופי היסודי שיחד כל כך את שלום טבצ׳ניק: הנאמנות שלו, ושלמות־הנפש שלא הותירה כל אפשרות, כל פתח, למשהו לא־אמיתי, למשהו מזוייף באמונתו.

אמרתי: גם בכך לא היה אולי שונה ואחר מאלפים רבים בתנועתו שלו ובתנועות־נוער ציוניות אחרות — בחממה הנפלאה הזאת של חולמים, לוחמים, חלוצים, מעפילים ומורדים בגולת פולין של הימים ההם. ואף על פי כן, אצלו בלטו תכונות־אופי אלו במידה כזו שהיו לחלק אינטגראלי מאישיותו. באותה טבעיות „מובנת מאליה" טיאטא מדי ערב את רצפת קן בית"ר בעירו, שאב מים או חטב עצים בהכשרה בשומסק, עבד עבודת פרך ברוז׳ישץ, קוז׳ין או לכוביץ, נטש את אמו הזקנה כדי להעפיל ארצה, התנדב לעבודת המחצבה המפרכת בראש־פנה — כפי שצעד אחר כך אל תא הגרדום בעכו.

מעולם, מעולם לא התחמק ולא השתמט מכל תפקיד, מכל פעולה, מכל עבודה — אפילו הבלתי נעימה ביותר, אפילו הקשה ביותר.

ראיתיו בכך בקן בית"ר בלוצק — אף כי בני־עיר אחרים מוסמכים בודאי יותר ממני להביא עדויות על תקופה זו בחייו

של שלום טבצ'ניק; ראיתיו בכך בפלוגת בית"ר בראש־פנה, שבה היתה לי הזכות הבלתי נשכחת להיות מפקדו, ובנאמנות זו, נאמנות שאינה יודעת גבולות, נאמנות המעניקה לאדם את הכוח לנצח את המוות, ראיתיו לבסוף בתא הנידונים למוות בכלא עכו, בביקורי האחרון אצלו.

*

אם כן, הביוגרפיה הגדולה של שלום טבצ'ניק (שבהגיעו לראש־פנה קרא לעצמו מטעמי קונספירציה שלמה יעקבי ולאחר מכן שלמה בן יוסף) מתחילה למעשה ביום ה' 21 באפריל 1938, כאשר הוא ושני חבריו יוצאים להתקיף את האוטובוס הערבי בהרי ראש־פנה, נתפסים על־ידי המשטרה הבריטית, וכבר ברגע תפיסתם מכריזים בגאווה ובתקיפות „עשינו מה שעשינו כי רצינו להיתלות, כדי לזעזע את הנוער הישראלי ולעוררו ללכת להרים".

שלום טבצ'ניק בן־יוסף אשר ציוניותו — זו הציוניות אשר כאילו היתה טבועה בדמו משחר ילדותו — הובנה על ידו כמרד בקיים, מרד בגלות, מרד בתנאי ההשפלה של הגיטו־מרצון, מרד במסורת־ההשלמה־עם־פוגרומים, — זועזע עד עמקי נפשו ממאורעות־הדמים שעברו בימים על הארץ ובמיוחד מן הפוגרום האכזרי שביצעו פורעים ערביים על ששה נוסעי מכונית בדרך עכו—צפת. כחודש לפני מעשהו הנואש־הנועז הוא כותב לחבר: „אין לי סבלנות לכתיבה, אני עכשיו תחת הרושם של הרצח ההמוני של צפת, ואנו?... לעת־עתה רק קוראים את העתון..."

שלמה בן־יוסף ושני חבריו, אשר לא ידעו כי ממש בימים ההם נעשו כבר על־ידי חבריהם בפלוגת־בית"ר כמה נסיונות להגיב על מעשה־הרצח, נסיונות שנסתיימו בכשלון — סירבו להסתפק ב„קריאת העתון" ויצאו לפעולה הפארטיזנית שנסתיימה אף היא בכשלון.

הם נתפסו. הובאו בפני בית־דין צבאי. אחד (שלום ז'ורבין) הצליח להימלט מן התליה ע"י העמדת פנים של לא־שפוי; שני (אברהם שיין) נידון אמנם למוות, אך בשל גילו הצעיר הוחלף לו הגרדום במאסר־עולם, ואילו שלמה בן־יוסף, הגבוה והחסון, רחב־הגרם, נדון לתליה „עד שתצא נשמתו" (לפי הנוסח המסורתי של פסק־הדין הבריטי). למן הרגע ששלמה בן־יוסף הולבש את בגדי־הארגמן של נדון למיתה והושם בתא־הגרדום בכלא עכו — השלים עם הרעיון שההשגחה כאילו בחרה בו להיות עולה־לגרדום היהודי הראשון בארץ־ישראל.

ברחבי הארץ נערכו הפגנות סוערות, הגולה היהודית על כל תפוצותיה געשה, אישים ומוסדות יהודיים ולא־יהודיים בתבל כולה „הרעישו עולמות" כדי שגזר־דין המוות יוחלף לו לצעיר העברי במאסר — אך היחידי שלא נתרגש, לא התעצב, לא מחה היה האסיר מס' 3118 — הוא שלמה בן־יוסף.

האם לא ירא את המוות? האם מאס בחיים?

הבלים.

כיצד לא יירא את המוות עלם צעיר, במלוא כוחותיו, חדור אידיאלים נעלים, תאב־חיים? ודאי שבן־יוסף רצה לחיות. יצר־החיים פעם בקרבו באותה עוצמה ממש כפי שהוא פועם בקרב כל אדם ואדם.

אבל שלמה בן־יוסף ניצח את פחדו בפני המוות וניצח את המוות עצמו בכוח אמונתו העמוקה באידיאל שלו.

*

לשלום טבצ'ניק לא היתה, כאמור, השכלה רחבה. הוא לא הספיק לקרוא בחייו הרבה ספרים. אבל היתה לו אינטליגנציה פנימית בלתי־רגילה ותחושה היסטורית, או לפחות תחושת הגורליות הכרוכה בעמידתו.

טלו את הפתקים שהוא כתב על קרעי־דפים שתלש מספרי הספריה בעכו; טלו את הכתובות שחרת על הקיר בתא־המוות שלו; טלו את האמרות המרובות שהשמיע באזני מבקריו בימי־חייו האחרונים.

כמה אמונה תמימה בהם. כמה חכמת־חיים! כמה נאמנות לאידיאל ולנושאיו.

וכמה גבורת־נפש.

בעברית פרימיטיבית, בסגנון רעוע הוא נותן מבע לרחשי־לבו הכמוסים ביותר ולהלך־מחשבתו: „מוות נגד מולדת — זה אפס"; „מה זה מולדת? — זה דבר שבעדו כדאי לחיות, ללחום וגם למות"; „מחר אני הולך למות. למרות זה אני שמח. למה? כי עשר שנים עבדתי בשביל הרעיון הנשגב ששמו בית". „אני מאמין שאחרי מותי לא יבליגו". או במכתבו אל אמו (מעכו, מה־8 ביוני 1938): „אני מיעץ לך שתשתדלי ככל האפשר שלא להצטער ושתתאמצי לשכוח אותי. ואם תזכרי בי, תתגאי בי, כי בנים יהודים אחרים גמרו את חייהם באופן הרבה יותר מחפיר וטראגי. אני מצדי מתגאה מאד ומקבל את הכל בגאון ובלב שמח... אני אומר לך עוד הפעם, שלא תדאגי לי, כי גם אני איני דואג כלל ואני שמח בחלקי מאד מאד... ברכה מיוחדת לקן בית"ר בלוצק. אני מצטער מאד שאיני יכול לכתוב להם לחוד. אני בטוח שהם יעבדו עוד יותר ויותר בעד רעיוננו הנשגב ששמו: מדינת היהודים".

בתפיסתו הפשוטה ישרת־הקו והאינסטינקטיבית הבין הנער הזה מלוצק שמלחמת־שחרור של עם תובעת קרבנות, שפרוגרמה פוליטית איננה סתם יצירה ספרותית כי אם צו־חיים התובע הגשמה, וכי לפעמים החיים עצמם הם המחיר שיש לשלמו בעד ההגשמה.

וכיצד עמד הוא, שלום טבצ'ניק, מול המוות! כמה וכמה פעמים ביקרתי אצלו, בימים האחרונים לחייו, ולא אוכל לעולם לשכוח את שלוות־נפשו, את החיוך האמיתי שריחף בלי הרף על פניו ואת אש־האמונה הזו שבערה בקרבו.

אינני זוכר עוד כיצד נזדמן שם לעכו, באותו ביקור אחרון שלי אצל בן־יוסף, בן־לוצק אחר, בוקי גנזיוק, שהכיר היטב את בן־יוסף מקן בית"ר בלוצק. אפשר אפילו שבאנו אותו יום יחד, במונית של בוקי.

עמדנו שנינו, בוקי ואני, ליד דלת־הברזל והמלים נחנקות בגרון. ידענו כי זה הביקור האחרון־האחרון — ששוב לא נראה את שלמה בן־יוסף.

בוקי, הגברתן, החזק, נאבק עם הדמעות שחנקוהו והפליט רק שתי מלים: „נו, שלום...". יותר מזה לא יכול היה לומר. בן־יוסף ראה אותנו במבוכתנו. „מה שייך, נו?" הצטחק. „אני מאושר מאוד. תאמינה לי. כל חיי חלמתי על ארץ־ישראל ועל פעולה בשביל ארץ־ישראל..."

ולפתע נהפכנו אנו, המנחמים, כביכול, למנוחמים; אנו שבאנו לעודד — למעודדים.

השעון האכזרי מתקדם במהירות מסחררת. כל דקה שחולפת, מקצרת את חייו של שלמה בן־יוסף בדקה אחת.

והנה מסתכל הסרג'נט הבריטי בשעונו. חלף הזמן שהוקצה לראיון אחרון זה.

שלום טבצ׳ניק מוסיף להרגיע אותנו: „אל תדאגו לי. הכל יהיה בסדר. לא אבייש את הפירמה, אעשה זאת יותר יפה מאותו שייך" (אינני זוכר עוד שמו של השייך, אבל באותם הימים נתלה שייך ערבי אשר עורר התפעלות בגבורתו לפני המוות)...

וכל הזמן הוא מחייך, שלום.

אנו זזים. לפתע פתאום קופץ בוקי גנזיוק אל שער הברזל, תופס את ידו של בן־יוסף ומתחיל לנשקה. נשיקה, עוד נשיקה, ועוד אחת. בדבקות, באהבה, בהערצה. דמעות חמות זולגות, הידים הגרמיות, החזקות של בוקי והאחת של שלמה בן־יוסף — הידים הגרמיות, החזות של בוקי והאחת של שלמה בן־יוסף — זו היד אשר מחר לא יזרום בה עוד הדם.

היה בתמונה זו משהו מזעזע, מחריד. אף הסרג׳נט הבריטי לא יכול עוד להסתיר את התרגשותו ואת דמעותיו.

15 דקות שהינו בביקור אחרון זה אצל שלמה בן־יוסף. 21 שעות פחות 15 דקות נותרו לו עוד לחיות.

✶

הנס, שקווינו לו באותו ליל־אימים, לילו האחרון של חברנו היקר, לא התרחש. לא הועילו מחאות־הזעם של ההמונים — בתל־אביב, בוארשה, בניו־יורק ובמרכזי היהדות האחרים. לא הועילו הפניות של אישים רמי־מעלה אל שר־המושבות הבריטי. לא הועילו אמצעי־הרגע־האחרון שנקטו בהם עורכי־דין מלומדים בירושלים ובלונדון.

גזר־הדין לא הומתק ולמחרת היום, כאשר באנו ששה בית״רים מראש־פנה, ביניהם עוד בן־עיר שלנו, ד״ר שמשון יוניצ׳מן (שהיה מפקד פלוגות הגיוס בגליל), ואני, מצאנו כבר על דלת בית־הסוהר את האישור השיגרתי על ההוצאה להורג:

„תעודה אודות הוצאה לפועל של פסק־דין על שלמה יעקב בן־יוסף מראש־פנה בבית הסוהר המרכזי בעכו, בשעה 8 בנוכחותנו —

קצין המחוז, מפקח בית־הסוהר, קצין רפואי,
קצין משטרה, מפקח המשטרה."

ובצדה גם אישורו של הרופא:

„אני, ד״ר שיחדה, רופא ממשלתי בעכו, מאשר בזה שבדקתי היום את גופת האסיר מספר 3118 שלמה יעקב בן־יוסף מראש־פנה ומצאתי, כי הנ״ל היה מת וסיבת מותו היתה, לפי דעתי, מות בתליה. הנתלה בריא"
29 בחודש יוני 1938.

נטלנו את גופתו של חברנו, כשהיא עטופה סדין ומבעד למשמרות כבדים ביותר של אנשי צבא ואנשי משטרה בריטיים שצרו על כל המבואות של עכו וראש־פנה, הבאנו את שלמה בן־יוסף לקבר ישראל בראש־פנה.

✶



מסיכת־מוות של שלמה בן־יוסף

אבל כבד ירד על המוני בית ישראל. אך גדול במיוחד היה אותו יום — כפי שמספרים עדי ראיה ושמיעה — האבל והזעם בלוצק היהודית, עירו של שלמה בן־יוסף. בביתה הקטן, ברחוב פילסודסקי, התיפחה בדמעות אם זקנה...

מכל קצווי מדינת פולין עלו חבריו־לרעיון של שלמה בן־יוסף לנחמה ולעודדה. „בני, בני היקר, שלמ׳קה... למה גזלו אותך ממני" — בוכה האֵם.

זאב ז׳בוטינסקי, מנהיגה של בית״ר ששלמה בן־יוסף כה העריצו עד כי נשא את שמו על שפתיו בצעדו על עמוד־התליה, שלח לאֵם השכולה את המכתב הבא (אני מצטט באידיש, שפת המקור של המכתב):

געערטע פרוי טאַבאַטשניק,

איך האָב דאָס נישט פאַרדינט, אַזאַ איידעלע נשמה ווי אייער זון זאָל שטאַרבן מיט מיין נאָמען אויף זיינע ליפּן.
אָבער אַזוי לאַנג ווי עס איז מיר נאָך באַשערט צו לעבן, וועט זיין נאָמען לעבן אין מיין האַרץ. און זיינע תלמידים, מער ווי מיינע, וועלן זיין די וועגווייזער פון אַ דור.

מיט טיפער אַכטונג
זאב זשאַבאָטינסקי

והאֵם היהודיה הנפלאה, — כך מספר השליח שהביא לאֵם את מכתבו של ז׳בוטינסקי, — מחתה דמעותיה ואמרה באנחה כבדה: „אילו ידעתי ששלמ׳קה שלי הוא הקרבן האחרון למען הגאולה, היה יותר קל לי לשאת את צערי".

„שלמ׳קה שלה" לא היה הקרבן האחרון למען הגאולה. עם ישראל עוד הקריב, — אחרי פרשת בן־יוסף, — אלפי גיבורים ומיליוני קדושים למען הגאולה.

אבל שמו של הנער מלוצק יישאֵר שמור לתמיד בפאנתיאון הלאומי של ישראל, כראשון שהלך אל הגרדום בארץ־מולדתו בגבורה ובמסירות־נפש, שמעטות דוגמתן.

# יצחק נול

מתולדותיו

יצחק נול ז״ל נולד בי״ז בטבת תרס״ז, בעיירה קטנה בווהלין בשם בורמיל, לאביו יקותיאל ולאמו שפרה.

בשנת 1915 עברה משפחת נול ללוצק, ויצחק, כבן עשר, נכנס למחלקה הרביעית של הגימנסיה הרוסית בעיר. מנהל הגימ־נסיה שיבח מאוד את הנער על שקידתו בלימודים. בו בזמן למד בבי״ס „תרבות" וגם שם הצטיין בלימודיו. בהיותו בן שש־עשרה וחצי גמר את הגימנסיה בהצטיי־נות.


יצחק נול

בתקופה ההיא הצטרף לאביו בנסיעותיו ליערות, אך לא התמיד בזה כי נמשך כבר אז לחבורת החלוצים בעיר ובלבו גמלה ההח־לטה לעלות לארץ־ישראל. בשנת תרפ״ד עלה ארצה.

ראשית עבודתו היתה בבן־שמן. מבן־שמן עבר לגדרה והצטרף לחבורת הדרום. אתם עבד כחצי שנה וחזר לבן־שמן לעבודה ביער הרצל. בשנת 1927 בא לדגניה. ב־1929 חזר לבן־שמן. בגלל הצורך לעזור להוריו שנשארו עוד בגולה עזב את בן־שמן ועבר לירושלים, ועבד בבנין באוניברסיטה. ב־1931 חזר לדגניה ונשאר בה עד יומו האחרון.

ב־1939, כשהחלה תנועת הטיס, עבר יצחק קורס לטיסה שנערך ע״י חברת „אווירון" והיה מן התלמידים הטובים בו.

הוא היה מנושאי עול המשק והחברה בדגניה. כן היה פעיל בהגנה, ולא פעם נחלץ לפעולות מחוץ לבית.

ב־18 במאי 1948 יצא בראש מחלקה למערכה בצמח. כדור פגע בו׳ עוד הספיק בנסיגתו להתקרב לדגניה. לא הרחק מגדר המשק מצאוהו מת ובידו תחבושת שחבש בה את רגלו הפצועה. הניח אשה וארבעה ילדים.

לדמותו

———במכוש ובמעדר עבד מהשכם בבוקר עד עת ערב. בין סלעי ההרים חפר. ותמיד היה גאה במידת ההספק במשך היום. בימי הגשמים עבד במשקי האיכרים ה„מושב׳ניקים", וכל אחד רצה לזכות בו, כי ידעו: במקום שיצחק יהיה, שם העבודה „תלך". בבן־שמן היה שנים אחדות, ובאחד הימים לקח ילקוט־גב והלך לטייל לגליל ולעמק־הירדן. כשחזר אמר מיד: יותר לא אשאר ביהודה — אלך לעבוד בדגניה. בשנת 1927 הלך לדגניה ועבד בה שנה וחצי. מיד נכנס במרץ לעבודה אשר בה קנה את שמו ואת יחסם של החברים הוותיקים והצעירים אליו. ———היה אמנם חבר צעיר במשק. אך ידע לשאת בעול ולתת את שכמו בכל ענפי המשק. אחרי יום העבודה הקשה התעניין תמיד והיה ער לספר ולמוסיקה. היה פעיל בשטחי ההגנה———

היה מהטייסים הראשונים וציפה להיות פעם לתועלת לעם ולארץ בשטח זה. ב־18 במאי נפל על הגנת דגניה שלו.

**עליזה נול**

רואה אני אותו לפני, כפי שראיתיו כרגיל בחייו. תמיד מרוכז והדאגה חרותה בפניו שמא הוזנח משהו חשוב בפינה זו או אחרת בחצר, כי הרבה אני זוכרת אותו בעבודתו וכמה היה מזדרז להופיע ברגע הדרוש במקום שהוא נחוץ שם ביותר.——— במקרים רבים היו מסירותו ונאמנותו בולטות ביותר, וטוב היה לך בראותך זאת ובהרגישך מה רך ומלא־רחמים הוא לבו, אם כי הוא, כאילו במתכוון, כיסה על כל זה בקליפה נוקשה, כביכול. מה קל היה לי לגשת אליו ולבקש ממנו משהו, כי ידעתי באיזו נכונות טובה הוא יעשה את מבוקשי——— הוא נתגלה לפני לא פעם בכל נדיבות רוחו ונאמנותו, ביחס הכבוד והמסירות בלי גבול להורים, ביחסו המיוחד למשפחתו וגם לחבר בכלל. כשאני סוקרת את דמות האיש, כפי שהכרתיו אני, עולה בדעתי כי התואר הנאמן הוא ההולמו ביותר.———

**יעל גורדון**

הוא היה החלוץ שבחלוצים. הוא נחלץ כל יום מחדש — מאז היותו נער, לומד בסביבה יהודית־ציונית, מקבל חינוך עברי בגולה, חושב על עליה וחלוציות, עד יום נפלו בחזית על דגניה שלו. בכל יום מחייו נחלץ לכל קריאה, לכל עבודה אחראית, לכל תפקיד שלא נמצא אחר שימלאנו, לכל מפעל הדורש מאמץ מיוחד, לכל צו הקשור בהקרבה עד הסוף, לכל מעשה התובע מן האדם התמסרות עד ללא שיור.

אחריותו, מסירותו ודאגתו הנאמנה שפעו בכל ולכל. הוא לא הזניח אף חובה קלה כלפי המשפחה והקרובים לו. הוא היה בן נאמן להוריו, בעל ורע לאשתו, אב וחבר לילדיו, אח מסור ודואג לאחיותיו———ברכה חמה יצאה מכל פה לקראתו, כי לכל אחד ואחד היה יצחק שופע ברכה ואחווה.———

**יצחק בן־יוסף**

## אינג' שאול ז'יטין (סוניק)

דומני, כי עד סוף ימי לא אשכח את היום, שבו נקראתי לבית־החולים רוטשילד בחיפה, כדי לזהות את סוניק המנוח.

מלחמת דמים השתוללה אז בארץ כולה, ולא עבר יום בלי מסגרות שחורות בעתונים ורשימות ארוכות של קרבנות הרצח.


שאול ז'יטין

גל הדמים הגיע לשיאו עם הרצח המתועב בבתי הזיקוק בחיפה, כאשר 39 עובדים יהודיים נטבחו בצורה הברברית ביותר ע"י אספסוף ערבי.

באותו ערב הלכנו לחפש את סוניק, שאלנו ידידים ומכרים, השלינו את עצמנו, אולי בכל זאת נשאר בחיים. והנה למחרת היום נקראתי לזהותו. הוא היה בין הקרבנות האחרונים שטרם זוהו. גם כיום, אחר 12 שנה, אינני יכול לשכוח את פניו המושחתים, שכה קשה היה להכירם, לא פעם הנני שואל את עצמי: למה כה התאכזר לו הגורל, דוקא לו.

נצר אחרון למשפחה ידועה ומכובדת בלוצק, וכי מי לא הכיר בלוצק את יוסל ז'יטין?

סוניק ז"ל הגיע ארצה ב־1938 בתור סטודנט בטכניון העברי בחיפה. השנה הראשונה עברה עליו בלימודים. עם פרוץ המלחמה נפסק הקשר עם הבית, אבל אין הוא מתיאש וממשיך בלימודיו. זוכר אני אותן השנים שגרנו יחד במעון הסטודנטים בעיר התחתית בחיפה, כאשר צריך היה לחסוך מחצית הגרוש לנסיעה באוטובוס מהעיר להדר הכרמל, כי במחצית גרוש זו אפשר היה לאכול ארוחת בוקר עלובה. סוניק עושה את הכל כדי שלא להפסיק את הלימודים. תנאי הדיור הקשים, חוסר אמצעים מינימליים למחיה, תזונה ירודה, כל זה לא הרתיע אותו. לעתים רחוקות בלבד מצא יום עבודה פה ושם. רווחה מסוימת באה לו כאשר התגיס לנוטרות, שמר בלילות ולמד בימים.

הידיעות הראשונות, שהתחילו להגיע על הטבח ביהדות אירופה, משפיעות עליו לרעה וגורמות אצלו משבר רוחני קשה. הוא מתחיל להבין כי נשאר יחידי מכל המשפחה, ואינו פוסק מלדבר על כך.

עם הקמת הבריגדה, הוא ממהר להתגייס, בלא שהספיק לסיים את חוק לימודיו.

בשובו מאירופה הוא ממשיך בלימודים, ניגש לבחינות ומקבל תואר של מהנדס־בנין. עובד תקופה קצרה ברכבת ובמקומות אחרים, ואחר כך מקבל משרה של מהנדס מפקח בבתי־הזיקוק בחיפה, מקום שם מצא את מותו — והוא רק בן 29.

ידיד יקר היה וחבר טוב. שקט, נוח לבריות, אציל בהליכותיו, אהוב על כל חבריו. ידע לחלק את זמנו הפנוי בין חבריו הרבים ולהעניק לכל אחד מלה טובה, חיוך נעים, ועצה נבונה.

למרות היותו רווק מצא תמיד דרך ללבות הילדים. והם חיבבו אותו באופן יוצא מהכלל, כי בחושם הילדותי הבריא הרגישו את טוב לבו וחיבתו אליהם.

אכן, דואב הלב, כאשר מעלים שורות אלו לזכרו של חבר יקר, כפי שהיה לכולנו סוניק ז"ל.

**אברהם ג.**

## משה (מוסיק) פלוסקר

בן אליהו ופרל. נולד ב־15.11.1911, בלוצק, פלך וההלין, רוסיה. במלחמת העולם הראשונה נמלט עם אביו מפני הכובש הגרמני לרובנה ושם למד בבית־הספר של „תרבות" ואחרי


משה פלוסקער

הכיבוש הפולני, במוצאי המלחמה, חזר ללוצק. משמת אביו ואחותו הבכירה עלתה ארצה, נרתם בעול פרנסת המשפחה. ב־1930 הצטרף לקיבוץ קלוסובה של „החלוץ" ו„הושאל" לכל פלוגה חדשה לעזור בסידורה ובכיבוש מקומות עבודה בשבילה. משעלה ארצה ב־1934 הצטרף ל„הגנה" ולקיבוץ גבעת־השלושה. מטעם ה„הגנה" עבר קורס מ"כ במקצועות שונים. במשק עבד כחצרן. בלילות שמר על אדמת המשק בנזלה ולילה אחד נפצע בהתנגדותו לערבים שבאו להצית את הגורן, ושכב שבועות אחדים בבית־החולים. מסיבות משפחתיות עבר בסוף 1936 לעבוד כמכונאי בביהח"ר „שמן" בחיפה ומשגברו התקפות הערבים נתמנה לקורפורל־הנוטרים במפעל. ב־1943 התגייס לפי צו המוסדות לצבא הבריטי ושירת במחלקת התחבורה של חיל־ההנדסה במצרים, במדבר המערבי ובאיטליה, שם השתתף גם בפעולות החיילים העברים לעזרת שארית הפליטה וה־העפלה. משעשוחרר ב־1946 חזר ל„שמן" ובשעת המאסרים ב„שבת השחורה" (29.6.1946) הצליח להתחמק לחודש ימים לתל־יוסף וניצל ממאסר. בראשית מלחמת־השחרור גויס לפלוגה הניידת של הנוטרים להבטחת התחבורה בין חלקי העיר, והופעתו וקור־רוחו נסכו הרגשת בטחון והרגעה בנוסעים. באחת הנסיעות העירה העמיד את המשורין בשטח הנמל ליד בניני „סולל־בונה" והנה נשמעה הקריאה: „מכונית־תופת הוכנסה לשטח!" יחד עם נוטרי „סולל־בונה" הרחיק את המכונית החשודה מהבנינים ותפסו עמדת־מחסה מאחורי בנין ספיני'ס. הוא, כבקי במוקשים מעת שירותו בצבא הבריטי, רץ, על אף אזהרת חבריו, אל המכונית כדי לנתק את הפתיל הבוער, אך לפני הגיעו אל המכונית התפוצץ המוקש והוא נהרג. הדבר קרה ביום י' באדר תש"ח (21.3.1948), ששה שבועות אחרי הולדת בנו. הובא למנוחת עולמים בבית־הקברות בחיפה. זכרו הועלה בחוברת „לחברינו שנפלו" בהוצאת „שמן" ועובדיו.

